יצחק קאַפּלאַן

# יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע

## זכרונות פון אַן אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוויסט

רעדאַקציע און קאָרעקטור:

יעקב פאַלאַטיצקי

אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט

בוענאָס־איירעס, 1966 — ה׳תשכ״ו

געווידמעט מיין געשעצטער פרוי און
טרייער חברטעביילקע, וועלכע האָט
מיר אין אַלע צייטן געשטאַרקט און
געמוטיקט אין מיין פילזייטיקער גע־
זעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אַ גרופּע פריינד און פאַרערער פון ר׳ יצחק קאַפּלאַן האָבן אונ־טערגענומען די איניציאַטיוו צו פאַרעפנטלעכן דעם דאָזיקן באַנד פון אַ גרויסן טייל פון זיינע זכרונות.

עס האַנדלט זיך דאָ נישט בלויז אין אָפּגעבן דעם פאַרדינטן כבוד איינעם פון די באַדייטנדיקע מנהיגים פון דעם אַרגענטינער ייִדנטום, דעם וועטעראַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פּיאָנער פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע און אַגראַר־קאָאָפּעראַציע. דאָס אַליין וואָלט בלי שום ספק געווען גענוג, אַז מיר זאָלן מיטווירקן דאָס דאָזיקע ווערק זאָל דערשיינען.

אָבער פיל וויכטיקער ווי אָפּגעבן דעם פאַרדינטן כבוד אַזאַ פּער־זענלעכקייט ווי עס איז ר׳ יצחק קאַפּלאַן, איז די באַדייטונג פון זיינע זכרונות פאַר דער געשיכטע פון דער פאַרמירונג פון דעם אַרגענטינער ייִדישן ישוב בכלל און פאַר דער געשיכטע פון דער ייִדישער קאָלאָ־ניזאַציע און אַגראַר־קאָאָפּעראַציע בפרט.

ווי ר׳ יצחק קאַפּלאַן גופא זאָגט אין זיין דערקלערונג וועגן דעם דאָזיקן בוך, איז ער נישט אויסן געווען בלויז צו שרייבן געשיכטע, נאָר ער האָט געוואָלט „באַלייכטן און לערנען די וועלכע אינטערע־סירן זיך מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג".

און דווקא היינט צו טאָג, ווען די ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַר־גענטינע האָט פאַרלוירן דעם כאַראַקטער וואָס זי האָט געהאַט אין דעם בראשית פון איר באַשאַף אין אַרגענטינע — איז דאָס דאָזיקע ווערק פון אומגעהייערער וויכטיקייט.

דער פאָטער פון דער אַגראַר־קאָאָפּעראַציע אין דער אַרגענטינער ייִדישער קאָלאָניזאַציע, דער אומפאַרגעסלעכער דאָן מיגעל סאַכאַראָוו, שטרייכט אונטער מיט רעכט אין דער קורצער הקדמה צו ר׳ יצחק קאַפּלאַנס זכרונות, אַז „זיי דאַרפן דינען ווי אַ קוואַל פון סטימול אויס־צומיידן, אַז די קאָנצעפּטן וועגן דעם געזונטן דאָרפישן לעבן זאָלן אָפּטרעטן פאַר די אַטראַקציעס און היינטיקע שטאָטישע פּריווילע־גיעס".

איידער ר׳ יצחק קאַפּלאַן גייט איבער צו דער עצם טעמאַטיק פון די זכרונות וועגן זיין קאָלאָניסטישער און קאָאָפּעראַטיוויסטישער טעטיקייט, שילדערט ער אונדז אין אַ קורצער אָבער אין אַ זייער בילדלעכער פאָרעם זיינע ערשטע יאָרן אין דער אַלטער היים, אין זיין געבוירן־שטעטל סוויסלאָטש; זיינע עלטערן, די איבעריקע פאַמיליע־מיטגלידער; די סביבה אין וועלכער ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן; זייער באַזעצן זיך אין אַרגענטינע ווי איינע פון די ערשטע קאָלאָניסטישע משפחות, וואָס האָט בייגעטראָגן צו פאָרמירן דעם ייִדישן כאַראַקטער און פּרצוף פון דער ייִדישער קאָלאָניע און שפּע־טער פון אַ גרויסן טייל פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ישוב.

ר׳ יצחק קאַפּלאַן און זיינע ברידער זענען דאָך פאַרבונדן מיטן פאַמע אויפקום און מיטן פונאַנדערבוי און אַנטוויקלונג פון דעם ייִדישן ישוב אויף פאַרשיידענע געביטן פון ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע.

דערביי דאַרף אויך גאַנץ ספּעציעל דערמאָנט ווערן די ליטעראַ־רישע און פּובליציסטישע טעטיקייט פון ר׳ יצחק קאַפּלאַן און זיינע ביכער, וואָס זענען דערשינען אין ייִדיש, העברעיִש און שפּאַניש.

נישט געקוקט אויף זיינע 88 לעבנס־יאָרן איז ר׳ יצחק קאַפּלאַן ווייטער טעטיק — מיט גרויס חשיבות — אויף דעם דאָזיקן געביט.

פרייען מיר זיך, וואָס מיר קענען צוטראָגן דעם חשובן מחבר דאָס דאָזיקע ווערק ווי אַן אויסדרוק פון אונדזער טיפער פריינדשאַפט און פאַרערונג און דעם ברייטן עולם ייִדיש־לייענער אַ וויכטיק בוך זכרונות וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע און אַג־ראַר־קאָאָפּעראַציע אין אַרגענטינע.

## דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט

מרדכי לעווין — פּאָרזיצער

מאַרק טורקאָוו — סעקרעטאַר

דוד גרויסמאַן און אברהם ליפּיץ — קאַסירערס.

בוענאָס־איירעס, מאַי 1966.

(אייר תשכ״ו, שנת ח״י למדינת ישראל).

פריינד וואָס האָבן בייגעטראָגן צום
דערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך:

יוסף קאָרנהויזער

חנן יערוסאַלימסקי

יוסף לידיניא

שלום מאַלקעס

גרעגאָריאָ יעלין

יואל וויינערמאַן

אברהם גאַביס

מרדכי ראָזיטשנער

# אַ דערקלערונג

די זכרונות זענען געשריבן געוואָרן פריִער מיט 14 יאָר. ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, מוז מען פאַרשווייגן אַ סך זאַכן צוליב פערזענלעכע מאָטיוון. אַ טייל אָנגעשריבענע עפּיזאָדן האָבן געמוזט בלייבן אין דרויסן כדי נישט צו באַשווערן נאָך מער מאַטעריעל אַרויס־צוגעבן דאָס בוך.

די זכרונות זענען געשריבן נישט בלויז פאַר דער געשיכטע, נאָר אויך כדי צו באַלייכטן און לערנען די וועלכע אינטערעסירן זיך מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אַ סך עפּיזאָדן גיבן מאָטיוון צו טראַכטן און זיין פּאָרזיכטיק ביי דער פירונג ווי ביי דער מיטאַרבעט אויפן שטח פון דעם דאָזיקן נאָבעלן אידעאַל.

דער לייענער דאַרף נעמען אין אַכט, אַז עס האַנדלט זיך נישט פון אַ צייט־אָפּשניט אין דעם פּראָצעס פון אַן אידעאָלאָגיע, נאָר פון אויסשמידן דעם אידעאַל פון אַ יש מאַין. אָנהייבן פון פאַרפלאַנצן, אָפּהיטן די פלאַנץ פון בייזע כוחות, פון שעדלעכע אינזעקטן, פון אומ־פאַרשטייעניש פון פאַרשיידענע ספערן. עס האָט געפאָדערט אַ סך פיזישן כוח, איבערנאַטירלעכן געדולד אויף צו קענען פירן, גיין, מיט־רייסן, כדי טראָגן אַלעם זאָל דער אידעאַל נישט בלייבן איינגעפּרעסט אין ענגע ראַמען, נאָר זאָל זיך צעוואַקסן אין דער ברייט; שלאָגן שטאַרקע וואָרצלען אין דער טיף; לאָזן צווייגן; געבן פרוכט, און זיך פאַרשפּרייטן אין לאַנד און איבערן קאָנטינענט. עס איז אין אַ היפּשער מאָס דערגרייכט געוואָרן.

איך וואָלט געקענט באַנוצן אַ פראַזע פון ד״ר טעאָדאָר הערצל ז״ל:

„די אומדאַנקלעכע יִדן, וואָס וועלן מיך פיינט באַקומען תיכף נאָך מיין דערפאָלג, וועלן זיך קיין מאָל נישט פאָרשטעלן און נישט וויסן וואָס פאַר אַ ביטערע און שווערע קאַמפן איך האָב געדאַרפט פירן פאַר יעדן שריט וואָס איך האָב אונטערגענומען“.

דער מחבר

# כמו אַ הקדמה

די ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע האַלט ביים דערגרייכן די בכבודיקע עלטער פון 60 יאָר. ווייניק זענען שוין געבליבן צווישן די לעבעדיקע פון דער אַמאָליקער צאָלרייכער מאַסע קאָלאָניסטן פון דעם באַגינען פון דער ייִדישער קאָלאָניאַציע.

מיין אַלטער פריינד, ר' יצחק קאַפּלאַן, דער מחבר פון די מעמור־אַרן, איז בלי ספק איינער פון די סאַמע אויסגעצייכנטסטע, צוליב זיין ברייט־פאַרצווייגטער, פּראַקטיקער און פאַראַנטוואָרטלעכער טעטיקייט; פאַר זיין אויסערגעוויינלעכער התמדה און פאַר זיין איבערגעבן זיך צו די פאַרשיידענע, אָפט מאָל אומדאַנקלעכע אַגראַרע אויפגאַבעס. ער האָט צעאַקערט די ערד, געפלאַנצטביימער, פאַרזייט קערנער, אָבער בעיקר האָט ער געזייט אידעען און געוועקט אומאויפהערלעך דעם אומרו אין די הערצער פון די פשוטע ערד־אַרבעטער פאַר נאָבעלער מענטשלעכער סאָלידאַריטעט און קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש.

זאָל עס זיין, דעריבער, אין אַ גוטער שעה זיינע לעבעדיקע דער־מאָנונגען פון דער פאַרגאַנגענער צייט, וואָס אויף איר פאַרבנרייכער בינע מאַרשירן פאַרביי פאַר אונדזער גייסטיקן בליק, פאַרוועבטע מיט פּיעטעט, באַקאַנטע פיגורן פון אונדזערע קאָלאָניעס — מענער און פרויען — פּראָטאַגאָניסטן פון יענע ווייטע פּאַסירונגען, עפּיזאָדן און איניציאַטיוון פון אַלע מינים, וואָס מיט דער צייט זענען זיי געוואָרן דער סאַמע יסוד פאַר די היינטיקע בליִענדיקע אינסטיטוציעס: קאָאָ־פּעראַטיוון, ביבליאָטעקן, שפּיטאָלן, הילף־אַנשטאַלטן, בתי־עם, בענק, פאַרשיידענע אַגריקולטור־קערפּערשאַפטן וכו'. אַ פולער איבעראַשנ־דיקער צוזאַמענשטעל פון געמיינשאַפטלעכן אָנשטרענג, דורכגעפירט מיטן בליק אין דער צוקונפט, אין יענער צייט קוים אָנזעעוודיק, וואָס איז שוין אָבער היינט אין אַ גרויסער מאָס אַ צאַפּלדיקעווירקלעכקייט.

געבענטשט זאָלן זיין די דאָזיקע רעמיניסצענצן וואָס שילדערן דעם אַמאָל. פון זיי דרינגט דאָך אַרויס, וויפל גייסטרייכקייט עס האָבן פאַר־מאָגט די דאָזיקע מענער און פרויען; וויפל ליבלעכע צוגעבונדנקייט

צו דער מאַמע־ערד, מיט וויברירנדיקער האָפענונג אין אַלץ וואָס איז מענטשלעך און פאַרבונדן מיט דער תשוקה פאַר אַ יושרדיקער און בעסערער וועלט.

און צום שלום. געבענטשט זאָלן זיין די דאָזיקע דערינערונגען וועגן אַמאָל, ווייל זיי וועלן דינען ווי אַ ליכט־פאַקל אין דער מיט פון צווייפלהאַפטיקער מאָראַלישער און גייסטיקער צעשפּליטערטקייט, וואָס הערשט היינט אין דער דאָרפישער סביבה; זיי וועלן אויך דינען ווי אַ קוואַל פון סטימול אויסצומיידן, אַז די קאָנצעפּטן וועגן דעם געזונטן דאָרפישן לעבן זאָלן אָפּטרעטן פאַר די אַטראַקציעס און היינטיקע שטאָטישע פּריווילעגיעס. עס איז צייטמעסיק אַרויסצוברענגען די ווייזיע פון דער קאָלאָניזאַציע־עפּאָפּייע אין אַ מאָמענט ווען די פעלדער ווערן אויסגעשטעלט פאַר געפאַרן, וואָס זענען עלול צו שעדיקן די דאָזיקע מאַטעריעלע, גייסטיקע און מאָראַלישע אוצרות, וואָס זענען אַזוי זאָרגעוודיק אָפּגעהיט געוואָרן דורך די אַמאָליקע ווערטיקע תושבים, וואָס צווישן זיי האָט זיך אַרויסגעהויבן און הייבט זיך אַרויס ביז היינט מיין אַלטער פריינד, ר׳ יצחק. איך רעכן, אַז חוץ איבערגעבן פאַרן לייענער די לעבעדיקע זכרונות פון פאַרגאַנגענע טעג, האָט מיין אַלטער גוטער פריינד אויך אין זינען געהאַט, אַז דער איצטיקער דור, דער יורש פון יענע אוצרות, זאָל זיי נישט נאָר נישט פאַרגעסן און פאַרלאָזן, נאָר זאָל זיי אָפּהיטן מיט ליבע און זיי באַרייכערן, פאַרן ווילזיין פון אַלעמען.

**מיגעל סאַכאַראָוו**

באַמערקונג: אינזש׳ מיגעל סאַכאַראָוו האָט די דאָזיקע פאָררעדע אָנגעשריבן אין שפּאַניש אין 1940.

# מיינע זכרונות

חברים און גוטע פריינט האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן מיך אויפ־געפאָדערט איך זאָל שרייבן מיינע זכרונות, ספּעציעל דער רבי און חבר, משה שענדעריי.

עס איז מיר געווען שווער צו באַשליסן אָנצוהייבן אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעך און דעליקאַטע אַרבעט. מיינע זכרונות זענען דאָך נישט קיין פּערזענלעכע, נאָר וועגן מיין אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אַרויסצוברענגען עס אויף פּאַפּיר, פאָדערט גרויס אַחריות. אָבער, ווייזט אויס אַז מיין גורל איז שוין אַזעלכער: אַלץ וואָס מיר האָבן אונטערגענומען אין פאַרלויף פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, איז אונדז נישט אָנגעקומען גרינג. דעם מאמר „כל התחלות קשות" האָבן מיר אויסגעפּרובירט אין זיין גאַנצן פאַרנעם: מיר זענען געווען פון די ערשטע ביים דענקען, טראַכטן, קאָנקרעטירן און געבן לעבן, אימפּולס, באַרעם דאָס אידעאַליזירטע. (ווען איך זאָג „מיר", באַצי איך זיך צום לערער און חבר סאַכאַראָוו). קיין מאָל זיך נישט אָפּגעשראָקן, נישט אָפּגעשטעלט און געגאַנגען אַנטקעגן אַלע שוועריקייטן און שטרויכלונגען און נישט אַרויסגע־לאָזט דעם רודער פון די הענט, ביז מיר האָבן די געזעלשאַפטלעכע אונטער־נעמונגען געשטעלט אויף אַ פעסטן, זיכערן פונדאַמענט.

מיינע זכרונות וואָס איך שרייב, זענען נישט קיין השערות אָדער גע־לערנטע צי געלייענטע פון עמיצן, זיי זענען פּערזענלעכע, דורכגעלעבטע, דורכ־געליטענע אויף די אייגענע פּלייצעס און קענען דינען ווי אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר דער היסטאָריע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און אַגראַר־קאָאָפּעראַציע אין אַרגענטינע. עס איז די געשיכטע פון 40 יאָר אַרבעט (1908־1948). אַלץ האָט מען געדאַרפט שאַפן פון בראשית ביי שטערונגען מכל המינים. מען האָט געדאַרפט לערנען, דערציען די מיטגלידער, צו מאָל קעמפן מיט די אויסגע־קליבענע דירעקטאָרן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג פון קאָאָפּעראַטי־וויזם, שוין נישט רײדנדיק פון די אויטענטישע קעגנער — די פאַרמיט־לערס, קאָמיסיאָניסטן א"אַ, און דאָך גיין פאָרויס, געווינען צוטרוי אין דער הויכער קאָמערץ, אין די רעגירונגס־קרייזן, אין די גרויסע פינאַנץ־אינסטי־טוציעס, אין די געזעצגעבערישע קאָמערן; אָנפירן פריער דעם „פּאָנדאָ קאָ־מונאַל", נאָך דעם „פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ" אין די שווערסטע צייטן, מיט דער גאַנצער ריינקייט און קלאָרקייט, אָן קיין שום פלעק; אָנהאַלטן די ערנסט־

קייט און דערציִערישקייט פון „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" 25 יאָר נאָכאַנאַנד אונטער מיין רעדאַקציע, נישט דערלאָזנדיק, אין קיין פאַל, צו פּערזענלעכע אָנגריפן אָדער אומנוצלעכע פּאָלעמיקעס; מיטאַרבעטן פופציק יאָר אָן איבער־רייס פאַרן ציוניזם און אַנדערע יידיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן; גרינדן די ערשטע ליי־ און שפּאָר־קאַסע אין אַרגענטינע אין דעם שטעטעלע „לאָ קאַפּיזשאַ"; אָרגאַניזירן די אינסטיטוציע „פּאָמענטאָ אַגראַריאָ"; אָפּהיטן שטענדיק אַ קאָרעקטע, געוויסנהאַפטע ליניע — דאָס אַלץ איז מיין העכסטע באַ־לוינונג אויף די עלטערע יאָרן.

ביי די פאַרזאַמלונגען פון „פּראַטעקטערנידאַד אַגראַריאַ" האָט מען מיר גע־מאַכט אויפמערקזאַם, פאַר וואָס איך פאַרעפנטלעך נישט אין „קאָלאָניסט קאָאָ־פּעראַטאָר" די דערגרייכונגען פון מיין שתדלנות אויף פאַרשיידענע געביטן, וואָס זענען לטובת די אַגראַריער און קאָאָפּעראַטיוועס פון גאַנצן לאַנד. איך האָב עס נישט געקענט טאָן, ווייל עס וואָלט מיר אויסגעקומען צו שרייבן וועגן זיך אַליין, און דאָס שטימט נישט מיט מיין אַרט דענקען. נאָך מער דערמוטיקט האָט מיר מיין רבי, חבר און טרייער פריינד מיגעל סאַכאַראָוו. איך האָב פאַר אים איבערגעלייענט מערערע קאַפּיטלען. לייענענדיק, האָבן מיר זיך ביידע אַריבערגעטראָגן צוריק צו די טעג פון די געשעענישן, וואָס מיר האָבן צו־זאַמען דורכגעלעבט און דורכגעמאַכט. מיר האָבן זיך דערזען אין יענע צי־מערן, יענע פּנימער, יענע פרייד, עגמת־נפש, שטורמישע זיצונגען, סטויגן תבואות, בלאָטעס, „אַראַזשאָס"* אין וועלכע מיר זענען מער ווי איין מאָל גע־בליבן שטעקן; מיר האָבן זיך ווידער געזען יונג, געוואַגט, ביים בראשית פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און ביים אַלף פון דער פרייער קאָאָפּעראַציע. סאַכאַראָוו זאָגט מיר „שרייב, שרייב", און איך שרייב מיט ציטער און ליב־שאַפט, מיט דער סאַטיספאַקציע, אַז דער האַלבער יאָרהונדערט וואָס איז אַוועק איז נישט קיין פאַרלוירענער. איך האָב זוכה געווען צו זען די פּרוכט פון דער אַרבעט אויפן ציוניסטישן, ווי אויפן קאָאָפּעראַטיוויסטישן געביט. איצט, ווען די ווייסע האָר אויפן קאָפּ זענען שוין אויך באַלד נישטאָ, און דאָס ביסל געזונט ווערט שוואַכער, איז מיין קרעפטיקונג די מאָראַלישע באַפרידי־קונג, אַז איך האָב אויסגענוצט מיינע באַשיידענע פעיִקייטן לטובת די מיט־מענטשן, די נאָבעלע ערד־אַרבעטער, פאַרן אידעאַל פון פרייער קאָאָפּעראַ־ציע און פאַר דער קרוין פון אַלע מיינע אַרבעטן — פאַרן ציוניזם.

מיט פרייד באַשטעטיק איך, אַז איך האָב שטענדיק געהאַט די פולע מאָ־

* ריטשקעס.

ראַלישע און אינטעליגענטע מיטהילף פון מיין טייערער פרוי, וואָס אין אונ־דזער זייער באַשיידענעם אַרט לעבן, אין די שווערסטע עקאָנאָמישע מאָמענטן פון אונדזער פריוואַטן לעבן, האָט זי מיר שטענדיק געמוטיקט, מיטפילנדיק מיינע אָפט שווערע געזעלשאַפטלעכע איבערלעבונגען און מיך באַגלייט תמיד, ווי אַ טרייע יידישע טאָכטער און חברטע.

# וועגן זיך אַליין

דאָס קאַפּיטל „וועגן זיך אַליין" האָט נישט קיין דירעקטע שייכות מיט דער אויפגאַבע וואָס איך נעם מיך פאַר, צו פאַרצייכענען די זכרונות פון מיין אַקטיוויטעט אין אַרגענטינע. הגם צו שרייבן וועגן זיך אַליין האָב איך שטענדיק אויסגעמיטן. איך שרייב עס נאָר דערפאַר, ווייל איך טראַכט, אַז מיט דעם וועט פאַר מיר אַליין קלאָר ווערן פאַר וואָס איך בין געגאַנגען מיין לעבנסוועג אָט אַזוי ווי איך בין געגאַנגען, ווייל אַלץ וואָס איך האָב געטאָן, אונטערגענומען און געשאַפן, איז עס נישט מחמת מיין באַרוף, אָדער פּראַקטישער צוגרייטונג, נאָר צוליב אַן אינערלעכן דראַנג, וואָס האָט מיר נישט געלאָזט רוען. און ווען מיין געוויסן האָט מיר דיקטירט, אַז דאָס וואָס איך גיי טאָן וועט זיין לטובת־הכלל, איז שוין נישט געווען קיין כוח וואָס זאָל מיך אָפּהאַלטן קעגן אַלערליי מכשולים, אַ סך מאָל איבער מיינע פיזישע כוחות און אַפילו פון מיינע קענטעענישן. מיט איין זאַך בין איך אָבער געווען זייער פּאַרזיכטיק — מיט מיין מאָראַל. פון מיין פריסטער יוגנט האָב איך זיך אַליין געהיט און אויסגעמיטן צו טאָן זאַכן, אויף וועלכע איך זאָל שפּעטער אפשר דאַרפן חרטה האָבן און נישט קענען. ס'קען זיין אַז אויך מיין געוווינהייט צו טאָן זאַכן מיט אַ סדר, זאָגט מיר אונטער, איך זאָל מיין שרייבן געבן אַן אָנהייב; הייב איך אָן מיט מיינע קורצע ביאָגראַפישע דאַטעס.

***

געבוירן בין איך אין ראש־חודש חשוון תרל"ט (1879), ביי זייער רעליגיעזע עלטערן, אין שטעטל סוויסלאָטש (סיסלעוויטש), גראָדנער גובערניע. מיין פאָטער, מנחם־מענדל ע"ה, איז געווען אַ למדן, אַ קלוגער, אַ מענטש מיט מידות טובות. פון זיין מויל איז קיין מאָל נישט אַרויס קיין קללה אָדער אַ נישט־פּאַסיק וואָרט; קיין מאָל האָט ער נישט דערמאָנט עמיצן צום שלעכטן; איז געווען זייער באַשיידן, טראָץ דעם וואָס אין סוויסלאָטש האָט מען געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ. מיר האָבן אים קיין מאָל נישט געזען אין כעס; ער איז געווען אין פולן זין פון וואָרט אַ „הכובש את יצרו", אָדער ווי מען רופט עס: אַ מזג טוב. אונדזער מוטער פרומע־לאה ע"ה, איז געווען אַ גאָטספאָרכטיקע פרוי, אַן אשת־חיל. זי האָט מיטגעטראָגן דעם עול פון פרנסה. איר הײַכסטער

אידעאַל איז געווען — די קינדער זאָלן לערנען. פון דער נאַטור אויס איז זי געווען אַ זייער שפּאָרזאַמע, אָבער נישט אין דעם וואָס ס׳האָט געהאַט אַ שייכות צו לערנען די קינדער. אונדזער משפּחה איז באַשטאַנען פון צוויי עלטערע שוועסטער און זיבן ברידער. ביידע שוואָגערס — נפתלי פיינשטיין און משה מוטשניק — זענען, אין יעדער הינזיכט, געווען פון די שענסטע יונגעלייט ביי אונדז אין סוויסלאָטש.

די סביבה אין וועלכער מיר האָבן זיך דערצויגן, איז געווען אַ „מוראדי־קע״; מען האָט מורא געהאַט פאַרן חודש אלול, פאַר די ימים־נוראים, פאַר, חס־וחלילה, עפּעס אַן עבירה בשוגג; משטיינס געזאָגט עבירות: פאַרזוכן אַ שטיקל מצה ערב פּסח פאַרן סדר, אַרומגיין מיט אַ שטיקל ברויט אין האַנט עטלעכע טעג פאַר פּסח אין די צימערן, וואָס זענען שוין געווען אויסגעקאַלכט אין אויסגעוואַשן לכבוד יום־טוב, וכדומה. מען האָט מורא געהאַט פאַרן רבין, פאַרן זיידן ע״ה, אַ שטרענגער ייִד. פאַר טאַטע־מאַמע האָבן מיר נישט מורא געהאַט, אָבער מיר האָבן זיי שטאַרק רעספּעקטירט. דער דרך־ארץ פאַר טאַ־טע־מאַמע איז געווען אין לשער. קיינער פון אונדז, נישט די עלטערע נישט די ייִנגערע, האָבן זיך קיין מאָל נישט געזעצט אויפן פּלאַץ פון טאַטן. ווען דער טאַטע איז נפטר געוואָרן, איז זיין אָרט געבליבן רעספּעקטירט און קיי־נער האָט עס נישט פאַרנומען.

פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן פלעגט די מאַמע ע״ה דערציילן, אַז איך בין געווען זייער אַ שלעכטער. ביז צו מיינע צוויי יאָר האָט זי כמעט קיין איין נאַכט נישט געשלאָפן רויק. מען האָט מיר פון קינדווייז אָן געהאַלטן פאַר אַן עקשן, כאָטש אייגנטלעך אין וואָס מיין עקשנות איז באַשטאַנען, ווייס איך ביז איצט נישט. ווייל, נישט פאָלגן טאַטע־מאַמע איז דאָך געווען אוממעגלעך, נישט מער וואָס איך האָב געהאַט מיין אייגענע מיינונג, — איז ווען מען האָט עס געשאַדט? מיין צונאָמען איז געווען „דזשיק״, וואָס איז מסתמא דער סי־נאָנים פון עקשן, אָדער ווילדער. צו פיר יאָר האָט מען מיך שוין געשיקט אין חדר. און לפי דעם דעמאָלטיקן סדר־הלימוד, האָט ער זיך אָנגעהויבן פון קמץ אַלף אָ. די מאַמע ע״ה פלעגט זאָגן, אַז זינט איך האָב אָנגעהויבן גיין אין חדר אַריין, בין איך געוואָרן אַ גוט קינד. צו זיבן יאָר האָט מען מיך שוין אַריינגעגעבן צו אַ גמרא־מלמד, צום בעסטן אין שטעטל — ר׳ משה מתתיהו — האָט מען אים גערופן.

איך געדענק גוט דעם ערשטן שבת, ווען איך בין געוואָרן אַ גמרא־בחור. נאָך שלוש־סעודות האָט דער טאַטע ע״ה אַרויסגענומען די גמרא „בבא קמא״ און אויפגעמישט דעם פּרק „הכונס צאן לדיר״ און האָט מיך גענומען פאַרהערן. די מאַמע ע״ה איז געזעסן ביים צווייטן ברעג טיש און געלייענט

דעם „קב הישר", וואַרפנדיק אַלע ווײַלע אַ קוק צו מיר. עס האָט מיר געדאַכט, אַז ממש די שכינה רוט אויף איר. עפּעס האָט זי אַ זאָג געטאָן צום טאַטן אויף גוייִש און דער טאַטע האָט אַ שמייכל געטאָן און מיר אַ גלעט געטאָן די באַק. ווער איז דעמאָלט געווען גלייך צו מיר? צו זיבן יאָר בין איך שוין געווען אַ גמרא־בחור. קינדער־יאָרן — ווי מ׳זעט דאָס איצט — האָבן מיר קיין מאָל נישט געהאַט. ווען איך בין אַלט געוואָרן צען יאָר, האָט מען שוין אַוועקגע־שיקט מיך מיט מײַן עלטערן ברודער יאָסל קיין ביאַליסטאָק, לערנען אין דער דאָרטיקער תלמוד־תורה.

חול המועד פּסח, ווען מען האָט אונדז געזאָגט אַז מ׳וועט אונדז שיקן לערנען קיין ביאַליסטאָק, איז פאַר אונדז געווען אַ גאַנצע שמחה. מיר האָבן זיך באַרימט פאַר די חברים, אַז מיר פאָרן קיין ביאַליסטאָק און יענע האָבן אונדז מקנא געווען. נאָר מוצאי־פּסח, ווען אונדזער עלטערער ברודער, בער־לייב ע״ה, האָט גענומען צוגרייטן אַ קעסטל מיט אַ שלעסל אויף אײַנצופּאַקן אונדזערע זאַכן, האָט זיך עפּעס אַ ריס געטאָן אין האַרצן. אויף צו מאָרגנס, אסרו־חג גאַנץ פרי, ווען עס איז געקומען דער פורמאַן אונדז פירן צום באַן און האָב דערזען, ווי די מאַמע מיטביידע שוועסטער שטייען אין אַ ווינקל און וויינען — האָבן די יונגע פּיסלעך מײַנע זיך גענומען בייגן; נאָר עס איז שוין נישט געווען קיין צייט חרטה צו האָבן. איך האָב נאָר געהערט, ווי די מאַמע האָט געזאָגט: „מענדל, זאָלסט אַכטונג געבן אויף די קינדער!" און אַרום האַלבן טאָג זענען מיר שוין אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק.

די ערשטע צוויי וואָכן איז דער טאַטע ע״ה געווען מיט אונדז.

אין דער אַכסניה ווו מיר זענען אײַנגעשטאַנען — דער בעל־הבית האָט געהייסן פּייווע — זענען געווען נאָך אורחים. שבת בייטאָג פרעגט אַ ייִד דעם טאַטן: „ר׳ מענדל, אַזאַ קליין ייִנגל לאָזט איר איבער אין דער פרעמד לער־נען? סיסלאָוויטש איז דאָך אַ שטאָט מיט למדנים, איז שוין ביי אייך נישטאָ קיין מלמד פאַר אים?" און דער טאַטע ענטפערט אים: „אדרבה, פאַרהערט אים!". אומר ועושה. דער ייִד איז נישט געווען פויל און האָט זיך גענומען מיך אויספרווון און צום סוף צוגעגעבן: „אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש". אַ ביסל אויפגערעגט בין איך געווען, האָב איך געזאָגט צום ייִדן, אַז איצט וויל איך אים עפּעס פרעגן און ער זאָל מיר ענטפערן. איך האָב אים געפרעגט אַ קינ־דערשע פראַגע: „אין גאַנץ ש״ס איז שטענדיק דערמאָנט רב פאַר שמואלן, נאָר אויף איין אָרט ווערט דערמאָנט שמואל פאַר רבן, ווו געפינט זיך עס?" אַלע בייוועזנדיקע האָבן געזאָגט, אַז אַזוינס איז נישטאָ. דער טאַטע האָט גע־זאָגט, אַז אויב איך פרעג, מסתמא ווייס איך. איך האָב געבראַכט די גמרא וואָס ר׳ פּייווע האָט מיר געגעבן און זיי געוויזן דעם דף, ווו עס שטייט פריִער

וואָס שמואל האָט געזאָגט און דערנאָך קומט רב. קיין שרעקעוודיקער יינגל בין איך קיין מאָל נישט געווען.

קעסט האָבן מיר געגעסן ביי 14 בעלי־בתים, דאָס הייסט, מיין ברודער יאָסל — ביי זיבן, און איך ביי אַנדערע זיבן. יעדן טאָג אין אַן אַנדער שטוב. הונדערטער, טויזנטער קינדער האָבן געלערנט ביי אַזעלכע באַדינגונגען. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט אַלע טעג ווו צו עסן, פלעגן זיי טאַקע צוהונגערן. אַ סך פון זיי זענען נאָך דעם געוואָרן רבנים, מנהיגים, אָדער זענען אַריבער צו וועלטלעכער בילדונג און זענען געוואָרן וועלט־באַרימטע מענטשן. אָבער דער מנהג פון „עסן טעג" האָט צוגענומען ביי טויזנטער קינדער די פרייד פון דער קינדהייט, פון יוגנט. יעדן טאָג איז מען געזעסן ביי אַן אַנדער פרעמדן טיש, אין אַן אַנדער קיך. באַדינט ווערן פון דינסטן, יעדע מיט אַן אַנדער כאַראַקטער, דאָס מאַכט שפּלדיק די יונג־קינדישע נשמה. דעם ערשטן פּרווו צו קומען עסן אין דער פרעמדע, איינער אַליין, איז געווען אין אַ פרייטיק אין דער פרי. דאָס עסן וואָס דאָס דינסטמיידל האָט מיר דערלאַנגט, איז אפשר געווען בעסער ווי אין דער היים, אָבער עסן האָב איך נישט געקענט. די דינסט האָט מיך געפרעגט עטלעכע מאָל: „יינגעלע, פאַר וואָס עסטו נישט?". איך האָב אָבער נישט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט. די אויגן זענען מיר געווען אָנגעפילט מיט טרערן און האָב מיך שטילערהייט אַרויסגעשאַרט פון קיך. קען זיין, אַז יענע יאָרן האָבן געווירקט אויף מיר, וואָס איך בין קיין מאָל נישט פריילעך און מייד אויס פריילעכקייט.

דעם ערשטן זמן בין איך אַריין אין דער ניינטער כיתה און מיין ברודער יאָסל — אין דער צענטער. איך האָב געלערנט גוט און געשמט ווי איינער פון די בעסטע יינגלעך. דעם צווייטן זמן בין איך אַריבער אין דער צענטער כיתה. אָבער איך האָב געלערנט אָן חשק. אַ ביסל צוליב דער שולד פון רבין פון דער דאָזיקער כיתה. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אָבער אַ שוואַכער אין כאַראַקטער; ער פלעגט אָפּזאָגן דעם שיעור פאַר זיך אַליין, אָן קיין הסברה, און האָט נישט אַרויסגערופן קיין דרך־ארץ פון די תלמידים. מעגלעך אַז פיל האָט מיטגעווירקט די עצבות, וואָס האָט צוגענומען די התמדה. די עצבות האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס עס זענען פאָרגעקומען צוויי טרויער־פאַלן. די צוויי קינדער פון מיין יינגערער שוועסטער העניע־פעשע — פון 4 און 3 יאָר — זענען געשטאָרבן אין אַ משך פון דריי וואָכן, וואָס האָט שטאַרק געווירקט אויף מיין יונגער נשמה. אויך די געשעפטן אונדזערע אין דער היים זענען געגאַנגען מטה, מטה. דער טאַטע ע"ה, פלעגט אַלע וואָך קומען קיין ביאַליסטאָק איינצוקויפן סחורה, און צוקוקנדיק מיט וואָס פאַר אַ שווועריקייטן עס פלעגט אים אָנקומען ביז ער האָט געקענט אַרויסשיקן די סחורה; די ליידן

וואָס ער האָט איבערגעטראָגן, האָט אונדז, צוויי יונגע קינדער, פּאַראומערט דאָס לעבן. עס האָט זיך דעריבער נישט געלערנט מיט דעם חשק און לעבע־דיקייט, ווי דאָס לערנען פון אָט די שווערע לימודים פאָדערט. מיר זענען נישט געווען פון די ערגסטע. מיר האָבן געלערנט נאָרמאַל. יעדן זמן זענען מיר דורכגעגאַנגען אַ כיתה, אָבער ווי געזאָגט, — די התמדה האָט געפעלט. עס האָט אויך געפעלט די השגחה פון טאַטע־מאַמע; צו יונג אָפּגעריסן געוואָרן פון דער היים. טראָץ דעם אַלעמען האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַ שטיקל למדן.

ווען איך בין שוין געוואָרן אַ בחור פון 16־15 יאָר, און זעענדיק די האָ־רעוואַניע פון טאַטן ע״ה, אויף צו דערהאַלטן די אָרעמע חיונה, האָב איך אים געבעטן צו קריגן פאַר מיר אַ שטעלע ביי איינעם פון די סוחרים, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט אַזוי פיל יאָרן. אָבער די מאַמע ע״ה האָט נישט דערלאָזט. זי איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז ס׳זאָל זיין וואָס עס וויל, נאָר פון לערנען וועט זי מיר נישט צונעמען. איך האָב שוין געהאַט געענדיקט די ישיבה, גע־לערנט אין סוויסלאָטש ביי הרב ר׳ יששכר און געוואָרן אַ לערנער פאַר זיך אַליין אין בית־המדרש. איין מאָל, ווען דער טאַטע איז געקומען אין ביאַליס־טאָק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז מאָריץ בערנשטיין איז געקומען צו אונדז אין שטוב און געבעטן, איך זאָל קומען צו אים אין פּאָדוואַל — אַ געשעפט וואָס פאַרקויפט אַלקאָהאָל אין הורט, — כדי צו פאַרנעמען די שטעלע פון פאַרוואַל־טער, מחמת דער פריערדיקער איז אַוועק פון דער שטעלע. איך האָב גע־זאָגט דעם טאַטן, אַז ערשטנס פאַרשטיי איך גאָר נישט אין דעם מסחר פון בראָנפן און ווייס נישט דעריבער צי איך וועל זיך אײַנסטויגן; און צווייטנס, איז דער דאָזיקער מסחר פון גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט: אַ שטענדיקע שרעק פאַר רעוויזאָרן,אַקציזניקעס; פאַר דער קלענסטער אומפאָרזיכטיקייט זענען פאַראַן שטראָפן, און איך האָב מורא פאַר אַזעלכע זאַכן. אויף דער צווייטער יואָך, ווען דער טאַטע איז געקומען, זאָגט ער מיר, אַז בערנשטיין פאַרלאַנגט דורכויס איך זאָל קומען איבערנעמען די שטעלע און אַז ער איז זיכער, אַז איך וועל מיך אויסטויגן, ווייל ער געדענקט ווען איך האָב געלערנט אין חדר צוזאַמען מיט זיין משהן און פלעג קומען צו זיי אָפט אין שטוב. איך בין דע־מאָלט אַלט געווען אַ יאָר 10־9, אָבער נישט געווען קיין פאַרשלאָפן יינגעלע.

קומענדיק אַ היים, בין איך צו מאָרגנס גאַנץ פרי — עס איז געווען אַ פרייטיק — אַוועק אין פּאָדוואַל. בערנשטיין האָט מיך גלייך גענומען לערנען ווי אַזוי מען גרייט צו דעם בראָנפן ביז געוויסע גראַדן. עס זענען געשטאַנען עטלעכע גרויסע פעסער, יעדע פאַס איז געווען באַשטימט פאַר אַ געוויסן גראַד, — פון 40 ביז 90; ווי צו מעסטן די גראַדן; ווי אַזוי מען גיט אַרויס די־

צייגענישן פאַר יעדן פאַרקויף באַזונדער; ווי אַזוי מען דאַרף יעדן פאַרשרייבן אין רוסיש אין די „שנורעוואָיע ביכער״, און אַפילו ווי אַזוי מען קען אָפּנאַרן דעם קונה, טראָץ אַלע באַוואָרענישן. די גאַנצע לערע האָט געדויערט אַן ערך דרייסיק מינוט, און דאָ זאָגט ער מיר, אַז ער דאַרף שוין אַוועקפאָרן. (די בריטשקע איז שוין געשטאַנען געשפּאַנט), און וועט קומען שפּעטער מיט אַ צען טעג. דערלאַנגענדיק מיר דעם שליסל פון פּאָדוואַל, האָט ער מיר געזאָגט „אַדיע״ און איז אַוועקגעפאָרן. מאָריץ בערנשטיין איז געווען אַן אַגענט פון אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט, פלעגט ער פאָרן צו די פּריצים וועגן דער אַנגעלעגנהייט.

איך בין געבליבן שטיין אַ צעטומלטער צווישן די גרויסע פעסער בראָנפן און הונדערטער פלעשער „אַציזשענע״. איך האָב כמעט נישט תּופס געווען אַלץ וואָס ער האָט איילנדיק מיר אָנגעזאָגט. איז מיר געקומען אויפן געדאַנק איך זאָל אַרויפגיין אויבן, אין שטוב, און אָפּגעבן דעם שליסל דער פרוי בערנשטיין און גיין אַהיים. עס האָט מיך געשראָקן, דערמאָנענדיק זיך, אַז צו יעדן מאָמענט קען קומען אַ רעוויזאָר אָדער אַקציזניק. נאָר מיין יינגלשער שטאָלץ האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז מען דאַרף וואַגן און זיך אונטערנעמען. איך האָב אָנגעהויבן אַריינגעמען אין זכרון אַלץ וואָס ער האָט מיר אָנגעזאָגט און זיך גענומען צו דער אַרבעט. זונטיק איז געווען דער טאָג פון דער גרעסטער לייזונג. אַלע שענקער פון שטעטל און פון די אַרומיקע דערפער פלעגן קומען מיט זייערע פעסלעך קויפן בראָנפן. מען קען זיך קוים פאָרשטעלן, ווי דאָס האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג. עס זענען געווען יענע גאָלדענע צייטן, ווען שבת איז געווען שבת.

זונטיק גאַנץ פרי, ווען איך בין געקומען אין פּאָדוואַל און דערזען די וועגעלעך מיט די פעסלעך וואָס וואַרטן שוין, האָב איך זיך לכתחילה דערשראָקן. אָבער כ'האָב זיך תיכף גענומען אין די הענט. און ווי נאָר איך האָב געעפנט די טיר, האָבן אַלע מיט אַ מאָל געוואָלט איך זאָל זיי אָפּפאַרטיקן פריער. מיט דער גאַנצער רויִקייט האָב איך געפרעגט ווער ס'איז געקומען דער ערשטער. איניקע יחסנים האָבן זיך געברוגזט, זיי זענען פון די אַלטע און גרעסערע קליענטן. נאָר ביז זיי האָבן זיך אויסגעטענהט זענען שוין עטלעכע קונים געווען דערליידיקט, און די גויִים האָבן גענומען זאָגן „כאָראָשי מאַלטשיק״, מיט אַ קלאַפּ אין פּלייצע. די אַרבעט איז אַוועק אין אָרדענונג.

מיט פינף חדשים שפּעטער זענען מיר אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע.

פון די געבראַכטע עפּיזאָדן איז צו דרינגען, אַז מיין גורל איז אַזאַ. נישט האָבנדיק קיין אַנונג, זענען מיר געוואָרן ערד־אַרבעטער, נישט פון די ערגסטע. אַזוי בין איך, נאָך ווי אַ יונגערמאַנטשיק, אַוועקגעשטעלט געוואָרן, נישט ווי־

סנדיק ווי אַזוי, אויף געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס; אַזוי בין איך אַריין אין דער אַרבעט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו „פאָנדאָ קאָמונאַל"; אַזוי האָב איך אָר־גאַניזירט די ערשטע ליי־ און שפּאָר־קאַסע אין אַרגענטינע; אַזוי האָב איך אָנגעפירט מיט דער „פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ"; אַזוי בין איך געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר"; אָרגאַניזירט דעם „פאָמענטאָ אַג־ראַריאָ איזראַעליטאַ אַרכענטינאָ". אָט אַזוי האָב איך דורכגעמאַכט מיין לעבנס־וועג. איך האָב פאַרנומען ערשטראַנגיקע פּאָסטנס אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג; פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין די אָפיציעלע ספערן און שטענ־דיק געטראָגן אויף זיך געזעלשאַפטלעכע אַחריות, מער ווי מיינע פיזישע כו־חות האָבן עס דערלויבט.

מיין לעבנסוועג איז נישט געווען פאַרפלאַנצט מיט בלומען. זייער פיל דערנער האָב איך אָנגעטראָפן, וואָס האָבן געשטאָכן ביז בלוט. נאָר אַז איך גיב אַ קוק אויף דער פאַרגאַנגענהייט, זע דאָס געשאַפענע און מאַך דעם סך־הכל, קלער איך אַז עס איז כדאי געווען.

# די סיבות פון אונדזער פאָרן קיין אַרגענטינע

די לעצטע עטלעכע יאָר פאַר אונדזער פאַרלאָזן די אַלטע היים, איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון אונדזער פאַמיליע געווען זייער אַ געדריקטע. עס איז ממש נישט געווען קיין חיונה, קיין סיבות האָבן נישט געפעלט.

אַ שריפה איז אויסגעבראָכן אין אונדזער שטעטל. פּריטיק פאַר נאַכט, חול־המועד פּסח, האָט זיך אָנגעצונדן אַ שטאַל מיט שטרוי אויף אונדזער גאַס. די הייזער זענען געווען הילצערנע, קיין פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע איז נישט גע־ווען, זענען אָפּגעברענט געוואָרן 150 הייזער. איך בין דעמאָלט געווען אַ קינד פון 5־6 יאָר, אָבער יענער פאַרנאַכט איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. אונדז, קליינוואַרג, האָט מען אַוועקגעפירט הינטערן שטאָט, ביים טייך, ביי קאַרפּלס מיל. אין אָוונט האָט מען אונדז געבראַכט אין הויז פון זיידן ע״ה, דער מאַמעס פאָטער, וואָס האָט געוווינט הינטער דער שטאָט. אַהין איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע פאַמיליע. דער טאַטע ע״ה האָט געמאַכט קידוש, גאָר ביים נעמען דעם כוס צום מויל, האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. עס האָט נישט געפעלט ווער עס זאָל מיט אים מיטוויינען. עסן צום טיש איז שוין קיינער נישט געגאַנגען.

אויף מאָרגן אין דער פרי, נאָכן דאַוונען, זענען מיר אַלע געגאַנגען צום פּלאַץ ווו עס איז געשטאַנען אונדזער שטוב. אין דער גאַנצער גאַס האָט מען געזען בלויז קוימענס מיט קופּעס אַש, וואָס האָבן זיך נאָך גערויכערט. ביים פּלאַץ ווו עס איז געשטאַנען אונדזער שפּייכלער מיט סחורות, האָבן קינדער געשאַרט דאָס אַש, פון וואַנען זיי האָבן אַרויסגענומען געבאַקענע אייער און גע־געסן; עס זענען פאַרברענט געוואָרן עטלעכע הונדערט טוץ אייער.

די גויים, וואָס פלעגן מיט זייערע וועגענער פירן אונדזערע סחורות קיין ביאַליסטאָק און צוריק, — קיין באַן איז נאָך דעמאָלט נישט געווען, — זענען געקומען אונדז העלפן ראַטעווען פון דער שריפה. אָבער, אַז ס'איז נישט באַשערט, פאַרלירט מען דעם שכל. די גויים האָבן אַריינגעוואָרפן די סחורות אין קאַסטנס און ווען מען האָט זיי געוואָלט אויפהייבן אַרויפצושטעלן אויף די וועגענער, זענען די קאַסטנס געווען אַזוי שווער, אַז מען האָט זיי נישט גע־קענט רירן פון אָרט, און ביז מען האָט זיך גערירט איז אָנגעקומען דאָס פייער. דאָס איינציקע וואָס מען האָט אַרויסגעראַטעוועט זענען געווען די ספרים, דעם ווילנער ש״ס און אַ ביסל בעטגעוואַנט.

ווער קען אָפּשאַצן דעם גייסטיקן כוח פון אונדזערע עלטערן! דאָס ער־שטע וואָס מען האָט געראַטעוועט זענען געווען די ספרים, בעת מען האָט געזען דאָס געפאַר פאַר די אויגן, און ווי די האָרעוואַניע פון 20 יאָר ווערט פאַרברענט.

אונדזער מסחר איז געווען אַן אַגראַ־געוועלב. די קרעמערס פון שטעטל פלעגן קויפן ביי אונדז אַלערליי סחורות. געווייינטלעך, איז יעדער קרעמער אונדז שולדיק געווען געלט, אַזוי אַז פון יעדע קראָם וואָס איז פאַרברענט גע־וואָרן האָבן מיר געליטן שאָדן.

**
*

נאָך אַ שריפה ווערט מען רייך. מיט אונדז האָט כמעט אַזוי פּאַסירט. אויף מאָרגן נאָך פסח איז דער טאַטע ע"ה אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק מיט ליי־דיקע הענט און ליידיקע וועגענער — די באַן־ליניע איז נאָך נישט געווען און דער טראַנספּאָרט איז געמאַכט געוואָרן מיט געדונגענע בעלי־עגלות, צום מערסטן גויים פון די נאָענטע דערפער — און איז צוריקגעקומען מיט אָנגע־לאָדענע וועגענער סחורות, געקויפט אויף קרעדיט. אַלץ איז אַוועק מיטן רויך, נאָר דער גוטער נאָמען איז געבליבן. די געשעפטן זענען אַוועק נאָרמאַל. מ'האָט געלעבט זייער שפּאָרזאַם און מען האָט יענעם זומער אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר טויזנט רובל; עטלעכע הונדערט רובל האָט מען באַקומען פון סטראַכאָוועקע, — איז דאָך אייגנטלעך געווען גוט, עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט נישט גוט. מיר זענען געווען אַ פאַמיליע פון אַכט פּערזאָן. דאָס געשעפט האָט געפאָדערט אַ גרעסערן פּלאַץ. די דירה וואָס מיר האָבן געדונגען איז געווען זייער אַ קליינע, האָט מען דעריבער באַשלאָסן, — אַזוי פלעג איך הערן דערציילן דעם טאַטן און דער מאַמען ע"ה, — מיט די אָפּגעשפּאָרטע געלטער זאָל מען אויסבויען אַן אייגן הויז. פון די אַלע וואָס זענען געבליבן אָן הייזער, זענען מיר געווען די ערשטע צום בויען. קיין פּראַקטיק איז נישט געווען, האָט מען זיך פאַר־לאָזן אין גאַנצן אויף די מוליאַרעס, האָבן זיי אויסגעבויט אַ מויער גרויס און הויך ווי אַ שיל, און אָנשטאָט דריי טויזנט רובל, — ווי מען האָט גערעכנט. — האָט די געביידע געקאָסט זעקס טויזנט רובל, דאָס הייסט, מען האָט אַריינ־געלייגט אין די טויטע ווענט דריי טויזנט רובל פרעמד געלט, פאַר וועלכע מען האָט געצאָלט פּראָצענט. דאָס איז שוין געווען שלעכט. דאָך האָט זיך דאָס רעדעלע געדרייט און מען וואָלט זיך מיט דער צייט געווען אַרויסגעדרייט, ווייל פּרנסה איז געווען; נאָר אַז דער שלימזל שטעקט אַריין אַ פינגער, קען מען זיך שוין פון אים שווער אַרויסדרייען.

אומגעריכט איז דער טאַטע ע"ה געפערלעך קראַנק געוואָרן, עטלעכע

מאָנאַטן נאָכאַנאַנד האָט ער געשוועבט צווישן טויט און לעבן. ער האָט דורכ־געמאַכט זייער אַן ערנסטע אָפּעראַציע. חוץ דעם וואָס די קראַנקייט האָט אויס־געבראַכט אַ סך געלט, איז דאָס געשעפט פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. דער על־טערער ברודער בערל־לייב ע״ה איז נאָך געווען אַ יינגל פון 17 יאָר, און נישט די סוחרים פון ביאַליסטאָק, נישט די קונים אונדזערע פון סוויסלאָטש האָבן געקענט האָבן צו אים געטרוי צוטרוי. צו דעם האָט זיך אין יענער צייט אויסגעבויט די באַן־ליניע ביז ביאַליסטאָק, פלעגן די קרעמער און קרעמער־לעך פאָרן אַליין קיין ביאַליסטאָק איינקויפן דאָס ביסל סחורה וואָס זיי האָבן געדאַרפט, טראָץ דעם וואָס דער טאַטע ע״ה, ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט זיי אָנגעבאָטן צו פאַרקויפן אויפן זעלבן פרייז אין סוויסלאָטש. די קרע־מער האָבן אויפגעהערט צאָלן די אַלטע און די נייע חובות וואָס זיי זענען אונדז שולדיק געווען, און די עקאָנאָמישע לאַגע אונדזערע איז געוואָרן זייער אַ גע־דריקטע. דער קאַמף פאַר חיונה, — ליטווישע חיונה: קאָרנברויט, קאַרטאָפל מיט קרופּניק אַ גאַנצע וואָך און אַ שטיקעלע פלייש לכבוד שבת, — איז געווען שווערער צו באַקומען פון וואָך צו וואָך. פריינד און גוטע פריינד האָבן גע־עצהט דעם טאַטן ע״ה, ער זאָל אַוועקשיקן אַ פּאָר יינגלעך קיין ענגלאַנד, אָדער אַמעריקע, — מיר זענען געווען זיבן ברידער, — זיי זאָלן דאָרטן פאַר־דינען און אַרויסהעלפן צו פאַרגרינגערן די לאַגע, און וועלן נישט דאַרפן די־נען פאָניען. אָבער דער טאַטע האָט זיי געענטפערט, אַז אויב ער וועט זיי אַוועקשיקן, וועט דער קיסר נישט האָבן קיין סאָלדאַטן, ער וועט נישט האָבן קיין קינדער און גאָט וועט נישט האָבן קיין יידן.

די מאַמע ע״ה איז געווען די אמתע עקרת־הבית; זי האָט געטראָגן אויף זיך אַ גלייכן טייל, אויב נישט אין אַ געוויסער מאָס דעם גרעסערן טייל פון יאָך. אין די ערגסטע צייטן האָט זי אין זינען געהאַט, פאַר אַלעמען, די דער־ציִונג פון די קינדער: לערנען, לערנען און לערנען. איר גרעסטע פרייד אין לעבן איז געווען דאָס, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז ביי פרומע־לאהן, — אַזוי האָט מען גערופן מיין מאַמען, — איז אַ געבענטשטער בויך. נישט איין מאָל פלעגט מיר פאַרקלעמען ביים האַרצן, זעענדיק ווי די דאָזיקע פרוי האָרעוועט, ווי זי איז זיך מקריב פאַר איר פאַמיליע. שטיל האָט זי געשטיקט אין זיך די אויסערגעוויינלעכע ליידן, אָננעמענדיק, אַז מסתמא איז אַזוי אָנגעשריבן גע־וואָרן אויפן הימל. און אַלע צרות און דחקות פון די לעצטע 4־3 יאָר פאַרן פאַרלאָזן אונדזער געבוירן־שטעטל, איז אָבער נישט געווען קיין גלייכן צו איר, ווען זי פלעגט דורך די גראַטעס פון דער ווייבער־שיל אַריינקוקן אין בית־המדרש און זען, ווי ביידע איידעמס און די עלטערע זין זיצן איבער די גרוי־סע גמרות און לערנען. ווער קען עס באַשרייבן איר נחת־רוח, ווען זי פלעגט

זען ווי דער טאַטע מיט פיר זין גייען אַרויף דוכענען. די ייִנגערע דריי קינ־דער זענען נאָך נישט אַלט געווען קיין דרייצן יאָר. אָבער דאָס אַלץ איז געווען עולם־הבאָ. דער עולם־הזה איז געווען אַ ביטערער. די פּרייטיקן, אוי די פּריי־טיקן! ווען די פּראָצענטניקעס און וווכערניקעס פלעגן קומען איינער נאָכן אַנ־דערן און מען האָט נישט געקענט דערלאַנגען דעם רובל צו דער מינוט. פיל בלוט פלעגט זיך עס אָפּצאַפּן ביי מיינע עלטערן, און מען האָט נישט געזען פאַר זיך קיין אויסוועג.

***

ווען אין אונדזער שטעטל איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז עס איז פאַראַן אין פּאַריז אַ ייִד וואָס מ׳רופט אים משה־הירש און איז אַ באַראָן, וואָס וויל אַרויסנעמען די ייִדן פון רוסלאַנד און זיי באַזעצן אויף ערד, זיי מאַכן פאַר קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע, האָט מיין עלטערער ברודער יעקב־יוסף און איך געבעטן דעם טאַטן ע״ה, מיר זאָלן אויך פאָרן קיין אַרגענטינע. אָבער ער פלעגט שטענדיק מדחה זיין: — „מיט וועמען וועל איך פאָרן? מיט אייך? וואָס איר ווייסט אַפילו נישט ווי אַזוי אַ פלוג זעט אויס; איר וועט זיך דער־שרעקן פאַר אַן אָקס פון דער וויטנס!״.

יעדן דאָנערשטיק אין אָוונט, ווען דער טאַטע פלעגט קומען פון ביאַלי־סטאָק און מיר האָבן געזען זיין מידן פּנים, דעם אומעט און דאָס דערדריקט־קייט וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן, פלעגן מיר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל פאַרלאַנגען צו פאָרן קיין אַרגענטינע. איבערהויפּט האָבן מיר זיך גע־פילט דערמוטיקט, ווען אַ פּאָר פאַמיליעס פון אונדזער שטעטל האָבן זיך שוין פאַרשריבן פאַר קאַנדידאַטן צום פאָרן. צווישן זיי איז געווען אונדזער זיידע און אַ פעטער, דער מאַמעס פאָטער און אַ ברודער, וועלכע זענען געווען באַ־האוונט אין פעלד־אַרבעט, נאָר דער טאַטע האָט מורא געהאַט צו ריזיקירן, ווייל ער וועט נישט האָבן מיט וועמען צו אַרבעטן.

אין אַ דאָנערשטיק, דאָס איז געווען די וואָך פאַר פּורים, ווען דער טאַטע איז געקומען צו פאָרן, האָט ער גאָר אומגעריכט אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען, אַז ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין גראָדנע, זיך פאַרשרייבן צו פאָרן קיין אַרגענטינע. אין גראָדנע איז געווען אַ ביוראָ, אונטער דער אויפזיכט פון ה׳ פרומקין, ווו עס פלעגן אויפגענומען ווערן די קאַנדידאַטן פאַר קאָלאָניזאַציע. ווען דער טאַטע איז אָנגעקומען אין גראָדנע, האָט מען אים געזאָגט, אַז די צאָל פאַמיליעס צום פאָרן איז שוין פול און מען קען אים נישט אויפנעמען. נאָר די רעקאָמענדאַציע וואָס ער האָט געבראַכט האָט געווירקט, און איז אַריינ־גענומען געוואָרן אין דער רשימה צו פאָרן מיט דער לעצטער גרופּע, דאָס

הייסט, מיט אַ פינף חדשים שפּעטער. ביים עקזאַמען וואָס מען האָט געגומען ביי אים וועגן זיינע ידיעות אין ערד־אַרבעט, האָט ער געענטפערט, אַז שוין עטלעכע יאָר ווי ער אַקערט מיט דער נאָז די ערד און ליגט ניין איילן אין דער ערד, איז נאָך אַ פראַגע צי מען האָט אַ געפיל פאַר ערד־אַרבעט?... נח קאַצאָוויטש, אין זיינע זכרונות, דערמאָנט דעם דאָזיקן עפּיזאָד.

קומענדיק אַהיים ווי אַן אָנגענומענער קאַנדידאַט, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן פּראָבלעמען. די צוויי שוועסטערס, די שוואָגערס און דער עלטערער ברודער בער־לייב, וואָס זיינען געבליבן אין סוויסלאָטש, האָבן גענומען קודם זאָרגן פאַר דער מאַמען: ווי וועט זי קענען איינע אַליין באַאַרבעטן דעם גאָרטן, האָדעווען הינער, מעלקן קי, אַרבעטן אין שטוב. דאָס אַלץ איז באַטראַכט געוואָרן אויסדריקלעך ווי פרויען־אַרבעט. געווען זענען מיר זעקס יינגלעך און קיין איין מיידל נישט, וועט, בכן, פאַלן די גאַנצע אַרבעט אויף דער מאַמען און עס וועט איר זיין זייער שווער.

געטראַכט און זיך דערטראַכט: אַזוי ווי דער ברודער יעקב־יוסף איז שוין געווען אַ בחור פון 18־19 יאָר, און ביי אונדז אין שטוב איז געווען אַ מיידל אַ יתומה, אונדזערע אַ פּלימעניצע, — זאָל עס זיין אַ שידוך. און עס איז געוואָרן מיט מזל דער שידוך, פאַרזאָרגנדיק אַזוי אַרום דער מאַמען מיט אַ געהילף. די חופּה איז פאָרגעקומען פרייטיק, ערב שבת הגדול. שבת־צו־נאַכט זענען זיך צונויפגעקומען די נאָענטע פריינד מיט די כלי־זמרים און מען האָט גענומען טאַנצן. אין סאַמע מיטן טאַנצן איז אַריינגעקומען דער בריווטרעגער און ברענגט אַ „זאַקאַזנאָיעם״ בריוו פאַרן טאַטן. נאָכן איבערלייענען האָט ער באַלד אָפּגערופן אין אַ זייט דער מאַמען, די שוואָגערס, די שוועסטערס און דעם עלטערן ברודער און זיי געוויזן, אַז דאָס איז אַ בריוו פון ה׳ דוד פיינבערג פון פּעטערבורג, אין וועלכן ער שרייבט, אַז זייענדיק אין וואָלקאָוויסק האָט מען אים אינפאָרמירט ווער מענדל קאַפּלאַן איז, און מען האָט אים רעקאָמענדירט אַז ער זאָל פאָרן תיכף קיין אַרגענטינע מיט דער ערשטער גרופּע, ווי אַ דעלעגאַט. די פריער באַשטימטע דעלעגאַטן קען ער נישט אָפּרופן, ווייל זיי זענען שוין גרייט צו פאָרן און ער פאַרלאַנגט פון טאַטן תיכף אַ פּאָזיטיוון ענטפער. אַרויספאָרן קיין ליבאַווע דאַרף מען דאָנערשטיק גאַנץ פרי, און די פּאַספּאָרטן מיט די אַלע אַנדערע נייטיקע פּאַפּירן וועט מען אים ברענגען אין ליבאַווע.

דער בריוו האָט אַלעמען איבערראַשט, און עס איז געווען שווער זיך צו באַשליסן. מיר האָבן זיך געריכט, אַז אונדז וועט אויסקומען צו פאָרן אין חודש סיוון אָדער תמוז, דעריבער זענען מיר נישט געווען צוגעגרייט צו אַ באַלדיקער רייזע. אַגב האָט מען געמוזט נעמען אין אַכט, אַז מאָנטיק איז ערב פסח, דינ־

סטיק און מיטוואָך — פּסח, טעג וואָס מען קען גאָר נישט טאָן. אָבער די אַלע געסט וואָס זענען געווען, האָבן געראָטן, אַז אויב פון פּעטערבורג פאַרלאַנגט מען, און דערצו איז דער בריוו געשריבן אין אַזאַ בכבודיקן טאָן — דאַרף מען ענטפערן פּאָזיטיוו און פאַר די צוגרייטונגען זאָלן מיר נישט זאָרגן, אַלץ וועט געמאַכט ווערן אין אָרדענונג. מען האָט גלייך אָפּגעשטעלט די כלי־זמרים און אַלע געסט האָבן זיך גענומען צום פּאַקן. ביז פאַרטאָג איז אַלץ געווען כּאַרפּאַקט און אַרויפגעלייגט אויף וועגענער, וואָס האָבן אַוועקגעפירט דעם באַגאַזש צו דער באַן־סטאַנציע קלעפּאָטשי, עטלעכע וויאָרסט פון שטעטל.

מיטוואָך, דעם צווייטן טאָג פּסח, איז דער טאַטע ע״ה אַרויסגעגאַנגען זיך געזעגנען מיט שכנים, גוטע פריינד. אָבער אַריינקומענדיק צום ערשטן שכן, האָט יענער געזאָגט: — „מענדל, גיי צוריק אַ היים, מען וועט קומען צו דיר״. קו־מענדיק צוריק אין די פּוסטע ווענט, האָבן מיר געטראָפן די שמשים פון די בתי־מדרשים. זיי האָבן געבראַכט טישן און בענק, וויין מיט ניס, און דער עולם איז געקומען. ווער קען זיך עס פאָרשטעלן דאָס דאָזיקע בילד? ביי די טישן האָט מען געטרונקען און געזונגען, און אין די ווינקעלעך פון שטוב זענען גע־שטאַנען שוועסטערס, שוואָגערס, ברידער און געוויינט. און מיר אַלע, דאַרפנ־דיק זיך אויסוואָרצלען פון דעם פּלאַץ ווו מען איז געווען איינגעוואָרצלט דו־רות־לאַנג; מיינע עלטערן, וואָס האָבן חתונה געמאַכט צוויי טעכטער און איין זון, האָבן זיי נישט אַוועקגעלאָזט פון אונדזער שטעטל, ווייל זיי האָבן געוואָלט האָבן אַלע קינדער אַרום זיך, קומט דער שיקזאַל און לאַכט זיך אויס: מען לאָזט איבער קינדער, אייניקלעך, און אַליין פאָרט מען אַוועק ווייט, ווייט אויף אַלע יאָרן.

דאָנערשטיק פאַרטאָג האָבן מיר געדאַוונט צום לעצטן מאָל אין נייעם בית־המדרש. הונדערטער מענטשן זענען אַרויס אין גאַס אונדז באַגלייטן. איך האָב געזוכט אויסצומיידן אַ באַגעגעניש מיט מיינע שוועסטער, אָבער אין גרויסן עולם האָבן זיי מיר דאָך אָפּגעזוכט. דאָס אַרויספּאַלן איינער אויפן אַנ־דערנס האַלדז, יענע זודיקע ברענענדיקע טרערן קענען קיין מאָל נישט פאַר־געסן ווערן. דער ברודער בער־לייב ע״ה איז געגאַנגען ביז צו דער באַן־סטאַנציע, אַן ערך 12 וויאָרסט. דאָרט האָבן מיר זיך אַרויפגעזעצט. מיר זענען געשטאַנען אין די פענצטער פון וואַגאָן און געקוקט איינער אויפן אַנדערן. די הערצער האָבן זיך געקאָרטשעט. עס דערהערט זיך דער ערשטער קלונג. בער־לייב ווערט בלייך. עס גיט אַ פייף, עס דאַכט זיך אַז אָט, אָט פאַלט ער אום. דער באַן גיט אַ ריר און בער־לייב גיט אַ געשריי. די לעצטע רגעס אין מיין לעבן וואָס מיר זעען זיך. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געגעבן אַ שלעפּ, אַ ריס, און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס האַרץ ווערט צעריסן אויף שטיקער. שרעקלעך

בראַגישע מאָמענטן זענען דאָס געווען, וואָס די 60 יאָר וואָס זענען אַריבער קענען עס נישט אָפּמעקן. ווי ריכטיק עס איז דער מאמר אין תלמוד: „רגלוהי דבר נש אינון ערבין ביה, לאתר דמתבעי תמן מובילין יתיה״ — די פיס פון דעם מענטש גאַראַנטירן פאַר אים, ווו מען רופט אים — אַהין פירן זיי אים. עס איז אונדז באַשערט געווען צו קומען קיין אַרגענטינע און ניצל ווערן פון מלחמות, פונעם היטלער־גיהנום, — האָבן אונדז די ביטערע יאָרן, די נויט געטריבן צו דעם.

וואָס ווייסט אַ מענטש וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז נישט גוט? ווען נישט די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, וואָלטן מיר אַפילו נישט געחלומט צו פאָרן קיין אַרגענטינע און מיר וואָלטן געהאַט דעם זעלבן גורל פון אַלע זעקס מיליאָן קדושים; דעם גורל פון אונדזער עלט־סטער הייליקער שוועסטער, וואָס איז אַריינגעטריבן געוואָרן אין קבר לעבע־דיקערהייט, צוזאַמען מיט דער גאַנצער הייליקער עדה יידן פון סוויסלאָטש.

ווי פאַרבאָרגן זענען די וועגן פון דער השגחה!

# פון אַרויספאָר ביזן אָנקום קיין אַרגענטינע

דאָנערשטיק דעם ערשטן טאָג חול־המועד פסח 1895, זענען מיר אַרויסגע־פאָרן פון סיסלעוויטש, צוזאַמען מיט נאָך צוויי פאַמיליעס — יצחק־משה וואַראַן און אבא גאַרבער, — און פרייטיק פרי זענען מיר אָנגעקומען אין ליבאַווע. מען האָט אונדז גלייך צוגעפירט צום קאַנטאָר פון דער פירמע „קני". דאָרטן האָבן מיר געטראָפן צוויי פאַמיליעס — שאַצקי און זאָנענבערג — פון גראָד־נע, געקליידט גרויסשטאָטיש; די מיידלעך מיט היט, מיט הענטשקעס, און זיי האָבן געקוקט אויף אונדז, קליינשטעטלדיקע מיט דער אַלטמאָדישער קליי־דונג, פון דער זייט. באַלד איז אָנגעקומען פיינבערג, דער פאַרטרעטער פון באַראָן הירש אין רוסלאַנד, און נאָך אַ קורצן שמועס מיטן ה׳ קני, האָבן זיי צוגערופן דעם טאַטן און אים באַגריסט. קני האָט אים געזאָגט אין ייִדיש־דייטש, אַז ה׳ פיינבערג „רעדט פיל גוטעס פון אייך, הער קאַפּלאַן", און האָט אים באַשטימט פאַר ממונה אויפן כשרן עסן, וואָס מען האָט אונדז געגעבן אויף דער שיף וואָס איז געגאַנגען פון ליבאַווע ביז ברעמען.

פרייטיק פאַרנאַכט זענען אונדזערע עלטערן געגאַנגען צו דער שיף קונה שביתה צו זיין און שבת פאַרנאַכט זענען מיר אַרויסגעפאָרן. אַרויפגייענדיק אויף דער שיף, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די צוויי גראָדנער פאַמיליעס האָט מען געגעבן אַ ספּעציעלן פּלאַץ און אונדז האָט מען באַזעצט אין דער מיט, ווו ס׳האָט זיך געפונען די משא. מיר האָבן געפרעגט פיינבערגן וואָס איז זיך געקומען געזעגענען מיט אונדז, פאַר וואָס עפּעס אַזאַ אונטערשייד? האָט ער אונדז באַרויִקט, אַז יענע פאַמיליעס וועלן זיכער קומען צו אונדז. די שיף איז אַרויס גלייך עם צאת הכוכבים. דאָס ערשטע וואָס מיר האָבן געטאָן איז גע־ווען — זיך שטעלן דאַווענען מעריב. אָבער, ביי „יראו עינינו וישמח לבנו" זענען מיר שוין אַלע געווען צעלייגט, ווי די שיכורע. קיין בעטלעך זענען נישט געווען, האָט יעדער איינער פאַרכאַפּט אַ פּלאַץ, ווו עס איז געווען באַ־קוועמער ביי יענע אומשטענדן.

עס איז נישט אַריבער קיין סך צייט און יענע צוויי פאַמיליעס זענען גע־קומען. קוים וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן אויף די פיס און געבעטן מען זאָל פאַר זיי מאַכן פּלאַץ זיך צו זעצן אָדער צולייגן ווו נישט איז. אָבער ווער האָט זיך געקענט אומקוקן אויף זיי, אַז יעדער איינער האָט אַרויסגעגעבן דאָס לעצטע ביסל עסן פון רוסלאַנד. אַזוי ווי די צוויי פאַמיליעס זענען געלעגן

אונטן אויפן פאַל, איז אַלץ געפּאַלן אויף זיי. זיי האָבן פּראָטעסטירט, אָבער ווי שלעכט עס איז געווען, האָבן מיר געפילט אַ צופרידנקייט. ביי יעדן פּראָ־טעסט זייערן האָבן זיי באַקומען אַן ענטפער: „גייט אייך, אַריסטקראַטן, אַהין פון וואַנען איר זענט געקומען". דאָס איז געווען די ערשטע נקמה פון „עמך" קעגן די אַזוי גערופענע אַריסטאָקראַטן.

אויף מאָרגן אין דער פרי, אויסגעבלייכטע, אויסגעמאַטערטע, און נאָך דעם ווי מען האָט זיך ווי ס'איז אַרומגערייניקט און אַרומגעוואַשן, איז שטי־לערהייט געשאַפן געוואָרן אַ שלום, און במשך דער גאַנצער רייזע האָט גע־הערשט האַרמאָניע צווישן די 5 פאַמיליעס. מען האָט זיך דורכגעשמועסט און מען האָט זיך איינפאַרשטאַנען, אַז אייך גורל פאַרבינדט אונדז אַלעמען.

***

אָנגעקומען אין ברעמען, האָט מען אונדז גענומען אין אַ האָטעל, ווו מיר האָבן זיך אויסגערוט. אויף צו מאָרגן זענען אונדזערע טאַטעס געגאַנגען צום ראַבינער און געבעטן מען זאָל אונדז פאַרזאָרגן מיט כשר עסן אויף דער שיף, וואָס דאַרף אונדז פירן קיין אַרגענטינע. פאַרנאַכט איז דער ראַבינער געקו־מען צו אונדז אין האָטעל, באַגלייט פון זיין שמש. דאָס איז געווען דאָס ער־שטע מאָל וואָס מיר האָבן געזען אַ רב מאָדערן געקליידט און אַ שמש מיט אַן אוניפאָרם, ווי להבדיל, ביי אונדז דער פּריסטאַוו. „כשר עסן — האָט גע־זאָגט דער ראַבינער — קענען זיי אונדז נישט מיטגעבן, נאָר בשעת הדחק וועלן מיר זיך מוזן מוטשען". דערהערנדיק די ווערטער „בשעת הדחק", איז אינדז געוואָרן אַ ביסל גרינגער אויפן האַרצן, הייסט עס, אַז ער פאַרשטייט אַ פּסוק. נאָר אין אונדזערע קאָמענטאַרן זענען מיר געקומען צום שלוס, אַז סיי־ווי קען מען זיך נישט פאַרלאָזן אויף דער כשרות פון אַזעלכע רבנים און מען יועט זיך שוין מוזן איבערמוטשען די צייט פון פאָרן. דאָס איינציקע וואָס אונדז איז געבליבן — מיר האָבן שטאַרק באַדויערט דאָס דייטשע יידנטום און געצויגן מסקנות, טרויעריקע מסקנות, פאָרויסזאָגנדיק, אַז אַזאַ יידישקייט קען זיך קיין סך צייט נישט האַלטן. איינער האָט זיי באַטיטלט „צדקה־יידן", אַ צווייטער „קוים־יידן". נאָר אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט משיח זאָל קומען און אַרויסראַטעווען די דאָזיקע יידן פון אונ־טערגאַנג. מיר, וואָגלענדיקע יידן, אויסגעוואָרצלטע פון דער אַלט־איינגעזע־סענער היים, אָרעם און אָנגעוויזענע אויף פרעמדער הילף, זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער צוקונפט פון די דייטשע יידן, וואָס זענען געזעסן בשלווה... איז דאָס נישט געווען אַ רוח נבואה?

ווען מיר זענען געשטאַנען ביים וואָקזאַל און געוואַרט אויפן באַן, וואָס האָט אונדז געדאַרפט פירן קיין אַנטווערפּן, ווי עס האָט געוואַרט אויף אונדז די שיף, איז פאַרבייגעגאַנגען אַ גראָבער דייטש מיט אַן אָנגעזויפּענעם פּנים. נאָך דעם ווי ער האָט אונדז אַ ווײַלע באַטראַכט, האָט ער אויסגעשריִען: „לעבן זאָלן אַלע ייִדן הונדערט יאָר!". מיין פעטער וואַראַן האָט געענטפערט: „דאַנק, דאַנק"... נאָר ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן דאָס וואָרט, האָט דער דייטש אים איבערגעשריגן: „אָן אַ קאָפּ", און די אַנדערע דייטשן וואָס זענען געשטאַנען דערביי, האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. איך געדענק נישט, צי אין יענעם מאָמענט האָבן מיר ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די טראַגעדיע פון דעם דאָזיקן ברוטאַלן געלעכטער, אָבער עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן ביז צום היינטיקן טאָג.

אין אַנטווערפּן האָט מען אונדז אַרויפגעזעצט אויף אַ פּראַכטשיף, אַלע פינף פאַמיליעס צוזאַמען, מיט צוויי־שטאָקיקע בעטלעך צום שלאָפן. די איינציקע מחיצה וואָס מען האָט געמאַכט, איז געווען אַ ווענטל פון ברעטלעך, וואָס האָבן אונדז אָפּגעטיילט פון די נישט־ייִדישע פּאַסאַזשירן, מיינסטנס דייטשן, וואָס פלעגן זיך אָנשיכורן אַלע זונטיק. די פינף וואָכן וואָס מיר האָבן זיך געשיפט, זענען געווען פאַר אונדז טעג פון אָפּרו. מען האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם הו־האַ, דעם טומל און זאָרג פון די טאָג־טעגלעכע יאָגענישן און לויפענישן ווי אַזוי איבערצוקומען די שעהן. מען האָט כמעט נישט געטראַכט פון דעם איבערברוך וואָס קומט פאַר אין אונדזער לעבן. וווהין פאָרן מיר? וואָס דערוואַרט אונדז אין דעם אומבאַקאַנטן לאַנד? ווי וועלן מיר זיך דאָרטן איינאָרדענען? מיר האָבן פון די אַלע זאַכן נישט געהאַט קיין אַנונג און קיין פאַרשטעלונג. איין זאַך האָבן מיר געוווּסט, אַז מען איז פּטור געוואָרן פון שאַכערמאַכער, פון די פּראָצענטניקעס, פון די גמילות־חסדים, פון פּאָניען און מיר וועלן ווערן יגיע־כּפּימניקעס. קען זיין, אַז יענע פאַרביטערטקייט צום מסחר, האָט מיר אומבאַוווּסטזיניק געבראַכט, צו ווערן אַן ענטוזיאַסטישער קאָאָפּעראַטיוויסט.

**
*

אָנקומענדיק קיין בוענאָס־איירעס, איז אונדז געקומען אָפּוואַרטן אַ באַאַמטער פון דער ייִקאַ־דירעקציע, מיטן נאָמען ראָזנוואַלד. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז לויטן געזעץ פון לאַנד, דאַרפן מיר גיין אין אימיגראַנטן־הויז. די עלטערן אונדזערע האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מיטן אַרגומענט, אַז די פאַמיליעס זענען שוין גענוג מיד פון שלעפּן זיך זעקס וואָכן אין וועג; נישט געגעסן ווי מען דאַרף, ווייל דאָס עסן איז נישט געווען כּשר און נישט געשלאָפן ווי גע־

העריק. דעריבער ווילן זיי, אַז מען זאָל אונדז נעמען אין אַ יידישן האָטעל, אַנ־דערש גייען מיר נישט אַראָפּ פון שיף. דער באַאַמטער איז אַוועק און געקומען צוריק מיט אַן ענטפער, אַז ערשטנס וועט זיין שווער צו פועלן ביים דירעקטאָר פון אימיגראַנטן־הויז אַז מיר זאָלן גלייך פאָרן אין שטאָט אַריין, און צווייטנס, איז דער טאָג אַ גרויסער אַרגענטינער יום־טוב, עס איז געווען דער 25סטער מאַי און אַלע האָטעלן זענען פאַרנומען. אָבער מיר זענען געבליבן פאַרעקשנט: מיר גייען נישט אין אימיגראַנטן־הויז, און געגעכטיקט די נאַכט אויף דער שיף.

אויף מאָרגן, פרייטיק פאַרנאַכט, איז געקומען דער זעלביקער באַאַמטער מיט דער גוטער בשורה, אַז מען פירט אונדז אין אַ יידישן האָטעל. וועגן כשר האָט מען נישט געפרעגט, ווייל ווי קען עס געמאָלט זיין אַ יידישער האָטעל זאָל נישט זיין כשר? „ייד" און „כשר" זענען געווען אין יענער צייט אַ סינאָ־נים, בפרט אַז די ייקאַ איז דאָך אַ יידישע אינסטיטוציע און איר באַאַמטער רעדט אַזא שיינעם יידיש, און דער הדרת־פּנים זיינער, — אַ ייד מיט אַ שיי־נער באָרד, — איז דאָך נישט געווען קיין מאָטיוו איבערצוטראַכטן וועגן כשר.

מען האָט אונדז צוגעפירט צום האָטעל „קייזערהאָף", וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פון די גאַסן קאָריענטעס און 25 דע מאַזשאָ. ביי דער טיר האָט אונדז אָפּגעוואַרט אַ יונגערמאַן און אונדז אויפגענומען מיט אַ „גוט־שבת", וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פריילעכן געמיט ביי אונדז אַלעמען. נאָך דעם ווי מען האָט אונדז אָנגעוויזן די צימערן, האָט מען מקבל־שבת געווען און מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין גרויסן עס־זאַל. דער אויסזען איז געווען אַ שבת־דיקער, ליכטיק, ווייסע טישטעכער אויף אַלע טישלעך. אָבער עס איז אונדז געווען קשה, וואָס אַלע עסן אָן היטלען. נאָר קיין סך צייט צו טראַכטן איז נישט געווען. מען האָט אונדז באַלד צוגעטראָגן עסן, דעם ערשטן געריכט פיש, איז דאָך עס געווען געוויס אַ סימן שבת. דער טאַטע האָט געמאַכט קידוש איבער בראָנפן און מיר האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן, טאַקע ממש צוגעכאַפּט, ווייל נאָך זעקס וואָכן וואַלגערן זיך אין וועג, אָן אַ כשרע קיך, זענען מיר געווען זשעדנע נאָך אַ רעכט מאכל. דעם צווייטן טעלער, האָבן די עלטערע נישט געגעסן. עפּעס איז זיי נישט געווען געפעלן די אויפפירונג פון די אַלע אַנדערע עסערס: מען גיט געלט אום שבת; מען רויכערט אום שבת. נאָר ביז די עלטערן האָבן זיך מישב געווען, האָט דאָס יונגוואַרג שוין געהאַט אויסגעליידיקט די טעלער. אויף מאָרגן, גאַנץ פרי, איז מיין פעטער יצחק־משה וואַראַן, אַריין אין קיך בעטן אַ ביסל הייסן וואַסער און איז באַלד געקומען צולויפן צוריק אַ דער־שראָקענער: ער האָט געזען אין קיך אַ קאָפּ פון אַ חזיר! ווי אַזוי אונדז איז גע־וואָרן אויפן געמיט, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. מען האָט אונדז טריף גע־מאַכט.

אין מיטן אָט דער צערודערטקייט איז אַריינגעקומען אַ ייִד מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, אַ לאַנגער שוואַרצער קאַפּאָטע און גיט אונדז אָפּ אַ ברייטן „גוט־שבת”. מיר האָבן זיך אַלע אַרומגעשטעלט אַרום דעם דאָזיקן ייִד און גענומען שיטן מיט פראַגעס: ווער זענט איר? פון וואַנען קומט איר? ווער האָט אייך געזאָגט וועגן אונדז? ווען ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ער קומט פון דער קאָלאָניע און איז אַ קלעזמער, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די וויכטיקע פראַגעס: צי די אָקסן זענען פלאָכע, ווי לעבט מען דאָרט, צי זענען פאַראַן שוחטים? דער ייִד האָט זיך אַ ביסל געקווענקלט, ווי איינער וואָס קען זיך נישט באַשליסן, און איז דאָך אַרויס מיט לשון: „הערט, ייִדן, ווען איר וואָלט געהאַט אַ בעסערן מזל און אייער שיף וואָלט צוזאַמען מיט אייך דערטרונקען געוואָרן אין ים, וואָלט עס געווען אַ גליק פאַר אייך. אָבער איר האָט דאָך קיין מזל נישט געהאַט, זאָג איך אייך, ווי גאָט איז אייך ליב, פאָרט נישט אין קאָלאָניע, מען באַזעצט דאָרט אין ליימענע הייזקעס, מען מוז שטיין טאָג און נאַכט און היטן, אַז אַן אָקס זאָל נישט צוגיין זיך קראַצן אָן די ווענט, ווייל טאָמער גיט ער זיך אַ קראַץ — וואַרפט ער אום די הייזקע און פאַרשיט אַלץ און אַלעמען וואָס געפינען זיך אינעווייניק. די אָקסן זענען ווילדע, מיט גרויסע שפּיציקע הערנער, וואָס מיט איין שטאָך שטעכן זיי דורך אַ מענטשן. דער היישעריק פרעסט אויף נישט בלויז דאָס פאַרזייטע, נאָר אַפילו די בגדים און פאַרפעסטעט דאָס וואַסער”.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן דעם איינדרוק, וואָס אַזאַ גרוס האָט געקענט מאַכן אויף אונדז. אַ ייִד מיט אַזאַ שיינעם געשטעל, און קומט ספּעציעל אונדז וואָרענען, מיר זאָלן, חס וחלילה, נישט אומקומען פאַר דער צייט, — ווי גלייבט מען אים נישט? דאָך האָט זיך נישט געגלויבט. ער זאָגט דאָך, אַז ער איז געווען צוויי יאָר אין קאָלאָניע, ער איז אַ כלי־זמר און שפּילט אויף חתונות, הייסט עס אַז מען לעבט און מען מאַכט חתונות. נאָר אַ ביסל קאַלעמוטנע אויפן האַרץ איז געוואָרן, דער קאָפּ פון חזיר איז דאָך אַ סימן, אַז מען באַרט אונדז אָפּ. ווער ווייסט? שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס זענען פאַראַן ייִדן אין בוענאָס־איירעס, וואָס מען טאָר זיי נישט גלייבן.

* *
*

באַלד נאָך דעם איז געקומען אַ באַאַמטער פון דער ייִקאַ און איינגעלאַדן די פינף עלטערן אין דער דירעקציע. קומענדיק צוריק, האָבן זיי אונדז דערציילט, אַז מיט די דירעקטאָרן האָבן זיי נישט געקענט ריידן, ווייל זיי פאַרשטייען נישט קיין ייִדיש, אָבער זיי האָבן דאָרטן געטראָפן דעם אַדמיניסטראַ־

טאָר פון קאָלאָניע מאַוריסיאָ, יהושוע לאַפּין, האָבן זיי זיך דערפרייט מיט אים. איבערהויפּט האָט זיך דערפרייט זאָנענבערג, ווייל ער איז געווען אַ שכן פון לאַפּינס פאָטער אין גראָדנע. און אַז זיי האָבן זיך מיט אים צעשמועסט, האָט ער זיי געזאָגט, אַז יעדע פאַמיליע וועט באַקומען 50 העקטאַר ערד, אַ שטוב, אַ ברונעם, 8 אָקסן, 2 קי, 2 פערד און 10 הינער. דאָס אַלץ דאַרף מען אויס־צאָלן אין 13 יאָר. דעם פּראָדוקט פון דער קאָסעטשע (געריעטעניש) נעמט צו די ייִקאַ אויפן חשבון פונעם חוב. אויף דער פראַגע: — און פון וואַנען נעמט מען צום עסן און קליידן פאַר דער פאַמיליע? — פאַר דעם, האָט לאַפּין געזאָגט, דאַרף זאָרגן די באַלעבאָסטע; זי דאַרף מאַכן אַ גאָרטן, האָדעווען הינער, און פון די יידיקע מעל־זעק מאַכט מען אַ קליידל. —נו, און חתונה מאַכן אַ קינד? — אַ קינד חתונה מאַכן, קויפט מען אַ קוואָרט בראָנפן, מען צעשניידט אַ שוואַרצן ברויט מיט הערינג און מען פּראַוועט אַ חתונה. אָט מיט די־אָ דריי איינדרוקן זענען מיר אַוועקגעפאָרן אין קאָלאָניע און מיר האָבן נישט הרטה געהאַט. די פּראַקטיק האָט נאָך דעם באַוויזן, אַז עס איז געווען לאַפּינס גרעס־טער טעות, וואָס ער האָט גענומען ווי אַ מוסטער פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע דעם אָרעמען ליטווישן פויער, פאַרגעסנדיק אַז אַ יידישע פאַמיליע זוכט פּראָגרעס און נישט רעגרעס.

# אונדזער אָנקומען אין קאָלאָניע

פון בוענאָס־איירעס זענען מיר געפאָרן מיט דער שיף ביז קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי, ענטרע־ריאָס. דער „פּעריבאָט"* האָט נאָך דעמאָלט נישט עק־סיסטירט. ביים פּאָרט האָט אונדז אָפּגעוואַרט דער אַגענט פון יק"אַ, דוד הור־וויץ. מען האָט אונדז געבראַכט אין אַ האָטעל, מחמת מיר האָבן געדאַרפט וואַרטן אויפן באַן. אין יענע יאָרן (1895) איז דער באַן געגאַנגען בלויז צוויי מאָל אין וואָך, פון קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי ביז ווילאַגוואַי און פון ווילאַגוואַי ביז קאָנקאָרדיאַ איז מען געפאָרן און געפירט משאות מיט הויכע צוויי־רעדערדיקע וועגענער, געשפּאַנט צו צוויי פּאָר אָקסן אָדער זיבן פערד. צום עסן האָט מען אונדז געגעבן גאַליעטן** מיט סאַרדינען לרוב, ווייל קיינער האָט נישט געוואָלט עסן טרפות. אין הויף פון האָטעל זענען געשטאַנען אַ פּאָרביימער מיט מאַראַנצן, און מען האָט אונדז געזאָגט אַז מיר מעגן עסן מאַ־ראַנצן וויפל מיר ווילן, אומזיסט. רייסן מאַראַנצן גלייך פון בוים, עסן וויפל מען וויל און נישט דאַרפן באַצאָלן, — האָט זיך גאָר נישט געוואָלט גלייבן. אין סוויסלאָטש האָט געקאָסט פינף קאָפּיקעס איין מאַראַנץ, און מען פלעגט עס קויפן פאַר אַ קראַנקן, אָדער פורים צו שיקן שלח־מנות; אין אַ מיטן וואָ־כעדיקן טאָג עסן מאַראַנצן, — אַפּעלסינען, האָט מען עס ביי אונדז גערופן, — האָבן זיך פאַרגונען נאָר פאַרשייטע פּריצים, און דאָ אין אַרגענטינע גיט מען עס אומזיסט. מיר האָבן געמאַכט די ברכה „בורא פּרי העץ", טאַקע זעענדיק די פרוכט און דעם בוים, און געגעסן מיט אַ דאָפּלטער הנאה. עס האָט נישט געפעלט ווער עס זאָל שיקן „ווינטשעוואַניעס" יענעם ייִדן מיט דער לאַנגער באָרד, וואָס איז געקומען נישט געבעטענערהייט צו אונדז אין האָטעל אין בוענאָס־איירעס און אונדז געמאַכט אַזוי שווער דאָס האַרץ.

באַטראַכטנדיק דעם הויף פון האָטעל, מיט די ביימער און בלומען, האָבן מיר דערזען ווי ביים שוועל פון קיך שטייט אַ מענטש, וואָס האַלט אַ קליין טעפּעלע אין האַנט מיט אַ רערל און ציט, און קיין רויך זעט זיך נישט. וואָס איז עס פאַר אַ מין רויכערן אין אַרגענטינע, האָבן מיר זיך געפרעגט. זיך צוקוקנדיק בעסער, האָבן מיר דערזען ווי מען גיסט אַריין אין דעם קליין

* פּאַראָם.

** דאַרע ברויט־פלעצל.

טעפּעלע וואַסער פון אַ קליין טשייניקל. דאָס האָבן מיר שוין גאָר נישט פאַר־שטאַנען: אָנשטאָט מיט פייער רויכערט מען מיט וואַסער. מיר האָבן אויך גע־זען פון דער ווייטן ווי מען שיט צו אין טעפּעלע אַ ביסעלע גרינלעכן טיטון. פרעגן וואָס דאָס איז פאַר אַ מין ווונדער, האָבן מיר נישט געקענט, ווייל קיי־נער פון אונדז האָט נישט געקענט קיין איין וואָרט שפּאַניש, ביז עס איז גע־קומען דוד הורוויץ און האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז דאָס איז אַזאַ סאָרט משקה, און מען זאָגט אַז דאָס איז גוט צום מאָגן, און אַז די יידישע קאָלאָ־ניסטן האָבן זיך שוין אויך איינגעוווינט צו טרינקען דעם דאָזיקן געטראַנק, אין לויט דעם מנהג פון די אַרגענטינער געבוירענע. ווען עס קומט עמיצער צו גאַסט, איז מען אים מכבד מיט „מאַטע", — אַזוי רופט מען דעם גע־טראַנק, — און דאָס גייט פון איינעם צום אַנדערן, אַלע זופּן פון זעלבן רערל. ווען מען אַנטזאָגט זיך, פילן זיי זיך באַליידיקט.

אַלע טרינקען פון איין רערל, דאָס איז געווען די סיבה וואָס איך האָב נישט געטרונקען קיין מאָל קיין מאַטע, טראָץ די 60 יאָר וואָס איך בין שוין אין אַרגענטינע.

ביי דער געלעגנהייט האָט הורוויץ אונדז אויסגעלערנט, אַז מען וויל פרעגן אויף שפּאַניש וואָס איז דאָס, זאָגט מען „קע עס עסטאָ". מיט די דריי ווערטער האָט מען באַנייט אונדזער נייע שפּראַך — שפּאַניש.

* * *

דעם טאָג ערב שבועות זענען מיר אַרויסגעפאָרן מיטן באַן פון קאָנסעפּ־טיאָן דעל אורוגוויי קיין דאָמינגעז. דורכפאָרנדיק דורך דער באַן־סטאַנציע באַסאַווילבאַסאָ, ווו מען האָט געדאַרפט וואַרטן אַ פּאָר שעה, האָבן מיר דער־זען פון דער ווייטנס ווי עס גייט אַ ייִד און אַקערט. מיר זענען צוגעגאַנגען און האָבן גענומען זיך פונאַנדערפרעגן, ווייל עס האָט גערופן אונדזער אויפ־מערקזאַמקייט. די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט אַ שטיקל ידיעה פון רוסלאַנד, ווי אַזוי מען אַקערט מיט אָקסן, געשפּאַנט אין אַ יאַרמאָ, דאָס הייסט, דער שפּאַן ווערט אָנגעטאָן אויפן קאַרק און ברוסט פון אָקס; דאָ, איז דאָס גאָר צו־געבונדן צו די הערנער מיט לעדערנע פּאַסן. פון דעם שמועס איז אונדז גע־וואָרן לייכטער אויפן געמיט. מיר האָבן געזען, ווי אַ ייִד מיט באָרד און פּיאות אַקערט, איז דאָך אַ סימן, אַז מיר וועלן זיך אויך קענען אויסלערנען די מלאכה. אין מיר זענען געוואָרן מער אָפּטימיסטיש. פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דאָמינגעז, ווו עס האָט אונדז אָפּגעוואַרט אַ ייִקאַ־באַאַמטער, זיידל פערד־קין. די מענער האָט מען געהייסן אַרויפקריכן אויף די הויכע צוויי־רעדער־

דיקע וועגענער, געשפּאַנט צו זיבן פערד, און פּאַר די פּרויען האָט מען גע־בראַכט אַ וואָגן פון פיר רעדער, געפירט פון קאָלאָניסט גיבערט.

אַז מיר האָבן דערזען די בעלי־עגלות מיט זייערע האַלב־ווילדע פנימער, מיט זייער פּרימיטיווער הלבשה: אַ לעדערנעם פּאַרטוך מיט אַ לעדערנעם גאַרטל, אין וועלכן עס האָט געשטעקט אַ לאַנגער מעסער, האָבן מיר אויפן ווינק געפרעגט, צו וואָס איז אָט דער גרויסער מעסער? — האָט איינער אַ פיר געטאָן מיטן האַנט איבערן האַלדז און אַרויסגעלאָזט אַ ווילד געלעכטער. פריי־לעך איז אונדז פון דעם נישט געוואָרן.

קיין אויסגעטראָטענע וועגן זענען נישט געווען, קיין פּאַרצוימונגען אויך נישט. סטעפּ, סטעפּ און סטעפּ. עס איז געוואָרן פינצטער. זיידל פערדקין איז געפאָרן רייטנדיק פאָרויס, צו ווייזן דעם וועג. אַלע ווײַלע האָט ער עפּעס אויס־געשריִען צו די בעלי־עגלות. אַזוי זענען מיר געפאָרן. אַ זייגער עלף בײַנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין די גרופּעס פון פערליסאַ, ווו מען האָט אַראָפּגע־לאָזט יעדע פאַמיליע ביי אַ שטיבל פון צוויי צימערן. 5 פאַמיליעס — 5 שטיבלעך, פון ציגל צונויפגעקלעפּט מיט בלאָטע, נישט געטינקעוועט, פענצ־טער אָן שויבן, און אין מיטן שטוב אַ קופּע פרישע נאַסע ערד, פינצטער. עס זענען נאָר געלעגן אַ פּאָר בלעכן „קאַנאַלעטאַ" און מיר האָבן געהאַט די דינגע קאָלדרעס פון שיף, וואָס דער קאַפּיטאַן האָט געשענקט די פּאַסאַזשירן. און אַזוי, האַלב־זיצנדיק, האַלב־דרעמלענדיק, האָבן מיר פאַרבראַכט די ערשטע נאַכט שבועות אין דער קאָלאָניע.

גאַנץ פרי זענען מיר אַרויס אין דרויסן. ווו מיר האָבן געווענדעט די אויגן האָט מען געזען פּוסטן סטעפּ, הויכע גראָזן. פון דער צווייטער זייט שטוב האָבן מיר געזען זיצן עטלעכע גאַוטשאָס, טרינקענדיק מאַטע. דאָס זענען גע־ווען די וואָס האָבן געגראָבן די ברונעמער. מיט זייערע לאַנגע קינזשאַלן אַרײַנגעשטעקטע אין גאַרטל, מיט פּנימער פון האַלב־ווילדע, האָבן זיי ביי קיינעם פון אונדז נישט אַרויסגערופן די מינדסטע אומרויִקייט. ווייזט אויס אַז די רחבותדיקייט פון שטח, די פרייע לופט, דאָס טרעטן אויף יידישן באָדן אין אַ פריי לאַנד, האָט אומבאַוווסטזיניק געווירקט אויף אַלעמענס געמיטער. עס זענען זיך צונויפגעקומען די 5 נייע שכנים און מען האָט זיך אָפּגעגעבן אַ „גוט יום טוב". דאָס ערשטע וואָס מען האָט געפרעגט איינער ביים צווייטן איז געווען: ווו געפינען מיר זיך? מיר האָבן דערזען ערגעץ ווייט אַ רויך, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מסתמא איז נישט ווייט פון דאַנען פאַראַן אַ ישוב, און מען האָט גענומען טראַכטן, אַז אַ פּאָר יונגע פון אונדז זאָלן גיין אַהינצו. נאָך דעם האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס איז געווען די קאָלאָניע „מיגעל", אין

זועלכער עס זענען שוין געווען באַזעצט קאָלאָניסטן. אין דעם האָבן מיר דער־זען פון ווייטן אַ שפּיץ דאַך פון אַ שטוב און זיך פאַרוואונדערט, זעענדיק ווי דער דאַך דערנענטערט זיך צו אונדז. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ גאַנץ שטיבל, וואָס רוקט זיך אַלץ נענטער. נאָך אַ פּאָר מינוט האָבן מיר דערזען אַ פּאָר אָקסן און הינטער זיי שלעפּט זיך נאָך דאָס שטיבל. מיר זענען געשטאַנען פאַרחידושטע. באַלד אָבער איז דער חידוש אויפגעקלערט געוואָרן: דאָס איז געווען אַ שטיבל אויף רעדער, וואָס מען פלעגט באַנוצן ביי די דרעש־מאַשי־נעס.

דאָס שטיבל, וואָס ווי מען האָט אונדז שוין געזאָגט, אַז אין שפּאַניש הייסט עס „קאַסיזשאַ", האָט געבראַכט פון כל־טוב: אַ זייט פליישׁ פון אַ גרויסן אָקס, מיט אַ סטעמפּל „כשר", רייז, לאָקשן, זאַלץ, כלים צום קאָכן, האָלץ, אַ האַק, אַ לעמפּל מיט קעראָסין און אַנדערע שטוב־מכשירים, אַזוי אַז מיר האָבן געזען אַז עס איז פאַראַן ווער עס וואַכט איבער אונדז, און מען האָט זיך דער־פילט זיכערער. ביים אויסטיילן די אַלע זאַכן צו די פינף פאַמיליעס, האָבן נישט געפעלט קיין קאָמישע סצענעס. עס זענען געווען אַ פּאָר פרויען וואָס האָבן זיך נישט געקענט איינפאַרשטיין וועגן דעם אופן פון דער חליקה פון דעם פליישׁ: צי זאָל מען עס אויסטיילן לויט פאַמיליע, אַלעמען גלייך, אָדער לויט דער צאָל פערזאָנען. איינע אַ פרוי, מיט אַ קלענערע פאַמיליע, האָט נישט געוואָלט נאָכלאָזן: זי וועט בדאי אַרויסוואַרפן פליישׁ, אַבי עס זאָל נישט אָנקומען צו דער שכנה. נאָר אַזוי ווי צו אַלץ קומט אַ סוף, האָבן זיי זיך נאָך אַ סך דינגעניש ווי עס איז אויסגעלייכט; זיי זענען זיך אָבער צעגאַנגען ברוגזע. די מאַנסבילן זענען אַלע אַוועק צום שטיבל, וווּ מיין זיידע ע"ה איז גע־ווען. מ'האָט געדאַווענט דאָס יום־טובדיקע דאַווענען מיט אַ מנין. צווישן די פיר ליידיקע ווענט האָט אָפּגעקלונגען דער זיס־האַרציקער ניגון פון אַקדמות פאַר די ברייטע סטעפּעס.

קיין זאַכן פון ערשטן געברויך האָט קיינער נישט מיטגעבראַכט. מען האָט עס אָפּגעשיקט מיטן באַגאַזש, וואָס איז אָנגעקומען שפּעטער. אָבער די סידורים, מחזורים, חומשים האָט מען מיטגענומען. דער זיידע האָט אויך גע־בראַכט אַ ספר־תורה. טייער ייִדיש פאָלק! נאָר־וואָס באַטראָטן די ערד פון אַ שטיק מדבר, ווו מער ווי דאָס מרוקען פון בהמות און די קולות פון חיות און פייגל האָט מען נישט געהערט זינט ששת ימי בראשית; קוים איבערגענעכ־טיכט איין נאַכט, און שוין דעם ערשטן פרימאָרגן לייענט מען אין דער תורה די הייליקע צען געבאָט, וואָס זענען פּראָקלאַמירט געוואָרן צוריק מיט טויזנ־טער יאָרן דורך ייִדן, ערגעץ אין אַן אַנדער מדבר, טויזנטער קילאָמע־טערס ווייט פון דאַנען. די פרויען האָבן אָפּגעקאָכט אַ געשמאַקן עסן. ווען

האָבן מיר געזען אין סוויסלאָטש אַזוי פיל פלייש? מען האָט געשמועסט, גע־רעדט פון יציאת רוסלאַנד, נאָר, אוי האָט זיך געבענקט! עס האָט זיך אַזוי גע־בענקט נאָך ברידער, שוועסטער, דעם בית־המדרש, די גאַס. עס האָט זיך גע־וואָלט כאָטש נאָך איין מאָל אַ קוק טאָן אויף סוויסלאָטש, אָבער טאַקע נאָר אַ קוק טאָן און באַלד קומען צוריק. די רחבותדיקייט און פרייקייט האָבן זיך אימפּאָנירט.

# ש ט י צ ע

נאָך איידער מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד האָבן מיר געוווּסט, אַז דער באַראָן הירש גיט די קאָלאָניסטן אַ מאָנאַטלעכע שטיצע צום לעבן. כאָטש די זאַך איז אונדז געווען אַ ביסל קשה, ווייל אין דעם נאָענטן שטעטל קרינִיק זענען אָנגעקומען בריוו פון איינעם, לייב רובינשטיין, וואָס איז גע־האַט אַרויסגעפאָרן פון קריניק מיט דער דעה צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, נאָר ער מיט דער פאַמיליע צוזאַמען מיט נאָך עמיגראַנטן זענען פאַרהאַלטן גע־וואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און נאָך אַ צייט פון פּלאָגן זיך, זענען זיי דורך די אַגענטן פון באַראָן הירש אָפּגעשיקט געוואָרן מיט דער באַוווּסטער שיף „פּאַמפּאַ״, צו קאָלאָניזירן זיי אין זיינע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע. אָט דער לייב רובינשטיין האָט געשריבן צו זיינע קרובים אין קריניק, אַז אין אַרגענ־טינע שמירט מען די רעדער פון די וועגענער מיט פּוטער; קאַווענעס און די־ניעס עסט מען פון אייגענעם גאָרטן, מאַראַנצן עסט מען אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, ווייסע חלה עסט מען אין מיטן דער וואָך, פלייש עסט מען צוויי מאָל אין טאָג, און דער באַראָן הירש גיט שטיצע. האָבן מיר זיך נישט געקענט דער־קלערן: אויב דאָרט איז פאַראַן אַזאַ שפע, איז צו וואָס דאַרף מען שטיצע? זייענדיק אַליין אין אַרגענטינע, איז פאַר אונדז די רעטעניש אויפגעקלערט געוואָרן.

אויף מאָרגן נאָך שבועות איז געקומען צו פאָרן אַ באַאַמטער פון דער יִיקאַ און האָט געבראַכט פאַר יעדער פאַמיליע אַ קאָנוועדט, אין וועלכן עס איז געלעגן די שטיצע: 8 פּעזעס אַ חודש פאַר יעדן עלטערן פון צען יאָר, און 4 פּעזעס פאַר יִינגערע פון צען יאָר. אונדזער משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון 9 פּערזאָן, האָט באַקומען 68 פּעזעס, וואָס האָט געמאַכט אַ גוטן רושם אויף אונדז אַלעמען. נאָך דעם שווערן יאָך פון פּרנסה פון וועלכן מיר האָבן אַזוי פיל געליטן אין די לעצטע פאַר יאָר פאַר אונדזער אָפּפאָרן פון סוויסלאָטש, און די דאָזיקע עקסטרעמע ענדערונג — צו באַקומען אַ פאַרטיקע פּרנסה גלייך אין שטוב אַריין, איז געווען פאַר אונדז אַן איבעראַשונג נישט צום באַשרייבן. דער טאַטע האָט באַקומען דעם קאָנווערט, געזאָגט: „אַ דאַנק, הלוואי מיר זאָלן עס נישט באַדאַרפן״. די שטיצע איז געגעבן געוואָרן אין פאָרעם פון אַ הלוואה. עס איז פאַרשריבן געוואָרן אויף יעדן איינעמס חשבון, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קרעדיטן וואָס מיר האָבן באַקומען, ווי: אינטווענטאַר, גע־

בײדעס א״אַ. אָבער נאָך דעם איז דאָס געשענקט געוואָרן. די שטיצע אין יע־נע יאָרן איז געװען, װי מען זאָגט עס אין שפּאַניש: „און מאַל נעסעסאַריאָ״.* יוען דער הײשעריק האָט אױפגעפרעסן דאָס פּאַרזײטע, איז נישט געװען קײן אַנדער ברירה װי אָנצוקומען נאָך שטיצע, ביז עס האָבן זיך צוגעהאָדעװעט קעלבלעך און דער קאָלאָניסט האָט געקענט אַלײן זיך פּאַרטײדיקן מיט אײ־גענע מיטלען.

* אַ שלעכטס װאָס איז נײטיק.

# די שול פון אַקערן

אסרו חג שבועות, נאָך האַלבן טאָג, איז צוגעפאָרן צו אונדזער גרופּע אַ ייִד מיט אַ גרויסן וואָגן, געשפּאַנט מיט 4 פערד. מיר האָבן זיך געשטעלט אַרום וואָגן און האָבן אָפּגענומען דעם ערשטן שלום־עליכם פון אַ ייִדישן קאָ־לאָניסט פון קאָלאָניע קלאַראַ. גלייך ביים אָנהייב שמועס האָט אונדז דער ייִד דערמוטיקט. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז דאָ קען מען זיין אַ גוטער ערד־אַרבעטער און דערביי נישט זיין קיין פאַרגרעבטער מוזשיק; מען קען אָפּהיטן ווי געהעריק ייִדישקייט, אַבי מען וויל נאָר. עס איז אַ פריי לאַנד, ייִדן קענען לעבן רויִק. דער באַראָן הירש פאַרלאָזט נישט די קאָלאָניסטן. די אַרבעט אין פעלד איז אַ שווערע, אָבער גרינגער ווי דעם קרעמער אָדער מעקלער אין רוסלאַנד. זיינע ווערטער האָבן אונדז ממש דערקוויקט. דער צוועק פון זיין קומען צו אונדז איז געווען: היות עס איז די סאַמע צייט פון אַקערן — עס איז געווען אָנהייב יוני 1895 — איז ער געקומען פרעגן, צי מיר האָבן ייִנג־לעך וואָס ווילן גיין אַרבעטן ביי אים אין פעלד, ביז איבער דער צייט פון אַקערן און פאַרזייען, דאָס הייסט ביי אַ צוויי חדשים. דער טאַטע האָט אים געזאָגט, אַז ייִנגלעך ב״ה זענען פאַראַן, נאָר זיי האָבן קיין מאָל נישט געזען אַפילו ווי מען אַקערט. דאָס האָט דעם ייִד נישט געאַרט, עס איז אַן אַרבעט וואָס מען לערנט זיך אויס גיך; די קשיא איז, וויפל זאָל ער זיי צאָלן אַ חודש. דער טאַטע האָט נישט פאַרשטאַנען, צי מיינט ער דאָס ערנסט אָדער אין שפּאַס. ווייל מיר, צווישן זיך, איידער מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון סוויסלאָטש און בעת דער רייזע, פלעגן מיר ריידן: — מיר וועלן באַצאָלן, ווען מען וועט אונדז אויסלערנען אַקערן! און אָט דער ייִד רעדט גאָר פון אונדז צוצאָלן. דער ייִד ווייזט אויס האָט פאַרשטאַנען אַן עסק און אַ זאָג געטאָן: „איך דאַרף האָבן צוויי ייִנגלעך, איך וועל זיי צאָלן צו פופצן פּעזאָס אַ חודש מיט עסן".

פאַרשטייט זיך אַז ער האָט נישט געדאַרפט ריידן צוויי מאָל. באַלד האָט די מאַמע ע״ה געמאַכט אַ פּעקל וועש, און איך מיט מיינעם אַ שוועסטערקינד, אהרן וואַראַן, זענען אַרויף אויפן וואָגן און מיר זענען אַוועקגעפאָרן מיט אַ געפיל פון פרייד און ציטער. מיר פאָרן זיך לערנען אַ מלאכה, וואָס איז אַזוי שיין באַשריבן און באַזונגען געוואָרן פון דיכטער, און עס איז דאָך בפירוש געזאָגט געוואָרן פון גרעסטן חכם: „מתוקה שנת העובד", און „עובד אדמתו ישבע לחם". אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן מיר זיך געשראָקן: ווער ווייסט

צי מיר וועלן קענען אַזוי לייכט זיך אויסלערנען און צוגעוווינען צו דער דאָ־זיקער מלאכה? פאַרנדיק האָב איך געטראַכט, אַז אויב מען קען זיך אויסלערנען די שיטה פון „תגרי לוד", פון „מיפך והזמה", וועט מען מסתמא די חכמה פון „עובדי אדמה" זיך אויך אויסלערנען. איך האָב עס געזאָגט מיין נייעם באַלעבאָס, און ער האָט געלאַכט. דער ייִד איז געווען משה דיקמאַן, דער פֿאָטער פון די באַרימטע דאָקטוירים און דעפּוטאַטן, ענריקע און אַדאָלפאָ דיקמאַן.

שפּעט אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען צו אים אין שטוב. די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון די עלטערן און 4 זין. ענריקע איז שוין דאַן געווען אין בוענאָס־איירעס און די דריי ייִנגערע: מאָטל, שעפּסל און וועוואַטשע. וועוואַטשע איז עס שפּעטער געוואָרן אַדאָלפאָ. שעפּסל האָט גלייך באַוויזן, אַז ער קען עטלעכע קאַפּיטלעך תנך אויסנווייניק, און מיר זענען גלייך געוואָרן היימיש.

פינף אַ זייגער פאַרטאָג האָט מען אונדז אויפגעוועקט, און אַלע זענען מיר אַריין אין קאָראַל,* ווו עס זענען געשטאַנען 8 אָקסן, און מען האָט אונדז געגומען לערנען די נעמען פון די אָקסן. די פיר אָקסן מיט וועלכע איך האָב געדאַרפט אַקערן, האָט מען גערופן: האָכקאָ, באַזשאָ, טיגרע און וואַראַסאָ. פאַר־פיר מיט אַ בלייפעדער צום פאַרשרייבן האָב איך נישט געהאַט, און גיי געדענק אויבן קאָפּ אַזעלכע טשודנע ווערטער, וואָס מיינע אָבות־אבותינו האָבן עס נישט געהערט! אָבער מיט גרויס צופרידנקייט האָב איך עס אויסגעלערנט. דערביי האָב איך באַוואונדערט, ווי די אָקסן האָבן יעדער איינער געוווּסט זיין נאָמען. ווען מען האָט זיי געדאַרפט שפּאַנען, האָט מען איטלעכן גערופן מיט זיין נאָמען און זיי האָבן פאַרשטאַנען. נאָך דעם האָט מען געגומען די „זשו־געס" מיט די „קאַשונטעס"** — ווידער אַ מאָל ווילדע ווערטער פאַר אונדז — און מען האָט אונדז געוויזן, ווי איינצושפּאַנען די אָקסן. איך ווייס נישט צי האָב איך אַמאָל אַזוי אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צום שיעור אין דער ישיבה, ווי להבדיל, ביים הערן די לעקציע ווי מען שפּאַנט אָקסן. די אָקסן, גרויסע, מיט לאַנגע שפּיציקע הערנער, זענען געשטאַנען רויִק און זיך געלאָזט שפּאַנען, ווי שטילע פאָלגעוודיקע קינדערלעך. עס האָט זיך געדאַכט אַז זיי פאַר־שטייען וואָס מען רעדט צו זיי. ביי דער אַרבעט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז זיי פאַרשטייען טאַקע, אַז דער „ידע שור קונהו" איז נישט איבערגעטריבן. איינגעשפּאַנט, איז מען אַוועק אין פעלד אַריין. געאַקערט האָט מען מיט איי־זערנע האַנט־פלוגלעך. מיט אַ קייט האָט מען צוגעטשעפּעט איין ברעג צום

* שטאַל.
** יאַרמאָ און לעדערנע רימענס.

קריוק פון די זשוגעס, דעם צווייטן ברעג צום פלוג. ביים אויער פון ערשטן אָקס האָט מען צוגעבונדן אַ דינעם שטריק, מיט וועלכן דער אָנטרייבער האָט זיי געפירט, זיי זאָלן גיין גלייך; געווען אויך אַ בייטש זיי אָנצוטרייבן.

דער פּאָטער דיקמאַן האָט גענומען די הענטלעך פון פלוג, וואָס זענען געווען ווייס פון פראָסט, און וועוואטשע האָט גענומען די שטריק און מען איז אַוועק. איך בין נאָכגעגאַנגען הינטן און געקוקט ווי דער פלוג שניידט איין אין דער ערד און קערט איבער פּלאַסטעס, ביז אַ לענג פון 500 מעטער, די ברייט פון פעלד. ביים אויסקירעווען זאָגט מיר דיקמאַן: „איצט, בחורל, בין איך דיר מכבד מיטן פלוג". מיט האַרץ־ציטערניש האָב איך אָנגענומען די הענט־לעך פון פלוג, און ווי נאָר די אָקסן האָבן אָנגעהויבן גיין, האָט דער פלוג, אָנ־שטאָט צו גיין גלייך, גענומען מאַכן זיגזאַגן, געשניטן רעכטס און לינקס, נאָר נישט אין „סורקאָ".* וועוואטשע האָט אַ געשריי געטאָן צו די אָקסן: „אוש־אוש!" און זיי זענען געבליבן שטיין. איך האָב זיך דערשראָקן. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שאָדן איך האָב דאָ אָנגעמאַכט. אָבער זעענדיק ווי דער טאַטע מיטן זון האָבן זיך צעלאַכט, איז מיר געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן, נאָר איך האָב זיך געשעמט צו קוקן זיי אין די אויגן. דער פּאָטער דיקמאַן האָט נאָך אַ מאָל גענומען דעם פלוג און געוויזן, ווי אַזוי מען דאַרף האַלטן דעם גלייכגעוויכט מיטביידע הענט, כדי דער פלוג זאָל גיין גלייך. אויב אַזוי, איז דאָך פאַראַן אַ שכל דערביי! איז פאַר וואָס האָט מען עס מיר נישט געזאָגט פריִער? איך האָב גלייך איבערגענומען די הענטלעך און געמאַכט זיבן אומ־קרייזן אָן קיין שום פגם. ווער איז דעמאָלט געווען גלייך צו מיר? איך אַליין, מיט מיינע אייגענע הענט האָב געאַקערט!

ביין אַזייגער האָט זיך געענדיקט די ערשטע זמניע. קומענדיק אין שטוב האָב איך גיך אָפּגעדאַוונט, — גיך, ווייל מען איז געווען היפּש הונגעריק. אויך וועוואטשע האָט נאָך דעמאָלט אָנגעטאָן אַ פּאָר גרויסע תפילין און געדאַוונט. נאָך דעם האָט מען אונדז געלערנט דרעשן מאַיִס. שעפּסל און וועוואטשע האָבן געזונגען ייִדישע לידלעך ביים דרעשן. ביינאַכט, פאַרן שלאָף, האָב איך אָפּ־גערעדט מיט אַרקען, אַז מיר זאָלן אויפשטיין גאַנץ פרי און אַריינגיין אין קאָ־ראַל, צו לערנען זיך אַליין, ווי איינצושפּאַנען די אָקסן. אַזוי האָבן מיר געטאָן. גאַנץ פרי, עס איז געווען קאַלט און פינצטערלעך, זענען מיר אַריין אין קאָ־ראַל, גענומען די „שוגעס" און געוואָלט אַרויפלייגן אויף אַן אָקס, — ווייל ער נישט שטיין. מיר האָבן זיך געדרייט אַרום אים, פּאַמעלעך, שטילינקערהייט,

---

* ערד־שניט.

ביז מיר האָבן אַרויפגעלייגט דעם „זשוג"* און גענומען דרייען די „קאָזשונ־טע". פּלוצלינג האָט דער אָקס געגעבן אַ שפּרונג, איז צוגעלאָפן צום דראָטע־נעם טויער, און מיט איין שטויס אים איבערגעקערט און איז אַנטלאָפן, און נאָך אים זענען אַנטלאָפן אויך די אַנדערע זיבן אָקסן. מירביידע זענען געבליבן שטיין צעשראָקענע. נישטאָ קיין אָקסן, נישטאָ דער זשוג, דער טויער צעבראָכן, וואָס וועט זיין? לאָמיר אַנטלויפן? — וועלן זיי מיינען אַז מיר האָבן געגנבעט די אָקסן מיטן זשוג. זיינען מיר געשטאַנען ביידע און געציטערט פון קעלט און שרעק. נאָר באַלד זענען אַרויסגעקומען דער פאָטער מיט די קינדער. זיי האָבן אונדז אַ ווײַלע אָנגעקוקט און געפרעגט: „ווו זענען די אָקסן?" שטאַמ־לענדיק, מיט טרערן אין די אויגן, האָבן מיר דערציילט דעם אמת. מיר האָבן געוואָלט איינשפּאַנען די אָקסן,האָט איין אָקס געגעבן אַ שפּרונג, ער האָט אונדז שיעור נישט דערהרגעט מיטן זשוג, ער האָט צעבראָכן דעם טויער און די אָקסן זענען אַנטלאָפן.

קוקנדיק אויף אונדזערע צעשראָקענע פּנימער, האָבן זיי זיך שטאַרק צע־לאַכט. וועוויטשע האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ אַרויף אויפן פערד, און אין אַ פּאָר מינוטן אַרום האָט ער געבראַכט די אָקסן מיטן „יאַרמאָ". דערזעענדיק זיי, האָבן מיר זיך דערפילט ווי געראַטעוועטע פון אַ קאַטאַסטראָפע. זיי האָבן אונדז נאָך דעם געוויזן, וועלכן אָקס מען דאַרף איינשפּאַנען פריִער, וועלכן נאָך דעם, פון וועלכער זייט מען דאַרף צוגיין צום אָקס, און שעפּסל האָט צוגעגעבן: „ידע שור קונהו — דער אָקס דערקענט זיין באַלעבאָס, אייך קענען זיי נאָך נישט". שפּעטער מיט צוויי טעג האָבן מיר שוין אויך די חכמה פון איינשפּאַנען אָקסן זיך אויסגעלערנט. מער ווי איין מאָל אין מיין לעבן איז מיר דער אָקסן־ביישפּיל גוט צונוץ געקומען. מען קען אַפילו אַן אָקס אויסלערנען, ווען מען ווייסט פון וועלכער זייט צוצוגיין צו אים, און ווער פריִער און ווער שפּעטער.

קומענדיק דעם ערשטן פרימאָרגן אין פעלד, און איידער מען האָט אַריינ־געשטעקט דעם פלוג אין דער ערד, האָט וועוויטשע זיך געגעבן אַ זעץ אויף אויפן פערד, איז אַוועקגעריטן שנעל צום צווייטן ברעג פעלד. דאָרט האָט ער אַריינגעשטעקט אַ הויכן שטעקן און צוגעבונדן אַ רויט טיכל צום שפּיץ פונעם שטעקן. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָב איך אים געפרעגט, צו וואָס איז דאָס? — האָט ער מיר דערקלערט, אַז איצט דאַרפן מיר אָפּציִען דעם ערשטן ערד־שניט, מוז ער זיין גלייך, ווייל אויב דער ערשטער איז נישט גלייך, וועלן שוין אַלע אַנדערע אויך זיין קרום, און אין קרומע ערד־שניטן איז שווער צום אַקערן. כדי דער ערשטער זאָל זיין גלייך, מוז דער וואָס האַלט דעם פלוג

* אַ טייל פון אָקסן־געשפּאַן.

קוקן צווישןביידע אָקסן, גלייך צו דער „פּאָן" און זאָגן דעם וואָס קירעווועט די אָקסן, ווי אַזוי צו קירעווען. די דאָזיקע לעקציע איז מיר געבליבן איינגע־קריצט אין מוח און עס איז פאַר מיר געווען אַ ריכט־ליניע אין אַלע מיינע מעשים. מען מוז אַכטונג געבן, אַז די ערשטע ליניע, ביי וועלכער אַרבעט עס איז, זאָל זיין גלייך. אויב די ערשטע ליניע איז קרום, גייט מען אַראָפּ פון גלייכן וועג, און כדי צו האָבן פאַר זיך אַ גלייכע ליניע, איז אומבאַדינגט נייטיק צו האָבן פאַר זיך אַ פּאָן. גלייך ביים אָנהייב דאַרף מען קוקן צום צווייטן ברעג, — צו דער פּאָן, כדי זיך נישט צו פאַרקרימען.

צוויי וואָכן האָבן מיר געאַרבעט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין שוין אַ גאַנצער פויער־פּראָפעסאָר, מיר פעלט נאָר אויסצולערנען זיך ווי צו זייען. דער ווייץ איז שוין געווען צוגעגרייט; נו, האָט אָנגעהויבן צו רעגענען און נישט געוואָלט אויפהערן. עס זענען אַריבער 3־4 טעג, האָבן מיר זיך באַ־רעכנט אַז עס איז נישט יושרדיק צו זיצן און עסן און גאָרנישט טאָן, האָבן מיר באַשלאָסן גיין אַהיים. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז אונדזערע פאַמיליעס האָט מען אַריבערגעפירט פון פערליסאַ אין די גרופּעס נאָענט פון דאָמינגעז, אַן ערך 4 קילאָמעטער פון דיקמאַנען. אין אַ פרימאָרגן, נאָך אַ גאַנצער נאַכט רעגענען, האָבן מיר גענומען אונדזערע פּעקלעך, זיך אויסגעטאָן באָרוועס און זיך געלאָזט צו פוס אַהיים. רייטן אויף פערד האָבן מיר נישט געקענט און מיר האָבן קיין פערד נישט געהאַט. די קאַמפּן* זענען געווען באַדעקט מיט וואַסער, קיין אויסגעפאָרענער וועג איז נישט געווען, די טשאַקרעס** זענען נאָך נישט געווען אַרומגעצאַמט מיט דראָטן. דיקמאַן האָט אונדז אָנגעוויזן אין וועלכער ריכטונג מיר זאָלן גיין, און נאָך אַ פּאָר שעה טאָפּטשען אין וואַסער האָבן מיר דערזען פון דער ווייטנס שטיבלעך. אָבער צוקומענדיק צו אַ 500 מעטער פון די שטיבלעך, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן מיט אַן „אַראָזשאָ" פול מיט וואַסער, וואָס איז געלאָפן שטורעמדיק, און מיר זענען געבליבן שטיין. נישט ווייט, פון דער אַנדערער זייט טייכל, איז געשטאַנען אַ „ראַנטשאָ",*** ווו עס איז געזעסן אַ פאַמיליע פון הי־געבוירענע. ווייזט אויס אַז זיי האָבן זיך גע־געבן רעכענונג, אַז מיר ווילן זיך לאָזן אין די גריבער וואַסער אַריין, איז איי־נער פון זיי געקומען צולויפן רייטנדיק אויף אַ פערד און ער האָט געשריען צו אונדז. אָבער מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט, און מען האָט נישט געהערט וואָס ער רעדט צוליבן שטאַרקן גערויש פונעם וואַסער. פון

* פעלדער.
** פאַרמס.
*** כאַטקע.

זיין זשעסטיקולירן מיט די הענט האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ער וואָרנט אונדז מיר זאָלן נישט אַריין אין וואַסער, ווייל עס איז אַ טיפער גרוב און מען קען דערטרונקען ווערן. ווען ער האָט דערזען, אַז מיר שטעקן אַריין די פיס אין וואַסער, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיין פערד און איז אַנטלאָפן. ער האָט וואַרשיינלעך מורא געהאַט צו זען ווי מיר וועלן זיך טרינקען. אַרקע איז אַריין כּריִער אין וואַסער. ווען איך האָב באַמערקט אַז דער שטראָם שטויסט אים און ער קען אומפאַלן, האָב איך געשריִען צו אים, ער זאָל אַריינשטעקן די „וואַריזשאַ"* וואָס מיר האָבן געפונען אויפן וועג. און אַזוי, אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן, איז ער אַריבער בשלום. נאָך דעם האָט ער אַריבערגעוואָרפן דעם שטעקן צו מיר און אויך איך האָב אַריבערגעשפּאַנט. דאָס וואַסער האָט אונדז דערגרייכט ביזן האַלדז. מיר האָבן דאָס געטאָן נישט ווייל מיר זענען געווען אַזעלכע געוואַגטע העלדן, נאָר פּשוט, מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען די סכּנה. ערשט אַז מיר זענען אַריבער האָבן מיר זיך געגעבן רעכענונג, אַז מיר זענען באַגאַנגען אַ גרויסע נאַרישקייט.

אין דער היים האָט מען זיך נישט גערעכנט אויף מיר. ווען איך בין אַריין אין שטוב האָט געוויינט גערונען פון מיר דאָס וואַסער און איך האָב געציטערט פון קעלט. עס איז דאָך געווען ווינטער. אָבער געקומען בין איך ווי אַ מענטש אַ קענער און אַ וויסער, און עס זענען געפלויגן ביי מיר פון מויל די „וויסנ־שאַפטלעכע" ווערטער: זשוג, קאַשונטע, קאַדענאַ, אַרקאָ, פּאָרטאָן, אָרכעראַ, און נאָך און נאָך. איך האָב זיך געפילט ווי אַן אמתער קאָלאָניסט. עס האָט אַזוי פיל גערעגנט, אַז איין נאַכט איז אַריין אַזוי פיל וואַסער ביי אונדז אין שטוב, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ נידעריקן פּלאַץ. דאָס וואַסער איז אַריין פון אונטן, דורכן פונדאַמענט, משטיינס געזאָגט, פון צוויי פּלאַטשיקע ציגל, צוגעקלעפּט מיט אַ ביסל בלאָטע. און מיר האָבן געמוזט אין מיטן דער נאַכט, אין דער פינצטערניש, ביי אַ רעגן, זיך אַריבערקלייבן צו אונדזער פעטער וואַראַן. זיין שטוב איז געשטאַנען אויף אַ העכערן פּלאַץ. דאָס זענען אַלץ געווען די ערשטע איבערקומענישן פון אַ נייער אונטערנעמונג, וואָס מיר האָבן אָנגענומען באהבה.

ווען עס האָט אויפגעהערט רעגנען, איז געקומען צו אונדז דער קאָלאָניסט גרינפעלד, אונדזער אַ שכן, צוויי קילאָמעטער פון אונדז, און געוואָלט אונדז דינגען: מיין ברודער יאָסל און מיך, צו העלפן אַקערן און זייען. מיר האָבן זיך נישט געוואָלט פאַרדינגען פאַר געלט, נאָר מיר האָבן געמאַכט אַזאַ אָפּמאַך: מיר וועלן גיין צו אים אַרבעטן און פאַר יעדן טאָג אַרבעט דאַרף ער

* דרענגל.

אונדז געבן זיינע אָקסן צו אַקערן ביי אונדז, נאָך דעם ווי ער וועט ענדיקן זייען. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין אָקסן. חשק צום אַרבעטן איז געווען. דערצו האָבן מיר זיך געדאַרפט פאַרפולקומען אין דעם פאַך פון „עובדי אדמה", — איז עס געווען פאַר אונדז אַ לוינעוודיקער עסק.

ווען די אַדמיניסטראַציע האָט אונדז געגעבן אָקסן, פלעגן מיר אויסמאַר־קירן צו אַקערן ביינאַכט. פון צוויי אַזייגער ביז זעקס אין דער פרי זענען מיר דורכגעגאַנגען די אַכט אומקרייזן. עס איז כדאי דאָ צו פאַרצייכענען, אַז די אָקסן, נישט נאָר זיי האָבן געוווּסט זייערע נעמען און פאַרשטאַנען די ווער־טער „וואָלטאַ", „טישטאַ", דאָס הייסט רעכטס, לינקס; „אוש" — בלייבן שטיין; „זשוגאָ" — אַז ער דאַרף צוקומען און אַרונטערשטעלן דעם קאָפּ אונטערן יאַרמאָ, נאָר זיי האָבן אויך געקענט ציילן. נאָכן מאַכן די אַכט אומקרייזן, פלעגט כמעט זיין אוממעגלעך זיי אָפּצונאַרן און מאַכן אַ ניינטן אומקרייז; עס האָט נישט געהאָלפן קיין בייטש, קיין שטעקן — זיי זענען נישט געגאַנגען. מיט גרינפעלדס אָקסן האָבן מיר געאַרבעט בייטאָג. געטאָן האָבן מיר דאָס צוליב דעם, כדי אונדזערע אָקסן זאָלן זיך קענען פאַשען אַ גאַנצן טאָג, ווייל ביי־נאַכט עסן זיי נישט. אַזוי אַרום האָבן מיר געמאַכט אַ דאָפּלטע אַרבעט ביים אַקערן.

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער קאָמבינאַציע מיט גרינפעלדן האָט זיך אויסגעלאָזט בעסער ווי מיר האָבן דערוואַרט. און ווייל מיר זענען געווען די ערשטע פון די ניי־אָנגעקומענע קאָלאָניסטן־ליטוואַקעס, וואָס האָבן אויפ־געאַקערט כמעט די גאַנצע 50 העקטאַר לאַנד, האָט דער אַדמיניסטראַטאָר לאָפּין אונדז דערפאַר צוגעגעבן נאָך 25 העקטאַר, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אונדזער טשאַקרע, אָן דעם אַז מיר זאָלן עס האָבן געבעטן. עס איז אויך געקומען געוואָרן אין אַכט, וואָס מיר זענען געווען פינף ברידער צו דער אַר־בעט. דער טאַטע פלעגט אויך אַ מאָל וועלן אַקערן. אין די קאַלטע נעכט האָט ער נישט געוואָלט אויפוועקן די יינגערע ברידער, און ער אַליין פלעגט גיין אָנטרייבן די אָקסן. אָבער מיר האָבן זיך קעגנגעשטעלט, ערשטנס, ווייל זיין געזונט האָט עס נישט דערלויבט, און צווייטנס, האָבן די אָקסן געוווּסט ווער עס איז זייער אָנטרייבער. קיין מאָל האָט ער נישט אויפגעהויבן די בייטש, און אַז מיר פלעגן זאָגן: — „טאַטע, גיב זיי אַ שמיץ, זאָלן זיי גיין גיכער!", האָט ער געענטפערט: — „אַ רחמנות, קינדער. זיי שלעפּן דעם פלוג, וואָס נאָך ווילט איר פון זיי; אַ רחמנות!". פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אַזאַ רחמנות נישט געוואָלט לייזן, ווייל עס האָט געדויערט מערער צייט דאָס דורכגיין די אַכט אומקרייזן.

אונדזער אַרבעט האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אַזש ביז צו אונדזער שטעטל

סוויסלאָטש. אין אַ פּריוַוערדיקן קאַפּיטל דערמאָן איך, ווי דער טאַטע האָט זיך געקווענקלט: יאָ אָדער נישט פאָרן קיין אַרגענטינע. דערפאַר וואָס קיינער פון דער פאַמיליע האָט נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג אין קאָלאָניזאַציע. נאָר ווען ער האָט זיך שוין פאַרשריבן אין גראָדנע ווי אַ קאַנדידאַט צו פאָרן, זענען געקומען צו אונדז די מיכאַלקער און געזאָגט: — „ר' מענדל, איר דאַרפט גאָר נישט דאגהן. זייט רויק, מיר וועלן אויפּאַקערן און פאַרזייען אייער „אור־מישאַסטאַק" און די קינדער אייערע וועלן ווייטער קענען לערנען". מיכאַלקע איז געווען אַ קאָלאָניע נאָענט פון סוויסלאָטש, וווּ עס זענען געווען ייִדישע קאָלאָניסטן וואָס פלעגן קויפן ביי אונדז אין קלייט. זיי האָבן זייער געשעצט דעם טאַטן. זיי זענען אַלע געקומען קיין אַרגענטינע און קאָלאָניזירט געוואָרן אַ 12 קילאָמעטער פון אונדז. אָט־די מיכאַלקער האָבן געשריבן צו זייערע קרובים, ווי אַ וווּנדער, אַז מענדלס קינדער זענען די בעסטע קאָלאָניסטן. די מיכאַלקער זענען אַלע אַוועק פון דער ייִקאַ־קאָלאָניזאַציע, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אין יאָר 1901־1902 און האָבן זיך קאָלאָניזירט אין ווייזשאַ־אַלבאַ, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַן אמתער מדבר. אַ גרויסער טייל פון זיי זיצן נאָך ביז היינט אויף יענעם באָדן.

אָפט מאָל טראַכט איך וועגן דעם, אַז די ערד־אַרבעט אײדלט אויס דעם מענטשן איז צוגעפּאַסט צו די מיכאַלקער קאָלאָניסטן. זיי זענען אַלע געווען פּראָסטע מענטשן, פשוטע ייִדן וואָס האָבן נישט געוווּסט פון קיין אַנדער פּראָגראַם, ווי פּראַצעווען און בידעווען אויף צו פּראָדוצירן דאָס שטיקל ברויט. זיי האָבן אָבער נישט געקענט פאַרטראָגן די „הערשאַפט" פון די ביוראָקראַטישע אַדמיניסטראַטאָרן, אַגענטן, און האָבן איבערגעלאָזט די אַלע פּריווילעגיעס וואָס די ייִקאַ האָט געגעבן און זיי זענען אַוועק זיך פּלאָגן ערגעץ אין אַ ווייטער וויסטער געגנט אין דער פּאַמפּאַ. אַ היפּש שטיקל צייט האָבן זיי אַפילו קיין דירות נישט געהאַט און די אייזנבאַן האָט זיי אויסגעלייען וואַגאָנעס, ווו זיי האָבן איבערגעווינטערט מיט זייערע פאַמיליעס, — אַבי צו זיין פריי! אפשר האָבן זיי עס נישט געטראַכט דירעקט, אָבער אינטויטיוו האָבן זיי עס געפילט און רעאַליזירט.

# די ערשטע ימים־נוראים אויף אַרגענטינער פעלדער

עס איז אָנגעקומען דער חודש אלול. די שכנים זענען זיך צונויפגעקומען יעדן פרימאָרגן צום דאַוונען מיט אַ מנין. דער קול שופר האָט זיך צעטראָגן ווייט איבער די פעלדער. מיין ברודער יאָסל, האָט זיך אויסגעלערנט די קונסט פון שופר בלאָזן און איז געוואָרן אַן ערשטקלאַסיקער בעל־תוקע. עס האָבן זיך דערנענטערט די ימים־נוראים. צו דער מורא פאַרן יום־הדין איז צוגעקומען די בענקעניש נאָך סוויסלאָטש, עס האָט גענאָגט אין האַרצן. אוי האָט זיך געבענקט נאָכן נייעם בית־המדרש; נאָך שמואל דעם מעלשענקערס מתי־קיתדיקע מוספים; נאָך איטשע דעם שמשס האַרציקע שחריתים. פון דער צווייטער זייט, אָבער, האָט מען זיך געפילט רויִקער און זיכערער: מען קומט דאָך פאַרן משפט מיט אַ ריינעם געוויסן, ווי אמתע יגיע־כפימניקעס, מיט דעם געבעט, אַז עס זאָל רעגענען אין צייט; די תבואה זאָל זיין געראָטן נישט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר טאַקע אויך אויף די יידישע פעלדער אין אַרגענטינע. עס האָט זיך טאַקע געדאַוונט געשמאַק, עס האָט זיך געקרעכצט, אָבער דאָס קרעכצן איז געווען גאָר פון אַן אַנדער סאָרט; עס איז געווען דער קרעכץ פון אַן ערשטלינג, וואָס ווייסט אַז דאָס ליידן האָט אַ זין; די מוטער קרעכצט מיט פרייד אין האַרצן דערוואַרטנדיק די ערשטע פרוכט. און די פרייד איז דאָך אָנגעפילט מיט שרעק, און אַ שטילער געבעט רייסט זיך אַרויס: „רבש״ע, נעם אָן אונדזער געבעט, אַז אַלץ זאָל גיין כשורה״. מען איז טאַקע געווען פריילעכער, רויִקער. די דאגת־פרנסה איז אַראָפּ פון סדר־היום. דער באַראָן הירש האָט דאָך פאַרזאָרגט מיט שטיצע, און דורכן פענצטער זעט מען אַ ברייטן שטח מיט גרינעם מאַיס, וואָס וואַקסט אַזוי שיין. דאָך האָט זיך געגאָסן אַ טרער, עס איז געווען נישט דאָס ווי מען איז געוווינט געווען. די אַטמאָספער איז נישט געווען אַזאַ ראש־השנהדיקע ווי אין סוויסלאָטש. עס האָט זיך דערמאָנט אין די שוועסטער, ברידער מיט זייערע קינדערלעך, וואָס זענען געבליבן דאָרט, אַזוי ווייט.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, פאַר מנחה, איז מען געגאַנגען צו תשליך צום „טאַכאַמאַר״, וואָס איז געווען אין פאָטרעראַ. מען האָט אויסגעטרייסלט די עבירות. און צוריקגייענדיק האָב איך געזאָגט צום עולם: — „מיר האָבן אויסגעשאָטן אונדזערע עבירות אין טייך, די אָקסן וועלן זיך מיט דעם אָנטרענקען און איבערמאָרגן וועלן מיר זיי שמייסן״. דער עולם האָט זיך צעלאַכט

פון דעם וויץ. מיר האָט אָבער הנאה געטאָן מער פון אַלץ, וואָס דער טאַטע האָט אויך געשמייכלט און געזאָגט: „אַ שיינער וויץ". ערב יום־כיפור האָבן מיר געשריבן אַ בריוו צו די קינדער אין סוויסלאָטש און זיי מיטגעטיילט, אַז מיר האָבן געשלאָגן כפרות מיט הענער און הינער פון אייגענעם פלאַד, אַ זאַך וואָס מיט אַ יאָר פריִער האָבן מיר אַפילו נישט געטראַכט פון דעם. פאַר יענער צייט איז עס געווען אַ היפשע דערגרייכונג.

***

יום־כיפור! די הי־געבוירענע דורות קענען זיך נישט פאָרשטעלן דעם התרוממות הנפש, דעם הייליקן ציטער וואָס עס פלעגט אַרומכאַפּן דעם ייִדן אין טאָג פון יום־כיפור, ווען מען האָט זיך אויסגעטאָן פון אַלע גשמיותדיקייטן און זיך איבערגעגעבן אין גאַנצן צום חשבון־הנפש. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס רחבותדיקייט פון די פעלדער, די אַבסאָלוטע שטילקייט וואָס האָט געהערשט אין דעם גאַנצן חלל, אַלץ, אַלץ, איז באַהערשט פון דער הייליקייט פון דעם שבת שבתון. און די טראַדיציאָנעלע תפילות מיט זייערע מיסטישע ניגונים האָבן געייִדישט און געהייליקט די סביבה. ווו נעמט מען היינט אַזאַ קדושה?

נאָך מוסף, אַ זייגער 4, זענען אייניקע פון די ייִנגערע אַרויס אין דרויסן כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ קלאָרער הימל. מען האָט עס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן, ווייל ווען עס רעגנט וואָלט פאַר די וויטע שכנים געווען אומבאַקוועם צו קומען דאַווענען. מיט אַ מאָל האָט מען דערזען, אַז העט־ווייט אויפן האָריזאָנט רוקט זיך אָן אַ כמאַרע און הייבט זיך אויף מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט, וואָס האָט גערופן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אַלע זענען אַרויס פון מנין צו באַטראַכטן די דאָזיקע גע־שעעניש. כמאַרעס זאָלן אַזוי גיך אָנקומען און זיך פאַרשפּרייטן, האָט מען אין אייראָפּע נישט געזען. באַלד אָבער איז די דאָזיקע נאַטור־דערשיינונג אויפ־געקלערט געוואָרן: עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן מחנות היישעריקן און פאַרדעקט די ערד און אַלץ וואָס וואַקסט אויף איר. לכתחילה האָבן מיר עס צוגעקוקט ווי אַ קוריאָז, נישט האָבנדיק קיין פאָרשטעלונג פון דער גרויזאַמ־קייט וואָס דער מחבל ברענגט מיט זיך. קיין סך צייט צו קוקן אויף דעם איז נישט געווען, ווייל מען האָט געדאַרפט דאַווענען מנחה. דורך די פענצטער האָבן מיר געזען, ווי דער שיינער גרינער מאַיס איז פאַרדעקט מיטן היישע־ריק און ביז נאָך מנחה איז פון גאַנצן מאַיס געבליבן קוים אַ זכר. פון דעם גראָז אין פעלד איז אַפילו קיין זכר אויך נישט געבליבן. די לופט איז געוואָרן

פאַרפעסט פון דעם מיסט פון היישעריק. די בהמות זענען געשטאַנען מיט פאַרריסענע קעפּ און די מענטשן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. דעמאָלט האָבן מיר ריכטיק באַגריפן דעם באַדייט פון דער אַכטער מכה אין מצרים. נאָכן דאַווּ־נען און שופר בלאָזן, איז מען אַרויס מחדש זיין די לבנה. מען האָט זיך גע־פרייט מיט איר לויטערקייט, פון וועלכער יהושועס פנים שיינט אַרויס, און מען איז זיך צעגאַנגען, ווינטשנדיק זיך אַ גוטן יאָר. באַלד נאָכן עסן האָט מען גענומען טראַכטן, ווי און מיט וואָס צונויפצושטעלן אַ סוכה. ווייל איז די יואָס גלייבן און האָפן, וואָס קענען הייליקן די טעג; וואָס האָבן טעג און שעהן פון גייסטיקער דערהויבונג; וואָס פאַרמאָגן געגוג כוח אָפּצוטיילן קדושה פון וואָכעדיקייט, וואָס גיט אינהאַלט און זין אונדזער עקסיסטענץ.

# די ערשטע רעאַקציע קעגן עקספּלאָטאַציע

היישעריק איז היישעריק, שאָדן איז שאָדן, אָבער אַ סוכה מוז מען מאַכן. מען האָט זיך דערמאָנט אין דער געמויערטער סוכה וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אין סוויסלאָטש, מיט אַ דאַך וואָס האָט זיך געעפנט און פאַרמאַכט. טאָמער האָט גערעגנט, האָט מען געגעבן אַ צי פאַר אַ שטריקל און מען איז געבליבן זיצן באַקוועם. דער בלעכענער דאַך האָט פאַרדעקט דעם סכך, און גלייך ווי עס האָט אויפגעהערט רעגענען, — איז אַ צי מיטן שטריקל פון דער צווייטער זייט און דער דאַך האָט זיך געעפנט און געבליבן שטיין ווי צוויי פליגלען. די מאַמע האָט ביטער געוויינט: עס קומט יום־טוב, קינדער און אייניקלעך געבליבן דאָרטן, אַזוי ווייט. אָבער מיר האָבן זי געטרייסט: ווען מיר וואָלטן אין דער צייט געווען אין רוסלאַנד, וואָלט זי שוין געדאַרפט זאָרגן וועגן פּריזיוון; אונדזער ברודער יאָסל, וואָלט געדאַרפט גיין דינען דריי יאָר ניקאָלייקען, און אַז מיר דאַרפן פּראַווען דעם יום־טוב פון זמן שמחתנו מיטן גאַנצן האַרצן, דערפאַר וואָס מיר געפינען זיך אין אַ פריי לאַנד און לעבן ווי פרייע מענטשן. נאָר דער יעניקער וואָס האָט געלעבט אין תחום־המושב אונטערן צאַרישן רעזשים, האָט געקענט פאַרשטיין און אָפּשאַצן די באַדייטונג פון לעבן אין אַ פרייער מדינה, ווו מען קען זיך באַוועגן און אָטעמען פריי.

מיר האָבן גענומען צונויפשטוקעווען אַ סוכה און דער טאַטע איז אַוועק ברענגען דעם לולב. נאָך פאַר ראש־השנה האָט מען גענומען זאָרגן וועגן אַן אתרוג מיט אַ לולב. נאָר גראָד אָט־די זאָרג האָט זיך געלייזט שנעל. מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז אונדזערער אַ שכן, אין גאַנצן צוויי קילאָמעטער פון אונדז, באַקומט אתרוגים פון ישראל. דער טאַטע איז גלייך אַוועק צו אים, ווי דער אַלטער שטייגער, כדי אויסצוקלייבן אַ „פּרי הדר". נאָר דער פּרייז וואָס מען האָט זיך געהייסן באַצאָלן, איז געווען ווי פון אַ „מהדרין מן המהדרין" — ער האָט געפאָדערט 25 פּעזעס. אין יענער צייט איז דאָס געווען אַן אויסערגעוויינלעך הויכער פּרייז. אָבער עס איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה, — מען וועט דאָך נישט זיין סוכות אָן אַן אתרוג! האָט מען באַצאָלט 25 פּעזעס, נאָר דער לולב איז נאָך נישט געווען, ער האָט געדאַרפט אָנקומען. ערב סוכות, ווען דער טאַטע איז געקומען נעמען דעם לולב, האָט הער פּ. זיך געהייסן באַצאָלן נאָך צען פּעזעס. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין פּראָטעסטן —

מען האָט געמוזט באַצאָלן. ווי געזאָגט, איז דעמאָלט 35 פּעזעס געווען אַ גאַר באַדייטנדיקע סומע, אָבער אַזוי ווי דער מנין וואָס איז געווען אין דער צענטראַל־שולע — 4 קילאָמעטער פון אונדז — האָט קיין אתרוג נישט געהאַט. איז געמאַכט געוואָרן אַ שותפות: זיי פלעגן שיקן אַלע טאָג אַ גוי, רייטנדיק, ער זאָל ברענגען דעם אתרוג און תיכף נאָכן דאַווענען אים אָפּגעשיקט צוריק. אַזוי איז געווען דער אָפּמאַך. פאַר אונדז יונגוואַרג איז אַרויסגעקומען אַ שטיקל טובה, דערפאַר, וואָס כדי צופרידנצושטעלן יענעם מנין פלעגט מען ביי אונדז אָפּדאַווענען וואָס פריער, און אַז פריער געדאַוונט, איז אויך געווען פריער דאָס עסן. דעמאָלט האָט מען נאָך נישט געוווּסט פון דער חכמה, אַז מען קען עסן פאַרן דאַווענען. דערזעענדיק אַזאַ עקספּלאָטאַציע מצד דעם את־רוגים־פאַרקויפער, האָט דער טאַטע אויפן צווייטן יאָר געשריבן קיין ירושלים, אין דער ישיבה „תורת חיים“, און זיי האָבן אונדז צוגעשיקט אתרוגים. מיר האָבן פאַרקויפט אַן אתרוג מיט אַ לולב צו זעקס פּעזעס און דאָס גאַנצע געלט אָפּגעשיקט אין דער דערמאָנטער ישיבה, פון וועלכער דער טאַטע האָט באַקומען אַ קבלה מיט אַ כתב גבאות, אַ באַפולמעכטיקונג צו זאַמלען געלט פאַר דער ישיבה, אַ שליחות וואָס ער האָט דערפילט בשלימות.

אין אַ טאָג, קומענדיק פון דאָמינגעז, זאָגט אונדז דער טאַטע, אַז לאַסאָוויטש, פון דער גרופּע ווו עס זיצט היינט חיים־עוזר שטערן, רופט אים צו מענטשן. — „פאַרוואָס, טאַטע, פאַר ווען? האָסט עפּעס געהאַט אַ סיכסוך מיט אים? פאַר וואָס רופט ער דיר צו מענטשן?“. — „איך ווייס נישט, — האָט דער טאַטע געענטפערט. — איך האָב מיט אים נישט געהאַט קיין משא־ומתן, אויסער דעם וואָס ער קומט צו אונדז אַלע שבת צום מנין דאַווענען“. — „איז וואָס, טאַטע, האָסטו אים געזאָגט?“. — „איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל קומען ווען מען וועט מיך רופן“. — „אָבער, טאַטע, דו האָסט דאָך מיט אים נישט געהאַט קיין געשעפטן!“. — „יאָ, קינדער, אָבער אַז עמיצער וועט קומען און זאָגן, אַז די קאַפּאָטע וואָס איך טראָג איז זיינע און רופט מיר צו אַ בוררות, וועל איך גיין“.

צום באַשטימטן טאָג איז דער טאַטע אַוועק צו פוס קיין דאָמינגעז און געבעטן אַז קיינער פון די קינדער זאָלן נישט מיטגיין. אָבער עס איז געווען אַ שווערער נסיון. מיר זענען געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס עס האָט פּאַסירט און איך מיט מיין ברודער יוסף זענען אויך געגאַנגען. דער בורר פון טאַטנס צד איז געווען ר׳ פּנחס זאַלצמאַן ע״ה און פון לאַסאָוויטשעס צד איז געווען ר׳ יחיאל סאַוואַלסקי ע״ה. מען איז זיך צונויפגעקומען אין שטוב פון שוחט, ר׳ שמואל זדקאָווסקי ע״ה. מיר מיטן ברודער האָט מען נישט אַריינגעלאָזט אין שטוב און מיר האָבן זיך צוגעהערט צו די טענות פון דרויסן. ווען סאַ־

וואָלסקי האָט דערזען דעם טאַטן, האָט ער אים אָפּגערופן אין אַ זייט און גע־בעטן, ער זאָל גיין צוריק אַהיים, ווייל לאַסאָוויטשעס תביעות זענען פּוסטע זאַכן; ווען ער וואָלט געוווּסט פריִער וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, וואָלט ער אויך נישט געקומען. דער טאַטע האָט די עצה נישט אָנגענומען. לאַסאָוויטש איז געווען דער תובע, און די בוררים האָבן אים געבעטן, ער זאָל דערקלערן זיינע תביעות.

לאַסאָוויטש: די ערשטע טענה איז, וואָס מענדל (דעם טאַטנס נאָמען) האָט געמאַכט אַ מאָנאָפּאָל און איז דער איינציקער וואָס ברענגט אתרוגים פון ארץ־ישראל.

זאַלצמאַן: איר, לאַסאָוויטש, האָט געבעטן מען זאָל אייך שיקן אתרוג־ים און מען האָט אייך נישט געשיקט?

לאַסאָוויטש: ניין, איך האָב נישט געבעטן.

זאַלצמאַן: ווייסט איר פון עמיצן אַנדערש, וואָס האָט געבעטן און מען האָט אים נישט געשיקט?

לאַסאָוויטש: ניין, איך ווייס נישט.

זאַלצמאַן: ר׳ מענדל, ווי מיינט איר, אַז נאָך עמיצער וועט בעטן אתרוגים וועט מען אים שיקן?

טאַטע: וואָלט מען נאָר אַזוי פיל געפאָדערט, ווי מען וואָלט געשיקט. די ישיבה „תורת חיים" איז נישט די איינציקע אינסטיטוציע אין ירושלים וואָס נייטיקט זיך אין תמיכה.

זאַלצמאַן: ר׳ לייזער לאַסאָוויטש, שרייבט קיין ירושלים, מען זאָל אייך שיקן אתרוגים, און אויב מען וועט אייך נישט שיקן, וועט איר דעמאָלט קענען קומען מיט טענות.

לאַסאָוויטש: איך האָב נאָך אַ טענה. מענדל איז אַליין געוואָרן גבאי פון דער ישיבה „תורת חיים". ער נעמט צונויף געלט און איך האָב נישט קיין צוטרוי צו אים. צדקה דאַרף גענומען ווערן דורך צוויי מענטשן.

זאַלצמאַן: און אַז ר׳ מענדל וועט קומען צו אייך בעטן אַ נדבה פאַר דער ישיבה, וועט איר אים געבן?

לאַסאָוויטש: ניין, איך וועל אים נישט געבן; איך געטרוי אים נישט.

זאַלצמאַן: איך, סאַוווּלסקי און נאָך יעדן געטרויען אים, און מיר גיבן

נדבות פאַר דער ישיבה און באַקומען קבלות. איר געטרויט אים נישט — גיט איר נישט! איז צו וועמען האָט איר טענות?

אין אַזאַ נישט באַקוועמער לאַגע, האָט לאַסאָוויטש געגעבן אַ לויף אַרויס פון שטוב. ווען ער האָט אונדז דערזען, — מיר מיטן ברודער, — האָט ער געזאָגט, אַז ער לויפט צום קאָמיסאַר. מיט דעם האָט זיך די זאַך געענדיקט. דאָס איז אַן עפּיזאָד פון יענע גוטע צייטן, פון יענער נאַיווער יידישקייט, וואָס האָט פאַרמאָגט עפּעס העכערס. אָט פאַר וואָס עס איז דעמאָלט געוועזן קנאה, און ווי אַזוי מען האָט רעאַגירט קעגן עקספּלאָטאַציע.

# פיינבערג און ד״ר זאָנענפעלד באַזוכן אונדזער היים

אין יאָר 1896 זענען געקומען קיין אַרגענטינע פיינבערג און זאָנענפעלד, — דער פאַרטרעטער פון דער יִ׳קאַ אין פעטערבורג און גענעראַל־דירעקטאָר פון דער יִ׳קאַ אין פּאַריז, — זיך צו באַקענען מיט דער קאָלאָניזאַציע און אירע פּראָבלעמען. אין אַ פרימאָרגן זענען זיי געקומען צו אונדז אין שטוב. עס איז געווען אַ פרייטיק, פונקט ווען די מאַמע האָט אַרויסגענומען די חלות פון אויוון. פיינבערג האָט פאָרגעשטעלט דעם טאַטן פאַרן זאָנענפעלדן, זאָגנדיק דערביי, אַז ער האָט געהערט וועגן אים זייער גוטע מיינונגען אין וואָלקאָוויסק. עס איז זיי שטאַרק געפעלן געוואָרן, וואָס זיי האָבן געטראָפן ביי אונדז אַ שראַנק מיט ספרים, און וואָס אונדזער טשאַקרע איז שוין געווען אין גרעסטן טייל אויפגעאַקערט. ד״ר זאָנענפעלד האָט געפרעגט, ווי אַזוי עס געפעלט אונדז דאָס לעבן אין דער קאָלאָניע, און דער טאַטע האָט אים געענטפערט, אַז ער קען נישט זאָגן נישט גוט און נישט שלעכט. גוט איז נישט, ווייל די צוואַנציק העקטאַר מאַיִס וואָס מיר האָבן פאַרזייט און עס איז אַזוי שיין געוואַקסן, האָט דער היישעריק אויפגעפרעסן אין איינע־צוויי שעה; עס איז נישט שלעכט, ווייל די אַדמיניסטראַציע גיט שטיצע. עס איז נישט גוט צו לעבן פון שטיצע. מיר זענען געקומען קיין אַרגענטינע אַרבעטן און לעבן רויִק און אָרנטלעך פון דער אייגענער פראַצע. עס איז אָבער בעסער ווי אין רוסלאַנד, וווּ מען האָט אין די לעצטע יאָרן געלעבט אין דחקות און אין שטענדיקער מורא פאַרן אור־ראַדניק, פאַרן פריסטאַוו, רעוויזאָר, און ער האָט זיי דערביי דערציילט אַזאַ ווערטל:

„אין ליטע, אַז מען פרעגט אַ שטאָט־ייִדן ווי עס גייט אים, ענטפערט ער „שק תק״, און אַז מען פרעגט אַ דאָרף־ייִדן ווי עס גייט אים, ענטפערט ער „ניע שק, ניע תק״. פאַר וואָס דער דאָזיקער אונטערשייד אין די ענט־פערס? דער תירוץ איז: שק, תק זענען די ראשי־תיבות פון שנאה, קנאה, תפילה, קדושה. דער שטאָטישער ייִד, צוליב פרנסה, האָט שנאה, קנאה; אָבער דערפאַר האָט ער תפילה, קדושה. ער האָט דעם בית־המדרש, די כלי־קודש. דאַקעגן דער דאָרף־ייִד לעבט אַליין אין דאָרף, ער האָט נישט קיין שנאה, קנאה; ער האָט אָבער אויך נישט קיין תפילה־קדושה, אַזוי אַז אין גאַנצן גוט איז נישטאָ אין ערגעץ״.

ד״ר זאָנענפעלד האָט געפרעגט, צי מיר האָבן עפעס צו בעטן אָדער פאַר־

צולייגן. האָט אים דער טאַטע געזאָגט, אַז פּאַרלויפיק האָט ער צו בעטן נאָר איין זאַך: די לערערס פון שפּאַניש אין די יי"קאַ־שולן זאָלן נישט זיין קיין יידישע. דערהערנדיק אָט־די ווערטער, האָבן ביידע — פיינבערג און ד"ר זאָנענפעלד — זיך אַ כאַפּ געטאָן: „איר, הער קאַפּלאַן, זאָלט וועלן אַ גוייִשן לערער בעסער ווי אַ יידישן?". דער טאַטע האָט באַשטעטיקט זיינע רייד, דער־קלערנדיק, אַז אַ גויישער לערער פאַרט אום שבת און עסט טרפות, וועלן אונדזערע קינדער זיך נישט אָפּלערנען פון אים; אָבער אַז אַ יידישער לערער פאָרט אום שבת און עסט טרפות, וועלן יידישע קינדער זיך יאָ אָפּלערנען פון אים. מיר זענען געקומען קיין אַרגענטינע נישט בכדי צו צעטרענצלען דאָס ביסל יידישקייט. מיר זענען דאַנקבאַר דעם באַראָן הירש, וואָס ער האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו קענען אָטעמען פרייע לופט, נישט דאַרפנ־דיק אָנקוקן פּאָניעס פּנים און פירן אַן אָרנטלעכע פּרנסה, אָבער פאַר קיין פאַל ווילן מיר נישט שעדיקן דאָס יידישקייט. ביים געזעגענען זיך, האָבן פיינבערג און ד"ר זאָנענפעלד געזאָגט, אַז זיי וועלן קומען נאָך אַ מאָל פאַר־צוזעצן דעם שמועס און ריידן וועגן נאָך אַנדערע ענינים. גאַנץ אומדערוואַרט איז אַהער אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז דער באַראָן הירש איז פּלוצ־לינג געשטאָרבן, זענען זיי באַלד אָפּגעפאָרן צוריק קיין פּאַריז.

אויפן צווייטן טאָג, נאָך דעם ווי עס איז אָנגעקומען די ידיעה פון באַ־ראָן הירשס טויט, זענען זיך צונויפגעקומען אַלע קאָלאָניסטן פון אונדזער געגנט אין דער צענטראַלער שול, און הרב דוד מאַזעוועצקי ז"ל האָט אים מספּיד געווען. דערביי האָט פּאַסירט אַ זאַך, וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר אַן אומרעכט. ווי אַ 17־יאָריקער יינגל האָב איך געשוויגן, היינט וואָלט איך מס־תמא רעאַגירט אויף דעם. ביים הספּד האָט מען אַרויסגענומען די ספרי־תורות. דאָרט איז אויך געווען אַ מנין, ווו די אָרומיקע שכנים פלעגן קומען שבת און דאַוונען, האָבן זיך צוגעכאַפּט צו זיי דווקא די עטלעכע רוסיש־ריידנדיקע יידן, וואָס האָבן שטאָלצירט מיט זייער אַפּיקורסות און פלעגן חוזק מאַכן פון אַלץ וואָס ס'איז רעליגיעז. איך האָב דאָס באַטראַכט ווי אַ חילול הקודש. אבא גאַרבער האָט מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַרן מלאך־המות און קענען נאָך תשובה טאָן. אַ מנין יידן איז געזעסן שבעה זיבן טעג אין דער שול, ווו זיי האָבן געדאַוונט און געזאָגט קדיש.

# אַנעקדאָטן פון מיין פאָטער ע״ה

אונדזער פאָטער איז געווען אַ קלוגער ייִד. אין די שמועסן מיט אים פלעגט פליסן חכמה. איך וועל דאָ פאַרצייכענען אַ פּאָר אַנעקדאָטן, וואָס באַווייזן זיין הומאָר און רעאַליסטישן אויפנעם פון אונדזערע פּראָבלעמען.

ווי שוין געזאָגט, איז דער מסחר אונדזערע אין סוויסלאָטש באַשטאַנען אין קויפן סחורה אין ביאַליסטאָק אין גרעסערן מאַסשטאַב און פאַרקויפן צו די קרעמער ביי אונדז אין שטעטל. דער טאַטע ע״ה, פלעגט פאָרן אַלע וואָך קיין ביאַליסטאָק מיט געדונגענע פורן פון די נאָענטע דערפער. אויף אַ וואָגן פלעגט מען אַרויפלייגן 25 פּוד משא. אַהינצוועגס האָט מען געפירט פּוטער, אייער, וואָס די נאָענטע פּריצים אָדער גרעסערע אויפקויפערס האָבן עס אונדז פאַרקויפט און צוריקוועגס האָט מען געבראַכט אַלערליי קאָנסום־אַרטיקלען. צוקער האָט מען געקויפט אין ביאַליסטאָק ביי משה ראַפּאָפּאָרט. דער שטייגער איז געווען, אַז יעדע וואָך פלעגט דער טאַטע קויפן אַ וואָגן אָדער צוויי וויגענער צוקער, 25 אָדער 50 פּוד, און באַצאָלן פאַרן צוקער פון דער פריערדיקער וואָך.

איין מאָל, ביים צערעכענען זיך, האָט דער טאַטע געזאָגט: — „ר׳ משה, איר האָט אַ סך אַזעלכע קונדן ווי איך, וואָס האַנדלען אַזוי אָרנטלעך? שוין 20 יאָר ווי איך האַנדל מיט אייך און צאָל שטענדיק פּינקטלעך; מיר האָבן קיין מאָל נישט געהאַט דעם מינדסטן סיכסוך״.

ראַפּאָפּאָרט האָט אים געענטפערט: — „אָט דאָס הייסט ביי אייך אָרנטלעך געהאַנדלט? קויפן און באַצאָלן אין צייט איז דאָך אַ נאָרמאַלע זאַך. זעט איר, ווען איינער קויפט סחורה און צאָלט נישט צום טערמין; עס גייט אַריבער אַ שטיקל צייט און מען רעכנט שוין דעם חוב פאַר פאַרלוירן, נאָך דעם קומט דער זעלבער און באַצאָלט, — ווייזט ער אַרויס, אַז ער איז אַן אָרנטלעכער מאַן, אָבער נעמען סחורה און צאָלן רעגלמעסיק, — וואָס איז דאָס פאַר אַ רבותא?״.

די צווייטע וואָך, ווען מען האָט אַרויפגעלייגט דעם צוקער אויף די וועגענער, און ראַפּאָפּאָרט האָט דערלאַנגט דעם חשבון פון דער פריערדיקער וואָך, זאָגט אים דער טאַטע: — „ר׳ משה, איך וויל זיין אַן אָרנטלעכער מאַן!״ — און איז אַוועקגעפאָרן. אַזוי איז געווען די צווייטע, דריטע און פערטע וואָך.

אויף דער פינפטער וואָך, ווען דער טאַטע האָט אים געזאָגט: — „איך וויל זיין אַן אָרנטלעכער סוחר", האָט אים ראַפּאָפּאָרט געענטפערט: — „אָבער ר' מענדל, עס וועט שווין זיין צו אָרנטלעך!".

***

אין יענע יאָרן, ווען דער איינציקער פאַרקערמיטל איז געווען די בויד פון אַ בעל־עגלה אָדער אַ געדונגענער פויערישער וואָגן, איז געפאָרן אַ סוויסלאָטשער ייִד מיט זיינעם אַ זון קיין ביאַליסטאָק מכוח אַ שידוך, און ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפירט, האָט מען גענומען דעם חתן־בחור צו אַן עקזאַמען, אָדער ווי מען פלעגט עס רופן — פאַרהערן. האָט דער סוויסלאָטשער בעל־הבית פאַרבעטן דעם טאַטן מיינעם בייצוזיין דאָס פאַרהערן דעם חתן־בחור. דער פאַרהערער איז געווען הרב ר' חיים הערץ ז"ל. און אַזוי ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ באַשטימטער שעה, איז דער טאַטע גלייך ווי ער איז אָנגעקומען אין שטאָט, תיכף אַוועק צו דער פאַרהערעכץ, אָט אַזוי ווי ער איז געקומען פון וועג, האָט אַפילו זיך נישט באַוויזן אָפּצוואַשן, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן.

ווי דער שטייגער איז געווען ביי אַזעלכע מסיבות, האָט מען זיך געפּילפּולט, געפּשטלט. און דער טאַטע האָט זיך אויך באַטייליקט אין די וויכוחים.

ביים סוף הערט דער טאַטע, ווי הרב ר' חיים הערץ, אָנווייזנדיק אויפן טאַטן, פרעגט: „ווער איז דער ייִד?". דער מחותן האָט אים געזאָגט: — „דער־אָ ייִד קומט אַלע וואָך קיין ביאַליסטאָק". האָט זיך ר' חיים הערץ אויסגעדריקט: — „אָט ווו תורה פאַרוואַלגערט זיך! אַפילו אונדזערע בעלי־עגלות זענען תלמידי־חכמים!". ער האָט געמיינט, אַז דער טאַטע איז אַ בעל־עגלה. האָט דער טאַטע אים געזאָגט: — „רבי, איך בין נאָך ווייניקער פון אַ בעל־עגלה, ווייל אַ בעל־עגלה האָט אַן אייגענעם פערד־און־וואָגן און איך האָב דאָס אויך נישט". ר' חיים הערץ האָט פאַרשטאַנען דעם טעות, און זיי האָבן נאָך דעם פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה אין דברי תורה.

***

אין אַ קורצער צייט נאָך אונדזער קומען קיין אַרגענטינע, האָט חתונה געהאַט אַ זון פון אונדזער שכן, חיים־עוזר שטערן, מיט שיינע גאַלאַנטע אין קאָלאָניע „כוראַדאָ". איך בין געפאָרן מיט זיי אויף דער חתונה. פאַרן פאָרן האָט מיר צוגערופן דער טאַטע און מיר געזאָגט: — „איטשקע, פאָרסט אויף אַ חתונה, וועסטו דאָך מסתמא טאַנצן מיט מיידלעך; בעט איך דיר, זאָלסט

כאָטש טאַנצן מיט דיינס גלייכן". אין סוויסלאָטש האָבן אין יענע יאָרן נאָך נישט געטאַנצט יינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען. ווען אַזעלכעס פּאַסירט, וואָלט עס באַטראַכט געוואָרן ווי אַ סקאַנדאַל. איך האָב געקוקט דעם טאַטן גלייך אין די אויגן און גאָר נישט געענטפערט. אין אָנהייב האָט עס מיך געוווּנדערט: ווי קומט עס, אַז דער טאַטע זאָל גאָר ריידן דערפון! נאָר נאָך דעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַזוי האַנדלט אַ פרומער ייִד אַ חכם. ער האָט זיכער גוט דורכגעטראַכט דעם ענין. ער האָט געזען די נייע סביבה אין וועלכער מיר לעבן און האָט געוואָלט כאָטש נישט ווערן אַ נחות־דרגא.

איך האָב נישט געטאַנצט און טאַנץ קיין מאָל נישט, פשוט, ווייל מיין טעמפּעראַמענט איז אַזאַ; מיין פריילעכקייט גרייכט קיין מאָל נישט צו אַזאַ גראַד וואָס זאָל מיך באַוועגן צו טאַנצן. אָבער די ווערטער פון טאַטן: „כאָטש טאַנצן מיט דיינס גלייכן" זענען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון ביז צום היינטיקן טאָג. ער האָט דאָס געזאָגט, נישט דערפאַר וואָס ער האָט זיך געהאַלטן גדולדיק, פאַרקערט, ער איז געווען זייער באַשיידן, נאָר ער האָט געקענט דעם עלעמענט וואָס איז געקומען. עס איז געווען אַן ערב־רב און האָט מורא געהאַט, אַז אַזאַ יונגער ייִנגל, קוים 18 יאָר אַלט, וואָס שטייט שוין אין שידוכים, זאָל חס־ושלום נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן.



באַלד אויף מאָרגן ווי מיר האָבן זיך באַזעצט אויף דער טשאַקרע, האָט דער טאַטע אַוועקגעפירט די צוויי ייִנגערע ברידער, שמואל און אהרן ע"ה, אין דער צענטראַל־שול, 4 קילאָמעטער פון אונדז, און זייביידע פלעגן גיין אַלע טאָג צו פוס אַהין. דער דירעקטאָר פון דער שול איז געווען אַ ספרדישער ייִד, סאַבאַ. זיי האָבן געלערנט זייער גוט, און סאַבאַ האָט געפּועלט אין דער אַדמיניסטראַציע מען זאָל זיי שענקען אַ פערד, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צו פאָרן און נישט דאַרפן גיין צופוס.

אין אַ געוויסן טאָג, ביים שליסן דעם שול־יאָר, איז געקומען סאַבאַ און האָט פאָרגעלייגט דעם טאַטן, אַז ער זאָל אים דערלויבן שרייבן צו דער ייִקאַ־דירעקציע אין בוענאָס־איירעס, אַז זיי זאָלן באַשטימען אַ מאָנאַטלעכע פּענסיע אויף צו שיקן שמואלן לערנען אין שול פון קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי, און אַז ער וועט ענדיקן די לימודים אין שול, וועט ער קענען נאָך דעם פאָרזעצן דעם שטודיום אין אוניווערסיטעט; ער וועט קענען ווערן אַ דאָקטער אָדער אַן אַדוואָקאַט. דער טאַטע האָט אים קאַטעגאָריש געענטפערט, אַז ער איז נישט מסכים. „וואָס ער וועט ווערן, ווייס איך נישט. נאָר איין זאַך ווייס איך, אַז

אויב ער וועט פאָרן לערנען אין קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי, פאַרלירט ער דאָס יִידישקייט". אין יענע יאָרן זענען אין קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי כמעט נישט געווען קיין יִידישע משפּחות. און דער טאַטע האָט פאַרענדיקט מיט אָט־די ווערטער: „נישט צוליב דעם בין איך געקומען קיין אַרגענטינע. פאַר מיר איז געענוג אַז מיינע קינדער זאָלן זיין גוטע מענטשן און גוטע יִידן".

***

אין די ערשטע יאָרן זענען אָנגעקומען אַ סך אימיגראַנטן פון בעסאַראַביע. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך איינגעקוואַרטירט אין דער קאָלאָניע „זאָנענפעלד" („סאַן גרעגאָריאָ"), וואָס איז געווען אַן ערך 15 קילאָמעטער ווייט פון קאַלין, ווו עס האָט זיך געפונען די יִיקאַ־אַדמיניסטראַציע. די אימיגראַנטן פלעגן גיין צו פוס די דאָזיקע שטרעקע, אויף צו בעטן ביים אַדמיניסטראַטאָר לאַפּין, מען זאָל זיי קאָלאָניזירן. דאָס האָט זיך נישט געמאַכט אַזוי גרינג. וואָכן־לאַנג זענען די אימיגראַנטן געשטאַנען הונגעריקע און דאַרשטיקע, ביז מען האָט זיי אַריינגערופן צום אַדמיניסטראַטאָר, מען זאָל זיי זאָגן וועגן זייער גורל. ווער עס האָט נישט געזען מיט די אייגענע אויגן, קען זיך נישט פאָרשטעלן מיט וואָס פאַר אַ גרינגשאַצונג דעם באַראָן הירשס משרתים האָבן זיך באַצויגן צו די צענדליקער געפּלאָגטע מענטשן. וועגן דעם וועט קומען אַ באַזונדער קאַפּיטל.

דער וועג פון סאַן גרעגאָריאָ צו קאַלין איז געגאַנגען פאַרביי אונדזער שטוב. דער טאַטע, אַז ער האָט געזען פאַרבייגיין אַ יִידן, האָט ער אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט: — „ר' יִיד, איר ווילט אפשר עסן?". די מאַמע האָט אים אַ פאָר מאָל געמאַכט אויפמערקזאַם, פאַר וואָס ער רופט מענטשן עסן אין אַ שעה ווען דאָס עסן איז נאָך נישט פאַרטיק, אָדער ווען מען האָט שוין אָפּגעגעסן. נאָר דער טאַטע מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל, פלעגט זאָגן: — „עס מאַכט נישט אויס. ר' יִיד, ברויט עסט איר? קעז עסט איר? פרישע מילך, ווערמילך עסט איר? איז זייט אַזוי גוט און קומט אַריין אין שטוב".

מיין פאָטער, מנחם־מענדל בר' יעקב־יוסף הכהן ז"ל, איז נפטר געוואָרן ט' תמוז תרס"א. מיין מוטער, פרומע־לאה בת ר' צבי, איז אַוועק פון אונדז ד' אדר א' פון יאָר 1908.

# היישעריק פאַרוואַנדלט אין קי

אויפן האַרצן איז געוואָרן אַ ביסל אומעטיק: — סטייטש, דער היישעריק עסט אויף אַלץ וואָס וואַקסט, וואָס וועט זיין דער תכלית? געזאָגט האָט מען אונדז, אַז דער היישעריק קומט זיבן יאָר נאָכאַנאַנד און נאָך דעם רוט ער זיבן יאָר. וועד זשע קען האָבן אַזוי פיל געדולד צו פאַרלירן זיבן יאָר אַרבעט? דאָך איז מען ביי זיך נישט געוועזן געפאַלן, ווייל, ערשטנס האָט מען געגלייבט, אַז אין ערגסטן פאַל וועט דער באַראָן הירש אונטערקומען מיט שטיצע; און צווייטנס, האָט מען ביי זיך געטראַכט: אַלץ בעסער ווי אין רוסלאַנד. נאָר אויב דער פליִענדיקער היישעריק האָט געמאַכט שאָדן, האָבן מיר זיך גאָר נישט פאָרגעשטעלט, אַז די וואָס קומען אַרויס פון אים זענען אָן אַ שיעור שעדלעכער. יעדע „זי" פון פליִענדיקן היישעריק לייגט אַן ערך 60 אייעלעך. עס איז צו באַוווּנדערן די קראַפט פון דער נאַטור: יעדער היישעריק באַקומט אַזאַ שטאַרקע היץ, אַז מיט צורירן דעם עק פון אַ היישעריק צו דער האַרטער ערד, ברענט זיך אויס אַ קיילעכדיק לעכעלע, געגוג טיף אַריינצונעמען די אייעלעך, וואָס קומען אַרויס צונויפגעקלעפט אין דער פאָרעם פון אַ ווייצנזאַנג. נאָך אַ 30־40 טעג — לויטן קלימאַט — קריכן אַרויס פון דער ערד די היישעריקלעך, ווי קליינע שוואַרצע פליגן. און גלייך ביים אַרויסקריכן פרעסן זיי אויף אַלץ וואָס זיי טרעפן אין וועג און מאַכן אָן מער שאָדן ווי דער פליִענדיקער היישעריק.

די ייִקאַ האָט געוואָלט פאַרניכטן אָט־דעם קליינעם מחבל, האָט זי געגעבן צו וויסן אַלע קאָלאָניסטן, אַז זי וועט באַצאָלן פופצן סענט פאַר יעדן קילאָ קליינעם היישעריק. די דאָזיקע קליינע היישעריקן קען מען כאַפּן נאָר ביינאַכט, ווען זיי זיצן אויף די פלאַנצן פונעם ליאָן אָדער אויף די הויכע גראָזן און זענען נאַס פונעם טוי, דעמאָלט קענען זיי נישט שפּרינגען, בייגט מען איין דעם גראָז און מען טרייסלט זיי אַריין אין אַ בלעך, אָדער אַ שיסל. נו, אַז עס איז נישט געווען קיין בעסערע פּרנסה, איז דאָס אויך געוואָרן אַ פּרנסה. פלעגן מיר אַרויסגיין ביינאַכט אויף געיעג, אָנפילנדיק זעק מיט היישעריקן און גאַנץ פרי האָט מען עס אָוועקגעפירט צו אַ באַשטימטן פלאַץ, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ ייִקאַ־באַאַמטער מיט אַ וואָג. דאָרט האָט ער אָפּגעוויגן די סחורה און מען האָט באַקומען די עטלעכע פעזעס. דאָס איז געווען כשר פאַרדינט געלט, ווייל אויסער דער אַרבעט וואָס מען האָט געהאַט ביי דעם, איז

דער ריח פון דעם געווען ממש דערשטיקט צו ווערן. איך צווייפל, צי די היינטיקע קאָלאָניסטן וואָלטן געטאָן אַזאַ שווערע און אומגעזונטע אַרבעט. היינט איז מען שוין קליגער, מען האָט אויסגעפונען דעם אַפּאַראַט „לאַנסאַ זשאַמאַס",* וואָס פאַרברענט דעם שפּרינגענדיקן היישעריק אויף דער פּלאַנץ אָדער אויפן גראָז.

האָט די דאָזיקע היישעריק־כאַפּעריי געהאַט עפּעס אַ ווירקונג אויף זיין פאַרניכטונג? — אַפילו נישט קיין טויזנט־חלק פון איינס פּראָצענט. ווייל וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט עס געקענט האָבן, ווען אַ פּאָר הונדערט ייִקאַ־קאָלאָניסטן האָבן באַגראָבן אַ ביסל היישעריק, בעת ער האָט פאַרפלייצט הונדערטער קילאָמעטערס אין פאַרשידענע פּראָווינצן? מעגלעך אַז די ייִקאַ־פונקציאָנערן האָבן עס געטאָן, פשוט, צו געבן די קאָלאָניסטן אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען עטלעכע פּעזאָס. די אַרבעטזאַמקייט פון די ערשטע קאָלאָניסטן, איבערהויפּט פון די ליטוואַקעס, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע נישט בלויז ביי דער פעלדער־ווירטשאַפט, נאָר האָבן אויך געזוכט צו מאַכן „טשאַנגאַס"** ביי אַנדערע אַרבעטן: אין דער ייִקאַ־אַדמיניסטראַציע, ביי אַנדערע קאָלאָניסטן ווען עס האָבן אויסגעפעלט אַרבעט־הענט. מיטן געלט וואָס מיר האָבן פאַרדינטביים כאַפּן דעם היישעריק, האָבן מיר געקויפט אַ פּאָר קי, וואָס האָבן געגעבן מילך און געבוירן קעלבלעך.

די פליגעלעך און פיסעלעך פון דעם פליִענדיקן היישעריק האָבן מיר איבערגעשיקט צו די קינדער אין סוויסלאָטש, ווי אַ קוריאָז.

---

* פלאַמען־וואַרפער.

** זייטיקע אַרבעט.

# מיר שניידן די פּאַרטיקע תבואה

אַקערן, זייען, בראַנעווען האָבן מיר זיך שוין אויסגעלערנט און זיך באַ־טראַכט פּאַר גאַנצע עקספּערטן. אָבער שניידן די פּאַרטיקע תבואה — דאָס איז שוין געווען אַ מער ערנסטער ענין, פּאַר דעם האָט מען באַנוצט מאַשינען וואָס האָבן געשניטן און אַרויסגעוואָרפן געבונדענע סנאָפּעס. די מאַשין — אַ גרוי־סע מאַכערייקע, מיט צענדליקער רעדעלעך, קייטעלעך, פליגלען, מעסערס, האָט געקלאַפּט, געררוישט. פּאַר אַזעלכע ווי מיר, וואָס נישט נאָר האָבן מיר מיט דעם קיין מאָל נישט געאַרבעט, נאָר מיר האָבן עס אַפילו קיין מאָל נישט געזען, האָט אונדז געשראָקן. וואָס וועלן מיר טאָן, ווען מיר וועלן אַליין האָבן אַ „קאָסעטשאַ"* אַז מיר פּאַרשטייען גאָר נישט אין דער מאַשין?

דעם ערשטן יאָר — מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין קאָסעטשע, ווייל מיר האָבן נישט באַוויזן צו זייען — בין איך מיט מיין ברודער יאָסל געגאַנ־גען אַרבעטן ביי דער קאָסעטשע צו אַ קאָלאָניסט, פידעלאָף. דער סדר פון דער אַרבעט איז געווען אַזאַ: גלייך מיט זון־אויפגאַנג איז מען שוין געווען אין פעלד, דאָס הייסט, אויפגעשטאַנען איז מען שפּעטסטנס 4 אַ זייגער פּאַר־טאָג. ביז מען האָט אָפּגעדאַוונט, איינגעשפּאַנט די אָקסן מיט די פערד און ביז מען איז געקומען אין פעלד, איז די זון אַרויס. די מאַשין האָט געשניטן און געוואָרפן סנאָפּעס. מיר זענען געגאַנגען הינטער דער מאַשין און צונויפגעג־לייגט די סנאָפּעס אין קופּעס פון 15־20 בינטלעך. געענדיקט דאָס שניידן, פלעגט מען מיט וועגענער צונויפפירן די סנאָפּעס אויף איין פּלאַץ און זיי צו־נויפלייגן אין סטויגן. דאָס איז שוין געווען אַן אַרבעט וואָס מען האָט געדאַרפט קענען, ווייל טאָמער איז נישט גוט געווען געלייגט די פּאַרווע (סטויג), פלעגן די רעגנס דורכנעצן די גאַנצע תבואה, און אַז די דרעש־מאַשין האָט פּאַר־שפּעטיקט צו קומען, איז אַ גרויסער טייל פּאַרפוילט געוואָרן. צונויפלייגן די בינטלעך, אָנלייגן די וועגענער און צופירן צו דער פּאַרווע האָבן מיר זיך אויסגעלערנט און אויסגעטויגט, גלייך מיט די היי־געבוירענע, נאָר די מאַשין האָט זיך אונדז פּאָרגעשטעלט ווי אַ זייער שווערער פּראָבלעם. אָט גייט זי, קלאַפּט, מאַכט אָן אַ רעש אַז מען הערט פּאַר אַ פּאָר קילאָמעטער די ווייט, און פּלוצלינג — שאַ, שטיל! עפּעס אַ שרייפל, צי אַ ספּרונזשינקע איז קאַליע גע־

* שניט.

געוואָרן. פון וואַנען ווייסט מען עס וואָס פּאַר אַ רעדעלע ס'איז נישט אין אָר־דענונג, אַז ס'זענען פאַראַן אַזוי פיל רעדעלעך? פידעלאָף איז געווען זייער אַ שטרענגער. ער האָט אונדז קיין מאָל נישט צוגעלאָזן נאָענט צו דער מאַשין. ער האָט נישט געלאָזן אַפילו אָפּכאַפּן דעם אָטעם. „מאָנטאָוועט!"* — האָט ער געשריגן. אַגב האָבן מיר זיך דאָרט איבערצייגט, ווי הומאַניטאַר תורת משה איז, וואָס האָט אָנגעזאָגט, מען זאָל נישט אַרבעטן מיט אָקסן און פערד צוזאַ־מען. פידעלאָף פלעגט שפּאַנען אין מאַשין, ביים דישל — אַ פּאָר אָקסן און פון פאָרנט — צוויי פערד. די פערד האָבן אַ גיכערן טריט און די אָקסן האָבן זיי געמוטשט נאָכהאַלטן. עס איז געווען ממש אוממענטשלעך צוצוקוקן, ווי אין די זומערדיקע היצן, ביי דער אַרבעט, גייען די אָקסן מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער און די שוים רינט זיי פון די מיילער, און די זייטן באַוועגן זיך, ווי אַ מאַשין.

**
*

צום צווייטן יאָר האָבן מיר שוין געהאַט אַן אייגענע קאָסעטשע. די ייִקאַ האָט געגעבן אַ שניידמאַשין — „וואַלטער וואָאָד" — פּאַר יעדע צוויי שכנים. אַגב, ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט נאָך דעם, איז עס געווען פון די ביליקסטע וואָס זענען דעמאָלט באַנוצט געוואָרן. עס זענען געקומען מאַשיניסטן וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די מאַשינען. זיי האָבן אונדז געוויזן, געלערנט. מיר האָבן זיך גוט צוגעקוקט. נאָר איין זאַך איז — קוקן און אַ צווייטע איז — שניידן. עס איז געקומען דער טאָג פון אָנהייבן שניידן. אונדזער ווייץ האָט זיך געצייטיקט פריִער ווי ביי די שכנים, ווייל מיר האָבן פאַרזייט פריִער. מיר האָבן געבראַכט די אָקסן. זיי זענען געווען פעט און אויסגערוט. אין יענע יאָרן האָט מען פון ענדיקן דאָס פאַרזייען דעם ווייץ און ליאָן ביז צום שניידן, — אַן ערך פיר חדשים, — גאָר נישט געטאָן אין פעלד. מיר האָבן זיי איינ־געשפּאַנט אין מאַשין, און אַבי זיי האָבן אַ ריר געטאָן די מאַשין פון אָרט, האָבן די אַלע רעדעלעך און קייטעלעך גענומען קלאַפּן. די אָקסן האָבן זיך דער־שראָקן און גענומען גיין גיכער. נאָר פּלוצלינג: — טראַך־טראַך! די פּושקע אין וועלכער עס איז געלעגן דער קנויל פּאָדעם, וואָס דאַרף בינדן די סנאָפּעס, האָט זיך אַרויסגעריסן און פאַרפלויגן ווייט, ווייט. דער קנויל פּאָדעם האָט זיך פאַרפלאָנטערט. מיר האָבן קוים מיט מאַטערניש אָפּגעשטעלט די אָקסן. עס זענען צוגעקומען די שכנים. אַלע האָבן באַטראַכט, געקוקט און קיינער האָט

---

* לייגט צונויף (אַ פאַרייִדישונג פון שפּאַנישן ווערב „מאָנטאַר").

נישט געוווּסט די סיבה פון דעם. מיר זענען געשטאַנען כמעט ווי פאַרצווייפלט. אויב ביים ערשטן אַרויסטריט האָט אַזוינס פּאַסירט, איז ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין שפּעטער? אַזוי פיל רעדעלעך און ספּרוזשינעס! ווער קען עס פאַר־שטיין די אַלע קאָמבינאַציעס? נאָר אָט, גאָר אומגעריכט איז געקומען די רעטונג.

עס איז אָנגעפאָרן אַ זון פון די ערשטע קאָלאָניסטן און האָט גלייך אויס־געפונען דעם חסרון: אָנשטאָט מיר זאָלן אָנקניפּן און בינדן דעם ברעג פאָדעם פון אינעווייניק פון קנויל, האָבן מיר אָנגעקניפּט דעם ברעג פון אויבן פון קנויל. מען האָט גלייך פאַרריכט די פּושקע און אַריינגעצויגן דעם פאָדעם אין בינדער, ווי מען דאַרף, און עס איז אַוועק אַ גאַנג. מיר, די ברידער, האָבן קאָמענטירט די געשעעניש און געמאַכט פאַרגלייכן מיט דער ישיבה: אַלץ איז געווענדט אין דער הסברה. דער מאַשיניסט וואָס האָט צונויפגעשטעלט די מאַשין האָט אונדז געוויזן און געלערנט ווי אָנצוטאָן און אויסצוטאָן, עס הייסט, אַראָפּנעמען דעם בינדער פון מאַשין, וואָרעם ביים שניידן ליאָן האָט מען נישט גענוצט דעם בינדער. אַלץ האָט ער אונדז געוויזן, נאָר אָט־די קליייניקייט, וועלכן ברעג פאָדעם מען דאַרף צובינדן, האָט ער פאַרגעסן צו ווייזן. יאָ, מען טאָר נישט פאַרנאַכלעסיקן קיין פּרטים.

**
*

היינט, טראַכט זיך, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אונדז אַזוי פיל פּי־זישע כוחות נאָכצוגיין אַ גאַנצן טאָג צו פוס נאָך די אָקסן, אָדער בינדן און לייגן פאַרוועס און אַרבעטן 12־15 שעה אַ טאָג אָן אָפּרו אונטער דער ברע־נענדיקער זון? און מען האָט געאַרבעט מיט חשק, מיט פלייס, און מען האָט הנאה געהאַט פון דער אַרבעט. יאָ, מען האָט הנאה געהאַט פון דער אַרבעט. אָבער נאָך מער האָט מען הנאה געהאַט פון שבת. אָ, יענע שבתים! יענע פריי־טיק־פאַרנאַכטן, ווען מען האָט אַראָפּגעוואַשן פון זיך דעם שוויס, דעם שטויב, די מאַשין־בוימל פון אַ גאַנצע וואָך, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין לייב. די שטילקייט, די רויִקייט פון שבת. מיר האָבן דערפילט בפועל ממש די שיינ־קייט פון זעקס טעג אַרבעט און איין טאָג שבת־רו. מיט וואָס פאַר אַ געשמאַק און שבתדיקן גענוס מען האָט געגעסן דעם טשאָלנט און געכאַפּט אַ קוק אין אַ ספר, אין אַ גמרא. מען האָט אַראָפּגעוואָרפן די גשמיות און זיך אַריינגע־לעבט אין אַ העכערער וועלט. שבת! טייערער שבת! ווו און ווי טרעפט מען דיר איצט אַזוי נחתדיק ייִדיש, אַזוי ייִדיש־ לעבעדיק! אַ שאָד וואָס די נייע דירות ווייסן נישט, וואָס פאַר אַ רייכע גייסטיקע אוצרות מיר האָבן פאַרלוירן.

# דער ערשטער פּרוּוו פון קאָלעקטיווער אַרבעט

דאָס דרעשן די תבואה איז געווען אין די ערשטע יאָרן אַ זייער ערנס־טער פּראָבלעם. מען פלעגט דרעשן מיט גרויסע שווערע דרעש־מאַשינען. אַלע יאָר, ווען די תבואה אויף די פעלדער האָט אָנגעהויבן צייטיקן, זענען זיך צונויפגעקומען די שכנים אויף זיך צו באַראַטן וועגן דינגען צוזאַמען אַ דרעש־מאַשין. די ערשטע שוועריקייט איז געווען: ביי וועמען, אָדער בעסער געזאָגט, פון וועלכן ברעג קאָלאָניע זאָל מען אָנהייבן דאָס דרעשן? יעדערער האָט געוואָלט זיין פון די ערשטע, כדי די פּאַרוועס זאָלן ליידן וואָס ווייניקער פון די רעגנס. ווייל ווי גוט די סטויגן זענען געלייגט געוואָרן, ביי די אָפטע רעגנס זענען די זאַנגען פון די דעכער צעוואָקסן געוואָרן און די אונטערשטע ראַדן פון די סנאָפּעס זענען פאַרפוילט געוואָרן. נאַטירלעך, פלעגט זיך עס ענדיקן מיט אַ גורל־ציי, מיט דעם תנאי, אַז אויף דעם צווייטן יאָר זאָל זיך דאָס דרע־שען אָנהייבן פון דעם צווייטן ברעג, שוין אָן אַ גורל־ציי. אָבער דער תנאי איז זעלטן ווען אויסגעפאָלגט געוואָרן, ווייל עס פלעגט זיך בייטן דער מאַר־שרוט, וואָס דער פאַראַיאָריקער ערשטער האָט געזוכט איינצושטעלן, אָדער ווייל דער באַלעבאָס פון דער דרעש־מאַשין,וואָס פלעגט זיך אַלע יאָר בייטן, האָט געמאַכט אַנדערע קאָמבינאַציעס.

געוויינטלעך, פלעגט זיך דאָס דרעשן אָנפאַנגען אין מיטן מאָנאַט דע־צעמבער און זיך ענדיקן סוף אַפּריל. אין אַ רעגנדיקן יאָר האָט זיך עס פאַר־צויגן נאָך שפּעטער. די דרעש־מאַשין איז געשלעפּט געוואָרן פון 6־8 פּאָר אָקסן און פלעגט געשטעלט ווערן צווישן צוויי פּאַרוועס. דער מאָטאָר איז גע־שטאַנען עטלעכע מעטער ווייטער פון דער „טריזשאַדאָראַ"* און אַ ברייטער פּעסטער פּאַס פון גומירטע שטריק האָט פאַרבונדן ביידע טיילן.

עס האָט זיך געפאָדערט, אַז ביידע זאָלן שטיין אין אַ גלייכער ליניע, אָבער אַזוי ווי די אָקסן האָבן נישט געוווסט די באַדייטונג פון סימעטריע, איז געווען שווער צו פועלן ביי זיי, זיי זאָלן גיין אין אַ גלייכער ליניע, און 99 מאָל האָבן זיי זיך אַ קירעווע געטאָן אַ ביסעלע אין אַ זייט, און עס איז נאָך דעם

* דרעש־מאַשין.

געווען אַ שווערע אַרבעט פאַר די „פּעאָנעס"* אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַ־שיניסט, צו שלעפּן די מאַשין פּאָרויס, צוריקוועגס, רעכטס, לינקס, ביז זי איז איינגעשטעלט געוואָרן אויפן ריכטיקן פּלאַץ אויף צו קענען אָנטאָן דעם פּאַס. אין אַ טרוקענער צייט איז די דאָזיקע פּראָצעדור געמאַכט געוואָרן אין אַ רעלאַטיוו קורצער צייט, אָבער בעת רעגנס האָט די דאָזיקע איינשטעלונג פאַרנומען אַ סך שעהן; עס איז געווען ממש אַ קאַטאָרזשנע אַרבעט. ווער עס קען די ערד אין אונדזערע קאָלאָניעס אין ענטרע־ריאָס נאָך אַ רעגן, קען זיך שאַפן אַ באַגריף וואָס עס הייסט — שטופּן מיט די הענט אַ גרויסע דרעש־מאַשין אין אַ בלאָטיקער ערד. ביי יעדער דרעש־מאַשין האָבן געאַרבעט 20־25 פּעאָנעס פון די אַמאָליקע „קריאָזשאָס".** זייערע קוויטשערייען ביי אַזאַ שטיקל אַרבעט פלעגן זיך הערן פאַר קילאָמעטערס ווייט. די אַרבעט־שעהן זענען געווען פון 4 אַ זייגער פאַרטאָג ביז 8 אָוונט, מיט 2 האַלבע שעהן צו טרינקען „מאַטע קאָסידאָ"*** מיט „גאַזשעטאַס".**** פון 12 ביז האַלב צוויי האָט מען געגעסן מיטאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטיק געקאָכטן פלייש מיט אַ טעלער לאָקשן און גאַזשעטן. דער שטויב פון דרעש־מאַשין, די שווייס וואָס האָט זיך געגאָסן און די זון וואָס האָט געהיצט אַ גאַנצן טאָג, האָבן אָנגעפּילט די אויגן, די נאָזלעכער, דעם האַלדז און פאַרשמירט די פּנימער, אַז עס איז ממש נישט געווען צו דערקענען די מענטשן. עס האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז נאָר אַזעלכע האַלב־ווילדע ווי עס זענען דעמאָלט געווען די הי־געבוירענע אין די פּוסטע סטעפּעס און וועלדער קענען אויסהאַלטן אַזאַ אַרבעט.

די ערשטע קאָסעטשע וואָס מיר האָבן אַראָפּגענומען אין יאָר 1896־97 איז גראָד אויסגעקומען, ווען די דרעש־מאַשין איז אַריין צו אונדז פּרייטיק פרי און זי האָט געדאַרפט פאַרענדיקן דאָס דרעשן שבת. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז בשום אופן וועט ער נישט דערלויבן מען זאָל דרעשן ביי אונדז אום שבת. ווען מיר האָבן גענומען ריידן וועגן דעם מיטן מאַשיניסט, האָט ער אַפילו נישט געוואָלט הערן פון דעם. „וואָס הייסט, ער וועט פאַרלירן אַ טאָג אַרבעט? ער האָט מענטשן וועלכע ער צאָלט חודשלעך און ער קען נישט פאַר־לירן קיין צייט און געלט". מיר האָבן זיך נאָך נישט געקענט אויסטענהן אויף שפּאַניש. פּונקט אין דעם מאָמענט איז פאַרבייגעפאָרן אַ באַאַמטער פון דער יק"א־אַדמיניסטראַציע, האָט ער אונדז געדינט פאַר אַ דאָלמעטשער. מען האָט

* פּאַראָבקעס (געדונגענע אַרבעטער).

** הי־געבוירענע.

*** געקאָכטע „מאַטע" (דרום־אַמעריקאַנער טיי).

**** אַ האַרט פּלעצל.

זיך אויסגעדונגען, אַז מיר באַצאָלן אים 120 פעזעס פאַר דעם שבת און ער זאָל נישט אַרבעטן. דער באַטרעף פון דער גאַנצער קאָסטשע איז געווען זעקס הונדערט פעזעס. ווו נעמט מען היינט דעם גייסטיקן כוח וואָס אונדזערע עלטערן האָבן פאַרמאָגט? אין יענער צייט איז 120 פעזעס געווען אַ גרויסע סומע; אַ מענטש האָט געקענט לעבן אַ גאַנץ יאָר מיט אַזאַ ביסל געלט. די ייִקאַ האָט דאָך געגעבן שטיצע זעקס און ניינציק פעזעס אַ יאָר. אָבער דער אידעאַל — שבת, האָט גובר געווען.

***

דעם צווייטן יאָר, פאַרן אָנהייבן די קאָסעטשע (שניט), איז געקומען צו אונדזער גרופּע דער אַגענט פון דער ייִקאַ, דוד הורוויץ. ער האָט איינגעלאַדן אַלע נאָענטע שכנים קאָלאָניסטן, צוועלף אין צאָל, און האָט פאָרגעלייגט מיר זאָלן דינגען בשותפות איינע פון די דרעש־מאַשינען וואָס די ייִקאַ האָט. דער פּרייז איז געווען — אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט — פינף און דריי־סיק סענט פאַר יעדע הונדערט קילאָ אויסגעדראָשענעם ווייץ אָדער ליאָן, נאָר מיט דעם תנאי, אַז יעדע פאַמיליע זאָל געבן צו איין אַרבעטער צו דער דרעש־מאַשין. יעדער אַרבעטער וועט באַקומען ווי עס ווערט געצאָלט ביי אַלע אַנ־דערע דרעש־מאַשינען. די פאַרדינסטן וועט מען נאָך דעם אויסצאָלן פּראָ־פּאָרציאָנעל יעדן איינעם פון די אַרבעטער. מיר האָבן דעם אָנבאָט אָנגענומען.

די מאַשין האָט געפאָדערט 20־22 מענטשן, האָבן מיר אַכט מענטשן גע־דינגען. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז שבת וועט מען נישט אַרבעטן און עס וועט זיין אַ כשרע קיך. דער אויפזעער איבער דער אַרבעט איז טאַקע געווען דער ייִקאַ־אַגענט דוד הורוויץ. מיר האָבן פאַרלאַנגט צוצונעמען אַ ייִדישן מאַ־שיניסט, ווייל דער מאַשיניסט ביי אַ דרעש־מאַשין איז געווען ווי אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף, וועלכער האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אַ חוץ אויפן גוטן דרע־שען, אויך אויף דער גוטער אָרדענונג און דיסציפּלין. עס איז געווען איין ייִדישער מאַשיניסט אין דער קאָלאָניע סאַן אַנטאָניאָ, מיטן נאָמען רוביג־שטיין. אָבער הורוויץ האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט נאָכגעבן אונדזער פאַרלאַנג, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז אַ ייִד וועט נישט קענען זיין גענוג שטרענג מיט ייִדן ביי דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס פאָדערט פּינקטלעכקייט און אַ פעסטע אָרדענונג.

דעם טאָג ווען מען האָט געדאַרפט אָנהייבן דרעשען, זענען מיר אַלע צוועלף געווען אויפן פּלאַץ, אָבער קיינער פון אונדז האָט נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. מיט אַ יאָר פריער האָבן מיר גע־זען ווי עס דרעשט זיך, נאָר פון זען ביז טאָן איז אַ היפּשער מהלך. די אַר־

בעט האָבן מיר איינגעטיילט צווישן זיך: 2 באַטאַדאָרן,[1] 1 קאָרטאַדאָר,[2] 4 אָר־קיזשעראָס,[3] 2 באָלסעראָס,[4] 2 אַגוואַטעראָס[5] און איין קוכער. די אַנדערע שווע־רערע אַרבעט, ווי זשוגעראָס,[6] האָבן געטאָן געדונגענע מענטשן. דער מאַשי־ניסט איז געווען אַ יונגער שטרענגער שפּאַניער. ער האָט גערעדט צו אונדז און מיר האָבן ווייניק־וואָס פאַרשטאַנען. די מאַשין האָט געגעבן דעם ערשטן פייף. יעדער האָט זיך געשטעלט אויף זיין באַשטימטן פּלאַץ. עס ווערט אָנגע־טאָן דער ברייטער פּאַס, וואָס שטעלט אין קאָנטאַקט דעם מאָטאָר מיט דער דרעש־מאַשין. עס איז געקומען אַ צווייטער לאַנגער פייף, און אַלע רעדער און רעדלעך האָבן זיך גענומען דרייען און דער מאַשיניסט האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו די „אָרקיזשעראָס" וואָס זענען געשטאַנען אויפן שפּיץ פּאַרווע: „דע־לע נאָ מאַס!"* און די אָרקיזשעראָס האָבן גענומען וואַרפן סנאָפּעס אויפן דעק פון דער מאַשין אָן אַ סדר. יעדערער האָט מיט זיין ווידלע געריסן סנאָפּעס פון דער פּאַרווע און געוואָרפן. איידער דער סנאָפּ גייט אַריין אין מויל פון דער דרעש־מאַשין, דאַרף מען פריִער צעשניידן דעם פּאָדעם וואָס האַלט אים צונויפגעבונדן. דאָס איז די אַרבעט פון „קאָרטאַדאָר", און ער דערלאַנגט דעם סנאָפּ צום „באַטאַדאָר", וואָס גיט אַריין אין דרעש־מאַשין צעשפּרייטנדיק גוט דעם שטרוי, כדי עס זאָל זיך בעסער אויסדרעשען. גאַנצע, געבונדענע סנאָ־פּעס גייען שווער אַריין אין מויל פון דער מאַשין און קענען צעברעכן טיילן פון איר. מיר האָבן די אַלע פּאָרכזיכטיקייטן נישט געוווּסט, — זענען געפאַלן גאַנצע סנאָפּעס גלייך אין מויל פון דער מאַשין און די מאַשין האָט געגעבן יעדן ברום, יעדן קרעכץ, ווי אַ שווערע געווינערין. דער מאָטאָר האָט גענו־מען פייפן, — אַ סיגנאַל מען זאָל אָפּשטעלן די אַרבעט. דער מאַשיניסט איז אַרויפגעלאָפן אויבן אויף דער מאַשין מיט קולות, אַז מיר צעברעכן די מאַ־שין און האָט אונדז געלערנט, ווי אַזוי צו דערלאַנגען די סנאָפּעס איינס נאָכן אַנדערן און זיי לייגן ביי די פיס פונעם קאָרטאַדאָר, כדי ער זאָל קענען שנעל אַריינגעבן אין באַראַבאַן. מיר האָבן עס פאַרשטאַנען, און די אַרבעט איז אַוועק אין אָרדענונג.

ביז דער אויבערשטער העלפט פון דער פּאַרווע איז נאָך געווען צו דער־ליידן, ווייל וואַרפן די סנאָפּעס פון אויבן אַראָפּ איז גרינגער. נאָר וואָס נידע־ריקער די פּאַרווע איז געוואָרן, און מען האָט געדאַרפט וואַרפן די סנאָפּעס פון אונטן אַרויף, איז געוואָרן שווער. יעדער „אָרקיזשעראָ" האָט געריסן די

[1] קלאַפּער; [2] שניידער; [3] וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער ווידלע; [4] זעקלייגער; [5] וואַ־סער־פירערס; [6] איינשפּאַנערס.

* דערלאַנגט!

סנאָפּעס פון אונטער זיינע פיס, וואָס ס׳איז ממש געווען אַן אַרעסטאַנטסקע אַרבעט. די הי־געבוירענע האָבן געקוויטשעט און געלאַכט פון אונדז, נאָר מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס. פאַרנאַכט איז געקומען הורוויץ. ער האָט אַרויפגעשיקט צוויי פון די הי־געבוירענע אויף דער פאַרווע און זיי האָבן אונדז געוויזן, אַז מען דאַרף נעמען די סנאָפּעס אין זעלביקן סדר ווי מען האָט זיי אַוועקגעלייגט, איינעם נאָכן אַנדערן, ראַד נאָך ראַד; אַז מען דאַרף נישט רייסן די סנאָפּעס פון אונטער די פיס. אָט־די דאָזיקע אַנטדעקונג האָט אונדז גע־מאַכט פאַר גאַנצע עקספּערטן. שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז אונדזער דרעש־מאַשין גיט אַרויס מערער און בעסערע אַרבעט אין פאַרגלייך מיט אַנדערע.

**
*

דער קוכער איז געווען לייזער קאַליער. אויפן דריטן אָדער פערטן טאָג האָט אויסגעפּעלט „זשערבאַ"* פאַר דער „מאַטע קאָסידאָ". וואָס טוט מען? געטראַכט און באַקלערט: אַזוי ווי נישט ווייט פון דאַנען, אין קאָלין, — די דרעש־מאַשין איז געשטאַנען אין דער טשאַקרע** פון קאָלאָניסט עליאָס יאַר־טשאַ, — איז פאַראַן אַ קלייטל, זאָל מען קויפן ראָזשינקעס; אָנשטאָט מאַטע קאָסידאָ זאָל זיין ראָזשינקעס. געערעדט און געטאָן. 4 אַ זייגער פאַרנאַכט פלעגט שטענדיק קומען הורוויץ. אַז ער האָט דערזען די טעלערלעך מיט ראָ־זשינקעס, האָט ער זיך צעשריען, אַז זינט עס עקסיסטירן דרעש־מאַשינען אין אַרגענטינע האָט מען נאָך ביי זיי קיין ראָזשינקעס נישט געזען; און אָט זענען געקומען יידן און אויפן דריטן טאָג האָט זיך זיי שוין פאַרוועלט ראָזשינקעס! — און שרייען האָט ער געקענט. מיר האָבן אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ, ביי דער מאַשין, זענען מיר נישט זיינע קאָלאָניסטן און אויך נישט זיינע פּעאָנעס, מיר אַרבעטן אויף אונדזער רעכענונג, אַזוי אַז ער האָט נישט קיין רעכט צו שרייען. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, פון 4 פאַרטאָג ביז 8 אין אָוונט, אונטער אַ ברענענדיקער זון און אַנטי־היגיענישע באַדינגונגען. אָבער אַלע האָבן אויסגעהאַלטן די גאַנצע צייט. נישט געווען קיין איין דעזער־טיר. ביי די משפחות וווּ עס זענען געווען צוויי אָדער מערער אַרבעטער, פלעגן זיי זיך בייטן: עטלעכע טעג האָט געאַרבעט איינער און עטלעכע טעג אַ צווייטער.

דאָס דרעשען איז געווען אַ בעסערע, דערפאַר וואָס מיר האָבן בעסער

* מאַטע־גראָז.

** אַ גוט.

אָפּגעהיט עס זאָלן נישט אַוועק קיין קערנער אין דער שטרוי, עס זאָלן נישט פאַרפאַלן ווערן קיין ליידיקע זעק וכו׳. שבת האָט מען גערוט און געגעסן כשרס. מיר האָבן פאַרדינט צו 40 סענט פאַר יעדן טאָג אַרבעט, מער ווי ביי אַנדערע מאַשינען. מען האָט דערפילט דעם אמתן זין פון „מתוקה שנת העובד". באַלד נאָכן עסן פלעגט מען זיך אַריינוואַרפן אין די קופּעס שטרוי אונטערן פרייען הימל. אַי, האָט זיך עס געשלאָפן געשמאַק!

דעם צווייטן יאָר האָבן מיר ווידער אַ מאָל געדראָשן קאָלעקטיוו און מיט נאָך אַ בעסערן רעזולטאַט, ווייל מיר זענען שוין געווען פּראַקטיש. נאָך דעם האָט די יק״אַ פאַרקויפט אירע דרעש־מאַשינען און מיר האָבן נישט גע־קענט פאַרזעצן מיט דער קאָלעקטיווער אַרבעט. די היינטיקע קאָלאָניסטן גיי־ען אַרויס מיט מאַשינען וואָס שניידן און גיבן אַרויס פאַרטיקע אָנגעשאָטענע זעק מיט קערנער. זיי ווייסן נישט פון קיין סנאָפּעס, פאַרוועס און דרעש־מאַ־שינען און זיי קענען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי מען האָט געקענט אַרבעטן אונטער אַזעלכע שווערע באַדינגונגען.

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד וואָס מיר האָבן דעמאָלט נישט אויפגעכאַפּט די אידעע פון קאָלעקטיווער אַרבעט נאָך אַזאַ קאָנקרעטן און געלונגענעם ביי־שפּיל, און נישט געפּרוווט אָנווענדן די דאָזיקע סיסטעם אויך ביי אַנדערע פעלד־אַרבעטן.

**
*

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען אַ שטריך פון אונדזער נאַיווקייט: ביי יע־דער דרעש־מאַשין איז געווען אַ וואָג אויף צו וועגן די אויסגעדראָשענע תבו־אה, ווייל מען האָט געצאָלט פאַרן דרעשן יעדע הונדערט קילאָ, אָדער ווי מען זאָגט — פאַר יעדן „פאַנעגאַ". ווען מען האָט אַוועקגעפירט די תבואה פאַר־קויפן צום סוחר, איז לויט דער וואָג שטענדיק אַרויסגעקומען ווייניקער „פאַ־נעגאַס" ווי ביים דרעש־מאַשין, און דער סוחר האָט אָנגעוויזן בדרך עצה־טובה, אַז מען זאָל צאָלן ווינציקער דעם באַלעבאָס פונעם דרעש־מאַשין פאַר די פאַ־נעגאַס וואָס פעלן, ווייל זיין וואָג איז נישט קיין ריכטיקע. דער דרעשער האָט געלאַכט פון אונדזער נאַיווקייט. מיר האָט ער געזאָגט, אַז „איר וועט צאָלן ווינציקער פאַר פינף פאַנעגאַס, וועט איר האָבן פאַרדינט זעקס פּעזעס, און ביים סוחר אַז עס וועגט ווינציקער מיט פינף פאַנעגאַס, פעלט אייך 40־50 פּעזעס. אפשר איז דעם סוחרס וואָג נישט קיין ריכטיקע?". און ער איז גע־ווען נישט ווייט פון אמת. ווען מיר האָבן געדראָשן מיט דער קאָלעקטיווער מאַשין, האָבן מיר זיך איבערצייגט ווו דער פגר איז באַגראָבן. דער סוחר

האָט שוין מער נישט געקענט זאָגן, אַז די וואָג ביי דער דרעש־מאַשין איז נישט ריכטיק. נאָר אַ דיפערענץ אין וואָג איז סיי־ווי געווען.

די שכנים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין קאָלעקטיוון דרעשן זענען געווען: מרדכי סאַראָקאַ, וועלוול ליס, עליִאָס ירחי, מענדל קאַפּלאַן, אבא גאַרבער, יצחק־משה וואַראַן, נח שטערן, בנימין בערנשטיין, שמואל קאַהאַן, לייזער לאַסאָוויטש און חיים קאַליער.

# דער ערשטער און לעצטער ייקאַ־עקספּערימענט

ווי באַוווּסט האָט דער גרעסטער טייל קאָלאָניזירטע פאַמיליעס נישט געהאַט קיין דערפאַרנקייט אין ערד־אַרבעט. אַפילו די יעניקע וואָס האָבן אין רוסלאַנד זיך באַשעפטיקט מיט אַגריקולטור, האָבן זיך אויך פאַרלוירן, מחמת דעם אַנדערשדיקן קלימאַט. אויך דער באָדן איז געווען אַנדערש. די ערשטע פאַמיליעס וואָס זענען געקומען פון בעסאַראַביע, ווי דעלעגאַטן, האָבן אונדז דערציילט, אַז ווי ערשטע האָבן זיי אויסגעקליבן פאַר זיך די בעסטע פעלדער. די בעסטע האָט ביי זיי געהייסן די נידעריקסטע,ווייל זיי האָבן געהאַט די פּראַקטיק פון זייער געגנט אין בעסאַראַביע, אַז די נידעריקערע ערטער זענען מער פּרוכטיקע. ביי דער אַרבעט האָבן זיי זיך אַרומגעזען, אַז זיי זענען באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער, ווייל אין ענטרע־ריאָס וואָס העכער דער באָדן איז אַלץ בעסער איז ער פאַר אַגריקולטור. די דאָזיקע פאַמיליעס האָבן זיך באַזעצט אין קאָלאָניע בעלעז (שפּאַנדלבערג). איטלעכס מאָל ווען די ייקאַ־באַאַמטע האָבן באַשולדיקט, אַז די נישט גוטע געראָטעניש איז דערפאַר, ווייל מען אַרבעט נישט גוט, האָבן די קאָלאָניסטן געענטפערט, אַז „די אַדמיניסטראַציע האָט געדאַרפט האָבן אַן עקספּערימענטאַלן פעלד. אַגראָנאָמען האָבן זיי געגעבן, קיין געלט־מיטלען פעלט זיי נישט, פאַרוואָס פּרוווּן זיי נישט באַאַרבעטן אַ שטיקל לאַנד אויף זייער אייגענעם חשבון, ווו קאָלאָניסטן זאָלן זיך קענען לערנען?". דאָס איז געווען ביי דער דריטער קאָסטשע וואָס מיר האָבן געמאַכט. דער אַדמיניסטראַטאָר לאַפּין האָט געבראַכט צוויי פאַמיליעס דייטשן און זיי געגעבן 50 העקטאַר לאַנד, וואָס האָט פריִער געהערט צו זעליג קאַמינסקי; היינט געהערט עס צו דער פאַמיליע סאַראָקאַ, וואָס גרענעצט זיך כמעט מיט אונדזער טשאַקרע, וואָס איז איצט דאָס אייגנטום פון מיין ברודער יוסף. די דייטשן האָבן בכלל געשמט ווי די בעסטע קאָלאָניסטן. צו דעם האָט לאַפּין גופא, ווי אַן אַגראָנאָם, אַכטונג געגעבן אויף דער אַרבעט, אַזוי אַז די טעאָריע מיט דער פּראַקטיק האָבן זיך צונויפגעפּאָרט אויף צו באַווייזן וואָס זיי קענען, און וואָס האָט געדאַרפט דינען פאַר אַ מוסטער, ווי און ווען מען דאַרף אַקערן, זייען וכדומה.

אַלע שכנים און אויך נישט־שכנים זענען געקומען קוקן און פרעגן עצות ביי די דייטשן וועגן אַלץ וואָס ס'האָט אַ שייכות צו פעלד־אַרבעט און מען האָט זיך צוגעהערט צו זייער וואָרט. דער ווינטער איז געווען אַ וואַרעמער,

עס האָט אָפט גערעגנט, אַזוי אַז דער ווייץ איז געוואַקסן זייער שנעל. און די וויסערס האָבן געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַ סך שטרוי און ווייניק קערנער. אין מאָנאַט אויגוסט האָבן די דייטשן אַרויפגעלאָזט בהמות אויף דעם ווייץ, זיי זאָלן אויפעסן די צו הויכע אָנגעוואַקסענע גראָזן. דער צוועק איז געווען אַ דאָפּלטער: די בהמות וועלן ווערן פעט, און אַז עס וועט זיין ווינציקער שטרוי, וועט די וויטאַליטעט וואָס קומט פון דער ערד גיין אין די קערנער, וועט זיין אַ בעסערער שניט. יעדעס מאָל וואָס די דייטשן זענען פאַרבייגעפאָרן אונדזער שטוב, האָבן זיי אונדז געוואָרנט: „יודען, אירער ווייץ גייט קאַפּוט", און אונדז געראָטן מיר זאָלן טאָן אַזוי ווי זיי און לאָזן די בהמות זיי זאָלן אָפּפּאַשען אַ ביסל די גראָזן. אָבער מיר, גרינע, אומפּראַקטישע האָבן געזשאַלעוועט:

— ס'טייטש? דער ווייץ וואַקסט אַזוי שיין, ווי פאַרגינט מען זיך עס אַזאַ זאַך, די בהמות זאָלן אויפפרעסן? מיר האָבן נישט געפאָלגט די דייטשן. אין די מאָנאַטן סעפּטעמבער און אָקטאָבער זענען אויסגעפאַלן פרעסט און ס'האָט ווינציק גערעגנט. די אָפּגעפּאַשעטע ווייץ ביי די דייטשן האָט טאַקע נישט געהאַט קיין שטרוי, אָבער אויך נישט קיין קערנער, און ביי אונדז איז טאַקע געווען אַ סך שטרוי. די שנייד־מאַשין, איבערהויפּט דער בינדער האָט גע־אַרבעט זייער שווער. מיר האָבן געמוזט שניידן אויף אַ האַלבן מעסער, — עס זענען אָבער געווען קערנער אויך. ביים דרעשען האָבן מיר באַקומען אַכט פאַ־נעגאַס פון יעדן העקטאַר, און די דייטשן האָבן באַקומען צוויי פאַנעגאַס פון יעדן העקטאַר. די יי־קאַ האָט שוין מער קיין עקספּערימענטן נישט געמאַכט. זי האָט זיך דערשראָקן און פאַרשעמט פאַרן ערשטן דורכפאַל. נאָר די קאָלאָ־ניסטן האָבן פאַרגעזעצט מיט דער אַרבעט, טראָץ די אָפטע דורכפאַלן צוליב די פאַרשידענע קלימאַטישע פּלאַגעס און האָבן באַוויזן, אַז יידן קענען זיין אַזעלכע גוטע ערד־אַרבעטער ווי אַלע אַנדערע.

# אָפּגעקומען מיט שרעק

די ערשטע צייט פון אונדזער אָנקומען אין קאָלאָניע, האָט די איינזאַמ־קייט, דאָס האַלב־ווילדע לעבן פון די דעמאָלטיקע „גאַוטשאָס"* אונדז נישט באַאומרויִקט. טראָץ דעם וואָס מיר זענען געווען געוווינט צו אַ לעבן אין שטעטלעך מיט אַ קאָמפּאַקטער ייִדישער באַפעלקערונג. די ברייטקייט פון די סטעפּעס, די פרייע באַוועגונג, דאָס איינלעבן זיך מיט דער נאַטור, די אַרבעט, די גרינע פעלדער — דאָס אַלץ צוזאַמען האָבן געווירקט צום גוטן אויף די נערוון. עס האָבן אַפילו פּאַסירט אומגליק־פאַלן, ווען גאַוטשאָס האָבן זיך באַ־נוצט מיט זייערע מעסערס קעגן ייִדן און עס זענען געפאַלן אומשולדיקע קר־בנות, — האָט דאָס אַרויסגערופן צער און צאַרן, אָבער נישט קיין שרעק. עס האָט זיך נישט געפילט די מורא וואָס מיר האָבן געפילט פאַר דעם רוסישן צי פּוילישן גוי. דעם דריטן ווינטער פון אונדזער זיין דאָ, האָבן זיך אַרומגע־טראָגן קלאַנגען, אַז עס וועט זיין אַ רעוואָלוציע. דעם ריכטיקן טעם פון רע־וואָלוציע האָבן מיר נישט געוווּסט און נישט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ שייכות דאָס קען האָבן מיט אונדז, רויִקע קאָלאָניסטן, וואָס לעבן אָפּגעזונדערט און מישן זיך נישט אין לאַנד־פּאָליטיק; ביז די גאַוטשאָס האָבן אָנגעהויבן אונדז דערקלערן, אַז ווען עס וועט אויסברעכן די רעוואָלוציע וועלן זיי אויסקוילען אַלע „עסטראַנכעראָס",** אָנווייזנדיק דערביי מיטן קינזשאַל אויפן האַלדז און מיט אַ קוויטש פון ווילדער שמחה, אַז עס פלעגט אַריבערגיין אַ גרויל איי־בערן לייב.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן אָוונט, נאָך דעם ווי מען האָט אָפּגעלערנט דעם פּרק משניות, אָפּגעדאַוונט מעריב מיטן מנין, האָט מען געשמועסט געמיטלעך ביז מען איז געקומען צו דער טעמע פון „רעוואָלוציע", און אַז מ'איז גאָר נישט באַשיצט. עס איז געוואָרן אַ ביסל אומעטיק אויף די געמיטער, ביז די שכנים האָבן געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און אַוועק יעדערער צו זיך אַהיים. די שכנים שמואל קאָהאַן און בנימין בערנשטיין, וואָס זענען געזעסן אין דער צווייטער גרופּע, אַ טויזנט מעטער פון אונדזער שטוב, זענען אויך אַרויסגע־גאַנגען און באַלד זיך אומגעקערט מיט צעשראָקענע פּנימער. מיר זענען אַלע

* אַרגענטינער קאַובאָיס.

** אויסלענדער.

אַרויס אין דרויסן און דערהערט געשרייען וואָס זענען געקומען פון דער זייט פון זייער גרופּע. באַלד האָבן אַלע געכאַפּט ווידלעס, העק, רידלען, אונטער דער אָנפירונג פון פלטיאל און זרח גאַרבער, — ביידע געזונטע און געוואַגטע יונגען, — און זענען אַוועקגעלאָפן אין יענער זייט פון וואַנען די קולות זענען געקומען. אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון 4 שכנים. די פרויען פון די פיר שטיבלעך זענען געקומען צו אונדז אין שטוב און מיר האָט מען איבערגע־לאָזט פאַרן שומר הנשים. אַלע ווײַלע פלעג איך אָן עפן טאָן די טיר. די קו־לות האָבן זיך געהערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ביז עס איז מיט אַ מאָל געוואָרן אין גאַנצן שטיל. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ פחד עס איז אונדז באַפאַלן. די ווייבער האָבן געבראָכן די הענט: „ווער ווייסט וואָס דאָרט האָט פּאַסירט, וואָס איז עפּעס מיט אַ מאָל אַזוי שטיל געוואָרן?". די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעהן. מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט טריט און רייד. די שרעק איז געוואַקסן. ווער ווייסט ווער עס גייט? עס האָט אָבער נישט גע־נומען קיין סך צייט און מיר האָבן דערהערט אַז מען רעדט יידיש. ס'איז אונדז תיכף געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. באַלד זענען אָנגעקומען אַלע שכנים, און פון אַלע זייטן איז מען זיי באַפאַלן: — „וואָס האָט פּאַסירט?" אַלע האָבן גע־לאַכט און דערציילט:

— פון יענער זייט פּאַשע־פעלד זענען געזעסן די קאָלאָניסטן קאַליער און לאַסאָוויטש. איז לייזער קאַליער געגאַנגען צו פוס פאַרנאַכט ברענגען די אָקסן אויף צו פאַרשפאַרן זיי בײַנאַכט אין קאָראַל,* כדי צו קענען אַרויסגיין גאַנץ פרי אַקערן. דאָס פעלד איז געווען גרויס מיט אַ סך אַראָזשאָס,** און ביז ער האָט אויפגעזוכט די אָקסן איז געוואָרן פינצטער, האָט ער געבלאָנדזשעט אין „פּאָטרעראָ"*** און נישט געפונען דעם וועג צו זיין שטוב, האָט ער גענומען שרייען, כדי מען זאָל אים דערהערן.

וואָס די ווייבער האָבן אים אָנגעווונטשן, זאָל עס אויסגיין צו פּוסטע וועל־דער. נאָר יענע שרעק איז אונדז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. אַפילו די „רעוואָלוציע" האָט זיך אויך געענדיקט מיט בלויזע רייד. נאָר איין זאַך האָבן מיר געלערנט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אונדז פאַרלאָפן דעם וועג. מען האָט אויסגעלערנט די היזיקע, אַז די רוסאָס, די כודיאָס**** האָבן צוגענומען זייער ערד, וואָס זיי האָבן קיין מאָל נישט געהאַט.

---

* קי־שטאַל.

** טיפע גרובנס.

*** פּאַשע־פעלד.

**** יידן.

# די חכמה פון אַקערן ביי די אָקסן

אין פּאַריז האָט מען זיך אַרומגעזעצן, אַז מען קען טאַקע נישט לאָזן די געוועזענע קרעמערס, קאָמיסיאָניסטן, בעלי־מלאכות, זיי זאָלן אַליין דערגרונטעווען די חכמה פון ערד־אַרבעט. איבערהויפּט אַז אין לאַנד גופא האָט דעמאָלט, אין די לעצטע יאָרן פון פאַרגאַנגענעם און אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט, נישט עקסיסטירט קיין שום טעאָרעטישע און פּראַקטישע אָריענטאַציע אין אַגראַר־ענינים. זיי האָבן דערפאַר אַריינגעשיקט 4 אַגראָנאָמען פון אייראָפּע צו אונדז אין קאָלאָניע קלאַראַ. איינער פון די אַגראָנאָמען איז געזעסן אַ שטיקל צייט אין קאָלאָניע ראַכיל, אין הויז וואָס האָט פריִער געהערט צום געוועזענעם קאָלאָניסט אברהם ניימאַן, אין דער געביידע וואָס איז געווען געטיילט מיט אַ קאָרידאָר, איז אויך געווען די שיל, וווּ מען פלעגט דאַוונען שבת און יום־טוב. עס איז געווען יום־כיפור, נאָך מוסף. דער עולם איז אַרויס פון שיל נעמען אַ ביסל פרישע לופט און מען האָט געשמועסט ייִדישלעך, האָט זיך אויפגעעפנט די טיר פון דער צווייטער טייל און עס האָט זיך באַוויזן דער אַגראָנאָם. אייניקע פון די עלטערע ייִדן האָבן געמורמלט שטילערהייט: „כ'טייטש, אַ ייִד זאָל זיצן ביי דער שיל יום־כיפור און נישט אַריינקומען צום דאַוונען?!". אָבער דאָך האָט איינער אים גיך צוגעטראָגן אַ בענקל, ער זאָל זיך זעצן. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, האָט דער קאָלאָניסט הערש גערשונאָוו זיך געווענדט צום אַגראָנאָם און אים געפרעגט: — „וועלכע איז די סיבה וואָס דאָס יאָר האָט זיך באַוויזן אַזוי פיל גראָז אין ווייץ?". דער אַגראָנאָם, נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, האָט אים געענטפערט: — „עס איז אַזוי, ווייל עס איז אַזוי". גערשונאָוו האָט זיך נישט באַפרידיקט מיטן ענטפער און פרעגט אים נאָך אַ מאָל: — „אָבער עפּעס אַ סיבה מוז דאָך זיין! ווען עס וואָלט געווען נאָר ביי איינעם אָדער עטלעכע קאָלאָניסטן, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז זיי האָבן נישט גוט צוגעגרייט די ערד, אָדער די זוימען וואָס זיי האָבן פאַרזייט זענען געווען נישט קיין ריינע. אָבער אַז די דאָזיקע גראָז פאַרפלייצט אַלע פעלדער, מוז דאָך זיין עפּעס אַ סיבה דערביי!". דער אַגראָנאָם האָט ווידער אַ מאָל געגעבן דעם זעלבן לאַקאָנישן ענטפער: — „אַזוי איז עס". גערשונאָוו האָט אים אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן: — „איר הערט, ייִדן, ווייזט אויס אַז די חכמה פון אַקערן און זייען שטייט אין נאָר ביי די אָקסן"...

דער עולם האָט זיך צעלאַכט און איז אַריינגעגאַנגען אין שיל אויף צו ענדיקן בעטן ביים רבש"ע, אַזוי צי אַזוי, אַבי עס זאָל זיין אַ גוטע קאָסעטשע.

# געבויט מיין היים

ביי מיין אָנקומען קיין אַרגענטינע, בין איך נאָך נישט אַלט געווען קיין פולע 18 יאָר. די שכנים מיינע האָבן מיר געהאַלטן אין איין פרעגן: — מיט וועמען וועסטו חתונה האָבן? אין קאָלאָניע זענען נישטאָ קיין מיידלעך פאַר דיר. עס איז נישט אַוועק קיין סך צייט און באַקאַנטע האָבן מיר אָנגעהויבן ריידן שידוכים. איך קען נישט זאָגן אַז איך האָב געטראַכט וועגן אַ תכלית, ניין, עס וואָלט געווען נישט אמת. פאַר מיר איז זיין אַ קאָלאָניסט געווען דער בעסטער תכלית, סיי פון עקאָנאָמישן ווי פון אידעאַלן שטאַנדפונקט. איך האָב ליב געהאַט די ערד־אַרבעט. איך האָב יאָ געטראַכט און פאַנטאַזירט וועגן אַן אידעאַלער היים, פון אַ לעבן ווי טייבעלעך, פון שאַפן אַ רויִק ערלעך ווינקעלע, ווו עס זאָל הערשן דער אמתער שלום־בית און קענען זיין אַ ניצלעכער מענטש אין דער געזעלשאַפט. חלומות פון אַ יונגן יינגל. איך האָב נישט געטראַכט, צי ביי מיינע 18 יאָר מעג איך קלערן פון פאַרבינדן זיך מיט אַ ווייב.

אין אַ געוויסן טאָג, פרייטיק אין דער פרי. מיר זענען געווען אין פעלד און געאַקערט, האָבן מיר דערזען פון דער ווייטנס, ווי דער טאַטע מיט נאָך איינעם גייען צו צו אונדז, האָבן מיר געזאָגט צווישן זיך: מסתמא האָט זיך שוין עמיצער פאַרבראָדזשעט מיט אַ וואָגן משא אין דעם אַראָזשאָ און מען דאַרף גיין העלפן אים אַרויסשלעפן. דאָס איז געווען אַן אָפטע דערשיינונג. אונדזער טשאַקרע האָט דורכגעשניטן אַ טיפע אַראָזשאָ, און אויפן וועג קיין דאָמינגעז האָט מען זי געמוזט דורכפאָרן. די סטאַנציע „קלאַראַ", וואָס איז היינט אַ היפש שטעטל, איז נאָך דעמאָלט נישט געווען. די קאָלאָניסטן פון די אַרומיקע קאָלאָניעס האָבן געמוזט פאָרן מיט אָנגעלאָדענע וועגענער תבואה אַ 30־40 קילאָמעטער. די אָקסן פלעגן ווערן מיד און די בלאָטע אין דער אַראָזשאָ איז געווען ברייט און טיף, פלעגן זיי דאָרט בלייבן שטעקן. מען האָט זיך געמוזט מטריח זיין און אַראָפּנעמען די משא פון וואָגן און זי אַריבער־טראָגן אויף די פּלייצעס. אַזוי אַרום האָבן מיר און די אַנדערע נאָענטע שכנים געדאַרפט אָפט מקיים זיין די מצווה „עזוב תעזוב". צוקומענדיק אָבער נענטער, האָבן מיר געזען אַז דער צווייטער איז לייזער־דוד גילולע, אונדזערער אַ סהייסלאָטשער. דער טאַטע האָט מיר געזאָגט: — „ווייסט, איטשקע, לייזער־דוד איז געקומען דו זאָלסט פאָרן מיט אים אָנקוקן אַ כלה זאָלסט טאַקע תיכף פאָרן מיט אים. דו וועסט זיין ביי אים אויף שבת און שבת־צו־נאַכט וועט ער

פאָרן מיט דיר, זאָלסט זיך באַקענען מיט דער משפחה". עס האָט נישט גע־געהאָלפן קיין טענות, קיין אַרגומענטן, — לייזער־דוד האָט זיך געשטעלט פאַר די אָקסן און געזאָגט, אַז איך מוז פאָרן. ער איז זיכער אַז עס איז אַ זיווג מן השמים. פון טאַטע־מאַמע איז דאָך קיין רייד נישט אַז זיי האָבן געוואָלט עס זאָל וואָס פריִער מקויים ווערן די ברכה „לגדלו לתורה ולחופה". איך בין געפאָרן. אין דער אמתן האָב איך שוין געהערט וועגן דער מיידל. אונדזער יונגע שכנה, דאָס ווייבל פון חיים־עוזר שטערן, שיינע גאַלאַנטע, איז געקומען צוזאַמען מיט דער פאַמיליע ראַדונסקי אויף איין שיף און זענען געווען חבר־טעס, פלעגט זי מיר שטענדיק זאָגן, אַז פון אַלע מיידלעך פון די פּופּציק פאַ־מיליעס וואָס זענען געפאָרן צוזאַמען, איז פאַראַן איינע אַן אויסגעצייכנטע, — ביילקע רופט מען זי. דער רעזולטאַט: געפאָרן, געזען, פאַרבראַכט אַ ווינטער־דיקע נאַכט מיט דער גאַנצער פאַמיליע, געוואָרן אַ חתן, צו צוואַנציק יאָר מיט איין מאָנאַט חתונה געהאַט מיט מיין לעבנס־באַגלייטערין. עס איז געווען אַ געוואַגטקייט. אָבער דער גוטער מזל האָט אונדז צוגעשפּילט און ביידע, צוויי יונגע קינדער, האָבן מיר דורכגעשפּאַנט אַ לעבן ביז צו דער גאָלדענער חתו־נה און צום גליק שפּאַנען מיר ווייטער, מיט אַ הייליקער טריישאַפט אין פולן זינען פון וואָרט. מיר האָבן דורכגעמאַכט אַלערליי צייטן. געווען מאָמענטן, ווען עס האָט געפעלט דאָס נייטיקסטע אין שטוב און האָב קיין מאָל נישט באַ־מערקט קיין קרום פּנים פון מיין פרוי. זי האָט געטראָגן דעם יאָך צוגלייך מיט מיר, נישט בלויז מאָראַליש נאָר אויך פיזיש. ווער עס האָט געקענט די אַר־בעט פון די ערשטע יאָרן ביי דער קאָלאָניזאַציע ווייסט, אַז מען האָט געדאַרפט טאָן אַלצדינג אַליין: אַקערן, זייען, שניידן, מעלקן די קי, טאָן אַליין אַלע שטוב־אַרבעטן, אַפילו טינקעווען און קאַלכן די שטוב. די פרוי האָט געהאָרעוועט מער ווי דער מאַן. און נאָך דער גאַנצער האָרעוואַניע איז געקומען דער היי־שעריק אָדער אַן אַנדער פּלאָג, טרוקעניש, צו פיל רעגן און מען איז געבליבן מיט גאָרנישט. אין אַזעלכע צייטן האָט מען באמת געפילט די ברכה פון האָבן אַ געטרייע חברטע און די באַדייטונג פון אַ פאַרשטאַנדיקער פרוי.

אין יאָר 1905 האָט מען מיר אָנגעבאָטן אַ שטעלע אין אַ האָלץ־געשעפט אין בוענאָס־איירעס, מיט אַ געהאַלט פון 140 פּעזעס אַ חודש און אַ דירה. פאַר יענע צייטן איז עס ממש געווען אַ גליק. אָבער ביידע האָבן מיר קאַטעגאָריש געזאָגט, אַז טראָץ אַלעמען וועלן מיר די קאָלאָניזאַציע נישט פאַרלאָזן.

אונדזער לעבנס־וועג איז געווען פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט אַ שווע־ר'ער, אָבער אַ גלייכער און אַ ריינער. דאָס גיט אונדז רו און צופרידנקייט איצט, אויף די עלטערע יאָרן. אין אונדזער שטוב זענען נישט געהערט גע־וואָרן קיין זידל־ווערטער. עס איז אָפּגעהיט געוואָרן די ריינקייט פון דער

שפּראַך. עס איז קיין מאָל נישט באַנוצט געוואָרן אַ וואָרט, וואָס מען קען אים נישט זאָגן פאַר פרעמדע מענטשן. און ווי ווייט מעגלעך איז אונדזער היים געווען אויסגעפּולט מיט אַן אידעאַלן לעבן, סיי אין פּריוואַטע ווי אין געזעל־שאַפטלעכע ענינים. מיר זענען נישט נאָכגעקומען די מאָדערנע פאָדערונגען, נישט צוליב קאַרגקייט, נאָר מיינע הכנסות האָבן עס נישט דערלויבט און מיר זענען געווען צופרידן וואָס דאָס ווייניקע וואָס מיר האָבן געקענט איינשפּאָרן האָבן מיר עס באַנוצט אויף נוצלעכע געזעלשאַפטלעכע זאַכן.

מיר זענען צופרידן וואָס מיר קענען זאָגן, אַז אונדזער לעבן איז כדאי געווען צו לעבן, טראָץ דעם וואָס פערזענלעך האָבן מיר נישט גענאָסן מערער פון דאָס נייטיקסטע וואָס דאָס לעבן פאָדערט.

# מיינע פאַרדינסטן אין דער אַדמיניסטראַציע

דער שטייגער פון פעלד־אַרבעט אין די ערשטע יאָרן איז געווען אַזוי: אַקערן פלעגט מען אָנהייבן אויף מאָרגן נאָך פסח און געענדיקט פאַרזייען, צום שפּעטסטנס, ערב תשעה־באָב, און ביז קאָסעטשע, דאָס הייסט ביז סוף נאָוועמבער איז מען אַרומגעגאַנגען בטל. די מענטשן אַזוי ווי די אָקסן. פון נאָכן שניט, וואָס האָט זיך געענדיקט אַרום אין מיטן יאַנואַר, זענען ווידער אַ מאָל געווען אָן אַ שטאָך אַרבעט. די עטלעכע העקטאַר מאַיס, וואָס מען האָט פאַרזייט, האָט פאַרנומען ווינציק צייט. אין די דאָזיקע טעג האָט מען געזוכט זייטיקע פאַרדינסטן אין דער יִקאַ־אַדמיניסטראַציע. מיר זענען קאָלאָניזירט געוואָרן נישט ווייט פון דעם שטעטל דאָמינגעז, ווו עס איז אויך געווען די אייזנבאַן־סטאַנציע. די יִקאַ האָט דאָרט געהאַט אירע גרויסע בלעכענע גאַל־פּאָנעס.* אַלע אַגריקולטור־אַרטיקלען וואָס זענען אָנגעקומען מיטן באַן פאַר דער יִקאַ פלעגט מען דאַרפן צעפירן פון די וואַגאָנעס ביז צו די גאַלפּאָנעס. האָבן מיר געמאַכט די דאָזיקע אַרבעט און דערביי פאַרדינט עטלעכע פּעזעס טעגלעך.

די ערשטע צייט איז אונדז אָנגעקומען שווער די אַרבעט. צום ערשטן מאָל ווען מען האָט מיר אַרויפגעלייגט אַ זאַק ווייץ פון 70 קילאָ אויפן אַקסל, האָב איך געגעבן אַ געשריי: „אוי, איך ברעך זיך איבער!”. דער זאַק איז אַראָפּגעפאַלן און געפּלאַצט. דער ווייץ האָט זיך צעשאָטן אויף דער ערד. די הי־געבוירענע וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט האָבן געגעבן אַ געשריי און גע־לאַכט פונעם „גרינגאָ”.** איך האָב זיך פאַרשעמט און דערשראָקן, טאָמער וועל איך דאַרפן באַצאָלן פאַרן שאָדן. אָבער שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג האָט זיך שוין מיין אַקסל צוגעוווינט און איך בין געוואָרן אַ גוטער טרעגער פון זעק מיט ווייץ און אַנדערע זאַכן. איך האָב זיך צוגעקוקט ווי די אַנדערע אַר־בעטן און האָב געזען, אַז מען דאַרף זיך נישט איילן. קיינער האָט נישט אַכ־טונג געגעבן. געצאָלט האָט מען פון טאָג, מען האָט נאָר געדאַרפט קוקן ווי די זון רוקט זיך. אָבער מיר האָבן זיך געפּלייסט צו זיין פון די בעסערע אַר־בעטער.

---

* שפּייכלערס.

** גרינער.

**
*

באַלד נאָך מיין חתונה האָב איך שוין געקענט עטלעכע ווערטער שפּאַ־ניש, בין איך געגאַנגען אין דער אַדמיניסטראַציע, אָדער בעסער געזאָגט, צום אַגענט פון דעם דיסטריקט, דוד הורוויץ, און געבעטן ער זאָל מיר געבן אַר־בעט אין דער ביוראָ. מיר זענען געווען זעקס ברידער, אַלע אויף איין טשאַק־רע, און עס איז פּשוט נישט געווען קיין אַרבעט פאַר אַלעמען, חוץ אין שניט־צייט. אין יענע יאָרן איז געווען איינגעפירט, אַז די „איינמאָנונג" פלעגט די יי־קאַ מאַכן תיכף בעתן דרעשען. ביי יעדער דרעש־מאַשין איז געשטאַנען אַ מענטש פון דער אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט גענומען 20% פון די אויסגע־דראָשענע זעק. די דאָזיקע „מענטשן" האָבן געהאַט אינסטרוקציעס אַראָפּצו־נעמען פאַר דער יי־קאַ צוויי פון יעדע צען זעק און זיי לייגן באַזונדער. אויך מיך האָט מען אָנפאַרטרויט צו זיין אַ „מענטש", אָדער ווי מען האָט עס גע־רופן מיטן אָפיציעלן נאָמען — אַ „קאַפּאַטאַס"* ביי אַ דרעש־מאַשין. הורוויץ פלעגט קומען אַלע פאַרנאַכט אָפּנעמען דעם ראַפּאָרט פון דעם טאָג אַרבעט. אין אַ טאָג, ווען די דרעש־מאַשין איז געשטאַנען ביים קאָלאָניסט לוליאַנסקי, איז אָנגעקומען הורוויץ און מיך שטרענג אַ פרעג געטאָן: — „ווו זענען די זעק תבואה פאַר דער יי־קאַ?!". איך האָב אים געענטפערט גאַנץ רויק, אַז די זעק געפינען זיך אין „גאַלפּאָן" פון קאָלאָניסט, און ווען ער וועט ענדיקן דרעשן, וועט ער אַריינפירן די צוואַנציק פראָצענט פון דער אויסגעדראָשענער תבואה אין שפּייכלער פון דער יי־קאַ. צווישן אונדז איז דעמאָלט פאָרגעקומען דער ווייטערדיקער דיאַלאָג:

— ווער האָט אייך באַפולמעכטיקט אַזוי צו האַנדלען? איר דאַרפט אויס־פאָלגן די אינסטרוקציעס, וואָס מען האָט אייך געגעבן און לייגן באַזונדער די זעקלעך פאַר דער יי־קאַ. דער קאָלאָניסט דאַרף זיי נאָכן דרעשען אַוועקפירן מיט זיין וואָגן אין גאַלפּאָן פון דאָמינגעז.

— הער הורוויץ, אַ מענטש קען דאָך נישט זיין קיין אויטאָמאַט און מען מיז האָבן אַן אייגענע קריטעריע. באַרעכנט — יעדער קאָלאָניסט האָט עטלע־כע פאַרוועס, נישט אַלע שטייען אויף איין פלאַץ; אויב מאַכן קופּקעלעך ביי יעדער פאַרווע, ווער וועט זיי היטן ווען די מאַשין וועט אַוועק ווייט? דער קאָ־לאָניסט האָט נישט קיין אינטערעס אַכטונג צו געבן אויף דעם טייל וואָס די יי־קאַ נעמט צו ביי אים. אויך דאַרף גענומען ווערן אין אַכט, אַז טאָמער גייט

* אויפזעער.

אַ רעגן, — ווו וועל איך נעמען „לאַנאַס"* איינצודעקן די זעק? דער אויפן ווי איך מאַך עס לוינט בעסער פאַר ביידע צדדים: דער קאָלאָניסט פירט אַריין די גאַנצע תבואה צו אים אין גאַלפּאָן, און ווען ער ענדיקט דאָס דרעשען קען ער ערשט רויק אַוועקפירן אין גאַלפּאָן פון דער יק״אַ אירע צוואַנציק פּראָצענט.

— און וואָס וועלן מיר טאָן אויב ער וועט פאַרקויפן די גאַנצע תבואה און וועט פאַר דער יק״אַ גאָר נישט איבערלאָזן?

— אויב ער וועט פאַרקויפן אין גאַנצן, וועט ער באַצאָלן אין מזומן דעם באַטרעף פון די 20%. די יק״אַ דאַרף דאָך נישט די קערנער, זי דאַרף דאָך דאָס געלט.

— און טאָמער וועט ער נישט באַצאָלן?

— די יק״אַ האָט געענוג מיטלען איינצומאָנען איר חלק.

— מען האָט מיר געזאָגט, — שרייט הורוויץ, — אַז די קאָלאָניסטן שיטן אָן זעק פון מעל פון 90 קילאָ און דער יק״אַ ברענגען זיי אַלע זעק פון 70 קילאָ!

— עס איז ריכטיק, הער הורוויץ — ענטפער איך, — נאָר באַרעכנט גוט, וויפל זעק מעל קען האָבן אַ קאָלאָניסט דורכן יאָר? (די קאָלאָניסטקעס פלעגן באַקן ברויט ביי זיך אין שטוב. מעל האָט מען געקויפט אַ פולן זאַק, אין יעדן זאַק איז אַריין 90 קילאָ). ווען אַ סך, קען דורכן יאָר זיך אָנקלייבן פופצן ליי־דיקע זעק. לויטן חשבון, דאַרף דער קאָלאָניסט געבן דער יק״אַ אַדמיניסטראַ־ציע דריי זעק פון די גרויסע, און ער גיט דריי זעק פון די קלענערע — איז דאָס אַן אונטערשייד אין 60 קילאָ. באַרעכענענדיק אויף געלט, קען עס אויס־מאַכן דריי פּעזאָס (לויט די דעמאָלטיקע פּרייזן). איז כדאי צוליב דעם זיך קריגן מיטן קאָלאָניסט? איז שוין וועגן געקומען צו אייך פון די וואָס האָבן געדראָשן מיט דער דרעש־מאַשין ווו איך באַדין מיט אַ טענה, ווי עס קומט פאַר ביי אַנדערע דרעש־מאַשינען?

נישט אויסריידנדיק מער קיין איין וואָרט, האָט זיך הורוויץ אַריינגעזעצט אין סולקי** און איז אַוועקגעפאָרן. ביים ענדיקן די אַרבעט האָט מיר הורוויץ באַגריסט און געזאָגט, אַז ער איז זייער צופרידן מיט מיין פּינקטלעכקייט. אויף צו הערן אַ גוט וואָרט פון הורוויצן האָט מען געדאַרפט האָבן אַ גרויסע זכיה, ווייל אַ חוץ וואָס די יק״אַ־באַאַמטע האָבן אַלע געהאַט אַ שטרענגען טאָן ביים ריידן מיט אַ קאָלאָניסט, איז ער גאַנץ באַזונדערס געווען „באַגאַבט" מיט אַ האַרטן כאַראַקטער. פון צייט צו צייט פלעגט מען מיר געבן אַרבעט אויף עט־

---

* ברעזענטן.

** אַ וועגעלע אויף צוויי רעדער.

לעכע טעג אין דער אַדמיניסטראַציע, אָדער ביי מיר אין שטוב. אין אַ טאָג גיט מיר הורוויץ אַן אַרבעט צו צייכענען דעם פּלאַן פון זיין דיסטריקט אין דער קאָלאָניע. ער פלעגט איטלעכס יאָר פאַרצייכענען אויפן פּלאַן, וואָס דער קאָלאָניסט האָט געזייט אויף זיין טשאַקרע, אין וועלכן פּלאַץ און וויפל העקטאַר האָט ער געזייט ווייץ, ליאַן, מאַיס. מחמת דעם האָט ער געדאַרפט האָבן עטלעכע קאָפּיעס. פאַרנדיק אַהיים מיטן פּלאַן־אָריגינאַל און עטלעכע בויגנס זייס פּאַפּיר, האָב איך מיך אַליין געמאַכט אַ פאָרוואורף, הלמאי איך האָב אָנגענומען צו מאַכן אַן אַרבעט, פון וועלכן איך האָב קיין אַנונג נישט געהאַט. נאָר פאַרפאַלן, זיך אונטערגענומען — מוז מען עס דורכפירן. די בויגנס פּאַפּיר זענען געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי דאָס טישל וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך זיי אויסגעשפּרייט אויפן בעט. קיין געצייג צו דעם האָב איך נישט געהאַט, האָב איך גענומען אַ ברעטל פון אַ גאַזע־קעסטל, טינט און פעדער און אָנגעהויבן צייכענען. מיין יונגע ווייבל האָט מיך געהאָלפן האַלטן די פּאַפּירן. איך האָב געצויגן ליניעס. דאַכט זיך, עס איז געווען גוט אויסגעמאָסטן און פּינקטלעך אויסגערעכנט, נאָר אַז עס איז געקומען צום סוף, האָט געפעלט פּלאַץ אויפן פּאַפּיר פאַר אַ גאַנצע ריי טשאַקרעס. איך בין געבליבן שטיין פאַרצווייפלט — איבערגעפּירט אַ בויגן פּאַפּיר. וואָס טוט מען ווייטער? ווי אַזוי מאַרקירט מען אַז עס זאָל אַרויסקומען פּינקטלעך?

דערווייל איז געקומען די שעה צו פאַרשפּאַרן די קעלבער אין „טשיקערא",* בין איך אַוועק אין „פּאָטרעראָ" ברענגען די קי. גייענדיק האָב איך געטראַכט: ווי אַזוי קריך איך אַרויס פון דער דאָזיקער צרה? אומקערן צוריק די פּאַפּירן אין ווייסן האָט מיר נישט דערלאָזט מיין עקשנות; וואָס הייסט נישט קענען? נאָר אומגעריכט איז מיר ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן אַ געניאַלע אידעע. איך האָב גיך געטריבן די קי, פאַרשפּאַרט די קעלבלעך אין טשיקעראָ, בין אַריין אין שטוב און געזאָגט מיין ביילקען, וועלכע איז אויך געווען היפּש פאַרזאָרגט פון מיין דורכפאַל, זי זאָל מיר געבן שפּילקעלעך וויפל נאָר זי האָט, און עס וועט זיין גוט. איך האָב אויסגעלייגט אַלע בויגנס פּאַפּיר אויפן בעט. אויבן האָב איך אַרויפגעלייגט דעם פּלאַן, מיט די שפּילקעס דורכגעשטאָכן אַלע ברעגן פון די ליניעס — פון מזרח צו מערב און פון דרום צו צפון, אויך די אַראָזשאָס, און נאָך דעם גענומען די לייסט און מיט דער פּען געצייכנט גלייך, פון לעכעלע צו לעכעלע. עס איז אַרויס פּינקטלעך און ריין. פאַר מיין צער האָב איך געהאַט נחת. ווען איך האָב אָפּגעבראַכט הורוויצן די אַרבעט, האָט ער זיך געוווּנדערט ווי עס איז געמאַכט געוואָרן מיט אַזאַ גענויער פּינקט־

* אַן אָפּדאַך פאַר קעלבלעך.

לעכקייט און האָט מיר באַצאָלט מיט עטלעכע פּעזעס מער ווי ער האָט גע־רעכנט, — אַזוי האָט ער מיר געזאָגט.

**
*

איך בין שוין געוואָרן אַ קאָלאָניסט פאַר זיך, אין פּערליסאַ, אָפּגעטיילט פון די עלטערן, אין שכנות פון מיין ברודער משה. מיין פרוי און איך האָבן געטאָן אַליין, אָן פרעמדע הענט. נאָר די קאָסעטשעס זענען נישט געראָטן. מיר האָבן געלעבט זייער עקאָנאָמיש, אויף נישט צו זאָגן — אין דחקות, נאָר קיי־נער האָט ביי אונדז נישט געוווּסט, אַפילו נישט די מאַמע ע״ה. געווען איז עס אויף מאָרגן נאָך פּסח. די מצות האָבן זיך געענדיקט און מעל צום באַקן ברויט איז נישט געווען. וואָס טוט מען? אין קינטע** האָבן מיר געהאַט אַ סך „פּאַ־טאַטאַס״*** פון אַ גוטן סאָרט, האָבן מיר אַ פּאָר טעג זיך געזעטיקט מיט זיי.

אין אַ פאַרנאַכט ברענגט מיר אַ רייטער אַ צעטעלע פון דער אַדמיניס־טראַציע, איך זאָל תיכף קומען, זיי האָבן אַ דרינגלעכע אַרבעט פאַר מיר. די דאָזיקע אַרבעט האָט געדויערט ביי מיר צוויי טעג. איך האָב זיך געאיילט, ווייל עס איז געווען די צייט פון אַקערן. און מען האָט מיר באַצאָלט 12 פּעזעס. יענע צוועלף פּעזעס וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. איך האָב געקויפט אַ זאַק מעל פאַר ניין פּעזעס און עס איז אונדז נאָך געבליבן גאַנצע דריי פּעזעס אין קעשענע. ווער איז דער חכם, וואָס קען אָנווייזן וואָס עס איז גליק און ווען מען איז גליקלעך?

נאָר טאַלאַנטפולע קינסטלער קענען אפשר באַשרייבן „גליק״ פון אַ גע־טרייען לעבן, ווען דער מאַן קומט אַ מידער פון דער אַרבעט און די פרוי גרייט פאַר אים אַ ריינעם טיש, אָן ברויט, מיט פּאָטראַוועס פון פּאַטאַטאַס און נאָך אַ מאָל פּאַטאַטאַס, מיט אַ פרייער רויִקער מינע. נישט זי באַקלאָגט זיך און פרעגט אַפילו נישט די געוויינלעכע נאַיווע פראַגע: נו, וואָס וועט זיין?

**
*

עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד בין איך אין דער שניט־צייט געווען אינקאַסענט אין דער ייִקאַ־אַדמיניסטראַציע. מיין אָפּטיילונג האָט אַרומגענומען די גרופּעס

** אַ גאָרטן.

*** זיסע קאַרטאָפל.

קרית־ארבע, אבן־הראשה, דעספּאַראַמאַדאָס, כרמל, אידאַ, באַראָן הירש, מי־גל. דער אַדמיניסטראַטאָר איז געווען ה׳ אַדאָלפאָ לייבאָוויטש. דער איינמאָ־נער פלעגט באַקומען ליסטעס מיט אָנגעצייכנטע סומעס, וואָס יעדער קאָלאָ־ניסט דאַרף באַצאָלן. די סומעס האָבן באַטראָפן פון 75 ביז 300 פּעזעס, לויט דער קאָסטעשע און אַלגעמיינער לאַגע פון יעדן קאָלאָניסט באַזונדער.

איך האָב געהאַט אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע זיך צו קענען פאַרגלייכן מיטן קאָלאָניסט לויט מיין איינזען. מען האָט קיין מאָל נישט געקענט פּראָוויזען געגנוי דעם רעזולטאַט פון דער קאָסטעשע. דאָס האָט פאַרלייכטערט די אַרבעט און געגעבן אַ גוטן רעזולטאַט. בעיקר זענען געבליבן צופרידן די קאָלאָניסטן. אין יענער צייט איז 25 פּעזעס געווען אַ היפּשע סומע, מיט וועלכע מען האָט געקענט דעקן אַן אַנדער חוב: דעם קצב, דעם שמיד, דעם סטאָליער. און איך בין געווען צופרידן, וואָס פאַר די 4 יאָר וואָס איך בין געווען אינקאַסענט, האָט מען נישט באַדאַרפט אָנווענדן פּאָליציי צו קיין איין קאָלאָניסט אין מיין דיס־טריקט.

אין יאַנואַר 1908 איז געקומען ווי אַדמיניסטראַטאָר אין קאָלאָניע קלאַראַ דער ה׳ לעאָן סידי. לייבאָוויטש איז באַשטימט געוואָרן פאַר דירעקטאָר פון די יק״א־קאָלאָניעס אין בראַזיל. ווען איך בין געקומען פּרייטיק, דער טאָג אָפּ־צוגעבן דעם ראַפּאָרט פון דער וואָך, האָט מיר סידי געפרעגט, פאַר וואָס דער אָדער יענער האָט באַצאָלט ווייניקער ווי עס איז אָנגעצייכנט אין דער ליסטע? איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין באַפולמעכטיקט דאָס צו טאָן לויטן אָפּמאַך מיט ה׳ לייבאָוויטשן. אָבער סידי האָט עס נישט געוואָלט אָנערקענען, ווייל „יעדע ענדערונג, — האָט ער מיר געזאָגט, — מוז פריער אָנגעפרעגט ווערן אין דער דירעקציע פון בוענאָס־איירעס”. איך האָב אים אָפּגעדאַנקט און איבערגעלאָזט די ליסטעס מיט די ביכלעך קבלות און בין אַוועקגעגאַנגען. שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט ער מיר געשיקט זאָגן, אַז איך זאָל קומען פאָרזעצן מיט דער אַרבעט, נאָר איך בין נישט געגאַנגען.

אין אַפּריל 1908 איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן די אָנפירונג פון „פאָנדאָ קאָמונאַל”.*

* געמיינדע־פאָנד (אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָאָפּעראַטיוו).

# שיר־שיך אַ ייקאַ־באַאַמטער

דאָס איז געווען אין יאָר 1904. איך בין שוין געווען אַ באַלעבאָס פאַר זיך, אַ בעל־הבית איבערן דלות. די קאָסעטשעס זענען דורכגעפאַלן, אַנ־דערע הכנסות, ווי מילך אָדער צוגעקומענע קעלבער האָב איך געהאַט ווײ־ניק, ווייל איך האָב געהאַט ווייניק קי. קיין אָפּגעשפּאָרט געלט האָב איך נישט געהאַט. געאַרבעט האָט מען אַליין און אַ סך, פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין אָוונט, מען איז אויפגעשטאַנען ווען עס איז נאָך געווען פינצטערלעך. איך פלעג אַוועקגיין צום פּאַטרעראָ ברענגען די אָקסן צום אַקערן, אָדער זייען. מיין פרוי פלעגט אַריינגיין אין שטאַל מעלקן די קי איינע אַליין. מער ווי איין מאָל פלעגט מיר פאַרקלעמען ביים האַרצן, זעענדיק פון דער ווייטנס ווי זי ראַנגלט זיך מיט די קעלבער, וואָס זענען געווען שטאַרקער פון איר, אָפּרייסנ־דיק זיי פון דער מוטערס אייטער, כדי זיי זאָלן נישט אויסזייגן אַן איבעריקן טראָפּן מילך, וואָס די נאַטור האָט צוגעגרייט פאַר דער קאַלב. מען האָט עס אָבער געמוזט טאָן בכדי צו האָבן עטלעכע סענט אויף אַריינצוברענגען אַנ־דערע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך אין שטוב. אָט ביי אַזאַ אַרט לעבן חד־שים נאָך חדשים, אַ ביסל האָט מען זיך געטרייסט מיט צרות רבים, אַ ביסל האָט מען געהאָפט אויף בעסערס, — האָט מען געליטן און געשוויגן.

אין אַ געוויסן טאָג, זיצנדיק אויפן פלוג ביים אַקערן, קומט אַ באַדינער פון דער אַדמיניסטראַציע און דערלאַנגט מיר אַ בריוועלע, אין וועלכן עס זאָגט זיך, איך זאָל תיכף קומען וועגן אַ דרינגענדיקן ענין. אין דער אַדמי־ניסטראַציע, האָט מיר דער אַדמיניסטראַטאָר ה׳ לייבאָוויטש אַריינגעפירט אין אַ באַזונדערן צימער און מיר געזאָגט פאַרטרוילעך, אַז דער אַגענט וואָס זיי האָבן אין דאָמינגעז גייט אַוועק פון דער שטעלע, דאַרפן זיי האָבן אַן אַנדערן אויף זיין פלאַץ; ווייל ער, אַז איך זאָל אים רעקאָמענדירן איינעם, אַזאַ ווי איך. דערהערנדיק דעם פאָרשלאַג, בין איך זיך מודה, אַז דאָס האַרץ האָט ביי מיר גענומען שטאַרק קלאַפּן. אָט שטעלט מען מיר פאָר אַזאַ גליק! מיר האָבן גע־לעבט מיט 12־15 פעזעס אַ מאָנאַט און אַן אַגענט אין דער ייקאַ האָט באַקומען 60 פעזעס אַ מאָנאַט, מיט אַ דירה, מיט באַהייצונג און באַלייכטונג, מיט אַ פעאָן און סולקי. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב גלייך געענטפערט, אַז אויב מען ווינטשט צו האָבן אַזאַ איינעם ווי איך, בין איך דאָ אַליין. לייבאָוויטש האָט מיר געזאָגט, אַז מיין קאַנדידאַטור איז אויסגעשלאָסן, דערפאַר וואָס איך

בין אַ קאָלאָניסט, און לויטן רעגלאַמענט פון דער יִיקאַ קען אַ קאָלאָניסט נישט פאַרנעמען קיין שטעלע ביי זיי.

— נו, — זאָג איך, — וועל איך ווערן אויס קאָלאָניסט!

— וועט זיין נאָך ערגער, — זאָגט מיר לייבאָוויטש, — ווייל אַ געוועזענער קאָלאָניסט איז פאַר זיי טריפה.

— וועל איך צונעמען אַ ברודער פאַר אַ שותף צו דער טשאַקרע.

— עס וועט נישט העלפן, ווייל איר בלייבט אַלץ קאָלאָניסט.

נישט האָבנדיק קיין קאַנדידאַט פאָרצולייגן באַלד אויפן מאָמענט, איז געבליבן איך זאָל קומען שפעטער מיט אַ פּאָר טעג נאָך אַ מאָל.

ביים אַוועקגיין האָב איך געבעטן דעם ה׳ בענכאַמין מעזשיבאָווסקי, — ער איז געווען בוכהאַלטער אין דער יִיקאַ, — ער זאָל ווירקן מען זאָל מיר איבערגעבן די שטעלע. ער האָט מיר אָנפּאַרטרויט, אַז איידער זיי האָבן מיר גערופן, האָבן זיי אַליין געזוכט אַ מעגלעכקייט זיי זאָלן מיר קענען אַריינגעמען פאַר אַ באַאַמטן, אַ באַוויייז איז דער צוטרוי וואָס זיי האָבן צו מיין פערזאָן, אָבער די דירעקציע אין בוענאָס־איירעס וועט עס פאַר קיין פאַל נישט באַשטעטיקן. יענע איבערלעבעניש איז געווען פאַר מיר, ווי צושטעלן אַ גלאָז קאַלט וואַסער צו די ליפּן פון אַ שטאַרק דאָרשטיקן און אים נישט לאָזן טרינקען. שפעטער מיט צוויי טעג בין איך געקומען אין דער אַדמיניסטראַציע און האָב געפּרוווט נאָך אַ מאָל ריידן וועגן מיין קאַנדידאַטור, נאָר עס איז געווען אומ־מעגלעך. לייבאָוויטש האָט געזאָגט, אַז ער האָט געשריבן וועגן מיר אין דער דירעקציע, אָבער זיי קענען נישט אַריבערגיין דעם רעגלאַמענט. איך האָב דאַן פאָרגעלייגט די קאַנדידאַטור פון מיין ברודער שמואל, וואָס ער האָט גלייך אַקצעפּטירט, מיטן תנאי איך זאָל אים פאַרזיכערן אַז ער איז ענלעך צו מיר און אַז איך האָב צוטרוי צום ברודער, ווי אויך אַז איך זאָל קיינעם גאָר נישט דערציילן וועגן דעם, אַפילו שמואלן גופא אויך נישט ביז מיטוואָך פון דער צווייטער וואָך. מיטוואָך זאָל איך קומען מיט שמואלן, גרייט איבערצונעמען תיכף די שטעלע. פון דער אַדמיניסטראַציע בין איך געפאָרן צו דער מאַמען. פון אַ מאַמעס אויג קען מען נישט פאַרבאָרגן. זי האָט גלייך דערקענט אַז איך ליד און זי האָט אָנגעהויבן אויספרעגן וואָס מיר איז, וואָס פּאַסירט? אַזוי אַז טראָץ דעם וואָס איך האָב צוגעזאָגט לייבאָוויטשן צו האַלטן די זאַך בסוד ביז מיטוואָך; אָבער זעענדיק ווי די מאַמע ווערט אומרויִק, האָב איך איר דער־ציילט אַלע איינצלהייטן און אַז שמואל איז באַשטימט צו פאַרנעמען די שטע־לע. די מאַמע, אַזוי ווי איך, אפשר מיט נאָך מער שבר־לב, האָט גענומען פאַרלייגן פּלענער. גלייך ווי שמואל וועט קומען — ער איז אין יענעם מאָמענט נישט געווען אין דער היים, — וועט זי אים הייסן איינשפּאַנען דעם וואָגן און

פאָרן צו לייבאָוויטשן; זי וועט גאַראַנטירן מיט אַלץ וואָס מען וועט פון איר פאָדערן, אַבי מען זאָל מיר געבן די שטעלע. איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די זאַך איז נישט איבערצומאַכן. פאַרנדיק אַהיים, האָב איך זיך באַגעגנט אויפן וועג מיט שמואלן. און אין שמועס האָב איך אים דערציילט פון דעם, אַז דער אַגענט פון דער יִקאַ פאַרלאָזט די שטעלע און אַז מען האָט געבעטן איך זאָל רעקאָמענדירן אַ פערזאָן וואָס זאָל זיין פּאַסיק צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ. — „וואָס הייסט, — האָט ער אויסגערופן, — און דו! פאַר וואָס זאָלן זיי נישט געבן דיר די שטעלע?". איך האָב אים דערציילט די מאָטיוון פאַר וואָס מיין קאַנדידאַטור קען נישט קומען אין באַטראַכט. אָבער ער האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער פאָרט אַהיים און וועט צוזאַמען מיט דער מאַמען באַזוכן די אַדמיניסטראַציע; ער וועט איבערנעמען די אַרבעט אין מיין טשאַקרע, אָדער אַן אַנדער מיטל, אַבי איך זאָל קענען פאַרנעמען דעם פּאָסטן. זעענדיק ווי אויפריכטיק ער איז, אַז עס טוט אים באמת ווי פאַר וואָס איך קען נישט באַקומען די שטעלע, האָב איך אַ פרעג געטאָן, צי ער וואָלט אַ בעלן געווען איבערצונעמען דעם אַמט? זיין ענטפער איז געווען: ווי קומט ער צו אַזאַ אַמט, ער האָט קיין מאָל נישט געאַרבעט ביי אַזעלכע זאַכן; ער מיט דער מאַמען וועלן נאָך היינט זיין אין דער אַדמיניסטראַציע, אפשר וועלן זיי נאָך פועלן. איך האָב זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און אים געזאָגט, אַז מיטוואָך וועל איך קומען צו אייך, מיר וועלן ביידע צופאָרן אין דער אַדמיניסטראַציע און ער וועט איבערנעמען די שטעלע. און אַזוי איז געווען.

**
*

איך בין זיך מודה אַז איך האָב שטאַרק געליטן מאָראַליש. מיין מאַטעריעלע לאַגע איז געווען ביז גאָר אַ שלעכטע. דאָ זע איך פאַר מיר אַזאַ גליק און קען עס נישט דערגרייכן. אָבער נאָך דעם און ביז צום היינטיקן טאָג, פיל איך אַ גרויסע באַפרידיקונג, וואָס דער שיקזאַל האָט געפירט אָט־אַזוי ווי ער האָט מיר געפירט. טרוקן, אומדאַנקבאַר, מאָראַליש דערדריקנדיק איז די אַרבעט אין דער יִקאַ, ווען מען מוז צוזען ווי עס ווערט געפירט; ווי אַזאַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג האָבן אומפעיִקע באַאַמטע דערפירט כמעט ביז צום אונטערגאַנג. מיר האָט דער גורל באַשערט אַריינצוגיין אַרבעטן אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, אונטער דער גייסטיקער אויפפּאַסונג פון אַזאַ פערזאָן ווי מיגעל סאַכאַראָוו. איך האָב די אומפאַרגלייכלעכע סאַטיספאַקציע צו האָבן געדינט עטלעכע צענדליק יאָרן אַזאַ נאָבעלן אידעאַל ווי דאָס איז די פרייע קאָאָפּעראַציע, האָבנדיק בייגעטראָגן טאָג־טעגלעך מיין קערנדל זאַמד און אַ

מאָל אויך אַ גאַנצן ציגל צו דעם דאָזיקן שיינעם בנין, וואָס באַהערשט נישט נאָר דינט דער מענטשהייט — דעם קאָאָפּעראַטיוויזם. איך און מיין פּרוי האָבן ביידע געליטן אַ סך מאָל עקאָנאָמיש און מאָראַליש. אויך אונדזערע קינדער האָבן צייטנווייז געליטן צוליב דוחק אין מאַטעריעלע מיטלען. אָבער איצט, ביים מאַכן דעם סך־הכל פון אונדזער אַריבער 60 יאָר צוזאַמענלעבן, דאַנקען מיר די השגחה, וואָס האָט אונדז געלאָזט לעבן אויף דעם אופן ווי מיר האָבן געלעבט.

עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז מיין ברודער שמואל איז געווען פון די בעסטע, אויב נישט דער בעסטער, פעיִקסטער און אָרנטלעכסטער פון אַלע ייִקאַ־באַאַמטע, — אַזוי האָט מיר געזאָגט דער ה׳ אונגרע, גענעראַל־דירעקטאָר פון דער ייִקאַ.

# קאָנסיסטאָריע

אין יאָר 1903 איז געקומען קיין אַרגענטינע דער ראַבינער שמואל חלפן, געשיקט פון דער יי.ק.א. אין פּאַריז. זיין וווין־פּלאַץ איז געווען דאָמינגעז, קאָלאָניע קלאַראַ. פאַר די קאָלאָניסטן איז דאָס געווען אַ נייס. מיר האָבן געוווסט, אַז אַן עדה יידן דאַרף האָבן אַ רב. מיר זענען געווען שטאָטישע יידן און מען איז געווען געוווינט צו אַ מנהיג רוחני. אָבער, מיר האָבן אויך געוווסט, אַז אויפצונעמען אַ רב פלעגן פאָרקומען אַסיפות; עס פלעגן זיין פאַרשיידענע קאַנדידאַטן און עס פלעגן פאָרקומען וויכוחים וועגן דעם פּאַסנדיקן קאַנדידאַט, נאָר אַז מען זאָל אונדז שיקן אַ רב־ראַבינער פון פּאַריז און גאָר נישט אָנפרעגן ביי די יודעי־דבר — דאָס האָט נישט אַרויסגערופן קיין ענטוזיאַזם. אָבער אַזוי ווי קיין שכירות פאַרן רב האָט מען נישט געבעטן ביי קיינעם, האָט קיינער נישט געפרעגט קיין שאלות. אין אַ טאָג האָבן די בעלי־בתים באַקומען איינלאַדונגען צו אַן אסיפה, ביי וועלכער דער ראַבינער וועט האַלטן אַ דרשה. אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, איז די פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען חול־המועד פסח, אין קלוב „זכרון משה" אין לאַ קאַפּיזשאַ. צום באַשטימטן טאָג זענען זיך צונויפגעקומען אַ געוויסע צאָל בעלי־בתים למדנים, וואָס האָבן דערוואַרט צו הערן אַ רבנישע דרשה, ווי אין דער אַלטער היים. זיי זענען אָבער געבליבן אָפּגענאַרט. גלייך ווי דער ראַבינער חלפן האָט גענומען לייענען זיין רעדע פון אַ פּאַפּיר און אָנגעהויבן פון דעם, וואָס דער „מנורת המאור" זאָגט. דער „מנורת המאור" איז אַ וויכטיקער מוסר־ספר, אָבער ביי אונדז איז ער באַטראַכט געוואָרן ווי אַ ספר פאַר פרויען און נישט פאַר קיין יידן־למדנים. ווען ער האָט געענדיקט לייענען, האָט ער פאָרגעלייגט מען זאָל אויסקלייבן אַ פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל פאַרמירן אַ קאָנסיסטאָריע, לויטן נוסח פראַנקרייך, וואָס וועט דאַרפן אַכטונג געבן אויף ענינים וואָס האָבן אַ שייכות מיט יידישקייט און מיט וווילטעטיקייטן. די פאַרוואַלטונג איז אויסגעקליבן געוואָרן און איך בין באַשטימט געוואָרן פאַר סעקרעטאַר.

ביי דער ערשטער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג האָט ד"ר חלפן מיטגעטיילט, אַז פון פּאַריז איז ער אַרויסגעפאָרן אָן אַ באַשטימטן פּראָגראַם. דער ראַט פון דער יי.ק.א. איז באַאומרויקט וואָס דאָס יידישקייט אין די קאָלאָניעס ווערט אָפּגעשוואַכט, האָבן זיי אים געשיקט אויף אַ יאָר צייט, ער זאָל זיך צוקוקן דאָ אויפן פּלאַץ צו דער רעליגיעזער און קולטורעלער לאַגע, צום יידישן

חינוך אין די יקאַ־שולן. נאָכן יאָר וועט ער צוריקפאָרן קיין פּאַריז, אָפּצו־געבן פערזענלעך אַ באַריכט, און אויף דער באַזע וועט באַהאַנדלט ווערן וואָס ווייטער צו טאָן פאַרן חינוך היהדות מיט אַ באַשטימטן צוגעגרייטן פּראָגראַם. די דאָזיקע עקספּאָזע האָט אויסגעקוקט ביי דער קאָמיסיע אַ ביסל קאָמיש. ווייל, ווי באַוווּסט, זענען עס גראָד געווען די יקאַ־באַאַמטע, אַריינגערעכנט די דירעקטאָרן פון די שולן פאַרן שפּאַנישן אונטעררייכט, די וואָס האָבן גרינג־געשאַצט די יידישע טראַדיציע, די יידישע שפּראַך. זיי האָבן זיך באַטראַכט ווי אַן אַריסטאָקראַטישער סעקטאָר און געקוקט אויפן יידישן קאָלאָניסט פון אויבן־אַראָפּ. זיי אַלע זענען געווען ספרדישע יידן, דערצויגענע אין די שולן פון דער „אַליאַנס איזראַעליט". חוץ דעם האָט אַ מאָדערנער ראַבינער, דער־צויגן אין פראַנקרייך על דרכי אַסימילאַציע נישט געקענט אַרויסרופן דעם געהעריקן צוטרוי ביי אונדזערע עלטערן, וואָס זענען געווען פרומע יידן; זיי האָבן געהאַלטן פון אַלע תרי"ג מצוות און געווען געוווינט מיטן אַלטן, אמתן טיפּ רבנים. דאָך, האָבן אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע צוגעזאָגט מיט־צואַרבעטן אין אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו גייסטיקער פאַרפעסטיקונג פון יידישקייט. ד"ר חלפן האָט אויך מיטגעטיילט, אַז ער האָט אַ „קאַרטאַ בלאַנ־קאַ" צו דער יקאַ־דירעקציע אין בוענאָס־איירעס, אַז זיי דאַרפן אויספאָלגן אַלץ וואָס ער וועט פון זיי פאָדערן פאַר דער עפעקטיווער דורכפירונג פון זיין מיסיע ווי אַ ראַבינער. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט, איז געווען — מען זאָל פאַרדינגען די יאַטקעס דער קאָמיסיע. ער האָט עס אַ נאָמען געגעבן „קאָנסיסטאָריאַ", על־פּי נוסח צרפת, כדי צו קענען בעסער אַכטונג געבן אויף כשרות פון פלייש. אין יענע יאָרן זענען די יאַטקעס געבויט געוואָרן דורך דער יקאַ און זיי פלעגן זיי פאַרדינגען צו פּריוואַטע קצבים. די דירעקציע איז גלייך נאָכגעקומען די דאָזיקע פאָדערונג.

די קאָמיסיע, אויף דער איניציאַטיוו פון ד"ר חלפן, האָט געשאַפן אַ צדקה־אַנשטאַלט מיטן נאָמען „משכיל אל דל", אויף דער באַזע פון מיטגלי־דער מיט אַ מאָנאַטלעכן ביישטייער פון אַ מינימום פון דרייסיק סענט, אָדער אַ סענט אַ טאָג. ד"ר חלפן האָט אויך אינספּעקציאָנירט די יידישע שולן. פון דעם גרעסטן טייל שולן איז ער געווען שטאַרק אומצופרידן צוליבן פעלן פון אַ לערן־פּראָגראַם, סדר און דיסציפּלין. אַ גרויסער טייל לערערס האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס עס איז אַזוינס פּעדאַגאָגיק. נאָך יעדער אינספּעקציע פלעגט ער קומען שטאַרק אויפגערעגט.

מען קען נישט זאָגן, אַז ד"ר חלפן האָט געהאַט אַ השפעה אויפן רעלי־גיעזן טייל יידן, ווייל אין תוך איז ער נישט געווען רעליגיעז. איין מאָל, אין אַ געשפּרעך האָב איך אים געפרעגט: ווי קומט עס וואָס ער גייט נישט אין

שיל שבת? — האָט ער מיר געענטפערט: „איך בין געווען איין שבת, מער גיי איך נישט, ווייל איך קען נישט פאַרטראָגן, ווי מען שפּייט אין אַ מקום־קדוש, ווי די גרויסע זיצן נישט אין אויף איין אָרט; מען שמועסט אויפן קול און קליינע קינדער לויפן אַרום הין און צוריק". אין פּרינציפּ איז ער געווען גערעכט. נאָר אויף מיין באַמערקונג, אַז ער דאַרף גיין אין שיל, און ווי אַ ראַבינער רופן די אויפמערקזאַמקייט פון די מתפללים, אַז זיי זאָלן מער רעס־פּעקטירן דאָס הייליקע הויז, האָב איך קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער נישט באַקומען. דאָך האָט ער אַרויסגערופן דרך־ארץ. מיט זיין גוטן טאַקט און שכל האָט ער געוווסט ווי אַזוי צו ריידן, אויפנעמען און באַהאַנדלען מענטשן פון אַלערליי שיכטן. און די קאָנסיסטאָריע האָט געהאַט אויסזיכטן צו ווערן אַ יש. ד"ר חלפן פלעגט אויך באַזוכן אַלע אַנדערע קאָלאָניעס פון דער ייקאַ. יעדעס מאָל וואָס ער איז אַוועקגעפאָרן, פלעגט ער מיר רעקאָמענדירן, אַז ווען עס וועט זיין נייטיק זאָל איך זיך באַראַטן מיטן ה' אַדאָלפאָ לייבאָוויטש, דער אַד־מיניסטראַטאָר פון דער קאָלאָניע.

אין חודש נאָוועמבער איז ד"ר חלפן אַוועקגעפאָרן קיין מאָזעסוויל. דאָס האָט געזאָלט זיין דער לעצטער טור ערב זיין אָפּפאָרן קיין פּאַריז. אין זיין אָפּוועזנהייט האָב איך באַמערקט, אַז די באַציִונג פון דער ייקאַ־דירעקציע צו דער קאָנסיסטאָריע האָט זיך געביטן צום ערגערן. פריִער, איז אַלץ וואָס מען האָט פאָרגעלייגט באַוויליקט געוואָרן; איצט, זענען די ענטפערס געווען נעגאַטיווע. ווען חלפן איז צוריקגעקומען פון זיין רייזע, האָב איך אים געפרעגט איבער די סיבות פון דער דאָזיקער ענדערונג, האָט ער מיר געזאָגט, אַז זייענדיק אין בוענאָס־איירעס האָט ער שוין באַמערקט אַ שינוי אין די באַציִונגען, נאָר אַזוי ווי ער וועט אין גיכן זיין אין פּאַריז, וועט ער אַלץ דערליידיקן. ווייל ס'איז נישט דערלאָזלעך מען זאָל חוזק מאַכן פון אַ ראַבינער, וואָס ווערט באַטראַכט אין פראַנקרייך ווי דער מיניסטער פון גאָט. צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט דעם דאָזיקן באַגריף. ד"ר חלפן האָט מיר צוגעזאָגט, אַז פון פּאַריז וועט ער מיר שרייבן. אָבער איך האָב נישט באַקומען קיין ידיעות פון אים, און די קאָנסיסטאָריע וואָס האָט געהאַט שאַנסן צו ווערן אַ נוצלעכע אינ־סטיטוציע, איז אויפגעלייזט געוואָרן. ד"ר חלפן האָט זיך אומגעקערט קיין אַרגענטינע, ווי אַ ראַבינער פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן איזראַעליטאַ" אין בוע־נאָס־איירעס. טרעפנדיק זיך מיט אים איין מאָל צופעליק אין דער י'קאַ־די־רעקציע, האָט ער מיר געזאָגט, ער איז מיר שולדיק אַן ענטפער און ער לאַדט מיך איין צו קומען אין טעמפּל, און נאָכן דאַוונען, אין אָוונט — עס איז געווען אַ טאָג פון ערב יום־טוב, — וועט ער מיר איבערגעבן אייניקע פּרטים. און אָט וואָס ער האָט מיר דערציילט:

קומענדיק אין פּאַריז, איז ער גלייך אַוועק צום ד״ר זאָנענפעלד, דירעק־טאָר פון יי.קאַ., און געפּאָדערט ביי אים אַ דערקלערונג, פאַר וואָס עס זענען געביטן געוואָרן די הבטחות וואָס זענען אים געגעבן געוואָרן פאַר דער בעז־סערער דערפּילונג פון זיין מיסיע. ד״ר זאָנענפעלד האָט זיך אַנטשולדיקט און אים צוגעזאָגט אויף ווייטער צו שטעלן די זאַכן אין אָרדענונג. אָבער ער — ד״ר חלפן — איז נישט געבליבן צופרידן מיט זאָנענפעלדס ענטפער און ער איז געפאָרן זיך זען מיטן פּרעזידענט פון דער יי.קאַ., פראַנץ פיליפּזאָן, און אויך צו אַנדערע ראַטמענער און זיך באַקלאָגט פאַר זיי, דערפאַר וואָס ער איז געבליבן אָפּגענאַרט. פיליפּזאָן האָט אים פאַרשפּראָכן צו ברענגען דעם ענין צו דער ערשטער זיצונג פון אַדמיניסטראַטיוון ראַט, צו וועלכן ער האָט אים איינגעלאַדן, כדי ער זאָל פּערזענלעך דערקלערן וועגן דאָס פאָרגעקומענע. אין באַשטימטן טאָג איז ער געקומען צו דער זיצונג, גרייט פאָרצולייגן זיינע טענות. אָבער גלייך ווי ער איז אַריינגעקומען, איז אים אַנטקעגן געגאַנגען דער פּרעזידענט פיליפּזאָן און זיך אַנטשולדיקט וואָס דער ענין וועט נישט קענען באַטראַכט ווערן, ווייל עס פיגורירט נישט אין טאָג־אָרדענונג. אויפן צווייטן טאָג האָט אים ד״ר זאָנענפעלד פאָרגעוואָרפן, אַז ער האָט אים געבעטן נישט צו פאָרן צום פּרעזידענט, און דער ענין וועט דערליידיקט ווערן אויפן בעסטן אופן; איצט וועט די זאַך שוין נישט קומען מער צום טיש.

ד״ר חלפן האָט מיר דערציילט, אַז ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט ער זיך דערוווסט, אַז אומדירעקט איז ער אַ מיטשולדיקער אין צעשטערן די עקסיסטענץ פון אַ זייער אָנשטענדיקער פּערזאָן, דאָס געוויסן לאָזט אים דער־פאַר נישט צורו.

ד״ר חלפן האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער איז געקומען צום ערשטן מאָל אין קאָלאָניע קלאַראַ, איז דאָרט געווען אַן אַדמיניסטראַטאָר ד״ר לאַנדאַו. ווי אַ נייער מענטש און אומבאַקאַנט אין קאָלאָניזאַציע־ענינים, האָט ער, לויט אינסטרוקציעס פון דער גענעראַל־דירעקציע, זיך געדאַרפט באַראַטן וועגן אַלץ מיטן בוכהאַלטער ה׳ ל., וואָס איז געווען פון די עלטסטע באַאַמטע. לאַנדאַו האָט געהאַט איניציאַטיוועס, נאָר דער ראַטגעבער פלעגט אים אָפּשלאָגן די פליגל, און הינטעראַרום האָט דער בוכהאַלטער געשריבן, אַז ד״ר לאַנדאַו איז אַ פוילער און וויל נישט אַרבעטן. נישט קענענדיק די הינטער־קוליסן פּאָלי־טיק, האָט ד״ר חלפן אויך געגלייבט אין דעם וואָס ל. זאָגט, און ווען מען האָט אים געפרעגט וועגן דעם אין דער דירעקציע, האָט ער דאָס באַשטעטיקט. נאָך דעם ווי לאַנדאַו איז געווען עטלעכע מאָנאַטן אין דער קאָלאָניע, איז ער אַוועק־געפאָרן קיין איירָאָפּע חתונה האָבן. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט צוריק־קומען אויף זיין שטעלע. קומענדיק קיין ב. איירעס צוצוגרייטן זיין רייזע קיין

אייראָפּע, צו זיין חתונה, האָט מען אים מודיע געווען אין דער דירעקציע, אַז ער איז אָפּגעזאָגט. אָבער דאָס איז נישט אַלץ: ווען ער איז געקומען קיין ווין און די כלה האָט זיך דערוווסט — איז דער שידוך בטול געוואָרן. פאַר לאַנדאַון איז עס געווען ממש אַ טראַגעדיע. „איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט — האָט געענדיקט ד״ר חלפן, — אַז דאָס זעלבע געווער ווערט באַנוצט הינטער מיינע פּלייצעס אויך קעגן מיר״.

# די פאַלשע פאַרזאָרגערס

איך קען נישט דורכלאָזן דעם טרויעריקן ספעקטאַקל וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין קאָלאָניע און וואָס קען דינען ווי אַ מוסר־השכל, ווי ווייט מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק און זיך היטן פאַר נישט אָרנטלעכע מנהיגים. די יִקאַ־אַדמיניסטראַציע האָט אַרויסגעגעבן די קאָלאָניסטן דעם רעמאַנענט: אָקסן, קי, פערד, פּלוגעס, באָראָנעס וכו׳. סוף יאָר האָט די אַדמיניסטראַציע צוגע־שטעלט יעדן קאָלאָניסט די רשימה פון די זאַכן וואָס ער האָט באַקומען און געבעטן אונטערצושרייבן די געהעריקע קבלה. ווי אומגלויבלעך עס זאָל נישט קלינגען, איז אָבער אַ פאַקט, אַז אַ סך האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן די קבלות מיטן פּרעטעקסט, אַז זיי פאַרשטייען נישט קיין שפּאַניש. דער אַד־מיניסטראַטאָר האָט זיי פאָרגעלייגט, זיי זאָלן די קבלה אַליין אָנשרייבן אין יִדיש, אָבער אויך דאָס האָבן זיי נישט געוואָלט. די סיבה פון דעם איז גע־ווען, ווייל עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אויב מען וועט אונטער־שרייבן די קבלות איז מען פאַרקויפט אויפן גאַנצן לעבן מיט ווייב און קינ־דער צום באַראָן הירש. עס האָבן אויך נישט געפעלט אַזוינע וואָס האָבן גע־זאָגט, אַז דער באַראָן הירש איז אַ מיסיאָנער און אַז דער רוסישער צאַר האָט געשיקט אַ שיף, וואָס זאָל פירן די יִדן צוריק קיין רוסלאַנד. מענטשן האָבן געגלויבט אין אַזעלכע נאַרישקייטן. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דאָס אַקערן און אַלע אַנדערע פעלד־אַרבעט. אין יענער צייט האָט די אַדמיניסטראַציע אַרויס־געגעבן אַלפאַלפאַ־זריעה צו פאַרזייען 4 העקטאַר, און פאָסטן מיט דראָט אַרומ־צוצוימען די אַלפאַלפאַ און אויך די הייזער, וואָס זענען געשטאַנען הפקרדיק. אָבער די קאָלאָניסטן האָבן עס נישט געוואָלט נעמען, כדי „נישט צו אַרבעטן פאַרן באַראָן הירש״.

עס האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיך צונויפ־גענומען עטלעכע צענדליק קאָלאָניסטן און זענען אַוועקגעפאָרן קיין וויזשאַ־גוואַי נאָך „שוץ״. די פּאָליציי האָט זיי פאַרהאַלטן ביים טייך וואָס פליסט נאָענט פון שטאָט און זיי נישט געלאָזט אַריבערגיין דאָס וואַסער. אויף זייער געשריי: „קערעמאָס קאָמער״,* האָט די פּאָליציי געוואָרפן טרוקענע גאַזשעטן, ווי מען שיט קערנער פאַר הינער און דער עולם האָט זיי געכאַפּט. אַ גרופּע

* מיר ווילן עסן.

קאָלאָניסטן, די מער „כוואַטסקע״, זענען געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס און גע־מאַכט סקאַנדאַלן אין דער יי־קאַ־דירעקציע. מען האָט געמוזט באַנוצן פּאָליציי צו באַרויקן זיי. מען האָט זיי אָפּגעשיקט צוריק אין קאָלאָניע און די הוצאות פון דער צוריקרייזע האָט מען זיי אָפּגערעכנט פון דער מאָנאַטלעכער שטיצע. ווען מען האָט גערופן מיין טאַטן ע״ה אין דער אַדמיניסטראַציע און מען האָט אים געפרעגט, צי האָט ער באַקומען אָקסן, קי, פלוגעס? האָט ער געענטפערט אַז יאָ. אויף דער פראַגע, צי וועט ער אונטערשרייבן אַ קבלה? האָט ער גע־ענטפערט: געוויס, ווי עס פירט זיך. אויף אים קוקנדיק האָבן אַלע אַנדערע שכנים אויך אונטערגעשריבן. די נישט־אונטערשרייבערס האָבן עס באַטראַכט ווי אַ פאַרראַט, און ווען די דאָזיקע פלעגן פאַרבייפאָרן אונדזער טשאַקרע — מערסטנס זענען דאָס געווען פון די גרופּעס „לאַס מאָסקאַס־, „כוראַדאָ״ און „סאַגאַסטומע״ — און געזען ווי מיר אַקערן, פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן און מיט אַ טאָן פון באַדויערונג פלעגן זיי זאָגן: „אַי, קינדער, קינדער, דער טאַטע אייערער מאַכט אייך אומגליקלעך; ער האָט אייך פאַרקויפט! פאָלגט אונדז, שפּאַנט אויס די אָקסן און גייט אַהיים!״.

ווען איך בין געוואָרן אַ חתן — די פאַמיליע פון דער כלה איז דאַן גע־זעסן אין סאַגאַסטומע, — האָב איך געהערט ווי מען זאָגט, אַז מען דאַרף גיין ברענגען די שרייבערקע. עס זענען אַריבער געציילטע מינוטן, הער איך ווי דער כלהס ברודער זאָגט, אַז ער האָט שוין געבראַכט די שרייבערקע. אַרומ־קוקנדיק זיך און נישט זעענדיק קיין נייע פּערזאָן, פרעג איך: ווער איז און ווו איז די דאָזיקע שרייבערקע? דערציילט מען מיר, אַז די שרייבערקע איז אַ פּשוטע בהמה צום מעלקן, און ווען מען האָט איר גענומען אין דער אַדמי־ניסטראַציע, האָט דער מחותן אונטערגעשריבן אַ קבלה, האָבן דערפאַר די שכנים דער קו אַ נאָמען געגעבן „די שרייבערקע״. זי וועט שוין מסתמא מיט דעם נאָמען פּגרן. אָפּט מאָל, ווען עס שאַפט זיך אַ באַוועגונג און מען רעדט אין נאָמען פון די מאַסן, דערמאָן איך זיך אין די דאָזיקע געשעענישן און לערן אַ גזירה שוה. עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט. דער עולם האָט זיך איבערצייגט אַז זיי זענען פאַרפירט געוואָרן פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענ־טשן און זיך געשעמט פאַר זיך אַליין.

עטלעכע פאַמיליעס פון די „נישט־שרייבערס״ זענען צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד און אַנדערע אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

# אַ ביישפּיל פון קולטור

אין אַ געוויסן טאָג זאָגט מיר ד״ר חלפן, אַז לפי דער עטיקעט דאַרף ער, ווי אַ ראַבינער, וואָס באַדייט אַ גייסטיקער פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע, זיך פאָרשטעלן פאַרן מיניסטער פון אויסערלעכע און רעליגיעזע באַציונגען, און איז וועגן דעם געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין דאָמינגעז, האָב איך באַמערקט, אַז ער איז אומצופרידן און גייט אַרום אַן אויפגערעגטער. אויף מיין פראַגע, ווי איז עס אים געגאַנגען, האָט ער געענטפערט: „אויף אַזאַ פרימיטיווקייט און צוריקגעשטאַנענקייט האָט ער זיך נישט געריכט״, און דערציילט מיר אָט־וואָס:

דורך דער פאַרמיטלונג פון איינעם אַ רייכן ייד מיטן נאָמען אָסטוואַלד, האָט ער באַקומען אַן אוידיענץ ביים מיניסטער. ער האָט צוגעגרייט אַ שריפטלעכע באַגריסונג, וואָס ער האָט געזאָלט לייענען פאַרן מיניסטער, אַזוי ווי עס פאַרלאַנגט דער פּראָטאָקאָל. צו דער באַשטימטער שעה האָט ער זיך אָנגעטאָן אין די בגדי הרבנות און צוזאַמען מיט אָסטוואַלדן איז ער אַוועק אין מיניסטעריום. גלייך ווי אָסטוואַלד האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן מיניסטער ווי אַ „גראַן ראַבינאָ״, האָט דער מיניסטער אָנגעהויבן שמועסן מיט אָסטוואַלדן וועגן זייטיקע ענינים, בעיקר וועגן זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות מיטן היפּאָדראָם, און אַזוי האָבן זיי זיך געזעגנט. ד״ר חלפן איז אַוועקגעגאַנגען מיט דער באַגריסונגרעדע אין קעשענע.

איך האָב אים באַרויקט, אָנווייזנדיק אַז וואַרשיינלעך איז עס צוליב דעם, וואָס עס איז צום ערשטן מאָל אין דער אַרגענטינער היסטאָריע, וואָס אַ ראַבינער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן מיניסטער ווי דער גייסטיק־קולטורעלער פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע, און ביי זיי איז אַוודאי אַזעלכעס נישט פאָרויסגעזען אין פּראָטאָקאָל.

אין דער צייט וואָס ד״ר חלפן איז געווען „גראַן ראַבינאָ״ פון דער קאָנגרעגאַציע פון טעמפל פון דער גאַס ליבערטאַד, איז ער געווען אָנערקענט און גענאָסן פון פרעסטיזש אין די אָפיציעלע קרייזן, ווי אַ ווירדיקער רעפּרעזענטאַנט פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע.

# אַ מערקווירדיקער פאַל וועגן כשרות

ווי עס איז געזאָגט געוואָרן אין פריִערדיקן קאַפּיטל, זענען די יאַטקעס אין די קאָלאָניעס פאַרדונגען געוואָרן צו דער קאָנסיסטאָריע. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען דער שוחט פון קאָלאָניע סאַן־אַנטאָניאָ, ה׳ מעלאַמעדאָוו מיט נאָך אַ פּאָר בעלי־בתים און געוואָרנט דער קאָמיסיע, אַז ווען עס וועט זיך ענדיקן דער קאָנטראַקט מיטן איצטיקן קצב, זאָל מען אים מער נישט פאַר־דינגען די יאַטקע, ווייל ס׳איז פאַראַן אַ באַגרינדעטער חשד, אַז ער האָט פאַר־קויפט טריפה פלייש פאַר כשר. שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן איז געקומען דער זעלבער שוחט און געבעטן מען זאָל פאַרדינגען די יאַטקע דעם זעלבן קצב אויף נאָך אַ יאָר, כדי נישט צוצונעמען די פרנסה ביי אַ פאַמיליע. דער שוחט פאַרזיכערט, אַז ער פערזענלעך וועט שטיין אַלע טאָג אין יאַטקע און אַכטונג געבן אויף כשרות. עס האָבן זיך, בכן, געשאַפן צוויי צדדים אין קאָלאָניע סאַן־אַנטאָניאָ: פאַר און קעגן פאַרדינגען דעם זעלבן קצב די יאַטקע. די קאָ־מיסיע פון דער קאָנסיסטאָריע האָט מיך באַאויפטראָגט, איך זאָל צופאָרן קיין סאַן־אַנטאָניאָ און דאָרט אויפן פּלאַץ חוקר ודורש זיין דעם ענין.

היות די קאָנסיסטאָריע האָט נישט געהאַט קיין טראַנספּאָרט־מיטלען (פון דאָמינגעז ביז סאַן־אַנטאָניאָ איז געווען אַן ערך אַ 70 קילאָמעטער), און וויסנ־דיק אַז פון דער יִק״אַ־אַדמיניסטראַציע פאָרן זיי אָפּט אין דער קאָלאָניע מיט אַ גרויסן קאָטש, האָב איך געבעטן דעם אַדמיניסטראַטאָר ה׳ לייבאָוויטש, אַז ווען ער וועט פאָרן זאָל ער מיר מיטנעמען. ה׳ לייבאָוויטש האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך האָב צוטרוי צו אים, וועט ער אַליין אונטערזוכן די זאַך. ווען לייבאָוויטש איז צוריקגעקומען, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט צונויפ־גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון קאָלאָניסטן צוזאַמען מיטן שוחט און קצב, און נאָך דעם ווי דער לעצטער האָט איינגעשטימט צו געבן כלערליי באַוואָרענישן וואָס מען וועט פון אים פאָדערן, נישט צו פאַרקויפן קיין טריפע פלייש פאַר כשרע, אין מען האָט שוין געהאַלטן ביים מאַכן דעם כתב, מיט דעם הסכם פון אַלע־מען אַז מען זאָל אים פאַרדינגען די יאַטקע אויף נאָך אַ יאָר, זענען אַריינגע־קומען צוויי ייִדן. איינער האָט געהאַלטן אַ טאָרבעלע מיט פלייש אין האַנט און געשריען, אַז היינט האָט מען אים פאַרקויפט טריפה פלייש פאַר כשרע; דער־ווּסט האָט ער עס זיך ביי זיין שכן. ביים באַגעגענען זיך, האָט ער אים געפרעגט וווּהין ער פאָרט אַזוי שפּעט? זאָגט יענער אים: צו דער אַסיפה וועגן דער יאַט־

קע, איילט ער זיך ווייל עס וועט ווערן שפעט; זאָגט ער אים, אַז ער איילט זיך אויך, ווייל ער פירט פלייש און די יידענע זיינע וועט שוין זיין אין כעס אויף אים, ווייל ס'איז שוין שפעט. ס'טייטש, — טענהט דער שכן, — ער איז געוועזן היינט אין דער פרי ביי דער שחיטה און עס איז געוואָרן טריף; האָט מען דאָך אים פאַרקויפט טריפה פלייש! דער קצב האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אָן צו זאָגן אַ וואָרט. לייבאָוויטש האָט צוגעגעבן: אָט אַזוי איז אים באַשערט צו האָבן די גאַנצע מצווה. כאָטש אַליין איז ער נישט קיין מקפיד אויף אַזעלכע זאַכן, אָבער ער איז צופרידן וואָס ער איז בייגעוועזן ביי דער סצענע און זיך איבערצייגט, אַז מען האָט נישט צוגענומען ביי אַ פאַמיליע די פרנסה אומזיסט.

דאָס איז געוועזן אין יענע יאָרן, ווען 99 פראָצענט פון די יידן אין די קאָ־לאָניעס זענען געוועזן אָפּגעהיט מיט כשרות.

# די ערשטע שריט צו אַליינפאַרוואַלטונג

אין יאָר 1903 איז געקומען אין קאָלאָניע קלאַראַ פאַר אַדמיניסטראַטאָר פון דער יי״קאַ דער ד״ר לאַנדאַו, אַן עסטרייכישער ייִד. אַגב, איז ער געווען דער איינציקער אַדמיניסטראַטאָר וואָס איז געווען אַ שטרענג רעליגיעזער און האָט געפירט אַ כשרע קיך. אין יענע יאָרן איז געווען איינגעפירט, אַז דער אַדמיניסטראַטאָר פלעגט נישט אויפנעמען יעדן איינצלנעם קאָלאָניסט, נאָר אין יעדער גרופּע האָבן די קאָלאָניסטן אויסגעקליבן אַ דעלעגאַט. די קאָלאָניע איז געווען איינגעטיילט אין 22 גרופּעס. דער קאָלאָניסט האָט געבראַכט זיין פאַרלאַנג אָדער פאָדערונג צום דעלעגאַט. און איין מאָל אין דער וואָך, אין אַ באַשטימטן טאָג, זענען די דעלעגאַטן אויפגענומען געוואָרן איינציקווייז, צו אויסהערן אַלע ביטעס און באַשליסן וועגן זיי. און ביטעס האָבן נישט געפעלט. איינעם האָט אויסגעפעלט זוימען, אַ צווייטן האָט געפעלט מאַטעריאַל אויף צו פאַרצאַמען זיין טשאַקרע; ווער עס האָט געבעטן מען זאָל קאָלאָניזירן זיינעם אַ זון צי אַן איידעם, אָדער צוגעבן נאָך אַ שטיקל פעלד וכו׳. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַלגעמיינע פּראָבלעמען, וועגן קאָלאָניזאַציע, פלעגן זיך צונויפקומען אַלע דעלעגאַטן צוזאַמען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט ד״ר לאַנדאַו איינגעלאַדן אַלע דעלעגאַטן צו אַן אַלגעמיינער באַראַטונג, און אין אַן אויספירלעכער עקספּאָזע האָט ער דערקלערט די לוינבאַרקייט, אַז די קאָלאָניסטן זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אַ געזעלשאַפט אויף צו פאַרטיידיקן זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן דורך שאַפן אַ בשותפותדיקן קאַפּיטאַל. און ד״ר לאַנדאַו האָט פאָרגעלייגט מען זאָל באַשטייערן יעדן העקטאַר לאַנד וואָס די יי״קאַ גיט צו יעדן קאָלאָניסט (עס איז געווען די צייט פון רעאָרגאַניזאַציע, ווען מען האָט פאַרגרעסערט די טשאַקרעס פון 50 אויף 150 העקטאַר), פאַר נייע נישט־באַאַרבעטע ערד, צו צוויי פּעזעס פאַר יעדן העקטאַר, און פאַר באַאַרבעטער ערד — איין פּעזע פון העקטאַר. די דאָזיקע איינ־ און צוויי פּעזעדיקע באַשטייערונגען זאָל די יי״קאַ צורעכענען צום פּרייז פון דער ערד, וואָס וועלן אויסגעצאָלט ווערן אין פאַרלויף פון יאָרן, צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם חוב. די יי״קאַ וועט גלייך אויסצאָלן דער געזעלשאַפט דעם באַטרעף וואָס וועט זיך באַקומען פון דער צאָל העקטאַרן, וואָס וועט זיין אַ היפּשע סומע. און מיט דעם דאָזיקן געלט וועט מען קענען תיכף אָנהויבן איינקויפן די נייטיקע אַגראַר־אַרטיקלען צו דער קאָסטשע וואָס דער־

נענטערט זיך. אין פּרינציפּ איז נישט געווען גאָר נישט וואָס צו באַמערקן. די ידיעות וואָס מיר האָבן געהאַט וועגן „פּאַראיין פון לוסיענווילע״, זענען גע־ווען זייער צופרידנשטעלנדיקע. מען האָט נאָר דיסקוטירט וועגן אייניקע פּר־טים. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז די באַשטייערונג זאָל זיין חל אויך אויף די 50 העקטאַר וואָס מען באַזיצט פון פריער. עס זענען געווען פאַרשלאַגן, אַז די באַשטייערונגען זאָלן זיין פון איין פּעזע און פופציק סענט, אָנשטאָט צוויי און איין פּעזע. נאָך אַ לענגערן מיינונג־אויסטויש איז געבליבן, אַז די דעלעגאַטן זאָלן זיך פאַרזאַמלען באַזונדער אויף צו דיסקוטירן און באַשליסן צווישן זיך, און נאָך מיטאָג זאָל מען ברענגען קאָנקרעטע באַשלוסן צום אַדמיניסטראַטאָר.

מיר זענען זיך צונויפגעקומען אין וואַרט־צימער, קאָלאָניסטן האָבן אים גערופן דער „זאָרג־צימער״, און נאָך אַ קורצער באַראַטונג איז געבליבן, מען זאָל אָננעמען אין פּרינציפּ דעם פאַרשלאַג צו אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט; די באַשטייערונג זאָל זיין פון איין פּעזע מיט פופציק סענט, און מען האָט באַ־שטימט דעם ה׳ שמעון פּוסטילניק און מיך צו רעדאַקטירן שריפטלעך די אַלע פונקטן וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם ענין, אַלע דעלעגאַטן וועלן עס אונטער־שרייבן, ווי אַ באַשטעטיקונג פון אונדזערע באַשלוסן. ווען מיר האָבן געהאַלטן אין מיטן שרייבן, איז אַריינגעקומען משה אַבראַמאָוויטש, דער דעלעגאַט פון דער גרופּע מיגעל, און אַ פרעג געטאָן, וואָס מיר טוען. אַבראַמאָוויטש איז געווען אַ מין טיפּ „קאַודיזשאָ״,* לויטן נוסח פון יענע פּרימיטיווע צייטן. ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז אַלע זענען מסכים אויף די פונקטן וואָס ווערן איצט געשריבן, כדי עס זאָל בלייבן דאָקומענטירט, האָט ער געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט. עס האָבן זיך געהערט אויסרופן: פאַר וואָס דאַרף מען נישט, בעת אין באַסאַווילבאַסאָ גיט דער „פּאַראיין״ אַזעלכע גוטע רעזולטאַטן? דער איינציקער ענטפער זיינער איז געווען: „איך זאָג אַז מען דאַרף נישט, מסתמא דאַרף מען נישט. אַזוי וויל מען אין די הויכע פענצטער״. עס האָט נישט געהאָלפן קיין רייד, קיין אַרגומענטן. פּוסטילניק, איך און נאָך אַ פּאָר דעלעגאַטן האָבן גע־טענהט: „מיר זענען דאָך נישט קיין קליינע קינדער. וואָס וועלן מיר ענטפערן דעם אַדמיניסטראַטאָר? ער וועט דאָך פרעגן, פאַר וואָס דאַרף מען נישט?״. עס האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפן. די מערהייט האָט געזאָגט: „אַז משה זאָגט, מסתמא ווייסט ער וואָס ער זאָגט״, און מען איז זיך צעפאָרן מיט גאָר נישט.

אין די ערשטע מאָנאַטן פון 1904 איז ד״ר לאַנדאַו אַוועקגעפאָרן קיין אייראָפּע חתונה צו האָבן, מיטן געדאַנק צו קומען שפּעטער מיט אַ פּאָר מאָ־נאַטן, אָבער ער איז נישט צוריקגעקומען און זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען דער

* אַ תקיף.

בוכהאַלטער פון דער אַדמיניסטראַציע ה׳ אַדאָלפאָ לייבאָוויטש. איך האָב זיך נאָך דעם דערוווּסט, אַז עס האָט זיך געפירט אַן אינטריגע קעגן ד״ר לאַנדאַו, און דאָס אָפּוואַרפן זיין איניציאַטיוו איז געווען איינע פון די מיטלען צו באַ־שטעטיקן אַז ער איז אַ פוילער. און דאָס האָט דערפירט צו זיינער אַ פערזענ־לעכער טראַגעדיע, — ער האָט נישט חתונה געהאַט, ווייל די כלה האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אים צוליב דער זעלבער פאַרלוימדונג.

גלייך ווי לייבאָוויטש האָט זיך געשטעלט בראש פון דער אַדמיניסטראַ־ציע, האָט ער גענומען פירן אַ רויִקע, אָבער אַ כסדרדיקע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מער אָנגעזעענע קאָלאָניסטן וועגן גרינדן די פריִער דערמאָנטע געזעל־שאַפט. דעם 21סטן נאָוועמבער 1904, ביי אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון קאָלאָ־ניסטן, אונטערן פאָרזיץ פון ה׳ לייבאָוויטש, איז איינשטימיק אָנגענומען גע־וואָרן צו גרינדן די סאָסיעדאַד* מיטן נאָמען „פּאָנדאָ קאָמונאַל דע לאַ קאָ־לאָניאַ קלאַראַ״.** ביי דער פאַרזאַמלונג איז דיסקוטירט געוואָרן די באַזע פאַר דעם בשותפותדיקן קאַפּיטאַל. עס איז געווען אַ מיינונג וואָס האָט געשטיצט דעם פאָרשלאַג פון ד״ר לאַנדאַו, אַז מען זאָל באַשטייערן יעדן העקטאַר מיט אַ געוויסע סומע; אייניקע האָבן פאָרגעלייגט, עס זאָל געמאַכט ווערן אַ יער־לעכןביישטייער, ווי עס פירט זיך אין אַנדערע חברות. די אָפיציעלע מיינונג איז געווען, אַז יעדערער וואָס וויל ווערן אַ מיטגליד, דאַרף קויפן דריי אַק־ציעס, צו צען פּעזאָס יעדע אַקציע און איינצאָלן באַלד דריי פּעזאָס אויף יעדע אַקציע. עס איז אָנגענומען געוואָרן דער לעצטער פאָרשלאַג. קיין דעפיניטיוון כאַראַקטער האָט די געזעלשאַפט נישט געהאַט. די טערמינען: „מוטואַליזם״, „קאָאָפּעראַטיוויזם״, „גרעמיאַליזם״ זענען געווען אומבאַקאַנט פאַר דער מער־הייט מיטגלידער. וועגן אידעאָלאָגיע אין אַלגעמיין, האָט מען נישט גערעדט; מען האָט בלויז אונטערגעשטראָכן ראַיעלע מעגלעכקייטן, ווי אַזוי איינצו־קויפן קאָסטעשע־אַרטיקלען צו ביליגערע פרייזן און אַרויסגעבן קליינע קרע־דיטן אויף גינסטיקע באַדינגונגען, וכו׳.. דער „קאָנסעכאָ דירעקטיוואָ״*** האָט באַשלאָסן אַז דער גרעסטער קרעדיט קען זיין ביז 200 פּעזאָס. זענען גע־ווען אַזעלכע וואָס האָבן געבעטן דעם קרעדיט און מען זאָל זיי פון דעם אַראָפּ־רעכענען 9 פּעזאָס, אַזוי אַרום ווערן זיי אַ מיטגליד און פירן נאָך אַהיים 191 פּעזאָס. אַנדערע זענען געוואָרן מיטגלידער, ווייל זיי האָבן נישט געקענט מעיז פּנים זיין דעם אַדמיניסטראַטאָר, אָדער ווייל מען האָט זיך באַרעכנט אַז צוליב צען פּעזאָס איז נישט כדאי צו צעקריגן זיך מיטן אַדמיניסטראַטאָר.

* פאַראיין; ** געמיינדע־פאָנד פון דער קאָלאָניע „קלאַראַ״.

*** עקזעקוטיווער ראַט.

דער ערשטער פּרעזידענט און ערשטער סעקרעטאַר פון „פאָנדאָ קאָמו־נאַל" זענען געווען אַדאָלפאָ לייבאָוויטש און בענכאַמין מעזשיבאָווסקי — אַד־מיניסטראַטאָר און בוכהאַלטער פון דער יִי.קאָ. די ביידע, איבערהויפּט דער ערשטער, האָבן געטאָן דאָס בעסטע וואָס נאָר מעגלעך פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַרפעסטיקונג פון „פאָנדאָ קאָמונאַל". ביז אַפּריל 1908 איז די ביוראָ פון „פאָנדאָ קאָמונאַל" געווען אין דער אַדמיניסטראַציע. עס איז געווען טיילווייז לטובה, מחמת נישט וועלן זיך איינרייסן מיטן אַדמיניסטראַטאָר, זענען אַלע קאָלאָניסטן געוואָרן מיטגלידער. אייניקע זענען געוואָרן מיטגלידער אָן זייער וויסן אַפילו, ווייל פון דעם געלט וואָס זיי האָבן געצאָלט יערלעך דער יִי.קאַ, האָט מען פאַרשריבן צען פּעזעס אויפן חשבון פון אַקציעס. אָבער צו דער זעל־בער צייט האָט עס באַרירט די גרונט־פּרינציפּן פון זעלבשטענדיקייט און אייסדרוק פון פרייען ווילן, ווי עס פאָדערט זיך ביי געזעלשאַפטלעכער אַר־בעט. דער מיטגליד האָט שטענדיק געזען פאַר זיך דעם אַדמיניסטראַטאָר און נישט דעם פּרעזידענט פון זיין געזעלשאַפט. דאָס פלעגט אַ מאָל פאַרשאַפן אומאָנגענעמלעכקייטן. כדי צו האָבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם באַגריף וואָס די מערהייט האָט געהאַט פון דער געגרינדעטער חברה, ברענג איך פאַר אַ ביישפּיל דעם ווייטערדיקן עפּיזאָד:

אין אַ פאַרנאַכט איז צוגעפאָרן צו מיין הויז, אין פּערליסאַ, אַ וואָגן מיט עטלעכע קאָלאָניסטן פון מיגעל, און נאָכן מכבד זיין זיי מיט דער טראַדיציאָ־נעלער מאַטע, זאָגן זיי מיר, אַז זיי זענען געקומען צו מיר, איך זאָל זיי אויפ־קלערן צו וואָס עס טויג און וואָס פאַר אַ נוצן וועט ברענגען אָט־די „סאָסיע־דאַד", וואָס דער אַדמיניסטראַטאָר וויל גרינדן? מען וועט דאַרפן קויפן אַקציעס און באַצאָלן דרייסיק פּעזעס. פאַר דעם זעלביקן געלט קען מען קויפן דריי קעלבער, וועט ווערן פון זיי דריי קי. (אין יענע יאָרן האָט מען פאַר צען פּע־זעס געקויפט אַ יאָריקן קאַלב), וואָס וועלן געבן פּרנסה: מילך און קעלבער. און צו וואָס דאַרף מען זיך איינרייסן מיט די סוחרים; זיי גייען שוין אַרום מיט פאַרקרימטע נעזער. מען דאַרף דאָך אָנקומען צו זיי!

איך האָב גענומען אַ פעדער מיט פּאַפּיר און זיי באַוויזן מיט ציפערן, אַז קויפנדיק זעק, פאָדעם, בוימל, צודאַטן צו די שנייד־מאַשינען דורך דער גע־זעלשאַפט, וועלן זיי איינשפּאָרן שוין דעם ערשטן יאָר מער ווי 30 פּעזעס, אַזוי אַז זיי וועלן האָבן אַקציעס מיט קעלבלעך, און פאַר די סוחרים זאָלן זיי זיך נישט שרעקן, ווייל דער סוחר לעבט פון קונה און נישט דער קונה פון סוחר; זיי ווערן רייך פון דעם קאָלאָניסטס אַרבעט און נישט דער קאָלאָניסט פון זיי.

אויסהערנדיק מיינע דערקלערונגען, האָט מיר איינער פון זיי, ד. ל. דער־קלערט: „איצט וועל איך זאָגן דעם אמת. שבת אין שיל האָט מען גערעדט,

אַז איר ווילט זיך אונטערהנפענען צום אַדמיניסטראַטאָר, דערפאַר מאַכט איר פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער נייער חברה. אָבער איצט פאַרשטייען מיר וואָס דאָס באַדייט און מיר וועלן עס איבערגעבן שבת אין שיל״.

ווען עס האָט זיך געשאַפן די סומע פון 2000 פּעזעס, האָט די יִיקאָ אויס־געליען נאָך 10.000 פּעזעס, און מען איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט: מען האָט אַרויסגעגעבן קליינע קרעדיטן און מ׳האָט געקויפט זעק מיט פּאָדעם פאַרן שניט.

די מורא פאַר די סוחרים איז געווען נישט אומזיסט, לויט ווי עס באַ־ווייזט דער פאָלגנדיקער עפּיזאָד:

עס איז געווען אַ שבת גאַנץ פרי. איך בין שוין געזעסן אויף מיין נייער טשאַקרע אין „דעספּאָרמאַדאָס״, איז צוגעפאָרן צו מיין הויז דער ה׳ לייבאָוויטש און זאָגט מיר, אַז ער איז שטאַרק באַאומרויִקט, עס איז שוין צייט צו שניידן דעם האָבער און דער בינד־פּאָדעם איז נאָך נישט אָנגעקומען. אין יענע יאָרן האָט מען געאַרבעט מיט די שנייד־מאַשינען וואָס האָבן אַרויסגעוואָרפן גע־בונדענע סנאָפּעס. ער האָט מיט זיך אַלע דאָקומענטן, אַז דער פּאָדעם איז שוין אַרויסגעשיקט געוואָרן פון בוענאָס־איירעס; ער האָט שוין עטלעכע מאָל טעלע־גראַפירט, באַקומען אַן ענטפער, נאָר דער פּאָדעם קומט נישט. נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת איז געבליבן, ער זאָל פאָרן מיטן קאָטש פון אײן סטאַנציע צו דער צווייטער ביז אורוגוויי, און זיכער איז אַז דער וואַגאָן מיט דעם פּאָדעם איז פאַרהאַלטן געוואָרן ביי איינעם פון די סטאַנציעס. דעמאָלט האָט נאָך נישט עקסיסטירט דער פּעררִיבאָט, האָט מען אַלע סחורות פון בוענאָס־איירעס גע־מוזט שיקן מיט דער שיף ביז אורוגוויי און פון אורוגוויי טראַנספּאָרטירן מיטן באַן. אַזוי האָט ער געטאָן. און אָנקומענדיק אין באַסאַווילבאַסאָ האָט ער גע־טראָפן דעם וואַגאָן מיטן פּאָדעם אויף אַ זייטיקער ליניע. נאָך אַ שטאַרקן פּראָ־טעסט איז דער וואַגאָן אָנגעקומען אויפן צווייטן טאָג קיין דאָמינגעז.

מען האָט דעמאָלט חושד געווען אַז עס איז געטאָן געוואָרן מיט אַ בייז־ווילִיקער כוונה, צו וועלכער די סוחרים האָבן צוגעלייגט אַ האַנט. טראָץ דעם אַלעמען האָט „פאָנדאָ קאָמונאַל״ געשלאָגן יעדעס מאָל טיפערע וואָרצלען. איי־נער פון די ערשטע באַשלוסן איז געווען, אַז די מיטגלידער פון עקזעקוטיוון ראַט קענען זיך נישט באַנוצן מיטן קרעדיט פון „פאָנדאָ קאָמונאַל״. פאַר יע־נער צייט איז עס געווען נייטיק צוליב אויסמיידן יעדן מאָטיוו וואָס קען אַרויס־רופן אומצוטרוי.

אין ערשטן „קאָנסעכאָ דירעקטיוואָ״ זענען געווען אַ פּאָר מיטגלידער וואָס האָבן געהאַט דירעקטע פאַרפליכטונגען מיט דער קאָמערץ, און די דאָ־זיקע האָבן געזוכט נישט צו דערלאָזן אַז „פאָנדאָ קאָמונאַל״ זאָל אויסברייי־

טערן זיין טעטיקייט. אַזוי, למשל, ווען מען האָט באַטראַכט דאָס קויפן מעל, האָבן די לייט געטענהט, אַז דאָס קען ברענגען אַן אומגליק פאַר די מיטגלי־דער, דערפאַר וואָס די קרעמערס וועלן ווערן אין כעס און נישט וועלן באָרגן דעם קאָלאָניסט קיין אַנדערע געברויך־אַרטיקלען. אין יענער צייט האָבן אַ גרויסער טייל קאָלאָניסטן גענומען אַלץ אויף באָרג, פון שניט צו שניט. און אַז עס האָט נישט געסטייעט צו באַצאָלן, איז מען געבליבן שולדיק און ווייטער געבאָרגט. די קרעמערס האָבן געוווּנטשן אַז דער קליענט זאָל בלייבן מיט אַ „נשאר חייב“, כדי ער זאָל מאַראַליש זיין געבונדן מיט אים. פון דעם דאָזיקן טיפּ ראַטמענער האָט מען געליטן אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אין אַפּריל 1906 זענען פאָרגעקומען וואַלן און איך בין אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ ראַט־מאַן. אין דער קאָלאָניע האָבן זיך אָנגעהויבן שטילע מורמלערייען קעגן דעם, וואָס איינע און די זעלבע פּערזאָן איז אַדמיניסטראַטאָר פון דער יי:קאַ און פּרעזידענט פון „פאַנדאַ קאָמונאַל“. עס זענען געווען פאַלן, ווען דער מיטגליד איז געקומען צום פּרעזידענט זיך באַקלאָגן קעגן אַדמיניסטראַטאָר, אָדער בעטן זיין פאַרמיטלונג ביי דער יי:קאַ און עס האָבן זיך געשאַפן נישט קיין קלאָרע און אַ מאָל נישט קיין באַקוועמע סיטואַציעס.

ביי די וואַלן אין יאָר 1907 איז ווידער אַ מאָל אויסגעקליבן געוואָרן ליי־באָוויטש פאַר פּרעזידענט. ער האָט אין אַ זייער איידעלער פאָרעם געדאַנקט פאַר דעם צוטרוי וואָס מען האָט צו זיין פּערזאָן און דערקלערט, אַז עס איז שוין געקומען די צייט אַז די קאָלאָניע זאָל ווערן זעלבשטענדיק און איבער־נעמען אין זייערע אייגענע הענט און אויף אייגענער אחריות די אָנפירונג מיט די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז עס איז נישט אין אָרדענונג אַז דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער יי:קאַ זאָל זיין דער פּרעזידענט פון אַ פרייער קאָלאָניסטישער געזעלשאַפט, און האָט אָנגעוויזן אויף דער נישט־דווינבאַרקייט אַז „פאַנדאַ קאָמונאַל“ זאָל זיך געפינען אין די ווענט פון דער אַדמיניסטראַציע; פאַנדאַ קאָמונאַל מוז האָבן איר אייגענע ביוראָ און אירע אייגענע באַאַמטע, עס איז נאָר די פראַגע צו געפינען אַ פּאַסיקע פּערזאָן וועל־כער מען זאָל קענען אָנפאַרטרויען די פאַרוואַלטונג. פון פּובליקום האָבן זיך דערהערט אויסרופן: „איטשקע קאַפּלאַן! איטשקע קאַפּלאַן!“. לייבאָוויטש האָט פאַרגעזעצט, זאָגנדיק, אַז אויך ער האָט געטראַכט וועגן דער זעלביקער פּער־זאָן, נאָר עס איז בעסער וואָס דער פאָרשלאַג איז געקומען פון דער מיטגלי־דערשאַפט.

פאַר מיר איז דאָס געווען אַן איבערראַשונג. אין טאָג־אָרדענונג פון דער פאַרזאַמלונג האָט נישט פיגורירט אַזאַ פּונקט; עס איז געקומען ספּאָנטאַן. אויפן צווייטן טאָג האָט מיך געשיקט רופן לייבאָוויטש און מיר האָבן גערעדט וועגן

דעם אופן ווי אַזוי איינצואָרדענען די ביוראָ. ער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל זיך צוגרייטן אויף צו קענען אין די נאָענטסטע טעג אַריינטרעטן אין דער אַר־בעט. ביי דער ערשטער זיצונג פון דעם ניי־דערוויילטן ראַט, האָבן אַ פּאָר ראַטמענער וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר תקיפים, פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל בעטן דעם ה׳ לייבאָוויטש, אַז דער פּאַנדאָ קאָמונאַל זאָל בלייבן נאָך איין יאָר אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער ייִקאַ, ווייל די קאָלאָניע איז נאָך נישט גרייט צו פאַרוואַלטן אַליין די אינסטיטוציע. אַ טייל ראַטמענער האָבן געפּאָ־דערט, מען זאָל דורכפירן דעם באַשלוס פון דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג; אַז די פאַרוואַלטונג האָט נישט קיין רעכט איבערצואַנדערשן אַ באַשלוס פון דער העכסטער אינסטאַנץ פון דער געזעלשאַפט. ביים אָפּשטימען איז די מערהייט געווען פאַרן פּאָרשלאַג צו בלייבן נאָך אַ יאָר אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער ייִקאַ. סאַכאַראָוו איז נישט געווען ביי יענער זיצונג. אין מאָנאַט דעצעמ־בער 1907 איז לייבאָוויטש אַוועקגעפאָרן קיין בראַזיל, צו פאַרנעמען דאָרט דעם אַמט פון דירעקטאָר פון די דאָרטיקע ייִקאַ־קאָלאָניעס, און ד״ר ירחי איז געבליבן דער וויצע־פּרעזידענט אין אַמט. אין אַפּריל 1908 איז אויסגע־קליבן געוואָרן סאַכאַראָוו פאַר פּרעזידענט פון פּאַנדאָ קאָמונאַל. די ביוראָ האָט מען איינגעאָרדנט אין קאַלין און איך האָב איבערגענומען די פאַרוואַלטונג. איך האָב געזען ווי ריכטיק עס איז דער זאָג: „אַז ווי עס מאַכט זיך דאַרף מען אויס־לייגן צום גוטן״. איך באַטראַכט באמת פאַר אַ גליק, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן צוזאַמען מיט סאַכאַראָוון און נישט פריִער. און מיר האָבן אַזוי אַרום געקענט אויסשטעלן אונדזער פּראָגראַם און אָנצייכענען אונדזער ליניע פון טעטיקייטן, פריי פון יעטוועדן דרוק, ווי עס איז געווען די ייִקאַ־סיסטעם.



געזעגענונג פאַרן ה׳ אַדאָלפאָ לייבאָוויטש, צו זיין פאַרלאָזן די קאָלאָניע און אָפּפאָרן קיין בראַזיל, צו פאַרנעמען
דעם אַמט פון דירעקטאָר פון די יק״אַ־קאָלאָניעס

# שווערִיקייטן, שווּנג און פאַנטאַזיע

בכדי צו פאַרשטיין ווי אַזוי האָט די גרויסע מערהייט פון די קאָלאָניסטן זיך פאָרגעשטעלט דעם באַדייט און פאַרנעם פון פאָנדאָ קאָמונאַל, אין דער ערשטער צייט פון איר גרינדונג, איז נייטיק צו נעמען אין אַכט די דעמאָל־טיקע אומשטאַנדן:

1) דער לעבן־סטאַנדאַרט איז געווען זייער אַ נידעריקער. מען האָט נאָך געדענקט די 8 פעזעס אַ מאָנאַט שטיצע פאַר אַ פערזאָן, וואָס די יִיקאַ האָט געגעבן, פון וועלכע אַ בעל־הביתטע אַ בריה פלעגט נאָך אָפּשפּאָרן אַ פּאָר פעזעס, כדי עס זאָל זיך „וואַלגערן" ערגעץ אין קאַסטן אַ מזומנע פעזע.

2) די גרינדונג פון פאָנדאָ קאָמונאַל איז נישט געקומען ווי אַן איניציאַטיוו פון די קאָלאָניסטן גופא; פון אַן אינערלעכן דראַנג צו זעלבשטענדיקייט, נאָר עס איז געקומען דורך דעם אָנווייז פון אויבן, און דאָס סאַמע איבערשטע איז דעמאָלט געווען די יִיקאַ־אַדמיניסטראַציע. ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער ערשטער קאָלאָניסטישער „פאַראיין" איז געגרינדעט געוואָרן אין דער קאָלאָניע לוסיענווילע (באַסאַווילבאַסאָ) אויף דער איניציאַטיוו פון דעם יִיקאַ־אַגענט, אַגראָנאָם נעמיראָווסקי, אין יאָר 1900. ער האָט עס געמאַכט שטילערהייט און ביז אַ געוויסן גראַד געהיים. די גענעראַל־די־רעקציע פון דער יִיקאַ אין בוענאָס־איירעס האָט נישט געטאָרט וויסן פון דעם, ווייל פריינטלעכע באַציִונגען מצד אַ יִיקאַ־באַאַמטן מיט קאָלאָניסטן איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שוואַכקייט וואָס קען ברענגען שאָדן צו דערפילן זיינע אַמטלעכע פליכטן. אין אַלגעמיין האָט מען אין די העכערע יִיקאַ־אינסטאַנצן זיך געשראָקן פאַר דעם געדאַנק פון קאָלאָניסטישער פאַראייניקונג. ווען עס זענען אַריבער עטלעכע יאָר, און זיי האָבן געזען אַז קיין שרעקלעכס איז פון דעם נישט אַרויסגעקומען, להיפוך, קאָלאָניסטן ווילן איבערנעמען די לייזונג פון געוויסע פראָבלעמען — עקאָנאָמישע און סאָציאַלע — אין זייערע אייגענע הענט און אויף אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, — האָבן די יִיקאַ־אויטאָריטעטן געביטן זייער מיינונג און אויסגעדריקט דעם ווונטש, אַז עס זאָלן זיך שאַפן פאַראיינען אויפן מוסטער פון באַסאַווילבאַסאָ. אין די ערשטע סטאַטוטן פון פאָנדאָ קאָמונאַל איז געווען אַ פונקט, אַז דער יִיקאַ־אַדמיניסטראַטאָר איז דע פאַקטאָ אַ שטענדיקער מיטגליד פון דירעקטאָריום פון פאָנדאָ קאָמונאַל.

3) דער באַטרעף פון אַן אַקציע איז געווען צען פּעזעס, און יעדער מיט־גליד האָט געדאַרפט צייכענען דריי אַקציעס און איינצאָלן דריי פּעזעס אויף יעדער אַקציע. לויט דעם באַגרענעצטן אַקציען־קאַפּיטאַל קען מען זיך שאַפן אַ באַגריף פון דער באַגרענעצטער פאַנטאַזיע. איך באַטראַכט פאַנטאַזיע ווי אַן אומבאַדינגט נייטיקן פאַקטאָר ביי יעדער אונטערנעמונג, איבערהויפּט ביי אַ געזעלשאַפטלעכער. אויף דער מאָדערנער שפּראַך רופט מען עס אַ „מאַקסימום פּראָגראַם", ווייל אַז מען האָט פאַר זיך אַ מאַקסימום קען מען אָנהייבן פון אַ מינימום און גיין בהדרגהדיק פאָרויס, אָבער ווען דער מינימום ווערט אַוועקגעשטעלט לכתחילה ווי אַ מאַקסימום, ווערט פאַרמאַכט דער וועג צו פאַנטאַזיע, צו שווונג, צו אַ שטרעבן וועגן אַ שענערער צוקונפט און מען באַפרידיקט זיך מיט קליינינקייטן.

4) עס איז נישט געווען קיין טעאָרעטישע צוגרייטונג, קיין אויפקלערונג, קיין אידעיִשער אויסטויש איבער דעם וואָס מען גייט שאַפן; אַ קליינע מינדערהייט האָט געפילט אינטויִטיוו, אַז עס שאַפט זיך אַ וויכטיקע זאַך· יעדערער אויף זיין שטייגער האָט אויסגעטייטשט די מיסיע און דעם באַדייט פון דער געזעלשאַפט. דער קאָאָפּעראַטיווער געדאַנק איז געווען אַבסאָלוט פרעמד אַפילו פאַר די גרינדער און ערשטע דירעקטאָרן. פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט זיך געגרינדעט דעם 21סטן נאָוועמבער 1904 און אין יאָר 1906 האָט סאַכאַראָוו איינגעלאַדן צו אים אין שטוב זיינע נאָענטע שכנים פון באַראָנעטשע און לאַס מאָסקאַס — 17 אין צאָל — און האָט אָרגאַניזירט דעם פאַרקויף פון ווייץ און ליאָן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. קיינעם איז נישט געקומען אויפן געדאַנק צו פרעגן סאַכאַראָוון, ווי דער דירעקטאָר פון פּאַנדאַ קאָמונאַל, פאַר וואָס ער האָט זיך נישט באַראַטן וועגן דעם מיטן דירעקטיוון ראַט. עס איז געווען דערפאַר, ווייל די ראַטמענער זענען געווען מינימאַליסטן און האָבן נישט געטראַכט פון עטוואָס גרעסערס. עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז אַפילו היפּשע עטלעכע יאָר נאָך דעם, אונטער דער סאַכאַראָוו־פּרעזידענץ, ווען פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט אָרגאַניזירט דעם פאַרקויף פון תבואה, איז נאָך אַלץ פאַרשטאַנען געוואָרן אונטערן וואָרט „קאָאָפּעראַטיווע" דער פאַרקויף פון ווייץ און ליאָן, און פּאַנדאַ קאָמונאַל — ווי אַ פאַראיין. נישט אין די סטאַטוטן, נישט אין די „מעמאָריאַס"* איז געווען דערמאָנט דאָס וואָרט „קאָאָפּעראַטיווע" אָן שום אידעאָלאָגישע צוגרייטונגען, נישט האָבנדיק פאַר זיך קיין ביישפּיל פון וועמען צו לערנען, מיט גאָר באַגרענעצטע מיטלען, מיט אַ נידעריקן סטאַנ־

* באַריכטן.

דאָרט פון לעבן, וואָס איז שטענדיק אַ שטערונג צו פּראָגרעס, האָט פּאַנדאָ קאָמונאַל געמאַכט זיינע ערשטע שריט. צו דעם אַלעם האָט מען זיך אָנגע־טראָפן מיט אויסערלעכע און אינערלעכע שוועריקייטן; אינערלעכע שוועריקייטן זענען געווען, ווי ביי איטלעכן אָנהייב: דאָס פעלן פון פּראַקטיק, דאָס אויסטיילן קרעדיטן מער ווי די אייגענע רעסורסן האָבן דערלויבט, דאָס באַנוצן זיך מיט קרעדיט געשטיצט בלויז אויפן גוטן ווילן פון מיטגליד, די דורכ־פאַלן פון די קאָסעטשעס, א״אַ; אויסערלעכע שוועריקייטן זענען געווען: די קעגנערשאַפט פון די קרעמערס, וואָס מערער פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט אויסגע־שפּרייט זיין טעטיקייט, אַלץ מער אויפברויז האָט עס אַרויסגערופן ביים לאָ־קאַלן קאָמערץ; הויפּטזאַכלעך האָט זיך דערוועקט די פאַרביטערטע קעגנער־שאַפט פונעם קאָמערץ, ווען פּאַנדאָ קאָמונאַל איז אַרויס פון דער אַפּיטרופּסות פון דער יק״א־אַדמיניסטראַציע און האָט זיך איינגעאָרדנט זעלבשטענדיק, אַלע מאָל מיט נייע צווייגן פון טעטיקייט. מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף. כמעט אַלע מיטגלידער זענען געווען פאַרבונדן יעדער איינער מיט זיין קרעמער, וואָס אים איז ער שולדיק געווען און האָט געמוזט אָנקומען צו אים נאָך קרעדיט. פּ. ק. האָט נאָך נישט געהאַט קיין קאָנסום־אָפּטיילונג, און ווי באַוווּסט, „אין אָדם מעיז פּניו בפני בעל חובו״.

אין יענער צייט איז געווען איינגעפירט, אַז די גרויסע אימפּאָרט־הייזער פון בוענאָס־איירעס האָבן אומעטום געהאַט זייערע אַגענטן. אין יעדער שטאָט און שטעטעלע איז געווען אַן אַגענט פון אַן אימפּאָרט־הויז מיט אַ באַשטימ־טער מאַרקע. אַלע אַגריקולטור־מכשירים האָט מען געמוזט קויפן נאָר ביים אָנגעוויזענעם אַגענט, לויטן פּרייז וואָס איז געווען אָנגעצייכנט אין קאַטאַלאָג. ווען דער קאָלאָניסט האָט געקויפט אַ פלוג, אָדער וועלכן נישט איז אַנדערן געצייג, איז דער אַגענט געווען אַ „פיינער מענטש״, ער האָט געוויזן דעם קאַ־טאַלאָג און זיך באַנוגנט בלויז מיט פינף פּראָצענט פאַרדינסט. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון אַ גוטן קליענט, האָט ער ביי אים גענומען לויטן פּרייז פון קאַטאַלאָג, זאָגנדיק, אַז ווייל פאַר אים, וויל ער גאָר נישט פאַרדינען. געוויס איז אים דער קאָלאָניסט געווען דאַנקבאַר, און פלעגט דערציילן שבת ביים מנין, אָדער ביי אַן אַנדער צוזאַמענקום, אַז „אַזאַ פיינער מענטש ווי זיין סוחר איז שווער צו געפינען״. ווען פּ. ק. האָט אָנגעהויבן קויפן אַגריקולטור־מכשי־רים אין אַ גרעסערן מאָסשטאַב, האָבן מיר זיך געווענדט דירעקט צו די אימ־פּאָרט־הייזער. מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז דער אַגענט באַקומט פון 30 ביז 40 פּראָצענט קאָמיסיאָן פון יעדן אַרטיקל און פינף פּראָצענט נאָך צו, ווען מען באַצאָלט אים ביז צו די דרייסיק טעג. ווען מיר האָבן געמאַכט די ערשטע באַשטעלונג פון פלוגן, באָראָנעס, זיי־מאַשינען א״אַ, האָבן די אימפּאָרט־היי־

זער אונדז געענטפערט אַז זיי וועלן גערן נאָכקומען ;אונדזער פאַרלאַנג, נאָר די 30 פּראָצענט וועלן זיי אַקרעדיטירן זייערע אַגענטן. עס זענען געקומען רעפּרעזענטאַנטן פון די אימפּאָרט־הייזער און געוואָלט אונדז איבערצייגן, אַז זיי קענען אַנדערש נישט האַנדלען, ווייל זיי האָבן מיט די אַגענטן קאָנטראַקטן, און דערצו נאָך איז דער אַגענט (לאָקאַלער סוחר) אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר די אַרטיקלען מיט זייער מאַרקע און זיי גאַראַנטירן דעם הויז פאַר דעם באַטרעף וואָס זיי קויפן. מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז פּראָפּאַגאַנדע דאַרף מאַכן דער פלוג, אָדער די אַנדערע אַגראַר־רעמאַנענטן מיט זייער גוטער פונקציאָנירונג און דויערהאַפטיקייט, מיר באַטראַכטן דעם רעמאַנענט פאַרן נייטיקן אינסטרומענט פאַרן קאָלאָניסט, ער זאָל קענען גוט אַרבעטן און פּראָדוצירן, אָבער פאַר קיין פאַל נישט ווי אַ סחורה צו פאַרדינען פאַר יענע וואָס אַרבעטן נישט און ווילן פאַרדינען פון יענעמס אַרבעט; אויב די קאָסטשע גייט פאַרלוירן, באַצאָלט נישט דער קאָלאָניסט דעם סוחר און דער סוחר באַצאָלט נישט דעם אימפּאָר־טירער. בעיקר זענען מיר געשטאַנען אויפן פּרינציפּ, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו איז באַרופן צו באַפרייען דעם מיטגליד פון די פאַרמיטלערס, און מיר וועלן קעמפן קעגן דעם אומגערעכטן, פּרימיטיוון סיסטעם צו „פאַרדינגען" אָדער „אָפּדינגען" אַ באַשטימטע געגנט מיט אַלע אירע קאָלאָניסטן, וועלכע דאַרפן געבן פּרנסה, אָדער רייך מאַכן אַ פּערזאָן וואָס טוט גאָר נישט און ריזיקירט גאָר נישט.

די לאָקאַלע אַגענטן־סוחרים האָבן אונדז אָנגעבאָטן זיך צו טיילן מיט די פאַרדינסטן. זיי זענען געווען גרייט אַפילו אונדז אָפּצוגעבן אין גאַנצן דעם פאַרדינסט, נאָר זיי לאָזן פריי ווי אַגענטן. מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט אַוועקגיין פון פּריניציפּ „פון פּראָדוקטאָר צום קאָנסומירער" און אויסמיידן פאַרמיטלערס. מיר האָבן אונדזערס דערגרייכט. די אימפּאָרט־הייזער האָבן זיך געגעבן רעכענונג אַז אונדזער שטאַנדפּונקט איז אַ גערעכטער און אַ לאָ־גישער. די פאַרוואַלטערס פון די אימפּאָרט־הייזער זענען געווען אייראָפּעער און זיי האָבן געוווסט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, זיי האָבן אונדז פאַרקויפט דירעקט, און מיר האָבן געגעבן פון אַלע באָניפיקאַציעס, ד"ה, דער קאָלאָניסט האָט באַקומען די אַרטיקלען פיל ביליגער. אויף דער עקאָנאָמישער שפּראַך הייסט עס. פאַרביליקט דעם קאָסט פון פּראָדוקציע. נאָר דעם שווער־סטן קאַמף האָבן מיר געהאַט ביים תבואה־פאַרקויף, מחמת ביי דעם מסחר לאָזן זיך מאַכן סוחרישע דריידלעך ביי דער וואָג, ביים אַנאַליז. דער סוחר באַט אָן דעם קאָלאָניסט מערער מיט עטלעכע סענט — דאָס לאָקט, אָבער ער פלעגט אָפּזוכן די דאָזיקע סענטן נאָך מיט אַן עודף אומדירעקט, דורך די דער־מאָנטע מיטלען. צרות און עגמת־נפש האָט עס אונדז פאַרשאַפט זייער אַ סך.

עס זענען געווען מיטגלידער וואָס האָבן פּראָפּאַגאַנדירט, אַז די סוחרים צאָלן העכערע פּרייזן ווי פּ. ק. וואָס ווייסט נישט ווו צו פאַרקויפן; אַז „די ייִנגלעך (מען האָט געמיינט סאַכאַראָוון און קאַפּלאַנען) מאַכן אומגליקלעך דער קאָ־לאָניע”. דערצו האָבן מיטגלידער זיך געמאַכט פאַר אַ נאַרמע, אַז דעם ערגערן פּראָדוקט דאַרף מען ברענגען אין דעם קאָאָפּעראַטיוו און די גוטע תבואה פאַרקויפן דעם סוחר. עס זענען געווען פאַלן ווען מיטגלידער האָבן געבראַכט אין קאָאָפּעראַטיוו דעם טייל תבואה, וואָס דער סוחר האָט אויסגעבראַקירט און מיר האָבן געמוזט צונעמען און שווייגן, ווייל די דאָזיקע מיטגלידער זענען געווען שולדיק געלט פאַר זעק, פּאָדעם, מאַשינען און אויך דערפאַר, ווייל מיר האָבן געגלייבט אַז מיט געדולד און מיטן קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל וועלן מיר קענען איבערצייגן די מיטגלידער וואָס בלאָנדזשען און זיי אַרויספירן אויפן ריכטיקן וועג. די בעסערע מיטגלידער פלעגן פּראָטעסטירן, פאַר וואָס מיר טאָלערירן אַזוי פיל, נאָר מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז די פירערס פון אַ קאָאָ־פּעראַטיוו זענען נישט און טאָרן נישט זיין בלויז געשעפטלייט, נאָר מוזן אויך זיין דערציִערס, וואָס מוזן אויפנעמען די פעיִקייט און די פּסיכאָלאָגיע פון דעם ווייניקער אינטעליגענטן שילער; דער באַגאַבטער לערער ווייסט, אַז דאָס וואָס איין שילער לערנט אויס אין איין יאָר, דאַרף אַ צווייטער לערנען צוויי יאָר, אָבער מען מוז האָבן געדולד ביז ער לערנט זיך אויס. און איך קען באַשטע־טיקן, אַז טראָץ אַלע אומאָנגענעמלעכקייטן, פאַרביטערטקייטן און געשעפט־לעכע שוועריקייטן וואָס מיר האָבן איבערגעטראָגן, האָבן מיר דערגרייכט אונ־דזער ציל. ביסלעכוויז האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייזן די ריכטיקייט. מיט־גלידער האָבן אויפגעהערט זיך אַליין צו נאַרן, מיינענדיק אַז עמיצער נאַרט זיך אָפּ ביי זיי, און אַבי זיי האָבן אָנערקענט דאָס נאַרישקייט פון אָפּנאַרעריי, איז ממילא אַנטפּלעקט געוואָרן דער ריכטיקער וועג: אַז די פאַרטיידיקונג פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינטערעסן געפינט זיך אין דעם אייגענעם ווילן פון יעדן יחיד, און צו פאַראייניקן און אָרגאַניזירן די אינדיווידועלע ווילנס אין איין פעסטן בונד, אין איין פרייער קאָאָפּעראַציע. אייניקע סוחרים וואָס האָבן אַרויסגעוויזן סוחרישע קונצשטיק, זענען אַראָפּ פון דער סצענע; אַנ־דערע האָבן זיך דערהאַלטן אַ דאַנק דער ערשטער וועלט־מלחמה — זיי האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרדינען גרויסע סומעס געלט ביי ליידיקע זעק וואָס מען האָט געקויפט פאַר קאָסטשע צו 20־25 סענט און ביז צום שניט זענען זיי גע־שטיגן 4־5 מאָל אַזוי פיל. פּ. ק. האָט, נאַטירלעך, נישט אויסגעניצט די דאָזי־קע סיטואַציע און האָט געשטעלט דעם געוויינטלעכן פּרייז; דאָס האָט געדינט ווי נאָך אַ באַווייז פאַר דעם אונטערשייד פון זיין אַ קליענט ביי אַ „גוטן” סוחר ביז צו זיין אַ מיטגליד, אַ מיטשותף צו אַן אייגענער געזעלשאַפט.

**
*

זייער ביטערע קאָנסעקווענצן האָט געבראַכט דאָס אַרויסגעבן קרעדיטן און נאָך דעם דאָס שווערע איינקאַסירן. אייגנטלעך וואָלט מען געקענט צורע־כענען אַלע שוועריקייטן צו די שלעכטע קאָסעטשעס. פון 1909 ביז 1917 זע־נען געקומען אַלערליי פּלאָגעס: עפּידעמיעס פאַר בהמות, היישעריקן, צופיל רעגנס, טריקעניש. נאָך יעדער קאָסעטשע האָט מען זיך אָנגענומען מיט נייעם מוט, מען האָט זיך פאַרבאָרגט, קויפנדיק זוימען־קערנער פאַר וועלכע מען האָט געצאָלט הויכע פּרייזן און אַ הויכן פּראָצענט, ווי דער שטייגער איז ווען מען קויפט אויף באָרג. און אַז די פעלדער האָבן געגרינט, עס האָבן זיך באַ־וויזן די זאַנגען, איז אויך געוואַקסן די האָפענונג, אַז דאָס מאָל וועט מען פּטור ווערן פון די חובות; האָט מען זיך פאַרגרייט מיט זעק, פאָדעם, שנייד־מאַשי־נען אאַז"וו. נאָר אַז עס איז געקומען צום שניידן, האָט אָנגעהויבן רעגענען און האָט נישט אויפגעהערט ביז די פאַרוועס זענען דורכגעווייקט געוואָרן ביז צום דעק, און דאָס נישט־געשניטענע איז געגאַנגען לאיבוד.

עס זענען געווען פאַלן, ווען די אויסגעדראָשענע תבואה האָט מען געמוזט אויסשיטן אין דרויסן. אַזאַ פאַל געדענק איך ביי משה קוסעלעוויטש. ער האָט אויסגעדראָשן 200 פּאַנגאָס ליאָן אין גאַנצן נאַסע; ער האָט זיי נישט געקענט טריקענען צוליב די אָפטע רעגנס; דער ליאָן איז פאַרברענט געוואָרן אין די זעק. (נאַסע תבואה, אַז עס ליגט עטלעכע טעג אין די זעק, ווערט עס פאַר־ברענט און טויג נישט צו גאָרנישט). קוסעלעוויטש האָט געמוזט באַצאָלן פאַרן דרעשען און דעם ליאָן האָט ער אויסגעשאָטן אין דרויסן. די קאָלאָניע איז אין די דערמאָנטע יאָרן פאַראָרעמט געוואָרן. פ. ק. האָט זיך פאַרשולדיקט אין עטלעכע הונדערט טויזנט פּעזעס, און עס האָט זיך געשאַפן אַן אומדערטרעג־לעכע לאַגע. עס האָבן נישט געפעלט אַזעלכע, וואָס האָבן עפּנטלעך געראָטן דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל זיך דערקלערן באַנקראָט. אָבער מיר האָבן דאָס ענער־גיש אָפּגעוואָרפן. פאַרקערט, מיר האָבן דערקלערט, אַז מיר וועלן באַצאָלן אַלע־מען אַלע הונדערט פּראָצענט, — דעם קרן מיטן פּראָצענט. מיר האָבן גע־בעטן ביי די קרעדיטאָרן נאָר צייט און געדולד, און זיי האָבן עס אונדז באַ־וויליקט, מחמת דעם גרויסן צוטרוי. אויך אין דעם פאַל האָט אונדזער אויס־דויער־קראַפט און דער צוטרוי וואָס די קרעדיטאָרן האָבן געהאַט צו די פּער־זאָנען וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אינסטיטוציע מיטגעהאָלפן אַרויפצובריינגען פּאַנדאָ קאָמונאַל אויפן גראַדן וועג, און אונדזער פּרעסטיזש איז נאָך מער געוואַקסן. מיר מוזן אָבער אָנערקענען, אַז אַ נאַרישקייט, ווען אַפילו זי גליקט אָפּ, בלייבט זי דאָך אַ נאַרישקייט. זיבערהויפּט ביי ערד־אַר־בעט, ווען מען איז שטענדיק אונטערגעוואָרפן די קאַפּריזן פון דער נאַטור,

מוז מען זיין זייער און זייער פּאָרזיכטיק מיטן אויסטיילן קרעדיטן, בפרט ווען עס האַנדלט זיך פון פרעמדן קאַפּיטאַל.

**
*

מיר זענען אויך באַגאַנגען פעלערן צוליב אומדערפאַרנקייט, מיטן אַריינ־נעמען אין אונדזער טעטיקייט־פּראָגראַם אַלצדינג וואָס האָט אַ שייכות צו אַ געמיינדע־אָרגאַניזאַציע. אויסער די עקאָנאָמישע צווייגן, האָבן מיר זיך אויך באַשעפטיקט מיט מוטואַלע און מוניציפּאַלע זאַכן, ווי: סאַניטאַרע באַדינונג, בריקן און וועגן פאַרריכטן, וואָס האָט צוגענומען ביי אונדז צייט און ענערגיע, אָפּגערעדט, אַז דאָס זענען אַקטיוויטעטן אויסער אונדזער קאָמפּעטענץ. די ערשטע יאָרן פון דער קאָלאָניזאַציע איז דאָס סאַניטאַרוועזן אויסגעהאַלטן גע־וואָרן פון דער יִיקאַ, אַזוי אַז קיינער האָט זיך נישט פאַראינטערעסירט מיט אירע פינאַנסן, נישט מיט איר פאַרוואַלטונג. נאָך דעם האָט די יִיקאַ איבער־געגעבן די סאַניטאַרע פאַרוואַלטונג (לערך אין 1902) צו צוויי פריוואַטע פּער־זאָנען: דעם פאַרמאַצעווט יעקב טיפּענבערג און אַדאָלפאָ סאַס. דער ערשטער האָט פאַרוואַלטעט מיטן שפּיטאָל און דער צווייטער — מיטן אַפּטייק. יעדער קאָלאָניסט האָט געצאָלט זעקס פּעזעס אַ יאָר מיטגליד־אָפּצאָל און פאַר יעדן רעצעפּט — דרייסיק סענט. זיי האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן פון דער גאַנ־צער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, פון די ווייטסטע פּונקטן פלעגט מען קומען צו ד״ר ירחי. ער אַליין, האָט נישט געזוכט אויסצונוצן די פריוואַטע פּאַציענטן פאַר זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר דער אַפּטייק און שפּיטאָל האָבן גע־נאָסן זייער פיל פון זיי. פּאַנדאָ קאָמונאַל, מיט דער כוונה אַרונטערצונעמען אונטער איר פירערשאַפט אַלץ אין וואָס די קאָלאָניסטן־מיטגלידער נייטיקן זיך, און זעענדיק אַז דער שפּיטאָל מיטן אַפּטייק גיבן אַ גוטן פאַרדינסט, — האָט באַשלאָסן איבערצונעמען די פאַרוואַלטונג פון די דאָזיקע צוויי אַנשטאַלטן. דער שעף פון „סערוויסיאָ סאַניטאַריאָ“* איז נאַטירלעך, געווען דער ד״ר ירחי. אַזוי גוט ווי ער איז געווען אָנערקענט ווי אַ דאָקטער און גוטהאַרציקער מענטש, אַזוי איז אים געווען פרעמד אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן אַדמי־ניסטראַטיוון טייל. אָפטע און שטאַרקע דיסקוסיעס זענען פאָרגעקומען צווישן סאַכאַראָוון און ד״ר ירחי, מחמת דער שלעכטער עקאָנאָמישער פירונג. אָבער צו קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט עס נישט געפירט. ד״ר ירחי האָט נישט טאָלערירט אַז עמיצער זאָל זיך מישן אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון

* סאַניטאַרע באַדינונג.

שפּיטאָל און אַפּטייק. ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט פּאַקטישע אומרעגל־מעסיקייטן, וואָס זענען אים אָנגעוויזן געוואָרן. חוץ די אומאָנגענעמלעכקייטן וואָס דאָס האָט אונדז פאַרשאַפט, האָט עס אויך געקאָסט דעם פּ. ק. עטלעכע צענדליק טויזנט פעזעס, צוליב דער נישט־פּאַסיקער פאַרוואַלטונג. דערצו האָט דער דערמאָנטער טיפּענבערג געעפנט אַן אַפּטייק אין דאָמינגעז און האָט גע־מאַכט קאָנקורענץ אונדזער אַפּטייק. ער האָט עס געקענט מאַכן, ווייל ער איז געווען אַליין בעל־הבית, אַליין דער פאַרמאַצעווט, אָן עמיצנס קאָנטראָל איבער די רעצעפּטן, בעת פּ. ק. האָט געדאַרפט אַרבעטן מיט פרעמדע הענט, די רע־צעפּטן זענען געווען לעגיטימע, אויף די ביליקסטע פרייזן, צורעכענדיק צו דעם די קריזיס־יאָרן און דעם פריצייטיקן טויט פון ד״ר ירחי, — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געווירקט אויף דער פינאַנסיעלער סיטואַציע, ביז פּ. ק. האָט זיך געזען געצוווּנגען צו שליסן דעם שפּיטאָל און ליקווידירן דעם אַפּטייק. זיי זענען שפּעטער ווידער געעפנט געוואָרן ווי אומאָפּהענגיקע אַנשטאַלטן. זיי פונקציאָנירן ביזן היינטיקן טאָג.

***

נאָך איין אומפּראַקטישן שריט האָבן מיר געמאַכט מיטן אַריינגעמען פאַר מיטגלידער קאָלאָניסטן פון ווייטע פונקטן, ווי סאַן־אַנטאָניאָ, סאַנטאַ־איזאַבעל און וואַלטער מאָס. אין יענע יאָרן זענען די קאָמוניקאַציע־אַרטעריעס געווען אין אַ זייער קלעגלעכן צושטאַנד. קיין אויטאָמאָבילן זענען נאָך נישט געווען; די וועגן און בריקן — צעבראָכן. וואָכן־לאַנג איז געווען שווער צוצוקומען צו די דערמאָנטע קאָלאָניעס צוליבן איבערפלוס פון די אַראָזשאָס סאַן־מיגעל און סאַנטאַ־ראָסאַ, אָדער מחמת די גרויסע, טיפע בלאָטעס. ביי אַזעלכע באַדינגונ־גען האָבן די קעגנזייטיקע באַציִונגען, דער חברלעכער צוטרוי וואָס פאָדערט זיך ביי פרייער קאָאָפּעראַציע, — געפעלט. אין קעגנטייל, עס האָבן זיך גע־שאַפן שלעכט־פאַרשטייענישן, אומצוטרוי, קאָנפוזיעס, אומצופרידנקייט. עס האָבן נישט געפעלט אַזעלכע, וואָס צוליב זייער איגנאָראַנץ, קנאה, כבוד־זוכעריי און אויך נאַיִווע מענטשן, האָבן זיי אַראָפּגעפירט און האָבן זיך געלאָזט אַראָפּפירן פון גראָדן וועג. מער ווי איין מאָל האָט דאָס פאַרשאַפט בייז בלוט, און דער קאָאָפּעראַטיוו האָט געליטן דערפון מאַטעריעל און מאָראַליש. באַזונ־דער אין סאַן־אַנטאָניאָ, ווו אויסער די אויסגערעכנטע שוועריקייטן, זענען אויך געווען פערזענלעכע אַמביציעס און אַ נישט־קאָרעקטע האַנדלונג מצד אַ כאַר אָנפירערס. צוליב דעם אַלעם זענען מיר געקומען צו דער מסקנה, אַז די קאָלאָניעס פון די ווייטע געגנטן דאַרפן זיך אָרגאַניזירן אַליין, אויב זיי האָבן גענוג מיטגלידער און ערלעכע פירערס מיט פּאַסיקע פאַרוואַלטערס. זייער

ריכטיק האָט געזאָגט דער לערער שאַרל זשיד, אַז פון די דורכגעפאַלענע קאָאָ־פעראַטיוועס קען מען מער לערנען ווי פון די גוטשטייענדיקע. די דורכפאַלן און שוועריקייטן האָבן אונדז נישט אָפּגעשראָקן. מיר האָבן אויסגעהאַלטן די אויפריכטיקע און בייזוויליקע קריטיק; מיר האָבן זיך געפעסטיקט און געלייטערט אין די האַרטע, ביטערע פּראָבעס, און ווי אַ טרייער סאָלדאַט אין קריג, — קיין מאָל נישט אַרויסגעלאָזן פון האַנט די קאָאָפּעראַטיווע פאָן. הויך און ריין האָבן מיר געהאַלטן דעם סימבאָל פון רעגנבויגן, נישט געפאַלן, נישט געבראָכן. אין דער מיט פון אַלערליי קריזיסן האָבן מיר געשפּרייזט פאָרויס. פאָנדאָ קאָמונאַל האָט אַ סך יאָרן געדינט און דינט ביז היינט צו טאָג ווי אַ מוסטער פון ריכטיקן, פּראָגרעסיוון קאָאָפּעראַטיוויזם דאָ אין לאַנד.

***

טראָץ אַלעמען, האָבן מיר אין די יאָרן 1909־1917 — יאָרן פון דורכגעפאַלענע קאָסעטשעס; עפּידעמיעס אויף פּי; מילכערייען האָבן זיך געשלאָסן; קאָלאָניסטן און דער קאָאָפּעראַטיוו זענען געווען פאַרבאָדן אין חובות, — האָבן מיר אין די יאָרן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער פאַראייניקונג פון די ייִקאַ־קאָלאָניעס, מיטגעהאָלפן צו דער שאַפונג פון דער ענטרע־ריִאָסער פעדעראַציע פון קאָאָפּעראַטיוועס. מיר האָבן זיך באַטייליקט אין אַ מוטואַליסטישן* קאָנגרעס וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַן־פּאַולאָ (בראַזיל), ווו פאָנדאָ קאָמונאַל איז באַערט געוואָרן מיט אַ מעדאַל. מיר האָבן אין די יאָרן אַריינגעבראַכט אין קאָלאָניע בעסערע סאָרטן פאַרזיי־קערנער פון ווייץ, ליאָן און מאַיִס; מיר האָבן געבראַכט טויזנטער פּרוכט־ביימער און צעטיילט צווישן די מיטגלידער; מיר האָבן איינגעפירט דעם פּרינציפּ, אַז די ערשטע זעק תבואה וואָס מען דרעשט אויס זאָלן בלייבן פאַרן קאָלאָניסט, ווי ברויט צו עסן; מיר האָבן זיך איינפאַרשטאַנען מיט די פּריוואַטע סוחרים, אַז קיינער זאָל נישט מאַכן קיין עמבאַרגאָס אויף דעם אויסגעדראָשענעם פּראָדוקט, וואָס האָט פאַראורזאַכט גרויסע הוצאות אויפן חשבון פון קאָלאָניסט, נאָר דער פּראָדוקט וואָס מען דרעשט אויס, נאָך דעם ווי מען נעמט אַראָפּ פאַרן פאַרזיי און ברויט פאַרן גאַנצן יאָר, זאָל פון דאָס איבעריקע געצאָלט ווערן לויט אָט דעם סדר: 1) דרעשען; 2) זעק און פּאַדעם; 3) צודאַטן פאַר די מאַשינען און בוימל; 4) קרעדיט גענומען צום צאָלן די אַרבעטער ביים אַראָפּנעמען די קאָסעטשע; 5) פון דעם רעשט זאָל געצאָלט ווערן יעדן קרעדיטאָר אין פּראָפּאָרץ צום חוב. דאָס

* מוטואַליזם — קעגנזייטיקע הילף.

האָט געהייסן, אַז יעדער קאָלאָניסט איז פריי צו פירן זיינע תבואות צו וועמען ער וויל, נאָר דער קויפער — פּריוואַטער סוחר אָדער קאָאָפּעראַטיווע — דאַרפן אויסצאָלן לויט דער אויבן־אָנגעוויזענער אָרדענונג. דאָס האָט אויסגעמיטן צו שאָדן דעם קאָלאָניסט מאַטעריעל און מאָראַליש און האָט אויך מאָראַליזירט די קרעדיטאָרן. מיר האָבן, ווי ווייט מעגלעך, פאַרטיידיקט די גרעמיאַלע אינ־טערעסן — ביי די אָפיציעלע קרייזן, ווי ביי דער ייִקאָ — צו מאָל מיט אַן ענערגישן טאָן, ווי עס באַווייזט דער אָפענער בריוו געווענדט צו דער ייִקאָ דעם 20סטן דעצעמבער 1911. מיר האָבן אויך געהאַט מוט צו זאָגן די קאָלאָ־ניסטן־מיטגלידער, וואָס מיר האָבן געגלייבט ווי ריכטיק, טראָץ דעם וואָס לכתחילה זענען זיי נישט געווען איינשטימיק מיט אונדז. מיר האָבן דערגרייכט צו רעפאָרמירן דעם סיסטעם פון תבואה־פאַרקויף אין דעם זין, אַז מען זאָל נישט זיין געצוווּנגען זיך צו פאַרפליכטן מיט אַ קאָנטראַקט, פון פאָרויס צו פאַרקויפן די נאָך נישט געדראָשענע און אַפילו די נאָך נישט געשניטענע תבואה צו אַ באַשטימטן פּרייז פאַר אַ צאָל פאַנעגאַס וואָס מיר ווילן — נישט ווינציקער ווי 20 טאָן — אין דעם טאָג וואָס מיר וועלן געפינען פאַר פּאַסנ־דיק, נישט געקוקט וואָס די תבואה איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן צו די עקספּאָרט־הייזער. מיר האָבן דערגרייכט נאָך דעם, אַז די באַנקאָ דע לאַ נאַ־סיאָן זאָל געבן אַ ספּעציעלן קרעדיט די קאָלאָניסטן אויף אַראָפּצונעמען די קאָסעטשע. דאָס האָט אונדז אין גאַנצן באַפרייט פון אָפּמאַכן מיט די עקספּאָרט־הייזער פאַר דער צייט. מיר האָבן פאַרגרעסערט דעם אַקציען־קאַפּיטאַל.

אויף מיין איניציאַטיוו האָבן מיר געשאַפן די ערשטע ליי־ און שפּאָר־קאַסע אין שטעטל לאַ־קאַפּיזשאַ. עס איז, דאַכט מיר, געווען די ערשטע פון דעם מין אין דער גאַנצער אַרגענטינער רעפּובליק.

די דאָזיקע אָנשטרענגונגען האָבן געווירקט אויף מיין געזונט. אין יאָר 1916 איז מיין אָרגאַניזם אָפּגעשוואַכט געוואָרן און דאָקטוירים האָבן מיר גע־הייסן נעמען אַ לענגערן אָפּרו. אָבער איך האָב עס נישט געקענט טאָן, ווייל מיר האָבן נאָך געהאַט גרויסע התחייבותן מיט די קרעדיטאָרן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן טאָלעראַנץ און צוטרוי צום פּאָנדאָ קאָמונאַל און צו אירע פירער. מיין צוריקציִען זיך פון דער אָנפירונג וואָלט געקענט גורם זיין שוועריקייטן דעם קאָאָפּעראַטיוו. ערשט אין 1950 האָבן מיר זיך באַפרייט פון אַלע חובות. מיין געזונט־צושטאַנד איז שוין געווען אין גאַנצן געבראָכן. דער ראַט האָט נישט געוואָלט אָננעמען מיין רעזיגנאַציע, ביז ד״ר אַדאָלפאָ רובינשטיין האָט זיי געזאָגט, אַז אויב מען לאָזט מיר נישט אָפּ, וועל איך ביז זעקס מאָנאַטן האָבן דעם סוף פון ד״ר ירחי. דעמאָלט האָט מען מיך באַפרייט. אַ פּאָר יאָר בין איך געווען אַ קאַנדידאַט צום עולם־האמת. נאָר אַ דאַנק דער אויפזיכט פון מיין

פרוי און מיין מאָראַלישע רעסיסטענץ בין איך געבליבן לעבן. ווייזט אויס, אַז די השגחה האָט מיר איבערגעלאָזן, כדי אויפצושטעלן די קערפּערשאַפט „פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ".*

***

דער פּרעסטיזש פון פאַנדאָ קאָמונאַל איז געוואַקסן. אויך אין די לעגיס־לאַטיווע קרייזן האָט מען זיך גערעכנט מיט אונדזער מיינונג. אין יאָר 1913, אינעם סאַמע קריזיס־יאָר, האָט דער ד"ר עדואַרדאָ לאַורענסענאַ (דעמאָלט דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט פון פּראָווינץ ענטרע־ריאָס) צוגעשטעלט אַ פּראָ־יעקט־געזעץ צו באַשטימען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויף צו שטודירן די מעג־לעכקייט צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר פאַרזיכערונג קעגן די פּלאַגעס ביי דער אַגריקולטור. איידער ער האָט אַריינגעטראָגן דעם פּראָיעקט אין דער לעגיסלאַטיווער קאַמער, האָט ער אָנגעפרעגט די מיינונגען ביי פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און פּערזאָנען, צווישן וועלכע עס פיגורירט מיין נאָמען. אין דעם באַריכט וואָס ד"ר לאַורענסענאַ האָט פאַרעפנטלעכט וועגן זיין טעטיקייט ווי אַ דעפּוטאַט, דערמאָנט ער אויך דעם דאָזיקן פאַקט.

* אַגראַר־פאַרברידערונג.

# אַריין אין דער אַרבעט

איך קען מיך אַליין נישט דערקלערן, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו מיר אַזאַ גערואַגטקייט, איבערצונעמען אַזאַ קאָלאָסאַלע, פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. פופצן יאָר, בערך, זענען מיר געווויינט געווען צו אַ ביוראָקראַטישער דיסציפּלין, מיט אַ מורא פאַרן אַדמיניסטראַטאָר און אַלע אַנדערע ייִקאַ־באַאַמטע. צו דעם זענען געווען עלטערע קאָלאָניסטן־תקיפים, וואָס האָבן געמיינט אַז נאָר זיי האָבן די חזקה צו זיין די שטענדיקע רעדלפירערס. און איך, אַן איינפאַכער יונגער קאָלאָניסט, — איטשקע קאַפּלאַן, — וואָס כ׳האָב קיין מאָל נישט געאַרבעט ביי אַזעלכע אונטערנעמונגען, אָבער געוווּסט האָב איך, אַז ס׳איז נישט קיין פּריוואַטער געשעפט, וואָס אַז איך וויל האַנדל איך מיטן קליענט און אַז איך וויל נישט — הייס איך אים גיין, נאָר אַז עס איז פאַראַן אַ מיטגלידערשאַפט וואָס יעדער איינער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, ער זאָל באַהאַנדלט ווערן מיט אויפמערקזאַמקייט; קענענדיק אָט די גרויסע אַחריות, האָב איך דאָך אָנגענומען דעם רודער, באַשיידן אָבער מיט פעסטקייט און קלאָרן ציל. מיט גלויבן אין מיין עקשנות, בין איך אַריין מיט האַרץ און נשמה אין דער אַרבעט. עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז געמוטיקט איבערצונעמען די אַדמיניסטראַטיווע אָנפירערשאַפט פון פאָנדאָ קאָמונאַל האָט מיך דער ה׳ לייבאָוויטש. באַלד נאָך דער גרינדונג פון פ. ק., אין פאַרשידענע געשפּרעכן וואָס איך האָב געהאַט מיט אים, האָט ער מיר יעדעס מאָל געזאָגט, איך זאָל זיין גרייט איבערצונעמען אין אַ געוויסן טאָג די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט, און אויף מיינע נעגאַטיווע ענטפערס פלעגט ער מיר ענטפערן: „איך קען אייך בעסער ווי איר קענט זיך אַליין״. אויך די פאַנטאַזיע האָט מיר פיל מיטגעהאָלפן. איך האָב זיך אויסגעמאָלט אין מיין געדאַנק: אַלע קאָלאָניסטן זענען פאַראייניקט; עס הערשט אַ ברידערלעכער גייסט; ייִדן וועלן זיין די בעסטע קאָלאָניסטן, — אַן אידעאַל וואָס ייִדישע פּאָעטן האָבן באַזונגען; די ייִדישע קאָלאָניע וועט ווערן אַ מוסטער אין אַרגענטינע; מיר וועלן זיך באַפרייען פון דער ביוראָקראַטיע פון די ייִקאַ־באַאַמטע, און נאָך אַזעלכע זאַכן. מיטן חלום צו וועלן מאַכן בעסער, בין איך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

די ערשטע חדשים בין איך געווען דער איינציקער באַאַמטער, וואָס האָט באַדאַרפט באַדינען די מיטגלידער, די ביכער, די קאַסע, אַ חוץ דעם בוכהאַלטער, וואָס איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון ה׳ בענכאַמין מעזשיבאָוו־

סקי. פּ. ק. האָט געציילט ביי די 760 מיטגלידער, צעשפּרייט אויף אַ שטח פון אַר־בער הונדערט טויזנט העקטאַר, וואָס האָבן אַריינגענומען די אייזנבאַן־סטאַנציעס: לאַס־מאָסקאַס, דאָמינגעז, קלאַראַ, כובילעאָ, סאַן־סאַלוואַדאָר, קאַמ־פּאָר, פּעדערמאַר און וויזשאַ־עליסאַ. פון איין ברעג קאָלאָניע צו דער צווייטער איז געווען אַ מהלך פון בערך הונדערט קילאָמעטער. די וועגן זענען געווען אין אַ זייער שלעכטן צושטאַנד. בעת די רעגנס האָט זיך אָפּגעשטעלט די קאָ־מוניקאַציע, בעיקר מיט דער קאָלאָניע סאַן־אַנטאָניאָ. דאָס שנעלסטע פאָרן איז געווען מיט אַ סולקי. קיין אויטאָמאָבילן זענען נאָך דאַן נישט געווען, קיין טעלעפאָן־פאַרבינדונגען האָבן נישט עקסיסטירט. טאָג־טעגלעך איז די ביוראָ געווען פול מיט מיטגלידער, וואָס זענען געקומען פון נאָענט און פון ווייט. מען האָט נישט געקענט איינשטעלן אַ באַשטימטע אַרבעט־צייט. קאָלאָניסטן האָבן נאָך נישט געהאַט קיין סולקיס, פלעגן זיי זיך שלעפּן מיטן שווערן וואָגן 30, 40, 50 קילאָמעטער און מער, און האָבן קיין מאָל נישט געקענט אויס־רעכענען פּינקטלעך די שעה פון זייער אָנקומען, בפרט אין די בלאָטיקע וועגן, אַזוי אַז די אַרבעט פלעגט זיך אָנהייבן 6־7 אין דער פרי ביז 9־10 אין אָוונט.

איך דאַרף דאָ דערמאָנען אַן אָפּטיילונג, וואָס איך ווייס נישט וועלכן נאָ־מען איר צו געבן, וואָס האָט צוגענומען ביי מיר אַ סך צייט, אָבער לויט מיין מיינונג, האָט עס געבראַכט אומדירעקט, אומגעהייערע נוצן דער קערפּער־שאַפט. דורך דער דאָזיקער האַלב־אָפיציעלער און אפשר מער פּריוואַטער אָפּטיילונג האָבן מיר דערצויגן און צוגעצויגן די מיטגלידער צו דער אינסטי־טוציע: דאָס זענען געווען די עצות, באַראַטונגען, אַפילו וועגן פאַמיליערע ענינים, וואָס מיט דער גרעסטער פאַרטרוילעכקייט האָט מען זיך צו מיר גע־ווענדט. עס זענען געווען מיטגלידער וואָס האָבן נישט אונטערגענומען אָדער באַשלאָסן קיין זאַך אין זייערע פאַמיליערע אָדער ווירטשאַפטלעכע ענינים, איידער זיי האָבן געהערט מיין מיינונג. עס זענען פאַראַן סודות, וואָס איך וועל מיטנעמען מיט מיר אין קבר. אַ דאַנק אַ ריכטיקער עצה צו דער צייט איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דער כבוד פון גאַנצע פאַמיליעס אויף אַלע יאָרן. עס זענען געווען נייע קאָלאָניסטן וואָס מען האָט זיי געדאַרפט אָריענטירן, איי־בערהויפּט ביים אַרויסגעבן קרעדיטן, צו וויסן צי דער קרעדיט איז טאַקע נייטיק און וועט פאַרווענדט ווערן אויף אַ פּאַסיקן אופן. למשל, איינער האָט געבעטן ווייק־ אָדער ליאַן־זוימען, און וויסנדיק וויפל לאַנד ער האָט, וויפל העקטאַר ער האָט צום פאַרזייען, פלעגן מיר אים ראַטן, ער זאָל בעסער קויפן פאַר דעם געלט קי, כדי איינצופירן אַ געמישטע ווירטשאַפט מער ווי איינער האָט אונדז נאָך דעם געדאַנקט פאַר אַזעלכע עצות. אונדזער שטרעבונג איז געווען, אַז פאַנדאָ קאָמונאַל זאָל דינען דעם מיטגליד אין ברייטסטן זין פון

וואָרט; דער מיטגליד זאָל פילן אַז אין פּ. ק. האָט ער זיין צווייטע היים, ווו ער טרעפט שטענדיק חברים, פריינט, און נישט בלויז מאַטעריעלע הילף, נאָר אויך אַ ראַט, אַ טרייסט, אַ באַרויקונג־וואָרט, ווי אויך אָריענטאַציע און סטימול. מיין געהאַלט איז געווען זעכציק פּעזעס אַ חודש.

צו דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון 18־20 שעה אַ טאָג, האָב איך געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך שטרענגן קאָנטראָליאָר, — דעם ה׳ יצחק פרידלאַנד. ער פלעגט קומען אַ פּאָר מאָל אין וואָך, יעדעס מאָל אין אַן אַנדער טאָג און אין אַן אַנדער שעה. די קאַסע־ביכער, ווי אויך אַלע אַנדערע ענינים: קאָרעספּאָנדענץ, קוויטירונגען, האָבן געמוזט זיין צום טאָג. אָט אַזוי האָט ער שטענדיק געפונען. מער ווי איין מאָל פלעגט ער מיר פרעגן, ווען באַוויז איך צו מאַכן די גאַנצע טעכנישע אַרבעט, בעת אַ גאַנצן טאָג בין איך פאַרנומען מיטן באַדינען די מיטגלידער, די „וויאַכאַנטעס"* א״אַ. דערפאַר, ווען עס זענען אַריבער עטלעכע מאָנאַטן, האָט ער געפאָדערט פון ראַט מען זאָל העכערן מיין געהאַלט אויף טאָפּלט, און דער ראַט האָט באַשטימט אַ העכערונג פון פערציק פּעזעס, ד״ה, מיין געהאַלט האָט זיך געהעכערט אויף הונדערט פּעזעס. איך וועל דאָ פאַרצייכענען אייניקע כאַראַקטער־שטריכן פונעם ה׳ פרידלאַנד.

יצחק פרידלאַנד האָט געשטאַמט פון רוסלאַנד. ער איז געווען סטאַנציע־נאַטשאַלניק פון דעם אייזנבאַן אין מאָסקווע. ווען מען האָט געפאָדערט פון אים ער זאָל זיך שמדן אויף צו קענען אָנהאַלטן די שטעלע, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. הגם ער איז געווען וועלטלעך און אַסימילירט. זיין האַלטונג איז געווען, ווי פון אַ רוסישן טשינאָווניק. ביי דער אַרבעט איז ער געווען זייער שטרענג. ער איז געווען אַ פּראַקטישער בוכהאַלטער און האָט אַ סך יאָרן זיך באַשעפטיקט, אויסער קאָלאָניזאַציע, אויך מיט קאָמערץ. קען זיין, אַז דאָס האָט אים געשטערט צו פאַרשטיין דעם תמצית פון קאָאָפּעראַטיוויזם. סאַכאַראָוו איז פאַר אים געווען אַ פאַנטאַזיאָר און נישט קיין נאָרמאַלער מענטש, אויף אַזוי וויט, אַז ער האָט געשריבן אַ בריוו צו דער יי.קאַ־דירעקציע אין בוענאָס־איירעס, אַז סאַכאַראָוו איז נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען און מען וואָלט אים געדאַרפט אַריינגעבן אין אַ הייל־אַנשטאַלט. אַ פּאָר עפּיזאָדן וועגן דעם אופן פון זיין קאָנטראָל:

אין אַ קאָסעטשע־טאָג. די ביוראָ איז געווען פול מיט מענטשן. אין די סאַמע אַרבעט־שעהן איז אַריינגעקומען פרידלאַנד און מיט אַ שטרענגן טאָן אַ זאָג געטאָן: „סעניאָר קאַפּלאַן, שטעלט אָפּ די אַרבעט, פאַרמאַכט די קאַסע". עס האָבן נישט געהאָלפן די פּראָטעסטן פון די מיטגלידער; עס איז קאָסעטשע,

* רייזנדיקע אַגענטן.

זיי האָבן נישט קיין צייט צו וואַרטן, זיי דאַרפן פאָרן ווייט, זיי מוזן נעמען געלט אויף צו באַצאָלן די אַרבעטער. סאַכאַראָוו האָט אים געבעטן ער זאָל מאַכן דעם קאָנטראָל שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה, ווייל מיר דאַרפן נאָך פאָרן קיין וויזשאַגוויי איידער די באַנק פאַרמאַכט זיך, אַז נישט וועלן מיר נישט האָבן אויף מאָרגן קיין געלט. מען טאָר נישט לאָזן אַז קאָלאָניסטן זאָלן קומען און אַוועקפאָרן מיט ליידיקן. זיין איינציקער ענטפער איז געווען: „מאַלטשאַט!" ער האָט רעווידירט די קאַסע, געציילט דאָס געלט, אַפילו דאָס ניקל ביז צו די לעצטע פינף סענט. איך מיט סאַכאַראָוון זענען אַוועקגעפאָרן קיין וויזשאַגוויי. צוריקקומענדיק, ביים טרינקען טיי, פרעגט סאַכאַראָוו פרידלאַנדן, צו וואָס האָט ער נאָך געציילט דאָס ניקל, ער האָט דאָך געוווּסט אַז מיר דאַרפן זיין צו דער שעה איידער די באַנק שליסט זיך. און טאָמער וואָלט, חס־וחלילה, געפעלט צוואַנציק סענט? זיין ענטפער איז געווען: „אויב עס וועט פעלן פינף סענט, וועט קאַפּלאַן פליען פון דאַנען, טראָץ דעם וואָס איך שאַץ אים זייער".

אַ צווייטן מאָל איז ער געקומען און גלייך ביים אַריבערטרעטן די שוועל, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „קואַנטאָ דינעראָ טיענע ען לאַ קאַכאַ?"* איך האָב אים דערלאַנגט דעם קאַסע־בוך און זאָג אים: „דאָ וועט איר זען דעם עודף". איך האָב געהאַט ווי אַ נאָרמע, ביים נעמען געלט אָדער אַרויסגעבן געלט, פלעג איך גלייך פאַרשרייבן אין קאַסע־בוך, אַזוי אַז צו יעדן מאָמענט האָט מען גע־ווּוסט גענוי דעם עודף אין קאַסע. פרידלאַנד האָט מיך שטרענג אָנגעקוקט און נאָך אַ מאָל, מיט אַ בייזערן טאָן איבערגעחזרט די זעלביקע פראַגע. איך בין צוגעגאַנגען צו דער קאַסע, איבערגעציילט דאָס געלט און אים געזאָגט די סו־מע. — „גיט מיר עס שריפטלעך!" — האָט ער אויסגעשריגן מיט אַ באַפע־לערישן טאָן. איך האָב עס אויפגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר און אים דערלאַנגט. ער האָט צוגענומען דעם צעטעלע מיטן קאַסע־בוך און איז אַוועק אין צווייטן צימער. פאַרנאַכט האָט ער מיר אומגעקערט דעם קאַסע־בוך, זאָגנדיק אַז עס איז אין אָרדענונג. אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס ער האָט געפאָדערט איך זאָל איבערציילן דאָס געלט פריער, האָט ער מיר דערקלערט, אַז דער בוך ווייזט אָן אויף אַ סאַלדאָ, אָבער ער וויל וויסן צי דער סאַלדאָ געפינט זיך טאַקע אין קאַסע ריכטיק און דערפאַר מאַכט ער דעם קאָנטראָל אין די סאַמע אַרבעט־שעהן, ווען די קאַסע באַוועגט זיך. אַזוי פלעגט ער צוטראַכטן יעדעס מאָל אַן אַנדער אופן ווי צו קאָנטראָלירן די קאַסע. באַזונדער האָט ער געהאַט ביי זיך אין שטוב אַ קאָפּיע פון דער גאַנצער בוכפירונג. ער איז געווען שטרענג ביז

* וויפל געלט האָט איר אין קאַסע?

ברוטאַליטעט, אָבער ער איז צונויץ געקומען, איך האָב געלערנט פון אים פּראַק־טישע זאַכן.

די ביוראָ פון דעם קאָאָפּעראַטיוו האָט מען איינגעאָרדנט אין קאָלין, וווּ עס איז פריִער געווען די וווינונג פון בוכהאַלטער פון דער ייִקאָ און איצט געהערט זי צום קאָלאָניסט באָרטניק. דאָס הויז איז באַשטאַנען פון דריי לייי־דיקע צימערן. ד״ר ירחי האָט אונדז געשענקט דעם ערשטן שרייבטיש. די ייִקאַ־אַדמיניסטראַציע האָט אונדז געליִען אַן אַלטע אייזערנע קאַסע און גע־שענקט אייניקע שרייב־מכשירים. געקויפט האָבן מיר צוויי טינטערס און באַ־צאָלט צוויי פּעזעס, האָט אונדז דער סינדיקאָ* י. פּ. געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז מען דאַרף נישט אויסגעבן אַזוי פיל געלט; ער קויפט פאַר צען סענט אַ טינטער מיט טינט. אין דעם צימער פון דעם פּאַרוואַלטער האָט מען איבער־געצויגן אַ לאַנגע ברעט, וואָס האָט געדינט פאַר אַ גרענעץ צווישן פּובליקום און פּאַרוואַלטער, צוליב בעסערער אָרדענונג.

* * *

אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, איז עס געווען דעם 20סטן אַפּריל, ווען איך בין געקומען גאַנץ פריי, צום ערשטן מאָל אין דער ביוראָ. איך האָב שוין געטראָפן עטלעכע קאָלאָניסטן פון דער גרופּע „באַראָן גינזבורג 6״. די דאָזי־קע גרופּע איז געווען אַ 40 קילאָמעטער פון קאָלין. די ערשטע באַגריסונג מיינע איז געווען, אַז זיי זאָלן זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים און ריידן מיט מיר פריי און אויפריכטיק, ווי אַ קאָלאָניסט צו אַ קאָלאָניסט, ווי אַ חבר צו אַ חבר. ווען דער ערשטער פון דער גרופּע — מיר דאַכט, אַז עס איז געווען זילבער, — איז אַרויס פון ביוראָ, האָב איך אים צוריקגערופן און געזאָגט, אַז ער האָט פאַרגעסן זיך צו געזעגענען, און האָב אים דערלאַנגט די האַנט. „האָ! האָ!״ — האָבן אויסגערופן אַלע בייוועזנדיקע, — דאָס איז דאָך טאַקע גאָר היימיש״. זילבער האָט מיר אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט, געעפנט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן, האָט ער אויף מיר געקוקט מיט אַ שמייכל, זאָגנדיק, אַז שבת אין שיל וועט עס זיין אַ טעמע צום שמועסן. איך האָב אונטערגעשטראָכן נאָך אַ מאָל, אַז פּאַנדאָ קאָמונאַל איז די צווייטע היים פאַר די מיטגלידער. צווישן די ביי־וועזנדיקע איז אויך געווען שלום עדלשטיין, פון דער קאָלאָניע „באַראָן הירש״. איך האָב אים אַ פּאָר מאָל געפרעגט וואָס ער פאַרלאַנגט, און יעדעס מאָל האָט ער מיר געענטפערט שמייכלענדיק, איך זאָל באַדינען אַנדערע, ער האָט צייט צו וואַרטן. אַלע וואָס זענען געקומען האָבן קאָמענטירט צווישן זיך: „דאָ איז

* חשבון־רעווידירער.

דאָך טאַקע עפּעס אַנדערש; מען דאַרף נישט שטיין שעהן־לאַנג הינטער דער טיר, אָדער וואַרטן אין «זאָרג־צימער». אַרום האַלבן טאָג רופט מיר צו שלום עדלשטיין און זאָגט מיר: „עס איז טאַקע גוט, אָבער עס טויג נישט; עס האָט דאָך גאָר נישט קיין פּנים פון אַ קאַנצעלאַריע; און אַ קאַנצעלאַריע דאַרף זיך פירן ווי אין דער אַדמיניסטראַציע פון יק״אַ“. איך האָב אויסגענוצט די גע־לעגנהייט און דערקלערט אַלע אָנוועזנדיקע, אַז פאַנדאָ קאָמונאַל איז נישט קיין רוסישע קאַנצעלאַריע און אויך נישט קיין יק״אַ־אַדמיניסטראַציע, ווו מען קומט בעטן טובות, נאָר אַן אינסטיטוציע פון אַ געשעפטלעך־געזעלשאַפט־לעכן כאַראַקטער, אין וועלכער יעדער מיטגליד איז אַ גלייכער שותף, און אַז די שותפים דאַרפן מיטהעלפן צום גוטן גאַנג פון דער געזעלשאַפט און אָפּ־היטן איר דעמאָקראַטישן גייסט. עס איז נאָך ביי אַ סך געבליבן דער מוראדי־קער דרך־ארץ פאַר נאַטשאַלסטוואָ, די אונטערטעניקייט פאַר אַ קאָקאַרדע און דאָס דערנידעריקן זיך פאַרן פריץ, וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר אַ טייל פון גוטער אָרדענונג. אין דעם זין ׳פון דערצוווען די מאַסן, אַרויסרופן ביי זיי זעלבסטאַכטונג, מענטשלעכע ווירדע און געזעלשאַפטלעכע אַחריות, האָט פאַנדאָ קאָמונאַל פיל אויפגעטאָן, פון דעם ערשטן טאָג אָן וואָס זי איז אַראָפּ אויף אייגענער קעסט. אויף דעם דאָזיקן געביט האָבן מיר געהאָט צוויי ערשט־קלאַסיקע לערער: ד״ר נח ירחי און מיגעל סאַכאַראָוו, וואָס האָבן דערהויבן די מיטגלידער מיט זייער וואָרט און מיט זייערע מעשים.

***

מיינע אויפגאַבעס האָבן געפאָדערט פון מיר, איך זאָל זיך טרעפן מיט מיניסטאָרן, מיט פרעזידענטן פון דער רעפובליק, מיט גובערנאַטאָרן און אַנ־דערע פערזענלעכקייטן. איך פלעג זיך וווּנדערן אויף מיר אַליין: פון וואַנען נעמט זיך צו מיר די רויִקייט, די געלאַסנקייט צו ריידן אָדער דיסקוטירן מיט זיי ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע? עס קען זיין, אַז טאַקע צוליב דעם דאָזיקן טעמפּעראַמענט מיינעם האָב איך גליקלעכערווייז געהאַט מערער דערפאָלג אין מיינע אָפיציעלע מיסיעס, און צו דער זעלבער צייט האָב איך געקעמפט קעגן דער ביוראָקראַטיע, אין דער ערשטער ריי קעגן די פונקציאָנאַרן פון דער יק״אַ, וואָס האָבן געקוקט אויפן קאָלאָניסט פון אויבן אַראָפּ. פון דעם ערשטן מאָמענט אָן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער יסוד פון געזעלשאַפטלעכער אָנ־פירונג איז נישט צו דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז דער פירער טוט עמיצן אַ טובה, אָדער עמיצער איז אים שולדיק אַ דאַנק. דאָס איז אַן אינערלעכער דראַנג מיט וועלכן טייל מענטשן זענען באַגאַבט פון דער נאַטור, און עס איז אַ ברכה פאַר זיי, ווען זיי האָבן אַ גוטע געלעגנהייט אויסצונוצן דעם דאָזיקן דראַנג אויף אַ נוצלעכן און ערלעכן אופן לטובת הכלל.

# סאַכאַראָוו קומט

דעם זעלביקן טאָג, דעם 20סטן אַפּריל, 12 אַ זייגער, האָב איך דערהערט אַ מורמלעריי צווישן די קאָלאָניסטן פון יענער זייט ברעט: „סאַכאַראָוו קומט, סאַכאַראָוו קומט!". און דער עולם האָט זיך גענומען רוקן אין אַ זייט אויף צו מאַכן פריי דעם אַריינגאַנג. דער עולם האָט געקוקט אויף סאַכאַראָוון, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּעלערינע, אויפן רוסישן שטייגער, און פּענסנע, —ווי אויף אַן אַריסטאָקראַט, פאַר וועמען מען דאַרף שטיין מיט דער היטל אין האַנט. סאַכאַראָוו איז אַריין אין ביוראָ מיט אַ ברייטלעכן פּנים, זיך געגריסט מיט אַלעמען און געשאָפן אַרום זיך אַ חברלעכע שטימונג; געפירט אַ שמועס אַ ביסל אין שפּאַניש, אַ ביסל אין רוסיש און אויך געפרוווט ריידן יידיש וועגן קאָלאָניסטישע ענינים. און מען האָט געזען אויף אים די צופרידנקייט פון זיין צוזאַמען מיט עמך, מיט די האָרעפּאַשניקעס וועלכע ער האָט געשאַצט און רעספּעקטירט, און געוואָרפן אַ בליק אויך אויף מיר, ווי אַזוי איך טו מיין אַרבעט.

**
*

פערזענלעך האָב איך ביז דעם טאָג געקענט סאַכאַראָוון בלויז פון די זי־צונגען פון דירעקטיוון ראַט. פּריוואַטע שמועסן האָב איך מיט אים קיין מאָל נישט געהאַט און האָב מיך געהאַלטן אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ פון אים. ער איז דאָך דער געבילדעטער מאַן, אַסימילירטער ייִד, רייך, און איך — אַן איינ־פאַכער קאָלאָניסט, טראַדיציאָנעל געשטימט, קיין מאָל נישט געווען רייך. האָב איך געטראַכט: ווי אַזוי וועלן זיך איינשטעלן אונדזערע באַציִונגען איצט, ווען מיר וועלן דאַרפן פירן אַ געמיינזאַמע אַרבעט און מוזן זיין אין קאָנטאַקט טאָג־טעגלעך?

פאַרנאַכט, ווען דער עולם איז זיך צעפאָרן, האָב איך איינגעלאַדן סאַכאַ־ראָוון צו עסן מיט מיר די קאַלטע קאָטלעטן וואָס מיין פרוי האָט מיר צוגע־שיקט. דאָס ערשטע וואָס סאַכאַראָוו האָט מיר געזאָגט איז געווען: „דו האָסט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, דו האָסט געוווּנען דעם צוטרוי פון די מענטשן".

נאָך דעם ווי איך האָב דערלייִדיקט איניקע טעכנישע זאַכן, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט און רויִק גענומען פאָרמולירן אונדזער פּראָגראַם און די טעטיקייט־ליניעס, ווי: טאַקטיק וואָס מיר דאַרפן אָנווענדן קעגן די קאָמער־

ציאַנטן; קעגן די „אַכענסיאַס עקסקלוסיוואַס"*; אויסצובעסערן דעם סאַניטאַרן דינסט; פאַרגרעסערן דעם שטאַב דאָקטוירים אָנשטאָט די פעלדשערס וואָס זענען געווען ביז דעמאָלט אין די ווייטע פונקטן, ווי: סאַן־אַנטאָניאָ, באַסאַוויל־באַסאָ, קלאַראַ; אויסצובעסערן די סאָרטן זריעה; פירן פּראָפּאַגאַנדע אאַז"וו. סאַכאַראָוו האָט מיר געפרעגט, וועלכן טיטל מען דאַרף מיר געבן, האָב איך אים געענטפערט: „דינער פון דער געזעלשאַפט" — איז עס אים געפעלן געוואָרן. איך האָב נישט געוואָלט באַטיטלט ווערן מיט קיין טשין, נאָר נאָך דעם ווען צוליב אָפיציעלע אָנגעלעגנהייטן האָט זיך געפאָדערט צו וויסן מיין אויטאָריטעט אין דער אָנפירונג פון „פאָנדאָ קאָמונאַל", האָב איך געמוזט אָננעמען דעם ראַנג פון פאַרוואַלטער. 11 אַ זייגער ביינאַכט בין איך געקומען אַהיים (צוויי קילאָמעטער פון קאָלין). איך האָב דערציילט מיין פרוי, וועלכע האָט אויך איבערגעטראַכט, צי וועל איך האָבן גענוג פעיִקייטן אָנצונעמען און אָנצופירן מיטן קאָמפּליצירטן אַפּאַראַט פון פאָנדאָ קאָמונאַל. איך האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. סאַכאַראָוון באַטראַכט איך פאַר אַ גרויסן לערער און ליבן חבר.

איך וואָלט געקענט רעזומירן אונדזער צוזאַמענאַרבעט אין אָט די כאַראַקטעריסטישע שטריכן:

סאַכאַראָוו האָט אַריינגעבראַכט דעם פילאָסאָפישן געדאַנק, גלויבן, וויזיע און אידעאַליזם אין דער פרייער קאָאָפּעראַציע. מיין ביישטייער איז געווען: רעאַליזם, געוואַגטקייט — דאָך פּאָרזיכטיקייט, אויסגעהאַלטנקייט און אויסדויער. אין גרעמיאַלע ענינים איז סאַכאַראָוו געווען מעסיק, געדולדיק און איינגעהאַלטן. איך בין געווען אויפגעברויזט, קעמפעריש און געוואָרפן די שולד אין פנים אַריין, בעיקר די ייִקאַ־פקידים. סאַכאַראָוו — דער רבי, און איך — דער תלמיד, האָבן דערגאַנצט איינער דעם צווייטן.

* אַגענטורן מיט עקסקלוסיוויטעט.

# דאָן מיגעל סאַכאַראָוו

איך קען מיר נישט פאָרשטעלן ווי עס וואָלט אויסגעזען דאָס געזעל־שאַפטלעכע לעבן אין די ייִדישע קאָלאָניעס אָן סאַכאַראָוון.

דער טויט פון באַראָן הירשס זון האָט גורם געווען צו דער דערפעפנונג פון נייע האָריזאָנטן פאַר די ייִדישע מאַסן פון אייראָפּע, פונקט ווי דער דרייפוס־פּראָצעס איז געווען די שטויסקראַפט צום פּאָליטיש־פּראַקטישן ציוניזם, וואָס האָט געפירט ביז צו דער פאַרווירקלעכונג פון אַן אייגענער מדינה. דאָס פאַלן פון אַן עפּל פון בוים האָט געפירט צו דער טעאָריע פון גראַוויטאַציע. סאַכאַראָווס באַשיידנקייט, פּאַציפיזם, טאָלסטאָיִזם; זיין גלויבן אינעם מענטשן און מענטשלעכקייט, האָט רעוואָלוציאָנירט אין אַ גרויסער מאָס דעם אַרט דענקען פון די מאַסן און אויפגעוועקט די שענערע געפילן צו דענקען, טראַכטן און זאָרגן פאַר זיין אייגענעם ווילזיין אין פאַרבינדונג מיט אַלע מענטשן. איך וואָלט געזאָגט, אַז סאַכאַראָוו האָט דערקלערט אַ קאַמף דעם עגאָיִזם, וועלכן ער האָט געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַלטרויִזם, איבערצייגנדיק דערביי, אַז דעם עגאָיִסט לוינט בעסער די געמיינזאַמקייט, ווייל צוזאַמען ווערן זיינע פּריוואַטע אינטערעסן בעסער פאַרטיידיקט. סאַכאַראָוו, דער רוסיפיצירטער, וואָס האָט זיך באַטראַכט פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן מענטש, מיט אַ מענטאַליטעט פון אַן אַנדער סביבה, האָט גלייך פון אָנהייב פון זיין באַזעצן זיך אין קאָלאָניע קלאַראַ, זיך געחברט מיט די שכנים — איינפאַכע קאָלאָניסטן פון דעם אַלטן דור, און זיך געהאַלטן ווייט פון דער אַריסטאָקראַטיע — די ייִקאַ־באַאַמטע און די פאַר רוסיש־ריידנדיקע פאַמיליעס. ווי אַן אילוסטראַציע ברענג איך דאָ אייניקע עפּיזאָדן, וואָס שפּיגלען אָפּ, טיילווייז, דעם יונגן סאַכאַראָוון פון יענע יאָרן:

אין אַ פּרימאָרגן זענען מיר איינגעלאַדן געוואָרן צו טרינקען קאַווע ביי עליִאַס ירחי, אַ ברודער פון ד״ר ירחי. זיי זענען געווען קאָלאָניסטן און זייער טשאַקרע האָט זיך געגרענעצט מיט דער ביוראָ פון פּאַנדאָ קאַמונאַל. שמור־עסנדיק, האָט די פרוי ירחי קריטיקירט דעם לעבנסשטייגער פון דעם עלטערן דור. זי האָט אַריסטאָקראַטעוועט דערמיט, וואָס זי איז ד״ר ירחיס שוועגערין און זיך באַטראַכט פאַר אַ מאָדערנער דאַמע. זי האָט געבראַכט אַ פאַקט, אַז אין דעם דאָרף אין רוסלאַנד, וווּ זיי האָבן געוווינט, איז געווען אַ ייִדישער שמיד, איז זיינס אַ מיידל באַגאַנגען אַ נאַרישקייט — זי האָט פאַרשוואַנגערט. האָבן

דער פאָטער און אַ ברודער איר אַזוי ברוטאַל באַהאַנדלט, ביז זי איז געשטאָרבן. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע צווישן אונדז. איך האָב איר געזאָגט, אַז מען קען נישט נעמען קיין איינצלנעם פאַל פאַר אַ ביישפּיל צו כאַראַקטעריזירן אַ גאַנץ פאָלק; און אַגב, איז פון דעם פאַל וואָס זי ווייזט אָן, געדרונגען ווי אַזוי יידן האַלטן אָן די מאָראַל פון טהרת־המשפחה; ווי אַ פּראָסטער ייִד האָט זיך געפילט באַליידיקט און דערנידעריקט ווען זיינס אַ קינד איז באַגאַנגען אַ טאַט וואָס די געזעלשאַפט נעמט אים אָן פאַר נישט־מאָראַליש און זינדיק קעגן די אָנגענומענע זיטן; אין אַלגעמיין האַלט זיך דאָס יידישע פאָלק, טראָץ אַלע גלותן און פאַרפאָלגונגען, נאָר אַ דאַנק זיין שיינעם, אָרנטלעכן זיטלעכן לעבן. די פרוי ירחי האָט זיך אָנגעשטרענגט נישט מסכים צו זיין מיט מיין שטאַנדפּונקט. צום סוף האָט זיך אַריינגעמישט סאַכאַראָוו און געזאָגט: „איר ביידע קענט דאָס רוסישע קליין שטעטל, אָדער דעם דאָרף, וווּ איר האָט געוווינט, אָבער איר האָט נישט געזען און קענט נישט די וועלט. איך — זאָגט סאַכאַראָוו, — בין געבוירן אין אַ גרעסערער שטאָט אין רוסלאַנד, געלעבט אין דייטשלאַנד, בין געווען אין פראַנקרייך, אין איטאַליע אין נאָך לענדער; האָב קענען געלערנט די פאַרשידענע קלאַסן מענטשן, זאָג איך אייך, אַז איר ווייסט נישט פון דער פאַסקודסטוואָ, דאָס נידערטרעכטיקייט וואָס עס ווערט אָפּגעטאָן אונטערן מאַנטל פון היינטוועלטיקייט, אונטער דער מאַסקע פון מאָדערניזם. דער שמיד איז געווען אַ פּראָסטער מענטש, דערצויגן אויף יידישער מאָראַל און רעליגיע, האָט ער זיך דערפילט צעבראָכן, ווייל דאָס וואָס ס'האָט פּאַסירט זיין טאָכטער, איז לויט אים, געווען אַ פאַרברעכן קעגן אים, קעגן זיין פאַמיליע, קעגן דער מאָראַל פון אַלע יידן; עס האָט אים געערגערט דער אוממאָראַלישער אַקט. די היינטיקע מאָדערנע יונגעלייט טוען אָפּ זאַכן נישט קיין אָנשטענדיקע, נישט קיין מאָראַלישע און באַטראַכטן זיך ווי אַריסטאָקראַטן, ווילע יונגען, און ווערן אויפגענומען פריינטלעך אין די אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען. אויב איך חבר זיך מיט די יידן מיט לאַנגע בערד, מיט מאַזאָליעדיקע הענט, וואָס האָבן קיין מאָל נישט באַזוכט קיין שול, אויסער דעם חדר, איז עס דערפאַר וואָס זיי זענען מער אויפריכטיק, מער אָפנהאַרציק און טרעטן נישט אויף דער מאָראַל מיט געפּוצטע שיך".

אָט דאָס איז געווען סאַכאַראָוו. ער האָט ליב געהאַט דעם אַרבעטסמענטש, דאָס פשטות און די באַשיידנקייט.

סאַכאַראָוו דער אידעאַליסט. דאָס איז געווען נאָך אין די צייטן פון לאַפינען. מען האָט נאָך דאַן נישט געטראַכט וועגן אַן אַלגעמיינער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. האָט לאַפּין איינגעלאַדן אַ געוויסע צאָל קאָלאָניסטן און האָט זיי פאָרגעלייגט, מען זאָל אויסקלייבן אַ קאָמיסיע פון פינף פּערזאָן, וואָס

זאָל אים דינען פאַר ראַטגעבער ביי אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון דער קאָ־לאָניע. עס זענען אויסגעקליבן געוואָרן: יצחק פּאַטין, מיגעל סאַכאַראָוו, ישראל האַלפּערין, משה טשערטקאָוו און משה אַבראַמאָוויטש. לאַפּין האָט נישט סימ־פּאַטיזירט מיט משה אַבראַמאָוויטשן און געזוכט אים צו פּסלענען, באשר בכן, אין קאָלאָניע איז פאַראַן נאָך איינער וואָס מען רופט אים חיים־משה אַבראַ־מאָוויטש, ווייסט ער נישט וועלכן מען מיינט. די שטימען זענען געווען געהיי־מע. אַלע האָבן פאַרשטאַנען אַז עס איז געווען אַ טריק פון לאַפּינען. האָט זיך סאַכאַראָוו צוריקגעצויגן פון דער קאָמיסיע, טראָץ דעם וואָס ער האָט אויך נישט סימפּאַטיזירט מיט משה אַבראַמאָוויטשן; ער האָט אָבער נישט געקענט טאָלערירן זאַכן וואָס זענען געווען נישט קאָרעקט, און פון דעמאָלט אָן האָט ער מער לאַפּינען נישט באַגריסט און אויסגעמיטן זיך צו באַגעגענען מיט אים.

סאַכאַראָווס גלויבן אין מענטש און מענטשלעכקייט זענען דערגאַנגען צו מאָל ביז שעדיקן זיינע פּריוואַטע אינטערעסן און אויך פון דער געזעלשאַפט. אין יאָר 1909 איז געווען אַ גרויסע טריקעניש, עס האָט אומעטום געפעלט פּאַשע. די קי, וואָס „פּאָנדאָ קאָמונאַל" האָט געהאַט האָבן מיר פאַרקויפט און עס איז געבליבן ליידיק דאָס פּאַשעפעלד, וואָס מיר האָבן געהאַט געדונגען ביי דער יק״אַ. היות עס זענען געווען אַ סך קאָלאָניסטן וואָס האָבן געוואָלט דינגען דאָס פעלד פון לערך 290 העקטאַר, און כדי אויסצומיידן יעדן חשד פון פּאַוואָריטיזם, האָט דער ראַט באַשלאָסן צו פאַרדינגען דאָס פעלד אין אַן עפנטלעכער ליציטאַציע. אין דעם באַשטימטן טאָג איז געקומען אַ היפּשע צאָל מיטגלידער. זיי האָבן זיך פאַרמירט אין גרופּעס, ווייל פאַר איין איינציקן קאָ־לאָניסט איז עס געווען צו פיל פעלד, און עס איז אויך גענומען געוואָרן אין אַכט, אַז מען דאַרף געבן די מעגלעכקייט וואָס מערער קאָלאָניסטן זאָלן קענען אָפּראַטעווען אַ צאָל קי, אַזוי אַז יעדע געגנט האָט זיך אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע. די רעמאַטע* האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער באַזע פון צוואַנציק סענט אַ חודש פאַר יעדן העקטאַר, און ה׳ א. האָט גענומען שטייגן און איבערגעשטיגן אַלע־מען. ער איז געבליבן מיט דעם פעלד. עס האָט אַלעמען פאַרדראָסן. מען האָט געזען אין דעם אַן אומרעכט מצד ה׳ א, אָבער עס איז גאָר נישט געווען צו מאַכן, ווייל עס איז געווען אַן עפנטלעכע ליציטאַציע און מ׳האָט געמוזט רעס־פּעקטירן דעם רעגלאַמענט: „כל המרבה זכה". עס איז געקומען צום באַצאָלן, האָט ה׳ א. זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק. עס האָט נישט געהאָלפן קיין ברויו, קיין מאַנערס, נישט די אינטערווענץ פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען. דער ראַט, נעמענדיק אין אַכט אַז עס האַנדלט זיך פון איינעם וואָס האָט געמאַכט

---

* ליציטאַציע.

אַ קאָמערציעלע אָפּעראַציע און נישט קיין קאָלאָניסטישע, אַז דער אופן פון זיין האַנדלען איז געווען קעגן די אינטערעסן פון די קאָלאָניסטן־מיטגלידער, וואָס פאַר זיי איז דער פּאָטרעראָ געווען אַ נויטווענדיקייט אָפּצוראַטעווען אפשר די לעצטע עטלעכע בהמות, האָט באַשלאָסן אָנצווענדן שטרענגע מיט־לען איינצומאָנען דעם חוב. מיר האָבן זיך געווענדט צום „באַנקאָ דע לאַ נאַ־סיאָן״, מען זאָל אים אויפפאָדערן צו שטעלן זיך אין אָרדענונג. אויפן דריטן טאָג איז סאַכאַראָוו געקומען אין ביוראָ און מיר דערלאַנגט אַכט הונדערט פּע־זעס און מיר געהייסן פאַרשרייבן אויפן השבון פון ה׳ א.

אויף מיין אָנפרעג, האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָס צאָלט ער פון זיין אייגענער קעשענע; דאָס וועט אים דינען פאַר אַ לעקציע. דער ה׳ א. וועט זיכער זיך פאַרשעמען און וועט באַלד ברענגען דעם באַטרעף. עס האָט נישט געהאָלפן מיין דערקלערן, אַז ער האָט אַ טעות, ווייל ער קען נישט דעם בעל־דבר. נאָר דאָס וואָלט נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע. סאַכאַראָוו האָט אים באַלד אָנגעשריבן אַ בריוו אין וועלכן ער איז אים מודיע, אַז ער האָט באַ־צאָלט די סומע און בעט ביי אים אַנטשולדיקונג פאַר די אומאָנגענעמלעכקייטן וואָס ער האָט אים פאַרשאַפט. גלייך ווי ה׳ א. האָט באַקומען דעם בריוו, איז ער אַוועקגעפאָרן אין באַנק און געוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז נישט נאָר איז ער קיין געלט נישט שולדיק דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל, נאָר אַז דער פּרעזידענט סאַכאַראָוו אַנטשולדיקט זיך פאַר אים דערפאַר וואָס ער האָט אים אומזיסט באַלעסטיקט.

דער פאַרוואַלטער פון באַנק האָט געשיקט רופן סאַכאַראָוון און געפאָדערט ביי אים אַ דערקלערונג וועגן דער דאָזיקער סתירה; אין בריוו וואָס ער האָט געשיקט אין באַנק, בעט ער מען זאָל איינמאָנען דעם חוב און אין דעם בריוו צום ה׳ א. שרייבט ער, אַז דער חוב איז שוין באַצאָלט און בעט אַנטשולדי־קונג. סאַכאַראָוו האָט דערקלערט, אַז ווי אַ פּרעזידענט דאַרף ער אויספאָלגן די באַשלוסן וואָס דער ראַט נעמט אָן, און ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן קען ער האַנדלען ווי ער פאַרשטייט. דער פאַרוואַלטער פון באַנק האָט אים געענט־פערט, אַז איינע און די זעלביקע פּערזאָן קען נישט האָבן קיין צוויי קריטע־ריעס. בקיצור ה׳ א. איז געבליבן אַ פיינער מענטש אין באַנק.

סאַכאַראָוו האָט געגלייבט, אַז אַלע מענטשן האָבן בושה און שעמען זיך פאַר זיך אַליין ווען זיי באַגייען אַ נישט־אָנשטענדיקן טאַט. ער האָט זיך אַנ־דערש נישט געקענט פאָרשטעלן.

פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט געהאַט אַ יידישן פּעאָן.* ער איז געזעסן מיט זיין

* אַ שוואַרץ־אַרבעטער.

פֿאַמיליע אין אַ שטיבל נאָענט פֿון דער ביוראָ. אין אַ געוויסן טאָג זענען געקומען צו מיר שכנים און דערציילט, אַז אין דעם דאָזיקן שטיבל קומען פֿאָר נישט קיין אָנשטענדיקע זאַכן. איך האָב אים גלייך געשיקט רופֿן און אים געמאָלדן אַז ער איז אָפּגעזאָגט פֿון דער אַרבעט און מוז תיכּף אָפּליידיקן די דירה. זיין ווייב האָט פֿאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ נאַסן האַנטעך און גאַנץ פֿרי, ווען דאָס שטעטל איז נאָך געשלאָפֿן, האָט זי געמאַכט קולות און געשריִען: „מען דערהרגעט אַ פֿאַמיליע! מען האָט צוגענומען ביי זיי די פּרנסה!". שכנים זענען געקומען צולויפֿן. נאָר אַז זיי האָבן דערזען ווער עס שרייט, זענען זיי זיך צעגאַנגען. איך בין געקומען אין ביוראָ, פֿאַרבייגעגאַנגען און זיך געמאַכט נישט זעענדיק און נישט הערנדיק. צו די מיטגלידער פֿון ווייט און נאָענט, וואָס זענען געקומען אין דער ביוראָ, האָט זי צו יעדן באַזונדער געשריִען: „מען קוילעט מיין פֿאַמיליע! מען לאָזט אונדז שטאַרבן פֿון הונגער!". אָט־אַזוי האָט זי געשריִען ביז פֿאַרנאַכט, ווען סאַכאַראָוו איז אָנגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ריידן מיט איר. און אַריינקומענדיק אין ביוראָ האָט ער מיר געמאַכט אַ פֿאָרוווּרף פֿאַר דעם וואָס איך האָט געמאַכט אַן איבערגעאיילטן שריט. „זיי זענען פּראָסטע, פֿאַרגרעבטע מענטשן, אָבער זיי זענען דאָך גוטע מענטשן", — האָט סאַכאַראָוו געזאָגט. ווען איך האָב אים געזאָגט קאַטעגאָריש, אַז די דאָזיקע פֿאַמיליע טאָר נישט און וועט נישט בלייבן אין הויף פֿון „פּאָנדאָ קאָמונאַל", האָט ער געבעטן אין דער יִקאָ מען זאָל אים קאָלאָניזירן. איך און אַנדערע האָבן אים געמאַכט אויפֿמערקזאַם, אַז ער באַגייט אַ גרויסן פֿעלער: שמוץ דאַרף מען אויסראַמען און נישט אַריינברענגען אין קאָלאָניע; אָבער סאַכאַראָוו האָט זיך געהאַלטן ביי זיין מיינונג: „ער איז דאָך אַ גוטער מענטש!". מען האָט די פֿאַמיליע קאָלאָניזירט אין אובאַכאַי. עס זענען אַריבער געציילטע חדשים און אַלע קאָלאָניסטן פֿון דער קאָלאָניע האָבן געשיקט אַ שריפֿטלעכע ביטע צו דער יִקאָ, מען זאָל די פֿאַמיליע צונעמען פֿון דאָרטן. צו טייער האָט געקאָסט סאַכאַראָוון אין זיינע פּריוואַטע געשעפֿטן און טייל־וויַיז אויך דעם פּאָנדאָ קאָמונאַל די דאָזיקע גוטהאַרציקייט זיינע.

**\
*

סאַכאַראָווס סאָציאַליזם: אין דאָמינגעז האָט זיך געשאַפֿן אַ סאָציאַליסטישער צענטער, אין וועלכן סאַכאַראָוו האָט זיך אָנגעשלאָסן. אין אַ טאָג, ווען סאַכאַראָוו איז געקומען אין דאָמינגעז, האָב איך אים געפֿרעגט, צי ער איז געקומען צו דער זיצונג פֿונעם צענטער, וואָס איז פֿאַררופֿן געוואָרן אויף יענעם פֿאַרנאַכט. זיין ענטפֿער איז געווען, אַז ער האָט זיך שוין אויסגעשלאָסן פֿון דער פּאַרטיי. באַמערקנדיק אַז עפּעס וווּנדער איך מיך, האָט ער מיר דערקלערט:

„איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין צענטער און בין מיט דעם געוואָרן אָן אָפיציעל אָנערקענטער סאָציאַליסט. סאָציאַליזם פאַרפּליכטעט דאָך צו עפּעס! נו, בין איך געקומען אַהיים און אין מיין ווירטשאַפט האָט זיך גאָר נישט גע־ביטן, — איך בין געבליבן בעל־הבית, ווי פריִער; די פּעאָנעס אַרבעטן ווי שטענדיק; זייער סיטואַציע האָט זיך מיט גאָר נישט פאַרבעסערט. דאָס זעלבע פּאַסירט אויך מיט אַלע אַנדערע סאָציאַליסטן. מיין מוח באַגרייפט נישט — סאָציאַליסטן אָן סאָציאַליזם".

אָט אַזוי איז געווען סאַכאַראָוו — דער גאַנצער מענטש.

וואָס שייך זיין יידישקייט, פלעגט סאַכאַראָוו יעדעס מאָל ווען מיר האָבן געשמועסט וועגן יידישע פּראָבלעמען, מאַניפעסטירן, אַז ער אַרבעט לטובת הכלל נישט דערפאַר וואָס ער איז אַ ייד און די קאָלאָניסטן זענען יידן; ווען עס וואָלט אים אויסגעקומען צו זיין אין אַפריקע, אָדער ערגעץ אַנדערשוואו, וואָלט ער געאַרבעט מיטן זעלביקן ענטוזיאַזם און לטובת יענע מענטשן, פונקט ווי אין קאָלאָניע קלאַראַ.

איך פלעג אים זאָגן, אַז אין דעם פּרט האָט ער אַ טעות.

די מיינונג זיינע איז אַ פּועליוצא פון זיין קאָסמאָפּאָליטישן בליק. אָבער עס איז פאַראַן אין יעדן מענטש אַ העכערע און שטאַרקערע אייגנשאַפט, ווי לאָגיק און איבערצייגונג. דאָס איז — געפיל. ליבשאַפט פון עלטערן צו קינ־דער, פריינדשאַפט, שטאַרקט אַריבער די שכלדיקע אויסרעכענונג. זיין קאָ־רעקטע נאַטור, זיין קראַפט מודה צו זיין אויף אמתן, וועט אים ברענגען צו דעם, אַז ער וועט געפינען אין זיך דאָס „פּינטעלע ייד". עס איז ריכטיק, אַז ער וואָלט געאַרבעט אומעטום, וווּ ער זאָל נישט זיין, לטובת די מענטשן און דער מענטשהייט, ער אַרבעט אָבער מיט מער ליבשאַפט אין קאָלאָניע קלאַראַ, דערפאַר וואָס ער איז אַ ייד צווישן יידן.

די צייט האָט באַוויזן, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין טעות. סאַכאַראָוו איז טאַקע געווען אַ מענטשן־פריינד; נישט געקענט טראָגן קיין שנאה צו קיינעם, אַפילו צו זיינע ערגסטע קעגנערס. ער איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפן אַלעמען, ווער ער זאָל נישט זיין און מיט אַ ספּעציעלער פּיעטעט צו איינפאַכע און אָרעמע מענטשן, אָבער אַ באַזונדער פאַרשטענדעניש האָט ער געהאַט צו יידישע פּראָבלעמען.

סאַכאַראָוו האָט אָנערקענט, אַז איך האָב געהאַט רעכט.

זעלבשטענדיק און פריי, אונטער אַלע אומשטענדן, איז געווען סאַכאַ־ראָווס פּאַראָל. עס איז געקומען אַ צייט, וואָס צוליב פאַרשיידענע סיבות איז סאַכאַראָוו געבליבן אין אַן אויסערגעוויינלעך געדריקטער עקאָנאָמישער לאַגע. זיין גאַנצן פאַרמעגן האָט ער געמוזט אַוועקגעבן אויף צו דעקן טייל־

זוויז די חובות און נישט געהאַט קיין שום הכנסה. די פּראָווינציעלע רעגירונג פון ענטרע־ריִאָס האָט דורך אַ דעקרעט באַשטימט צו שאַפן אַ דעפּאַרטאַמענט אויף צו אינספּעקציאָנירן און אינסטרויִרן די קאָאָפּעראַטיוועס, און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז קיין בעסערן קאַנדידאַט פאַר אַזאַ אַמט ווי סאַכאַראָוו, וועלן זיי נישט געפינען, האָבן זיי אים טאַקע אָנגעבאָטן די שטעלע מיט אַ מאָנאַטלעכן געהאַלט.

סאַכאַראָוו האָט מיר געפרעגט דורך אַ בריוו מיין מיינונג, צי זאָל ער אָננעמען דעם דאָזיקן אַמט? איך האָב אים געענטפערט פּאָזיטיוו, ווייל דער קאָאָפּעראַטיוויזם וועט פיל געניסן פון דעם; אַז עס איז אין הסכם מיט זיינע לעבנס־אָנשויונגען און אַגב וועט ער לייזן זיין פּריוואַטע עקאָנאָמישע סיטואַציע. סאַכאַראָווס ענטפער צו דער רעגירונג איז געווען, אַז ער באַט אָן זיין דינסט פאַר די קאָאָפּעראַטיוועס, אָבער נישט ווי אַ באַצאָלטער רעגירונג־באַאַמטער, ווייל ער וויל בלייבן אַ פרייער מענטש, און קענען צו יעדער צייט אַרויסזאָגן פריי זיינע מיינונגען און געדאַנקען.

ווי געזאָגט, האָט סאַכאַראָוו געגלייבט אַז יעדער מענטש דאַרף זיין מענטשלעך גוט און נישט דערלאָזט מינדערצושאַצן עמיצן. ער האָט נישט געקענט פיינט האָבן קיינעם. ער פלעגט ווערן אין כעס, זיך בייזערן, אָבער אָן קיין שום שנאה. ער האָט נישט געקענט פיינט האָבן אַפילו זיין שונא. אייניקע האָבן אים באַטראַכט פאַר אַ טאָלסטאָיאַנער. איך מיין, אַז ער איז געווען אַ פילאָסאָף, אַן אייגנאַרטיקער דענקער, וואָס באַטראַכט לעבן און מענטש, גוטס און שלעכטס אויף זיין ספּעציעלן שטייגער. ער האָט געהאַט געניג מוט צו אָנערקענען זיינע טעותן, אָבער נישט צו בייטן קיין מאָל זיין שיטה: דאָס לעבן איז גוט, מענטשן זענען גוט, חסרונות דאַרפן נישט קומען אין באַטראַכט, ווייל דער מענטש איז גוט. און ער מיינט עס אויפריכטיק.

די עפּיזאָדן וואָס איך האָב פריִער געבראַכט וועגן סאַכאַראָוון, זענען וועגן אים ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן. ווען עס האָט זיך אָבער געהאַנדלט פון זאַכן וואָס זענען נוגע דער געזעלשאַפט, האָט מען געקענט זען סאַכאַראָוון דעם שטאַרקן מאַן, דעם פירער, דעם דערציִער. ער האָט נישט געוואָלט הייבן דעם מענטשן צום הימל, נאָר ער האָט געוואָלט ברענגען דעם הימל צו די מענטשן. ער האָט ליב געהאַט מענטשן אָט אַזוי ווי זיי זענען, מיט אַלע זייערע פעלערן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט ווי ווייט מעגלעך, ברענגען צו די מאַסן דעם גייסט פון ריינער, שיינער מענטשלעכקייט און האָט אָנגעווענדט דאָס בעסטע מיטל דאָס צו דערגרייכן — די פרייע קאָאָפּעראַציע, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַלע אייגנשאַפטן צו דערנענטערן און פאַרברידערן די מענטשן.

**
*

סאַכאַראָוו ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ביי אַ זיצונג פון פאַנדאָ קאָ־מונאַל האָט מען באַהאַנדלט וועגן אַ באַאַמטן פון סאַניטעט־באַדינונג, אַ טו־בערקולאָזער, וואָס ד״ר ירחי האָט געזאָגט אַז מען מוז אים שיקן קיין קאָר־דאָבאַ, און מ׳האָט אים געדאַרפט מיטהעלפן אויף הוצאות. עס זענען געווען צוויי פאָרשלאַגן: איינעקע האָבן פאָרגעלייגט, מען זאָל אים געבן הונדערט פעזעס און אַנדערע זענען געווען פאַר צוויי הונדערט פעזעס. די מערהייט האָט געשטימט פאַרן צווייטן פאָרשלאַג. און איינער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז קהלשע געלטער זשאַלעוועט מען נישט, און קיינער האָט נישט רעאַגירט. מען איז אָנגעגאַנגען מיט דער טאָג־אָרדענונג רויק. ווען עס האָט זיך געענדיקט די זיצונג, האָט סאַכאַראָוו געשיקט רופן דעם ראַטמאַן צו זיך אין צימער, און ווען יענער איז אַריינגעקומען, האָט סאַכאַראָוו מיט אויפרעגונג אַ געשריי געטאָן: „מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר באַליידיקט דעם ראַט מיטן זאָג, אַז מען זשאַלעוועט נישט קיין קהלשע געלט?!״. ער האָט דערביי געגעבן אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיש, אַז די אייבערשטע דעק פון טיש מיטן גרינעם טוך האָט זיך צעבראָכן.

דער ראַטמאַן איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש, האָט סאַכאַראָוו אים נישט געוואָלט מביש זיין אין קעגנוואַרט פון גאַנצן ראַט; ער האָט אָבער נישט געקענט פאַרשווייגן די באַליידיקונג אויפן חשבון פון די חברים.

**
*

עס איז געווען נאָכן יערלעכן באַלאַנס. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אין קאָלאָניע, אַז דער באַלאַנס איז נישט קיין ריכטיקער, אַז מען האָט אַריינגעשריבן אין אַקטיוו אַזעלכע סחורות וואָס האָבן נישט קיין ווערט. דעם קלאַנג האָט פאַרשפרייט אַ ראַטמאַן, אַ פאָטער פון אַ זון אַ סוחר. ביי דער ערשטער זיצונג פון ראַט, האָט סאַכאַראָוו פאַרן לייענען דעם פריערדיקן פּראָטאָקאָל דערקלערט, אַז עס איז דערגאַנגען צו אים אַז איינער פון די ראַטמענער האָט פאַרשפרייט אַ קלאַנג, בכן, דער יערלעכער באַלאַנס שטימט נישט. „היות איך בין נישט קיין בוכהאַלטער — האָט געזאָגט סאַכאַראָוו — ווייס איך נישט צי דער בוכהאַלטער האָט געפעלשט, צי דער ראַטמאַן פעלשט; פאָדער איך אויף דעם ראַטמאַן וואָס האָט עס געזאָגט, ער זאָל דערקלערן עפנטלעך פאַרן ראַט, אויף וועלכע דאַטעס ער שטיצט זיין באַשולדיקונג, כדי מען זאָל דעם ענין איינפקלערן געענוי און מען זאָל רופן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט דעם בוכהאַל־טער, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז די באַשולדיקונג איז אַ ריכטיקע. איך ווייס נישט וועלכער ראַטמאַן עס האָט פאַרשפרייט דעם דאָזיקן קלאַנג, גיב איך צען מינוט צייט. אויב ביז די צען מינוט וועט נישט קומען די דערקלע־רונג, רעזיגנסיר איך פון דער פרעזידענץ תיכף ומיד״.

אַ שטילקייט האָט געהערשט ביים טיש. עס זענען אַריבער עטלעכע מי־נוט. סאַכאַראָוו האָט גענומען צונויפלייגן זיינע פּאַפּירן. אַלעמענס אויגן זע־נען געווען געווענדעט צו דעם שולדיקן. ווען דער דאָזיקער האָט דערזען, אַז סאַכאַראָוו מיינט עס ערנסט, האָט ער געזאָגט אַז ער האָט די ביכער נישט געזען און אַז ער פאַרשטייט ווייניק אין דער בוכפירונג, נאָר איינער פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע האָט אים אינפאָרמירט, אַז דער אַקטיוו איז אַן אויפגע־בלאָזענער. דער מיטגליד פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, וועלכער איז געווען דערביי, האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט נישט ריכטיק געדעכנט די עק־סיסטענץ פון ליידיקע זעק וואָס זענען פאַראַן אין די גאַלפּאָנעס פון דאָמינגעז און קלאַראַ און אָנערקענט אַז עס איז געווען אַ פעלער פון זיין זייט. נאָך דעם ווי סאַכאַראָוו האָט זיי געגעבן אַ לעקציע פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אויפ־פאָדערנדיק די ראַטמענער, אַז יעדע באַמערקונג וואָס זיי האָבן צו מאַכן, איז זייער פליכט צו ברענגען עס צום פּרעזידיום־טיש און נישט אינטריגירן די מיטגלידער, האָבן אַלע ראַטמענער באַגריסט סאַכאַראָוון פאַר זיין ענערגישער האַנדלונג און פאַר דער געלונגענער לעקציע וואָס ער האָט זיי געגעבן.

***

אין 1910 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון אונדזערע קאָלאָניעס אויף אַ באַראַטונג וועגן גרינדן די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע. די נשמה פון דער באַוועגונג איז געווען סאַכאַראָוו. דער צוזאַמענפאָר איז פאָר־געקומען אין בוענאָס־איירעס.

צוויי טעג פריער, איידער מען איז אַרויסגעפאָרן צום צוזאַמענפאָר, האָט סאַכאַראָוו באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבן. דערוויסנ־דיק זיך פון דער ידיעה, האָב איך אים געזאָגט, אַז עס איז נאָך פאַראַן צייט צו טעלעגראַפירן אין די אַנדערע קאָלאָניעס, אַז די פאַרזאַמלונג זאָל אָפּגע־לייגט ווערן אויף עטלעכע טעג שפּעטער. אָבער סאַכאַראָוו האָט מיר קאַטעגאָריש געענטפערט: „מיר פאָרן מאָרגן!".

אין די טעג וואָס די זיצונגען האָבן געדויערט, איז נישט געווען צו מערקן אויף סאַכאַראָוון קיין באַזונדערן אויסדרוק. ער האָט פּרעזידירט און געאַרבעט מיטן גאַנצן ענטוזיאַזם און רויקייט. ערשט ווען מיר זענען צוריק־געפאָרן, האָט מען געזען ווי שטאַרק ער האָט געליטן. ער האָט גערעדט פון דער גרויסער אבידה פאַר אים און פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. ער האָט זייער געשאַצט זיין פאָטער ווי אַן ערנסטן, פעיקן און אָרנטלעכן מענטש. אַלע דע־לעגאַטן האָבן באַוואונדערט די גייסטיקע שטאַרקייט פון סאַכאַראָוון.

***

די ביוראָ פון פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט זיך איבערגעצויגן פון „קאָלין" אין דעם שטעטעלע „לאַ קאַפּיזשאַ", וואָס איז געווען דער צענטער פון דער קאָלאָניע. מיר האָבן געהאַט אָפּטיילונגען אין דאָמינגעז, קלאַראַ, לאַס מאָסקאַס און סאַן אַנטאָניאָ, נאָך דעם איז צוגעקומען אויך סאַן סאַלוואַדאָר און פּעדערמאַר.

אין אַ געוויסן טאָג, אָנקומענדיק אין דאָמינגעז, דערציילט אונדז דער „רעסיווידאָר"* פון תבואה, ה׳ באַווערמאַן, אַז זיין קאָלעגע, געשיקט פון דער פירמע בונכע־באָרן, לאַכט אָפּ און מאַכט חוזק פון די קאָלאָניסטן וואָס טראָגן לאַנגע בערד און פאות, מיט אַלטמאָדישע קאַפּאָטעס.

סאַכאַראָוו האָט גלייך געגעבן אַ באַפעל אונדזער באַאַמטן, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען ער וועט נאָר באַמערקן נישט קיין קאָרעקטע באַציִונג פונעם דערמאָנטן צו אַ קאָלאָניסט, זאָל ער אים הייסן פאַרלאָזן דעם גאַלפּאָן. שפּעטער מיט עטלעכע טעג, קומענדיק אין דאָמינגעז, האָב איך געזען אַז עס שטייט אַ וואַגאָן וואָס מען האָט אָנגעהויבן אָנגרוזעווען מיט ליאָן און נישט געענדיקט. אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס מען ענדיקט נישט גרוזעווען, האָט באָווערמאַן אונדז דערציילט, אַז עס איז צוגעפאָרן דער קאָלאָניסט אבֿרהם גאַרבער פון באַראָן הירש — ער איז געווען אַ רויטהאָריקער מיט אַ רויִטע באָרד — האָט בונכע־באָרנס אָפּנעמער גענומען חוזקן פון אים. לויט די אינסטרוקציעס וואָס מען האָט אים געגעבן, האָט ער געהייסן דעם פאַרשוין ער זאָל פאַרלאָזן דעם גאַלפּאָן, און דערפאַר שטייט דער וואַגאָן נישט קיין פאַרגרוזעוועטער.

מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם קאַנטאָר פון גרעגאָריאָ ניימאַן. ביי אים איז געווען אַ דירעקטע טעלעפאָן־פאַרבינדונג מיט בונכע־באָרן אין קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגווײַ, און מיר האָבן געשיקט רופן דעם אָפּנעמער. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט סאַכאַראָוו גענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און ווענדנדיק זיך צום אַריינגעקומענעם, זאָגט אים סאַכאַראָוו: „הער זיך איין, יונגערמאַן, איך בין אַ ייִד און כמעט אַלע קאָלאָניסטן פון דעם געגנט זענען ייִדן. דו האָסט דאָס רעכט פיינט צו האָבן ייִדן וויפל דייך האַרץ גלוסט, נאָר איצט ביסטו ביי מיר אין הויז, פאָדער איך פון דיר דו זאָלסט רעספּעקטירן אַלע קאָלאָניסטן פון דער קאָלאָניע. איך גיב דיר צוויי מינוט צייט זאָלסט מיר ענטפערן יאָ צי ניין. נאָר געדענק, אַז מבֿינים ווי דו, קריגט בונכע־באָרן גענוג, קליענטן ווי פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט ער נישט קיין סך. איך וויל דיר נישט טאָן קיין שלעכטס, זאָלסט פאַרלירן דיין אַמט. ענטפער!".

* תבואה־אויפנעמער.

דער יונגערמאַן האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געוומען בעטן: ער האָט אַן אַלטע מאַמע, שוועסטער. אָבער סאַכּאַראָוו האָט אים נישט געלאָזט ריידן און קוקנדיק אויפן זייגער געזאָגט: „ענטפער בלויז יאָ צי ניין!". — „סי, סעניאָר, סי סעניאָר!"* — איז געווען דער ענטפער. פון יענעם טאָג אָן האָט ער זיך מער נישט דערלויבט אָפּצולאָכן פון אַ ייִדן. עס איז פונקט געווען ערב פורים, האָב איך געזאָגט סאַכּאַראָוון, אַז ער האָט געגעבן איבערן קאָפּ אַ קליינעם המן.

**
*

אין אַ טאָג רעדט צו אונדז טעלעפאָניש אונדזער באַאַמטער פון דאָמינגעז — פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט געהאַט אינסטאַלירט אַן אייגענע ליניע פון לאַ קאַפּיזשאַ ביז דאָמינגעז, — אַז אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ פירמע פון בוענאָס־איירעס איז געקומען ריידן מיט פּאַנדאָ קאָמונאַל וועגן געשעפטלעכע ענינים, נאָר ער האָט נישט מיט וואָס צו פאָרן ביז לאַ־קאַפּיזשאַ צוליבן רעגן און די גרויסע בלאָטעס. מיר האָבן אים געזאָגט, אַז דריי אַ זייגער וועלן מיר קומען קיין דאָמינגעז. ווי מיר זענען נאָר אָנגעקומען, נעמט דער רעפּרעזענטאַנט אַרויס זיין זייגער און זאָגט: „זשאָ סאָי אינגלעס. סאָן לאַס טרעס אי וויינטע".** סאַכּאַראָוו האָט גלייך אַרויסגענומען זיין זייגער און אַ זאָג געטאָן: „סאָי כּודיאָ, סאָן לאַס טרעס אי וויינטע. קע דעסעאַוואַ סעניאָר?".***

דער ענגלענדער האָט פאַרשטאַנען דעם שטאָך און געוואָלט זיך פאַרענטפערן, אָבער סאַכּאַראָוו האָט אים נישט געלאָזט קומען צום וואָרט, נאָר אים געהייסן ריידן וועגן געשעפטלעכע ענינים, וועגן וועלכע ער איז געקומען. ביים פאַרענדיקן דעם געשעפטלעכן שמועס, האָט דער ענגלענדער געפּרוּווט נאָך אַ מאָל זיך אַנטשולדיקן, נאָר סאַכּאַראָוו האָט אים דערמאָנט אין ענגליש: „צייט איז געלט", און מיר זענען אַוועקגעפאָרן.

שטייענדיק ביי דער דאָזיקער קורצער סצענע, האָב איך ביי מיר געטראַכט: אַזוי דאַרף האַנדלען אַ ווירדיקער פאָרשטייער.

אין יאָר 1921 בין איך אויפגעפאָדערט געוואָרן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע דורכצופירן די זאַמלונג פאַרן קרן־היסוד אין באַסאַווילבאַסאָ, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך ד"ר אַלעקסאַנדער גאָלדשטיין. צוליב דעם בעסערן דערפאָלג פון דער זאַמלונג, האָב איך איינגעלאַדן דעם ה' סאַכּאַראָוו,

* יאָ, מיין הער.
** איך בין אַן ענגלענדער: עס איז דריי מיט צוואַנציק.
*** איך בין אַ ייִד, עס איז דריי מיט צוואַנציק, וואָס ווילט איר מיין הער?

ער זאָל מיר באַגלייטן. סאַכאַראָוו איז שוין צו יענער צייט געווען נאַציאָנאַל־געשטימט, — זאָל עס פאַררעכנט ווערן ווי אַ זכות פאַר מיר און מיין פרוי: אין די אָפטע באַזוכן פון סאַכאַראָוון אין אונדזער שטוב, האָבן מיר שטענדיק גערעדט וועגן צוויי טעמעס: קאָאָפּעראַטיוויזם און ציוניזם. סאַכאַראָוו מיט זיין קלאָרער וויזיע האָט פאַרשטאַנען דעם באַדייט פון ציוניזם פאַרן יידישן פאָלק. ער האָט גערן אָנגענומען מיך צו באַגלייטן אין דער מיסיע.

אין באַסאַווילבאַסאָ, דערזעענדיק סאַכאַראָוון, האָבן די חברים מיר אָפּ־גערופן אין אַ זייט מיט אַ פאָרוואורף: ס׳טייטש, וואָס האָב איך געטאָן? זיי וועלן דאָך פאַרבלייבן פאַרשעמט! די באַסאַווילבאַסער יידן קומען נישט צו די פאַר־זאַמלונגען, אַפילו צום קבלת־פנים פאַרן ד״ר אַלעקסאַנדער גאָלדשטיין זענען זיי נישט געקומען, וועלן זיי דאָך היינט געוויס נישט קומען! אין אָוונט, ווען מען האָט געדאַרפט גיין צו דער פאַרזאַמלונג, זענען די חברים הוט און באַראָ־דאָווסקי געווען זייער באַאומרויקט, זיי האָבן מורא געהאַט אַז דער עולם וועט נישט קומען, און סאַכאַראָוו, וואָס איז צום ערשטן מאָל געקומען וועגן אַ ציוי־ניסטישער אַקציע, וועט בלייבן אַנטוישט. איך האָב געפּרוווט ריידן מיט סאַ־כאַראָוון, היות ווי די פאַרזאַמלונג קומט פאָר אין שיל און ער איז דאָך נישט קיין שיל־ייד, וועלן מיר אים אַנטשולדיקן אויב ער וועט נישט גיין מיט אונדז. ער האָט ענערגיש פּראָטעסטירט: וואָס הייסט, ער זאָל נישט גיין, איז ער נישט קיין ייד?. ער איז געגאַנגען מיט אונדז אין שיל און גראָד איז געקומען אַ גרויסער עולם. ווען איך האָב געענדיקט ריידן, האָט מען געבעטן אַז סאַכאַ־ראָוו זאָל אויך זאָגן עטלעכע ווערטער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, דערקלערנדיק, אַז ער קען נאָך נישט גענוג דעם ציוניזם און די יידישע געשיכטע אויף צו קענען עקספּאָנירן וועגן דעם עפנטלעך.

אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען מ׳האָט געדאַרפט אַרויסגיין אין גאַס אויף פּראַקטישער אַרבעט: גיין זאַמלען געלט פון שטוב צו שטוב. האָבן די פריער־דערמאָנטע עסקנים מיר געזאָגט, אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס וועלן זיך נישט ביישטייערן, וועט נישט זיין שיין פאַר סאַכאַראָוון. האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל אונדז באַגלייטן צו די גרעסערע ביישטייערער און צו די קלענערע וועלן מיר גיין אָן אים, כדי אים נישט מטריח צו זיין צו פיל. אָבער אויך דאָ האָט ער דערקלערט, אַז ער וועט גיין מיט אונדז מבית־לבית, ווייל ער וויל לערנען די פּסיכאָלאָגיע פון אונדזער עולם. און מיר זענען אַרויס אין גאַס.

דאָ וועל איך ברענגען דריי עפּיזאָדן, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם מענטש און ייד סאַכאַראָוו.

1) מיר זענען אַריין אין אַ קלייטל. דער קרעמער איז געשטאַנען און גע־זוויגן פאַר צען סענט זשערבאַ און פאַר צען סענט צוקער פאַר אַ מיידעלע.

איך האָב דערקלערט דעם ייִדן וועגן וואָס מיר זענען געקומען און ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ פון רעכטס צו לינקס און פון לינקס צו רעכטס. די אַנדערע חברים האָבן אויך גערעדט צו אים, ביז ער איז אַרויס מיט לשון: „איך קען נישט געבן און וויל נישט געבן!". נאָך אַזאַ קאַטעגאָרישן ענטפער, זענען מיר אַלע אַרויס פון קלייטל, נאָר סאַכאַראָוו איז געבליבן שטיין און באַטראַכט דעם דאָזיקן טיפּ. נאָך אַ פּאָר מינוט קוקן אויף אים, פרעגט אים סאַכאַראָוו: „איר האָט געזאָגט, אַז איר קענט נישט געבן, צו וואָס האָט איר נאָך צוגעגעבן אַז איר ווילט נישט געבן?".

2) צוקומענדיק צו אַ שטוב, ווו מען האָט געדאַרפט אַריבערשפּרייזן אַ בלאָטיקע גאַס, זאָגט באָראָדאָווסקי, אַז ער וועט פריִער אַריבערגיין זען, צי דער ייִד איז דאָ אין שטוב. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער אונדז גערופן. מיר זענען אַריבער די בלאָטע. ביי דער טיר האָבן מיר געפּאַטשט מיט די הענט, כמנהג המדינה, און ס'איז אַרויסגעקומען אַ מיידעלע פון אַ יאָר 6. באַפעלט איר באָראָדאָווסקי, זי זאָל זאָגן דעם פּאַפּאַ, אַז סאַכאַראָוו מיט קאַפּלאַנען זענען דאָ. דאָס מיידעלע איז אַריין אין שטוב און באַלד אַרויס מיט אַן ענטפער: „פּאַפּאַ נאָ עסטאַ ען קאַסאַ".* באָראָדאָווסקי איז אויפגעשפּרונגען; ער האָט דאָך נאָר־וואָס גערעדט מיט אים! דאָס מיידעלע איז ווידער אַריין אין שטוב און געקומען מיטן זעלביקן ענטפער. מיט גוואַלט וועלן מיר נישט אַריינגיין אין אַ פרעמדער שטוב, און מיר האָבן גענומען קוקן ווי אַזוי אַריבערצוגיין די בלאָטע. סאַכאַראָוו איז געבליבן שטיין, געקוקט אויפן מיידעלע אַ היפּשע ווײַלע און צום סוף געזאָגט: „איך פאַרשטיי נישט, ווי קען עס אַ פאָטער צוליב עטלעכע מיזעראַבלע פּעזעס לערנען זיין אייגן קינד זאָגן ליגן".

3) מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען אַ בלעכן גאַלפּאָנדל. ביי דער טיר איז געהאַנגען אַ קרענצל קנאָבל, עטלעכע קרענץ ציבעלעס און ס'איז געשטאַנען אַ זאַק קאַרטאָפל. אונדזערע באַגלייטער האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אָרעמע פאַמיליע אימיגראַנטן און עס איז נישט כדאי אַריינצוגיין; לאָמיר שפּרייזן ווייטער. מיר זענען אַריבער עטלעכע טריט, האָבן מיר דערהערט אַ פרויען־קול וואָס רופט: „סעניאָרעס! סעניאָרעס!". מיר האָבן זיך אויסגעדרייט. עס זענען צוגעלאָפן צוויי יונגע מענטשן, אַ מאַן מיט אַ פרוי, און געפרעגט פאַר וואָס האָבן מיר זיי פאַרשעמט, מיר זענען קיין ייִדן נישט? מיר האָבן זיך אומגעקערט, אַריין אין קלייטל פון בלעך, וואָס איז געווען אָנגעהיצט פון דער זון, אַן אַ פּאָל.ביידע האָבן מיט אַ קול פון געבעט גענומען ריידן, מיר זאָלן זיי טאָן די גרויסע טובה און דעם כבוד און נעמען ביי זיי די דרייצן פּעזעס וואָס

* דער טאַטע איז נישטאָ אין דערהיים.

זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט; זיי ווייסן, אַז דער מינימום איז 25 פּעזעס, אָבער איצט האָבן זיי מער נישט; זיי פֿאַרזיכערן אונדז אַז שפּעטער, אין אַ פּאָר חדשים אַרום, וועלן זיי ברענגען נאָך צוועלף פּעזעס; זיי שפּאָרן אָפּ אַלע טאָג צען־צוואַנציק סענט; מיר זאָלן מאַכן פֿאַר זיי אַן אויסנאַם און נעמען פֿאָרלויפֿיק דאָס וואָס זיי פֿאַרמאָגן איצט.

נישט נאָר ביי סאַכאַראָוון, נאָר ביי אונדז אַלע האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. אָט אין יענעם אָרעמען ווינקעלע, ווו עס איז נישט געווען קיין בענקל צו זיצן, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף צוויי גייסטרייכע יידן. סאַכאַראָוו האָט איבערגערעדט עטלעכע מאָל, אַז ס׳איז כדאי געווען צו קומען קיין באַ־סאַווילבאַסאָ און אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג אין דער היץ אויף צו טרעפֿן זיך מיט אַזאַ יונגן אידעאַליסטישן פֿאָרפֿאָלק.

יעדע אַרבעט, יעדע דיסקוסיע מיט סאַכאַראָוון איז געווען אַ לעקציע. מען האָט ביי אים און מיט אים געלערנט דעם העכערן באַגריף פֿון מענטש־לעכקייט.

# ווערטער פון אַ לערער און אַ פריינד

אין אַ געוויסן פרימאָרגן איז אַריינגעקומען אין ביוראָ דער מיטגליד ד. ב. פון סאַן־מיגעל און מיט אַ שטרענגן טאָן אַ זאָג געטאָן: „קאַפּלאַן, גיט מיר מיינע צוויי הונדערט פעזעס!”. אויף מיין פראַגע: „וועלכע צוויי הונדערט פעזעס?” — ווייל אויף וויפל איך האָב געוווּסט, האָט ער נישט געהאַט קיין דעפּאָזיט ביי אונדז, — האָט ער אָנגעהויבן שרייען אויף די הויכע טענער: „וואָס מאַכט איר זיך נישט ווויסנדיק? גיט מיר, מיין געלט גיט מיר!”. די מיטגלידער וואָס זענען געשטאַנען דערביי האָבן אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָ איז נישט קיין פּלאַץ צום שרייען, אָבער ער האָט געשריִען נאָך העכער. מיט דער גאַנצער רויִקייט האָב איך אים געבעטן, ער זאָל נישט שרייען ד. ב. האָט דערקלערט, אַז ער האָט אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט פאַר 200 פּאַנגאָס ווייץ, אויף וועלכע ער האָט אַרויסגענומען 200 פעזעס, און לויטן רעגלאַמענט פון „סעקסיאָן סערעאַלעס”,* קומט אים נאָך 200 פעזעס.

— עס שטימט — זאָגט איך אים, — אָבער איר וועט מוזן צוואַרטן אַ פּאָר שעה, ווייל איך האָב געשיקט אַ מענטשן קיין וויזשאַגוויי אויף צו ברענגען געלט פון באַנק און ער וועט באַלד אָנקומען.

— איך וועל נישט וואַרטן! שוין זאָלט איר מיר געבן מיין געלט! —האָט ער געשריִען אויף די העכסטע קולות.

אַלע מיטגלידער וואָס זענען בייגעווען די סצענע האָבן אים געוואָלט באַרויִקן מיט דעם, אַז זיי וואַרטן אויך אויף געלט און אַז קאַפּלאַן קען דאָך נישט מאַכן קיין געלט פון זיך. אָבער ד. ב. האָט גענומען קלאַפּן מיטן קולאַק אין טיש און שרייען, אַז קיינער וועט אים נישט לערנען ווי אַזוי צו ריידן. „איך בין בעל־הבית און קאַפּלאַן איז מיין עמפּלעאַדאָ;** שוין זאָל ער מיר געבן דאָס געלט!”

— בעל־הבית — האָב איך אים געזאָגט, — אייער באַאַמטער בעט אייך, איר זאָלט רעספּעקטירן אייער ביוראָ. אויך אנדערע האָבן אים געבעטן מיט גוטן ער זאָל זיך באַרויִקן. אָבער וואָס מער מ'האָט גערעדט צו אים, אַלץ העכער האָט ער געשריִען. דער פּעאָן וואָס האָט געאַרבעט אין דעם אַנשטאַלט,

---

* תבואה־סעקציע.

** אַן אָנגעשטעלטער.

אַ געזונטער קריאָזשאָ,* האָט דערהערט די קולות, איז ער געקומען, זיך גע־שטעלט ביי דער טיר און געזאָגט: „פּאַטראָן, מאַנדע!" (בעל־הבית, באַפעלט!).

דערזעענדיק דעם דאָזיקן פּאַרשוין, האָט ד. ב. אַ פרעג געטאָן: „קאַפּ־לאַן, וואָס ווילט איר טאָן?". — „איך וויל גאָר נישט טאָן, — האָב איך גע־ענטפערט, — איך פאָדער אייך נאָר אויף צו רעספּעקטירן אייער ביוראָ. איר זענט דער ערשטער און דער איינציקער, וואָס האָט זיך דערלויבט צו באַגיין אַזוי אומגעלומפּערט. גייט, באַרויִקט זיך און קומט שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה, וועט איר באַקומען די 200 פּעזעס". ער איז אַוועקגעגאַנגען. מיטאָג־צייט איז ד. ב. געקומען צו מיר אין שטוב און מיט טרערן אין די אויגן זיך אַנטשול־דיקט: „איך האָב געטרונקען אַ ביסל בראָנפן אויפן ניכטערן האַרצן, ווייזט אויס, אַז פון דעם האָט זיך מיר פאַרדרייט דער קאָפּ און האָב נישט געוווּסט וואָס איך רייד". פאַרנאַכט איז געקומען סאַכאַראָוו. איך האָב אים דערציילט פון דער אומאָנגענעמער פּאַסירונג. נאָכן אויסהערן, גיט סאַכאַראָוו אַ זאָג: „מאַל העטשאָ".** — וואָס הייסט, האָב איך געקענט שווייגן? און די אַלע מיטגלידער וואָס זענען בייגעווען האָבן געקענט בלייבן גלייכגילטיק און נישט רעאַגירן אויף אַ נישט־אָנשטענדיקער באַציִונג צו דער אינסטיטוציע? „מאַל העטשאָ" — זאָגט ער מיר נאָך אַ מאָל. „אָבער דאָן מיגעל, ווי אַזוי האָב איך געדאַרפט אַנדערש האַנדלען? זיך געדאַרפט אויפהייבן און אַרויסגיין פון ביוראָ און לאָזן אים שרייען? אַזוי דאַרף האַנדלען איסאַק קאַפּלאַן? דערצו קען איך נישט מס־כים זיין. מיין פליכט איז צו באַדינען די מיטגלידער, אָבער נישט אַנטלויפן פון זיי, בפרט ווען עס זענען בייגעווען אַ צענדליק מיטגלידער, וואָס האָבן רעאַגירט. און ווען איך גיי אַוועק וואָלט נאָך אפשר אַרויסגעקומען אַ שטאַר־קע קריגעריי, ווייל ער האָט זיי אויך באַליידיקט".

ביינאַכט, באַטראַכטנדיק די דאָזיקע געשעעניש פאַר זיך אַליין, האָב איך מיר געגעבן רעכענונג, אַז סאַכאַראָוו איז געווען גערעכט. איך האָב גע־דאַרפט אַרויסגיין פון ביוראָ, ווייל ווען עס קומט צו דעם, דער פּעאָן זאָל אַרויס־פירן אַ מיטגליד, וואָלט איך אויפן צווייטן טאָג זיך אָפּגעזאָגט פון דער שטע־לע און וואָלט מיין גאַנצן לעבן זיך נישט געקענט מוחל זיין. אָט אַזוי איז גע־ווען דער רבי סאַכאַראָוו.

---

* קרעאָל — היגער.

** שלעכט געטאָן.

# צום ערשטן מאָל דער באַגריף „קאָאָפּעראַציע"

ביז צום יאָר 1908, דאָס הייסט ביז סאַכאַראָוו האָט איבערגענומען די פּרעזידענץ פון פּאָנדאָ קאָמונאַל, האָט די אינסטיטוציע נישט געהאַט קיין באַשטימטע דעפיניציע איבער זיינע אידעאָלאָגישע צילן און אויפגאַבן. די באַדייטונג פון פרייער קאָאָפּעראַציע איז געווען אומבאַקאַנט אין אונדזערע קאָלאָניעס. אין אַרגענטינע זענען נאָך בכלל נישט געווען קיין אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס. אין מיין גאַנץ לעבן וועט בלייבן איינגעקריצט אין מיין זכרון יענע זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, אין אַ פאַרכמאַרעטן פאַרנאַכט אין קאָלין, ווען מיר אַלע זענען געזעסן אַרום אַ גרויסן טיש, סאַכאַראָוו אויבנאָן, מיט פאַרטראַכטע אויגן. ער האָט צום ערשטן מאָל דערקלערט דעם אָפּשטאַם פון וואָרט „קאָאָפּעראַציע", פון זיין אידעישן געבוירן־אָרט — ראָטשדאַלע. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף פאַנטאַסטישע פליגלען, שילדערנדיק ווהין דער קאָאָפּעראַטיוויזם פירט. ער האָט אונדז אַלעמען פאַרטראָגן העט־ווייט, צו גאַנץ אַנדערע צייטן, ווען מענטש מיט מענטש וועלן זיך דינען קעגנזייטיק, אָנשטאָט זיך צו באַקעמפן און עקספּלואַטירן איינער דעם צווייטן. מיר האָבן געזען אין יענעם פאַרנאַכט, ווי קאָאָפּעראַטיווע שיפן שווימען איבער אַלע ימים אונטער פלאַטערנדיקע קאָאָפּעראַטיווע פענער; זיי פירן הין־און־צוריק רוי־מאַטעריאַלן און אויסגעפאַרטיקטע אַרטיקלען פון די קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקן פון כינע גייען טראַנספּאָרטן טיי, גענומען פון די קאָאָפּעראַטיווע פּלאַנטאַציעס; לייוונט פאַר זעק פון קאַלקוטאַ און פון אַרגענטינע גייען אָנגעלאָדענע שיפן מיט ווייץ, ליאָן, פליייש, געשיקט דורך די קאָאָפּעראַטיוועס צו די קאָאָפּעראַטיוועס פון איראָפּע. מיר זענען פאַרטראָגן געוואָרן אין אַ לויטערער, ערלעכער וועלט, וווּ מען קען לעבן און מען לאָזט לעבן. אין יענע מאָמענטן האָט מען געזען, אַז סאַכאַראָוו רעדט נישט בלויז צו די עטלעכע ראַטמענער, נאָר צו דער גאַנצער וועלט, צו אַ גאַנץ נייער וועלט וואָס האָט אין געבוירן ווערן, און אַז ער זעט שוין איר געבורט.

אַן אומפאַרגעסלעכער פאַרנאַכט איז דאָס געווען.

נאָך דער דאָזיקער געהויבענער שטימונג איז מען אַריבער צו פּראַקטישער אַרבעט. מען האָט צום ערשטן מאָל גענומען באַטראַכטן דעם פאַרקויף פון תבואות אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. און נאָך דעם ווי סאַכאַראָוו האָט דערקלערט דעם אופן ווי אַזוי עס דאַרף אָנגעפירט ווערן די „תבואה־אָפּטיי־

לונג״ (סאַכאַראָוו האָט שוין געהאַט אָנגעפירט צוויי יאָר מיט דעם געמיינזאַמען פאַרקויף פון ווייץ און ליאַן, וואָס עס האָבן פּראָדוצירט זיינע שכנים פון די גרופּעס באַראָנעטשע און לאַס מאָסקאַס, אַזוי אַז עס זענען שוין געווען אַנטע־צעדענטן, וואָס לויט אים האָבן זיי געגעבן אַ גוטן רעזולטאַט), האָט געבעטן דאָס וואָרט דער ראַטמאַן ב. טש., וועלכער איז פריִער אַליין געווען אַן אויפ־קויפער פון תבואה פאַר אַן עקספּאָרט־הויז, און צו יענער צייט איז עס געווען זיינער אַ זון, און געזאָגט: „יידן! איר שטעלט זיך פאָר וואָס דער פּרעזידענט ליגט אונדז פאָר? וואָס מיינט איר, עס איז עפּעס אַ קליינִיקייט אַרויסצוריידן „האַנדלען מיט תבואה״! דאָ איז נישט רוסלאַנד, ווו מען האָט געקויפט ביים פּויער אַ זאַק קאָרן; דאָ האָט איר צו טאָן מיט גרויסע בערן, וואָס איינס־צוויי שלינגען זיי אייך איין; דאָ איז אַרגענטינע; פאַרקויפן תבואה איז פאַרבונדן מיט „לימיטעס״ און מיט נאָך אַנדערע זאַכן״.

דאָס וואָרט „לימיטעס״* איז געפאַלן ווי אַ קאַלטער עמער וואַסער. דער ראַטמאַן זלמן שטיינבערג האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אויף, מאַכנדיק מיטן פינ־גער: „ניין, הער סאַכאַראָוו, ניין! איר הערט מיט וואָס דאָס שמעקט? ווי זאָגט איר, רופט מען עס?״. און ב. טש. האָט מיט אַ שמייכל פון טריומף איבערגע־חזרט: „לימיטעס רופט מען עס״. עס האָט זיך געשאַפן אַ שטימונג, ווי אַ טראַסק אין אַ פּוסטער בלעך פון קעראָסין אין מיטן שפּילן פון אַן ערשטקלאַ־סיקן אָרקעסטער. עס האָט נישט גענומען קיין סך צייט, ביז עס איז אויפגע־קלערט געוואָרן, אַז לימיטעס איז אַ טעלעגראַמע מיט פּרייזן פון תבואה, וואָס די עקספּאָרט־הייזער שיקן צו די סוחרים אין אַ פאַרשטעלטער פאָרעם. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פאָנדאָ קאָמונאַל זאָל זיך באַשעפטיקן מיט צונעמען די תבואה פון די מיטגלידער וואָס וועלן עס ברענגען און דער פאַרקויף זאָל געמאַכט ווערן אויף אַ קאָאָפּעראַטיווער באַזע, דאָס הייסט: פאָנדאָ קאָמונאַל וועט פאַרקויפן אין פאַרשידענע צייטן (אין יענע יאָרן פלעגט דאָס דרעשען זיך ציִען 3־4 און מער מאָנאַטן). פאַרשטייט זיך, אַז די פּרייזן וועלן אויך זיין פאַרשידענע, וועט מען צאָלן דעם מיטגליד דעם דורכשניטלעכן פּרייז. למשל, מען וועט פאַרקויפן איין טייל אויף 6 פּעזעס און נאָך דעם אויף 6,40 פּעזעס, וועט זיין דער דורכשניטלעכער פּרייז זעקס פּעזעס מיט 20 סענט, נאַטירלעך, אין אַכט נעמענדיק די ספּעציעלע וואָג און אַנאַליז פון יעדן באַזונדער.

פון יענעם פאַרנאַכט אָן איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין דער קאָלאָניע דאָס וואָרט „קאָאָפּעראַטיווע״. די ערשטע צייט זענען געווען אַ סך וואָס האָבן אינטערפּרעטירט, אַז קאָאָפּעראַטיווע באַדייט נאָר דער פאַרקויף פון תבואה.

---

* גרענעצן (אין דעם פאַל — אַ שיפרירטע טעלעגראַמע).

אינסטינקטיוו האָט די קאָלאָניע דערפילט, אַז עפּעס איז געשאַפן געוואָרן אַ וויכטיקע זאַך. ביי יעדער געלעגנהייט: אין שיל, ביי חתונות, ביי פאַרזאַמלונגען, האָבן מיר אויסגענוצט אויפצוקלערן די מיטגלידער דעם הויכן הומאַניסטישן אידעאַל פון דער פרייער קאָאָפּעראַציע, און עס האָט זיך יעדעס מאָל מער אַריינגעוואַקסן אין די געפילן פון דער מיטגלידערשאַפט. די קאָמערציאַנטן, פון זייער זייט, האָבן ניש געשוויגן; זיי האָבן געטאָן אַלץ אויף צו דיסקרעדיטירן דעם פאָנדאָ קאָמונאַל. אָבער מיט געדולד, אויסדויער און גוטן טאַקט זענען מיר געגאַנגען פאָרויס. צום שלוס זעען מיר איצט, ווי דער קאָאָפּעראַטיווער אידעאַל האָט זיך צעוואַקסן און איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג.

# די אויסוויקלונג פון דעם תבואה־פאַרקויף

כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם באַדייט פונעם תבואה־פאַרקויף דורך דעם קאָאָפּעראַטיוו, וועל איך דאָ אָנצייכענען די פּראָצעדור פון דעם מסחר מיט תבואה אין יענע יאָרן. אין יעדן שטעטל זענען געווען אויפקויפערס וואָס פלעגן קויפן יעדער איינער פאַר אַ באַשטימטן עקספּאָרט־הויז. אין ענטרע־ריאָס האָבן געאַרבעט פיר עקספּאָרט־הייזער: בונכע באָרן און בראַוס־מאַן אין אורוגוויי, דרייפוס און אוניוואָרמסער אין פּאַראַנאַ. אַ פּאָר מאָנאַטן פאַר דער קאָסעטשע פלעגן קאָלאָניסטן זיך נעמען גרייטן: פאַרריכטן די שניידמאַשינען, צוגרייטן בינד־פּאָדעם אויף צו בינדן די סנאָפּעס, ליידיקע זעק צום דרעשען, ווי אויך מזומן געלט אויף צו באַצאָלן די געדונגענע אַרבעטער. דאָס אַלץ פלעגט מען באַקומען ביי די לאָקאַלע סוחרים אויף באָרג, ביז נאָכן דרעשען. דאָס דרעשען האָט זיך פאַרצויגן 3־4, און אין אַ נאַסן יאָר, מער חדשים. דער שטייגער איז געווען, אַז אַ גרופּע שכנים פלעגן דינגען אַ דרעשמאַשין. נאַטירלעך, פלעגט יעדער קאָלאָניסט וועלן דרעשען וואָס פריער; עס פלעגן פאָרקומען שטאַרקע דיסקוסיעס, אָבער שטענדיק האָט זיך עס געענדיקט מיט וואַרפן גורל, און דערביי פלעגט זיין אַ דזשענטלמענישער אָפּמאַך, אַז דעם קומענדיקן יאָר וועט דער לעצטער דאַרפן זיין דער ערשטער. אָבער נישט אַלע מאָל האָט מען געוואָלט געדענקען דעם אָפּמאַך, ווייל אַלע יאָר זענען די בעלי־בתים פון די דרעש־מאַשינען געווען אַנדערע און דער פאַראַיאָריקער ערשטער, וואָס האָט אויפן צווייטן יאָר געדאַרפט זיין דער לעצטער, האָט געזוכט אַנדערע קאָמבינאַציעס.

די סוחרים, ביים אַרויסגעבן די אויבן דערמאָנטע זאַכן אויף באָרג, האָבן זיך באַוואָרנט מיט אַ קאָנטראַקט אויף אַ געוויסער צאָל פאַנעגאַס ווייץ און ליאַן מיט אַ באַשטימטן פּרייז. ווען ביים ברענגען די תבואה זענען די פּרייזן געווען העכערע, האָט דער קאָלאָניסט גאָר נישט געהאַט פון דעם; ווען די פּרייזן זענען געפאַלן, האָט דער סוחר אָפּגעפונען די דיפערענץ ביי דער וואָג. דער פאַרקויף פלעגט זיין מיט אַ באַזע: ווייץ — 78% און ליאַן — 4%. די באַשטימער פון די פּרייזן זענען געווען די לאָקאַלע סוחרים. די קאָלאָניסטן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט פון אַ בירזשע, פון רעגלאַמענטן און זיי זענען געווען אונטערגעוואָרפן צו דעם וואָס די סוחרים האָבן געזאָגט, און מען האָט זיי געמוזט גלויבן. די סוחרים האָבן געקענט די קונסט פון אונטערשמייכ־

לען דעם קאָלאָניסט, ווען עס האָט אים געלוינט. און יעדער קאָלאָניסט האָט געהאַט זיין סוחר און אים האָט ער געגלייבט.

דער קאָלאָניסט וואָס איז געווען געבונדן מיט אַ קאָנטראַקט, פלעגט אַריינפירן זיין תבואה צום סוחר און דער סוחר האָט אים געמאַכט אַ רעכע־נונג לויט זיין קריטעריע. און ווען אַ קאָלאָניסט וואָס איז נישט געווען פאַר־בונדן מיט אַ קאָנטראַקט איז אַריינגעפאָרן אין שטעטל מיט אַ וואָגן ווייץ, צי ליאָן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ טיר פון אַ סוחר און יענער פלעגט אַרויסקומען מיט אַ שטעכער און אַ שיסעלע, אָנגעשטאָכן עטלעכע זעקלעך, געגעבן אַ שמעק, אַ לעק און אַ מאָל אויך אַ קרים מיט דער נאָז און האָט באַ־שטימט דעם פּרייז. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אָנגעבאָטן דעם „העכסטן" פּרייז, ווי אַן אויסנאַם נאָר פאַר אים. ווי געזאָגט: עס איז נישט געווען קיין קאָנטראָל. עס זענען געווען יאָרן, ווען די סוחרים האָבן געמאַכט צווישן זיך אַ געהיימען אָפּמאַך, כדי זיי זאָלן נישט קענען קאָנקורירן צווישן זיך. יעדער סוחר האָט געהאַט זיין טאָג אין וועלכן ער האָט געדאַרפט קויפן, אַלע אַנדערע פלעגן אָנבאָטן ביליקערע פּרייזן. דאָס האָבן מיר זיך דערוווסט שפּעטער דורך אַ צופאַל. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן עקספּלואַטאַציע עס איז דע־מאָלט אָנגעגאַנגען. נאָך דעם ווי מען האָט אָפּגעוואויגן די תבואה, פלעגט דער סוחר געבן דעם קאָלאָניסט אַ קבלה אויף דער צאָל קילאָס וואָס איז געווען. עס דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד:

דוד אפרון, פון „באַראָן הירש", איז געקומען מיט צוויי וועגענער ווייץ. נאָך דעם ווי דער קויפער האָט אָפּגעוואויגן און דערלאַנגט אַ קבלה, האָט אים אפרון געפרעגט, ווען ער זאָל אַריינגיין צו אים אין קלייט קויפן סחורה פאַר עטלעכע הונדערט פעזעס און אים לאָזן אַ קבלה, נישט פרעגנדיק פּריזער, צי ער וויל געטרויען דעם קרעדיט, וואָס וואָלט ער געזאָגט? „פון וואַנען האָט איר זיך גענומען דאָס רעכט צו נעמען מיין תבואה און מיר דערלאַנגען אַ שטיקל פּאַפּיר, נישט פרעגנדיק צי איך וויל אייך געטרויען?".

אויסער דעם, יעדער יאָר פאַר קאָסעטשע, פלעגן די סוחרים פאָרן צו גאַסט צו די קאָלאָניסטן און ביים טרינקען אַ מאַטע האָט דער סוחר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז דער בעסטער און ראַיעלסטער אויפקויפער, און צו־ליב גוטפריינטשאַפט זאָל ער אים פאַרקויפן אַ געוויסע צאָל פאַנעגאָס, ער וועט אים געבן די בעסטע קאָנדיציעס. און קאָלאָניסטן האָבן אונטערגעשריבן קאָנטראַקטן, גלויבנדיק צי נישט גלויבנדיק דעם סוחר, נאָר אַז ער איז שוין געקומען — קען מען אים נישט אָפּזאָגן. די סוחרים, פון זייער זייט, אויף צו באַקומען געלט, פלעגן פאַרקויפן נאָך פאַר דער קאָסעטשע אַ געוויסע צאָל פאַנעגאָס מיט אַ באַשטימטן פּרייז צו די עקספּאָרטיר־הייזער.

# לערנען פון די טעותים

אין יאָר 1908/9, ווען פאַנדאָ קאָמונאַל האָט באַשלאָסן זיך צו באַשעפ־טיקן מיטן פאַרקויף פון תבואה, האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי פאַרקויפן פון פאָרויס אַ באַשטימטע צאָל תבואה נאָך איידער מען הייבט אָן שניידן. אין אַנדערע ווערטער: מען האָט פאַרקויפט אַ זאַך וואָס האָט נאָך נישט עקסיסטירט און מען איז נישט געווען זיכער צי זי וועט זיין, ווייל ביי אַגריקולטור איז מען נישט זיכער ביז מען האָט נישט די תבואה אין זאַק. מיר האָבן געזען ווי ביים לעצטן מאָמענט פאַלן אויס גרויסע רעגנס און פאַרניכטן די גאַנצע גערעטעניש. ליאָן שטייט אין ריזיקע ביז צום לעצטן מאָמענט אויך צוליב דעם קליינעם היישעריק, וואָס האַקט אָפּ די קעפּלעך. נאָר, ווי געזאָגט, — דאָס איז געווען דער אָנגענומענער סיסטעם אין לאַנד און מיר זענען אויך אַריין אין קאָן.

ווען מיר האָבן געגעבן צו וויסן די מיטגלידער וועגן דעם באַשלוס פון דירעקטיוון ראַט, האָבן אַ טייל געצווייפלט, צי מיר זענען פעיִק אָנצופירן מיט דעם דאָזיקן אָפּטייל. עס האָט נישט געפעלט קיין קעגן־פראָפּאַגאַנדע. אַ טייל האָט פאַרצייכנט נאָר אַ געוויסן פראָצענט פון דעם דערוואַרטן פראָדוקט צו פאַרקויפן דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. קיין אונטערגע־שריבענע פאַרפליכטונגען האָט מען נישט געפאָדערט ביי קיינעם. סאַכאַראָוו האָט געזאָגט, אַז דעם מיטגליד דאַרף מען דערציִען, אַז ער זאָל רעספּעקטירן זיין וואָרט. פאַנדאָ קאָמונאַל האָט מיטגעטיילט אַלע עקספּאָרט־הייזער פון ענטרע־ריִאָס, אַז מיר באָטן אָן צו פאַרקויפן 25 טויזנט פאַנעגאָס ווייץ. צו יענער צייט איז עס געווען אַ זייער אינטערעסאַנטע געשעפטלעכע אָפּעראַ־ציע. די פאַרוואַלטערס פון די 4 עקספּאָרט־הייזער זענען געקומען פערזענ־לעך קיין דאָמינגעס. צווישן זיי איז פאָרגעקומען אַ קאָנקורענץ. פאַרנאַכט האָבן זיך צוריקגעצויגן די דירעקטאָרן פון דרייפוס, אוניווערסטעטער פון פאַ־ריאַנאַ און בונכע באָרן פון אורוגוויי. עס איז געבליבן נאָר דער פון דער הויז בראַוסמאַן. און שפּעט אין אָוונט איז דאָס געשעפט געשלאָסן געוואָרן מיט אַ גלענצנדיקן רעזולטאַט. מיר זענען געווען בכוח צו צאָלן דעם קאָלאָניסט מיט זעכציק סענט מער פאַר יעדע הונדערט קילאָ ווייץ, אין פאַרגלייך מיטן פרייז וואָס די לאָקאַלע סוחרים האָבן געצאָלט ביז יענעם טאָג. דאָס האָט געמאַכט אַ רושם אין קאָלאָניע. די יעניקע וואָס האָבן זיך פאַרצייכנט צו ברענגען נאָר

אַ טייל פון דער קאָסטשע אין קאָאָפּעראַטיוו, האָבן זיך נאָך דעם מתחייב געווען צו ברענגען זייער גאַנצע תבואה; אַזעלכע וואָס האָבן פריער פאַר־קויפט די קאָמערציאַנטן, האָבן געוואָלט אַנולירן זייער פריערדיקן אָפּמאַך, ווייל מען האָט זיי אָפּגענאַרט. ביי אַ פּרייז פון זעקס פּעזאָס, וואָס די סוחרים האָבן געצאָלט, איז זעכציק סענט ווירקלעך געווען אַ גרויסער שאָדן. אָבער מיר האָבן זיי קאַטעגאָריש געזאָגט אַז „האַלטן וואָרט און נישט פאַרלעצן אַן אונטערשריפט איז אַן ערן־חוב פאַר יעדן אָרנטלעכן מענטש, און פאָנדאָ קאָ־מונאַל וועט פאַר קיין פאַל נישט פּראָטעזשירן זאַכן וואָס זענען קעגן דעם דאָ־זיקן עלעמענטאַרן פּרינציפּ". דער ענטוזיאַזם צווישן דער מיטגלידערשאַפט איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. אָבער די צייט האָט אונדז געלערנט, אַז צו דעם ענטוזיאַזם מוז מען אויך זיין רעאַליסטיש.

נישט זייענדיק באַקאַנט אין דעם מסחר פון תבואה, האָב איך דעם ערשטן יאָר זיך נישט באַטייליקט אין דער געשעפטלעכער טייל. ע ס איז מיר געווען אין גאַנצן פרעמד די פּראָצעדור פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג, אָבער איך האָב זייער פיל געלערנט, איבערהויפּט האָב איך זיך איבערצייגט אין אַ קאַרדינאַלן ענין:

אַז דער סיסטעם פון פאַרקויף, פאַרפליכטנדיק זיך מיט די עקספּאָרט־הייזער פאַר אַ באַשטימטן צאָל פאַנעגאַס און אַ באַשטימטן פּרייז, איז צו ריזיקאַ־ליש; ערשטנס, דערפאַר וואָס מען איז קיין מאָל נישט זיכער מיטן רעזולטאַט פון דער קאָסטשע ביז מען דרעשט עס אויס; צווייטנס, זענען די פּרייזן נישט געווען קיין שטאַנדהאַפטיקע — פּרייזן בייטן זיך יעדן טאָג און אַפילו יעדע שעה, און די פּראַקטיק האָט אונדז געלערנט, אַז מען טאָר זיך נישט שטיצן אויף דער באַ־ווסטזיניקייט פון די מיטגלידער. ווען דער קאָאָפּעראַטיוו האָט ביים ערשטן פאַרקויף באַקומען 60 סענט מערער, האָבן זיי פאַרצייכנט דעם גאַנצן פּראָדוקט אַריינצופירן אין פאָנדאָ קאָמונאַל, נאָר ווען די פּרייזן האָבן גענומען שטייגן, האָט אַ היפּשער טייל פאַרגעסן זיין מאָראַלישע התחייבות און פאַרקויפט זייער תבואה צו די סוחרים, לאָזנדיק דעם קאָאָפּעראַטיוו אין אַ זייער אומ־אָנגענעמער לאַגע מאָראַליש און מאַטעריעל. מיר האָבן נישט געקענט נאָכקומען מיט אונדזערע קאָנטראַקטן מיט די עקספּאָרט־הייזער און מיר האָבן געמוזט צאָלן העכער אַכט טויזנט פּעזאָס דיפערענץ.

אפשר זענען די מיטגלידער אַזוי פיל נישט שולדיק אין דעם וואָס זיי האָבן נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון: דער גייסט פון סאָלידאַריטעט, פון אַחריות פאַר דער אייגענער אינסטיטוציע איז נאָך נישט געווען גענוג אַריינ־געדרונגען אין זייערע מוחות. מען קען נישט פלוצלינג איבערבייטן די מענ־טאַליטעט ביי מענטשן וואָס זענען דורות־לאַנג געווען דערצויגן אין אַ קרע־

מערשער אַטמאָספער, ווו דאָס וואָרט „סוחר" איז געווען אַ יחוס־טיטל. מיר פלעגן הערן, ווי קאָלאָניסטן האָבן שטאָלצירט מיט דעם, וואָס אין רוסלאַנד איז ער געווען אַ סוחר, אַ קאָמיסיאָנער, אַ שניט־קרעמער אאַז"וו. און אין די אָנדערהאַלבן צענדליק יאָר פון אונדזער זיין אין דער קאָלאָניע ביי דער נאָכבעלער ערדאַרבעט, האָט מען זיך צוגעוווינט צו לעבן אונטער דער אַפּוטרופּסות פונעם יי־קאַ־אַדמיניסטראַטאָר. וועגן פּריוואַטע, שכנישע, פּאָליצייאישע, געזעלשאַפטלעכע, פאַמיליערע ענינים איז מען געגאַנגען צום אַדמיניסטראַטאָר און מען איז שוין געווען אָפּגעוווינט פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג.

טעותים ווערן געמאַכט, טראָץ די בעסטע כוונות; זיי זענען כמעט אומפאַרמיידלעך. מיר האָבן געמאַכט אַ טעות און עס האָט אונדז געקאָסט געננג רבי־געלט. מיר האָבן זיך געשטעלט די פראַגע: צי וועלן די מיטגלידער ברענגען זייער תבואה אין קאָאָפּעראַטיוו דעם קומענדיקן יאָר, נאָך דעם ווי די גוטע מיטגלידער האָבן געדאַרפט באַצאָלן דעם שאָדן פון 8.000 פעזעס וואָס עס האָבן פאַראורזאַכט די נישט־טרייע מיטגלידער?

אויך ביי דער פאַרוואַלטונג האָט מען דיסקוטירט דעם ענין. עס זענען געווען מיינונגען, מען זאָל אין גאַנצן אָפּלאָזן דעם פאַרקויף פון תבואה, ווייל די מיטגלידער וועלן אונדז מער נישט געטרויען זייער האַרעוואַניע פון אַ גאַנץ יאָר. אָבער מערקווירדיק: דווקא די מיטגלידער וואָס האָבן געליטן דעם שאָדן האָבן געפאָדערט, אַז דער „תבואה־אָפּטייל" זאָל עקסיסטירן. די שולד פון דורכפאַל איז דאָך נישט געווען מחמת דער שלעכטער פירערשאַפט, פאַרקערט, די פירערס האָבן באַוויזן אַז זיי קענען גוט פאַרקויפן, נאָר דער שאָדן האָט זיך גענומען פון די אומפאַראַנטוואָרטלעכע מיטגלידער, — דאַרף מען אויף ווייטער באַוואָרענען, אַז דאָס זאָל מער נישט פאָרקומען.

נאָך אַ סך דיסקוסיעס איז מען געקומען צום שלוס וועגן דער עקסיסטענץ פון דעם תבואה־אָפּטייל אויף שטענדיק, לויט אָט־די תנאים:

א.— יעדער מיטגליד וואָס וויל אַריינפירן זיין פּראָדוקט אין קאָאָפּעראַטיוו, דאַרף אונטערשרייבן אַ קאָנטראַקט וועגן דעם סכום תבואה וואָס ער איז זיך מתחייב צו ברענגען;

ב.— געבן דעם מיטגליד דאָס רעכט צו פאַרקויפן זיין ווייץ און ליאָן אין דעם טאָג וואָס ער וועט באַפולמעכטיקן, דאָס הייסט, אָנשטאָט צו מאַכן איין דורכשניטלעכן פּרייז, זאָל יעדערער קענען באַקומען דעם פּרייז פון טאָג וואָס אים געפעלט. (עס איז נאַטירלעך, נישט געווען אין הסכם מיט אונדזער ווונטש, אָבער מיר האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו די אומשטענדן);

ג.— די מיטגלידער וואָס ווינטשן עס, זאָלן קענען אָנהאַלטן דעם סיסטעם פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרקויף.

דער דאָזיקער רעגלאַמענט איז אָנגעהאַלטן געוואָרן עטלעכע יאָר. אָבער ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר נישט צופֿרידנשטעלנדיק, דערפֿאַר וואָס די אינדיווידואַליסטן, „די חכמים”, האָבן שפּעקולירט אויפֿן חשבון פֿון די מיט־גלידער־קאָאָפּעראַטיוויסטן. למשל, פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט פֿאַרקויפֿט די תבואה פֿון די קאָאָפּעראַטיוויסטן, טיילווייז, אין פֿאַרשידענע טעג, אין פֿאַרלויף פֿון די מאָנאַטן יאַנואַר און פֿעברואַר, און אין מערץ זענען די פּרייזן געפֿאַלן; האָבן די אינדיווידואַליסטן, וואָס האָבן נאָך נישט פֿאַרקויפֿט זייער תבואה, אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע קאָאָפּעראַטיוויסטן, צום שאָדן פֿון די לעצטע. ווען די פּרייזן זענען געשטיגן, האָבן זיך אָפּגעזונדערט „גוטע” קאָאָפּעראַטיוויסטן און געוואָלט ווערן אינדיווידואַליסטן.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ קאָנקרעטער פֿאַל: דער קאָלאָניסט ש. ז. האָט זיך פֿאַרצייכנט אין דער גרופּע קאָאָפּעראַטיוויסטן, נאָר זיין ווייץ איז געווען זייער אַ מאָגערער און האָט נישט געקענט אַריינגענומען ווערן אין דעם אַלגעמיינעם ווייץ. מיר האָבן אים אָוועקגעלייגט באַזונדער און צום סוף האָבן מיר אים פֿאַרקויפֿט באַזונדער. גראָד האָט זיך געמאַכט אַז שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג האָט זיך דער פּרייז פֿון ווייץ געבעסערט. איז געקומען ש. ז. מיט אַ פּראָטעסט: זיין ווייץ איז געלעגן באַזונדער, איז נישט אַריין אין אַלגעמיינעם סטאָק, האָבן מיר נישט געהאַט דאָס רעכט צו פֿאַרקויפֿן אָן זיין גוטהייסונג, אַזוי אַז ער באַטראַכט זיין ווייץ פֿאַר נישט פֿאַרקויפֿט. נו, זענען אַריבער נאָך אַ פּאָר טעג און די פּרייזן זענען שטאַרק געפֿאַלן, האָבן מיר אים געשיקט רופֿן און געפֿרעגט, וואָס זאָגט ער איצט? ער האָט זיך אַ ביסל פֿאַררויטלט און געזאָגט: „נו, מילא, איר האָט דאָך שוין פֿאַרקויפֿט, זאָל זיין פֿאַרקויפֿט”.

יעדער יאָר האָט אונדז געגעבן נייע פּראַקטיק. די פּראַקטיק האָט באַוויזן אַז דער דורכשניטלעכער פּרייז וואָס עס האָבן באַקומען די קאָאָפּעראַטיוויסטן איז שטענדיק געווען העכער, ווי דער פֿון די אינדיווידואַליסטן. איך וועל ברענגען אַ פּאָר ביישפּילן:

א. ג., אַן אינדיווידואַליסט, האָט ביים ענדיקן דרעשן געקענט באַקומען פֿאַר זיין ליאָן 18 פּעזעס פֿאַר די 100 קילאָ. האָט ער אָבער געוואַרט אויף בעסערע פּרייזן און ער האָט זיך דערוואַרט ביז ער האָט פֿאַרקויפֿט פֿאַר 12 פּעזעס די 100 קילאָ. נאָך דער דאָזיקער לעקציע, זאָגט ער מיר: „פֿון היינט אויף ווייטער וועל איך מער נישט ספּעקולירן, — אויסגעדראָשן און פֿאַרקויפֿט!”. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. אויפֿן צווייטן יאָר האָט ער נישט געוואַרט און פֿאַרקויפֿט באַלד נאָכן דרעשן. נאָך דעם זענען די פּרייזן געשטיגן מיט אַכט פּעזעס...

# אונטערהאַנדלונגען מיטן דריטן צד

אויסער די אינערלעכע שוועריקייטן מצד די מיטגלידער און די פירערס, האָבן מיר געדאַרפט זוכן לייזונגען צו אויסערלעכע און מער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען מיט אַ דריטן צד — מיט די גרויסע עקספּאָרט־הייזער וואָס האָבן באַהערשט דעם תבואה־מאַרק לויט זייער געשמאַק.

אין יענע יאָרן האָט מען נאָך נישט געוווסט פון קיין באַנק־קרעדיט. די הוצאות פאַר אַראָפּנעמען די קאָסטטשע זענען געווען באַדייטנדיקע; קיין אָפּגעשפּאָרט געלט איז כמעט נישט געווען ביי קיינעם, — האָט מען געמוזט אָנקומען צו די עקספּאָרט־הייזער נאָך קרעדיט. זיי האָבן דעם קרעדיט גערן געגעבן, אָבער מיט איין תנאי, — זיי האָבן געפאָדערט מען זאָל זיך פאַרפליכטן זיי צו פאַרקויפן אַ געוויסע צאָל פאַנעגאַס ווייץ אָדער ליאָן נאָך איידער מען האָט אָנגעהויבן שניידן, מיט אַ באַשטימטן פּרייז. זיי האָבן אַרויסגעגעבן פאָרויס צוויי פּעזעס אויף יעדע הונדערט קילאָ.

דער דאָזיקער סיסטעם האָט געהאַט אָט־די מינוסן: 1) מען איז געווען פאַרקויפט צו איין פירמע, ווען אַנדערע עקספּאָרט־הייזער און אַפילו די זעלביקע פירמע האָט געצאָלט העכערע פּרייזן. אין דער צייט פון סעזאָן האָט דער פריערדיקער פאַרקויפער נישט געקענט געניסן פון דעם; 2) ווען די פּרייזן זענען געפאַלן, האָבן זיי געמאַכט אַלערליי שוועריקייטן ביים אויפנעמען די תבואה, ביים קוואַליפיצירן, אַנאַליזירן וכו׳. זיי האָבן זייערס אָפּגעזוכט.

די פּריוואַטע לאָקאַלע סוחרים האָבן זיך נישט אינטערעסירט מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען, מחמת אַלץ איז דאָך געווען אויפן חשבון פון קאָלאָניסט; ער באַקומט ווייניקער — צאָלט ער דעם קאָלאָניסט ווייניקער. אָבער אונדז האָט עס נישט געלאָזט רוען. נאָך פיל שמועסן און באַטראַכטונגען, האָבן מיר זיך דערטראַכט פאַרצולייגן דעם פאַרקויף אין אָט־דער פאָרעם: מיר פאַרפליכטן זיך מיט אַ קאָנטראַקט אויף אַ צאָל פאַנעגאַס, נאָר די פּרייזן וועלן מיר באַשטימען טיילווייז. אין די טעג וואָס מיר וועלן אָרדענען, אויב מיר פאַרקויפן, למשל, טויזנט טאָן ווייץ, וואָס מיר דאַרפן צושטעלן ביז אַ געוויסן טערמין, וועלן מיר באַשטימען די פּרייזן אין די טעג וואָס מיר וועלן זיי אָנווייזן טעלעגראַפיש, נישט אין גאַנצן פאַר איין מאָל, נאָר אין קלענערע סכומים, קיין מאָל נישט ווייניקער פון 20 טאָן, ד״ה אין 5 מאָל, אַזוי אַרום וועלן מיר געניסן פון אַלע העכערונגען פון די פּרייזן, אָדער ליידן פון דעם פאַלן פון די

פּרייזן, אָבער מיר װעלן װיסן אַז מיר זענען די בעלי־בתּים איבער דעם פּראָדוקט.

װען מיר זענען געקומען דאָס ערשטע מאָל צו בונכע־באָרן אין אורוגװײ,* און אים פאָרגעלייגט די קאָמבינאַציע, האָט ער אונדז אָנגעקוקט װי נאַיװע ייִנגלעך. ער האָט אונדז געגעבן אַ לעקציע, אַז װען מען קומט פאָרלייגן אַ געשעפט, דאַרף מען אויסרעכענען עס זאָל לױנען ביידע צדדים; אָבער אונ־דזער פּראָיעקט לױנט נישט פאַר זיי. ערשטנס, װייל בונכע־באָרן פאַרקױפט אויך אויף באַשטימטע פּרייזן; צװייטנס, פאַר װאָס זאָלן מיר ספּעקולירן מיט זייער געלט?

דער פאַרװאַלטער פון בונכע־באָרן איז דעמאָלט געװען ה׳ אברהם מאַ־גאַזאַניק, אַן אַלטער געניטער תבואה־מאַן, מיט אַלע קונציקע דריידלעך און כיטרעקייט װאָס דער דאָזיקער קלאַס סוחרים האָט; דערצו האָט ער זיך גע־האַלטן פאַר זייער אַ קלוגן מענטש. זיין לעקציע האָט אונדז נישט איבערגע־ראַשט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קען אים נישט װי אַזעלכן, װאָס װען ער מאַכט אַ געשעפט זאָל ער טראַכטן צי עס לױנט דעם צװייטן צד; און װאָס איז װערט דאָס, װאָס מיר פאַרזיכערן אים מיט אַ װיכטיקער צאָל פאַנעגאַס װייץ און ליאָן? דאָס איינציקע װאָס ער האָט מיר אויף דעם געענטפערט איז געװען: —„ליטװאַק!“.

מאַגאַזאַניק האָט אָנגעפרעגט אין דער צענטראַלע פון בוענאָס־איירעס, און זיי זענען געװען מסכּים, זיי האָבן אָנגענומען אונדזערע קאָנדיציעס, װאָס האָבן באַקומען דעם נאָמען „אַ פּיכאַר פּרעסיאָ“.** נאָך דעם האָט דער דאָ־זיקער סיסטעם פון פאַרקויף אַ פּיכאַר פּרעסיאָ זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ ענטרע־ריאָס און אויך אין די אַנדערע פּראָװינצן. אין אַ באַריכט װאָס די „נאַציאָנאַלע תבואה און עלעװאַטאָרן־קאָמיסיע“ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1941, װערט דאָרט געזאָגט, אַז די „קאָלאָניאַס רוסאַס“*** פון באַראָן הירש זענען געװען די יעניקע, װאָס האָבן איינגעפירט דעם סיסטעם פון אַ פּיכאַר פּרעסיאָ, װאָס איז נאָך דעם פאַראַלגעמיינערט געװאָרן איבערן גאַנצן לאַנד.

בשעתו האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. אָבער די צייט האָט באַװיזן, אַז דער סיסטעם שטעלט אויך נישט צופרידן. ערשטנס, װייל מען װערט פאַרבונדן מיט איין באַשטימטער פירמע און מען מוז זיך האַלטן ביי די פּרייזן פון דער איינציקער פירמע; צװייטנס, פלעגן אַלע קאָנטראַקטן זיך

* קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגװײ — אַ שטאָט אין ענטרע־ריאָס.

** באַשטימען דעם פּרייז.

*** געמיינט ייִדישע קאָלאָניעס.

ענדיקן כמעט אין זעלביקן טערמין. פונקט אין יענער דאַטע פלעגן פאַלן די פרייזן... האָט מען זיך געדאַרפט קליגלען און זוכן אַנדערע מיטלען, ווי בעסער צו פאַרטיידיקן די קאָלאָניסטישע אינטערעסן.

דאָס פּראָבלעם איז באַשטאַנען אין קרעדיט. מען פאַרקויפט זיך צו די עקספּאָרט־הייזער, ווייל מען מוז צוגרייטן געלט פאַר הוצאות וואָס עס פאָדערט דאָס אַראָפּנעמען די גערעטעניש; דאַרף מען זוכן אַנדערע אופנים ווי צו באַקומען קרעדיט. ריידנדיק מיטן פאַרוואַלטער פון דער פיליע פון ווי־זשאַגוויי פון דער מלוכה־באַנק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז לויט די רעגלאַמענטן פון באַנק קאָנען זיי נישט געבן קיין קרעדיט צו אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעל־שאַפט. זייענדיק אין בוענאָס־איירעס, אין יאָר 1915, וועגן ענינים פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, האָב איך געבעטן דעם ה׳ פּאַוולאָווסקי, געוועזענער פאַרקער־שעף פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס (איך האָב אים געקענט, ווייל ער איז געקומען אַ פּאָר מאָל צו גאַסט צו ד״ר ירחי און האָב זיך דאָרטן געטראָפן מיט אים), ער זאָל מיך פאָרשטעלן אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן. דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז קאָאָפּעראַטיוועס קענען טאַקע געניסן פון קרעדיט, נאָר מען דאַרף אַריינשטעלן אַ פונקט אין די סטאַטוטן, אַז דער דירעקטיווער ראַט איז באַפולמעכטיקט צו מאַכן הלוואות אין די בענק. מיר זענען נאָכגעקומען דעם פונקט. דאָס האָט אונדז טיילוויז באַפרייט פון פאַרקויפן זיך בלינדערהייט צו אַן עקספּאָרט־הויז. איך זאָג „בלינדערהייט״, ווייל דער ערשטער פאַרקויף איז שטענדיק געווען, ווען די זאַנגען זענען נאָך געשטאַנען אויפן פעלד, אונטערגעוואָרפן אונטער פאַרשיידענע ריזיקעס.

ווי געזאָגט, — די צייט לערנט. עס איז געוואָרן בעסער, אָבער נישט גוט. דער קרעדיט אין באַנק האָט אונדז נישט באַפרידיקט, מחמת דעם קרעדיט האָט באַקומען דער קאָאָפּעראַטיוו און האָט אים אויף זיין חשבון געדאַרפט אויסטיילן צווישן די מיטגלידער, — איז דאָס געווען אַ נייע ריזיקע פאַר פּאַנדאָ קאָמונאַל, צוליב דער זעלביקער סיבה: וואָס וועלן מיר טאָן, ווען די קאָסטעטשע וועט אין לעצטן מאָמענט דורכפאַלן? אַגב, זענען געווען אַזעלכע מיטגלידער וואָס זענען געווען די ערשטע צו נעמען קרעדיט און די לעצטע צו באַצאָלן. זיי האָבן געוווסט אַז דער קאָאָפּעראַטיוו דאַרף זיי העלפן; זיי האָבן אָבער נישט פאַרשטאַנען אַז מיט נישט־באַצאָלן דעם חוב דער אינסטיטוציע פאַרשפאַרן זיי דעם וועג, אַז זיי זאָלן קענען געהאָלפן ווערן מיט דעם אומבאַשטרייטלעכן מיטל פון אויפריכטיקער קאָאָפּעראַציע און קעגנזייטיקער מיט־אַרבעט. מיר האָבן זיך משתדל געווען אין באַנק, אַז די קרעדיטן אויף אַראָפּצונעמען די קאָסטעטשע זאָל געגעבן ווערן דירעקט דעם קאָלאָניסט. אין יאָר 1917/18 איז עס געוואָרן אַ פאַקט.

דער צוטרוי פון דער מלוכה־באַנק צו פאָנדאָ קאָמונאַל איז געווען אַזעל־כער, אַז אַלע דאָקומענטן, ביטעס, וועקסלען זענען אויסעפילט געוואָרן אין אונדזער ביוראָ; אויך די סומעס וואָס יעדערער זאָל באַקומען האָבן מיר אָנ־געוויזן, און די באַנק האָט עס אָנגענומען. אויך דאָס איינקאַסירן דעם קרעדיט איז געמאַכט געוואָרן אין אונדזער ביוראָ. דאָס האָט איינגעשפּאָרט צייט די מיט־גלידער, זיי זאָלן נישט דאַרפן פאָרן קיין וויזשאַגווי. מיר האָבן אויך איינגע־שפּאָרט אַרבעט דער באַנק, פון וואָס זיי זענען געווען זייער צופרידן.

דער פאַרדינסט פון פאָנדאָ קאָמונאַל באַשטייט אין דעם, אַז אַלץ וואָס מיר האָבן געפּועלט פאַר זיך, האָבן פון דעם גענאָסן אַלע קאָאָפּעראַטיוועס פון גאַנצן לאַנד, אַלע קאָלאָניסטן און אַפילו אויך סוחרים. נישט לייכט זענען אונדז אָנגעקומען די אַלע דערגרייכונגען. אָבער מיין סאַטיספאַקציע איז געווען גרויס ביי יעדן מאָל וואָס מיר האָבן דערגרייכט אַ פאַרגרינגערונג לטובת די אינטערעסן פון דער קאָלאָניזאַציע און קאָאָפּעראַציע.

*****

איך מוז אָנערקענען, אַז די שוועריקייטן וואָס מיר האָבן געהאַט זענען געווען גינציק פאַרן קאָאָפּעראַטיוויזם, ווייל מיט דעם ביסל פּראַקטיק וואָס מיר האָבן געהאַט, מיט די ווייניק דערפאַרונג אויפן קאָאָפּעראַטיוויסטישן גע־ביט בכלל אין לאַנד, צו דעם — דאָס פעלן פון באַוווסטזיניקייט ביי דער מיט־גלידערשאַפט, וואָלטן מיר אפשר אַראָפּגעפירט געוואָרן פון וועג, ווען די באַנק וואָלט אונדז באַוויליקט קרעדיטן באַלד אין די ערשטע יאָרן. דער קרע־דיט וואָס די ייִקאַ האָט אונדז באַוויליקט, ווי אויך דער קרעדיט פון וועלכן מיר האָבן גענאָסן אין די גרויסע קאָמערץ־הייזער, האָט אונדז פאַרשאַפט זייער אַ סך שלאָפלאָזע נעכט, — צוליבן פעלן פון פּראַקטיק.

# בייטש - קאָאָפּעראַטיוויסטן

איצט, ווען דער קאָאָפּעראַטיוויזם איז שוין אַנערקענט געוואָרן ווי אַן עקאָנאָמישע קראַפט, ווערט עס זיכער קלינגען ווי אַ וויץ. וואָס איז עס אַזוינס „בייטש־קאָאָפּעראַטיוויסטן“? ליידער איז עס געווען אַ פאַקט. איך וועל דאָס דערקלערן

כמעט אַלע זענען שוין געווען איבערצייגט, אַז דער קאָאָפּעראַטיוויזם פאַר־טיידיקט די אינטערעסן פון די מיטגלידער און אַז די פאַרמיטלערס פירן אַן אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן דעם קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער שטערט זייערע איב־טערעסן: פאַנדאַ קאָמונאַל האָט אויסגעאיבט אַ קאָנטראָל אויף די פרייזן און אויף אַלע אַנדערע קאָנדיציעס ביים קויף און פאַרקויף און די תבואה־הענד־לער האָבן געמוזט אָנהאַלטן די מקחים וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו האָט באַ־שטימט. כדי דאָס צו באַקעמפן, פלעגן זיי אָנווענדן סוחרישע דריידלעך, צ״ב, פאַרקויפן איין אַרטיקל ביליקער און אָפּזוכן די דיפערענץ ביי אַ צווייטן אַר־טיקל נאָך מיט אַן עודף. זענען געווען מיטגלידער, צווישן זיי אויך ראַטמענער, וואָס האָבן זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענטקע. זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו איז אַ גוטע בייטש פאַר די פאַרמיטלערס, זיי זאָלן נישט אָפּנאַרן און נישט עקספּלואַטירן, די קאָאָפּעראַטיווע הויפּט־אויפגאַבע איז דאָך אַז מיר זאָלן באַקומען די העכסטע פרייזן פאַר אונדזער פּראָדוקט, איז טאַקע אַ דאַנק דעם פאַנדאַ קאָמונאַל צאָלן אונדז די סוחרים מיט עטלעכע סענט מער דאָס איז די בייטש — דער קאָאָפּעראַטיוויזם. זיי האָבן נישט גענומען אין אַכט, אַז זיי ווערן אויסגענוצט ווי אַ רעקלאַמע אַראָפּצופירן פון וועג די אַנ־דערע מיטגלידער, ווייל געווינטלעך פלעגן געניסן פון דעם די „שיינע בעלי־בתים“ און ראַטמענער. אויף זיי קוקנדיק האָבן זיך נאָכגעשלעפּט אַנדערע, וואָס האָבן באַצאָלט מיט פּראָצענט די „געווינסן“ פון די אַזוי גערופענע „חכמים“.

מיר האָבן געהאַט צו קעמפן קעגן דער דאָזיקער קרעמערשער פּיפּיקייט — קעגן די בייטש־קאָאָפּעראַטיוויסטן; צו מאַכן זיך אומאָפּהענגיק פון די עקס־פּאָרט־הייזער דורך באַקומען פינאַנסיעלע מיטלען אין אַנדערע אינסטיטו־ציעס; געווינען דעם צוטרוי פון די אימפּאָרט־הייזער. און מיט צופרידנקייט קענען מיר באַשטעטיקן, אַז מיר האָבן די אַלע שוועריקייטן באַזיגט מיט דערפאָלג. דער ווירקזאַמסטער מיטל וואָס מיר האָבן באַנוצט איז געווען אונ־

דזוער האַלטן זיך פעסט ביי אַן אָנגעצייכנטער ליניע פון ערשטגראַדיקער מאָ־ראַלישער דערציִונג. טראָץ אַלע אינטריגעס און פאַרלוימדונגען האָבן מיר קיין מאָל נישט פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט. עס זענען געווען אַזעלכע גוטע פריינט, וואָס האָבן געראָטן צו באַקעמפן אונדזערע קעגנערס מיט זייערע מיט־לען; אייניקע האָבן אונדז קריטיקירט, אַז מיר זענען נישט קיין גוטע סוחרים, אָבער מיר האָבן קיין מאָל נישט געוואָלט עמיצן באַקעמפן. אונדזער מיסיע איז געווען — זיך צו פאַרטיידיקן און נישט אָנצוגרייפן, אָפּצוהיטן די עקאָ־נאָמישע אינטערעסן פון די מיטגלידער, נישט ווייל מיר האָבן געוואָלט עמיצן שעדיקן, נאָר מען זאָל נישט צונעמען ביים קאָלאָניסט־מיטגליד זיין שווער־פאַרהאָרעוועטע סענטן, האַלטנדיק זיך שטרענג ביים פּרינציפּ, אַז די פרייע קאָאָפּעראַציע דאַרף זיין אַ שול אויף צו דערציִען אַ בעסערן טיפּ מענטש.

# עפּיזאָדן פון דעם תבואה־אָפּטייל

1917 איז געווען אַ נאַס יאָר. אין דער צייט פון שנײדן און דרעשען האָט געדרעגנט אַ סך מער ווי מען האָט געדאַרפט. אונדזערע שפּײכלערס זענען גע־ווען פול מיט נאַסן ווייץ און ליאַן. אין דרויסן זענען געלעגן גרויסע סטויגן ווייץ, פאַרדעקט מיט לאָנאַס.* פון די אָפּענע שפּאַלטן האָט זיך געזען דאָס גרינע גראָז פון דעם צעוואַקסענעם ווייץ, וואָס האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך די זעק. טריקענען האָט מען נישט געקענט, אַפילו אין אַ טאָג ווען די זון האָט געשיינט, וואָרעם די ערד איז געווען בלאָטיק, איבערהויפּט אין קלאַראַ און לאַס מאַסקאַס. אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט אָפּ, האָבן מיר געהאַט אַזעלכע צוואַנציק טויזנט פאַנעגאַס. אייזנבאַן־וואַגאָנען איז געווען שווער צו באַקו־מען. אָפּט מאָל זענען די בריקן און רעלסן פון באַן געווען צעריסן צוליב די גרויסע רעגנס. קאָלאָניסטן האָבן געשפּאַנט 8־10 פערד אויף צו ברענגען עט־לעכע זעק ווייץ אָדער ליאַן. זיי האָבן זיך געאײַלט צו ברענגען וואָס גיכער די תבואה אין קאָאָפּעראַטיוו, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז ביי זיי אין דער היים וועט עס אין גאַנצן פאַרפוילט ווערן.

ווייסנדיק וואָס פאַר אַ ריזיקע עס שטייט פאַר פאַנדאָ קאָמונאַל (עס האָט זיך געהאַנדלט פון אַ סך צענדליקער טויזנטער פעזעס זאָלן גיין לאיבוד, ווייל נאַסער ווייץ אָדער ליאַן ווערט פאַרברענט פון דער היץ אין די זעק), האָב איך געגעבן אַ באַפעל די רעסיווידאָרן,** זיי זאָלן מער נישט צונעמען קיין נאַסע תבואה צוליב אָט־די טעמים: 1) די גרויסע ריזיקע, ווי ס׳איז שוין פריער אָנ־געוויזן געוואָרן; 2) ווייל אַ סך קאָלאָניסטן־מיטגלידער פלעגן פאַרקויפן דאָס ביסל טרוקענעם ווייץ וואָס זיי האָבן געהאַט צו פּריוואַטע סוחרים און די נאַסע, צעוואַקסענע, שוואַרצע ברעגעס (פונטאַ נעגראַ) האָבן זיי געבראַכט אין קאָאָ־פּעראַטיוו; 3) ווייל פאַר יעדן קאָלאָניסט באַזונדער איז אַ סך לייכטער צו טריקענען דעם טייל נאַסע תבואה וואָס ער האָט געהאַט. מערקווירדיק: די גאַנצע צייט פלעגן קומען מיטגלידער זיך באַקלאָגן, אַז די פּריוואַטע סוחרים צאָלן בעסערע פּרייזן, נאָר קוים האָט פאַנדאָ קאָמונאַל אָפּגעשטעלט דאָס צו־נעמען די נאַסע תבואה, האָט זיך אויפגעהויבן אַ געשריי מיט פּראָטעסטן, אַז מען מאַכט אומגליקלעך די קאָלאָניע.

---

* ברעזענט.

** תבואה־איבערנעמער.

דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער יִקאַ איז ספּעציעל געקומען צו אונדז אין ביוראָ און געפאָדערט, איך זאָל צוריקציִען דעם באַפעל, ווייל אין קלאַראַ צאָלן די סוחרים מיט אַ פּעזע ווינציקער פאַר יעדן פאַנעגאַ. עס איז אויך גע־קומען סאַכאַראָוו, און מיט זיין דעמאָלטיקן צעבראָכענעם יִדיש האָט ער מיר געזאָגט: „איך קאָלאָניסט האָב נאַסע ווייץ און ליאָן, איך קאָלאָניסט ברענג זיי אין מיין קאָאָפּעראַטיווע, דו „כערענטע"* ברעך דעם קאָפּ און פאַרקויף".

בכדי נישט צו דיסקוטירן האָב איך פאַרבעטן סאַכאַראָוון און דעם אַד־מיניסטראַטאָר סידי, זיי זאָלן מיטפאָרן מיט מיר אין קלאַראַ, זען די תבואה אין גאַלפּאָן און די סטויגן אין דרויסן, און נאָך דעם וועלן מיר שמועסן. אַזוי איז געווען. אויפן צווייטן טאָג זענען מיר געפאָרן קיין קלאַראַ. ווען זיי האָבן באַטראַכט וואָס פאַר אַ סחורה מיר האָבן, די בלאָטעס פון אַרום אין די כמאַרעס וואָס זענען געהאַנגען איבערן קאָפּ, האָבן זיי מיר אין פּרינציפּ געגעבן גע־רעכט. נאָר ווידער אַ מאָל די אייגענע געשיכטע: „דו, כערענטע, ברעך דעם קאָפּ. דו האָסט אַרויסגעשלעפּט דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל פון אַזוי פיל בלאָטעס, שלעפּ זשע אַרויס אויך פון דער בלאָטע". עס איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען, איך האָב געמוזט שלעפּן און צום גליק אַרויסגעשלעפּט אויף אַ צו־פרידנשטעלנדיקן אופן. עס האָט מיר געקאָסט אַ סך געזונט און אַ סך שלאָפ־לאָזע נעכט.

* * *

מיר האָבן פאַרקויפט דער „מאָלינאָס ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ", סוקורסאַל נאָ־גאָזשאַ** צוויי מאָל צו 15 טויזנט פאַנעגאַס ווייץ. ווי דער שטייגער, איז גע־ווען אַ פּונקט אין קאָנטראַקט, אַז מיר דאַרפן צושטעלן דעם ווייץ „סאַנאַ, סע־קאַ, לימפּיאַ.*** נאָר אַ קליינעם פּראָצענט דאַרפן זיי נעמען „פּונטאַ נעג־ראַ**** מיט אַ הנחה פון דרייסיק סענט אויף יעדן פאַנעגאַ. (די עקספּאָרטי־רערס האָבן אָפּגערעכנט אַכציק סענט). קומענדיק מיטן קאָנטראַקט אין האַנט, בין איך באַגריסט געוואָרן פון די ראַטמענער און פון די „סינדיקאָס".***** איז דאָך, דאַכט זיך גוט. ניין, עס זענען געווען צרות, אוי צרות!

ווי עס איז שוין פריִער געזאָגט געוואָרן, איז די ערגערע תבואה געבראַכט געוואָרן אין קאָאָפּעראַטיוו. און ווען די איבערנעמערס פון „מאָלינאָס" זענען

* פאַרוואַלטער.

** אַ פיליאַלע פון אַ פירמע.

*** געזונטן, טרוקענעם, ריינעם.

**** שווערץ־ברעג.

***** חשבון־רעווידירערס.

געקומען נעמען דעם ווייץ, האָבן זיי געפֿונען איין זאַק און דריי זעק אויסגעבראַקירט. אויסער די עקסטרע הוצאות, וואָס דאָס האָט אונדז פֿאַרשאַפֿט, האָט זיך געשאַפֿן פֿאַר אונדז זייער אַן אומאָנגענעמע לאַגע, פֿון דער צענטראַלע האָבן זיי פּראָטעסטירט, אַז עס נעמט צו צופֿיל צייט ביי די אָפּנעמערס. לויטן רעגלאַמענט פֿון דער „באָלסאַ דע סערעאַלעס״* דאַרפֿן זיי נישט קלאַסיפֿיצירן אַזוי פֿיל זעק און האָבן אונדז געוואָרנט, אַז זיי וועלן צוריקרופֿן די אָפּנעמער. איך האָב זיך דערוווסט, אַז די לאָקאַלע סוחרים האָבן צוגעלייגט אַ קנייטל צו די דאָזיקע שוועריקייטן, אָבער מיט דעם האָט זיך די לאַגע נישט געענדערט.

אין אַ געוויסן טאָג זענען אָנגעקומען צען וואַגאָנען אין די דריי סטאַנציעס, וואָס מיר האָבן כּסדר געפֿאָדערט, כּדי צו קענען אָפּליידיקן אַ שטיקל פּלאַץ אין די גאַלפּאָנעס און אויסשיטן אַ ביסל נאַסע תּבֿואה אויסצולופֿטערן, עס זאָל נישט פֿאַרפֿוילט אָדער פֿאַרברענט ווערן אין די זעק. די צען ליידיקע וואַגאָנען זענען דעריבער געווען פֿאַר אונדז אין יענעם מאָמענט ממש אַ גליק, אָבער די אָפּנעמערס האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט דאָס אָפּצונעמען, ווייל כ׳איז שלעכטע סחורה און זיי האָבן וועגן דעם טעלעגראַפֿירט אין „מאָלינאָס״ קיין בוענאָס־איירעס, וווהין דער ווייץ האָט געדאַרפֿט געשיקט ווערן. וואָס טוט מען? איך בין געבליבן פֿאַר אָט די צוויי ברירות: אויפֿלאָדן אַליין אָן דער אינטערווענץ פֿון די איבערנעמער, וועט מען אונדז אין בוענאָס־איירעס מאַכן אַ פֿינצטערן חשבון; אויב אָבער מיר וועלן אָפּליידיקן אַ שטיקל פּלאַץ, נישט אָנלאָדן — פֿאַרלירן מיר די געלעגנהייט צו האָבן די צען וואַגאָנען. אַגבֿ, האָט זיך שוין געהאַט אַריינגעכאַפּט דער „גאָרגאָכאָ״ אין דעם ווייץ, וואָס מאַכט אַ סך שאָדן. נאָך אַ ישובֿ־הדעת האָב איך זיך דעצידירט אויף דעם ערשטן: — אָנלאָדן אַליין די וואָגאָנען, וויסנדיק די ריזיקע וואָס עס איז דערביי פֿאַראַן. איך האָב געזאָגט אונדזערע אָפּנעמער, זיי זאָלן אָנלאָדן אַליין. נאָר אַזוי ווי סיי־ווי־סיי וועט מען פֿון אונדז שניידן שטיקער, זאָלן זיי אַרויסשיקן דאָס ערגסטע ווייץ וואָס איז פֿאַראַן, לאָמיר כאָטש אַרויספּטרן אַ חמץ.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג בין איך געפֿאָרן קיין נאָגאָזשאַ, ווו מ׳האָט געדאַרפֿט ליקווידירן חשבונות פֿאַר פֿריִערדיקע סחורה וואָס מיר האָבן געשיקט. קומענדיק אין האָטעל האָט מען מיר דערלאַנגט אַ טעלעגראַמע פֿון פּאַנדאָ קאָמונאַל, אין וועלכער זיי שיקן מיר איבער די קאָפּיע פֿון אַ טעלעגראַמע פֿון בוענאָס־איירעס, ווו עס זאָגט זיך, אַז די צען וואַגאָנען מיטן ווייץ זענען אָנגעקומען; זיי נעמען נישט אַראָפּ די סחורה און דאָס לאַגער־געלט גייט

* די תּבֿואה־בירזשע.

אויף אונדזער חשבון, ד״ה, אַז פאַרן נישט־אָפּליידיקן די וואַגאָנען מאָנט די אייזנבאַן־עמפּרעסע 15 פּעזעס אַ טאָג פאַר יעדן וואַגאָן. אויף דעם, אַז זיי וועלן נישט אַראָפּנעמען די תבואה פון די וואַגאָנען האָב איך נישט גערעכנט. ווי מיר איז געוואָרן אויפן האַרצן איז זיך לייכט פאָרצושטעלן.

איך בין גלייך אַוועק אין מיל און געוויזן דעם פאַרוואַלטער די טעלע־גראַמע און געפרעגט ביי אים אַן עצה וואָס צו טאָן. דער פאַרוואַלטער איז געווען זייער אַ ליבלעכער מענטש און ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָט ער מיר געגעבן זייער פּראַקטישע עצות. אָבער דאָס מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער קען גאָר נישט מאַכן, ווייל דאָס האָט צו טאָן דירעקט מיט דער צענט־ראַלע פון בוענאָס־איירעס. „עס איז געווען אַ גרויסער פעלער — זאָגט ער מיר, — וואָס מיר האָבן אָנגעלאָדן אַליין״. דאָס איינציקע וואָס ער האָט מיר געראָטן איז, איך זאָל תיכף פאָרן קיין בוענאָס־איירעס און דאָרטן אויפן פּלאַץ זען וואָס מ׳קען טאָן. איך וואָלט אפשר געפאָלגט, אָבער עס איז אין יענעם טאָג נישט געווען קיין באַן וואָס גייט קיין בוענאָס־איירעס.

ביינאַכט, נישט קענענדיק שלאָפן, האָב איך געהאַט גענוג צייט גוט דורכ־צוטראַכטן דעם ענין. אָנקומענדיק אויף מאָרגן פאַרנאַכט אין דאָמינגעז, בין איך געגאַנגען גלייך פון באַן אין ביוראָ אַריין. ביי דער שוועל האָט מיך אָפּגעוואַרט פרידלאַנד, וואָס האָט דעמאָלט געאַרבעט אין דער תבואה־סעקציע, און מיט זיין שטרענגן טאָן מיך אַ פרעג געטאָן, צי איך האָב באַקומען די טעלעגראַמע. „גייט שנעל אַהיים, מאַכט די וואַליזע, עס פעלן אין גאַנצן צוויי שעה צום באַן וואָס גייט אָפּ קיין בוענאָס־איירעס״.

— הער פרידלאַנד, איך פאָר נישט קיין בוענאָס־איירעס, לאָזט מיך צורו!

— סטייטש! וואָס הייסט איר פאָרט נישט? איך מאַך אייך פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר די קאָנסעקווענצן. עס קאָסט הונדערט פופציק פּעזעס אַ טאָג דאָס שטיין פון די וואַגאָנען און דער ווייץ קען איבערגעפירט ווערן, ווייל ער איז געווען פייכט.

— גוט, איך נעם אויף מיר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. נאָר איצט בעט איך אייך, לאָזט מיר צורו!

פרידלאַנד האָט זיך געביזערט און איז אַוועקגעגאַנגען. איך האָב גלייך אָפּגעשיקט אַ לענגערע טעלעגראַמע אין „מאָלינאָס״, בעטנדיק אַז זיי זאָלן אַראָפּנעמען דאָס ווייץ אין זייערע לאַגערן. אויפן צווייטן טאָג איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַפישער ענטפער, אַז זיי האָבן דעם ווייץ אַראָפּגענומען. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ גרויסער זיג. גלייך האָב איך זיי אַוועקגעשיקט אַ בריוו מיט פאַרשידענע אַרגומענטן, בעטנדיק זיי זאָלן אָפּווענן דעם ווייץ. דער ענט־פער איז געווען אַ גינסטיקער. שפּעטער מיט צוויי טעג איז געקומען פריד־

לאַנד מיט אַ צאָרנדיקער פראַגע: „נו, איר זענט טאַקע נישט געפאָרן?”. אָנ־שטאָט אַן ענטפער האָב איך אים דערלאַנגט די טעלעגראַמע. „איצט וועלן מיר זען וואָס עס וועט זיין ווייטער” — האָט ער מיר געזאָגט.

עס זענען אַריבער עטלעכע טעג און ס׳איז אָנגעקומען דער חשבון פון בוענאָס־איירעס מיט אַ פּעזע און צוואַנציק סענט וויניקער אויף יעדן פּאַנע־גאָ. ווען איך האָב זיי געוויזן דעם חשבון, האָבן אַלע מיר געזאָגט אַז „מאָלינאָס” האָט געהאַנדלט אָרנטלעך, ווייל לויט דער קוואַליטעט פון דער סחורה וואָס מיר האָבן אַרויסגעשיקט האָט מען זיך געריכט אויף אַ פּיל גרעסערן ראַבאַט. ווען פרידלאַנד האָט געזען די ליקווידאַציע, האָט ער געביטן זיין שטענדיקן שטרענגן טאָן און מיר געבעטן צו דערקלערן דעם שכל, פאַר וואָס איך בין נישט געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס, ווען אַלע האָבן פאַרשטאַנען אַז איך האָב יאָ געדאַרפט פאָרן. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך קען אַ ביסל די לייט פון בוענאָס־איירעס. ווען איך וואָלט געקומען צו זיי, וואָלטן זיי מיר געהייסן צו־נעמען די סחורה, וואָס וואָלט באַלד באַקאַנט געוואָרן אין דער בירזשע; מען וואָלט מיר אָנגעבאָטן אַ נישטיקן פּרייז, וואָס וואָלט נישט געסטייעט צו באַ־צאָלן די פראַכט. האָב איך דעריבער באַשלאָסן צו פועלן ביי זיי, זיי זאָלן אויסלאָדן די וואַגאָנען, די סחורה זאָל ליגן אין זייערע שפּייכלערס. ווען איך האָב דאָס געפועלט, בין איך שוין געווען רויק. אַבי די סחורה איז שוין גע־ווען ביי זיי — איז שוין געווען לייכטער צו פועלן, זיי זאָלן שוין מיט דעם בלייבן.

דער שטרענגער פרידלאַנד האָט מיך אַרומגענומען, באַגריסט און גע־זאָגט, אַז ער האָט נישט קיין חרטה, וואָס ער האָט אַמאָל געפאָדערט פון ראַט מען זאָל פאַרטאָפּלען מיין געהאַלט אין ערשטן יאָר פון מיין אַריינטרעטן ווי אַ באַאַמטער פון דער אינסטיטוציע. די אונטערשטע שורה: דעם דיסקאָנט פון אַ פּעזע מיט צוואַנציק סענט האָב איך נישט אַקצעפּטירט. עס איז אָנגע־גאַנגען צווישן אונדז אַ דינגעניש דורך קאָרעספּאָנדענץ, און אַ דאַנק דעם גוטן ווילן פון פאַרוואַלטער פון דער פיליאַלע פון נאָגאָזשאַ, איז מען געקומען צו אַן אויסגלייך פון נאָר דרייסיק סענט אויף יעדן פּאַנעגאָ. וויפל שלאָפלאָזע נעכט, עגמת־נפש און געזונט די דאָזיקע געשיכטע האָט מיר געקאָסט, האָב איך נאָר אַליין געוווּסט.

**
*

טאַקע אַ קאָאָפּעראַטיוו, אָבער אַ מאָל מוז מען אָנווענדן אַ ביסל כיט־ראָסט אויף נישט צו לאָזן זיך אָפּנאַרן.

אין אַ געוויסן יאָר איז אונדז געבליבן אַ פּאָר טויזנט פּאַנעגאָס ווייץ וואָס

מען האָט אונדז אויסגעבראַקירט. אין מאַנאַט יוני האָבן מיר עס פאַרקויפט צו בונכע־באָרן. ווען עס זענען אָנגעקומען די וואַגאָנען, האָב איך טעלעגראַפירט צו דער פירמע אין קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי, זיי זאָלן שיקן אַן איבערנעמער. זיי האָבן געענטפערט, אַז דאָס וועט שוין טאָן פּאַטין, אַ תבואה־סוחר פון דאָ־מינגעז און אַ פּלימעניק פון ה׳ מאַגאַזאַניק — פּאַרוואַלטער פון בונכע באָרן. די ביוראָ פון פּאַנדאָ קאָמונאַל איז נאָך דעמאָלט געווען אין קאַפּיזשאַ, האָב איך גערעדט טעלעפאָניש קיין דאָמינגעז, מען זאָל איבערגעבן דעם ווייץ און איך בין אַוועקגעפאָרן מיט דער סולקי קיין קלאַראַ, וווּ מיר האָבן געהאַט עט־לעכע הונדערט פאַנעגאָס פון דעם טיפּ ווייץ. פאַרנאַכט האָט מען מיר טעלע־פאָניש מודיע געווען פון דאָמינגעז, אַז מען האָט נישט געלאָדן דעם ווייץ, ווייל פּאַטין זאָגט, אַז דער ווייץ איז פּייכט. מיר האָבן זיך גענייטיקט אין געלט, האָב איך באַפוילן אַז מען זאָל געבן דעם ווייץ קאָנדיציאָנעל. איך האָב גע־ווּסט, אַז מיט דעם לייג איך אַריין די האַנט אין מויל פון טיגער. אָבער עס איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען, — מיר האָבן געדאַרפט צאָלן וועקסלען. שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג בין איך געפאָרן קיין קאָנסעפּסיאָן דעל אורוגוויי, גלייך צוגעפאָרן צום פּאָרט און געפרעגט, צי עס זענען אַריינגעקומען די און די נומערן וואַגאָנען פון דאָמינגעז. דערוויסנדיק זיך אַז יאָ, און אַז דער ווייץ איז טרוקן, בין איך גאַנץ פרי אַוועקגעגאַנגען צו בונכע־באָרן און געבעטן דעם בוכהאַלטער ראָססי, ער זאָל צוגרייטן פאַר מיר די ליקווידאַציע. ער האָט נאָך נישט געהאַט באַקומען די דאַטעס פון פּאָרט, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אין פּאָרט טעלעפאָניש און צוגעגרייט די ליקווידאַציע. ווען איך בין געקומען צום צווייטן מאָל, האָט דער פאַרוואַלטער, ה׳ מאַגאַזיניק, זיך צעשריִען מיט דער טענה, וואָס פאַר אַ סחורה האָבן מיר אים געשיקט, ער ווייסט נישט וואָס מען קען טאָן מיט דעם, אַפילו קאָנדיציאָנעל וואָלט ער עס נישט גענומען.

„דאָן אַבראַם — האָב איך געזאָגט, — מיר דאַכט אַז איר האָט אַ טעות. וואַרשיינלעך האָט איר געזען אַן אַנדער ווייץ אין פּאָרט״. ער האָט אַ רוף גע־טאָן ראָססין. דער בוכהאַלטער איז אַריינגעקומען און דער פאַרוואַלטער האָט אים געהייסן פרעגן אין פּאָרט, צי די דאָזיקע ווייץ פון פּאַנדאָ קאָמונאַל וועט צו עפּעס נוצן, אָדער מען וועט עס מוזן פאַרקויפן פאַר חזרים־פּאַשע. ראָססי איז רויט געוואָרן. ער האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס עס קומט דאָ פאָר. ער האָט געמאָלדן, אַז ער האָט שוין געמאַכט די ליקווידאַציע. ערשט איצט האָב איך זיך צעלאַכט און אים געזאָגט: „סעניאָר מאַגאַזאַניק, דאָס מאָל האָב איך אייך איבערגעכיטרעוועט!״. איך האָב אים דערציילט, פאַר וואָס מיר האָבן דעם ווייץ געשיקט קאָנדיציאָנעל, ווייל פּאַטין איז אַליין אַ סוחר; אַז איך בין נעכטן געווען ביים פּאָרט און אַז גאַנץ פרי האָב איך געבעטן ראָססין, ער זאָל מיר

צוגרייטן די אָפּרעכענונג אידער ער קומט אין ביוראָ, כדי נישט אַריינצופאַלן צום טיגער אין מויל.

„ליטוואַק, ליטוואַק! — האָט ער זיך צעשריען, — מיך אָפּנאַרן! מיך זאָל אַ ליטוואַק איבערקליגלען?!״.

מאַגאַזאַניק האָט זיך געהאַלטן פאַר זייער אַ קלוגן. עס האָט אים נישט געאַרט אַזוי די עטלעכע פּעזעס וואָס ער האָט זיך געגרייט צו פאַרדינען, ווי עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס איינער האָט אים איבערגעכיטרעוועט; דער־פאַר האָט ער מיר מכבד געווען מיט אַ גלאָז מינעראַל־וואַסער „ווישאַ ווי־סענסיאַ״.

**
*

דער מיטגליד שלום הובערמאַן איז געווען אַ ווילצלינג און אַ פריילעכער טיפּ. יעדעס מאָל ווען ער פלעגט אַריינקומען אין ביוראָ פלעגן אים אַרומ־רינגלען רעדלעך מיטגלידער. ער פלעגט זיך ווילצלען און דער עולם האָט גע־לאַכט. אין אַ פרימאָרגן איז ער אַריינגעקומען לאַכנדיק אין ביוראָ און זאָגט מיר: „קאַפּלאַן, איר מוזט אויסהערן אַ שיינע זאַך וואָס וועט אייך הנאה טאָן. נעכטן אין אָוונט זענען מיר געזעסן אייניקע שכנים ביי יצחק־מיכל סאַס און געטרונקען מאַטע. דערציילט אונדז דער שכן ר., אַז ער האָט אָפּגענאַרט דעם סוחר פ.; ער האָט אים פאַרקויפט 200 פאַנעגאַס ליאַן. היינט האָט ער אים אָוועקגעפירט די ערשטע פאָר וועגעלעך. ווען די פּעאָנעס האָבן אַרויפגעלייגט די זעקלעך אויפן וואָג, איז אַראָפּגעפאַלן איינע פון די געוויכטן, האָט ער דערזען ווי אין דער לינקער זייט איז געווען אויסגעפילט מיט זייף, עס זאָל וועגן וואָס מער, — זאָגט הובערמאַן. מיר אַלע האָבן זיך צעלאַכט, און עס האָט אונדז געקאָסט אַ סך אַרבעט, ביז ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז פאַרקערט די מעשה, אַז דער סוחר פ. האָט בכיוון אָנגעקלעפּט זייף, ווייל אַזוי נעמט ער צו ביים קאָלאָניסט עטלעכע קילאָ ביי יעדער וואָג. מער וועט ער שוין נישט פירן די ליאַן צום סוחר, — זאָגט הובערמאַן — ער וועט שוין איצט ווערן אַ גוטער מיטגליד״ — אַזוי האָט ער געזאָגט. ר. האָט נישט גע־בראַכט דעם ליאַן אין פאָנדאָ קאָמונאַל. ווען ער איז שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט געקומען אין ביוראָ, האָב איך אים געפרעגט, וויפל מען האָט אים אָנ־געזייפט ביים ליאַן. פאַר די מיטגלידער וואָס זענען געשטאַנען דערביי, האָב איך געזאָגט, אַז דער סוחר מעג אַלץ, דער גאָט מערקוריאָ באַשיצט אים, אָבער דער קאָלאָניסט טאָר נישט זיין קיין שוטה.

**
*

די תבואה־סעקציע האָט געדינט ווי אַ קאָנטראָל פאַר די קאָלאָניסטן. זיי האָבן זיך דערוווסט וועגן נייטיקע טערמינען. די מיטגלידער האָבן צו יע־דער שעה געוווּסט די ריכטיקע פּרייזן אויף תבואה. אַפילו די יעניקע וואָס פלעגן פאַרקויפן זייער תבואה צו פּריוואַטע סוחרים, פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין קאָאָפּעראַטיוו געוויר ווערן דעם פּרייז און אַלע אַנדערע קאָנדיציעס. פאַרקויפט האָט מען צו די סוחרים מחמת פאַרשיידענע טעמים: 1) צוליב רעקלאַמע פלעגן זיי אָנבאָטן, די „שיינע בעלי־בתים", עטלעכע סענט מער; צי עס איז טאַקע געווען מער — ווען מיר זען ווייטער; 2) קאָלאָניסטן זענען געווען שולדיק געלט די סוחרים און זיי האָבן געטראַכט, אַז מאָראַליש זענען זיי מחויב צו צאָלן מיטן פּראָדוקט; 3) צוליב דעם אופן וואָס סוחרים האָבן באַנוצט ביים באַשטימען פּרייזן פאַר די תבואה. פאָנדאָ קאָמונאַל, פונעם ער־שטן טאָג וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער תבואה־סעקציע, האָט איינגעשטעלט אַ ראַיעלע סיסטעם, לויטן רעגלאַמענט פון דער בירזשע (באָל־סאַ דע קאָמערסיאָ). ביים מאַכן די ליקווידאַציעס איז גענומען געוואָרן אין אַכט די קוואַליטעט, די ספּעציפישע וואָג, די ריינקייט פון דער תבואה אאַז"וו. די סוחרים, אין קעגנטייל, פלעגן צוגיין צום וואָגן תבואה מיט אַ טעלער און אַ שטעכער, האָבן אַרויסגענומען צו ביסלעך פון יעדן זאַק, געגעבן אַ קוק, אַ שמעק, אַ לעק און גלייך אָנגעבאָטן דעם דעפיניטיוון פּרייז. דער דאָזיקער אופן איז אַ טייל קאָלאָניסטן — אַפילו פון די מער באַוווּסטזיניקע — בעסער געפעלן געוואָרן; ביים סוחר ווייסט ער באַלד ווו ער האַלט אין דער וועלט מיט זיינע חשבונות, בעת אין קאָאָפּעראַטיוו דאַרף ער וואַרטן ביז מען וועט מאַכן דעם אַנאַליז און אַנדערע זאַכן. עס האָט נישט געהאָלפן קיין דערקלע־רונגען, אַז דער סוחר נאַרט זיך נישט אָפּ, גיכער ווערט דער קאָלאָניסט אָפּ־גענאַרט.

אין אַ פרימאָרגן קומט צו מיר דער מיטגליד חיים־עוזר שטערן און פרעגט מיר, צי דער קאָאָפּעראַטיוו וועט צונעמען זיין ליאָן. אויף מיין פראַגע: ווי קומט עס, ער ברענגט דאָך קיין מאָל נישט זיין ליאָן אין פאָנדאָ קאָמונאַל, ווייל מיר מאַכן אַנאַליזן? האָט ער זיך צעשמייכלט און געזאָגט, אַז ער וויל מאַכן אַ פּרווו. לויט זיין שמייכל האָב איך אָבער פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט פּאַסירט. קענענדיק אים ווי אַן אָרנטלעכן מענטשן און נישט פון יענע „חכמים", בעט איך אים, ער זאָל מיר דערציילן דעם אמת. זאָגט ער מיר, אַז פון היינט און ווייטער וועט ער פירן זיין ברויט נאָר אין פאָנדאָ קאָמונאַל, ווייל נעכטן האָט ער געבראַכט אַ וואָגן ליאָן און האָט אים פאַרקויפט צו איינעם פון די היגע סוחרים; אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט וואַרטן ביז מען וועט אַראָפּנעמען די זעק תבואה ביי די וואָס זענען געקומען פריִער, האָט ער דערווייל זיך אָפּ־

געזוויגן אויף אַלע פינף וואָגן פון די סוחרים און יעדע וואָג האָט געוויזן אַן אַנדערן רעזולטאַט. צוריקפאָרנדיק איז ער אַריין אין גאַלפּאָן פון פּאַנדאָ קאָמונאַל און זיך אָפּגעוויגן, — זענען אים צוגעקומען נאָך דריי קילאָ אין פאַרגלייך מיט דער בעסטער וואָג פון די סוחרים. „איצט פאַרשטייט איר שוין פאַר וואָס איך וויל ברענגען מיין ליאָן אין קאָאָפּעראַטיווע?״ — האָט ער פאַרענדיקט דערציילן.



אַן ענלעכער עפּיזאָד: אין אַ טאָג קלינגט צו מיר טעלעפאָניש דער באַאַמטער פון דאָמינגעז (די צענטראַלע ביוראָ איז געווען אין קאַפּיזשאַ), און זאָגט מיר, אַז פרידלאַנד האָט 400 פאַנעגאָס ליאָן דעפּאָזיטירט אין דעם טייל פונעם גאַלפּאָן וואָס געהערט צו דער ייִקאַ. (דער גרויסער גאַלפּאָן פון דאָמינגעז, 20 × 50, איז געווען דאָס אייגנטום פון דער ייִקאַ. דעם גרעסערן טייל האָבן זיי פאַרדונגען דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל און דעם קלענערן — צו איינצלנע קאָלאָניסטן). ער וויל עס פאַרקויפן דעם קאָאָפּעראַטיוו, נאָר ער וויל וויסן פריִער דעם פּרייז. איך האָב אים געענטפערט, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו קויפט נישט קיין ליאָן, ער נעמט צו דעם פּראָדוקט און פאַרקויפט אים אויף אַ קאָאָפּעראַטיווער באַזע, אָדער אויף דער אָנווייזונג פונעם מיטגליד און ער באַקומט דעם פּרייז ווי ער איז פאַרקויפט געוואָרן, לויטן רעגלאַמענט. אויפן צווייטן טאָג, פאַרנאַכט, רופט מיר ווידער אַ מאָל דער באַאַמטער און באַגריסט מיר. אויך פרידלאַנד האָט גערעדט און מיר באַגריסט זייער וואַרעם.

וואָס האָט פּאַסירט? דערציילט מיר דער באַאַמטער, אַז פרידלאַנד האָט פאַרקויפט זיין ליאָן דעם סוחר ש., ווייל ער האָט אים געצאָלט מיט צען סענט מער ווי אַנדערע סוחרים, מיט דער קאָנדיציע, אַז ער, דער סוחר, דאַרף אָפּנעמען דעם ליאָן אין גאַלפּאָן פון דער ייִקאַ. ש. האָט געבראַכט זיין וואָג און ווען עס איז געקומען צו די לעצטע 40 זעק, האָט פרידלאַנד געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי וועגן אויף דער וואָג פונעם קאָאָפּעראַטיוו. ש. האָט פּראָטעסטירט: עס איז פאַר אים אַ באַליידיקונג. אָבער דער וואָס האָט געקענט פרידלאַנדן ווייסט, אַז מיט אים האָט מען נישט געקענט מאַכן קיין סך טענות, און מען האָט געטאָן אַזוי ווי ער האָט געוואָלט און נאָכן אָפּוועגן די פערציק זעק אויף דער וואָג פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, האָט ער אויסגערעכנט אַז עס איז פאַראַן אַ דיפערענץ פון אַכט פאַנעגאָס, און ש. האָט געמוזט באַצאָלן און מאַכן אַ שוויג.

אָט דאָס זענען געווען פּראַקטישע און שפּירעוודיקע לעקציעס איבער קאָאָפּעראַטיוויזם, און דאָך האָט געקאָסט אַ סך געזונט און צייט ביז די מיטגלידער האָבן זיך איבערצייגט, אַז די בעסטע פאַרטיידיקערין פון זייערע איינ־

טערעסן איז דער קאָאָפּעראַטיוויזם. עס איז נישט צו גלויבן, אָבער עס איז אַ פאַקט: יעדער קאָלאָניסט האָט געהאַט זיין פּאַרטרויונג־סוחר און האָט זיך גע־פילט שטאָלץ מיט דעם וואָס „זיין סוחר" ווערט אַלע מאָל רייכער. אַז דער סוחר מיט דער סוהרטע איז געקומען צו אַ חתונה פון אַ קאָלאָניסטיש קינד, איז עס געווען אַ גאַנצער כבוד. דאָך האָט דער קאָאָפּעראַטיוויזם זיך אימ־פּאָנירט. אויף חתונות אָדער אַנדערע שמחות, פלעגט מען טאַנצן מיט וויוואַט־אויסרופן פאַר פּאַנדאָ קאָמונאַל און פאַר איר פּרעזידענט, סאַכאַראָוו.

***

איך האָב בכיוון זיך אָפּגעשטעלט ברייטער ביי דער תבואה־סעקציע, דערפאַר וואָס די דאָזיקע סעקציע איז געווען די וויכטיקסטע אין פינאַנסיעלן זין. די דאָזיקע אָפּטיילונג און איר טעכנישע און אַדמיניסטראַטיווע אָרדענונג איז מער קאָמפּליצירט און האָט נויטיק מער צוטרוי און מער אידעאַליזם. אין די ערשטע יאָרן זענען געווען מיטגלידער וואָס האָבן נישט געפּועלט ביי זיך צו געבן דעם גאַנצן צוטרוי זייער קאָאָפּעראַטיווע, פלעגן זיי ברענגען אַ טייל אין פּאַנדאָ קאָמונאַל און אַ טייל פאַרקויפן דעם פּריוואַטן סוחר, אויסצופּרוון ווו עס איז בעסער. און מער ווי איינער פלעגט ברענגען די ערגערע תבואה אין זיין קאָאָפּעראַטיוו און נאָך דעם קומען מיט טענות, אַז ער האָט באַקומען אַ קלענערע פּרייז. ביים קאָנסום־אָפּטייל קויפט דער מיטגליד טעגלעך די אַרטיקלען וואָס ער דאַרף האָבן און ביים קויפן ווייסט ער באַלד דעם פּרייז, בעת די תבואה ברענגט ער אַריין אין קאָאָפּעראַטיוו פאַר אַ באַטרעף פון טויזנטער פּעזעס און דעם אַנטגילטיקן פּרייז ווייסט ער ערשט שפּעטער מיט עטלעכע חדשים, ווען מען וועט אויסרעכענען דעם דורכשניט פון די אַלע פּרייזן וואָס זענען גענומען געוואָרן אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, ווי אויך די הוצאות וואָס עס זענען געווען. עס דאַרף אויך גענומען ווערן אין באַטראַכט דער כסדרדיקער קאַמף וואָס מיר האָבן געדאַרפט פירן מיט די לאָקאַלע סוח־רים, וועלכע האָבן אָנגעווענדט „סוחרישע מיטלען" אויף אַריינצוציען דעם קאָלאָניסט. מיר האָבן באַדאַרפט באַנוצן אויסערגעוויינלעכן געדולד אויף אָנ־צוהאַלטן אונדזער קאָרעקטע ליניע. דאָס קאָרעקטקייט און אויפריכטיקייט איז געווען אונדזער שטאַרקסטער פאַרטיידיקונג־מיטל, וואָס האָט מיט דער צייט איבערגעצייגט די מיטגלידער, אַז עס לוינט זיי צו זיין גוטע קאָאָפּעראַטי־וויסטן. עס זענען געווען מאָמענטן ווען אַפילו ראַטמענער און גאַנצע קאָאָפּע־ראַטיוויסטן האָבן געמיינט, אַז עס לוינט אָנצווענדן סוחרישע מעטאָדן, כדי צו געווינען די מיטגלידער. אָבער מיר האָבן עס שטענדיק ענערגיש אָפּגע־וואָרפן, ווייל מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז אַ קאָאָפּעראַטיוו איז נישט בלויז אַן

עקאָנאָמישע נאָר אויך אַ דערציִערישע אינסטיטוציע, און ביי דערציִונג קען מען נישט און מען טאָר נישט אָנווענדן קיין נישט־קאָרעקטע מיטלען.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך די אַלע קאָמפּליקאַציעס געענדיקט, ווייל דער איינציקער תבואה־אויפקויפער איז „יאַפּי״,* מיט אַ פון פאָרויס באַשטימטן פּרייז. דער פאַרקויפער באַקומט קאָמיסיאָן און עס זענען מער נישטאָ די פּראָבלעמען: ווו עס לוינט בעסער צו פאַרקויפן.

* אַ רעגירונג־אינסטיטוציע.

# די מאָראַלישע ווירקונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו

פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט נישט דורכגעמאַכט קיין שול, ווייל עס איז נאָך דעמאָלט קיין שול נישט געווען און מיר האָבן נישט געהאַט ביי וועמען צו לערנען. זי איז פאַקטיש געווען די ערשטע אַגראַר־געזעלשאַפט אין לאַנד, וואָס האָט זיך באַמיט צוצופאַסן צו די קאָאָפּעראַטיווע פּרינציפּן. אין יענע יאָרן זענען געווען כמעט אומבאַקאַנט די טעאָריעס און פּראַקטיק פון דער פרייער קאָאָפּעראַציע. די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן וואָס מיר האָבן געקענט פון דער אַלטער היים, זענען געווען באַזירט אויף מצוות, צדקה און רחמנות, וואָס אין זיך שאַפן זיי אַן אונטערשייד צווישן מענטש און מענטש: געבערס און נעמערס, בעלי־טובהס און מקבלי־טובהס; דער ערשטער פילט זיך שטאָלץ און צופרידן, דער צווייטער — בלייבט אַ שולדיקער, וואָס דער־נידעריקט די מענטשלעכע ווערדע. אין די שמועסן וואָס קאָלאָניסטן פלעגן פירן צווישן זיך, אין די ערשטע יאָרן, איבער דער עקסיסטענץ און צוקונפט פון דער קאָלאָניזאַציע, איז געקומען צום אויסדרוק דער געדאַנק, אַז ווען דער באַראָן הירש זאָל זאָגן אַז ער שענקט אונדז אַוועק די ערד מיט אַלץ מיט אַנ־אַנדער, וואָלטן מיר געווען אומגליקלעך, ווייל צו וועמען וועלן מיר זיך ווענדן נאָך הילף? איצט, אַז דער היישעריק פרעסט אויף די קאָסעטשע, גיט מען אונדז שטיצע, העלפט מען אונדז אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרעם, אָבער אַז מען וועט אונדז אַוועקשענקען, וועט דער באַראָן הירש האַנדלען אַ מציאה, — ער וועט פטור ווערן פון אַ צרה, אָבער די קאָלאָניסטן וועלן דאָך פאַרלוירן גיין.

מיט אַזעלכע געדאַנקען האָט מען נישט געקענט הייבן דעם מאָראַלישן ניוואָ און נאָך ווייניקער — דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. מען מוז נאָך אַ מאָל דערמאָנען, אַז אויך דער אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט פון דער יק״אַ און זיין גאַנצע איינשטעלונג און אָרדענונג איז געווען אַ נעגאַטיווער פאַקטאָר און איז נישט געווען מסוגל בייצוטראָגן צו פערזענלעכער ווערדע. די פאַמיליעס מיט ווייניק אויסדויער־קראַפט און אויך די מיט אַ גרעסערער מאָס אייגנליבע און רעספּעקט פאַר זיך אַליין, האָבן פאַרלאָזן די קאָלאָניעס. אויך אין אַגריקול־טור־מיניסטעריום איז דער ענין פון אַגראַר־קאָאָפּעראַציע געווען אַ ווייסע בלאַט. איך געדענק, אַז אין יאָר 1912, זייענדיק אין בוענאָס־איירעס, האָב איך געהאַט אַ שמועס מיטן ד״ר עמיליאָ לאַהיטע, דירעקטאָר פון אַגראַר־עקאָ־נאָמיק און סטאַטיסטיק, האָב איך אים געפרעגט זיין מיינונג איבער איי־

ביקע קאָאָפּעראַטיווע אָנגעלעגנהייטן. זיין ענטפער איז געווען, אַז ער קען מיר נישט זאָגן, ווייל אין מיניסטעריום זענען נישט פאַראַן קיין אַנטעצעדענטן; ער וועט אָנפרעגן אין איטאַליע, ווו די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט שוין אַ לאַנגיאָריקע דערפאַרונג. דער ענטפער פון איטאַליע איז געווען, אַז פון דאָרט קענען זיי נישט אָנווייזן קיין ריכטונג אָדער רעגלאַמענטן פאַר די אַר־גענטינער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס, ווייל איטלעך לאַנד האָט זיין ספּעציפישן ווירטשאַפטלעכן כאַראַקטער און אייגנשאַפטן; די אינסטיטוציעס מוזן זיך צו־פּאַסן צו די באַדינגונגען פון לאַנד. דער דאָזיקער ענטפער האָט באַוויזן זייער פּראַקטישקייט.

אין די אייראָפּעישע לענדער, ווי איטאַליע, דייטשלאַנד, בעלגיע, רומע־ניע א״אַ, ווערט דער פויער וואָס באַזיצט פון דריי ביז פינף העקטאַר באָדן, אַ פּאָר קי, אַ פּאָר פערד, חזירים און עטלעכע הינער באַטראַכט פאַר אַ גוט־שטייענדיקן קאָלאָניסט; אין אַרגענטינע איז אַ באַזיצער פון 200־300 העק־טאַר באָדן מיט 20 קי, 20 פערד און אַ פּאָר הונדערט הינער — פאַררעכנט פאַר אַ קליינעם קאָלאָניסט. דערצו דאַרף גענומען ווערן אין אַכט די דיסטאַנץ. אין די אויבן דערמאָנטע לענדער איז די באַפעלקערונג געדיכט באַזעצט אויף קליינע שטחים, די קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען זענען לייכטע; אין אַרגענטינע איז איין קאָלאָניסטישע פאַמיליע ווייט פון דער צווייטער אויף טויזנט מע־טער און אפשר ווייטער, זעלטן אַז עס זיצן 2־3 שכנים נאָענט איינער פון אַנדערן. אַגב, דאַרף מען געדענקען, אַז אין די דערמאָנטע לענדער זיצן די קאָלאָניסטן אויף זייער באָדן פון דורות־לאַנג און די מענטשן קענען זיך פער־זענלעך זייער גוט, וואָס איז זייער נייטיק פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַני־זאַציע, ביי וועלכער עס פאָדערט זיך קעגנזייטיקער צוטרוי, דאָס וואָס האָט ביי אונדז געפעלט. עס איז ריכטיק אַז אונדזער קאָלאָניע איז געווען באַזעצט פון בלויז יידן, אָבער פון פאַמיליעס געקומענע פון פאַרשידענע געגנטן פון רוסלאַנד, פוילן, ליטע, בעסאַראַביע, מיט פאַרשידענע פּראָפעסיעס און סוח־רים; יעדער מיט זיין אייגנאַרטיקער פּסיכאָלאָגיע, מיט זיין אייגענעם שטיי־גער לעבן און פאָדערונגען פון לעבן. צורעכענענדיק נאָר דעם גלות־קאָמ־פּלעקט, וואָס עס איז נישט געווען לייכט אויסצוואָרצלען, איז לייכט צו פאַר־שטיין אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען עס איז אויסגעקומען די ערשטע אָרגאַ־ניזירער אָנצוהייבן און נאָך מער — אָנצופירן די אַרבעט. עס איז נישט געווען שווער צו ווערבירן מיטגלידער. די מורא פאַרן אַדמיניסטראַטאָר פון דער ייקאַ האָט פיל מיטגעהאָלפן צו דעם. עס איז נישט געווען שווער צו דער־גרייכן, דער מיטגליד זאָל קומען נעמען אַ קרעדיט אין דעם קאָאָפּעראַטיוו. עס איז אָבער געווען אומגעהייער שווער צו דערגרייכן, ער זאָל וויסן פאַר

וואָס און צו וואָס ער ווערט אַ מיטגליד. צום שווערסטן איז געווען איבערצו־ציִיגן דעם מיטגליד, אַז אַלץ וואָס עס שאַפט זיך געמיינזאַם איז עס זיין שאַ־פונג, פון אים און פאַר אים, פון אַלעמען און פאַר אַלעמען, — אַ שאַפונג וואָס טראָגט אין זיך די זוימען פון סאָלידאַריטעט, פון קעגנזייטיקער קאָנסטרוק־טיווער הילף, נישט אויס רחמנות, נאָר מענטש העלפט מענטש צו ווערן זעלבשטענדיק עקאָנאָמיש, גייסטיק און פסיכאָלאָגיש. דערפאַר איז אונדזער ערשטע אויפגאַבע געווען איבערצודערציִען די מיטגלידער. עס איז אַן אַלטער כלל, אַז איבערדערציִען איז שווערער ווי דערציִען. מיר האָבן געדאַרפט באַ־זייטיקן דעם קרעמערשן אינדיווידועלן אומצוטרוי און מיט געדולד און טאַקט אַריינפירן דעם צוטרוי, דאָס גלויבן אין די עוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן פון פרייער קאָאָפּעראַציע. אַ סך אַרבעט, צייט, געזונט האָט זיך געפאָדערט ביז די מיטגלידער זאָלן אָנהייבן גלויבן אין זיך אַליין, אין זייער אייגענער אינטעליגענץ און געמיינזאַמען כוח. לאַנגזאַם, — אָבער מיר האָבן עס דער־גרייכט. ווי נאָר עס איז אַריינגעדרונגען דער געדאַנק וואָס מיר האָבן גע־פּריידיקט, אַז אין דער פרייער קאָאָפּעראַציע שפּילט די הויפּטראָל דער מענטש און זיין מאָראַל, זענען שוין די זאַכן געגאַנגען גרינגער.

עס וועט זיין נישט איבערגעטריבן ווען איך וועל זאָגן, אַז די השפּעה פון פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט זיך אויסגעשפּרייט נישט בלויז אויף איר אייגענער מיטגלידערשאַפט, נאָר אויך אויף אַלע געזעלשאַפטן פון פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס און שפּעטער אויך אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד. נישט אומזיסט איז סאַכאַראָוו באַטיטלט געוואָרן פאַרן פאָטער פונעם אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוויזם אין ענטרע־ריִאָס. ווי ווייט די ווירקונג פון דער פּעדזאָן סאַכאַראָוו האָט דער־גרייכט, פאַרצייכן איך אָט־דעם פאַקט:

אין אַ זונטיק אין דער פרי איז געקומען אין ביוראָ דער אַלטער זלמן שטיינבערג פון קאָלאָניע ראש־פּינה, און דערציילט מיר, אַז שבת, אין שיל, האָט ער זיך צעקריגט מיט זיין שכן שלמה ראַבינאָוויטש און אים געוואָלט דערציילן די מעשה... ווי מען דאַרף. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז יענער וועט דאָך מסתמא פאָרן צו סאַכאַראָוון און זיך באַקלאָגן, — האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן. ווען אַ מענטש אַ כעסן, אין סאַמע כעס, קען זיך באַהערשן נאָר דערפאַר וואָס דער קעגנער וועט דערציילן סאַכאַראָוון, איז זיך לייכט פאָר־צושטעלן די מאָראַלישע השפּעה וואָס די פּערזאָן סאַכאַראָוו האָט אויסגעיִבט דורך דער קאָאָפּעראַטיוויסטישער דערציִונג אויף דער מיטגלידערשאַפט.

ווי געזאָגט, נישט נאָר די מיטגלידער, נאָר אויך אַנדערע אינסטיטוציעס — געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע — האָבן באַקומען דורך פּאַנדאָ קאָמונאַל לעקציעס פון עטיק. איך וועל ברענגען נאָר אַ פּאָר ביישפּילן:

אין 1910 האָט דאָס לאַנד געפייערט דעם הונדערטסטן אַניווערסאַר פון זיין אומאָפּהענגיקייט. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט די האַנדל־בערזע פון בוענאָס־איירעס איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ דאַטע, צו וועלכער עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן פאָרשטייער פון אַלע לענדער און פון אַלע פּראָדוקציע־צווייגן. פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט אויך באַקומען אַ ספּעציעלע איינלאַדונג זיך צו באַטייליקן אין דער אויסשטעלונג מיט פאַרשידענע אַגראַר־פּראָדוקטן. פאַרשטייט זיך, מיר זענען באַלד נאָכגעקומען דעם דאָזיקן פאַרלאַנג און מיר האָבן געשיקט מוסטערן פון ווייץ, ליאַן, מאַיס א״אַ, גענומען ביי אונדזערע קאָלאָניסטן־מיטגלידער. די דאָזיקע פאַרבעטונג איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסע סאַטיספאַקציע, — עס הייסט אַז מען אָנערקענט אונדז און מען רעכנט זיך מיט אונדזער קאָאָפּעראַטיוו. דאָס איז אויך געווען צום ערשטן מאָל אין אַרגענטינע, אַז די יידישע קאָלאָניע וועט זיך באַווייזן אין לאַנד און אויך פאַר אויסלאַנד מיט אירע פּראָדוקטן. דעמאָלט איז עס טאַקע געווען הונדערט־פּראָצענטיק יידישער פּראָדוקט, ווייל די יידישע קאָלאָניסטן, זייערע פרויען, זין און טעכטער האָבן געאַרבעט אַליין ביי פעלד־אַרבעט. איניקע קאָלאָניסטן האָבן באַקומען מעדאַלן,דיפּלאָמען און אויסצייכענונגען. נאָך דעם ווי מיר האָבן אַוועקגעשיקט די מוסטערן, איז אָנגעקומען אַ קאָפּיע פון אַ בריוו, געשיקט פון דער גענעראַל־דירעקציע פון דער ייִקאַ דורך איר אַדמיניסטראַציע, אין וועלכן זיי דריקן אויס זייער ווונטש, אַז פּאַנדאַ קאָמונאַל זאָל אויסאיבן איר איינפלוס אויף די קאָלאָניסטן, זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דער אויסשטעלונג, און יעדער קאָלאָניסט וואָס וועט צושיקן מוסטערן, זאָל איינצאָלן צען פּעזעס...

פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט געענטפערט דער ייִקאַ־דירעקציע, אַז מיר זענען פאַרבעטן געוואָרן דירעקט פון דער קאָמיסיע וואָס גיט זיך אָפּ מיטן אָרגאַניזירן די אויסשטעלונג און גלייכצייטיק האָבן מיר גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די דירעקטאָרן פון דער ייִקאַ אויף זייער שמאָלער קריטעריע, זיך צופרידנשטעלן מיט שיקן בלויז איינצלנע מוסטערן, דערביי מיט אַ שטייער פון צען פּעזעס פאַר יעדן מוסטער, בעת די „קאָמיסיע״ שיקט אַפילו די פּאָסט־מאַרקעס. מיר האָבן אויסגעדריקט אונדזער מיינונג, אַז די ייִקאַ האָט געדאַרפט איינאָרדענען אַן אייגענעם פּאַוויליאָן אויף צו באַווייזן די טעטיקייט, דעם פּראָגרעס און דעם מיטשטייער פון די יידישע קאָלאָניעס פאַר דער רייכטום פון לאַנד. די איינלאַדונג פון דער קאָמיסיע האָבן מיר באַקומען אין סעפּטעמבער און פון דער ייִקאַ — ערשט אין דעצעמבער. די דירעקטאָרן פון דער ייִקאַ האָבן זיך געפונען באַליידיקט פון אונדזער בריוו. זיי האָבן נישט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי דערלויבן זיך עס „זייערע קאָלאָניסטן״ צו קריטיקירן זייער

האַנדלונג און האָבן אָנגעוויזן, אַז דער טאָן פון דעם בריוו איז נישט אין הסכם מיטן אַרטיקל 46 פון די סטאַטוטן פּוּנעם קאָאָפּעראַטיוו.

איך האָב געבראַכט דעם דאָזיקן עפּיזאָד, כדי צו באַווייזן ווי די קאָאָפּע־ראַטיווע האָט שטענדיק געהאַט דעם מוט צו זאָגן זיין וואָרט איבער געוויסע פּראָבלעמען. אין אַקט נומער 93 פון 20סטן יאַנואַר 1910, פיגורירט דער דאָ־זיקער ענין.

דער אַרטיקל 46 פון די סטאַטוטן, וואָס ווערט דערמאָנט פריִער, איז שפּעטער רעפאָרמירט געוואָרן, און האָט באַפרייט דעם קאָאָפּעראַטיוו פון יעדן מין אַפּוטרופּסות.

און אָט איז נאָך אַן עפּיזאָד:

געווען איז עס אין 1910 אָדער 1911. פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט אייגענע רעסורסן וועט זי נישט קענען נאָכקומען די פאָדערונגען פון די מיטגלידער וועגן הלוואות פאַרן פּאַרזיי, וואָס איז געשטיגן לגבי די פריִער־דיקע יאָרן, מחמת דעם וואָס די פעלדער זענען געווען ליידיק, כמעט אָן פּי, וועלכע זענען געפאַלן צוליב אַן עפּידעמיע און צוליב דעם שאָדן וואָס דער היישעריק האָט אָנגעמאַכט אין די פריִערדיקע יאָרן. קאָלאָניסטן האָבן דערי־בער געוואָלט און געמוזט זייען מער, מיט דער האָפענונג צו קענען דאָס יאָר אָפּגעווינען דאָס פאַרלוירענע און אָפּצאָלן די אָנגעוואַקסענע חובות. מיר האָבן זיך געווענדט שריפטלעך צו דער יִיקאַ און געבעטן אַ הלוואה פון פופציק טויזנט פעזעס, אויף צו קענען צופרידנשטעלן די בקשות פון די מיטגלידער. פּאַנדאָ קאָמונאַל איז צו יענער צייט שולדיק געווען דער יִיקאַ 170 טויזנט פעזעס. אין מאָנאַט יולי, ווען די צייט פון זייען האָט שוין געהאַלטן ביים סוף, איז געקומען אַן ענטפער פון דער יִיקאַ, אַז זיי וועלן אויסלייען 35 טויזנט פעזעס, אָבער נישט דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל, נאָר דירעקט יעדן קאָלאָניסט וואָס נייטיקט זיך אין דעם קרעדיט און וואָס האָט אַרויסגעוויזן גוטן ווילן ביים צאָלן די חובות דער יִיקאַ.

די מיטגלידער האָבן געזען אין דעם אַקט אַ ווילן מצד דער יִיקאַ־דירעקציע אָפּצושוואַכן די צוגעבונדנקייט פון די קאָלאָניסטן־מיטגלידער צו זייער קאָאָפּעראַטיוו. די יִיקאַ־באַאַמטע האָבן דערפילט, אַז מיט דער פאַר־פעסטיקונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו ווערט פאַרמינערט זייער ביוראָקראַטישע פּאָטענץ — וואָס האָט זיי נישט געשמעקט. דער דירעקטאָריום האָט דעריבער איינשטימיק באַשלאָסן נישט מיטצואַרבעטן מיט דער יִיקאַ־אַדמיניסטראַציע אין דער אויסטיילונג פון דעם דערמאָנטן קרעדיט. צו זייער לויב דאַרף דער־מאָנט ווערן, אַז קיין איין מיטגליד, אַפילו די נויטבאַדערפטיקסטע, — און הגם דער אַדמיניסטראַטאָר איז פּערזענלעך געפאָרן צו אייניקע קאָלאָניסטן אַהיים

און אָנגעבאָטן הלוואות, — האָט קיינער נישט אָנגענומען דעם אָנבאָט. עס איז געווען אַ שטילער, אָבער זייער אַ ווירדיקער זשעסט מצד דער מיטגלידער־שאַפט.

נאָר די וואָס האָבן דורכגעמאַכט יענעם פעריאָד קענען אָפּשאַצן דעם באַדייט פון אַזאַ אַקט, וואָס איז געווען אַן אָפענער איבערגאַנג פון ביוראָקראַטישער ייִקאַ־אַדמיניסטראַציע צו דעמאָקראַטישער אַליינפאַרוואַלטונג. דאָס איז נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג, ווייל דער קאָלאָניסט איז נאָך נישט געווען בעל־הבית פון זיין נחלה, און די פּסיכאָלאָגיע פון „עבד לוה לאיש מלוה". האָבן די מלווים גוט אויסגענוצט. היפּשע עטלעכע יאָר האָט עס גענומען ביז די קאָלאָניסטן האָבן פאַרשטאַנען אַז זיי זענען שולדיק דער ייִקאַ געלט און אַ דאַנק, אָבער נישט מער. ווייל באַראָן הירש האָט געשאַפן די ייִקאַ פאַר ייִדישער קאָלאָניזאַציע און נישט כדי אויסצוהאַלטן אַ שטאַב באַאַמטע, וואָס זענען נייטיק געווען בעיקר די ערשטע יאָרן, נאָר באַאַמטע וואָס זאָלן דינען דעם באַראָן הירשס אידעאַל און נישט פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מאַכט פון הערשערס. דאָס באַגענען זיך פון די צוויי ריכטונגען: די ייִקאַ־באַאַמטע מיט דער דערציִונג פאַר פרייער קאָאָפּעראַציע, האָט אַרויסגערופן אָפטע צוזאַמענשטויסן.

# דער „יידישער קאָלאָניסט"

מיר האָבן שטענדיק געזוכט וואָס בעסער אויסצונוצן די צייט. אין איי־נער אַ רייזע אין קאָלאָניע סאַן־אַנטאָניאָ, טרייסלענדיק זיך אין דער קליי־נער סולקי אַ 6־7 שעה, האָבן מיר געטראַכט, וואָס פאַר אַ מיטל קען מען געפינען, אַז מיר זאָלן שטיין אין אָפטערן קאָנטאַקט מיטן מיטגליד; ער זאָל זיין אינפאָרמירט פון אַלץ וואָס פאָנדאָ קאָמונאַל טוט אָדער דענקט צו טאָן; דער מיטגליד זאָל אויך קענען לאָזן הערן זיין מיינונג און נישט דאַרפן וואַרטן ביז צו אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג; אויך צו קענען אויפקלערן און באַלייכטן אָפטער דעם קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל און ווי ווייט מעגלעך געבן אָנווייזונגען אויף אַ פּאָפּולערן אופן וועגן אַגריקולטור־פּראָבלעמען. מיר זענען געקומען צום באַשלוס, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, מען זאָל אַרויסגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן. אין יאָר 1909 האָט אַזאַ אונטערנעמונג געפאָדערט געוואַגטקייט. ייִדי־שע דרוקערייען אין דער פּראָווינץ זענען נישט געווען, רעדאַקטאָרן־פאַכמע־נער, ווי עס פאָדערט אַן אָרגאַן פון אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון אינהאַלט, האָבן מיר נישט פאַרמאָגט. קיינער פון אונדז האָט נישט געהאַט די נייטיקע דער־פאַרונג, נישט קיין רעדאַקציאָנעלע און נישט קיין טעכנישע, — דאָך האָבן מיר באַשלאָסן דאָס דורכצופירן. אַגב, ביי וועלכע קאָמערציעלע אונטערנע־מונגען האָבן מיר יאָ געהאַט פּראַקטיק? אַלץ וואָס מיר האָבן אונטערגענומען האָט זיך געשטיצט אויף אונטערנעמונג־גייסט, ווייל די אומשטענדן האָבן דאָס געפאָדערט. עס האָט אונדז נישט געשראָקן אַ מעגלעכער דורכפאַל. מיר האָבן זיך געהאַלטן ביי דעם כלל: אויב די זאַך וואָס מיר גייען שאַפן איז גוט, מוז זי האָבן הצלחה.

דער דירעקטיווער ראַט פון פאָנדאָ קאָמונאַל האָט באַשטעטיקט דעם פּראָיעקט, דער „פאַראיין" פון באַסאַווילבאַסאָ איז צוגעטראָטן פאַר אַ שותף און מען איז צוגעטראָטן צו דער רעאַליזירונג. (למען האמת מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז דער פריערדיקער פּרעזידענט ה׳ אַדאָלפאָ לייבאָוויטש, האָט אויך געהאַט פּראָיעקטירט דאָס שאַפן פון אַזאַ אָרגאַן). מען האָט דעם אָרגאַן אַ נאָ־מען געגעבן „דער יידישער קאָלאָניסט". באַשטימט פאַר רעדאַקטאָר דעם ה׳ ישראל פינגערמאַן און פאַר געהילף — דעם ה׳ ברוך בענדערסקי.

ווי געזאָגט, איז אין פּראָווינץ ענטרע־ריאָס נישט געווען קיין יידישע דרוקעריי. מען האָט דעריבער געשיקט פינגערמאַנען קיין בוענאָס־איירעס,

ער זאָל דאָרט איינאָרדענען דאָס דערשיינען פון „יידישן קאָלאָניסט״ — אַלע 15 טעג. סאַכאַראָוו האָט געלייגט גרויס האָפענונג אויף דער דאָזיקער שריפט. ער האָט געזען אין אים דעם אינסטרומענט וואָס וועט פאַרברידערן די גאַנצע יידיש־קאָלאָניסטישע משפחה אין אַרגענטינע, צעשפּרייט אין פאַרשיידענע פּראָווינצן, ווי אויך זיך דערנענטערן צו די יידישע פאַרמערס אין נאָרד־אַמעריקע און אַנדערע לענדער און אויך ווי אַן אינסטרומענט אַריינצוברענגען קולטור אין די קאָלאָניסטישע היימען. סאַכאַראָוו האָט מיט אומגעדולד דער־וואַרט דעם ערשטן נומער. יעדן טאָג פלעגט ער זיך נאָכפרעגן, צי ער איז שוין אָנגעקומען.

דעם טאָג וואָס מיר האָבן דערהאַלטן דעם ערשטן נומער, האָבן אַלע באַ־אַמטע פון ביוראָ אים באַקוקט, באַטראַכט ווי אַן ערשט־געבוירן קינד. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען סאַכאַראָוו. ווען ער האָט דערזען די גרינע טאָ־וועלעך, איז ער ממש געוואָרן מלא שמחה. ער האָט מיר געבעטן איבערצו־לאָזן אַלע אַנדערע אַרבעטן און אים לייענען דעם „יידישן קאָלאָניסט״. (סאַ־כאַראָוו האָט נאָך דעמאָלט נישט געלייענט קיין יידיש). אין מיטן לייענען דעם לייט־אַרטיקל האָט סאַכאַראָוו אַ זאָג געטאָן: „באַסטאַ! אָט דאָס האָבן מיר גע־מיינט? עס איז דאָך נישט קאָלאָניסטיש, נישט קאָאָפּעראַטיוויסטיש!״. מען האָט געזען, אַז ער איז שטאַרק אומצופרידן. דאָס לייט־אַרטיקל איז טאַקע גע־שריבן אין אַ סטיל פון אַלטמאָדישער מליצה, באַפּעפּערט מיט פּסוקים, ווייט פון דער פּראָגראַם וואָס מיר האָבן זיך אָנגעצייכנט פאַר אַן אַגראַר־אויסגאַבע.

אויף מיין פאָרשלאַג, מען זאָל אויפמערקזאַם מאַכן דעם רעדאַקטאָר אויפן סטיל און אינהאַלט, וואָס זענען נישט אין איינקלאַנג מיט אונדזערע אויפגאַ־בעס, איז סאַכאַראָוו נישט איינגעגאַנגען, טאָמער וועט זיך דער רעדאַקטאָר פילן באַליידיקט. ער איז גיכער איינגעגאַנגען צו וואַרטן און זען, ווי וועט זיין דער צווייטער נומער. די ערשטע 4 נומערן האָבן זיך געדרוקט אין בוע־נאָס־איירעס, אָבער זעענדיק אַז זיי באַפרידיקן נישט, איז מיט דער צושטי־מונג פון „פאַראיין״ באַשלאָסן געוואָרן צו קויפן אַ דרוקעריי און זי איינאָר־דענען אין קאָלאָניע, נאָענט פון דער ביוראָ פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, כדי מען זאָל קענען האָבן אַ גרעסערע השפּעה און קאָנטראָל אויף דער רעדאַקציע. בענדערסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט, ער איז נישט מסכים געווען מיטן רעדאַקטאָר און נישט מיט דער רעדאַקציע.

דער פינפטער נומער איז שוין געדרוקט געוואָרן אין דער אייגענער דרוקעריי אין „לאַ קאַפּיזשאַ״, וווּ עס איז געווען די צענטראַלע פון פּאַנדאָ קאָמונאַל. זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז פּאַנדאָ קאָמונאַל איז געווען די ער־שטע אין גאַנצן לאַנד איינצואָרדענען אַ יידישע דרוקעריי אין דער פּראָווינץ.

צוזאַמען מיט די דרוק־מאַשינען זענען געקומען דריי טעכניקער: אַ מי־נערוויסט, אַ זעצער אין יידיש און אַ זעצער אין שפּאַניש. אין סעפּטעמבער 1910 איז די רעדאַקציע אָנפאַרטרויט געוואָרן אַ פּרעסע־קאָמיסיע. אין זעל־ביקן יאָר, ביים פּראָיעקטירן צו שאַפן אַ קאָנפעדעראַציע פון אַלע קאָאָפּעראַ־טיוועס פון די ייקאַ־קאָלאָניעס, האָט מען אויך אַריינגעשטעלט אין פּראָגראַם, אַז „דער יידישער קאָלאָניסט" זאָל ווערן דער אָרגאַן פון דער קאָנפעדעראַ־ציע. צוליב עקאָנאָמישע סיבות האָבן די אַלע גוטע און ערלעכע ווונטשן נישט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן.

צוליב דעם עקאָנאָמישן קריזיס וואָס די לאַנדווירטשאַפט האָט דורכגע־מאַכט אין יענע יאָרן, וואָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דער פינאַנסיעלער לאַגע פון פאָנדאָ קאָמונאַל, און אפשר בעיקר — צוליב דער נישט־קאָרעקטער האַנדלונג פון די טעכניקער, האָבן מיר אין 1912 געמוזט אָפּשטעלן דאָס אַרויסגעבן דעם „יידישן קאָלאָניסט". אין יענער צייט האָבן מיר נישט גע־ווּסט וואָס פאַר אַ נאָמען עס צו געבן, איצט רופט מען עס „טראַבאַכאָ אַ דעס־גאַנאָ" — אַרבעטן אָן חשק. די טעכניקער האָבן דעם „אָן חשק" אויסגענוצט אויפן העכסטן גראַד. נישט פאַרשטייענדיק גאָר נישט אין דעם פאַך, בין איך אָבער איין מאָל געשטאַנען אַ האַלבן טאָג אין דער דרוקעריי. פאַרשטייט זיך, אַז אין מיין אָנוועזנקייט האָבן זיי געאַרבעט נאָרמאַל. איבערציילנדיק די שו־רות וואָס זיי האָבן אויסגעזעצט, האָב איך זיי געמאַכט דעם חשבון, אַז דער „יידישער קאָלאָניסט" באַדערט העכסטנס 4 טעג אַרבעט, לסוף קומט ער נישט אַרויס אַפילו צו די 15 טעג. אָבער בעסער איז פון דעם נישט געוואָרן. און צוליב די דערמאָנטע סיבות זענען מיר געווען געצוווּנגען צו פאַרקויפן די דרוקעריי צו צוויי פון די טעכניקער. ווען די דרוקעריי איז אַריבער אין רשות פון די צוויי טעכניקער, (דער דריטער איז אַוועק), האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ סך מער אַרבעט און צו דער צייט. די דאָזיקע צוויי טעכניקער האָבן זיך שטענדיק פאָרגעשטעלט ווי סאָציאַל־דעמאָקראַטן. פינגערמאַן איז געווען אַ איש מלומד, געניטן צו השכלה. ער פלעגט שרייבן אָפט קאָרעספּאָנדענצן אין „המליץ" און איז געווען אַ גוטער העברעיסט.

# בוררות־אָפּטייל ביים קאָאָפּעראַטיוו

איינע פון די נוצלעכסטע זאַכן וואָס פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט געטאָן אויפן סאָציאַלן געביט איז געווען דאָס איינאָרדענען דעם בוררות־אָפּטייל. אין יענע יאָרן זענען געזעסן צו 2, 3 און 4 שכנים אין איין גרופּע; פלעגן אָפט אַרויס־קומען קריגערייען. אָנהייבן פלעגט זיך ס׳רוב צוליב מינדערוויכטיקע זאַכן: איינעמס בהמות זענען אַריין אין שכנס ווייץ דעם שכנס הינער זענען געקומען צוליופן ווען די אַנדערע שכנה האָט אויסגעשאָטן עסן פאַר אירע הינער. דער קאָמיסאַר פלעגט לייזן די סכסוכים מיט געלט־שטראָפן און עס האָבן זיך אָפט מאָל געשאַפן אומאָנגענעמע סיטואַציעס.

עס פלעגן אויך פאָרקומען פאַמיליע־סכסוכים, טאַקע צוליב די דערמאָנ־טע סיבות, אָדער ווייל מען איז געזעסן צוזאַמען אין איין שטוב. די הייזער וואָס די יק״אַ האָט געגעבן, זענען באַשטאַנען פון צוויי צימערן: איינער האָט געדינט אויך פאַר אַ קיך. דער אויוון צום קאָכן און באַקן איז געשטאַנען אין דרויסן און אין וואַנט פון שטוב איז געווען דאָס מויל פון דעם אויוון. עס זענען געקומען קאָלאָניסטן וואָס זענען באַשטאַנען פון צוויי פאַמיליעס און ביידע זענען געזעסן אין דער דאָזיקער שטוב. מערסטנס זענען עס געווען עלטערן מיט חתונה־געהאַטע קינדער. די היגיענישע באַדינונג איז געווען גלייך צו נול. דאָס אַלץ האָט גורם געווען ברוגזן, און פון ברוגז איז אַיין שפּרונג צו קריגעריי. דאָס האָט נישט געבראַכט קיין כבוד פאַר יידן און קיין געזונט דער קאָלאָניזאַציע.

דערפאַר איז געווען זייער וויכטיק דער אַרביטראַזש־אָפּטייל. ערשטנס, ווי מען זאָגט: „דאָס שמוציקע וועש דאַרף מען וואַשן אין דער היים"; צווייטנס, זענען אויסגעמיטן געוואָרן געלט־שטראָפן און די סכסוכים זענען אויסגע־גליכן געוואָרן מיט מער ישוב־הדעת און יושר. דערביי האָט מען געזוכט איינ־צושטעלן אַ באַשטימטע האַרמאָניע.

איך ברענג דאָ אַ פּאָר פאַלן פון טיפּישע אַרביטראַזשן:

אין אַ געוויסן טאָג באַקום איך אַ צעטעלע פון פ׳ לייבאָוויטש, דעמאָל־טיקער פּרעזידענט פון פּאַנדאָ קאָמונאַל. ער בעט מיר צו קומען תיכף אין באַלוואַנעראַ זיך צו באַטייליקן אין אַ זייער וויכטיקער בוררות, צוזאַמען מיט ד״ר ירחי און סאַכאַראָוו. די פאָרעם פון צונויפשטעלן די בוררים איז נישט געווען ווי עס פירט זיך, אַז יעדער צד באַשטימט זיין מענטש, נאָר פּאַנדאָ

קאָמונאַל באַשטימט דריי חברים, ווייל מען האָט נישט געזוכט צו פּאַרטיידיקן אַ צד, איטלעכער זיין צד, צי איז ער גערעכט אָדער אומגערעכט; פּאָנדאָ קאָ־מונאַל האָט געהאַט ווי אַ צוועק צו פּאַרטיידיקן דאָס וואָס איז ריכטיק און גע־רעכט. די לאָדעניש איז געווען צווישן די קאָלאָניסטן פּאַפּירמייסטער און משה טשאַרטשיר.

פּאַפּירמייסטער האָט געטענהט, אַז ער האָט געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט טשאַרטשירן, וועלכער דאַרף אויפּאַקערן און פאַרזייען זיין טשאַקרע און אַז טשאַרטשיר איז זיך מתחייב אָנהייבן אַקערן אויף מאָרגן נאָך פּסח און טאָר נישט אָפּשטעלן די אַרבעט ביז ער וועט זי אין גאַנצן פאַרענדיקן, דאָס הייסט, אַקערן און פאַרזייען; ער אַליין איז אַוועקגעפאָרן קיין ריוועראַ צו זיין טאָכ־טער און איידעם געסנעראָוו. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער געטראָפן, אַז טשאַרטשיר האָט פריִער געמאַכט די אַרבעט אין זיין אייגענער טשאַקרע און שפּעטער איז ער געקומען אַקערן פּאַפּירמייסטערס פעלד, אַזוי אַז דאָס פאַרזייען איז אַרויסגעקומען שפּעט. איצט, נאָכן דרעשן, האָט זיך אַרויסגע־וויזן אַז די פריִער פאַרזייטע פעלדער האָבן געגעבן אַ בעסערן רעזולטאַט; ער האָט פאַרגלייכט די רעזולטאַטן פון די קאָסעטשעס פון זיין שכן לעוויט און טשאַרטשירס מיט זיינע; צוליב דער דיפערענץ מאָנט ער ביי טשאַרטשירן אַ סומע פון 1.800 פּעזעס.

ד״ר ירחי, ווי דער פּאָרזיצער, האָט געפרעגט ביי טשאַרטשירן, פאַר וואָס ער האָט נישט דערפילט מיטן קאָנטראַקט? טשאַרטשיר האָט גערעדט רוסיש, ייִדיש, שפּאַניש און טערקיש. פון די אַלע שפּראַכן האָט ער קיין איינע נישט גערעדט ווי מען דאַרף. דאָס קאָנקרעטע וואָס מען האָט ביי אים אַרויס־באַקומען איז געווען: „ווייב געזאָגט, קינדער נישט געוואָלט, קאָנטראַקט ריכ־טיק, ווייב, קינדער נישט געלאָזט״. סאַכאַראָוו האָט אים אויך געשטעלט פראַ־געס. אָבער דער ענטפער איז געווען דער זעלביקער, — ער האָט אָנערקענט זיין שולד. ד״ר ירחי האָט מיר געפרעגט, צי האָב איך עפּעס צוצוגעבן אָדער פרעגן. איך האָב זיך געווענדט צו פּאַפּירמייסטערן און אים געפרעגט, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן קיין ריוועראַ? — „באַלד נאָך פּסח״, — איז געווען זיין ענטפער, און צוריקגעקומען איז ער אין מאָנאַט יולי. „האָט איר ביי אייער קומען געוווסט, אַז טשאַרטשיר האָט נישט דערפילט מיטן קאָנטראַקט?״, — איז געווען מיין פראַגע. „געוויס האָב איך געוווסט!״. „פאַר וואָס, ה׳ פּאַפּיר־מייסטער, האָט איר באַלד נישט גערופן צו אַן אַרביטראַזש?״. „איך האָב אים נישט גערופן, ווייל איך האָב דאָך נישט געוווסט אַז די שפּעטער־פאַרזייטע וועלן זיין ערגער; פאַראַן יאָרן, ווען די שפּעטער־פאַרזייטע גיבן אַ בעסערן רעזולטאַט״.

ד״ר ירחי און סאַכאַראָוו האָבן זיך איבערגעקוקט. ד״ר ירחי האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און אַ זאָג געטאָן: „ליטוואַק, איר האָט אונדז אַרויפגעפירט אויפן וועג!״.

*****

אין אַ טאָג באַקום איך אַ בריוועלע פון ד״ר ירחי, איך זאָל קומען צו אים אַ היים, ער דאַרף מיך האָבן נייטיק. אַריינקומענדיק צום דאָקטער אין שטוב, האָב איך דאָרט געטראָפן עטלעכע יידן, פון די עלטערע, פרומע און תלמידי־חכמים, פאַרטאָן אין אַ שטאַרקן וויכוח. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָט־וואָס:

אין שטעטל „לאַ קאַפּיזשאַ״ איז געווען שוחט במשך אַ סך יאָרן אפרים יאַגופּסקי. איך געדענק נישט גענוי אין וועלכן יאָר אַהין איז געקומען אַ רב. ס׳איז אַריבער אַ שטיקל צייט און ס׳איז אַרויסגעקומען אַ סכסוך צווישן דעם רב מיטן שוחט. די מחלוקת האָט זיך צעפלאַקערט עס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קריגעריי די קצבים און בעלי־בתים; עס האָבן זיך אויסגע־טיילט צוויי צדדים ביז אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָט זיך באַוויזן אַ נייער שוחט. דער רב האָט אים געבראַכט מיטן אויסרייד, אַז ער צווייפלט אין דער שחיטה פון אפרים יאַגופּסקי. פאַרשטייט זיך, אַז מיטן קומען פון נייעם שוחט איז די מחלוקת געוואָרן שטאַרקער. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דער ענין כשרות האָט דעמאָלט אינטערעסירט אַלע יידישע פאַמיליעס.

אויסהערנדיק די וויכוחים צווישן די יידן ביי ד״ר ירחי אין שטוב, וואָס זענען געווען פון אַ ריין רעליגיעזן כאַראַקטער, האָט ד״ר ירחי זיי דערמאָנט אַ פּאָר מאָל, אַז כשר, נישט־כשר איז אויסער זיין קאָמפּעטענץ און ער האָט נישט קיין רעכט זיך אַריינצומישן אין אַזעלכע עסקים. זיין קיך איז נישט קיין כשרע. דאָס איינציקע וואָס אים אינטערעסירט אין דעם פאַל איז — מען זאָל אָפּשטעלן די קריגעריי, ווייל דאָס ברענגט צו חילול־השם, און אַז דער דאָזיקער ענין ווערט שוין קאָמענטירט אויך אויסער די יידישע קרייזן; זיין בקשה איז נאָר — ס׳זאָל זיין שלום. און געבעטן האָט עס ד״ר ירחי מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט.

איך האָב זיך לכתחילה אויך נישט געוואָלט באַטייליקן אין דער דיסקו־סיע, דערפאַר וואָס די אַלע וואָס האָבן זיך מתווכח געווען זענען געווען למד־נים און פון שטאַנדפּונקט פון דין, זענען זיי געווען גרעסערע מומחים פון מיר. ווען עס זענען אַריבער אַ פּאָר שעה און מען איז צו קיין טאָלק נישט געקומען, האָב איך געבעטן אַ וואָרט. ווענדיקנדיק זיך צום רב, האָב איך אים געפרעגט, צי האָט ער די נאַכט איידער דער נייער שוחט איז געקומען גע־געסן וועטשערע? דער עולם האָט מיך אָנגעקוקט: וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַ־

געֶ? איך האָב אָבער דורכויס פאַרלאַנגט אַז ער זאָל מיר ענטפערן אויף מיין פראַגע. קיין דירעקטן ענטפער האָט ער נישט געגעבן. זיין צד האָט געטענהט: „וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע?״. און ווען ד״ר ירחי האָט מיר געפרעגט, וואָס איך מיין מיט דעם, האָב איך דערקלערט: „ווי איז עס מעגלעך, דינסטיק האָט דער רב געגעסן וועטשערע און יאַגופסקיס שחיטה איז געווען כשר, און מיטוואָך אין דער פרי, ווען עס איז געקומען דער נייער שוחט, איז יאַגופס־קיס שחיטה געוואָרן אויס כשר?״.

ד״ר ירחי האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „יידן, איר האָט גע־הערט?״. עס איז געוואָרן שטיל. איך בין אַוועקגעפאָרן. סאַכאַראָוו האָט זיך שפּעטער אויך באַטייליקט אין אויסגלייכן דעם סכסוך.

מען האָט געפרעגט סאַכאַראָוון, פאַר וואָס ער מישט זיך אין זאַכן וואָס אינטערעסירן אים נישט; ער איז דאָך נישט מקפיד אויף כשרות? סאַכאַראָוו האָט געענטפערט, אַז ערשטנס אינטערעסירט אים אָפּצושטעלן יעטוועדע קריגערײַ, נישט פאַרגנדיק וועלכע עס זענען די סיבות; צווייטנס, ווען מען העלפט יענעם, דאַרף מען זיך רעכענען מיט יענעמס איבערצייגונגען און אָנ־שויונגען. ווען אַ הונגעריקער בעט עסן און ער זאָגט מיר, אַז ער קען נישט עסן ביז ער וועט נישט לייגן קיין תפילין, דאַרף מען פאָרן זוכן ערגעץ אַ פּאָר תפילין און אים ברענגען, כדי ער זאָל קענען עסן, ווען אַפילו אַליין לייגט מען נישט קיין תפילין.

וויפל מענטשן קענען זיך דערהויבן צו דער דאָזיקער מדרגה?

# כ אַ ז אַ נ אָ װ י ט ש

אין אַ זומערדיקן פרימאָרגן, — עס איז געװען אין יאָר 1909 — איז צו־געפאָרן צו מיין שטוב אַ יונגערמאַן און האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז כאַזאַנאָװיטש, און אַז ער װיל ריידן מיט מיר און נאָך דעם װיל ער זיך זען מיט סאַכאַראָװן. איך האָב נאָך דעמאָלט געװױנט אויף מיין טשאַקרע און פלעג פאָרן אַלע טאָג קיין „לאַ קאַפּיזשאַ״, װוּהין עס איז אַריבערגעפירט געװאָרן די ביוראָ פון פאַנדאָ קאָמונאַל, עס איז געװען אַ דיסטאַנץ פון 12 קילאָמעטער. איך האָב אים פאַרבעטן צו פרישטיקן, און נאָך דעם װעלן מיר פאָרן צוזאַ־מען — די סולקי איז שוין געװען איינגעשפּאַנט — אַזוי אַרום װעלן מיר אויסנוצן די צייט אויף צו שמועסן װעגן די פּראָבלעמען װאָס אינטערעסירן אים.

כאַזאַנאָװיטש האָט מיר דערקלערט, אַז דער צװעק פון זיין באַזוך אין די קאָלאָניעס איז אויפצוװעקן דעם געװיסן פון די ייִדישע קאָלאָניסטן און שאַפן אַ פאַראייניקטן כוח, אויפצורודערן דעם דעת־הקהל קעגן דער סיסטעם פון דער ייִקאַ־פאַרװאַלטונג, — דאָס הייסט, קעגן דער הנהגה פון אַבסאָלוטיזם און פּעאָדאַליסטישער באַציִונג פון די ייִקאַ־באַאַמטע צו די קאָלאָניזירטע; אַז די ייִקאַ טאָר נישט בלייבן װי אַ פאַרמאַכטער בוך, אין װעלכן קיינער טאָר נישט אַריינקוקן. באַראָן הירש האָט געשענקט זיין גרויסן פאַרמעגן אויף צו דערמעגלעכן די ייִדן פון רוסלאַנד איבערצוװאַנדערן אין אַ פרייען לאַנד, אָבער נישט צו שאַפן אַ קאַסטע פון באַאַמטע װאָס זאָלן שאַלטן און װאַלטן מיט די קאָלאָניסטן װי רוסישע טשינאָװניקעס מיט דער אומװיסנדיקער אָרעמער פּויערים־מאַסע. איבערהויפּט איז סקאַנדאַליעז, װאָס די קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, װאָס אויף איר האָט דער באַראָן הירש געלייגט אַזוי פיל האָפע־נונג, איז כמעט װי אָפּגעשטעלט.

איך האָב אים געזאָגט, אַז לויט מיין מיינונג, װאָס שייך דער ייִקאַ אין אַלגעמיין, זענען פאַראַן אין רוסלאַנד פערזאָנען מיט מער השפּעה װי אין אַר־געטינע. אונדזער ישוב איז קליין אין כמות און מינדערװיכטיק אין איכות. די אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן אין רוסלאַנד דאַרפן אויפנעמען דעם דאָזיקן ענין און טאָן אַלץ, כדי אונטערצוװאַרפן דעם באַראָן הירשס קאַפּיטאַלן אונ־טער אַ געזעלשאַפטלעכן קאָנטראָל. מכוח אונדזערע קאָלאָניעס איז ריכטיק, אַז מיר זענען אין אַ גרויסן טייל נישט מסכים מיט דער ייִקאַ־פאַרװאַלטונג און

מיר האָבן סיבות נישט צו זיין צופרידן, סיי וואָס שייך אַלגעמיינע, ווי איני־דיווידועלע ענינים. אָבער מען מוז נעמען אין אַכט, אַז די קאָלאָניסטן הייבן זיך ערשט אָן צו אָרגאַניזירן. ביז איצט האָבן מיר דורכגעמאַכט די פּראָבע־יאָרן. מיר זענען נאָך נישט גענוג דיסציפּלינירט, דער עלעמענט איז אַ פּאַר־שיידנאַרטיקער און עס פעלט דער קעגנזייטיקער צוטרוי; בכן, גלייב איך נישט, אַז ער וועט קענען דערגרייכן עפּעס פּראַקטישס אין די קאָלאָניעס און אים פאָרגעלייגט, ער זאָל אויסנוצן זיין באַזוך אויף צו געבן רעפּעראַטן מכוח דער נויטווענדיקייט זיך צו גרופּירן פעסט אַרום דעם קאָאָפּעראַטיוו פּאַנדאָ קאָמונאַל, און איבער דער וויכטיקייט פון קאָאָפּעראַטיוויזם, ווי אַ סאָציאַלער פּרינציפּ וואָס פירט צו זעלבסטשטענדיקייט.

כאַזאַנאָוויטש איז נישט מסכים געווען מיט מיין אויפפאַסונג. לויט זיין קריטעריע, דאַרף מען אויפברויזן די קאָלאָניסטן, ווייל זיי זענען די וואָס ליידן די קאָנסעקווענצן פון דער שלעכטער אַדמיניסטראַטיווער אָרדענונג און דער־נאָך וועט מען קענען פאָדערן די הילף פון די אייראָפּעיִש־ייִדישע געזעל־שאַפטן, ווי אויך פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען.

שפּעטער איז געקומען סאַכאַראָוו, און נאָך אַ קורצן שמועס, האָט סאַ־כאַראָוו געפרעגט כאַזאַנאָוויטשן, וויפל צייט ער איז שוין אין אַרגענטינע? — „בינף חדשים", — איז געווען זיין ענטפער. סאַכאַראָוו האָט אים געזאָגט: „איך גלייב נישט, אַז אין אַזאַ קורצער צייט האָט איר זיך שוין געקענט באַ־קענען מיט די אַלגעמיינע אַגראַר־פּראָבלעמען אין אַרגענטינע און מיט דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע בפרט, כדי זיך צו קענען שאַפן אַ ריכטיקן באַגריף פון דער סיטואַציע. גאַנץ מעגלעך, אַז אייך וועט זיך איינגעבן אַרויסצופירן די קאָלאָניסטן צו אַ קאַמף קעגן דער ייִקאַ. אויפברויזן אַ מאַסע איז לייכט, אָבער אָנפירן אַ מאַסע איז זייער שווער. דעריבער קען איך אייך נישט באַ־גלייטן אין אייער פּאַרלאַנג. ווי דער פּרעזידענט פון דער דאָזיקער מאַסע, וועלכע מיר אָרגאַניזירן איצט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, קען איך נישט דער־לויבן איר זאָלט אויפברויזן די קאָלאָניסטן, אין דער צייט וווען מיר שטרעב־גען זיך אָן צו אָרגאַניזירן און דיסציפּלינירן די מיטגלידער און זיי דער־ציִען צו פרייער באַוווסטזיניקער זעלבסט־פאַרוואַלטונג".

מיט דעם האָט זיך דער שמועס פאַרענדיקט. כאַזאַנאָוויטש האָט גערעדט פאַר אַ פאַרזאַמלונג פון קאָלאָניסטן אין דאָמינגעז. דער עולם האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט, אָבער אָן קיין ממשותדיקן רעזולטאַט.

כאַזאַנאָוויטשן האָט מען, לויט אַ פּאָליצייאישער פאַראָרדענונג, אַרויס־געשיקט פון לאַנד. געשמועסט האָט מען, אַז עס איז געווען יד ייִקאַ באמצע, אָבער דאָס איז קיין מאָל נישט באַשטעטיקט געוואָרן.

# די „גוטע פריינד"

אין אַ טאָג, געווען איז עס אין יאָר 1910־1911, קומט אַריין אין דער ביוראָ פון פאַנדאַ קאָמונאַל אַ באַאַמטער פון דער פירמע אַגאַר קראַס, רופט מיר אָפּ אין אַ זייט און דערלאַנגט מיר אַ בריוו, וועלכן ער הייסט מיר לייענען. זעענדיק אַז דער בריוו איז אַדרעסירט צו דער דערמאָנטער פירמע, זאָג איך אים, אַז ער האָט אַ טעות, דער בריוו איז נישט פאַר פאַנדאַ קאָמונאַל. צע־לאַכט ער זיך און זאָגט מיר: „לייען, לייען, עס איז טאַקע נישט פאַר פאַנדאַ קאָמונאַל, אָבער עס איז וועגן פאַנדאַ קאָמונאַל".

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די אונטערשריפטן, — דאָס זענען געווען פון צוויי לאָקאַלע סוחרים. דער אינהאַלט פון בריוו, געשריבן אויף צוויי בלעטלעך בלאָק־פּאַפּיר, איז אַ פריינדלעכער ראַט און וואָרענונג. בדרך „עצה טובה" — זיי זאָלן זיין פאָרזיכטיק מיט געבן קרעדיט דעם פאַנדאַ קאָמונאַל, ווייל די פאַרוואַלטונג איז אַ שלעכטע, און נאָך און נאָך אַזעלכע „פריינדלעכע" רעקאָמענדאַציעס, נאָר דערפאַר ווייל זיי זענען גרויסע פריינד פון דער פירמע אַגאַר קראַס. ווען איך האָב געענדיקט לייענען, האָב איך אים געזאָגט: איצט הייסט שוין די פירמע אַגאַר קראַס וואָס זי האָט צו טאָן. דער ענטפער פונעם באַאַמטן איז געווען, ווען זיי וואָלטן גענומען ערנסט דאָס דאָזיקע שרייבעכץ, וואָלטן זיי אים נישט געשיקט ער זאָל עס מיר ווייזן. אויף מיין פאַרלאַנג האָט ער מיר איבערגעלאָזן דעם בריוו ביז סאַכאַראָוו וועט קומען.

די מיטגלידער וואָס זענען געווען אין ביוראָ און זיך צוגעהערט צום שמועס, האָבן געפאָדערט, איך זאָל זיי זאָגן ווער עס זענען די שרייבערס פון דעם בריוו און באַנוצט אַלערליי אַרגומענטן, אָבער איך האָב נישט מפרסם געווען די נעמען. ווען סאַכאַראָוו איז אָנגעקומען, האָב איך אים געוויזן דעם בריוו און אים אינפאָרמירט, אַז כ'האָב קיינעם נישט געזאָגט ווער עס זענען די שרייבערס פון דעם דאָזיקן פאַמפלעט. פאַנדאַ קאָמונאַל האָט באַקומען אַ בריוו פון קלוב באַראָן הירש פון דאָמינגעז, פאָרלייגנדיק, מען זאָל אויסזאָגן די נעמען פון די אונטערשרייבערס און דער קלוב וועט זיי דערקלערן אַ באָי־קאָט. אונדזער ענטפער איז געווען — לויט סאַכאַראָווס אויסדרוק — דער קאָאָפּעראַטיוו באַקעמפט דאָס שלעכטס און נישט די שלעכטע. ווען איך האָב געזאָגט סאַכאַראָוון, אַז זיין קריטעריע איז אין גאַנצן אין אָנקלאַנג מיט דער לערע פון יידישער עטיק, איז ער געווען שטאַרק צופרידן. מען דאַרף באַזיצן

אַ שטאַרק מאָראַלישן כּוח נישט אויסצונוצן „גערעכטיקייט" צום שאָדן פון „אומגערעכטע". ווען די אונטערשרייבערס פונעם בריוו פלעגן זיך באַגעג־נען מיט מיר אין גאַס, פלעגן זיי אַראָפּלאָזן די אויגן. דאָס איז אפשר די גרעסטע שטראָף וואָס מיר האָבן זיי געקענט געבן.

איייניקע ראַטמענער האָבן געפאָדערט מען זאָל זיי זאָגן, ווער עס זענען די שרייבערס. אָבער מיר זענען געשטאַנען פעסט אויף אונדזער שטאַנדפּונקט: מיר ווילן קיינעם נישט שעדיקן, אַפילו נישט מאָראַליש, בפרט ווען זיי האָבן פאַמיליעס וואָס וועלן אומשולדיק ליידן.

# קליינע עפּיזאָדן

אין איינעם אַ טאָג פון חול־המועד סוכות איז געקומען די שוויגער מיינע צו גאַסט, און ביי דער ערשטער באַגריסונג זאָגט זי מיר, אַז זי איז געקומען ספּעציעל מיר זאָגן, איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון מיין שטעלע אין פּאַנדאַ קאָמוּנאַל, ווייל ווען זי איז געווען ראש־השנה און יום־כיפּור אין שיל, האָט זי גע־הערט ווי די ווייבער האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז איך בין אַ גנב, אַז איך באַגנבע דעם קאָאָפּעראַטיוו. „ס׳טייטש, דו אַרבעטסט אַזוי פיל, גיסט אַוועק דאָס געזונט און מ׳זאָל נאָך זאָגן, אַז דו ביסט אַ גנב? דו מוזט זיך אָפּזאָגן!״.

— שוויגער — האָב איך איר געזאָגט, — וואָס פאַרדריסט אייך, וואָס מען זאָגט אַז איך בין אַ גנב און עס איז אַ ליגן? וואָס וואָלט איר געוואָלט, עס זאָל זיין אמת?

זי האָט מיר דערויף גאָרנישט געענטפערט, אָבער איך האָב באַמערקט, אַז מיין ענטפער האָט איר נישט צופרידנגעשטעלט.

***

דעם 29סטן נאָוועמבער 1911 איז געבוירן געוואָרן מיין זון דוד. אויפן דריטן טאָג, ווי מיין שטייגער, בין איך געגאַנגען גאַנץ פרי, אַ זייגער 5־6 אין ביוראָ. גייענדיק האָב איך געטראָפן דעם ה׳ חיים דיזענפעלד שטיין ביים טיר פון זיין קלייט, וואָס איז נאָך געווען פאַרמאַכט. ער זאָגט מיר: „גוט מאָרגן! מזל־טוב אייך!״. — „וואָס פאַר אַ מזל־טוב?״, — פרעג איך אים. ער קוקט מיר אָן און פרעגט: „אייער ווייב האָט נישט געבוירן אַ בן־זכר?״. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן ווי פאַרשעמט איך בין געבליבן און האָב נישט געוווסט ווי אַזוי זיך צו פאַרענטפערן. דיזענפעלד האָט מיר גוט אָנגעזידלט: „ווי קען דאָס אַ מענטש אַזוי זיין פאַרטאָן מיט דער קאָאָפּעראַטיווע און פאַרגעסן אַזאַ פאַמי־ליען־געשעעניש?״.

איך האָב די גערעכטע באַמערקונג אַראָפּגעשלונגען און געמאַכט אַ שוויג. אָבער שבת בייטאָג איז געקומען דיזענפעלדס פרוי באַזוכן די קימ־פּעטאָרין און האָט דערציילט מיין פרוי דאָס געשעענע. מיין פרוי האָט געזוכט מיר צו פאַרענטפערן. זי האָט געוווסט די אויסערגעוויינלעכע משא וואָס איך האָב געטראָגן אויף מיין קאָפּ און מיינע פּלייצעס. נאָר דער שוויגער האָט עס אַ ביסל פאַרדראָסן.

ביים ברית האָט סאַכאַראָוו געווונטשן, אַז דאָס ניי־געבוירן קינד זאָל ווערט זיין צו האָבן מיר פאַר אַ טאַטן. דער דאָזיקער ווונטש האָט אַזוי צו־פרידנגעשטעלט מיין שוויגער, אַז זי האָט זיך צעוויינט פאַר פרייד און מיר געזאָגט: „איצט פאַרשטיי איך, אַז דו ביסט גערעכט״.

# דאָס זענען נישט קיין וויצן

אין די קריזיס־יאָרן 1912־1915, יאָרן פון רעגנס און פאַרפלייצונגען, פלעגט דער ראַט אָפט פאַרנעמען זיינע זיצונגען מיט זוכן מיטלען ווי אַזוי איינצוקאַסירן כאָטש קליינע סומעס אויף צו קענען נאָכקומען די מער דרינג־לעכערע הוצאות. שיקן אַ ספּעציעלן איינמאָנער, ער זאָל אַרומפאָרן אין די קאָלאָניעס, איז נישט געווען מעגלעך, מחמת די גרויסע בלאָטעס און עס האָט פשוט נישט געלוינט, ווייל די הכנסה וואָלט נישט געדעקט די הוצאות. מען האָט דעריבער באַשטימט מ׳זאָל פאַרבעטן אין יעדער קאָלאָניע איין פּערזאָן, ער זאָל באַזוכן די שכנים און זיי אויפפאָדערן זיי זאָלן אַמאָרטיזירן די חובות וויפל נאָר ס׳איז מעגלעך, — צען פּעזעס איז דעמאָלט אויך געווען אַ מטבע, — און מיט עטלעכע הונדערט צענערלעך וועט מען אויסהאַלטן די ביוראָ אַ פאָר חדשים. מיר האָבן געוווּסט אַז ווען מען מאַכט אַן אויסטויש און מען שיקט מענטשן פון איין קאָלאָניע אין אַ צווייטער, וועט עס געבן אַ בעסערן רעזולטאַט, מחמת „אין נביא בעירו״, אָבער די שלעכטע וועגן און בלאָטעס האָבן געשטערט צו דעם.

אין קאָלאָניע קורבעלאַ האָט מען באַשטימט פאַר דער דאָזיקער אויפגאַ־בע דעם מיטגליד ט—קי. אין אַ געוויסן טאָג איז ט—קי געקומען צו פאָרן אין ביוראָ מיט אַ סולקי געשפּאַנט מיט דריי פערד. פון קורבעלאַ ביז לאַ קאַפּיזשאַ איז אַן ערך 50 קילאָמעטער, און פאָרן אַזאַ שטרעקע איז געווען ממש אַן איינ־שטעלעניש. אויף מיין פראַגע, וואָס פאַר אַ דרינגלעכע זאַכן האָבן אים גע־צוווּנגען, ביי אַזאַ שלעכטן וועטער און בלאָטעס, צו מאַכן אַזאַ אָנגעשטרענגטע רייזע, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער איז געקומען פאַרהיטן דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל פון אַ צרה. פון וועלכער צרה? — פרעג איך אים, — מיר האָבן אַ היפּש ביסל צרות. מיט זייער אַן ערנסטן פּנים און מיט אַ שטרענגע שטימע זאָגט ער מיר אַזוי:

— איר האָט מיר געשיקט אַ בריוו צוזאַמען מיטן יערלעכן באַלאַנס און פאַרלאַנגט פון מיר, איך זאָל ווירקן אויף די מיטגלידער פון קורבעלאַ זיי זאָלן צאָלן אויפן חשבון פון זייערע חובות. איז וואָס מיינט איר, אַז קאָלאָניסטן זענען טאַקע אַזעלכע „טשאָביטעס״, וואָס פאַרשטייען שוין גאָר נישט און וועלן זיך לאָזן אָפּנאַרן? ער האָט, אַרויסנעמענדיק דעם באַלאַנס פון קעשענע,

אָנגעוויזן מיטן פינגער: — קוקט אָט־דאָ־אָ, ס׳איז אָנגעשריבן „דעבע"* און גלייך אין דער ערשטער שורה שטייט „קאַכאַ",** די קאַסע איז שולדיק געלט. מ׳דאַרף דאָך פּשוט האָבן בושה צו שטעלן אין אַ באַלאַנס, אַז די קאַסע איז שול־דיק געלט; אין קאַסע לייגט מען דאָך אַריין געלט, איז ווי קען עס זיין אַז אַ קאַסע זאָל זיין שולדיק געלט? און איר ווילט נאָך אַז איך זאָל מאָנען ביי קאָ־לאָניסטן די לעצטע עטלעכע פּעזעס און איר זאָלט מאַכן פאַלשע באַלאַנסן?

— איז פון וועלכער צרה, ה׳ ט—קי, ווילט איר אונדז פאַרהיטן? — האָב איך אים געפרעגט.

— וואָס הייסט? אַליין פאַרשטייט איר נישט? איר האָט דאָך מסתמא גע־שיקט אַזעלכע ביכעלעך צו מיטגלידער פון אַנדערע קאָלאָניעס אויך, און אויב עס זענען פאַראַן צווישן יענע אַזעלכע ווי איך, וואָס וועלן לייענען און זיך אָפּגעבן רעכענונג אַזוי ווי איך, אַז די קאַסע איז שולדיק געלט, קען דאָך אַרויסקומען דער גרעסטער סקאַנדאַל. עס וועט זיין אַן אומכבוד פאַר דער גאַנצער קאָלאָניע, און עס קען נאָך אָנקומען אין וויזשאַגוויי. (אין וויזשאַגוויי איז געווען דער ריכטער און דער פּאָליציי־שעף).

— איז וואָס איז אייער עצה, ה׳ ט—קי, ווי אַזוי קריכט מען אַרויס פון דער צרה? מיר האָבן געשיקט די ביכעלעך אין די בענק, אין די קאָמערציעלע הייזער מיט וועלכע מיר האַנדלען.

— זעט איר — זאָגט ער, — ווי מען רעכנט זיך מיט אייער קאָאָפּעראַ־טיוו; זיי האָבן מסתמא אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אין די ביכעלעך און זיי גלייך אַריינגעוואָרפן אין מיסטקאַסטן. ווען זיי גיבן אַ קוק, ווער ווייסט ווו איר וואָלט איצט געזעסן! איך בין אַ פּראָסטער קאָלאָניסט און קען אייך נישט געבן קיין עצות. איצט איז שוין שפּעט. די פערד זענען מיד, וויל איך צופאָרן דאָ נאָענט צו אַ שכן און דאָרט איבערנעכטיקן און מאָרגן אין דער פרי וועל איך קומען דערליידיקן מיין רעכענונג און ווערן אויס מיטגליד.

אויף מיין בקשה, אַז איך וועל אים אויפקלערן דעם „געפערלעכן טעות", האָט ער גאָר נישט געוואָלט הערן. „וואָס וועט איר מיר דערקלערן, וואָס? איר וועט מיר פאַרטומלען דעם קאָפּ. דאָס וואָס ס׳איז אָנגעשריבן וועט איר מיט צען העק נישט אויסהאַקן. פאַרברענט אַלע ביכער אייערע און — פאַרטיק". באַלד איז ער אַוועק. אויף מאָרגן אין דער פרי איז ער געקומען. ער האָט פאַרגעסן אַן אַלטע „פּאָנטשאָ" אין ביוראָ און זאָגט מיר, אַז ער מוז שוין אַוועק־פאָרן, ווייל דער וועג איז אַ שווערער, עס ווייזט זיך אויף רעגן און די פערד זע־

* דעביט — שולדיק.

** קאַסע.

נען מאָגער; עס איז אַ רחמנות אויף די פערד. וואָס איז מיר געבליבן אים צו זאָגן: „פאָרט געזונט. עס איז טאַקע נעבעך אַ רחמנות אויף די פערד...". ער האָט מיר געזאָגט ביי וועמען ער האָט געגעכטיקט, האָב איך פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער איילט זיך אַזוי און רעדט שוין מער נישט וועגן ווערן אויס מיטגליד.

מען פאַרשפּאָרט צו זוכן אין דער ענציקלאָפּעדיע דעם טייטש פון „סאַמיגואַלעס", — מען וועט דאָס נישט געפינען. דאָך האָט איינער געוואָלט סילוקן אַ חוב מיט דעם דאָזיקן וואָרט.

אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט איז געקומען אין קאַנטאָר פון פּאַנדאָ קאָמונאַל דער זון פון מיטגליד ש—ס, ווייל דער פאָטער איז שוין נישט געווען, און שטעלט מיר פאָר זיינעם אַ פעטער, וואָס איז נישט לאַנג געקומען פון רוסלאַנד. דערביי האָט ער צוגעגעבן, אַז ער פאַרשטייט אין די קליינע אותיות. געקומען איז ער, ווייל ער וויל וויסן וויפל ער איז שולדיק אין קאָאָפּעראַטיוו.

אויף מיין פראַגע, צי ער האָט באַקומען די אָפּרעכענונג, אין וועלכן ס'איז דעטאַלירט זיין חשבון (אַלע זעקס חדשים פלעגן מיר שיקן צו יעדן מיטגליד דעם רעזומען פון זיין חשבון), האָט ער מיר געענטפערט נעגאַטיוו. איך האָב געהייסן אַ באַאַמטן, ער זאָל אים געבן אַ קאָפּיע פון רעזומען. דער פעטער, ווי אַן „אוטשאָני יעווריי", האָט גענומען דרייען מיטן קאָפּ, פון רעכטס צו לינקס און פון לינקס צו רעכטס און זאָגט מיר, אַז ער איז גאָרנישט שולדיק, און אַז דער פלימעניק איז אויך גאָרנישט שולדיק; ער קען איינזעצן אין אַסטראָג פאַר מאָנען אומזיסטן געלט, נאָר מען איז דאָך יידן, וועט ער דאָס נישט טאָן. דאָס איינציקע וואָס ער פאָדערט איז, מען זאָל תיכף, גלייך אויפן אָרט, אים אומקערן אַלע וועקסלען און מיט דעם וועט זיין דערליידיקט דער ענין. אויף מיין פראַגע, פון וואַנען נעמט ער, אַז דער פלימעניק איז גאָרנישט שולדיק דעם קאָאָפּעראַטיוו, נעמט דער פעטער אַרויס דעם רעזומען, און האַלטנדיק דעם פּאַפּיר פון דער ווייטנס, אויס מורא איך זאָל עס חס־וחלילה ביי אים נישט אַרויסכאַפּן, — ווייזט מיר אָן אויף דער אונטערשטער שורה, ווי ס'איז אָנגעשריבן „סאַמיגואַלעס", הייסט עס אַז ער האָט אייך אַלץ באַצאָלט. אויב איר גיט אים נישט אָפּ די וועקסלען, פאָר איך מאָרגן קיין קאָלאָן (ש. ר. איז געווען אַ קאָלאָניסט אין סאַן־אַנטאָניאָ און געהערט צו יענעם דיסטריקט) און ווייזט דעם ריכטער, אַז עס איז בפירוש געשריבן „סאַמיגואַלעס" מיטן שטעמפּל. „מען וועט אייך ברענגען מיט קייטלעך קיין קאָלאָן".

אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס ער האָט געזאָגט אַ ליגן, אַז ער האָט נישט דעם רעזומען, האָט ער מיר געענטפערט, אַז מיט אַזאַ חברה קען מען נישט גיין מיטן אמת. דאָס איינציקע וואָס איך האָב אים געראָטן איז געווען, אַז ווי

איינער וואָס „האַנדלט מיטן אמת״, זאָל אומפּאַרזאַמט פאָרן קיין קאָלאָן צום ריכטער און ער וועט שוין וויסן וואָס ער האָט צו טאָן.

וואָס איז טאַקע „סאַמיגואַלעס״? די בוכהאַלטערס, ווען זיי מאַכן דעם רעזומען פון „דעביט״ און „האַביט״, שטעלן זיי צו דעם סאַלדאָ צו דער גע־העריקער רובריק מיט דער באַמערקונג: „סומאַס איגואַלעס״ (אויסגעגלייכטע סומעס). דער פעטער וואָס פאַרשטייט אין די קליינע אותיות, האָט אינטער־פּרעטירט אַז מיט אַזאַ באַצייכענונג איז שוין אַזוי גוט ווי באַצאָלט. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ געלעכטער עס האָט אַרויסגערופן ביי די באַאַמטע פון דער בוכהאַלטעריע־אָפּטייל. דער פעטער האָט פאַרגעזעצט צו סטראַשען. דער פלימעניק האָט מיר אָפּגערופן אָן אַ זייט און מיר געזאָגט, אַז ער וויל נישט פאָרן קיין קאָלאָן, ווייל דאָרט זענען זיי אַנטיסעמיטן און פון אַזאַ מעשה קען ליידן דער נאָמען פון גאַנצן יידנטום. איך האָב אים באַגריסט, וואָס ער זאָרגט אַזוי פיל פאַרן כלל און אים געראָטן, אַז טאַקע דערפאַר דאַרף ער פאָרן קיין קאָלאָן, כדי יידישע שווינדלערס זאָלן איינגעשפּאַרט ווערן אין אַסטראָג און זיך נישט אַרומדרייען צווישן אָרנטלעכע מענטשן.

— אָבער — האָט ער געגומען שטאַמלען, — אָבער סאַכאַראָוו?

— וואָס אַרט אייך פאַר סאַכאַראָוון? — זאָג איך אים. — סאַכאַראָוו וועט זיך ווי ס׳איז אַרויסדרייען פון אַסטראָג, אָבער די אַנדערע שווינדלערס וועט איר איינזעצן און אַלע מיטגלידער וועלן אייך דאַנקען דערפאַר.

— נו, און... און... — איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער מיינט מיך, — וואָס וועט זיין מיט אייך?

— איר ווילט פאַרזאָרגן שווינדלערס? וואָס זאָרגט איר פאַר מיר?

דער פעטער האָט געגעבן אַ זאָג: „קום!״ און זיי זענען אַוועק.

שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט איז ער געקומען און באַצאָלט זיין חוב.

**
*

זייער אָפט פלעגן מיר — סאַכאַראָוו און איך — דערציילן די דאָזיקע עפּיזאָדן אין פריידן.

# ד״ר נח ירחי

ווען ד״ר נח ירחי וואָלט געלעבט אין אַ יידישן צענטער אין איראָפּע, וואָלט ער זיכער פאַרצייכנט געוואָרן אין אַ ספּעציעלער בלאַט פון אונדזער געשיכטע, צווישן די בעסטע יידישע זין וואָס האָבן געלעבט אין זיין צייט.

כדי אַ מענטשנס לעבן זאָל זוכה זיין צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער געשיכטע און דינען ווי אַ מוסטער פאַר די שפּעטערדיקע דורות, מוז ער זיין באַגאַבט מיט מעלות וואָס זענען מער ווי דורכשניטלעכע, און די סביבה וואָס זאָל פאַרשטיין ווי אים אָפּצושאַצן און אויסנוצן לטובת הכלל. ווען דער תנא רבי יוחנן האָט קוואַליפיצירט זיינע תלמידים, האָט ער געשטעלט העכער פון אַלע גוטע מידות, אַ גוט הארץ. איך, וואָס האָב געהאַט די זכיה צו קענען דעם ד״ר נח ירחי פון דער נאָענט און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, באַוווּנדער נאָך ביז היינט די אומבאַגרענעצטע גוטהאַרציקייט וואָס ער האָט פאַרמאָגט און זיין אויסערגעוויינלעכע ליבשאַפט צום יידישן יחיד, צום גאַנצן יידישן פאָלק און זיין בענקשאַפט צו יידיש לעבן.

ווייזט אָבער אויס, אַז די ערשטע קאָלאָניסטן האָבן געהאַט אַ בעסערן מזל ווי ד״ר נח ירחי. די השגחה האָט אַזוי געפירט, אַז ער זאָל קומען ביים סאַמע אָנהייב פון באַראָן הירשס טעטיקייט, דאָס הייסט, ווען אַלץ איז נאָך געווען פוסט און וויסט, ווען מען האָט אַלץ געמוזט אָנהייבן פון בראשית, מיט אָנפאַנגער, וואָס האָבן נישט געוווּסט ווי אַזוי מען הייבט אָן; מיט פאַרוואַלטערס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן דער אייגנשאַפט פון דעם באָדן, קלימאַט און אַגראַר־ווירטשאַפט אין אַרגענטינע, און נאָך ווינציקער האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם מענטשן־עלעמענט, מיט וועלכע באַראָן הירש האָט אָנגעהויבן דורכצופירן אין דער פּראַקטיק זיין אידעאַל. אָט אין יענער כאַאָטישער צייט איז ד״ר נח ירחי געווען די פּערזאָן, וואָס האָט גייסטיק געשטאַרקט, געמוטיקט, געטרייסט און איז געוואָרן די צענטראַלע פיגור, צו וועלכע אַלע אָן אויסנאַם האָבן געהאַט דעם פולן צוטרוי.

ד״ר נח ירחי איז געווען דער ראַטגעבער, דער פאַרטרוימאַן ביי פּריוואַטע, פאַמיליאַרע, שכנישע ווי געזעלשאַפטלעכע אָנגעלעגנהייטן. און געהאָלפן האָט ער מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ קלוג וואָרט, מיט פאַרמיטלען דאָרט ווו מען האָט געדאַרפט, און מיט זיין קעשענע. ער איז געווען — אויב מען

קען זיך אַזוי אויסדריקן — דער סינטעז פון גוטהאַרציקייט, באַשיידנקייט און הומאַניזם, וואָס האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ און יראת־הכבוד ביי ייִדן ווי ביי נישט־ייִדן. ד״ר נח ירחי האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד נישט צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער, נישט צוליב סאָציאַליסטישע אידעען, נישט צוליב נויט, נאָר ווייל עס האָט געברענט אין אים דאָס פייערל פון „פּינטעלע ייִד״, און ער האָט נישט געקענט לעבן אונטער דעם צאַרישן רעזשים, ווו ייִדן זענען פאַרפאָלגט און דערנידעריקט געוואָרן. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט סלוצק (ליטע), דעם 24סטן דעצעמבער 1862, ביי נישט־פאַר־מעגלעכע, אָבער זייער פרומע עלטערן. ער פלעגט אָפט מאָל דערציילן, אַז ווען ער איז אַלט געווען אַכט יאָר, ווען גייענדיק אין שול האָט אים דער ווינט אַראָפּגעיאָגט דאָס היטל פון קאָפּ, האָט ער זיך פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט דער פּאָלע פונעם רעקל און געלאָפן כאַפּן דאָס היטל. די עלטערן האָבן אים גע־שיקט לערנען אין דער רוסישער שול, כדי — לויט די רוסישע געזעצן — ער זאָל זיין פריי פון מיליטער־דינסט. אַ מוסטער פון ייִדישער פרומקייט איז געווען די אַלטיטשקע מוטער זיינע, וועלכע פלעגט קומען צו אונדז אויף די יום־טובים אָדער שבת, און זי פלעגט אונדז דערציילן מעשיות פון איר נחקען. ווי אַ סטודענט, פלעגט ער געבן לעקציעס אין פּריוואַטע הייזער, און איינע פון זיי איז געווען דאָס הויז פון סאַכאַראָוון. ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער, זיין שילערין.

באַלד ווי ער האָט באַקומען זיין דאָקטאָראַט און מען האָט אים גערופן צום ערשטן חולה, — אַזוי האָב איך געהערט אים דערציילן, — האָבן אים געציטערט די הענט און פיס. ער האָט דערפילט די גרויסע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַרן לעבן פון מענטשן. האָט ער זיך באַשלאָסן און איז אַוועק אין גרויסן שפּיטאָל פון קיִעוו און זיך אָנגעבאָטן צו אַרבעטן ווי אַ פּראַקטיקאַנט. אָבער, מען האָט אים נישט געוואָלט אָננעמען, ווייל דעמאָלט האָט מען געגנו־מען פעלטשערס צו די קראַנקע און נישט קיין דיפּלאָמירטע דאָקטוירים. עס האָט אים געקאָסט פיל מי ביז ער האָט געפּועלט מען זאָל מאַכן פאַר אים אַן אייסנאַם. ער פלעגט זיין טאָג און נאַכט מיט די קראַנקע אין די זעלביקע סאַ־לעס. ערשט דעמאָלט האָבן די דירעקטאָרן פון שפּיטאָל זיך אָפּגעגעבן רע־כענונג וועגן דער לויבבאַרקייט צו באַנוצן זיך מיט יונגע דאָקטוירים, וואָס ווילן דערגאַנצן זייער פּראַקטיק.

ווען דער שעף־דירעקטאָר פון שפּיטאָל — אַזוי האָט ד״ר ירחי דער־ציילט — האָט געדאַרפט אַוועקפאָרן אויף אַ שטיקל צייט, האָט ער אָנפאַר־טרויט פּראָוויזאָריש זיין פּאָסטן דעם יונגן ד״ר ירחי, אין דער זיכערקייט, אַז ער וועט אים נישט פאַרראַטן און נישט זוכן צו בלייבן מיט דער שטעלע. אַזוי

האָט ער געאַרבעט אַ יאָר צייט אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל. ווען ער האָט זיך שוין געפילט פעסט ווי אַ מעדיקער און האָט אָנגעהויבן פּראַקטיצירן, איז אויסגעבראָכן אין איינינקע געגנטן פון טיף רוסלאַנד אַ כאָליערע־עפּידעמיע און די רעגירונג האָט אים אַוועקגעשיקט ווייט אין אַ דאָרף, ווו ער האָט אָנגעטראָפן מענטשן אין אַ פּרימיטיוון צושטאַנד און נישט געוווּסט פון דעם, וואָס מען רופט אָן מעדיצין. זיי זענען געווען געוווינט און איינגעגלייבט אין זגאַכערס און אָפּשפּרעכערס, אָבער ווען מ׳האָט זיי געוואָלט היילן מיט מעדיצינען, מיט היגיענישע אָנווייזונגען, האָבן זיי געזאָגט, אַז מען וויל זיי פאַרסמען. ווען ער פלעגט גיין צו אַ קראַנקן, האָט אים געמוזט באַגלייטן די פּאָליציי, מ׳זאָל אים נישט דערהרגענען. קומענדיק צוריק, נאָך דעם ווי ער האָט ממש געשטעלט זיין לעבן אין סכנה, האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט רדיפות און פּאָגראָמען אויף יידן.

אין אַ בריוו וואָס ער האָט געשריבן צו זיין שוואָגער סאַכאַראָוו אין יאָר 1892, זאָגט ער: „מישאַ, מיר מוזן זיך ווידמענען אונדזער אָרעם פאָלק! מישאַ, מיר מוזן אים ביישטיין״. אַגב, וויל איך דאָ פאַרצייכענען, אַז סאַכאַראָווס יידישער נאָמען איז משה. דעם זעלבן יאָר פאַרלאָזט ער צוזאַמען מיט זיין פרוי זיין היים, זיין סביבה און פאָרט אַוועק קיין לאָנדאָן, ווו ער פּראַקטיצירט עטלעכע חדשים. און דערוויסנדיק זיך, אַז אין אַרגענטינע גייט זיך שאַפן אַ יידישער צענטער מיט יידישע קאָלאָניעס, פאַרלאָזט ער לאָנדאָן און קומט צופאָרן קיין בוענאָס־איירעס. נאָך איינינקע טעג אָפּרו, קומט ער אָן דעם 17טן אַפּריל 1893 קיין דאָמינגעז, קאָלאָניע קלאַראַ.

מען קען זיך איצט קוים פאָרשטעלן וואָס עס איז דעמאָלט געווען קאָלאָניע קלאַראַ. עס איז געווען כמעט מדבר. ביי די גאַוטשאָס איז אַ פערד געווען מער געשאַצט ווי אַ מענטשנס לעבן. שוין נישט ריידנדיק וואָס עס האָבן געפעלט די עלעמענטאַרסטע באַדינגונגען אויף צו קענען פּראַקטיצירן מעדיצין, חוץ קלימאַטישע, געאָגראַפישע און באַוועגונג־שוועריקייטן. און דאָך האָט זיין אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט צו זיינע יידישע ברידער גובר געווען אַלע שוועריקייטן און אומבאַקוועמלעכקייטן און איז געבליבן מיט זיינע ברידער, וואָס האָבן אויך, ווי ער, געפילט דעם טעם פון פאַרפאָלגונגען. ער איז ווירקלעך געווען אַ טרייסט און אַ מוסטער פאַר אַלע קאָלאָניסטן. ווי געזאָגט, איז דאָס געווען דער גוטער מזל פון די קאָלאָניסטן, וואָס ד״ר יררחי איז צו זיי געקומען פּונקט צו דער צייט. ווער ווייסט וויפל קרבנות עס וואָלטן געווען ווען עס קומט נישט אָן דער רעטער אין סאַמע נייטיקסטן מאָמענט. איך וועל דאָ פאַרצייכענען די ווערטער פון איינעם, וואָס האָט איבערגעלעבט די טיפוס־עפּידעמיע וואָס איז אויסגעבראָכן אין קאָלאָניע אין דעם צווייטן יאָר

פון ד״ר ירחיס אָנקומען. אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ נומער 267 פון מאָ־נאַט יולי 1937, שרייבט ברוך בענדערסקי:

„יעדעס מאָל ווען עס קומען מיר אויף די געדאַנקען די ערשטע יאָרן פון אונדזער באַזעצן זיך אין קאָלאָניע און עס הייבן אָן אַרויפ־שווימען בילדער פון יענער צייט, שיינט אַרויס דאָס ליכטיקע בילד, די ליכטיקע פיגור פון ד״ר נח ירחי, ווי אַ גרויסער ליכטיקער שטערן אין אַ פינצטערער נאַכט. און איצט, אַז איך האָב באַקומען אַן איינלאַ־דונג פון „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ עפּעס אָנצושרייבן אין ספּעציעלן נומער וואָס ווערט אַרויסגעגעבן צו ד״ר ירחיס ליכטיקן אָנדענק, שטעלט זיך ביי מיר ערשט די פראַגע: וואָס זאָל איך שרייבן? ווייל וואָס מען זאָל נישט זאָגן וועגן ד״ר ירחי, וויפל מען זאָל נישט שרייבן וועגן זיין גרויסקייט, וועט מען אַלץ נישט דערזאָגן און נישט דערשרייבן. עס פעלן פשוט ווערטער אויף אויסצודריקן דאָס, וואָס ד״ר ירחי איז גע־ווען פאַר אונדז, פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע און אויך פאַר דער אַרומיקער נישט־יידישער וועלט. און טאַקע דערפאַר וועל איך נישט מער שרייבן ווי אַן עפּיזאָד, ווי אַזוי איך האָב צום ערשטן מאָל געזען ד״ר ירחי. דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון אונדזער אָנקומען אין קאָלאָניע צוריק מיט 43 יאָר.

געקומען זענען מיר אַן ערך 150 פאַמיליעס אויף איין שיף, און צוליב די שלעכטע באַדינגונגען אין וועלכע מיר זענען געקומען, האָט נאָך אויף דער שיף אויסגעבראָכן צווישן אונדז אַ טיפוס־שלאַפקייט און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען. מיר האָבן זיך באַזעצט אין די קאָלאָניעס זאָנענפעלד, פיינבערג און בעלעז און צוזאַמען מיט אונדז אויך די עפּי־דעמיע — טיפוס. אין דער גאַנצער געגנט פון די קאָלאָניעס, וועלכע איז געווען אַ צעשפּרייטע, איז קיין אַנדער דאָקטער נישט געווען ווי נאָר ד״ר ירחי אין דאָמינגעז. פון אומעטום זענען געקומען הילף־רופן. דער טיפוס האָט אָנגענומען אַן ערנסטע פאָרעם און זיך פאַרשפּרייט וואָס אַ מאָל מער אין די קאָלאָניעס. און אָפט מאָל, ווען ד״ר ירחי איז געקומען צו אַ קראַנקן, האָט ער שוין געדאַרפט אויך באַהאַנדלען צוויי אָדער דריי פון דער זעלבער פאַמיליע. און ד״ר ירחי פלעגט אַרומפאָרן טאָג און נאַכט פון איין קאָלאָניע אין דער צווייטער און פון איין קראַנקן צום צווייטן. פאָרן פלעגט ד״ר ירחי אין אַ קאָטש געשפּאַנט מיט פיר פערד. (קיין אויטאָס זענען נאָך נישט געווען, און אַז עס פלעגט רע־גענען, פלעגט ער פאָרן רייטנדיק אויף אַ פערד אין די רעגנס און אין די בלאָטעס).

קיין שפּיטאָל איז נישט געווען, האָט ד״ר ירחי אויף גיך איינגע־אָרדנט אַ שפּיטאָל לעבן זיין וווינונג, אין אַ געביידע פון ציגל, וואָס איז באַשטאַנען פון איין גרויסן צימער, און אַהין האָט ער די מער־געפערלעכע מיטגענומען מיט זיך אין קאָטש. אָבער נישט אַלע קראַנ־קע האָט ער געקענט ברענגען אין שפּיטאָל, ווייל, ווי שוין געזאָגט, איז דער ראַיאָן געווען אַ גרויסער און קראַנקע זענען געווען אַ סך. האָט מען די אַנדערע קראַנקע געבראַכט אויף וועגענער געשפּאַנט מיט אָקסן, ווייל פערד זענען געווען ווייניק. און ווען ד״ר ירחי פלעגט נאָר צוריקקומען פון זיין אַרומפאָרן איבער די קאָלאָניעס, פלעגט ער גלייך אַריינגיין צו זיינע קראַנקע, נישט אַריינגייענדיק אַפילו צו זיך אין הויז. מיט זיין אַריינקומען אין שפּיטאָל פלעגט אַ פרייד אַרומנעמען אַלע קראַנקע וואָס האָבן זיך געפילט בעסער. ד״ר ירחי, מיט זיין שטענדיקן שמייכל פלעגט גיין פון בעט צו בעט און מיט יעדן חולה פאַרפירן אַ געשפּרעך און פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ וויץ, אַ גלייכ־ווערטל, אַזוי אַז די קראַנקע האָבן גאָר פאַרגעסן אין זייערע ווייטיקן. מיט עלטערע יידן פלעגט ער זיך וועטן, ווער עס קען מער קאַפּיטלעך תהלים אויסנווייניק.

אין יענע טעג איז מיין פאָטער ע״ה און מיינע עלטערע צוויי שוועסטערס קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מען האָט זיי אַוועקגע־פירט אין שפּיטאָל. מיין מוטער איז מיט זיי מיטגעפאָרן און איך בין געבליבן אין דער היים מיט די יינגערע קינדער. און אַלע טאָג פלעג איך פאָרן אין שפּיטאָל געוווּיר ווערן וואָס זיי טוען. און גראָד ווען איך פלעג קומען, האָב איך דעם ד״ר ירחי נישט געטראָפן, ער איז געווען אַוועקגעפאָרן איבער די קאָלאָניעס. נאָר איין מאָל, ווען איך בין אַהין אָנגעקומען, און נאָך איידער איך האָב געעפנט די טיר, הער איך עפּעס אַ גערויש אינעווייניק. איך בלייב שטיין און הער מיך צו: יאָ, עס קומט פון אינעווייניק. איך הער אויך אַ פריידיקן געלעכטער, אַ געזאַנג. איך עפן די טיר און מוז בלייבן שטיין. איך קען ווייטער נישט גיין. מענער און פרויען, יונגע און אַלטע, אַלע אין אַ ראָד פאָר־מירט, האַנט אויף אַקסל, גייען, בעסער געזאָגט — שלעפּן זיך אין אַ קיילעכדיקן טאַנץ, אַהין און צוריק. ד״ר ירחי אין מיטן. מיט אַ פרייד אויפן פּנים אויסגעגאָסן, וואָס איז נישט צום באַשרייבן, פּליעס־קעט צו צום טאַקט און פירט אָן דעם טאַנץ. פון עטלעכע בעטן אַרום קוקן מיט קנאה אייניקע קראַנקע, וואָס האָבן נאָך נישט געקענט נע־מען קיין אָנטייל אין טאַנץ. אין אַ ווײַלע אַרום ווערט דער טאַנץ אָפּ־

געשטעלט און יעדער איינער גייט זיך אַ פּאַרסאָפּעטער צו זיין בעט. דאָס האָט ד״ר ירחי דורכגעפירט מיט די קראַנקע, ביי וועמען דער קריזיס איז שוין אַריבער און האָבן זיך געדאַרפט אַ ביסל דורכגיין, נאָר זיי האָבן זיך געפוילט.

אָט אַזוי האָב איך געזען צום ערשטן מאָל דעם ד״ר ירחי״.

איך ווייס נישט אויף ווי ווייט פּראַקטיש פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט עס איז געווען דאָס פירן אין אַ קאַראַהאַד די געוועזענע קראַנקע. אָבער דאָס בילד רופט ביי מיר אַרויס באַוווּנדערונג און עמאָציע פאַר דער גרויסער מאָס ליבשאַפט וואָס ד״ר ירחי האָט געפילט צו זיינע חולאים; דאָס איז אפשר געווען די איינציקע צעשטרייונג וואָס מען האָט זיי געקענט פאַרשאַפן אין יענע מדבר־יאָרן. פאַראַפראַזירנדיק אַ חסידיש וואָרט, וואָלט איך געזאָגט: דאָס איז געווען דינען די מעדיצין מתוך שמחה, מתוך אהבה לבריות, און נאָך מער — מיט אהבת ישראל.

**
*

אין 1903 האָט מען געפייערט דעם צענטן אַניווערסאַר פון ד״ר ירחיס קומען אין קאָלאָניע. און נאָך דעם ווי דער חזן פורער האָט געזונגען אייניקע פּאַסיקע תפילות און נאָך די באַגריסונגען, האָט גערעדט ירחי. אין זיין ריידן האָט ער איבערגעגעבן אייניקע פּרטים פון זיינע סטודענטן־יאָרן און וואָס עס האָט אים געצווונגען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. אין איין פראַזע האָט ער דעפינירט די גאַנצע דעמאָלטיקע יידישע סיטואַציע: „ביִיוט אי פּלאַקאַט ניע דאַיוט״. ביים זאָגן די דאָזיקע ווערטער, איז ער געבליבן אַ ווײַלע שטיל. די טרערן האָבן אים געוואָרגן.

צוואַנציק יאָר האָט ד״ר ירחי מקריב געווען פאַר די יידישע קאָלאָניסטן פון קאָלאָניע קלאַראַ. ריכטיק איז, אַז ער האָט באַהאַנדלט אַלע מענטשן גלייך, אָן אונטערשייד פון גלויבן אָדער נאַציע. ער פלעגט פאָרן צו די קראַנקע פון די אָרעמסטע ראַנטשאָס און זיי נאָך איבערלאָזן געלט אויף צו קויפן די מעדיקאַמענטן מיט דער זעלביקער אויפמערקזאַמקייט ווי דעם פיינסטן בעל־הבית. עס איז אָבער אויך ריכטיק, אַז ער האָט אַוועקגעגעבן זיינע יאָרן, זיין געזונט און איז אַוועק יונג פון דער וועלט, נאָר צוליב דעם וואָס ער האָט געוואָלט זיין מיט זיינע ברידער, מיט זיינע יידן. מיט זיין באַרוף האָט ער געקענט לעבן גליקלעך אין איינע פון די גרעסערע שטעט. מיט כבוד און זיכער מיט מער מאַטעריעלע נוצן, מיט מערער באַקוועמלעכקייטן, אָבער דער גייסט פון „מישאַ, מיר מוזן זיך ווידמען אונדזער פאָלק; מישאַ, מיר מוזן אים

ביישטיין" — האָט אים באַהערשט פון ערשטן ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

דאָס איז געווען אַ לעבן פון אַ גרויסן מאַן אין אַ קליינער, באַגרענעצטער סביבה. צו פיל פאַררוקט אין אַ ווינקל איז געווען די קאָלאָניע, צו פיל אָפּ־געזונדערט פון דער גרויסער וועלט, אַז מען זאָל קענען אָרויסברענגען די גרויסקייט פון ד"ר נח ירחי. אפשר וועלן נאָך קומען היסטאָריקער, גריבלער, וואָס וועלן באַלייכטן פאַר דער וועלט — ווער און וואָס עס איז געווען ד"ר נח ירחי.

# עפּיזאָדן פון ד״ר ירחי

אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער קאָלאָניזאַציע, אין איינעם אַ ווינטער־פאַרנאַכט איז ד״ר ירחי געקומען צופאָרן רייטנדיק צו אונדז אין שטוב. די שכנים — מיר זענען געזעסן אין אַ גרופּע פון פיר פאַמיליעס — זענען אַרויס פון זייערע הייזער, זען וואָס ס׳האָט פּאַסירט, צי עס איז, חס־ושלום, עמיצער קראַנק. נאָך אַ קורצער באַגריסונג האָט ער זיך געווענדט צו מיין פאָטער, ר׳ מענדל: „איר ווייסט וועגן וואָס איך בין איצט געקומען צו אייך? איך וויל מיר זאָלן גרינדן אַ חברה עין יעקב, אַלע שכנים זאָלן קומען דריי מאָל אין וואָך לערנען און איך וועל אויך קומען״.

אין יענער צייט זענען אַלע קאָלאָניסטן געזעסן אויף זייערע טשאַקרעס פון 50 העקטאַר. אַלע ייִדן זענען געווען אין דער היים. אייניקע זענען באַ־שטאַנען פון צוויי פאַמיליעס, אַזוי אַז שבת און יום־טוב פלעגן זיך צונויפקו־מען אַ 20־30 פּערזאָן צום מנין. פון אָנהויב האָט דער פאָטער נישט גענומען ערנסט דעם פאָרשלאַג, וויל מען האָט געקענט דעם ד״ר ירחי ווי אַ וועלט־לעכן. אָבער ד״ר ירחי האָט פאַרזיכערט, אַז ער מיינט עס אויפריכטיק. פאַר־שטייט זיך, אַז מיין פאָטער האָט עס אויפגענומען מיט שמחה, און דריי מאָל אין וואָך, פאַרנאַכט, פלעגן זיך צונויפקומען די שכנים צו אונדז אין שטוב לערנען „עין יעקב״. און עס איז געווען אינטערעסאַנט צוצוזען, ווי ד״ר ירחי זיצט, קוקט אַריין און הערט זיך צו מיט דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט. שפּעטער האָט ער געשאַפן אַ חברה אין סאַן־גרעגאָריאָ און אין דאָמינגעז. נאָך אַ פּאָר יאָר, ביי אַ געלעגנהייט, האָב איך אים געפרעגט, וואָס ס׳האָט אים באַוויגן צו גרינדן די חברהס עין יעקב? און ער האָט מיר דערקלערט אָט־וואָס:

„אין דער טעגלעכער פּראַקטיק האָב איך באַמערקט, אַז די צאָל קראַנקע וואָס קומען צו מיר אין קאַבינעט אין אַ זייער הויכער פּראָפּאָרץ, באַקלאָגן זיך אַז זיי קענען נישט שלאָפן, זיי האָבן נישט קיין אַפּעטיט צום עסן, צי ער פילט זיך אַזוי סתם נישט מיט אַלעמען. עס האָט מיך אויך גערופן די אויפמערק־זאַמקייט די אָפטע סיכסוכים וואָס קומען פאָר צווישן די מיטגלידער פון דער אייגענער פאַמיליע, און עס האָט זיך פאַר מיר געשטעלט די פראַגע: איך גע־דענק דאָך גוט די ייִדן פון די קליינע שטעטלעך אין רוסלאַנד, ווו דער גרעס־טער טייל האָט געלעבט כסדר מיט דער דאגה פון פרנסה אויפן טאָג און ווו

נעמט מען אויף שבת. דער לעבנס־שטאַנדאַרט איז געווען ביז גאָר אַ נידע־ריקער. פלייש האָט מען פאַרזוכט פון שבת צו שבת, און דאָך האָבן זיי זיך נישט באַקלאָגט אַזוי פיל אויף קראַנקייטן. און דאָ, אין קאָלאָניע, ווו זיי לעבן רויק, עסן און טרינקען פעלט נישט, די לופט איז אַ פרייע און געזונטע, מען דאַרף נישט ציטערן פאַרן אוראַדניק צי פאַרן רעוויזאָר, — באַקלאָגט מען זיך אַזוי אָפט אויף דעם געזונט וואָס איז נישט אין אָרדענונג, און עס פעלט דער שלום־בית ביי אַ סך פאַמיליעס. בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס דאָ פעלן די גייסטיקע פאָר שעה וואָס יעדער ייד פלעגט האָבן טעגלעך אין יענע שטעטלעך פון ליטע, פוילן, רוסלאַנד אָדער בעסאַראַביע. דאָרטן האָט יעדער ייד געוווסט — וועלכע עס זאָל נישט האָבן געווען זיין באַשעפטיקונג, אַ קרעמער, בעל־מלאכה, מעקלער, מלמד צי אָנ־געשטעלטער, — אַז פאַרנאַכט דאַרף ער גיין אין בית־מדרש דאַוונען מנחה און מעריב. און צווישן איין תפילה און דער צווייטער — אויך עפּעס לערנען. אויב ער אַליין האָט נישט געקענט לערנען, האָט ער זיך צוגעהערט וואָס אַנ־דערע לערנען. נאָך מעריב האָט מען זיך נישט געאײַלט, מען האָט געשמועסט, דערציילט נייס, זיך געחקירהט און אין דער היים האָט מען געהאַט עפּעס צו דערציילן ווייב און קינד. דאָ, אין די קאָלאָניעס, אין די קורצע ווינטער־טעג, ענדיקט זיך די אַרבעט אין פעלד פינף אַ זייגער פאַרנאַכט, ווייל עס איז שוין דעמאָלט פינצטער; יעדער איינער זיצט ביי זיך אין שטוב, אָן געזעלשאַפט; נישטאָ מיט וואָס צו פאַרנעמען די צייט, לייגט מען זיך שלאָפן פרי. די נעכט זענען לאַנגע — קען מען נישט שלאָפן אַזוי פיל, ווערט מען נערוועז, הייבט זיך אָן דאַכטן אַז מען איז נישט געזונט; אַז עס זיצן גרויסע פאַמיליעס, און אויך צו צוויי פאַמיליעס אין איין שטוב, עלטערן מיט חתונה־געהאַטע קינ־דער; עס איז ענג, — קומען אַרויס אומפאַרשטייענישן. קיין ביבליאָטעקן זע־נען נישטאָ, די עלטערן האָבן נישט געהאַלטן פון ביבליאָטעקן, — בין איך געקומען צום געדאַנק, צו גרינדן חברהס צו וועלכע די דאָזיקע יידן זענען געוווינט, ווו זיי וועלן קענען פאַרברענגען די אָוונטן; זיי וועלן זיך זעטיקן אַ פאָר שעה גייסטיק און דאָס וועט זיי זיין צום געזונט".

אויסהערנדיק דאָס, האָב איך געטראַכט, אַז מען קען זיין אַ גוטער ייד אַפילו ווען מען איז נישט קיין פרומער.



אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" נומער 267, ספּעציעל געווידמעט דעם אָנדענק פון ד"ר ירחי, צו די 15 יאָר נאָך זיין טויט, שרייבט ש. י. הורוויץ, צווישן אַנדערע זאַכן:

„ד״ר ירחי און דער ערשטער פּרווו צו גרינדן אַ ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע. ווי עס איז זיך פאָרצושטעלן, האָט ד״ר ירחי קיין צייט נישט געהאַט אָפּצוגעבן זיך צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, דאָך איז נישט געווען קיין צווייג פון געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, ווו ער זאָל זיך נישט באַטייליקן, בפרט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן קאָלאָניסטי־שע ענינים אָדער ציוניסטישע אינטערעסן. באַלד אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט, אַ 4 אָדער 5 יאָר נאָכן באַזעלער ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט זיך צווישן דעם יונגן יידישן ישוב אין אַרגענטינע אָנ־געהויבן פאָרמירן דאָ און דאָרט ציוניסטישע צענטערן. יעדע איינע פון זיי האָט דירעקט קאָרעספּאָנדירט מיט דער ציוניסטישער הויפּט־ביוראָ אין ווין. שפּעטער האָט זיך געניייטיקט און עס האָט זיך אָנגע־הויבן אויסוואַרעמען דער געדאַנק, אַז עס איז נייטיק די ציוניסטישע צענטערן אין לאַנד, דורך זייערע דעלעגאַטן, זאָלן זיך צוזאַמענקומען אויף אַ צוזאַמענפאָר און באַטראַכטן די מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן דעם אַרגענטינער ציוניזם אין איין אָרגאַניזאַציע. דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין דעם שטעטל לאַ קאַפּיזשאַ, אין קלוב „זכרון משה״, מיט באַטייליקטע דעלעגאַטן פון בוענאָס־איירעס: ליאַכאָוועצקי, צייטלין און צייטלינס אַ טאָכטער. און עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער ערשטער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמיטעט אין אַרגענטינע, מיט ד״ר ירחי אַלס פּרעזידענט״.

**
*

אין זעלבן נומער „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ שרייבט אברהם גאַביס:

„אין יאָר 1912, צוויי מאָנאַטן פאַר זיין טויט, קומט אָן פון רוס־לאַנד אַ בריוו, אין וועלכן מען פאָדערט אים אויף, ער זאָל צאָלן אַ חוב פאַר אַ חבר, אַ סטודענט, פאַר וועמען ער האָט פאַר עטלעכע און צוואַנ־ציק יאָר צוריק אונטערגעשריבן אַ וועקסל אין אַ ליי־ און שפּאָר־קאַסע. שוין אַ סך יאָרן נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין שטודיע, האָט זיך די פאַמיליע געגעבן רעכענונג, אַז דעם גאָלדענעם מעדאַל האָט ער נישט, די אויסצייכענונג איז פאַרשוווּנדן. מען ווערט געוווּיר, אַז ער האָט זי אַוועקגעגעבן אַ נויטבאַדערפטיקן חבר־סטודענט, וועלכער האָט געבעטן אַ גמילת־חסד און ער, ד״ר ירחי, האָט נישט געהאַט, האָט ער אים געגעבן דעם גאָלדענעם מעדאַל וואָס ער האָט באַקומען, האָט געהייסן אים פאַרזעצן, כדי צו באַקומען מזומן״.



ד״ר ירחי איז אין אַ טאָג אַרויסגערופן געוואָרן טעלעגראַפּיש צו אַ קראַנקן אין סאַן־סאַלוואַדאָר. קיין אויטאָמאָבילן זענען נאָך נישט געווען אין קאָלאָניע, מיט אַ קאָטש האָט מען נישט געקענט פאָרן צוליב די גרויסע בלאָטעס און עס וואָלט גענומען צו פיל צייט, — פון דאָמינגעז ביז סאַן־סאַלוואַדאָר איז אַ דיסטאַנץ פון 50־60 קילאָמעטער, — און גראָד האָט זיך געהאַט געביטן דער צייט־פּלאַן פון באַן. אַגב, האָט סיי־ווי אין יענע יאָרן דער פּלאַן גערינט נאָר ווי אַ דעקאָראַציע, דער באַן איז אָנגעקומען ווען עס איז אים נאָר געווען מעגלעך. איז ד״ר ירחי צוגעפאָרן צו דער סטאַנציע און געפרעגט ביים שעף, ווען דאַרף אָנקומען דער באַן? דער דאָזיקער שעף איז נישט לאַנג אָנגעקומען אין דאָמינגעז און נישט געקענט דעם ד״ר ירחי פּערזענלעך, האָט ער אים געענטפערט, אַז ער זאָל אַריינגיין אין וואַרטזאַל, דאָרט איז פאַראַן דער באַן שעהן־פּלאַן. ד״ר ירחי איז אַלזאָ אַריין אין וואַרט־זאַל און צוגעגאַנגען צום פענצטערל און געבעטן ביים שעף אַ פאָרמולאַר אָפּצושיקן אַ טעלעגראַמע. דער שעף האָט אים דערלאַנגט אַ פאָרמולאַר. ד״ר ירחי האָט אָנגעשריבן דעם טעקסט און דערלאַנגט דעם שעף אויף איבערצושיקן. דער טעקסט פון דער טעלעגראַמע האָט זיך געלייענט אַזוי:

„טראַפיק־שעף, פּאַראַנאַ.

איך בעט אייך מיר תיכף ענטפערן, וועלכע שעה דאַרף אָנקומען דער באַן קיין דאָמינגעז, דאָ, פון וואַנען די טעלעגראַמע גייט אַרויס.

ד״ר ירחי״.

דער שעף פון דער סטאַנציע האָט דערזען די דאָזיקע טעלעגראַמע און אַז זיין שטעלע שטייט אין סכנה, איז ער געבליבן שטיין מיט אַן אָפענעם מויל און שטאַמלענדיק האָט ער גענומען בעטן אַנטשולדיקונג: ער האָט אים נישט געקענט; ער האָט נישט געוווּסט ווער ער איז. ד״ר ירחי האָט פון דער נאַטור נישט געקענט קיינעם טאָן קיין שאָדן, האָט ער אים געזאָגט, אַז ער וועט אים אַנטשולדיקן און צוריקציִען די טעלעגראַמע, נאָר בתנאי, ער זאָל אים זאָגן, פון היינט אויף ווייטער, אויב עמיצער וועט אים פרעגן עפּעס אין שייכות מיט זיין אַמט, זאָל ער אים ענטפערן העפלעך, ווייל גוט איז ווען מ׳קען לייענען דעם פּראָגראַם, אָבער ס׳זענען דאָך פאַראַן אַ סך וואָס קענען נישט לייענען, אָדער קענען זיך נישט אָריענטירן אין די ציפערן. פאַרשטייט זיך, אַז דער שעף האָט אים צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום. און דערמיט האָט זיך דער אינצידענט געענדיקט.

דאָס איז געווען אין יאָר 1910. דער יִיקאַ־דירעקטאָר וואַלטער מאָסס,

איז געקומען אין קאָלאָניע, בין איך צוזאַמען מיט ד״ר ירחי, ווי דער וויצע־פּרעזידענט פון פּאַנדאָ קאָמונאַל (סאַכאַראָוו איז דעמאָלט געווען קראַנק), גע־פאָרן קיין באַלוואַנעראַ, ווו עס האָט זיך געפונען די יִקאַ־אַדמיניסטראַציע, כדי צו באַהאַנדלען מיטן דירעקטאָר איניקע ענינים פון דער קאָלאָניע קלאַ־ראַ און פון קאָאָפּעראַטיוו.

נאָך דעם ווי מיר האָבן געענדיקט אונדזער שמועס, ווענדט זיך ד״ר ירחי צום דירעקטאָר מאָסס און זאָגט אים, אַז ער באַקומט בריוו פון די קאָלאָניסטן פון בערנאַסקאָני. זיי שרייבן, אַז דער דאָרטיקער אַדמיניסטראַטאָר באַהאַנדלט די קאָלאָניסטן זייער שטרענג. מאָסס האָט מיט אַ טאָן פון איבערראַשונג גע־ענטפערט: „ליבער הער דאָקטאָר, וואָס זאָגען זי, אין קאָלאָניע בערנאַסקאָני האָבען וויר דאָך אונזער בעסטען אַדמיניסטראַטאָר; ער איז דאָך אַ בראַווער און פעהיגער מאַן״. דערהערנדיק די ווערטער, האָט ד״ר ירחי זיך געגעבן אַ הייב אויף פון בענקל אַן אויפגערעגטער און האָט אויסגעשריִען: „אָט דער איז ביי אייך דער בעסטער אַדמיניסטראַטאָר, דערפאַר וואָס ער באַהאַנדלט די קאָלאָניסטן ווי אַ נידעריקן שיכט מענטשן? זאָג איך אייך, ה׳ דירעקטאָר, אַז איר האָט אַ טעות. און נעמט אייך אַריין גוט אין זינען, אַז דער באַראָן הירש האָט געשאַפן די יִדישע קאָלאָניזאַציע נישט פאַר דירעקטאָרן, נישט פאַר אַדמיניסטראַטאָרן און נישט פאַר קיין דאָקטוירים, די יִקאָ איז געשאַפן גע־וואָרן פאַר יִדישע קאָלאָניסטן. און נעמט אין אַכט, ה׳ דירעקטאָר, אַז מיט גוטן טאַקט ווערט פון אַ וואָלף אַ שעפּעלע און מיט שלעכטן טאַקט, מאַכט מען פון אַ שפּעלע אַ וואָלף״.

אַ רחמנות איז געווען אויפן אַדמיניסטראַטאָר פון קאָלאָניע קלאַראַ, ה׳ לעאָן סידי. מאָסס האָט נישט פאַרשטאַנען אָדער שווער פאַרשטאַנען יִדיש, און סידי האָט אים געדאַרפט איבערזעצן אין פראַנצויזיש און ד״ר ירחי האָט אַכטונג געגעבן, ער זאָל איבערזעצן פּינקטלעך. מאָסס איז געוואָרן רויט און בלאַס, אָבער ער האָט געשוויגן, מער נישט געענטפערט. ד״ר ירחי, דער גע־מיטלעכער, דער רויִקער, האָט אויפגעבראַוזט קעגן אַזאַ ענטפער פון אַ יִקאַ־דירעקטאָר. די צייט האָט באַוויזן, אַז אויך אין דעם פאַל זענען די דירעק־טאָרן געווען אָפּגענאַרט. דער דאָזיקער אַדמיניסטראַטאָר איז שוין קיין סך צייט נישט געווען מער קיין באַאַמטער אין דער יִקאַ, ער איז געוואָרן אַ קאָ־לאָניסט און האָט צו דעם אויך נישט געטויגט, ער האָט פאַרקויפט זיין טשאַק־רע.

אין 1910 איז אויף אַ פּריוואַטער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע מיטגלידער פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, געשאַפן געוואָרן אין שטעטל „לאַ קאַפּיזשאַ״ אַ קלוב און ביבליאָטעק „ד״ר נח ירחי״. ביים חנוכת־הבית איז געפּראַוועט געוואָרן

אַ פייערלעכער קבלת־פּנים פאַר ד״ר ירחי און זיין פרוי. ווי דער שטייגער, זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס מעניני דיומא. עס זענען אונטערגעשטראָכן געוואָרן די פאַרדינסטן פון ד״ר ירחי פאַר דער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין און פאַר דער קאָלאָניע קלאַראַ ספּעציעל. עס איז אויך באַטאָנט געוואָרן די קרבנות־גרייטקייט פון זיין פרוי, וועלכע האָט צוזאַמען מיט איר מאַן איבערגעטראָגן געדולדיק די אַלע אומבאַקוועמלעכקייטן און שוועריקייטן וואָס עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס לעבן די ערשטע יאָרן אין ווילדע אומבאַפעלקערטע סטעפּעס. ווען עס איז געקומען צום וואָרט ד״ר ירחי, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און געזאָגט קדיש, און נישט מער קיין איין וואָרט. ווען מען האָט אים נאָך דעם געפרעגט, וואָס איז אים עפּעס געפעלן געוואָרן צו זאָגן קדיש? האָט ער געענטפערט: „אַלע האָבן גערעדט פון ד״ר ירחי און מען האָט פאַרגעסן, אַז מיר אַלע זענען שולדיק אונדזער פרייי לעבן דעם באַראָן הירש און איך האָב געוואָלט ריידן וועגן באַראָן הירש, נאָר אַזוי ווי קיין רעדנער בין איך נישט, דערצו אַ ביסל עמאָציאָנירט, האָב איך נישט געפונען קיין בעסערע ווערטער אויף צו באַערן דעם אָנדענק פון באַראָן הירש, ווי זאָגן קדיש״.

# געשלאָסן דעם שפּיטאָל

מיין טעטיקייט אין דער קאָלאָניע אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט איז געוועזן אויסגעפּילט מיט אומאָנגענעמלעכקייטן, מיט שיברת־לב. אַלץ האָט מען געדאַרפט שאַפן. הגם עס איז אויך געוועזן דער נחת־רוח, די פרייד פון שאַפן, האָבן אָבער די שוועריקייטן וואָס מען האָט אָנגעטראָפן אַ סך מאָל פאַרביטערט דאָס לעבן. איינע פון די ביטערסטע איבערלעבונגען פאַר מיר איז געוועזן דאָס שליסן דעם שפּיטאָל.

ד״ר ירחי, ווי גרויס ער איז געוועזן ווי אַ מענטש און פילאַנטראָפּ, האָט אָבער ווי דער שעף פון דעם אינסטיטוט פון סאַניטאַרער באַדינונג באַוויזן זיין אומפעיקייט. אָפטע און הייסע דיסקוסיעס זענען פאָרגעקומען צווישן אים און סאַכאַראָוון, נאָר אָן דערפאָלג; עס האָט נישט געהאָלפן קיין קאָנקרעטע באַווייזן, אַז די אַדמיניסטראַציע פון שפּיטאָל פירט זיך כאַאָטיש, אַז יעדעס יאָר פאַרגרעסערט זיך דער דעפיציט און גרייכט צו צענדליקער טויזנטער פעזעס, אַז דער פערסאָנאַל דערפילט נישט מיט זיינע פליכטן און איז אומפאַראַנטוואָרטלעך. ד״ר ירחי האָט נישט דערלויבט אַז עמיצער זאָל אויף אַ וועלכן ס׳איז אופן זיך מישן אין דער פאַרוואַלטונג פון שפּיטאָל אָדער אַפּטייק. דער אינסטיטוט איז פאַרוואַלטעט געוואָרן פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, אָבער פאַראַנטוואָרטלעך איז געוועזן דער פאָנדאָ קאָמונאַל.

ווען ד״ר ירחי איז נפטר געוואָרן און אויף זיין פּלאַץ איז געקומען דער ד״ר וואָלקאָוויטש, האָט זיך די לאַגע נאָך מער פאַרערגערט, מחמת אָט־די סיבות: 1) וואָלקאָוויטש האָט גענאָסן פון אַ גוטן נאָמען ווי אַ דאָקטער. ער איז אָבער געוועזן זייער שטרענג מיט די פּאַציענטן און עס האָט אים געפעלט גוטער טאַקט און אינטעליגענץ אין זיין האַנדלונג מיט מענטשן; 2) עס זענען געוועזן די קריטישסטע יאָרן אין דער קאָלאָניע, נאָך 1912־1914, די מיטגלידער האָבן נישט געקענט צאָלן די יערלעכע קוואָטעס; 3) דער פּריוואַטער אַפּטייק האָט געמאַכט קאָנקורענץ מיט אונדזער קאָאָפּעראַטיוון אַפּטייק, ער האָט עס געקענט טאָן, ווייל ער אַליין איז געוועזן דער אַפּטייקער, אַליין דער אַדמיניסטראַטאָר, דאָס הייסט, ער האָט נישט געהאַט קיין הוצאות, דערצו נאָך האָט ער נישט געהאַט קיין קאָנטראָל, נישט וואָס שייך די רעצעפּטן און נישט אויף די פּרייזן, בעת אין אונדזער אַפּטייק איז אַלץ געמאַכט געוואָרן מיט באַצאָלטע מענטשן; די רעצעפּטן זענען געמאַכט געוואָרן פּינקטלעך לויט די

פאַרשריפטן פון דאָקטער; די פרייזן זענען געווען איינהייטלעכע, לויט אַ פּון פאַרויסיקער באַשטימונג פון דער קאָמיסיע, יעדן יאָר. דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז די פינאַנסיעלע לאַגע פון שפּיטאָל זאָל זיך פאַרערגערן פון טאָג צו טאָג, ביז מיר האָבן אים געמוזט שליסן און פאַרקויפן דעם אַפּטייק צום פּריוואַטן אַפּטייקער.

מיינע מאָראַלישעליידן, ווען איך האָב געדאַרפט אָנזאָגן די קראַנקע אַז זיי מוזן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, איז נישט צום באַשרייבן. מיר האָבן גע־פּרווט פאַרהאַנדלען מיט ד״ר וואָלקאָוויטש, ער זאָל איבערנעמען דעם שפּי־טאָל אויף זיין אייגענעם חשבון, איז אונדז נישט געלונגען.

ד״ר ירחי איז נפטר געוואָרן דעם 31סטן יולי 1912. צו זיין לוויה זענען געקומען אַ טויזנט פּערזאָן. אויסער די קאָלאָניסטן, זענען געקומען יידן און קריסטן פון פאַרשיידענע געגנטן פון פּראָווינץ ענטרע־ריאָס. די אָרעמערע מענטשן האָבן געוויינט בדמעות שליש, וואָס עס איז צוגענומען געוואָרן זייער באַשיצער. פון זיין וווינונג איז ער געבראַכט געוואָרן אין שיל פון דאָמינגעז, וווּ עס זענען געמאַכט געוואָרן האַרצרייסנדיקע הספדים. פון דאָמינגעז ביז צום בית־עולם אין קאָלאָניע זאָנענפעלד (סאַן־גרעגאָריאָ) האָט מען געטראָגן דעם אָרון אויף די אַקסלען. די קריסטן האָבן כמעט די גאַנצע צייט נישט גע־וואָלט אָפּלאָזן דעם אָרון. דער בלויז וואָס איז געבליבן אין קאָלאָניע מיט ד״ר ירחיס טויט, האָט זיך געלאָזט פילן אַ סך צייט.

ביז וואַנען עס דערגרייכט די אומדאַנקבאַרקייט:

ד״ר ירחי איז קראַנק געוואָרן אין יאַנואַר 1912, אָבער קראַנקערהייט איז ער אַלע טאָג געפאָרן אין שפּיטאָל צו די קראַנקע. זיין קראַנקייט האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. מיר האָבן זיך געווענדט צו אַ יידישער דאָקטערשע, וואָס האָט ביי איר אָנקומען פון אייראָפּע מיטגעאַרבעט אַ שטיקל צייט אין שפּיטאָל ווי די געהילפין פון ד״ר ירחי, און דאָס איז געווען איר ערשטע פּראַקטיק ווי אַ מעדיצינערין. מיר האָבן זי געבעטן, זי זאָל קומען אויף עטלעכע וואָכן מיטהעלפן דעם ד״ר ירחי, ביז מיר וועלן באַקומען אַ יידישן דאָקטער פון אייראָפּע. יידיש־אַרגענטינער דאָקטוירים זענען אין יענע יאָרן כמעט נישט געווען און אַ נישט־יידישן דאָקטער האָט מען נישט גע־קענט נעמען צוליב דער שפּראַך; אָבער די דערמאָנטע דאָקטאָרין א־ן האָט נישט געוואָלט קומען. אין חודש מערץ איז אָנגעקומען ד״ר וואָלקאָוויטש און ד״ר ירחי איז שוין געבליבן ליגן אין בעט, פון וועלכן ער איז שוין מער נישט אַראָפּ.

אין אַפּריל זענען געקומען צו מיר צוויי מיטגלידער פון די חשובע בעלי־בתים און געפרעגט, צי מען האָט באַצאָלט דעם ד״ר ירחי דעם מאָנאַטלעכן

געהאַלט?? איך האָב זיי געזאָגט, אַז מען האָט צוגעשיקט דעם געהאַלט צו אים אין שטוב. איך בין געווען זיכער, אַז די ביידע שיינע בעלי־בתּים זענען מיר הושד אַז מען האָט פאַרהאַלטן דעם געהאַלט, אָבער ווי געשטאָכן מיט אַ מעסער האָב איך אויפגעשפּרונגען, ווען ביידע האָבן מיר געפרעגט מיט אַ האַרבן טאָן: „מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר געצאָלט? ער האָט דען געאַרבעט יענעם מאָנאַט? נישקשה, ער האָט גענוג פון וואַנען צו לעבן!״. איך האָב זיי געפרעגט, ווען אַן איינפאַכער פעאָן אַרבעט ביי זיי 20 יאָר אַזוי געטריי און ווערט קראַנק, וואָלטן זיי אים אַרויסגעוואָרפן אין גאַס? נישט נאָר האָט ד״ר ירחי געדינט טריי דער קאָלאָניע ווי אַ מעדיקער און מענטש, נאָר ער האָט אויך אַ סך מאָל ריזיקירט מיט זיין לעבן, מיט זיין געזונט ביים דערפילן זיינע פּראָפעסיאָנעלע פליכטן ביי טאָג און ביי נאַכט, און ער גייט אפשר אַוועק פון דער וועלט יונגערהייט (ער איז געשטאָרבן צו די 48 יאָר) צוליב דעם וואָס ער האָט זיך געלאָזט צו פיל עקספּלאָטירן פון אונדז. די ביידע חשובע לייט האָבן זיך אַרויסגעשאַרט פון ביורא און געמורמלט, אַז ער האָט פון וואַנען צו לעבן.

ד״ר וואָלקאָוויטש, ווי אַן אויסלענדער, האָט געמוזט פאָרן קיין פּאַראַנאַ אויף צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו פּראַקטיצירן מעדיצין, האָבן מיר געבעטן דעם ד״ר ל. פון באַסאַווילבאַסאָ, ער זאָל קומען אויף דריי טעג קיין דאָמינגעז, ווייל מען האָט נישט געקענט לאָזן די חולאים פון שפּיטאָל אָן אַ דאָקטער, און נאַטירלעך, מיט אַ האָנאָראַר. ער איז געקומען און דאָס ערשטע וואָס ער האָט געטאָן איז געווען, באַפעלן דער קראַנקנשוועסטער, זי זאָל אַרויסוואַרפן אַלע רפואות וואָס זענען געשטאַנען אויף די טישלעך. ער האָט פאַרשריבן אַנדערע רעצעפּטן. פאַר די דריי טעג האָט ער זיך געלאָזט גוט באַצאָלן.

אויף שלום־עליכמס שפּראַך וואָלט עס געהייסן: „זעט וואָס פאַר אַ שיינע בעלי־בתּים און וואָס פאַר אַן אינטעליגענץ מיר האָבן פאַרמאָגט״.

# דער קאָאָפּעראַטיוויזם איז גובר

עס זענען אַריבער עטלעכע מאָנאַטן זינט פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט געמוזט פאַרמאַכן דעם שפּיטאָל און ליקווידירן דעם אַפּטייק. דער עולם האָט אָנגע־הייבן פילן וואָס עס הייסט קרענקען פּריוואַט, אויף דער אייגענער קעשענע. אַ חוץ דעם האָבן די קרעמערס פון שטעטל דאָמינגעז זיך אַרומגעזען, אַז דאָס שליסן די דערמאָנטע אַנשטאַלטן שאַדט זיי צו דער פּרנסה, ווייל מיט די וואָס פלעגן קומען צום דאָקטער פון די ווייטסטע געגנטן פון קאָלאָניע, ווי מיט־גלידער פון שפּיטאָל, אָדער די וואָס פלעגן ליגן אין שפּיטאָל, זענען מיט זיי געקומען באַגלייטער; זיי האָבן געבראַכט פּדיון אין די געשעפטן. אייניקע פון די קרעמערס פון דאָמינגעז האָבן גענומען די איניציאַטיוו און איינ־געלאַדן אויך פאָרשטייערס פון די קאָלאָניסטן אויף צו באַטראַכטן די מעג־לעכקייט צו באַנייען די קאָאָפּעראַטיווע סיסטעם פון געזונטהייט־פאַרזיכע־רונג און דער שפּיטאָל זאָל אָנהייבן ווידער אַ מאָל צו פונקציאָנירן. ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז גלייך אָנגענומען געוואָרן אַ פּאָזיטיווער באַשלוס. פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט געשטעלט צו זייער דיספּאָזיציע דעם שפּיטאָל און דאָס מעבל וואָס האָט זיך דאָרט געפונען פון פריער, ווי אויך די אינסטרומענטן. עס איז באַשטימט געוואָרן אָנצוהאַלטן די זעלביקע באַדינגונגען ווי פריער: יעדער קאָלאָניסט־מיטגליד האָט געצאָלט אַ יערלעכע קוואָטע, אַלע גלייך, אומ־אָפּהענגיק פון דער צאָל נפשות וואָס יעדע פאַמיליע האָט געהאַט; פאַר די שטעטלשע קאָמערציאַנטן איז באַשטימט געוואָרן אַ העכערער טאַריף.

וועגן רעצעפּטן האָט מען זיך איינפאַרשטאַנען מיטן פּריוואַט אַפּטייקער און באַשטימט אַ פּרייז פאַר אַלע מעדיקאַמענטן וואָס דער דאָקטער וועט פאַר־שרייבן. עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט און די אָנפירונג האָט זיך איבער־צייגט, אַז עס לוינט בעסער צו האָבן אַן אייגענעם אַפּטייק. מען האָט פאַררופן אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג און עס איז גוטגעהייסן געוואָרן צו אינסטאַלירן אַן אַפּטייק אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. די קאָמערציאַנטן האָבן אויסגעבאָרגט אַ געוויסע סומע געלט, מען האָט געדונגען אַ דירה און צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

ביי דעם חנוכת־הבית פון אַפּטייק, איז ווי דער שטייגער, געמאַכט גע־וואָרן אַ יום־טוב אין הויף פון שפּיטאָל. און על־פּי דרך־האַמאָדע, האָט מען

געהאַלטן רעדעס, געטיילט ווערטער. דער עולם האָט זיך ענטוזיאַזמירט. עס איז דאָך נישט קיין קלייניקייט, — געזונט איז דאָך דער עיקר; מען מוז זיין זיכער אין דער ראַיעלקייט פונעם רעצעפּט; מען שפּילט זיך דאָך מיטן לעבן פון ווייב און קינדער. עס איז געלויבט געוואָרן דער זשעסט פון די יעניקע וואָס האָבן אויסגעלייזן די נייטיקע סומע אויף צו קענען רעאַליזירן דעם דאָזיקן ווונטש, און יעדער האָט די מעגלעכקייט צו קויפן די רעצעפּטן נאָר אין דעם אייגענעם קאָאָפּעראַטיוון אַפּטייק.

איך בין געזעסן און זיך צוגעהערט און האָב איבערגעלעבט יענע דראַמאַטישע שעהן און טעג, ווען איך בין געווען געצוווּנגען מיטצוטיילן די קראַנקע, אַז דער שפּיטאָל וועט זיך מוזן פאַרמאַכן און די מיטגלידער האָבן נישט רעאַגירט. ריכטיק, עס זענען דעמאָלט געווען קריטישע יאָרן, אָבער די יערלעכע קוואָטעס זענען געווען צוגאַנגלעכע און צוגעפּאַסטע צו די עקאָנאָמישע אומשטענדן. וואָס עס האָט געפעלט, איז געווען אַ ביסל קעגנזייטיקער געפיל און דער פאַרשטאַנד צו טראַכטן וועגן דעם מאָרגן, אַז קיינער איז נישט באַוואָרנט קעגן קראַנקייט. עס האָבן מיך אויך באַלעסטיקט די שבחים, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן פאַר די וואָס האָבן אויסגעלייזן אַ טייל געלט, און קיינער האָט נישט דערמאָנט, אַז די מיטגלידער מוזן שאַפן אַ בשותפותדיקן אַקציען־קאַפּיטאַל אויף צו קענען באַצאָלן דאָס וואָס מען איז שולדיק און אַז דער אַפּטייק זאָל האָבן גענוג מעדיקאַמענטן, ווי עס פאָדערט זיך ביי אַן ערנסטן אָרגאַניזירטן קאָאָפּעראַטיוו.

מען האָט מיך מכבד געווען מיטן לעצטן וואָרט. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און געוואָרן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרזאַמלטע אויף די שוואַכע פּונקטן און אונטערגעשטראָכן, אַז איך בין ווייט נישט אַנטציקט פון זייער ענטוזיאַזם. דערביי האָט איך דערציילט אָט־דעם וויץ:

„אַ לערער האָט געפרעגט אַ יינגל: ווען איינער האָט געליִען דיין טאַטן צען פּעזעס אויף אויסצוצאָלן אַ פּעזע אַ וואָך, וויפל וואָכן דאַרפן פאַרבייגיין ביז דער טאַטע וועט ענדיקן באַצאָלן דעם חוב? דער יינגל האָט אַ טראַכט געטאָן און געענטפערט: עס וועט געדויערן אַ יאָר, אָדער צוויי. דער לערער, איבעראַשט פון דעם ענטפער, האָט מיט כעס אַ זאָג געטאָן: דו קענסט דאָך גאָר נישט קיין אַריטמעטיק! — ניין,— הער לערער,— ענטפערט דער יינגל, — עס איז דערפאַר, ווייל איר קענט נישט מיין טאַטן".

איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב מורא אַז נאָך אַלע דרשות און בראַוואָפּאַטשערייען, וועט נישט פעלן ווער עס זאָל גיין קויפן אין דער פּריוואַטער אַפּטייק, ווו דער אַפּטייקער און די אַפּטייקערשע שמייכלען צום קליענט; און

דער אַקציע־קאַפּיטאַל וועט שווער רעאַליזירט ווערן. איך ווייס נישט צי איז דאָס געווען אינטויציע, אָדער דערפאַרונג. צום באַדויערן האָב איך זיך נישט אָפּגעזאָגט. דער פּריוואַטער אַפּטייק האָט געמאַכט אַ גרויסע קאָנקורענץ דעם קאָאָפּעראַטיוון אַפּטייק, — און ער איז געווען אין שטאַנד דאָס צו טאָן.

אין פּריוואַטן אַפּטייק איז דער אַפּטייקער געווען דער אייגנטימער פון געשעפט, ער איז געווען אַליין בעל־הבית. זיין פרוי האָט אים מיטגעהאָלפן. די דירה איז געווען זיינע אַן אייגענע, אַזוי אַז דער פאַרדינסט איז געווען אין גאַנצן פאַר אים, בעת דער קאָאָפּעראַטיווער אַפּטייק האָט געמוזט צאָלן אַן אַפּטייקער אַ מאָנאַטלעכן לוין, ווי אויך אַ געהילף און דירה־געלט. חוץ דעם זענען די אַפּטייקערס, וועלכע מען האָט געמוזט ברענגען פון בוענאָס־איירעס, געווען אָנפאַנגערס מיט ווייניק פּראַקטיק און זיי פלעגן זיך בייטן זייער אָפט. זיי האָבן דעריבער נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס פאַרן פּראָגרעס פון אונדזער אַפּטייק, וועלכער פלעגט שליסן די יערלעכע באַלאַנסן מיט אַ דעפּי־ציט. אַלע יאָר פלעגן פאָרקומען הייסע דיסקוסיעס וועגן דעם.

אין אַ טאָג זענען געקומען צו מיר סאַכאַראָוו און קיפּען מיט אַ פּראָ־יעקט, ווי אַזוי צו לייזן דאָס פּראָבלעם. לויט ווי עס האָט זיי געזאָגט דער דאָקטער, איז דער פּריוואַטער אַפּטייקער גרייט אָפּצוקויפן אונדזער אַפּטייק, צאָלן דעם גאַנצן פּרייז פאַר דער סחורה, אַפילו פאַר די פאַרעלטערטע אַרטיק־לען און איז גרייט זיך צו פאַרפליכטן מיט אַ קאָנטראַקט צו פאַרקויפן די רע־צעפּטן לויט אַ באַשטימטן פּרייז, וואָס מען וועט איינשטעלן. היות זיי האַלטן דעם ענין פאַר פּראַקטיש, ווילן זיי וויסן מיין מיינונג וועגן דעם קאָנקרעטן פאָרשלאָג.

נישט קלערנדיק קיין סך האָב איך זיי געזאָגט, אַז נישט נאָר וועל איך נישט געבן מיין הסכמה אויף דעם, נאָר אויב זיי וועלן עס פאָרברענגען פאַר אַ פאַרזאַמלונג פון מיטגלידער, וועל איך עס באַקעמפן מיט מיין גאַנצער ענער־גיע. גראָד בין איך געווען — צוליב מיין געזונט־צושטאַנד — איינער פון די גרעסערע קליענטן אין קאָאָפּעראַטיוון אַפּטייק. איך האָב זיי געפרעגט: „איז מאַקע דער קאָאָפּעראַטיוויזם אַזוי שוואַך, אַז 200 מיטגלידער קענען נישט ביישטיין קעגן איינעם? אויב מיר וועלן מאַכן אַזאַ שריט מיטן אַפּטייק, וועלן נאָך דעם די מיטגלידער פון „פאַנדאָ קאָמונאַל" פרעגן, פאַר וואָס זאָל מען נישט מאַכן די זעלביקע קאָמבינאַציע מיט די קרעמערס וועגן קאָנסום־אַר־טיקלען, מיט דעם פאַרקויף פון תבואה? זיכער איז, אַז די אַלע קרעמערס און סוחרים וועלן זיך אונטערוואַרפן אונטער ענלעכע באַדינגונגען און נאָך צו־צאָלן עטלעכע טויזנט פּעזעס. ווער וועט אָבער קענען האָבן אַ קאָנטראָל איי־בער דער אויטענטישקייט פון די רעצעפּטן?

אונדזער פליכט איז צו זוכן מיטלען ווי אַזוי צו באַפעסטיקן דעם קאָאָ־פּעראַטיוויזם און נישט אים שוואַכער צו מאַכן צוליב צען אָדער צוואַנציק פּעזעס אַ יאָר, וואָס מען וועט מכלומרשט איינשפּאָרן דעם מיטגליד.

די חברים האָבן מיך פאַרשטאַנען און מסכים געווען מיט מיר. עס איז אַריבער אַ פּאָר יאָר און דער פּריוואַטער אַפּטייק האָט זיך ליקווידירט און דער קאָאָפּעראַטיווער אַפּטייק איז געבליבן. דער קאָאָפּעראַטיוויזם האָט גובר געווען.

# מאַריאַ סאַכאַראָוו דע ירחי

איך בין נישט באַרופן צו משפּטן וואָס עס פאָדערט מער כאַראַקטער־פעסטקייט, מער גייסטיקע שטאַרקייט, — דער שטילער באַשיידענער סטאָיִציזם, צי דער אָפענער קאַמף אויפן סאָציאַלן אָדער פּאָליטישן געביט.

נאָך מיין באַשיידענער מיינונג, האָבן מער גבורה און אויסגעהאַלטנקייט די סטאָיִקער, דערפאַר וואָס די אָפענע קעמפער ווערן געטריבן פון אַן איבערלעכער אַמביציע; זיי ווערן סטימולירט פון דער עפנטלעכער מיינונג און זענען נישט אַליין; שטענדיק האָבן זיי אַ פּאַרטיי, אַ סעקטע, אַ גרעמיע, וואָס שטייט הינטער זיי און העלפט זיי מיט מאָראַליש און מאַטעריעל אין זייערע אָנגעצייכנטע אויפגאַבעס. דער סטאָיִקער איז מערסטנס מיט זיך אַליין; קיינער זעט אים נישט, קיינער הערט אים נישט און ווערט נישט סטימולירט פון קיינעם, נאָר ער שטייט ווי אַ געטרייער דינער, אָפּהיטנדיק כסדר, אָן אויפהער, טאָג און נאַכט, יאָרן־לאַנג, די גוטע און נאָבעלע טאַטן וואָס ווערן געטאָן דורך אַנדערע, דורך זייערע נאָענטע, טראָץ דעם וואָס זיי פּערזענלעך קומט אויס גאָר אָפט צוליידן, צו זיין באַאומרויִקט און אַפילו אַ מאָל זיך פילן ווי פאַרגעסן. אין דער רשימה פון אייניזאַמע קען אַריינגערעכנט ווערן די פרוי פון ד״ר ירחי.

אַ טאָכטער פון אַ רייכער ייִדישער פאַמיליע אין מאַריופּאָל; זיך דערצויגן און געלעבט אין אַ קולטורעלער געזעלשאַפט. האָט חתונה געהאַט מיט ד״ר ירחי און ביידע פאַרלאָזן עלטערן, פאַמיליע, חברים און חברטעס, מיט אַלע שטאָטישע סאָציאַלע און אינטעלעקטועלע באַקוועמלעכקייטן און קלייבן זיך אַריבער אין אַ מדבר, אַ וויסטעניש, ווייט פון ציוויליזאַציע. זיי באַזעצן זיך אין אַן איינצלנער שטוב, אין אַ פוסטן פעלד נישט ווייט פון דער באַן־סטאַנציע דאַמינגאָ (פּראָווינץ ענטרע־ריאָס), ווו עס זענען נישט געווען מער ווי צוויי שטיבער. און די איינציקע צוציִונגס־קראַפט וואָס דער דאָזיקער פונקט האָט געהאַט פאַר דער יונגער פּאָר ירחי־סאַכאַראָוו, איז געווען — וואָס דאָרטן האָט זיך געפונען אַ גרויסער באַראַק, אין וועלכן מען פלעגט אַוועקלייגן קראַנקע מענטשן.

אין יענע יאָרן, אין דער צאַריסטישער רוסלאַנד, איז עס נישט געווען קיין נייס אַז יונגע מענטשן זאָלן פאַרלאָזן רייכע היימען און זיך איבערגעבן בלב ובנפש לטובת דעם פאָלק. אָבער איין זאַך איז אויפגעברויזטער אידעאַ־

ליזם, יונגער ענטוזיאַזם וואָס ווערט מיטגעריסן צוליב פּאַטריאָטישע אָדער הומאַניסטישע אורזאַכן, וואָס מען קעמפט מאַסנווייז, צוזאַמען, בציבור, ווען איינער דעם צווייטן צינדט און וואַרעמט, — און אַ צווייטע זאַך איז דינען דער מענטשהייט ביחידות, איינער אַליין און מיט די אייגענע מעשים באַלייכטן און אויסטרעטן אַ וועג פאַר אַנדערע, אַ גאַנץ לעבן לאַנג, טאָג נאָך טאָג, נאַכט נאָך נאַכט, נישט מיד ווערן ביזן לעצטן לעבנס־מאָמענט.

עס איז פיל געשריבן געוואָרן איבער דעם אידעאַליזם פון ד״ר ירחי, פון זיין קרבנות־גרייטקייט פאַר די מיטמענטשן. אָבער מיר טאָרן נישט פאַר־געסן, אַז ד״ר ירחי איז נישט געווען אַליין, אַז זיין לעבנס־באַגלייטערין, דאָ־ניאַ מאַריאַ, האָט מיטגעמאַכט, מיטגעליטן מיט ד״ר ירחי אַלע שווועריקייטן, אומבאַקוועמלעכקייטן, ווי אויך געפאַרן וואָס דאָס לעבן אין יענער צייט אין ווילדן פעלד האָט מיט זיך געטראָגן. ד״ר ירחי, מיט זיין גאַנצן אידעאַליזם און ליטווישער עקשנות, וואָלט נישט געקענט אָנהאַלטן זיין גאַנץ לעבן, און אפשר וואָלט געווען ריכטיקער דער אויסדרוק: וואָלט נישט געקענט אַוועקגעבן זיין לעבן פאַר קראַנקע און געזונטע מענטשן, ווען זיין פרוי וואָלט פון אים געפאָדערט, דאָס וואָס פיל פרויען פאָדערן: פאַר אַלעם זאָרגן פאַר דער איי־גענער פאַמיליע, פאַר זיך אַליין. ד״ר ירחי האָט געקענט לעבן אין לוקסוס ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט, צווישן אַ רייכער און אַריסטאָקראַטישער גע־זעלשאַפט, נישט זיין איינגעשפּאַנט איך דער אַרבעט אַלע 24 שעה אין מעת־לעת. דאָך האָט זיין פרוי, דאָניאַ מאַריאַ, דאָס קיין מאָל נישט פאַרלאַנגט פון אים. ער, ד״ר ירחי, איז די מערסטע צייט געווען מיט די קראַנקע אין באַ־ראַק צי אין שפּיטאָל, אָדער ער פלעגט אַרומפאָרן אין רעגנס, בלאָטעס, היץ און קעלט אין נאָענטע און ווייטע פּונקטן, צו באַזוכן קראַנקע אין זייערע היי־מען און דאָניאַ מאַריאַ פלעגט בלייבן איינע אַליין אין שטוב, אַן איינצלנע שטוב אין אַ פּוסטן קאַמפּ.

אין די ערשטע יאָרן, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־קראַנקייט צווישן די ערשט־אָנגעקומענע קאָלאָניסטן, און דער באַראַק איז פול געוואָרן מיט קראַנקע, האָט ד״ר ירחיס פרוי אַריינגענומען קראַנקע צו איר אין שטוב, נישט מורא האָבנדיק וואָס די קראַנקייט איז געווען אַן אָנשטעקנדיקע. פון פּראָפילאַקטישע מיטלען האָט מען מיט 60 יאָר צוריק נישט געוווּסט. צוואַנ־ציק יאָר נאָכאַנאַנד, אָן קיין שום איבעררייס, צוזעענדיק ווי דער מאַן אירער איז זיך ממש מקריב פאַר דער קאָלאָניע, ווי אַ דאָקטער און ווי אַ מענטש; זעענדיק, אַז טראָץ זיין אָנגעשטרענגטער אַרבעט, זוכט ער דערביי נישט קיין מאַטעריעלע אייגענע נוצן, און אונטער אַזעלכע באַדינגונגען מיטפילן און מיטליידן, מיטהעלפן און מיטשטיצן מאָראַליש און גייסטיק מיט אַ פריילע־

בער מינע, מיט גוטן הומאָר, — פאָדערט זיך אַ היפשע מאָס גבורה. און דאָס האָט דאָניאַ מאַריאַ פאַרמאָגט אין אַ פולער מאָס. און אויב דער אָנדענק פון ד״ר ירחי ווערט דערמאָנט מיט אַזוי פיל רעספּעקט, האָט אין דעם אַ גרויסן חלק זיין לעבנס־באַגלייטערין.

דאָניאַ מאַריאַ איז געווען אַ טאָלסטאָיאַנערין. עס איז מיר איין מאָל אויסגעקומען צו האָבן מיט איר אַ שטאַרקע דיסקוסיע וועגן טאָלסטאָיזם. איך האָב געזאָגט, אַז פאַר מיר איז טאָלסטאָי נישט אַזוי גרויס ווי מען שאַצט אים, דערפאַר וואָס זיינע מעשים שטימען נישט מיט זיינע אידעען, ער האָט איבערגעשריבן זיין פאַרמעגן אויפן נאָמען פון זיין פרוי און נאָך דעם גע־פריידיקט צו פּאַרטיידיקן דעם פויער וואָס האָט נישט קיין ערד. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געלעבט גאַנץ פאַרשיידן ווי ער האָט געלערנט אַנדערע אויף זיינע עלטערע יאָרן. די פרוי ירחי האָט געהאַלטן, אַז אין אַלגעמיין דאַרף מען באַטראַכטן די גרויסע הומאַניטאַרע לערערס לויט זייערע פילאָ־סאָפישע שיטות, וואָס דינען ווי וועגווייזערס פאַר די צוקונפטיקע דורות און מען קען נישט נעמען אין אַכט איינצלנע מעשים, ווייל דער גרעסטער מענטש איז דאָך פון געבוירן־אָן נישט מער און נישט אַנדערש ווי אַ מענטש, וואָס קען בלאָנדזשען ביז ער געפינט זיין אייגענעם ריכטיקן וועג. נאָר קוים האָט ער אים געפונען, דאַרפן מיר זיך נישט אומקוקן אויף צוריק, נאָר מיטגיין.

# די פרוי אָלגאַ סאַכאַראָוו

כדי בעסער צו באַנעמען אויף וויפל עס האָט מיטגעווירקט פרוי אָלגאַ סאַכאַראָוו צום „סאַכאַראָוויזם״, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, איז נייטיק צו דערמאָנען דעם פסיכאָלאָגישן צושטאַנד פון דעם רוב קאָלאָניסטן אין די ערשטע יאָרן פון דער קאָלאָניזאַציע, דאָס הייסט, צום סוף פון פאָריקן און אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט.

כמעט אַלע זענען מיר געקומען פון דעם תחום המושב פון צאַרישן רוסלאַנד; פון קליינע שטעטלעך אָדער קאָלאָניעס, ווו יידן האָבן געלעבט זייער אייגנאַרטיק לעבן. די אומגאַנג־שפּראַך איז געווען יידיש. דער אוראַדניק, דער זשאַנדאַר, דער אַקציזניק זענען געווען די הערשער פון שטעטל, פאַר וועלכע אַלע האָבן געציטערט, אויך דער יידישער סטודענט, דער יידישער דיפּלאָמירטער, די וואָס האָבן גערעדט רוסיש, און טאָמער האָט נאָך עמיצער געקענט אויך אַ ביסל דייטש אָדער פראַנצויזיש, איז ער באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אַריסטאָקראַט. דער שטעטלדיקער ייד האָט פון איין זייט געקוקט אויף זיי מיט ביטול, ווייל זיי זענען געווען אַפּיקורסים, און פון דער צווייטער זייט האָט מען זיך באַצויגן צו זיי מיט רעספּעקט. ווען איינער האָט גערעדט בלויז רוסיש און געזאָגט אַז ער קען נישט ריידן קיין יידיש, איז עס געווען אַ גאַר הויכע מדרגה פון אַריסטאָקראַטיזם. קומענדיק אין קאָלאָניע, האָבן מיר געטראָפן עטלעכע פאַמיליעס רוסיש־ריינדיקע, פרייע, און זיי האָבן זיך באַטראַכט פאַר אַ העכערן קלאַס.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז אָלגאַ סאַכאַראָוו, די פרוי פון דעם דיפּלאָמירטן דאָן מיגעל, די שוועגערין פון ד״ר ירחי, אַ סטודענטקע וואָס רעדט רוסיש, איז יונג, האָט אַלע אייגנשאַפטן צו זיין אַריסטאָקראַטיש געשטימט. ווען איך בין צום ערשטן מאָל געקומען מיט אַ באַזוך אין הויז פון סאַכאַראָוון און ער האָט מיר פאָרגעשטעלט זיין פרוי, און פאַרברענגענדיק דאָרט אַ פּאָר שעה, האָב איך דערזען מיין טעות. אָלגאַ סאַכאַראָוו איז גאָר געווען אַ באַשיידענע פרוי. וואָס נאָענטער איך האָב זיך באַקענט מיט דער פרוי אָלגאַ, אַלץ מער האָב איך זיך איבערצייגט אין דער פיינקייט פון איר אייגנאַרטיקן כאַראַקטער.

איר באַגריף וועגן מענטש און מענטשהייט איז געווען פון אַ ריינער און פון הויך סאָציאַלער קאַטעגאָריע. טוגנט איז פאַר איר נישט געווען קיין פריי־

ווילעגיע פון אַ פּאַרטיי אָדער קלאַס; גערעכטיקייט האָט זי נישט אַריינגעפּאַסט אין אַ קרייז פון דעם אָדער יענעם איזם; גלייכקייט איז פאַר איר נישט געווען קיין אויסגעלערנטע זאַך, אָדער ווייל די אָדער יענע רעוואָלוציע האָט אַזוי אָנגעשריבן אויף איר שילד, — דאָס איז פאַר איר געווען אַ נאַטירלעכקייט.

טוגנט, גערעכטיקייט, גלייכקייט זענען אייגנשאַפטן וואָס קיין מענטש, פּאַרטיי, קלאַס האָט אַ פּאַטענט אויף דעם. אַזוי האָט פרוי סאַכאַראָוו פאַרשטאַנען און אַזוי איז זי געווען אין איר אַרט לעבן. איר אינטעליגענץ, איר פעיִקייט האָט זי אויסגענוצט יעדעס מאָל ווען זי האָט געקענט זיין נוצלעך פאַר די מענטשן, אָן קיין אונטערשייד פון קאָליר, פון אָפּשטאַם און שטאַנד. זי איז געווען אַריסטאָקראַטיש אין שענסטן זינען פון וואָרט, אָבער האָט נישט גורס געווען דאָס אַריסטאָקראַטעווען. איך וואָלט געזאָגט, אַז זי האָט אויסגעמיטן די געזעלשאַפט פון דער אַזוי גערופענער אַריסטאָקראַטיע, ווייל זי האָט עס באַטראַכט פאַר נישט נאַטירלעך, פאַר פּוסטער גאווה און וואָס איז אין קעגנזאַץ מיט אויפריכטיקייט, מיט מענטשלעכע חברלעכע באַציִונגען, — אַזוי האָב איך געזען אָלגאַ סאַכאַראָוו.

**
*

וואָס שייך אָלגאַ, ווי סאַכאַראָווס לעבנסבאַגלייטערין, האָט זי באמת פאַרדינט דעם טיטל די אַנאָנימע סאָלדאַטקע. אַ יונג פּאָרפאָלק, האָבן זיי זיך באַזעצט אַליין אויפן פעלד, ווייט פון שכנים. סאַכאַראָוו פלעגט אָפט מאָל אַוועקפאָרן גאַנץ פרי און קומען שפּעט אין אָוונט צוריק וועגן ענינים פון דעם קאָאָפּעראַטיוו אָדער אַנדערע געזעלשאַפטלעכע זאַכן, און זי פלעגט בלייבן איינע אַליין אַכטונג געבן אויף דער פאַרצווייגטער ווירטשאַפט, און דאָך האָט זי שטענדיק געמוטיקט סאַכאַראָוון, דירעקט און אומדירעקט, ווי דער שטייגער פון אַ קלוגער, טרייער פרוי.

נישט שטענדיק איז זי געווען איינשטימיק מיט סאַכאַראָוון. עס איז געווען אינטערעסאַנט בייצוזיין זייערע דיסקוסיעס, וואָס זענען נישט געווען קיין איבעררייד, ווי עס טרעפט אָפט מאָל צווישן מאַן און פרוי, נאָר ווי צוויי אינטעליגענטע מענטשן פירן צווישן זיך אַ שמועס, אַ מיינונג־אויסטויש מיטן פאַרשטאַנד, אַז נישט אַלע מאָל איז אַ דורכפאַל אַ נאַרישקייט און נישט שטענדיק איז אַ דערפאָלג דער רעזולטאַט פון חכמה.

סאַכאַראָוו איז אין זיינע פּריוואַטע האַנדלונגען באַגאַנגען גרויסע פעלערן. זיין שטענדיקער אָפּטימיזם, זיין איבערגעטריבענער גלויבן אין דער גוטסקייט פון מענטשן, זיין נישט קענען אָפּשאַצן די באַדייטונג פון געלט, פון עקאָנאָמיע, האָט אים געקאָסט זיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס האָט געקענט זיין אַ

גאַנץ היפּשער. אָבער, ווי זאָגט די וועלט, — דעם גוטן פריינד דערקענט מען אין די שלעכטע צייטן. אין די שווערסטע מאָמענטן פון סאַכאַראָווס לעבן, ווען ער האָט געמוזט איבערלאָזן זיין גרויסע און גוט־איינגעאָרדנטע ווירט־שאַפט, נישט האָבנדיק ווו און מיט וואָס אַוועקצוגיין, האָט זיין חברטע אָלגאַ אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע גרויסמוטיקייט, — זי האָט אים נישט געטרייסט, נאָר זי איז געשטאַנען גלייך מיט אים, ווי אַ גלייך באַטייליקטע אין אַלצדינג.

מיר איז אויסגעקומען צו נעכטיקן ביי סאַכאַראָוון גראָד אַ פּאָר טעג פאַר זיין פאַרלאָזן זיין נחלה, און ווי אַ פריינד פון דער פאַמיליע, האָבן מיר אַרומגערעדט אייניקע פּרטים פון דעם מאָמענט, און איך האָב באַוווּנדערט די כאַראַקטער־פעסטקייט, די סטאָיִשקייט און מיט וואָס פאַר אַן איידלקייט זי האָט גערעדט, כדי נישט ווייטיק צו טאָן סאַכאַראָוון.

אָלגאַ סאַכאַראָוו איז געווען די אמתע אַנאָנימע סאָלדאַטקע.

# אַנאָנימע סאָלדאַטקעס

ווי אַנדערש וואָלט אויסגעזען די מענטשהייט, ווען די פרוי ווערט נישט פאַרוואַנדלט אין אַ קאָקעטקע; ווען די פרוי מאַכט נישט פון זיך אַליין אַן אָביעקט פאַר אַן אויסשטעלונג, צו ציִען וואָס מער די אויפמערקזאַמקייט אויף איר אויסערלעכקייט דורך אַרטיפיציעלע מיטלען.

גליקלעך איז די היים, ווו ביידע — מאַן און ווייב, אויסער דער נאַטיר־לעכער ליבשאַפט און טריישאַפט אין דעם פאַמיליען־לעבן, האָבן אויך קעגנ־זייטיקע פאַרשטענדעניש, אַ געמיינזאַמע אידעאָלאָגיע, און ביידע ווייסן, אַז אויסער פאַמיליע־פליכטן זענען אויך פאַראַן געזעלשאַפטלעכע פליכטן, פאַר וועלכע מען מוז מיטאַרבעטן. גאָטס ברכה רוט אין דער היים, ווו די פרוי, די מוטער, די בעל־הביתטע איז צו דער זעלבער צייט אַ גוטע חברטע.

איך ברענג דאָ אַ פּאָר עפּיזאָדן פון מיינע אייגענע איבערלעבונגען.

אין יאָר 1913, האָט פּאַנדאָ קאָמונאַל דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס. אַ סך האָבן געמיינט, אַז זי וועט זיך מוזן אויפלייזן. זייענדיק אין בוענאָס־איירעס, צוזאַמען מיט ה׳ סאַכאַראָוון, האָבן מיר באַזוכט דאָס הויז „אַגאַר קראָס״ וועגן געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן. גלייך ביים אַריינקומען האָט אונדז באַגעגנט איינער פון די דירעקטאָרן און מיר אַ פרעג געטאָן, וויפל איך פאַרדין אין פּאַנדאָ קאָמונאַל. שעמענדיק זיך צו זאָגן די ריכטיקייט — איך האָב באַקומען 200 פּעזעס אַ מאָנאַט — האָב איך אים געזאָגט: 500 פּעזעס. נישט טראַכטנ־דיק קיין סך, זאָגט מיר דער דירעקטאָר, אַז זיי דאַרפן מיר האָבן, ווייל זיי קענען מיין אַרבעט אין פּאַנדאָ קאָמונאַל און אַז זיי האָבן פאַר מיר אַ פּאָסטן מיט אַ געהאַלט פון 600 פּעזעס אַ חודש, מיט פּראָצענטן פון די אָפּעראַציעס, פאַרזיכערנדיק אַ מינימום פון טויזנט פּעזעס.

איך האָב זיך געווענדט צו סאַכאַראָוון און אים געפרעגט וואָס ער זאָגט צו דעם? האָט ער אַ הייב געטאָן די הענט און גאָר נישט געענטפערט. גע־ווּסט האָב איך, אַז ווען איך גיי דעמאָלט אַוועק פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, איז נישטאָ ווער עס זאָל איבערנעמען די שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און פאַר־היטן דעם קאָאָפּעראַטיוו פון אונטערגאַנג. אָבער כדי נישט צו געבן אַ קאַטעג־גאָרישן נעגאַטיוון ענטפער, האָב איך זיי געזאָגט אַז איך וועל זיי ענטפערן שריפטלעך. קומענדיק צוריק אַהיים, האָב איך דערציילט מיין פרוי, אַז מען באָט מיר אָן אַ שטעלע אין בוענאָס־איירעס, מיט טויזנט פּעזעס געהאַלט. זי

האָט גלייך אויפן אָרט אַ פרעג געטאָן: „און וואָס וועט ווערן פון פּאַנדאָ קאָ־מונאַל, אַז דו וועסט אַוועקגיין?".

ענלעכס האָט פּאַסירט, ווען איך האָב שוין געאַרבעט אין „פּראָטערני־דאַד אַגראַריאַ". אין די יאָרן 1930־1937 איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער קריזיס אין גאַנצן לאַנד, ספּעציעל פאַר די אַגראַריער. עס זענען געווען יאָרן פון היישעריק, טריקעניש, צופיל רעגן, נידעריקע פרייזן, וכו'. צו דעם האָט פּאַנדאָ קאָמונאַל זיך אויסגעשלאָסן פון „פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ"* און „סאָ־סיעדאַד אַגריקאָלאַ לוסיענווילע"** האָט געפירט אַ טאַקטיק פון נישט אַהין און נישט אַהער, און מען האָט אויף פאַרשיידענע אופנים אינטריגירט קעגן דער צענטראַלער אינסטיטוציע. מיין געהאַלט איז געווען 450 פּעזעס אַ חודש, וואָס איך האָב נישט געקענט אַרויסנעמען רעגלמעסיק, ווייל עס איז נישט גע־ווען פון וואַנען צו נעמען. ביי מיר אין שטוב האָט זיך געפילט אַ דחקות. עס זענען געווען טעג און וואָכן ווען עס איז איינפאַך נישט געווען מיט וואָס צו קויפן די נייטיקסטע געברויך־אַרטיקלען. עס האָט זיך געפאָדערט אַן אויסער־געוויינלעכע כאַראַקטער־פעסטקייט צו האַלטן זיך אויפן פלאַץ, איינהאַלטן דעם רודער פון דער אָרגאַניזאַציע.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען, האָט מיר אין אַ געוויסן טאָג געשיקט רופן דער ד"ר יצחק ניסענזאָן און מיר געזאָגט, אַז ער האָט געגרינדעט אַן „אַנאָ־נימע געזעלשאַפט" צו עקספּאָרטירן געפרוירן כשר פלייש קיין ענגלאַנד און ארץ־ישראל, און זיי דאַרפן האָבן אַ פאַרוואַלטער וואָס זאָל אָנפירן מיט דער דאָזיקער אונטערנעמונג. ביי אַ זיצונג פון די אַקציאָנערן איז באַשלאָסן גע־וואָרן אָנצובאָטן מיר די אָנפירונג, מיט אַ געהאַלט פון טויזנט פּעזעס אַ חודש, אַ רייזע קיין אייראָפּע אין דער ערשטער קלאַס פאַר מיר מיט מיין פרוי, אויף צו זיין דאָרט זעקס מאָנאַטן אויפן חשבון פון דער געזעלשאַפט, ביזן שטעלן אין גאַנג אַלץ וואָס איז נוגע צום עקספּאָרט און אימפּאָרט און דעם דאָרטיקן קאָנסום. ווען איך בין געקומען צוריק און דערציילט מיין פרוי דעם גאַנצן ענין, האָט זי מיר באַלד געזאָגט: „אין דער לאַגע וואָס „פּראָטערנידאַד אַג־ראַריאַ" געפינט זיך, ווי אַזוי קענסטו איר איבערלאָזן?".

דאָס זענען צוויי עפּיזאָדן וואָס דאַרפן נישט קיין קאָמענטאַרן.

אין די 40 יאָר וואָס איך האָב געאַרבעט פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַ־ציע און קאָאָפּעראַציע, האָב איך געהאַט אויסצושטיין אַ סך נסיונות אויפן עקאָנאָמישן און מאָראַלישן געביט. מיר האָבן געליטן און געשוויגן. איך האָב

* אַגראַר־ברידערשאַפט.

** אַגראַר־געזעלשאַפט לוסיענוויל.

קיין מאָל נישט געהערט פון מיין פרוי אַ קריטיש וואָרט, זי האָט מיר מיט־געפילט און געליטן מיט ווערדע. אינטערעסאַנט איז, אַז ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, ווען איך האָב געהאַט ערנסטע דיסקוסיעס מיט סאַכאַראָוון אי־בער וויכטיקע ענינים, פלעגט ער ווען, מיין פרוי זאָל אויך זיין דערביי, ער האָט זיך גערעכנט מיט איר מיינונג.

# ברויט צום עסן

די יאָרן 1911, 1912, 1913 און 1914 זענען געווען אומגעהייער שלעכטע, צוליב די צופיל רעגנס.

אין יאָר 1911/12 האָט די קאָלאָניע קלאַראַ פּאַרזייט אַריבער 50 טויזנט העקטאַרן. די פּאַרזייטע פעלדער האָבן זיך אַרויסגעוויזן פּראַכטפול שיין. מען האָט זיך גערעכנט אויף אַן אויסערגעוויינלעך גוטער גערעטעניש. פּאָנדאָ קאָ־מונאַל האָט אויסגעטיילט צווישן אירע מיטגלידער 500.000 ליידיקע זעק, 3.000 פּעק בינד־פּאָדעם אויף צו בינדן די סנאָפּעס, בוימל, מזומן געלט אויף הוצאות אַראָפּצונעמען דעם שניט. דער אַלגעמיינער קרעדיט וואָס עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם קאָאָפּעראַטיוו אין פאַרלויף פון יאָר איז געווען נאָענט פון אַ מיליאָן פּעזעס. נאָר גלייך ווי מען האָט אָנגעהויבן שניידן האָט גענומען רעגענען און געשטערט די אַרבעט אין פעלד. די יעניקע וואָס האָבן באַוויזן אויסצודרעשען אין די חדשים יאַנואַר־פעברואַר, האָבן ווי עס איז אַרויסגעראַטעוועט טיילווייז — ווער מער ווער ווייניקער — גענוג אויף צו דעקן די הוצאות. די אַנדערע, לערך 50 פּראָצענט פון דער קאָלאָניע, האָבן געדראָשן נאַסע, האַלב־פאַרפוילטע ווייץ און ליאָן. ביי אייניקע זענען אין גאַנצן פאַרפוילט געוואָרן אַ היפּשע טייל פון די פּאַרוועס און זיי זענען געבליבן בעירום ובחוסר כל.

די רעגנס האָבן אָנגעהאַלטן דריי יאָר נאָכאַנאַנד. מען האָט נישט גע־קענט נישט אַקערן, נישט זייען. דאָס ביסל וואָס מען האָט געזייט, האָט גע־געבן זייער אַ שוואַכן רעזולטאַט סיי אין קוואַנטיטעט ווי אין קוואַליטעט. די טשאַקרעס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיטערער בלאָטע. דער גרעס־טער טייל קי האָט געפּגרט, מחמת דאָס פעלן פון פּאַשע און צופיל נאַסקייט. נאָך מער האָבן געליטן די יונגע קעלבלעך, אַזוי, אַז די מילך־פּראָדוקציע האָט זיך אָפּגעשטעלט, די מילכיקערייען האָבן זיך געשלאָסן. דאָס אַלץ האָט, נאַ־טירלעך, געווירקט אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די קאָלאָניסטן־מיט־גלידער, און ממילא אויף דעם מצב פון פּאָנדאָ קאָמונאַל.

די מיטגלידער זענען געבליבן שולדיק דעם קאָאָפּעראַטיוו זעקס הונ־דערט טויזנט פּעזעס. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט געהאַט צו צאָלן זיינע קרעדי־טאָרן ביי די פינף הונדערט טויזנט פּעזעס. די קאַסע איז געווען ליידיק; עס האָבן זיך געפונען אַ סך וועקסלען, אָבער גאָר נישט קיין מזומן. די קרעדיטן

האָבן זיך אָפּגעשטעלט און פאַר צענדליקער און צענדליקער פאַמיליעס האָט זיך געשאַפן אַן אויסערגעוויינלעך קריטישע לאַגע. עס איז ממש געווען אַ פּראָבלעם ווי אַזוי צו באַקומען אַ ביסל מעל אויף צו באַקן ברויט. (אין יענע יאָרן פלעגן די קאָלאָניסטישע פרויען באַקן ברויט אַליין, ביי זיך אין דער היים).

יעדע וואָך, איבערהויפּט דעם טאָג דאָנערשטיק, פלעגן קומען קאָלאָניסטן פון נאָענטע און פון ווייטערע קאָלאָניעס, מידע, פאַרבלאָטיקטע און מיט טרערן אין די אויגן בעטן, דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל זיי באָרגן כאָטש אַ האַלבן זאַק מעל, כאָטש צען קילאָ מעל; דאָס ווייב האָט שוין צוגעגרייט די ראָשטשינע און עס איז נישטאָ קיין מעל, אַפילו צו לייען ביי אַ שכן איז נישטאָ, ווייל קיינער האָט נישט געהאַט קיין מעל. יעדער באַזונדער האָט געטענהט: וואָס זעט זיך אָן ביי פּאַנדאָ קאָמונאַל אַ זעקל מעל? — פאַרגעסנדיק, אַז ביי פּאַנדאָ קאָמונאַל איז ער נישט דער איינציקער און אַז כמעט אַלע מיטגלידער געפינען זיך אין דער זעלביקער לאַגע. פּאַנדאָ קאָמונאַל איז געווען שולדיק אַ היפּשע סומע געלט אין מיל, און לויט די אומשטענדן האָט מען מאָראַליש נישט געטאָרט נעמען און נישט געבן מער קיין קרעדיט. מער ווי איין מאָל פלעגט מיר רירן ביז טרערן. איך האָב נישט געקענט העלפן. עס איז געווען ממש פּיינלעך צוצוזען ווי אָנשטענדיקע בעלי־בתים דאַרפן אַרומלויפן זוכן ערגעץ־וווּ צו באָרגן עטלעכע קילאָ מעל אויף צו באַקן ברויט פאַר דער פאַמיליע.

אויף מיין רייזע קיין ריוועראַ — אין אָקטאָבער 1912 — וואָס האָט געדויערט צוויי טעג, האָב איך געהאַט גענוג צייט צו טראַכטן. און טראַכטנדיק האָב איך מיר אַליין געפרעגט, צי עס איז עס לאָגיש און יושרדיק, אַז די וואָס פּראָדוצירן ברויט פאַר דער גאַנצער וועלט צום עסן זאָלן אַליין נישט האָבן קיין ברויט פאַר זיך און פאַר דער פאַמיליע?

עס דאַרף דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז אין יענע יאָרן איז געווען איינגעפירט, אַז דער קאָלאָניסט פלעגט נאָכן דרעשען פאַרקויפן דעם גאַנצן ווייץ און יעדעס מאָל וואָס ער האָט געדאַרפט פאַר זיין געברויך אַ זעקל מעל, האָט ער עס געקויפט אָדער געבאָרגט. אויף די יאָרן אויף וועלכע מיר באַציִען זיך, איז ביים גרעסטן טייל נישט געווען מיט וואָס צו קויפן, און באָרגן איז כמעט נישט געווען ביי וועמען, ווייל די פּריוואַטע קאָמערציאַנטן האָבן אויך געליטן די קאָנסעקווענצן פון די דורכגעפאַלענע קאָסעטשעס. טראַכטנדיק בין איך געקומען צום שלוס, אַז אויף ווייטער טאָר נישט זיין אַזוי; אַז די ערשטע 15־20 פאַנעגאַס ווייץ וואָס דער קאָלאָניסט דרעשט אויס, מוז ער דאָס באַהאַלטן און פאַרוואַנדלען אין מעל און פאַרזיכערן, אַזוי אַרום, דער פאַמיליע מיט

ברויט אויף אַ גאַנץ יאָר; נישט וויכטיק וועמען און וויפל ער איז שולדיק — דעם קאָאָפּעראַטיוו צי דעם פּריוואַטן סוחר, — קיינער האָט נישט די מאָראַ־לישע רעכט צוצונעמען ביים ברויט־פּראָדוצירער דעם טייל וואָס ער האָט נייטיק פאַר זריעה און צום עסן.

ביי דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון קאָלאָניסטן אין בערנאַסקאָני (פון רי־וועראַ בין איך צוגעפאָרן קיין בערנאַסקאָני, ווו איך האָב פאַרווײלט עטלעכע טעג), האָב איך זיי פאָרגעבראַכט די דאָזיקע איניציאַטיוו, ווי אויך דאָס גרינדן אַ ליי־ און שפּאָר־קאַסע.

קומענדיק צוריק אַהיים, האָב איך געשמועסט מיטן ה׳ סאַכאַראָוו וועגן דעם דערמאָנטן פּראָיעקט. ער האָט אים אויפגענומען מיט אַנטציקונג, האָט מיר געשענקט אַ האַרציקן קוש, און עס איז געבליבן אַז מיר זאָלן פאַרברענגען דעם ענין צו באַהאַנדלען ביים דירעקטאָריום פון פאָנדאָ קאָמונאַל. ביי דער ערשטער זיצונג האָב איך דערקלערט פאַרן ראַט די אומדערטרעגלעכע לאַגע פאַר דער קאָלאָניסטישער פאַמיליע אין אַלגעמיין אין אַנבליק פון דער נישט־זיכערקייט מיט דעם שטיקל ברויט אין שטוב, ווי אויך די נישט־לאָגישקייט פון דעם, וואָס דער וואָס גרייט צו ברויט פאַר אַלע אַנדערע זאָל אַליין דאַרפן אַרומלויפן זוכן ווו צו באָרגן אַ זעקל מעל; אַז די געוווינהייט צו פאַרקויפן דעם ווייץ און נאָך דעם קויפן מעל, פאַרטייערט דאָס ברויט וואָס מען עסט, ווייל עס גייט דורך די הענט פון עטלעכע פאַרמיטלערס. צוליב דעם, און הגם די מיטגלידער זענען שולדיק אַ סך געלט דעם קאָאָפּעראַטיוו און מיר האָבן גרויסע התחייבותן צו צאָלן, זאָל באַשטימט ווערן, אַז די ערשטע זעק ווייץ וואָס דער קאָלאָניסט דרעשט אויס, זאָל ער אַריינברענגען אין פאָנדאָ קאָמו־נאַל, עס אויסצובייטן אויף מעל. פאָנדאָ קאָמונאַל וועט מאַכן די זעלביקע אָפּעראַציע מיט אַ מיל. דער מיל וועט לוינען צו געבן בעסערע קאָנדיציעס, דערפאַר וואָס זי וועט באַקומען אַ היפּשע צאָל פאַנעגאַס ווייץ אַנהייב יאָר, נישט דאַרפנדיק באַצאָלן קיין איין פּעזע. דאָס מעל וועט אַרויסגענומען ווערן אין פאַרלויף פון יאָר מאָנאַטלעך.

דער ראַט האָט עס באַשטעטיקט. מיר האָבן גלייך צעשיקט געדרוקטע בלעטלעך צו יעדן מיטגליד. פאָנדאָ קאָמונאַל האָט דעמאָלט געהאַט 760 מיט־גלידער און מ׳האָט אַלעמען מיטגעטיילט וועגן דעם דאָזיקן באַשלוס. סאַכאַ־ראָוו האָט באַהאַלטן דאָס בלעטל ווי אַ רעליקוויע.

געמיינט האָבן מיר, אַז אַלע מיטגלידער וועלן מיט אַ דאַנק אויפנעמען דעם דאָזיקן באַשלוס, אָבער, צום באַדויערן, האָט דער דאָזיקער פאַל נאָך אַ מאָל באַשטעטיקט, אַז מענטשן זענען גענויגט צו גלויבן גיכער אין פאַרלוימ־דונגען ווי אין אמת. גלייך ווי ס׳איז באַקאַנט געוואָרן אין קאָלאָניע דער דער־

מאָנטער באַשלוס, האָבן די „חכמים" גענומען קאָמענטירן, אַז עס איז עפּעס צו־גוט. וואָס הייסט — האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, — מיר זענען שולדיק אַזוי פיל געלט אין קאָאָפּעראַטיוו און ער פאַרמאָגט נישט קיין איין מזומנעם הונדערטער אין קאַסע, זענען זיי פּלוצלינג געוואָרן אַזוי גוט און פרום און ווילן אונדז באַוואָרענען מיט מעל אויף אַ גאַנץ יאָר? עס קען נישט זיין; עס איז קאַפּלאַנס קעפּל; דאָס איז זיינער אַ שפּיצל. ער וועט אַריינבעמען דעם ווייץ און מיר וועלן נישט האָבן נישט קיין ווייץ און נישט קיין מעל, ער וועט עס פאַרקויפן אויף צו קענען דעקן מיט דעם געלט אַ חוב.

די דאָזיקע „חכמים" האָבן אויפגעקלערט, אַזוי „שכלדיק" דעם גאַנצן שפּיצל קאַפּלאַנס, אַז זיי האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער זאַך. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דעם ערשטן יאָר האָבן בסך־הכל 31 קאָ־לאָניסטן „ריזיקירט" און געמאַכט די דאָזיקע אָפּעראַציע. די ערשטע דריי, וואָס האָבן זיך געמאָלדן אין קאָאָפּעראַטיוו אויף צוריידן וועגן דעם דאָזיקן ענין, זענען געווען: מאַרקאָס פּאָדלאָג, ניסן פורער און שלום ווייסמאַן פון באַ־ראַנעטשע.

פּאָדלאָג, איינער פון די פיינסטע קאָלאָניסטן, האָט מיר דערקלערט אַז ער קען נישט מאַכן דעם בייט פון ווייץ אויף מעל, כאָטש ער פאַרשטייט אַז עס איז לוינעוודיק, ווייל ער איז שולדיק דעם שמיד, דעם קצב, דעם סטאָ־ליער. זיין כאַראַקטער דערלויבט אים נישט, ער זאָל זיך פאַרזאָרגן מיט צוואַנ־ציק זעק מעל אויף אַ גאַנץ יאָר ברויט, וואָס באַטרעפט דריי הונדערט פעזעס, און נישט צאָלן, כאָטש צו ביסלעך, די אַלע דערמאָנטע וואָס זענען אויך נישט קיין רייכע לייט.

איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו איז גאַנץ ווייט פון ראַטן עמיצן נישט צו צאָלן דאָס וואָס מען איז שולדיק, פאַרקערט, מיר זוכן מיטלען מ'זאָל קענען באַצאָלן, און דאָס בייטן ווייץ אויף מעל — אייסער דער גערעכטיקייט — איז איינע פון די מיטלען. אים האָב איך אויפ־געוויזן מיט ציפערן, אַז מיטן בייט וועט ער איינשפּאָרן זעכציק פעזעס און מיט אָט מיט די איינגעשפּאָרטע פעזעס וועט ער קענען פאַרקלענערן זיין חוב. זיין ענטפער איז געווען: „דעם חשבון האָב איך שוין אַליין געמאַכט אין דער היים, דאָך קען איך מאָראַליש נישט טאָן אַזאַ זאַך".

פורער און ווייסמאַן — ביידע אָרעמע קאָלאָניסטן, — האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן נישט וואָס צו פאַרלירן; קרעדיט האָבן זיי סיי־ווי אין ערגעץ נישט, וועלן זיי ריזיקירן און אַריינפירן ווייץ אויף אויסצובייטן אויף מעל. נאָך איי־ניקע זענען געקומען און פלעגן מיר פאַרטרויען אַ סוד, אַז מיר צוליב. זיי

פאָלגן מיר שטענדיק, וועלן זיי מאַכן דעם בייט. זיי זענען זיכער אַז איך וועל זיי נישט אָפּנאַרן.

אויפן צווייטן יאָר האָבן שוין מערער מיטגלידער „ריזיקירט״, ביז ס׳איז געוואָרן איינגעפירט ווי אַ סיסטעם, אַז אַ קאָלאָניסט דאַרף עסן זיין אייגן ברויט, פּראָדוצירט מיט אייגענער אַרבעט. און דאָס איז פון אַלעמען רעס־פּעקטירט געוואָרן, אויך פון די פּריוואַטע קרעדיטאָרן. זאָל דאָס מיר פאַר־רעכנט ווערן פאַר אַ זכות. דאָס פּראָפּאַגאַנדע־בלעטל האָט זיך געלייענט אַזוי:

„ברויט צום עסן״. — עס איז פּשוט אומגלויבלעך, אַז די דאָזיקע וואָס באַשעפטיקן זיך מיט פּראָדוצירן ברויט פאַר דער גאַנצער וועלט, זאָלן אַליין נישט האָבן קיין אייגענעם ברויט. עס איז אַ טרויעריקער פאַקט, אַז פיל קאָלאָניסטן מוזן גלייך נאָך דער קאָסעטשע גיין זוכן באָרגן אַ זעקל מעל, און די מעל־פראַגע איז שוין אַ געוואָרן אַ כראָ־נישע כמעט אין אַלע קאָלאָניעס.

איז דאָס ריכטיק אַזוי? גיט טאַקע קיין מיטל צו באַוואָרענען דיזן פעלער? דיזע פראַגעס האָבן זיך געשטודירט ביי אונדזער קאָנסעכאָ דירעקטיוואַ און מען איז געקומען צום באַשלוס, אַז דיזע סיסטעם וואָס האָט עקסיסטירט ביז איצט מוז אויסגעבעסערט ווערן, און עס איז אָנ־גענומען געוואָרן פאָלגענדער באַשלוס:

יעדער קאָלאָניסט זאָל איבערלאָזן פאַר זיך צוואַנציק פאַנעגאַס ווייץ אויף אויסצובייטן אויף מעל. מיר גלויבן אַז אַלע וועלן זיך איינ־פאַרשטיין אַז דיזע פאַנעגאַס זענען הייליק פאַר דעם קאָלאָניסט, און קיינער פון די אַקרעדיטאָרן וועט קענען זאָגן עפּעס דאַקעגן.

די ווייץ קען יעדער אַריינפירן אין די גאַלפּאָנעס פון „פאַנדאָ קאָ־מונאַל״ און מיר וועלן טראַטירן דאָס אויסבייטן אויף מעל אין די בעס־טע קאָנדיציעס.

הערן מיטגלידער! די זאַך איז אָפּהענגיק פון אייך אַליין. אַלזאָ, האָפן מיר אַז יעדער וועט פאַרשטיין די וויכטיקייט פון דעם, אום איר דורכצופירן אין דער פּראַקטיק.

אם אין אני לי מי לי, וכשאני לעצמי מה אני?

פאָנדאָ קאָמונאַל, 25סטן נאָוועמבער 1912״.

# די פאַראייניקונג פון אונדזערע קאָלאָניעס

ווען מיר ווענדן אונדזער בליק צו דער פאַרגאַנגענהייט, צו דעם אָנהייב שאַפונג פון אונדזער קאָלאָניזאַציע, דאַרפן מיר אָנערקענען, אַז יענע וואָס האָבן די ערשטע באַטראָטן די וויסטע פוסטע פעלדער פאַרדינען דעם גרעסטן רעספעקט און אָנערקענונג פאַר זייער שטאַנדהאַפטיקייט, אויסדויער און אידעאַליזם ווי יידן און מענטשן בכלל. נײַנציק פּראָצענט פון די קאָלאָניזירטע זענען געקומען פון גרעסערע אָדער קלענערע שטעט, וואָס האָבן אין זייער לעבן נישט געהאַלטן קיין אַקעראײַזן אין האַנט. אַ סך האָבן אַפילו נישט געזען די פּראָצעדור פון זייען, שנײַדן און דרעשן, דאָך זענען זיי צוגעוואַקסן געוואָרן צו דער ערד־אַרבעט און זיך געפּלייסט צו ווערן גוטע ערד־אַרבעטער און זענען עס געוואָרן, באַגלײַך מיט די פון אַנדערע ראַסעס און נאַציאָנאַליטעטן. אין דער אַלטער היים זענען זיי געווען קרעמערס, בעלי־מלאכות, קאָמיסיאָניסטן, מלמדים, וואָס האָבן געפירט אַ האַרטן קאַמף פאַר זייער עקסיסטענץ. אָט מיט דעם דאָזיקן עלעמענט האָבן מיר געשאַפן דעם קאָאָפּעראַטיוויזם און אַ סך זענען געווען גוטע קאָאָפּעראַטיוויסטן.

ווי אַזוי און פון וואַנען איז עס געקומען דער דאָזיקער גייסטיקער איבערבּרוך? פון וואַנען האָבן זיי געשעפּט דעם דאָזיקן כוח איבערצואַנדערשן די ירושה פון אַ סך דורות און זיך צופּאַסן צו אַ גאַנץ אַנדער שטייגער לעבן? איך האָב מיט דעם דאָזיקן עלעמענט דורכגעמאַכט אַלע אַנטוויקלונג־עטאַפּן אין אונדזערע קאָלאָניעס אין פאַרלויף פון אַריבער פופציק יאָר. איך קען מיט זיכערקייט באַשטעטיקן, אַז יענע יידן מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס, בערד און פּיאות האָבן פאַרמאָגט אַ גרויסע מאָס אידעאַליזם און זענען געווען גרייט צו ברענגען קרבנות פאַר זייער אידעאַל.

אונדזערע עלטערן האָבן אויך נישט פיינט געהאַט געלט. זיי האָבן אָבער אויך געהאַט די גייסטיקע כוחות, וואָס זיי האָבן געשטעלט העכער פון געלט. זיי האָבן געהאַט כוח אָפּצושטעלן די אַרבעט שבת און יום־טוב. פרייטיק פאַרן זון־פאַרגאַנג זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן די פלוגעס, די שנייד־מאַשינען. עס האָט זיי נישט איבערגעשראָקן די כמאַרעס, די מעגלעכע רעגנס וואָס קענען שאַטן דעם שניט פון דער תבואה. שבת און יום־טוב האָט אַרויסגעריסן דעם יידן פון דער וואָכעדיקייט און האָט אים געגעבן דעם כוח פון מענטשלעכער דערהייבונג. שבת איז געווען אַ טאָג פון לערנען. די קליידונג, דער אויסער־

לעבער אויסזען איז געווען אַלטמאָדיש. פּאַר זייטיקע מענטשן האָט עס אַפילו אַ מאָל אויסגעזען קאָמיש, אָבער אין דעם איז געווען אַ היפּשע מאָס אייגנ־ווערט, אַן אינערלעכע פרייהייט צו לעבן אַן אייגענעם לעבן, וואָס איז דער אמתער אויסדרוק פון זיין פריי, אָן אַ שמץ פון אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס. מיט דעם דערקלערט זיך, פאַר וואָס עס איז געווען לייכטער אונטערצונעמען זאַכן מיט יענעם עלעמענט, ווייל ער האָט פאַרמאָגט דעם נייטיקן אידעאַליזם.

ווען עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו פאַראייניקן אַלע יידישע קאָלאָניעס, צעשפּרייטע אין די פּראָווינצן ענטרע־ריאָס, סאַנטאַ־פע, בוענאָס־איירעס און פּאַמפּאַ, — איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט ענטוזיאַזם סיי ביים ראַט פון פאָנדאָ קאָמונאַל, ווי ביי דער אַלגעמיינער מיטגלידער־פאַרזאַמלונג. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון פיר פּערזאָן: סאַכאַראָוו, ד״ר ירחי, דוד הורוויץ און שמעון פּוסטילניק, — זיי זאָלן באַזוכן אַלע קאָלאָניעס. עס האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן דער „פאַראיין״ פון באַסאַווילבאַסאָ, פון זיי זענען געפאָרן ווי דעלעגאַטן: הירש צענטער און שמואל־יואל הורוויץ. אין יענע יאָרן, ביי די קליינע רעסורסן וואָס פאָנדאָ קאָמונאַל האָט פאַרמאָגט, זענען די הוצאות פון אַזאַ מין רייזע ווירקלעך געווען אַן אָנשטרענגג אין מאַטעריעלן ווי אויך אין פיזישן זין, ווייל די רייזע־קאָמוניקאַציעס זענען געווען ווייט פון צו זיין באַקוועמע. די רייזע האָט געבראַכט הצלחה. עס זענען מסכים געווען צו דער פאַראייניקונג די קאָלאָניעס מאָזעסוויל, ריוועראַ און בערנאַסקאָני, אוי־סער מאַוריסיאָ, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק פון קאָאָפּעראַטיוויזם. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן ווערן ראָטשילדס.

אין חודש נאָוועמבער 1910 איז פאָרגעקומען די קאָנסטיטוציר־פאַרזאַמ־לונג. אין „אידישן קאָלאָניסט״ פון ערשטן דעצעמבער, שרייבט שמעון פּוס־טילניק:

„די אָפּרייזע דאָנערשטיק דעם 13טן נאָוועמבער. די דעלעגאַטן פון קאָלאָניע קלאַראַ האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי דער סטאַנציע דאָמינ־געז, פון וואַנען זיי האָבן באַשטימט אָפּצופאָרן מיט דעם צוג. ווי דורך אַ וואונדער האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל באַגלייטער, אויף וועמענס פּנימער עס איז לייכט געווען צולייענען סימפּאַטיע און פולן צוטרוי צו די ה״ה סאַכאַראָוו, ד״ר ירחי און ד״ר קליין, ווערנדיק באַגייסטערט און גע־רירט, האָבן געהאַלטן קורצע אָבער זייער ערנסטע רעדעס, וועלכע האָבן אַרויסגערופן שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן און וויוואַטן פאַר דער דעלעגאַציע. ווי נאָר דער צוג איז אָנגעקומען און די דעלעגאַטן האָבן אים באַטראָטן, האָט עטלעכע מאָל אויסגעדונערט „וויוואַ״ און הוראַ

פאַר דער קינפטיקער „פעדעראַציע‟, דער אַרגענטינער רעפובליק און דער דעלעגאַציע. דער ענטוזיאַזם איז באמת געווען אומבאַשרייבלעך‟.

די מענטשן וואָס זענען געזעסן אין די וואַגאָנעס האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די פענצטערלעך און זיך נאָכגעפרעגט, וואָס פאַר אַ געשעעניש דאָ קומט פאָר; וואָס פאַר אַ פערסאָנאַזשן פאָרן עס, פאַר וועלכע מען מאַכט עס אַזאַ ענטוזיאַסטישע געזעגענונג? יאָ, דאָס איז געווען אין 1910. דאָס זענען געווען יענע אַלטמאָדישע ייִדן, וואָס האָבן געהאָפט אויף משיחן און גע־גלייבט אין אַ בעסערער צוקונפט. זיי האָבן געשטרעבט צו אַ שענערן מאָר־גן. זיי זענען נישט געווען דורכגעדרונגען און נישט גענוג באַהאַוונט מיטן קאָאָפעראַטיוויזם, אָבער זיי האָבן פאַרמאָגט אמונה. און מיט מענטשן וואָס גלייבן קען מען שאַפן וווּנדער; מיט מענטשן וואָס קענען פאַנטאַזירן קענען פירערס וואַגן אונטערצונעמען זאַכן, וואָס זייערע רעזולטאַטן באַווייזן זיך העט־העט שפּעטער. אויך די פירערס דאַרפן קענען פאַנטאַזירן און גלויבן. סאַכאַראָוו האָט פאַנטאַזירט און געגלייבט אין די מענטשן — אפשר צו פיל — געגלייבט אין אַ בעסערער צוקונפט, און די מאַסע האָט אים באַגלייט.

גרויסע טעג זענען עס געווען. אָט אַזוי איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַ־מענט פאַר דער פאַראייניקונג פון אונדזערע קאָלאָניעס. די ערשטע פאַרזאַמ־לונג איז פאָרגעקומען אין בוענאָס־איירעס אין די טעג 14־16 פון מאָנאַט נאָ־וועמבער 1910, אין האָטעל „סאַן מארטין‟ אויף דער גאַס ראָדריגעז־פּעניאַ 344. עס האָבן זיך באַטייליקט די ה״ה: מיגעל סאַכאַראָוו, ד״ר נח ירחי, ד״ר קליין, שמעון פּוסטילניק, יצחק קאַפּלאַן, דוד טשערטקאָוו — פון פאַנדאָ קאָ־מונאַל; שמואל־יואל הורוויץ, בערל טאָלקאַטשיר, מענדל קאָסאָי — פון „סאָ־סיעדאַד אַגריקאָלאַ לוסיענווילע‟; מאָטל טשאַרני, אַרטוראָ באב און אהרן בראָדסקי — פון דעם קאָאָפעראַטיוו „באַראָן הירש‟ (ריווערא). פון מאָזעס־וויל האָבן זיי צוגעשיקט אַ בריוו, אַז צוליב אומפאָרויסגעזעענע סיבות האָבן זיי נישט געקענט קומען. עס איז באַשטימט געוואָרן די גרינדונג פון דער גע־זעלשאַפט מיטן נאָמען „קאָנפעדעראַסיאָן אַגריקאָלאַ אַרכענטינאַ איזראַעלי־טאַ‟,* מיט אָט דעם פּראָגראַם:

1) דער צוועק איז צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן, מאַטעריעלע, פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע און באַקומען אַן איינהייטלעכע איינשטימונג און מיטאַרבעט אין דער טעטיקייט צווישן די אַנגעשלאָסענע געזעלשאַפטן;

2) זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די אַגראַר־גרופּירונגען אין לאַנד און אויך אין אַנדערע לענדער;

* אַרגענטינער ייִדישע אַגראַר־פעדעראַציע.

3) זיין די לעגאַלע פאַרטרעטערין ביי די רעגירונגס אינסטאַנצן;
4) זיין די לעגאַלע פאַרטרעטערין וועגן די קאָלאָניסטישע ענינים ביי דער יק״אַ;
5) אָרגאַניזירן די אינפאָרמאַציע וועגן פאַרקויף פון די קאָלאָניסטישע פּראָדוקטן אין די פאַרשיידענע מערק;
6) פאַרביליקערן די מיטלען פאַר פּראָדוצירן קאָנסום־אַרטיקלען;
7) גרינדן אַן אַגראַר־באַנק און אָרגאַניזירן דעם קרעדיט אויף לענגערע טערמינען אויסצוצאָלן;
8) אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע און דעם קאָנסום אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות;
9) זיך באַשעפטיקן מיט קאָלאָניזירן די קינדער און אויך איינפלאַנצן דעם גייסט פון ערד־אַרבעט ביי די אימיגראַנטן;
10) אָרגאַניזירן סאַניטאַרע הילף אין די קאָלאָניעס;
11) מיטהעלפן מאָראַליש און מאַטעריעל צו דער אַנטוויקלונג פון שולוועזן אין די קאָלאָניעס;
12) גרינדן אַן אָרגאַן צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון דער „קאָנפעדעראַסיאָן אַגריקאָלאַ אַרכענטינאַ איזראַעליטאַ״, ווי אויך פאַר אַלע מאָראַלישע און מאַטעריעלע אינטערעסן פון די אָנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוועס;
13) אָרגאַניזירן די פאַרזיכערונג אויף מוטואַלע (קעגנזייטיקע) יסודות, קעגן פייער אין פאַרוועס און האָגל, פּי א״אַ;
14) שטיצן עקספּערימענט־טשאַקרעס אין די קאָלאָניעס און פאַרשפּרייטן די קענטעניש פון אַגריקולטור;
15) שאַפן אַן אַרביטראַזש־קאָמיסיע צו דערליידיקן מעגלעכע סיכסוכים צווישן די אָנגעשלאָסענע געזעלשאַפטן.

ווי עס איז צו זען, איז די פּראָגראַם געווען אַ ווייטגייענדיקע. די גרויסע טעגלעכע צייטונג „לאַ נאַסיאָן״ האָט געגעבן צוויי באַגייסטערטע נאָטיצן וועגן דעם, דעם 16טן און 19טן פון דערמאָנטן חודש.

סאַכאַראָווס צופרידנקייט מיטן קאָנגרעס איז געווען אין לשער. ער האָט זיך געזשעט טיילן מיט אַלעמען מיט דער שמחה פון האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר אַ פעדעראַציע פון אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס, די ערשטע אין דרום־אַמעריקע אין דעם גייסט. ער האָט טעלעגראַפירט די געשעעניש צו דער יק״אַ אין פּאַריז. סאַכאַראָוו האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַן ערן־חוב: זאָלן די יק״אַ־דירעקטאָרן האָבן נחת פון זייערע קאָלאָניסטן, וואָס זענען פאַרגעשריטענע מענטשן און ווייסן ווי זיך צו מאַכן נוצלעך פאַר זיך און פאַרן לאַנד. עס זענען אַריבער טעג און וואָכן. די לייט פון פּאַריז האָבן נישט געהאַט די איידלקייט אַפילו צו דערפילן מיט דער עלעמענטאַרער פליכט, מיטצוטיילן אַז זיי האָבן די טעלעגראַמע באַקומען. סאַכאַראָוו האָט דאָס באַטראַכט ווי אַ באַליידיקונג, אָבער נישט געוואָרן אין כעס פאַר דעם, וואָס יענעם פעלט איידלקייט.

ביים אָנקומען פון דער דעלעגאַציע אין בוענאָס־איירעס, האָט מיט מיר צפעס פאַסירט, וואָס האָט איבערגעשראָקן אַלע חברים וועלכע זענען געפאָרן

צו דער פאַרזאַמלונג. אַראָפּגייענדיק אויף דר סטאַנציע לאַקראָסע, זענען ירחי און סאַכאַראָוו אַוועקגעפאָרן מיט אַ קאָטש צום האָטעל און מיר אַלע דעלעגאַטן זענען געפאָרן מיט אַ טראַמוויי. איך בין געזעסן אויף איין באַנק מיטן ה׳ שמואל־יואל הורוויץ. גלייך ווי דער טראַמוויי האָט אָנגעהויבן גיין, האָב איך זיך דערפילט שלעכט און האָב נאָך באַוויזן צו זאָגן הורוויצן, ער זאָל מיך היטן, ווייל איך האָב מזומן געלט. מער ווייס איך נישט וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען. ווען איך האָב געעפנט די אויגן, האָב איך זיך געפונען אין אַן אַפּטייק. ד״ר ירחי און די אַנדערע חברים זענען געשטאַנען אַרום מיר, און גלייך ווי איך האָב זיך נאָר געקענט באַוועגן, האָב איך אַריינגעלייגט די האַנט אין קעשענע, האָב אַרויסגענומען דאָס געלט — 12.000 פעזעס — און דער־לאַנגט דעם ד״ר ירחי.

אין האָטעל האָט מיר ד״ר ירחי געזאָגט: „איך פאַרשטיי נישט וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דו האָסט. דו ביסט געווען מער טויט ווי לעבעדיק; עס האָט געקאָסט אַ סך מי ביז דער אַפּטייקער און נאָך דעם איך האָבן דיך דערמונ־טערט; און לויט הורוויץ דערציילט מיר, זענען דיינע לעצטע ווערטער געווען — געלט; און ווי דו האָסט נאָר געעפנט די אויגן, האָסטו דאָס ערשטע זיך דערמאָנט אין דעם געלט. האָסט אין יענע מאָמענטן ניט געדענקט פון דיין פרוי און קינדער, זיך פאַרגעסן צו זאָגן זיי אַדיע״. —„אַט טאַקע מחמת מיין פרוי און קינדער האָב איך אַזוי געהאַנדלט, דאָקטער, — האָב איך אים גע־ענטפערט, — איך האָב דערפילט אַז מיר איז זייער נישט גוט, טאָ שטעלט זיך פאָר ווען מען גנבעט ביי מיר אַרויס דאָס געלט, וואָס וואָלט מען געזאָגט אין קאָלאָניע? קאַפּלאַן איז אַוועקגעפאָרן אַ פרישער, אַ געזונטער, וואָס עפּעס אין מיטן דערינען האָט ער געחלשט? ער האָט מסתמא אַראָפּגעלאָזן דאָס געלט צו זיך אין קעשענע און געמאַכט כלומרשט אַז ער חלשט. אויף מיינע קינדער וואָלט געפאַלן אַן אייביקער פלעק, אַז זייער טאַטע איז אַ גנב. דעריבער האָב איך געהאַט אין זינען דאָס פרעמדע געלט״.

איך האָב מער קיין מאָל נישט געפירט קיין מזומן געלט מיט זיך.

# וועגן קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע

נאָך מיין באַזוך אין אַלע ייִקאַ־קאָלאָניעס אין די מאָנאַטן אָקטאָבער און נאָוועמבער 1912, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז עס איז פּריצייטיק איינצו־אָרדענען אַ צענטראַלע ביוראָ אין בוענאָס־איירעס: דער עקאָנאָמישער קריזיס; דער נאָך קנאַפּער אַריינדרינג פון קאָאָפּעראַטיוון גייסט, סיי ביי דער מיטגלידערשאַפט, ווי ביי דעם גרעסטן טייל פון די פירערס; דער לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם, כדי נישט צו זאָגן דער עגאָיִסטישער צוגאַנג פון פאַראַנטוואָרט־לעכע פערזאָנען צו קאָאָפּעראַציע; די מורא אַז אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע וועט פאַרמינערן דעם גלאַנץ און פּרעסטיזש פון זייער אינסטיטוציע, — דאָס אַלץ צוזאַמען גענומען האָט אונדז געצווונגען אָפּצוואַרטן מיטן באַשלוס וואָס עס איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער זיצונג פונעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער קאָנפעדעראַציע אין ריוועראַ, ביז צו אַ גינסטיקערער צייט.

צו יענער צייט האָבן זיך געפונען אין פּראָווינץ ענטרע־ר־אָס נאָך פיר אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס, חוץ די צוויי פון די ייִקאַ־קאָלאָניעס („פאָנדאָ קאָ־מונאַל" און „סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ"). אויסנוצנדיק דעם באַזוך פון דעם אַגראָ־נאָם וויקטאָר עטשעוועריִ, האָבן מיר אים אויפגעגעבן דעם געדאַנק, ער זאָל פאַררופן אַ צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייערס פון די זעקס קאָאָפּעראַטיוועס, אויף צו באַטראַכטן די מעגלעכקייט פון אַ צוזאַמענאַרבעט אויף געוויסע עקאָנאָ־מישע געביטן. וויקטאָר עטשעוועריִ האָט מיט ענטוזיאַזם אויפגענומען די אי־ניציאַטיוו און דעם 8טן יוני 1913 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענ־פאָר אין שטעטל לוקאַס גאָנסאַלעס, פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס. עס זענען אויך בייגעווען פאָרשטייערס פון עטלעכע פּראָווינציעלע רעגירונגען.

ווי אַן ערשטער פּרווו אין לאַנד צו שאַפן אַ פאַרבאַנד פון קאָאָפּעראַטי־ווען פון פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס, האָט דער צוזאַמענפאָר געטראָגן אַ פייער־לעכן כאַראַקטער. די זיצונגען זענען פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פון דער „לאַ מוטואַל", אַ פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט אויף יסודות פון קעגנזייטיקייט. די גאַנצע צייט וואָס עס האָבן געדויערט די זיצונגען, איז דער זאַל געווען פול מיט קאָלאָניסטן פון יענעם ראַיאָן, ס'רוב פון איטאַליענישן אָפּשטאַם. צווישן עולם האָט זיך אויך געפונען, כמעט די גאַנצע צייט, דער דאָקטער אַנטאָניאָ כאַגאַרנאָ, אַ דעפּוטאַט אין פאַרלאַמענט פון פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס. ער איז שפּעטער געווען מיניסטער אין דער פּראָווינץ. ער איז אויך געווען אַ נאַציאָ־

נאָלער בילדונגס־מיניסטער און נאָך דעם מיטגליד פון העכסטן געריכט פון לאַנד. כדי די דעלעגאַטן זאָלן זיך בעסער באַקענען מיט דער טעטיקייט פון יעדן קאָאָפּעראַטיוו, איז באַשטימט געוואָרן, זיי זאָלן אינפאָרמירן איבער דעם גאַנג, צושטאַנד, אויסזיכטן, שוועריקייטן און דערגרייכונגען, יעדער איי־נער וועגן זיין קאָאָפּעראַטיוו.

פון אָנהייב האָט עס אויסגעוויזן צו זיין אַ ביסל מאָנאָטאָן. נאָר אָט איז געקומען די ריי פאַר פּאַנדאָ קאָמונאַל. סאַכאַראָוו האָט באַקומען דאָס וואָרט און גענומען ריידן איבער די וועגן און צילן פון פרייער קאָאָפּעראַציע, און די שטימונג אין זאַל האָט גענומען שטייגן. דער עולם, וואָס האָט אויסגעפילט דעם זאַל, האָט זיך גענומען צורוקן נענטער צום טיש. ד"ר סאַגאַרנאָ האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די ברעטער — עס זענען נישט געווען קיין בענקלעך, נאָר ברעטער אויסגעלייגט אויף קעסטלעך צום זיצן. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט דער עולם געשלונגען יעדעס וואָרט. ער האָט מיטגעריסן און געהויבן די מאַסע. דאָס איז געווען אַ לעקציע און אַ וויזיע פון הומאַניזם, פון ווערדע און שטאָלץ אין שענסטן זין פון וואָרט, וואָס מען קען אַרויסבאַקומען דורך דער פרייער קאָאָפּעראַציע. ווען ער האָט געענדיקט ריידן, האָט סאַגאַרנאָ גע־געבן אַ שפּרונג אַראָפּ פון די ברעטער, זיך דורכגעשפּאַרט דורכן פּובליקום און אַרומגעכאַפּט סאַכאַראָוון, און שטאַרק עמאָציאָנירט האָט ער אים באַגריסט און געזאָגט, אַז ערשט איצט פאַרשטייט ער דעם באַטייט פון קאָאָפּעראַטי־וויזם. אַלע בייוועזנדיקע האָבן געקוקט אויף אים מיט רעספּעקט און אָנער־קענונג.

גלייך נאָך דעם האָב איך באַקומען דאָס וואָרט און האָב אינפאָרמירט וועגן דער טעטיקייט און דערגרייכונגען פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, אָנווייזנדיק אויף דורכפאַלן און אויף די מיטלען ווי עס צו פאַרמיידן אויף ווייטער, ווי אויך פון די דערגרייכונגען אין מאַטעריעלן און מאָראַלישן זין, ווי: דער פאַר־קויף פון תבואה, פאַרזיכערן ברויט און זריעה פאַרן קאָלאָניסט, סאַניטאַרע באַדינונג, בוררות א"אַ. אין מיטן ריידן האָט מיר היינטן־אַרום אַרומגעכאַפּט אַן אַלטער איטאַליענער און מיר גענומען קושן. וואָס אַן אמת, האָבן מיר זיינע גרויסע וואָנצעס און דער שטאַרקער ריח פון טאַבאַק גאָר נישט געשמעקט, נאָר אַ סאַטיספאַקציע איז עס דאָך געווען; עס איז אָנערקענט געוואָרן די וויכ־טיקייט און דער פּראָגרעס פון קאָאָפּעראַטיוויזם אין די יידישע קאָלאָניעס.

דורך אַ געהיימער אָפּשטימונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון 4 פּערזאָן דורכצופירן די באַשלוסן פון דעם צוזאַמענפאָר: אַלעכאַנדראָ מאָ־האָר, יצחק קאַפּלאַן, מאַקסימאָ קונאַט און אינזש' אַגראַנאָם וויקטאָר עטשע־ווערי.

שפּעטער מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר האָט דער נאַציאָנאַלער פֿאַר־לאַמענט אָנגענומען אַ געזעץ, אַז די זוימען וואָס דער קאָלאָניסט מוז האָבן פּאַרצוזעצן זיין פעלד־טעטיקייט איז אומבאַרירלעך,* און דער אויסטויש פון אַגראַר־פּראָדוקטן אויף סחורות וואָס ער געברויכט דורך דעם קאָאָפּעראַ־טיוו ווערט פּראַקטיצירט מיט גלענצנדיקע רעזולטאַטן.

די דערמאָנטע קאָמיסיע איז גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. עס זע־נען פֿאָרגעקומען זיצונגען, עס איז געווען אַ פּערמאַנענטער בריוו־אויסטויש, עס זענען רעאַליזירט געוואָרן נאָך קאָנגרעסן. אויף דער טאָג־אָרדענונג זע־נען שטענדיק געשטאַנען פּונקטן פון ערשטער וויכטיקייט, ווי: קאָלעקטיווער איינקויף; ביליקן קרעדיט צו באַקומען אין דער נאַציאָנאַל־באַנק; דאָס נייען זעק קאָלעקטיוו פֿאַרן געברויך פון די קאָלאָניסטן־מיטגלידער; אַרויסגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן פֿאַר קאָאָפּעראַטיוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע און אויסבעסערונג פון דער אַגראַר־ווירטשאַפט; אינדוסטריאַליזירן די פּראָדוקטן, ווי: מאָלן ווייץ אין אַ קאָאָפּעראַטיוון מיל; בויען „קרעמעריאַס” (מילכערייען); שאַפן אַ סטאָק פון זוימען פֿאַר זריעה צוזאַמען מיט דער רעגירונג; זיך משתדל זיין אין די אָפיציעלע קרייזן וועגן האַלטן אין גוטן צושטאַנד די וועגן; באַפרייען די קאָאָ־פּעראַטיוועס פון פּאַטענטן־אָפּצאָל, א״אַ.

קיין פּראַקטישע אויפטוען האָט עס נישט געבראַכט, צוליב פֿאַרשיידענע סיבות. די שלעכטע גערעטענישן האָבן געהאַלטן געבונדן די פירערס פון די קאָאָפּעראַטיוועס צו זייערע נאָענטערע פּראָבלעמען, איבערהויפּט, ווייל זיי זענען געווען זייער פֿאַרשולדיקט. עס האָט געפעלט די פערזאָן וואָס זאָל אי־בערנעמען די פּראַקטישע אַרבעט און מאַכן אַן אָנהייב צו פֿאַרווירקלעכן די באַשלוסן. עס זענען געווען שיינע רעזאָלוציעס, אָבער אַלץ איז געבליבן אויפן פּאַפּיר. עס האָט געפעלט דער קעגנזייטיקער צוטרוי. חוץ דעם זענען די קאָ־לאָניסטן אין ענטרע־ריאָס געווען פון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן: איטאַ־ליענער, פראַנצויזן, רוסן, דייטשן, און אין די יאָרן 1914־1919, אין סאַמע קריגסצייט, האָט נישט געקענט זיין קיין רייד פון אַ פריינדלעכער איינפֿאַר־שטענדעניש, ווי עס פֿאָדערט די פרייע קאָאָפּעראַציע. עס האָבן זיך אויך גע־נומען מערקן סימנים פון ראַסן פֿאָראורטיילן. ווי געזאָגט, דער ערשטער צו־זאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען דעם 8טן יוני 1913. דער צווייטער איז פֿאָרגע־קומען דעם 25סטן אָקטאָבער פון זעלביקן יאָר אין באַסאַווילבאַסאָ. אין 1918 איז מען זיך צונויפגעקומען אין ראָזאַריאָ־טאַלאַ, דעם 4טן אַפּריל 1919 —

* דעם פֿאָרשלאַג האָב איך אַריינגעטראָגן אויפן צוזאַמענפֿאָר.

אין לוקאַס גאָנסאַלעס, דעם 27סטן מאַי 1914 האָט מען זיך פאַרזאַמלט אין אורדינאַראַין, אונטערן פאָרזיץ פון מיגעל סאַכאַראָוו.

נאָך דעם ווי סאַכאַראָוו האָט דערעפנט די זיצונג, האָט געבעטן דאָס וואָרט דער דעלעגאַט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו „סירקולאָ דע אָברעראָס"* פון אורדי־נאַראַין און האָט געלייענט אַ באַגריסונג פאַר די דעלעגאַטן. דער אינהאַלט איז געווען אַ וואָרענונג צו די אויסלענדער, זיי זאָלן וויסן און געדענקען, אַז זיי זענען שולדיק אַ דאַנק אַרגענטינע, וואָס מען האָט זיי אַריינגעלאָזט אין דעם דאָזיקן פרייען לאַנד; זיי דאַרפן דעריבער זיין פאָרזיכטיק און זיך נישט דערלויבן צו קומען מיט נייע אידעען, זיך נישט אָפּזונדערן, זיי מוזן זיך אַסי־מילירן, און נאָך און נאָך אַזעלכע רעקאָמענדאַציעס. נאָך דעם האָט גערעדט דער אינזש'־אַגראָנאָם לויס בעללאָק, פון דער „קאָאָפּעראַטיוואַ אַגריקאָלאַ סאַן מאַרטין", אין אַ מער אָנשטענדיקער פאָרעם, אָבער ער האָט כסדר אָפּע־לירט צו פאַטריאָטיזם און צו קאָנסערווירן די נאַציאָנאַלע אָרדענונג. ער האָט פאַרענדיקט זיין לאַנגע רעדע מיט רופן די אויפמערקזאַמקייט פון די דעלע־גאַטן ביים באַשטימען די נייע לייטונג פון דער ענטרע־ריאָסער קאָאָפּעראַטי־וון־פעדעראַציע, אַנדייטנדיק, מען זאָל זיין פאָרזיכטיק מיט די פרעמדע.

נאָך אַזעלכע „דעקלאַראַציעס", האָט סאַכאַראָוו — נישט אָנגעבנדיק קיין מאָטיוון — פאָרגעלייגט מען זאָל אויסקלייבן אַן אַנדער פרעזידענט אָנצו־פירן מיט די זיצונגען, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אָן באַמערקונגען. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די שטימונג וואָס עס האָט זיך געשאַפן ביי די יידישע דעלעגאַטן. עס זענען געווען פאַרטראָטן זעקס קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוועס מיט 18 דעלעגאַטן און 4 יידישע מיט 7 דעלעגאַטן, און סאַכאַראָוו מיט קאָפּ־לאַנען פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. האַלבן טאָג, ווען מען איז געגאַנגען עסן, האָבן די יידן זיך מישב געווען, צי עס וואָלט כדאי געווען מיר זאָלן נישט גיין צו די ווייטערדיקע זיצונגען. אָבער נאָך אַ מיינונג־אויסטויש איז מען געקומען צום שלוס, אַז צוליב די העכערע אידעאַלן פונעם קאָאָפּעראַטיוויזם טאָרן מיר זיך נישט צוריקציִען. ווען מען איז געקומען צו דער צווייטער זי־צונג און מען איז אַריין אין דיסקוסיעס וועגן די פונקטן פון טאָג־אָרדענונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן ווער עס זענען די דענקער די טעאָרעטיקער און די אויספירער פון קאָאָפּעראַטיוויזם און די שטימונג האָט זיך פולשטענדיק גע־ביטן. צום שלוס, ווען עס איז געקומען צו קלייבן די לייטונג, איז איינשטי־מיק — דורך געהיימע וואַלן — אויסגעוויילט געוואָרן סאַכאַראָוו, אָבער ער האָט זיך גלייך אָפּגעזאָגט. צווישן אונדז האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז קיינער פון

* אַרבעטער־קרייז.

אונדזערע זאָל נישט אָננעמען קיין עקזעקוטיווע אַמטן. אָבער מערקווירדיק, די נישט־ייִדן האָבן פאַרלאַנגט, אַז נאָר איינער פון פּאַנדאָ קאָמונאַל זאָל איי־בערנעמען די פּרעזידענץ. נאָך אַ סך רייד האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן אַמט מיגעל קיפּען. אַזוי איז די ענטרע־ריִאָסער קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע גע־בוירן געוואָרן מיט אַ קאַלטער נשמה, אָן דער נייטיקער וואַרעמקייט, מיט דעם דעסטרוקטיוון מיקראָב פון ראַסיזם און נאַציאָנאַליזם, אַ מאָל מער, אַ מאָל ווייניקער אָנזעעוודיק, וואָס איז די גרעסטע שטערונג פאַר פּרייער קאָאָ־פּעראַציע.

אין אָוונט, ווען עס האָט זיך געענדיקט די זיצונג, האָט מיך דער אינזש׳ אַגראָנאָם ל. בעללאַק גענומען אונטערן אָרעם און מיך פאַרבעטן גיין אַ ביסל שפּאַצירן; ער וויל מיט מיר ריידן איבער איניקע פּראַגעס פון קאָאָפּעראַטי־וויזם. אין שמועס האָב איך אים געפרעגט, ווי קומט עס וואָס ער, אַן אינטע־ליגענטע פּערזאָן, זאָל אַריינברענגען ראַסן־פאָראורטיילן ביי אַ צוזאַמענפאָר פון קאָאָפּעראַטיוויסטן? ער האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער קומט זיך צונויף מיט ייִדן, און די חברים האָבן אים געזאָגט, אַז אַלע ייִדן זענען לינק־געשטימט. איצט אָנערקענט ער זיין טעות. שטענדיק דאָס זעלביקע אַלטע לידל. אין פאַרשיידענע פּעריאָדן האָט די ענטרע־ריִאָסער אַגראַר־פעדעראַציע געפּרווווט אויפלעבן, מיט בעסערע און ערגערע כוונות. זיי האָבן אַפילו געפּרווווט איינאָרדענען אַ ביוראָ אין בוענאָס־איירעס. די פּראָווינציעלע רעגירונג האָט זיי געגעבן אַ מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף, אָבער זיי זענען דורכגעפאַלן, דערפאַר וואָס עס האָט געפעלט נשמה און אויפ־ריכטיקייט. אין די לעצטע פאָר יאָר האָט זיך די ענטרע־ריִאָסער פעדעראַציע באַפעסטיקט און פירט אָן אַ פּראָדוקטיווע אַרבעט און האָט זיך אָנגעשלאָסן אין „פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ״.* איך באַטראַכט עס פאַר אַ מאָראַלישן דערפאָלג פאַר „פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ״.

* אַגראַר־פאַרברידערונג.



די משפּחה קאַפּלאַן

# מיין ערשטע אינספעקציע

אין יולי 1912 איז פאַרגעקומען אַ זיצונג פון דער „קאָנפעדעראַציע" אין ריווערא. פון פאַנדאַ קאַמונאַל זענען געפאָרן צו דער זיצונג די ה"ה סאַכאַראָוו און שמעון פוסטילניק. ווען זיי זענען צוריקגעקומען, האָט מיר סאַכאַראָוו מיט־געטיילט, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו פון ריווערא פאַרלאַנגט פון דער „קאָנפעדע־ראַציע" מען זאָל זיי שיקן אַ קאָמפּעטענטע פּערזאָן דורכצופירן אַ גרינטלעכע אינספּעקציע, וויל די סינדיקאָס* האָבן דערקלערט, אַז די גאַנצע געשעפט־פירונג, ווי די בוכהאַלטעריע איז נישט אין אָרדענונג און זיי זענען נישט בכוח אַליין דאָס אויסצופלאָנטערן. „לויט זיין מיינונג, — זאָגט מיר סאַכאַ־ראָוו, — דאַרף פאָרן אַהין איינער וואָס איז באַקאַנט אין דעם תבואה־מסחר, וואָס זאָל זיין דורכגעדרונגען מיטן קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל און גוט קענען די וך־טעכניק אויף צו קענען געבן די נייטיקע אינסטרוקציעס אויף ווייטער". ויט דעם אַלעמען פאָדערט ער, איך זאָל פאָרן קיין ריווערא. ביי דער זעל־יקער זיצונג אין ריווערא איז אויך באַשלאָסן געוואָרן איינצואָרדענען די ענטראַלע ביוראָ פון דער „קאָנפעדעראַציע" אין בוענאָס־איירעס, און מען האָט מיך באַשטימט פאַר פאַרוואַלטער.

ווען סאַכאַראָוו האָט דאָס מיטגעטיילט דעם ראַט פון פאַנדאַ קאַמונאַל, האָבן זיי פּראָטעסטירט פאַר וואָס מען נעמט צו דעם פאַרוואַלטער אָן אָנצו־זאָגן ביי זיי פריער. סאַכאַראָוו האָט געענטפערט בזה הלשון: „עפּאָלעטן טו אָן, קאַפּלאַן וועט דינען אַלע קאָאָפּעראַטיוון און נישט בלויז איין קאָאָ־אַטיוו".

איך האָב געזאָגט סאַכאַראָוון, אַז איידער איך וועל אים געבן דעם ענט־צי איך נעם אָן דעם פּאָסטן אין דער „קאָנפעדעראַציע", וויל איך פריער ן אַלע קאָלאָניעס, כדי זיך צו באַקענען מיט די קאָאָפּעראַטיוון, מיט עקאָנאָמישן מצב, זייערע נויטן, פאָדערונגען און קולטורעלן מצב. איז געווען איינער פון די מאָטיוון פאַר וואָס איך האָב אָנגענומען צו קיין ריווערא אויף צו מאַכן די אינספּעקציע פון קאָאָפּעראַטיוו.

מיין אָפּפאָרן פון פאַנדאַ קאַמונאַל, אַפילו אויף אַ קורצער צייט, איז גע־ווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. די סיטואַציע פון דער קאָלאָניע און

* חשבון־רעווידירער.

איך פֿון דעם קאָאָפּעראַטיוו איז געווען גאָר נישט קיין גינסטיקע. מען האָט געמוזט שטיין אויף דער וואַך אָפּצוהיטן די התחייבותן מיט די קרעדיטאָרן און צו דער זעלביקער צייט אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער, זיי זאָלן נישט אַנטמוטיקט ווערן און נאָך אַ מאָל צוהעלפֿן אין געוויסע פֿאַלן, טראָץ דער שווערער לאַגע פֿון דער אינסטיטוציע.

פֿון ריווערא זענען געקומען בריוו צו סאַכאַראָוון מיט פֿאָדערונגען, איך זאָל זען דרינגלעך צו קומען, צוליב דעם אומצוטרוי וואָס וואַקסט דאָרט צו דער „געזעלשאַפֿט" און סאַכאַראָוו האָט מיר כסדר צוגעאיילט, איך זאָל פֿאָרן. עס איז אויך געקומען אַ ספּעציעלער שליח פֿון ריווערא, דער ה׳ מיגעל פֿיינשטיין, און געבעטן איך זאָל זיך אָנשטרענגען און מאַכן וואָס פֿריִער די אינספּעקציע, ווייל די נישט־קלאָרקייט, די זאָגעכצן וואָס טראָגן זיך אַרום אין גאַס ברענגען מער שאָדן ווי דער שאָדן אַליין. דעם 6סטן אָקטאָבער 1912 — ווען עס איז שוין געווען צוגעגרייט אַלץ וואָס ס׳פֿאָדערט זיך צום שניט — בין איך אַרויסגעפֿאָרן קיין בוענאָס־איירעס, פֿון וואַנען איך האָב טעלעגראַפֿירט צום קאָאָפּעראַטיוו אין ריווערא, אַז איך פֿאָר. און דעם 8טן, איינס אַ זייגער בייטאָג, בין איך אָנגעקומען אין ריווערא. קיינער האָט מיך נישט אָפּגעוואַרט. ביי דער סטאַציע איז געשטאַנען אַ קליין שגצל, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר צוטראָגן די וואַליזע ביז צום האָטעל. ער איז געגאַנגען מיט דער וואַליזע פֿאָרויס און איך נאָך אים. ער האָט מיר צוגעפֿירט צו אַ בלעכענעם קליינעם צריף. דער דאַך איז כמעט געלעגן אויפֿן קאָפּ. עס איז אַרויס אַ שוואַרצע פּרוי, האָט מיר אָנגעוויזן אויף איינער פֿון די 8 קאַטרעס* וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, וואָס איז פֿאַר מיר. אויף אַזאַ קבלת־פּנים האָב איך זיך נישט געריכט. איך האָב זיך נישט געקענט דערקלערן די סיבה פֿון אַזאַ אומהעפֿלעכקייט מצד דעם קאָאָפּעראַטיוו. כ׳האָב צוגעשיקט מיטן זעלביקן שגצל אַ צעטעלע צום קאָאָפּעראַטיוו, מען זאָל וויסן אַז איך בין אָנגעקומען.

באַלד איז צוגעפֿאָרן מיט אַ סולקי דער ה׳ באַב — ער איז געווען סעקרעטאַר פֿון דעם קאָאָפּעראַטיוו. אויף מיין פֿראַגע, צי זיי האָבן באַקומען מיין טעלעגראַמע, האָט ער געענטפֿערט, אַז יאָ. פֿאַר וואָס איז קיינער נישט געקומען צו דער סטאַציע מיך דערוואַרטן? זאָגט מיר באַב: „קום, מיר וועלן פֿאָרן צו מיר אַהיים — 7 קילאָמעטער פֿון שטעטל, — און אויפֿן וועג וועל איך דיר אַלץ דערקלערן". עס איז מיר נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה און בין געפֿאָרן מיט אים. פֿאָרנדיק האָט ער מיר דערציילט. אַז דער דירעק־

* אַ צוזאַמענגעלייגט בעטל.

טאָריום פון דעם קאָאָפּעראַטיוו האָט איצט אַ ספּעציעלע באַראַטונג, צי מען זאָל מיך אַריינלאָזן אין ביוראָ, ווייל זיי האָבן באַקומען אַ בריוו פון אַ פאַר־טרוילעכן מענטש פון קאָלאָניע קלאַראַ, וועלכער שרייבט זיי, אַז סאַכאַראָוו איז זייער באַפריינדט מיט דעם געוועזענעם פּרעזידענט מאָטל טשאַרני, און קאַפּאַלאַן איז אַ פריינד פון דעם פאַרוואַלטער מינוכין, האָט סאַכאַראָוו בכיוון געשיקט קאַפּלאַנען, כדי ער זאָל פאַרדעקן די אַלע אומרעגלמעסיקייטן וואָס די דערמאָנטע צוויי האָבן גורם געווען אין קאָאָפּעראַטיוו. ווען איך האָב אים דערקלערט, אַז אין מיין גאַנצער משפחה איז נישטאָ ביז צו דעם טאָג, נישט קיין נאָענטער און נישט קיין ווייטער פריינד פון דער פאַמיליע מינוכין, האָט באַב מיר געזאָגט מיט דער גאַנצער נאַיווקייט: „אָבער אין בריוו איז דאָך געשריבן, אַז מינוכין איז יאָ מיינער אַ פריינד”.

נאָך אַזאַ „בכבודיקן” אויפנעם און „חכמהדיקן” ענטפער, ווי אויך נאָך אַזאַ „פּראַקטישער” קריטעריע פון קאָאָפּעראַטיוו, איז דאָס ערשטע וואָס מיר איז געקומען אויפן געדאַנק — נעמען דעם ערשטן באַן און צוריקפאָרן אַ היים. אָבער נאָך דעם ווי איך האָב זיך אָפּגערוט אַ פאָר שעה אין הויז פון ה' באַב האָב איך באַשלאָסן, אַז אויך אין דעם פאַל דאַרף איך האַנדלען רויק און ענערגיש און טאָר זיך נישט לאָזן באאיינפלוסן פון עמיצנס אינטריגעס און פון אַ צווייטנס נאַיווקייט, נישט צו זאָגן נאַרישקייט: איך האָב זיך געהייסן פירן צוריק קיין ריווערא. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט ווען מיר זענען אָנ־געקומען אין האָטעל, אַן אמתער האָטעל, נישט קיין גאַלפּאָן. איך האָב געזאָגט דעם ה' באַב, אַז מאָרגן 8 אַ זייגער אין דער פרי, וויל איך אַז ער, ווי דער סעקרעטאַר, זאָל גיין מיט מיר אין קאָאָפּעראַטיוו. „אָבער איך ווייס דאָך נישט וואָס דער דירעקטאָריום האָט באַשלאָסן” — האָט ער זיך געוועדט. איך האָב געטענהט, אַז מיר אינטערעסירט נישט זיין דירעקטאָריום, איך בין גע־שיקט פון פּרעזידענט פון דער „קאָנפעדעראַציע” און איך מוז דורכפירן די מיסיע וואָס ער האָט מיר אָנפאַרטרויט, איך בין אַ מענטש פון דיסציפּלין און אָרדענונג; מאָרגן 8 אַ זייגער וועל איך זיין אין קאָאָפּעראַטיוו און דערפילן מיין פליכט.

דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן דער דייטש אין באַבן. „אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש”. גוט, ער וועט קומען מאָרגן אין ביוראָ פון דער „קאָנפעדעראַציע”, ער מוז אויספאָלגן די באַפעלן פון פּרעזידענט. (באַב איז אויך געווען סעק־רעטאַר פון דער „קאָנפעדעראַציע”).

אויפן פאַרלאַנג פון ה' באַב זענען מיר אַוועק צום פּרעזידענט ה' אַב־ראַשקין, וועלכער איז געשטאַנען אין צווייטן ברעג הויף, מיט דער פּלייצע צו אונדז און האָט געמאָסטן האָלץ (ער האָט געהאַנדלט מיט האָלץ), אָבער ער האָט

נישט אויסעדרייט דעם קאָפּ צו אונדז, ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט הינטן אַרום. באַב איז אַוועק פאַרשעמט, שווייגנדיק. איך האָב געטראַכט, אַז מען דאַרף האָבן געדולד, טאַקט און די פּראַקטישע אַרבעט וועט זיי איבער־צייגן.

אויף מאָרגן, דעם 9טן אָקטאָבער, 8 אַ זייגער אין דער פרי איז געקו־מען באַב און מיר זענען אַוועק אין קאָאָפּעראַטיוו. איך האָב גלייך געבעטן אַ באַזונדער צימער, ווו איך זאָל קענען אַרבעטן רויִק און מען זאָל שיקן רופן די דריי חשבון־רעווידירערס, וועלכע זענען באַלד געקומען. אין דעם ערשטן שמועס וואָס איך האָב געהאַט מיט זיי, האָב איך זיך אָפּגעגעבן חשבון פון דער פאַרפלאָנטערטער בוכפירונג: יעדער איינער האָט קאָנטראָלירט אַ באַזונדערן אָפּטייל: איינער — תבואה, דער צווייטער — קאָנסום־אָפּטייל, דער דריטער — הוצאות און קרעדיט. יעדער האָט פאַרלאַנגט, איך זאָל אָנהייבן דעם קאָנטראָל פון זיין סעקציע. קוריאָז איז פאַר מיר געווען, וואָס דער פון קאָנסום־אָפּטייל האָט מיר געזאָגט, אַז לויט די רעכענונגען האָט דער קאָאָפּעראַטיוו אויסגעטיילט 15 טויזנט זעק מערער וויפל ער האָט באַקומען און טראָץ דעם וואָס עס זענען שוין אַריבער צען מאָנאַטן, קענען זיי נישט געפינען פון וואַנען עס נעמט זיך די דאָזיקע דיפערענץ. „קליגערע" מיט־גלידער האָבן שוין געבעטן מען זאָל איבערקוקן זייערע חשבונות, ווייל זיי דאַכט זיך אַז מען האָט פאַרשריבן אין זייער לויפנדיקן חשבון מער זעק ווי זיי האָבן גענומען. עס איז אַריינגעקומען דער פאַרוואַלטער מינוכין. ווען איך האָב אים געפרעגט, ווי אַזוי עס איז געפירט געוואָרן די תבואה־סעקציע, האָט ער אַריינגעלייגט די האַנט אין בוזעם־קעשענע, האָט אַרויסגענומען פינף קליינע קעשענע־ביכלעך און מיר דערלאַנגט מיט דער באַמערקונג, אַז „דאָ וועט איר געפינען אַלעמענס רעכענונגען", און פאַרזיכערט דערביי, אַז „אַלע חשבונות זענען ראַיעלע און ריכטיקע".

עס איז איבעריק צו זאָגן וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט אויף מיר דער דאָזיקער ענטפער מיט אַ בוכהאַלטעריע פון קעשענע־ביכלעך. די חשבון־רעווידירערס האָבן מיך געפרעגט וועלכע ביכער זיי זאָלן מיר ברענ־גען. איך האָב זיי געזאָגט, אַז די ביכער וועל איך דאַרפן ערשט שפּעטער מיט צען טעג. — „ווי וועט איר קענען אַרבעטן אָן די ביכער?" — און אַלע דריי האָבן זיך איבערגעקוקט שמייכלענדיק, ווי וועלנדיק דערמיט זאָגן: „ער איז דאָך געקומען נישט אויפדעקן, נאָר פאַרדעקן די זאַכן, איז צו וואָס דאַרף ער ביכער?". ווויסנדיק וואָס עס קומט פאַר, האָב איך זיי געזאָגט אין אַן ענערגישן טאָן, אַז אין דעם צימער בין איך בעל־הבית און איך גיב באַפעלן. איך בעט זיי מען זאָל מיר נישט שטערן אין דער אַרבעט און לאָזן אָרגאַניזירן

די אַרבעט אויף מיין שטייגער; עס זענען מיר נייטיק צוויי געהילפן כדי צו קענען אין די צען טעג אויסגלאָנטערן די פאַרפּלאָנטערטע חשבונות. איין קוק אין די פינף ביכלעך איז געווען גענוג זיך צו געבן רעכענונג פון דעם פּלאָנטער. מען האָט מיר תיכף געבראַכט צוויי יונגעלייט. איינער פון זיי — געדענק איך — איז געווען אַבראַנאַוועל, דער איידעם פון אברהם שלאַפּאַ־קאָוו; דעם צווייטן נאָמען געדענק איך נישט.

אין יענער צייט האָבן די עקספּאָרט־הייזער געהאַט אין ריווערא זייערע דירעקטע אויפקויפערס. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט נישט געהאַט קיין אייגענע שפּייכלערס ווו אָפּצולייגן די תבואה, פלעגט דער פאַרקויף געמאַכט ווערן דירעקט פון די תבואה־וועגענער וואָס די מיטגלידער האָבן געבראַכט צו די פאַרשיידענע אויפקויפערס און צו פאַרשיידענע פרייזן. ווי באַוווסט, בייטן זיך די פרייזן פון תבואה כמעט יעדן טאָג און אָפט מאָל 2־3 מאָל אין טאָג. פאַרקויפט האָבן זיי ווייץ, האָבער, גערשטן און קאָרן. עס איז, בכן, לייכט זיך פאָרצושטעלן, וויפל ליקווידאַציעס עס זענען געמאַכט געוואָרן און אָן קיין שום קאָנטראָל. דאָס ערשטע וואָס איך האָב געפאָדערט איז געווען, מען זאָל מיר ברענגען אַלע קאָנטראַקטן מיט אלע ליקווידאַציעס פון די עקספּאָרט־הייזער. (ווי באַוווסט, ווערט געמאַכט ביי די עקספּאָרט־הייזער אַ באַזונדער קאָנטראַקט פאַר יעדן קויף, אַ גרויסע צי אַ קליינע קוואַנטיטעט). די סינדי־קאָס* האָבן מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מיט די עקספּאָרט־הייזער שטי־מען די רעכענונגען און עס איז נישט נייטיק קיין אונטערזוכונג. איך האָב זיי ווידער אַ מאָל געמוזט דערמאָנען, אַז זיי זאָלן קוקן, שווייגן און לאָזן מיר טאָן רויִק מיין אַרבעט.

אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין אָוונט האָט געדויערט דאָס סאָרטירן די קאָנטראַקטן מיט די ליקווידאַציעס לויטן פּראָדוקט, דאַטעס, פּרייז, קויפער און ביים ענדיקן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס אזי פאַראַן אַ קאָנטראַקט און עס פעלט די ליקווידאַציע. די דאָזיקע „וויכטיקע" אַנטדעקונג האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש. דער רעווויזאָר וואָס איז געווען דערביי — זיי האָבן זיך געביטן, יעדע פאַר שעה אַן אַנדערער — האָט זיך געגעבן אַ הייב אויף, איז אַוועק און באַלד געקומען צוריק מיטן פּרעזידענט אַבראַשקין. דאָס מאָל איז ער אַריינגעקומען אַ שמייכלענדיקער, מיר דערלאַנגט די האַנט מיט אַ פריינדלעכן שלום־עליכם און מיר פאַרבעטן אין אַ צווייטן צימער. קודם־כל האָט ער מיר באַגריסט פאַר דער „אַנטדעקונג", נאָך דעם האָט ער מיר

* סינדיקאָ — אַמט פון רעוויזאָר, סופּערוויזאָר.

געבעטן איך זאָל אים מוחל זיין, ווייל ער איז געווען אַ חושד בכשרים און האָט מיר דערציילט מיט אַלע פּרטים, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם בריוו וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו האָט באַקומען. דער שרייבער פון דעם פּאַסקוויל איז געווען ש. פּ. פון קאָלאָניע קלאַראַ. דער דירעקטאָריום האָט באַשטימט מיר אַריינצולאָזן אין דעם קאָאָפּעראַטיוו דערפאַר וואָס זיי האָבן מיר נישט גע־וואָלט פאַרשעמען; נאָר איצט, נאָך אַזאַ אַנטדעקונג, פאַרשטייט ער שוין וואָס עס קומט פאַר; גיט ער מיר דעם טראַדיציאָנעלן ברוך־הבאָ און פרעגט ביי מיר אַן עצה. לויטן באַשלוס פון דירעקטיוון ראַט האָבן זיי אַרויסגערופן טעלעגראַפיש אַ הויפּט־בוכהאַלטער פון באַהיאַ־בלאַנקאַ, וואָס וועט קאָסטן דעם קאָאָפּעראַטיוו 800 פּעזעס, וויל ער וויסן מיין מיינונג, ווייל עס איז נאָך פאַראַן צייט צו טעלעגראַפירן, ער זאָל נישט קומען. איך האָב אים געראַטן, אַז דער בוכהאַלטער זאָל קומען, ווייל אין קעגנטייל וועלן די רע־וויזאָרן „חכמים" זאָגן, אַז קאַפּלאַן האָט נישט דערלאָזט אַז די אינספּעקציע זאָל געמאַכט ווערן „וויסנשאַפטלעך", און אַגב, זאָל טאַקע די לעקציע אויך קאָסטן רבי־געלט. איך האָב געהייסן שרייבן אַ בריוו צו דער געהעריקער פירמע און זי האָט געשיקט אַ דופּליקאַט פון חשבון, לויטן קאָנטראַקט.

דער בוכהאַלטער איז געקומען. אין איין טאָג האָט ער איבערגעקוקט די ביכער און איבערגעלאָזט אַ שריפט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג; דעם איינ־ציקן פעלער וואָס ער האָט אָנגעוויזן איז געווען, אַז אין דעם „דיאַריאָ" (טאָג־בוך) טאָר מען נישט לאָזן קיין ליידיקע שורות. איך מיט די צוויי געהילפן האָבן געאַרבעט אָנגעשטרענגט 21 טעג, ביז מיר האָבן איבערגע־קוקט אַלע רעכענונגען פון דער תבואה־סעקציע. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז פון די הונדערטער אָפּרעכענונגען פון די מיטגלידער האָט כמעט קיין איינע נישט געשטימט. מען האָט געמוזט איבעררעכענען יעדן חשבון. ביים ענדיקן אַלע רעכענונגען האָב איך געמאַכט דעם פאַרגלייך־באַלאַנס פון די אָפּרעכענונגען פון די עקספּאָרט־הייזער און עס האָט געגעבן אַ דיפערענץ פון אַן ערך 300 פּעזעס. וויפל איך האָב געזוכט און גענישטערט פון וואַנען עס נעמט זיך די דיפערענץ, האָב איך נישט געקענט געפינען. איך האָב גענו־מען זוכן אין די פאַרמאַכטע חשבונות, כאָטש איך האָב דאָס געהאַלטן פאַר אַן אומזיסטער אַרבעט. נאָר ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב געטראָפן אין „מאַיאָר" אַ פאַרמאַכטן חשבון, פונקט מיט דער סומע וואָס איך האָב געזוכט. איך האָב געפרעגט דעם בוכהאַלטער, אויף וועלכן דאָקומענט האָט ער זיך געשטיצט צו שליסן דעם דאָזיקן חשבון, האָט ער מיר געענט־פערט, אַז דער פאַרוואַלטער האָט אים געהייסן פאַרשרייבן אין הוצאות און שליסן, ווייל ער וויל מער נישט דיסקוטירן מיט דער פירמע. מען האָט גע־

שרייבן צו דער פירמע און זי האָט געשיקט אַ דופּליקאַט. די צאָל קילאָס ווייץ, קאָרן, האָבער און גערשטן וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן דורכן קאָאָפּע־ראַטיוו האָט באַטראָפן 8.600.000 קילאָס.

אין דער צייט וואָס איך האָב פאַרזאַמט אין ריווערא זענען געקומען צו מיר מיטגלידער און געבעטן אַ קוק טאָן אין זייערע רעכענונגען; עס דאַכט זיך זיי אַז מען האָט אָנגעשריבן מער זעק וויפל זיי האָבן גענומען. דער רע־ווידירער פלעגט מיר דערמאָנען אַלע טאָג, ווען וועל איך שוין אונטערזוכן דעם טעות אין די זעק? איך האָב אים געמוזט צוזאָגן, אַז איך וועל נישט אָוועקפאָרן ביז איך וועל אויפקלערן דעם ענין. דעם לעצטן טאָג פאַר מיין אָפּפאָרן בין איך אַריין אין צימער פון בוכהאַלטער, נאָכן קאָנטראָלירן די חשבונות פון די פאַבריקן, ביי וועלכע זיי האָבן געקויפט די זעק, מיט די פאַרצייכענונגען אין בוך און די צאָל זעק וואָס עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די קאָלאָניסטן, האָב איך געזען אַז די ציפערן שטימען. אויף מיין פראַגע, פון וואַנען האָבן זיי עס גענומען, אַז מען האָט אויסגעטיילט 15.000 זעק מער וויפל עס זענען אַריין? האָבן זיי מיר געוויזן דעם „בוך פון עקסיסטענץ“, ווו עס ווערט פאַרצייכנט די צאָל וואָס קומט אַריין און וואָס גייט אַרויס, און אין סך־הכל ווייזט זיך אַרויס, אַז עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פופצן טויזנט זעק מער ווי עס איז איינגעקומען. איך האָב אָנגעהויבן איבעררעכענען די ציפערן, ד״ה, פשוט סומירן. דער רעוויזאָר, דער בוכהאַלטער און אַלע אַנ־דערע האָבן מיר געזאָגט, אַז איך מאַך אַן אומזיסטע אַרבעט, ווייל אין פאַר־לויף פון די פאַרגאַנגענע צען מאָנאַטן האָבן זיי שוין, יעדער באַזונדער, סו־מירט עטלעכע מאָל. נאָך דעם ווי איך האָב סומירט די ערשטע בלאַט און אי־בערגעקערט אויף צו זען דעם איבערטראָג אויף דער צווייטער זייט — האָב איך אָנגעטראָפן דעם אונטערשייד פון 15.000 זעק. עס איז זיך פאַרצושטעלן וואָס פאַר אַ רושם דאָס האָט געמאַכט. ביים ענדיקן די אַרבעט איז פאַררופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער, פאַר וועלכע איך האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט מיט אַלע פּרטים און האָב זיי געגעבן אינסטרוקציעס אויף ווייטער. צום באַדויערן האָבן זיי נישט געהאַט די פאַסיקע פערזאָנען וואָס זאָלן אויפ־נעמען די אינסטרוקציעס ווי אַזוי אָנצופירן אַ געשעפט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, מיט קאָאָפּעראַטיווע פּרינציפּן. עס זענען געווען צווישן זיי אַ סך אינ־טעליגענטע מענטשן, פּראַקטישע מענטשן, אָבער מיט אַ סוחרישער מענטאַ־ליטעט. און סוף־כל־סוף איז דער קאָאָפּעראַטיוו אונטערגעגאַנגען אויף אַ „סוחרישן“ אופן, שפּעטער מיט אַכט יאָר.

איך ברענג דאָ די אַלע פּרטים, ווייל מען קען פון זיי לערנען אַ מוסר־השכל וויפל שלעכטס עס קען ברענגען לשון־הרע. אין נאַרישער בריוו האָט

געבראַכט צו דעם, אַז די גאַנצע פאַרשטייערשאַפט פון אַ קאָלאָניע האָט זיך באַנאַרישט. דער אמת מוז זיגן, מען דאַרף נאָר האָבן געדולד. קאָאָפּעראַטי־וויזם איז נישט קיין איינפאַכע קרעמעריי.

דאָס אַרויסבאַגלייטן מיך פון ריווערא איז געווען פּונקט דער היפּוך פון דעם „קבלת־פּנים" ביי מיין אָנקומען. אינזש׳ עקיבא עטינגער, וואָס איז גע־קומען אין ריווערא אַ קורצע צייט שפּעטער נאָך מיין אַוועקפאָרן, האָט גע־שריבן צו סאַכאַראָוון, אַז קאַפּלאַן האָט געלאָזט אַ טיפן רושם אין דער קאָ־לאָניע.

***

אויסנוצנדיק מיין זיין אין ריווערא, בין איך פון דאָרט צוגעפאָרן קיין בערנאַסקאָני. עס איז אַ דיסטאַנץ פון לערך 120 קילאָמעטער. דער וועג איז געווען סכנותדיק שלעכט. די משופּעדיקע בערג און טאָלן האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די וואָס זענען נישט געווען געוווינט צו דער געגנט. צו יענער צייט זענען געווען אין קאָלאָניע „נאַרסיס לעווען" 279 קאָלאָניסטן. די קאָלאָ־ניע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1909. כמעט אַלע קאָלאָניסטן זענען געווען גע־וועזענע אימיגראַנטן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ פּעריאָד פון עובדי־אדמה אין די קאָלאָניעס פון ענטרע־ריאָס און מאַוריסיאַ. דער עלעמענט איז געווען אַן אַרבעט־פּלייסיקער און יידיש־קולטורעלער.

די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען פאַרדינט אַ ברייטע באַשרייבונג. זי האָט געליטן מער פון אַלע אַנדערע קאָלאָניעס. דער באָדן, דאָס וואַסער, דער קלי־מאַט זענען נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַגריקולטור. צו דעם זענען די ער־שטע ייקאַ־פונקציאָנאַרן, וועלכע האָבן געדאַרפט איינאָרדענען די משפחות, נישט ראוי געווען צו פאַרנעמען אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, נישט אין דעם איינפאַכן מענטשלעכן זין, נישט אין אָרנטלעכקייט און נישט פאַר אַזאַ אינסטיטוציע ווי ייקאַ. עס איז דעריבער געווען צו באַוווּנדערן די אויסדויער־קראַפט פון די קאָלאָניסטן. איך וויל דאָ נישט שרייבן די היסטאָריע פון דער קאָלאָניע „נאַרסיס לעווען". ווער עס וויל זיך באַקענען מערער מיט דער גרינ־דונג און אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער קאָלאָניע, קען עס געפינען אין „קאָ־לאָניסט קאָאָפּעראַטאָר", נומערן 375־379, געשריבן פון אַן אויטענטישן קאָ־לאָניסט, אברהם כ"ץ.

גלייך ביים קאָלאָניזירן זיך האָבן זיי געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיוו מיטן נאָמען „אוניאָן קאָאָפּעראַטיוואַ אַגריקאָלאַ".* אָבער עס האָט זיי געפעלט די עלעמענטאַרע קענטעניש פון די קאָאָפּעראַטיווע פּרינציפּן און אידעאַלן, און

---

* אַגראַר־קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד.

האָבן אויך נישט געהאַט די פּעיִקע פּערזאָנען וואָס זאָלן אָנפירן מיט דער פאַרוואַלטונג. דער פּרעזידענט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו איז געווען שמחה בור־ראַק, און דאָקטאָרין וואָלברינסקי — סעקרעטאַרין.ביידע האָב איך געקענט: דעם ערשטן — פון קאָלאָניע קלאַראַ, און די צווייטע, ווי די געהילפין פון ד״ר ירחי אין שפּיטאָל פון דאָמינגעז. אין יענעם יאָר איז די אַלגעמיינע עקאָנאָ־מישע לאַגע געווען נישט קיין שלעכטע. נאָר קוקנדיק אויף די פּנימער פון די פּערזאָנען וואָס איך האָב געקענט פון ענטרע־ריִאָס און אַנדערע, איבער־הויפּט די פרויען, האָט גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט די פאַרעלטערטקייט וואָס האָט זיך געמערקט אויף זיי. אַ סך אָן ציין. איך האָב גערעדט מיט דער ד״ר אַ וואָלברינסקי וועגן דעם. זי האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס די ערשטע פּאָר יאָרן האָבן זיי געליטן פון אונטערדערנערונג, דערצו דאָס געזאַלצענע וואַסער און די שווערע אַרבעט וואָס זיי האָבן געהאַט ביים באַקומען וואַסער פאַרן שטוביקן געברויך און פאַר די פערד מיט די קי. עס זענען גע־ווען ברונעמער וואָס האָבן דערגרייכט צו אַ טיפקייט פון 100 מעטער, און יעדער עמער וואַסער איז אָנגעקומען כמעט מיט מסירות־נפש.

כדי זיך בעסער צו באַקענען מיט די פּראָבלעמען פון דער קאָלאָניע, האָב איך געבעטן דעם פּרעזידענט ה׳ בוראַק, ער זאָל איינלאַדן די מיטגלידער צו אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג. קיין גרויסן חשק צו דעם האָבן זיי נישט געהאַט. אי־בערהויפּט האָט זיך קעגנגעשטעלט די דר״אַ וואָלברינסקי, דערפאַר וואָס אויף די פריִערדיקע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען קריגערייען, עס האָט גע־האַלטן ביים שלאָגן זיך; האָבן זיי מורא, אַז דער דאָזיקער ספּעקטאַקל זאָל זיך איבערחזרן אין מיין אָנוועזנקייט. אויך דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער יִיקאַ האָט מיר געראַטן בעסער נישט צו טרעפן זיך מיט די קאָלאָניסטן ביי אַ פאַר־זאַמלונג. דאָס האָט נאָך מער אַרויסגערופן מיין נייגעריקייט און איך האָב פאַרלאַנגט דורכויס, אַז די פאַרזאַמלונג זאָל פאַררופן ווערן. די סעקרעטאַרין האָט מיר געוואָרנט אַז זי וועט נישט קומען, ווייל זי וויל נישט פאַרשעמט ווערן. צו דער באַשטימטער שעה איז דער זאַל געווען פול פון ווינקל צו ווינקל. לויט ווי מען האָט מיר געזאָגט, זענען בייגעווען כמעט אַלע קאָלאָ־ניסטן.

אין קורצע ווערטער האָב איך איינגעלאַדן די פאַרזאַמלטע, זיי זאָלן זיך אַרויסזאָגן פריי און אָפן איבער אַלע ענינים פון דער קאָלאָניע, די גוטע ווי די נישט־גוטע זאַכן, כדי איך זאָל קענען באַריכטן וועגן דעם דער „קאָנפעּ־דעראַציע״. גלייך ווי דער ערשטער האָט זיך געמאָלדן צום וואָרט און געגנו־מען ריידן, האָבן זיך דערהערט געשרייען פון פאַרשיידענע זייטן פון זאַל:

— שווייג, משוגענער! לאָזט אים נישט ריידן, לאָזט אים נישט ריידן! און דער

עולם האָט זיך אַ רודער געטאָן. איך האָב גלייך איבערגענומען די אָנפירונג ביים פּרעזידענט און זיי געגעבן אַ לעקציע איבער טאָלעראַנץ און אויפגעפאָ־דערט מען זאָל לאָזן ריידן יעדן איינעם, כדי ער זאָל קענען זאָגן זיין מיינונג ווי ער קען און לויט ער פאַרשטייט; אָן טאָלעראַנץ איז נישט מעגלעך צו פירן קיין דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט און נאָך וויניקער — אַ קאָאָפּעראַטיווע קער־פּערשאַפט, ווו דער הויפּטפּרינציפּ איז דינען זיך קעגנזייטיק. נאָך דעם האָט די פאַרזאַמלונג זיך געפירט 4 שעה אין דער בעסטער אָרדענונג.

די הויפּט־פּראָבלעמען וואָס זיי האָבן באַרירט זענען געווען: דאָס וואַסער וואָס איז צו טיף אין אַ געוויסער צאָל טשאַקרעס, דער זאַמדיקער באָדן וואָס דער ווינט טראָגט אַוועק דעם אייבערשטן שיכט; עס זענען געווען פאַלן, ווען די זאַמדן האָבן פאַרדעקט דעם אויפגעגאַנגענעם ווייץ, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען. און אַז דער אַדמיניסטראַטאָר צווינגט די קאָלאָניסטן, זיי זאָלן פאַר־קויפן דעם פּראָדוקט צו אַ באַשטימטער פירמע, ווען נישט, סטראַשעט ער אַז ער וועט פאָדערן אַ גרעסערן אָפּצאָל פאַר דער יִקאַ. זיי זענען אים חושד, אַז ער האָט אַ פּערזענלעכן אינטערעס דערביי. איך האָב שוין געהערט פריִער פון דעם פון איינצלנע קאָלאָניסטן, נאָר עס האָט זיך מיר נישט געגלייבט. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דער דאָזיקער אָנקלאָג זאָל זיך באַשטעטיקן.

צוריקפאָרנדיק פון בערנאַסקאָני מיטן באַן, האָב איך געגעכטיקט אין באַהיִאַ־בלאַנקאַ. אין האָטעל האָב איך זיך געטראָפן מיטן ה׳ באָווערמאַן, אַ געוועזענער „רעסיווידאָר" פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען אַ פּאָסטן ביי דער פירמע דרייפוס. ער האָט מיר פאָרגעשטעלט פאַר אַ פּערזאָן, וואָס איז געווען אינספּעקטאָר פון דער פירמע. און שמועסנדיק וועגן פאַר־שיידענע זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות מיט דעם מסחר פון תבואה אין געגנט פון דער פּאַמפּאַ, זאָגט ער מיר, ווי אַ „מסיח לפי תומו", אַז אין בערנאַסקאָני־אַרבעטן זיי זייער גוט. זיי גיבן דעם אַדמיניסטראַטאָר פון דער קאָלאָניע אַ קליי־נע קאָמיסיאָן פאַר יעדן פאַנעגאַ ווייץ און ער איבט אויס זיין איינפלוס, אַז דער גאַנצער פּראָדוקט זאָל פאַרקויפט ווערן צו דער פירמע דרייפוס: דער קאָאָ־פּעראַטיוו איז געווען צו שוואַך צו רעאַגירן. אין יענע יאָרן איז דער אַדמי־ניסטראַטאָר געווען דער פריץ פון דער קאָלאָניע. די אחדות צווישן די קאָלאָ־ניסטן האָט היפּש אונטערגעהונקען, עס האָבן נישט געפעלט קיין אונטער־שמייכלערס. דער גרעסטער טייל האָט מורא געהאַט זיך צו פאַרטשעפּען מיטן אַדמיניסטראַטאָר, ווייל אין דער גענעראַל־דירעקציע פון דער יִקאַ אין בוע־נאָס־איירעס איז דער אַדמיניסטראַטאָר שטענדיק געבליבן גערעכט.

קומענדיק קיין בוענאָס־איירעס, האָב איך וועגן דעם מיטגעטיילט דער גע־נעראַל־דירעקציע. איך האָב זיך דערוווסט, אַז זיי האָבן שפּעטער געשיקט

זייער אינספּעקטאָר, ער זאָל אונטערזוכן וועגן דער ריכטיקייט פון דעם אָנ־קלאָג און ער האָט צוגעשטעלט אַ באַריכט, אַז עס איז ריכטיק. נאָך דעם האָבן זיי געשיקט דעם בוכהאַלטער א. ל., ער זאָל מאַכן אַ צווייטע אינספּעקציע, און זיין באַריכט איז געווען אַ גינסטיקער פאַרן אַדמיניסטראַטאָר. (עס איז געווען אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט מצד די העכערע פונקציאָנאַרן פון דער גע־נעראַל־דירעקציע קעגן אינספּעקטאָר. זיי האָבן מורא געהאַט, ער זאָל נישט ווערן אַ קאַנדידאַט אויף זייערע שטעלעס). שפּעטער מיט עטלעכע חדשים האָב איך זיך געטראָפן מיטן אַדמיניסטראַטאָר אין בוענאָס־איירעס, ווי אַ באַאַמטן פון אַ פּריוואַטן געשעפט. אויפן צווייטן יאָר, באַזוכנדיק די גענעראַל־דירעק־ציע און שמועסנדיק וועגן די קאָלאָניעס, זאָגט מיר דער דירעקטאָר ש., אַז זיי רעכענען דאָס יאָר צו מאַכן אַ גוטע איינקאַסירונג אין בערנאַסקאָני, די קאָסעטשע ווייזט זיך דאָרטן גוט און זיי האָבן געשיקט אַהינצו פאַר אינקאַסענט דעם געוועזענעם אַדמיניסטראַטאָר. איך האָב גערופן די אויפמערקזאַמקייט אויף זיינע אַנטעצעדענטן צוליב וועלכע מען האָט אים אָפּגעזאָגט. האָט מיר דער דירעקטאָר געענטפערט, אַז ער איז אָבער אַ גוטער אינקאַסענט. קאָמענ־טאַרן זענען איבעריק.

**
*

אַ דעלעגאַציע פון וויזשאַ־אַלבאַ איז געקומען קיין בערנאַסקאָני און האָט מיך פאַרבעטן צו זיי אויף שבת. אין וויזשאַ־אַלבאַ זענען געווען אַ 30 קאָלאָניסטן, כמעט אַלע געוועזענע קאָלאָניסטן פון ענטרע־ריאָס, וועלכע איך האָב גוט געקענט. במשך די 12 יאָר — זינט זיי זענען אַוועק פון די יק"אַ־קאָלאָניעס — האָבן אַ סך פון זיי שוין געהאַט באַצאָלט פאַר זייערע פעלדער דער געזעלשאַפט שטרוידער, וואָס ביי איר האָבן זיי געקויפט די ערד; זיי האָבן שוין אויסגעבויט גוטע דירות און זיך געפילט צופרידן. געוויס האָט גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט, וואָס דער זעלביקער עלעמענט, אָן קיינעמס שטיצע, אָן אַדמיניסטראַטאָרן, געקומען ממש אין אַ מדבר, אָן הייזער צום וווינען; דער אייזנבאַן האָט באַוויליקט צו געבן זיי וואַגאָנעס איבערצוקומען דעם ווינטער; איניקע זענען געשוואָלן געוואָרן פון קעלט און געקומען צוריק קיין ענטרע־ריאָס. נישט געקוקט אויף דעם — האָבן זיי אין אַזאַ קור־צער צייט געקאָנט באַצאָלן פאַר זייערע נחלות, וואָס קיין איינער פון די קאָ־לאָניסטן פון ענטרע־ריאָס האָט עס נישט באַוויזן. אין ענטרע־ריאָס זענען צו יענער צייט געווען ביי די 1.600 קאָלאָניסטן־פאַמיליעס, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן שוין געהאַט אַן 18־20 יאָריקע עקסיסטענץ.

זאָל מען צורעכענען דעם דערפאָלג טאַקע צו דעם פאַקט, וואָס זיי האָבן

זיך קאָלאָניזירט פּריוויליק, געאַרבעט זעלבשטענדיק,אָן פּריצים און אָן משרתים? די דאָזיקע 30 פאַמיליעס איז אָבער נישט באַשערט געווען אַזוי גיך צו ווערן אייגנטימער. ווען זיי האָבן געענדיקט צאָלן און געפאָדערט די טיטול־שריפטן אויף זייערע פעלדער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער שטח לאַנד וואָס די קאָלאָניסטן האָבן פאַרנומען איז געווען היפּאָטעקירט אין דער נאַציאָנאַלער היפּאָטעקן־באַנק. די געזעלשאַפט שטרוידער האָט איינגעקאַסירט דאָס געלט ביי די קאָלאָניסטן, נאָר אָנשטאָט צו באַצאָלן דאָס וואָס עס קומט דער באַנק, האָבן זיי עס צוגענומען פאַר זיך. די קאָלאָניסטן האָבן געפּרווט זיך לאָדן, האָבן אָנגעווענדט שתדלנות, נאָר עס האָט זיי גאָר נישט געהאָלפן, — זיי האָבן געמוזט צאָלן אַ צווייטן מאָל, און דאָס איז זיי שוין נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג. די ערד איז שוין געווען צופיל עקספּלאָטירט, צו דעם זענען צוגעקומען שלעכטע יאָרן, קליינע פאַרדינסטן, נידעריקע פּרייזן, אאַז״וו. די פּראָפּאָרץ פון קאָלאָניסטן וואָס האָבן פאַרלאָזט די קאָלאָניע איז דאָך אַ קלענערער ווי אין די יִקאַ־קאָלאָניעס. די געזעלשאַפט שטרוידער האָט פאַרגיטיקט די קאָלאָניסטן דורך געבן זיי פעלדער צו 5 העקטאַר, נאָענט פון מעדאַנאָס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין גוט פאַרן קנאָבל־קולטיוו.

**
*

עס זענען אַריבער 20 יאָר. אין אַ טאָג פון מאָנאַט אַפּריל 1933, איז געקומען אין דער ביוראָ פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ אַ דעלעגאַציע פון וויזשאַאַלבאַ, און בעטן מיר, איך זאָל זיך משתדל זיין אין נאַציאָנאַלן היפּאָטעקן־באַנק, מען זאָל נישט ליציטירן זייערע פעלדער. זיי ווייזן מיר אַן עדיקט פון באַנק, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די צייטונגען, אַז די ליציטאַציע איז באַשטימט אויף דעם 23סטן אַפּריל. אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס זיי זענען געקומען אין די לעצטע טעג און נישט פריער? האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט ערשט איצט דורך די צייטונגען פון סאַנטאַ־ראָסאַ.

אין שמועס וואָס איך האָב געהאַט מיטן פּרעזידענט פון באַנק, (איך האָב זיך געמוזט ווענדן צום פּרעזידענט, ווייל לויטן רעגלאַמענט פון באַנק, אַז אויב עס פעלן ווייניקער ווי צען טעג ביז צו דער דאַטע וואָס איז אָנגעוויזן אין עדיקט, איז דער פּרעזידענט דער איינציקער וואָס קען עס אָפּרופן), און עקספּלאַנירט, אַז שוין אַריבער 30 יאָר ווי די דאָזיקע פאַמיליעס באַאַרבעטן די זעלביקע טשאַקרעס; אַז די איצטיקע באַזיצערס זענען שוין דער צווייטער דור; אַז דאָס האָבן זיי פאַרוואַנדלט אַ שטיק מדבר אין אַ ציוויליזירטן ישוב; אַז זיי צאָלן שוין צום צווייטן מאָל פאַר דער זעלביקער ערד צוליב דער שולד פון דער שטרוידער־געזעלשאַפט, וואָס האָט אָפּגענאַרט דער באַנק און די

קאָלאָניסטן; דערצו מוז גענומען ווערן אין אַכט דער אַלגעמיינער קריזיס וואָס די אַגריקולטור מאַכט דורך די לעצטע יאָרן, איז נישט מער ווי רעכט, אַז די באַנק זאָל באַטראַכטן דעם ענין ווי אַן אויסנאַם־פאַל און האָבן מיט די דאָזי־קע קאָלאָניסטן אַ ספּעציעלן איינזען. דער פּרעזידענט האָט אַ ווײַלע גע־טראַכט און צום סוף געזאָגט, אַז טראָץ דעם אַלעמען איז זיין מיינונג אַז איך זאָל עצהן די קאָלאָניסטן, זיי זאָלן לאָזן דורכפירן די ליציטאַציע.

ווען איך האָב דערקלערט דעם פּרעזידענט, אַז קענענדיק די אַלע אַנטע־צעדענטן, נעם איך זיך נישט אונטער זיי צו געבן אַזאַ עצה; נישט זיי וועלן מיר פאָלגן, נישט זיי וועלן מיר פאַרשטיין. האָט ער מיר געזאָגט, אַז היות זיי האָבן צו מיר צוטרוי, וועט ער מיר פאַרטרויען וועלכע עס איז איצט די פּאָליטיק פון דער באַנק אויף צו נאָרמאַליזירן די דאָזיקע סיטואַציעס; די פון וויזשאַ־אַלבאַ זענען נישט די איינציקע וואָס געפינען זיך אין אַזאַ מצב, עס זענען פאַראַן הונדערטער אַזעלכע פאַלן. „מיר ווייסן גוט די קריטישע לאַגע פון די אַגריקולטאָרן אין אַלגעמיין, זיי קענען נישט נאָכקומען מיט זייערע פליכטן אין באַנק, ווייל די ערד גיט נישט, נידעריקע פּרייזן, פּלאָגן, וכו׳. די באַנק וויל נישט, פאַר קיין פאַל, שלעכטס טאָן די דאָזיקע מענטשן, אָבער זיי זענען געבונדן מיט געזעצן און רעגלאַמענטן און זענען געצוווּנגען אָנצונעמען די מיטלען וואָס זענען פאָרויסגעזען. צוליב דעם אַלעמען איז בעסער, אַז מען זאָל ליציטירן די טשאַקרעס. איצט איז יעדער העקטאַר פאַרשולדיקט ביז 120 פּעזעס, אין אַ ליציטאַציע קען דער אָנבאָט העכסטנס גרייכן ביז 40 פּעזעס. קיין בעלנים צו קויפן ערד אין יענער געגנט פון דער פּאַמפּאַ זענען נישטאָ, הײַנט די באַנק בלייבן מיט די טשאַקרעס, וואָס וועלן שפּעטער פאַרדונגען ווערן צו די זעלביקע קאָלאָניסטן אויף איין פּעזע דעם העקטאַר יערלעך. שפּע־טער מיט 2־3 יאָר וועט די באַנק עס פאַרקויפן צו אַ מיטגליד פון דער פאַ־מיליע, — פרוי אָדער זון, — אויפן פּרייז אין הסכם מיט דער ריכטיקער פּראָדוקציע־מעגלעכקייט. פאָרלויפיק מוז עס בלייבן שטרענג בסוד, ווייל עס איז נאָך אין פּראָיעקט״.

איך האָב דערקלערט דעם פּרעזידענט, אַז די קאָלאָניסטן וועלן שווער באַרשטיין די דאָזיקע טאַקטיק. ווער ווייסט וואָס ביז דריי יאָר קען געשען. די ליציטאַציע וועט ווירקן שלעכט אויף די פאַמיליעס. אויב די באַנק וועט געפינען דעם אופן, ווי צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון די הונדערטער קאָלאָ־ניסטן וואָס געפינען זיך אין דער זעלביקער קריטישער לאַגע, וועלן די ווי־זשאַ־אַלבער קאָלאָניסטן אויך געניסן פון דעם. איך האָב געפּועלט. די ליצי־טאַציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

עס איז אַריבער נישט קיין סך צייט, האָט די היפּאָטעקן־באַנק געביטן

דעם רעגלאַמענט, וואָס שייך די צאָלונגען און האָט פאַרקלענערט די פּראָצענטער לטובת די וואָס זענען געווען הינטערשטעליק מיט די צאָלונגען. פאַר מיר איז דער דאָזיקער שמועס מיטן פּרעזידענט פון באַנק געווען זייער באַלערנדיק. איך האָב געזען, אַז עס זענען פאַראַן פונקציאָנאַרן וואָס אינטערעסירן זיך באמת פאַרן וווילשטאַנד פון די אַגריקולטאָרן פון לאַנד, און עס האָט מיך געפרייט דער צוטרוי וואָס מען האָט אין די העכערע ספערן צום פאַרטרעטער פון פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ.

איך האָב באַקומען אָט־דעם האַרציקן דאַנק־בריוו פון די קאָלאָניסטן פון וויזשאַ־אַלבאַ:

וויזשאַ־אַלבאַ, 27סטן אַפּריל 1933.

פאַרוואַלטער פון „פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ",
ה' יצחק קפּלאַן,
בוענאָס־איירעס.

מיט אונדזער גרעסטער אַכטונג,

די אונטערגעשריבענע קאָלאָניסטן פון קאָלאָניע „אַלבאַ", לאָטע 14, האָבן דאָס פאַרגעניגן זיך צו ווענדן צו אייך מיט דעם צוועק צו דאַנקען אייך פאַר דער אויפמערקזאַמקייט וואָס איר האָט געשענקט אונדזער דעלעגאַט, ה' יצחק פּיפּקין, מיטאַרבעטנדיק ביי די אונטערהאַנדלונגען אין „באַנקאָ היפּאָטעקאַריאָ נאַסיאָנאַל", צו דערגרייכן דאָס אָפּשטעלן ליציטירן אונדזערע טשאַקרעס, וואָס איז באַשטימט און פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויפן 23סטן אַפּריל; אונטערהאַנדלונגען, וואָס אַ דאַנק דעם איינפלוס פון אייער פּערזאָן האָבן זיי געהאַט אַ גליקלעכן שלום.

מיר גריסן אייך זייער פריינדלעך.

אונטערגעשריבן: י. פּיפּקין, כוליאָ גערשטיין, מאַנועל יגאָוויטש, א. אַנרטשיק, כוליאָ גראשצינסקי, ס. פרידענבערג, ראַמאָן פּאָרטנאָי, טאָמאַס אַבראַמאָווסקי, דוד מאַרקין, סאַלאָמאָן גערשטיין, זעליג גראַוויצקי, ב. העלער.

**
*

ריווערא און בערנאַסקאָני — צוויי נייע קאָלאָניעס — געגרינדעט אויף וויסטע סטעפּעס, מיט גרויסע היצן און שטאַרקע ווינטן, אָן שום פלאַנצונגען. די גרינגע שיטערע ערד, אַבי מען האָט זי אויפגעאַקערט, האָט זי דער ווינט געטראָגן און ערטערווייז האָבן זיך אָנגעזאַמלט בערג מיט זאַמד (מעדאַנאָס) און חרוב געמאַכט היפּשע שטחים ערד. דער שטויב פלעגט אָנפילן די הייזער. מען האָט אים געפילט אין עסן, אין די בעטן, עס איז נישט געווען קיין באַהעלטעניש פאַר אים. דער דרויסן איז געווען מערסטנס גרוי און מאָנאָטאָן, — איז דעריבער לייכט זיך פאָרצושטעלן וואָס פאַר אַ רושם עס האָט געמאַכט אויף מיר מיין אַריינפאָר אין קאָלאָניע מאָזעסוויל.

פון ביידע זייטן וועג, ביי די גוטע פּאַרצוימונגען — פּאַראַיִסן־ביימער; די פעלדער — גרינע, פאַרדעקט מיט שמעקנדיקן אַלפאַלפאַ; די פערד און קי — פון גוטער ראַסע. וואָס מען האָט אין די ענטרע־ריִאָסער קאָלאָניעס נישט באַגעגנט. אומעטום איז געווען קאָנטיק, ווי די ייִקאַ־אַדמיניסטראַציע אין מאָזעסוויל איז אין די ערשטע יאָרן געווען אַ סך פעיִקער, האָט בעסער פאַר־שטאַנען דעם זין פון ייִדישער קאָלאָניזאַציע און געהאַט מער וויזיע און פּראָ־גרעסיוון חוש ווי די ענטרע־ריִאָסער אַדמיניסטראַטאָרן, וועלכע האָבן געווע־מען ווי אַ ביישפּיל פאַר קאָלאָניזאַציע דעם רוסישן מוזשיק אין דער אָרעמער געגנט פון ליטע, לויט אַ לעבנס־סטאַנדאַרט אָרעמער פון אָרעם. עסן ווייס ברויט אין מיטן וואָך, האָט לאַפּין באַטראַכט פאַר אַ לוקסוס, קאָרן־ברויט איז נישט געווען, ווייל עס איז קיין קאָרן נישט געזייט געוואָרן יענע יאָרן אין אַרגענטינע, — פלעגן די בעל־הביתטעס מישן ווייצנמעל מיט קלייען. די ליטוואַקעס זענען געווען געוווינט מער צום שוואַרצן ברויט. לויט די רייד פון ה׳ נח קאַצאַוויטש, האָט אַ טייל קאָלאָניסטן פון מאָזעסוויל נישט אָפּגעשאַצט די אַרבעט פון דעם דאָזיקן אַדמיניסטראַטאָר, וואָס האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען לטובת דער קאָלאָניע אין אַלע אַספּעקטן. קען זיין דערפאַר וואָס אין יענע יאָרן זענען די קאָלאָניסטן נישט געווען אָרגאַניזירט, און אַלץ וואָס די ייִקאַ־אַדמיניסטראַציע האָט געטאָן, — אַפילו די בעסטע זאַכן, — זענען געקומען ווי אַ באַפעל פון אויבן: מען מוז פלאַנצן ביימער, מען מוז זייען אַלפאַלפאַ, וכדומה. אונדזער ייִדישער עלעמענט איז נישט געווען דער־צויגן צו אַזאַ דיסציפּלין. אָבער מען מוז אָנערקענען, אַז אָט די דאָזיקע שטרענגקייט האָט געבראַכט גרויסע נוצן דער קאָלאָניע. ווען ד״ר זאָנענפעלד, גענעראַל־דירעקטאָר פון דער ייִקאַ אין פּאַריז, איז געקומען צום צווייטן מאָל אין אַרגענטינע, און אויסהערנדיק די אָנקלאָגן פון אַ טייל קאָלאָניסטן, האָט ער צוגענומען דעם אַדמיניסטראַטאָר פון מאָזעסוויל.

נאָר אויב אין עקאָנאָמישן זין זענען די מאָזעסווילער קאָלאָניסטן גע־שטאַנען אין אַ בעסערן מצב ווי די פון אַנדערע קאָלאָניעס, קען מען אָבער נישט זאָגן דאָס זעלביקע אין קאָאָפּעראַטיוויסטישן זין. ריכטיק איז, אַז די „מוטואַ אַגריקאָלאַ״ האָט געאַרבעט גוט און האָט פּראָגרעסירט. אומעטום האָט זיך געמערקט די האַנט פון דעם עקספּערטן און דינאַמישן נח קאַצאָ־וויטש: אָרדענונג, עסטעטיק. אָבער עס האָט געהערשט אַ לאָקאַלער פּאַטריאָ־טיזם, און דער געדאַנק פון דער „קאָנפעדעראַציע״ צו פאַראייניקן אַלע ייִדי־שע קאָלאָניעס לטובת דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַלגעמיין און פאַר דער אויסברייטערונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער אַקטיוויטעט, איז אויפגענומען גע־וואָרן קאַלט און שטאַרק רעזערווירט, הגם נישט קעגנעריש. „מיר וועלן זען,

פריער לאָמיר זיך פאַרפעסטיקן אין דער אייגענער היים און נאָך דעם וועט מען טראַכטן פון ,,העכערע אונטערנעמונגען", — איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון נח קאַצאָוויטש.

ביי אַ זיצונג פון ראַט פון ,,לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ", האָב איך זיי פאָרגע־לייגט, אַז דער פאַרקויף פון ,,פאַסטאַ אַלפאַלפאַ",* וואָס איז צו יענער צייט געווען איינער פון די הויפּט־פּראָדוקטן פון דער קאָלאָניע, זאָל געמאַכט ווערן דורך דעם קאָאָפּעראַטיוו, וואָס וועט זיכער וויסן בעסער צו פאַרטיידיקן די קאָלאָניסטישע אינטערעסן, ווי די איצטיקע סיסטעם, בעת יעדער קאָלאָניסט שיקט די וואַגאָנעס אַלפאַלפאַ צו ,,זיין קאָמיסיאָניסט" אָן קיין שום קאָנטראָל. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע אָן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. די קעגנערס האָבן אָנגעהאַלטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַלפאַלפאַ־גראָז קען מען נישט אַנאַ־ליזירן מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט ווי אַנדערע פּראָדוקטן און האָבן מורא, אַז עס וועלן זיין תביעות פון די מיטגלידער.

מיט אַן ערך 20 יאָר שפּעטער, האָט ,,לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ" פאַרווירק־לעכט דעם דאָזיקן פּראָיעקט און אַריינגענומען אין איר טעטיקייטס־פּראָגראַם דעם פאַרקויף פון אַלפאַלפאַ־גראָז.

דער קאָאָפּעראַטיוו ,,לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ" האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1908. לויט אַ דאָקומענט וואָס געפינט זיך אין דער יי־קאַ, איז שוין אין יאָר 1891 פּראָיעקטירט געוואָרן דורך דער ערשטער פּיאָנערן־גרופּע צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיוו אין מאָזעסוויל.

אין מאָזעסוויל האָב איך זיך נאָך מער איבערצייגט אין דער נייטיקייט צו שאַפן אַ קערפּערשאַפט, וואָס זאָל דינען ווי אַ פאַרבינדונגס־צענטער פאַר אַלע קאָלאָניעס, ווייל עס איז געווען אַ סך צו לערנען איינע פון די אַנדערע, סיי אויפן ריין טעכניש־אַגראָנאָמישן, סיי אויפן געזעלשאַפטלעכן און אויפן קאָאָפּע־ראַטיוון געביט. אָבער די סביבה איז נאָך נישט געווען צוגעגרייט צו דעם. פון פּראַקטיק האָב איך געוווּסט, אַז פלאַנצן די בעסטע זוימען אויף אַ נישט־צוגעגרייטן באָדן, וועט פון דעם קיין פּרוכט נישט וואַקסן, אָדער עס וועט וואַקסן אַ שלעכטע פּרוכט. לכל עת איז עס אַן אַקסיאָמע וואָס מען מוז זיך רעכענען מיט איר.

* * *

פון מאָזעסוויל בין איך צוזאַמען מיט נח קאַצאָוויטש געפאָרן אין קאָלאָ־ניע ,,דאָראַ". דאָס איז געווען די יינגסטע קאָלאָניע ביי דער יי־קאַ, געשאַפן

* פּאַשע־גראָז.

אין יאָר 1910. דער שטח פון דעם באָדן איז געווען 2.980 העקטאַר, איינגע־טיילט אין עטלעכע פּאַרצעלן. איידער די ייִקאַ האָט געקויפט די דאָזיקע ערד, האָבן זיי געשיקט פאַרשיידענע דעלעגאַציעס ספּעציאַליסטן אויסצופאָרשן די טויגלעכקייט פון דער ערד פאַר אַגריקולטור. אויך ד״ר ירחי איז געפאָרן צו באַקענען זיך מיטן קלימאַט. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ פּרווו ביי דער ייִקאַ צו גרינדן אַ קאָלאָניע אויף דער באַזע פון אינטענסיווער ווירטשאַפט, ווייל אין יענער זאָנע איז פאַראַן אַ באַוואַסערונג־סיסטעם, וואָס קומט פון ריאָ־סאַלאַדאָ און איז דעריבער צוגעפּאַסט פאַר קליין־ווירטשאַפט. די דיסטאַנץ פון קאָלאָניאַ דאָראַ ביז בוענאָס־איירעס איז 846 קילאָמעטער.

ווען מיר זענען געקומען אין דער דאָזיקער קאָלאָניע, זענען דאָרט געווען אָראַנזשירט 70 פאַמיליעס. יעדע פאַמיליע האָט באַקומען 30 העקטאַר לאַנד. דער פּרייז וואָס די ייִקאַ האָט באַשטימט, איז געווען 300 פּעזעס פאַר אַ העק־טאַר. אַרויספאָרנדיק פון קאָלאָניע דאָראַ, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויפן וועג בליִענדיקע פעלדער, שיינע אַלפאַלפאַ, פּרוכט־ביימער, בלומען און גאָרטנוואַרג. אַגב, זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז די בעסטע אַלפאַלפאַ־גראָז קומט פון יענער געגנט. וואָס נאָענטער מיר זענען צוגעקומען צו דער קאָלאָניע, האָט זיך די פּאַנאָראַמע געביטן צום ערגערן. אַ וויסטעניש פון ווילדע פלאַנצן, ראַכיטישע ביימעלעך, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַן אומעט.

ביים אָנקומען צו דער ערשטער גרופּע, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַ טרויעריקער סצענע. די פרויען און קינדער זענען אַריינגעלאָפן אין שטוב. דער קאָלאָניסט האָט אונדז אויפגענומען אין דרויסן, אַנטשולדיקנדיק זיך פאַרן נישט אַריינבעטן אינעווייניק און פאַר וואָס די פרוי און קינדער שעמען זיך. ער האָט אונדז דערציילט, אַז די ערשטע פאַמיליעס וואָס די ייִקאַ האָט דאָרט באַזעצט, האָבן נישט געוווסט אַז דאָס וואַסער האָט אין זיך אַ גרויסע מאָס סאַליטרע, און ביים וואַשן די וועש איז עס אין גאַנצן פאַרברענט געוואָרן. מיט וואָס צו קויפן אַנדערע וועש האָבן זיי נישט, פאַרדעקן זיי די נאַקעטקייט מיט אַלטע זאַכן און ווילן זיך דעריבער נישט באַווייזן פאַר אומבאַקאַנטע מענטשן. דאָס פעלד איז געווען אויפגעאַקערט. עס האָבן זיך געזען געציילטע פלאַנטאַ־ציעס פון אַלפאַלפאַ. קוקנדיק אויפן פעלד, — עס איז נאָך געווען גאַנץ פרי, דער טוי איז נאָך געלעגן אויף דער ערד, — האָט זיך געדאַכט אַז עס איז באַשאָטן מיט דינעם זאַלץ. די פאַמיליעס וואָס זענען באַזעצט געוואָרן שפּע־טער, זענען שוין געווען פאָרזיכטיקער און פלעגן ברענגען וואַסער אין פעס־לעך פון די געגנטן ווו עס איז נישט געווען קיין סאַליטרע, אויף צו וואַשן די וועש. אויף די שטיקלעך ערד ווו עס איז קיין סאַליטרע נישט געווען, איז

גערוואַקסן פּראַכטפולע אַלפאַלפאַ, גאָרטנוואַרג, אָבער עס זענען געווען ווייניק אַזעלכע.

איך האָב געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס צו באַזוכן די פאַמיליע ברוק, וועלכע איך האָב געקענט. זי איז געזעסן אַ פּאָר יאָר אין אַ שטיבל אין הויף פון פּאַנדאָ קאָמונאַל אין לאַ קאַפּיזשאַ ווי אימיגראַנטן. ווען מיר זענען צו־געפאָרן צו איר הויז, זענען די קינדער אַנטלאָפן. די פרוי ברוק, — דער מאַן איז געווען אַ טובערקולאָזער און איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן באַנייט דעם בית־עולם — האָט אונדז איינגעלאַדן אין שטוב און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געבעטן, מיר זאָלן איר אַנטשולדיקן וואָס זי האָט נישט מיט וואָס אונדז מכבד צו זיין, ווייל אין שטוב איז נישטאָ נישט קיין טיי, נישט קיין צוקער; דער דלות האָט געפּייפט אין אַלע ווינקעלעך. אין הויף איז געשטאַנען אַ וואָגן, אויף וועלכן עס זענען געלעגן אויסגעטריקנטע פישלעך. די פרוי ברוק האָט אונדז געזאָגט, אַז נאָך דעם ווי דאָס וואַסער פון ריאָ סאַלאַדאָ, וואָס קומט צו ביז צו דער קאָלאָניע לויפט אָפּ, בלייבן די פישלעך; קלייבן עס די קינדער צונויף, מען טריקנט זיי אויס און מיט דעם דערנערט מען זיך אַ שטיקל צייט.

קאַצאָוויטש האָט באַטראַכט דאָס דאָזיקע בילד און נישט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט איז ער אַוועק. איך האָב געוואַרט עטלעכע מינוט און בין געגאַנ־גען זען ווו ער געפינט זיך. איך האָב אים געטראָפן הינטער דער וואַנט און די טרערן זענען אים גערונען פון די אויגן. מיט אַ שטומען געזעגענען זיך זענען מיר אַוועקגעפאָרן. קאַצאָוויטש האָט מיט פאַרביטערונג גערעדט צו מיר, אַז אויף צו מאַכן אַן עקספּערימענט פאַר אינטענסיווער ווירטשאַפט האָבן זיי נישט געפונען קיין בעסערן פּלאַץ, נאָר אַזוי ווייט פון בוענאָס־איירעס; ווו זענען געווען זייערע אויגן? ווו זענען געווען די יק"אַ־דירעקטאָרן און זייערע אַגראָנאָמען?

אַ פאַקט, וואָס האָט שטאַרק גערופן אונדזער אויפמערקזאַמקייט, נישט פון אַגראָנאָמישן, נאָר פון אַדמיניסטראַטיוון שטאַנדפּונקט איז אָט דער: די יק"אַ האָט געבויט פאַר יעדן קאָלאָניסט אַן אָפענעם גאַלפּאָן, ד"ה, אַ דאַך פון בלעך, געשטעלט אויף סלופּעס, אָן ווענט, אויף צו האַלטן דאָרט די פעקלעך אַלפאַלפאַ. איינער אַ קאָלאָניסט, אַ זון פון מאָזעסוויל, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט מיטן בויען גאַלפּאָנעס, האָט צווישן אַנדערע זאַכן אויף וועלכע ער האָט זיך באַקלאָגט, אָנגעוויזן אַז די פּרייזן וואָס די יק"אַ רעכנט זיי פאַר די גאַלפּאָנעס זענען זייער הויכע. קאַצאָוויטש האָט זיך נישט געפּוילט און גיט מיר אַ זאָג: „איצעלע, — אַזוי פלעגט ער מיר רופן, — קום, לאָמיר אויס־מעסטן דאָס מאַטעריאַל פון גאַלפּאָן”. גערעדט און געטאָן. מיט אַ מעטער אין

האָט האָבן מיר אויסגעמאָסטן דאָס געהילץ, איבערגעציילט די בלעכן, אויסגערעכנט אויפן פאַפיר זייער באַטרעף, צוגערעכנט אַרבעט־געלט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דיפערענץ איז געווען גאָר אַ היפשע. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויף צו בויען די גאַלפּאָנעס האָט דער אַדמיניסטראַטאָר אַראָפּגעבראַכט אײנעם פון בערנאַסקאָני, ווו ער האָט פריער פאַרנומען דעם זעלבן אמט.

פון בערנאַסקאָני, אין צענטראַל־פּאַמפּאַ, ביז קאָלאָניע דאָראַ אין פּראָווינץ סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ איז אַ מהלך פון אַ 1.300 קילאָמעטער; די זאַך איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן. דאָס איז דער זעלביקער אַדמיניסטראַטאָר, — האָב איך געזאָגט קאַצאָוויטשן, — וועגן וועלכן ד״ר ירחי האָט געוואָרנט דעם ייִקאַ־דירעקטאָר וואַלטער מאָסס, אַז מיט גוטער באַהאַנדלונג מאַכט מען פון וואָלף אַ שעפּעלע און מיט שטרענגער באַהאַנדלונג מאַכט מען פון שעפּעלע אַ וואָלף. אָבער ווו זענען די בוכהאַלטערס, די אינספּעקטאָרן פון דער ייִקאַ? „איך ווייס, — גיט צו קאַצאָוויטש, — אַז אין דער דירעקציע פאָדערן זיי אויף יעדע זאַך אַ געגויען ביודזשעט. האָבן זיי דאָך געווּסט וויפל האָלץ, וויפל בלעך מען פאַרברויכט אויף אַזאַ גאַלפּאָן! איז ווי אַזוי האָבן זיי דערלויבט אַזאַ אָפּנאַרעריי?״. און טראַכטנדיק אַ ביסל האָט ער צוגעגעבן: „און אפשר ליגט אין דעם דער סוד, פאַר וואָס די ייִקאַ האָט איינגעהאַנדלט די דאָזיקע מציאה — דעם סאַליטרע־באָדן. די דעלעגאַציע וואָס די ייִקאַ האָט געשיקט אויסצופאָרשן דאָס שטיק לאַנד, האָט געזען די שיינע גערטנער ביים שטעטל, אָדער אַנדערע פלעצער, ווו עס איז קיין סאַליטרע נישטאָ, נאָר איינגעהאַנדלט האָבן זיי דווקא די מיט סאַליטרע״.

„אלה תולדות ביוראָקראַטיע״ — איז געווען מיין ענטפער.

## מיין צוריקקערן זיך. — אומאָנגענעמלעכקייטן

נאָך דעם ווי איך האָב באַזוכט אַלע ייִקאַ־קאָלאָניעס, האָב איך זיך אי־בערצייגט, אַז עס איז נאָך פּריצייטיק איינצואָרדענען אַ צענטראַלע ביוראָ אין בוענאָס־איירעס, מחמת צוויי גרינטלעכע סיבות: 1) די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען זייער אַ געדריקטע, קאָלאָניסטן האָבן זיך געראַנגלט פאַר זייער עק־סיסטענץ, די געמיטער, אין אַלגעמיין, זענען געווען דערשלאָגענע און עס האָט געפעלט שטימונג פאַר גרעסערע אונטערנעמונגען; 2) די קאָאָפּעראַטיוועס זענען נאָך געווען כמעט אָנפאַנגערס, דער קאָאָפּעראַטיווער אידעאַל איז נאָך נישט געווען איינגעוואָרצלט צווישן דער מיטגלידערשאַפט, די פירערס זענען נאָך נישט געווען איבערצייגט אין דער נייטיקייט פון אַ צענטראַלער ביוראָ, זיי האָבן געדעדט וועגן דעם ווי פון אַ ראָמאַנטישן ענין און האָבן נישט גענו־מען אין אַכט די וויכטיקייט און די התחייבותן וואָס אַזאַ אינסטיטוציע פאָ־דערט, הן כלפּי פנים און היין כלפּי חוץ. מיט מיין גאַנצן ענטוזיאַזם וואָס איך האָב געהאַט פאַר דער „קאָנפעדעראַציע״, דאָס הייסט, פאַר אַ פּראַקטישער און ראַיעלער פאַרבינדונג — עקאָנאָמיש און מאָראַליש — צווישן אַלע ייִדישע קאָלאָניעס און טראָץ אַלע שיינע פּראָיעקטן וואָס איך האָב געהאַט צוגעגרייט, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אין יענעם מאָמענט וואָלט געווען אַ צו גרויסע געוואַגטקייט אונטערצונעמען אַ שאַפונג פון אַזאַ גרויסן פאַרנעם אָן אַ מאַ־טעריעלער באַזע און אָן דעם גוטן ווילן מצד דער מיטגלידערשאַפט. איך האָב דעריבער פאָרגעליגט, אַז די קאָנפעדעראַציע זאָל בלייבן צייטווייליק אַ בונד פון קעגנזייטיקער פריינדלעכקייט און מען זאָל זיך האַלטן צוזאַמען ביי פראַ־גען וואָס זענען נוגע דער קאָלאָניזאַציע אין אַלגעמיין, ייִדישער און נישט־ייִדישער און אָפּוואַרטן ביז אַ גינסטיקערע צייט מיט דעם איינאָרדענען פון אַ ביוראָ אין בוענאָס־איירעס.

סאַכאַראָוו איז לכתחילה נישט מסכים געווען מיט מיין שטעלונג. אָבער די פאַקטן זענען געווען גענוג איבערצייגעוודיקע אויף נישט צו מאַכן קיין איבערגעאיילטן שריט. אומקערנדיק זיך צוריק אַהיים, האָב איך געמוזט זיך אָפּשטעלן אין בוענאָס־איירעס, צוליב דער קאָמבינאַציע פון די באַנען. קו־מענדיק אין האָטעל „קייזערהאָף״, האָב איך דאָרט געטראָפן סאַכאַראָוון. איך האָב זיך ממש דערפרייט מיט אים. כמעט זעקס וואָכן בין איך געווען אונטער־וועגס. עס האָט מיך איבערגעראַשט זיין קאַלטקייט ביי אונדזער באַגעגענען זיך.

ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט מיט אַן ערנסטן פּנים, וואָס איז נישט געווען זיין שטייגער אויפצונעמען מענטשן, ספּעציעל פאַר מיר, וואָס מיר זענען געווען געבונדן מיט אַ פעסטער אידעאָלאָגישער און חברלעכער פריינדשאַפט. קיין סך טראַכטן האָב איך נישט געדאַרפט. סאַכאַראָוו האָט עס מיר גלייך דערקלערט. „דו ווייסט, — זאָגט ער מיר, — אַז איך דיין אָפּוועזנקייט האָב איך באַזוכט די קאָלאָניעס סאַנטאַ־איזאַבעל, קאַמפּאָס און סאַן־אַנטאָניאָ, אין אומעטום האָב איך געטראָפן מיטגלידער וואָס זאָגן, אַז זייערע לויפנדיקע חשבונות מיט פאָנדאָ קאָמונאַל שטימען נישט. עס איז פאַרשריבן אין זייערע השבונות זאַכן, וואָס זיי האָבן נישט באַקומען, און דאָס קען איך, — זאָגט סאַכאַראָוו מיט זייער אַן ערנסטן טאָן, — פאַר קיין פאַל נישט דערלאָזן. איצט, גלייך ווי דו וועסט קומען אַהיים, וועסטו פאָרן אין די אויבן אויסגערעכנטע קאָלאָניעס און שטעלן די רעכענונגען אין אָרדענונג, „קועסטע לאָ קע קועסטע”.* אויב מען דאַרף פאַרלירן אַ געוויסע סומע געלט, וועט עס פאָנדאָ קאָמונאַל פאַרלירן! אָבער מיר מוזן פאַרענדיקן איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיט די תרעומות, וואָס רופן אַרויס אומצוטרוי צו דעם קאָאָפּעראַטיוו. איך האָב צוגענומען, — זעצט פאָר סאַכאַראָוו, — אַ ספּעציעלן באַאַמטן, וועלכער שרייבט איבער אין נייע ביכער די «קוענטאַ קאָררייענטע»** פון יעדן מיטגליד. דו וועסט זיך פאַרזאַמען אין יעדער קאָלאָניע די צייט וואָס פאָדערט זיך, ווען עס זאָל אַפילו געדויערן עטלעכע וואָכן”.

אויף אַזאַ „ברוך־הבא” האָב איך זיך נישט געריכט און האָב גלייך געענטפערט סאַכאַראָוון, אַז די רעכענונגען זענען אין בעסטער אָרדענונג; איך וועל אין די קאָלאָניעס נישט פאָרן, נאָר אויב עס זענען פאַראַן מיטגלידער וואָס ווילן איבערקוקן זייערע חשבונות, מוזן זיי קומען אין דער ביוראָ, ווו עס געפינען זיך די אַרכיוון און די חשבונות פון אַלע יאָרן.

דעם זעלביקן פאַרנאַכט בין איך אַוועקגעפאָרן אַהיים. אַריינקומענדיק אויפן צווייטן טאָג אין ביוראָ, האָב איך גלייך אָפּגעשטעלט די אַרבעט פון איבערשרייבן די ביכער און האָב אָנגעהויבן שיקן בריוו צו די מיטגלידער פון די דערמאָנטע קאָלאָניעס, און איינגעלאַדן צו פינף מיטגלידער אַ טאָג, לויטן אַלף־בית, צו קומען אין ביוראָ מיט די רעזומענס פון די לויפנדיקע רעכענונגען וואָס מיר פלעגן זיי צושיקן יעדע זעקס חדשים. די ערשטע פינף איינגעלאַדענע מיטגלידער זענען געווען פון סאַנטאַ־איזאַבעל. איך האָב אָנגעהויבן פון דער דאָזיקער קאָלאָניע, ווייל זי איז געווען די ווייטסטע און זענען זעלטן

* זאָל עס קאָסטן וויפל עס זאָל נישט קאָסטן.
** לויפנדיקער חשבון.

ווען געקומען אין דעם קאָאָפּעראַטיוו. דער ערשטער וואָס איז געקומען — אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט — איז געווען אייזנבערג מיט נאָך פיר שכנים.

אויף מיין פראַגע דעם ה׳ אייזנבערג, אין וואָס עס באַשטייען זיינע תביעות, האָט ער מיר דערלאַנגט אַלע רעזומענס און אַ זאָג געטאָן: „נעמט און ציילט. עס איז אָנגעשריבן ביי די 50 זעק מעל וואָס איך זאָל האָבן גענומען. ווען האָב איך געקענט אויפעסן אַזוי פיל מעל? איך ווייס אַז איר זענט נישט שולדיק, דאָס איז די שולד פון דעם פאַרטרויונג־מאַן וואָס איר האָט ביי אונדז אין סאַנטאַ־איזאַבעל״.

מיט דער גאַנצער קאַלטבלוטיקייט האָב איך גענומען די רעזומענס און אים געוויזן, אַז דאָס זענען די רעכענונגען פון אַריבער דריי יאָר און נישט פון איין יאָר און האָב געהייסן אַ באַאַמטן, ער זאָל ברענגען אַלע קבלות, און אים געוויזן אַלע זיינע אונטערשריפטן.

די צווייטע אויסזעצונג זיינע איז געווען, פאַר וואָס מען פאַררעכנט אין זיין חשבון די יערלעכע קוואָטע פאַר „סערוויסיאָ סאַניטאַריאַ״? ביי זיי אין קאָלאָניע איז פאַראַן נאָר אַ פעלדשער און זיין פאַמיליע האָט זיך קיין מאָל נישט באַנוצט מיטן שפּיטאָל. איך האָב אים דערקלערט די פּרינציפּן פון מוטואַליזם,* אַז דאָס צאָלט מען און הלוואַי מען זאָל עס נישט דאַרפן באַנוצן. האָט ער זיך צעשמייכלט, געבעטן מען זאָל אים אַנטשולדיקן, האָט אָנערקענט אין גאַנצן דעם חוב און האָט טאַקע באַצאָלט.

די אַנדערע פיר וואָס זענען געקומען, האָבן שוין נישט געגעבן קיין אַרבעט, ווייל אייזנבערג האָט זיי שוין אינפאָרמירט וועגן רעזולטאַט פון זיינע אויסזעצונגען. די אַנדערע מיטגלידער פון סאַנטאַ־איזאַבעל, ווי אויך פון קאַמפּאָס, האָבן אַלע אָנערקענט זייערע חשבונות און דער קאָאָפּעראַטיוו האָט נישט געהאַט קיין פאַרלוסט. די איינציקע קאָלאָניע וואָס האָט אונדז פאַרשאַפט קאָפּווייטיק, אומאָנגענעמלעכקייטן און פאַרלוסט איז געווען סאַן־אַנטאָניאָ. נאָר דאָס קומט אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל.

* פון שפּאַנישן „מוטואַל״ — קעגנזייטיקייט.

# קרעדיט פאַר שנייד־מאַשינען

אין די יאָרן 1908/9 האָט דער היישעריק פאַרטיליקט 70 % פון דער גערעטעניש. אין 1909/10 האָט ער אָפּגעפרעסן 40 % פונעם ווייץ און ליאָן. מאַיס איז כמעט גאָר נישט געבליבן. ער האָט חרוב געמאַכט די פּאַשע־פעל־דער. צו דעם איז אין יאָר 1909 געווען אַן אויסערגעוויינלעכע טריקעניש. ביי־דע פּלאָגן האָבן גורם געווען אַן עפּידעמיע אויף פי און דער גרעסטער טייל בהמות האָט אויסגעפּגרט. די הכנסה פאַר מילך האָט זיך פאַרקלענערט ביז צום מינימום.

אין 1908 זענען אַריינגעקומען אין די „קרעמעריִעס"* 5.598.892 ליטער מילך; אין 1909 — 1.551.983 ליטער; אין 1910 — 723:486 ליטער מילך.

די קאָלאָניסטן זענען אין יענע יאָרן שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן. אַ גרויסער טייל פאַרמס זענען געבליבן כמעט אָן בהמות; אַ היפּשע צאָל קאָלאָ־ניסטן איז געבליבן אָן זריעה. דער דאָזיקער מצב האָט זיך אָפּגערופן גאַנץ ערנסט אויף די פינאַנסן פון פּאָנדאָ קאָמונאַל, ווייל מען האָט נישט געקענט איינמאָנען די אויסגעטיילטע קרעדיטן. דאָך האָבן מיר געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען און מיר האָבן צוגעגרייט זריעה פאַר אַלע קאָלאָניסטן וואָס האָבן זיך אין דעם גענייטיקט. פאַרשטייט זיך, דער קאָאָפּעראַטיוו האָט גע־קויפט אויף באָרג צו באַצאָלן נאָכן שניט און אויף די זעלביקע באַדינגונגען האָט זי אויסגעטיילט צו די מיטגלידער. דער ווינטער פון יאָר 1911 איז גע־ווען זייער אַ גינסטיקער פאַר פעלד־אַרבעט און עס איז פאַרזייט געוואָרן אין דער קאָלאָניע אַריבער פופציק טויזנט העקטאַר ווייץ, ליאָן און האָבער. אין יאָר 1907 איז געווען פאַרזייט פערצן טויזנט העקטאַר. עס איז געוואַקסן זייער שיין, און צוזאַמען מיטן ווייץ און ליאָן איז אויך געוואַקסן דער אָפּטימיזם: אָט, אָט, קומט אונטער אַ גוטער גערעטענער שניט און מען וועט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם פּאַק אָנגעוואַקסענע חובות.

צו דער ריכטיקער צייט האָט פּאָנדאָ קאָמונאַל געקויפט אַרום פינף הונ־דערט טויזנט ליידיקע זעק, דריי טויזנט פּעק פּאָדעם אויף צו בינדן די סנאָ־פּעס, בוימל וכו' — עס זאָל אַלץ זיין גרייט צום שניט.

---

* מילכערייען.

ביי אַ זיצונג פון דירעקטאָריום איז באַשלאָסן געוואָרן צו קויפן שנייד־מאַשינען פאַר די מיטגלידער וואָס האָבן עס געבעטן. אין יענעם יאָר איז אימפּאָרטירט געוואָרן די דאָזיקע סיסטעם מאַשין, וואָס האָט אָפּגעשניטן פון 8 ביז 10 העקטאַר אַ טאָג, אָנשטאָט 3־4 העקטאַר מיט די קליינע, איינפאַכע שנייד־מאַשינען, אַזוי אַז מיט די זעלביקע הוצאות האָט מען געמאַכט מער אַרבעט מיט וויניקער ריזיקע פאַר רעגנס, שטורעמס א״אַ. מען האָט באַוויליקט ביי יענער זיצונג הונדערט דרייסיק מאַשינען. דער פּרייז פון יעדער מאַשין איז געווען לערך 700 פּעזעס, און אַזוי ווי די צייט איז שוין געווען קורץ, האָט מען באַשלאָסן, איך זאָל דעם זעלביקן טאָג פאָרן קיין בוענאָס־איירעס, כדי פּערזענלעך צוצואיילן די מאַשינען זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן וואָס גיכער.

אויפן צווייטן טאָג אין דער פרי בין איך אָנגעקומען אין בוענאָס־איירעס. אויף דער סטאַנציע האָט זיך דערנענטערט צו מיר אַ פּערזאָן און זאָגט, אַז ער איז געקומען פון דער פירמע „אַגאַר קראָס״ מיך אָפּוואַרטן, און אַז דער דירעקטאָריום וואַרט אויף מיר. הגם עס איז געווען אַ יום־טוב, ווען דאָס הויז איז געשלאָסן, האָט ער מיר געבעטן גלייך פאָרן מיט אים. ביים אַריינקומען, נאָך די געוויינלעכע באַגריסונגען, האָט זיך פאַרבונדן צווישן מיר און דעם דירעקטאָר דיעגאָ אַגאַר, אָט־דער דיאַלאָג:

— וויפל קאַפּיטאַל האָט פאָנדאָ קאָמונאַל?

— היינט צו טאָג האָט פאָנדאָ קאָמונאַל נישט קיין קאַפּיטאַל.

— ווי איז עס מעגלעך, ווו איז דער אַקציע־קאַפּיטאַל און די רעזערוו־פאָנדן?

— אַלע אונדזערע קאַפּיטאַלן זענען אינוועסטירט. אין קאַסע האָבן מיר בלויז דאָקומענטן.

— און טאָמער וועט דאָס געראַטעניש דורכפאַלן, מיט וואָס וועט איר באַצאָלן פאַר די מאַשינען?

— אויב דאָס געראַטעניש וועט צוליב וועלכער ס'איז סיבה פאַרלוירן גיין, וועלן מיר נישט קענען באַצאָלן.

— ווען דו אַליין דערקלערסט, אַז קיין מזומן רעזערוו־קאַפּיטאַל האָט איר נישט און אַז אין פאַל פון אַ נישט־געראָטענער „קאָסעטשאַ״ וועט איר נישט קענען באַצאָלן, איז אויף וואָס פאַר אַ באַזע בעט איר קרעדיט?

— אַנטשולדיקט! פון וואַנען נעמט איר אַז איך בעט קרעדיט? פון מיר האָט איר עס נישט געהערט.

— אונדזער רעפּרעזענטאַנט אין דאָמינגעז האָט אונדז טעלעגראַפירט, אַז דו ביסט אַרויסגעפאָרן קויפן מאַשינען.

— אָבער איך האָב ביז איצט ביי אייך גאָר נישט געבעטן.

— אויב מיר וועלן אייך נישט פאַרקויפן די מאַשינען, ווו וועט איר זיי קויפן?

— דאָס איז מיין זאַך.

— דאַרפסט נישט נעמען פאַר שלעכט, די קאָמערץ האָט זיינע רעגולאַ־מינען, און ווער עס גיט קרעדיט, וויל וויסן צי דער קליענט האָט גענוג פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט.

— אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכקייט באַשטייט פון דריי טויזנט הענט, וואָס אַרבעטן און פּראָדוצירן.

— אָבער דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז אויב דער שניט וועט פאַרלוירן גיין וועט איר נישט קענען באַצאָלן.

— ריכטיק. מיר וועלן נישט באַצאָלן דעם יאָר, אָבער איר מעגט זיין זיכער אַז אייער האַנדל־הויז וועט נישט פאַרלירן קיין איין פּעזע, אויב מיר וועלן נישט קענען באַצאָלן פון דער קאָסעטשאַ, וועלן מיר באַצאָלן פון דער צווייטער, דריטער, צענטער מיטן געהעריקן פּראָצענט, ווייל מיר זענען קאָ־לאָניסטן־קאָאָפּעראַטיוויסטן וואָס היטן אָפּ אונדזערס, סיי דעם מאַטעריעלן ווי דעם מאָראַלישן קאַפּיטאַל.

— וויפל מאַשינען דאַרפט איר?

— זעכציק.

— פאַר וואָס אַזוי ווייניק? מיר וויסן אַז איר דאַרפט מער.

— אַ קליענט, וואָס זאָגט פאָרויס אַז ביי אַ שלעכטן שניט וועט ער נישט קענען באַצאָלן, ווילט איר געבן קרעדיט מערער וויפל ער בעט?

— איר האָט ביי אונדז אַן אומבאַגרענעצטן קרעדיט...

מיר האָבן זיך פריינטלעך געזעגנט און כ׳האָב באַקומען די הבטחה, אַז די מאַשינען וועלן וואָס גיכער אַרויסגעשיקט ווערן.

אויפן אַנדערן טאָג בין איך געגאַנגען אין דעם הויז „האַסענקלעווער“, וואָס האָבן געהאַט מאַשינען פון דער מאַרקע „דעערינג“. ביים אַריינקומען האָב איך געזען ווי דער פאַרוואַלטער רעדט מיט צוויי מענטשן, — איינער אַ סוחר און דער צווייטער אַ קאָלאָניסט־סוחר פון אונדזער קאָלאָניע. איך האָב מיך אַ ביסל דערווייטערט, און ווען זיי האָבן געענדיקט דעם שמועס, האָט דער פאַרוואַלטער מיך אַריינגערופן צו אים אין ביוראָ. ווי אַן אַלטער באַקאַנ־טער — האָט ער אָנגעהויבן שמועסן וועגן אַלגעמיינע זאַכן; וועגן די אויס־זיכטן פון שניט, פרייזן, וכו׳, ביז ער איז צוגעקומען צו פּאָנדאָ קאָמונאַל. און לויט די פראַגעס וואָס ער האָט מיר געשטעלט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די צוויי פאַרשוינען, מיט וועלכע ער האָט פריער גערעדט, האָבן אים אינפאָרמירט

וועגן דעם קאָאָפּעראַטיוו ווי „גוטע פריינד״. דאָך בין איך געווען געדולדיק און אים דערקלערט וועגן דעם פינאַנסיעלן צושטאַנד פונעם קאָאָפּעראַטיוו, ביז ער האָט מיר גענומען פרעגן וועגן אינערלעכע, אַדמיניסטראַטיווע און טעכנישע ענינים. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אים געזאָגט:

— מיסטער גרייף, דו ביסט פאַרוואַלטער פון דעם הויז „האַסענקלעווער״ און איך פון פאַנדאַ קאַמונאַל; פּונקט ווי איך וועל זיך נישט דערלויבן צו ריידן מיט דיר וועגן דער פעיִקייט פון די דירעקטאָרן און פאַרוואַלטערס פון אייער האַנדל־הויז, אַזוי קען איך נישט דערלויבן, דו זאָלסט מיר אינטערפּעלירן איבער דער פירונג פון פאַנדאַ קאַמונאַל. איך פאַרלאַנג דו זאָלסט מיר זאָגן, צי דו וועסט אונדז פאַרקויפן מאַשינען „דעערינג״ אָדער נישט?

— און וואָס וועסטו טאָן, אויב דאָס האַנדלהויז וועט אייך נישט פאַרקויפן קיין מאַשינען?

— דאָס לאָז איבער פאַר מיר. פאַר אונדזערע אינטערעסן זאָרג איך און נישט דו.

דער פאַרוואַלטער האָט זיך אָנגעהויבן אַנטשולדיקן. נאָר אַזוי ווי עס איז געוואָרן 12 דער זייגער, האָט ער מיר געבעטן קומען נאָך מיטאָג. ווען איך בין שפּעטער געקומען, האָב איך אָן שום פאָררעדעס און אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן געבעטן, ער זאָל מיר ענטפערן אויף דער פראַגע וואָס איך האָב אים געשטעלט, ווייל די מאַשינען מוזן ביז צו די אַכט טעג זיין אין קאָלאָניע און איך דאַרף וויסן וואָס איך האָב צו טאָן.

ער האָט מיר געבעטן וואַרטן עטלעכע מינוט. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער מיר געפרעגט וויפל מאַשינען איך וויל. מיין ענטפער איז געווען: זיבעציק. ער האָט מיר פאַרזיכערט אַז זיי וועלן תיכף אַרויסגעשיקט ווערן.

אין אָוונט האָב איך זיך געטראָפן מיט די אויבן דערמאָנטע צוויי „קאַוואַלירן״ אין טעאַטער. שמייכלענדיק האָבן זיי מיר געפרעגט צי עס זענען שוין אַרויסגעשיקט געוואָרן די מאַשינען. ווען איך האָב זיי געענטפערט, אַז מאָרגן ווערן אַרויסגעשיקט אַלע מאַשינען, האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און דער שמייכל איז פאַרשוואונדן פון זייערע פנימער, און איך בין אַוועק פון זיי מיט אַ שמייכל. שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג האָב איך זיך באַגעגנט מיטן ה׳ אַדאָלפאָ לייבאָוויטש, — ער איז דעמאָלט געווען בוכהאַלטער אין דער ייִקאַ אין בוענאָס־איירעס, — האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך געטראָפן מיטן פאַרוואַלטער פון „האַסענקלעווער״, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן דעם גאַנצן שמועס וואָס ער האָט געהאַט מיט מיר און אַז עס איז אים געפעלן געוואָרן מיין ענערגישע און קאָרעקטע האַלטונג.



ווען מען האָט באַהאַנדלט אין דירעקטיוון ראַט די פראַגע וועגן געבן מאַשינען די מיטגלידער אויף צו באַצאָלן נאָך דער קאָסטעשע, וואָס האָט געמיינט, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל קויפן און איבערפאַרקויפן אין די זעלביקע קאָנדיציעס — האָב איך אָנגעהאַלטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז נעמענדיק אין אַכט די פינאַנסיעלע לאַגע פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, מוזן מיר האַנדלען זייער פאָרזיכטיק און שטאַרק באַגרענעצן די קרעדיטן. איבערהויפּט, דאַרף מען אין זינען האָבן נישט צו געבן קיין שנייד־מאַשינען צו די יעניקע, וואָס האָבן גוטע שנייד־מאַשינען פון פריער. ליידער איז מיין מיינונג נישט גענומען געוואָרן אין אַכט, און ביי יענער זיצונג איז באַשטעטיקט געוואָרן 130 בקשות. פאַרשטייענדיק אַז עס וועלן אָנקומען נאָך ביטעס, האָב איך טעלעגראַפירט פון ביענאָס־איירעס צום „פּאַנדאָ קאָמונאַל, אַז זיי זאָלן „נישט אָננעמען מער קיין ביטעס פאַר מאַשינען”. אין דער זיכערקייט אַז דער ראַט וועט זיך געוויס רעכענען מיט מיין טעלעגראַמע. אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען פון בוענאָס־איירעס, האָב איך געטראָפן אויף מיין טיש 68 נייע ביטעס, שוין באַשטעטיקטע. באַלד זענען געקומען די פאַראינטערעסירטע מיטגלידער פרעגן, ווען וועלן אָנקומען זייערע מאַשינען. אויפן צווייטן טאָג, — עס איז געווען שבת, — איז געקומען סאַבאַראָוו צו מיר אין שטוב און האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס איך האָב דורכגעפירט מיין אַרבעט גיך און גוט. אויף מיין אָנפרעג, פאַר וואָס מען האָט נישט גענומען אין אַכט מיין טעלעגראַמע, האָט סאַבאַראָוו געענטפערט, אַז דער ראַט האָט טאַקע געוואָלט אָפּלייגן דאָס באַשטימען נייע קרעדיטן ביז איך וועל צוריקקומען, אָבער היות ער קען מיך גוט און ווייסט אַז איך בין קעגן אַרויסגעבן נאָך קרעדיטן, האָב איך בכיוון געשיקט אַזאַ דיפּלאָמאַטישע טעלעגראַמע.

עס האָט זיך פאַרפירט צווישן אונדז אַ הייסע דיסקוסיע. סאַבאַראָוו האָט פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַלע מיטגלידער דאַרפן געניסן פון גלייכע רעכטן, און אויב מען האָט געגעבן מאַשינען אויף צו באַצאָלן נאָך דער קאָסטעשע צו איין טייל מיטגלידער, האָבן אַלע אַנדערע אויך דאָס רעכט צו געניסן פון דער זעלביקער פּריווילעגיע.

איך האָב געטענהט, אַז גלייכקייט איז אַ גוטער און שיינער פּרינציפּ, אָבער נאָר דעמאָלט ווען מען קען עס פאַרווירקלעכן מיט אייגענע מיטלען, אין די גרענעצן פון מעגלעכקייט; פאַר קיין פאַל אָבער האָבן מיר נישט די מאָראַלישע רעכט צו פּראַקטיצירן פּרינציפּיעלע גלייכקייט מיט די מיטלען פון „אַגאַר קראָס” און „האַסענקלעווער”. אַזאַ טאַקטיק קען פירן דעם קאָאָ־

פּעראַטיוו צו אַ קאַטאַסטראָפע. די קאָסטעטשעס זענען קיין מאָל נישט זיכער ביז מען האָט זיי נישט אין די זעק, און מען טאָר קיין מאָל נישט ריזיקירן מיט פרעמדן געלט; אַגב, זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן מאַשינען פון פריִער. סאַכאַראָוו, מיט זיין שטענדיקן אָפּטימיזם, האָט געזאָגט אַז מיר זענען 800 מיטגלידער און אין לעצטן פאַל וועט יעדער מיטגליד מיטשטייערן מיט הונדערט פעזעס, וועלן מיר האָבן אַכציק טויזנט פּעזעס. איך האָב אַרויסגע־זאָגט מיין מורא פאַר דאָס פאַרקערטע — יעדער מיטגליד וועט איינצאָלן מיט הונדערט פּעזעס וויינִיקער, וועט אונדז פעלן אַכציק טויזנט פּעזעס.

עטלעכע שעה האָבן מיר דיסקוטירט אויף העכערע און נידעריקערע טע־נער, ביז הייזעריק ווערן. טראָץ מיין קעגנערשאַפט, האָב איך געמוזט דורכ־פירן דעם באַשלוס פון ראַט און געבעטן מען זאָל אַרויסשיקן נאָך 68 מאַשי־נען. צום אומגליק האָט זיך באַשטעטיקט, אַז איך האָב געהאַט רעכט. גלייך ביים אָנהייב שניט האָט אָנגעהויבן ; עגענען און עס האָט געשטערט דאָס שניידן און דרעשען. אין די חדשים דעצעמבער־פעברואַר, אין די סאַמע הייסטע זו־מער־טעג האָט מען אַריינגעכאַפּט אויסצודרעשען וויפל נאָר עס האָט זיך גע־לאָזט. שפּעטער זענען די רעגנס געוואָרן אָפטערע; די טשאַקרעס זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין געדיכטע בלאָטעס. עס איז געווען אוממעגלעך צו שלעפּן די גרויסע, שווערע דרעש־מאַשינען. אייניקע זענען געבליבן שטיין וואָכן־לאַנג אויף איין פּלאַץ. דאָס ביסל וואָס מען האָט געדראָשען איז מערסטנס געווען נאַס און מען האָט עס נישט געקענט ברענגען צום באַן אין צייט, מחמת די שלעכטע וועגן.

דער טערמין צום צאָלן פאַר די מאַשינען איז געווען סוף מאַרץ. דער־זעענדיק אַז מיר וועלן נישט קענען באַצאָלן אַלע קרעדיטאָרן די גאַנצע סומע וואָס מיר זענען זיי שולדיק, האָב איך פּערזענלעך אָנגעשריבן בריוו און זיי נישט קאָפּירט, כדי קיינער זאָל נישט וויסן, צו אַלע קרעדיטאָרן, און געבעטן זיי זאָלן זיך צופרידנשטעלן פאַרלויפיק מיט 40 % און מיטן איבעריקן זאָלן זיי אָפּוואַרטן ביז צום צווייטן שניט.

אַלע ענטפערס זענען געווען נעגאַטיווע. אָן צייט־פאַרלוסט בין איך גע־פאָרן, צוזאַמען מיט סאַכאַראָוו, קיין בוענאָס־איירעס אויף צו ריידן מיט זיי פּערזענלעך. אַזוי ווי דער גרעסטער אַקרעדיטאָר איז געווען „האַסענקלעווער", זענען מיר געגאַנגען קודם־כל צו דער פירמע, וועלכער מיר זענען שולדיק געווען קרוב צו הונדערט טויזנט פּעזעס. איך האָב דערמאָנט דעם פאַרוואַל־טער, אַז ביים באַשטעלן די מאַשינען האָב איך אים געוואָרנט, אַז אין פאַל ווען די קאָסעטשע וועט נישט געראָטן, וועט ער מוזן וואַרטן. מען האָט זיך גענומען דינגען. דער פאַרוואַלטער האָט געפאָדערט אַ גרעסערע סומע און

איך האָב אים באַוויזן מיט ציפערן, אַז פערציק פּראָצענט איז די העכסטע סומע וואָס מיר קענען איצט צאָלן, כדי מיר זאָלן קענען צאָלן אַלע קרעדיטאָרן גלייך. אין מיטן פון דער דינגעניש רופט זיך אָפּ סאַכאַראָוו: „גוט, זאָל זיין נאָך צען טויזנט פּעזעס". דערהערנדיק די ווערטער, האָט דער פּאַרוואַלטער מיסטער גרייף אויפגעהערט ריידן מיט מיר און גענומען שמועסן מיט סאַ־כאַראָוון. אָן איבערצוטראַכטן, זאָגט אים סאַכאַראָוו ווידער אַ מאָל: „זאָל זיין נאָך צען טויזנט פּעזעס, דאָס הייסט, אָנשטאָט 40 טויזנט פּעזעס, זאָל זיין 60 טויזנט פּעזעס, און אויב עס וועט זיך פאַרבעסערן די צייט, וועט מען אין חודש מאַי אייך שיקן נאָך צען טויזנט פּעזעס".

איך בין געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט. פון וואַנען וועט מען נעמען די דאָזיקע 20 טויזנט פּעזעס? דער פּאַרוואַלטער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און געזאָגט: „דו ווייסט וואָס פאַר אַ גוטע מיינונג איך האָב געהאַט רין דיר, און איצט זאָג איך דיר, אַז דו ביסט נישט ווערט דעם פּאָסטן אין „פּאָנדאָ קאָ־מונאַל". אַז מען קען צאָלן זעכציק טויזנט און מען באָט אָן פערציק טויזנט, איז עס אַ באַוויז פון נישט ערנסטקייט".

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן מיט וואָס פאַר אַ געמיט איך בין אַוועק־געגאַנגען. אַרויסגייענדיק, זאָגט מיר סאַכאַראָוו: „האָב איך דיר דען נישט גע־זאָגט, דו זאָלסט מיר נישט מיטנעמען, ווייל איך וועל דיר קאַליע מאַכן אָנ־שטאָט צו העלפן?". ער איז מיטן ערשטן באַן אַוועקגעפאָרן צוריק קיין דאָ־מינגעז און איבערגעלאָזט מיך אַליין צו פאַרהאַנדלען מיט די אַנדערע קרע־דיטאָרן. עס איז געווען זייער נישט קיין אָנגענעמע אַרבעט. אָבער אַ דאַנק דעם צוטרוי וואָס מען האָט געהאַט צו אונדז, האָב איך דערליידיקט אַלע ענַי־נים אויפן בעסטן אופן.

# מיין ערשטע רענונסיע

אַ צווייטע אומאָנגענעמלעכע איבערראַשונג האָט מיר פּאַרשאַפֿט ביי מיין צוריקקומען פון דעם באַזוך אין די אַנדערע קאָלאָניעס. אין די פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען וואָס זענען פּאָרגעקומען אין מיין אָפּוועזנקייט, האָט זיך גע־זאָגט, אַז דער ראַט האָט באַשטימט דעם ה׳ דוד הורוויץ, געוועזענער אַגענט פון דער יִיקאַ־אַדמיניסטראַציע, ווי דעם שעף פון דער תבואה־סעקציע, מיט אַ געהאַלט פון 800 פּעזעס אַ חודש, פאַר דער צייט פון 4 חדשים. איך האָב געפרעגט סאַכאַראָוון, פאַר וואָס האָט מען באַשטימט אַ פּעדזאָן וואָס האָט זיך קיין מאָל נישט באַשעפטיקט מיטן מסחר פון תבואה און וואָס האָט נישט קיין אַנונג וועגן די מאַניפּולאַציעס וואָס ס׳פאָדערן זיך ביי דער דאָזיקער סעק־ציע, און צווייטנס איז ער גאָר אַ שוואַכער קאָאָפּעראַטיוויסט, און דריטנס, ווי דערקלערט זיך, וואָס דער פאַרוואַלטער באַקומט פאַר אַ גאַנץ יאָר אַרבעט די סומע פון 2.400 פּעזעס און דער שעף פון אַן אָפּטייל וועט באַקומען פאַר 4 חדשים 3.200 פּעזעס?

סאַכאַראָוו האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער האָט ביי דער זיצונג נישט געקענט רעאַגירן, כדי מען זאָל נישט אויסטייטשן אַז מיר ווילן נישט צולאָזן קיין פרישע כוחות צו דער אַרבעט און אויך דערפאַר, וואָס אַלע יאָר ווערט די פאַרוואַלטונג קריטיקירט, אַז מען מאַכט פעלערן. זאָלן קומען נייע מענטשן, אפשר וועלן זיי טאַקע באַווייזן צו מאַכן בעסער.

דער דאָזיקער ענטפער האָט מיך נישט באַפרידיקט. אָבער עס איז שוין געווען אוממעגלעך צו ענדערן דעם באַשלוס, ווייל מען האָט עס שוין אָפיציעל מיטגעטיילט הורוויצן. איך האָב געשיקט רופן הורוויצן און אים געפרעגט, צי ער האָט שוין צוגעגרייט זיין פּראָגראַם פון אַרבעט און דעם בודזשעט פאַר דער סעקציע? זיין ענטפער איז געווען, אַז ער גרייט קיין מאָל נישט צו קיין פּראָגראַם, די אַרבעט אַליין ווייזט אָן וואָס מען דאַרף טאָן, און אַז ער גרייט נישט צו קיין בודזשעט, ער וועט מאַכן די הוצאות וואָס זענען אומבאַדינגט נייטיק, און דעם פּאָסטן וועט ער איבערנעמען אין דעם טאָג ווען די דרעש־מאַשינען וועלן אָנהייבן אַרבעטן.

איך האָב מיטגעטיילט סאַכאַראָוון וועגן דעם שמועס, מיט דער באַמער־קונג, אַז אַזאַ סיסטעם, אָדער בעסער געזאָגט — אַזאַ סיסטעמלאָזיקייט קען קאָסטן דעם פאָנדאָ קאָמונאַל זייער טייער. אָבער, ווי דער פאַרוואַלטער, האָב

איך נאַטירלעך פאַרגעזעצט מיינע פליכטן. איך בין געפאָרן קיין קאָנקאָרדיאַ און פאַרקויפט אַ געוויסן סכום ווייץ דער מיל „נעגרי" אויף לוינעוודיקע קאָנ־דיציעס, מיטן תנאי, אַז עס מוז בלייבן שטרענג בסוד. די מיל פלעגט געבן פּרעפערענץ דעם קאָאָפּעראַטיוו צוליב דער זיכערקייט און דער ראַיעלקייט ביים איבערשיקן די תבואה. אַ פאַרקויף פון ווייץ אין מיל „נעגרי" איז געווען אַ פאַרזיכערונג פון דערפאָלג. יענע יאָרן איז געווען אַ סך ווייץ מיט „פּונטאַ נעגראַ",* אַ סך מאָגערע קערנער מיט אַ נידעריקער ספּעציפישער וואָג און די עקספּאָרט־הייזער פלעגן דערפאַר שניידן די פרייזן, בעת „נעגרי" איז גע־ווען זייער ליבעראַל און טאָלעראַנט ביי אַזעלכע פאַלן.

די צענטראַל־ביוראָ פון פאַנדאָ קאָמונאַל איז געווען אין לאַ קאַפּיזשאַ. הורוויץ האָט איינגעשטעלט אַ באַזונדערע ביוראָ אין קלאַראַ, וואָס האָט גורם געווען ספּעציעלע הוצאות. מאַכנדיק דעם חשבון פון די הוצאות וואָס עס וועלן געמאַכט, מיט די הכנסות וואָס די סעקציע וועט מעגלעך אַריינברענגען, האָב איך געזען, אַז עס וועט זיין אַ פאַרלוסט פון עטלעכע טויזנט פעזעס. איך האָב דאָס געוויזן הורוויצן, אָבער זיין ענטפער איז געווען, אַז ער קען נישט אַר־בעטן אַנדערש. איך האָב צוגעשטעלט דעם רעכענונג סאַכאַראָוון. ער האָט מיר געוואָלט באַרויקן און צוגעזאָגט, אַז ער וועט ריידן מיט הורוויצן וועגן דעם. ער האָט טאַקע גערעדט מיט הורוויצן, אָבער דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלביקער. נישט קענענדיק בלייבן גלייכגילטיק צו אַזאַ סיטואַציע, האָב איך געוואָרנט סאַכאַראָוון, אַז איך וועל זיך מוזן אָפּזאָגן פון דער שטעלע, ווייל איך קען נישט אָנטייל נעמען אין דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין זאַכן וואָס אַנדערע טוען מיט אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך האָב געזען, אַז סאַכאַראָוו האָט מאָראַליש שטאַרק געליטן, אָבער ער האָט נישט רעאַגירט.

אין אַ געוויסן טאָג בין איך געפאָרן קיין קאָנקאָרדיאַ קויפן מעל. אַריינ־קומענדיק אין מיל, האָבן די ברידער נעגרי גלייך גענומען ריידן צו מיר מיט אויפרעגונג: סטייטש! ווי קומט עס וואָס איך האָב נישט געהאַלטן מיין וואָרט און האָב צו וויסן געטאָן די סוחרים קאַפּלאַן און עלינגער די ספּעציעלע קאָנ־דיציעס וואָס זיי האָבן באַוויליקט בלויז פאַר פאַנדאָ קאָמונאַל? נישט וויסנדיק וואָס ס'האָט פאַסירט, האָב איך זיי פאַרזיכערט אַז ס'איז נישט ריכטיק אין דעם וואָס זיי זענען מיר חושד. אָבער ווי איבעררראַשט כ'בין געבליבן ווען זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז מיט עטלעכע טעג פריִער איז געקומען דער ערש־טער פון דער דערמאָנטער פירמע, צוזאַמען מיט איינעם אַ סעניאָר הורוויץ און געבראַכט דעם קאָנטראַקט פון פאַנדאָ קאָמונאַל און פאַרלאַנגט די זעל־

* שוואַרצע פינטעלעך.

קע קאַנדיציעס פאַר זיי. עס האָט נישט געהאָלפן קיין פאַרענטפערונג, ווייל זיי האָבן מיר פאָרגעוואָרפן, אַז הורוויץ איז געקומען ווי אַ באַאַמטער פון פאַנדאַ קאָמונאַל.

צוריקקומענדיק פון קאַנקאָרדיאַ האָב איך אינפאָרמירט דעם ה׳ סאַכאַ־ראָוון דאָס געשעענע און באַמערקט, אַז איך באַטראַכט עס ווי אַ פאַרראַט קעגן די אינטערעסן פון פאַנדאַ קאָמונאַל, און אויב ער וועט עס נישט ברענגען צום דירעקטיוון ראַט, גיב איך אים צייט 15 טעג אויף צו געפינען אַ קאַנדידאַט וואָס זאָל איבערנעמען מיין אַמט אין קאָאָפּעראַטיוו. יעדן טאָג וואָס סאַכאַ־ראָוו פלעגט קומען אין ביוראָ, האָט ער געזוכט מיר צו באַרויִקן. און איך פלעג אים ציילן די טעג וואָס איך האָב נאָך צו זיין אין אַמט. עס איז געקומען דער פופצנטער טאָג. איך האָב געבעטן מיין שוואָגער, ט. ראַדונסקי, ער זאָל קומען מיטן וואָגן און אונדז אַריבערפירן צו מיין שוויגער ע״ה, אין קאָלאָניע ראַ־כיל, ווייל דינגען אַ וואָגן און באַצאָלן עטלעכע פעזעס פאַרן אַריבערפירן מיך, האָב איך פשוט נישט געקענט. מיין שוואָגער איז געקומען. און פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך געווען טונקל, האָבן מיר פאַרנומען די זאַכן און אַוועקגעפאָרן. איך בין אַנטלאָפן אין דער פינצטער, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז בייטאָג וואָלטן די מיטגלידער מיר נישט דערלאָזט צו דעם. איצט, נאָך 40 יאָר זינט יענער געשעעניש, בין איך נאָך נישט אין שטאַנד איבערצוגעבן דאָס וואָס איך האָב איבערגעלעבט יענע טעג און יענע שעהן.

אַ פאַמיליע מיט פינף קליינע קינדער האָב איך געמוזט אַנוואַרפן אין שטוב פון מיין שוויגער, אַן אָרעמער אַלמנה. די שוואָגערס זענען נאָך געווען יונגע קינדער. זיי האָבן געאַרבעט זייער שווער. אויסער דער אַרבעט אין טשאַקרע, האָבן זיי געפירט מילך פון קאָלאָניע ראַכיל און קרית־ארבע אין דער מילכי־קעריי, און האָבן זיך געמאַטערט ביים שלעפּן די בלעכן מילך אין רעגנס און אין בלאָטעס, און קוים געצויגן די חיונה. די קאָסטעטשעס, אין אַלגעמיין, זענען געווען נישט קיין געראָטענע. אַליין נישט פאַרמאָגנדיק גאָר נישט, קען מען זיך פאָרשטעלן ווי עס איז געווען מיין געמיט. אָבער מאָראַליש האָב איך זיך געפילט געצווונגען צו מאַכן דעם דאָזיקן שריט. איך האָב געמוזט ראַטעווען די צוקונפט פון פאַנדאַ קאָמונאַל. אויף אַן אַנדער אופן וואָלט קיינער נישט רעאַגירט און די שולד וואָלט מען געוואָרפן אויף מיר, ווי ס׳האָט פאַסירט ביי פאַרשיידענע אַנדערע פאַלן, ווען איך האָב מיך קעגנגעשטעלט געוויסע רעזאָלוציעס פון ראַט. ווען עס האָט זיך אויסגעלאָזט צום שלעכטן, האָבן די מיטגלידער געוואָרפן די שולד אויף מיר, אויפן פאַרוואַלטער.

ביי דער געלעגנהייט מוז איך פאַרצייכענען די גרויסמוטיקייט פון מיין פרוי. זי האָט געוווסט מיין עקאָנאָמישע סיטואַציע; זי האָט געפילט דעם שריט

וואָס איך מאַך, אַז איך מוז אָנקומען צו דער שוויגער אויף קעסט מיט זיבן פּערזאָן, קיין עין־הרע. זי האָט אָבער פאַרשטאַנען מיין געזעלשאַפטלעכע פּאַראַנטוואָרטלעכקייט און האָט שטילערהייט מסכים געווען מיט מיר. זי האָט געפּאַקט די זאַכן, און אפשר האָט זי געלאָזט אַ טרער אויך, ווען איך האָב נישט געזען, אָבער פאַר מיר האָט זי נישט געגעבן צו מערקן אירע אינער־לעכע ליידן. איך מוז דאָ אויך פאַרצייכענען דאָס גוטהאַרציקייט פון מיין אַל־טיטשקער שוויגער ע״ה, וואָס האָט אונדז אויפגענומען מיט אַזוי פיל ליב־שאַפט און געטרייקייט, ווי נאָר אַ גוטע קלוגע מאַמע קען באַווייזן. די עט־לעכע חדשים וואָס מיר זענען געווען ביי איר אין שטוב, האָט זי געזוכט צו פאַרוואַנדלען אין אַ יום־טובדיקייט. כבוד איר אָנדענק! דאָס זעלביקע קען איך פאַרצייכענען וועגן מיינע ליבע טרייע שוואָגערס ראַדונסקי, וואָס זענען מיר ליב און טייער, ווי אייגענע גוטע ברידער. זאָל זיי גאָט בענטשן. אין אַל־געמיין איז מיין שוויגערס הויז געווען אַ שטוב פון הכנסת־אורחים, ווו נויט־באַדערפטיקע האָבן געפונען רו, דרך־ארץ און כבוד.

סאַכאַראָוו איז דעם זעלביקן טאָג געקומען צופאָרן צו מיר אין קאָלאָניע ראַכיל און ממש מיט טרערן אין די אויגן געטענהט: „וואָס האָסטו געטאָן, אין סאַמע קאָסעטשע, ביי אַזאַ ביטערער לאַגע וואָס די קאָלאָניע צוזאַמען מיטן קאָאָפּעראַטיוו לעבן איבער? ווי האָסטו געוואַגט צו מאַכן אַזאַ איבערגעאיילטן שריט?". ער האָט מיר געבעטן, איך זאָל צוריקקומען צו דער אַרבעט. איך האָב אים שטאַרק מיטגעפילט. נישט ווינציקער ווי ער האָב איך אויך געליטן. טייער, זייער טייער איז ביי מיר געווען דער קאָאָפּעראַטיוו און די קאָלאָניע, דאָך בין איך געשטאַנען פעסט, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער מיטל צו רעאַגירן, ווען נאָך אַלע מיינע וואָרענישן איז נישט געקומען די געהעריקע רעאַקציע. סאַכאַראָוו, נישט קענענדיק פועלן ביי מיר זיך אומצוקערן צו מיין פּאָסטן, האָט מיר געבעטן, איך זאָל צום ווינציקסטן קומען צו אַ זיצונג פון דירעקטיוון ראַט און פערזענלעך אינפאָרמירן וועגן מיין שריט. אויף דעם האָב איך געערן איינגעשטימט, נאָר מיטן תנאי, אַז הורוויץ זאָל אויך בייזיין ביי דער זיצונג, ווייל איך וויל נישט אָנקלאָגן קיינעם אין אָפּוועזנקייט.

ביי דער זיצונג פון ראַט האָב איך אינפאָרמירט דעם ענין מיט אַלע פּר־טים. ווען מ׳האָט געפרעגט הורוויצן וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן מיינע דער־קלערונגען, האָט ער געענטפערט קורץ און אָרנטלעך: „אַלץ וואָס קאַפּלאַן האָט געזאָגט איז אמת", און אַז ער האָט גאָר נישט וואָס צוצוגעבן און נישט אַראָפּצונעמען, און אַז ער קען אַנדערש נישט אַרבעטן. דאָס איז געווען זיין איינציקע פאַרענטפערונג. טראָץ דער דאָזיקער דערקלערונג האָט דער ראַט נישט רעאַגירט. אַלע האָבן געשוויגן. מ׳האָט אים אַפילו נישט געפרעגט וועגן

נעגריס קאָנטראַקט, וואָס ער האָט באַוויזן אַ פּריוואַטן סוחר און אים נאָך פּערזענלעך באַגלייט אין מיל. די זיצונג האָט זיך געענדיקט שפּעט ביינאַכט. זי איז פאָרגעקומען אין הויז פון ד״ר ירחי — האָב איך גענעכטיקט אין דאָמינגעז.

אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, איז געקומען סאַכאַראָוו מיט זיין שוועסטער, די אלמנה פון ד״ר ירחי, מיט זייער קאָטש און מיר אָפּגעפירט אין קאָלאָניע ראַכיל. דעם גאַנצן וועג האָט די פרוי ירחי געבעטן און געוויינט מיט טרערן, איך זאָל זיך צוריקקערן צו מיין פּאָסטן, ווייל סאַכאַראָוו איז פאַרנומען מיטן דערליידיקן איר סיטואַציע. דאָס איז געווען עטלעכע מאָנאַטן נאָך ד״ר ירחיס טויט. פון קאָלאָניע ראַכיל האָט זי נישט געוואָלט אַוועקפאָרן, ביז איך וועל איר צוזאָגן אַז איך וועל צוריק פאַרנעמען די פאַרוואַלטער־שטעלע פון פאַנדאַ קאַמונאַל.

עס איז שווער בייצושטיין די טרערן פון אַ פרוי, בפרט נאָך פון אַן אלמנה. צו דעם נאָך האָט זי אַפּעלירט צו דער פריינדשאַפט וואָס מיר האָט פאַרבונדן מיטן ד״ר ירחי, און האָב איינגעשטימט פּראָוויזאָריש צו פאַרוואַלטן מיט דער ביוראָ, ביז מען וועט קריגן אַ צווייטן וואָס זאָל פאַרנעמען דעם פּאָסטן.

עטלעכע חדשים בין איך געפאָרן אַלע טאָג הין און צוריק — פון ראַכיל אין לאַ קאַפּיזשאַ — ביז איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און זיך געמוזט צוריק איבערקלייבן אין לאַ קאַפּיזשאַ. סאַכאַראָוו האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער פּרעזידענץ און די אַנדערע מיטגלידער פון ראַט האָבן געהאַט איין ענטפער: „אויב איר ווילט אַז פאַנדאַ קאַמונאַל זאָל אונטערגיין — זאָגט זיך אָפּ פון דער שטעלע״.

איך בין געווען געצוווּנגען צו פאָרן צו מיין שוויגער, ווייל מיין שטוב וואָס איך האָב געהאַט אויף מיין טשאַקרע איז געבליבן ליידיק ווען איך מיט מיין פאַמיליע האָבן זיך איבערגעצויגן אין לאַ קאַפּיזשאַ, ווו ס׳איז געווען די צענטראַל־ביוראָ פון פאַנדאַ קאַמונאַל. אין מיין שטוב איז געווען דער מנין, ווו די שכנים פלעגן קומען דאַוונען אַלע שבת און יום־טוב, ביז אַ שטורעם האָט אַראָפּגעריסן דעם דאַך און צעוואָרפן די ווענט. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט מיט דער שטוב פון מיין ברודער יאָסל. איך האָב אים אַוועקגעגעבן די ציגל מיט די אַלטע בלעכן פון מיין שטוב, ער זאָל קענען איבערבויען זיין דירה.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מ׳האָט יענעם יאָר דערלייגט צו דעם תבואה־אָפּטייל עטלעכע טויזנט פּעזעס. דעמאָלט האָבן זיך די ראַטמענער און

די מיטגלידער איבערצייגט און מען האָט שוין אין די ווייטערדיקע יאָרן נישט געזוכט קיין „פּריצישע ספּעציאַליסטן".

אין אַ פּריוואַטן שמועס וואָס איך האָב נאָך דעם געהאַט מיט הורוויצן, האָט ער מיר דערקלערט, פאַר וואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט. ער איז געווען אַריבער צען יאָר אַן אַגענט אין דער יי׳קאַ־אַדמיניסטראַציע. אין די סאַמע ערשטע יאָרן, ווען קיינער האָט נישט געהאַט קיין פּראַקטיק און די קאָלאָניזאַציע אין אַלגעמיין איז געווען אַ פּרוּוו; אַלץ וואָס די יי׳קאַ האָט געטאָן איז געווען אַ פּרוּוו; האָט זיך איינגעגעבן — איז געווען גוט, האָט זיך נישט איינגעגעבן — איז אויך געווען גוט, ווייל עס איז דאָך נאָר אַ פּרוּוו. וועגן געלט איז קיין זאָרג קיין מאָל נישט געווען. אַזוי האָט ער זיך איינגעוווינט צו אַרבעטן. אַז דאָס איז געווען ריכטיק, האָט ער מיר איבערצייגט מיט זיין אייגענער ווירטשאַפט. די יי׳קאַ, נאָך דעם ווי זי האָט אים אָפּגעזאָגט, האָט זי אים אַראַנזשירט אויף 400 העקטאַר לאַנד, גוטן באָדן, מיט אַ ספּעציעלן קרעדיט אויף לייכטע באַדינגונגען אויסצוצאָלן. אין קורצע עטלעכע יאָר האָט ער אַלץ פאַרלוירן. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַרקויפט זיין טשאַקרע צו פרעמדע עלעמענטן, — בלויז דערפאַר וואָס ער האָט אַלץ געטאָן אָן אַ פּרי׳ערדיקער אויסרעכענונג, נאָר זיך פאַרלאָזט אויף דער צייט. אַלץ איז ביי אים געמאַכט געוואָרן אין דער בחינה פון אַ פּרוּוו.

# פּאַרוואַלטער - פּרעזידענט

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער קאָלאָניע איז געגאַנגען פון שלעכט צו ערגער. יעדעס יאָר האָט געבראַכט אַן אַנדער פּלאָגע: היישעריק, טריקעניש, צופיל רעגנס אָדער עפּידעמיעס אויף פי. דאָס אַלץ האָט געווירקט שלעכט אויפן מצב פון פּאַנדאָ קאָמונאַל. די מיטגלידער האָבן נישט געהאַט אויף צו באַצאָלן זייערע חובות און צום ערגסטן איז געווען, וואָס דאָס האָט געווירקט דעמאָראַליזירנדיק אויף אַ גרויסן טייל מיטגלידער. יאוש, אַפּאַטיע, אינדיפע־רענץ איז אַריינגעדרונגען אין פיל קאָלאָניסטישע היימען. זיי האָט נישט גע־אַרט — און אפשר האָבן דאָס איניקע געוווּנטשן — אַז דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל זיך דערקלערן באַנקראָט, אַזוי אַרום וועלן זיי פּטור ווערן פון די חובות. איניקע זענען געווען זיכער, אַז פּאַנדאָ קאָמונאַל וועט נישט קענען אַריבער־טראָגן אַזאַ שווערע סיטואַציע און וועט סוף־כל־סוף זיך מוזן ליקווידירן. האָבן זיך דעריבער אָפּגעהאַלטן פון צאָלן אַפילו די יעניקע, וואָס האָבן עס געקענט, אויב נישט אין גאַנצן, איז כאָטש טיילווייז. די מיטגלידער פון ראַט, וואָס האָבן געדאַרפט זיין די ערשטע זיך אָנצושטרענגען און אַמאָרטיזירן זייערע חובות, ווי אַביישפּיל פאַר די אַנדערע, זענען צום באַדויערן נישט געווען בעסער פון זיי. דאָס איז געווען נישט צוליב שלעכטקייט, נאָר דאָס אָרעמקייט, די נויט האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא און מען האָט געהיט די פּעזע — טאָמער וועט צום צווייטן יאָר זיין נאָך ערגער. יעדערער האָט געטראַכט, אַז „אָדם קרוב לעצמו". טאָמער האָט ער אַ קעלבל צום פאַרקויפן, איז זיין פאַמיליע בילכער ווי צאָלן חובות. דאָ מוז איך לאָזן באַשיידנקייט אין אַ זייט און פאַר־צייכענען, אַז דער גאַנצער עול איז געפאַלן אויף מיר אַליין. מען האָט געמוזט ווי ווייט מעגלעך מוטיקן די מיטגלידער און ווען־נישט־ווען מיט עפּעס מיט־העלפן די מער נויטבאַדערפטיקע, זיי זאָלן אין גאַנצן נישט צעבראָכן ווערן. עס זענען געווען פאַלן, וואָס איז ממש געווען אַ פּראָבלעם פון ברויט צום עסן פאַר דעם הויזגעזינד, און צו דער זעלביקער צייט האָט מען געדאַרפט זיין זייער אויפמערקזאַם אָנצוהאַלטן דעם צוטרוי פון די קרעדיטאָרן, זיי זאָלן נישט פאַרמאַכן די טיר פאַר אונדז.

אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט אָפּ, האָבן מיר געהאַט צו צאָלן דעם 30סטן אַפּריל 1913 אַן ערך פון 270 טויזנט פּעזעס, און די קאַסע פונעם קאָאָפּעראַטיוו איז געווען ליידיק, עס הייסט, עס זענען געווען אַ סך וועקס־

לען צום איינקאַסירן, נאָר קיין מזומן געלט איז גאָר נישט געווען. דעם 15טן אַפּריל בין איך געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס, בעטן ביי די קרעדיטאָרן זיי זאָלן אונדז אָפּוואַרטן מיט די צאָלונגען ביז צו דעם צווייטן שניט, כמעט אַ יאָר צייט. קומענדיק אין שטאָט, האָב איך גענומען באַזוכן די קרעדיטאָרן. די ערשטע פראַגע וואָס יעדערער פון זיי האָט מיר געשטעלט — ווי זיי וואָלטן פון פריער אָפּגעמאַכט צווישן זיך, — צי איך בלייב אויף מיין פּאָסטן אין דעם קאָאָפּעראַטיוו. ווען איך האָב זיי געענטפערט פּאָזיטיוו, האָבן זיי געזאָגט: „אויב אַזוי, וועלן מיר דיר נישט מאַכן קיין שוועריקייטן!". אָבער ווער עס האָט געפאָדערט אַז מען זאָל אים צאָלן כאָטש אַ קליינעם טייל; ווער ס'האָט פאַרלאַנגט כאָטש דעם פּראָצענט. זענען זיי טאַקע געווען גערעכט. אָבער מיר האָבן נישט געהאַט אַבסאָלוט גאָר נישט וואָס זיי אָנצובאָטן.

צוויי קרעדיטאָרן זענען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. איינער, וואָס זאָל דערמאָנט ווערן צום גוטן, אַראַנדאַ, סאַוואַלעטאַ אי גאַראַגאַרסאַ, — פאַבריקאַנטן פון לייזיקע זעק. ווען איך האָב דערציילט דעם דירעקטאָר אונ־דזער לאַגע, האָט ער מיר גלייך געזאָגט: „וויבאַלד דו בלייבסט אויף דיין פּאָסטן וועלן מיר נאָכקומען דיין פאַרלאַנג און איבערבייטן די וועקסלען ביז צום טערמין וואָס דו בעטסט, נאָר מיר ווילן נישט זיין די ערשטע". ער וויל נישט, אַז זיינע קאָלעגן זאָלן האָבן צו אים טענות, אַז ער איז צופיל נאָכגעביק. אָבער ער האָט מיר צוגעזאָגט אומדירעקט באַהילפיק צו זיין.

אַ צווייטער קרעדיטאָר — גאַונאַ אי לעיטש, אויך אַ פאַבריקאַנט פון זעק, האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין שום טענות און אַרגומענטן: „אַ טייל געלט, אָדער צוריק די סחורה!". טאָג־טעגלעך בין איך געגאַנגען פון איין קרעדיטאָר צום צווייטן, ביז אַלע זענען מסכים געווען צו וואַרטן ביז דעם קומענדיקן שניט; נאָר קיינער האָט נישט געוואָלט זיין דער ערשטער. די דערמאָנטע פירמע האָט זיך פאַרעקשנט און האָט געסטראַשעט מיט דערקלערן אין באַנקראָט דעם פאָנדאָ קאָמונאַל. אַלע אַנדערע פירמעס האָבן וועגן דעם געוווּסט. יעדן פאַר־נאַכט האָב איך מיטגעטיילט די דירעקטאָרן פון יק"אַ וועגן רעזולטאַט פון מיין שתדלנות. עס האָט זיך דערנענטערט דער 30סטער אַפּריל. איך האָב געפילט, אַז מיינע כוחות און מיינע נערוון זענען אָפּגעשוואַכט. איך האָב זיך געווענדט צו די דירעקטאָרן פון דער יק"אַ, זיי זאָלן געבן אַ הלוואה דעם פאָנדאָ קאָמו־נאַל. אָבער דער ה' ווענעציאַני האָט מיר געזאָגט, אַז ביי זיין בעסטן ווילן איז אים נישט מעגלעך צו בעטן טעלעגראַפיש אין פּאַריז אַ נייעם קרעדיט. מיר זענען זיי שולדיק געווען צו יענער צייט אַן ערך פון 270.000 פּעזעס: ער איז געווען גענוג פריינדלעך און מיר געגעבן דעם אַדרעס צו דער יק"אַ אין פּאַ־ריז, איך זאָל זיך ווענדן דירעקט צו דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע. איך

האָב געבעטן טעלעגראַפיש אַ באַפולמעכטיקונג ביי פּאַנדאָ קאָמונאַל וועגן דעם און האָב אַזאַ באַשטעטיקונג באַקומען.

עס איז פּונקט אויסגעפאַלן פּסח, אָבער איך האָב געמוזט פאַרבייגן אַלע טראַדיציאָנעלע און פאַמיליערע געפילן, כדי צו ראַטעווען אונדזער כבוד. אין יענער צייט איז פּאַנדאָ קאָמונאַל געווען דער גרעסטער און פּרעסטיזשפול־סטער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוו אין גאַנצן לאַנד; אַ וועלכער נישט־איז פאַלשער שריט וואָלט געוואָרפן אַ פלעק אויפן גאַנצן יונגן ייִדישן ישוב. דאָס האָט אויף מיר אַרויפגעוואָרפן אַן אויסערגעוויינלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָנ־שטאָט צו פאָרן אַהיים צו מיין פרוי און קינדער אויף יום־טוב, בין איך גע־בליבן אין בוענאָס־איירעס און געגאַנגען פון איין קרעדיטאָר צום צווייטן מיט דער בקשה, עמיצער זאָל זיין דער ערשטער. מען האָטווירקלעך געדאַרפט האָבן אַ געדולד פון אַ הלל אויף נישט צו פאַרלירן זיך ביי אַזאַ פיינלעכער מיסיע. נאָר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און טאַקע די געטרייקייט צו דער קאָ־לאָניע האָט מיך געשטאַרקט.

דעם 29סטן אַפּריל אין דער פרי, גרייט מיט דעם טעקסט פון דער טע־לעגראַמע צו שיקן צו דער יק״אַ קיין פּאַריז, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן דעם לעצטן פרווו און בין אַוועק צו גאַונאַ אי לעיטש. איך האָב געטראָפן איינעם פון זיי — לעיטש, וועלכער איז געזעסן מיט די פיס אויפן טיש, מיט דער ליולקע אין מויל. אויף זיין פראַגע, וואָס פאַר אַ נייעס איך האָב געבראַכט, ווייז איך אים אַ טעלעגראַמע אין „לאַ פּרענסאַ״, אַז אין ענטרע־ריאָס רעגנט אַסך, אַזוי אַז די לאַגע האָט זיך נישט געבעסערט.

— איז וואָס לייגסטו פאָר קאָנקרעט?

— איך לייג פאָר דאָס זעלביקע ווי אין די פריערדיקע טעג, איר זאָלט אונדז איבערבייטן די וועקסלען צו צאָלן נאָכן צוקונפטיקן שניט.

— דו ווייסט שוין אונדזער ענטפער.

— אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן ווען מיר האָבן נישט קיין מעגלעכקייטן נאָכצוקומען דיינע פאָדערונגען?

— וועסטו מוזן ריידן מיט אונדזער אַדוואָקאַט.

— איז וואָס וועט אייער אַדוואָקאַט אונדז טאָן?

— ער ווייסט שוין וואָס ער האָט צו טאָן.

— דיין אַדוואָקאַט קען אונדז גאָר נישט טאָן.

ווי איך האָב נאָר אַרויסגערעדט די לעצטע ווערטער, האָט ער אַראָפּגע־כאַפּט די פיס פון טיש און נאָך דעם ווי ער האָט אַ פּאָר מאָל אַ מרוקע געטאָן אַ פּאָר ווערטער אונטערן נאָז, איז אים אָנגעלאָפן דאָס בלוט אין פּנים.

— פון דיר האָבן מיר נישט דערוואַרט צו הערן אַזעלכע ווערטער. מיט

מיר האָסטו מער גאָר נישט וואָס צו ריידן. מאָרגן 12 אַ זייגער וועט אונדזער אַדוואָקאַט ריידן מיט דיר.

איך האָב אים נאָך אַ מאָל דערקלערט, אַז זיין אַדוואָקאַט וועט אונדז גאָר נישט טאָן. אַפילו ווען זיי וועלן בעטן אין געריכט צו דערקלערן פאָנדאָ קאָמונאַל באַנקראָט, מיטן מיין, אַז זיי וועלן איינמאָנען אַ טייל פונעם חוב.

לעיטש איז געוואָרן אויפגעבראַכט:

— איר וועט אונדז נישט צאָלן גאָר נישט?

— נישט דאָס, האָב איך געזאָגט, ווען אַפילו איר וועט אונדז דערקלערן באַנקראָט וועלן מיר אייך באַצאָלן אַלע הונדערט פּראָצענט. איך ווייס נישט אין וויפל צייט, אָבער קיין איין סענט אייערער וועט נישט גיין פאַרלוירן. אויף דעם זענען מיר אַ קאָאָפּעראַטיוו פון ערד־אַרבעטער, וואָס ווילן לעבן פון זייער אייגענער אַרבעט. מיר ווילן נישט קיין איין סענט וואָס געהערט נישט אונדז.

לעיטש האָט דורכגעשפּאַצירט אַ פּאָר מאָל דעם צימער און אָפּשטעלנדיק זיך מיר אַנטקעגן, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איז וואָס פאַרלאַנגסטו?

— דו ווייסט גוט וואָס איך פאַרלאַנג. מיר ווילן באַצאָלן אַלע קרעדיטאָרן, נאָר מיר בעטן מען זאָל אונדז געבן צייט.

נישט אויסריידנדיק מער קיין איין וואָרט, האָט ער אַריינגערופן דעם בוכהאַלטער און אים געהייסן, ער זאָל אויספילן נייע וועקסלען לויט מיין אָנווייזונג. האָבנדיק די וועקסלען אין מיין האַנט, בין איך געגאַנגען פון איין קרעדיטאָר צום צווייטן און ביז האַלבן טאָג האָב איך געהאַט דערלעדיקט מיט אַלע. אויף מאָרגן, דעם 1טן מאַי, בין איך געפאָרן אַהיים.

אין יענע טעג פון שפיכת־דמים און עגמת־נפש וואָס איך האָב איבערגעלעבט, דערהאַלט איך אַ טעלעגראַמע פון סאַכאַראָוון מיט אַ באַגריסונג. ביי דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג האָט מען מיך אויסגעקליבן פאַר וויצע־פּרעזידענט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. נאָך דעם האָט מען מיר מיטגעטיילט, אַז פאַר פּרעזידענט האָט מען אויסגעקליבן דעם ה׳ לעאָן סידי, ער איז געווען אַדמיניסטראַטאָר פון דער יק״אַ — האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, און איך בלייב אין אַמט פון פּרעזידענט. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַ פּריערדיקער אויסרעכענונג. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז אויסקלייבן מיר דירעקט פאַר פּרעזידענט, איז נישט אין הסכם מיט דער דעמאָקראַטישער איינשטעלונג, האָט מען פאַרטראַכט די דאָזיקע קאָמבינאַציע, וויסנדיק פון פאָרויס, אַז סידי וועט נישט אָננעמען דעם אַמט פון פּרעזידענט, ווייל די יק״אַ וועט אים נישט דערלויבן צו קריכן מיט אַ געזונטער קאָפּ אין אַ קראַנקער בעט. קיין אַנדערער קאַנדידאַט, וואָס זאָל

קענען און וועלן אָנעמען אין אַזאַ צרהדיקער סיטואַציע — איז נישט געווען; האָט מען מיר געשטעלט פאַר אַ געשעענעם פאַקט.

עס איז זיך לייכט פאַרצושטעלן מיין שטימונג ביים באַקומען די דאָזיקע ידיעה. ביי אַזאַ שווערער לאַגע האָבן אַלע זיך אָפּגעטרייסלט פון דער אחריות און אַרויפגעוואָרפן אויף מיר די גאַנצע לאַסט, וויסנדיק דערביי, אַז ווען מען וואָלט זיך צוגעהערט צו מיין מיינונג וואָלטן מיר נישט אַריינגעקראָכן אין אַזוי פיל חובות.

קומענדיק צוריק אַהיים, האָב איך געטראָפן מיין פרוי און מיין שוויגער שטאַרק באַאומרויִקט. די פאַר וואָכן וואָס איך בין געווען אין בוענאָס־איירעס האָבן זיי נישט געהאַט פון מיר קיין ידיעה. זיי זענען געווען גערעכט, אָבער איך בין נישט געווען שולדיק. מיין אָנשטרענגונג און ליידן זענען געווען אַזעלכע, אַז זיי האָבן ביי מיר צוגענומען צייט און ענערגיע און האָב נישט געקענט טראַכטן וועגן פּריוואַטע ענינים, אַפילו וועגן שרייבן אַ בריוו צו דער פאַמיליע.

**
*

סאַכאַראָוו איז געקומען גאַנץ פרי אין ראַכיל, ווו איך האָב מיך געפונען מיט מיין פאַמיליע אין הויז פון מיין שוויגער ע"ה. ער האָט מיר באַגריסט און געקושט פאַר דעם דערפאָלג וואָס איך האָב געהאַט, און גראַטעוועט דעם כבוד פון דער קאָלאָניע און די עקסיסטענץ פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. זיין דערקלערונג אָבער, פאַר וואָס מען האָט מיך אויסגעקליבן פאַר פּרעזידענט, האָט מיר ווייט נישט באַפרידיקט. ביי דער ערשטער זיצונג פון ראַט האָב איך דערקלערט וועגן דער נישט־לױנבאַרקייט פאַר מיר פערזענלעך און פאַר דער אינסטיטוציע, דאָס באַשטימען מיך פאַר פּרעזידענט. אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָלפן. איך האָב געמוזט אָנהאַלטן דעם אַמט עטלעכע חדשים, ביז עס איז געווען אַ מעגלעכקייט צו רופן צו אַן עקסטרע גענעראַל־פאַרזאַמלונג, און מען האָט אויסגעקליבן דעם ה' יצחק־מיכל סאַס פאַר פּרעזידענט.

**
*

ביי דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג, נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגעגעבן אַ קורצן באַריכט, האָט דער מיטגליד ב. ל. קריטיקירט, פאַר וואָס איך בין געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס בעטן די קרעדיטאָרן זיי זאָלן וואַרטן מיט די צאָלונגען, וואָס האָט דעספּרעסטיזשירט דעם פאָנדאָ קאָמונאַל. אויף דער פראַגע: — וואָס האָט מען געקענט אַנדערש טאָן ביי אַזעלכע אומשטענדן אין וועלכע די קאָלאָניע געפינט זיך, האָט ב. ל. אויסגעשריִען: „מען האָט געדאַרפט פריִער

רופן אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער!". עס האָט נישט געפעלט ווער עס זאָל אים דערמאָנען, אַז פאַר דער צייט האָט מען גערופן עטלעכע מאָל פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען נישט רעאַליזירט געוואָרן צוליב די שלעכטע וועטערן, און אַז מיט גענעראַל־פאַרזאַמלונגען צאָלט מען נישט קיין וועקסלען. אָט געפינען מיר זיך איצט ביי אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג, לאָמיר זען וויפל געלט עס וועט זיך שאַפן ביי דער היינטיקער פאַרזאַמלונג. סאַכאַראָוו האָט אַפּעלירט צו דער פאַרזאַמלונג, אַז יעדער מיטגליד זאָל געבן אַ פערד אויפן חשבון פון חוב. ווען „מען וועט זיי פאַרקויפן צו צען פעזעס, וועט פון 800 מיטגלידער ווערן אַכט טויזנט פעזעס". אויף דעם האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן, אויסער איינער, ה. פּ., וואָס האָט פאָרגעלייגט, פאַנדאָ קאָמונאַל זאָל זיך דערקלערן באַנקראָט, אויף וואָס איך האָב שטאַרק רעאַגירט.

די דאָזיקע דיסקוסיעס האָבן מיר שיעור נישט אַנטמוטיקט. איז דאָס די אָנערקענונג פאַרן טראָגן אויף זיך אַזוי פיל אַחריות און מקריב זיין זיך און דער פאַמיליע? אָבער וויסנדיק די שווערע לאַגע פון די קאָלאָניסטן, האָב איך פאַרשטאַנען אַז דאָס זענען די צרות וואָס ריידן און מען מוז דעריבער האָבן געדולד מער ווי די כוחות דערלויבן. יעדעס מאָל ווען איך דערמאָן זיך, פיל איך זיך גליקלעך, וואָס איך האָב געפונען אין מיר די מאָראַלישע כוחות זיך צוהאַלטן פעסט און דערפירן דעם פאַנדאָ קאָמונאַל צו באַפרייען אים פון אַלע חובות. אַזוי אַרום איז די אינסטיטוציע געבליבן ריין, גאַנץ, צום שטאָלץ פון די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע.

# יש קונה עולמו בשעה אחת

עס גייען אָפּט פאַרביי אין טאָג־טעגלעכן לעבן מעשים פון יחידים, וואָס מען לייגט אויף זיי נישט קיין אַכט. אָבער זיי זענען פון גרויסער וויכטיקייט פאַרן לעבן פון יחיד ווי פון דער געזעלשאַפט. איינעם אַזאַ פאַקט וויל איך דאָ פאַרצייכענען.

עס איז געווען אין יאָר 13־1912, איינס פון די קריטישסטע יאָרן וואָס פאַנדאָ קאָמונאַל האָט דורכגעמאַכט. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט געהאַט אַ סך צום צאָלן. איינִיקע האָבן מיר געמוזט אַמאָרטיזירן מער וויפל די איינקאַסי־רונג פון די מיטגלידער האָט דערלויבט. אין געוויסע מאָמענטן זענען מיר געווען געצוווּנגען צו פאַרנוצן דאָס געלט וואָס מיר האָבן אַריינבאַקומען פאַר־נעם פאַרקויף פון תבואות וואָס די מיטגלידער האָבן אַריינגעבראַכט, ד״ה, פאַרטאָן פרעמד געלט. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די דאגות, קאָפּ־ברע־כעניש וואָס איך האָב געהאַט ביים באַלאַנסירן די פינאַנצן און אָנהאַלטן דעם פּרעסטיזש פון קאָאָפּעראַטיוו. מען האָט געדאַרפט שטוקעווען, לאַטעווען, אָבער אָפט מאָל האָט געפעלט מיט וואָס צו לאַטעווען.

אין אַ ווינטערדיק־רעגנדיקן טאָג איז געקומען אין ביוראָ דער מיטגליד יואל פערדמאַן. ווען איך האָב אים דערזען פון דער וויטנס צופאָרן מיט דער סולקי, האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ, ווייל מען איז אים שולדיק געווען אַ היפּשע סומע, אַן עודף פאַר זיין תבואה. ווי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: „צום בייזן שפּיל אַ פריילעך פּנים". איך האָב אים אָפּגעגעבן אַ ברייטן שלום־עליכם, געשמועסט וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע פון דער קאָלאָניע; וועגן די נישט־געטרייע מיטגלידער. אין דער דאָזיקער צייט האָט מען מיר פון דער ביכהאַלטעריע צוגעבראַכט פערדמאַנס ליקווידאַציע. אויב מיין זכרון דינט מיר, איז אים געקומען אַן ערך פון 1.200 פּעזעס. ווען איך האָב דערזען דעם ציפער איז מיר געוואָרן אַ ביסל קאַלאַמוטנע. די קאַסע איז געווען פּוסט. נאָר מיט אַ שמייכל (אפשר האָט זיך מיר געדאַכט אַז איך שמייכל), האָב איך אים דערלאַנגט דעם חשבון און אין קאָפּ האָבן ביי מיר געאַרבעט פּלענער, ווי אַזוי אים צו געבן צו פאַרשטיין, אַז קיין געלט איז איצט נישטאָ, ער זאָל נישט ווערן ברוגז.

פערדמאַן האָט, ווייזט אויס, געלייענט אויף מיין פּנים מיין סיטואַציע און איידער וואָס־ווען האָט ער מיר געזאָגט: „דאָן איסאַק, איך שטעל מיך

פאַר אַז איר האָט איצט נישט קיין געלט, וועל איך לאָזן די דאָזיקע סומע אין פאָנדאָ קאָמונאַל ביז נאָך דער קומענדיקער קאָסעטשע. איר וועט מיר צאָלן דעם געווינלעכן פּראָצענט וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו צאָלט״.

ווען איך האָב געהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס שיטן זיך פּערל פון זיין מויל און האָב אים אויסגעדריקט מיין האַרציקסטן דאַנק. פערדמאַן האָט מיר געפרעגט, פאַר וואָס איך דאַנק אים? עס איז דאָך נישט מיין פּריוואַט־געשעפט. ווען איך האָב אים דערקלערט, אַז פאַר מיר איז דער כבוד פון פאָנדאָ קאָמונאַל העכער ווי דער כבוד פון אַ יחיד, ווער עס זאָל נישט זיין, און אַז איך, ווי אַ שומר, טראָג אויף מיר די גרויסע אחריות, וואָס איך קען נישט און טאָר נישט פאַרגעסן קיין מאָל און ביי קיין געלעגנ־הייט, — האָט ער מיר אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ווי זיין שטייגער איז געווען. זיין זיין פּנים איז געווען שטענדיק שטייף, האַרט. צום סוף האָט ער געזאָגט: „אָט דערפאַר האָב איך אייך נישט געוואָלט מצער זיין און נישט געבעטן קיין געלט״.

דער דאָזיקער זשעסט איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין האַרצן. פערד־מאַן איז געווען אַלע זיינע יאָרן אַ גוטער מיטגליד. ער איז איין יאָר געווען פּרעזידענט און אַ סך יאָרן ראַטמאַן פון פאָנדאָ קאָמונאַל. ער האָט פיל מיט־געווירקט איינצופירן די געמישטע ווירטשאַפט אין קאָלאָניע און אויסצובעסערן די ראַסע פון פי און עופות.

כבוד זיין אָנדענק!

# די פּלאַנץ פּאַסט נישט פאַר דעם באָדן

אין יאָר 1912 איז געקומען דער אינזשעניר־אַגראָנאָם עקיבא עטינגער, ווי דער גענעראַל־אינספּעקטאָר איבער די קאָלאָניעס פון דער יק״אַ. עטינ־גער איז געווען איינער פון די בעסטע אַגראָנאָמען אין רוסלאַנד. דער פּרינץ אורוסאָוו, וועלכער איז געווען גענעראַל־גובערנאַטאָר איבער בעסאַראַביע, האָט באַזוכט אינקאָגניטאָ די יידישע קאָלאָניעס פון סאַראָקאַ און האָט זייער גערימט דעם אינספּעקטאָר, אין וועלכן ער האָט באַמערקט שטאַרקע פעיקייטן און פאַרשטאַנד. אין זיין בוך האָט פּרינץ אורוסאָוו פאַרגליכן די קאָלאָניעס צו אַ גן־עדן און אַ וווּנדער. דער דאָזיקער אינספּעקטאָר איז געווען דער ייד עטינגער.

איך נעם זיך נישט אונטער צו זאָגן אַ מיינונג וועגן דער ספּעציאַליטעט פון טעכניש־אַגראָנאָמישן וויסן און פעיקייט פון ה׳ עטינגער. מעגלעך, אַז ווי אַ נייער מענטש אין אַרגענטינע, נישט קענענדיק גענוי דעם באָדן, נישט דעם קלימאַט, האָט ער געמאַכט טעותן. איך ווייס אָבער, אַז פון דעם ערשטן טאָג פון זיין קומען האָט ער זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די קאָלאָניסטן, און דעם ערשטן מאָל האָבן מיר דערזען אַ העכערן יק״אַ־באַ־אַמטן ווי אַ חבר, אַ פריינד און דערצו אַן אויפריכטיקער אידעאַליסט און ענ־טוזיאַסט פון יידישער קאָלאָניזאַציע און קאָאָפּעראַציע.

שמועסן מיט עטינגערן, פּריוואַט צי געשעפטלעך, האָט געהייסן לערנען. נאָך יעדן געשפּרעך האָט מען זיך געפילט באַרייכערט אין וויסן. דערצו איז ער געווען זייער סיסטעמאַטיש אין דער אַרבעט, ער האָט נישט דערלאָזט מען זאָל פאַרלירן אַן איבעריקע מינוט אין אומניטיקע דיסקוסיעס. איך געדענק, ביי אַ זיצונג פון דירעקטיוון ראַט מיט עטינגערן, האָבן מיר צוגעגרייט אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען צו דיסקוטירן מיט אים. ביים אָנהייבן די זיצונג האָט עטינגער אַ קוק געטאָן אויף דער טאָג־אָרדענונג און געזאָגט: „דאָס פאָדערט צוויי שעה צייט״. ווען מיר האָבן אים געזאָגט, אַז עס וועט זיין אוממעגלעך אין צוויי שעה צו דערקלערן און דערליידיקן אַלע ענינים, ווייל מיר זענען געוווינט צו בעטן ווערטער — און יעדער דאַרף עפּעס זאָגן — האָט ער אַרויסגענומען דעם זייגער און אָנגעצייכנט וויפל מינוט עס וועט פאַרנעמען יעדע פראַגע. זיינע דערקלערונגען און ענטפערס זענען געווען איינפאַך און קלאָר, מיט גרינטלעכער קענטעניש פון יעדער פראַגע, אַז עס איז נישט גע־

בליבן קיין פּלאַץ פאַר דיסקוסיעס. זיין אויסגערעכנטע צייט איז אויסגעפילט געוואָרן גוט, באַלערנדיק און נוצלעך. עטינגער האָט באַלד ביי זיין ערשטן באַזוך אין דער קאָלאָניע דערקלערט, אַז מען זאָל אים נישט באַטראַכטן ווי נאָך איין באַאַמטן מער פון דער ייִקאַ, נאָר ווי איינער וואָס קומט דינען דעם באַראָן הירשס אידעאַל מיט וואָס נאָר זיינע מעגלעכקייטן און וויסן וועלן עס באַווייזן: דער קאָלאָניסט מיטן פּלוג; דער קאָאָפּעראַטיוויסט מיט זיין טעאָרע־טישער און פּראַקטישער אַרבעט; דער אַגראָנאָם מיט זיין בילדונג און פאַר־שונגען, — אַלע צוזאַמען פאַרמירן די פאַמיליע וואָס רופט זיך יידישע קאָ־לאָניסטן. אָבער, — לויט עטינגערס אויסדרוק, — די שווערסטע און פאַר־אַנטוואָרטלעכסטע אַרבעט פירט דורך דער ערשטער — דער קאָלאָניסט, דערפאַר פאַרדינט ער אַלעמענס סימפּאַטיע און מיטהילף צו פאַרגרינגערן אים אין זיין קאַמף פאַר עקסיסטענץ.

פאַרשטייט זיך אַז קאָלאָניסטן, ספּעציעל די באַסאַראַביער וואָס האָבן געקענט עטינגערן פערזענלעך און זיין ווערק פון דער אַלטער היים, האָבן געזען אין אים אַן אַלטן גוטן פריינד. און ער האָט געוווּנען דעם אַלגעמיינעם צוטרוי. אַנדערש אָבער, האָבן געקוקט אויף אים די העכערע באַאַמטע פון דער ייִקאַ אין אַרגענטינע. זיי האָבן באַטראַכט די קעגנזייטיקע פריינדשאַפט פון אירן אַן אָנגעשטעלטן מיט די קאָלאָניסטן, ווי אַ שריט וואָס איז אין קעגנ־זאַץ מיט „גוטער" אַדמיניסטראַציע; עס שטימט נישט מיט דער ביוראָקראַ־טישער דיסציפּלין און מען האָט פון אויבן גענומען אינטריגירן קעגן אים. און אפשר איז עס געווען ווייל זיי האָבן געזען אין אים אַ קאָנקורענט אויף אַ העכערע שטעלע. די זאַכן זענען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן גערעכנט אַז אין דעם אָפענעם בריוו, וואָס סאַכאַראָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין „קאָ־לאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" אין 1912, קעגן די מיסברויכן און נישט־לאָגישער האַנדלונג מיט דער אויטאָריטעט וואָס די דירעקטאָרן פון דער ייִקאַ האָבן, אַז שולדיק אין דעם איז עטינגער.

דעם חשד וואָס זיי האָבן געהאַט, האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס מיט אַ קורצער צייט פריִער, פאַרן פאַרעפנטלעכן דעם בריוו, איז עטינגער געווען אין דער קאָלאָניע און סאַכאַראָוו איז געפאָרן אים באַזוכן אין דער אַדמיניס־טראַציע, און זיי האָבןביידע גערעדט רוסיש, — דאָס איז פאַר די ייִקאַ־די־רעקטאָרן געווען אַ באַווייז, אַז עטינגער האָט געהייסן סאַכאַראָוון שרייבן דעם בריוו. דער דאָזיקער אַבסורד איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז סאַכאַראָוו האָט געפונען פאַר נייטיק צו טעלעגראַפירן צו דער ייִקאַ אין פאַריז און אָפּלייקע־נען די דאָזיקע באַשולדיקונג.

שפּעטער מיט אַ פּאָר מאָנאַטן בין איך געקומען אין בוענאָס־איירעס וועגן

געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן פון פאַנדאָ קאָמונאַל. אין אַ פאַרנאַכט האָב איך זיך געטראָפן מיט עטינגערן אין אַ קאַפע־הויז. ער האָט מיר געוויזן אַ בריוו וואָס איז אָנגעקומען פון פּאַריז צו דער גענעראַל־דירעקציע מיט אַ קאָפּיע פאַר אים. אין דעם בריוו האָט זיך געזאָגט, אַז וואָס שייך עטינגערס פריינד־שאַפט מיט די קאָלאָניסטן, איז טאַקע צוליב דעם איז ער געשיקט געוואָרן קיין אַרגענטינע אויסצופילן דאָס ליידיקע פּלאַץ וואָס איז געווען ביז איצט, און עטינגער דאַרף פאַרזעצן זיין אַרבעט אין אַרגענטינע. עטינגער, אַ נאָבע־לער און אָרנטלעכער מענטש, פלעגט געבן די דירעקטאָרן קאָפּיעס פון אַלץ וואָס ער האָט געשריבן צו דער אַדמיניסטראַציע אין פּאַריז; דאָס וואָס זיי האָבן געשריבן וועגן אים און וועגן זיין טעטיקייט, האָט ער נישט געוווסט, נאָר פון דעם בריוו וואָס איז אויבן דערמאָנט, איז לייכט זיך צו געבן רעכע־נונג, אַז די דירעקטאָרן האָט אָנגעקלאָגט עטינגערן, הלמאי ער איז צופיל באַפריינדט מיט די קאָלאָניסטן און האָבן געראַטן „לטובת דער קאָלאָניזאַ־ציע״ מען זאָל אים צונעמען פון אַרגענטינע.

ביז ווי ווייט די זאַכן זענען דערגאַנגען, האָב איך געזען אויפן צווייטן טאָג, ווען איך האָב באַזוכט די יק״אַ־דירעקציע. אין מיטן אַ שמועס, גיבן זיי מיר אַ פרעג צי סאַכאַראָוו איז אין בוענאָס־איירעס? ווען איך האָב זיי גע־זאָגט אַז ער איז נישטאָ, האָבן זיי זיך אָנגעקוקט און אָנגעדייט, אַז מען האָט אים געזען נעכטן פאַרנאַכט זיצן מיט עטינגערן אין יענעם קאַפע־הויז. ווען איך האָב זיי דערקלערט אַז עס איז מסתמא אַ טעות פון דעם וואָס האָט זיי געבראַכט די ידיעה; דאָס בין איך געזעסן מיט עטינגערן, און אויב זיי גלויבן מיר נישט, זאָלן זיי אַריינרופן די פּערזאָן וואָס האָט זיי געבראַכט די אינ־פאָרמאַציע, האָבן זיי זיך אַ ביסל פאַרוויטלט און מער גאָרנישט געענטפערט. די דירעקטאָרן האָבן פּשוט נאָכגעקוקט עטינגערס יעדן טריט.

אין אַלגעמיין האָט עקסיסטירט אַ טאַקטיק, אַז וואָס עטינגער האָט רע־קאָמענדירט, האָט די דירעקציע געזאָגט פאַרקערט. נאָר איין עפּיזאָד וויל איך דערמאָנען: אין אַ יאָר פון גרויסער טריקעניש און שטאַרקע ווינטן, האָבן זיך אין קאָלאָניע באַראָן הירש (ריווערא) פאָרמירט זאַמדן. די ווינטן האָבן ממש צעטראָגן דעם אויבערפלאַך פון די טשאַקרעס און צונויפגעטראָגן בערג מיט זאַמד, ווייל אַ היפּשער טייל פון יענעם באָדן איז אַ שיטערער. כדי עס זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן מער, האָט עטינגער געראָטן מען זאָל פלאַנצן טאַמאַריסקאָס ביי די „מעדאַנאָס״,* וואָס וועט אָפּהאַלטן די ווינטן זיי זאָלן נישט בלאָזן מיט אַזאַ אימפּעט. ער האָט באַשטימט דעם ה׳ באַב, ער זאָל

* זאַמד־בערגלעך.

אַכטונג געבן אויף די דאָזיקע פלאַנצן. נישט זייענדיק קיין פאַכמאַן, נאָר קע־נענדיק יענעם געגנט, איז לייכט צו פאַרשטיין די נוצלעכקייט צו פלאַנצן דאָרט וואָס מערביימער פאַר דעם דערמאָנטן צוועק, אָבער די דירעקציע האָט דורך פאַרשיידענע וועגן און מיטלען געזוכט צו דיסקרעדיטירן די דאָ־זיקע אַרבעט.

סוף־כל־סוף האָט עטינגער פאַרלאָזט אַרגענטינע און איז אַוועק קיין ארץ־ישראל, ווו ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אַמט אין קרן־קימת. שפּעטער איז געקומען שטאַרקמעט אויפן אַמט פון דירעקטאָר. ער האָט באַדויערט וואָס עטינגער איז אַוועקגעפאָרן, ער וואָלט עס נישט דערלאָזט, האָט ער זיך אויס־געדריקט. די מעשה עטינגער איז געווען אַ מוסטער פון דעם, אַז די פלאַנץ האָט נישט געפּאַסט פאַר דעם באָדן.

# „דעסאַלאָכאָס"*

כדי צו קענען זיך שאַפן כאָטש אַ קליינעם באַגריף וועגן דער שרעק וואָס האָט זיך גערופן „דעסאַלאָכאָס" און וואָס איז יאָרנלאַנג געהאַנגען ווי אַ דאַמאָקלעס שווערד איבער די קאָלאָניסטן, ברענג איך דאָ דעם טעקסט פון אַן אַרטיקל, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" נומ׳ 56, אין יולי 1923:

„אין דער סאַמע צייט פון אַרבעט, ווען הונדערטער מענטשן געפינען זיך אויף די פעלדער, ווען די פּלוגעס זענען אין פולן גאַנג, ווען טויזנטער זעק ווייץ מיט ליאָן ווערן אַריינגעשאָטן אין דער ערד, ווען מען זעט שוין די ערשטע גרינע שפּראָצונגען וואָס ברענגען אַזוי פיל פרייד און האָפענונגען אין די קאָלאָניסטישע הערצער; סאַמע אין אָט דער צייט פון שאַפן, פון אַקטיוויטעט, איז גערופן געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכע גענעראַל־פאַרזאַמלונג צו באַהאַנדלען פראַגעס וואָס פאַרוואַנדלען די האָפענונג אין שרעק: דאָס זענען די פראַגעס פון „דעסאַלאָכאָ".

און געקומען זענען קאָלאָניסטן און קאָלאָניסטישע קינדער אין אַ צאָל וואָס מיר האָבן שוין לאַנג נישט געזען. דער סאַלאָן איז געווען איבערפולט. עס זענען אויך געקומען גאַנץ אומדערוואַרט פאָרשטייערס פון די קאָלאָניעס פעדערמאַר, סאַן־אַנטאָניאָ און אובאַכאַי. ווער עס ווייסט די דיסטאַנץ וואָס איז פאַראַן פון יענע קאָלאָניעס ביז קאַפּיזשאַ, וועט פאַרשטיין ווי גרויס אָנגעווייטאָגט עס איז געווען די דאָזיקע פראַגע, אַז צענדליקער מענטשן זענען געפאָרן אַזוי ווייט אין סולקיס. און געווען זענען אויך אַזעלכע קאָלאָניסטן־אייגנטימער, וואָס האָבן שוין זייערע טיטולן אויף די קאַמפּן, וואָס די פראַגע פון „דעסאַלאָכאָ" רירט זיי פערזענלעך גאָר נישט אָן, און דער ערשטער וואָס האָט גענומען דאָס וואָרט צום ריידן איז טאַקע געווען איינער פון די, אַזעלכער וואָס דער קאַמפּ איז שוין זיין אייגנטום; ער זיצט אַליין אויפן קאַמפּ מיט זיין פאַמ.ליע, זיינע קינדער אַרבעטן אַליין און האָבן נאָך קיין אַנדער אַרבעט נישט געפּרוווט, און דער דאָזיקער, מיט דער ערנסטקייט און אויפריכטיקייט אויף וואָס נאָר טאַקע דער אַקערבויער איז פעיִק, האָט אויף זיין אייגענער שפּראַך געשילדערט דעם

---

* עקסמיסיעס.

פּחד, די נערוועזישקייט פון דער קאָאָלאָניע, ווען איינינקע באַקומען ברי־וועלעך: „הער, דער און דער, זייט וויסן, אַז אויב ביז 15 טעג דערליידיקט איר נישט מיט דאָס און דאָס, וועט מען אייך גערייכטלעך אַראָפּוואַרפן פון דעם קאַמפּ״. דאָס האַלט דער קאָלאָניע אין אַ שטענדיקער שרעק. מען קען נישט פּלאַנצן, בויען, צוימען, ווען מען פילט איבער זיך די מורא אַז מען הענגט אין דער לופטן און יעדע ווייל קען מען זאָגן: „פאַרנעם זיך פון דאַנען, די ערד איז נישט דיינע״.

און נישט נאָר איינצלנע קאָלאָניסטן באַקומען אַזעלכע בריוועלעך, נאָר אונדזער גאַנצע קאָלאָניע האָט באַקומען אַ בריוו, וואָס איז פאַר אונדז אַלעמען אַ פּאַטש אין פּנים. דעם בריוו וואָס זיי האָבן געשיקט צו פּאַנדאָ קאָמונאַל, וועלנדיק מאַכן צו נישט דאָס וואָס אונדזערע דעלעגאַטן האָבן מיט זיי פאַרהאַנדלט, באַווייזט אונדז אַז די דירעקציע וויל זיך באַנוצן נאָר מיט איר מאַכט, מיט איר קראַפט. זי טוט אונדז אַ מאָל אַ געפעליקייט און הערט זיך צו וואָס מען זאָגט, אָבער נאָך דעם ווי זי האָט שוין געטאָן די טובה, גיט זי צו וויסן אַז די דעלעגאַטן זענען „קאָלאָניסטן״ און זיי זענען „די דירעקציע״, און פאַר דעם „פאַרברעכן״ וואָס דעלעגאַטן־קאָלאָניסטן האָבן זיך דערלויבט צו געבן אין אַ צייטונג די פּונקטן וואָס זענען פאַר־האַנדלט געוואָרן, וועלן מיר זיי שוין האָבן צו געדענקען, און זיי האָבן אַרויסגעשיקט נייע אינסטרוקציעס צו זייערע עמפּלעאַדאָס.*

אונדזערע דעלעגאַטן האָבן פאַרגעלייגט דער דירעקציע מיטלען ווי אַזוי אָנצוהאַלטן די גאַנצקייט פון דער קאָלאָניע, יידן זאָלן קענען בלייבן אויף דער ערד, מען זאָל זיי לאָזן אַרבעטן און זיי וועלן באַצאָלן; און די וואָס קענען נישט בלייבן אויף די קאַמפּן, זאָלן האָבן די מעגלעכקייט אי־בערצוגעבן דאָס לאַנד צו אַנדערע מער פעיקערע אַרבעטער־יידן. און די דירעקציע דורך איר בריוו האָט געענטפערט, אַז „זי קען מאַכן אויס קאָ־לאָניע ווען זי וויל נאָר״ און דער מיטל צו דעם איז ״דעסאַלאָכאָס״. דאָס איז אַ באַליידיקונג און אַן אומרעכט, — שרייט אויס דער רעדנער. אויב עס איז ריכטיק, — זאָגט ער ווייטער, — אַז מיר זענען נישט גענוג פּראַקטיש, אַז מיר זענען באַגאַנגען פעלערן, זוכן מיר דאָך זיי אויסצובע־סערן און די דירעקציע, וואָס זי איז דאָך זיכער אויך באַגאַנגען פעלערן, מאַכט אָבער איצט דעם גרעסטן און ערגסטן פעלער, וואָס זי האַלט אין איין סטראַשען די קאָלאָניסטן.

פּאַנדאָ קאָמונאַל וויל אַז מיר זאָלן באַצאָלן פאַר די קאַמפּן און די

---

* באַאַמטע.

ייִקאָ ווײַל, אַז מיר זאָלן באַצאָלן פאַר די קאַמפּן, נאָר ווערנד פּאַנדאָ קאָ־מונאָל פּאָדערט אויף דער קאָלאָניע, זיי זאָלן נעמען פּראַקטישע מיטלען, איבערבײַטנדיק די סיסטעם פון אַרבעט, אײַנפירנדיק וואָס מער עקאָנאָ־מיע כדי מיט דער צײַט צו קענען אויפהייבן די אַטראַסאָס,* קומט די ייִקאָ און זאָגט: פאַרמשכון זיך, פאַרקויף זיך, אָבי ברענגט געלט! און דאָס וועט ברענגען צו דעם, אַז די קאָלאָניע וועט ווערן דעסמאָראַליזירט, מען וועט זיך צעלויפן. די ייִקאָ אַליין וועט פאַרדינגען די קאַמפּן צו פרעמדע עלע־מענטן און די עטלעכע אייגנטימער וועלן איבער אַזעלכע שכנים אויך מוזן אַוועקגיין פון זייערע שווער־פאַרהאָרעוועטע לענדער.

דער רעדנער פאַרענדיקט, פאָרלייגנדיק מען זאָל נישט מאַכן קיין שוועריקייטן ביי טראַנספּערענסיאַס,** און אַז קיינער זאָל נישט איבערנע־מען אָדער דינגען ביי דער ייִקאָ אַ דעסאַלאָכירטן קאַמפּ.

די פאַרזאַמלונג האָט באַשטימט, אַז עס מעגן ריידן אויך פאָרשטייערס פון אַנדערע קאָלאָניעס. און אַלע רעדנערס פון אַנדערע ווי פון אונדזער קאָלאָניע האָבן אונטערגעשטראָכן: אַז דער קאָלאָניסט מוז און דאַרף באַ־צאָלן זיין חוב צו דער ייִקאָ; אַז די פראַגע פון נישט וועלן צאָלן עקסיס־טירט נישט מער אין דער קאָלאָניע, און ווען איינער צאָלט נישט — איז עס דערפאַר ווייל ער קען נישט; אַז קאָלאָניסטן זענען שולדיק נישט נאָר דער ייִקאָ, נאָר אויך דער קאָמערץ, דער באַנק און דער קאָאָפּעראַטיווע, און די אַלע האָבן געדולד און וואַרטן, כאָטש זיי זענען נישט אַזוי גאַראַנ־טירט מיט דעם חוב ווי די ייִקאָ, ווייל די ערד איז שטענדיק פאַראַן; אַז די אורזאַכן פאַר וואָס מען קען נישט צאָלן זענען פאַרשיידענע: אָדער עס זענען צוגעפאַלן שלעכטע יאָרן, אָדער וואָס דער קאָלאָניסט האָט גאַס־טירט*** עטלעכע טויזנט פּעזעס אויף איינצושאַפן זיך אַ גוטן אינווענטאַר— דער ווערט פון דעם קאָלאָניסטישן אינווענטאַר, דורכשניטלעך, איז זיבן טוי־זנט פּעזעס — צי דערפאַר וואָס ער האָט געקויפט סקאָט אין דער טייע־רער צײַט און איצט קען מען דאָס נישט פאַרקויפן אַפילו פאַר ביליק, נאָר דער פאַקט איז, אַז ער קען איצט נישט צאָלן און מען מוז אים לאָזן אַר־בעטן, מען מוז געבן צײַט דער צײַט, כדי דער קאָלאָניסט זאָל קענען רע־פאָרמירן זיין ווירטשאַפט און ער וועט זיכער באַצאָלן דעם קאַפּיטאַל, אַפילו מיט די פּראָצענטן.

* הינטערשטעליקע צאָלונגען.
** טראַנספערענצן.
*** אויסגעגעבן.

עס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן די מיינונג, וואָס שיינט צו זיין אַן אַל־געמיינע, אַז עס מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל פעסטגעשטעלט ווערן, אַז דער יִקאַ איז מען שולדיק געלט, אָבער נישט קיין קאַמפּ. אַזוי אַז ווען אַ קאָ־לאָניסט איז שולדיק עטלעכע טויזנט פּעזעס, האָט זי דאָס רעכט צו עמ־באַרגירן וועדטזאַכן, אַפילו אַ טייל פון קאַמפּ פאַר דעם באַטרעף פון דעם חוב, אָבער נישט צונעמען אַ קאַמפּ מיט אַלץ וואָס עס איז אויף אים גע־פלאַנצט און געבויט, וואָס איז ווערט 25 טויזנט פּעזעס, פאַר אַן אַטראַ־סאָ פון 4־5 אָדער 6 טויזנט פּעזעס. עס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן, אַז „דעסאַלאָכאָ", ווען זי ווערט אַפילו נישט דורכגעפירט ביז צו ענדע, נאָר אַפילו אַלס סטראַשונעק, ברענגט דאָס פיל שאָדן דער קאָלאָניע און דאָס טאָר נישט אויסגענוצט ווערן, ביידן אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן, ווי די קאָלאָניע דורך אירע פאָרשטייערס אָנערקענען דאָס אַלס באַרעכטיקט, און ווי געזאָגט: מיר זענען שולדיק געלט אָבער נישט קאַמפּ.

עס זענען פאָרגעלייגט געוואָרן פאָלגנדיקע פּראָיעקטן: עס זאָל באַ־שטימט ווערן אַ געוויסער פּראָצענט אַלס אַ מינימום וואָס דער אַטראַסיר־טער קאָלאָניסט מוז צאָלן יערלעך פון דער קאָסעטשע; עס זאָל גערופן ווערן אַ קאָנגרעס פון פאָרשטייערס פון אַלע יִדישע יִקאַ־קאָלאָניעס אין דער רעפּובליק אויף וועלכן עס זאָל באַהאַנדלט ווערן אַלע אָנגעלעגנהייטן וואָס האָבן אַ שייכות צווישן יִקאַ און קאָלאָניסט, און אַנדערע זאַכן וואָס מען וועט געפינען פאַר נוצלעך; עס זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלע „קאָ־מיסיאָן גרעמיאַל"* וואָס זאָל זיך באַשעפטיקן מיט אַלע גרעמיאַלע אָנגע־לעגנהייטן.

ביי דעם לעצטן פונקט איז אַרויסגעקומען אַ דיסקוסיע. די ה"ה: ד"ר רובינשטיין און וואָרטמאַן אין נאָמען פון דער מינאָריאַ** פון דירעקטיוון ראַט האָבן געהאַלטן, אַז די דאָזיקע קאָמיסיע מוז זיין אויטאָנאָם, ד"ה אַז אירע באַשלוסן זענען אומאָפּהענגיק פון דער מיינונג פונעם „קאָנסעכאָ דירעקטיוואָ" און דער פּרעזידענט פון פּאָנדאָ קאָמונאַל מוז דורכפירן די באַשלוסן פון דער קאָמיסיע, נישט האָבנדיק דערביי קיין אייגענע מיינונג. און ה' יצחק קאַפּלאַן האָט אויפגעוויזן אין נאָמען פון דער מאַזשאָריאַ,*** אַז די דאָזיקע קאָמיסיע דאַרף אַרבעטן מיט איר אייגענעם פּרעסופּועסטאָ,****

* פּראָפעסיאָנעלע קאָמיסיע.

** מינדערהייט.

*** מערהייט.

**** ביודזשעט.

אָבער די באַשלוסן קענען שטודירט ווערן און אויך אויסגעבעסערט ווערן דורך דעם דירעקטיוון ראַט, ווייל עס איז נישט לאָגיש און נישט פּראַק־טיש, אַז דער קאָנסולטיווער ראַט זאָל מוזן אויספּאָלגן רעזאָלוציעס פון אַ קאָמיסיע. איבער דער שפּעטער שעה האָט זיך אויפגעהויבן די פאַרזאַמ־לונג, נישט שטעלנדיק די פּראָיעקטן צום אָפּשטימען".

***

די פּראָטאָקאָלן פון פּאַנדאָ קאָמונאַל פון די יאָרן 1916 ביז 1923 באַציִען זיך צו דער פּראָבלעם „דעסאַלאָכאָס", פון וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס ווי אַזוי די קאָאָפּעראַטיוועס האָבן כסדר געשטרעבט און געגלויבט אַז מען קען די זאַכן פאַרריכטן אויף אַ פריינדלעכן אופן, און האָבן אָפט געשיקט דעלע־גאַציעס צו „פּועלן" ביי דער יִקאָ־דירעקציע מער איינפאַרשטענדעניש. דער סוף איז שטענדיק געווען, אַז די געשפּרעכן מיט די איינפאַרשטענדענישן פלעגן גלייך מיטן אָפּפאָרן פון די דעלעגאַטן פון בוענאָס־איירעס, בלייבן ביי גאָרנישט.

# שולן

מיטן באַזעצן ייִדישע פאַמיליעס אויף די פעלדער, איז אין יעדן פונקט געשאַפן געוואָרן אַ שולע פאַר שפּאַנישן און ייִדישן אונטערריכט. די שפּאַנישע לערערס זענען געווען אויך די דירעקטאָרן פון די שולן. כמעט אַלע זענען זיי געווען ספרדישע ייִדן, וואָס האָבן באַקומען זייער בילדונג אין די אַליאַנס־שולן, מיינסטנס אַסימילירטע. די ייִדישע לערערס זענען ס׳רוב געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פּראָפעסיאָנעלע צוגרייטונג. דער לימוד איז נישט געווען קיין סיסטעמאַטישער. די ייִדישע לערערס פלעגן זיך באַקלאָגן, אַז מען גיט זיי וויניק שעהן צום לערנען מיט די קינדער. די עלטערן וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די שולן, זענען נישט געווען צופרידן מיט די שפּאַנישע לערערס צוליב זייער גרינגשאַצן דאָס ייִדישקייט, און זענען נישט געווען איינשטימיק מיטן סדר פון ייִדישן לימוד וואָס די קינדער האָבן באַקומען קוים אויף דער שפּיץ פען.

ביסלעכווייז האָבן זיך די זאַכן געענדערט צום בעסערן. קאָלאָניסטישע קינדער האָבן אָנגעהויבן באַזוכן העכערע שולן — די רעגירונגס און די ייִקאַ־שולן זענען געווען ביזן דריטן קלאַס. עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך דיפּלאָמירט ווי דאָרף־לערערס. די ייִקאַ האָט סטימולירט די ייִדישע לערערס צו דערגאַנצן זייער קענטעניש אין שפּאַנישן אונטערריכט אין די רעגירונגס־שולן און צו די דאָזיקע איז נאָך דעם אָנפאַרטרויט געוואָרן די אָנפירונג פון די שולן אין אונדזערע קאָלאָניעס. עס זענען אויך געקומען פון אייראָפּע יונגעלייט מיט צוגרייטונג אין די מאָדערנע ייִדישע שולן אין וואַרשע און ווילנע, און עס איז זיי איבערגעגעבן געוואָרן די לערער־פּאָסטנס, אַזוי אַז עס האָט זיך געבעסערט דער אונטערריכט סיי אין שפּאַניש ווי אין ייִדיש. יעדער קאָלאָניסט האָט געצאָלט צוואַנציק פּעזעס אַ יאָר, וואָס די ייִקאַ פלעגט איינמאָנען יערלעך.

אין יאָר 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט די ייִקאַ־דירעקציע באַקומען אינסטרוקציעס פון פּאַריז צו זיין שפּאָרזאַם אין די הוצאות, האָט דער דירעקטאָר שטאַרקמעט באַפוילן מען זאָל שליסן די שולן. שטאַרקמעט האָט פאַרשטאַנען, אַז דער שפּאַנישער אונטערריכט געהערט צו דער רעגירונג און עס איז איר פליכט אויסצוהאַלטן די שולן, און דעם ייִדישן לימוד דאַרפן אויסהאַלטן די עלטערן גופא. מיר, דאָס הייסט, די קאָלאָניסטן צוזאַ־

מען מיט זייערע פאַרשטייערס, נעמענדיק אין אַכט די כאַראַקטעריסטיק פון אונדזערע קאָלאָניעס, האָבן פאַרשטאַנען אַז פאַרן געזונט פון אונדזער קאָלאָניזאַציע איז מער לוינעוודיק אָנצוהאַלטן דעם סיסטעם פון אינטעגראַלע שולן, ווו דאָס קינד באַקומט ביידע לימודים אין איין שול און ווו עס איז מעגלעך אַן איינפאַרשטענדעניש צווישן די לערערס.

פאָנדאָ קאָמונאַל, זייענדיק איבערצייגט אַז די עקסיסטענץ פון די שולן האָט אַן ענגע שייכות מיט דער גאַנצקייט פון דער קאָלאָניזאַציע, ווייל קיין יידישע פאַמיליע וועט נישט לאָזן אירע קינדער זאָלן נישט באַקומען דעם עלעמענטאַרן אונטעררייכט אין אַלגעמיינע ווי אין יידישע קענטשאַפטן, — האָט אויפגענומען זייער ערנסט דאָס פּראָבלעם. עס זענען גערופן געוואָרן פאַרזאַמלונגען פון די קאָלאָניסטן און פון די לערערס. די ערשטע האָבן באַשלאָסן צו העכערן דעם יערלעכן אָפּצאָל פון 20 אויף 30 פּעזאָס און די צווייטע זענען אויך געווען גרייט אויף געוויסע הנחות, כדי מען זאָל די שולן נישט שליסן. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז אין פּאַריז, ביים געבן אינסטרוקציעס וועגן מאַכן עקאָנאָמיע, האָבן זיי נישט געמיינט דאָס שליסן די שולן און זיי זענען געבליבן אין זייער פונקציע, אָבער ווייזט אויס אַז דער מיקראָב פון צעשטערונג איז שוין געבליבן אין מוח פון די יק"אַ־פאַרוואַלטער. די אונטערהאַנדלונגען מיט דער נאַציאָנאַלער און פּראָווינציעלער רעגירונג זענען פאַרגעזעצט געוואָרן, ביז די דאָזיקע האָבן איבערגענומען ביי דער יק"אַ די שולן מיטן אינוועטנטאַר.

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָבן דעם שטאַרקסטן קלאַפּ געליטן די יידישע שולן. נישט אַלע רעגירונג־לערער האָבן געוואָלט דערלויבן מען זאָל לערנען יידיש אין דער זעלביקער געביידע. עס איז געווען שווער זיך איינצופאַרשטיין וועגן דער צייט, וויפל און וועלכע שעהן עס זאָלן געגעבן ווערן פאַר יידיש. אָבער צום ערגסטן איז געווען, וואָס עס איז נישט געבליבן קיין צענטראַלע אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל איבערנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פאַרזעצונג פון די יידישע שולן, און אַ סך שולן האָבן זיך טאַקע געשלאָסן.. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז צענדליקער קינדער זענען געבליבן אָן יידישן לימוד און אַ סך פאַמיליעס זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דעם קאַמפּ און זיך איבערקלייבן אין די שטעטלעך, ווו עס האָבן עקסיסטירט יידישע שולן. דאָס איז אויך געווען אַ גורם צום צעפאַלן זיך פון די קאָלאָניעס. דער ערשטער קרבן איז געווען די קאָלאָניע ראַכיל, ווייל עס איז דאָרט נישט געווען די גענוגנדיקע צאָל שילערס, לויטן רעגלאַמענט. דער קאָלאָניסט אַנשעל קריימאַן האָט געהאַט דריי קינדער, אַלע מיידלעך. ער איז געווען געצוווּנגען צו שיקן זיי אין דער צענטראַל־שול, רייטנדיק אויף אַ פערד אַ דיס־

טאַנץ פון 4 קילאָמעטער. צוליב דעם שפּאַנישן און ייִדישן לימוד האָבן די קינדער געמוזט בלייבן אַ גאַנצן טאָג אין שול און עסן טרוקענע קאַלטע עסנס, אַ מאָל האָט זיי פאַרכאַפּט אַ רעגן אויפן וועג, מער ווי איין מאָל האָט זיך דער פערד אויסגעגליטשט און די קינדער זענען אַראָפּגעפאַלן, יעדן טאָג האָט די מוטער אויסגעקוקט די אויגן ביז זי פלעגט דערזען אירע טעכטערלעך צוריק־קומען. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ לאַגע האָט לאַנג נישט געקענט אָנהאַלטן און קריימאַן, וואָס איז געווען איינער פון די בעסטע קאָלאָניסטן, האָט זיך איבער־געצויגן אין דאָמינגעז. מער ווי איין מאָל האָט ער מיר געזאָגט: „קאַפּלאַן, איך שעם זיך דורכצוגיין די גאַס און איך בענק נאָך דער קאָלאָניע. איך דריי זיך דאָ אַרום אין שטעטל ווי אַן עלנטער". אָבער, ער האָט זיך איינגעוווינט און אויף אים קוקנדיק האָבן אַ סך קאָלאָניסטן נאָכגעטאָן זיין ביישפּיל, אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן נישט געהאַט דעם שול־פּראָבלעם. עס האָט זיך פאַר זיי געשאַפן אַ סאָציאַלער פּראָבלעם: אָן אַ געזעלשאַפט, אָן אַ מנין, נישט געווען מיט וועמען זיך צונויפצוקומען אין די שבת־ און יום־טוב־טעג. אָט די דאָ־זיקע טעותן פון דער יִק"אַ האָבן גורם געווען צו דעם צעפאַלונג־פּראָצעס. די יִק"אַ וויל איצט פאַרריכטן דעם דאָזיקן פעלער דורך דער שאַפונג פון „אַגראָ־קולט". עס זענען אָבער פאַליאַטיוון וואָס קומען צו שפּעט. איך ווייס, אַז דאָס פאַרלאָזן די פעלדער איז אַן אַלגעמיינער פּראָצעס אויך ביי אַנדערע נאַציאָ־נאַליטעטן, אָבער ביי אונדז האָט זיך דאָס אָנגעהויבן פריִער ווי ערגעץ אַנ־דערש און מיט אַ שנעלערן טעמפּאָ, איבערהויפּט צווישן דעם ייִנגערן עלעמענט.

ביים שרייבן וועגן ייִדישן שולוועזן געפין איך פאַר אַ חוב אָפּצוגעבן אַ שבח און אַ ברכה דעם ד"ר ישראל יאַגופּסקי פון פאַראַנאַ, וועלכער האָט צוריק אויפגעשטעלט אַ נעץ פון ייִדישע שולן אין פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס. אַ דאַנק זיין אומדערמידלעכע אָנשטרענגונג אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן, זיין אינטעליגענץ און זיין ייִדישער באַוווסטזיין באַקומען ייִדישע קינדער אַן עלעמענטאַרע ייִדישע דערציִונג.

איך וויל דאָ פאַרצייכענען אַן עפּיזאָד, וואָס באַווייזט די גייסטיקע שטאַר־קייט פון אונדזערע עלטערן. ביי אונדזער אָנקומען אין אַרגענטינע און נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך באַזעצט אויף אונדזער טשאַקרע — עס איז געווען אַן ערך מיט צוואַנציק טעג שפּעטער — האָט גלייך דעם ערשטן טאָג דער טאַטע ע"ה, אָוועקגעפירט מיינע צוויי ייִנגערע ברידער שמואל און אהרן, אין דער צענטראַל־שול, וואָס איז געווען פון אונדז אַ 4 קילאָמעטער. אַלע טאָג פלעגן זיי גיין צופוס די דאָזיקע שטרעקע היין און צוריק. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין לערנען און דערפאַר האָט דער דירעקטאָר פון שול, ה' סאַבאַ, געבעטן אין דער אַדמיניסטראַציע און מען האָט זיי געגעבן אַ פערד צום רייטן. אין

טאָג איז געקומען סאַבאַ און געזאָגט דעם טאַטן, אַז היות ווי שמואל לערנט זייער גוט, וועט ער בעטן ביי דער ייִקאַ מען זאָל אים שיקן לערנען אין שול פון דער שטאָט אורוגוויי אויפן חשבון פון דער ייִקאַ. דער טאַטע האָט אים געדאַנקט פאַרן גוטן ווילן, אָבער ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דעם אָנבאָט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אַז זיין קינד זאָל שרייבן שבת און עסן טרפות.

די ייִקאַ האָט נאָך דעם אַ סך מיטגעהאָלפן צו דער גרינדונג פון די „קורסאָס רעליכיאָסאָס",* אין וועלכע עס האָט צו ביסלעך געגומען אַריינ־דרינגען דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער גייסט, אַ דאַנק דעם וואָס בראש איז געשטאַנען דער הער ידידיה אפרון, וואָס אויסער זיינע ברייטע ידיעות אין חכמת ישראל, האָט ער אויך פאַרשטאַנען דעם גייסט פון דער צייט און האָט זיך דערנענטערט אַלע מאָל מער צום ציוניזם און דעם נאַציאָנאַלן גייסט אויך אַריינגעבראַכט אין די שולן.

---

* רעליגיעזע קורסן.

# קאָנסום־אָפּטייל

דעם קאָנסום־אָפּטייל האָבן מיר געעפנט ערשט אין יאָר 1917. ריכטיק איז, אַז כמעטביים אָנפאַנג פון דער גרינדונג פון פאָנדאָ קאָמונאַל האָט מען שוין גערעדט וועגן איינפירן דעם פאַרקויף פון געברויך־אַרטיקלען. דער דאָזיקער ענין איז עטלעכע מאָל געבראַכט געוואָרן צו די זיצונגען פון ראַט, נאָר ער איז כסדר אָפּגעלייגט געוואָרן. די אָנפירונג האָט זיך נישט געאיילט מיט אַריינברענגען דעם דאָזיקן וויכטיקן צווייג פון טעטיקייט צוליב אַ ריי סיבות.

די ערשטע יאָרן האָט די קאָלאָניע זיך געהאַלטן אין רעאָרגאַניזירן. דאָס פאַרגרעסערן די טשאַקרעס פון 50 ביז 150 העקטאַר האָט געפאָדערט גרויסע אויסגאַבעס, ווי: פאַרצוימונג, מער רעמאַנענט, פּלוגעס, בראָנעס, זיי־מאַשינען, שנייד־מאַשינען א״אַ, ווי אויך פאַרגרעסערן די צאָל בהמות, מערסטנס מעלקקי. דאָס האָט געפאָדערט היפּשע סומעס געלט און אויפמערקזאַמקייט; צווייטנס, האָבן מיר נישט געהאַט דעם געהעריקן פּערסאָנאַל. די צוויי באַאַמטע אין די גאַלפּאָנעס פון דאָמינגעז און קלאַראַ, זענען געווען עלטערע מענטשן. זיי האָט באַשטימט דער ראַט, ווייל זיי זענען געווען פון די שיינע בעלי־בתים; דריטנס, האָבן די כסדר קריטישע יאָרן צוליב די דורכפאַלן פון דער גערעטעניש און עפּידעמיעס פונעם פי, דערצו די גרויסע קרעדיטן וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן, נישט קענענדיק זיי איינקאַסירן צו דער געהעריקער צייט, — דאָס אַלץ האָט אונדז נישט דערלויבט אָנצוהייבן מיט נייע אונטערנעמונגען. אַגב, באַטראַכט איך אַז דאָס נישט ברענגען קיין קאָנסום־אַרטיקלען איז געווען אַ גליק פאַרן פאָנדאָ קאָמונאַל, דערפאַר וואָס דעמאָלט איז מען געוווינט געווען, טיילווייז געצוווּנגען, צוליב די אומשטאַנדן, צו קויפן אַ גאַנץ יאָר אויף באָרג. פאַר די פּריוואַטע קרעמערס איז דאָס געווען אַ קוואַל פון פאַרדינסט, ווייל נעמענדיק סחורה צו באַצאָלן פון דער קאָסעטשע, האָט מען נישט געפרעגט אויף קיין פּרייזן. די טאַקטיק פון די קרעמערס איז געווען, אַז דער קאָלאָניסט זאָל שטענדיק בלייבן שולדיק, כדי ער זאָל מאָראַליש זיין געבונדן צו זיין קרעמער.

די דאָזיקע טאַקטיק איז אָנגעווענדט געוואָרן נישט בלויז אין אונדזערע קאָלאָניעס, נאָר איבערן גאַנצן לאַנד. אין אַנדערע געגנטן איז די לאַגע געווען פיל ערגער. די עקספּלאָטאַציע האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז דאָס האָט באַוויגן די קאָלאָניסטן פון פּראָווינץ סאַנטאַ־פע צו דערקלערן אַ שטרייק.

אין דער דאָזיקער פּראָווינץ האָבן די לאַטיפונדיסטן ביים פאַרדינגען די ערד צו די קאָלאָניסטן־אַרענדאַטאָרס אַריינגעשטעלט אַ פּונקט אין קאָנטראַקט, ווו דער אַרענדאַטאָר מוז דרעשן מיט דער דרעש־מאַשין וואָס דער אייגנטימער ווייזט אָן; אים פאַרקויפן די תבואה און קויפן אין זיין קלייט. עס איז זיך לייכט פאַרצושטעלן וואָס פאַר אַ חשבונות דער קאָלאָניסט פלעגט באַקומען, — ביז עס האָט אַרויסגערופן אַ שטרייק. און דאָס איז געווען דער מאָטיוו, וואָס עס האָט געבראַכט צו דער אָרגאַניזירונג פון דער „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַר־כענטינאַ".*

איך בין אַ ביסל אַראָפּ פון דער טעמע, כדי צו באַלייכטן אין וואָס פאַר אַ קאָנדיציעס עס האָבן געלעבט די ערד־אַרבעטער ביים סוף פון פאַרגאַנגע־נעם און אָנהייב איצטיקן יאָרהונדערט, און די קעגנערשאַפט וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן ביים אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג פון אונדזערע אינטערעסן. ווי געזאָגט, ווען מיר וואָלטן געעפנט אַ קאָנסום־אָפּטייל אין יענע יאָרן, ווען דער קויף־שטייגער איז געווען אויף באָרג, (דער פּרינציפּ פון ראָטשדאַלע, אַז געברויך־אַרטיקלען מוזן פאַרקויפט ווערן נאָר פאַר מזומן, צוליב די איצט שוין פאַרשטענדלעכע טעמים, איז געווען אומבאַקאַנט), וואָלט עס זיכער גע־פירט צו פאַטאַלע קאָנסעקווענצן.

אין יאָר 1916 האָבן מיר גענומען ערנסט טראַכטן וועגן אַ קאָנסום־אָפּ־טייל. די לאַגע פון פּאָנדאָ קאָמונאַל איז נאָך דעמאָלט געווען ביז גאָר אַ שווערע. אָבער, דער קאָאָפּעראַטיווער געדאַנק איז שוין געווען מער־ווייניקער באַקאַנט צווישן דער מיטגלידערשאַפט, און די לעקציעס וואָס מיר האָבן געהאַט, פון זיין ליבעראַל מיט אַרויסגעבן קרעדיטן, איז שוין געווען אַריין טיף אין די ביינער. צו פיל געזונט האָט אונדז געקאָסט די לעקציע און מיר האָבן זי גוט געדענקט.

אין 1917, געפינענדיק זיך אין בוענאָס־איירעס מיטן ה׳ סאַכאַראָוו צו־ליב פאַרשיידענע ענינים, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וויל קויפן קאָנסום־אַרטיקלען. סאַכאַראָוו האָט מיר געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז דער דירעקטאָ־ריום האָט נאָך נישט אָנגענומען קיין באַשלוס וועגן דעם. איך האָב פאַרשטאַ־נען, אַז כדי צו פאַרענדיקן מיט די טעאָרעטישע דיסקוסיעס מוז מען מאַכן אַזאַ שריט.

דעם ערשטן קויף האָב איך געמאַכט פאַר 1.200 פּעזעס מזומן. ווען די סחורה איז אָנגעקומען, איז זי ביז צו די דריי טעג אין גאַנצן פאַרקויפט גע־וואָרן. די פּרייזן זענען געווען צוגענגלעכע. עס איז געווען אַ „וואָס פּאָפּאָלאָ",

* אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע.

אַז ביי צוקער פאַרדינט מען נישט. די קרעמערס פלעגן פאַרקויפן פעקלעך צוקער פון איין קילאָ, אַ פעזע אַ פעקל און פאַנדאַ קאָמונאַל האָט פאַרקויפט צו פינף און אַכציק סענט אַ פעקל מיט אַ גוטן פאַרדינסט. אַזוי אויך די אַנ־דערע אַרטיקלען. דאָס האָט געמאַכט דעם געהעריקן רושם. ביי דער ערשטער זיצונג פון דירעקטיוון ראַט, האָט דער סעקרעטאַר מיר אינטערפעלירט: מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט דער פאַרוואַלטער געקויפט שפייז־אַרטיקלען? און איך האָב אינפאָרמירט, אַז פון די געקויפטע שפייז־אַרטיקלען איז שוין גאָר נישט געבליבן, און אויב דער ראַט וויל נישט, וועל איך מער נישט ברענגען פון די דאַזיקע סחורות. אַלע האָבן אָבער איינשטימיק זיך אַרויסגעזאָגט, מען זאָל פאָרזעצן מיט דעם דאָזיקן אָפטייל.

אַזוי האָט זיך דער דאָזיקער צווייג אַנטוויקלט. אונדזער לאָזונג איז געווען, אַז דער קאָאָפעראַטיוו איז דער שפייז־אַלמער און די קליידער־שאַפע פון דער מיטגלידערשאַפט, ווו דער מיטגליד דאַרף געפינען צו יעדער צייט אַלץ וואָס ער דאַרף האָבן פאַרן געברויך פון זיין פאַמיליע, און ביים אַרויסנעמען דאָס וואָס ער האָט נייטיק, מוז ער גלייך איבערלאָזן דעם עקוויוואַלענט אין מזומן אָדער פראָדוקטן, כדי צו קענען ברענגען פרישע סחורה, וואָס זאָל זיין גרייט פאַר אים און פאַר די אַנדערע מיטגלידער. אָנגעהויבן האָבן מיר עס מיט אַרטיקלען וואָס מען דאַרף נישט וועגן, נישט מעסטן: פעקלעך טיי, זשער־באַ, צוקער, שוועבלעך, בלעכלעך בוימל, וכו׳, כדי צו פאַרגרינגערן דעם פאַרקויף און אויך, ווייל מיר האָבן זיך געוואָלט באַקענען פריער מיטן גע־שמאַק פונעם פאַרברויכער.

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָבן די קרעמערס נישט געקענט אַזוי לייכט אַראָפּשלינגען דעם דאָזיקן פיל פון פאַנדאַ קאָמונאַל, און האָבן אָנגע־הויבן אַ קאַמף. יעדער קרעמער האָט פאַרקויפט ביליקער אַ פאָר אַרטיקלען, ווי אַ רעקלאַמע. מיר האָבן זיך גערעכנט אויף דעם, אָבער מיר האָבן אויפגע־נומען די דאָזיקע קאָנקורענץ מיט קאַלטבלוטיקייט. מיר האָבן שוין געוווסט צו דערציילן פון דער אָפּלאַכעריי און פלאַפּלעריי ביים דערעפענען דעם ער־שטן מאַגאַזין אין ראָטשדאַלע; מיר האָבן שוין געהאַט פראַקטיק פון די הינ־טערפיסלעך וואָס מען שטעלט אונדז אונטער. דאָס האָט אונדז נישט אָפּגע־שראָקן. נאָר וואָס ס׳איז באמת געווען אַ פאַרדראָס, איז וואָס מיטגלידער פלעגן קומען מיט טענות, אַז אין די פריוואַטע קלייטן באַקומט מען אייניקע פראָ־דוקטן ביליקער. אַ סך געדולד האָט געקאָסט דאָס דאַרפן דערמאָנען דעם מיטגליד די פרייזן וואָס ער האָט געצאָלט איידער דער קאָאָפעראַטיוו האָט זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט ברענגען קאָנסום־אַרטיקלען; אַז אַ קאָאָפעראַטיוו דאַרף פאַרקויפן לויטן פרייז אויפן מאַרק און סוף יאָר ווערט אומגעקערט

דער טייל וואָס בלייבט איבער פון דעם וואָס מען האָט געגומען איבערן קאָסט־פּרייז, נאָכן אַראָפּרעכענען די הוצאות, אין פּראָפּאָרץ צום קויף. עס האָבן נישט געפעלט אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַרשטיין: — „וואָס טויג מיר דאָס אומקערן סוף־יאָר? נעמט נישט און גיט נישט!". ער וויל נישט עסן רייז מיט פּרינציפּן; דער פּרינציפּ איז — קויפן דאָרט ווו ס'איז ביליקער, — אַזוי האָט מען זיך געחכמעט.

עס זענען געווען אַזעלכע, — גוטע מיטגלידער און אַפילו ראַטמענער, — וואָס האָבן געמיינט, אַז מיר דאַרפן נאָכטאָן די קרעמערס.

# עפּיזאָדן פונעם קאָנסום־אַפּטייל

אין אַ טאָג קומט אַריין אין פּאָנדאָ קאָמונאַל דער ה׳ אהרן אַניכאָוויטש׳ער רופט מיר אָפּ אין אַ זייט און ווייזט מיר אַז ער האָט געקויפט זעקס שרייפּ־לעך ביי פּאַטינען, ווייל אין קאָאָפּעראַטיוו איז איצט מער נישטאָ פון דער דאָ־זיקער מאָס, פריִער מיט עטלעכע טעג איז עס יאָ געווען; אָבער דער עיקר וואָס ער וויל, איך זאָל וויסן אַז ביי פּאַטינען האָט ער געצאָלט מיט אַ האַלבן סענט ביליקער פאַר יעדן שרייפל; ווי אַ געטרייער מיטגליד האָט ער געפונען פאַר נייטיק דאָס צו אינפאָרמירן. אַנאַכאָוויטש איז ווירקלעך געווען אַ גוטער און איבערגעגעבענער מיטגליד. אַ שרייפל האָט געקאָסט זעקס סענט.

שפּעטער מיט עטלעכע וואָכן בין איך געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס וועגן פאַרשיידענע ענינים — געשעפטלעכע, יִקאָ, — און נאָך דעם איז אויך גע־קומען דער חבר אברהם גאַביס, מיטצואַרבעטן מיט מיר ביים איינקויף פון קאָנסום־אַרטיקלען. צווישן אַנדערע נאָטיצן ווייזט ער מיר, אַז ער האָט פאַר־צייכנט צו קויפן אַן אַקס צו אַ סולקי פאַר אהרן אַנאַכאָוויטשן, און לשם אינ־פאָרמאַציע זאָגט מיר גאַביס, אַז לויט ווי אַנאַכאָוויטש האָט אים געזאָגט, איז פאַראַן אַזאַ אַקס ביי פּאַטינען, ער בעט פאַר אים 32 פּעזעס, נאָר דאָס זענען צוויי האַלבע אַקסן וואָס מען דאַרף צונויפשמידן, ווייל ער בעסער אַ גאַנצן אַקס, ווען אַפילו עס וועט קאָסטן מיט עטלעכע פּעזעס מער.

מיר האָבן געקויפט אַ גאַנצן אַקס. ווען ער איז אָנגעקומען, קומט אַריין אַנאַכאָוויטש און רופט מיר ווידער אַ מאָל אָפּ אין אַ זייט און זאָגט מיר שטיל: „ה׳ קאַפּלאַן, מען דאַרף מער אַכטונג געבן אין אַלמאַסען.* אָט קוקט אָן די קבלה. איך האָב איצט אָפּגענומען דעם אַקס און באַצאָלט 24 פּעזעס, ווי איז דאָס מעגלעך, ווען צוויי האַלבע אַקסן קאָסטן 32 פּעזעס און מען דאַרף נאָך באַצאָלן דעם שמיד פאַרן צונויפשמידן? גאַביס האָט מסתמא אַ טעות געהאַט. מען דאַרף בעסער אַכטונג געבן....". אָנשטאָט אים צו געבן לאַנגע דערקלע־רונגען, האָב איך געוויזן אַנאַכאָוויטשן דעם חשבון, וואָס אונדז קאָסט דער אַקס, צורעכענענדיק דאָס פירן און דעם פאַרדינסט, איז עס צוזאַמען 24 פּע־זעס. איך האָב נאָר צוגעגעבן: „אויף די זעקס שרייפלעך האָט איר דאָך פאַר־

* מאַגאַזין.

דינט דריי סענט". אַנאַכאָוויטש האָט מיר געגעבן די האַנט און איז אַוועק מיט די ווערטער: „לעבן זאָל דער קאָאָפּעראַטיוו!".

צענדליקער און צענדליקער אַזעלכע עפּיזאָדן וואָלט איך געקענט פאַר־צייכענען, וועלכע האָבן געפאָדערט געדולד און שטאַרקע נערוון. נאָר ווי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: „פאַר אַ מוסטער איז גענוג אַ קנעפּל".

***

פאָרנדיק קיין בוענאָס־איירעס האָב איך זיך געטראָפן אין וואַגאָן מיט צוויי סוחרים — יקותיאל קאַפּלאַן, פון דער פירמע „קאַפּלאַן און עלינגער", און אברהם פערפּער. מיר האָבן געגעסן צוזאַמען ביי איין טיש. פערפּער איז געווען אַ מיטגליד אין פאַנדאָ קאָמונאַל. ער האָט געווירשנט די אַקציעס פון זיין פאָטער. שמועסנדיק, האָט פערפּער גענומען אויסרעכענען אַ לאַנגן צעטל פון פעלערן וואָס פאַנדאָ קאָמונאַל מאַכט און אַז איך פיר שלעכט די געשעפטן פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. ער האָט מיר געגעבן אַ סעריע עצות, ווי אַזוי צו פירן, אונטערשטרייכנדיק כסדר, אַז עס טוט אים וויי וואָס אַזאַ אינ־סטיטוציע ווי פאַנדאָ קאָמונאַל, וואָס דאַרף ברענגען נוצן און כבוד, פירט זיך אַזוי שלעכט. איך האָב געהערט און געשוויגן, ווייל ס'האָט נישט געהאַט קיין זין צו דיסקוטירן מיט איינעם וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו שטייט אים ווי אַ ביין אין האַלדז.

יקותיאל קאַפּלאַן האָט זיך צעלאַכט און אַ זאָג געטאָן פערפּערן: „אידיאָט! ווען פאַנדאָ קאָמונאַל וואָלט זיך געפירט שלעכט, וואָלט דאָך געווען גוט!" און צוגעגעבן, אַז ער איז גרייט צו געבן דעם פאַנדאָ קאָמונאַל צען טויזנט פעזעס, ער זאָל צונעמען דעם אָפּטייל פון סאַן־אַנטאָניאָ, ווייל פריער האָט ער פאַר־קויפט אַ בייגל דראָט פאַר צען פעזעס און זינט פאַנדאָ קאָמונאַל האָט דאָרט געעפנט אַ פיליע, מוז ער פאַרקויפן דעם זעלביקן דראָט פאַר זיבן פעזעס. ווענדנדיק זיך צו מיר, שטרייכט ער אונטער, אַז די קאָלאָניסטן ווייסן ער דאָס נישט זאָגן.

***

אין אַ געוויסן טאָג קומט אַריין דער מיטגליד א. ז. ר. — פאַרוואַלטער איז שוין דעמאָלט געווען מיין ברודער אהרן ע"ה, — מיט אַ געשריי. ער האָט געקויפט אַ קעסטל צוקער ביי לויבערן און האָט באַצאָלט מיט צען סענט ביליקער ווי אין פאַנדאָ קאָמונאַל. אהרן האָט מיר געוויזן די פאַקטורע* און כ'האָב

* קוויטונג.

געזען אַז דער קאָאָפּעראַטיוו קען נישט פֿאַרקויפֿן ביליקער. כדי צו באַשטע־טיקן און זיין זיכער מיט דער ריכטיקייט פון דער תרעומה, האָבן מיר אים געגעבן דעם באַטרעף און געבעטן, ער זאָל צוגיין צו לויבערן און ברענגען אַ קעסטל צוקער. ער איז געגאַנגען, געבראַכט דאָס קעסטל צוקער און עס אָוועק־געשטעלט אויפן טיש. מיר האָבן געהייסן אַריינברענגען אַ קעסטל צוקער פון אונדזער מאַגאַזין און עס אַוועקגעשטעלט דערנעבן. ער האָט געקוקט, גע־מאָסטן און נישט געפונען קיין אונטערשייד, — ביידע קעסטלעך זענען גלייך. מיר האָבן אים אָנגעוויזן, אַז אויף איין קעסטל איז דער אות אַ רויטער און אויפן צווייטן — אַ שוואַרצער. „וואָס איז מיר דער אונטערשייד — האָט ער זיך צעשריגן, — רויט צי שוואַרץ, דער צוקער איז גלייך ווייס!". מיר האָבן געעפנט ביידע קעסטלעך און ער האָט געזען אַז עס איז פאַראַן אַ דיפערענץ אין דער קוואַליטעט, דערצו האָבן מיר אים געוויזן די פאַקטורעס מיט די פרייזן וואָס פּאַנדאָ קאָמונאַל צאָלט, און אַז דער שוואַרצער צוקער קאָסט בי־ליקער ווי דער רויטער „ה". מער האָט ער נישט געשריבן.

איך זאָג אים, אַז ער האָט נישט קיין רעכט און האָט נישט געדאַרפט שרייען. „איך בין נישט גערעכט? — זאָגט ער מיר, — אָך און וויי וואָלט שוין געווען צו יענעם, ווען איך בין גערעכט"...

***

עס קומט אַריין אין ביוראָ דער מיטגליד לוּיס מערענער. דערזעענדיק מיר, גיט ער צו מיר אַ זאָג: גוט וואָס איך בין דאָ, מיין ברודער ווייסט נאָך אפשר נישט, אָבער מיר איז דאָך גוט באַקאַנט אַז ער איז אַ גאַנצער מיטגליד; ער קויפט און פאַרקויפט אַלצדינג נאָר דורך דעם קאָאָפּעראַטיוו, ער פרעגט קיין מאָל נישט די פּרייזן, ווייל ער האָט פולן צוטרוי צו זיין אינסטיטוציע; נאָר דאָס מאָל האָט ער אַ תביעה. נעכטן איז ער געפאָרן צוזאַמען מיט זיין שכן יאַנקל קאַהאַן אין איין סולקי. ער האָט געפירט אַ בלעך בוימל פאַר דער באַשין, די זעלביקע מאַרקע וואָס ער האָב גענומען אין פּאַנדאָ קאָמונאַל און זי קאָסט אים מיט זעכציק סענט ביליקער, געקויפט האָט ער עס ביי פּ. ק.

עס האָט אונדז בפירוש געוווּנדערט. לויט די פאַקטורע פון דער פאַבריק, האָט פּ. ק. נישט געקענט פאַרקויפן ביליקער. נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת, האָט אים אהרן געגעבן געלט, ער זאָל צופאָרן צום קרעמער און ברענגען אַ בלעך בוימל. עס האָט נישט געדויערט קיין עטלעכע מינוט און ער איז אַריינגעקומען מיטן בלעך בוימל. מיר האָבן געקוקט, און ווירקלעך — די זעלביקע גרייס, דער זעלביקער עטיקעט. אהרן זאָגט מיר: „וואָס קען עס זיין?". דערווייל האָב איך זיך דערמאָנט אַ געשיכטע. איך האָב געהייסן די בלעך בוימל אַוועק־

שטעלן אויף דער וואָג, אויף דער אַנדערער וואָגשאָל האָט מען אַוועקגע־שטעלט אונדזער בלעך בוימל. — אַהאַ! — האָט אַ געשריי געטאָן מערענער, — זעט נאָר, זעט, די שאָל ציט דאָך אַריבער. איך געדענק נישט וויפל קי־לאָגראַם ס׳איז געווען דער אונטערשייד, בכל אופן, — מער ווי פאַר זעכציק סענט.

די געשיכטע וואָס איך האָב זיך דערמאָנט איז געווען אַזאַ:

ווען איך בין געקומען צום ערשטן מאָל אין פאַבריק קויפן בוימל פאַר די שנייד־מאַשינען, און נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך איינפאַרשטאַנען מיטן פּרייז פּער קילאָ, האָט מיר דער פאַרוואַלטער געפרעגט, וויפל קילאָ בוימל איך וויל מען זאָל אָנגיסן אין יעדער בלעך. אַ נאַיווער אין דעם דאָזיקן מסחר, האָב איך אים געזאָגט, אַז מיר האָבן דאָך גערעדט וועגן בלעכן פון 18 קילאָ. —יאָ, — דערקלערט ער מיר, — אין אַ בלעך גייט טאַקע אַריין 18 קילאָ, אָבער עס זענען פאַראַן קליענטן וואָס ווילן מען זאָל אָנגיסן צו 16־17 קילאָ. זאָג איך אים, אַז פאַרן קאָלאָניסט לוינט בעסער אַ פולע בלעך פון 18 קילאָ. ער האָט אַ שמייכל געטאָן, מיר געגעבן אַ מעסט אָפּ מיט די אויגן, און דערפילט מיין ווונטש.

שפּעטער מיט עטלעכע חדשים, זייענדיק אין בוענאָס־איירעס, האָב איך זיך באַגעגנט מיט דעם דאָזיקן פאַרוואַלטער אין גאַס און מיר זענען געגאַנגען צוזאַמען עטלעכע קוואַרטאַלן שמועסנדיק. איך האָב אים אויפגעקלערט וואָס עס איז אַזוינס פאַנדאָ קאָמונאַל, וואָס זענען די קאָאָפּעראַטיווע אויפגאַבעס. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איצט פאַרשטייט ער מיר. „איך האָב דיר געהאַלטן פאַר אַ נאַיוון פּראָווינציעלן יינגל, איצט גיב איך מיר רעכענונג, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט". ער האָט מיר דערמאָנט די מעשה מיטן אָנגיסן די בלעכן בוימל און ער האָט מיר באַגריסט. יענע געשיכטע איז מיר איצט צונוץ געקו־מען. די קרעמערס פלעגן נישט זאָגן דעם קאָלאָניסט דעם פּרייז פונעם בוימל פּער קילאָ, נאָר פון בלעך. אויף אַזאַ אופן איז געווען לייכט אָפּצונאַרן.

**
*

כמעט אַ וויך: אין אַ טאָג איז געקובען דער אַלטער פינק אין ביוראָ. איך זאָג אים, אַז אויב ער וויל זאָל ער אַריינגיין צום בוכהאַלטער, וועט מען אים געבן זיין חשבון. נאָך איידער איך האָב געענדיקט ריידן, האָט ער זיך צעשריגן: „זשוליקעס, וואָס פאַר אַ חשבונות האָב איך מיט אייך? איך קויף און צאָל מיט מזומן, שווינדלערס וואָס איר זענט!", און ער פאַרענטפערט זיך באַלד: „אייך, קאַפּלאַן, מיין איך נישט. דאָס זענען יענע, די שרייבערס אייערע. איך ווער־

אויס מיטגליד, אויס! איך וויל מער אייער שוועל נישט איבערטרעטן, איך בין אייך גאָר נישט שולדיק, איך צאָל שטענדיק מיט מזומן!״.

מיט דער גאַנצער רויִקייט האָב איך אים געבעטן נאָך אַ מאָל, ער זאָל אַריינגיין אין דער בוכהאַלטעריע, דאָרט וועט מען אים אויפקלערן. אַלע מיט־גלידער וואָס זענען בייגעווען האָבן אים געעצהט דאָס זעלביקע. ביז ער האָט דאָך געפאָלגט. „זשוליקעס, שווינדלערס, — האָט ער געזאָגט צום בוכהאַל־טער, — נו, וויפל האָט איר מיר דאָרט צוגעשריבן?״. דער בוכהאַלטער האָט געעפנט דעם בוך, אויפגעמישט זיין בלאַט און אים געזאָגט: „הער פינק, עס קומט אייך אַריבער הונדערט ניינציק פּעזעס״. (אַזוי דאַכט מיר).

— פאַר וואָס קומט מיר געלט? איך האָב אייך דען אַ מאָל געגעבן איבע־ריקע געלט?

דער בוכהאַלטער האָט אים דערקלערט, אַז דאָס זענען די דיווידענדן פון דער תבואה וואָס ער האָט פאַרקויפט דורך דעם קאָאָפּעראַטיוו דעם פאַרגאַנ־גענעם יאָר.

אַלע וואָס זענען בייגעווען דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל האָבן אים געפרעגט: „נו, וואָס זאָגט איר איצט אויף די דאָזיקע זשוליקעס?״.

ער האָט זיך אַרויסגערוקט און שטילערהייט מיר אַ זאָג געטאָן: „איבער־אַיאָר וועל איך אַריינפירן מיין גאַנצן ווייץ אין דעם קאָאָפּעראַטיוו״.

***

נאָך איינעם פון יענע וויצן וואָס נעמען אַרויס די מאַרך פון די ביינער:

צוריקקומענדיק פון בוענאָס־איירעס, ווו איך בין געווען וועגן געשעפט־לעכע ענינים פאַרן פאָנדאָ קאָמונאַל, האָט מיר אינפאָרמירט דער פּרעזידענט ה׳ קיפּען, אַז דער מיטגליד זוסע פּיפּקין איז געקומען צו אַ זיצונג פון ראַט מיט אַ תביעה, אַז מען האָט אים שלעכט ליקווידירט דעם ווייץ וואָס ער האָט פאַרקויפט דורכן קאָאָפּעראַטיוו; ער האָט פאַרקויפט אַ טייל ווייץ אין מיל פון לאַ קאַפּיזשאַ, האָט מען אים געגעבן אַ באַשטימטן פּרייז און גאָר נישט אָפּגע־רעכנט, בעת אין פאָנדאָ קאָמונאַל האָט מען אים אָפּגערעכנט פאַר נאַסע, פאַר קוואַליטעט וכו׳. דער ראַט האָט אים געענטפערט, אַז ער מוז וואַרטן ביז דער פאַרוואַלטער וועט צוריקקומען, ער וועט אים געבן די נייטיקע דערקלערונגען.

איך האָב אים גלייך אַוועקגעשיקט אַן איינלאַדונג צו קומען אין קאַנטאָר. ער איז געקומען צוזאַמען מיט זיין שוויגער באָגוסלאַווסקי. קודם־כל האָט ער מיר געגעבן אַ לעקציע איבער מאָראַל, ווי מען דאַרף פירן אַ געזעלשאַפט. איך האָב אים געדאַנקט פאַר דער לעקציע און אים געבעטן, ער זאָל מיר דערקלערן אין וואָס ס׳באַשטייען זיינע טענות וואָס ער האָט געבראַכט פאַרן ראַט? נאָך

דעם ווי ער האָט צורעכט געמאַכט זיינע פּאַפּירן, איז צוגעקומען צו מיר די פרוי באָגוסלאַווסקי און האָט מיר געזאָגט אין דער שטיל, אַז דער ווייץ וואָס זי האָט אַריינגעפירט אין פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט אויסגעמאַכט מיט אַ פּעזע מער אויף יעדן פּאַנעגאַ, אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס מען האָט איר געצאָלט ביי די פּריוואַטע סוחרים.

— פאַר וואָס זשע זאָגט איר מיר עס ווי אַ סוד? אייער איידעם רעדט אויף אַ הויכן קול, אַז ער איז געקריוודעט געוואָרן פון דעם קאָאָפּעראַטיוו און אַלע הערן עס. פאַר וואָס רעדט איר אַזוי שטיל? זאָלן עס די מיטגלידער אויך הערן. זענט איר אויך געגאַנגען צום סוחר מאָנען די פּעזע וואָס ער האָט אי־בערגענומען?

— ער וועט מיר דען אויסהערן? — איז געווען איר ענטפער.

פּיפּקין האָט דערווייל אויסגעלייגט זיינע פּאַפּירן און אין אַ דראַמאַטי־שער פּאָזע האָט ער צוגערופגן אַלע מיטגלידער וואָס זענען געווען אַנוועזנדיק און זיי געוויזן: „אָט זענען צוויי ליקווידאַציעס פון מיל פון לאַ קאַפּיזשאַ — איינע אויף ניין פּעזעס די פּאַנעגאַ און די צווייטע, פאַר ערגערן ווייץ, אַכט פּעזעס די פּאַנעגאַ, אָן קיין שום דיסקאָנט, און קוקט זיך צו צו דער ליקווי־דאַציע פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, וויפל אַראָפּרעכענונגען!". און ווידער אַ מאָל איז געקומען אַ לעקציע פון מאָראַל.

איך האָב געבעטן די אַנוועזנדיקע זיי זאָלן נישט אַוועקגיין, און מיט דער פעדער אין האַנט גענומען רעכענען און צונויפגערעכנט אַלע דיסקאָנטן. און אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, האָט פּיפּקין באַקומען ריינע 9,17 פּעזעס פאַר יעדן פּאַנעגאַ. (דער פּרייז פאַר גוטן ווייץ איז געווען 11,60 פּעזעס).

פּיפּקין האָט שווייגנדיק צונויפגעלייגט די פּאַפּירן. די ביייוועזנדיקע האָבן אים געפרעגט, וואָס זאָגט ער איצט? „איך האָב זיך נישט געכאַפּט צו מאַכן אַ חשבון" — איז געווען זיין ענטפער.

אַ סך פאַרדראָס, עגמת־נפש האָבן מיר פאַרשאַפט אָט־דער דאָזיקער אומ־באַוווסטזיין. איצט רוף איך עס „אַ וויץ", אָבער וויפל בלוט און געזונט האָבן מיר געקאָסט אָט די דאָזיקע „וויצן"?

**
*

אין אַ פרימאָרגן קומט אַריין דער קאָלאָניסט מאַט מיט אַ געשריי, אַז פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט אים אומגליקלעך געמאַכט; מ'האָט אים ליקווידירט זיין ליאַן ערגער ווי די ערגסטע עקספּלאָטאַטאָרס. ער האָט זיך אויסגעשריִען און איז אַוועק און נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער. שפּעטער מיט אַ פּאָר מינוט הער איך ווי מ'רעדט אין דרויסן אויף העכערע טענער. כ'בין אַרויס זען ווער

ס׳שרייט אַזוי. מאַט האָט מיך דערזען, איז ער אַוועק. אַ שכן זיינער וואָס איז געקומען צופאָרן אויף אַ סולקי, זאָגט מיר, אַז ער האָט געהערט די טענות וואָס מאַט האָט צו פאַנדאָ קאָמונאַל. איך האָב אים געפרעגט: וויפל האָט ער באַקומען פאַרן ליאָן וואָס ער האָט פאַרקויפט ערגעץ אַנדערשווו? זאָגט ער מיר, אַז דאָרטן איז דער רעזולטאַט געווען נאָך ערגער. נו, נו, האָב איך אים שוין געגעבן, דערפאַר איז ער אַנטלאָפן.

***

ג. וו. האָט געהאַט 400 פאַנעגאַס ליאָן. ער האָט געגעבן אַן אָרדער אין קאָאָפּעראַטיוו, אַז ביים פרייז פון 24 פעזעס זאָל מען עס פאַרקויפן. ווען עס איז געשטיגן ביז צו דעם דאָזיקן פרייז, איז ער געקומען בעטן, אַז ער וויל נאָך צוּוואַרטן. דעם לעצטן פאַרקויף וואָס מיר האָבן געמאַכט איז געווען אויף אַריבער 30 פעזעס. מיר האָבן אים געשיקט רופן און געפרעגט, צי מיר זאָלן אַריינרעכענען זיין ליאָן אין פאַרקויף. „אַז עס האַלט אין שטייגן, וועט מסתמא שטייגן נאָך מער״ — איז געווען זיין ענטפער. ער וויל נאָך וואַרטן און ער האָט געוואַרט ביז ער האָט פאַרקויפט וויניקער פון העלפט פון דעם דאָזיקן פרייז. די ביידע און נאָך אַזעלכע זענען נאָך דעם געוואָרן ענטוזיאַסטישע קאָאָפּעראַטיוויסטן און מער נישט שפּעקולירט. מיט געדולד, מיט טאַקט און פעסטע פּרינציפּן, נישט לאָזנדיק באַאיינפלוסט ווערן פון סוחרישע קאָמבי־נאַציעס, האָבן מיר גובר געווען אַלע קעגנערס, אַלע קעגנערישקייטן און שטערונגען. די צייט האָט געלערנט די פירערס. אויך די מיטגלידער האָבן געלערנט, נאָך דעם ווי עס האָט זיי געקאָסט רבי־געלט. ביז דער געזונטער חוש, ביי ווערמען פון אידעאַליסטישן און ביי ווערמען פון עגאָיִסטישן שטאַנד־פּונקט, האָט גענומען די איבערהאַנט. איך זאָג „פון עגאָיִסטישן״, ווייל די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז אַפילו צוליב ריין־פּערזענלעכע נוצן לוינט זיך בעסער צו זיין אַ שותף צום קאָלעקטיוו.

# אברהם גאַבים

פאַראַן אַ פּלוגתא, צי די עפּאָכע רופט אַרויס די פעיִקייט ביי באַגאַבטע מענטשן צו נעמען דעם רודער פון דער צייט אין וועלכער זיי לעבן, אָדער דער באַגאַבטער מענטש שאַפט די עפּאָכע מיט זיין גייסט און וויזיע, וואָס העלפט אים מיטצורייסן די מאַסן און לייגן זיין חותם אויף זיין גענעראַציע. וועל איך זיך נישט דערלויבן צו זאָגן אַ מיינונג וועגן אַזאַ ערנסטער פילאָ־סאָפישער פראַגע; אָבער, ווי אַזעלכער וואָס האָט ד׳רכגעמאַכט אַ שול אַריבער פיר צענדליק יאָרן פון שוואַרצער טעגלעכער אַרבעט, פון בויען און שאַפן, ליידן און פריידן, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו באַמערקן, אַז אין אַ סך פאַלן איז עס דער מענטש וואָס מאַכט, די זאַכן זאָלן זיין אַזוי ווי זיי זע־נען, ער ראַטעוועט אָפּ סיטואַציעס און ער שמידט דעם גורל פון דער גע־זעלשאַפט.

אברהם גאַביס געהערט בלי ספק צו דער קאַטעגאָריע. דער צופאַל האָט געוואָלט, ער זאָל קומען אין דאָמינגעז און זיך באַקענען מיט אַ מיידל, זיין איצטיקע פרוי, פון דער נאַטור אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין באמונה, און ער, גאַביס, זאָל אַריינגענומען ווערן ווי אַ באַאַמטער אין דעם קאָנסום־אָפּטייל פון פאָנדאָ קאָמונאַל. ווען מען איז צו מיר געקומען פאָרלייגן זיין קאַנדידאַטור, בין איך נישט געווען — וואָס אַן אמת — שטאַרק ענטוזיאַזמירט. איך האָב אים נישט געקענט פערזענלעך און האָב נישט געהאַט קיין צוטרוי צו אַ יונגג־מאַן וואָס קומט פון דער גרויסער שטאָט. אָבער ווען ער האָט אָפּגעאַרבעט עטלעכע טעג, האָב איך געזען, אַז ער איז דער ריכטיקער מענטש אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן.

ביי אַ באַאַמטן פון אַ קאָאָפּעראַטיוו פאָדערט זיך, ער זאָל שטיין קול־טורעל העכער ווי דער דורכשניטלעכער מיטגליד, האָבן געדולד, אויסדויער־קראַפט און וויסן, אַז מיט יעדער אַרבעט וואָס ער טוט, דערפילט ער אַ גע־וויסע מיסיע; ער דאַרף זען אין זיין אַרבעט אַ ביישטייער צו אַן אידעאַל, פאַר־בונדן מיט פרייער קאָאָפּעראַציע. אָט די אייגנשאַפטן האָב איך אין אַ גרויסער מאָס באַלד פון אָנהייב באַמערקט ביי דעם חבר גאַביס. שטיל, באַשיידן, פלעגט ער זיך צושטעלן יעדן פרימאָרגן צו זיין אַרבעט, מיט דרך־ארץ צו זיך אַליין, פילנדיק די פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ער האָט פאַרן פּאָסטן וואָס ער פאַרנעמט. האָט ער באַהאַנדלט דעם מיטגליד חברלעך, רויִק און אויסגע־

נוצט יעדע געלעגנהייט אויף צו געבן צו פאַרשטיין די מיטגלידער דעם זין פון די סחורות וואָס ליגן אויף די פּאָליצעס.

מען דאַרף געדענקען, אַז מיר ריידן פון יענער צייט, ווען די קרעמערס האָבן זיך נאָך נישט געהאַט צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז עס מעג עקסיסטירן אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־קראָם, בעת די מיטגלידער זענען נאָך ענג גע־ווען פאַרבונדן מיט די ביכער פון קרעמער. דעם קרעמערס גרויסער בוך האָט געהאַט אַ סך קליינע ביכעלעך און דער גרויסער בוך פלעגט זיך אַמאָל צעשרייען אויף די קליינע ביכעלעך, אַמאָל פלעגט ער דעם אָדער יענעם בי־כעלע אונטערטראָגן אַ צוקערל, ווי עס פירט זיך צווישן גרויסע און גראָבע, מיט קלענערע און איידעלערע. קיין קעגן־פּראָפּאַגאַנדע האָט נישט געפעלט. עס האָט זיך דעריבער געפאָדערט אַ מענטש מיט אַ ספּעציעל צוגעפּאַסטן כאַראַקטער: אַ מאָל הערן און שווייגן, אַ מאָל זיך מאַכן נישט־הערנדיק און אַ מאָל ריידן ביז יענער זאָל מוזן שווייגן. מען האָט זיך געמוזט רעכענען מיטן טעמפּעראַמענט פון יעדן מיטגליד, מיט זיין מאָמענטאַלער שטימונג. מען האָט געדאַרפט שאַפן פאַר זיך אַליין נייע דערציִונג־מעטאָדן, אויסוואָרצלען אַלטע קאָנצעפּטן און איינוואָרצלען נייע, און דאָס — אויף אַ נישט־באַמערק־לעכן אופן, מיט טאַקט, מיט קענען אַ מאָל ליידן פון יענעם, כדי אַזוי אַרום אים צו געווינען פאַרן קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל. אברהם גאַביס האָט געהאַט דעם מאָראַלישן כוח. ער איז געגאַנגען מיט די אָנגעצייכנטע מעטאָדן און איז געוואָרן אַ וויכטיקער מיטאַרבעטער אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

דער קאָאָפּעראַטיוו איז זיך צעוואַקסן און גאַביס איז געוואַקסן צוזאַמען מיט אים. ביי דער ערשטער געלעגנהייט איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן די אָנפירונג פון פאָנדאָ קאָמונאַל. דאָס איז געווען אין די סאַמע קריטישסטע יאָרן וואָס די קערפּערשאַפט האָט איבערגעלעבט, נישט בלויז מאַטעריעל, נאָר אויך מאָראַליש. צו דעם מצב האָבן נישט־דערפאַרענע מנהיגים דער־פירט. אַ חוץ דעם האָט מען גאַביסן, — צוליב ריין פערזענלעכע אַמביציעס, — פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש. אָבער ער האָט אויסגעהאַלטן די שווערסטע פּראָבעס און געבליבן פעסט ביז היינט צו טאָג אויף די קאָאָפּעראַטיווע פּאָ־זיציעס.

דער קאָאָפּעראַטיוויזם וואַקסט און גאַביס וואַקסט מיט אים. ער לערנט, ער וויסט דעם הויכן זין פון פרייער קאָאָפּעראַציע און איז איינער פון זיינע שומרים.

# לײַ־ און שפּאָר־קאַסעס

אין די יאָרן 1913/14 האָט די אָרעמקייט און נויט פאַרכאַפּט אַ סך פאַמיליעס אין די קאָלאָניעס ווי אין די דערבײַיאיקע שטעטלעך צוליב די אָפּטע און צופיל רעגנס האָט מען נישט געקענט באַאַרבעטן די פעלדער, די וועגן זענען געווען טיף־בלאָטיקע, די טײַכן זענען געווען פאַרפלייצט. עס זענען געווען פאַלן, ווען דער חתן מיט די מחותנים האָבן נישט געקענט קומען צו דעם באַשטימטן טאָג צו דער חופּה, ווײַל עס איז נישט מעגלעך געווען איבערצופאָרן די טײַכלעך. צום מיינסטן האָבן געליטן די אָרעמערע קאָלאָניסטן און די יעניקע וואָס פלעגן ציִען זייער חיונה פון אַרומפאָרן מיט אַ וואָגן און פאַרקויפן געטריקנטע פיש, פּרוכטן, קאַרטאָפל. צום ערגסטן האָט זיך עס געפילט אין שטעטל „לאַ קאַפּיזשאַ״, ווײַל זי געפינט זיך 15 קילאָמעטער פון אַ באַן־סטאַנציע, און עס זענען געווען טעג וואָס די קאָמוניקאַציע איז געווען אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. די דאָזיקע סיטואַציע האָט גורם געווען, אַז אָנשטענדיקע פאַמיליעס האָבן געמוזט אָנקומען צו צדקה.

אין אַ פרייטיק פאַר נאַכט, גייענדיק פון קאָאָפּעראַטיוו צו מיר אַהיים, טאָפּטשענדיק אין די בלאָטעס וואָס „לאַ קאַפּיזשאַ״ האָט געהאַט לרוב, האָבן מיר אָפּגעשטעלט פיניע פיינשטיין און משה יוסטמאַן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען געלט אויף צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע פאַמיליעס, און מיר געזאָגט, אַז די פאַמיליע ג. מיט פינף קליינע קינדער האָבן נישט קיין ברויט אויף שבת. אויסהערנדיק זיי, האָב איך זיי געזאָגט, אַז ערשטנס וועלן זיין טאָן אַ שלעכטע טובה דער פאַמיליע ג., אויב מען וועט זיי ברענגען הילף אין פאָרעם פון אַ נדבה, ווײַל דאָס וועט זיי דערשלאָגן מאָראַליש; צווייטנס, איז נישט קיין תכלית צו בעטן אַלע טאָג נדבות. ביי מיר אַליין האָבן די דערמאָנטע גענומען אין יענעם חודש, ביסלעכווייז, 60 פּעזעס, בעת מיין געהאַלט איז באַשטאַנען פון 200 פּעזעס און קיין אַנדערע הכנסות האָב איך נישט געהאַט; דריטנס, מוז מען זיך באַמיִען, אַז אַזעלכע פאַמיליעס ווי ג. זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרדינען אויף זייער באַשיידענעם אויסהאַלט. ער קען נישט אַרומפאָרן מיטן וואָגן, ווײַל עס זענען געפאַלן זיינע צוויי פערד — דאַרף מען אים געבן די מעגלעכקייט ער זאָל קויפן אַנדערע פערד און זאָל פאַרדינען זיין פרנסה בכבוד.

צוליב דעם צוועק האָב איך זיי איינגעלאַדן קומען צו מיר מיט גאַנץ

שכנים שבת אין אָוונט אויף צו באַטראַכטן די מעגלעכקייט צו גרינדן אַ לײַ־אין שפּאָר־קאַסע, ווו דער גויטבאַדערפטיקער זאָל קענען באַקומען אַ הלוואה אויף אויסצוצאָלן אויף לייכטע באַדינגונגען. דער באַדערפטיקער ווערט אַליין אַ מיטגליד אין דער קאַסע, און ביים בעטן אַ קרעדיט, פילט ער זיך ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד און נישט קיין טובה־בעטער און נישט קיין טובה־שולדיקער, וואָס נעמט צו די ווירדע ביים מענטשן. וואָס אָנבאַלאַנגט אויף שבת — לאָזט עס איבער פאַר מיר.

שבת אין אָוונט זענען געקומען די דערמאָנטע צוויי און די שכנים זייגער, פעלדמאַן, קיציס, באַיגרויס א״אַ, פאַר וועלכע איך האָב פאָרגעלייענט דעם פּראָיעקט וואָס איך האָב צוגעגרייט פאַר דער גרינדונג פון אַ לײַ־ און שפּאָר־קאַסע, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון פּלאַץ און צייט. מאַטעריאַל פאַר דעם פּראָיעקט האָב איך געהאַט באַקומען פון פעטערבורג, אויף דער אָנווייזונג פון אינזשיניער עקיבא עטינגער. דער פּראָיעקט איז אין פּרינציפּ אָנגענומען געוואָרן און נאָך אַ פּאָר אָוונטן פון דיסקוסיעס זענען באַשטעטיקט געוואָרן די סטאַטוטן און מען איז גלייך צוגעטראָטן צו דער רעאַליזירונג. מען האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע. פאַר מיר האָב איך גענומען דעם אַמט פון רעכענונגס־איבערזעער, כדי צו קענען אַכטונג געבן אויף דער פּינקטלעכקייט פון דער קאַסע־פירונג.

די ערשטע הלוואות וואָס מען האָט אַרויסגעגעבן איז געווען צו דרייסיק פּעזעס, אויסצוצאָלן אַ פּעזע אַ וואָך. דער ערשטער וואָס איז געבליבן שולדיק פאַר דריי וואָכן איז געווען דער מיטגליד לאַמ. איך האָב געבעטן דעם פּרעזידענט, ער זאָל אים שיקן אַ בריוו, אַז ביז פינף טעג מוז ער באַצאָלן די דריי פּעזעס. לאַמ. איז גלייך געקומען צו מיר אַ ווייַנענדיקער, אַז ער האָט נישט די דריי פּעזעס. זיין פּרנסה איז געווען: ווען אַ רייזנדיקער אָדער אַן אַנדער צופעליקער דורכפאָרער דורכן שטעטל איז געווען הונגעריק, פלעגט ער אַריינגיין צו אים עסן אַן אָנבייסן צי אַ וועטשערע, נאָר אַזוי ווי צוליב די אָנגעוויזענע סיבות איז קיין פרעמדער נישט געקומען אין „לאַ קאַפּיזשאַ״, איז געווען אַ פּראַגע צי זיין אייגענע פאַמיליע האָט זאַט צום עסן. אָבער איך האָב געמוזט האַנדלען שטרענג, ווייל דער דערפאָלג פון אַ לײַ־ און שפּאָר־קאַסע איז אָפּהענגיק פון דער פּינקטלעכקייט פון די צאָלונגען מצד די מיטגלידער. איך האָב געליִען לאַמ. די דריי פּעזעס און ער האָט באַצאָלט אין קאַסע.

איינזעענדיק דעם גוטן גאַנג פון דער לײַ־ און שפּאָר־קאַסע, זענען צוגעקומען יעדע וואָך נייע מיטגלידער פון די קאָלאָניעס, ווי אויך גרעסערע קרעמער פון שטעטל. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן ווען איך וועל זאָגן,

אַז די קליינע אָרעמע קאַסע האָט אָפּגעראַטעוועט דעם כבוד פון אָנשטענדיקע פאַמיליעס. די קליינטשיקע הלוואות האָבן אויפגעטאָן גרויסע זאַכן: ווער עס האָט געקויפט אַ פערד אויף צו קענען אַרויספאָרן אין די נאָענטע קאָלאָניעס פאַרקויפן געזאַלצענע פיש וואָס פלעגן אָנקומען פון אורוגוויי; ווער עס האָט געקויפט אַ קו, כדי צו האָבן מילך פאַר די קינדער. דערפאַר האָב איך מיט דער גאַנצער שטרענגקייט אָפּגעהיט, אַז די קאַסע זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צדקה־אינסטיטוציע.

נאָכפאָלגנדיק דעם ביישפּיל, האָט זיך שפּעטער געשאַפן די צווייטע לײַ־און שפּאָר־קאַסע אין דעם שטעטל קלאַראַ, לויט די סטאַטוטן פון „לאַ קאַ־פּיזשאַ״. אין קלאַראַ האָט זיך די קאַסע אַנטוויקלט און איז געוואָרן אַ באַנק אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אין 1915 האָט פּאַנדאָ קאָמונאַל זיך אַריבער־געצויגן קיין דאָמינגעז. איך האָב אויך דאָרט גענומען ריידן מיט די שכנים וועגן דער נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ קאַסע. אָבער דאָ האָב איך זיך אָנגע־טראָפן מיט אומדערוואַרטע שוועריקייטן. די סוחרים האָבן מורא געהאַט, טאָ־מער וויל איך שאַפן עפּעס אַ נייעם קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ פּחד; די בעלי־מלאכות האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, ווייל זיי האָבן גע־האָט פון פריִער אַן אייגענע „שטיק־קאַסע״, וואָס איז פּאַקטיש געווען אומ־טעטיק; זיי האָבן מורא געהאַט צו שאַפן אַ קאַסע בשותּפות מיט די סוחרים. עס האָט מיר געקאָסט פיל מי ביז די קרעמערס האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי לוינט צו שאַפן אַזאַ קאַסע, ווייל דורך דעם וועט מען דערמעגלעכן צו העכערן דעם לעבנס־שטאַנדאַרט פון די אָרעמערע; עס וועט זיין אַ גרעסערע געלט־צירקולאַציע, וועט זיין מער פּרנסה. די אַרבעטער האָב איך ביי פאַרשיידענע צוזאַמענקומען געדאַרפט איבערצייגן וועגן דער באַדייטונג פון ביליקן קרע־דיט, וואָס פאַרמיידט אָנצוקומען צו די בעלי־טובהניקעס, צו וועלכע, ווען מען קריכט אַריין איז שווער פון זיי אַרויסצוקריכן, און האָב געלערנט מיט זיי אַ קאַפּיטל פון מוטואַליזם און דעם אונטערשייד פון אַ שטיק־קאַסע ביז אַ לײַ־קאַסע, וואָס שטיצט זיך אויף קעגנזייטיקע קאָנסטרוקטיווע יסודות.

אַ היפּשע פּאָר יאָר האָט געדויערט ביז עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו איבערצייגן אַלע צדדים, קלאַסן און שיכטן און די קאַסע איז געשאַפן געוואָרן, זיך צעוואַקסן און דערגרייכט צו זיין היינט צו טאָג אַ וויכטיקע פינאַנס־אינ־סטיטוציע.

מיך האָט געהאָלפן אין דער פּראָפּאַגאַנדע צו שאַפן די קאַסע אין דאָ־מינגעז, חיים וואָלקאָף, אַ בעל־מלאכה, פון פאַך אַ שוסטער, מיט אַ געפיל פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און אָרנטלעך אין זיין אַרט דענקען, וואָס איז איינע פון די שענסטע אייגנשאַפטן ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

ביי דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג וואָס איז פאַררופן געוואָרן צו דיסקוטירן אין באַשטעטיקן די סטאַטוטן פון דער לײַ־ און שפּאָר־קאַסע אין דאָמינגעז, האָט זיך אַנטוויקלט אַן אינטערעסאַנטער מיינונג־אויסטויש.

די מערהייט מיטגלידער האָט פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז דאָס דאַרף זיין אַן אינסטיטוציע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. עס איז געווען פאַר־שטענדלעך: פאַר דאָמינגעז, דאָס וויגעלע פון אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוויזם; דאָס פלאַץ ווו עס האָט זיך געפונען דער לידער און לערער פון פרייער קאָאָפּעראַ־ציע — סאַכאַראָוו, וועלכער איז בייגעווען די פאַרזאַמלונג. איך האָב געהאַלטן, אַז די לײַ־ און שפּאָר־קאַסע דאַרף זיך פירן לויט קאָאָפּעראַטיווע פּרינציפּן, דאָס הייסט, אַז אַלע מיטגלידער האָבן נאָר צו איין שטימע, אומאָפּהענגיק פון דער צאָל אַקציעס וואָס מען באַזיצט; די דיווידענדן דאַרפן אויסגעצאָלט ווערן לויט דער פּראָפּאָרץ פון די אָפּעראַציעס, וכו׳; אָבער לעגאַליזירט ווערן דאַרף זי ווי אַן אַנאָנימע געזעלשאַפט, צוליב אַט־די טעמים: אַ קאָאָפּעראַטיוו טאָר נישט פאַרקויפן צו נישט־מיטגלידער, און עס וועט ברענגען נישט־אַנגענעמ־לעכקייטן ביים פאַרקויפן געלט־אַנווייזונגען צו נישט־מיטגלידער. אייניקע האָבן מיר איבערגעריסן און געזאָגט, אַז מען וועט קענען קויפן אויפן נאָמען פון אַ מיטגליד. קעגן דעם האָב איך זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט, אַרגומענ־טירנדיק, אַז אַ קאָאָפּעראַטיוו דאַרף זיין ריין ווי קרישטאָל און אויסמיידן יע־דע סופּערלאַטיווע פאָרעם. דאָס פאַרקויפן אויף פרעמדע נעמען קען אַ מאָל ברענגען צו אומקלאָרקייט, און דאָס מוז מען לכתחילה אויסמיידן. נאָך אַ ברייטן מיינונג־אויסטויש, איז אָנגענומען געוואָרן מיין טעזיס.

די לײַ־ און שפּאָר־קאַסעס האָבן זיך שפּעטער פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, און ווען די פּראָווינציעלע רעגירונג האָט געשאַפן דעם „באַנקאָ דע לאַ פּראָווינסיאַ דע ענטרע־ריאָס״, האָט זי פאַר־בעטן די לײַ־קאַסעס צו ווערן אָפיציעלע פיליעס פון באַנק. אַ סך האָבן עס אָנגענומען. די פון קלאַראַ און דאָמינגעז עקסיסטירן ביז היינט צו טאָג, ווי זעלבשטענדיקע אינסטיטוציעס.

# אַן אויפטרייסלענדיקער אַקט אין דאָמינגעז

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה 1916, זיבן אַ זייגער אין דער פרי. איך האָב זיך געגרייט צו גיין אין שיל, זענען אַריינגעלאָפן צו מיר אין שטוב צוויי עלטערע שכנים, פאַרסאָפּעטע, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, קוים וואָס זיי האָבן געקענט ריידן און זאָגן מיר, אַז מען האָט אַרויסגעגנבעט די ספר־תורות פון שיל. איידער איך האָב באַוויזן צו פרעגן ווען און ווי אַזוי, איז געקומען צו לויפן נאָך איינער, און ווערגנדיק זיך מיט טרערן האָט ער קוים אַרויסגערעדט, אַז די ספר־תורות האָט מען צעריסן און אַריינגעוואָרפן אין בית־הכסא. אַ ציטער איז מיר אַריבער איבערן לייב. איך בין גלייך אַוועק אין קאָמיסאַריאַט. און געבעטן האָב איך, אַז די בעלי־בתים זאָלן קיין זאַך נישט רירן פון אָרט, זיך נישט צורירן מיט די פינגער צו קיין זאַך, צוליב די מעגלעכע אויספאָרשונגען וואָס וועלן זיכער געמאַכט ווערן, ווען די פּאָליציי וועט קומען.

ווען איך האָב אינפאָרמירט דעם קאָמיסאַר וועגן דעם באַרבאַרישן פאַרברעך און אים אויפגעפאָדערט, ער זאָל תיכף מיט מיר גיין צום פּלאַץ, ווו דאָס פאַר־ברעכן איז פאָרגעקומען, האָט ער מיר געענטפערט, אַז „דאָס איז אַן אַקט פון דיינע לאַנדסלייט״ און אַז ער וועט קומען שפּעטער מיט אַ האַלבער שעה. איך האָב אים געזאָגט מיט אַ שטרענגן טאָן, אַז עס איז אויפפאַלנדיק, די פּאָליציי זאָל מאַכן השערות איידער זי האָט געמאַכט די ערשטע אויספאָרשונג. איך האָב שוין פאַרשטאַנען פון וואַנען דער העכט „שמעקט״. בין איך אַוועק און גלייך גערעדט טעלעפאָניש צום פּאָליציי־שעף אין וויזשאַגוויי און געבעטן, ער זאָל קומען אומפאַרזאַמט. איך האָב אויך טעלעגראַפירט צום ראַבינער חלפן קיין בוענאָס־איירעס.

דער פּאָליציי־שעף פון וויזשאַגוויי איז געקומען — עס איז אַ דיסטאַנץ פון 12 קילאָמעטער, — פריִער ווי דער שטעטלשער קאָמיסאַר. מען קען זיך פאָר־שטעלן וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט געהאַט דער קאָמיסאַר ווען ער האָט דערזען דעם פּאָליציי־שעף. דאָס ערשטע וואָס איך האָב געבעטן ביים פּאָליציי־שעף איז געווען, אַז דעם פּראָטאָקאָל זאָל מאַכן אַן אַנדערער, נישט דער קאָמיסאַר און אַז ער זאָל אים צונעמען פון דאָמינגעז, ווייל זיין ענטפער און זיין באַציִונג רופט אַרויס אומצוטרוי. אין שיל איז אַלץ געווען צעוואָרפן: דער וואַנט־זייגער איז געלעגן אויף דער ערד, די ווייזערס זענען געשטאַנען צווישן 12 און 1. דעם קאָמיסאַר האָט מען צוגענומען, אָבער מ'האָט אים געגעבן אַ העכערע שטעלע אין

וויזשאַגוויי. דער דאָזיקער ווילדער אַקט האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיי־נונג. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע, צו וועלכע עס איז גע־קומען די גאַנצע יידישע קאָלאָניע און פאָרשטייערס פון אַלע שטעט און שטעט־לעך פון ענטרע־ריאָס, אויך אַ געוויסע צאָל נישט יידן, איבערהויפּט פון דער פּאָליטישער אָפּאָזיציע, וואָס האָבן אויסגענוצט די טריבונע וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אויף דער פּלאַסע, אויף צו קריטיקירן די ראַדיקאַלע רעגירונג. די מאַ־ניפעסטאַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַ פּאָר טויזנט פּערזאָן, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און די פּראָווינציעלע רעגירונג האָט פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן נישט דערלאָזן, דער דאָזיקער וואַנדאַלישער אַקט זאָל פאַרשוויגן ווערן. עס זענען געשיקט געוואָרן פון פּאַראַנאַ געהיים־פּאָליציי, וואָס פלעגט אַוועקפאָרן מיט גאָר נישט, דאָס הייסט: זיי האָבן נישט געקענט געפינען די שולדיקע... וועל־כע מען האָט געזען פאַר די אויגן.

אַ טייל פון דער אויספאָרשונג־אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין דער ביוראָ פון פּאַנדאָ קאָמונאַל. איך האָב דעריבער געהאַט די געלעגנהייט צו זיין באַקאַנט מיט דעם גאַנצן גאַנג פון דער אַרבעט און האָב געקענט באַמערקן, אַז עס האָט געפעלט גוטער ווילן צו אַנטדעקן די שולדיקע. דעם סוד פון דעם האָבן אַלע פאַרשטאַנען. אָבער מיר האָבן נישט דערלאָזט, אַז דער טומל זאָל שטיל ווערן. דורך פאַרשיידענע געזעצלעכע מיטלען האָבן מיר געפאָדערט, מען זאָל אויפדעקן די פאַרברעכער! ביז עס איז געקומען אַ געהיים־אַגענט און האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט נישט אַוועקפאָרן ביז ער וועט נישט אויסגעפינען די שולדיקע. דער דאָזיקער געהיים־אַגענט האָט זיך טאַקע גענומען ערנסט דורכצופירן זיין מיסיע. ער האָט זיך פאַרזאַמט אין דאָמינגעז עטלעכע וואָכן. ביי איינקע אויספאָרשונ־גען בין איך בייגעווען, און עס האָט זיך געדאַכט — לויט די דערקלערונגען פון די געפאָרשטע — אַז דער סוד איז שוין אויפגעדעקט. אָבער עפּעס ווי דורך אַ געהיימער האַנט פלעגן די עדות און עדותטעס אויפן צווייטן טאָג אָפּלייקענען זייערע דעקלאַראַציעס פון נעכטן.

דער געהיים־אַגענט, אַן אינטעליגענטער מענטש, מיט אַ סך געדולד און טאַקט האָט פאַרגעזעצט ענערגיש זיין מיסיע. ביז אין אַ פּריוואַטן פאַרנאַכט האָט ער מיר אַריינגערופן בייצוזיין די דעקלאַראַציעס פון אַ דינסט, וואָס האָט גע־דינט ביי אַ פאַמיליע אין דאָמינגעז. די דאָזיקע דינסט האָט דערציילט מיט אַלע פּרטים, ווען און ווער עס זענען געווען די דורכפירער. גערעדט האָט ער מיט איר זייער איידל, ביז ער האָט אַרויסגעקראָגן אַלע נייטיקע דאַטעס. ער האָט געהייסן דער פּאָליציי, מען זאָל איר פאַרהאַלטן און האָט געשיקט ברענגען דעם עקזעקו־טאָר.

אויף מאָרגן, שבת גאַנץ פרי, האָט ער צונויפגעפירט יידן. אָבער אין דער

אָנוועזנקייט פון דעם עקזעקוטאָר, האָט זי אַפּגעלייקנט אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט נעכטן. נאָר, ווי האָבן געזאָגט אונדזערע חכמים: „יגעת ומצאת תאמין" — אַז מען אַרבעט, דערגרייכט מען. דער געהיים־אַגענט האָט געאַרבעט, ביז אין אַ טאָג איז ער געקומען מיט דער פריילעכער בשורה, אַז ער האָט שוין אויסגעפונען אַלע דאַטעס וואָס זענען נייטיק, כדי אַרויסצורופן די שולדיקע צו אַ פּראָצעס. און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַראַנאַ איבערצוגעבן זיין שריפטלעכן באַריכט צו די געריקע אויטאָריטעטן. עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט, נישט האָבנדיק קיין שום ידיעות וועגן רעזולטאַט פון דעם באַריכט, האָבן מיר אָנגעפרעגט אין פּאַראַנאַ און דער ענטפער איז געווען, אַז דער דאָזיקער געהיים־אַגענט איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין אַמט, און דערמיט האָט זיך געענדיקט די גערעכטיקייט...

דער קאָמיסאַר פון דאָמינגעז איז געבליבן אויף זיין העכערן פּאָסטן.

# דער באַזוך פון גובערנאַטאָר איז אַדורך מיט נסים

אויף דער איינלאַדונג פון דער יִקאַ, האָט דער גובערנאַטאָר פון ענטרע־ריִאָס ד״ר מיגעל לאַורענסענאַ, דער מיניסטער ד״ר אַנטאָניאָ סאַגאַרנאָ, מיט אַ גאַנצער סוויטע באַזוכט די קאָלאָניעס לוסיענווילע און קלאַראַ. זיי זענען געקו־מען מיט אַ ספּעציעלן באַן. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר זיי אַ הערלעכע אויפנאַמע. אויסער דער יעראַרכיע זענען זיי — דער גובערנאַטאָר ד״ר מיגעל לאַורענסענאַ און דער מיניסטער סאַגאַרנאָ, — געווען ליבעראַלע מענטשן און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן האָבן זיי אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע, אין וואָרט און שריפט, צו די ווערק פון די יִדישע קאָלאָניעס. קיין זאַל איז אין דאָמינגעז נישט געווען, עלעקטרישע באַלייכטונג — געוויס נישט, און איינצוואָרדענען די אויפנאַמע פאַר די אָפיציעלע געסט, האָבן מיר אָפּגעליידיקט אַ טייל פון דעם גרויסן בלעכענעם גאַלפּאָן, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט מעל, ליידיקע זעק, תבואה. מיר האָבן אים באַפּוצט מיט בלומען. די דאַמען־קאָמיסיע וואָס איז פאַר דעם באַשטימט געוואָרן, האָט געטאָן אַלץ מעגלעכס צו געבן דעם גאַלפּאָן אַן אָנשטענדיקן אויסזען. דאָס שווערסטע פּראָבלעם איז געווען צו אינסטאַ־לירן די באַלייכטונג, אָבער דאָס איז אויך געלייזט געוואָרן. די מוניציפּאַליטעט פון וויזשאַגוויי האָט אונדז געליִען עטלעכע גרויסע לאָמפּן וואָס זיי האָבן באַ־נוצט אויף צו באַלייכטן די גאַסן. אין יעדן לאָמפּ איז אַריין פינף ליטער נאַפט, די מוניציפּאַליטעט האָט געשיקט אַ ספּעציעלן פּערסאָנאַל אויפצוהענגען די לאָמפּן. צו דעם צוועק האָבן זיי באַנוצט שטריק. מיין פרוי, וואָס האָט גע־הערט צו דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, האָט זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די שטריק אויף וועלכע די לאָמפּן הענגען, וועלן נישט אויסהאַלטן די משא. זיי האָבן זיך נישט צוגעהערט צו אירע רייד און האָבן געזאָגט, אַז זיי ווייסן בע־סער. פאַרנאַכט האָט ד״ר סאַגאַרנאָ און אינזש' קאָנראַדאָ מאַרטין אוסאַל גע־האַלטן רעדעס און זענען נאָך דעם אַוועק אין וואַגאָן־רעסטאָראַן עסן וועטשע־רע. ניין אַ זייגער אין אָוונט. דער גאַלפּאָן איז געווען פול מיט מענער, פרויען און קינדער. די מוזיק האָט געשפּילט, מען האָט זיך געגרייט צום טאַנצן. דער גענעראַל אָליווערא סעסאַר האָט מיר געבעטן, איך זאָל אים פאָרשטעלן אַ פריילין צום טאַנצן, און דער גובערנאַטאָר ד״ר לאַורענסענאַ לאַדט מיך איין, איך זאָל זיך זעצן לעבן אים און אַ ביסל שמועסן. איך האָב נישט באַוויזן זיך צו זעצן, ווי ס'איז אַראָפּגעפאַלן אַ לאָמפּ ביי די פיס פון גובערנאַטאָר.

ד״ר נאַפּט האָט זיך צעשפּרייט איבער דער הילצערנער פּאָדלאָגע און געגו־מען ברענען. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק. דער גובערנאַטאָר און די געסט זענען אַרונטער הינטער דער בינע און זיך אַרויסגעכאַפּט פון גאַלפּאָן. פרויען, מענער און קינדער האָבן זיך געשפּאַרט צו די טירן. די פלאַמען האָבן זיך געהויבן אין דער הייך. איך האָב געכאַפּט אַ פּאַלטאָ און גענומען לעשן דאָס פייער. איך האָב געהערט ווי איינער שרייט: „פּאָליציי! פּאָליציי!״. אָבער קיין פּאָליציי איז נישט געקומען.

ווען דאָס פייער האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, האָב איך דערזען ווי פון דער צווייטער זייט שטייט נאָך איינער און קלאַפּט מיט אַ מאַנטל, כדי נישט צו לאָזן דעם נאַפּט זיך צעשפּרייטן טיפער אין גאַלפּאָן. און אַזוי האָבן מיר איינגעלאָשן דאָס פייער. דער צווייטער לעשער איז געווען דער גענעראַל אָלי־ווערראַ סעסאַר. ער האָט מיר באַגריסט ווי דעם איינציקן וואָס האָט זיך נישט פאַרלוירן און מיטגעהאָלפן אויסמיידן אַן אומגליק.

ווען דאָס פייער האָט זיך איינגעלאָשן, האָבן מיר זיך ערשט געגעבן רע־כענונג פון דער סכנה וואָס מיר האָבן אויסגעמיטן. ווען עס כאַפּט זיך אָן אַ קלייד (עס איז דעמאָלט געווען די מאָדע פון לאַנגע קליידער), וואָלט חלילה געווען אַ קאַטאַסטראָפע. די מוזיק האָט באַלד אָנגעהויבן שפּילן. מען האָט באַוואָרנט די אַנדערע לאָמפּן זאָלן נישט אַראָפּפאַלן. אָבער די שמחה איז שוין געווען אַ פאַרשטערטע. עס איז געשען אַן אמתער נס. ווען דער לאָמפּ פאַלט מיט עטלעכע סענטימעטער ווייטער, וואָלט ער געטראָפן דעם גובערנאַטאָר גלייך אין קאָפּ אַריין.

**
*

יענעם פאַרנאַכט, שפּאַצירנדיק מיטן ד״ר סאַגאַרנאַ, האָב איך בכיוון אים געפירט פאַרביי דער שיל און אים אָנגעוויזן, אַז דאָס איז די שיל ווו עס האָט פּאַסירט דער וואַנדאַלישער אַקט, מיט פאַרשוועכן די הייליקסטע געפילן פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט. ער האָט דערפילט דעם שטאָך און האָט אַ ציטער געטאָן. „איך בעט דיר, קאַפּלאַן, רייד מיר נישט פון דער דאָזיקער פאַר־שאָלטענער געשעעניש״ און האָט גענומען ריידן וועגן דער פאַרצוימונג אַרום דער פּלאַסאַ.* אויף מיין באַמערקונג, פון וואַנען ער ווייסט פון פאַרצוימונג־ענינים? האָט ער מיר דערציילט איניקע ביאָגראַפישע דאַטעס זיינע: ווי ער איז געבוירן געוואָרן ביי אָרעמע עלטערן, ייִנגלווייז האָט ער געאַרבעט ביי פאַר־צוימונגען, כדי צו פאַרדינען פאַר זיך און אַ מאָל העלפן דער פאַמיליע.

---

* סקווער.

# קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס פאַררופן דורך „עַל האָגאַר אָברעראָ"*

אין יאָר 1922 איז פאָרגעקומען אַ קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס וואָס איז פאַררופן געוואָרן פון „על האָגאַר אָברעראָ", ביי וועלכן עס האָט זיך באַטייליקט פאַנדאָ קאָמונאַל מיט אַ דעלעגאַציע וואָס איז באַשטאַנען פון יואל פערדמאַן און דער שרייבער פון די שורות. דער קאָנגרעס איז אָנגעפירט געוואָרן פון די העכסטע אויטאָריטעטן פונעם קאָאָפּעראַטיוויזם, ווי עס זענען געווען: ד"ר כואַן ב. כוסטאָ, ד"ר ניקאָלאַס רעפּעטאָ, ד"ר אַנכעל כימענעס, מאַנועל ב. לאָפּעס, א"אַ. ביים באַשטימען די קרעדענציאַל־קאָמיסיע, האָט מיין נאָמען אויך פיגורירט. ס'איז צוגעקומען איינער פון די פריִער־אָנגעוויזענע און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „דו ווערסט דאָך זיכער זיין דער „מיעמבראָ אינפאָרמאַנטע",** זאָלסטו זען מ'זאָל אָפּוואַרפן דעם קרעדענציאַל פון אַ דעלעגאַציע וואָס קומט פון אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס אין זיינע סטאַטוטן איז פאַראַן אַ פונקט וואָס זאָגט, אַז די מיטגלידער זענען מחוייב צו גיין יעדן זונטיק אין קלויסטער. דאָס איז קעגן די פּרינציפּן פון קאָאָפּעראַציע. דערפאַר קענען זיי נישט אָנטייל נעמען אין קאָנגרעס".

איך האָב געענטפערט, אַז אויב אַזוי קען איך נישט זיין דער מיעמבראָ אינפאָרמאַנטע צוליב דריי טעמים: ערשטנס, האָבן די אָרגאַניזירער פון קאָנגרעס געוווסט פון דעם דערמאָנטן פונקט און האָבן זיי נישט געדאַרפט איינלאַדן; אַז זיי זענען שוין געקומען לויט אַן אָפיציעלע איינלאַדונג, דאַרף מען זיי איצט נישט באַליידיקן מיט הייסן אַוועקגיין פון קאָנגרעס; צווייטנס, מיין איך, אַז עס איז בעסער צו דיסקוטירן וועגן דעם דאָזיקן פונקט ביים קאָנגרעס (דער געזעץ 11.388 האָט נאָך נישט עקסיסטירט) אין דער קעגנוואַרט פון די פאָרשטייערס פון דעם פאַראינטערעסירטן קאָאָפּעראַטיוו; דריטנס, לוינט נישט אַז איך זאָל זיין דער אינפאָרמאַנט, ווייל איך בין אַ ייִד און עס וועט שלעכט אויסגעטייטשט ווערן ווען איך וועל ראַטן מען זאָל אויסשליסן אַ קאַטוילישן קאָאָפּעראַטיוו. עס האָט אינפאָרמירט אַ צווייטער מיטגליד פון דער קרעדענציאַל־קאָמיסיע. ווי איך האָב פאָרויסגעזען, האָבן די געטראָפענע דעלעגאַטן געפרעגט, פאַר וואָס האָט מען זיי איינגעלאַדן, „די אָרגאַניזיר־קאָ־

* די אַרבעטער־היים.

** דער אינפאָרמאַנט פון דער קאָמיסיע.

מיסיע פון קאָנגרעס האָט דאָך פון פריער געוווסט דעם אינהאַלט פון זייערע סטאַטוטן!". נאָך אַ שטאַרקן פּראָטעסט האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן.

ביי דער ערשטער זיצונג איז אַרויפגעבראַכט געוואָרן אַ דיסקוסיע וועגן דעם, וואָס די פּרויען זענען געשטימט קעגן דער פרייער קאָאָפּעראַציע, דאָס שטערט די אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג. פאַרשיידענע סיבות וועגן דער קעגנערשאַפט פון די פּרויען זענען אָנגעגעבן געוואָרן: 1) קויפנדיק ביי פּרי־וואַטע קרעמערס, נעמען זיי אויף באָרג און דאַרפן נישט בעטן ביים מאַן אַלע טאָג די טעגלעכע פּעזעס; 2) די קרעמערס מאַכן אַ סך פּראָפּאַגאַנדע, שמייכלען צום קליענט, שענקען אַ מאָל עפּעס דעם קינד אָדער דער דינסט, און דאָס ציט צו די קויפערס; 3) קויפנדיק אויף באָרג, קען די ווירטין קויפן לייכטער אַמאָל אַזעלע זאַכן, פאַר וועלכע דער מאַן וואָלט נישט איינגעשטימט. נאָך דעם ווי עטלעכע דעלעגאַטן האָבן אַרויסגעזאָגט זייער קריטיק וועגן דער גלייכגילט פון די פּרויען צום קאָאָפּעראַטיוויזם, האָב איך געבעטן דאָס וואָרט און געזאָגט, אַז די קריטיק איז נישט קיין באַרעכטיקטע. ערשטנס, ווייל דער קאָאָפּעראַטיוויזם איז צונויפגעשטעלט פון קאָאָפּעראַטיוויסטן, און די פּרויען פון די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוויסטן זענען נישט גלייכגילטיק און זיכער נישט קעגנעריש צו זיי. מען דאַרף דער פרוי געבן די מעגלעכקייט זי זאָל זיך פילן גלייכבאַרעכטיקט מיטן מאַן, זי זאָל נישט דאַרפן בעטן ביים מאַן יעדן טאָג עטלעכע פּעזעס. דער באַאַמטער ווי דער טאָג־לוינער, — אויסער דער פּאָנ־דאָ קאָמונאַל, זענען אַלע אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון ביי דעם דאָזיקן קאָנגרעס געוועזן פון אָן אַרבעטער־מיטגלידערשאַפט, — דאַרף באַטראַכטן די פרוי ווי אַ חברטע, ווי אַ שותּפטע וועלכע טראָגט אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן פאַרוואַלטן מיט דער שטוב־ווירטשאַפט, און ער מוז דעריבער נישט וואַרטן זי זאָל בעטן, אָדער איר אויסטיילן די פּעזע און פאָדערן רעכענונג, נאָר איבערגעבן איר די פאַרדינסטן זי זאָל מיט דעם פאַרוואַלטן. עס איז זי־כער, אַז די פרוי איז די געטרייסטע פאַרוואַלטערין. דעמאָלט וועט זי זיין פון די ערשטע וואָס וועט קאָנסומירן נאָר אין קאָאָפּעראַטיוו; צווייטנס, זענען די מע־נער נאָך אויך נישט אַזעלכע ענטוזיאַסטישע קאָאָפּעראַטיוויסטן און פאַר־בלאָנדזשען אויך צום פּריוואַט־קרעמער ווען זיי דאַרפן עפּעס איינקויפן.

ביים שליסן די זיצונג, האָבן אַלע פּרויען וואָס זענען געווען אָנוועזנדיק מיר שטאַרק באַגריסט. איבערהויפּט האָט אויסגעדריקט איר צופרידנקייט די פרוי פאַני רעפּעטאָ,* דערפאַר וואָס איך האָב באַרירט אויף דעם סאָציאַלן מאָמענט אין דער היים פון דעם פּשוטן באַאַמטן און טאָגלוינער.

* די פרוי פון באַרימטן סאָציאַליסטישן פירער, ד״ר ניקאָלאָס רעפּעטאָ.

**
*

אין די קאָמיסיעס וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן, האָב איך געהאַט דעם כבוד צו זיין אין איינער צוזאַמען מיטן ד״ר כּוּאַן ב. כּוסטאָ.* דעם דריטנס נאָמען געדענק איך נישט. מיר זענען זיך צונויפגעקומען אין הויז פון ד״ר כּוסטאָ. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך האָב פיל געלערנט פון די דיסקוסיעס וואָס מיר האָבן ביי דער געלעגנהייט געפירט. איין פּונקט איז מיר געבליבן אין זכרון. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, צי עס לוינט אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן פאַרזאָרגן די מיטגלידער מיט אַלקאָהאָלישע געטראַנקען? ד״ר כּוסטאָ האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָזיטיוון שטאַנדפּונקט. זיין אַרגומענט איז געווען, אַז טרינקען אַ ביסל וויין ביים עסן איז ביי אַ גרויסן טייל מענטשן אַ נויטווענדיקייט און קען קיין פאַל פאַר באַטראַכט ווערן ווי שעדלעך פאַרן געזונט, דאָס זעלביקע מיט אַנדערע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען צום טרינקען אַ ביסל ביים עסן.

מיין מיינונג איז געווען, אַז די קאָאָפּעראַטיוון דאַרפן זיך אָפּהאַלטן פון באַשעפטיקן זיך מיטן דאָזיקן אַרטיקל, וואָס פירט אַראָפּ מענטשן פון גלייכן וועג און איז שעדלעך פיזיש און גייסטיק. ד״ר כּוסטאָ האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד און געפרעגט: „פאַר וואָס מעג אַ קאָאָפּעראַטיוו פאַרקויפן טאַבאַק, וואָס איז אויך שעדלעך פאַרן געזונט?״. איך האָב אים געענטפערט, אַז רויכערן איז אַ געוווינהייט, גוט צי שלעכט, אָבער דאָס האָט צו טאָן מיטן רויכערער אַליין. אין די פאַלן ווען דאָס אַפעקטירט דעם אָרגאַניזם, איז עס נאָר אַ פיזישע אָנגעלעגנהייט וואָס לאָזט זיך לייכט פאַרריכטן, בעת אַלקאָהאָל ווירקט אויף דעם גייסטיקן צושטאַנד און עס איז צום שאָדן פון דער פאַמיליע. איך האָב אים דערביי דערציילט דעם וויץ, ווי אַ פּוילישער פּריץ האָט אַמאָל געצוווּנגען זיין יִדישן אַרענדאַר, ער זאָל טאָן איינע פון די דריי זאַכן: טרינקען וויין, עסן חזיר, אָדער גיין צו דער שיקסע. ווען ער וועט זיך אָפּזאָגן צו טאָן איינע פון די דריי זאַכן, וועט ער אים שיסן. ביי פּיקוח־נפש, האָט דער אַרענדאַר אויסגעקליבן צו טרינקען וויין, ווייל דאָס איז פאַר אים געווען די קלענסטע זינד. אָבער אַבי ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט וויין, האָט ער שוין געבעטן דעם פּריץ, ער זאָל האַלטן אָנגעשטעלט דעם רעוואָלווער, וועט ער שוין זינדיקן מיט די אַנדערע צוויי זאַכן אויך. דער דריטער דעלעגאַט האָט געשטיצט ד״ר כּוסטאָס מיינונג, זאָגנדיק, אַז אויב די קאָאָפּעראַטיוון וועלן נישט פאַרקויפן קיין אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, וועט עס דער מיטגליד סיי־

---

* דער פירער און אידעאָלאָג פון דער אַרגענטינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

ווי באַקומען אין די פּריוואַטע קליטן. דאָס איז ריכטיק — האָב איך אים געזאָגט, — אָבער נישט צוליב דעם דאַרפן די קאָאָפּעראַטיוון סטימולירן זאַכן וואָס זענען נישט ווינטשנסווערט. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זענען געווען מיט דער מיינונג פון ד״ר כוסטאָ. אַלע האָבן די דערמאָנטע געטראַנקען צוגעגרייט פאַר די מיטגלידער.

**
*

ביי איינע פון די זיצונגען איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע וועגן די באַציונגען פון די אַרבעטער צום קאָאָפּעראַטיוו און איינער אַ דעלעגאַט פון אַ קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי האָט אין זייער אַן ענערגישן טאָן באַשולדיקט די אַרבעטער, אַז צוליב זיי קען זייער קאָאָפּעראַטיוו נישט פּראָגרעסירן, ווייל זיי פאָדערן אַ העכערן טאָג־לוין. צווישן אַנדערע האָב איך זיך אויך באַטייליקט אין דער דיסקוסיע און האָב אָנגעוויזן, אַז ערשטנס איז דער קאָאָפּעראַטיוויזם אַ שאַפונג פון אַרבעטער און מיר פאָלגן נאָך זייער אַרבעט, זייער גייסט און זייערע צוגעגרייטע פּרינציפּן. וואָס שייך די פאָדערונג פון אַ בעסערן לוין, דאַרפן די קאָאָפּעראַטיוון זיין די ערשטע צו געבן דעם ביישפּיל אויף נישט צו עקספּלאָאַטירן די אַרבעטער און טאָן אַלץ מעגלעכס צו דערציִען די אַרבעטער פאַר דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און דעמאָלט וועלן מיר זיין זיכער מיטן דערפאָלג. ווען איך האָב געענדיקט מיין עקספּאָזע, איז צוגעקומען צו מיר ד״ר כוסטאָ און האָט מיר געגעבן אַ שטאַרקן האַנטדרוק.

**
*

מען האָט אויך באַהאַנדלט די פראַגע וועגן שאַפן אַ הורט־מאַגאַזין. „על האָגאַר אָברערא״ האָט אָנגעבאָטן זיין פּראַקטיק און רעסורסן און האָט געוואָלט וויסן וועלכע קאָאָפּעראַטיוון שליסן זיך אָן, כדי צו קענען לעגאַליזירן און צוטרעטן צו פּראַקטישער אַרבעט. אַלע דעלעגאַטן האָבן דערקלערט, אַז אין פּרינציפּ פאַרשטייען זיי די וויכטיקייט און נוצלעכקייט פון אַזאַ הורט־געשעפט, אָבער זיי זענען נישט באַפולמעכטיקט צו געבן אַ פּאָזיטיוון, אָדער אַ נעגאַטיוון ענטפער.

אין דער פּרעזידענץ פון קאָנגרעס האָבן זיי זיך אָנגעשטרענגט צו קומען צו אַ קאָנקרעטן באַשלוס. נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע האָט ד״ר רעפעטאָ געזאָגט: „אי קע דיסע קאַפּלאַן?״.* איך האָב פאָרגעלייגט, אַז אין פּרינציפּ זענען די אָנוועזנדיקע דעלעגאַטן מסכים צו דער שאַפונג פון אַ מאַגאַזין פאַרן

* און וואָס זאָגט קאַפּלאַן?

אַנגראָ־פּאַרקויף. יעדער דעלעגאַט וועט וועגן דעם אינפאָרמירן אין זיין די־רעקטאָריום, און גלייך ווי עס וועט אָנקומען די צושטימונג פון צען קאָאָפּע־ראַטיוון, זאָל דער „אַלמאַסען" אָנהייבן פונקציאָנירן, כדי נישט צו דאַרפן פאַררופן נאָך אַ מאָל וועגן דעם אַ קאָנגרעס.

דאָס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן, און ד"ר כוסטאָ האָט זיך אויפ־געהויבן נאָך אַ מאָל פון זיין שטול און מיך געקומען באַגריסן. ד"ר רעפּעטאָ האָט מיך איינגעלאַדן אויף אַ מיטאָג צו אים אין שטוב. איך האָב אים נישט געקענט אָפּזאָגן. איך בין פון דער נאַטור אויס נישט קיין אָנהענגער פון כי־בודים, אָבער אין דעם פאַל האָב איך אים געמוזט נאָכקומען, ווייל ד"ר רע־פּעטאָ האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט זיך פילן באַליידיקט אויב איך וועל נישט קומען. גראָד האָט איך נישט געקענט פאַרברענגען קיין סך צייט מיט ד"ר רעפּעטאָ, דערפאַר וואָס איך האָב געדאַרפט גיין צו דער ציוניסטישער לאַנד־קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך אין יענעם טאָג אָנגעהויבן.

ביי יענעם קאָנגרעס האָב איך זייער פיל געלערנט וועגן קאָאָפּעראַטי־וויזם אין אַלגעמיין און פון די פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן קאָנגרעס. איך האָב זיך נאָך אַ מאָל איבערצייגט אין דעם קלוגן פּרינציפּ, אַז קאָאָפּעראַטיוון טאָרן זיך נישט מישן אין פּאָליטיק. איך וואָלט פּאַראַפראַזירט די פאָרמולע: „פּאָליטיק איז אָפּיום".

נאָך דעם ווי עס האָט זיך געשלאָסן דער צוזאַמענפאָר פון די קאָאָפּע־ראַטיוועס, פאַררופן דורך „על האָגאַר אָברערא", האָבן אַלע דעלעגאַטן באַזוכט דעם אַגראָנאָמישן פאַקולטעט אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר אַנכעל כימענעז. אַ פּראָפעסאָר פון פאַקולטעט האָט אונדז געפירט פון איין אָפּטייל צום צווייטן און געגעבן דערקלערונגען איבער די זאַכן, וואָס די דעלעגאַטן האָט אינטע־ר'עסירט צו וויסן.

ביי דעם עופות־אָפּטייל, וווּ עס זענען געווען פון אַלע סאָרטן און ראַסן, האָבן זיך עטלעכע אָפּגעשטעלט באַטראַכטן אַ סאָרט קאַטשקעס, זייער גרוי־סע. צווישן אַנדערע קאָמענטאַרן, האָט זיך אַ דעלעגאַט אָפּגערופן, אַז די יידן עסן נישט דעם מין קאַטשקעס, און אַרויסגעלאָזט אַ סאַרקאַסטישן געלעכטער. דערביי האָט ער אָנגעהויבן אויסרעכענען, וועלכע מינים פיש, וועלכע מינים חיות און פייגל יידן עסן נישט. געזאָגט האָט ער דאָס אַלץ מיט אַ טאָן פון שפּאָט און באַליידיקנדיקע קאָמענטאַרן.

דערהערנדיק אַזאַ שפּראַך (דער דעלעגאַט איז געווען אַ קוילן־פּאַרקוי־פער), האָב איך געזאָגט די דעלעגאַטן: אויב זיי ווילן עפּעס וויסן וועגן יידן, בין איך זיי גרייט צו געבן גענויערע און גרינטלעכערע דערקלערונגען ווי יענער דעלעגאַט, ווייל איך בין אַ ייד און דערצויגן אין יידישקייט. דער

דעלעגאַט האָט זיך גענומען אויסטענהן מיט מיר אויף העכערע טענער. ווען ד״ר כימענעז האָט דערהערט פון דער ווייטן, איז ער צוגעקומען און מיך אַ פרעג געטאָן. „קע פּאַסאַ, קאַפּלאַן?״.* איך האָב אים געזאָגט, אַז יענער דעלע־גאַט־קאָאָפּעראַטיוויסט האָט געוואָלט אויסניצן די געלעגנהייט ביי דעם אָפּ־טייל פון עופות, אין דער אָפּוועזנקייט פון פּראָפעסאָר וואָס באַגלייט אונדז, און געגעבן אַ לעקציע איבער ייִדישער דיעטע. ד״ר כימענעז האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „הערט מיך אויס, קאַמעראַדן! איך בין פּראָפעסאָר אין מעדיציניש פאַקולטעט, און מיין קלאַס זענען שוין דורכגעגאַנגען הונדער־טער סטודענטן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און ראַסן. איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז די פלייסיקסטע און די וואָס האָבן מער אויסדויער זענען די ייִדישע. צו דעם וועל איך אייך דערציילן אַ זאַך, וואָס קלינגט ווי אַ וויץ. איך האָב פיל געררייזט איבער אייראָפּע און האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט פאַרשיידענע מינים מענטשן און פעלקער, מיט זייערע זיטן און שטייגער פון לעבן. איין מאָל האָט פּאַסירט, פאָרנדיק מיטן באַן קיין ווין, זענען אין וואַגאָן געווען פאַרשיידענע טיפּן פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן גערעדט פאַרשיידענע שפּראַכן. ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, האָב איך זיך צוגעהערט צו זייערע געשפּרעכן. אויף איין באַנק איז געזעסן אַ גלח און געלייענט די פּסאַלמען, אויף אַ צווייטער באַנק זענען געזעסן ייִדן און געשמועסט צווישן זיך. איינער פון זיי האָט גענומען אויסרעכענען די נעמען פון גרויסע פּער־זענלעכקייטן וואָס שטאַמען פון ייִדן, האָט ער אויך דערמאָנט דעם באַגרינדער פונעם סאָציאַליזם — קאַרל מאַרקס, דעם פילאָסאָף ספּינאָזאַ, דעם שטאַטסמאַן ביקאָנספּיעלד, דעם מוזיקער מעיערבער, דעם סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי, דעם פינאַנסיסט ראָטשילד. אַזוי האָט ער פאָרגעזעצט ציטירן נעמען פון ייִדן וואָס האָבן מיטגעווירקט צום פּראָגרעס אין דער ליטעראַטור, קונסט, מוזיק און פּאָ־ליטיק. דער גלח וואָס האָט דאָס אַלץ געהערט, האָט זיך גערדרייט נערוועז אויף זיין זיצפּלאַץ, ביז דער ייִד האָט דערמאָנט, אַז דער אינטענדענט פון רוים — נאַטהאַן — איז אויך אַ ייִד. דאָס לעצטע, ווייזט אויס, האָט שוין אין גאַנצן אַרויסגעבראַכט פון געדולד דעם גלח. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם תהילים־ספר און אויפגעהויבן די הענט אין דער הייך, פאַרגלאָצט די אויגן און אויסגערופן: — אָ, יעזוס, אָ, יעזוס! דער ייִד האָט גלייך אונטערגעכאַפּט: — אויך געווען אַ ייִד!״.

דער דערמאָנטער דעלעגאַט האָט זיך אַרויסגערוקט און איז אַוועק. ביים געזעגענען זיך, האָב איך אים נישט געזען.

* וואָס געשעט, קאַפּלאַן?

# איך זאָג זיך אָפּ פון מיין פונקציע אין „פּאָנדאָ קאָמונאַל"

ענדלעך, אין יאָר 1920, האָב איך דערזען מיין ווונטש דערפילט: פּאָנדאָ קאָמונאַל האָט געענדיקט אויסצאָלן אַלע חובות, אַלטע און נייע, מיט די גע־העריקע אָנגעוואַקסענע פּראָצענטער; אַלע אָפּטיילן האָבן פונקציאָנירט נאָר־מאַל; די עקאָנאָמישע לאַגע פון די קאָלאָניסטן־מיטגלידער איז אַריין אין אַ נאָרמאַלן מצב; דער אַקטיוו פון דעם קאָאָפּעראַטיוו — ריין און פעסט, מיט פּרעסטיזש און אָנערקענונג. נאָר איך אַליין בין געווען פיזיש פולשטענדיק אויסגעשעפּט און בין געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציען פון מיין פּאַרוואַל־טער־פּאָסטן.

דער ראַט פון פּאָנדאָ קאָמונאַל האָט מיך נישט געוואָלט באַפרייען. נאָר אַ דאַנק דעם ד"ר רובינשטיין, וועלכער האָט דערקלערט ביי אַ זיצונג, אַז אויב מען וועט מיך נישט באַפרייען וועל איך ביז צו די זעקס מאָנאַטן האָבן דעם זעלביקן סוף ווי ד"ר ירחי. איז מיין רעזיגנאַציע אָנגענומען געוואָרן. מען האָט מיר געגעבן אַ גראַטיפיקאַציע פון אַ יאָר צייט געהאַלט. מען האָט געלאָזט פאַר דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג צו באַשטימען וועגן נאָכן יאָר. די גענעראַל־פאַר־זאַמלונג האָט מיר אויסגעקליבן פאַר ראַטמאַן, אָבער איך האָב דעם ערן־אַמט נישט אָנגענומען, ווייל מיין ברודער אהרן ע"ה האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון פאַרוואַלטער, און לויט מיין איבערצייגונג איז נישט דערלויבט אַז איין ברודער זאָל זיין דירעקטאָר און אַ צווייטער ברודער אַ פונקציאָנאַר, און דאָס — צוליב עטישע פּרינציפּן. דער דירעקטיווער ראַט האָט באַשטימט פאַר מיר דאָס רעכט איינגעלאַדן צו ווערן צו אַלע זיצונגען און זיך באַטייליקן אין די דיסקוסיעס, אָן שטימרעכט.

דער אמת איז, אַז נישט איך האָב געוואָלט און נישט איך האָב געקענט זיך אָפּזונדערן פון דעם קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז געווען מיין צווייטער לעבנס־אידעאַל נאָכן ציוניזם. איך האָב דאָך אַוועקגעגעבן פופצן פון מיינע יונגע יאָרן, וואָס האָט מיר געקאָסט כמעט מיין גאַנץ לעבן פאַר דער קאָאָפּעראַ־טיווער באַוועגונג ביז דעמאָלט, און האָב עס נישט פאַרלאָזט קיין מאָל. אַ גרויסע צאָל מיטגלידער האָט זיך נישט געוואָלט אָפּגעוויינען פון מיר, אַזוי, אַז מיט מיינע לעצטע כוחות האָב איך ווי ווייט מעגלעך מיטגעאַרבעט און מיטגעווירקט. איך געדענק, אַז גייענדיק אין אַ געוויסן טאָג פון מיין שטוב

ביז צום שפּיטאָל פון דאָמינגעז, בין איך געבליבן שטיין, זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ סלופּ אויף אָפּצורוען זיך אַ ביסל. עס זענען פאַרבייגעגאַנגען שמואל־יואל הורוויץ און שמחה באַנטשיק, — זיי זענען געקומען פון באַסאַווילבאַסאָ צו אַ בשותפותדיקע זיצונג מיט פּאַנדאָ קאָמונאַל, — האָב איך געהערט ווי זיי זאָגן: „דאָרט שטייט אַ לעבעדיקער מת". פריילעך אויפן האַרצן איז מיר נישט געוואָרן פון דעם זאָג, אָבער דעם מוט האָב איך נישט פאַרלוירן; ווי שוואַך איך בין געווען, האָב איך נישט געקענט רוען. קען זיין אַז מיין אימפּעט און מיין אומרויִקער כאַראַקטער וואָס שטויסט מיר צו זיין שטענדיק אַקטיוו, האָט מיטגעהאָלפן אַז מיין אָרגאַניזם זאָל גובר זיין די פיזישע שוואַכקייט.

עס זענען גראָד אין יענער צייט פאָרגעקומען אויפברויזן מיט טענדענציעזע ריכטונגען: רעכטע און לינקע. עס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן גע־קינסטלטע מיינונג־פאַרשיידנקייטן פון קאָלאָניסטן מיט אַרבעטער, וואָס האָט דערפירט צו קאָנפליקטן, נישט באַגרינדעטע שטרייקן, וואָס האָט געקאָסט אַ סך בייז בלוט. אָנפירערס, אַגיטאַטאָרס, — אויפריכטיקע און נישט אויפריכ־טיקע, — האָבן אָרגאַניזירט פאַרשיידענע סינדיקאַטן: פאַר טאָג־לוינער, באַ־אַמטע, צופעליקע אַרבעטער ביי דרעש־מאַשינען, משא־טראַנספּאָרטירערס מיט אייגענע פערד־און־וואָגן, א"אַ. די קאָלאָניסטן האָבן מקיים געווען פּינקט־לעך מיט אַלע אָנווייזונגען פון די סינדיקאַטן.

ביי די בעלי־בתים פון די דרעש־מאַשינען האָט דער סינדיקאַט געפאָדערט זיי זאָלן נעמען בלויז אַזעלכע אַרבעטער וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין זייער אָר־גאַניזאַציע. די בעלי־בתים האָבן נישט געהאַט דאַקעגן. עס זענען געווען אַזעל־כע בעלי־בתים וואָס זענען גרייט געווען צו צאָלן דעם מאָנאַטלעכן אָפּצאָל פאַר די אַרבעטער, נאָר נישט אַלע פּעאָנען האָבן זיך געוואָלט אָנשליסן אין סינדיקאַט. עס זענען געווען פּאָליטישע „קאַודיזשאָס",* קאָנסערוואַטאָרן, וואָס האָבן געזוכט נישט צו דערלאָזן צו אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. ס'רוב פון די פּעאָנען זענען געווען אַנאַלפאַבעטן און זענען געווען דערצויגן צו פאָלגן דאָס וואָס דער קאָמיסאַר, אָדער אַן אַנדער „דאָן" האָט געזאָגט. די אָנפירערס פון סינדיקאַט אין דאָמינגעז זענען געווען מאחינו בני ישראל, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דערפאַרונג אין דער אָנפירונג פון אַזעלכע אַרבעטער־באַוועגונ־גען; זיי האָבן נישט גענוג פאַרשטאַנען מיט וואָס פאַר אַן עלעמענט זיי האָבן צו טאָן.

האָט פּאַסירט, אַז דער סינדיקאַט פון דאָמינגעז האָט געגעבן אַ באַפעל די פּעאָנען וואָס האָבן געאַרבעט אין די גאַלפּאָנען ווו די תבואה־סוחרים און

* תקיפים.

פאַנדאָ קאָמונאַל נעמען אָפּ די תבואה ביי די קאָלאָניסטן, אַז ביים קאָלאָניסט וואָס האָט געדרעשעט מיט אַ דרעש־מאַשין ביי וועלכער די פעאָנען, אָדער אַ טייל פון זיי זענען נישט אָנגעשלאָסן אין סינדיקאַט, זאָל מען ביי אים נישט אַראָפּנעמען די זעק תבואה וואָס ער ברענגט מיט זיינע וועגענער. איך זאָג „סינדיקאַט פון דאָמינגעז״, ווייל אין יעדער באַן־סטאַציע איז געווען אַ באַזונ־דערער סינדיקאַט. די צענטראַלע איז געווען אין וויזשאַגווי. פון דעם האָט זיך אָנגעהויבן דער קאָנפליקט אין אַ פאַרשאַרפטער פאָרעם.

קאָלאָניסטן האָבן געפרעגט: „וואָס זענען מיר שולדיק וואָס די פעאָנען ביי די דרעש־מאַשינען געהערן נישט צום סינדיקאַט? מיר האָבן אויסגעפאָלגט אַלץ וואָס דער סינדיקאַט האָט באַשטימט: דעם טאָגלוין, די רו־שעהן, דאָס עסן, וואָס האָט איר צו אונדז? פאַר וואָס איז אין קיין אַנדער סטאַציע נישט פאַראַנען אַזעלכע פאַראָרדענונגען? פאַר וואָס איז דאָמינגעז אַן אויסנאַם? פאַר וואָס אין די גאַלפּאָנען פון די סוחרים פון דאָמינגעז גופא נעמט מען אַראָפּ די זעק תבואה פון די קאָלאָניסטישע וועגענער, נאָר אין קאָאָפּעראַטיוו נישט? דער קאָלאָניסט וואָס האָט געבראַכט זיינע תבואות אין קאָאָפּעראַטיוו האָט געמוזט צוריקפאָרן מיט די זעק הונדערט מעטער וויטער, צום גאַלפּאָן פון אַ פּריוואַטן סוחר, און דאָרט האָט מען צוגענומען די תבואה און די פעאָנען האָבן נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן״.

דעם ערשטן טאָג האָבן די פעאָנען פון די סוחרים זיך אויך אָפּגעזאָגט אַראָפּצונעמען די זעק פון די געדראָשענע ביי די דערמאָנטע דרעש־מאַשינען, אָבער אויפן צווייטן טאָג זענען צופעליק די ערשטע וועגענער וואָס זענען געקומען גאַנץ פרי געווען פון רוסיש־דייטשע קאָלאָניסטן, און די האָבן קיין סך נישט געקלערט און געזאָגט, אַז אויב זיי ווילן נישט, וועט מען אַליין אַראָפּ־נעמען די זעק פון די וועגענער; „אויב איר וועט אונדז נישט לאָזן מיט גוטן, וועט איר לאָזן מיט בייזן״, און האָבן זיך גלייך געשטעלט גרייט צו באַווייזן וואָס זיי קענען. דאָס האָט געווירקט בעסער ווי די בעסטע רייד, און מען האָט זייער תבואה אַראָפּגענומען פון די וועגענער.

דער סינדיקאַט פון וויזשאַגווי האָט אויך נישט מסכים געווען מיט דער האַנדלונג פון דאָמינגעזער סינדיקאַט. די ערשטע האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז מען קען נישט באַשולדיקן די קאָלאָניסטן פאַר דעם וואָס אַרבעטער ביי דער דרעש־מאַשין זענען נישט אָנגעשלאָסן אין סינדיקאַט. נאָך אַן אומדערקלער־לעכע זאַך איז געווען, דאָס וואָס דער סינדיקאַט איז צונויפגעשטעלט פון פאַרשיידענע פאַכן, אַריינגערעכנט אויך די באַאַמטע פון פאַנדאָ קאָמונאַל. עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז ווען פאַנדאָ קאָמונאַל זאָל דאַרפן צונעמען אַ בוכהאַלטער, וועט ער פריער מוזן אָנפרעגן ביים טירהיטער, וואָס איז געווען

דער סעקרעטאַר פון סינדיקאַט און צו דעם נאָך אַן אַנאַלפאַבעט. די אַרבעטער פון די גאַלפּאַנען, די קאַררעראָס* און די באַאַמטע פון קאָאָפּעראַטיוו האָבן דערקלערט אַ שטרייק.

איך האָב גערעדט מיט די אָנפירערס פון שטרייק, גראַד אינטעליגענטע מענטשן, און האָב זיי באַוויזן אַז דער מיש־מאַש פון פאַרשיידענע עלעמענטן האַלט נישט אויס קיין לאָגיק. אומעטום אָרגאַניזירט זיך יעדער פאַך באַזונדער, ווען נייטיק, בעטן זיי אַ סאָלידאַרישע שטיצע איינע ביי די אַנדערע, אָבער ס'איז נישט פאַרשטענדלעך דאָס וועלן אַריינגעמען אין איין אָרגאַניזאַציע פאַרשיידענע מינים אַרבעטער.

איך האָב אָנגעפרעגט שריפטלעך ביים פאַרוואַלטער פון קאָאָפּעראַטיוו על האַגאַר אָברעראָ וועגן דעם. ער האָט מיר געענטפערט, אַז מיין שטאַנדפונקט איז אַ ריכטיקער; אויך די באַאַמטע פון על האַגאַר אָברעראָ זענען אָרגאַניזירט און פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן, אָבער זיי זענען נישט אָנגעשלאָסן אין דעם סינדיקאַט פון די באַאַמטע פון פריוואַטן קאָמערץ, דערפאַר וואָס די באַדינגונגען און דאָס אויפפאַסן פון די פּראָבלעמען זענען גאַנצלעך פאַרשיידן. אָבער די פון דאָמינגעז האָבן זיך געהאַלטן פאַרעקשנט ביי זייער שטעלונג.

די געמיטער פון די קאָלאָניסטן זענען געוואָרן פון טאָג צו טאָג מער אויפגעברויזט. נאָך מער האָט זיך געשטאַרקט דער פאַרדראָס, פאַר וואָס מען באַציט זיך שטרענגער צו די יידישע קאָלאָניסטן וואָס ברענגען זייער תבואה אין דעם קאָאָפּעראַטיוו, ווי צו די אַנדערע וואָס זענען נישט קיין מיטגלידער אין קאָאָפּעראַטיוו און פאַרקויפן זייער פּראָדוקט צו פּריוואַטע סוחרים.

איין טאָג, גאַנץ פרי, איז געקומען אַ קאָלאָניסטישער בחור מיט אַ וואָגן ווייץ צום גאַלפּאָן פון פאַנדאַ קאָמונאַל, און מען האָט נישט געוואָלט אַראָפּנעמען די זעק. איז ער געגאַנגען ריידן מיט איינעם פון די אָנפירער פון סינדיקאַט. נישט קענענדיק פועלן גאָר נישט, איז דער בחור אַרויס פון געדולד און איז אַריבער צו געבן קלעפּ, צעקלאַפּנדיק שטאַרק דעם אָנפירער. דער בחור איז געווען לעוויצקי, און דער געשלאָגענער איז געווען אַקסענצאָוו.

די פּאָליציי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און איינגעזעצט דעם צעשלאָגענעם אין תפיסה פון ווילשאַגוויי. די קאָנסעקווענצן זענען געווען טרויעריקע: אין אַ טאָג, פרייטיק, האָבן זיך פאַרזאַמלט די אַרבעטער אויף דער פּלאַסאַ פון ווילשאַגוויי און געפאָדערט די באַפרייונג פון דעם איינגעזעצטן. עס

* בעלי־עגלהס.

איז געקומען צו אַ געשלעג און שיסעריי. עס איז געפאַלן אַ יונגערמאַן, אַ זון פון די קאָנסערוואַטיווע פּאָליטיקער — געשמועסט האָט מען, אַז דאָס איז געווען אַ שטיקל אַרבעט פון די פּאָליטישע קעגנערס, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם טומל וואָס ס׳האָט זיך געשאַפן. עטלעכע פון די אָנפירערס — אַגב, אַלע יידן — האָט מען פאַרשפּאַרט אין תפיסה. ווי דער שטייגער, האָט מען געוואָרפן די גאַנצע שולד אויף יידן און מ׳האָט געסטראַשעט מיט נקמה.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין וויזשאַגוויי גרייט מען צו אַ פּאָר הונדערט גאַוטשאָס, געבראַכטע פון די האַלב־ווילדע וועלדער, אויף צו שיקן זיי קיין דאָמינגעז, זיי זאָלן זיך נוקם זיין פאַר דעם הרוג. אַ סך פאַמיליעס האָבן אַוועקגעשיקט די קינדער אין די ווייטערע שטעטלעך און די דאָמינגעזער בעלי־בתים האָבן זיך געווענדעט צו דער פּראָווינציעלער רעגירונג אין פּאַראַנאַ, בעטנדיק זיי זאָלן פאַרשטאַרקן די פּאָליצייאישע שמירה, כדי צו פאַרמיידן אומאַנגענעמע קאָנסעקווענצן. צום גליק זענען די גאַוטשאָס געקומען, אָבער די אָנפירערס זייערע און די פּאָליציי האָבן שטרענג אַכטונג געגעבן און דער טאָג איז אַריבער רויִק. לויט ווי די אָנפירערס האָבן זיך אויסגעדריקט, איז עס געווען אַן אַקט, נאָר צו באַווייזן גוטן ווילן.:.

נאָך דער דאָזיקער טרויעריקער געשעעניש האָבן די סינדיקאַטן פון דער גאַנצער פּראָווינץ זיך אויפגעלייזט. פאַרשטייט זיך, אין גאַנצן רויִק האָב איך נישט געקענט בלייבן. פון ביידע צדדים האָט מען צו מיר גערעדט, צו ביידע צדדים האָב איך גערעדט. וויפל ס׳איז געווען אין מיינע מעגלעכקייטן האָב איך געווירקט אויף די קאָלאָניסטן־מיטגלידער, זיי זאָלן אויספאָלגן די אינסטרוקציעס פון סינדיקאַט, ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט פון אַ ריין־הומאַניטאַרער אַקציע. נאָר מכוח די באַציִונגען פון די דרעש־מאַשינען איז מיט דעם דאָמינגעזער סינדיקאַט נישט געווען מעגלעך איינצופאַרשטיין זיך, טראָץ דעם וואָס די אַנדערע סינדיקאַטן, פון וויזשאַגוויי, קלאַראַ א״אַ האָבן אָנערקענט, אַז מען קען נישט מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך די קאָלאָניסטן, וואָס זענען נאָכגעקומען אַלע פאַרשריפטן מיט די אַרבעטער אין דער פעלד־אַרבעט, נאָר פאַר דעם וואָס אייניקע פעאָנען ביי די דרעש־מאַשינען ווילן זיך נישט אָנשליסן אין סינדיקאַט.

די הויפּט־סיבה, לויט מיין מיינונג, פאַר וואָס די פון דאָמינגעז זענען געווען אַזוי פאַרעקשנט איז דערפאַר וואָס זיי זענען אינסטרויִרט געוואָרן פון מענטשן אינטעליגענטן־פּאָליטיקער און נישט פון קיין אַרבעטער. עס איז געווען שווער צו וויסן, וואָס איז ביי זיי דער ציל און וואָס איז דער מיטל. די דאָזיקע געשעעניש האָט שטאַרק געווירקט אויף מיין דעמאָלט געבראָכענעם געזונט, וואָס האָט שטאַרק באַאומרויִקט מיין פאַמיליע.

# לאַ גאַמאַ

אין דעצעמבער 1922, ביי אַ באַזוך וואָס דער דירעקטאָר שטאַרקמעט האָט געמאַכט אין דער קאָלאָניע, האָט די „קאָמיסיאָן אינסטרוקטאָראַ"* — צווישן אַנדערע פּראַגעס — אויך פאַרגעלייגט, אַז די „עסטאַנסיאַ לאַ גאַמאַ" (די איצטיקע קאָלאָניע „לויס אונגרע"), וואָס באַשטייט פון 10 טויזנט העקטאַר, זאָל באַשטימט ווערן צו קאָלאָניזירן קאָלאָניסטישע זין, צו מעסיקע פּרייזן. ווייל אויב עס איז ריכטיק, ווי מען זאָגט, אַז די ערד איז דאָרט אַ גוטע, דאַרף מען אָבער נעמען אין אַכט אַז עס וועט זיך פאָדערן אַ סך אַרבעט ביז מען וועט צוגרייטן די ערד מען זאָל איר קענען באַאַרבעטן, דערפאַר וואָס מען וועט פריִער מוזן אויסקאָרטשעווען די פּאַלמעס און אַנדערע ביימלעך. דעם 4טן מערץ 1923 איז אָפּגעפאָרן אַ דעלעגאַציע צו באַקוקן דעם דאָזיקן פּאַרעם. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון די ה"ה: סאַכאַראָוו, יואל פּערדמאַן, מרדכי עפרון, שמואל־יואל הורוויץ, באַגלייט פון צוויי יונגנטלעכע — מאָרלענדער און פיינשטיין, און פון אינספּעקטאָר און אַדמיניסטראַטאָר פון דער ייִקאַ, די ה"ה סעווי און שמואל קאַפּלאַן.

דעם באַריכט וואָס זיי האָבן געבראַכט איז געווען, אַז די ערד אין „לאַ גאַמאַ" איז אַ גוטע. דער אייבערשטער שיכט פון שוואַרצער ערד האָט 70 צענטימעטער, די פּאָזיציע איז אַ גינציקע, נאָענט פון אַ באַן־סטאַציע. זיי האָבן רעקאָמענדירט פאָרצולייגן דער ייִקאַ, מען זאָל געבן יעדן קאָלאָניסט צו הונדערט העקטאַר, דער פּרייז זאָל זיין זעכציק פּעזעס אַ העקטאַר, די ייִקאַ זאָל שיקן אויסקאָרטשעווען צו 50 העקטאַר פון יעדער טשאַקרע, וואָס לויט ווי מען רעכנט, וועט עס קאָסטן דורכשניטלעך 30 פּעזעס אַ העקטאַר, אַזוי אַז דעם קאָלאָניסט וועט קאָסטן דורכשניטלעך 75 פּעזעס יעדער העקטאַר.

* * *

דאָס קאָלאָניזירן *לאַ גאַמאַ* האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1925; די ייִקאַ האָט איינגעטיילט די טשאַקרעס צו 75 העקטאַר אויפן פּרייז פון 110־125 פּעזעס יעדן העקטאַר און אויסגעקאָרטשעוועט בלויז צו 25 העקטאַר. עס זענען

* אינסטרוקציע־קאָמיסיע.

אַריבער 17 יאָר, און אין אונדזערע יערלעכע אינספּעקציעס וואָס מיר האָבן געמאַכט אין דעם קאָאָפּעראַטיוו פון דער דאָזיקער קאָלאָניע, האָב איך זיך געגעבן רעכענונג, אַז די קאָלאָניסטן נישט נאָר וואָס זיי פּראָגרעסירן נישט, נאָר זיי רעגרעסירן. אַ טייל פאַרלאָזט די קאָלאָניע און ס'רוב פון די וואָס זיצן אויף די טשאַקרעסריידן אין אַ טאָן פון רעזיגנאַציע, וואָס עס האָט מיר זייער באַאומרויִקט. אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" נומ' 329 און 334, האָב איך אונטערן קעפּל „אַ רעוויזיע", געשריבן:

„...צוריק מיט 16 יאָר האָט די יִיקאַ געגרינדעט די קאָלאָניע „לויִס אונגרע", קאָלאָניזירנדיק קאָלאָניסטישע זין, וואָס וויל זאָגן — אַן אויסגעפּרוּווטער אַרבעטער־עלעמענט. זיי האָבן באַקומען צו 75 העקטאַר פּרישן באָדן. אויסער דעם קרעדיט וואָס די יִיקאַ האָט גע־געבן, האָט יעדער איינער מיטגעבראַכט אַ ביסל טויטן און לעבעדיקן אינוועטנאַר, ד"ה, אַז ס'איז געווען צו דערוואַרטן אַז די נייע קאָלאָניע וועט פּראָגרעסירן און זיך דערנענטערן צו ווערן זעלבשטענדיק. צום באַדויערן ווייזט זיך אַרויס, אַז די דערוואַרטונגען זענען ווייט נישט אין אָנקלאַנג מיט דער ווירקלעכקייט.

16 יאָר זענען אַריבער און קיין איין קאָלאָניסט איז נישט נאָכ־געקומען פּינקטלעך מיט דעם מינימאַלן אָפּצאָל פאַר אַרענדע און די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער מערהייט קאָלאָניסטן איז ווייט פון צו זיין אַ גוטע.

וואָס פּאַסירט? וועלכע זענען די אורזאַכן?

איז די ערד נישט קיין גוטע? איז 75 העקטאַר ווינציק פאַר דער געמישטער ווירטשאַפט? איז דער סיסטעם ווירטשאַפט נישט קיין צוגע־פּאַסטער? איז אינוועסטירט געוואָרן צופיל קאַפּיטאַל אין אינוועטנאַר אין פּראָפּאָרץ מיטן שטח ערד? איז דער פּרייז פון אַרענדע אַ צו הויי־כער?

עס פאָדערט זיך דרינגלעך אַ רעוויזיע.

די קאָסטעטשעס האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַט, איבערהויפּט אין די לעצטע יאָרן ביים אַלגעמיינעם קריזיס אין דער אַגריקולטור; די מילך־אינדוסטריע האָט זיך אַרויסגעוויזן זייער אַ געמיינע, לויט דער סטאַטיסטיק פון די מילך וואָס איז אַריינגעקומען אין דעם קרעמעריִאַ־קאָאָפּעראַטיוו, איז אויסגעצאָלט געוואָרן דורכשניטלעך פון 8 ביז 9 פּעזעס פער קו פאַרן גאַנצן יאָר. די קרעמעריאַ איז אַ היפּשן טייל פון יאָר געשלאָסן. פעלן מילך־קי? זענען די וועגן שלעכטע? לוינט זיך בעסער אַז די קעלבער זאָלן זייגן די מילך? פעלט אויס גוטע פּאַשע?

דאָס בעסטע וואָס באַצאָלט זיך, איז די הינער־צוכט. וואָלט נישט געלוינט איבערצוגיין צו אַ שטרענגערער אינטענסיווער ווירטשאַפט?

...נאָך אַ דרייסיק־יאָריקער פּראַקטיק אין די קאָלאָניעס אין ענטרע־ריאָס, איז מען געקומען צום שלוס, אַז אַן אַרבעטזאַמע פאַמיליע קען ציִען חיונה אונ צאָלן פון 75 העקטאַרן. מען איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די אַלטע סיסטעם פון מאָנאָקולטור איז צו ריזיקאַליש און מען מוז איר פאַרבייטן אויף אַן אינטענסיווער ווירטשאַפט, — אַ ביסל ווייץ און ליאַן, צוגרייטן פאַשע פאַר די בהמות כדי צו האָבן מילך, הינער־צוכט א״אַ.

עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז די פעלד־אַרבעט, אין אַלע אירע צווייגן, מוז געמאַכט ווערן ראַציאָנעל, נישט מיט דער אַלטער רוטין. מיט איין וואָרט: די אַגריקולטור אין דער נייער קאָלאָניע, מיט אַ יונגן עלעמענט, דאַרף מאָדערניזירט ווערן. די פּראַקטיק זאָל דערגאַנצן דעם פּיזישן כוח וואָס עס פאָדערט זיך ביי קאָלאָניזאַציע אַרויסצובאַקומען דעם מאַקסימום נוצן פון דער ערד; די פּראָגרעסיווע מעטאָדן זאָלן באַקומען פון 75 העקטאַר דאָס וואָס אין די אַלטע קאָלאָניעס האָט זיך אין די ערשטע יאָרן געפאָדערט 150 העקטאַרן.

איך האַלט אַז די רעכענונג האָט געשטימט: 75 העקטאַר באָדן באַאַרבעט ראַציאָנעל אין ענטרע־ריאָס, קען געבן פּרנסה פאַר דער פאַמיליע און צום צאָלן פאַר די ערד, נאָר ווען איז דאָס גערעדט? — ווען די 75 העקטאַר זענען 75 העקטאַר צום באַאַרבעטן. אָבער אין דעם פאַל פון „לוּיס אונגרע״, איז געווען 75 העקטאַר אויפן פּלאַן, אָבער צום באַאַרבעטן איז נאָר געווען איין־דריטל, ווייל די אַנדערע צוויי־דריטל איז געווען פאַרוואַקסן מיט ווילדע פלאַנצן, וואָס דאָס אויסרייניקן זיי דאַרף קאָסטן פון 50 ביז 75 פּעזעס יעדער העקטאַר. די רעכענונג איז געווען, אַז ביסלעכווייז וועט דער קאָלאָניסט מיט אייגענע מיטלען אויסקאַרטשעווען די דערמאָנטע פלאַנצן, אָבער די מיטלען זענען נישט געקומען, ווייל קאָלאָניזאַציע איז שוין אַזוי: מען איז צופרידן אַז יעדער העקטאַר קען זיך אַליין באַצאָלן, אָבער פאַר קיין פאַל גיט ער נישט צו באַצאָלן פאַר אַנדערע העקטאַרן, סיידן אין אויסנאַמפאַלן; אַזוי אַז ריידן פון 75 העקטאַר אין לוּיס אונגרע צום באַאַרבעטן ראַציאָנעל, איז אַ טעות, אַ טעות וואָס עקסיסטירט ביז היינט צו טאָג.

די טשאַקרעס זענען געווען אומריין, מיט „גאַראַפּאַטאַס״, וואָס איז אַ גרויסע שטערונג צו דער מילך־ווירטשאַפט און עס איז שווער אויסצובעסערן די פּי־ראַסע. צום טייל עקסיסטירט נאָך איצט אויך די

דאָזיקע פּלאָג. פאַארשיידענע פאַקטאָרן, ווי: די גרויסע בלאָטעס, שלעכ־טע וועגן, די ווייטע דיסטאַנץ צו דער סמעטענע־פאַבריק, — זענען שטערונגען אויפן וועג צו דער אַנטוויקלונג פון דער מילך־אינדוסטריע. די הינער־צוכט איז געפירט געוואָרן פרימיטיוו, אַזוי ווי די טאַטעס און מאַמעס האָבן געטאָן: די גאַנצע דעה פון לייגן אייער האָט מען איבער־געלאָזט פאַר די אַלטע הינער. די פאַרוואַלטונג פון דער קאָלאָניע איז גע־ווען און איז אַ באַפעלערישע, דיסציפּלינירטע און נישט קיין אינסטרוק־טיוו־דערציִערישע. אָט דאָס איז דאָס בילד פון קאָלאָניע לויט אונגרע.

דער רעזולטאַט איז, ווי באַקאַנט, אַ קלעגלעכער. אַלע קאָלאָניסטן זענען הינטערשטעליק מיט זייערע צאָלונגען פאַר די פּראָצענטער און אַרענדע פון 6 ביז 7 טויזנט פּעזאָס דורכשניטלעך. די שטימונג אין קאָלאָניע איז אַ יאושדיקע; מען שטופּט די צייט אָן האָפענונג, אָן אַמ־ביציע, — זאָל עס גיין ווי עס גייט. די יוגנט, נאַטירלעך, זוכט אַנדערע וועגן. און יעדער יאָר וואָס גייט אַוועק פאַרערגערט די לאַגע. די על־טערע ווערן באַהערשט פון גלייכגילטיקייט און דער יונגער עלעמענט פאַרלאָזט אין גאַנצן די קאָלאָניע. וואָס בלייבט צו טאָן?

איך וויל נישט זוכן קיין שולדיקע. קיינער איז נישט שולדיק, אָדער אַלע זענען שולדיק. אין איצטיקן מאָמענט אינטערעסירט די צוקונפט, און אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, וויל איך זאָגן מיין באַשיי־דענע מיינונג.

די קאָלאָניע לויט אונגרע דאַרף אָנהייבן פון בראשית, אָפּמעקן דאָס פאַרגאַנגענע און אָנפאַנגען פון דאָס ניי. די 75 העקטאַרן דאַרפן ווערן נישט קיין נאָמינעלע, נאָר פּאָזיטיווע. די יִיקאַ דאַרף שיקן אויסקאָר־טשעווען די קאַמפּן, כדי דער קאָלאָניסט זאָל קענען עקספּלאָטירן די ערד ראַציאָנעל און מיט מאָדערנע מעטאָדן. עס איז דאָך אוממעגלעך צו ריידן וועגן זייען פּאַשעס, ווען די ווילדע פּאַלמעס פאַרפּלייצן אַ גרויסן טייל פון דער טשאַקרע.

די אַלטע שולדן דאַרפן אָפּגעמעקט ווערן, נישט פאַרפרוירן נאָר אין גאַנצן אָפּגעמעקט ווערן, כדי באמת צו סטימולירן און דערמוטיקן די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן פאַרלוירן אַ היפּשן טייל פון זייערע יאָרן אָן קיין נוצן. די קאָלאָניסטן דאַרפן זיך באַשליסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל איבערצובייטן די פּראָגראַם און אַוועקשטעלן אויפן ערשטן פּלאַן פון דער ווירטשאַפט די „גראַנכאַ",* פּראָדוצירן, פאַר אַלעמען, אַלץ

* גאָרטן.

וואָס איז נייטיק פאַרן אייגענעם געברויך, בכדי די שטוב זאָל שטענ־דיק זיין פול און זאַט. הינער־צוכט, שאָף, מילך־ווירטשאַפט, צוגרייטן פּאַשע, — דאָס דאַרפן זיין די קוואַלן פון פּרנסות, זוכנדיק, ווי וויט מעגלעך, צו קאָלעקטיוויזירן די צווייגן פון ווירטשאַפט וואָס לאָזן זיך לייכטער עקספּלאָטירן בשותפות, צ״ב שאָף. עס דאַרפן געשאַפן ווערן „סוקורסאַלן"* פון דעם קרעמערזאַ־קאָאָפּעראַטיוו אין די ווייטערע פונקטן פון דער קאָלאָניע; מען מוז זיך רעכענען מיט די ענטרע־ריאָ־סער בלאָטעס, אָדער שטאַרקע היצן.

דער קאָאָפּעראַטיוו דאַרף אויסנוצן זיין גאַנצע אינפלוענץ און צו־זאַמען מיט דער יזקאַ אָנפירן אַן אויפקלערערישע דערציִערישע אַר־בעט, אַזוי, אַז אין אַ פּעריאָד פון דריי יאָר זאָל דער דאָזיקער ווונטש ווערן אַ ווירקלעכקייט. אַז דאָס געזאָגטע איז נישט קיין אילוזיע, באַ־ווייזט אונדז די פּראַקטיק פון אַנדערע קאָלאָניעס. וואָס מער פאַרשיידנ־אַרטיקער עס איז די ווירטשאַפט, אַלץ זיכערער זענען די רעזולטאַטן. אין די ערשטע דריי יאָר זאָל מען צאָלן נאָר צוויי פּראָצענט פון דעם ווערט פון דער טשאַקרע פאַר אַרענדע.

יזקאַ, קאָאָפּעראַטיוו, קאָלאָניסטן, — אַלע צוזאַמען קענען און מוזן מאַכן אַ רעוויזיע און אָננעמען דעם נייעם פּראָגראַם, וואָס איז דער איינציקער וואָס לאָזט האָפן, אַז די קאָלאָניע לויט אונגרע זאָל אויפגעריכט ווערן. 75 העקטאַרן, ריינע, קענען און דאַרפן זיין בלויז אַ טשאַקראַ־גראַנכאַ".**

* * *

די דאָזיקע אויפריכטיקע און אָביעקטיווע מיינונגען אונדזערע וועגן דער קאָלאָניע לויט אונגרע האָט אַרויסגערופן אַ שטורעמדיקע רעאַקציע מצד די דירעקטאָרן פון דער יזקאַ. די סיבות וואָס האָט זיי אויפגערעגט זענען געווען: 1) לויט זייער מיינונג איז אין קאָלאָניע לויט אונגרע אַלץ אין בעסטער אָר־דענונג, די אַלטע חובות זענען איינגעפּרווירן און די קאָלאָניסטן אַליין זאָגן נישט גאָרנישט; 2) די קאָאָפּעראַטיוון, ווי די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, האָבן נישט קיין רעכט זיך צו מישן אין ווירטשאַפטלעכע פּראָגעס.

* אָפּטיילן.

** אַ גאָרטן־נחלה.

## "A DOMINGUEZ LE FALTA UN CHANCHO"

דאָס איז געווען אין מאָנאַט יאַנואַר 1921. עס זענען געקומען קיין דאָמינגעז דער דראַמאַטורג מ. א. און איינער אַן אַרטיסט, נישט קיין ייִד, מיטן נאָמען קאָס... צו פאַרברענגען די זומער־וואַקאַציעס. ווי מענטשן פון דער פּראָפעסיע, האָבן זיי פאַרפאַסט אַ פּיעסע — איך ווייס נישט צי איז עס געווען אַ קאָמעדיע צי אַ דראַמע, — מיטן נאָמען "A Domínguez le Falta Un Chancho" („אין דאָמינגעז פעלט אַ חזיר"), מיט דער מיטאַרבעט פון א. ר. און פּ. ס. האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ גרופּע „שוישפּילערס" און האָבן געגעבן די דאָזיקע פאָרשטעלונג דעם 9טן יאַנואַר אין אָוונט.

נישט איך, נישט קיינער פון מיין פאַמיליע זענען געגאַנגען זען די דערמאָנטע פּיעסע, טראָץ דעם וואָס דער זאַל ווו עס איז געשפּילט געוואָרן איז געווען אַנטקעגן מיין הויז. עפּעס דעם נאָמען אַליין האָבן מיר באַטראַכט ווי חוזק געמאַכט פון שטעטל דאָמינגעז.

אויפן צווייטן טאָג אין דער פרי האָט מען מיר דערציילט, אַז עס איז געווען אַ גרויסער עולם, מען האָט אַ סך געלאַכט און מען האָט שטאַרק אַפּלאָדירט די אַקטיאָרן און מחברים.

דער אַרגומענט פון דער פּיעסע איז געווען אַזאַ: אַ פּעאָן, אַ קריסט וואָס האָט געאַרבעט ביי אַ ייִדישן קאָלאָניסט, האָט זיך פאַרליבט אין זיין טאָכטער און דער ייִד, אַ פרומער טיפּ, האָט נישט געוואָלט מסכים זיין צום שידוך, ביז דער פּעאָן איז געפאַלן אויף אַ שכל: ער האָט געבראַכט דעם ייִדן אַ מתנה אַ לעבעדיק חזרל, און דער ייִד איז מסכים געווען זיי זאָלן חתונה האָבן.

ווען איך האָב דערהערט דעם אַרגומענט פון דער פּיעסע, האָב איך אויפגעציטערט. מיר האָט פאַרדראָסן נישט אַזוי פיל אויף די פאַרפאַסערס, ווי אויף דעם פּובליקום, די ייִדן, וואָס נישט נאָר האָבן זיי נישט רעאַגירט קעגן אַזאַ חוזק־מאַכערייקע, נאָר זיי האָבן נאָך אַפּלאָדירט.

אויסער אַלעמען, איז דער אַרגומענט אַ פאַלשער און ליגנערישער. וואַרפן אַזאַ פלעק, אַז אַ ייִד האָט צוליב אַ חזרל מסכים געווען אַז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט אַ קריסט, איז אַ שענדלעכע פאַרלוימדונג.

נישט קענענדיק פאַרשווייגן אַזאַ נבלה, האָב איך גלייך געשיקט רופן עטלעכע בעלי־בתים און זיי אויפגעקלערט דעם ענין, וואָס האָט באמת אַרויס־

גערופן אַן אויסערגעוויינלעכן פאַרדראָס. אַפילו אַ סך וואָס זענען בייגעווען דעם ספּעקטאַקל, האָבן זיך נאָך דעם געגעבן רעכענונג, ווי אַזוי מען האָט זיי געשפּיגן אין פּנים אַריין.

עס איז באַשטימט געוואָרן צו רופן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג, אָדער ווי מען רופט עס, „דעסאַגראַוויאַ״.

די אַקטיאָרן האָבן מיר געשיקט זאָגן אומדירעקט, אַז זיי וועלן אויספייפן און אַרונטעררייסן די פאַרזאַמלונג. אָבער מיר האָבן דאָס דערוואַרט. צום באַדויערן בין איך קראַנק געוואָרן, און די פאַרזאַמלונג איז נישט פאָרגעקומען.

# קאָלאָניע „עקיבא עטינגער"

אין יאָר 1927 האָט אַ גרופּע פון עטלעכע און פערציק קאָלאָניסטן פון ריוועראַ (קאָלאָניע „באַראָן הירש") געקויפט בשותפות אַ שטח באָדן פון איבער ניין טויזנט העקטאַר, צו בויען אַ קאָלאָניע פאַר זייערע קינדער, ווי אויך אויסצובררייטערן זייער ווירטשאַפט. די קויפערס האָבן געדאַרפט איינצאלן 20% מזומן און 80% האָבן זיי געבעטן ביי דער נאַציאָנאַלער היפּאָטעקן־באַנק. דער שטח ערד וואָס זיי האָבן געקויפט האָט געהאַט דעם נאָמען „מאַרי מאַמועל", האָבן אים די קאָלאָניסטן משנה־שם געווען מיטן נאָמען „עקיבא עטינגער", געוועזענער אינספּעקטאָר ביי דער יק"אַ, וואָס האָט זיך זייער באַליבט געמאַכט ביי די קאָלאָניסטן. איין מאָל, ווען דער ה' נחום שאַמשאַנאָווסקי פון ריוועראַ האָט זיך געפונען אין דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע", האָב איך געהערט אַ שמועס וואָס ער האָט געפירט מיט אַ פערזאָן, וועגן באַקומען אַ קרעדיט פון 50 טויזנט פּעזאָס. אויפן צווייטן טאָג איז געקומען שאַמשאַנאָווסקי און האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַ גוטע בשורה: די „באָסטאָן"־באַנק האָט באַוויליקט דעם קרעדיט, אַ דאַנק דעם פאַרמיטלער וואָס איז נעכטן געווען אין ביוראָ. פאַר זיין טרחה האָט דער מעקלער באַקומען טויזנט פּעזאָס. איך האָב אויפגעציטירט ווען איך האָב דאָס דערהערט. אין 1928 איז 1000 פּעזאָס געווען אַ היפּשע סומע, איבערהויפּט פאַר קאָלאָניסטן.

אויף מיין פראַגע, צו וואָס האָט ער געדאַרפט אַזוי דרינגלעך געלט, האָט מיר שאַמשאַנאָווסקי געזאָגט, אַז דאָס געלט איז נישט פאַר אים פערזענלעך, נאָר פאַר דער גרופּע וואָס האָט געקויפט דעם קאַמפּ „מאַרי מאַמועל"; עס פעלט זיי געלט צו דערגאַנצן די איינצאָלונג פון צוואַנציק פּראָצענט. ער האָט מיר שוין אויך דערציילט, אַז זיי האָבן שוין אינוועסטירט אין דעם דאָזיקן קאַמפּ אַן ערך פון 300 טויזנט פּעזאָס אין דראָט־פאַרצוימונגען, ברונימער, הייזער א"אַ. און זיי האָבן מורא, אַז דאָס אַלץ זאָל גיין פאַרלוירן; זיי האָבן גרויסע שוועריקייטן צו באַקומען דעם קרעדיט פון אַכציק פּראָצענט פון דער נאַציאָנאַלער היפּאָטעקן־באַנק, מחמת דעם וואָס די צוויי אַגרימענסאָרן, וואָס האָבן אויסגעמאָסטן דעם קאַמפּ און אים איינגעטיילט אין עטלעכע און פערציק פאַרצעלעס, האָבן צווישן זיך אַ סכסוך. איינער פון זיי האָט צוגעשטעלט אַ באַריכט אין באַנק, אַז דאָס אויסמעסטן פון אַ פּאָר טשאַקרעס איז נישט ריכטיק. לויטן אָפּמאַך, אויב ביז אַ געוויסן טערמין וועט נישט געמאַכט ווערן

די אָפּשריפט, ווערט דער קויף בטל, און אַלץ וואָס זיי האָבן אינוועסטירט, צוזאַמען מיט די צוואַנציק פּראָצענט וואָס זיי האָבן געגעבן אַדערויף, וועט גיין פאַרלוירן. די אַלע שתדלנותן וואָס זיי האָבן ביז איצט אָנגעווענדט אין דעם נאַציאָנאַלן היפּאָטעקן־באַנק האָט נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַט.

דערהערנדיק די דאָזיקע געשיכטע, האָב איך דעם זעלביקן טאָג געבעטן דעם ה׳ נחמן געזאַנג, ער זאָל מיר באַגלייטן און מיר זענען צוגעפּאָרן צום ד״ר לויס מאָלינאַרי (נ. געזאַנג איז געווען מיט אים באַפריינדט), און האָב אינפאָרמירט דעם ד״ר מאָלינאַרי וועגן דעם וואָס ס׳קומט פאָר און וועגן גרויסן היזק וואָס קאָלאָניסטן וועלן ליידן. אויפן צווייטן טאָג איז ד״ר מאָלי־נאַרי געפאָרן מיט אונדז (סאַכאַראָוו, שאַמשאַנאָווסקי און איך) אין באַנק אַריין. ד״ר מאָלינאַרי האָט אונדז פאָרגעשטעלט פאַרן פאַרוואַלטער. נאָך דעם ווי ער האָט אונדז אויסגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט, האָט ער אונדז געראָטן, מיר זאָלן קומען נאָך האַלבן טאָג און ריידן מיטן פּרעזידענט פון באַנק, וועל־כער איז ערשט מיט אַ טאָג פריער אַריין אין זיינע פונקציעס.

צו דער באַשטימטער שעה בין איך אויפגענומען געוואָרן פון פּרעזי־דענט. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט דעם גאַנצן פּראָצעס וואָס עס קומט פאָר אַרום דער דאָזיקער טראַנזאַקציע און די סיטואַ־ציע אין וועלכער עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן די קאָלאָניסטן, נישט צו־ליב זייער שולד, נאָר צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש פון די אַגרימענסאָרן, האָט ער אין מיין אָנוועזנקייט געשיקט ברענגען די קאַרטאָטעקע. ער האָט שנעל איבערגעקוקט און געזאָגט צום באַאַמטן, ער זאָל צוגרייטן דעם אַקט און ער וועט אים תיכף אונטערשרייבן און גוטהייסן די אָפּעראַציע. אויף מיין פראַגע, צי מעג איך טעלעגראַפירן אין קאָלאָניע אַז עס איז דעפיניטיוו באַ־שטעטיקט געוואָרן די הלוואה, האָט דער פּרעזידענט מיר געענטפערט פּאָזי־טיוו. ווען מיין טעלעגראַמע איז אָנגעקומען אין קאָלאָניע, איז דאָרט געוואָרן אַ גאַנצע פרייד און מען האָט זיך משמח געווען ביי אַ גלאָז ביר. עס איז אַרי־בער אַ שטיקל צייט, באַקום איך אַ ידיעה, אַז די אָפּעראַציע אין באַנק איז ווידער אַ מאָל פאַרהאַלטן געוואָרן, דערפאַר וואָס מ׳האָט אַהין אַריינגעשיקט נייע מסירות, אונטערגעשריבענע און אַנאָנימע. די צוויי אַגרימענסאָרן האָבן נישט גערוט און צוליב זייערע פערזענלעכע אַמביציעס איז ביי זיי רעכט געווען צו שעדיקן אַזאַ שיינע און נוצלעכע אונטערנעמונג. איך, פון מיין זייט, בין אויך נישט געבליבן מיט פאַרלייגטע הענט און האָב אויסגענוצט מיין גאַנצע השפעה, אַז דער ענין זאָל דאָך דערליידיקט ווערן בכי־טוב און וואָס פריער.

אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען אין ביוראָ פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ דער אייגנטימער פון מאַרי מאַמועל, אַן עלטערער און שוואַכער מענטש, קוים

וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס, און זאָגט מיר, אַז ער ווייסט אַז פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ האָט אַ געוויסע השפּעה אין היפּאָטעקן־באַנק, בעט ער מיר איך זאָל טאָן וואָס מעגלעך, דער קרעדיט זאָל וואָס שנעלער דערליי־דיקט ווערן; אַז ער פילט זיך זייער שוואַך אין געזונט; טאָמער שטאַרבט ער, זועלן די 47 קאָלאָניסטן פון ריווערא ליידן אַ גרויסן שאָדן. ער האָט צוגעגעבן, אַז אַלע יאָר, ווינטער־צייט, פאָרט ער קיין פּאַריז אויף עטלעכע מאָנאַטן; דאָס יאָר איז ער נישט געפאָרן אויס מורא, טאָמער שטאַרבט ער דאָרט; קיין פאַ־מיליע האָט ער נישט און ער וויל נישט גורם זיין קיין היזק די אָרעמע קאָלאָ־ניסטן; זיינע דאָקטוירים ראָטן אים, ער זאָל אַוועקפאָרן אין אַ וואַרעמען קלי־מאַט, ווייל ער אַוועקפאָרן רויק, ווען אַלץ וועט זיין דערליידיקט, און אַגב, דאַרף ער טאַקע האָבן דאָס געלט. איך האָב געזען, אַז דאָס זענען דברים היוצ־אים מן הלב און האָב זיך גענומען שטאַרק צו דער אַרבעט. סוף־כל־סוף איז דערגרייכט געוואָרן, אַז די באַנק וועט אָפּשרייבן אַלע טשאַקרעס, חוץ צוויי צי דריי, וועגן וועלכע די אַגרימענסאָרן דיסקוטירן צווישן זיך. די באַנק האָט באַשטימט עטלעכע נאָטאַרן, כדי צו מאַכן שנעלער די אַרבעט. אַלץ איז צו־געגרייט געוואָרן אַזוי, אַז עס זאָלן קומעןביידע צדדים אונטערצושרייבן און דעפיניטיוו פאַרענדיקן דעם ענין.

פאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסע סאַטיספאַקציע, וואָרעם עס איז גאָר נישט אויסצושרייבן אויף פּאַפּיר די אינטריגעס וואָס זענען געפירט געוואָרן קעגן דער רעאַליזירונג פון דער דאָזיקער אָפּעראַציע. מען האָט זיך געדאַרפט פאַרמעסטן קעגן באַהאַלטענע כוחות. אָבער ווי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: ענדע גוט, אַלץ גוט. פרייטאָג איז געקומען שאַמשאַנאָווסקי, דער באַפולמעכטיקטער פון די עטלעכע און פערציק קאָלאָניסטן. ער האָט מיר באַגריסט פאַרן דער־פאָלג און איז מיר מודיע, אַז ער האָט אַ שוועריקייט: עס פעלן אים דרייסיק טויזנט פּעזעס אויף צו דערגאַנצן די צוואַנציק פּראָצענט וואָס ער מוז דעקן מאָנטיק ביים אונטערשרייבן; ער ווייסט נישט ווו ער זאָל באַקומען די דאָזיקע סומע. איך האָב אים באַרויקט און אים צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט נישט קענען באַקומען קיין הלוואה צווישן זיינע פריינד און באַקאַנטע, וועל איך זיך אָנשטרענגען אויף צו באַקומען די נייטיקע סומע. זונטיק גאַנץ פרי — איך בין געזעסן אין ביוראָ און געאַרבעט — איז אַריינגעקומען שאַמשאַנאָווסקי בלייך און צעשראָקן, מיט אַ ציישונג אין האַנט, און גיט אַ זאָג: „קאַפּלאַן, מיר זענען פאַרלוירן. באַט לייענט! דער פאַרקויפער פון מאַרי מאָמועל איז די נאַכט געשטאָרבן! וואָס טו איך איצט?"

עס איז ווירקלעך געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ. אָבער אַזוי ווי זונטיק זענען אַלע ביוראָען געשלאָסן, האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז מאָנטיק גאַנץ פרי וועלן

מיר צוגיין צו אַן אַדוואָקאַט און אין היפּאָטעקן־באַנק, ווו זיי זענען גוט באַ־קאַנט מיט אַלע פּרטים און זיך מיט זיי בּאַראַטן, וואָס ס׳איז פאַראַן צו טאָן אין דעם געגעבענעם פאַל. מאָנטיק אַ גאַנצן טאָג האָב איך געוואַרט אויף שאַמשאַנאָווסקין און ער איז נישט געקומען. עס האָט מיך באַאומרויִקט. איך האָב געטראַכט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן פון עגמת־נפש. דינסטיק גאַנץ פרי איז שאַמשאַנאָווסקי געקומען אַ פריילעכער. אויף מיינע פראַגעס, פאַר וואָס ער איז נישט געקומען נעכטן; וואָס האָט פּאַסירט? האָט ער מיר געענטפערט: „עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. לאָזט זיך אויס אַז דער פאַרקויפער האָט טאַקע נישט געהאַט קיין דירעקטע יורשים, עס זענען אָבער געווען פּלי־מעניקעס, און זיי האָבן מורא געהאַט, טאָמער האָט ער יורשים אין פּאַריז, ווו ער פלעגט פאַרברענגען עטלעכע חדשים אין יאָר; האָבן די פּלימעניקעס אים אָפּגעזוכט, מסכים געווען פאַר די 30 טויזנט פּעזעס צו באַקומען וועקסלען. זיי זענען שוין געווען ביים ריכטער, מען האָט שוין פּובליקירט אין די צייטונ־גען די געהעריקע עדיקטן, און ביז די צייטונגען וועלן אָנקומען קיין פּאַריז, וועלן שוין די אייגנטום־שײַנען זיין אונטערגעשריבן".

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער קאַפּיטל קאָלאָניע „עקיבא עטינגער".

אייגנטלעך וואָלט שוין געדאַרפט זיין גוט. צום באַדויערן איז פון דער קאָלאָניע „עקיבא עטינגער" נישט געבליבן מער ווי אַן עפּיזאָד. עס זענען אונטערגעקומען שלעכטע יאָרן. די קויפערס האָבן נישט געקענט נאָכקומען די צאָלונגען אין היפּאָטעקן־באַנק און זי איז געבליבן מיט דער ערד. למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די גאַנצע איניציאַטיוו איז פון אָנהייב אָן גע־ווען אַ מקח טעות. גערעדט האָט מען, אַז די ערד ווערט געקויפט צום קאָלאָ־ניזירן די קאָלאָניסטישע קינדער, אָבער אין דער אמתן האָט געפעלט דער מענטשן־עלעמענט וואָס זאָל פאַרנעמען די טשאַקרעס. איך האָב עפנטלעך גע־זאָגט ביים קאָנגרעס פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע אין ריווערא, אין יאָר 1927. די פעסטערע קאָלאָניסטן האָבן געוואָלט אויסברייטערן זייערע ערד־אייגנטומס און עקספּלאָטירן מיט פרעמדע הענט; דאָס פאָדערט גרעסערע קאַפּיטאַלן און די צייט איז געווען קעגן דעם.

ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז ווען די באַנק האָט איבער־גענומען די ערד, האָט זי גלייך געשיקט אירע אַגרימענסאָרן צו רעפאָרמירן די פונאַנדערטיילונג פון דער ערד; אַנשטאָט טשאַקרעס פון 150 העקטאַר, האָט מען איינגעטיילט אין טשאַקרעס פון 300 העקטאַר. די באַנק האָט אָנערקענט, אַז אין דער פּאַמפּאַ איז 300 העקטאַר דער מינימום וואָס אַ קאָלאָניסטישע פאַמיליע דאַרף האָבן אויף צו קענען עקסיסטירן. די יק״אַ האָט עס אָנערקענט שפּעטער מיט 15 יאָר, און נאָך אַ ביטערן קאַמף מיט איר.

# „פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ“

די „ייִדישע אַגראַר־קאָנפעדעראַציע“ וואָס האָט זיך געשאַפן אין יאָר 1910, איז פאַרגליווערט געוואָרן, אָבער זי איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען. די זריעה, דער אידעאַל איז געבליבן גאַנץ פריש ביי די וואָס האָבן אים צוגע־גרייט, נאָר ווי אַ סך אַנדערע אידעאַלן, האָט ער געמוזט וואַרטן אויף גינסטי־קערע אומשטענדן. די ענטרע־ריִאָסער קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע האָט זיך נישט אַנטוויקלט, טראָץ די פאַרשיידענע פּרוּוון וואָס זענען געמאַכט געוואָרן האָט מען זי צו קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן נישט דערפירט. עפּעס האָט גע־פעלט דער שמעלץ־מאַטעריאַל, וואָס זאָל קאָנסאָלידירן די פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן.

אין 1916 האָט מען געזאָלט אויפלעבן די „ייִדישע אַגראַר־קאָנפעדע־ראַציע“. אורזאַכן פאַר דעם זענען געווען גענוג. אין אַלע אונדזערע קאָלאָ־ניעס זענען געווען כמעט די זעלבע דרינגנדיקע פּראָבלעמען, בעיקר די פּראַ־געס פון „דעסאַלאָכאָ“,* שניידן קאַמפּן, צאָלונגען, ליידער, צווישן די וואָס זע־נען זיך צונויפגעקומען אין דעם דאָזיקן יאָר צו באַטראַכטן די דערמאָנטע פונקטן, איז געווען אַ טייל מיט דעסטרוקטיווע פאָרשלאַגן און דער רעזולטאַט איז געווען אַ פאַרקערטער ווי מ׳האָט דערוואַרט. די אינסטרוקציע־קאָמיסיע וואָס האָט זיך געשאַפן שפּעטער אין סאַן־סאַלוואַדאָר דורך די ייִדישע קאָלאָניעס אין ענטרע־ריִאָס, איז געווען באַגרענעצט נאָר אויף דעם דאָזיקן טייל און עס האָט אויך געפעלט אַ צענטראַלער איינגעאָרדנטער עקזעקוטיווער אַפּאַראַט. דאָך האָט די קאָמיסיע געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַליינהילף, צו דער באַ־פעסטיקונג פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע — דאָס איז געווען דער „קאָלאָני־זאַציע־פאָנד“, דער פּרוזדור צו דער שאַפונג פון „פאָמענטאָ אַגראַריאַ איז־ראַעליטאַ אַרכענטינאַ“.

שלמה המלך האָט געזאָגט „לכל עת“, אויף יעדער זאַך קומט איר צייט. די אידעע צו פאַראייניקן אין איין אָרגאַניזאַציע אַלע ייִקאַ־קאָלאָניעס, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1908 (ווי מען קען זען פון מיינעם אַ פּריוואַטן בריוו צו נח קאַצאָוויטש. דער בריוו געפינט זיך אין ייִוואָ), איז געבוירן גע־וואָרן מיט לעבנס־פעיִקייטן, אָבער מיר זענען נאָך נישט געווען מוכשר צו

* עקסמיסיעס.

דעם, ווי עס פּאַסירט מיט אַ סך גוטע און וויכטיקע איניציאַטיוועס וואָס קומען אויף, נאָר זיי אַנטוויקלען זיך נישט ביז אַ געוויסער צייט, ביז דער גינסטי־קער באָדן ווערט צוגעגרייט און ביז עס דערשיינען די פּערזאָנען וואָס וויסן אויסצונוצן דעם פּאַסיקן מאָמענט פאַר דער רעאַליזירונג פון די אידעען.

צען יאָר זענען אַריבער זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די שטאַרקמעטישע סיסטעם, וואָס איז געווען ענלעך צו דער ענגליש־קאָלאָניאַלער סיסטעם, ווו דער „נייטיוו", די ערד און אַלץ מיט אַנאַנדער דאַרפן פאָלגן אַלץ וואָס דער באַאַמטער זאָגט און פאַרלאַנגט, און דער גוטער באַאַמטער איז דער, וואָס קען האַלטן שטרענגע אָרדענונג און שיקן וואָס מער געלט אין צענטראַל. די כסדרדיקע סטראַשונקעס פון עקסמיסיע האָט איינפאַך דערשלאָגן. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן דעם איינדרוק וואָס עס פלעגט מאַכן, ווען אַ קאָלאָ־ניסט וואָס איז געזעסן דרייסיק יאָר אויף דער טשאַקרע און האָט דורכגע־מאַכט דעם גאַנצן פּיאָנערן־פּעריאָד, באַקומט פלוצלינג אַ בריוו פון ריכטער אָדער יִקאַ־אַדוואָקאַט, אין וועלכן מען זאָגט אים, אַז אויב ער וועט אין פאַר־לויף פון געציילטע טעג זיך נישט שטעלן אין אָרדענונג מיט דער יִקאַ, וועט מען אים געריכטלעך אַראָפּוואַרפן פון זיין באָדן.

וויפל טרערן, וויפל עגמת־נפש, וויפל פאַרביטערטקייט פלעגן אַזעלכע בריוועלעך פאַרשאַפן. די פרוי האָט געוויינט, די קינדער האָבן פּראָטעסטירט און געטראַכט ווי פטור צו ווערן פון די יִקאַ־באַאַמטע. דער קאָלאָניסט פלעגט איינשפּאַנען די סולקי, פאָרן גיך אין דער אַדמיניסטראַציע, שטיין כעני בפתח, אויסהערן די שטרענגע ווערטער פון דעם יִקאַ־פונקציאָנאַר; באַצאָלן די האָ־נאָראַרן וואָס עס נעמט דער אַדוואָקאַט פאַרן בריוועלע (די יִקאַ האָט, כדי צו „פאַרטיידיקן" די קאָלאָניסטישע אינטערעסן, געפּועלט ביי איר אַדוואָקאַט אַ ספּעציעלן פּרייז), און ווי עס איז דערליידיקן.

לשם אילוסטראַציע וועל איך ברענגען אַ פּאָר ביישפּילן:

אין אַ טאָג איז געקומען צו מיר דער קאָלאָניסט אהרן קרימענטשוסקי פון קאָלאָניע זאָנענפעלד (סאַן־גרעגאָריאָ), איך זאָל אים טאָן אַ טובה און פּועלן אין דער יִקאַ, מען זאָל אים דערלויבן טראַנספערירן 70 העקטאַר פון זיין טשאַקרע און ער וועט בלייבן מיט הונדערט העקטאַר, ווייל ער קען שוין מער נישט איבערטראָגן די בריוועלעך און די כסדרדיקע סטראַשונקעס. ווען איך האָב אים דערקלערט, אַז אַזאַ טובה וועל איך אים נישט טאָן, דערפאַר ווייל ער האָט דערוואַקסענע יינגלעך און פאַר אַזאַ פאַמיליע וועט הונדערט העקטאַר זיין ווייניק, איז ער אַוועק אַ ברוגזער, זאָגנדיק דערביי, אַז ער ווייסט אַז איך בין אים נישט קיין גוטער פריינד.

אויפן צווייטן טאָג איז געקומען סאַכאַראָוו און מיר דערציילט, אַז קרע־

מענטשוסקי איז געווען ביי אים אין דער היים און האָט זיך באַקלאָגט, אַז איך וויל אים נישט טאָן די טובה און ער וואונדערט זיך, ווי קומט עס צו מיר, — נישט ווערן מיטהעלפן אַ קאָלאָניסט? ער גייט טאַקע באַלד אין דער אַדמיני־ניסטראַציע און בעט איך זאָל אים באַגלייטן. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך דעם ווי איך האָב דערקלערט סאַכאַראָווען, פאַר וואָס איך וויל נישט טאָן אַזאַ „טובה״, אַז עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן ווען מען נעמט צו ביי אַזאַ קאָלאָניסטישער פאַמיליע די באַזע פון איר עקסיסטענץ, האָט ער, נאַטירלעך, געביטן די מיי־נונג, איז אַוועק אין דער אַדמיניסטראַציע און געפועלט, מען זאָל לאָזן קרע־מענטשוסקין צו רו ביז נאָך דער קאָסעטשע. יעדעס מאָל ווען קרעמענטשוס־קי פלעגט קומען אין ביוראָ פון פאַנדאָ קאָמונאַל, פלעגט ער קוקן קרום אויף מיר. עס זענען אַריבער עטלעכע מאָנאַטן. פאַר מיר איז דער דאָזיקער ענין שוין געהאַט אַריבער צו די אַנדערע צענדליקער לויפנדיקע טעגלעכע זאַכן, וואָס מען דערמאָנט זיך אין זיי נאָר ביי אַ באַשטימטער געלעגנהייט. אין אַ פאַרנאַכט איז אַריינגעקומען קרעמענטשוסקי מיט אַ פריילעכן פנים, און זאָגט מיר: „סעניאָר קאַפּלאַן, איר מוזט מיר מוחל זיין, איך האָב אַ טעות געהאַט. איצט פאַרשטיי איך וואָס עס הייסט זיין אַ פריינד פון דער קאָלאָניזאַציע! איר זעט אָט דאָס פּאַפּירל? — דאָס איז אַ קבלה אויף דריי טויזנט פּעזעס, וואָס איך האָב איינגעצאָלט דער יִק״אַ, איך וועל איר געבן נאָך צוויי טויזנט פּעזעס, און האָב מער נישט קיין מורא פאַר די בריוועלעך. די קאָסעטשע פון דעם יאָר האָט מיר געראַטעוועט. וואָס וואָלט איך געמאַכט מיט 100 העקטאַר?״.

נאָך אַ פאַל וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אַליין:

זינט איך בין אַריין אַרבעטן ווי אַ באַאַמטער אין פאַנדאָ קאָמונאַל, האָב איך נישט געמאַכט קיין קאָסעטשעס אויף מיין אייגענעם חשבון, כדי נישט צו געבן קיינעם קיין געלעגנהייט מיר חושד צו זיין, אַז די תבואה וואָס איך וואָלט אַריינגעבראַכט אין קאָאָפּעראַטיוו איז צוגענומען געוואָרן מיט ספּע־ציעלע פּריווילעגיעס. איך האָב שטענדיק געהאַלטן פון דער ייִדישער עטיק „והייתם נקיים מד׳ ומישראל״. מיין טשאַקרע פלעג איך פאַרדינגען און די הכנסה וואָס איך האָב פון דעם געהאַט האָב איך געצאָלט דער יִק״אַ. צוליב פאַרשיידענע סיבות האָב איך געוואָלט ביז אַן אומבאַשטימטער צייט זאָל די יִק״אַ מיר נישט געבן קיין טיטולן. צוליב דעם האָב איך נישט באַצאָלט די לעצטע טויזנט פּעזעס וואָס איך בין שולדיק געווען פאַרן באָדן. אין אַ טאָג, — עס איז געווען חול־המועד סוכות, — איז געקומען צו מיר דער אַגענט פון דער יִק״אַ־אַדמיניסטראַציע און געזאָגט, אַז ער האָט מיט מיר צו ריידן וועגן אַן ערנסטן ענין און וויל וויסן וועלכע שעה איך וועל האָבן אַ ביסל פרייע צייט.

אַ קוק טוענדיק אויף זיין פּנים האָב איך געזען, אַז ער איז זייער פאַר־זאָרגט, און האָב ביי מיר געטראַכט: אפשר האָט מען אים אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע. איך האָב גראָד געדאַרפט גיין צו דער סטאַנציע, האָב איך אים איינ־געלאַדן מיר זאָלן גיין צוזאַמען. גייענדיק, האָב איך באַמערקט אַז עס איז אים שווער צו זאָגן וואָס ער וויל. עס איז זייער אַן אומאָנגענעמע זאַך, — זאָגט ער מיר, נאָך דעם ווי איך האָב אים אַ ביסל דערמוטיקט איז ער אַרויס מיט לשון, — איך האָב באַקומען אַ בריוו פון דער גענעראַל־דירעקציע, אַז אויב איך וועל נישט באַצאָלן די טויזנט פּעזעס ביז צו די 15 טעג, וועלן זיי אָננע־מען געריכט־מיטלען און פאָדערן מיין עקסמיסיע.

באַמערקנדיק ווי דער דאָזיקער יונגערמאַן שעמט זיך מיר צו קוקן אין די אויגן און ווי ער ליידט פון דער דאָזיקער „גערעכטער" מיסיע וואָס ער דאַרף דורכפירן, האָב איך אים באַרויִקט און צוגעזאָגט אַז עס וועט זיין אין אָרדענונג. דער דאָזיקער באַאַמטער, עד, האָט מיר געפּרוווט געבן אַן עצה, איך זאָל שרייבן אַ ביטע מען זאָל וואַרטן ביז נאָך דער קאָסעטשע. דאַנקענדיק אים פאַר זיין גוטן ווילן, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל תיכף שרייבן אין דער דירעקציע, אַז זייער פאַרלאַנג וועט דערפילט ווערן. איך האָב פאַרקויפט עטלעכע שטיקלעך פי פון די געציילטע וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרמאָגט און באַצאָלט 800 פּעזעס. איך בין זיך מודה, אַז מיין כוונה צו בלייבן שולדיק 200 פּעזעס איז געווען צו זען, ווי וועלן האַנדלען אין דעם פאַל די „פּעיִקע" יִיקאַ־דירעקטאָרן. עס זענען אַריבער עטלעכע טעג, איז פאַרבייגעפאָרן פאַר מיין שטוב דער ה' דוד סעווי, אינספּעקטאָר פון דער יִיקאַ אין ענטרע־ריִאָס, און האָט מיר געגריסט פון דער וויטן, באַלד איז ער פאַרבייגעפאָרן אַ צווייטן, אַ דריטן מאָל, ער קוקט צו מיר און שטעלט זיך נישט אָפּ, קעגן זיין געוווינ־הייט, ווייל יעדעס מאָל וואָס ער פלעגט קומען אין דאָמינגעז, פלעגט ער קו־מען צו מיר,ריידן וועגן פאַרשיידענע פּראָיעקטן. נאָך עטלעכע מאָל דורכ־לויפן מיטן אויטאָמאָביל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און קוקנדיק צום אַלטן אָפּגעלאָזענעם גאַלפּאָן וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן מיין שטוב, האָט ער מיר געזאָגט, אַז פון בוענאָס־אײרעס שרייבן זיי וועגן די 200 פּעזעס וואָס איך בין שולדיק, נאָר, איך דאַרף זיך נישט מטריח זיין, ווייל ער וועט שוין באַצאָלן פאַר מיר און ווען איך וועל האָבן, זאָל איך אים אומקערן דעם חוב. איך האָב אים געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז ער איז נישט קיין געטרייער באַאַמטער, ווייל ער וואָלט געדאַרפט לאָזן זיינע העכערע „חכמים" זאָלן אַראָפּוואַרפן דעם איסאַק קאַפּלאַן און צונעמען אַ טשאַקרע פון 150 העקטאַר פאַר אַ חוב פון 200 פּעזעס. אָרעמער סעווי, געקומען פון ארץ־ישראל מיטצואַרבעטן פאַר דער גרויסקייט פון באַראָן הירשס אידעאַל.... איך האָב אים געדאַנקט פאַר

דעם פריינדלעכן זשעסט, בין צוגעפאָרן מיט אים ביז צו דעם צווייטן ראָג און געבעטן דעם ה׳ דוד פּאַטין, אַ גוטער שכן, ער זאָל מיר לייען צוויי הונדערט פעזעס און עס דערלאַנגט דעם אינספּעקטאָר סעווי, אַנטשולדיקנדיק זיך וואָס ער האָט נישט קיין צייט מיר צו באַזוכן אין שטוב, איז ער שנעל אַוועקגעפאָרן מיטן אויטאָמאָביל. זיין זיצפּלאַץ איז געווען באַסאַווילבאַסאָ.

וואָס איז טאַקע געווען די סיבה וואָס די דירעקטאָרן האָבן מיך געצוווּנ־גען אַזוי שטרענג צו באַצאָלן די טויזנט פּעזעס? דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ביי אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג האָב איך זיך דערלויבט אַרויסצוזאָגן מיט שטאַרקע ווערטער קעגן דעם דעקרעט פון נישט פאַרדינגען די יידישע קאָ־לאָניסטן זייערע רעזערוו־לענדערייען און האָב אויף אַ הויכן קול געזאָגט, אַז עס איז נישט עטיש, נישט אָנשטענדיק, ביי אַזאַ אינסטיטוציע ווי די יק״אַ זאָלן צוויי ברידער פאַרנעמען שטעלעס, ווי אַ דירעקטאָר און סוב־דירעקטאָר, — דאָס זענען די ברידער לויִס און עדואַרדאָ אונגרע. אָט פאַר דער דאָזיקער „חוצפּה" האָט מען זיך געוואָלט נוקם זיין.

אַ דריטער טיפּישער פאַל איז געווען מיטן קאָלאָניסטישן זון שעכט־מאַן, פון סאַן־אַנטאָניאָ. אים האָט מען עקסמיטירט כדת וכדין, אַרויסגעוואָרפן די פאַמיליע און אַרויסגעשטעלט אַלץ אין דרויסן מיט דער קראַפט פון פּאָ־ליציי. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז עס געווען אַ פאַמיליע מיט זעקס קליינע קינדער. די סיבה: ווייל ער האָט פאַרדונגען אַ האַלבן קאַמפּ צו אַ נישט געוווּנטשענעם עלעמענט. דער מאָטיוו איז געווען מאָראַליש באַרעכ־טיקט. אָבער די „ראָזשינקע" אין דעם פאַל איז געווען, וואָס די יק״אַ האָט פאַרדונגען שעכטמאַנס טשאַקרע דעם זעלביקן וואָס איז געווען דער גורם פון דער עקסמיסיע. עס איז געווען אַ הימל־שרייענדיקער אַקט, אַ פּאַטש אין פּנים דעם אידעאַל פון יידישער קאָלאָניזאַציע, אויסגעלאַכט זיך פון דער גע־זעלשאַפטלעכער מיינונג. די זאַך האָט אַרויסגערופן אַן אויפברויז. מען האָט זיך משתדל געווען, ביז דער ענין איז דערליידיקט געוואָרן.

**
*

די דאָזיקע פאַקטן, ווי אויך די אַנטוויקלונג פון די קאָאָפּעראַטיווע אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט, טיילווייז אויך פון דעם אויפקום פון יינגערע עלעמענטן, געבוירענע און דערצויגענע אין קאָלאָניע און אין אַ סביבה פון דעמאָקראַטיע, מיט ווייניקער געדולד צו טאָלערירן דעם גייסט פון „פּריציש־קייט", — דאָס אַלץ צוזאַמען גענומען האָט צוגעגרייט דעם באָדן צו באַנייען די איניציאַטיוו פון פאַראייניקן אַלע יק״אַ־קאָלאָניעס אין איין רעפּרעזענטאַ־

טיווע קערפּערשאַפט. אין די לעצטע מאָנאַטן פון 1924 האָט מיר געשיקט רופּין דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, מאַרקאָס וואַרטמאַן, וועלכער האָט מיר געפרעגט, צי בין איך גרייט זיך אַריינצוואַרפן נאָך אַ מאָל אין דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אַלטן אידעאַל און אויפלעבן די „קאָנפּע־דעראַסיאָן אַגראַריאַ איזראַעליטאַ".* אין אָנקלאַנג מיט די איצטיקע אומ־שטענדן? פאַרשטייט זיך אַז איך האָב גלייך געגעבן מיין הסכמה און צוגע־זאָגט מיין מיטאַרבעט. וואַרטמאַן האָט אָן צייט־פאַרלוסט זיך גענומען אַקטיוו אַרבעטן פאַר דער צוגרייטונג פון אַ קאָנגרעס פון רעפּרעזענטאַנטן פון אַלע אונדזערע קאָלאָניעס.

כדי בעסער צו פאַרשטיין די ווייטערדיקע אויסוויקלונג פון דער אָרגאַ־ניזאַציע וואָס האָט געדאַרפט געבוירן ווערן, וועלכע טראָגט איצט דעם נאָ־מען „פּראַטערני־דאַד אַגראַריאַ", באַטראַכט איך פאַר וויכטיק צו זאָגן איניקע ווערטער וועגן דער פּערזאָן מאַרקאָס וואַרטמאַן און זיינע נאָענטע חברים לדעה. וואַרטמאַן, אַ קאָלאָניסטישער זון, איז געווען פון דער נאַטור אינטע־ליגענט, ברויזנדיק, מיט אַ בליק אין ווייטערע האָריזאָנטן, קאַמפּסלוסטיק, דיסציפּלינירט אין זיינע אידעען און אַ מיליטאַנט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיין וואָרט איז געווען שטאַרק. ער האָט באַקעמפט זיינע אָפּאָזיטאָרן מיט די שאַרפסטע טענער און האָט געקענט מיטרייסן מאַסן.

זיין חבר, מיגעל קיפּען, איז געקומען קיין אַרגענטינע אין יאָר 1912, אַן אַדוואָקאַט מיט אַ סך בילדונג, אַ גוטער מאַטעמאַטיקער, אַקטיוו אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; אין די צאַרישע צייטן געזעסן אין די רוסישע טורמעס, געווען פאַרשיקט אין סיביר, איז פון דאָרט אַנט־לאָפן; האָט געענדיקט זיין שטודיום אין שווייץ און האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף אַ טייל פון דער יוגנט אין אונדזער קאָלאָניע. ער האָט אַריינ־געבראַכט די קאָאָפּעראַטיווע טעאָריע אין אונדזערע ברייטערע קרייזן. אין אַ פּריוואַטן שמועס האָב איך אים געזאָגט, אַז די רעוואָלוציאָנערע אידעען וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיין יוגנט און די כסדרדיקע פּראָפּאַגאַנדע קעגן צאַריזם און דעם רעזשים, האָט ער זיך ספּעציאַליזירט אין דעם גייסט פון פּאָלעמיק און אויף דער לערע פון אָנווייזן אַז יענץ טויג נישט. ער האָט אָבער נישט געלערנט, ווי און ווען מען דאַרף מאַכן בעסער אין דער ווירק־לעכקייט.

נאָך איינער איז געווען ד"ר אַדאָלפאָ רובינשטיין, אַ יונגער מעדיקער, אַן אינטעליגענטער מענטש, אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער אַרגענטינער סאָ־

* יידישע אַגראַר־פעדעראַציע.

ציאַליסטישער באַוועגונג, אַ גוטער טריבון, האָט געפּריידיקט סאָציאַליזם פאַר די מאַסן מיט פּאַטאָס, אויפן שטייגער פון די היגע פּאָליטיקער און האָט זיך אינטערעסירט מיט קאָאָפּעראַטיווער טעטיקייט די עטלעכע יאָר וואָס ער איז געווען אָנגעשטעלט ווי אַ מעדיקער אין שפּיטאָל פון דאָמינגעז.

דאָס זענען געווען דריי וויכטיקע כוחות, וואָס האָבן פאַרמאָגט אייגנ־שאַפטן צו קענען פירן די קאָלאָניע און דעם קאָאָפּעראַטיוו. זיי זענען אָבער, — לויט מיין מיינונג, — באַגאַנגען אַ טעות וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. אמת איז, אַז דירעקט אין קאָאָפּעראַטיוו האָט מען זיי נישט געקאָנט באַשולדיקן אין פּאָליטישער טענדענץ, אָבער אַ היפּ־שער טייל מיטגלידער זענען געווען שטאַרק אומצופרידן מיט זייער טעטי־קייט אויסער דער אינסטיטוציע. עס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט, אַז דאָס איז געווען אין דער עפּאָכע פון נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, און אַ היפּ־שער טייל פון דער יוגנט האָט זיך ענטוזיאַזמירט, אַוועק לינקס, נאָך אפשר אַ סך ווייטער ווי די אויבן דערמאָנטע דריי האָבן געדענקט און געוווּנטשן.

אין דער קאָלאָניע האָבן זיך געשאַפן צוויי גרופּעס — „רעכטע" און „לינקע", — וואָס האָט זיך פאַרשאַרפט יעדעס מאָל מער און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן בולטער יעדעס מאָל ווען עס פלעגן פאָרקומען וואַלן צום די־רעקטיוון ראַט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו פאָנדאָ קאָמונאַל. יעדער צד פלעגט פירן פּראָפּאַגאַנדע אינעם סטיל פון פּאָליטישע גרופּירונגען, אָנווייזנדיק יע־נעמס פעלערן. דאָס האָט דערפירט ביז צו פערזענלעכער שנאה און מען האָט זיך באַקעמפט קעגנזייטיק. נאַטירלעך האָט דאָס געווירקט אויף אַלע געזעל־שאַפטלעכע אַרבעטן.

איך פערזענלעך בין געשטאַנען פעסט אויפן פּרינציפּ, אַז אין קאָאָפּעראַ־טיוו טאָרן נישט באַאיינפלוסן קיין פּאָליטישע טענדענצן, אָבער עס נעמט נישט צו די פרייהייט ביים מיטגליד צו זיין אַקטיוו אין וועלכער נישט איז פּאָליטי־שער גרופּירונג. איך האָב דעריבער נישט איינגעשטימט מיט די „רעכטע" פאַר זייער סיסטעמאַטישער אָפּאָזיציע צו דער פּאַרשטייערשאַפט פון דער אינסטיטוציע וואָס געהערן צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און האָב באַ־טראַכט פאַר פעלערהאַפט די טאַקטיק פון די „לינקע", וואָס זענען געווען קאָמ־פּולסיוו. וואָרטמאַן האָט געמיינט אַפילו, אַז קאָאָפּעראַטיוויזם דאַרף מען איינ־פירן אויף אַ קאָמפּולסיוון אופן, וואָס נעמט אייגנטלעך צו די נשמה פון דער פרייער קאָאָפּעראַציע.

פּרינציפּיעל, זענען מיר אַרויסגעגאַנגען פון צוויי פאַרשיידענע שטאַנד־פּונקטן. בעת די אויבן דערמאָנטע דריי הברים האָבן באַטראַכט די קאָאָפּע־ראַטיווע באַוועגונג פאַר וויכטיק און נוצלעך, דערפאַר וואָס זי דינט ווי אַ

בריק צום סאָציאַליזם און אין סאָציאַליזם געפינט זיך די לייזונג צו דער־גרייכן צו אַ בעסער מענטשהייט, האָב איך באַטראַכט און באַטראַכט נאָך איצט אויך, אַז קאָאָפּעראַטיוויזם איז אַ באַוועגונג אַן און פאַר זיך אַליין, און אַז נאָר דורך פרייער קאָאָפּעראַציע קען מען קומען צום ענדציל, צו אַ בעסערער וועלט, צו בעסערע באַציִונגען פון מענטש צו מענטש און פון לאַנד צו לאַנד.

מיין פּאָזיציע איז דעמאָלט געווען אַזאַ, אַז די רעכטע זענען געווען ברוגז אויף מיר, ווייל איך שטים נישט מיט זייער האַנדלונג. צו די לינקע בין איך נישט געקומען, סיי צוליב זייער טאַקטיק ווי אויך צוליב פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן און מיין בלייבן אַליין האָב איך באַטראַכט ווי אַ גליקלעכן צו־פאַל פאַר מיר, דערפאַר וואָס איך בין געווען אין שטאַנד אָנצוהאַלטן מיין איי־גענע ליניע, וועלכע לויט מיין איבערצייגונג איז געווען די ריכטיקע: אַרבעטן, העלפן, קעמפן פאַר דער פאַרשפּרייטונג און פאַרטיפונג פונעם קאָאָפּעראַטי־ווויסטישן אידעאַל און פאַר דער פאַרפעסטיקונג און גאַנצקייט פון דער ייִדי־שער קאָלאָניזאַציע, גרייט מיטצואַרבעטן און אויפנעמען די מיטאַרבעט פון יעדן, וואָס איז גרייט פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

**
*

נאָך דער דאָזיקער דערקלערונג וועט זיין לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער באַשלוס פון פאַררופן אַ ייִדיש־קאָלאָניסטישן קאָנגרעס, אָנגענומען פון דער מערהייט ראַטמענער פון פאָנדאָ קאָמונאַל, אונטער דער פּרעזידענץ פון מאַרקאָס וואָרטמאַן, האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט, וואָס האָט געזוכט צו שטערן יעדע אַקציע, נישט ווייל די אַקציע האָט געהאַט חסרונות, נאָר דערפאַר וואָס די איניציאַטיוו קומט פון צד שכנגד. דעם 31סטן דע־צעמבער, ביי אַ זיצונג פון ראַט פון פאָנדאָ קאָמונאַל, ווערט באַהאַנדלט דער פּראָיעקט פון צונויפרופן אַ קאָנגרעס פון פאָרשטייערס פון די קאָלאָניעס פון דער ייִקאָ און עס ווערט באַשלאָסן, אַז די פּרעזידענץ צוזאַמען מיט יצחק קאַפּלאַנען זאָלן צוגרייטן דעם פּראָגראַם פאַר דעם קאָנגרעס און אים צו־שטעלן צו דער באַשטעטיקונג פאַרן דירעקטיוון ראַט ביי דער נאָענטסטער זיצונג.

דעם 14טן יאַנואַר 1925, ביי דער זיצונג פון ראַט, איז באַשטעטיקט געוואָרן אָט־דער פּראָגראַם צו באַהאַנדלען ביים קאָלאָניסטישן קאָנגרעס:

1) סיסטעם פון קאָלאָניזאַציע;
2) גרינדן אַ פאָנד פאַר קאָלאָניזאַציע;
3) געמישטע אַדמיניסטראַציע;

4) רעזערוו־באָדן פון דער יי־קאַ;
5) קאַמפּן וואָס טויגן נישט פאַר אַגריקולטור;
6) עקס־קאָלאָניסטן; וועגן געזעץ פון דער יי־קאַ, אַז נישט זיי, נישט זייערע קינדער האָבן דאָס רעכט ווידער אַ מאָל קאָלאָניזירט צו ווערן ביז 10 יאָר;
7) אומפּאַרטייאישע אונטערזוכונג פון די עקסמיטירטע קאָלאָניסטן און די ווירקונג וואָס דער דאָזיקער מיטל האָט אויף דער קאָלאָניזאַציע;
8) פּאַרספּעסטיקן און אויסשפּרייטן די קאָאָפּעראַטיווע טעטיקייט ביז אָרגאַניזירן אַ צענטראַלן קאָאָפּעראַטיוו פאַר אַגראַר־פּאַרקויף;
9) קרעדיט פאַר די קאָאָפּעראַטיוועס פון מלוכה־באַנק אויף גינסטיקע קאָנדיציעס;
10) די לויגבאַרקייט צו פּאַראייניקן אַלע קאָלאָניסטן אונטער איין גרעמיע (צעך) און די פאָרעם ווי איר דורכצופירן.

(געדרוקט אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר”, נומ׳ 74).

# דער בראשית פון „פראַטערנידאַד אַגראַריאַ״

דער קאָנגרעס פון 1925 איז געווען אַ סך גינציקער ווי די פריִערדיקע פּרוּוון צו אָרגאַניזירן אין איין עקאָנאָמיש־פּראָפעסיאָנעלער קערפּערשאַפט אַלע ייִקאַ־קאָלאָניעס. די סביבה איז געווען מער צוגעגרייט, די אומשטענדן האָבן געשטויסן צו זוכן אַ סאָלידאַרישע פאָרעם ווי צו פאַרטיידיקן דעם כבוד און אויך די מאַטעריעלע אינטערעסן פון דעם קאָלאָניסט ווי אַ יחיד און טאַקע דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. צום באַדויערן איז דער באָדן נישט געווען פון איין־איינציקער קוואַליטעט. שוין פון פריִער און ביי דעם קאָנגרעס גופא האָבן געהערשט צוויי טענדענצן: איינע, וואָס האָט געפאָדערט אַ מער דראַסטישע טאַקטיק אין די באַציִונגען און אונטערהאַנדלונגען מיט דער ייִקאַ, און אַז דער כאַראַקטער און צוועק פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, סינדיקאַלע ווי געזעלשאַפטלעכע, דאַרפן זיך באַגרענעצן בלויז צו דעם טייל וואָס איז נוגע אונדז ווי ספּעציפיש ייִדישע קאָלאָניסטן. אין אַלע אַנדערע אַלגעמיינע פּראָבלעמען זאָל מען זיך אָנשליסן, סיי די איינצלנע קאָאָפּעראַטיוועס, ווי די ייִדישע אַגראַר־פעדעראַציע, אין ענלעכע קערפּערשאַפטן וואָס עקסיסטירן שוין אין לאַנד. אַ צווייטע מיינונג איז געווען, אַז מען דאַרף זוכן, ווי ווייט מעגלעך, זיך איינפאַרשטיין מיט דער ייִקאַ מיט פּאַסיווע מיטלען. וואָס שייך דער ייִדישער אַגראַר־פעדעראַציע, מוז זי זיין אַן אייגענע זעלבשטענדיקע צענטראַלע אינסטיטוציע, וואָס וועט באַדינען אַלע אָנגעשלאָסענע אין איר קאָאָפּעראַטיוועס אין אַלץ וואָס זיי נייטיקן זיך. די דאָזיקע צענטראַלע אינס־טיטוציע וועט קענען מיטאַרבעטן מיט אַנדערע ענלעכע געזעלשאַפטן, וואָס עקסיסטירן אין לאַנד, ביי יעדן פאַל אָדער דעמאָלט ווען מען וועט געפינען פאַר פאַסיק, — לויט סאַכאַראָווס פאָרמולירונג: „מיר קענען עסן ביי איין טיש, נאָר נישט פון איין טעלער; אָדער ווי מען רופט עס איצט — זיצן ביי אַ רונדן טיש״.

מיט דער דאָזיקער מיינונג־פאַרשיידנקייט איז מען זיך צעפאָרן פון קאָנגרעס, וואָס האָט געווירקט זייער שלעכט אויף דעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דער „ייִדישער אַגראַר־פעדעראַציע״. מיין פערזענלעכע פּאָזיציע איז גע־ווען ביז גאָר אַ שווערע, ווייל איך בין געשטאַנען אויסער יעדער טענדענ־ציעזער אַמביציע, נישט פון די רעכטע און נישט פון די לינקע און האָב גע־האָט פאַר מיר איין קלאָרע און ריינע ריכטונג: די קאָנסאָלידאַציע פון אונדזע־

רע קאָלאָניעס און קאָאָפּעראַטיוועס; אַרומנעמען אַלע צווייגן פון טעטיקייטן פאַרבונדן מיטן אַגראַר־לעבן אויף וועלכן געביט עס זאָל נישט זיין; נישט אָפּזונדערן זיך פון קיינער פון די ענלעכע עקסיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס, אָבער אויך נישט דערלאָזן מיר זאָלן אין זיי פאַרשלונגען ווערן. וואָס שייך דער יִקאַ, בין איך געווען און בין נאָך איצט אויך דערפאַר, אַז מען זאָל אָפּוואַרפן יעדע שתדלנות־סיסטעם און פאָדערן גלייכע רעכט ביים באַהאַנד־לען און באַשטימען דעם גורל פונעם איינצלנעם קאָלאָניסט, ווי אויך איבער אַלע קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעמען אין אַלגעמיין.

*****

דער קאָנגרעס האָט באַשטימט אַ פּראָוויזאָרישע קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון מיגעל סאַכאַראָוו ווי ערן־פּרעזידענט מיט שטימרעכט, און אַ פּראָוויזאָרישן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט מיט מאַרקאָס וואַרטמאַן, יצחק קאַפּלאַן און יעקב עמ־בוים. צום באַדויערן האָט סאַכאַראָוו אין יענער צייט, צוליב פּריוואַטע אומ־שטאַנדן, נישט געקענט געבן זיין גאַנצע גייסטיקע השפעה אָט־דער דאָזיקער נייער באַוועגונג. די ערשטע אַרבעט וואָס דער עקזעקוטיוו האָט געטאָן, איז געווען צו שיקן אַ מעמאָראַנדום צו דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון דער יִקאַ אין פּאַריז, און אָט וואָס מיר האָבן געזאָגט אין דערמאָנטן מעמאָראַנדום:

ווי מיטגלידער פונעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אויסגעווײלט אויף דעם ערשט־פאַרגעקומענעם יידיש־קאָלאָניסטישן קאָנגרעס דאָ אין לאַנד, האָבן מיר דאָס פאַר־געניגן דאָ צו שטעלן צו אייער באַטראַכטונג, צוליב דעם געהעריקן שטודיום, די רעזאָלוציעס וואָס זענען אויף דעם קאָנגרעס אָנגענומען געוואָרן. איידער מיר גייען איבער צו באַגרינדן איינע נאָך איינער די דערמאָנטע רעזאָלוציעס, זאָל אונדז דערלויבט זיין אַרויסצושטעלן אין אַלגעמיינע שטריכן, וואָס עס איז געווען דער צוועק פון דעם קאָנגרעס, ווי אויך די אידעע וואָס האָט געריכטעט זיינע באַראַ־טונגען.

עס איז קיין ספק נישט אַז די יִקאַ־קאָלאָניזאַציע, צוליב איר אָפּשטאַם און אירע צילן, טראָגט אַ ספּעציפישן כאַראַקטער אויף וועלכן עס באַזירט זיך איר עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג. די פאַרגאַנגענהייט פון דער דאָזיקער קאָלאָניזאַציע, פאַר די וואָס האָבן מיט איר געלעבט און ליב באַקומען, איז אַן אומאויסשעפּלע־כער קוואַל פון פאַרשיידענע לערעס און באַטראַכטונגען, ווי אַ קאָלאָניזאַציע וואָס האָט זיך אינספּירירט אין הויכן אַלטרויזם, האָט זי געזוכט איר צוקונפט מער אינעם אידעאַליזם ווי אין איר פּאָזיטיוויזם. נישט וועלנדיק זיך אַוועקלאָזן שרייבן די געשיכטע פון דער קאָלאָניזאַציע, פון איר לאַנגן און פול מיט שטרויכלונגען דורכגעמאַכטן וועג, מוזן מיר דאָך דערמאָנען אייניקע פון אירע באַזונדערע שטריכן, וואָס וועלן אונדז דערנאָך העלפן פאַרשטיין געוויסע שטאַנדפּונקטן און טעטיקייטן.

מיר דערמאָנען, נישט אָן אַ געוויסער שטוינונג, די כוחות וואָס מען האָט געמוזט אָנווענדן אין אָנהייב פון אונדזער קאָלאָניזאַציע, אַז די קאָלאָניסטן זאָלן בלייבן אויף די טשאַקרעס. ווי פיל מאָל האָט די ייִקאָ דורכן מויל פון אירע העכסטע באַאַמטע און אַפילו אָנפירער, אַפּעלירט צום יידישן סענטימענט פון די ערשטע קאָלאָניסטן, זיי זאָלן נישט ברעכן די הייליקע פאַרפליכטונג צו דעם פּריצייטיקפאַרשטאָרבענעם באַראָן הירש, כדי צו דערווייזן פּאַקטיש דער גאַנצער וועלט, אַז ווען זיי האָבן נאָר די מעגלעכקייט קענען די ייִדן זיין די זעלביקע אַקערבויער ווי זייערע עלטערן, און ווען דער דאָזיקער אַרגומענט איז נישט גענוג געווען אויף איינצופלאַנצן דעם גייטיקן אויסדויער, איז דעם קאָלאָניסט פאַרזיכערט געוואָרן, אַז דער עיקר וואָס די ייִקאָ איז אויסן געווען אין יענע פּרווו־מאָמענטן איז, אַז דער קאָלאָניסט זאָל פאַרבלייבן אויף זיין טשאַקרע, וואָס שייך צאָלן, וועט נישט זיין קיין מניעה ער זאָל צאָלן ווען און ווי אים וועט זיין גרינגער. אָט די אַרגומענטן וואָס פלעגן גאַנץ אָפט אָנגעווענדט ווערן, ווען אַפילו מיט די בעסטע כוונות, האָבן געמוזט אויסשמידן ביים קאָלאָניסט אַ טעותדיקן באַגריף בנוגע זיין לאַגע ווי אַ קאָלאָניסט. פאַרשטענדלעך אַז ווען די ייִקאָ האָט גערעכנט פאַר איבערגעקומען די ערשטע שוועריקייטן און זי האָט זיך גענומען אַוועקצושטעלן די קאָלאָניזאַציע אויף פעסטערע און פּאָזיטיווערע באַזעס, האָט זי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גאַנצע ריי שוין געשאַפענע סיטואַציעס און איינגעוואָרצלטע פאַראורטיילן, וועלכע עס איז שווער אָפּצושאַפן. ווען די ייִקאָ האָט גענומען געבן אַ נייע ריכטונג דער קאָלאָניזאַציע, זענען עס אַנטשטאַנען די ערשטע סכסוכים צווישן איר און די קאָלאָניסטישע פאַראיינען וועגן דעם אופן ווי דורכצופירן דעם פּראָצעס פון נאָרמאַליזירן די לאַגע. זייענדיק פאַרגלייבט אין דער ייִקאָס אידעאַליזם, האָבן מיר דאָך גערעכנט, אַז מיט אַ ביסל גוטן ווילן וואָלט מעגלעך געווען געזוכט צו מאַכן אונדזער קאָלאָניזאַציע אָן רייסענישן און פאַרלוסטן. אַזוי האָט אונדזער קאָנגרעס פון 1916 פאַרגעלייגט אַ ריי מיטלען ווי צו נאָרמאַליזירן די שווערע סיטואַציעס. פיל שוועריקייטן זענען אויסגעמיטן געוואָרן, אָבער נישט אַלע, ווייל אונדזערע מיטלען האָבן ביי זייער פּראַקטישער אָנווענדונג פאַרלוירן זייער האַפּט. אַ פּראָבלעם וואָס ווערט נישט אין צייט געלייזט, ווערט פאַרשאַרפט און קאָמפּליצירט, דאָס איז אַן אַקסיאָמע. זינט אייניקע יאָר האָבן אונדזערע קאָלאָניעס געפאָדערט עס זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אַ קאָנגרעס מיט דעם אָנטייל פון פאָרשטייערס פון אַלע קאָלאָניעס און פון דער ייִקאָ, כדי צו זוכן געמיינזאַם די לייזונג פאַר די פּראָבלעמען פון קאָלעקטיוון כאַראַקטער; דורכגעפירט איז ער געוואָרן מיט פאָרשטייערס פון אַלע אונדזערע קאָלאָניעס אין לאַנד. מיר האָבן אויפריכטיק געהאַט צו באַדויערן די אָפּוועזנקייט פון די ייִקאָ־פאָרשטייערס, וועלכע זענען, ווי אייך איז באַוווסט, געווען איינגעלאַדן. מיט מער טעאָרעטישער און פּראַקטישער דערפאַרונג האָט דער ערשט־פאַרענדיקטער קאָנגרעס פיל טיפער שטודירט די פּראָבלעמען וואָס זענען פאַר אים געשטאַנען, ווי דער פריערדיקער. די פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער קאָלאָניזאַציע איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן אַ גרינטלעכן אַנאַליטישן שטודיום, כדי אַרויסצובאַקומען פון אים די נוצלעכע לערע פאַר דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין דער צוקונפט. אונדזערע רעזאָלוציעס וואָס מיר לייגן אייך פאָר, מיט דער זיכערקייט אַז זיי וועלן שטודירט ווערן מיט דער אויפמערקזאַמקייט ווי עס פאַרדינען די פּראָבלעמען וואָס זיי אַנטהאַלטן, זענען באַזירט אויף אונדזער לאַנ־

גער דערפאַרונג און אַלע זענען זיי געווענדעט צו געפינען די פּאָסיקסטע לייזונג פאַר יעדער איינער פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אונדזער קאָלאָניזאַציע איצט און אין דער צוקונפט.

געמישטע פאַרוואַלטונג אין די יקאַ־קאָלאָניעס: מיר ווילן אַ דירעקטע באַ־טייליקונג אין אַלע אַדמיניסטראַטיווע אָנגעלעגנהייטן אין די יקאַ־קאָלאָניעס; מיר האָבן געקענט זען אָן אַ שיעור מאָל, אַז ווען עס וואָלט אין די לעצטע יאָרן עק־סיסטירט אַזאַ מין פאַרוואַלטונג, וואָלט מעגלעך געווען אויסצומיידן אַ געוויסע צאָל אַרויפגעשוואומענע שוועריקייטן, מערערע מאָל, צוליב דעם וואָס אייערע אָנ־געשטעלטע זענען פיזיש און גייסטיק ווייט פון קאָלאָניסט און קענען נישט טריי אינטערפּרעטירן זיינע נויטן און שטרעבונגען.

די דאָזיקע שטרעבונג איז נישט אימפּראָוויזירט געוואָרן ביי דעם איצטיקן קאָנגרעס; זי האָט שוין הינטער זיך פיל יאָרן. מיר דערמאָנען אַז אין יאָר 1910 האָט דער ה׳ לוויס אונגרע אָנגעדייט דעם פאַנדאָ קאָמונאַל, אַז ער זאָל אָנטייל נע־מען אין דער פאַרוואַלטונג פון די קאָלאָניעס. ווי אַ נייע און נישט־דערפאַרענע אָרגאַניזאַציע אין יענער צייט, האָט פאַנדאָ קאָמונאַל נישט געקענט נעמען אויף זיך אַזעלכע קאָמפּליצירטע און פאַראַנטוואָרטלעכע פונקציעס; אין יאָר 1920, ווען דער זעלביקער ה׳ אונגרע האָט אונדז באַזוכט צום צווייטן מאָל, האָט שוין דער פאַנדאָ קאָמונאַל, צווישן אַנדערן פאָרגעשלאָגן אַוועקצושטעלן פאַר אַ פּרווו אַ גע־מישטע פאַרוואַלטונג אין אונדזערע קאָלאָניעס. אין פאַרלויף פון דער צייט האָבן מיר זיך באַפעסטיקט אין אונדזער איבערצייגונג, ווי גוט עס וואָלט געלוינט פאַר דער יקאַ, ווי פאַר די קאָלאָניסטן אַ פאַרוואַלטונג וואָס זאָל פאַרטרעטן גלייך אויף גלייך, דעם קאָלאָניזאַטאָר און דעם קאָלאָניזירטן. מיר ווילן נישט פאַרנעמען די פונקציעס פון דער יקאַ, מיר ווילן אויך נישט מיט אונדזער אָנטיילנעמען אין אַזאַ פאַרוואַלטונג אָפּזאָגן זיך פון אונדזער זעלבשטענדיקער אַקציע, מען קען לויט אונדזער איינזען רעגלאַמענטירן די פונקציעס און נישט שאָדן מיט גאָר נישט די רעכטן פוןביידע צדדים.

אין די ערשטע יאָרן פון דער קאָלאָניזאַציע וואָלט אַזאַ פּרעטענזיע פון אונ־דזער זייט קיין באַרעכטיקונג נישט געהאַט. דער גאַנצער קאַפּיטאַל וואָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די ערד, דער קליינער אינוועטאַר, די פאַרבעסערונג פון פעלד, האָט געהערט אויסשליסלעך דער יקאַ, מיט דער טענדענץ, עס זאָל שפּע־טער איבערגיין צום קאָלאָניסט. היינט צו טאָג איז די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. אויב מיר זאָלן פאַרגלייכן דעם קאַפּיטאַל וואָס עס פאַרמאָגט נאָך די יקאַ אין קאָלאָניעס, מיט דעם וואָס קאָלאָניסטן האָבן אַריינגעלייגט, איז קיין ספק נישט אַז די אינטע־רעסן פון די לעצטע זענען פיל גרעסערע. דער אַנטשיידנדיקסטער אַרגומענט מיט וועלכן מיר קענען שטיצן די דאָזיקע רעזאָלוציע, איז פאָלגנדיקער: דער ענטרע־ריאָסער גובערנאַטאָר, אַריינשיקנדיק נישט לאַנג צוריק אין דער געזעצגעבנדיקער קאַמער אַ קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקט, שטרייכט אונטער דעם פאַקט, אַז ער האָט זיך אינספּירירט אין אַ רעזאָלוציע, וועלכע ער האָט קאָפּירט טעקסטועל, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ קאָנפערענץ אין דער שטאָט פּאַראַנאַ, אין וועלכער עס האָבן גענומען אַ פּראָמינענטן אָנטייל די קאָאָפּעראַטיוועס פון אונדזערע קאָלאָ־ניעס. דער פּאַרלאַמענט, יעדעס מאָל ווען ער באַהאַנדלט אַ געזעץ פון אַגראַרן כאַראַקטער, פרעגט זיך אָן די מיינונג פון די אַגראַר־קערפּערשאַפטן אין לאַנד.

דאָס וואָס מיר זאָגן אויבן, שטעלט מיט זיך פאָר דעם בעסטן באַווייז, אַז קיינער פילט זיך נישט אַזוי אין רעכט און אין דער פולמאַכט צו ריידן אין נאָמען פון די קאָלאָניסטישע נויטן און שטרעבונגען, ווי די אָרגאַניזאַציעס וואָס פאַרטרעטן זיי, און אויב דאָס אָנערקענט די עפנטלעכע מאַכט, דאַרף עס די יִקאַ, צוליב מאָ־טיוון וואָס זענען איבעריק אָנצווייזן, מיט מער רעכט אָנערקענען. ווען דער ה׳ אונגרע איז לעצטנס געווען אין די קאָלאָניעס, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו באַשטעטיקן, און אַזוי האָט ער דאָס אונדז דערקלערט, אַז אין די קאָלאָניעס ווו די קאָאָפּעראַטיוועס האָבן אינטערוועניִרט אין די באַציִונגען צווישן דעם קאָלאָניסט מיט דער יִקאַ, איז געלונגען צו פאַרמיידן פיל שוועריקייטן; פאַרקערט, אין די קאָלאָניעס ווו אַזאַ אינטערווענץ איז נישט געווען, איז די מינדסטע שוועריקייט פיל מאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נעסט פון סכסוכים. אויב מיט אַזאַ באַגרע־נעצטער אינטערווענץ האָבן די קאָאָפּעראַטיוועס אַקרעדיטירט זייער ווירקזאַמקייט, באַרעכנט וואָס וועט זיין דעמאָלט, ווען אַלע פראַגעס וועלן געלייזט ווערן מיטן אַלגעמיינעם הסכם דורך דער געמישטער פאַרוואַלטונג! מיר וואָלטן געקענט באַ־שטעטיקן אָן דער מינדסטער מורא איבערצוטרייבן, אַז ווי נאָר עס וועט אַוועק־געשטעלט ווערן די פאַרוואַלטונג וואָס מיר שלאָגן פאָר, וועלן אַלע איבעריקע פּראָבלעמען פון זיך אַליין געלייזט ווערן, אָן אומזיסטע רייבונגען און אומאָנ־גענעמלעכקייטן.

קויפשיינען מיט היפּאָטעקע. די ענדערונג אין קאָלאָניזאַציע־סיסטעם, דאָס הייסט, די יורידישע פאַרהעלטענישן צווישן דעם קאָלאָניסט מיט דער יִקאַ, דאַרפן גרינטלעך געענדערט ווערן. דאָס איז אַ נויטווענדיקייט פון אַ געזונטער קאָלאָני־זאַציע און פון פינאַנציעלן שטאַנדפּונקט. די זיכערקייט אויף דעם שטיקל באָדן וואָס מען באַאַרבעט איז היינט צו טאָג אַן אַלגעמיין אָנגענומענע פאָדערונג פון דעם ערד־אייגנטימער אין אַרבעטער־קלאַס. אונדזערע קאָלאָניסטן קענען נישט זיין קיין אויסנאָם פון דעם כלל. אויב דער קאָנטראַקט „פּראָמעסאַ דע ווענטאַ״* האָט אַמאָל געהאַט זיין באַרעכטיקונג — וואָס דאָס איז אויך אַ פראַגע — איז עס געווען אין אונדזערע ערשטע קאָלאָניזאַציע־יאָרן, ווי אַ פאַרזיכטמיטל קעגן מעגלעכע אָפּ־ווענדונגען פון די צילן וואָס די יִקאַ האָט זיך געשטעלט מיט איר קאָלאָניזאַציע. איצט האָבן זיך די זאַכן ראַדיקאַל געענדערט, די געפאַר וואָס האָט געקענט זיין אין אָנהייב, איז שוין היינט נישט פאַראַן. די קאָלאָניזאַציע וואָס ווערט געמאַכט מיט אויסגעפּרובירטע עלעמענטן נייטיקט זיך נישט אין אַזאַ יורידישן מיטל אויף צו פאַרזיכערן איר עקסיסטענץ. די דערפאַרונג האָט אונדז געוויזן, אַז אַ קאָלאָ־ניסט מיט אַ קאָנטראַקט, ווען אַפילו זיין קאָנטראַקט גאַראַנטירט אים אַבסאָלוט זיין סטאַביליטעט, מיט דעם צוטרוי וואָס ער קען האָבן צו דער יִקאַ, קען ער אָבער נישט געניסן פון קיין שום באַנק־קרעדיט, צוליב דער ריין־יורידישער אויס־טייטשונג פון דעם דאָקומענט, אַבסאָלוט נישט רעכענענדיק קיין אַנדערע מאָטיוון, און דער קרעדיט איז היינט צו טאָג אַן אומבאַדינגטער פאַקטאָר אין דער ווירט־שאַפט פונעם אַקערבויער. פון דער אַנדערער זייט דאַרף גוט גענומען ווערן אין אַכט דער פאַל מיט דער „סאָבּרעטאַסאַ״ (איבערשטייער פאַר לאַטיפונדיזם אין אָפּ־

* פאַרקויף־הבטחה.

װעזנקייט) אינעם לאַנד־שטייער פון פּראָװינץ ענטרע־ריאָס, װעלכע האָט אַ טענ־דענץ אָנגענומען צו װערן איבער דער גאַנצער רעפּובליק מיט דעם לויבװערדיקן ציל ביסלעכװייז איינצוברעכן דעם לאַטיפונדיזם. מען מוז, בכן, פּאַרויסזען די פאַקטן כדי אויסצומיידן די פאָלגן װאָס די ענטרע־ריאָסער יק״אַ־קאָלאָניסטן האָבן געליטן. בנוגע דער װייטערדיקער קאָלאָניזאַציע אויף דער באַזע פון קויפשיינען מיט היפּאָטעקן, אָנערקענט אונדזער רעזאָלוציע די לוינעװדיקייט, אַז דער באַ־זעצטער קאָלאָניסט, אויב ער איז אַ נישט אויסגעפּרובירטער אימיגראַנט, זאָל אים דער קויפשיין אַרויסגעגעבן װערן ערשט נאָך דריי יאָר. אין דער צייט זאָל ער צאָלן פאַר פּאַכט פּראָצענטן פאַר דעם קאַפּיטאַל װאָס די פאַרנומענע ערד באַ־טרעפט, דער דאָזיקער באַדינג גילט נישט פאַר די זין און איידעמס פון די קאָ־לאָניסטן.

„דעסאַלאַכאָ״ (עקסמיסיע). דער קאָנגרעס האָט אויסגעדריקט נאָך אַ מאָל זיין װידערװילן קעגן דעם דאָזיקן אוממענטשלעכן מיטל, און דאָס איז נישט דער־פאַר װאָס מיר אָנערקענען נישט אַז אין געװיסע פאַלן װאָלט מען באַדאַרפט אָנ־קומען צו דעם. מיר טרעטן אַרויס אַזוי עקשנותדיק קעגן באַנוצן דאָס מיטל אויף צו האַלטן די קאָלאָניסטן אין שטענדיקער מורא, באַזונדערס װען מיר זענען שטענדיק גרייט פאַרצושלאָגן אַנדערע לייזונגען אין די שװערע פאַלן, װען קאָ־לאָניסטן בלייבן שטאַרק הינטערשטעליק אין זייערע צאָלונגען. די יק״אַ קען נישט אַראָפּװאַרפן פון זיך די פאַראַנטװאָרטלעכקייט, װייל עס געפינען זיך אַזעלכע קאָ־לאָניסטן, װאָס טראָץ דער פאַרלאָפענער צייט זינט זייער באַזעצונג, האָבן זיי נאָך נישט באַצאָלט פאַר זייערע נחלות. צוליב דעם האָבן מיר פריער אָנגעװיזן אויף דעם פריידיקן פון דער יק״אַ אין דעם זין, אַז איר הויפּטזאָרג איז געװען דאָס בלייבן פון דעם קאָלאָניסט אויף זיין טשאַקרע און זי באַאַרבעטן. אויב דער קאָ־לאָניסט האָט אויסגעטייטשט גאַנץ בוכשטאַבלעך יענע רעדעס, צאָלט ער פאַר זיי געװוגט טייער. דעם באַדן, װאָס ער האָט געקענט באַקומען פאַר אַ גאַנץ קליינעם פּרייז, טראָגט אים איצט אויס אויף 80־100 און מער פּעזאָס פאַר דעם העקטאַר. אויב דער קאָלאָניסט צאָלט אַזוי טייער פאַר זיינע טעותים, מעג און דאַרף אויך די יק״אַ, נישט פאַרלירנדיק גאָרנישט, האָבן אַ ביסל געדולד אין אָט־דעם פּראָ־צעס פון דער קאָלאָניזאַציע און נישט אָנװענדן עקסימסיעס, װאָס איז אין די לעצטע יאָרן פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַן אמתער פּאַניק פאַר אונדזערע קאָלאָניעס. נאָר מיר, װאָס לעבן אין ענגן קאָנטאַקט מיטן קאָלאָניסט, קענען אָפּשאַצן װאָס דאָס הייסט לעבן אונטער דער דראָונג פון „דעסאַלאָכאָ״: אַנטמוטיקונג, נאָכלאָזיקייט אין דער אַרבעט און אַפילו שנאה צו זיין פאַך. אין די לעצטע יאָרן האָבן אונ־דזערע אָרגאַניזאַציעס זיך אָפּגעגעבן צו רעװאָלוציאָנירן די עקאָנאָמישע און סאָ־ציאַלע סטרוקטור פון אונדזערע קאָלאָניעס. אָט־די אַרבעט אונדזערע פאַר דער מאָראַלישער און גייסטיקער צוגעבונדנקייט און ליבע פון דעם מענטשן צו דער אַרבעט, קען נישט און טאָר נישט איבערגעשלאָגן װערן פון דער יק״אַ מיט אַזעלכע מיטלען װי דעסאַלאָכאָ. מיר װאַרפן דעריבער אָפּ די דעסאַלאָכאָ נישט בלויז צוליב סענטימענטאַלע מאָמענטן, נאָר אויך צוליב די פּרינציפּן פון געזונ־טער קאָלאָניזאַציע.

אַרענדע פון די רעזערװן װאָס זענען פאַראַן אין די קאָלאָניעס. די רעזאָ־לוציע װאָס איז פונעם קאָנגרעס אָנגענומען געװאָרן בנוגע דעם ענין פון נישט

פאַרדינגען די רעזערוון צו די קאָלאָניסטן, איז פאַר אַלעמען אַ העפטיקער פּראָטעסט צוליב זיין מאָראַלישן ווערט. די דאָזיקע אומבאַרעכנטע פאַראָרדענונג גרייפט אונדז אָן, קודם ווי ייִדן און ווי קאָלאָניסטן. אָנערקענענדיק אַפילו, אַז דער דאָזיקער שריט האָט געהאַט גוטע כוונות, וואָלטן מיר אים דיסקוטירט בנוגע זיין דערקלערונג, אָבער גראָד דערפאַר וואָס דער שריט איז אָנגענומען געוואָרן אין אַזאַ אַלגעמיינער פאָרעם, נעמט ער אַוועק די גוטע כוונות וואָס עס האָבן געקענט דערבייַ האָבן די וואָס האָבן דאָס דיסקוטירט. נישט אַרענדירן צו קאָלאָניסטן וואָס האָבן שוין זייערע טשאַקרעס, וואָלט געקענט — מיט געוויסע אויסנאָמען — אָנגענומען ווערן ווי אַ גוטער שריט. וויזשע אָבער זאָל מען דערקלערן וואָס דער דאָזיקער שריט איז חל, אָדער ריכטיקער געזאָגט, טרעפט באַזונדערס די קאָלאָניסטישע זין וואָס נייטיקן זיך צום שטאַרקסטן אין דעם דאָזיקן באָדן? אין דער געשיכטע פון אונדזער קאָלאָניזאַציע איז קיין פאַרגלייך נישטאָ מיט אַזאַ פאַראָרדענונג בנוגע דער אָנווענדונג פון די רעזערוון.

אַלץ וואָס מיר וועלן זאָגן וועט נישט אויסדריקן טריי די אַנטריסטונג וואָס דער דאָזיקער דעקרעט האָט אַרויסגערופן נישט נאָר צווישן די קאָלאָניסטן, נאָר אויך צווישן דער גאַנצער ייִדישער קאָלעקטיוויטעט פון לאַנד. עס איז אַזאַ שריט, וואָס אויב ער וועט נישט אָפּגעשאַפט ווערן וואָס פריִער, וועט ער קענען אויסגעטייטשט ווערן קעגן אונדזער ישוב, ער ווערט שוין אין דעם זין אויסגעטייטשט. ווינטשנדיק איבערצוצייגן דער ייִקאַ, זי זאָל פאַרריכטן אָן צייט־פאַרלוסט די דאָזיקע אַנאָרמאַליטעט, וועלן מיר איר זאָגן דעם גאַנצן אמת וועגן דעם דאָזיקן אומאָנגענעמען ענין. די באַדערפעניש פון ערד, מער ווי וועלכע אַנדערע באַדערפעניש, באַזיגט די שטאַרקסטע שוועריקייטן. דער קאָלאָניסט וואָס נייטיקט זיך אין אַ שטיקל ערד, געפינט שוין דעם אופן ווי דאָס צו באַקומען: ער זעט ס׳זאָל עס נעמען אין אַרענדע וועלכער ס׳איז נישט־ייִד, וואָס זאָל דאָס אים נאָך דעם סובאַרענדירן. אַזוי אַרום באַקומט דער ענין אַ זייער נישט פיינעם אויסזען. פון אַ באַגלייבטער קוועלע איז אונדז באַוווּסט, אַז אין דער קאָלאָניע באַראָן הירש (ריווערא) ווו די ייִקאַ באַזיצט פיל רעזערוו־באָדן, איז ער אַרענדירט געוואָרן פון אַ נישט־ייִדישן עלעמענט און דערנאָך איבערפאַרדונגען געוואָרן צו אונדזערע קאָלאָניסטן. אַזעלכע אַרענדעס דערגרייכן שוין ביז 80 פּראָצענט פונעם גאַנצן אַרענדירטן באָדן־רעזערוו! צוליב דעם אייגענעם פּרעסטיזש פון דער ייִקאַ, דאַרף די צענטראַלע פאַרוואַלטונג אָן וואַקלעניש אָפּשאַפן די דאָזיקע פאַראָרדענונג.

קאָלאָניזאַציע אויף קליינע באָדן־שטחים (קינטאַס). ווען מען זאָל דאָס נישט אָנרופן קאָלאָניזאַציע, וואָלט מען נאָך געקענט טאָלערירן אָט די איינזאַמע שטיבלעך ווי אַ פּלאַץ ווו עס קען געפינען אַ מקום־מקלט, צייטווייליק, אַ געוויסע צאָל ייִדן וואָס האָבן נישט קיין אָפּדאַך, נאָר אַז דאָס זאָל הייסן קאָלאָניזאַציע, קענען מיר נישט דערלאָזן. קיין שום קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, און אַוודאי נישט די ייִקאַ מיט אירע 30 יאָר דערפאַרונג, קען נישט ערנסט גלויבן אינעם דערפאָלג פון אַ קאָלאָניזאַציע וואָס איז געבויט אויף אַזעלכע באַזעס. די באַזעצונג פון אַ קאָלאָניסט דאַרף געמאַכט ווערן אויף אַ שטיק לאַנד, וואָס זאָל געאָגראַפיש און אַגראָנאָמיש זיין אין הסכם מיט דעם קולטיוו פון דער פאַסיקער געגנט. עס איז נישט מעגלעך צו באַקומען רעזולטאַטן פון אַ גאָרטן, וואָס איז מיילן ווייט פון אַ ישוב, וואָס זאָל די פּראָדוקטן פאַרברויכן. מען וועט אונדז זאָגן אַז עס האַנדלט

זיך בלויז אין פּרווופּלעצער, צוליב דער צופּאַסונג פון קאַנדידאַט אויף קאָלאָניסט; אַיך פאַר דעם טויג נישט די דאָזיקע קאָלאָניזאַציע. נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט אויכצוהאַלטן זיך פון דעם מיקראָסקאָפּישן שטיקל לאַנד, מוז דער באַזעצטער זיך זוכן אַרבעט ביי עפּעס אַנדערש, אַזוי אַז דער קאָלאָניסט האָט אין דער אמתן נישט ביי וואָס אַרויסצווייזן זיין פעיִקייט און צופּאַסונג צו ערד־אַרבעט; פאַרקערט, אַזעלכע אָנהייבן קענען צעשטערן יעדע נייגונג צו ערד־אַרבעט וואָס דער אָנפאַנגער קען האָבן.

אומטויגלעכער באַדן (די קאָלאָניעס בערנאַסקאָני, דאָראַ און מאָנטעפּיאָרע). דאָס איז נישט קיין נייער ענין. ער איז שוין באַהאַנדלט געוואָרן אָן אַ שיעור מאָל. די ייִקאַ אַליין, מיט איר אַריבערפירן אַ געוויסע צאָל קאָלאָניסטן פון בערנאַסקאָני אין דער קאָלאָניע לאַפּין, האָט אָנערקענט די נויטווענדיקייט פון עפּעס אַ לייזונג צו דער צרה וואָס ליגט אויף אייניקע קאָלאָניעס. דאָס זענען דריי קאָלאָניעס וואָס גייען אונטער ביסלעכווייז, איינע שנעלער און אַ צווייטע לאַנגזאַמער. פון העכער 200 קאָלאָניסטן וואָס עס האָט געהאַט די קאָלאָניע מאָנטעפּיאָרע, זענען געבליבן 28, די קאָלאָניסטן וואָס האָבן נאָך אַ סך צרות פאַרלאָזט זייערע טשאַקרעס, האָבן דאָס געטאָן נישט כדי אַוועקצוגיין אין די שטעט, — זיי זענען געגאַנגען זיך באַזעצן אין ווייטע און אומבאַקאַנטע געגנטן, נאָר אויף פּרוכטיקער ערד. ווען די קאָלאָניזאַציע באַפרייט זיך פון נישט צוגעפּאַסטע עלעמענטן צו דער ערד־אַרבעט, געווינט זי אין פעסטקייט און דויערהאַפטיקייט, נאָר ווען זי פאַרלירט, ווי אין אונדזער פאַל, אַן אַרבעטנדיקן און אויסדויערלעכן עלעמענט, ווערט זי אָפּגעשוואַכט און אָפּגעצערט אין איר שורש. דער געשריי פון יענע קאָלאָניסטן איז אַ רירנדיקער. אַלץ וואָס זיי האָבן געליטן איז נישט געווען ביכולת אָפּצונעמען ביי זיי די ענערגיע אויף צו קענען איבערטראָגן די צרות, ווערנדיק שטענדיק געמוטיקט מיט דער האָפענונג, אַז מען וועט זיי בייטן די טשאַקרעס.

מיר קענען נישט פאַלן אויף דעם שכל, פאַר וואָס די ייִקאַ האָט דאָס ביז איצט נישט געטאָן. האָט זי דען נאָך נישט גענוג באַוויזן, אַז דער באָדן פון די דערמאָנטע קאָלאָניעס איז נישט פאַר אַגריקולטור? אויב זי האָט נאָך נישט די באַווייזן, האָט דער קאָנגרעס באַשלאָסן איבערצוגעבן צום שטודיום וועגן דער פראַגע פון יעדע איינע פון די דערמאָנטע קאָלאָניעס צו צוויי עקספּערטן אין דער זאַך, געשטעלט פון ביידע צדדים, כדי נאָך דעם צו האַנדלען אויף דעם גרונט פון די שלוסן צו וועלכע זיי וועלן קומען. עס איז איבעריק דאָ צו זאָגן, אַז ווען אַ קאָלאָניע גייט אונטער, שלעפּט זי נישט אַריין מיט זיך בלויז קאַפּיטאַל, נאָר אויך אַ גרויסן אוצר פון ענערגיע און מאָראַלישע ווערטן, וואָס איז נאָך מער צו באַדויערן, ווייל דאָס ערשטע קען מען צוריק באַקומען, דאָס צווייטע — נישט.

דער עקס־קאָאָפּעראַטיוו פון קאָלאָניע „באַראָן הירש". — לויט דעטאַלירטע ידיעות, צוגעשטעלטע פון די דעלעגאַטן פון דער קאָלאָניע באַראָן הירש (ריוועראַ), האָט זיך דער קאָנגרעס דערוווּסט, אַז זינט דעם ווי די ייִקאַ האָט איבערגענומען דעם אַקטיוו און פּאַסיוו פון דעם אונטערגעגאַנגענעם קאָאָפּעראַטיוו, האָבן זיי נישט געהאַט די מעגלעכקייט אָפּצונעמען אַ חשבון, טראָץ זייער כסדרדיקע און פאַרעקשנטע פאָדערונגען וועגן דער דאָזיקער זאַך ביי אייער הויפּט־דירעקציע אין בוענאָס־איירעס. די קאָלאָניסטן פון יענער קאָלאָניע מיינען, אַז די ייִקאַ האָט שוין אויפגעמאָנט די דאָקומענטן וואָס האָבן געהערט צום קאָאָפּעראַטיוו

מער וויפל ער איז שולדיק געווען דער יזקאַ. די קאָלאָניסטן פּרעטענדירן נישט מען זאָל זיי אומקערן דאָס וואָס ס'איז איינגעמאָנט געוואָרן מער, אויב אַזעלכעס איז פּאַראַן, נאָר מען זאָל אָפּצאָלן די קרעדיטאָרן פון דעם אונטערגעגאַנגענעם קאָאָפּעראַטיוו, כדי צו קענען אַזוי אַרום רעהאַבּיליטירן די קאָלאָניע. דער ווונטש פון די קאָלאָניסטן איז אַזוי אַרום זייער אַ דערפרייענדיקער. מיר ווילן נישט דיסקוטירן דורך קאָרעספּאָנדענץ (מיר באַהאַלטן פאַר זיך דאָס רעכט דאָס צו טאָן ביי דער ערשטער געלעגנהייט), צי די יזקאַ האָט געדאַרפט טאָן דאָס וואָס זי האָט געטאָן מיט יענעם קאָאָפּעראַטיוו, ווען אַפילו ער וואָלט אים אַ סך געלט שולדיק געבליבן. דאָס איז פאַר זיך אַליין אַן ענין און זייער אַן ערנסטער. וואָס מיר ווילן פאָרלויפיק, — דער קאָנגרעס האָט עס באַשלאָסן, — איז מען זאָל אונדז איבערגעבן די ביכער און די איבעריקע דאָקומענטן וואָס האָבן געהערט צום קאָאָפּעראַטיוו „באַראָן הירש״, ווי אויך אַ חשבון פון זיין ליקווידאַציע. אַ חוץ דער רעזאָלוציע, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען נאָך אַן אַנדערע, וועגן קאָלאָניזאַציע־פאָנד, אַגראַר־ און קאָאָפּעראַטיוון־קרעדיט, שטאַטלעכע קאָלאָניזאַציע, הורט־קאָאָפּעראַטיוועס, פאַך־אָרגאַניזאַציעס פון די קאָלאָניסטן א״אַ. דער קאָנגרעס האָט דערקלערט פאַר געשאַפן די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע אין אַרגענטינע, אַ קערפּערשאַפט וואָס וועט אַרומנעמען די גאַנצע מאַסע יידישע קאָלאָניסטן אין לאַנד. מיר לייגן גרויסע האָפענונגען אויף דעם דערפאָלג פון דער דאָזיקער פעדעראַטיווער קערפּערשאַפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט די בעסטע כוונות.

מיר ווילן רופן אייער אויפמערקזאַמקייט אויף דער וויכטיקייט און באַדייט פון דער רעזאָלוציע, לויט וועלכער עס ווערט געשאַפן אַ קאָלאָניזאַציע־פאָנד, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. מען האָט געגעבן דעם „פאָנד״ די איינפאַכסטע פאָרעם כדי צו פאַרלייכטערן זיין פאַרווירקלעכונג. ווי אַן אָנהייב איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדער קאָלאָניסט זאָל מיטשטייערן מיט אַ סומע פון צען פּעזאָס יערלעך, אויף צו בילדן דעם „פאָנד״. דער דאָזיקער באַשלוס איז דער קלאָרסטער באַווייז, אַז דער קאָנגרעס האָט זיך באַשעפטיקט נישט בלויז מיט אונדזער קאָלאָניזאַציע אין איר איצטיקן צושטאַנד, נאָר אויך אין דער צוקונפט.

מיר האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע איבערצוגעבן מיט דער גרעסטער קלאָרקייט און אָביעקטיווקייט יעדע איינע פון די רעזאָלוציעס וואָס זענען פונעם קאָנגרעס אָנגענומען געוואָרן, און כדי זיי זאָלן דורכגעפירט ווערן אין דער פּראַקטיק נייטיקן זי זיך אין אַ דירעקטן איינפאַרשטיין זיך צווישן די פון אונדז פאַרטראָטענע קאָלאָניסטן און דער יזקאַ, פאַרטראָטן דורך איר העכסטער אַדמיניסטראַטיווער אויטאָריטעט. מיר האָבן צו אייך געוועדט מיט דער אַבסאָלוטער אָפנהאַרציקייט און אויפריכטיקייט. צו טייער זענען די אינטערעסן וואָס עס האָבן אונדז פאַרטרויט די קאָלאָניסטן אויף זיך צו דערלויבן נישט־קלאָרקייטן. עס איז אונדזער העכסטער ווונטש צו געפינען דעם וועג פון פאַרשטענדעניש צום וויל פון דער אַלגעמיינער זאַך. די קאָלאָניסטן וואַרטן מיט אומגעדולד דאָס אויטאָריזירטע וואָרט פון דער העכסטער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט פון דער יזקאַ, כדי צוריק צו באַקומען זייער רויקייט און האָפענונג, אַז די שוועריקייטן וועלן באַזייטיקט ווערן אַן רייבונגען״.

**אונטערגעשריבן: מיגעל סאַכאַראָוו, מאַרקאָס וואָרטמאַן, כאַקאָבאָ ענבאָם, איסאַק קאַפּלאַן.**



דער דאָזיקער מעמאָראַנדום איז נישט געווען דער ערשטער און נישט דער לעצטער. מיר זענען נישט געווען גענאַרט און נישט געלייגט קיין צו גרויסע האָפענונגען, אַז די דאָזיקע שריפט וועט ווירקן אויף די לייט פון דער יי־קאַ. מיר האָבן גוט געוווּסט, אַז איינגעוואָרצלטע ביוראָקראַטישע סיסטעמען לאָזן זיך נישט בייגן אַזוי לייכט; ביוראָקראַטיע האָט איר אייגנאַרטיקע אויפ־פאַסונג פון גערעכטיקייט, זיי טאָלערירן נישט דעם געדאַנק פון פאָדערן, בפרט ווען זיי זענען די געבערס און ספּעציעל, ווען זיי באַלעבאַטעווען מיט פרעמדע פאַרמעגנס. וויסנדיק דאָס אַלץ, האָבן מיר פון אָנפאַנג קאָלאָניזאַציע ביז איצט אָנגעהאַלטן די טאַקטיק פון הבלגה, געדולד, נישט אַרויסברענ־גען אונדזערע סכסוכים אויף דער פרעמדער גאַס, ווייל מיר האָבן גע־שטעלט העכער דעם פרעסטיזש און כבוד פון דער ייִדישער קאָלעקטיוויטעט, ווי די אינדיווידועלע, העכער אַפילו פון די אַלגעמיינע אינטערעסן פון קאָ־לאָניסט און פון ייִדישער קאָלאָניזאַציע, אויס מורא, אַז וועלכע נישט איז עפנטלעכע אַקציע קעגן דער „ייִדישער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט" קען וואַרפן אַ פלעק אויף דעם ייִדנטום אין אַלגעמיין. נאָר צוליב דעם דאָזיקן אַחריות־געפיל האָבן מיר שטענדיק געזוכט פאַרשטענדעניש ביי די ייִקאַ־פונקציאָנאַרן אויף אַ פרידלעכן אופן, אין דער איבערצייגונג, אַז אונדזערע פאָדערונגען זענען גערעכטע. דערפאַר האָבן מיר געשיקט מעמאָראַנדומס. מיר האָבן געוווּסט, אַז די ייִקאַ־פונקציאָנאַרן ציטערן פאַר דער עפנטלעכער מיינונג, אָבער זיי האָבן אויך געוווּסט אונדזער שוואַכקייט אָדער שטאַרקייט אויסצומיידן דאָס פרעמדע אַריינמישן זיך, און זיי האָבן דאָס אויסגענוצט.

יעדעס מאָל וואָס די ייִקאַ האָט זיך געפונען אין קלעם, ווען זיי זענען אָנגעגריפן געוואָרן פון אייגענע און פרעמדע, פלעגן זיי זיך ווענדן צו די קאָ־לאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס און פאַרלאַנגען מאָראַלישע הילף, מיטן פרע־טעקסט, אַז עס וועט ליידן דער ייִדישער כבוד. מיר פלעגן זייער פאַרלאַנג דערפילן. די ייִקאַ־פונקציאָנאַרן האָבן זיך קיין מאָל נישט גערעכנט מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן איז זייער האַנדלונג גע־ווען ווי פון ייִדישע שונאים אָדער ווי קליינלעכע מה־יפיתניקעס, וואָס ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם במשך די אַלע יאָרן פון דער קאָלאָניזאַציע. מיר מוזן אָנערקענען, אַז אויך מצד די קאָלאָניסטן האָט געפעלט דער כוח פון פאַר־איניקונג אויף צו קענען אָננעמען אַ פעסטערע שטעלונג קעגן ייִקאַ־פונק־ציאָנאַרן. יעדע קאָלאָניע האָט זיך געראַנגלט מיט אירע אייגענע פּראָבלעמען. אין יעדער איינצלנער קאָלאָניע האָט געפעלט דער חוש פאַר גרעמיאַלער

אָרגאַניזאַציע און דיסציפּלין. האָט מען אַראָפּגעוואָרפן אַ קאָלאָניסט אָדער צוגענומען אַ טייל פון זיין טשאַקרע, — האָבן זיך גלייך געפונען בעלנים וואָס האָבן געבעטן מען זאָל זיי עס אָפּגעבן. ביי אַזעלכע תנאים האָט מען נישט געקענט האַנדלען ענערגישער, נאָר שרייבן און בעטן.

**
*

שוין אין די ערשטע יאָרן האָט מען ביי אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון פּאַנדאָ קאָמונאַל געפאָדערט, מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז. דאָס איז אָבער נישט געטאָן געוואָרן צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, ווייל ווי געזאָגט, — עס האָט געפעלט דער אָרגאַניזירטער, דיסציפּלינירטער כוח; צווייטנס, האָט מען געצווייפלט צי די יִקאַ־לייט אין פּאַריז האָבן דעם ווילן און די פעיִקייט אַרויסצוררייסן זיך פון זייער פילאַנטראָפּישער פּסיכאָלאָגיע, פון דער קריטעריע „הילף פאַר די אָרעמע אָסט־יודען" אָנשטאָט דעם שטאַנדפּונקט פון אַ קאָנסטרוקטיווער איבערשיכטונג און באַטראַכטן די יִדישע קאָלאָניזאַציע ווי אַ פאָלקס־באַוועגונג, נישט קיין צייטווייליקע, נישט קיין רחמנותדיקע, נאָר אַ שטענדיקע פיאָנעריש־בויענדיקע אונטערנעמונג. עפּעס ענלעכעס צו דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די קאָלאָניעס פון באַראָן הירש אין אַר־גענטינע, איז אויך פאָרגעקומען אין די קאָלאָניעס פון באַראָן ראָטשילד אין ארץ־ישראל. אין די שריפטן „עולמי" פון מרדכי הלל הכהן, לייענען מיר, אַז אין יאָר 1900, ביי דעם צוזאַמענפאָר פון די „חובבי ציון" וואָס איז פאָרגע־קומען אין אָדעס, איז די הויפּטפראַגע געווען דאָס באַפרייען זיך פון דעם באַאַמטנטום. די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן מען זאָל באַשטימען אַ דעלעגאַ־ציע וואָס זאָל פאָרן קיין פּאַריז און בעטן ביים באַראָן ראָטשילד, ער זאָל געבן די קאָלאָניסטן די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן זעלבשטענדיק און אַראָפּנעמען פון זיי די באַאַמטע, וואָס געוועלטיקן צופיל. דער רעזולטאַט פון דער דאָזי־קער מיסיע איז געווען, אַז ראָטשילד האָט זיי געזאָגט קלאָרע ווערטער: „נישט זיי האָבן געשאַפן דעם ישוב אין ארץ־ישראל, נאָר ער אַליין האָט געמאַכט אַלץ וואָס עס עקסיסטירט, און ער בעט ביי זיי נישט קיין לעקציעס ווי אַזוי אָנצופירן מיט די קאָלאָניעס".

די דעלעגאַציע וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין פּאַריז האָט אויפגע־טרייסלט די נערוון פון אחד־העמען. די ווערטער פון באַראָן ראָטשילד האָבן געשטאָכן מיט זייער אמת. ער האָט געשאַפן דעם אַגראַר־ישוב אין ארץ־ישראל, און דאָס גאַנצע יִדישע פאָלק האָט נישט קיין חלק אין זיין אַרבעט, — האָט לײדער געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט. ראָטשילד, דער מאַן פון

טאַט, האָט געצויגן פון דער דאָזיקער לאַגע די לאָגישע מסקנות, וואָס באַ־רעכטיקט די פּריווילעגיע פון דעם שאַפער. דאָס פּילנדיקע האַרץ פון אחד־העם האָט זייער געוויטאָגט אויף דעם פאַקט, וואָס נאָך צוואַנציק יאָר פון דעם געדאַנק וועגן פאָלק־אויפלעב, באַשעפטיקט זיך מיט דעם נאָר איין מענטש. אחד־העם האָט געקוקט אויף זיך אַליין ווי אויף אַ שליח פון אַן אָרעם פאָלק און ער האָט געליטן פאַר דער מאָראַלישער ירידה פון די שליחים, וועלכע האָבן נישט געהאַט גענוג מוט צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון פאָלק און זאָגן דעם בעל־טובהניק, וואָס זיי האָבן אים געדאַרפט זאָגן: אויפן הייליקן מזבח פון פאָלק איז יעדער קרבן גוט באַוויליקט, און די וואָס ברענגען קרבנות מיטן מוח זענען זיבן מאָל אַזוי פיל ווערט, אָבער דאָס פאָלקס־מזבח איז נישט הפקר און קיין גאָלדענע בערג גיבן נישט דאָס רעכט זייערע בעלי־בתים צו פירן דאָס פאָלק לויט זייער אייגענעם ווילן און זייער וויסן. די דעלעגאַטן האָבן נישט געהאַט גענוג שטאַרקייט צו זאָגן דעם נדיב די ווערטער וואָס אחד־העם האָט זיי פאָרגעלייגט. דאָס האָט אים באַאומרויִקט און געווירקט שטאַרק אויף זיין געזונט.

עפּעס ענלעכעס האָט זיך געפּילט אויך אין באַראָן הירשס קאָלאָניעס אין אַרגענטינע. עס האָט געפעלט דער קאָלעקטיווער מאָראַלישער כוח, און דאָס האָט אַנטמוטיקט די געצייילטע פּירערס מיט שטאַרקערן כוח.

אין פּריוואַטע שמועסן צווישן ד״ר ירחי און סאַכאַראָוון, ביי וועלכע איך בין בייגעווען, האָבן זיי אָנגעוויזן איינער אויפן אַנדערן וועגן פאָרן קיין פּאַ־ריז, אָבער ווייזט אויס אַז עס איז נאָך נישט געווען די צייט. מען דאַרף נע־מען אין אַכט, אַז אין אייראָפּע האָט אין יענע יאָרן געהערשט דער עקסטרעם־רעאַקציאָנערער גייסט, און ווי עס קריסטלט זיך אַזוי ייִדלט זיך, אַזוי אַז די דעלעגאַציעס וואָלטן סיי־ווי געווען אַ ברכה לבטלה.

**
*

דער מעמאָראַנדום וואָס מיר האָבן געשיקט, האָט נישט גורם געווען קיין עפעקט. די ייִקאַ־פונקציאָנאַרן האָבן, ווי אַלע ביוראָקראַטן, געקוקט שלעכט אויף מאַסן־אָרגאַניזאַציעס און אָנגעווענדט אַלע מיטלען אָפּצושוואַכן די וויר־קונג פון דער ניי־געשאַפענער ייִדיש־קאָלאָניסטישער פעדעראַציע. שווער איז זיי דאָס נישט אָנגעקומען. אין די קאָלאָניעס גופא איז מען געווען גע־שפּאָלטן אויף רעכטע און לינקע. זיי האָבן געוווסט ווי אַזוי צו כאַפּן פיש אין מוטנעם וואַסער. אַ פּאָר ביישפּילן וועלן באַלייכטן דאָס געזאָגטע:

דאָס האָט פּאַסירט אין קאָלאָניע סאַנטאַ־איזאַבעל אין אַ פּרייטיק פאַר

נאַכט. די פרוי פון אַ קאָלאָניסט האָט געהאַלטן ביים ענדיקן אויסקאַלכן די קיך; די שבתדיקע עסנס זענען שוין געווען צוגעגרייט. פּלוצלינג, גאַנץ אומדערוואַרט, איז אַריינגעקומען דער ייִקאַ־באַאַמטער מיט פּאָליציי און מען האָט אַרויסגעשטעלט דעם קאָלאָניסט מיט דער גאַנצער ברוטאַליטעט: מען האָט אַרויסגעוואָרפן אַלצדינג פון שטוב, דעם רעמאַנענט פון הויף און געלאָזט שטיין אין מיטן גאַס; די פּי האָט מען אַרויסגעטריבן פון פּאָטרעראָ. דער ייִקאַ־באַאַמטער האָט אָנגעזאָגט אַלע שכנים, אַז קיינער זאָל נישט וואַגן אַריינצולאָזן די פּי צו זיי אויפן פּאַשע־פעלד, ווייל מען וועט זיי — אין אַזאַ פאַל — אויך עקסמיסירן. מען האָט דעם אוקאַז אויסגעפאָלגט. צופעליק איז דעמאָלט געווען איינער פון די ייִקאַ־דירעקטאָרן אין דער קאָלאָניע. ער איז געקומען צופאָרן און האָט גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט צום דאָזיקן ספּעקטאַקל. דאָס האָט פּאַסירט מיטן קאָלאָניסט אברהם מאַצקין. זיין פאַרברעך איז געווען, וואָס ער האָט זיך דערלויבט זיין אַן עזות־פּנים און זאָגן אַ מאָל אין דער הויך, אייפן קול, דאָס וואָס אַנדערע האָבן געטראַכט וועגן דער ייִקאַ אין דער שטיל. ווי אַזוי האָבן אויף דעם רעאַגירט די שכנים, די גאַנצע קאָלאָניע? — מען האָט רעאַגירט מיט שטילשווייגן.

**
*

און אָט איז אַ צווייטער פאַקט: ביים קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1930 אין סאַן־סאַלוואַדאָר (ענטרע־ריִאָס), איז געקומען אַ גרופּע קאָלאָניסטן און געבעטן, מען זאָל זיך משתדל זיין ביים ייִקאַ־אַגענט, ער זאָל זיי געבן צייט נאָך עטלעכע מאָנאַטן צו דערליידיקן זייער סיטואַציע; מען זאָל ביי זיי נישט צונעמען די קאָנטראַקטן „פּראָמעסאַ דע ווענטאַ" און לאָזן זיי ווי איינפאַכע אַרענדאַטאָרן. עס האָבן באַלד אינטערווענירט סאַכאַראָוו און די פאָרשטייערס פון באַסאַווילבאַסאָ, פון ריוועראַ און מאָזעסוויל און געבעטן דריי טעג ביז זיי וועלן זיך קאָמוניקירן מיט די דירעקטאָרן פון בוענאָס־אײַרעס. ביז צוויי אַ זייגער פאַרטאָג האָט מען גערעדט, געבעטן און דערקלערט דעם באַאַמטן, אַז אין דריי טעג אַרום וועט ער גאָרנישט פאַרשפּעטיקן. אָבער זיין ענטפער איז געווען: אויב ביז צען אַ זייגער אין דער פרי וועט די גרופּע נישט קומען אין געריכט אונטערצושרייבן, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון זייער רעכט וואָס עס גיט זיי דער קאָנטראַקט „פּראָמעסאַ דע ווענטאַ", וועט ער גלייך אָנגעבן מען זאָל זיי מאַכן אַן עקסמיסיע.

דער באַאַמטער האָט אויסגעפירט. צי האָט ער געהאַנדלט קלוג? אויף צו האַנדלען קלוג דאַרף מען האָבן שכל, און מען קען פון קיינעם נישט פאַר־

לאַנגען דאָס וואָס ער פאַרמאָגט נישט. אָבער זעענדיק די צעריסנקייט צווישן די דעלעגאַטן ביים קאָנגרעס, האָט דער דאָזיקער באַאַמטער געהאַנדלט קאָנ־סעקווענט...

***

און נאָך איין קליינער פאַקט: פאַר מיין אַרויסטרעטן עפנטלעך קעגן גע־וויסע מיסברויכן פון יִקאַ־פונקציאָנאַרן, האָבן זיי מיר דערקלערט פאַר אַ „פערסאָנאַ נאָ גראַטאַ" און האָב זיך אַ פּאָר יאָר נישט געקענט באַטייליקן אין די דעלעגאַציעס וואָס פלעגן קומען פעריאָדיש צו פאַרהאַנדלען איבער גע־וויסע פּראָבלעמען מיט דער יִקאַ־דירעקציע. קיינער האָט נישט אויפגעהויבן זיין שטים, צו פרעגן אָדער פּראָטעסטירן פאַר דער דאָזיקער אומגערעכטי־קייט. דער איינציקער וואָס האָט זיי געערופן די אויפמערקזאַמקייט איז געווען ד"ר ראַפּאַלאָוויטש. דאָס האָט מיר דערציילט סאַכאַראָוו, וועלכער איז בייגע־ווען ביי אַ שמועס וואָס ד"ר ראַפּאַלאָוויטש האָט געהאַט מיט די יִקאַ־דירעק־טאָרן אין דער אָנוועזנקייט פון הויפּט־דירעקטאָר, לוִיס אונגרע. ער האָט זיי געפרעגט: „איר לאָזט נישט אַריין דעם ה' איסאַק קאַפּלאַן, איר ווילט אים נישט הערן? וויפל איסאַק קאַפּלאַנס האָט איר אין אייערע קאָלאָניעס?". קיין ענטפער האָט ער אויף דעם נישט באַקומען. דאָס איז געווען אין יאָר 1928, נאָכן אימיגראַנטן־קאָנגרעס.

דאָס זענען מוסטערן פון בלויז דריי געשעענישן, וואָס באַווייזן בולט די געזעלשאַפטלעכע שוואַכקייט וואָס האָט דעמאָלט געהערשט און אין וועמענס הענט עס זענען געלעגן דעם באַראָן הירשס נאָבעלע ווערק.

***

ביי דער געלעגנהייט וועל איך אויך דערציילן אַביישפּיל פון „קלוגער דזשענטעלמענישקייט" פון דעם העכסטן דירעקטאָר פון דער יִקאַ אין פּאַריז, ה' לוִיס אונגרע. ביי דעם אימיגראַנטן־קאָנגרעס זענען בייגעווען געסט פון איראָפּע און אַמעריקע: ד"ר קריינין, ד"ר בענדזשאַמין, ד"ר ראַפּאַלאָוויטש, און לוִיס אונגרע. דער פּרעזידיום פון קאָנגרעס איז באַשטאַנען פון די ה"ה: רעגאַלסקי, שמואל־יואל הורוויץ, ואני הצעיר. לוִיס אונגרע האָט רעפערירט איבער קאָאָפּעראַטיוועס און שפּאָר־קאַסעס. גראָד ווען ער איז אַרויף אויף דער בינע ריידן, האָב איך פּרעזידירט. אונגרע האָט באַגריסט מיט אַ האַנט־דרוק די ה"ה רעגאַלסקי און הורוויץ וואָס זענען געזעסן ביי מיין זייט און מיר נישט. איך האָב געשמייכלט און מיט מיר אַלע דעלעגאַטן. עס זענען

נישט איבער קיין סך טעג (איך בין שוין געווען צוריק אין מיין היים אין דאָמינגעז), איז געקומען צו מיר דער דירעקטאָר ה׳ ווייל, און זאָגט מיר, אַז ער איז געקומען צוזאַמען מיט אונגרען; זיי האָבן אַן אינטערעס צו באַזוכן און זיך באַקענען מיט דער באַנק וואָס מיר האָבן געשאַפן צוריק מיט עטלעכע יאָר. קוקט ער אויף מיר און איך פאַרשטיי וואָס ער מיינט. זאָג איך אים, אַז איך וועל רופן אַ זיצונג פון דירעקטאָריום און איבערגעבן מיין אַמט אויף איין טאָג דעם וויצע־פּרעזידענט, כדי דער ה׳ אונגרע זאָל קענען זיין אין באַנק. „יאָ, אָבער — גיט צו ה׳ ווייל, — ער וויל אויך זיין אין פּאַנדאָ קאָמונאַל. גוט — זאָג איך אים, — דאָרט בין איך נישט פּרעזידענט, אָבער איך וועל נישט גיין צו דער זיצונג פון פּאַנדאָ קאָמונאַל. ה׳ ווייל האָט מיר שטאַרק געדאַנקט און צוגעגעבן, אַז ער וויל אויך האָבן אַ שמועס מיט דער אימי־גראַנטן־קאָמיסיע. וועל איך נישט בייזיין דעם דאָזיקן שמועס; דאָס זעלביקע מיט דער יידישער שול און אַנדערע אינסטיטוציעס, נאָר נישט אין „כונטאַ דע פּאָמענטאָ",* ווו איך בין סעקרעטאַר, ווייל עס איז אַ רעגירונג־אינסטיטוציע און איך קען נישט איבערגעבן אַ צווייטן מיין אַמט.

אונגרע האָט באַזוכט אַלע אינסטיטוציעס, נאָר נישט די „כונטאַ דע פּאָ־מענטאָ". דעם זעלביקן טאָג, פּאַרנאַכט, איז געקומען סאַכאַראָוו. ווען איך האָב אים דערציילט די גאַנצע מעשה, איז ער געווען זייער צופרידן פון מיין האַנדלונג. ביי זיין באַזוך אין דער אַדמיניסטראַציע, האָט ער געזאָגט די דער־מאָנטע צוויי הערן: „צי איר ווילט צי איר ווילט נישט, אויף איינעם אָדער אַ צווייטן אופן טרעפט איר זיך אין אייער וועג מיט איסאַק קאַפּלאַן, און ער בלייבט שטענדיק דער דזשענטעלמאַן".

***

ביים צוטרעטן צו דער אַרבעט, באַלד ביים אָנהייב, האָט זיך אַרויסגע־וויזן וואָס פאַר אַ שוועריקייטן עס שטעלן זיך אין מיין וועג, וואָס כ׳האָב אָנ־געצייכנט פאַר מיר און בין געווען איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער וועג פירט צום ציל, אָן קיין שום זייטיקע פּניות. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס וועט מיר אויסקומען צו פירן אַן אומגעהייער שווערן קאַמף. די רעכטע האָבן מיר באַ־קעמפט, ווייל איך אַרבעט מיט מיט די לינקע; די לינקע זענען נישט געווען איינשטימיק מיט מיר, ווייל אונדזער אַרבעט־פּראָגראַם איז געווען פונדאַמענ־טאַל קעגנזעצלעך. אָבער שוועריקייטן האָבן מיך קיין מאָל נישט אָפּגעשראָקן,

* אונטערשטיצונגס־קערפּערשאַפט.

אַזוי לאַנג ווי מיין געוויסן האָט מיר דיקטירט, אַז דאָס וואָס איך טו איז ריכ־טיק און שטימט מיט דער ווירקלעכקייט.

די אויסגעקליבענע פּראָוויזאָרישע קאָמיסיע איז נאָר־וואָס אַריין אין דער אַרבעט און אין דעם זעלביקן מאָנאַט, ווען עס איז פאָרגעקומען דער קאָנגרעס אין בוענאָס־איירעס (אין מאָנאַט מאַי), אין אַ צווישנצייט פון קוים צוויי וואָכן, דערוויס איך זיך, אַז פאָנדאָ קאָמונאַל האָט פאַררופן אַ פאַרזאַמ־לונג פון אַלע פאַרוואַלטערס פון די קאָאָפּעראַטיוועס פון פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס, ווי אויך די אָנגעשלאָסענע אין דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע און דעם „האָגאַר אָברעראָ" פון בוענאָס־איירעס און באַסאַווילבאַסאָ, צו פאַר־האַנדלען וועגן קויפן און פאַרקויפן צוזאַמען; איינאָרדענען אַ צענטראַלע ביוראָ אין בוענאָס־איירעס; גרינדן אַן „אַלמאַסען פאַר מאַזשאָר";* תבואה־פאַרקויף דירעקט קיין אייראָפּע; קאָנטראָל אין די קאָאָפּעראַטיוועס. ביי דער זיצונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער יידישער אַגראַר פעדעראַציע, דעם 19טן מאַי, האָב איך געפרעגט מאַרקאָס וואָרטמאַנען (געוועזן פּרעזידענט פון „פאָנ־דאָ קאָמונאַל"), מיט וואָס פאַר מאָראַלישן רעכט און מיט וואָס פאַר אַ קריי־טעריע האָט ער דערלויבט דעם פאַרוואַלטער צו פאַררופן די פאַרזאַמלונג אויף צו באַטראַכטן פראַגעס, וועלכע דער קאָנגרעס האָט רעקאָמענדירט דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צו שטודירן, דערביי נאָך איידער דער עקזעקוטיוו־קאָ־מיטעט האָט באַוויזן איינצואָרדענען זיין אַרבעט? און זיין דער, וואָס האָט פּרע־זידירט דעם קאָנגרעס און מען האָט אים באַשטימט פאַר איינעם פון די דורכ־פירער? ווי האָט ער געקענט אַזוי נישט קאָרעקט האַנדלען? מיין פאָרוואורף איז אָפּגעשפּיגלט אין פּראָטאָקאָל. דאָרט זאָגט זיך, אַז וואָרטמאַן האָט אָנגעוויזן אַז, פאַרקערט, די פאַרזאַמלונג וועט פאַרלייכטערן די אַרבעט פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. וואָרטמאַן האָט אָבער נישט געזאָגט פאַר וואָס ער טראַכט, אַז דאָס וועט פאַרגרינגערן די אַרבעט פון קאָמיטעט.. סאַכאַראָוו האָט געפרעגט וואָרט־מאַנען פּריוואַט, אַז אויב ער טראַכט אַזוי, פאַר וואָס האָט פאָנדאָ קאָמונאַל נישט איינגעלאַדן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צו דער זיצונג אין באַסאַוויל־באַסאָ? אָבער קיין ענטפער האָט ער נישט באַקומען. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די גאַנצע קאָמפּליצירטע לאַגע. די רעכטע, וואָס האָבן מיט אַלע מיטלען באַ־קעמפט וואָרטמאַנען, האָבן אים אין דעם פאַל געשטיצט און זיי האָבן אין דעם געזען די אונטערגראָבונג פון דער עקסיסטענץ פון דער יידישער אַגראַר פע־דעראַציע, און דאָס האָבן זיי געוואָלט. מיר האָבן די רעכטע געזאָגט, אַז איך זאָל זיין רויִק; גלייך ווי עס וועט זיך אויפלייזן די איצטיקע פעדעראַציע,

* אַ הורט שפּייזקראָם.

וועלן זיי גרינדן אַ צווייטע אויף איר פּלאַץ, וואָס וועט נישט האָבן די מאַרקע „וואָרטמאַן".

אַזוי אַרום זענען געווען צוויי מחלוקתן: איין מחלוקת נישט לשם שמים צווישן די רעכטע מיט די לינקע, און איין מחלוקת לשם שמים — צווישן סאַכאַראָוו־קאַפּלאַן מיט די רעכטע און לינקע. מיר האָבן פאָרויסגעזען אַ שווערן קאַמף, אָבער מיר האָבן דעם קאַמף אויפגענומען. סאַכאַראָוו האָט געזאָגט: „אויב אונטערגיין, זאָל זיין אַ נאָבעלער אונטערגאַנג; נישט לאָזן זיך מיטרייסן פון זייטיקע קאַפּריזן, וואָס ברעכן און רייסן און בויען נישט". מיר זענען אַריין אין אַ קאַמף און פאַרנומען אַ גינסטיקע פּאָזיציע; מיר האָבן זיך געשטעלט העכער פון אַלע אַנדערע לאָקאַלע, פּערזענלעכע און פּאַרטיי־אַמביציעס. די שטעלונג האָבן מיר אָנגעהאַלטן פעסט, טראָץ אַלע פּרוּוון און מיטלען אַראָפּצונידערן אונדז צו דער פּלאַטקייט פון די שטרייטנדיקע צדדים.

ביי אַ זיצונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן, אַז סאַכאַראָוו און וואָרטמאַן זאָלן מאַכן אַ טור איבער אַלע יידישע קאָלאָניעס מיטן טאָפּעלן צוועק: 1) פּראָפּאַגאַנדירן די אידעע פון קאָאָפּעראַטיוויזם און סאָלידאַריטעט; 2) זיך באַקענען מיט דער סיטואַציע פון יעדער קאָלאָניע באַזונדער.

# די סטאַטוטן פאַר דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע"

נאָך דעם ווי וואָרטמאַן האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין דערפאָלגרייכן טור איבער די קאָלאָניעס, זענען מיר צוגעטראָטן צו דער אַרבעט צוצוגרייטן דעם סטאַטוטן־פּראָיעקט, כדי צו געבן דער „פעדעראַציע" אַ לעגאַלע און דע־פיניטיווע ריכטונג. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן דער גרינטלעכער אונטערשייד פון די צוויי ריכטונגען: איינע, וואָס ס'האָט פאַרטיידיקט מאַרקאָס וואָרטמאַן, און די צווייטע — מיגעל סאַכאַראָוו און יצחק קאַפּלאַן. וואָרטמאַן האָט אָנ־געהאַלטן די מיינונג, אַז קאָאָפּעראַטיוויזם איז נישט קיין ספּעציפיש־יידישע אָנגעלעגנהייט. ווי קאָלאָניסטן האָבן מיר ספּעציפישע פּראָבלעמען, ווייל מיר זענען קאָלאָניזירט אין ספּעציעלע באַדינגונגען, אַנדערש ווי די אַנדערע קאָ־לאָניסטן דאָ אין לאַנד. צוליב דעם דאַרפן מיר געבן דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע אַ פּראָפעסיאָנעלן כאַראַקטער, אַנדערש קען עס אונדז פאַרשאַפן שוועריקייטן ביים אָנשליסן זיך אין דער „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטי־נאַ",* וואָס איז איינע פון די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציעס אויפן אַגראַר־געּ־ביט. וואָרטמאַן האָט באַטאָנט, אַז ער האָט ליב צו שווימען אין אַ גרויסן וואַ־סער און נישט אין אַ קליין טייכעלע.

מיין שטאַנדפּונקט, געשטיצט פון סאַכאַראָוון, איז געווען אַז די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע דאַרף אַריינגעמען אין איר פּראָגראַם אַלע פּראַגעס וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער עקסיסטענץ און לעבן פון דער יידישער קאָלאָני־זאַציע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראַטיוויסטישע, ווייל אונדזער שטרעבונג איז צו האָבן אַ גוטן עלעמענט פון יידישע ערד־אַרבעטער; מיר מוזן זיך דע־ריבער פאַרטיידיקן אויף אַלע געביטן. ווי אַן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפט וועלן מיר קענען אַריינגיין אין באַציונגען מיט ענלעכע קערפּערשאַפטן וואָס עקסיסטירן שוין דאָ אין לאַנד און אָנפירן אַ בשותפותדיקע אַרבעט אויפן פּראָפעסיאָנעלן ווי אויפן עקאָנאָמישן געביט. וואָס שייך שווימען, וויל איך שווימען אין באַקאַנטע וואַסערן און נישט איינגעשלונגען צו ווערן פון אַנ־דערע.

יעדער צד האָט געמיינט אויפריכטיק אַז זייער שטאַנדפּונקט איז דער ריכטיקער, היות עס האַנדלט זיך פון פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן, אויף וועלכע

* אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע.

קיינער האָט נישט געוואָלט און נישט געקענט מותר זיין, האָבן מיר זיך נישט געקענט איינפאַרשטיין. מיר זענען געקומען צום צווייטן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין דאָמינגעז דעם 26סטן אַפּריל 1926, מיט צוויי סטאַטוטן־פּראָיעקטן, וועלכע זענען ברייט דיסקוטירט געוואָרן. ספּעציעל איז דיסקוטירט געוואָרן דער סטאַטוטן־פּראָיעקט וואָס באַציט זיך צו די אויפגאַבעס. דאָ ווערן געבראַכט אייניקע פּאַראַגראַפן פון דעם קאַפּיטל, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן, אין אַ יידישער איבערזעצונג:

א) באַמיִען זיך דורך אַלע מעגלעכע מיטלען צו הייבן דעם מאַטעריעלן, מאָראַלישן און סאָציאַלן ניוואָ פון דעם אַגריקולטור־צעך („גרעמיאָ");

ב) באַמיִען זיך דורך פּעריאָדישע רעפעראַטן, בראָשורן, פילמען צו הייבן די קאָלאָניזאַציע און קאָאָפּעראַטיוויזם;

ג) שאַפן אַגראַר־אָרגאַניזאַציעס און קאָאָפּעראַטיוון מיט אַ באַטייליקונג פון אַ געגוגנדיקער גרופּע פון אַגריקולטאָרן;

ד) שאַפן אַ קאָלאָניזאַציע־פאָנד מיטן ציל צו פאַרלייכטערן די קינדער פון די מיטגלידער אַרויפצוגיין אויף ערד;

ה) איינפירן די קעגנזייטיקע פאַרזיכערונג קעגן אַגראַר־ריזיקעס און אַרבעט־אומגליקן;

ו) איינשטעלן אַ בוררות ווי אַ מיטל צו לייזן קאָנפליקטן וואָס קענען אַנטשטיין צווישן די מיטגלידער אָדער אַגראַר־אַסאָציאַציעס;

ז) צופאַסן די אָפיציעלע אַגריקולטור קרעדיט־ אינסטיטוציע צו דער ספּעציפישקייט פון דאָרפישן כאַראַקטער;

ח) באַמיִען זיך צו צענטראַליזירן לויט די מעגלעכקייטן דעם פאַרקויף פון די פּראָדוקטן פון די מיטגלידער און דעם קויף פון די נייטיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטיקלען, שאַפנדיק פאַר דעם צוועק אַ ספּעציעלע ביוראָ אין דער הויפּטשטאָט;

ט) אָנשליסן זיך אין אַנאַלאָגישע אינסטיטוציעס און שליסן אָפּמאַכן פון קעגנזייטיקער לוינעוודיקייט מיט נאָענטע אָרגאַניזאַציעס.

ווי עס איז צו זען, האָט די מערהייט אָנגענומען די קריטעריע פון סאַבאַראָוו־קאַפּלאַן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס זענען פאָרגעקומען העפטיקע דיסקוסיעס צווישן די צוויי טענדענצן, רעכטע און לינקע, מערסטנס צווישן די דעלעגאַטן פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ און אַ טייל פון פאַנדאָ קאָמונאַל, מיט קיפּען און וואָרטמאַן בראש. אין דער דעלעגאַציע פון פאַנדאָ קאָמונאַל זענען געווען פאַרטראָטן ביידע ריכטונגען צווישן די אַכט מיטגלידער פאַר דער לייטונג פון דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַ־

ציע", איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן מאַרקאָס וואָרטמאַן, אָבער ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. מען האָט אויף זיין פּלאַץ אויסגעקליבן מ. קיפּען. פון די 8 זענען באַשטימט געוואָרן: מיגעל סאַכאַראָוו — פאַר פּרעזידענט; יצחק קאַפּלאַן — וויצע; מיגעל קיפּען — סעקרעטאַר, און שמואל־יואל הורוויץ — קאַסיר. ביי אַ צווייטער זיצונג האָט סאַכאַראָוו מיטגעטיילט, אַז קיפּען נעמט נישט אָן דעם אַמט און עס איז באַשטימט געוואָרן הורוויץ פאַר וויצע־פּרע־זידענט און קאַפּלאַן פאַר סעקרעטאַר און קאַסיר „אַד האָנאָרעם".

אין דער צווישנצייט פונעם ערשטן ביזן צווייטן קאָנגרעס, זענען די געמיטער געוואָרן אויפגעברויזט. דעם גרעסטן אומגעדולד האָט אַרויסגע־וויזן דער קאָאָפּעראַטיוו פון באַסאַווילבאַסאָ. אין אַ געוויסער מאָס איז עס געווען צוליב קעגנזייטיקער אומטאָלעראַנץ פון קיפּען־וואָרטמאַן מיט שמואל־יואל הורוויץ. צום דריטן חודש נאָכן ערשטן קאָנגרעס האָט די סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ מיטגעטיילט שריפטלעך, אַז זי האָט באַשלאָסן צו אַנולירן פּראָווי־זאָריש די באַציִונגען מיט דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע.

אין אַן אַרטיקל פאַרעפנטלעכט אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" נומ' 88, מערץ 1926, ווערט געזאָגט:

„...מיר באַטאָנען נאָך אַ מאָל, אַז פאַר דעם נייעם עקזעקוטיוו־קאָ־מיטעט שטעלט זיך פאַר אַן אומגעהייער שווערע אַרבעט. די יידישע קאָלאָניסטן זענען צעזוואָרפן איבער פאַרשיידענע פּונקטן פון דער אַר־גענטינער טעריטאָריע, ווייט איינע פון די אַנדערע הונדערטער קילאָ־מעטערס. פאַראַן צווישן זיי אָרגאַניזירטע און נישט־אָרגאַניזירטע, מיט אַ זיכערער און וואַקלענדיקער עקסיסטענץ, מיט פאַרשיידענע שווערע פּראָבלעמען צום לייזן, און דערפאַר מוזן געפינען ווערן די פּערזאָנען וואָס זענען אין שטאַנד די אַלע שוועריקייטן בייצוקומען, ווי אויך די מאַטעריעלע מיטלען, אַז אַלץ זאָל געמאַכט ווערן פּינקטלעך און צו דער צייט. דאָס פאַרגאַנגענע יאָר, כאָטש עס איז ווייניק־וואָס אויפגעטאָן געוואָרן, האָט אונדז אָבער געלערנט פיל זאַכן: עס האָט אונדז געוויזן, אַז גאָר אַ גרויסער טייל פון די קאָלאָניסטן זענען גלייכגילטיק צו דער דאָזיקער באַוועגונג; אַ סך זענען קעגנעריש געשטימט. עס איז איינ־פאַך אַ טרויעריקער ספּעקטאַקל צו זען, ווי מענטשן אַרבעטן קעגן זייערע אייגענע אינטערעסן, ווי קעגן די אינטערעסן פון דער גאַנצער קאָלעקטיוויטעט. עס זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן יאָרנלאַנג מיט־געאַרבעט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דעם קאָלאָניסטישן עלעמענט און איצט ווייזן זיי אַרויס אַ פאַרעקשנטע פיינדלעכקייט צו דער אויס־ברייטערונג פון דער אָרגאַניזאַציע.

מיר ווייסן אויך, אַז די יק״אַ־באַאַמטע פון העכערן ראַנג — וואָס האָבן געדאַרפט זיין די ערשטע אויפצומונטערן און מיטהעלפן אַזעלכע באַוועגונגען, ווי די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע, וואָס האָט אַלס ערשטע אויפגאַבע דאָס מיטאַרבעטן פאַר דער פאַרפעסטיקונג און פאַרגרעסערונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע, — קוקן קרום אויף דער גאַנצער זאַך און זוכן צו שטערן אונדז אין אונדזער אַרבעט. פיל פון די פירערס פון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס באַגרייפן נישט, אָדער ווילן נישט באַגרייפן די נאָבעלע מיסיע פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, נישט פון קאָלאָניזאַציע־פאָנד און באַציען זיך גאַנץ אינדיפערענט צו דער באַוועגונג. מיר ווייסן נישט, צי דאָס איז ווייל „איבער די ביימער זעען זיי נישט דעם וואַלד״. יעדער היט אָפּ זיין ביימעלע און פאַרגעסט, אַז דער בוים פון אַ וואַלד איז מער און בעסער פאַרטיידיקט און פאַרזיכערט ווי אַן איינצלנער.

אין די קאָאָפּעראַטיוועס ווערט גאַנץ ווייניק, אָדער כמעט גאָרנישט געטאָן אויף צו פּאָפּולאַריזירן דעם געדאַנק פון אַלגעמיינער פאַראייניקונג. אָט די וואָס האָבן דעם מאָראַלישן חוב צו זיין פון די ערשטע צו דערקלערן די אויפגאַבעס און די אימפּאָרטאַנץ פון אַ פאַראייניקונג פון דריי טויזנט יידישע ערד־אַרבעטער, זענען צומאָל אַפילו נישט פון די לעצטע. מיר האָבן אויסגערעכנט די אַלע שוואַכע זייטן, נישט ווייל מיר זענען פּעסימיסטיש, אָדער כדי אָנצוּוואַרפן פאַרצווייפלונג; מיר טוען עס אויסדריקלעך, כדי מען זאָל וויסן באמת די סיטואַציע. דער קאָנגרעס (דער צווייטער קאָנגרעס) זאָל וויסן וועלכע מיטלען ער דאַרף אָננעמען איבערצוּווירקן די אַלע שטערונגען און שוואַכקייטן; מען זאָל וויסן, אַז צוזאַמען מיטן ענטוזיאַזם מוזן קומען די רעאַלע זאַכן — מענטשן און געלט״.

פון די שורות און פון צווישן די שורות לייענט מען אַרויס די אויסערגעוויינלעכע שוועריקייטן וואָס די פּאָר עקשנים — און איך פיל זיך העכסט צופרידן, וואָס איך בין געווען איינער פון זיי — האָבן געהאַט אויסצושטיין; דעם איבערנאַטירלעכן געדולד און ענערגיע וואָס מען האָט געדאַרפט אָנווענדן נישט צו פאַרלירן גלייכגעוויכט, און דערביי קעמפן מיט ליידיקע הענט און אַ פּוסטע קאַסע; שאַפן און בויען מיט דער קראַפט פון גלויבן און איבערצייגונג, אַז די יידישע קאָלאָניזאַציע מיט אירע קאָאָפּעראַטיוון מוז האָבן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אָנפירן, פאַרטיידיקן, רעפּרעזענטירן און האַרמאָניזירן אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיטן וווּילזיין און פּראָגרעס פון אונדזערע קאָלאָניעס.

דאָס צווייטע יאָר טעטיקייט פון דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע" איז געווען פול מיט שטערונגען. וואָרטמאַנס צוריקציִען זיך פון אַקטיווער מיט־אַרבעט איז אין יענעם מאָמענט געווען צום שאָדן פאַר אונדזערע אויפגאַבעס. עס האָט זיך געמערקט דאָס פעלן פון זיין דינאַמישקייט און קאַמפּלוסט, וואָס איז אַזוי נייטיק ביי יעדע נייע אונטערנעמונג. די יִיקאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, ווייל אין אים באַטייליקט זיך יצחק קאַפּלאַן, וועלכער האָט עפנטלעך, ביי די קאָנגרעסן, זיך דערלויבט צו קריטיקירן אירע פונקציאָנאַרן. ערשט נאָך אַ ספּעציעלער באַפולמעכטיקונג וואָס די היגע דירעקציע האָט באַקומען טעלעגראַפיש פון פּאַריז, האָבן זיי אונדז מיטגעטיילט, אַז די דעלעגאַציע מעג קומען.

דעם 18טן יוני 1926 איז פאָרגעקומען די זיצונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט מיט די דירעקטאָרן פון דער יִיקאַ. חוץ די לויפנדיקע פּראָגעס, ווי פאַרגרעסערן די שטחים פון די קליינע טשאַקרעס, איבערצושאַצן די פּרייזן פון דעם באָדן אין געוויסע קאָלאָניעס; וועגן דעם דעקרעט, נישט צו פאַרדינגען די רעזערוו־שטחים צו די יידישע קאָלאָניסטן; וועגן קאָלאָניע נאַרסיס לעוען; קאָלאָניזירונג פון קאָלאָניסטישע זין — איז אויך אַרויפגעבראַכט געוואָרן דער פונקט וועגן פעריאָדישע צוזאַמענקומען פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע מיט דער דירעקציע פון דער יִיקאַ צו באַטראַכטן די פּראָבלעמען וואָס האָבן אַ שייכות צו דער יידישער קאָלאָניזאַציע; עס זאָלן נישט אָנגענומען ווערן קיין יורידישע מיטלען קעגן אַ קאָלאָניסט אָן אַ פריִערדיקער באַראַטונג ביי די דערמאָנטע צוזאַמענטרעפן. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס מיר האָבן פאַרלאַנגט, אַז אונדזערע דיסקוסיעס און דערקלערונגען זאָלן פּראָטאָקאָלירט ווערן. עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אַקט, אונטערגעשריבן פון ביידע צדדים, וועלכער איז איבערגעשיקט געוואָרן צום אַדמיניסטראַטיוון ראַט אין פּאַריז. דער ענטפער וואָס מיר האָבן באַקומען איז געווען אַ פולשטענדיק נעגאַטיווער. זייער טענה: זיי האָבן שוין איין מאָל אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן די אַלע פּראָבלעמען און זיי קענען אים נישט איבערבייטן. דאָס האָט, נאַטירלעך, אַרויסגערופן אַן אויפברויז צווישן די מיטגלידער פונעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

יעקב־אהרן קאַפּלאַן האָט פאָרגעלייגט, מען זאָל פאָדערן ענערגיש ביי דער יִיקאַ, זי זאָל נאָך אַ מאָל באַטראַכטן דעם ענין, ספּעציעל — די לאַגע פון קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע און דאָס נישט פאַרדינגען די רעזערוו־שטחים צו יידישע קאָלאָניסטן. יצחק קאַפּלאַן האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף פאַרעפנטלעכן אין די צייטונגען פון לאַנד און פון אויסלאַנד אַ וואָרענונג פאַר די אימיגראַנטן, זיי זאָלן נישט פאָרן זיך באַזעצן אין די קאָלאָניעס, ביז די יִיקאַ

זועט נישט בייטן איר קאָלאָניזאַציע־סיסטעם, ווי אויך פאַרלייגן די קאָאָפּע־ראַטיוועס, זיי זאָלן אָפּשטעלן זייערע באַציִונגען מיט דער י״קאַ. אַלעכּסאַנדראָ כּאַווקין האָט פאָרגעשלאָגן, מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז, צו פאַר־האַנדלען דירעקט מיטן אַדמיניסטראַטיוון ראַט.

מ׳איז געבליבן ביי די אַלטע מיטלען צוליב די שטענדיקע טעמים, צו־ליב קליינלעכע פּערזענלעכע מיספאַרשטענדענישן, וואָס מ׳האָט כלומרשט גערופן „פּאָליטיק״. טיילווייז אויך צוליב דעם וואָס עס איז נאָך געווען טיף איינגעוואָרצלט אין אַ גרויסן טייל פון דער מיטגלידערשאַפט די געוווינהייט צו בעטן, צו פּועלן אַ טובהלע אין דער אַדמיניסטראַציע; מען האָט מורא געּ־האַט זיך צו פאַרטשעפּען מיטן אַדמיניסטראַטאָר. אין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע און אָנשטרענגונג פאַרן קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל, צו קויפן און פאַרקויפן צו־זאַמען, האָבן מיר דורכגעלאָזט איין וויכטיקן פּונקט — חברלעכקייט, וואָס איז דער עיקר אויף צו קענען דערגרייכן דורך דער פרייער קאָאָפּעראַציע צום ציל, וואָס איז אַ חברלעכער בונד פון מענטשן, פאַר מענטשן, צו אַ בע־סערער מענטשלעכקייט. און דאָך זענען מיר געגאַנגען אויף אונדזער אָנגע־צייכנטן וועג.

**
*

אין די יאָרן 1925־1926 איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע טריקעניש אין דער טעריטאָריע פון טשאַקאָ. הונדערטער קאָלאָניסטן זענען פאַראָרעמט געוואָרן און האָבן געמוזט אָנקומען צו הילף. צווישן זיי אויך די 70 ייִדיש־קאָלאָניסטישע משפחות, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט מיט אַ יאָר צי צוויי פריִער. אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ נומ׳ 97, פון דעצעמבער 1926, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ בריוו פון נ. קריטשמאַר, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ קאָלאָניסט אין טשאַקאָ, אין וועלכן ער זאָגט:

„...די קאָלאָניע אין טשאַקאָ מאַכט דורך אַ שווערן קריזיס. די קאָסטשע איז געווען אַ שלעכטע, די פּרייזן זייער נידעריקע און עס האָט נישט באַצאָלט די הוצאות. די פריִערדיקע פּאָר יאָר זענען אויך געווען קריטישע, — האָבן זיך אָנ־געזאַמלט גוואַלדיקע חובות, און ביי די וואָס האָבן געהאַט געלט איז אויסגעגאַנ־גען ביז צו אַ סענט. די עלטערע קאָלאָניסטן וואָס לעבן שוין אַכט יאָר אין טשאַקאָ זאָגן, אַז די לעצטע דריי יאָר האָט זיך דער קלימאַט אין גאַנצן געביטן; טשאַקאָ איז פון אַ גן־עדן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. פריִער פלעגט רעגענען אָפט און אין צייט. קאָלאָניסטן זענען געווען זאַט און צופרידן, קרעדיטן זענען געווען אומבאַגרענעצט. בלויז נייע קאָלאָניסטן האָבן זיך גענויטיקט אין קרעדיט, מחמת די עלטערע האָבן געהאַט גענוג אָפּגעשפּאָרטע געלטער כדי צו קאָנען קויפן פאַר מזומן. די ייִדישע קאָלאָניסטן, צוזאַמען מיט טויזנטער נישט־ייִדן, זענען געקו־

מען, ווי מ׳קען זיך אויסדריקן, אויף דער ענדע פון די גוטע און אָנהייב פון די שלעכטע יאָרן. דאָס איז די טראַגעדיע פון די נייערע קאָלאָניסטן, און זיי זענען כמעט די מערהייט פון די טשאַקער אַגריקולטאָרן, וואָרעם די הויפּט־קאָלאָניזאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן פאַר די לעצטע פאָר יאָר.

ווי אַזוי געפינען זיך די יידישע קאָלאָניסטן, בעסער צי ערגער פון נישט־יידישע? דער אמת איז, אָביעקטיוו באַטראַכט, אַז די יידישע האָבן זיך נישט ערגער איינגעאָרדנט פון די אַנדערע. יידן זענען כמעט אַלע געקומען נישט קיין פאַרמעגלעכע צו באַזעצן זיך אויף לאַנד אין טשאַקאָ. נישט־יידן, דאַקעגן, זענען געקומען אין אַ באַדייטנדיקער צאָל, מיט גרויסע קאַפּיטאַלן, מיט דער האָפענונג זיי צו פאַרפילפאַכן. נאָך עטלעכע יאָר פון שרעקלעכע דורכפאַלן, האָבן זיי געפּטרט דאָס געלט און אַוועק מיט גאָרנישט. דער אמת איז, אַז טשאַקאָ האָט אין משך פון די לעצטע דריי יאָר פאַרשלונגען מיליאָנען־סומעס, געבראַכטע פון אַנדערע געגנטן. ביים היינטיקן טאָג איז די לאַגע אַ פאַרצווייפלטע, — אַזוינע וואָס האָבן געבראַכט אַהער צו 15 טויזנט פּעזעס, האָבן איצט נישט וואָס צו עסן. אין דעם דורכפאַל איז אין אַ גרויסער מאָל שולדיק די רעגירונג מיט איר איבערגעטריבענער פּראָפּאַגאַנדע, אָבער בעיקר — צוליב דער קלימאַטישער אומגינציקייט. אין שייכות מיטן קלימאַט, מוז זיך עס ענדערן צום גוטן. די פאַרעקשנטע טריקעניש איז נישט אַלע מאָל כאַראַקטעריסטיש פאַר טשאַקאָ. עס זענען געווען יאָרן פון גענוג רעגנס און אַפילו צופיל רעגן. אַנדערע פּלאָגעס, ווי למשל, דער היישעריק, איז דאָ ווייט נישט געפערלעך. מען מוז דאָ אָבער מאַכן פאַרשיידנאַרטיקער די ווירטשאַפט: פיצוכט, מילך־ווירטשאַפט, עופות־צוכט און וואַלד־עקספּלאָטאַציע. צו דעם שטרעבן איצט די קאָלאָניסטן און הויפּטזאַכלעך די יידישע. אייניקע האָבן שוין אין די גרענעצן פון דער מעגלעכקייט, טיילווייז דורכגעפירט אָטדי ענדערונג אין דער ווירטשאַפט. וועגן עקספּלאָטירן דעם וואַלד, האָט שוין די רעגירונג געגעבן אַ דערלויבעניש און דאָס וועט אין דער נאָענטער צוקונפט זיין אַ גרויסע פאַרלייכטערונג פאַר די קאָלאָניסטן. ראַציאָנעלע באַלדיקע הילף איז נייטיק, כדי צו העלפן די קאָלאָניסטן דורכצוקומען די שלעכטע צייט״.

פראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט, נאַטירלעך, נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק צו דער דאָזיקער לאַגע. מיר האָבן גלייך געשאַפן אַ קליינע סומע, — מיר דאַכט זיך, אַז עס איז באַשטאַנען פון דריי טויזנט פּעזעס, — און געשיקט צו זייער קאָאָפּעראַטיוו אוניאָן אַגראַריאַ איזראַעליטאַ. אָבער דאָס איז געווען ווייט פון צו זיין גענוג. ביי אַ זיצונג פון 3טן פעברואַר 1927, האָט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט באַשלאָסן זיך צו ווענדן נאָך אַ מאָל מיט אַן אויפרוף, דורך די יידישע צייטונגען, צום ישוב, אַז אַלע זאָלן מיטשטייערן פאַר דער דערהאַלטונג פון די יידישע קאָלאָניסטן אין טשאַקאָ. עס איז פאַר דעם צוועק גערופן געוואָרן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייערס פון געזעלשאַפטן אין בוענאָס־איירעס, צו וועלכע די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע האָט דעלעגירט דעם מיטגליד פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, שמואל־יואל הורוויץ. ביי דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו זאַמלען

געלט און פאַרקויפן באַנאַס. עס איז געזאַמלט געוואָרן אין שטאָט און אין די קאָלאָניעס ביי דרייסיק טויזנט פעזעס. אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון די ה״ה קיפּען און באַנטשיק, האָבן פּערזענלעך איבערגעגעבן דאָס געלט, כדי אַזוי אַרום זיך צו קענען באַקענען גענוי מיט דעם מצב פון די קאָלאָניסטן אין טשאַקאָ און אויך זיי מיטהעלפן צו דער בעסערער פאַרטיילונג פון די כומעס צו יעדער פאַמיליע. עס איז געווען זייער אַ וויכטיקע און פּראַקטישע אַרבעט וואָס די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע האָט דורכגעפירט, און איז אָנערקענט געוואָרן פון אַלע ריכטונגען, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט די פּאָליטיק־טרייבער אויסצונוצן יעדע געלעגנהייט אַריינצושטעקן פּלאָקנס אין די רעדער פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע.

אין אָקטאָבער 1926 איז אויסגעקליבן געוואָרן מאַרקאָס פּוסטילניק פאַר פּרעזידענט פון פאַנדאָ קאָמונאַל, און וואָרטמאַן איז געבליבן ראַטמאַן, ד״ה, אַז די „רעכטע״ האָבן פאַרנומען די פּאָזיציע. מיט אַנדערע ווערטער: די קעגנערס פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע האָבן איבערגענומען דעם רודער פון דעם גרעסטן קאָאָפּעראַטיוו... פאַרשטייט זיך, אַז קיין פאַרגרינגערונג פאַר דער אַרבעט איז פון דעם נישט געקומען. ביים צוגרייטן דעם בודזשעט האָט דער פעדעראַל־ראַט אַריינגערעכנט ווי איינע פון די הכנסות דעם ביישטייער פון די קאָאָפּעראַטיוון מיט איין סענט פון יעדן פאַנעגאָ תבואה וואָס זיי באַקומען. ווען עס איז געבראַכט געוואָרן צום ראַט פון פאַנדאָ קאָמונאַל, האָט וואָרטמאַן געזאָגט, אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער י.אַ.פ. האָט נישט אָנגעהויבן זיין אַרבעט מיט מער נייטיקערע זאַכן, ווי די קאָלאָניזאַציע פון מאָנטעפיאָרע, בערנאַסקאָני, לאַפּין, דאַראַ, און אַז דאָס איינאָרדענען אַ ביוראָ אין בוענאָס־איירעס איז נאָך פּריצייטיק, דערפאַר וועט ער שטימען קעגן דעם ביישטייער פון אַ סענט. ווען איך האָב אים נאָך דעם געפרעגט פּריוואַט, ווי קומט עס צו אים? ער אַליין האָט דאָך אין זיין צייט אָנגעהויבן אַן אַקציע לטובת די דערמאָנטע קאָלאָניעס, און אַז דער איצטיקער עקזעקוטיוו טוט אַלץ אויף דעם געביט. זיין דערקלערונג איז געווען אַ נישט־צופרידנשטעלנדיקער. צו דעם האָט סאַכאַראָוו זיך געמוזט צוריקציִען פון דער פּרעזידענץ צוליב פּריוואַטע סיבות און עס האָט זיך געפאָדערט גאָר אַ סך געדולד און ענערגיע נישט אַראָפּצוגליטשן זיך פון דער ליניע. צוליב דער אויסגעשפּראָכענער קעגנערשאַפט פון די רעכטע מיט די לינקע, האָט מען נישט געקענט וויסן, ווער און ווען מען איז פאַר דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, אָדער קעגן איר. ביי אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג האָב איך דערקלערט עפנטלעך, אַז איך פיל זיך גליקלעך וואָס איך בין איינער מיט מיר אַליין און קען גיין רויִק מיין וועג און לויט מיין אייגענעם געוויסן, מיט מיינע אייגענע איבער־

צייגונגען. איך מיין אַז עס וועט נישט זיין קיין באַרימערייַ, ווען איך וועל זאָגן, אַז דאָס איז אפשר געווען דער גליק, וואָס די יִדישע אַגראַר־פעדעראַ־ציע האָט זיך געראַטעוועט, איז אַריבער בשלום אַלע שטערונגען און דער־גרייכט צו ווערן אַ פעסטע און גלענצנדיקע אינסטיטוציע, אָנערקענט פון אַלע ספערן און קרייזן.

די וויכטיקסטע פּראָבלעם וואָס האָט אונדז אין יענע יאָרן געהאַלטן אין כסדרדיקן אומרו, איז געווען די באַציִונגען מיט דער יִקאַ. עס זענען געווען גאַנצע קאָלאָניעס וואָס זענען געשטאַנען אונטער אַ פּרעגצייכן, ווי מאָנטע־פיאָרע און דאָרא. אין דער ערשטער האָבן די קאָלאָניסטן דערקלערט אַ שטרייק, ספּעציעל די נייע קאָלאָניסטן, וואָס ביי אַ סך פון זיי איז עס ממש געווען אַ פראַגע פון באַקומען די נייטיקסטע לעבנס־פּאָדערונגען, אויך די מאָראַלישע דערנידערונג בנוגע דאָס נישט פאַרדינגען די רעזערוו־שטחים, וכו'.

קיין געשעפּטלעכע אָפּעראַציעס האָט די פעדעראַציע נאָך נישט געמאַכט, ווייל דער פּראָגראַם איז נאָך נישט געווען דעפינירט, די פאַראייניקונג איז נישט געווען געניג פעסט. עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך אָפן אַרויס־געזאָגט, אַז מען דאַרף צעוואַרפן די יִדישע אַגראַר־פעדעראַציע און נאָך דעם צונויפשטעלן אַן אַנדערע, מיט אַ רעכטער מאַרקע. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט זיך געפונען אין דאָמינגעז, פון וואַנען מען האָט נישט געקענט אָנפירן קיין שום געשעפטלעכע אָפּעראַציעס פאַר די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע פּראָווינצן, קיין ספּעציעלער באַאַמטער איז אויך נישט געווען, אַזוי אַז די איינציקע מעגלעכע און לויפנדיקע אַרבעט איז גע־זוען די גרעמיאַלע.

## גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון „פראָטערנידאַד אַגראַריאַ"
## (אָפּגעהאַלטן אין ריווערא, דעם 3טן מאַי 1927)

צוליב דער געשיכטלעכער אויסוויקלונג פון דער שאַפונג פון דער „יידי־שער אַגראַר־פעדעראַציע", געפין איך פאַר נייטיק צו ברענגען אויסצוגן פון די דיסקוסיעס און די אָנגענומענע רעזאָלוציעס, לויט די פאַרצייכענונגען אין פּראָטאָקאָלן־בוך:

דער דאָזיקער צוזאַמענקום איז פּרעזידירט געווען פון יצחק קאַפּ־לאַן, סעקרעטאַר: נ. קריטשמאַר.

נאָך דעם ווי עס איז געלייענט געוואָרן דער יערלעכער באַריכט, און עס איז אויסגעהערט געוואָרן די קריטיק מיט די דערקלערונגען, איז מען צוגעטראָטן צו באַטראַכטן דעם סדר־היום.

יצחק קאַפּלאַן באַציט זיך צו די פּראָבלעמען פון קאָלאָניע מאָנ־טעפיאָרע, אומטויגבאַרער באָדן, רעזערוון א"אַ, וועגן וועלכע דער עק־זעקוטיוו־קאָמיטעט האָט אין אַ מעמאָראַנדום פאָרגעלייגט דער יי.ק.אַ די מיטלען ווי זיי צו לייזן, וואָס די יי.ק.אַ האָט אָפּגעוואָרפן. ער וואַרפט פאָר דער יי.ק.אַ פאַר דעם דעקרעט פון נישט־פאַרדינגען די רעזערוון צו יידישע קאָלאָניסטן, וואָס ער באַצייכנט ווי אַן אַנטיסעמיטישן אַטענ־טאַט. איך בין — זאָגט קאַפּלאַן, — אַ פריינד פון דער יי.ק.אַ אין פולסטן זין פון וואָרט. די שונאים פון יי.ק.אַ זענען אירע רעפּרעזענטאַנטן וואָס פאַרשטייען נישט ווי צו דערפילן מיט זייער מיסיע. די יי.ק.אַ לאָזט נישט צו דעם געזעלשאַפטלעכן קאָנטראָל, נישט פון די קאָלאָניסטן, אַ זאַך וואָס פּאַסירט נישט אַפילו אין קאַפּיטאַליסטישע קערפּערשאַפטן. קאַפּלאַן ווייזט אָן אויף דער לויבבאַרקייט פון אַ געמישטער אַדמיניס־טראַציע. מיר זענען פרייע מענטשן, באַוווסטזיניקע און מיר ווילן נישט דינען דער יי.ק.אַ ווי איינפאַכע אינסטרומענטן.

וואָרטמאַן זאָגט אַז דער צענטראַל־ראַט וועט אין פאַרלויף פון יאָר דאַרפן שטודירן וועלכע מיטלען אָנצונעמען וועגן דעם.

כאַווקין בעט מען זאָל לייענען די רעזאָלוציעס וואָס דער צענ־טראַל־ראַט האָט אָנגענומען אין מאָנאַט אָקטאָבער.

יצחק קאַפּלאַן טיילט מיט, אַז ביי דער זיצונג וואָס ה׳ כאַווקין באַציט זיך, האָט דער זעלביקער פֿאָרגעלייגט מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז. קאַפּלאַן איז געווען מיט דער מיינונג, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן איבעררייסן די באַציִונגען מיט דער יִקאַ. ה׳ סאַכאַראָוו האָט געראַטן פֿאָרזיכטיקייט און געדולד און פֿאָרגעלייגט, מען זאָל זיך ווענדן נאָך אַ מאָל צו דער „דירעקסיאָן כענעראַל״.*

קריטשמאַר דערמאָנט די האַנדלונג פֿון דער יִקאַ מיט דעם 1טן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, צוליב דעם וואָס ער איז געווען צונויפגעשטעלט פֿון „פּערסאָנאַס נאָ גראַטאַס״. אונדזער טעטיקייט דאַרף זיך נישט שטיצן אויף ביטעס. מיט דער פּאָטענציעלער יִקאַ איז פֿאַראַן צוויי וועגן: קאַמף אָדער רעזיגנאַציע.

שאַמשאַנאָווסקי לייגט פֿאָר שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז.

גאָלדשטרייך ווייזט אָן, אַז די יִקאַ דריקט נישט בלויז מאַטעריעליש נאָר אויך מאָראַליש, וואָס ווירקט שלעכט אויף דער יוגנט. ער גלייבט, אַז מען דאַרף זיך נישט ווענדן צו דער יִקאַ, צו דער זעלביקער צייט וואָס מען גרייט צו דעם באָדן צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין אייראָפּע און נאָרד־אַמעריקע, דאַרפֿן מיר זיך אויך ווענדן צו די רעגירונג־אינסטאַנצן.

קיפּען, נישט זייענדיק קעגן שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז, מיינט ער אָבער, אַז עס איז צווייפֿלהאַפֿט צי די דעלעגאַציע וועט אויפֿגענומען ווערן דורך די אויטאָריטעטן פֿון דער יִקאַ. כדי דאָס זאָל נישט פּאַסירן, לייגט ער פֿאָר, אַז סאיז נייטיק מ׳זאָל פֿריִער צוגרייטן אַ גינסטיקן אַמביענט פֿאַר דער דעלעגאַציע ביי דער יִדיש־עפֿנטלעכער מיינונג פֿון אייראָפּע.

איניקע דעלעגאַטן שטיצן דאָס שיקן די דעלעגאַציע.

וואָרטמאַן זאָגט, אַז די יִקאַ נוצט אויס די סיטואַציע נישט ווייל זי איז שטאַרק, נאָר ווייל די קאָלאָניסטן זענען שוואַך. ווען די קאָלאָניעס וואָלטן געווען סאָלידאַריש, וואָלט זיי די יִקאַ רעספּעקטירט; עס איז אומבאַדינגט נייטיק אַ סאָלידאַרישע אַקציע; פֿריִער מיט אַ פּאָר יאָר האָט ער געזאָגט, אַז עס איז נישט נייטיק די אינטערווענץ פֿון די „פּאָ־

* גענעראַל־דירעקציע.

דערעס פּובליקאַס,* איצט גלייבט ער אַז ס'איז געקומען די צייט זיך צו באַנוצן מיט דעם דאָזיקן מיטל.

קיפּען, אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע פון פּאַנדאַ קאָמונאַל, לייגט פאָר פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„נעמענדיק אין אַכט, אַז די דירעקציע פון דער יי״קאַ אין בוענאָס־איירעס ווי אויך פון פּאַריז האָבן באַוויזן, אַז זיי ווילן נישט אָנערקענען דאָס רעכט פון די יידישע קאָלאָניסטן צו אינפלויִרן אויף איינעם אָדער אַ צווייטן אופן אויפן גאַנג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַר־געניטינע, באַשליסט דער קאָנגרעס באַאויפטראָגן דעם נייעם עקזעקו־טיוו־קאָמיטעט זיך צו באַנוצן מיט אַלע מיטלען צו דערגרייכן דעם דאָ־זיקן צוועק.

צווישן די דאָזיקע מיטלען רעקאָמענדירט דער קאָנגרעס:

1) זיך ווענדן צו די יידישע אינסטיטוציעס פון אייראָפּע און נאָרד־אַמעריקע, מיט דער אויפגאַבע צו באַקומען, אויב עס איז מעגלעך, די פאַרווירקלעכונג פון כאַזאַנאָוויטשעס פּראָיעקט, וועגן איינלאַדן אַ קאָ־מיסיע פון נאָרד־אַמעריקאַנער יידן צו באַזוכן אונדזערע קאָלאָניעס;

2) די דעלעגאַציע קיין פּאַריז זאָל פאָרן, ווען דער באָדן וועט זיין גענוג צוגעגרייט פאַר דעם;

3) אינטערווענץ פון די באַהערדן פון לאַנד.

צו דער זעלביקער צייט וועט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט דאַרפן אָנפירן אַ ברייטע אויפקלערונג אין די קאָלאָניעס אויף צוצוגרייטן דעם קאָלאָניסטישן געוויסן צו קענען אָננעמען שטרענגע מיטלען".

די דאָזיקע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן.

אַרקאַווי האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען און באַנטשיק האָט גע־שטימט קעגן.

רעזערוון. — יצחק קאַפּלאַן, נאָך דעם ווי ער רעדט און ווייזט אָן אַז דער דעקרעט פון נישט־פאַרדינגען יידישע קאָלאָניסטן רעזערוו־שטחים, איז אַ געפערלעכע באַליידיקונג פאַר דער קאָלעקטיוויטעט; לייגט פאָר מען זאָל שיקן אַ טעלעגראַמע צום פּרעזידענט פון דער יי״קאַ, פּראָטעסטירנדיק פאַר דעם דאָזיקן דעקרעט. ער לייענט פאָר דעם טעקסט

* עפנטלעכע פולמאַכטן.

פון דער טעלעגראַמע. נאָך אייניקע רעדאַקציאָנעלע באַמערקונגען פון שמואל־יואל הורוויץ, ווערט איינשטימיק גוטגעהייסן דער פאָלגנדיקער נוסח:

„פרעזידענט פון יִקאַ, פראַנץ פיליפּזאָן, פּאַריז.

דער 3טער ייִדיש־קאָלאָניסטישער קאָנגרעס אין אַרגענטינע פּראָטעסטירט ענערגיש קעגן דעם דעקרעט נישט צו פאַרדינגען רעזערוו־שטחים ייִדישע קאָלאָניסטן, ווי אויך נישט צו קאָלאָניסטישע קינדער, אַ דעקרעט וואָס דערנידעריקט און באַליידיקט אונדזער קאָלעקטיווקייט ווי דער „נומערוס קלאַוזוס” פון די נישט־ציוויליזירטע לענדער. מיר בעטן פאַראָרדענען תיכף אָפּצושטעלן דעם דערמאָנטן דעקרעט, פאַרזיכערנדיק אַז אונדז אינטערעסירט מער די מאָראַלישע זייט ווי די מאַטעריעלע.

פרעזידענט פון קאָנגרעס, יצחק קאַפּלאַן”.

קאָלאָניעס מאָנטעפיאָרע און טשאַקאָ. — וואָרטמאַן, אין נאָמען פון דער קאָמיסיאָן לייגט פאָר פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„דער קאָנגרעס באַטראַכט, אַז דער שטרייק פון די קאָלאָניסטן פון מאָנטעפיאָרע איז געווען בלויז אַן אויסדרוק פון דער שלעכטער לאַגע וואָס די דאָזיקע ליידן זינט עטלעכע יאָר. עס ווערט, אַלזאָ, רעקאָמענדירט:

1) באַאויפטראָגן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, ער זאָל זיך תיכף שטעלן אין קאָנטאַקט מיט דער יִקאַ־דירעקציע און פאָדערן אַן אַלגעמיינע רעאָרגאַניזאַציע פון דער קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע, לויט די אָנווייזונגען אין דעם באַריכט פון די ה״ה אַרקאַווי און באַנטשיק, וועלכע זענען געפאָרן ספּעציעל אין דער אויבן דערמאָנטער קאָלאָניע צו שטודירן די לאַגע אויפן פּלאַץ.

אויב די יִקאַ וועט נישט איינשטימען אויף די דאָזיקע פּונקטן, וועט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט דאַרפן פאָדערן מען זאָל אַריבערפירן די קאָלאָניסטן, די אַלטע ווי די נייע, פון מאָנטעפיאָרע אין אַנדערע קאָלאָניעס, אויף מער פּרוכטבאַרער ערד.

2) אויב די יִקאַ וועט זיך אָפּזאָגן אָנצונעמען דאָס אויבן געזאָגטע, ווערט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט באַפולמעכטיקט צו דערקלערן אַ באָיקאָט אויף די טשאַקרעס פון מאָנטעפיאָרע, אָדער אָננעמען אַנדערע מיטלען וואָס זיי וועלן געפינען פאַר נייטיק, דאַרפנדיק דאָס דאָזיקע פאַרעפנטלעכן אין די ייִדישע צייטונגען.

דער קאָנגרעס באַפולמעכטיקט דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צו פאַר־לאַנגען וועגן דעם די סאָלידאַריטעט פון אַלע קאָלאָניעס פון דער יי.קאַ".

יודטשאַק, אַן אַלטער קאָלאָניסט, דעלעגאַט פון מאָנטעפיאָרע, זאָגט זיך אַרויס קעגן דאָס אַריבערפירן די קאָלאָניסטן אין אַנדערע קאָלאָ־ניעס, דערפאַר וואָס זיי האָבן שוין געמאַכט פיל אויסבעסערונגען אין די טשאַקרעס, וואָס עס האָט זיי געקאָסט פיל מי און אַרבעט אין דער צייט פון יאָרן.

גוטערמאַן, דעלעגאַט פון מאָנטעפיאָרע, נייער קאָלאָניסט, דערציילט פון דעם, וואָס די יי.קאַ האָט זיי פאַרשפּראָכן אין אייראָפּע, איידער זיי זענען אַרויסגעפאָרן נאָך דעם ווי מען האָט זיי אָפּגענאַרט, ווי דער אַד־מיניסטראַטאָר פון קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט זיך נוקם זיין דערפאַר וואָס זיי האָבן געמאַכט אַ שטרייק. דער שטרייק — זאָגט גוטערמאַן, — איז געווען אַ הונגער־שטרייק, וואָס האָט באַ־דייט אַ מאָראַלישע קראַפט. די אינטערווענץ פון ה׳ באַנטשיק, מען זאָל אָפּשטעלן די „הועלגאַ",* האָט אַריינגעבראַכט אַ דעסמאָראַליזאַציע** אין מאָנטעפיאָרע.

באַנטשיק דערקלערט, אַז ער האָט געראַטן מען זאָל זיך אומקערן צו דער אַרבעט, ווייל לויט זיין אויפפאַסונג איז עס געווען דאָס בעסטע וואָס ער האָט געקענט ראַטן ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, כדי נישט צו פאַרלירן די גינסטיקע צייט פון דער פעלד־אַרבעט. אויב דער קאָנ־גרעס וועט באַשטימען מען זאָל באַנייען דעם שטרייק, וועט דאָס אויפ־געאַקערטע ערד בלייבן נישט פאַרזייט.

עס האָבן גערעדט נאָך דעלעגאַטן. די רעזאָלוציע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

אומטויגלעכע ערד פאַר אַגריקולטור און היפּאָטעקאַרישע חובות.

קיפּען, אין נאָמען פון דער „קאָמיסיאָן", טראָגט אַריין פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„דער קאָנגרעס רעקאָמענדירט דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צו באַ־שטימען אַ טעכנישע קאָמיסיע, וועלכע זאָל אינספּעקציאָנירן די קאַמפּן

---

* שטרייק.

** פון שפּאַנישן וואָרט „דעסמאָראַליזאַסיאָן" — אַנטמוטיקונג.

וואָס מען האַלט אַלס אומטויגלעכע פאַר אַגריקולטור, פעסטצושטעלן זייער פּראָדוקציע־מעגלעכקייט, איינלאַדנדיק די „אַגראָנאָמאָס רעכיאָ־נאַלעס"* צו באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער אינספּעקציע.

אויף דער באַזע פון דער שטודיע וואָס וועט געמאַכט ווערן, זאָל מען באַהאַנדלען מיט דער יִיקאַ:

1) טשאַקרעס וואָס וועלן קלאַסיפיצירט ווערן ווי אין גאַנצן אומ־טויגלעכע זאָלן געביטן ווערן אויף אַנדערע מיט גוטן באָדן;

2) טשאַקרעס פון געמיינער פּראָדוקטיוויטעט, זאָל פאַרגרעסערט ווערן זייער שטח, פאַרקלענערנדיק זייער פּרייז.

די דאָזיקע רעזאָלוציע איז שוין באַשטעטיקט געוואָרן ביים 1טן קאָנגרעס. עס איז נייטיק מען זאָל אויך נאָך אַ מאָל איר איבערחזרן.

וואָס אָנבאַלאַנגט די הינטערשטעליקע שולדן, לייגט ער פאָר, מען זאָל אָפּשטימען דעם פּראָיעקט פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, וועלכער זאָגט:

„אַלע קאָלאָניסטן וואָס זענען הינטערשטעליק מיט די צאָלונגען, זאָל מען זיי געבן „טיטולאָס" פון אייגנטום, גאַראַנטירט מיט אַ היפּאָטע־קע, אויסצוצאָלן אין 9 יאָר.

די ערשטע אַכט יאָר וועלן די צאָלונגען זיין קלענערע, לויט אַ קעגנ־זייטיקער איינשטימונג פאַר יעדער געגנט און דער רעשט חוב זאָל באַ־צאָלט ווערן דעם לעצטן יאָר, מיט אַ באַשטימונג פון פּאָרויס, אַז דער קאָלאָניסט וועט האָבן דאָס רעכט צו פאַרלענגערן די היפּאָטעקע אין אָנקלאַנג מיט דעם באַטרעף פון חוב".

איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. נאָך די וואַלן פון 3טן קאָנגרעס, איז אויס־געקליבן געוואָרן פאָלגנדיקער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט:

מאַרקאָס וואָרטמאַן — פּרעזידענט; מיגעל קיפּען — סעקרעטאַר, און רפאל פלעשלער — קאַסיר.

דאָס האָט געהייסן, אַז די פירערשאַפט איז אַריבער צו דעם לינקן פליגל. עס זענען ביי דעם קאָנגרעס באַהאַנדלט געוואָרן נאָך ענינים, ווי: קאָלאָניזאַציע אין טשאַקאָ, קאָלאָניזאַציע־פאָנד א"אַ.

די אַנדערע וויכטיקע פּונקטן וואָס זענען באַטראַכט געוואָרן ביים קאָנ־גרעס אין ריווערא, זענען געווען: די קריטישע לאַגע פון די קאָלאָניסטן פון

---

* געגנט־אַגראָנאָמען.

טשאַקאָ; קאָלאָניזאַציע־פאָנד; איינאָרדענען אַ ביוראָ אין בוענאָס־איירעס; קאָ־לאָניע מאָנטעפיאָרע, און דער אָנשלוס אין דער „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַר־כענטינאַ".*

אויך דאָס מאָל האָט זיך געמערקט דער גרינטלעכער אונטערשייד צווישן די אַזוי־גערופענע רעכטע און לינקע. די ערשטע, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ וואָרטזאָגער דעם ה׳ שמואל הורוויץ, האָבן געהאַלטן, אַז אין די פראַגעס מיט דער יי׳קאַ זאָל איינגעשטעלט ווערן אַ רויקע שתדלנות־פירונג, גלייבנדיק אַז מיט טאַקט וועט מען גיכער דערגרייכן די אויסבעסערונג פון דער קאָלאָני־זאַציע; אַז ס׳איז ווינטשנסווערט איינצואָרדענען אַ ביוראָ אין בוענאָס־איירעס, דורכצופירן אַלע פאָדערונגען פון די קאָאָפּעראַטיוון, אָנגעשלאָסענע אין דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע", סיי אויפן גרעמיאַלן ווי אויפן געשעפטלעכן געביט. די צווייטע טענדענץ, וואָס איז געווען פאַרטראָטן דורך די ה״ה וואָרט־מאַן און קיפען, האָבן אָנגעהאַלטן די שטעלונג, אַז די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיך באַשעפטיקן בלויז מיט פּראָבלעמען וואָס זענען נוגע ספּעציעל דער ספּעציפיש־יידישער קאָלאָניזאַציע; וועגן אַלע אַנדערע גרעמיאַלע פּראַ־געס זאָל מען זיך אָנשליסן אין דער „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ"; אַז מיט דער יי׳קאַ זאָל מען אָננעמען שטרענגע מיטלען, דערפאַר וואָס די ביז איצטיקע שתדלנות־פּאָליטיק האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַט, און אַז די ביוראָ אין בוענאָס־איירעס איז נישט געווונטשן, צוליב קאָאָפּעראַטיווע פּרינציפּן.

איך פּערזענלעך האָב געהאַט מיינע אייגענע איבערצייגונגען, אַז דער אומגליק פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע נעמט זיך אין אַ גרויסער מאָס פון דער אומפעיקייט פון די יי׳קאַ־באַאַמטע און דאָס פעלן פון געזעלשאַפטלעכן קאָנטראָל, דעריבער איז נייטיק צו צווינגען דער יי׳קאַ, דורך דעם דעת־הקהל, איינצופירן אַ געמישטע פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זאָלן זיין פאַרטראָטן קאָלאָניסטישע פאָרשטייערס וואָס האָבן שוין אַ לאַנגיאָריקע פּראַקטיק אויפן אַגראַר־געביט; אַז אַ צענטראַלע ביוראָ אין בוענאָס־איירעס איז געווונטשן, ווייל דורך דעם וועט זיך פאַרפעסטיקן די פאַראייניקונג פון אונדזערע צעוואָרפענע קאָלאָניעס און מען וועט אויך קענען בעסער פאַרטיי־דיקן די עקאָנאָמישע און גרעמיאַלע אינטערעסן. וואָס שייך דעם אָנשלוס אין דער „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ", בין איך געווען אַ קעגנער, דער־פאַר וואָס איך האָב געקענט איר פאָרעם פון אַרבעט, וואָס איז געווען ווייט

---

* אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע.

צו זיין אַ דעמאָקראַטישע. אָבער, מיר קענען זיך יאָ איינפאַרשטיין ביי גע־וויסע פראַגעס וואָס האָבן אַן אַלגעמיינעם אַגראַר־כאַראַקטער.

עס איז געווען נאַטירלעך אַז ביי אַ נייער אונטערנעמונג זאָלן זיין פאַר־שיידענע מיינונגען וועגן דער אָריענטאַציע. ווי באַוווּסט, אין אַזעלכע פאַלן, איז אַ מאָל די צייט דער בעסטער וועגווייזער. אויך אין דעם דאָזיקן פאַל אונ־דזערן האָט זיך אַרויסגעוויזן די ריכטיקייט פון דער טעזע. דער שווערפּונקט איז אָבער געווען, וואָס עס האָט געפעלט אָביעקטיווקייט. דער פאַקט אַליין פון „רעכטע מיט לינקע" איז אין קעגנזאַץ צו די אָביעקטיווע פרינציפּן פון פרייער קאָאָפּעראַציע און אַפילו פון אויפריכטיקן גרעמיאַליזם, אין הסכם מיט דער לאַגע און אומשטענדן פון אונדזער לאַנד.

*****

אומקערנדיק זיך צום עצם־ענין פון די אויפגעברויזטע געמיטער קעגן דער האַנדלונג פון דער יק"א, ברענג איך דאָ ווייטער אַן אויסצוג פון אַן אַר־טיקל, געשריבן אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" נומ' 99, פעברואַר 1927, וועגן דער קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע, אין וועלכן עס מערקט זיך דער טאָן פון ערנסט־קייט און אָביעקטיווקייט, וואָס איז,ליידער, נישט דערגרייכט געוואָרן צו די אויערן פון די יק"א־פונקציאָנערן, נאָך פיל צייט־פאַרלוסט, בייז בלוט, וואָס האָט פאַרטריבן אַ היפּשע צאָל יונגע אַרבעט־עלעמענטן:

„די פראַגע פון דער קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע איז אַ פיל שווערערע ווי די וואָס האָבן געהאַט אַלע אַנדערע קאָלאָניעס. ווייל אויב אין מאָ־זעסוויל, קלאַראַ, ציו ריוועראַ זענען געווען שוועריקייטן אין די ערשטע יאָרן, האָבן אָבער אַלע געוווּסט אַז עס האַנדלט זיך פון אַן אומבאַקאַנט לאַנד, אומפּראַקטישע קאָלאָניסטן און אַן אומפּראַקטישע דירעקציע; מען האָט זיך באַשולדיקט קעגנזייטיק, מען האָט אָבער, אַלע צוזאַמען, געזוכט די מער פּאַסיקסטע מיטלען ווי אויפצוהאַלטן די קאָלאָניזאַציע.

איצט קען מען עקסיסטירן אין קלאַראַ צי אין מאָזעסוויל מיט 50 העקטאַרן. אָבער, ווען מען גיט נישט אין די ערשטע יאָרן צו 150 העקטאַרן, וואָלט שוין פון די דאָזיקע קאָלאָניעס לאַנג קיין זכר נישט געבליבן. ווייל אין יענע יאָרן, ווען די פּראָדוקטן זענען געווען ביליק, דאָס לאַנד האָט אַרויסגעגעבן ווייניק, איבער דער אַלטמאָדישער אַר־בעט־סיסטעם; דער באַן־פאַרקער איז געווען אַ סך מער צוריקגעשטאַ־נען ווי איצט; קאָלאָניסטן האָבן געאַקערט מיט אָקסן און דער באַן האָט

זיך נאָכגעשלעפּט, האָט מען געזוכט די לייזונג אין דעם גרעסערן שטח ערד, און די קאָלאָניזאַציע איז געראַטעוועט געוואָרן. אין מאָנטעפּיאָרע אָבער זענען די זאַכן גאַנץ אַנדערש.

מאָנטעפּיאָרע איז אַ 14־יאָריקע קאָלאָניע מיט איין־יאָריקע קאָלאָניסטן, ווייל די פריִערדיקע קאָלאָניסטן זענען פון דאָרט אַוועק, און די יִיקאַ־דירעקציע איז אַ 34־יאָריקע.

די יִיקאַ וויל אָנווענדן איר 34־יאָריקע פּראַקטיק, וואָס זי האָט פון קלאַראַ און מאָזעסוויל, אויף נייע קאָלאָניסטן, ערשט־אָנגעקומענע, אין אַ קאָלאָניע וואָס אין פאַרלויף פון 14 יאָר האָט זי באַוויזן, אַז איר ערד פּראָדוצירט נישט. איינציקע האָבן אונדז דערקלערט, אַז אין מאָנטעפּיאָרע איז די זעלביקע ערד ווי אין מאָזעסוויל. לאָמיר צוגעבן אַז עס איז אַזוי. מיר ווילן אָבער נישט צוגעבן, אַז די קלימאַטישע באַדינגונגען זענען די זעלביקע.

פון דאָמינגעז צו אורקיסאַ ביז אורדינאַראַין אין ענטרע־ריאָס, איז די זעלביקע ווייטקייט ווי פון מאָזעסוויל ביז מאָנטעפּיאָרע. דאָך, פאַר די 32 יאָר וואָס מיר געפינען זיך אין דער געגנט פון דאָמינגעז, האָבן מיר נאָך נישט געליטן פון קיין האָגל און אין אורדינאַראַין איז האָגל אַן אָפּטע דערשיינונג. שוין נישט ריידנדיק פון דאָראַ, וואָס איין קאַמף ביים צווייטן — איז איינער גוט און איינער שלעכט. דאָס זעלביקע וואָס שייך מאָנטעפּיאָרע מיט מאָזעסוויל: ווען אין דער ערשטער קומט דער היישעריק פריִער מיט אַ מאָנאַט, צי אַנדערע קלימאַטישע סיבות, איז שוין גענוג אַז עס זאָל ענדערן די גאַנצע סיטואַציע און מען זאָל דאַרפן זוכן מיטלען ווי צו פאַרזיכערן די עקסיסטענץ פון דער דערמאָנטער קאָלאָניע. די פאַרגאַנגענהייט באַרעכטיקט די אומרויִקייט פון די מאָנטעפּיאָרער קאָלאָניסטן, בפרט נאָך אַז דעם יאָר האָבן זיי ווידער אַ מאָל גאָר נישט געהאַט פון דער קאָסעטשע.

די „יִידישע אַגראַר־פעדעראַציע" האָט דערפאַר געשטיצט די מיינונג פון געבן מער לאַנד די דאָזיקע קאָלאָניסטן, כאָטש עס איז גאַנץ מעגלעך אַז מיט דער צייט זאָל דאָרט פּאָרקומען דאָס זעלביקע וואָס אין אַנדערע קאָלאָניעס, און אַ פאַמיליע וועט קענען מאַכן אַ לעבן פון ווייניקער העקטאַרן לאַנד. אָבער היינט צו טאָג קען מען נישט און מען טאָר נישט אָנווענדן די פּראַקטיק פון אַלטע קאָלאָניעס מיט אַ פאַרגאַנגענהייט פון פאַרשיידענע יאָרן און אַלטע קאָלאָניסטן, אויף אַ קאָלאָניע וואָס האָט הינטער זיך 14 יאָר: סאַמע שלעכטע, קיין איינעם נישט קיין

גוטן, און אַן עלעמענט אַ נייער, וואָס איז געקומען אַהער נישט צו מאַכן עקספּערימענטן, נאָר צו קענען פאַרדינען דורך אייגענער אַרבעט דאָס לעבנסמיטל.

די יִק״אַ באַגייט, לויט אונדזער מיינונג אַ גרויסן פעלער וואָס זי וויל באַשטימען דעם גורל פון מאָנטעפיאָרע אויסדריקלעך לויט איר אייגענעם איינזען. עס וואָלט געדאַרפט אָנגעווענדט ווערן די מיינונג פון קאָלאָניסטישן קאָנגרעס אַז עס זאָלן געשיקט ווערן פאַכמענטשן פון דער יִק״אַ פון די קאָלאָניסטן צוזאַמען מיט דעם רעגירונג־אַגראָנאָם און פּראַקטישע קאָלאָניסטן פון מאָזעסוויל און אינאיינעם שטודירן און אַרויסטראָגן אַ באַשלוס וואָס עס דאַרף געטאָן ווערן אויף אויסצומיידן דעם אונטערגאַנג פון דער קאָלאָניע.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם באַשלוס אָפּצושטעלן באַלד די אַרבעט, גלויבן מיר נישט אַז דאָס זאָל זיין דער מער צוגעפּאַסטער. עס זענען פאַראַן פאַלן ווען קאָלאָניסטן זעען זיך געצוווּנגען צו מאַכן שטרייקן און נישט אַקערן, זיי ווילן מיט דעם געווינען זייערע גערעכטע פאָדערונגען, ווייל די וויסן אַז זיי וועלן ליידן, אָבער דער ערד־אייגנטימער וועט אויך ליידן; ביידע וועלן פאַרלירן און מען גייט זיך מעסטן מיט די כוחות. אַנדערש איז אָבער ביי דער יִק״אַ. זי פאַרלירט גאָר נישט, און אַז זי פאַרלירט, נעמט זיך אויך דערפון קיינער נישט צום האַרצן. די סאָלידאַרישע שטיצע וואָס פאָדערט זיך ביי אַזעלכע געלעגנהייטן, איז אויך נישט צוגע־גרייט. זעען מיר, בכן, נישט אַרויס אַז דאָס זאָל געבן דעם געווּנטשע־נעם רעזולטאַט. מיר רעכענען אַז ס׳איז ראַטזאַמער די קאָלאָניסטן זאָלן אַרבעטן און מאַכן נאָך אַ פּרווו, און אין דער דאָזיקער צייט אונטער־האַנדלען מיט דער יִק״אַ, ווי אויך מיט אַלע ייִדישע קאָלאָניעס, דער־וואַרטן דעם יאָ און זיין גרייט צום ניין״.

* * *

די צייט האָט באַוויזן אַז אויך אין קלאַראַ און מאָזעסוויל קען מען שווער עקסיסטירן אויף אַ שטח פון ווייניקער ווי 150 העקטאַרן, צוליב פאַרשיידע־נע סיבות: קלימאַטישע, פּרייזן א״אַ. אין מאָנטעפיאָרע, וואָס האָט שוין אַן עקספּעריענץ פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, פאַר די נייע קאָלאָניסטן, האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז כדי צו קענען פירן אַן איינפאַכן אָדער אָנשטענ־דיקן לעבן, מוז מען האָבן צום ווייניקסטן 150 העקטאַרן באָדן. איצט שטייט די קאָלאָניע עקאָנאָמיש פעסט, דערפאַר ווייל מען זייט מער נישט קיין ווייץ

אָדער ליאָן, נאָר זיי גיבן זיך אָפּ בלויז מיט פּיצוכט, זייען אַלפּאַלפאַ און אויך אַנדערע פּאַשע־גראָזן, ווי: מאַיס, מיכאָ, סודאַן א״אַ. די מילך־פּראָדוקציע האָט זיך דאָרט שטאַרק אַנטוויקלט. אויך, טיילווייז, דער מסחר מיט סקאָט. די עקאָ־נאָמישע לאַגע איז זייער אַ פעסטע.

# דער 4טער קאָנגרעס פון דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע" אין מאָזעסוויל

אונטער דער אָנגעצויגענער שטימונג וואָס עס האָט זיך געשאַפן צוליב דער האַנדלונג פון די קאָאָפּעראַטיווען פאַנדאַ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגרי־קאָלאַ, האָט מען זיך געגרייט צום 4טן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָזעסוויל אין די טעג פון 22סטן און 24סטן מאַי 1928. דעם 8טן מאַי איז פאָרגעקומען אַן אויסעראָרדנטלעכע גענעראַל־פאַרזאַמלונג, פאַררופן פון פאַנדאַ קאָמונאַל, אויסצוקלייבן דעלעגאַטן צום קאָנגרעס. ביי דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט דער פרעזידענט פון „פ"ק", מרדכי פּוסטילניק, געבראַכט צו דיסקוסיע דעם פאַרשלאָג פון דירעקטיוון ראַט, אַז אינעם סדר־היום פון קאָנ־גרעס זאָל אַריינגעשטעלט ווערן אַ פּונקט וועגן בייטן די סטאַטוטן אין דעם זין, אַז די פעדעראַציע דאַרף זיך אָפּגעבן בלויז מיט גרעמיאַלע אָנגעלעגנ־הייטן. דער ה׳ פּוסטילניק האָט דערקלערט, אַז קיפּען און וואָרטמאַן האָבן פון אָנהייב אָן געהאַלטן, אַז די פעדעראַציע דאַרף זיך אָפּגעבן נאָר מיט גרע־מיאַלע פראַגעס. ער איז געווען קעגן, ווייל לויט זיין מיינונג זענען אַזעלכע פראַגעס ביי אונדז נישט געווען, עס הייסט, עס האָבן נישט עקסיסטירט קיין אַגראַר־פּראָבלעמען. די מערהייט האָט געשטימט פאַר דעם, אַז די „יידישע אַגראַר־פעדעראַציע" דאַרף זיך באַשעפטיקן אויך מיט קאָמערציעלע אינטע־רעסן, ווי עס איז געווען די שטעלונג פון מיגעל סאַכאַראָוו און יצחק קאַפּלאַן. איצט אָנערקענט דער ראַט פון פאַנדאַ קאָמונאַל, אַז די מיינונג פון וואָרטמאַן־קיפּען איז געווען די ריכטיקע.

קיפּען און וואָרטמאַן האָבן דערקלערט פאַר דער פאַרזאַמלונג, אַז פּרינ־ציפּיעל זענען זיי טאַקע געווען דערפאַר, אַז די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע דאַרף ביידע זאַכן. גרעמיאַליזם און קאָאָפּעראַטיוויזם גייען פּאַראַלעל, אָבער נישט צוזאַמען. נאָר אין פאַרלויף פון דער אַרבעט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פאָדערונגען פון אונדזערע קאָאָפּעראַטיוועס זענען פאַר דעם, אַז די אָרגאַ־ניזאַציע זאָל אַרבעטן אין דער ריכטונג פון קאָאָפּעראַטיוויזם. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז די פעדעראַציע קען פיל אויפטאָן אויף דעם געביט.

פּוסטילניק און אהרן קאַפּלאַן האָבן אָנערקענט די נויטווענדיקייט פון דער פעדעראַציע, אָבער נישט פאַר קאָאָפּעראַטיווע פראַגעס, ווייל קויף און

פּאַרקויף מאַכן זיי צוזאַמען מיט נאָך קאָאָפּעראַטיוועס פון ענטרע־ריאָס, ווייל איז נישט פאַראַן יידישער און נישט־יידישער. נענטערע קאָאָפּעראַטיוועס קענען זיך גיכער איינפאַרשטייך. די דאָזיקע דערקלערונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם ביי דער פאַרזאַמלונג. „הייסט עס — האָט מען געשריגן, — אַז מען קען און עס לוינט צו קאָנצענטרירן די געשעפטלעכע אָפּעראַציעס צוזאַמען מיט אַנדערע קאָאָפּעראַטיוועס, נאָר איר מאַכט שוועריקייטן צוליב דעם וואָס עס שטייען אין שפּיץ פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע פּערזאָנען וואָס זענען אייך נישט צום האַרצן!״. דער טומל איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז דער פּרעזידענט האָט אויפגעהויבן די זיצונג.

אַ טאָג פאַר דער פאַרזאַמלונג זענען געקומען צו מיר אַ פּאָר מיטגלידער פון די „רעכטע״ און האָבן מיר פאָרגעשלאָגן, איך זאָל נישט פאָרן צו דער פאַרזאַמלונג; עס וועט זיי זיין גרינגער אומצוװאַרפן די פעדעראַציע. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז גלייך ווי די פעדעראַציע פון וואָרטמאַן וועט פאַלן, וועלן זיי מיר העלפן אויפשטעלן אַ „פעדעראַציע״, וואָס וועט געשטיצט ווערן פון גאַנצן רעכטן פליגל. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אַזאַ אינסינואַציע קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן און זיי געזאָגט, אַז אַזאַ פאָרשלאָג איז אַ באַליידיקונג פאַר יעדן באַוווסטזיניקן קאָאָפּעראַטיוויסט. זייער ענטפער איז געווען, אַז טראָץ דעם פערזענלעכן רעספּעקט און צוטרוי וואָס זיי האָבן צו מיר, וועלן זיי זוכן מיט אַלע מיטלען ביי דער מאָרגנדיקער גענעראַל־פאַרזאַמלונג מיך אַרונטערצורייסן. זיי האָבן עס טאַקע געטאָן, אָבער עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן.

ביי דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג האָב איך נאָך אַ מאָל עפנטלעך דערקלערט, אַז איך פיל זיך גליקלעך וואָס איך קען זיין אַליין — אָן רעכטע און אָן לינקע — נאָר אַ פרייער קאָאָפּעראַטיוויסט, ווי אַ פרייער מענטש. די ראָלן האָבן זיך געביטן. די רעכטע האָבן זיך דערקלערט פאַר אָנהענגער פון דעם ערשטן שטאַנדפּונקט פון די לינקע, און די לינקע האָבן אָנערקענט, אַז די פּראַקטיק האָט באַוויזן אַז די מיינונג פון די רעכטע איז די מער צוגעפּאַסטע און אַז די פעדעראַציע דאַרף האָבן אַ ברייטערן האָריזאָנט פאַר איר טעטיקייט;אַ האָריזאָנט, וואָס סאַכאַראָוו און איך האָבן אָנגעהאַלטן פון דעם ערשטן טאָג אָן ווען מיר האָבן גענומען טראַכטן וועגן פעדערירן די קאָאָפּעראַטיוועס, אין 1909, ביז היינט צו טאָג.

**
*

ווען איך בין דעם 21סטן מאַי געקומען קיין מאָזעסוויל, ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט די ה״ה: נח קאַצאָוויטש, אברהם האַרקאַווי, יעקב־אהרן קאַפּלאַן, — האָבן זיי אויסגעדריקט זייער באַדויערן, וואָס דער גורל איז גע־

פּאַלן גראָד אויף מאָזעסוויל, אַז דאָרט זאָל באַגראָבן ווערן די „יידישע אַגראַר־פעדעראַציע". זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז נאָך אַזאַ האַנדלונג פון פּאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, און לויט ווי די געמיטער זענען אויפגעברויזט, איז מער נישטאָ קיין מעגלעכקייט פאַר אַן איינפאַרשטיין זיך. איך האָב זיי, ווי ווייט מעגלעך, באַרויקט מיט דער פאַרזיכערונג, אַז דער גרעסטער טייל מיטגלידער איז נישט איינשטימיק מיט די פירערס פון די דערמאָנטע צוויי קאָאָפּעראַטיוועס אין דעם דאָזיקן ענין, און אַז מיר זענען גרייט צו קעמפן פאַרן אויפהאַלט פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע. למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אויך די דעלעגאַטן פון די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוועס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט צווייפלען און פאַרביטערונג. כמעט אַלע דעלעגאַטן האָבן געזאָגט, אַז מען האָט זיי געגעבן אַ שפּיי אין פּנים, און זיי קענען אַזאַ באַליידיקונג נישט פאַרשווייגן. דעם 22סטן מאַי איז דערעפנט געוואָרן דער קאָנגרעס. מען האָט מיך באַשטימט פאַר פּרעזידענט. גלייך נאָך מיין באַגריסן די דעלעגאַטן, האָט געבעטן דאָס וואָרט אַ דעלעגאַט פון פּאַנדאָ קאָמונאַל און געזאָגט, אַז איידער מען טרעט צו צו באַטראַכטן די פּונקטן פון טאָג־אָרדענונג, פאָדערן די דעלעגאַטן פוןביידע קאָאָפּעראַטיוועס, עס זאָל אויפגעקלערט ווערן זייער לאַגע וואָס שייך דעם קאָלעקטיוון פאַרקויף פון תבואה; דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט זיי עפנטלעך קוואַליפיצירט פאַר פאַררעטער, צוליב וועלכן זיי פילן זיך זייער באַליידיקט; ביז מען נעמט נישט אַראָפּ פון זיי די באַשולדיקונג פון „פאַררעטער", קענען זיי זיך נישט באַטייליקן אין קאָנגרעס און וועלן זיך צוריקציִען.

קאַצאָוויטש האָט מיר צוגעשיקט אַ צעטעלע: „די באָמבע האָט געפּלאַצט, עס האַלט ביי אַ רבנן־קדיש". וואָרטמאַן האָט געזאָגט, אַז מען קען נישט דיסקוטירן קיין פראַגע ביז מען לייענט נישט דעם יערלעכן באַריכט. אָבער די געטראָפענע האָבן געזאָגט, אַז ווי „פאַררעטער" קענען זיי נישט זיצן ביים טיש. דער זאַל, ווו דער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט, איז געווען פול מיט מענטשן. פון דער בינע האָב איך באַמערקט, אַז דער עולם הערט זיך צו צו דער סצענע מיט אויפגערעגטקייט און די דעלעגאַטן וואַרפן קרומע בליקן אויף זייערע קאָלעגן פון די צוויי אויבן דערמאָנטע קאָאָפּעראַטיוועס. איך האָב, בכדי צו ראַטעווען די סיטואַציע, געמאַכט אָט־די דערקלערונג: „די פּרעזידענץ קען נישט דערלויבן קיין אַבסטראַקטע דיסקוסיעס. אַלע דעלעגאַטן פאַרדינען דעם גרעסטן רעספּעקט היות אָבער די פּרעזידענץ ווייס נישט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, קען זי דעריבער נישט דערלויבן צו פירן אַ דיסקוסיע, און מיר וועלן פאָרזעצן מיט דער טאָג־אָרדענונג. די איינציקע קאָנצעסיע וואָס מיר קענען מאַכן דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איז — געבן זיי דאָס ערשטע

וואָרט באַלד ווי מען וועט ענדיקן לייענען דעם באַריכט״. די געמיטער האָבן זיך באַרויִקט און מען האָט פאָרגעזעצט די אַרבעט. נאָכן אויסהערן דעם באַריכט איז מען צוגעטראָטן צום סדר־היום. ווען מען איז געקומען צום ענין „פּאַרראַט״, האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטע דיסקוסיע. בלויז אַ טייל פון דער דאָזיקער דיסקוסיע ווערט דאָ געבראַכט:

באַנטשיק (באַסאַווילבאַסאָ) האָט דערציילט, אַז זיי זענען געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס, כדי צו ריידן מיט דעם הויז דרייפוס, אַז זיי נעמען אָן דעם הסכם מיט דער „אַא״פ״, נאָר זיי האָבן געוואָלט ריידן וועגן אויסבעסערן אייניקע קאָנדיציעס. דרייפוס האָט זיך אָפּגעזאָגט נאָכצוגעבן זיי, ווייל אין דעם פאַל האַנדלען זיי נאָר מיט דער פעדעראַציע. „דעריבער — האָט באַנטשיק פאַרענדיקט, — האָבן מיר פאַרקויפט די תבואה דער פירמע בונכע־באָרן״.

קיפען האָט דערמאָנט, אַז דער פאַרוואַלטער פון פאַנדאָ קאָמונאַל איז בייגעוועזן די אונטערהאַנדלונגען מיט דער פירמע „דרייפוס״. אויב די צוויי קאָאָפּעראַטיוועס האָבן געהאַט צו פאָדערן אויסבעסערונגען, האָבן זיי געדאַרפט זיך ווענדן צו דער פעדעראַציע און נישט פאָרן קיין בוענאָס־איירעס, צו דרייפוסן, ווו זיי האָבן באַקומען אַ לעקציע וועגן דיסציפּלין־בראָך.

האַרקאַווי האָט דערמאָנט, אַז ווען די פעדעראַציע האָט געפירט די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם קאָלעקטיוון פאַרקויף, האָט די אַדמיניסטראַציע פון בונכע־־באָרן געסטראַשעט, אַז אויב מען וועט זיי נישט פאַרקויפן די תבואה, וועלן זיי טאָן אַלץ וואָס זיי קענען אויף אונדז שאָדן צו ברענגען.

יצחק קאַפּלאַן רופט די אויפמערקזאַמקייט, אַז די דיסקוסיע דאַרף נישט געפירט ווערן פון אַ קאָמערציעלן שטאַנדפּונקט, נאָר פון אַ קאָאָפּעראַטיוויסטישן און מען דאַרף אָנערקענען, אַז די צוויי קאָאָפּעראַטיוועס האָבן געהאַנדלט נישט קאָאָפּעראַטיוויסטיש. ער לייגט פאָר די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע: „דער קאָנגרעס דערקלערט, אַז פון קאָאָפּעראַטיוויסטישן און עטיש־געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז יעדער קאָאָפּעראַטיוו מחויב צו שטיצן די קאָלעקטיווע אָפּעראַציעס, כדי צו קרעפטיקן די פאַראייניקונג און פאַרגרינגערן דאָס דערגרייכן פון אונדזערע שטרעבונגען. די האַנדלונג פון פאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ דאַרף אָנערקענט ווערן ווי אַן אַנטי־סאָלידאַרישע, וואָס דאַרף אין דער צוקונפט אויסגעמיטן ווערן״.

די דאָזיקע רעזאָלוציע ווערט אָנגענומען מיט דרייצן שטימען פאַר, אייגע קעגן און דריי אָפּגעהאַלטענע.

ביי דעם דאָזיקן 4טן קאָנגרעס איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ ברייטערן

אויף דער פונקט „קאָלאָניזאַציע־פאָנד". עס זענען ספּעציעל געקומען די ה"ה סימאָן יוסים און עליאַס מינוכין, ווי פאָרשייערס פון אַ גרופּע כלל־טוערס פון בוענאָס־איירעס, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די דיסקוסיעס. עס זענען אָנגענומען געוואָרן קאָנקרעטע באַשלוסן.

# דער קאָנגרעס אין באַסאַווילבאַסאָ

נאָכן קאָנגרעס פון מאָזעסוויל, ווו די קעגנערס האָבן באַקומען אַ חבר־לעכע לעקציע איבער זייער פאַלשן שטאַנדפּונקט; נאָך דעם ווי די צענטראַל־ביוראָ האָט באַוויזן פּראַקטיש איר ווירקזאַמקייט אויף אַלע שטחים פון הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע קאָלאָניעס (טשאַקאָ, מאָנטעפיאָרע, בערנאַסקאָני), אויף אַ קאָנסטרוקטיוון אופן דורך גרינדן נייע און רעאָרגאַניזירן שוואַכע קאָאָפּעראַטיוועס; רעפּרעזענטירן ווערדיק אונדזערע קאָלאָניעס אין די אָפּי־ציעלע ספערן; דורכפירן צופרידנשטעלנדיק אַלץ וואָס די קאָאָפּעראַטיוועס האָבן אונדז באַאויפטראַגט, — האָבן מיר געהאַט דאָס רעכט צו דענקען, אַז לכל־הפחות וועט מען אונדז נישט מאַכן קיין שטערונגען אין אונדזער שווע־רער און קאָמפּליצירטער אַרבעט. צום באַדויערן, איז דער שטן געבליבן פאַר־עקשנט און געזוכט צו צעשטערן אונדז דורך פאַרשיידענע מיטלען און אומ־וועגן, פאַרשווערנדיק מאָראַליש און מאַטעריעל אונדזער טעטיקייט. מיר האָבן געמוזט פאַרצענפאַכן אונדזער עקשנות און שטאַרקן זיך אַליין אין אונדזער גלויבן און איבערצייגונג, אַז אונדזער וועג איז דער ריכטיקער און אַז ער איז נייטיק אַפילו פאַר די קעגנערס. ווייל, יידישע קאָלאָניזאַציע און קאָאָפּע־ראַציע איז אַן אַלגעמיינער אינטערעס און מען טאָר זיך נישט אָפּשטעלן פאַר די עטלעכע קורצזיכטיקע. אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ נומ׳ 132, פון מאַ־נאַט מערץ 1929, לייענען מיר:

„עס פעלן נישט מער ווי עטלעכע וואָכן צו אונדזער צוזאַמענפאָר, וואָס וועט פאָרקומען אין באַסאַווילבאַסאָ. עס וואָלט דער־בײַ געווען זייער געוווּנטשן, אַז קאָאָפּעראַטיוועס און קאָלאָניסטן זאָלן שוין איצט זיך אַרויסזאָגן דורך דעם „קאָ־לאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ איבער די ריכטונגען פון דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַ־ציע״; וועגן די באַציִונגען פון די אָנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוועס צו דער „פע־דעראַציע״; און וועגן פונקטן וואָס מען באַטראַכט פאַר נוצלעך אַריינצושטעלן אין טאָג־אָרדענונג.

די „יידישע אַגראַר־פעדעראַציע״, אין דער קורצער צייט וואָס זי אַרבעט, און מיט די באַגרענעצטע מיטלען וואָס זי באַזיצט, האָט באַוויזן אָנערקענט צו ווערן ווי אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין די רעגירונג־קרייזן, ווי אין דער הויכער קאָמערץ. דער פּרעסטיזש פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און קאָאָפּעראַציע האָט זיך פיל געהויבן, און צו דער זעלביקער צייט ברענגט זי פּאָזיטיווע נוצן אויפן עקאָנאָמישן געביט. אונדזער ביוראָ פאַרטיידיקט ווי צום בעסטן אַלע אינטערעסן פון די קאָאָ־פּעראַטיוועס און פון די קאָלאָניסטן. עס מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז די „פעדע־

ראַציע" געפינט זיך אין איר אָנפאַנג־פּעריאָד און לעבט דורך אַלע שוועריקייטן וואָס יעדער אינסטיטוציע קומט אויס איבערצולעבן. די אין איר אָנגעשלאָסענע פילן נאָך נישט די צוגעבונדנקייט און האָבן נאָך נישט דעם אַחריות־געפיל, ווי צו אַ צענטראַלער אָרגאַניזאַציע. עס פעלט די מאָראַלישע שטיצע וואָס נייטיקט זיך ביי אַזאַ אונטערנעמונג. דער קאָנגרעס וועט דאַרפן זיין דער אויסדרוק פון אַ בע־סערער איינפאַרשטשענדעניש, פון אַ באַשטעטיקטע פאַרבינדונג פון אַלע ייִדישע קאָ־לאָניסטן אין אַרגענטינע. דער צוזאַמענפאָר פון „קאָמפּאַניעראָס"* פון פאַרשיידענע געגנטן דאַרף אויסגענוצט ווערן פאַר אַ פאַרפעסטיקטע פאַראייניקונג, טראָץ דעם וואָס זיי געפינען זיך אין נישט־גלייכע עקאָנאָמישע אומשטענדן. דער צוועק פון אַ פאַרשטאַרקטער און גוט־אָרגאַניזירטער ייִדישער קאָלאָניזאַציע דאַרף זיין דער לייכט־טורעם, וווהין אַלע דאַרפן ציִען. אויב אין מאָזעסוויל איז פאַריקן יאָר די „פעדעראַציע" אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן, איז צו גלויבן, אַז אויך דאָס יאָר, אין באַסאַווילבסאָ, וועט זיך באַקומען אַ געוויסנהאַפטע און אויפריכטיקע מיט־אַרבעט לטובת אונדזער אַלעמענס קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע אויפגאַבעס".

פון די אויבן ציטירטע שורות און פון צווישן די שורות זעט זיך, מיט וואָס פאַר אַן אָנגעלאָדן ביטער האַרץ איך האָב געדאַרפט פירן און קירעווען דעם רודער פון דער פעדעראַציע, און דערביי זיך האַלטן רויִק, פאָרזיכטיק מיט נישט זאָגן דאָס, וואָס עס האָט געדאַרפט געזאָגט ווערן די יעניקע וואָס האָבן געטאָן דאָס וואָס עס האָט זיך געלאָזט, אויף צו דיסקרעדיטירן די צענ־טראַל־ביוראָ.

דעם 14טן, 15טן און 16טן מאַי 1929, איז פאָרגעקומען דער 5טער קאָנ־גרעס פון דער „ייִאַ"פ" אין באַסאַווילבאַסאָ, אין סאַמע צענטער, ווו די עק־סיסטענץ פון דער צענטראַלער קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזאַציע איז באַטראַכט געוואָרן פון אַ טייל פירערס, צוזאַמען מיט אייניקע פירערס פון דער נאָענטער קאָלאָניע „קלאַראַ", ווי אַ וואַקלדיקע, נישט זיכערע, עקאָנאָמיש נישט קיין פעסטע. דעריבער האָבן זיי געשטעלט אַ פרעגצייכן אויף איר עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג. דער הויפּט־אַרגומענט איז געווען, אַז געשעפטלעכע אָפּעראַ־ציעס וועט נישט לוינען צו מאַכן, אָדער מען וועט נישט קענען מאַכן דורך דער פעדעראַציע, טראָץ דעם וואָס די פאַקטן האָבן באַוויזן דאָס פאַרקערטע, ווי: דער געלונגענער קויף פון מאַשין־בוימל און אַנדערע אַרטיקלען. עס איז נישט געווען קיין איין אַרגומענט, אַז דער קויף פון דער פעדעראַציע האָט מיט עפּעס פאַרטייערט די פרייזן. די שטימונג אַרום קאָנגרעס איז געווען ווי אין די טעג פון צווישן ראש־השנה און יום־כיפור ביי פרומע ייִדן. אַלע האָבן דערוואַרט גוטע רעזולטאַטן. מיטגלידער האָבן געווונטשן אַ גוטן און גליק־לעכן יאָר פון אַחדות און אַרבעט. אינסטינקטיוו האָבן אַלע געפילט, אַז אַן

* חברים.

אויפריכטיקע פּאַראייניקונג פון אַלע יידישע קאָלאָניעס איז אומבאַדינגט נייטיק פאַר זייער עקסיסטענץ און באַפעסטיקונג. צו דער זעלביקער צייט האָבן די מיטגלידער־קאָלאָניסטן זיך געשראָקן און אויסגעדריקט זייער צווייפל אין אַ גוטן רעזולטאַט, ווייל זייערע פאָרשטייערס האַלטן זיך אויפן שיידוועג און בייגן זיך אַהין און אַהער און נעמען נישט אָן קיין פעסטע פּאָזיציע.

ביי דער ערשטער סעסיע פון קאָנגרעס — נאָך דעם ווי עס איז אויסגעהערט געוואָרן דער אַלגעמיינער יערלעכער באַריכט, אין וועלכן עס איז אָנגעוויזן געוואָרן שוואַרץ־אויף־ווייס די טעטיקייט און דערגרייכונגען פון דער צענטראַל־ביוראָ אין בוענאָס־איירעס; אַז אין קאָלעקטיוון תבואה־פאַרקויף האָבן זיך באַטייליקט אַלע אונדזערע קאָאָפּעראַטיוועס און אויך קאָאָפּעראַטיוועס אויסער אונדזערע קאָלאָניעס; אַז מיר האָבן באַקומען גינציקע קאָנדיציעס צו דעפּאָזיטירן אייער אין אַ „פריגאָריפיקאָ"* און גראַד האָט זיך מיט דעם באַנוצט אַ נישט־אָנגעשלאָסענער קאָאָפּעראַטיוו; און אַז אַלע אָפּעראַציעס אין רעקאָמענדאַציעס זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט די געוווּנטשענע רעזולטאַטן, — האָט זיך די שטימונג ביי די אָפּטימיסטן געהויבן. דער פּרעזידענט פון דעם אָרטיקן קאָאָפּעראַטיוו, שמואל־יואל הורוויץ, אין זיין באַגריסונג־וואָרט, שטיצנדיק זיך אויף דעם געזונטן חוש און גוטן ווילן פון די קאָאָפּעראַטיוויסטן, האָט פאָרויסגעזען אַ גוטן דערפאָלג און אַז אַלע מיספאַרשטענדענישן וועלן באַזייטיקט ווערן.

ביי די דעבאַטעס איבערן באַריכט, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג, האָט מען געהערט שאַרפע רייד, איבערהויפּט ווען מען האָט באַהאַנדלט דעם פּונקט וועגן דעם כאַראַקטער פון דער פעדעראַציע. ביז דעמאָלט איז נאָך נאָך נישט געווען קלאָר און אין די סטאַטוטן איז נישט געווען אָנגעוויזן, צי איז די פעדעראַציע אַ ציווילע, אַ פּראָפעסיאָנעלע צי אַ קאָאָפּעראַטיווע קערפּערשאַפט. שאַרף איז אויך געווען די פראַגע וועגן די באַציִונגען פון די קאָאָפּעראַטיוועס צו דער צענטראַל־ביוראָ. די מערהייט שטימען זענען געווען דערפאַר, אַז די קאָאָפּעראַטיוועס זענען פריי צו האַנדלען לויט זייער איינזען. די ערשטע יאָרן, איידער די פעדעראַציע האָט באַקומען יורידישע פּערזענלעכקייט, האָט יעדער קאָאָפּעראַטיוו געהאַט די צאָל שטימען לויט דער צאָל מיטגלידער וואָס זי האָט געהאַט. נאָך דער דאָזיקער אָפּשטימונג האָט זיך דערפילט אַ פוסטקייט. אָנשטאָט אַריינצוברענגען מער אינהאַלט, מער לעבנס־גייסט אין דער אָרגאַניזאַציע, האָט מען ביי איר צוגענומען די לופט צום אָטעמען, דעם סאַמע לעבנס־נערוו. אַזוי, אַז אויפן צווייטן טאָג האָט זיך ווידער אַ מאָל אַנט־

---

* פרירקאַמער.

ווירקלט אַ הייסע דיסקוסיע און דעלעגאַטן פון די אַנדערע פּראָווינצן האָבן גע־פּאָדערט אַ קאַטעגאָרישע דערקלערונג: צי דאַרפן די קאָאָפּעראַטיווען פון די יידישע קאָלאָניעס האָבן זייער אייגענע פעדעראַציע אויף צו דינען די קאָ־לאָניסטישע אינטערעסן ביי אַלע עקאָנאָמישע, ווי פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן? אויב יאָ, זענען די קאָאָפּעראַטיוון מאָראַליש מחויב צו מאַכן זייערע געשעפט־לעכע אָפּעראַציעס, ווי ווייט מעגלעך, דורך דער פעדעראַציע. אויב, ווידער, יעדער קאָאָפּעראַטיוו איז פריי צו האַנדלען לויט זיין אייגענער קריטעריע, זאָל מען זאָגן קלאָר, אַז מיר דאַרפן אַ פעדעראַציע אויף „טאָמער", טאָמער וועט זיך מאַכן אַן ענין צו וועלכן מ׳וועט דאַרפן דעם כוח פון אַ „פעדעראַציע", וועט מען זיך דעמאָלט צו איר ווענדן מיט אַלע פּראָבלעמען וואָס האָבן אַ שייכות צום לעבן פון די אַגראַריער.

אין מיטן פון די דיסקוסיעס האָט דער פּרעזידענט, ה׳ סאַבאַראָוו, גענו־מען דאָס וואָרט און געגעבן אַ לעקציע איבער קאָאָפּעראַטיוויזם; אַז די פרייע קאָאָפּעראַציע, ווי די טרעגערין פון גלייכקייט און האַרמאָניע, קען צום בעסטן דערגרייכן איר ציל, ווען מען גיט די מעגלעכקייט, אַז מענטשן מיט פּיל־ווייניקער איינהייטלעכע אינטערעסן, נעענטער צווישן זיך אין טאָג־טעגלעכן לעבן, זאָלן זיך צונויפנעמען אין געזעלשאַפטן. די געזעלשאַפטן נעמען זיך נאָך דעם צונויף אין פעדעראַציעס, ביז צום אָרגאַניזירן אין לאַנד־פעדעראַ־ציע. שפּעטער שליסן זיי זיך אָן אין אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזירטע קער־פּערשאַפטן. סאַבאַראָוו האָט צום שלוס אויסגעפירט, אַז ווי גוטע קאָאָפּעראַ־טיוויסטן וועלן מיר קענען זיין מער נוצלעך פאַר זיך און פאַר דער פרייער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין אַלגעמיין, ווען אונדזערע קאָלאָניעס וועלן שאַפן אַ פעסטן פאַרבאַנד, מיטאַרבעטן מיט אַנדערע ענלעכע אינסטיטוציעס וואָס עקסיסטירן שוין אָדער וועלן נאָך געשאַפן ווערן אין לאַנד.

זייער שווער איז צו דיסקוטירן מיט תקיפים. אין פאַרלויף פון די דע־באַטעס זענען פון דעסטוועגן אויפגעקלערט געוואָרן אַ סך זאַכן. מען איז גע־קומען צום שלוס, אַז יעדער קאָאָפּעראַטיוו איז פולשטענדיק אויטאָנאָם אין אַלע זיינע אינערלעכע טואונגען, אָבער ער האָט די מאָראַלישע פליכט דורכ־צופירן די געשעפטלעכע אָפּעראַציעס דורך דער פעדעראַציע, אַזוי גוט ווי דער איינצלנער מיטגליד וואָס איז אַבסאָלוט אויטאָנאָם אין זיין ווירטשאַפט, אָבער ווי אַ מיטגליד האָט ער התחייבותן לגבי זיין קאָאָפּעראַטיוו. עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז מען קען נישט מאַכן פונעם קאָאָפּעראַטיוויזם בלויז אַ געשעפט־פראַגע און באַטראַכטן זיין עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג נאָר לויט די פאַרדינסטן; עס מוזן אויך גענומען ווערן אין אַכט די קאָלעקטיווע אינטע־

רעסן מיט מער וויזיע, ביז צו דערגרייכן צום אידעאַל פון אַ קאָאָפּעראַטיווער רעפּובליק.

איינע פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען ביים קאָנגרעס אין באַסאַוויל־באַסאָ איז געווען דער פאָרשלאַג פון דעלעגאַט פון פאַנדאָ קאָמונאַל, ה׳ משה גלעזער, אַז די פעדעראַציע זאָל אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַ קאָאָפּעראַ־טיוו פון קאָאָפּעראַטיוון. דער פאָרשלאַג איז אויפגענומען געוואָרן מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן. „די פעדעראַציע איז אַרויף אויפן ריכטיקן וועג״, — האָט אויסגעשריִען אַ דעלעגאַט. און ווירקלעך, מיט דעם דאָזיקן באַשלוס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן די שטענדיקע דיסקוסיעס אַרום דעם, „וואָס איז די פעדעראַציע?״. די אַנדערע דעלעגאַטן פון פאַנדאָ קאָמונאַל זענען נישט געווען צופרידן מיט דעם געלונגענעם פאָרשלאַג פון משה גלעזער, זיי האָבן אָבער אים שוין נישט געקענט צוריקציִען.

מיטן געבן דער אינסטיטוציע דעם כאַראַקטער פון אַ קאָאָפּעראַטיוו, האָבן מיר געמוזט בייטן דעם נאָמען. אָנשטאָט „יידישע אַגראַר־פעדעראַציע״ איז געוואָרן „פראַטערנידאַד אַגראַריאַ״ (אַגראַרע פאַרברידערונג), ווייל לויטן געזעץ נומ׳ 11.388, טאָרן זיך די קאָאָפּעראַטיוועס נישט אינטערעסירן מיט אַנגעלעגנהייטן וואָס האָבן אַ שייכות מיט פּאָליטיק, רעליגיע אָדער ראַסע. אַן אינטערעסאַנטער פּונקט איז אַריינגעבראַכט געוואָרן צום קאָנגרעס, וואָס באַ־צייכנט אַ גאַנצע סיסטעם. פון דעם קאָאָפּעראַטיוו פון ריווערא איז אָנגעקו־מען אַ טעלעגראַמע צום קאָנגרעס, מיט דער בקשה, מ׳זאָל אינטערוועניִרן אין דער יִקאָ, זיי זאָלן נישט עקסמיטירן דעם קאָלאָניסט מאַוריסיאָ קאַזאַ־קעוויטש. (די דאָזיקע עקסמיסיע איז שוין געווען באַפוילן פון ריכטער). באַלד נאָכן קאָנגרעס איז דער פּרעזידענט ה׳ סאַכאַראָוו, געפאָרן קיין בוענאָס־איי־רעס, און צווישן אַנדערע זאַכן איז אויך צופרידנשטעלנדיק דערליידיקט גע־וואָרן דער ענין קאַזאַקעוויטש. לויט ווי סאַכאַראָוו האָט אינפאָרמירט, האָט איינער פון די יִקאָ־דירעקטאָרן זיך אויסגעדריקט, אַז „עס וואָלט פאַר אים געווען אַ ספּעציעלע סאַטיספאַקציע, ווען ער זעט די פאַמיליע קאַזאַקעוויטש „אַ לאַ קאַזשע״.* מאַוריסיאָ קאַזאַקעוויטש האָט געזאָלט זיין אַ קרבן צוליב זיינעם אַ ברודער, וואָס האָט זיך געמשפּט מיט דער יִקאָ. היינט צו טאָג איז מאַוריסיאָ קאַזאַקעוויטש איינער פון די מער פעסטע און פאַרמעגלעכסטע קאָ־לאָניסטן און איז אין די בעסטע באַציִונגען מיט די יִקאָ־פונקציאָנאַרן.

אין דעם נייעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט זענען אויסגעקליבן געוואָרן: מיגעל סאַכאַראָוו — פּרעזידענט; שמחה באַנטשיק — וויצע־פּרעזידענט; לעאָן סידי

---

* אויף דער גאַס.

— סעקרעטאַר; יעקב־אהרן קאַפּלאַן — קאַסיר; משה גלעזער און אַדאָלפאָ הפץ — חשבון־רעווידירערס. ביים שליסן דעם קאָנגרעס, האָט דער לאָקאַלער קאָאָפּעראַטיוו באַערט די דעלעגאַטן צום קאָנגרעס מיט אַ וועטשערע. ווי דער שטייגער, האָט מען זיך געווונטשן שלום און אַחדות, נאָר די שטימונג איז געווען אַ קאַלטע. איך האָב ביי מיר געטראַכט: אפשר איז עס דער פּאַ־סיקסטער מאָמענט איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון דעם פּאַרוואַלטער־אַמט? ווייל איך האָב אינסטינקטיוו געפילט, אַז עס שטייט פאַר אַ גרויסער און שווערער קאַמף מיט די צוויי שטאַרקסטע ענטרע־ריִאָסער קאָאָפּעראַטיוועס. אָבער, ווי שטענדיק, ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו קעמפן פאַר מיינע איבערציי־גונגען, האָבן זיך אין מיר דערוועקט נייע קוואַלן פון ענערגיע. איך האָב צו מיר אַליין געזאָגט: די פּראַטערנידאַד אַגראַריאָ איז אַן אומבאַדינגטע נויטווענ־דיקייט פאַר אונדזער קאָלאָניזאַציע און קאָאָפּעראַציע; די דאָזיקע אויפגאַ־בעס קענען נישט באַטראַכט ווערן אין איין מאָס מיט פּערזענלעכע אַמביציעס פון די קעגנערס, דערפאַר מוז איך בלייבן ווי אַ סאָלדאַט אויף מיין פּאָסטן און פירן דעם קאַמף, צוזאַמען מיט סאַכאַראָוון, אויף אונדזער שטייגער, — נישט מיט קיין פּאָלעמיק, נישט מיט קיין כיטרע דריידלעך און נישט־ריכטיקע אינ־פאָרמאַציעס, נאָר מיט מעשים. אָט־דעם דאָזיקן פּראָגראַם האָבן מיר אָנגע־האַלטן פון דעם ערשטן טאָג פון אונדזער צוזאַמענאַרבעט..

אין פּוילן, רומעניע, ליטע, רוסלאַנד זענען געשאַפן געוואָרן הונדערטער קאָאָפּעראַטיוועס פאַר קרעדיט, אינדוסטריע, בלויז פון יידן און פאַר יידן. די רעגירונגען ווי דער דעת־הקהל און די קאָאָפּעראַטיוויסטישע לידערס און מייסטערס האָבן קיין מאָל גאָר נישט געהאַט וואָס אויסצושטעלן קעגן זיי.

אויף מאָרגן נאָכן קאָנגרעס, דעם 17טן מאַי, איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון פעדעראַלן ראַט אין ביוראָ פון קאָאָפּעראַטיוו אין באַסאַווילבאַסאָ. צווישן אַנדערע ענינים וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן, האָט דער פּרעזידענט מיט־געטיילט, אַז פּאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, צוזאַמען מיט אַנדע־רע קאָאָפּעראַטיוועס פון דער פּראָווינץ ענטרע־ריִאָס האָבן זיך פאַרזאַמלט פריִער מיט עטלעכע טעג, צו באַטראַכטן וועגן דעם בשותפותדיקן תבואה־פאַרקויף. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע, אין וועלכער עס באַטיי־ליקן זיך די דערמאָנטע צוויי קאָאָפּעראַטיוועס, און שפּעטער מיט צוויי טעג דאַרף זיך די קאָמיסיע ווידער אַ מאָל צונויפקומען. ער פרעגט דעריבער, וואָס פאַר אַ שטעלונג עס דאַרף אָנגענומען ווערן. דער דאָזיקער באַריכט האָט אַרויסגערופן שטוינונג; ערשטנס, האָט גערופן די אויפמערקזאַמקייט, וואָס אין די ערשטע טעג פון מאַי, איידער מען האָט נאָך אָנגעהויבן פאַרזייען די פעלדער, האָבן ביידע קאָאָפּעראַטיוועס זיך צוגעאײלט און שוין גענומען ריידן

וועגן דעם תבואה־פּאַרקויף, וואָס וועט אויסוואַקסן; צווייטנס, איז אין דעם פּאַריקן יאָר געמאַכט געוואָרן דער קאָלעקטיווער פּאַרקויף דורך דער פּראָ־מטערנידאַד אַגראַריאַ, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 4 קאָאָפּעראַטיוועס פון ענטרע־ריאָס וואָס געהערן נישט צו אונדזערע קאָלאָניעס און האָבן נישט געהאַט קיין מאָטיוו צו זיין אומצופרידן, פאַרקערט, זיי האָבן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג דער פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ. דריטנס, די ביידע קאָאָפּעראַטיוועס האָבן געוווּסט מיט אַ צייט פריִער, אַז אין באַסאַווילבאַסאָ וועלן זיך צונויפקומען די פאָרשטייערס פון אַלע אונדזערע קאָלאָניעס. פאַר וואָס האָבן זיי זיך מקדים געווען און נישט געוואַרט, מיר זאָלן אַלע צוזאַמען באַטראַכטן די פראַגע פונעם בשותפותדיקן פאַרקויף? פערטנס, זיי האָבן געוווּסט, אַז דער קאָנגרעס וועט זיך שליסן דעם 16טן, פאַר וואָס האָבן זיי געגרינדעט די דערמאָנטע קאָמיסיע אויפן 19טן און נישט אויפן 17טן מאַי? וואָס פאַר אַ באַהאַלטענע כוונות זענען פאַראַן דערביי? אָבער פונקט ווי אַלע מאָל, האָבן מיר זיך געהאַלטן ביי אונדזער שטאַנדפּונקט, אַז מ׳מוז האָבן געדולד, אין דער זיכערקייט אַז מיר טרעטן אויף אַ פעסטן באָדן, וואָס וועט סוף־כל־סוף איבערטראָגן אַלע מניעות. עס איז דערביי באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט זאָל איינלאַדן די אָנגעשלאָסענע קאָאָ־פּעראַטיוועס צו אַ זיצונג אין חודש יולי, כדי צו באַטראַכטן דעם קאָלעקטיוון פאַרקויף, ווי אויך אַנדערע פונקטן. אומקערנדיק זיך צו דער אַרבעט, האָב איך געהאַט דעם פאַרגעניגן, אַז אַ טונקעלער שאָטן קריכט נאָך הינטער אונ־דזערע פּלייצעס.

# צענטראַל־ביוראָ אין בוענאָס־אײרעס

סאַכאַראָוו האָט אויפגעקלערט די וויכטיקייט און נוצלעכקייט פון אַ צענטראַל־ביוראָ אין בוענאָס־אײרעס. ווען עס וועט זיין אָרגאַניזירט אַ צענטער, וועט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט קענען אַנטוויקלען זיין טעטיקייט אויף אַלע געביטן. סאַכאַראָוו האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן די מיינונג, אַז די צענטראַל־ביוראָ וועט פאַרמינערן די אויטאָנאָמיע פון די אָנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוועס; פאַרקערט, די צענטראַל־ביוראָ וועט זיך באַנוצן מיט דער מיטאַרבעט פון די פאַרוואַלטערס אין אַלע געשעפטלעכע אָפּעראַציעס. ער האָט אַפּעלירט צום קאָנגרעס, מען זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָננעמען אַ דעפיניטיוון באַשלוס און באַפולמעכטיקן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט איינצואָרדענען די צענטראַל־ביוראָ אין בוענאָס־אײרעס, ווען ער וועט עס געפינען פאַר פּאַסנדיק. ביי דעם קאָנגרעס זענען באַשטימט געוואָרן: מיגעל סאַכאַראָוו — פּרעזידענט, יצחק קאַפּלאַן — וויצע־פּרעזידענט, מאַרקאָס וואָרטמאַן — סעקרעטאַר, און פעדראָ זוסמאַן — קאַסיר.

**
*

פאַר די וואָס בלאָנדזשען זענען אַלע קרומע וועגן גלייכע. איך זאָג עס קעגן דער בלאָנדזשעניש פון די צוויי ענטרע־ריִאָסער קאָאָפּעראַטיוועס, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן די קריטעריע, אַז עס לוינט בעסער זיך צו פאַרבינדן מיט די קאָאָפּעראַטיוועס פון דער פּראָווינץ, און אַז ווייץ האָט נישט קיין מאַרקע. אין באַריכט וואָס דער פּרעזידענט ה׳ וואָרטמאַן, האָט איבערגעגעבן ביים קאָנגרעס אין מאָזעסוויל, האָט ער מיטגעטיילט, אַז די יִדישע אַגראַר־פעדעראַציע האָט איינגעשטעלט פריינדלעכע באַציִונגען מיט דער אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואָס אַרכענטינאַס פון ראָזאַריאָ. די אַסאָסיאַסיאָן, דערוויסנדיק זיך אַז די יִדישע אַגראַר־פעדעראַציע רעכנט איינצואָרדענען אַ ביוראָ אין בוענאָס־אײרעס, האָט אָנגעוויזן אַז עס לוינט אָפּצוװאַרטן ביז זי וועט באַטראַכטן דעם ענין און מיר וועלן קענען איינאָרדענען די ביוראָ צוזאַמען. נאָך דעם האָט אַ דעלעגאַציע פון דער דערמאָנטער קערפּערשאַפט באַזוכט דער פעדעראַציע, כדי צו געפינען דעם אופן ווי איינצושטעלן אַ פאַרבינדונג צווישן ביידע אינסטיטוציעס, אָבער נישט האָבנדיק קיין פולמאַכט פון קאָנגרעס, האָט

דער עקזעקוטיוו נישט אָנגענומען קיין באַשלוס וועגן דעם. די אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואָס אַרכענטינאַס איז נאָך געווען אַ יונגע קערפּערשאַפט, אָבער די מערהייט פון אונדזערע דעלעגאַטן האָבן איר געקענט, ווייל אײדער זיי זענען געקומען אין מאָזעסוויל האָבן זיי בייגעוווינט אַ קאָנגרעס פון קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער אַסאָסיאַסיאָן אין ראָזאַריאָ. אין דעם פּראָטאָקאָל פון אַ זיצונג פון דירעקטיוון ראַט פון פּאַנדאָ קאַמונאַל, דעם 27סטן יוני, אַ חודש נאָכן מאָזעסווילער קאָנגרעס, לייענען מיר:

„אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואָס. מען לייענט אַ בריוו פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, אין וועלכן זי זאָגט אַז זי קען נישט געבן קיין פּרייזן פון געוויסע סחורות, ווייל פּאַנדאָ קאָמונאַל איז נישט אָנגעשלאָסן אין איר. עס אַנטוויקלט זיך אַ דעבאַטע איבער דער אָנשליסונג אין דער אַסאָסיאַסיאָן. די ה״ה פּאָדלאָג, צייגנער און זאַלקינד שלאָגן פאָר, אַז די פראַגע זאָל איבערגעגעבן ווערן דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע. יצחק קאַפּלאַן, וועלכער איז געווען אָנוועזנדיק דערקלערט, אַז די פראַגע האָט זיך באַהאַנדלט ביים עקזעקוטיוו־קאָמיטעט אויפן גרונט פון אַן אָנפרעג וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו פון ריוועראַ האָט געמאַכט. זיין שטעלונג, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן, איז אַזאַ:

היות די אַסאָסיאַסיאָן איז אַ נייע קערפּערשאַפט פאַר אונדז, קיינער פון אונדז קען איר נאָך נישט גוט; די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע איז געווען די ערשטע וואָס האָט זיך געשטעלט מיט איר אין פאַרבינדונג צוליב דער פראַגע פון פאַבריצירן זעק. היינט צו טאָג קען מען עס נישט דורכפירן. ביים עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט ער פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל ענטפערן דעם קאָאָפּעראַטיוו פון ריוועראַ, אַז דער פעדעראַל־ראַט וועט ביי זיין ערשטער זיצונג באַהאַנדלען די פראַגע. אַזוי איז עס אָנגענומען געוואָרן.

אַדאָלפאָ גלעזער איז מיט דער מיינונג, אַז פּאַנדאָ קאָמונאַל קען אַליין באַשטימען זיך אָנצושליסן, אָדער נישט. פּוסטילניק דערקלערט, אַז דער קאָנגרעס אין מאָזעסוויל האָט איבערגעלאָזט פאַר יעדן קאָאָפּעראַטיוו די פרייהייט וועגן אָנשליסן זיך. אהרן קאַפּלאַן איז אַן אָנהענגער פון אָנשלוס, כאָטש ער ווייסט נישט, צי עס וועט לוינען צו מאַכן געשעפטלעכע אָפּעראַציעס דורך דער אַסאָסיאַסיאָן; מען דאַרף עס מאַכן פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, זיי זאָלן קענען בעסער דורכפירן די אַנדערע באַשלוסן וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן פון קאָנגרעס אין ראָזאַריאָ; מיט דעם אָנשלוס בלייבט מען אויטאָנאָם און עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיק; פּאַנדאָ קאָמונאַל איז שטענדיק געווען פון די, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אַזעלכע באַוועגונגען. פּאָדלאַג זאָגט, אַז ער איז נישט קעגן דעם אָנשלוס, נאָר לויט זיין מיינונג דאַרף מען זיך באַראַטן מיט דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע. משה גלעזער זאָגט, אַז לויט עס ווייזט זיך

אַרויס, זענען נישטאָ קיין קעגנערס פון אָנשליסן זיך, מען וויל דאָס נאָר אָפּ־לייגן; ער פאַרשטייט נישט וועלכע ס׳זענען די סיבות וואָס קענען אָפּהאַלטן דעם פאָנדאָ קאָמונאַל פון דעם. די אַסאָסיאַסיאָן פילט אויס דעם ליידיקן פלאַץ וואָס איז געווען ביז איצט אויף דעם געביט. נאָר כדי צופרידנצושטעלן ביידע מיינונגען, לייגט ער פאָר צו שרייבן דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, אַז באָנדאָ קאָמונאַל האַלט פאַר לויִנעוודיק דעם אָנשלוס און ווינטשט צו וויסן די מיינונג פון די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס זענען אין איר אָנגעשלאָסן.

יצחק קאַפּלאַן זאָגט, אַז פאָנדאָ קאָמונאַל מעג זיך אָנשליסן, אָבער היות די הויפּט־אויפגאַבע איז די פאַראייניקונג, וועט זיין אַ סך פּראַקטישער אַז די פאַראייניקונג זאָל געמאַכט ווערן צווישן דער פעדעראַציע מיט דער אַסאָסיאַ־סיאָן; אַזוי קומט פאָר אין דער גאַנצער וועלט, עס שאַפן זיך פעדעראַציעס, די פעדעראַציעס פאַרבינדן זיך צווישן זיך. די פעדעראַציע מיט דער אַסאָ־סיאַסיאָן שטייען שוין אין פאַרבינדונג בנוגע פאַרזיכערונג־פראַגע. די אַסאָ־סיאַסיאָן האָט אונדז פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן שטודירן די מעגלעכקייט פון איינאָרדענען די ביוראָ אין בוענאָס־איירעס. לעוואָווסקי לייגט פאָר, אַז פאָר־שטייערס פון פאָנדאָ קאָמונאַל און פון דער פעדעראַציע זאָלן באַשטימען וועגן דעם. עס ווערט אָנגענומען דער פאָרשלאַג פון משה גלעזער.

עס באַקומט דאָס וואָרט סאַכאַראָוו. ער דערקלערט, אַז דער פאַקטאָר „ראַסע״ שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון די אינסטיטוציעס. אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון באַשטייען ס׳רוב פון יידן, וואָס זונדערן זיך נישט אָפּ; פאַרקערט, זיי נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, באַטייליקן זיך אין אַלע קאָנגרעסן, אָבער זיי דאַרפן עס טאָן ווי אַ העגעמאָנישע קערפּערשאַפט. די באַזעס פון דער פעדעראַציע, לויט זיין מיינונג, זענען די עקאָנאָמישע אָפּעראַציעס. דערפאַר איז ער אַזאַ שטאַרקער אָנהענגער פון דער צענטראַל־ביוראָ אין בוענאָס־איירעס. ער פאַרענדיקט, אַז קאָאָפּעראַטיוויזם איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע זאַך, אָבער יעדערער אַרבעט גרינ־גער און מיט מער סימפּאַטיע פאַר זיין נאַציע. אונדזערע קאָאָפּעראַטיוועס דאַרפן זיין פאַראייניקט אין דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע און די פעדעראַציע זאָל מיטאַרבעטן מיט אַלע ענלעכע אינסטיטוציעס פאַר דעם קאָאָ־פּעראַטיוויזם״.

סאַכאַראָווס ווערטער האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די מיטגלי־דער וואָס זענען בייגעווען די דאָזיקע דיסקוסיעס. עס האָט זיך אַרויסגעריסן ביי איינקע די פראַגע: צי די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע טויג זיי נישט, ווייל אַ טייל פון אירע קאָאָפּעראַטיוועס געפינען זיך נישט אין ענטרע־ריאָס, און די אַסאָסיאַסיאָן? — זי איז דאָך אין גאַנצן ווייט פון אונדז אין אַלע הינ־

זיכטן! מען האָט געדאַרפט זיין גענוג שטאַרק איבערצוטראָגן אַלע שוואַכקייטן און זיך האַלטן פעסט אין דער אָנגעצייכנטער ליניע. פיזיש בין איך דעמאָלט געווען אַ צעבראָכענער. די אַטמאָספער וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום דער קרעאַציע פון אַ צענטראַלן קאָאָפּעראַטיוו, האָט ממש געשטיקט. דאָך, האָב איך זיך געהאַלטן שטאַרק און פאַרגעזעצט די אַרבעט ביז צו איר זיג. איך באַטראַכט עס פאַר אַ ספּעציעלן זכות אין מיין לעבן.

# די צענטראַל־ביוראָ אין פונקציע

דעם 16טן יוני 1928 איז מאַרקאָס וואָרטמאַן אָפּגעפאָרן קיין בוענאָס־איירעס אויפן אַמט פון פאַרוואַלטער פון דער צענטראַל־ביוראָ פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע. איך האָב געדאַרפט פאָרן מיט צוויי מאָנאַטן שפּעטער. דאָס איז בפירוש געווען אַ געוואַגטער שריט, ווייל די פירערס, אָדער בעסער געזאָגט — אַ טייל פון די אָנפירערס פון פאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ האָבן אָנגעהאַלטן זייער קעגנערישע שטעלונג צו אַלץ וואָס וואָרטמאַן האָט געזאָגט און געטאָן. מיר זענען געווען געצווּנגט צו ריזיקירן און אונטערצונעמען זיך; נאָר מיט דעם כוח האָבן מיר געשאַפן און אויפגעשטעלט דעם פאַנדאָ קאָמונאַל, וואָס איז געווען איינע פון די פרעסטיזשפולסטע קאָאָפּעראַטיוועס אין לאַנד. נאָר מיט געוואַגטקייט האָבן מיר געשאַפן קרעדיט־קאַסעס און אַנדערע אונטערנעמונגען; נאָר מיטן גלויבן אין די באַהאַלטענע כוחות און אידעאַליזם פון דער מיטגלידערשאַפט האָבן מיר אונטערגענומען און געגאַנגען פאָרויס. סאַכאַראָוו האָט נישט גערוט און האָט צוגעאײַלט צו אינסטאַלירן די צענטראַל־ביוראָ, אין דער זיכערקייט, אַז מיט דער אַרבעט וועלן זיך אַרויסווייזן די נוצן, און די אָנערקענונג וועט סוף־כל־סוף קומען. חוץ סאַכאַראָוו און איך, איז קיינער נישט געקומען צום באַן זיך געזעגענען מיט וואָרטמאַנען און אים ווינטשן דערפאָלג. מיט אַ שטומען האַנטדרוק האָבן מיר זיך געזעגנט. וואָרטמאַן האָט גלייך ביי זיין אָנקומען אין בוענאָס־איירעס צוגעטראָטן ענערגיש צו דער אַרבעט. ער האָט געדונגען אַ ביוראָ אויף דער גאַס אַווענידאַ דע מאַזשאָ 650. ער האָט באַזוכט די גרויסע געשעפט־הייזער, האָט זיך באַשעפטיקט מיט באַקומען הכנסות פאַרן „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר", ער זאָל קענען דערשיינען צוויי מאָל אין חודש, אַנשטאָט איין מאָל און אָנפירן אַ ברייטערע פראָפּאַגאַנדע פאַרן קאָאָפּעראַטיוויזם און אַגריקולטור־אויסבעסערונג. ער האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דער פאָרשטייערשאַפט פון דער רוסישער רעגירונג יוזשאַמטאָרג, וועגן קויפן ביי זיי בוימל פאַר די שנייד־מאַשינען, בוימל וואָס ווערט אימפּאָרטירט דירעקט פון רוסלאַנד. ער האָט פאַרהאַנדלט מיט דער אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואַס אַרכענטינאַס וועגן פאַרזיכערן די קאָסעטשעס. מיט איין וואָרט: ער האָט געשטעלט אין פולן גאַנג די צענטראַל־ביוראָ.

ווי באַוווּסט, איז דער רוסישער מאַשין־בוימל וואָס קומט פון באַקו, אָבער־

קענט ווי דער בעסטער, דאָך האָבן מיר אים געשיקט אַנאַליזירן אין לאַבאָ־ראַטאָריע פון אַגריקולטור־מיניסטעריום און עס איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז דער דאָזיקער בוימל פאַרגלייכט זיך מיט די בעסטע פון די וואָס ווערט פאַרקויפט דורך די היגע פאַבריקאַנטן. אויף דעם סמך, און וויסנדיק די מאָס בוימל וואָס קאָלאָניסטן קאָנסומירן, האָבן מיר געקויפט 250 פעסער. דער פרייז איז געווען אַן ערך 50 פראָצענט ביליקער וואָס מען האָט געצאָלט אויפן מאַרק. וואָלט דאָך געדאַרפט זיין גוט. צום באַדויערן האָט זיך די זאַך אויס־געלאָזט פאַרקערט: וואָס בעסער איז געווען ערגער. די קעגנערס האָבן נישט גערוט. כדי צו געבן אַ קלאָרן באַגריף ווי ווייט די קעגנערשאַפט איז געגאַנ־גען און ווי ווייט אומבאַגרינדעט זי איז געווען, ציטיר איך אַ טייל פון דעם וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן ביי דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון פאַנדאָ קאָ־מונאַל, דעם 15טן אויגוסט 1928, ביי וועלכער די דעלעגאַטן האָבן אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון קאָנגרעס וואָס איז צושטאַנד געקומען אין מאָזעסוויל:

„דער ה׳ פּוסטילניק, דעלעגאַט צום קאָנגרעס, גיט איבער, אַז ווי באַקאַנט איז אויפן וועג קיין מאָזעסוויל די שטימונג געווען אַ געדריקטע איבער די באַוווסטע מיספאַרשטענדענישן פון דעם תבואה־פאַרקויף, אָבער אין מאָזעס־וויל איז אַלץ אויפגעקלערט געוואָרן. עס איז אָנערקענט געוואָרן, אַז קיין בייז־וויליקייט מצד אונדזער קאָאָפּעראַטיוו איז נישט געווען. דעם פאַרשלאַג וועגן רעפאָרמירן די סטאַטוטן פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע האָבן זיי צו־ריקגעצויגן, ווייל לויט ווי זיי האָט זיך אויסגעוויזן, האָבן די דעלעגאַטן זיי נישט ריכטיק פאַרשטאַנען.

צוויי דעלעגאַטן פון פאַנדאָ קאָמונאַל האָבן געהאַלטן, אַז דער „קאָלאָ־ניסט קאָאָפּעראַטאָר" דאַרף רעדאַקטירט ווערן אין אַ קאָלאָניע, ווו עס איז פאַראַן מער סביבה: אַן אָרגאַן פון אַ פאַרטיי צי פון אַ געזעלשאַפט דאַרף נישט זוכן קיין פאַרדינסטן פון אַנאָנסן, עס מאַכט נישט אויס ער זאָל דערלייגן געלט. זיין אויפגאַבע איז צו מאַכן פראָפּאַגאַנדע, דערציִען די מיטגלידער, אָבער נישט פאַרדינען. דער זעלביקער דעלעגאַט און אויך אהרן קאַפּלאַן האָבן געהאַלטן, אַז עס וועט קאָסטן צו טייער, ווייל די צענטראַל־ביוראָ וועט זיך נישט קענען אויסהאַלטן. נאָך אַ ברייטער דיסקוסיע איז מען געקומען צו אַ הסכם, אַז דער וווינאָרט פון דער פעדעראַציע דאַרף זיין אין בוענאָס־איירעס. לויט די באַריכטן פון קאָנגרעס, געפינט זיך די קאָלאָניע „נאַרסיס לעווען" אין אַ זייער געדריקטער עקאָנאָמישער לאַגע. צו דער זעלביקער צייט איז די קאָלאָניע דעזאָרגאַניזירט, די פעדעראַציע האָט דאָרט פיל צו טאָן. וועגן קאָ־לאָניזאַציע־פאָנד, איז ער רעפאָרמירט געוואָרן אין דעם זין, אַז די קאָאָפּעראַ־טיוון זענען נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן איינקאַסירן די געלטער, ווי עס

איז געווען פריער. אויב פאַר אייניקע זאַכן איז ער נישט ענטוזיאַסטיש גע־שטימט, איז אָבער וואָס שייך דעם קאָלאָניזאַציע־פאָנד, אַפּעלירט ער מען זאָל אים שטיצן ווי ווייט מעגלעך. פּאַנדאָ קאָמונאַל דערפילט מיט איר פליכט און מאָנט איין ביי אַלעמען.

דער דעלעגאַט סאַכאַראָוו זאָגט צווישן אַנדערע, אַז ווען ער מיט יצחק קאַפּלאַנען האָבן אָנגעהויבן, פריער מיט 20 יאָר, צו אָרגאַניזירן דעם קאָאָפּע־ראַטיוו, האָט מען זיי באַטראַכט פאַר פוסטע פאַנטאַזיאָרן; אַ גרויסער טייל האָבן איראָניש געזאָגט „קאָמפּאַראַטיוואַ". דאָך האָבן מיר געאַרבעט און גע־פירט אַ קאָאָפּעראַטיוו. גלייך ביים געבוירן פונעם קאָאָפּעראַטיוון געדאַנק, האָב איך מיט מיין חבר שוין געטראַכט פון דער פעדעראַציע, ווייל די סטאַ־טוטן, דאָס לעבן און די אַנטוויקלונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו איז פול מיטן גייסט פון פעדעראַציע. דאָס איז נישט נאָר ביי אונדז אַזוי, — אומעטום קומט פאַר דער זעלביקער פּראָצעס: עס שאַפן זיך פעדעראַציעס. סאַכאַראָוו ברענגט ביישפּילן, וואָס די פעדעראַציעס טוען אויף: זיי פּראָדוצירן אַליין; זיי אינ־דוסטריאַליזירן; זיי אָרגאַניזירן אייגענע פעסטע קרעדיט־אינסטיטוציעס; זיי האָבן איינגעאָרדנט קעגנזייטיקע פאַרזיכערונג־קאַסעס; זיי פירן דורך סיסטע־מאַטיש אינסטרוקציע־אַרבעט, זיי פלאַנצן איין גוטע אידעען, גוטע כוונות און סאָלידאַריטעט. די פעדעראַלע קאָאָפּעראַטיוו־אינסטיטוציעס ווילן און וועלן געבן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער די גאַנצע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַ־וועגונג. די פירערס פון די קאָאָפּעראַטיוועס דאַרפן זיין דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק, זיי דאַרפן וויסן, אַז דער קאָאָפּעראַטיוויזם האָט נישט קיין גרענעצן. — דאָס איז אַן עקאָנאָמישע אינסטיטוציע מיט אַ מאָראַלישן יסוד.

נאָך איין פּונקט האָט סאַכאַראָוו באַהאַנדלט: איינער אַ גוטער פריינד האָט אים געזאָגט, אַז די פעדעראַציע וועט אָפּשוואַכן די איניציאַטיוו ביי די קאָאָ־פּעראַטיוועס; אַ מיינונג, וואָס ער האָט נישט דערוואַרט, ווייל אויב מיר וועלן אַרויסגיין פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, וואָלטן מיר געדאַרפט לעבן ווי די פּרימיטיווע מענטשן אין די אוראַלטע וועלדער, ווו אַלץ איז געווען איניציאַ־טיוו: ווי צו קריגן עסן, ווי צו קלעטערן אויף דיביימער, ווי צו מאַכן פייער. עס בלייבט נאָך פאַר די קאָאָפּעראַטיוון גענוג איניציאַטיוו צו נעמען.

צום סוף קריטיקירט סאַכאַראָוו די מיינונג פון די יעניקע, וואָס זענען קעגנער פון דער פעדעראַציע צוליב דער פּערזאָן וואָרטמאַן. ער האָט אָנגע־וויזן, ווי שעדלעך ס'איז פאַר אַן אינסטיטוציע ווען זי באַטראַכט אירע אויפ־גאַבעס פון אַ פּערזענלעכן שטאַנדפּונקט.

סאַכאַראָווס עקספּאָזע איז געווען באַלערנדיק און האָט געמאַכט זייער אַ טיפן איינדרוק אויף אַלע בייוועזנדיקע.

מערענער האָט פאַרגעלייגט, אַז די גענעראַל־פאַרזאַמלונג זאָל באַשטימען אַז אַלע אָפּעראַציעס פון דעם קאָאָפּעראַטיוו זאָלן געמאַכט ווערן דורך דער פעדעראַציע. יצחק קאַפּלאַן, באַציִענדיק זיך אויף דעם באַריכט פון ה׳ פּוסטילניק, דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז אין די רעזאָלוציעס איז נישט איבערגעביטן געוואָרן קיין איין וואָרט; אַז דער פּראָיעקט פון רעפאָרמירן די סטאַטוטן איז צוריקגעצויגן געוואָרן, ווייל די אַרגומענטן פון די דעלעגאַטן פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, צו פאַרטיידיקן די רעפאָרעם, זענען נישט געווען קיין גענוגנדיקע. ער דערמאָנט די מיינונגס־פאַרשיידנקייט צווישן אים און די ה״ה וואָרטמאַן און קיפּען ביים רעדאַקטירן די סטאַטוטן, אָבער אויב די דערמאָנטע זענען קעגנער — איז דאָס געווען פון אַ פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט. איצט אַרבעטן זיי פאַר דער פעדעראַציע, ווייל די מערהייט האָט אַזוי געשטימט און ווייל די פּראַקטיק האָט באַוויזן, וואָס די פעדעראַציע קען און דאַרף טאָן. קאַפּלאַן ווייזט אָן, אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע פאַרביטערטע קעגנערס, וואָס מאַכן פּראָפּאַגאַנדע, אַז ער וויל די ביוראָ אין בוענאָס־איירעס, כדי צו האָבן אַ שטעלע. ער ברענגט פאַר דער פאַרזאַמלונג די רעכענונג פון זיין מאָנאַטלעכע הכנסה אין דאָמינגעז און באַווייזט, אַז ווען מען וועט אים צאָלן אין בוענאָס־איירעס אַפילו 500 פּעזעס אַ מאָנאַט, וועט דאָס אים אויסטראָגן אין פּראָפּאָרץ ווינציקער ווי דאָס וואָס ער פאַרדינט אין דער קאָלאָניע, נעמענדיק אין אַכט די לעבנס־קאָסטן פון דאָ און דאָרט. ער דערמאָנט דעם פאַקט, וואָס דורך דער צענטראַל־ביוראָ וועט מען איצט זיין אין שטאַנד צו קויפן מאַשין־בוימל מיט 58 פּראָצענט ביליקער. אויב מיר, 500 מיטגלידער, וועלן פאַרנוצן טויזנט קאַסטנס בוימל, וועט מען איינשפּאָרן דערביי פופצן טויזנט פּעזעס, און די מיטגלידער שטייערן מיט נאָר 10 פּראָצענט פון דער דאָזיקער סומע.

קיפּען דערקלערט אין קורצע ווערטער זיין שטאַנדפּונקט וועגן די סטאַטוטן און גיט איבער זיין מיינונג, וואָס ער האָט געזאָגט ביים קאָנגרעס. „ווי אַזוי קען מען מאַכן סטאַטוטן פאַר אַ פעדעראַציע פון גרעמיאַלע געזעלשאַפטן, ווען אַזעלכע עקסיסטירן גאָר נישט אין אונדזערע קאָלאָניעס?״. יהודה אפרון זאָגט: „מיר, רעכטע, זענען נישט קעגן דער פעדעראַציע, זאָל זי זיך אויסשיילן״. נאָר פאַרלויפיק באַטראַכטן זיי די ביוראָ אין בוענאָס־איירעס פאַר אַ פאַנטאַזיע. „מיר, רעכטע, האָבן ליב פּאָזיטיווע זאַכן״. וועגן דעם בוימל גלויבט ער נישט; עס איז טאַקע ביליקער, אָבער ווער ווייסט צי מען וועט אים נאָך דעם נישט אויסמישן מיט ערגערן. ער האָט מורא, אַז דורך דער פעדעראַציע וועלן די סחורות קאָסטן טייערער, און, „פאַר וואָס — פרעגט ער, — זענען משה רבינו און שמואל הנביא געווען פירערס און האָבן ביים פאָלק גאָרנישט

געקומען? זאָלן אונדזערע פירערס אויך גיין צופוס!". וועגן דעם קאָלאָניזאַציע־פאָנד האַלט ער, אַז מיט אַזעלכע קליינע סומעס וועט מען גאָר נישט אויפטאָן, זאָל מען צאָלן צו הונדערט פעזעס, נאָר מיט אַ באַדינג, אַז יעדע קאָלאָניע זאָל זאָרגן פאַר זיך אַליין; אים אינטערעסירט נישט די קאָלאָניסטישע זין פון אַנדערע קאָלאָניעס. צום שלוס קומט אַ קאָנקרעטער פאָרשלאַג: די פאַרזאַמלונג זאָל פּראָטעסטירן, פאַר וואָס מען האָט אַרויסגעטראָטן ביים קאָנגרעס קעגן דער יי״קאַ פאַר דעם דעקרעט פון נישט פאַרדינגען די רעזערוו־שטחים צו יידישע קאָלאָניסטן? לויט זיין מיינונג, שאַדט מען מיט דעם די אָרעמע קאָלאָניסטן; מען דאַרף מיט דער יי״קאַ גיין מיט גוטן. סאַכאַראָוו נעמט דאָס וואָרט נאָך אַ מאָל און ווייזט אָן די גרונטלאָזיקייט פון די אַלע אַרטיפיציעלע באַהויפּטונגען. ער באַטאָנט נאָך אַ מאָל, אַז דאָס וואָס מ׳זעט איצט געשאַפן ביי די קאָאָפּעראַטיווען איז אַמאָל באַטראַכט געוואָרן פאַר אוממעגלעך, און אַז די וואָס קענען נישט די תורה פונעם קאָאָפּעראַטיוויזם, איז גלייכער זיי זאָלן זיך לערנען און לאָזן אַנדערע טאָן".

* * *

די אויבן געבראַכטע דעבאַטע באַווייזט, ווי די פּערזענלעכע קעגנערשאַפט האָט פאַרבלענדט, כדי נישט צו זאָגן — פאַרנאַרישט אַ גרופּע חברים, ווי דאָס באַווייזן זייערע אַרגומענטן און זייערע מעשים. דער אמת איז, אַז די רעכטע זענען געווען גוטע קאָאָפּעראַטיוויסטן און גוטע קאָלאָניסטן, אָבער די שנאה, די אַמביציע, אָדער ווי סאַכאַראָוו האָט זיך אויסגעדריקט, — דאָס נישט קענען די קאָאָפּעראַטיוויסטישע תורה האָט זיי אַראָפּגעפירט פון דעם ריכטיקן וועג. סאַכאַראָוו האָט פאָרויסגעזען, אַז די אָפּאָזיטאָרן און די שטערערס וועלן מיט דער צייט ווערן פירערס פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע. און אַזוי איז טאַקע געווען. אָבער וואָס ער האָט נישט פאָרויסגעזען איז, אַז עטלעכע פון די דעמאָלטיקע פירערס, וואָס האָבן פאַרטיידיקט און אַקטיוו געאַרבעט פאַר דער פעדעראַציע, וועלן מיט אַ קורצער צייט שפּעטער ווערן אירע פאַרביסנסטע שונאים. און זיי זענען עס געוואָרן.

סוף יולי איז וואָרטמאַן געקומען אין קאָלאָניע און האָט צוגעשטעלט סאַכאַראָוון זיין רעזיגנאַציע. דאָס איז געווען פאַר אונדז אַן איבעררעשונג, ווייל כ׳איז נישט געווען קיין באַרעכטיקטער מאָטיוו פאַר דעם. ער האָט דערפילט זיין מיסיע בשלמות, פאַר וועלכער מיר האָבן אים באַגריסט. מיר זענען צוגעפאָרן צו אים אַ היים און נאָך אַ קורצן שמועס האָט ער צוריקגעצויגן זיין רעזיגנאַציע און זיך אומגעקערט קיין בוענאָס־איירעס, אָנצופירן די ביוראָ.

דעם 26סטן סעפּטעמבער 1928 בין איך אַרויסגעפאָרן פון דאָמינגעז אויף צו פאַרנעמען מיין פּאָסטן אין דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, צוזאַמען מיט מאַרקאָס וואָרטמאַן. מיטגלידער פון פאַנדאָ קאָמונאַל און שכנים פון דאָ־מינגעז זענען געקומען מיך אָנבאָטן אַ געזעגענונג־באַנקעט. איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. אויפן אַלגעמיינעם פאַרלאַנג, זענען מיר זיך צונויפ־געקומען ביי אַ גלאָז טיי. עס זענען בייגעווען פאָרשטייערס פון אַלע אינסטי־טוציעס און פאַרטייען. די איינציקע וואָס האָט געפעלט איז געווען פאַנדאָ קאָמונאַל, פאַר וועלכער איך האָב אַוועקגעגעבן מיין געזונט, און עס האָט אַ סך נישט געפעלט, אַז מיין לעבן זאָל זיך האָבן דאָרט פאַרענדיקט. סאַכאַראָוו איז געווען דער איינציקער וואָס האָט מיר באַגלייט פון דאָמינגעז ביז צו דער ערשטער באַן־סטאַנציע לאָס מאָסקאָס. ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט קעגן די חברים פון פאַנדאָ קאָמונאַל: „ס'טייטש, ווו איז די עלעמענטאַרע דערציִונג? נישט קומען זאָגן אַן אַלטן חבר פאָר געזונט?". ער האָט עס גאָר נישט געקענט פאַרשטיין. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אַ קוש, אָן ווערטער. דאָס איינציקע וואָס סאַכאַראָוו האָט מיר געזאָגט, אַז ער ווייסט אַז ס'שטייט מיר פאָר אומצאָליקע שוועריקייטן, אָבער ער איז זיכער אַז איך וועל זיי בייקומען. מיט טרערן אין די אויגן איז ער אַראָפּ פון באַן.

אָנקומענדיק אין ביוראָ, זענען מיר — איך און וואָרטמאַן — גלייך צו־געטראָטן צו דער אַרבעט. דער אמת איז, אַז איך האָב געטראָפן די ביוראָ אין פולן אַרבעט־פּראָצעס. וואָרטמאַן האָט שוין געהאַט פּראָגראַמירט, שטו־דירט און אָנגעהויבן איניקע אַרבעטן דורכצופירן. מיט געוויסע זאַכן האָט ער געוואַרט אויף מיין אָנקומען, ווויסנדיק אַז עס זענען פאַראַן ענינים וואָס פאָדערן אַ געוויסע מאָס קענטשאַפט און פּראַקטיק. מיר האָבן באַזוכט די גרויסע אימפּאָרט־הייזער און אומעטום האָבן מיר געפונען פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער פּראָגראַם. עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע איז געווען דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו פון 2טן גראַד, וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט אין בוענאָס־איירעס און זיך פאַרנומען מיט פאַרטיידיקן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער. אומעטום ווו מיר זענען גע־קומען האָט מען אונדז געזאָגט, אַז זיי קענען דעם ה' קאַפּלאַן; דאָס איז פאַר זיי אַ גענוגנדיקע גאַראַנטיע און זיי שטעלן זיך צו אונדזער דיספּאָזיציע. איך שטרייך אונטער, אַז ווען מיר וואָלטן נישט געהאַט קיין שטערונגען פון אינע־ווייניק, פון איניקע אָנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוועס, וואָלט די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע אַ סך מער פּראָגרעסירט.

*
* *

דעם 15טן אָקטאָבער איז זיך צונויפגעקומען דער פעדעראַל־ראַט אין בוענאָס־איירעס, אין באַשטאַנד פון די ה״ה: סאַכאַראָוו, יצחק קאַפּלאַן, וואָרטמאַן, שאַמשאַנאָווסקי, זוסמאַן, באַרגמאַן, יעקב־אהרן קאַפּלאַן, האַרקאַווי און סידי. עס זענען אויך איינגעלאַדן געוואָרן צו דער זיצונג די פּרעזידענטן און פאַרוואַלטערס פון די אָנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוועס. עס זענען בייגעווען: פּוסטילניק און אהרן קאַפּלאַן — פון פאַנדאָ קאָמונאַל; חפץ — פון לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ; באַנטשיק און הורוויץ — פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ; כאַווקין — פון ריווערא; ווישנעוועצקי און נוסימאָוויטש — פון לאַס קאָלאָניאַס אוניִדאַס; קאָרנפעלד — פון סאַנטאַ־איזאַבעל; קאַץ — פון בערנאַסקאָני. וואָרטמאַן, ווי דער סעקרעטאַר, האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דעם וואָס ס׳איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין די דריי מאָנאַטן זינט עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן די ביוראָ אין בוענאָס־איירעס. ער האָט גערעדט וועגן דעם קויף פון רוסישן בוימל, מיט וועלכן מען האָט דערגרייכט דעם הויפּטציל: „פון פּראָדוקטאָר צום קאָנסומענט״, אָן שום פאַרמיטלערס; חוץ דעם איז דער בוימל פון בעסטער קוואַליטעט און ביליקסטן פּרייז. די ביוראָ האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַ פאַבריק פון דייטשלאַנד, וועגן קויפן דירעקט בלעך און דראָט, מיט אונדזער אייגענער מאַרקע על קאָאָפּעראַדאָר.* יעדער קאָאָפּעראַטיוו קען מאַכן באַשטעלונגען לויט זיינע באַדערפענישן. מען האָט געקויפט 400.000 לײדיקע זעק פאַר תבואה. מען האָט אויך אונטערגעהאַנדלט וועגן פאַרבעסערן דעם פאַרקויף פון אייער, דירעקט צום קאָנסומענט און נאָך אַנדערע געשעפטלעכע אָפּעראַציעס. מען האָט אויך אינטערווענירט אין די אָפיציעלע קרייזן וועגן חוב פאַר זריעה אין בערנאַסקאָני; וועגן אויסבעסערן די טראַנספּאָרטמיטלען פאַר סמעטענע און אייער, אאַז״וו.

עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז די ביוראָ איז געעפנט געוואָרן אָן מאַטעריעלע רעסורסן. מען האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך אונטערנעמונג־גייסט אויף צו מאַכן אַזאַ שריט. לויט דעם באַריכט, האָבן מיר געוואַגט און אונטערגענומען דורכצופירן אַ ברייטן פּראָגראַם לטובת די קאָאָפּעראַטיוועס און דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דעבאַטע, וואָס איז געווען געווענדט מער צו די צוויי קאָאָפּעראַטיוועס פאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, פון וועלכע מ׳האָט פאַרלאַנגט לאָיאַליטעט און קאָאָפּעראַציע. אין פאַרלויף פון די דעבאַטעס איז געקומען צו אַ שאַרפן איבעררייד צווישן וואָרטמאַנען און הורוויצן. דער ערשטער האָט שטאַרק אָנגעגריפן דעם צווייטן. סאַכאַראָוו האָט

---

* דער קאָאָפּעראַטאָר.

אים גערופן צו אָרדענונג, אָבער אָן דערפאָלג. סאַבאַראָוו האָט מער נישט גע־קענט טאָלערירן און האָט געזאָגט: „אָדער איך אָדער ער!”. אָבער וואָרטמאַן האָט שוין געהאַט גרייט פון פריִער זיין אומווידעררופלעכע רעזיגנאַציע, וואָס ער האָט גלייך צוגעשטעלט. דער אמת איז, אַז נאָך מיט אַ טאָג פריִער פאַר דער פאַרזאַמלונג האָט וואָרטמאַן געפאָדערט פון מיר, איך זאָל אים מאַכן זיין חשבון. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן איבערראַשונג, ווייל ביז יענעם מאָמענט האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון אומצופרידנקייט; פאַרקערט, אַלץ האָט זיך געפירט האַרמאָניש און נאָרמאַל. אויף מיין פראַגע, וואָס עפּעס פּלוצלינג, אין מיטן מאָנאַט, וויל ער מאַכן חשבונות, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט וואָס עס קען פּאַסירן מאָרגן ביי דער זיצונג; עס קומען פּרעזי־דענטן און פאַרוואַלטערס וועלכע ער באַטראַכט פאַר שעדלעכע עלעמענטן פאַר דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע און ער ווייסט נישט צי ער וועט האָבן געגוג געדולד.

פאַר מיר פּערזענלעך איז עס געווען אַ שווערער קלאַפּ, צוליב מיין זייער שוואַכן געזונט־צושטאַנד. אָבער, ווי שטענדיק, האָט מיר מיין באַוווּסטזיין אין אימפּעט נישט דערלאָזט צו בלייבן הינטערשטעליק. איך בין געבליבן אַליין מיט דער גאַנצער משא און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויסער די טעכניש־אָרגאַניזאַטאָרישע און פינאַנציעלע שוועריקייטן, וואָס זענען געווען, האָט זיך די לאַגע נאָך מער פאַרערגערט, ווייל מיט וואָרטמאַנס צוריקציִען זיך האָבן די לינקע אויך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַרויסטרעטן קעגן דער יידישער אַג־ראַר־פעדעראַציע. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיךביידע עקסטרעמען פאַראייניקט, און דעמאָלט זענען זיי שוין אַרויס אָפן און פאַרשטעלט, מיט פאַרשיידענע פּרעטעקסטן אומצוּוואַרפן די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע.

* *
*

וואָס ס'האָט ווירקלעך געשטויסן וואָרטמאַנען צו מאַכן דעם דאָזיקן שריט איז שווער צו דערקלערן. פון דער נאַטור איז ער געווען דינאַמיש און קעמ־פעריש. פריִער האָב איך געמיינט, אַז ווי אַ סאָציאַליסט פילט ער זיך נישט באַקוועם, וואָס די אָרגאַניזאַציע טראָגט דעם נאָמען „איזראַעליטאַ”. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך אין דער פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ האָט מיט אים פּאַסירט דאָס זעלביקע. ער האָט דאָרט געאַרבעט אַ קורץ שטיקל צייט, איז אַוועק און איז אַריבער צו פּריוואַטער באַשעפטיקונג. קען זיין אַז ס'האָט מיטגעווירקט צו דער דאָזיקער האַנדלונג זיין אימפּולסיווער כאַראַקטער. ער האָט געהאַלטן מער פון דיסציפּלין ווי פון שטופּנווייזער דער־

ציִונג. אַפילו די פרייע קאָאָפּעראַציע, האָט ער געמיינט, דאַרף געמאַכט ווערן אויף אַן אימפּולסיוון אופן.

נאָך דער דאָזיקער זיצונג האָבן זיך די באַציִונגען פון די צוויי ענטרע־ריִאָסער קאָאָפּעראַטיוועס נישט געביטן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די ביוראָ אין בוענאָס־איירעס וועט זיך נישט קענען אויסהאַלטן, דערפאַר דאַרף מען איר נישט שטיצן. לויטן ווילן — אַזאַ שכל; ווען דער ווילן איז אַ פּאַרקערטער — נעמט מען צו הילף דעם קרומען שכל. עס האָבן אויך נישט געהאָלפן סאַכאַראָוס לעקציעס און אַפּעלאַציעס צום געזונטן און קאָרעקטן קאָאָפּעראַטיוון פאַרשטאַנד. דאָך איז אונדז פון דער זיצונג צוגעקומען אַ כוח, — שמחה באַנטשיק פון באַסאַווילבאַסאָ, וועלכער האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דעם עקזע־קוטיוו־קאָמיטעט. צוליב וואָרטמאַנס רענונסיע האָט מען מיך באַשטימט אויף זיין פּלאַץ פאַר סעקרעטאַר. פאַר געהילף אין דער ביוראָ האָב איך גענומען דעם אינזשעניער־אַגראָנאָם, כ. ל. טענענבוים.

# קאָלעקטיווער תבואה־פאַרקויף דורך „פאָנדאָ קאָמונאַל"

נאָך דעם ווי וואָרטמאַן האָט זיך צוריקגעצויגן, און אונטערן מאָראַלישן דרוק פון אַלע קאָאָפּעראַטיוועס, האָבן פאָנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ — איבערהויפּט די צווייטע — געביטן זייער עקשנותדיקע שטעלונג, זיך שטעלנדיק מער אין קאָנטאַקט מיט דער צענטראַל־ביוראָ וועגן געשעפטלעכע אָפּעראַציעס. אין נאָוועמבער זענען געקומען די פאַרוואַלטערס פון די וויכטיקערע קאָאָפּעראַטיוועס און צוזאַמען האָבן מיר פאַרהאַנדלט מיט די עקספּאָרטהייזער וועגן אַ קאָלעקטיוון פאַרקויף פון דעם ווייץ און ליאָן פון דער קאָסעטשע 1928/29. עס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם פאַרקויף אַלע יידישע קאָאָפּעראַטיוועס אָנגעשלאָסענע אין דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע און עס זענען אויך צוגעקומען פיר נישט־יידישע קאָאָפּעראַטיוועס. ביי די פאַרהאַנדלונגען מיט יעדן עקספּאָרט־הויז באַזונדער מכוח די קאָנדיציעס, האָבן די דירעקטאָרן זייערע געגעבן אָנצוהערן, אַז מיט יעדן קאָאָפּעראַטיוו באַזונדער וואָלטן זיי געווען בכוח צו האַנדלען מער ליבעראַל. אָבער די פאַרוואַלטערס האָבן קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז — אָדער אַלע צוזאַמען, אָדער קיין איינער נישט. ווען מיר האָבן אָנגעפירט מיט די אונטערהאַנדלונגען מיט די עקספּאָרט־הייזער, זענען געקומען צו אונדז אין ביוראָ צוויי פּערזאָן, רעקאָמענדירט פון דער יקאַ־דירעקציע, און אונדז מיטגעטיילט, אַז זיי ווילן עפענען אין בוענאָס־איירעס אַ ביוראָ פאַר תבואה־עקספּאָרט און זיי זענען גרייט אַריינצונעמען אַ פאַרטרעטער פון אונדזער קאָאָפּעראַטיוון ביוראָ פאַר אַ מיטגליד אין זייער דירעקטאָריום, וועלכער וועט קענען קאָנטראָלירן די תבואה־אָפּעראַציעס, פון צונעמען די סחורה ביים קאָלאָניסט ביזן איבערגעבן די קויפערס אין אייראָפּע, אַזוי אַרום וועט דער קאָלאָניסט זיין זיכער, אַז ער באַקומט דעם גאַנצן פּרייז פאַר זיין פּראָדוקט.

ביי יענעם מאָמענט האָבן מיר נישט געקענט אויפנעמען דעם פאָרשלאַג, טראָץ דעם וואָס ער האָט געהאַט געוויסע זייער גינציקע פּונקטן, מחמת עס האָט זיך געהאַנדלט בלויז פון אַ פּראָיעקט און זיי האָבן אונדז נישט אָנגעוויזן ווען זיי וועלן אונדז קענען אָנגעבן דעפיניטיוו די דאַטע, ווען זייער ביוראָ וועט אָנהויבן פונקציאָנירן. איך ברענג דעם דאָזיקן עפּיזאָד ווי אַ באַווייז דעם רושם וואָס ס'האָט געמאַכט אויפן מאַרק דער קאָלעקטיווער אָנבאָט. דער קאָלעקטיווער פאַרקויף איז געמאַכט געוואָרן אין די מעגלעך בעסטע קאָנדי־

ציעס מיט דער פירמע „וואַן וואַווערן" און אַלע זענען זיך צעפּאָרן צוריק אין די קאָלאָניעס מיט דער צופרידנקייט פון האָבן רעאַליזירט אַן אמתע קאָאָ־פּעראַטיווע אַקציע. יעדערער פון אונדז האָט עס באַטראַכט ווי אַ וויכטיקן אָנהייב פאַר ווייטערדיקער געמיינזאַמער טעטיקייט. ליידער, צוליבן פעלן פון וויזיע און טאַקט, איז עס געווען דער לעצטער קאָאָפּעראַטיווער שריט פון גרעסערן פאַרנעם.

עס האָט פּאַסירט אָט־וואָס:

אין קאָנטראַקט איז געווען אַ פּונקט, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָגן צו זעכ־ציק פּראָצענט פון דעם פּראָדוקט וואָס זיי וועלן באַקומען פון דער קאָסעטשע און פערציק פּראָצענט בלייבט פריי צו פאַרקויפן וועמען זיי ווילן. די פירמע „וואַן וואַווערן" האָט געגעבן די קאָאָפּעראַטיוון היפּשע סומעס געלט נאָך פאַרן שניט, אויף צו קענען פינאַנסירן דעם שניט. אַלץ איז געגאַנגען אין אָר־דענונג. איין טאָג האָט מען מיר גערופן פון דער פירמע „וואַן וואַורען". קו־מענדיק אַהינצו, זאָגט מיר דער פאַרוואַלטער ה' לאָוועגאַרד: „קאַפּלאַן, איך באַדויער זייער וואָס דיין אָנגעשטרענגטע אַרבעט צו באַטייליקן די קאָאָפּע־ראַטיוון אינעם פאַרקויף פון תבואה וועט שוין מער נישט קענען פאָרקומען".

— פאַרוואָס?

— דו ווייסט מיט וואָס פאַר אַ ליבעראַלקייט מיר האָבן דערמעגלעכט די קאָאָפּעראַטיוון צו פינאַנסירן די קאָסעטשעס! מיר האָבן זיי אויך געלאָזן פריי פערציק פּראָצענט פון דער פּראָדוקציע, צו פאַרקויפן וועמען זיי ווילן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אונדזערע קאָנקורענטן וועלן זיין אין שטאַנד צו צאָלן פאַר די 40 % מער מיט אַ פּאָר סענט, דערפאַר וואָס זיי האָבן נישט אויסגעלייגט די קאָאָפּעראַטיוון קיין איין פּעזע פון פאָרויס און במילא נישט געהאַט צו צאָלן קיין פּראָצענטער. עס איז אָבער פאַראַן אַ קאָמערציעלע עטיק, זענען מיר געווען זיכער, אַז ווען עס וועט זיך האַנדלען ביי „פּרעסיאָ פאָר פרע־ציאָ",* אָדער אַפילו ביי אַ דיפערענץ פון צוויי מיט אַ האַלבן סענט, וועט מען אונדז געבן פרעפערענץ. צום באַדויערן האָט אַ גרויסער קאָאָפּעראַטיוו פאַר־קויפט דעם קאָנקורענט, ווען מיר זענען געווען אין שטאַנד צו צאָלן די זעל־ביקע פרייזן. שוין צום צווייטן מאָל ווי דער זעלביקער קאָאָפּעראַטיוו ווייזט אַזאַ נישט־ערנסטקייט. פאַראַיאָרן האָבן זיי אויסגעביטן די פירמע „דרייפוס" אָן קיין באַרעכטיקטן מאָטיוו; היי־יאָר באַווייזן זיי אַזאַ נישט־געלונגענעם זשעסט מיט „וואַן וואַווערן". עס זענען זיך היינט צונויפגעקומען די רעפּרע־

* דער זעלביקער פרייז.

זענטאַנטן פון אַלע עקספּאָרט־הייזער און באַשלאָסן, פון היינט אויף ווייטער זאָל קיינער פון אונדז נישט מאַכן קיין קויף אויף אַ קאָלעקטיוון אופן.

עס איז מיר געווען אַ בושה און אַ ווייטאָג צו הערן אַ לעקציע פון אָנשטענדיקייט און פון עטיק פון אַזעלכן, וואָס מיר, קאָאָפּעראַטיוויסטן, באַטראַכטן און זענען באַרופן אים צו לערנען אַ קאַפּיטל מאָראַל און יושר אין דער עקאָנאָמיק אין אַלגעמיין. וואָס ס׳איז מיר נאָך מער פאַרדריסלעך געווען, אַז אין דעם פאַל האָט ער געהאַט אַ היפּשע דאָזע רעכט. קען זיין אַז די עקספּאָרט־הייזער האָבן געזוכט אויסצוניצן די געלעגנהייט, כדי פּטור צו ווערן פון דער פאַראייניקונג פון די קאָאָפּעראַטיוון. עס האָט זיי געשראָקן דער „פּאָאָל" פון קאַנאַדע; זיי האָבן אויך געוווּסט, אַז די קאָאָפּעראַטיוון פירן אונטערהאַנדלונגען מיט קאָאָפּעראַטיווע מילן פון ענגלאַנד, וואָס ס׳האָט זיי זיכער נישט געלוינט און האָבן דעריבער, ווי געשיקטע קאָמערציאַנטן, באַצייטנס געוואָלט שטערן די אַנטוויקלונג פון דער פאַראייניקונג. דעם אַרגומענט וואָס זיי האָבן באַנוצט אויף צו פאַרדעקן זייערע כוונות איז געווען אַ באַדויערלעכער. עס איז זייער נישט אָנגענעם ווען דער אולטראַ־קאָנסערוואַטאָר קומט מיט טענות וועגן מאָדערנער גערעכטיקייט — און ער האָט נאָך רעכט. די עקספּאָרט־הייזער האָבן אין דעם זין געהאַלטן וואָרט. אויפן צווייטן יאָר האָבן זיי זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו ריידן וועגן קאָלעקטיוון קויף.

# די באַוועגונג באַוועגט זיך

נאָך דער זיצונג פון צענטראַל־ראַט, איז די ביוראָ אַריין אין איר פולער פונקציע. כדי צו קענען בעסער דערפילן מיט דער אַרבעט, האָב איך געדונגען אַ גרויסע דירה, אין וועלכער עס איז געווען פלאַץ אויך פאַר אַ וווינונג פאַר מיין פאַמיליע. דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך אָפּצוגעבן פון פינף אַ זייגער אין דער פרי ביז צוועלף ביי נאַכט, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן מיט די טעכנישע אַרבעטן. כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, גלייך ביים איינאָרדענען זיך אין בוענאָס־איירעס און דעם פּרעסטיזש וואָס זי האָט געהאַט פון דעם ערשטן טאָג אָן, וועל איך דאָ ברענגען עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס קענען דינען ווי אַ מוסטער.

**
*

דער אַגריקולטור־מיניסטער וויל זיך באַקענען מיט מיר. אין דעם פּראָגראַם פון טעטיקייט וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר זיך, איז געווען דער פונקט „אַגראַר־קרעדיט". כדי זיך צו באַקענען מיטן אופן ווי צו קענען דערגרייכן גינסטיקערע באַדינגונגען, האָב איך זיך געווענדעט צום גענעראַל־דירעקטאָר פון דער מלוכה־באַנק, ה' דעלסעל. איך האָב אים דערקלערט די צילן און אויפגאַבעס פון דעם אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוויזם אין אַלגעמיין און די באַזונדערע אויפגאַבעס פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, ווי אויך די דערגרייכונגען פון די קאָאָפּעראַטיוועס אין די יידישע קאָלאָניעס. דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן אַריבער אַ שעה צייט און דעלסעל האָט מיר געבעטן, איך זאָל קומען נאָך אַ מאָל, ווען איך וועל האָבן צייט, ווייל עס אינטערעסירט אים שטאַרק זיך צו באַקענען גענויער מיט דער טעמע, איבערהויפּט מיטן פּראַקטישן קאָאָפּעראַטיוויזם.

ביי דער צווייטער אוידיענץ, וואָס האָט אויך געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, האָבן מיר געשמועסט מער קאָנקרעט. איך האָב אים דערקלערט, אַז דאָס געבן קרעדיט דירעקט דעם פּראָדוקטאָר, אָדער דורך דער פאַרמיטלונג פון די קאָאָפּעראַטיוועס איז אַ סאָציאַלע אויפגאַבע, וואָס די מלוכה־באַנק האָט צו דערפילן. די קרעדיטן וואָס דער פּראָדוקטאָר באַקומט דורך דעם סוחר, קאָסט אים טאָפּעלע פּראָצענטער. חוץ דעם, איז די באַנק באַרופן צו שטיצן די אויי־

טענטישע בירגער וואָס שאַפן די רייכטימער פון לאַנד, און נישט די יעניקע וואָס זוכן נאָר פערזענלעכע אינטערעסן. אין דעם זין דאַרפן די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס באַטראַכט ווערן ווי אַליאירטע פון דער מלוכה־באַנק.

אין אַ פרימאָרגן האָט מיר אָנגעקלונגען טעלעפאָניש אינזש׳ אהרן דאָרפמאַן, אין נאָמען פון ה׳ כאַקאַבאַ זאַסלאַווסקי, און זאָגט מיר אַז דער פּאַרוואַלטער פון דער מלוכה־באַנק וויל ריידן מיט מיר. אַריינקומענדיק אין באַנק, האָט מיר דער ה׳ דעלסעל געזאָגט, אַז ער האָט נעכטן געגעסן אָוונטברויט מיטן אַגריקולטור־מיניסטער, ד״ר פּלעיטאַס, און אַז ער וויל זיך באַקענען מיט מיר. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אָנגענעמע איבעררעשונג. ווער בין איך, וואָס דער מיניסטער זאָל האָבן אַן אינטערעס מיך צו קענען? איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אויסניצן די געלעגנהייט. דעלסעל האָט גלייך אָנגעקלונגען אין מיניסטעריום און באַשטעלט די אוידיענץ אויף 5 אַ זייגער פאַר נאַכט, דעם זעלביקן טאָג.

דעם אויפנעם ביים מיניסטער איז געווען זייער אַ פריינדלעכער. מיר האָבן גערעדט צו ערשט וועגן אַגריקולטור־ענינים. איך האָב אים אינפאָרמירט וועגן דעם פּראָגרעס וואָס די יידישע קאָלאָניעס האָבן געמאַכט. ער האָט זיך שטאַרק פּאַראינטערעסירט מיט די דעטאַלן וואָס איך האָב אים געגעבן איבער דער סיסטעם פון געמישטער ווירטשאַפט, וואָס מיר באַמיִען זיך איינצופירן; וועגן איבערלאָזן די ערשטע זעקלעך ווייץ און ליאָן פאַר ברויט אויפן גאַנצן יאָר, ווי אויך אויף זריעה; וואָס מיר האָבן דערגרייכט אויפן געביט פון פרייער קאָאָפּעראַציע, אונטערשטרייכנדיק, אַז מיר זענען געווען די ערשטע דאָ אין לאַנד איינצופירן דעם פאַרקויף פון אונדזערע פּראָדוקטן אויפן קאָלעקטיוון יסוד. דער מיניסטער האָט זיך אינטערעסירט מיטן פאַרקויף „אַ פּיכאַר פּרעסיאָ״,* וואָס איז געווען אונדזער דערפינדונג אין די סאַמע ערשטע יאָרן פון פּאַנדאָ קאָמונאַל, אויך וועגן דעם ווי אַזוי מיר זענען געקומען צו פאָדערן און באַקומען ביי די עקספּאָרט־הייזער די דאָזיקע סיסטעם פון פאַרקויף, וואָס אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ נצחון, און אויך די שוואַכע זייטן, וואָס די דאָזיקע פאָרעם פון טראַנזאַקציעס האָט, ווי די צייט האָט עס נאָך דעם באַוויזן.

ווען איך האָב זיך אויפגעהייבן אַוועקצוגיין, זאָגנדיק אַז איך האָב שוין צוגענומען פיל צייט, בעת צענדליקער מענטשן וואַרטן אין קאָרידאָר, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וויל וויסן מיט וואָס קען דער אַגריקולטור־מיניסטער מיטהעלפן די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס. איך האָב אים אָנגעוויזן:

1) די רעגירונג זאָל פאַרקויפן נאַפט דירעקט די קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס

---

* פרייזן צום באַשטימען.




אַ טור פון די פאַרוואַלטערס אין די קאָלאָניעס

איז אין הסכם מיט די העכסטע קאָאָפּעראַטיוויסטישע שטרעבונגען: פון פּראָ־דוקטאָר צום קאָנסומענט, און היות די רעגירונג איז די פּראָדוצירערין פון נאַפט, איז לאָגיש אַז זי זאָל געבן פּרעפערענץ די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס, ד״ה — דירעקט דעם פּראָדוצירער און קאָנסומענט;

2) אין דער שטרעבונג פון די קאָאָפּעראַטיוועס אויסצומיידן די פאַר־מיטלערס און קענען אָנבאָטן זייער פּראָדוקט דירעקט אין אויסלאַנד, איז נייטיק מען זאָל פאַרדינגען אַ טייל פון די רעגירונג־שפּייכלערס ביי די פּאָרטן צו די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס;

3) מיטן צוועק צו פאַרביליקערן דעם פּרייז פון דער פּראָדוקציע, ווי עס איז אָנגעוויזן אין פּונקט 2, איז נייטיק צו בויען אַ נעץ פון עלעוואַטאָרן, סיי ביי די פּאָרטן און נאָך דעם ביי די אייזנבאַן־סטאַנציעס;

4) כדי צו פאַרבעסערן און ראַציאָנאַליזירן די אַגריקולטור און דאָס פיצוכט, איז אומבאַדינגט נייטיק צו באַזאָרגן דעם קאָלאָניסט מיט אַ ביליקן און צוגענגלעכן קרעדיט פון דער מלוכה־באַנק;

5) כדי זיך צו באַפרייען פון די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרמיטלערס איז געוווּנטשן אַז אַרגענטינע זאָל האָבן אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן האַנדל־פלאָט;

6) צופאַרזיכערן זיך מיט אַן אייגענעם פאַרברויך־מאַרק איז נייטיק און פּאַטריאָטיש צו עפענען ברייט די טויערן פון לאַנד פאַר אַ גרויסער אי־מיגראַציע.

דער מיניסטער האָט מיר געבעטן, איך זאָל די אויבן ציטירטע פּונקטן אים צושטעלן שריפטלעך. איך האָב דערפילט זיין פאַרלאַנג. בשעתו איז פון דעם גאָר נישט געוואָרן. די רעוואָלוציע פון 1930; אַ ריי עקאָנאָמישע פאַק־טאָרן; דער קריזיס פון 1930 ביז 1937, — האָט נישט דערלאָזט דורכצופירן די דאָזיקע איניציאַטיוועס. די צייט האָט באַרעכטיקט אונדזערע פּראָיעקטן און אַ גרויסער טייל פון זיי זענען שוין דורכגעפירט געוואָרן.

מיט צופרידנקייט קען איך פאַרצייכענען, אַז פון אָנהייב אָן האָב איך נושא חן געווען סיי אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן און אין אַגריקולטור־מיניסטעריום. מען האָט זיך גערעכנט מיט מיין מיינונג.

אַ באַזוך ביים מיניסטער און פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אין מאָנאַט נאָוועמבער 1928 איז געקומען אין אונדזער ביוראָ ה׳ פּיאַטשענסאַ, פּרעזי־דענט פון דער „אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע״, און האָט מיר דערקלערט, אַז לויט זייערע רעגלאַמענטן קענען זיי אויפנעמען נאָר יחידים ווי מיטגלי־דער, אָבער נישט קיין קערפּערשאַפטן; דאָך איז ער מסכים מיט אונדזער שטאַנדפּונקט, אַז עס זענען פאַראַן אַלגעמיינע פּראָבלעמען וואָס מיר קענען באַטראַכטן צוזאַמען און אַרבעטן פאַרן פּראָגרעס פון דער אַגריקולטור. פּיאַ־

טשענסאָ האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט בדעה צו באַזוכן אונדזערע קאָלאָניעס, כדי צו באַקענען זיך מיט די ייִדישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן און מיט די פאַקטאָרן וואָס ווירקן פאַר זייער גוטער אָרגאַניזאַציע און פרייער אַנט־וויקלונג, אַ זאַך וואָס איז שווער צו דערגרייכן אין אַנדערע קאָלאָניעס.

איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז אויסער דעם וואָס אין אונדזערע קאָלאָניעס איז דער עלעמענט אַ האָמאָגענישער, איז פאַראַן אַ הויפּטפאַקטאָר; ביי אונדז אָנערקענט מען נישט און מען טאָלערירט נישט קיין „קאַודיזשאָס";* ביי אונדז זענען פאַראַן וועגווייזערס, לערערס וואָס פירן די מאַסן, אָבער וואָס שטויסן נישט די מאַסן. סאַכאַראָוו לערנט, דערציט און גרייט צו אידעען־חברים און באַנוצט נישט דערצו קיין אַגיטאַטאָרישע מיטלען; ער ווייסט אויך ווען זיך צוריקציִען און איבערלאָזן די פירערשאַפט פאַר אַנדערע, שטעלנדיק זיך אַליין דערביי אין די רייען פון דער אַקטיווער מיטגלידערשאַפט. פּיאַטשענסאָ האָט מיר געזאָגט, אַז מיט זיין קאָלאָניסטישן עלעמענט קען מען אין אַזאַ פאָרעם נישט אַרבעטן, מען מוז זיי באַפעלן, כדי זיי זאָלן גלויבן. מיר האָבן זיך איינפאַרשטאַנען, אַז ער מיט זיין דערפאַרנקייט אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט און מיר מיט אונדזער פּראַקטיק און קאָאָפּעראַטיוויזם, וועלן מיטן גוטן ווילן קענען ביי אַלגעמיינע פּראָגעס זיך דינען קעגנזייטיק, אָדער גיין צוזאַמען, און טאַקע גלייך אָנגעוואָרפן אַ פּראָגראַם פאַר באַלדיקע שריט, וואָס מיר דאַרפן מאַכן צוזאַמען אין די אָפיציעלע קרייזן.

**
*

ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט פון די צייטונגען, אַז דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק האָט איינגעלאַדן צו אַ באַראַטונג די פאָרשטייערס פון די עקספּאָרט־הייזער פון תבואה, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז עס איז אונדזער חוב אויפצוקלערן דעם פּרעזידענט, אַז ביי אַזעלכע פּראָגעס דאַרף אויסגעהערט ווערן אויך די מיינונג פון די פּראָדוקטאָרן, ווייל דער פּראָגרעס פון לאַנד איז אָפּהענגיק פון זיי און נישט פון די ערשטע. מיר האָבן מיטגעטיילט אונדזער קריטעריע דעם ה׳ פּיאַטשענסאָ און אים איינגעלאַדן צו נעמען אַ געמיינזאַמע שטעלונג. פּיאַטשענסאָ איז געקומען קיין בוענאָס־איירעס און דעם 21סטן נאָ־וועמבער האָבן מיר — סאַכאַראָוו, פּיאַטשענסאָ און איך — געהאַט אַן אוי־דיענץ ביים פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און אים איבערגעגעבן די ווייַ־טערדיקע פאָדערונגען:

---

* אַ תקיף.

עלעוואַטאָרן. ס׳איז אומבאַדינגט נייטיק, אַז די רעגירונג זאָל בויען עלע־וואַטאָרן ביי די פּאָרטן, כדי די קאָאָפּעראַטיוועס זאָלן קענען קאָנצענטרירן דעם פּראָדוקט ביים פּאָרט, און אַזוי אַרום וועלן זיי קענען מאַכן טראַנזאַק־ציעס דירעקט מיט די אינדוסטריעלער מעבר־לים. נאָך דעם וועט מען דאַרפן בויען עלעוואַטאָרן ביי די באַן־סטאַנציעס, וואָס וועט איינשפּאָרן מיליאָנען פּעזעס יערלעך, וואָס מיר גיבן אַוועק פאַר זעק. יעדער זאַק האָט געקאָסט 58 סענט און מען פאַרקויפט אים צוזאַמען; אַ זאַק וועגט 400 גראַם, איז אויב מען צאָלט אונדז פאַרן ווייץ 10 פּעזעס, באַקומט דער קאָלאָניסט פאַר יעדן זאַק 4 סענט, נאָך דעם פאַרקויפט מען אונדז דעם זעלביקן געניצטן זאַק פאַר עטלעכע און צוואַנציק סענט.

קרעדיט. מיר האָבן אויך באַוויזן דעם פּרעזידענט ד״ר איריגאָזשען די נויטווענדיקייט פאַרויסצוזען פאַר קאָלאָניסטן אַ פּאַסיקן און ביליקן צייט־קרעדיט, כדי ער זאָל נישט זיין געצוווּנגען צו פאַרקויפן זיין פּראָדוקט פאַר דער צייט אויף נישט־לוינעוודיקע קאָנדיציעס.

רעגלאַמענט. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, וואָס די רעג־לאַמענטן פון צונעמען און איבערגעבן די תבואה גרייטן צו אַלע יאָר די עקס־פּאָרט־הייזער לויט זייער אייגענער קריטעריע, נישט נעמענדיק אין אַכט די אינטערעסן פון די פּראָדוצירער. מיר האָבן דעריבער פאָרגעלייגט, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ געמישטע קאָמיסיע פון קאָלאָניסטן און תבואה־אָפּנעמער, אונטערן פאָרזיץ פון אַ פּערזאָן וואָס די רעגירונג וועט באַשטימען.

קאָלאָניזאַציע אין טשאַקאָ. מיר האָבן אויך געראָפן די אויפמערקזאַמקייט פון ד״ר איריגאָזשען וועגן דער באַשטימונג פון פּרייזן אויף די רעגירונג־לענדערייען אין טשאַקאָ. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּראָפּאַגאַנדע, אַז דער פּרייז פון באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע וועט זיין צען פּעזעס אַ העקטאַר, און איצט וויל מען רעכענען די קאָלאָניסטן פון 60 ביז 150 פּעזעס פאַר יעדן העקטאַר, וואָס שטימט נישט אין קיין פאַל מיט דעם ריכטיקן ווערט פון ערד אין דער דערמאָנטער געגנט.

דער פּרעזידענט האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַטראַכטן די אַלע ענינים מיטן בעסטן ווילן צו געבן זיי אַ פּראַקטישע און שנעלע לייזונג. אָבער, ווי באַוווּסט, איז אין אַ קורצער צייט אַרום אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, און פון דעם צוזאָג איז גאָר נישט געוואָרן.

**
*

דערביי וויל איך דערציילן אַן עפּיזאָד:

די אוידיענץ ביים פּרעזידענט פון דער רעפּובליק איז געווען באַשטימט

אויף אַ טאָג פריִער. באַגלייט האָט אונדז דער אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייך, ד״ר אַלוואַרעס טאָלעדאָ. ווען מיר זענען געקומען אין רעגירונג־הויז, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ זאַל, ווו עס זענען געזעסן אייניקע הייכע מיליטערלייט. אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַריין דער פּריוואַט־סעקרע־טאַר און אַ זאָג געטאָן, אַז דער פּרעזידענט וועט היינט נישט אויפנעמען, ווייל מען האָט אים געמאָלדן נאָר־וואָס טעלעפאָניש, אַז זיין שוועסטער איז געפער־לעך קראַנק און ער מוז גלייך פאָרן איר זען. אַלע וואָס זענען געזעסן אין זאַל האָבן זיך אויפגעהויבן און זענען אַוועק, און מיר — מיט זיי. ווען מיר האָבן נאָר באַוויזן צו מאַכן עטלעכע טריט, האָבן מיר דערהערט ווי מען רופט: „לאַ דעלעגאַסיאָן אַגריקאָלאַ!״.* מיר האָבן זיך אויסגעדרייט צו זען ווער עס רופט אונדז. ס׳האָט זיך צו אונדז דערנענטערט דער פּרעזידענט ד״ר איריגאָזשען, מיטן שטעקן אין האַנט און געבעטן, מיר זאָלן אים אַנטשולדיקן, ער מוז אַוועק־גיין צוליב דער אויבן־אַנגעוויזענער סיבה. אָבער, אויב מיר זענען אייליק, וועט ער אונדז אויפנעמען תיכף. סאַכאַראָװ האָט אים געדאַנקט פאַר דעם זשעסט און געוווּנטשן אַ גיכע רפואה דער קראַנקער, דערביי האָט ער צוגע־געבן, אַז די דעלעגאַציע וועט קומען ווען ער, דער פּרעזידענט, וועט אונדז אָנווייזן. אָבער פּיאַטשענסאַ האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין צייט, ער מוז נאָך דעם זעלביקן טאָג זיין אין ראָזאַריאָ, ווו עס וואַרטן אויף אים דרינ־גנדיקע ענינים. ד״ר איריגאָזשען האָט אונדז איינגעלאַדן, מיר זאָלן אַריינגיין אין זיין קאַבינעט. אָבער סאַכאַראָװ און איך האָבן אים נאָך אַ מאָל אויסגע־דריקט אונדזער אָנערקענונג פאַר דער ספּעציעלער העפלעכקייט צו די אַג־ראַריער און מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן. פּיאַטשענסאַ האָט געזאָגט אַז ער וועט אַוועקפאָרן, אָבער איז געבליבן מיט דער דעלעגאַציע ביז צום צווייטן טאָג.

**
*

מיר האָבן צוזאַמען מיט די פאָרשטייערס פון דער „פעדעראַסיאָן אַג־ראַריאַ אַרגענטינאַ״ באַזוכט דעם אַגריקולטור־מיניסטער, וועגן דעם ווייץ „סאַן־מאַרטין״, וועלכן די אייראָפּעיִשע תבואה־סוחרים האָבן געוואָלט דער־קלערן פאַר אַ געמיינערן מין ווייץ. אָבער לויט דעם רעזולטאַט פון דעם אַנאַ־ליז וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין די לאַבאָראַטאָריעס פון מיניסטעריום, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גראָד דאָס ברויט פון דעם טיפּ ווייץ איז ווייסער און וואַקסט ביים באַקן בעסער ווי דאָס ווייץ „38״.

---

* די אַגראַר־דעלעגאַציע.

צוזאַמען מיטן פאַרוואַלטער פון דער „אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע" ה׳ טאראנא, האָבן מיר באַזוכט די נאַפט־דירעקציע פון דער רעגירונג, וועגן געבן פרעפערענץ די קאָאָפעראַטיוון, ביים אָנפאַרטרויען זייערע אַגענטורן. דאָס וועט קענען באַטראַכט ווערן ווי אַ נאַציאָנאַלער ענין, מחמת מיט דעם וועט מען באַגינציקן די פּראָדוצירער. ה׳ טאַראַנאַ האָט מיר געזאָגט, אַז ער באַ־גלייט מיר, ווייל ער פּאָלגט אויס די אינסטרוקציעס פון פיאַטשענסאַן, אָבער ער פערזענלעך איז קעגן דעם, ווייל ער פאַרשטייט, אַז אַלע בירגער זענען גלייך און די קאָאָפעראַטיוויסטן האָבן נישט קיין רעכט צו פאַרלאַנגען פּרי־ווילעגיעס. טאַראַנאַ איז נישט געווען שולדיק אין זיין טעותדיקן געדאַנק, — ער איז דערצויגן געוואָרן אויף פּראָפעסיאָנאַליזם אין פיאַטשענסאַס שולע און האָט נישט געהאַט קיין באַגריף פון פרייער קאָאָפעראַציע. ווי באַוווסט, איז די „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ" געווען געצוווּנגען זיך אויפצולייזן.

# אַ ווענדונג צו די יידישע אַדוואָקאַטן

נעמענדיק אין אַכט אַז אַ סך קאָלאָניסטן־אייגנטימער האָבן זייערע טשאַקרעס היפּאָטעקירט ביי ייִדן, און נישט קענענדיק נאָכקומען מיט די צאָ־לונגען, האָבן די קרעדיטאָרן געסטראַשעט מיט עקזעקוטירן די היפּאָטעקעס, איז צווישן אַנדערע מיטלען, כדי אויסצומיידן די עקזעקוציע, האָבן מיר זיך אויך געווענדט צו אַלע ייִדישע אַדוואָקאַטן, דורך דער פאַרמיטלונג פון ד״ר י. ניסענזאָן, מיט אַ בריוו. דאָס איז געווען אָנהייב 1930:

„מיר דערלויבן זיך צו ווענדן צו אייך, ווי דער וועטעראַן פון די ייִדישע געלערנטע דאָ אין לאַנד, וועגן אָט־וואָס:

עס איז אייך געוויס נישט פרעמד די געדריקטע לאַגע וואָס עס לעבן איצט דורך די אַגריקולטאָרן פון לאַנד צוליב געוויסע באַקאַנטע אורזאַכן. צווישן די פאַרשיידענע צרות איז פאַראַן איינע, וואָס דער־דריקט אין גאַנצן אַ געוויסע צאָל קאָלאָניסטן. דאָס זענען די יעניקע, וואָס האָבן פאַרמשכונט זייערע פעלדער ביי פּריוואַטע פּערזאָנען, וועל־כע סטראַשען צו פאַרקויפן די דערמאָנטע פעלדער דורכן געריכט (לי־ציטאַציע).

עס האַנדלט זיך וועגן קאָלאָניסטן־ייִדן, וואָס באַאַרבעטן אַליין זייערע פעלדער שוין אַ צייט פון 30־40 יאָר, און פון דעם בעסטן עלע־מענט וואָס מיר פאַרמאָגן.

אַ כך פון זיי האָבן היפּאָטעקירט זייער אייגנטום מיט דעם גע־זוגטן צוועק צו קויפן נאָך אַ שטיקל ערד פאַר די עלטערע קינדער. און איצט האַלט דערביי, זיי זאָלן פאַרלירןביידע טשאַקרעס.

מיר רעכענען פאַר איבעריק דאָס געבן אייך צו דערקלערן, וואָס עס באַדייט די ייִדישע קאָלאָניזאַציע פאַר אונדזער קאָלעקטיוויטעט, איר ווייסט דאָס אויסגעצייכנט גוט. מיר ווילן נאָר אונטערשטרייכן, אַז דאָס אַוועקגיין פון איינעם פון אונדזערע קאָלאָניסטן באַרירט נישט בלויז די פאַמיליע, נאָר אַ גאַנצע גרופּע, ווייל מען ווייסט נישט צי זיי וועלן קענען האַרמאָנירן מיט דעם נייעם ערדקויפער. אונדזער קאָלאָ־ניזאַציע האָט אַן ענגן שייכות מיט דער ייִדישער שול, מיט דער ביב־ליאָטעק אד״גל. דעריבער נעמען מיר זיך די פרייהייט צו בעטן ביי אייך און דורך אייער פאַרמיטלונג צו אַלע ייִדישע אַדוואָקאַטן, אַז יע־

דעס מאָל ווען מען וועט זיך ווענדן צו זיי מיט אַן ענין אָנצוקלאָגן אַ קאָלאָניסט פאַר היפּאָטעק־חובות, זאָלן זיי זוי ווייט מעגלעך ראַטן די קרעדיטאָרן, אַז פון מענטשלעכן און פּאַטריאָטישן שטאַנדפּונקט לוינט נישט ביים איצטיקן מאָמענט אָנצווענדן עקסטרעמע מיטלען. צו דער זעלביקער צייט זאָלן די אַדוואָקאַטן דינען ווי ראַטגעבערס פאַר די קאָלאָניסטן אין דער דאָזיקער קריטישער צייט; אָנווייזן זיי ווי זיך נוהג צו זיין, כדי זיי זאָלן זיך נישט פאַרפלאָנטערן מער צוליבן נישט וויסן אָדער צוליבן איבערגעטריבענעם גוטן ווילן.

דערוואַרטנדיק אַז דער בריוו וועט ווערט זיין אייער אויפמערק־זאַמקייט, דריקן מיר אייך אויס אונדזער אויפריכטיקע אָנערקענונג און מיר גריסן אייך מיט דרך־ארץ.

פראָטערנידאַד אַגראַריאַ״.

אָט איז דער ענטפער וואָס מיר האָבן באַקומען פון ד״ר ניסענזאָן:

„...איך אָנערקען אַז איר ווערט געפירט פון הומאַניטאַרן ווי פון פּראַקטישן גייסט צוזאַמען. אין די געגנטן וווּ עס זענען פאַראַן קאָלאָ־ניסטן־אייגנטימער, איז די געפערלעכסטע פּראָבלעם דורכצופירן דאָס איינמאָנען פון די היפּאָטעקן ביי דער איצטיקער צייט פון אומגעהויער־ערער אַנטווערטונג.

פון מיין זייט וועל איך טאָן אַלץ מעגלעכס דורכצופירן אייערע אָנדייטונגען, אָבער איך באַטראַכט אַז דאָס איז נישט גענוג אויב עס וועט נישט געשאַפן ווערן אַן אַלגעמיינע שטימונג אין דער דאָזיקער אָנגעלעגנהייט, ווי עס פּאַסירט אין נאָרד־אַמעריקע.

די קרעדיטאָרן וועלן זוכן אַלע מיטלען און זיי וועלן עקזעקוטירן אַלצאיינס, ווייל די פּראָצעדור פון דער עקזעקוציע פון די היפּאָטעקן זענען זייער איינפאַכע, און אַ סך פּראָפעסיאָנאַלן וואָס זענען נישט קיין אַדוואָקאַטן קענען דאָס אויך מאַכן.

די עפנטלעכע מיינונג דאַרף צוגעגרייט ווערן אין דעם זין, אַז פאַר דעם קרעדיטאָר גופא לוינט עס נישט, ווייל ביז איצט האָט ער, אַ חוץ די גאַראַנטיע פון דער טשאַקרע, אויך דעם ווילן פון קאָלאָ־ניסט צו קענען בלייבן מיט דער ערד, מיט זיין אַרבעט און עקאָנאָמיע קען ער אָפּצאָלן די היפּאָטעקע; דאָס צונעמען די פעלדער ביליק, וועל־כע ווערן נאָך דעם שלעכט פאַרדונגען, איז אַ שלעכט געשעפט פאַר אַלעמען.

מיט העפלעכע גרוסן,

י. ניסענזאָן.״

דערקלערונג: ווי עס פּאַסירט אָפט מאָל, לעבט דורך די אַגריקולטור זיגזאַגישע עקאָנאָמישע סיטואַציעס. אין די יאָרן 28־1929 האָבן זיך באַוויזן צופרידנשטעלנדיקע פּערספּעקטיוון, דאָס האָט אַרויסגערופן ענטוזיאַזם ביי די פעסטערע קאָלאָניסטן און זיי האָבן זיך געכאַפּט קויפן טשאַקרעס אויסער דער קאָלאָניע און געצאָלט הויכע פּרייזן. זיי האָבן היפּאָטעקירט זייערע פעלדער כדי צו קענען דעקן די הוצאות וואָס ס׳האָט געפאָדערט דאָס איינאָרדענען אַ טשאַקרע: דראָט־צוימען, ברונעם, ווינטמיל, רעמאַנענט, ווי אויך דעם טייל וואָס זיי האָבן געדאַרפט איינצאָלן תיכף אין מזומן. נאָך דעם זענען אונטער־געקומען שלעכטע יאָרן, סיי אין הוצאות ווי אין די פּרייזן, וואָס האָט גע־שטעלט אין געפאַר צו פאַרלירן ביידע טשאַקרעס. איניקע האָבן טאַקע פאַר־לוירן.

מיר האָבן זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן, געטאָן דאָס מעגלעכסטע און אַ מאָל כמעט דאָס אוממעגלעכסטע אויף צו ראַטעווען דאָס וואָס עס לאָזט זיך ראַטעווען.

אין אַלע דיסקוסיעס, קאָנפליקטן, קריטיק וואָס מיר האָבן געהאַט מיט דער יִיקאַ אין פאַרלויף פון אַלע יאָרן, פלעגן מיר כסדר אונטערשטרייכן, אַז די יִיקאַ, ווי אַ אינסטיטוציע, פאַרדינט ביי אונדז דעם גרעסטן רעספּעקט און אַכטונג; אַז מיר שאַצן אָפּ מיטן גרעסטן כבוד דעם גרינדער פון דער יִיקאַ, דעם אומפאַרגעסלעכן באַראָן הירש. וואָס מיר באַקעמפן — איז די ביוראָ־קראַטישע פירונג פון די פונקציאָנאַרן און זייערע נישט־ריכטיקע אַמביציעזע אינטערפּרעטאַציעס פון פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע די עצם עקסיסטענץ פון דער יִדישער קאָלאָניזאַציע. אין הסכם מיט דער דאָזיקער אויפפאַסונג האָבן מיר געזוכט, ווי ווייט מעגלעך, אַז די סכסוכים צווישן קאָ־לאָניסטן מיט דער יִיקאַ זאָלן דערליידיקט ווערן אויף אַ פרידלעכן אופן. מיר האָבן שטענדיק פאַרגעלייגט אונדזער פאַרמיטלונג, כדי אויסצומיידן עפנט־לעכע משפּטים אין געריכט, אין דער זיכערקייט, אַז דורך דעם וועט מען נישט בלויז איינשפּאָרן געלט און בייז בלוט ביידע צדדים, נאָר עס וועט אויך אויפ־געהיט ווערן דער יִדישער כבוד.

איך וויל ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט פאַרצייכענען, אַז מיר זענען קיין מאָל נישט מסכים געווען מיט דער האַנדלונג פון די קאָלאָניסטן פון קאָ־לאָניע „מאַוריסיאַ״, וואָס האָבן זיך געלאָדן מיט דער יִיקאַ און געפאָדערט עס זאָלן זיי געגעבן ווערן טיטולן (קויפשיינען) אויף אַלע זייערע נחלות. מעגלעך, אַז זיי זענען טיילווייז געטריבן געוואָרן צו דעם צוליב דער נישט־טאַקטישער אָדער נישט־קאָרעקטער האַנדלונג מצד די יִיקאַ־אַדמיניסטראַטאָרן. אָבער למען האמת מוז געזאָגט ווערן, אַז דעם גרעסטן טייל שולד האָבן געהאַט אין

דעם די אָנפירערס, די קאָלאָניסטישע טאָן־געבערס, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען אָדער האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז די קאָלאָניסטן זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן און פאַרטיידיקן זייערע פּראָפּעסיאָנעלע, ווי עקאָנאָמישע אינטערעסן לטובת דער אַלגעמיינער יידישער קאָלאָניזאַציע און לטובת יעדן יחיד, ווי עס איז געמאַכט געוואָרן אין אַלע אַנדערע ייקאַ־קאָלאָניעס. ביידע צדדים האָבן געזינדיקט און געטריבן צו דער גיכער ליקווידאַציע פון קאָלאָניע „מאַוריסיאָ".

כדי צו באַווייזן ווי ווייט אויפריכטיק מיר זענען געווען אין אונדזער אַרט דענקען און מעשים, ברענג איך דעם וויכטיקן פאַקט:

דערוויסנדיק זיך אַז דער אַדוואָקאַט, ד"ר יצחק ניסענזאָן, פירט אָן די פאַרטיידיקונג פון אַריבער פופציק קאָלאָניסטן, וואָס משפטן זיך מיט דער ייקאַ — אַ טייל פון קאָלאָניע „מאַוריסיאָ" און אַ טייל פון קאָלאָניע „באַראָן הירש" (ריווערא) — האָב איך און סאַכאַראָוו אים באַזוכט אין זיין ביוראָ און אים געבעטן, ער זאָל אָפּשטעלן אַלע לאַדענישן און אָנקלאַגעס בדיני המדינה און איבערלאָזן די ענינים זאָלן דערליידיקט ווערן פון די קאָאָפּעראַטיוועס אָדער אויף אַן אַנדער פרידלעכן אופן, כדי אויסצומיידן דעם חילול פון יידישן נאָמען. צום שבח פון ד"ר ניסענזאָן פאַרצייכן איך, אַז ער האָט אָן שום טענות תיכף געענטפערט, אַז פאַר אַלעמען איז ער אַ ייד און נעמט אָן אונדזער פאַרלאַנג אָן אָנצופרעגן אַפילו די פאַראינטערעסירטע, הגם צווישן זיי איז פאַראַן אַ היפשער טייל וואָס איז אים שולדיק געלט פאַר הוצאות פון געריכט, וואָס ער האָט געצאָלט פון זיין קעשענע, און זיכער אַז די האָנאָראַרן פאַר זיין ביזאיצטיקער אַרבעט וועט ער שוין נישט באַקומען.

עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט מסכים געווען מיט אונדזער האַנדלונג, ווייל די ייקאַ האָט זיך קיין מאָל נישט גערעכנט מיט די העכערע אינטערעסן פון יידישן כבוד און האָט איבערגעגעבן גערעכטע, צי נישט־גערעכטע ענינים צו די לאַנד־געריכטן, פאָליציי און אַדוואָקאַטן. מיר האָבן שטענדיק געהאַלטן, אַז צאָלן מיט עוולות פאַר עוולות איז נישט קיין מיטל צו דערציִען די מאַסן. דער „אם רעב שונאיך, האכילהו לחם" איז די בעסטע שטראָף און צו דער זעלביקער צייט אַ גייסטיקע באַפרידיקונג פאַרן גערעכטן צד. די ייקאַ־דירעקטאָרן האָבן געוווּסט פון דעם וואָס מיר האָבן געטאָן, מיר האָבן זיי דאָס פערזענלעך דערציילט. זיי האָבן אַפילו נישט געפונען פאַר נייטיק צוצושיקן אונדז אַ דאַנק־אויסדרוק.

# קרעדיט פאַר קאָלאָניסטן פון פּראָווינץ ענטרע־ריאָס

אין יאָר 1935/36 האָבן זיך די קאָלאָניסטן פון ענטרע־ריאָס געניייטיקט אין קרעדיט אויף צו קויפן זריעה, ווייל די קאָסטשע איז פאַרלוירן געגאַנגען. אָן צייט־פאַרלוסט האָב איך גענומען מאַכן די נייטיקע שתדלנותן אין אגריקולטור־מיניסטעריום און אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן אויף צו באַקומען דעם געהעריקן קרעדיט אין צייט, כדי צו קענען באַקומען אַ גוטן סאָרט זריעה, מען זאָל קענען פאַרזייען די פעלדער אין דער פּאַסיקער צייט. קענענדיק די ביוראָקראַטישע פּראָצעדור, האָב איך געוווּסט, אַז מען טאָר נישט פאַרלאָזן זיך אויפן לעצטן מאָמענט.

איך וויל דאָ באַטאָנען, אַז אויך אין דעם דאָזיקן פאַל, ווי אין אַלע אַנדערע, איז מיין שתדלנות נישט געווען באַגרענעצט בלויז פאַר אונדזערע קאָלאָניעס, נאָר פאַר אַלע קאָלאָניסטן פון ענטרע־ריאָס. אין מיינע שמועסן מיט די העכערע פונקציאָנאַרן פון מיניסטעריום האָב איך געפילט, אַז זיי באַציִען זיך קאַלט צום ענין. מען האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז דאָס מאָל צווייפלען זיי צי איך וועל קענען עפּעס פּועלן. געדעכנט האָב איך, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס עס האַנדלט זיך בלויז פון איין פּראָווינץ, איז דאָס פּראָבלעם נישט אַזוי האַרב און אויך דערפאַר, ווייל דאָס לאַנד איז נישט געווען פאַראינטערעסירט אין דער ווייץ־פּראָדוקציע.

אין אַ פרימאָרגן, לייענענדיק אין צייטונג אַ נאָטיץ, אַז דער גובערנאַטאָר פון ענטרע־ריאָס, ד״ר טיבעלעטע, איז געקומען קיין בוענאָס־איירעס, האָב איך מיר גלייך קאָמוניקירט מיט אים טעלעפאָניש און אים געפרעגט, צי ער וויל מיר באַגלייטן צום אַגריקולטור־מיניסטער, וועלכער האָט מיר באַשטימט אַן אוידיענץ אויפן זעלביקן טאָג, פאַרנאַכט.

ד״ר טיבעלעטע האָט גערן אָנגענומען מיין פאַרלאַנג און צו דער באַשטימטער שעה זענען מיר געווען אין מיניסטעריום, אָבער מיר זענען נישט אויפגענומען געוואָרן, דערפאַר וואָס דער מיניסטער האָט געדאַרפט זיין ביים פּאָרט זיך צו געזעגענען מיט זיין פאָטער, וועלכער איז געפאָרן קיין בראַזיל ווי אַן אַמבאַסאַדאָר. דער סעקרעטאַר האָט געבעטן אַנטשולדיקונג ביים גובערנאַטאָר און אונדז געהייסן קומען מאָרגן, שבת אין דער פרי, 11 אַ זייגער. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָס מאָל זענען מיר געווען פּינקטלעך. נאָך אַ היפשער

ווײַלע וואַרטן האָט אונדז דער מיניסטער אַרײַנגערופֿן און זיך אַנטשולדיקט וואָס ער קען אונדז נישט אויפֿנעמען, מען האָט אים אַרויסגערופֿן דרינגלעך אין דער פּרעזידענץ, און געבעטן מיר זאָלן קומען מאָנטיק 6 אַ זייגער פֿאַר־נאַכט. מאָנטיק, נאָך אַ לאַנגע שעה וואַרטן, האָט מען אונדז אַרײַנגערופֿן אין קאַבינעט פֿון מיניסטער. נאָך די זייער העפֿלעכע באַגריסונגען צווישן די צוויי הויכע פֿונקציאָנאַרן, האָט דער מיניסטער פֿאַרטשעפּעט אַן ענין, וואָס האָט גאָר נישט געהאַט קיין שייכות מיט אונדזער באַזוך. צוהערנדיק די דיסקו־סיעס צווישן ביידן, האָב איך זיך געגעבן רעכענונג, פֿאַר וואָס מען האָט אַזוי קאַלט אויפֿגענומען אין מיניסטעריום מיין ביטע וועגן אַ קרעדיט פֿאַר זריעה. די פּראָווינציעלע רעגירונג פֿון ענטרע־ריאָס האָט נישט געהערט צום פּאָלי־טישן בלאָק פֿון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

אויסנוצנדיק אַ פּאַסיקן מאָמענט, האָב איך זיך געווענדט צום מיניסטער און אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם צוועק פֿון אונדזער באַזוך, וואָס איז שיין צום דריטן מאָל אַז איך בין אים מטריח מיט דעם זעלביקן ענין. וואָס אַ טאָג ווייטער, ווערט דאָס פּראָבלעם דרינגלעכער; קאָלאָניסטן גרייטן צו די ערד און מען מוז זיי געבן די מיטלען אויף צו באַקומען זריעה. נאָך אַ קורצן שמועס, ביים געזעגענען זיך, האָט דער מיניסטער געזאָגט, אַז ער וועט ריידן וועגן דעם מיטן גענעראַל כוסטאַ, פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק, צוגעבנדיק דער־ביי, אַז ער צווייפֿלט אין דעם דערפֿאָלג. ער האָט אונדז געראָטן זיך נישט צו פֿאַרלאָזן אויף דעם געבעטענעם קרעדיט.

איך געפֿין פֿאַר מיין פֿליכט דאָ צו פֿאַרצייכענען דעם הויכן גראַד דעמאָקראַטישקייט און פֿאָלקסטימלעכקייט פֿון ד״ר טיבעלעטע. אויסער דעם אופֿן פֿון דער דיסקוסיע מיטן מיניסטער, ווען מיר זענען אַרויס אין גאַס, האָט ער פֿאַר קיין פֿאַל מיר נישט געלאָזט גיין זוכן אַ טאַקסי, ער האָט זיך דער ערשטער אַרויפֿגעכאַפּט אויפֿן טראַמווײַ. זיין באַציִונג און אופֿן פֿון באַטראַכטן די זאַכן איז געווען העכסט פֿריינדלעך און מעשה קאַוואַליר.

נאָך דער דאָזיקער אוידיענץ האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז מען מוז אָנ־ווענדן אַן אַנדער טאַקטיק; מען מוז אָנהייבן נאָך אַ מאָל פֿון אָנהייב. ווי שטענדיק אין אַזעלכע פֿאַלן, האָב איך זיך געווענדט צו מיין בעסטן בעל־יועץ, דאָן מאַנועל גאָמעז. ער האָט מיר באַגלייט צום אַגריקולטור־מיניסטער. נאָך אַ סך שתדלנות האָט די רעגירונג באַשטימט אַ קרעדיט פֿון אַ מיליאָן פּעזאָס.

די דאָזיקע סומע איז אָבער נישט געווען גענוג. עס האָט זיך געפּאָדערט צום ווינציקסטנס נאָך אַ האַלבער מיליאָן פּעזאָס. יעדן טאָג פֿלעג איך גיין אין מיניסטעריום און אין באַנק און פֿאָדערן אַ העכערונג פֿון קרעדיט, ווען

נישט — וועלן באמת בלייבן פיל אויפגעאַקערטע פעלדער נישט פאַרזייט. דאָס מאָל האָבן מיר די העכערע פונקציאָנאַרן געזאָגט, אַז לויט זייער מיינונג איז אומזיסט מיין טרחה. איטלעך מאָל וואָס איך פלעג קומען אין דער יי־קאַ־דירעקציע, פלעגן זיי מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן מיר פרעגן: „נו, האָסט שוין געבראַכט דעם האַלבן מיליאָן פעזעס?". אָבער ווייסנדיק אַז איך פאַרטיידיק אַ געגרעכטע זאַך, בין איך נישט אַנטמוטיקט געוואָרן. נאָך אַ לאַנגן שמועס מיטן סוב־מיניסטער און מיטן פאַרוואַלטער פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, שילדערנדיק זיי דאָס בילד פון קאָלאָניסטן וואָס בלייבן מיט נישט־פאַרזייטע פעלדער, און מאַטעריעל וועלן ליידן די בענק, די קאָמערץ, דער אַרבעטער, האָט מען מיך נאָך צוויי טעג גערופן דרינגלעך אין באַנק און מען האָט מיר איבערגעגעבן אין נאָמען פון מיניסטער, אַז דער צוגאָב קרעדיט איז באַוויליקט.

***

דאָ קומט אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד:

פון באַנק בין איך אַוועקגעפאָרן אין דער יי־קאַ־דירעקציע, ווו איך האָב געהאַט צו דערליידיקן אַ פּאָר ענינים. ווען איך האָב געזאָגט שטאַרקמעטן, אַז איך האָב געפועלט דעם קרעדיט פון נאָך אַ האַלבן מיליאָן פעזעס, האָט ער מיר שטאַרק באַגריסט און געזאָגט אַז אין צוויטן צימער זיצט ה׳ סאַפּיר, דער אַדמיניסטראַטאָר פון „לוויס אונגרע", וועלכער איז געקומען ספּעציעל באַטראַכטן וואָס צו טאָן מיט די קאָלאָניסטן וואָס האָבן נישט קיין זריעה. און דערצו זענען פאַראַן 39 קאָלאָניסטן וואָס געניסן נישט פון קיין קרעדיט אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן — די קרעדיטן וואָס די רעגירונג פלעגט אויסטיילן איז אויך געגעבן געוואָרן דורך דער דאָזיקער באַנק — און זיי ווייסן נישט וואָס צו טאָן; די לאָקאַלע סוחרים האָבן געגעבן שלעכטע אינפאָרמאַציעס אין באַנק וועגן די 39 קאָלאָניסטן. די דירעקטאָרן האָבן, בכן, מיר געבעטן, איך זאָל פועלן אין באַנק, זיי זאָלן נאָך אַ מאָל באַטראַכטן דעם דאָזיקן פאַל.

איך האָב גענומען אויף זיך די מיסיע, נאָר מיטן תנאי, אַז זיי זאָלן מיר געבן אַ בריוו געווענדט צו דער באַנק, אַז זיי בעטן דעם קרעדיט. אויף מאָרגן — דאָס איז געווען שבת אין דער פרי — האָט מען גערעדט צו מיר טעלעפאָניש פון דער יי־קאַ־דירעקציע, אַז זיי וועלן דעם בריוו נישט געבן, צוליב דעם וואָס די באַנק קען דאָס אָננעמען ווי אַ מאָראַלישע גאַראַנטיע און זיי ווילן דאָס אויסמיידן. נאָר אַזוי ווי איך האָב נישט געוווּסט ווער עס זענען די קאָלאָניסטן וואָס נייטיקן זיך אין קרעדיט און וויפל העקטאַרן זיי האָבן אויפגעאַקערט, איז געבליבן אַז סאַפּיר זאָל מיר באַגלייטן.

ווען מיר זענען געקומען אין באַנק זענען שוין די טירן געווען געשלאָסן.

מיר זענען אַריין אינעווייניק. די טיר־היטערס האָבן מיך געקענט און בין אַריין צו יעדער שעה. קיינער פון די שפּן איז שוין נישט געווען. איך האָב נאָר געטראָפן איינעם פון די באַקאַנטע באַאַמטע פון דעם סעקרעטאַריאַט. דערקלערנדיק וועגן וואָס מיר זענען געקומען און אַז די זאַך איז זייער דרינג־גלעך, האָט ער מיר געזאָגט אַז ער איז נישט באַפּולמעכטיקט צו טאָן עפּעס וועגן אַזעלכע זאַכן און פון די העכערע באַאַמטע איז קיינער נישטאָ. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר פאַרלאַנגען נישט זיין באַשלוס, נאָר מיר ווילן ער זאָל צוגרייטן די טעקע כדי צו געווינען צייט; ה׳ סאַפּיר וועט דאָס מיטנעמען מיט זיך און עס איבערגעבן דעם שעף פון אָפּטייל אין מאַריאָ גראַנ־דע, כדי ער זאָל געבן זיין אינפאָרמאַציע, לויט ווי עס פאָדערט די אַדמיניס־טראַטיווע אָרדענונג. דער דאָזיקער פונקציאָנאַר האָט באַמערקט, אַז כדי צו־צוגרייטן די טעקע מוז קודם זיין אַ ביטע אַז מען פאַרלאַנגט אַ קרעדיט.

ה׳ סאַפּיר האָט מיר אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל: „נו, וואָס טוט מען איצט?". איך האָב געבעטן דעם פונקציאָנאַר ער זאָל מיר געבן אַ שרייב־מאַ־שין און מיר וועלן אַלץ מאַכן גרייט. דער זייגער איז שוין געווען האַלב איינס, און כדי אים נישט צו באַלעסטיקן צו פיל, וועלן מיר אַלע דאַטעס אַליין צו־גרייטן. אָבער ער איז אַוועק און געבראַכט אַ באַאַמטן, וועלכער האָט זיך גע־זעצט שרייבן אויף דער מאַשינקע, לויט ווי סאַפּיר האָט אים דיקטירט, אַלע דאַטעס פון יעדן קאָלאָניסט באַזונדער. ה׳ סאַפּיר האָט מיר אַלע ווײַלע גע־פרעגט: ווער באַפעלט דאָ אין באַנק, די באַאַמטע, צי איר? אין אַ פּאָר שעה איז אַלץ צוגעגרייט געוואָרן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן אַלע קאָלאָניסטן באַקומען דעם קרעדיט.

אַרויסגייענדיק פון באַנק האָט ה׳ סאַפּיר עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אַז ער האָט זיך גאָר נישט געקענט פאָרשטעלן אַז באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן זאָל מיר שענקען אַזאַ אויפמערקזאַמקייט. דער אמת איז טאַקע, אַז די אָנפירונג פון באַנק האָט מיר ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געזאָגט, אַז זיי באַטראַכטן מיר ווי אַ היימישן אין דער אינסטיטוציע.

# „פראַטערנידאַד אַגראַריאַ" אויף דער וואָגשאָל

דער פּאָרזיצער ה׳ סאַכאַראָוו האָט אינפאָרמירט, אַז דעם 4טן יולי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין באַסאַוויל־באַסאָ פאַרטרעטער פון די קאָאָפּעראַטיוון פון ענטרע־ריִאָסער פּראָווינץ און האָבן געשאַפן אַ פעדעראַציע. די צוויי גרויסע קאָאָפּעראַטיוון פון ענטרע־ריִאָס: פאָנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאָ, האָבן באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין דעם דאָזיקן פאַרבאַנד. געוויס איז יעדער קאָאָפּעראַטיוו אויטאָנאָם אין זיינע האַנדלונגען און מיר קענען זיך נישט אַריינמישן אין זייערע באַשלוסן, אָבער היות ווי ס׳האַנדלט זיך וועגן צוויי קאָאָפּעראַטיוון וואָס ציילן זיבן הונדערט מיטגלידער פון די צוויי טויזנט פון אַלע אָנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוון אין פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַררופן דעם פעדעראַל־ראַט אויף צו באַהאַנדלען וועגן דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ; עס איז אַן ערנסטע פראַגע, וואָס דאַרף באַהאַנדלט ווערן מיטן גאַנצן ישוב־הדעת, ווייל אויב די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ דאַרף עקסיסטירן ווייטער, מוז פאַר דעם געגעבן ווערן די מאַטעריעלע מעגלעכקייט. באַלד איז געלייענט געוואָרן אַ בריוו פון פאָנדאָ קאָמונאַל און פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ. דער טעקסט פון ערשטן בריוו האָט זיך געלייענט אַזוי:

„מיט דעם דערפילן מיר אונדזער חוב מודיע צו זיין, אַז די אויסעראָרדנטלעכע גענעראַל־פאַרזאַמלונג וואָס דער דאָזיקער קאָאָפּעראַטיוו האָט אָפּגעהאַלטן דעם 2טן ד״ח, האָט אָנגענומען דעם ווייטערדיקן באַשלוס:

די גענעראַל־פאַרזאַמלונג האַלט, אַז אין קאָאָפּעראַטיווער הינזיכט האָט נישט די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ קיין עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג און באַשליסט זיך צוריקצוציִען פון איר.

דער דאָזיקער באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג איז אין הסכם מיטן באַשלוס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער געלעגנהייט, ווען עס איז באַהאַנדלט געוואָרן דער באַריכט פון אירע דעלעגאַטן צום קאָנגרעס פון דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, וועלכער איז אין זיין צייט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַסאַווילבאַסאָ, ווען עס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן די סטאַטוטן, לויט וועלכע די פ״אַ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קאָאָפּעראַטיווער קערפּערשאַפט. דערביי האָט די דעלעגאַציע אויסגע־

דריקט דעם ווונטש, אַז די פּראָטעקטאָראַט אגראַריאַ זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרעמיאַלער (פּראָפעסיאָנעלער) קערפּערשאַפט פאַר דער לייזונג פון די אומצאָליקע פּראָבלעמען וועלכע פּרעזענטירן זיך פאַר די יידישע קאָלאָניסטן אין לאַנד.

דעם דאָזיקן ווונטש האָט פאַנדאָ קאָמונאַל ראַטיפיצירט אַ סך מאָל דורך דער פאַרמיטלונג פון אירע דעלעגאַטן צו די לעצטע קאָנגרעסן און ער האַלט נאָך אָן די דאָזיקע טעטיקייט".

אונטערגעשריבן פון פּרעזידענט און סעקרעטאַר פון פאַנדאָ קאָמונאַל.

אין בריוו פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, ווערט געזאָגט:

„אויף דער זיצונג פון אַדמיניסטראַטיוון ראַט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 28סטן יולי, האָט אונדזער פאָרזיצער געשטעלט צו באַהאַנדלען די איינלאַדונג צו דער פאַרזאַמלונג פון פעדעראַל־ראַט פון פּראָטעקטאָראַט אַגראַריאַ, וואָס וועט פאָרקומען אין בוענאָס־איירעס דעם 5טן אויגוסט. לויט דער אינפאָרמאַציע, האָט די פאַרזאַמלונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער פ"אַ באַשלאָסן אויף איר זיצונג אין דאָמינגעז, צוזאַמען מיט די פּרעזידענטן פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון פון ענטרע־ריאָסער פּראָווינץ, צו פאַררופן די פאַרזאַמלונג אין בוענאָס־איירעס אויפן סמך פון דעם, וואָס די אַגריקולטור־קאָאָפּעראַטיוון האָבן אָפּגעהאַלטן אין באַסאַווילבאַסאָ דעם 4טן יולי.

באַהאַנדלענדיק די דאָזיקע אַנטעצעדענטן, האָט אונדזער ראַט באַשלאָסן, אַז כל־זמן אונדזער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן דורך אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג צו דער פּראָיעקטירטער פעדעראַציע פון ענטרע־ריאָסער קאָאָפּעראַטיוון, ווערט באַשלאָסן צו באַשטעטיקן נאָך אַ מאָל, אַז מיר וועלן פאָרזעצן צאָלן די קוואָטע וואָס קומט פון אונדז פאַר דעם פּעריאָד דער פּראָטעקטאָראַט אַגראַריאַ. די סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איז איבערצייגט, אַז די פאַרזאַמלונג פון פעדעראַל־ראַט פון 5טן אויגוסט וועט געפינען די פּאַסיקע פאָרעם, כדי אונדזערע יידישע קאָלאָניעס זאָלן האָבן די קערפּערשאַפט וואָס זאָל זיי רעפּרעזענטירן. מיר ווינטשן אייך דערפאָלג אין די פאַרהאַנדלונגען און מיר באַגריסן אייך".

אונטערגעשריבן פון פּרעזידענט און סעקרעטאַר פון קאָאָפּעראַטיוו.

די פראַגע וועגן צוריקציען זיך פון באַסאַווילבאַסער קאָאָפּעראַטיוו ווערט אַראָפּגענומען פון סדר־היום. ווי באַלד אין דער אָפיציעלער מעלדונג רעדט גאָר נישט דער קאָאָפּעראַטיוו וועגן אַזאַ שריט, עס האַנדלט זיך נאָר

אין דעם, אַז די מיטגלידער האָבן נאָך נישט ראַטיפיצירט דעם אָנשלוס אינעם ציווייטן פאַרבאַנד. עס בלייבט צו פאַרהאַנדלען נאָר וועגן דעם באַשלוס פון דעם דאָמינגעזער קאָאָפּעראַטיוו.

ה׳ האַרקאַווי, פּרעזידענט פון לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ, פרעגט מערענערן: „פון וואַנען האָט זיך געקענט נעמען אַזאַ מין באַשלוס פון אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג ביים פאַנדאָ קאָמונאַל? עס וואָלט דאָך געדאַרפט פריער אָנגעוויזן ווערן אין טאָג־אָרדענונג פון דער פאַרזאַמלונג! איז געווען אַזאַ מין מעלדונג?״. ער זאָגט אַז, „אַזעלכע זאַכן דאַרפן שטודירט ווערן פריער פון די מיטגלידער, בכדי זיי זאָלן קענען גוט באַטראַכטן איידער זיי שטימען״.

ה׳ מערענער (ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט און געקומען אין מיטן פון דער זיצונג) דערקלערט, אַז די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז געווען אַ פאָרזעצונג פון דער פריערדיקער, וואָס איז פאַררופן געוואָרן אויסצוהערן דעם באַריכט פון די דעלעגאַטן צום סאַן־סאַלוואַדאָרער קאָנגרעס. דער באַשלוס איז געקומען ווי אַ קאָנסעקווענץ פון דער אָריענטאַציע וואָס פאַנדאָ קאָמונאַל האָט פאַרטיידיקט. פאָלגלעך האָט נישט געדאַרפט זיין קיין רייד פון אַ ספּעציעלן פּונקט וועגן דעם אין טאָג־אָרדענונג.

ה׳ מזרח באַטראַכט די רעזאָלוציע וואָס ווערט איצט אונטערגעטראָגן דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ אין נאָמען פון פאַנדאָ קאָמונאַל, ווי אַ פּאַטש אין פּנים דער גאַנצער קאָלאָניסטיש־יידישער געמיינדע אין לאַנד. ער קען נישט גלויבן, אַז די דאָזיקע רעזאָלוציע זאָל ווירקלעך אויסדריקן די מיינונג פון דער מערהייט פון די קאָלאָניסטן פון דאָמינגעז־קלאַראַ; דאָס איז אַן אומפאַרשטייעניש וואָס דאַרף אויפגעקלערט ווערן קודם־כל דורך די קאָלאָניסטן פון ענטרע־ריאָס גופא. ווייטער פאַררופט זיך ה׳ מזרח אויף דעם, וואָס די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט געטאָן פאַר בערנאַסקאָני, ווען די דאָזיקע קאָלאָניע האָט זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. אויב דער קאָאָפּעראַטיוו פון בערנאַסקאָני ווערט איצט באַטראַכט ווי אַ מוסטערהאַפטע אָרגאַניזאַציע, איז עס דערפאַר וואָס פראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אים אין מען האָט אויסגעפירט די אינסטרוקציעס פון דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, וועלכע האָבן געבראַכט די בעסטע רעזולטאַטן. אַ דאַנק דער גוטער אָרגאַניזאַציע פון דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַרטיידיקט זיך אויך די קאָלאָניע קעגן דעם קריזיס, בעסער ווי אַנדערע קאָלאָניעס, אין דעם שווערן צושטאַנד. די אייניקייט פון די קאָאָפּעראַטיוון איז נייטיק פאַר די שוואַכערע ווי פאַר די שטאַרקערע קאָאָפּעראַטיוון. נאָר דורך פאַראייניקטע כוחות פון אַלע יידישע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון אין לאַנד איז מעגלעך געווען אויסצופּועלן פאַר בער־




קאַריקאַטור, פאַרטראַכט פון יצחק מזרח, אויסגעפירט פון מישאַ שוואַרץ

נאַסקאָני די הנחות ביי דער יק״אַ, וואָס די קאָלאָניע האָט נייטיק געהאַט פאַר איר עקסיסטענץ.

וואָס נוגע דער אָריענטאַציע פון דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, אויף וועלכער פּאַנדאָ קאָמונאַל ווייזט אָן, איז נייטיק אָפּצושאַצן אַז זי איז די צענטראַלע פון אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון און מוז אָפּשפּיגלען דורך איר טעטיקייט דאָס, וואָס אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון זענען: זיי טוען ריין־גרעמיאַלע ווי ריין־קאָאָפּעראַטיוויסטישע אַרבעטן. די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ פירט אויס בשלימות די דאָזיקע טאָפּעלע אויפגאַבע, וואָס איז כמעט נישט אָפּצוטיילן אירע נוצן פאַר בערנאַסקאָני, פאַר מאָנטעפּיאָרע און פאַר אַנדערע איז אומבאַשטרייטלעך. די גרעסערע קאָאָפּעראַטיוון דאַרפן אַרויסווייזן סאָלידאַריטעט — וואָס דאָס איז דער אַלף־בית פון קאָאָפּעראַציע. די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט גרויסע פאַרדינסטן ווי די רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פון די קאָלאָניעס לגבי דער אויסערלעכער און אָפיציעלער וועלט. עס איז אַ יידישע קערפּערשאַפט, מיט וועלכער די אַרגענטינער יידישע געמיינדע בכלל דאַרף שטאָלץ זיין. עס איז אַ פעלער, וואָס דער „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" פאַרעפנטלעכט נישט די וויכטיקע אַרבעטן וואָס עס ווערט געטאָן דורך דער ביוראָ.

ה׳ שאַמשאַנאָווסקי דערציילט די געשיכטע פון די סטאַטוטן־ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר דער צייט פון זינט די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ איז געגרינדעט געוואָרן. זי איז געווען אַ גרעמיאַלע קערפּערשאַפט, האָט מען געפאָדערט זי זאָל ווערן אַ קאָאָפּעראַטיוו פון קאָאָפּעראַטיוון. ער דערמאָנט קיבענס ווערטער ביים קאָנגרעס פון ריווערא, ווען ער האָט אָנערקענט דאָס געזאָגטע, און איצט, ווען דאָס דאָזיקע איז געשען — וויל פּאַנדאָ קאָמונאַל דאָס פאַרקערטע. עס מוז נעמען אַ סוף צו דעם. אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט זענען קאַפּריזן נישט דערלאָזלעך. די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון דאַרפן האָבן די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ; אַ דאַנק איר האָבן מיר באַקומען וואָס מיר האָבן פאַרלאַנגט אין באַנק, אַפילו קעגן דעם קאַפּריז פון לאָקאַלן פאַרוואַלטער, וועלכער האָט געזוכט אונדז שלעכטס צו טאָן. איצט, אַז דער דאָזיקער איז צוגענומען געוואָרן. אויב מען זאָל אויפלייזן די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, וואָלט דאָס געווען אַ פּאַטש אין פּנים דער גאַנצער יידישער קאָלעקטיוויטעט.

ה׳ יצחק קאַפּלאַן באַטראַכט די זאַך פון שטאַנדפּונקט פון מעגלעכקייט. מען וויל אַז פראַטערנידאַד אַגראַריאַ זאָל זיין נאָר אַ גרעמיאַלע קערפּערשאַפט, איז עס מעגלעך? צי זענען דען אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון נאָר קאָאָפּעראַטיוון? גיבן זיי זיך דען נישט אָפּ מיט אַלע גרעמיאַלע אָנגעלעגנהייטן פון אונדזערע קאָלאָניעס? עס איז בכלל נישט מעגלעך אָפּצוטיילן איינע פון די צווייטע. מיר

זעען אַז די אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואַס אַרכענטינאַס, וואָס איז אַ פּאַר־באַנד פון קאָאָפּעראַטיוון, באַשעפטיקט זיך אויך מיט אַלע גרעמיאַלע פּראָבלע־מען, און די פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ, וועלכע איז אויסדריקלעך בלויז אַ גרעמיאַלע קערפּערשאַפט, פירט אויך דורך קאָאָפּעראַטיווע טעטיקייטן. די יערלעכע באַשטייערונג פאַלט נישט אויפן מיטגליד, ווייל ביים קויפן דורך דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ ווערט איינגעשפּאָרט מער ווי 4.50 פּעזעס אַ יאָר דעם מיטגליד. עס איז צום באַדויערן וואָס מען גרייט צו די מיטגלידער אין דעם גייסט, אַז די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ טויג נישט. נישט די מיטגלידער ווילן נישט די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, נאָר די פירערס. מען האָט איינגע־רעדט די מיטגלידער, אַז אַפילו פאַר די אָרעמע קאָאָפּעראַטיוון טוט מען אויך גאָר נישט. קאַפּלאַן באַציט זיך צו דער פראַגע פון יידישע און נישט־יידישע קאָאָפּעראַטיוון און ברענגטביישפּילן פון אַנדערע לענדער אין אייראָפּע, ווו די יידישע קאָאָפּעראַטיוון שטרעבן צו אַ וועלט־פאַרבאַנד און ווי אַזעלכע אַריינצו־טרעטן אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַליאַנס קאָאָפּעראַטיוו. ער פאַרענדיקט מיט אַ ווייטאָגלעכן פּראָטעסט קעגן דעם וואָס מען פאַרסמט די מיטגלידער מיט פאַלשע דאַטעס און מען פירט זיי אַראָפּ פון קאָאָפּעראַטיוון וועג.

מערענער: „עס איז נישט קיין נייער ענין פאַר פאַנדאָ קאָמונאַל, וועל־כער גלויבט אַז נאַציאָנאַליזם איז נישט מעגלעך אין די קאָאָפּעראַטיוון. פאַנ־דאָ קאָמונאַל האָט געהאַט אַ קלאָרע שטעלונג אויף די קאָנגרעסן. ווען אַנס שטעלונג עס איז נישט געווען קלאָר און ווער ס׳האָט זיך שטענדיק געדרייט אין פּאָליטיקעריי, איז די דעלעגאַציע פון באַסאַווילבאַסאָ. קאָאָפּעראַטיוויזם איז נישט קיין באַזונדערע יידישע זאַך. זאָל געשאַפן ווערן אַ גרעמיאַלע קער־פּערשאַפט, אַ יידישע, און מיר וועלן זיין מיט איר״.

יצחק קאַפּלאַן גיט איבער עטלעכע קאָנקרעטע פאַלן, ווען די פראַטער־נידאַד אַגראַריאַ האָט מיטגעווירקט פאַר נישט־יידישע קאָאָפּעראַטיוון און גיזופּעס און דורכגעפירט פאַר זיי פאַרשיידענע אַרבעטן.

האַרקאַווי ווענדט זיך צום ה׳ מערענער, דעלעגאַט פון פאַנדאָ קאָמונאַל, מיט אַ פאָרשלאַג:

— איר ווילט דווקא גרעמיאַליזם, — גוט! ווער לאָזט אייך נישט זיך צו באַנוצן מיט דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ ווי אַ גרעמיאַלע קערפּערשאַפט? עס איז דאָך דערווייזן געוואָרן, אַז זי טוט אויך די דאָזיקע אַרבעט. אויב אייך לוינט נישט — קויפט נישט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, אָבער זייט אין איר פאַרטראָטן צוליב גרעמיאַלע צוועקן. וואָס אַרט אייך, אַז פאַר אונדז, פאַר די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון, וועט זי טאָן אויך קאָאָ־פּעראַטיוויסטישע אַרבעט? בכלל האַנדלען די דאָזיקע צוויי קאָאָפּעראַטיוון

מאָדנע אין שייכות מיט פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, אין פולער סתירה צו זייע־רע פריִערדיקע מיינונגען.

ה' סאַכאַראָוו זאָגט, אַז „די דאָזיקע צוויי בריוו וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט, פון פּאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, זענען די טרויע־ריקסטע דאָקומענטן וואָס די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן ווען נישט איז אונ־טערגעשריבן. עס איז נישט קיין אַקט פון קאָאָפּעראַטיוויזם, נישט פון סאָלי־דאַריטעט, נאָר פאַרקערט". ער דערמאָנט ווי אַזוי און פאַר וועלכע אידעאַלן ער האָט געאַרבעט אויפן קאָאָפּעראַטיוויסטישן געביט אַזוי פיל יאָרן. זיין אידעאַל איז געווען — צוצוגרייטן קאָאָפּעראַטיוון וואָס זאָלן דינען ווי אַ מוסטער און אָנשפּאַר פאַר אַנדערע בנוגע ווייטערדיקן און ברייטערן קאָאָפּע־ראַטיוויזם: פון קלענער צו גרעסער, פון אייגענע, נענטערע, מיט וועלכע עס איז לייכטער זיך צונויפצורעדן און איינפאַרשטיין; פאַרבינדן פריִער די יִדי־שע קאָאָפּעראַטיוון, כדי זיי זאָלן דורך דעם ביישפּיל, דערפאַרונג, סאָלידאַרי־טעט און דורך דירעקטער מיטהילף דינען פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוויסטישן אידעאַל אויך פאַר אַנדערע. נישט קיין שמאָלער נאַ־ציאָנאַליזם איז עס, נאָר פשוט אַ קאָנקרעטער און פּראַקטישער צוגאַנג צו דער זאַך פון קאָאָפּעראַציע. „מיין אַרבעט אין משך פון 28 יאָר — זאָגט סאַכאַראָוו, — איז געווען אַ קאָאָפּעראַטיוויזם פון טאָטן און נישט פון טעאָריע. איצט קומט דער קאָאָפּעראַטיוו וואָס קען שוין העלפן אַנדערע, און גיט אַ ביישפּיל פון קאָאָפּעראַטיוויסטישער סאָלידאַריטעט. מיר קענען זיך נישט אַריינמישן אין דער אויטאָנאָמיע פון דעם קאָאָפּעראַטיוו; אָבער די דאָזיקע רעזאָלוציע פון פּאַנדאָ קאָמונאַל טאָר אונדז נישט אַנטמוטיקן". ער שטיצט דעם פאָרשלאָג פון ה' מזרח, אַז עס זאָל אין נאָמען פון אַלע יִדישע קאָאָפּעראַטיוון אין לאַנד געמאַכט ווערן אַ ווענדונג צום פּאַנדאָ קאָמונאַל צו ענדערן די רעזאָלוציע.

עס ווערט אָנגענומען דער ווייטערדיקער באַשלוס:

אַלע בייוועזנדיקע פּרעזידענטן פון די קאָאָפּעראַטיוון דערקלערן, אַז זיי האָבן דעם מאַנדאַט צו שטימען אַז די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ זאָל עקסיסטירן אונטער אַלע אומשטענדן, ווייל זי איז פון דרינגלעכער נויטווענדיקייט פאַר דעם גוטן גאַנג און פּראָגרעס פאַר די אינסטיטו־ציִעס און די קאָלאָניעס.

דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט זאָל זיך ווענדן צו פּאַנדאָ קאָמונאַל און פאָרלייגן צו באַטראַכטן זיין באַשלוס און פאָרזעצן ווי אַ מיטגליד און פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, ווייל אַזוי פאָדערן די אינטערעסן פון אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון און קאָלאָניעס; און אַז די סטאַטוטן פון דער

פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ גיבן די מעגלעכקייט צופרידנצושטעלן אַלע־מענס ווונטשן, סיי איבער קאָאָפּעראַטיווע ווי איבער גרעמיאַלע פראַגעס.

די קאָאָפּעראַטיוון וועלן זיך ווענדן מיט אַן אויפרוף צו די חברים קאָלאָניסטן פון קאָלאָניע קלאַראַ און בעטן, זיי זאָלן באַטראַכטן נאָך אַ מאָל דעם געמאַכטן שריט, און אָנהאַלטן די גאַנצקייט פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, וואָס שטעלט פאַר די יידיש־קאָלאָניסטישע פאַמיליע אין קאָאָפּעראַטיוויסטישן און גרעמיאַלן זין.

ביים באַטראַכטן די פינאַנציעלע סיטואַציע פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, דערקלערט ה׳ יצחק קאַפּלאַן, אַז אין אַלגעמיין איז די סיטואַציע נישט קיין שלעכטע. די קאָאָפּעראַטיוון זענען איר שולדיק 14 טויזנט פּעזעס, און זי איז שולדיק נישט מער ווי 11 טויזנט פּעזעס. דער פּרעזידענט און פאַרוואַלטער פון על פּראָגרעסאָ, די ה״ה מאַצקין און מזרח, באָטן אָן אויסצולייזן אַ ביסל געלט דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, ביז עס וועלן איינגעקאַסירט ווערן די חובות ביי די קאָאָפּעראַטיוון.

יצחק קאַפּלאַן באַטאָנט עס ווי דעם שענסטן און ערלעכסטן זשעסט וואָס ס׳איז געוועזן צו דערוואַרטן מצד אַזאַ קאָאָפּעראַטיוו ווי על פּראָגרעסאָ, וואָס ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז ער אָנגעקומען נאָך הילף צו אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון. אין דעם טאָג ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, איז משיח געבוירן געוואָרן. עס ציען זיך צוריק צוויי קאָאָפּעראַטיוון, אָבער די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ ווערט פאַרשטאַרקט אין גייסט און אין סאָלידאַריטעט.

ה׳ סאַכאַראָוו שטעלט זיך אָפּ בסייטער אויפן זשעסט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו פון בערנאַסקאָני. ער ווייזט אָן, אַז דער דאָזיקער פאַקט אַליין איז דער בעסטער און שטאַרקסטער אַרגומענט פון דעם דערפאָלג און פּרוכטיקייט פון דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ.

(„קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״, אויגוסט, נומ׳ 189).

**
*

פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט פאַרגעזעצט איר טעטיקייט מיט אייפער און דערפאָלג. איר פּרעסטיזש איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג — אינערלעך און אויסערלעך. די צוויי קאָאָפּעראַטיוון, פּאַנדאָ קאָמונאַל און סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, זענען אָנגעגאַנגען מיט זייער טאַקטיק, מיט שפּייזן די מיטגלידער מיט פאַלשקייטן, מיט פאַרבאַהאַלטן פאַר זיי דעם אמת. זייערע פירער האָבן דערפירט די צוויי אויבן־דערמאָנטע קאָאָפּעראַטיוון צום ברעג פון אָפּגרונט,

מאַטעריעל און מאָראַליש, און דעמאָלט האָט זיי פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ גע־ראַטעוועט. אַ סך געזונט האָט עס מיר געקאָסט, אָבער צום גליק האָבן מיר זיי צוריקגעשטעלט אויף די פיס. זיי האָבן געבעטן צוריק דעם אָנשלוס אין פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. דער עיקר האָבן זיך די קאָלאָניסטן אָפּגעגעבן רע־כענונג ווער עס זענען געווען זייערע פאַרזאָרגער. היינט צו טאָג — צו אונ־זער פרייד — זענען די צוויי קאָאָפּעראַטיוון ווידער אַ מאָל פון די עקאָנאָ־מיש שטאַרקסטע אינסטיטוציעס.

די „פעדעראַסיאָן ענטרעריאַנאַ", אָנגעפירט פון די פאָרשטייערס פון די צוויי קאָאָפּעראַטיוון, האָט זיך אין אַ געוויסן מאָמענט פאָרגענומען צו מאַכן קאָנקורענץ דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, מיט דער זיכערקייט זי איינצו־שלינגען. די „פעדעראַסיאָן ענטרעריאַנאַ" האָט זיך געפילט פעסט, ווייל די פּראָווינציעלע רעגירונג האָט איר געשטיצט מאָראַליש און מאַטעריעל, דורך אויסלייען איר 25.000 פעזאָס און געבנדיק איר אַלערליי שטיצעס. פאַרשטייט זיך, אַז אומדירעקט איז אויסגעאיבט געוואָרן אַ דרוק אויף די יידישע קאָאָ־פּעראַטיוון פון ענטרע־ריאָס מיטצוהעלפן דער „פעדעראַסיאָן", צו וועלכער די רעגירונג האָט זיך באַצויגן אַזוי סימפּאַטיש. עס איז נישט אַוועק קיין פיל צייט און עס האָט זיך נאָך אַ מאָל באַוויזן אַז מען קען נישט בויען אויף אַ פאַלשן גרונט. די פעדעראַסיאָן האָט זיך געשלאָסן. די 25.000 פעזאָס איז גע־ווען דער פרייז וואָס די ענטרע־ריאָסער רעגירונג האָט באַצאָלט פאַר איר לאָזן זיך באַאיינפלוסן פון נישט־אויפריכטיקע ווונטשן.

**
*

בכדי עס זאָל נישט אויסגעטייטשט ווערן, אַז מיר זענען געווען קעגן דער „פעדעראַסיאָן ענטרעריאַנאַ", ווייל איך דערמאָנען, אַז איך בין געווען פון די ערשטע איניציאַטאָרן פאַר אַ פאַראייניקונג פון אַלע ענטרע־ריאָסער קאָאָ־פּעראַטיוון, ווי עס האָט עפנטלעך דערקלערט דער ראַיאָן־אַגראָנאָם ה' וויקטאָר ד. עטשעווערי ביי דער דערעפענונג פון דעם 1טן קאָאָפּעראַטיוון אַגראַר־קאָנגרעס אין לוקאַס גאָנסאַלעז, אין יוני 1913. אויך דער פּראָטאָקאָל פון צו־זאַמענפאָר פון 25סטן אויגוסט 1918 באַשטעטיקט עס.

ווי עס איז צו זען פון די פריערדיקע שורות, זענען סאַכאַראָוו און איך געווען אָנהענגערס פון אָרגאַניזירן די ענטרע־ריאָסער קאָאָפּעראַטיוון אין אַ פעדעראַציע, מיט דער שטרעבונג צו שאַפן באַלד אַ פעדעראַציע פון פעדע־ראַציעס זיך צו העלפן קעגנזייטיק, אָבער בשום אופן נישט צו שעדיקן וועל־כע ס'איז אָרגאַניזירטע אַגראַר־קערפּערשאַפט. עס איז נישט דערגרייכט גע־וואָרן אונדזער ווונטש, טראָץ די פאַרשיידענע פרוון וואָס מיר האָבן געמאַכט

אויף דעם געביט. ביז היינט צו טאָג האַלטן מיר אָן פעסט אונדזער מיינונג ביי אַלע קאָאָפּעראַטיווע אַגראַר־קאָנגרעסן האָבן מיר צוגעשטעלט פּראָיעקטן פון רעזאָלוציעס פאַר דער שאַפונג פון אַ קאָאָפּעראַטיוון־פעדעראַציע פון 3טן ראַנג, צום באַדויערן איז ביז איצט נישט געווען קיין גענוג צוגעגרייטע סביבה פאַר דעם. עס איז אָבער זיכער, אַז עס וועט קומען דער טאָג פאַר דעם, ווייל דאָס איז אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט.

ביי דעם 5טן קאָאָפּעראַטיוון אַגראַר־קאָנגרעס פון גאַנצן לאַנד, האָבן מיר צוגעשטעלט ווידער אַ מאָל אַ רעפעראַט וועגן דער שאַפונג פון אַ צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזאַציע פון 3טן גראַד. מען האָט דעם געדאַנק נישט אָפּגעוואָרפן, אָבער אויך נישט באַשטעטיקט. עס איז געווען צו באַמערקן אַ קאַלטקייט מצד די אָנפירערס פון קאָנגרעס. ביים 6טן קאָנגרעס, אין יאָר 1949, איז ווידער אַרויפגעשווומען די זעלביקע איניציאַטיוו, און ווערדליק עס ווייזט אויס איז צו דערוואַרטן אַז אונדזער לאַנג־דערוואַרטער ווונטש וועט פאַרווירקלעכט ווערן. דאָס איז פאַר מיר אַ גרויסע סאַטיספאַקציע, — דאָס איז געווען מיין שטענדיקע שטרעבונג.

צום גליק עקסיסטירט שוין איצט אַ קאָאָפּעראַטיוו פון 3טן גראַד, „קאָ־נינאַגראָ", וואָס פּראַטעגנידאַד אַגראַריאַ האָט פיל מיטגעהאָלפן מאַטעריעל און מאָראַליש.

# דער קריזיס אין „פּאַנדאַ קאָמונאַל״. — אונדזער אינטערווענץ

איך האָב שוין דערמאָנט וועגן דעם, וואָס פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט זיך אויסגעשלאָסן פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, ווי אויך וועגן די מיינונג־פאַר־שיידנקייטן ביים בויען עלעוואַטאָרן. אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל וויל איך פאַר־צייכענען די קאָנסעקווענצן, צו וועלכע די טעותדיקע און אַמביציעזע אָנפי־רונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע האָט דערפירט.

פּאַנדאַ קאָמונאַל, ווי די ערשטע אַגראַר־געזעלשאַפט אין לאַנד, וואָס האָט זיך גענומען בויען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, האָט זיך אָנגעטראָפן מיט גרויסע שוועריקייטן. עס האָט געפעלט דערפאַרונג מצד די פירערס; עס האָט געפעלט פאַרשטענדעניש מצד די מיטגלידער. קרעמערס און תבואה־סוחרים האָבן זיך באַנוצט מיט אַלערליי מיטלען צו שעדיקן און דיסקרעדיטירן דעם קאָאָפּעראַטיוו. שווער איז געווען דער קאַמף, אָבער אינטערעסאַנט. מיר האָבן געפירט דעם קאָאָפּעראַטיוויזם פאָרויס. די דורכפאַלן, די קריטישע מאָמענטן וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט צוליב דעם קריזיס אין דער אַגריקולטור פון יענע יאָרן, האָט אונדז געלערנט. מיר האָבן אָנגעווענדט אונדזער גאַנצע פע־איקייט צו זיין גוטע שילערס ביי די לערערס — צייט און אומשטענדן. איך וועל נישט איבערטרייבן ווען איך וועל זאָגן, אַז פּאַנדאַ קאָמונאַל האָט גע־דינט ווי אַ מאָדעל פונעם אידעאַליזם און טרייע נאָכפאָלגערס פון די ראָטש־דאַליאַנער.

אין די יאָרן 1917־18 האָט זיך פּאַנדאַ קאָמונאַל באַפרייט פון אירע עקאָ־נאָמישע התחייבותן און האָט געהאַט פאַר זיך אַ פרייען פעלד פאַר קאָאָפּע־ראַטיווער טעטיקייט, האָט זיך אָבער מעשה שטן גענומען מערקן אַ נישט־געווונטשענע דערשיינונג פאַרן קאָאָפּעראַטיוויזם, — פּאָליטישע טענדענצן. צופעליק זענען אַריין אין דירעקטיוון ראַט פערזאָנען פון אַ דעפינירטער פּאָ־ליטישער ריכטונג, וואָס האָבן מיליטירט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די צייט, — צוליב דער מלחמה אין אייראָפּע, — איז געווען גינציק פאַרן לינקיזם. דאָס האָט געווירקט אויף דער יוגנט פון דער קאָלאָניע. הגם די פי־רערס פון קאָאָפּעראַטיוו האָבן פאַרזיכערט אַז דאָס איז אַ ריין פערזענלעכער ענין, האָט עס אָבער געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויפן גאַנג פון דער אינס־טיטוציע. ווי אַ ביישפּיל קען דינען דער פאַקט, וואָס ביי די יערלעכע וואַלן

פון דירעקטיוון ראַט פלעגן זיך פאָרמירן פּאַרטייען און פירן אַ פאַרביטערטן קאַמף צווישן רעכטע און לינקע. אַזוי פלעגט די פירערשאַפט איבערגיין — ווי דאָס מזל פון די וואַלן פלעגט אויספאַלן — פון איין טענדענץ צו דער צווייטער. ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָבן זיך געשאַפן אָפּאָזיציעס לשם אָפּאָזיציע. פאַרשטייט זיך אַז קיין געזונט איז פון דעם נישט צוגעקומען, נישט אַלע מאָל זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין שפּיץ פון דער געזעלשאַפט אַזעלכע וואָס קענען און ווייסן ווי צו האַלטן דעם רודער. עס איז אַריינגעפירט געוואָרן נישט־קאָרעקטקייט וואָס עס באַרמאָגן אַלע פּאָליטיק־מאַכערס וואָס ווילן אַריבערצוציען אויף זייער זייט אָנהענגערס.

אַזוי זענען די זאַכן געגאַנגען. פון אָנהייב האָט זיך דאָס נישט געפילט אַזוי שטאַרק. אַגב, האָט פאַרנומען דעם אַמט פון פאַרוואַלטער מיין ברודער אהרן ע״ה, צו וועמען די מיטגלידער האָבן געהאַט דעם פולן צוטרוי. ער האָט מיט אַלע כוחות געזוכט אָנצוהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט. נאָך זיין טויט האָבן די פּאָליטיקער באַקומען די גאַנצע השפעה. צום אומגליק האָט זיך די לינקע איינגעגעבן אַריבערצוציען אויף זייער זייט אויך די רעכטע און אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, כדי פּטור צו ווערן פון אַן ערנסטן קאָנטראָל. זיי האָבן דערפירט צו דעם, אַז אַן עקסטרע גענעראַל־פאַרזאַמלונג האָט געשטימט פאַר אויסשליסן זיך פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ. געשטימט האָבן 74 מיטגלידער פון די 500 וואָס פאַנדאָ קאָמונאַל האָט געהאַט. סאַכאַראָוו האָט, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, מיט דער גרעסטער פאַרביטערטקייט כאַראַקטעריזירט דעם דאָזיקן אַקט, אַז „ייִדן האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף ייִדן״.

***

אין יוני 1931 איז פאַנדאָ קאָמונאַל אַרויסגעטראָטן פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ. זיין עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען אַ גוטע. נאַטירלעך, אַז מיר האָבן מער נישט געוווסט וואָס ס׳טוט זיך אין קאָאָפּעראַטיוו. פריִער פלעג איך פּע־ריאָדיש מאַכן אַ גענויע אינספּעקציע, ווען נישט ווען פלעגט קומען אַ קאָלאָ־ניסט פון קאָלאָניע קלאַראַ און אונדז איבערגעבן זייער גוטע גרוסן, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו אַרבעט און פּראָגרעסירט, אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג. מיר האָבן נישט געהאַט קיין מאָטיוו צו צווייפלען אין דעם. מיר האָבן זיך אויך דערוווסט, אַז פאַנדאָ קאָמונאַל האָט געשלאָסן אַ קאָנטראַקט מיט דער גע־זעלשאַפט „קאָרפּאָראַסיאָן אַמעריקאַנאַ״ וועגן בויען אַן עלעוואַטאָר מיט אַן אויפנעם־קאַפּאַציטעט פון 5.000 טאָן. מיר האָבן זיך נאָך דעם דערוווסט, אַז עס זענען געווען פּערזענלעכע אינטערעסן דערביי מצד די פּאַרטיידיקער פון

בויען אַזעלכע גרויסע עלעוואַטאָרן. די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער פּי־רערשאַפט האָבן אויף זיך נישט געלאָזט וואַרטן קיין סך צייט.

אין די ערשטע טעג פון חודש דעצעמבער 1932, אין אַ פּרימאָרגן, איז אַריינגעקומען אין אונדזער ביוראָ דער ה׳ משה גלעזער פון דאָמינגעז, און אָן הקדמות האָט ער אַ זאָג געטאָן: „דאָן איסאַק, ראַטעוועט דעם פאַנדאָ קאָ־מונאַל! איר מוזט שוין גיין מיט מיר, ווייל עס האַלט ביים דערקלערן דעם קאָאָ־פּעראַטיוו אין באַנקראָט״.

איך האָב נישט געוווּסט צי ער מיינט עס ערנסט, אָדער ער מאַכט חוזק, ווייל די ידיעות וואָס מיר האָבן געהאַט באַקומען די גאַנצע צייט זענען געווען די סאַמע צופרידנשטעלנדיקסטע. אויף מיין שאלה, וואָס פּאַסירט, ווי קומט עס פּלוצלינג אַזאַ איבערקערעניש? האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער ווייסט גאָר נישט; ערשט עטלעכע טעג ווי ער האָט איבערגענומען די פּרעזידענץ, נישט קענענדיק די אמתע לאַגע פון פאַנדאָ קאָמונאַל; ער וואָלט איצט אויך נישט געוווּסט, נאָר ס׳איז אָנגעקומען פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן פון ווילאַ־גווײַ אַ מיטטיילונג, אַז אַ קאָמערציעלע פירמע פון בוענאָס־איירעס האָט אויס־געשטעלט קעגן פאַנדאָ קאָמונאַל פאַר אַ סומע פון עטלעכע טויזנט פּעזאָס, מיט אַן אָרדער צו פּראָטעסטירן אויב עס וועט נישט געצאָלט ווערן ביז צו די דריי טעג, מיט אַ צושריפט אַז זיי זאָלן בעטן זיין באַנקראָט, און אַז אויך אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן זענען די זאַכן נישט אין אָרדענונג.

קיין באַלאַנס, קיין דאַטעס אויף צו קענען זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע האָט ער נישט געבראַכט. ער האָט מיר נאָר דערלאַנגט הונדערט שטיקלעך פּאַפּיר אויף יעדן איינער איז געווען אַ נאָמען מיט אַ ציפער, וויפל מען איז דעם דאָזיקן שולדיק. איך האָב געבעטן דעם ה׳ גלעזער, ער זאָל מיר געבן אַ פּאָר שעה צייט, כדי איך זאָל קענען צונויפרעכענען די ציפערן פון די הונדערט פּאַפּירלעך אויף צו וויסן וויפל זיי האָבן אין אַלגע־מיין צו צאָלן; וועמען פריער, וועמען שפּעטער. פאַר וואָס עס זענען געווען אָנגעשריבן באַזונדערע פּאַפּירלעך און נישט אויף איין בויגן פּאַפּיר? — אויף דעם האָט מיר ה׳ גלעזער געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט, אַזוי האָט מען אים געגעבן און אַזוי גיט ער עס מיר איבער.

נאָך האַלבן טאָג זענען מיר ביידע אַוועק צו דער פירמע וואָס האָט זשי־רירט דורך דעם באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן. עס האָט אונדז אויפגענומען דער פּראָוואַלטער. איך האָב אים דערקלערט די סיטואַציע ווי זי איז, אַז פאַנדאָ קאָמונאַל קען נישט צאָלן דעם חוב און מיר בעטן ער זאָל אים פאַרלענגערן אויף אַ יאָר צייט און צורעכענען דעם פּראָצענט. נאָך אַ קורצן שמועס האָט דער פּראָוואַלטער באַוויליקט. עס זענען גלייך געמאַכט געוואָרן די וועקסלען.

ביים דאַנקען דעם פּאַרוואַלטער פאַר זיין פיינער באַנעמונג, האָב איך אים געזאָגט: איך זע אַז איר זענט אַ דזשענטלמאַן, איז ווי קומט עס וואָס איר האָט אַזוי קאָמפּראָמעטירט דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן? אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער געגעבן אַ קלונג. ס'איז אַריינגעקומען אַ סעקרעטאַרין. מיט אַן אויפגערעגטן טאָן האָט ער איר געזאָגט, זי זאָל ברענגען די פּאַפּקע פון פּאַנדאָ קאָמונאַל. ער האָט אונדז געוויזן, אַז זיי האָבן עטלעכע מאָל געשריבן דערמאָנונג־בריוו און נאָך דעם געפאָדערט די צאָלונג. אויף קיין איין בריוו האָבן זיי נישט באַקומען קיין ענטפער. „ווען מען שרייבט אונדז, אַז איר קענט איצט נישט צאָלן און ווילט מען זאָל אייך פאַרלענגערן דעם טערמין, וואָלטן מיר גלייך באַוויליקט; אָבער נישט באַקומענדיק קיין ענטפער און נעמענדיק אין אַכט אַז ס'האַנדלט זיך פון דעם ערשטן קויף וואָס פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט ביי אונדז געמאַכט, איז מיר נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה ווי אָננעמען עקסטרעמע מיטלען".

ווען ה' גלעזער האָט דאָס דערהערט, איז ער אַזש בלייך געוואָרן, ס'האָט אויסגעוויזן אַז ער האָלט ביים חלשן. מען האָט אים געמוזט אַרויספירן אין דרויסן אויף דער פרייער לופט. אין דרויסן האָט מיר ה' גלעזער דערציילט, אַז ער האָט געטראָפן אין טישקעסטל פון פּאַרוואַלטער פון פּאַנדאָ קאָמונאַל אַ סך נישט־געענטפערטע בריוו, וואָס זענען דאָרט געלעגן אַריבער 4 חדשים.

אַראָפּ די ערשטע מורא פאַר באַנקראָט, זענען מיר אַוועק אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן. נאָך דעם ווי כ'האָב פאָרגעשטעלט דעם ה' גלעזער, זאָגט מיר דער פּאַרוואַלטער פון פיליאַל: „אָט־דאָס איז דער פּאַנדאָ קאָמונאַל, וועגן וועלכן דו האָסט מיר אַזוי פיל מאָל גערעדט? ווייסטו אַז די באַנק קלאָגט אָן דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל קרימינעל?". דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, האָב איך געפילט ווי די קני בייגן זיך מיר. גלעזערן האָט אַרויסגעשלאָגן אַ שוויס און איז שיעור נישט אומגעפאַלן. אויף מיין פראַגע, וואָס פּאַסירט? וואָס פאַר אַ פאַרברעכן איז פּאַנדאָ קאָמונאַל באַגאַנגען? האָט מיר דער פּאַרוואַלטער געוויזן אַ באַריכט וואָס איז אָנגעקומען פון פיליאַל ווישאַגווויי, אַז פּאַנדאָ קאָמונאַל האָט פאַרקויפט דעם ווייץ וואָס איז געווען פאַרמשכונט אין באַנק מיט „פרענדאַ אַגראַריאַ",* נישט מיטטיילנדיק דער באַנק, ווי עס פאָדערט דאָס געזעץ און האָבן נישט אומגעקערט דער באַנק דעם באַטרעף פון דעם חוב, וואָס אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, איז עס געווען אַ סומע פון אַכציק טויזנט פּעזעס.

---

* אַגראַר־פּקדון.

איך האָב באַלד געבעטן דעם פאַרוואַלטער, ער זאָל אָפּשטעלן יעדע אַק־ציע קעגן פּאַנדאָ קאָמונאַל, כּאַרזיכערנדיק אים אַז ס׳זענען דערביי נישט גע־יוען קיין שלעכטע כוונות; מען קען עס באַטראַכטן ווי אַן אומפּאַרגעבלעכן פעלער פון דער פאַרוואַלטונג, אָבער פאַר קיין פאַל איז פאַראַן אַ מיינונג צו שעדיקן דער באַנק צום נוצן פון אַנדערע.

דער פאַרוואַלטער האָט דערקלערט, אַז ער קען נישט פאַרשווייגן אַזאַ האַנדלונג. איך האָב אים פאָרגעלייגט, ער זאָל שיקן אַן אינספּעקטאָר אין פּאַנדאָ קאָמונאַל אויף צו קאָנטראָלירן גרינטלעך די ביכער און ער וועט זיך איבערצייגן, אַז מיין מיינונג איז אַ ריכטיקע. ער האָט אָנגענומען מיין פאָר־שלאַג מיט אַ תנאי, אַז איך זאָל אויך מיטפאָרן אין דאָמינגעז. איך האָב, נאַ־טירלעך, נישט געקענט זיך אָפּזאָגן, טראָץ דעם וואָס פּאַנדאָ קאָמונאַל איז געווען אויסגעשלאָסן פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ.

די באַנק האָט געשיקט אַן אינספּעקטאָר מיט זיינעם אַ סעקרעטאַר. אויי־סער דעם וואָס דער אינספּעקטאָר איז געווען אַ פאַכמאַן, איז ער אויך געוויען אַן איבערצייגטער קאָאָפּעראַטיוויסט, וואָס האָט פיל פאַרלייכטערט דעם קאָנ־טראָל וואָס ער האָט געמאַכט. ער האָט נישט פאַרדעקט די פעלערן, אָבער ער האָט אויך נישט געזוכט צו שעדיקן דעם קאָאָפּעראַטיוו. זיבן טעג האָבן זייביידע — דער אינספּעקטאָר מיטן סעקרעטאַר — געאַרבעט. זיי האָט אינ־טערעסירט מער דער תבואה־אָפּטייל און די פינאַנצן. אויף אַלע באַמערקונגען האָבן זיי באַקומען די געהעריקע דערקלערונגען. מיר האָבן אים נישט געזוכט אָפּצונאַרן; ערשטנס, וואָלט ער זיך נישט געלאָזט, צווייטנס, האָלט איך שטענ־דיק פון דער ליניע וואָס איך האָב מיך אָנגעצייכנט: נישט צו געבן קיין מאָל קיין געלעגנהייט אַז עמיצער זאָל צווייפלען אין מיינע ווערטער. עס זענען ווירקלעך געווען זאַכן וואָס זענען געווען שווער צו פאַרענטפערן. ביי אַזעלכע פאַלן איז געווען די בעסטע דערקלערונג, אַז ווען עס וואָלטן נישט געווען קיין פעלערן, וואָלטן מיר ביידע נישט געווען איצט אין דאָמינגעז. ווי אַ קאָאָ־פּעראַטיוויסט, האָט ער גוט פאַרשטאַנען די לאַגע און האָט נישט געזוכט צו מאַכן שוועריקייטן. איבערהויפּט האָט אים באַרויקט דאָס וואָס די בוכפירונג איז געווען אין אָרדענונג.

אויפן זעקסטן טאָג פון זיין אינספּעקציע, — עס איז געווען אַ פרייטיק פאַרנאַכט, — האָט ער מיר אַריינגערופן אין אַ באַזונדערן צימער און געזאָגט, אַז דער ענין פון דעם חוב אין באַנק איז קאָמפּליצירט, ווייל אין דעם איז אַריין דער ווייץ פון דער נייער קאָסעטשע; לויטן געזעץ האָט דער דאָזיקער ווייץ נישט געטאָרט געריירט ווערן און זיי האָבן אים פאַרקויפט. ער ווייסט נישט ווי אַזוי זאָל ער עס דערקלערן אין זיין באַריכט. איך האָב אים געגעבן

צו פאַרשטיין אַז די געדעטעניש אין דעם יאָר איז געווען זייער אַ שלעכטע, אַראָפּרעכענענדיק די הוצאות, וועט אפשר בלייבן דער קאָלאָניע קוים אויף זריעה און אויף ברויט. עס וואָלט געווען אַ גרויסער פעלער ווען די באַנק וואָלט צוגענומען דעם ווייץ פאַר אַ חוב פון פריערדיקן יאָר און דער מיטגליד זאָל אַזוי שווער ליידן פאַר די זינד פון די פריערדיקע פירערס, וואָס שטייען שוין מער נישט ביים רודער פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. פאַנדאַ קאַמונאַל האָט געמוזט פאַרקויפן די תבואה און אונטערקומען דעם קאָלאָניסט, ער זאָל קענען באַצאָלן פאַר די ליידיקע זעק, צודאַטן א״אַ.

דער אינספּעקטאָר האָט אָנגענומען די דאָזיקע דערקלערונג, און דערמיט איז דערליידיקט געוואָרן די דאָזיקע פיינלעכע פראַגע. עס זענען געבליבן נאָך אייניקע מינדערוויכטיקע פונקטן וואָס דער אינספּעקטאָר האָט געהאַט צו קאָנטראָלירן, כדי צו פאַרענדיקן זיין אויפגאַבע. שבת פאַרנאַכט, געפינענדיק זיך אין צימער פון דער בוכהאַלטעריע ווו איך האָב געאַרבעט, איז מיט רעש אַריינגעקומען דער אינספּעקטאָר און גיט צו מיר אַ זאָג: „דאָן איסאַק, דאָס וועל איך אייך נישט מוחל זיין!״. דערהערנדיק די רייד, בין איך באמת דערשראָקן געוואָרן. (גראָד איז סאַכאַראָוו מיט נאָך אַ פּאָר מיטגלידער בייגעווען די סצענע). „וואָס האָט פּאַסירט, סעניאָר לאָמבאַן?״ — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן. אין אַ ביסל אַן אויפגערעגטן טאָן האָט ער געזאָגט, אַז מיט אַלע אומרעגלמעסיקייטן וואָס ער האָט דאָ געפונען, מוז ער אָבער אָנערקענען, אַז ער האָט דאָ געטראָפן מענטשן מיט וועמען מ׳קען דיסקוטירן, וואָס שאַפן קאָאָפּעראַטיוויזם; נישט אומעטום טרעפט ער עס; אָבער דאָן איסאַק האָט זיך פאַרשפּאַרט אין אַ שמאָלן צירקל און וויל נישט וויסן פון די אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון, — דאָס וועט ער אים נישט מוחל זיין.

דאָס דערהערנדיק, איז מיר געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. איך האָב אים געפרעגט, צי בין איך נישט אונטערגעקומען ווען אַ קאָאָפּעראַטיוו האָט מיר געבעטן? איך האָב דאָך נישט קיין באַפולמעכטיקונג פון קיינעם צו באַזוכן קאָאָפּעראַטיוון אויסער די פון אונדזערע קאָלאָניעס. „אויב אַזוי, — זאָגט מיר דער אינספּעקטאָר, — מוזטו מיר צוזאָגן, אַז ווען איך וועל דיר רופן וועסטו קומען, וועל איך דיר מוחל זיין...״.

סאַכאַראָוו, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו דעם דאָזיקן געשפּרעך, האָט זיך געווענדט צום ה׳ לאָמבאַן און האָט אים געזאָגט, אַז אין זיין טענה צו דאָן איסאַקן האָט ער נישט געזאָגט קלאָר וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן; אפשר האָט ער געמיינט צו זאָגן, אַז דאָן איסאַק האָט זיך פאַרשפּאַרט צווישן דעם קרייז פון יידן און אינטערעסירט זיך נישט מיט די קאָאָפּעראַטיוון פון אַ נישט־יידישן עלעמענט? „איך — האָט סאַכאַראָוו דערקלערט, — בין אַ ייד.

אָבער ווי אַ מענטש בין איך אַן אינטערנאַציאָנאַליסט. פאַר מיר זענען אַלע מענטשן גלייך. ווען איך וואָלט געווען אין אַפריקע, צי אין יאַפּאַן, וואָלט איך געטאָן פאַר יענע מענטשן דאָס זעלביקע וואָס איך טו פאַר די מענטשן אין אַרגענטינע. ווי אַ קאָאָפּעראַטיוויסט וויל איך דיר זאָגן, ה׳ אינספּעקטאָר, אויב דו ווילסט מאַכן גוטע קאָאָפּעראַטיוון, לאָז יעדע עטנישע גרופּע זיך אָרגאַני־זירן צווישן זיך, ווייל זיי פאַרשטייען זיך איין בעסער, זיי האָבן זייערע גליי־כע געוווינהייטן. קאָאָפּעראַטיוויזם פאָדערט קודם־כל צוטרוי צווישן די מיט־גלידער, און ס׳איז שווער צו פאָדערן אַז פראַנצויזן מיט דייטשן, רוסן מיט יאַפּאַנער זאָלן האָבן צווישן זיך דעם צוטרוי וואָס ס׳פאָדערט זיך. אויב מיר האָבן געהאַט דערפאָלג, איז עס דערפאַר וואָס מיר זענען צופעליק יידן. מיר קענען נישט עסן אַלע פון איין טעלער, אָבער מיר קענען עסן אַלע ביי איין טיש. זאָל יעדע גרופּע שאַפן איר קאָאָפּעראַטיוו און נאָך דעם זאָלן די אַלע איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון אָרגאַניזירן איין פעדעראַציע. נאָר אַזוי וועט דער קאָאָפּעראַטיוויזם דערגרייכן צו זיין ציל.

לאָמבאַן האָט אויסגעהערט די עקספּאָזע פון ה׳ סאַכאַראָוון און צוגע־געבן, אַז ער איז גערעכט.

**
*

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט מען מיך גערופן טעלעפאָניש אין דער דירעקציע פון באַנק. דאָרט האָב איך געטראָפן דעם ה׳ לאָמבאַן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט נייטיק זיבן פאַרוואַלטערס פאַר קאָאָפּעראַטיוון און ער וויל, אַז איך זאָל אים רעקאָמענדירן די קאַנדידאַטן. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז נישט קיין סחורה וואָס מ׳קריגט עס אין מאַרק אויף אויסצוקלייבן. אַגב, איז אין אַלגעמיין שווער צו קריגן דעם טיפּ פאַרוואַלטער וואָס מיר פאַרלאַנגען. איך וועל זיך נאָכפרעגן און שפּעטער מיט עטלעכע טעג וועל איך אים געבן אַ תשובה.

ווען איך בין שוין געווען ביים אַרויסגאַנג פון באַנק, האָט לאָמבאַן מיך אָנגעיאָגט און מיר געזאָגט, אַז ער האָט פאַרגעסן איין דעטאַל, — די קאָאָ־פּעראַטיוון האָבן אים רעקאָמענדירט, אַז די פאַרוואַלטער דאַרפן נישט זיין קיין יידן. מיר האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט און איך האָב אים דערמאָנט סאַ־כאַראָווס ווערטער.

# דאָס שאַרפסטע געווער קעגן „פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ“

אויסער די אינערלעכע שטערונגען און קעגנפּראָפּאַגאַנדע, אָפּנאַרן זיך אַליין און די מיטגלידער, האָבן די קעגנערס וואָס האָבן געזוכט צו צעברעכן די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ זיך גענומען צום שאַרפסטן מיטל — צו שרייבן אין „די פּרעסע“ אָנגרייפנדיקע אַרטיקלען, מיט כלומרשטער זאָרג, וואָס דער פאַרוואַלטער יצחק קאַפּלאַן, איז סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער פעדע־ראַציע און ער וועט דעריבער מוזן פאַרנאַכלעסיקן זיינע פליכטן אין דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ; אַז ביי אונדז פאַרנעמט דער עיקר „דאָס פּינטעלע ייִד“ אַז אין קאָאָפּעראַטיוויזם טאָר נישט געמאַכט ווערן קיין אונטערשייד פון ייִד און נישט־ייִד, און נאָך אַזעלכע „געפערלעכע“ באַשולדיקונגען.

קעגן דער דאָזיקער טאַקטיק האָבן מיר באַנוצט אַ שטאַרקערן מיטל. מיר האָבן קיין מאָל נישט געענטפערט אין קיין פרעמדע פובליציסטישע אָרגאַ־נען. וואָרטמאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ וועכנטלעך בלעטל אין שפּאַניש, וועלכער פלעגט אָפט גיסן בוימל אויפן אַרטיפיציעלן פייער — ווייל מיר זענען גע־שטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די מעשים וועלן רײדן און איבערצייגן. אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר“ נומ׳ 159, אונטערן טיטל „דערקלערונג“, זאָגט זיך:

„מיר באַקומען אָפטע אָנפראַגעס, פאַר וואָס מיר ענטפערן נישט אויף געוויסע אַרטיקלען וואָס ווערן געדרוקט אין פאַרשיידענע אויס־גאַבעס קעגן פראַטערנידאַד אַגראַריאַ. מיר האָבן נישט געענטפערט, ווייל מיר זענען ווייט פון פּאָלעמיק. אונדזער אויפגאַבע איז אַרבעטן, שאַפן און גיין פאָרויס. מיר ווילן נישט און טאָרן נישט פאַרלירן קיין צייט און ענערגיע אויף „אויסטענהן זיך“.

ווייל מיר גלויבן אַז יעדע אינסטיטוציע איז אונטערגעוואָרפן דער עפנטלעכער מיינונג און די פירערס דאַרפן אויסהערן און לייענען אַלץ וואָס מ׳זאָגט און מ׳שרייבט, אַרויסנעמען דאָס ריכטיקע, די לאָגישע באַמערקונגען און פאַרבייגיין רויִק דאָס נישט־ריכטיקע. מיר זאָגן פאַרבייגיין רויִק, ווייל ענטפערן אויף סתם־קעגנערשאַפט, מאַכט אַמאָל דעם איינדרוק, אַז עפּעס איז דאָך מסתמא פאַראַן אמת, בעת אין דער ווירקלעכקייט זענען דאָס צוגעשריבענע, אויסגעטראַכטע זאַכן פון דעם שרייבער, וואָס קענען נישט גענומען ווערן ערנסט.

מען דאַרף פאַרשטיין אונטערשיידן קריטיק ביז סתם־אָנפאַלן. דאָס ערשטע ווערט געטאָן דורך מענטשן מיט אַ געזונטער קריטער־ע, פאַר וואָס די קריטיקירטע זענען דאַנקבאַר, און דאָס צווייטע קומט פון קרענקלעכע, נישט גוט־דערצויגענע מענטשן, אָדער פון זייערע פער־זענלעכע אַמביציעס, וואָס וואָלטן געוואָלט שלעפן די אינסטיטוציע אַראָפּ צו זייערע פאַרלאַנגען. נאַטירלעך, ערנסטע פאַרשטייערס וועלן נישט דערלאָזן אַז די קערפּערשאַפט זאָל זיך לאָזן פירן פון אַזעלכע.

אויב מיר זענען איצט אַרויס פון אונדזערע גרענעצן און גיבן יאָ אַ דערקלערונג, איז עס דערפאַר וואָס די קעגנערס זענען שוין אַוועק צו ווייט, און אויסער דעם וואָס זיי גיבן איבער פאַלשע פאַקטן, דער־גרייכן זיי שוין טיילוויז ביז דאָס, וואָס מען רופט פשוט אין יידיש: מסירה. מען באַשולדיקט די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ אין דעם וואָס זי האָט געביטן איר נאָמען און רופט זיך נישט מער יידישע אַגראַר־פעדעראַציע, און פאַר וואָס מ׳האָט איבערגעביטן דאָס וואָרט „קאָנגרעס" אויף „אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג". מיר וועלן דאָ איבערגעבן די פאַקטן:

ביים קאָנגרעס אין מאָזעסוויל איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס וואָס זאָגט, אַז דער 4טער קאָנגרעס פון דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע" באַפולמעכטיקט דעם ה׳ מאַרקאָס וואָרטמאַן צו מאַכן די נייטיקע שריט צו באַקומען „פּערסאָנעריאַ כורידיקאַ"* און ער קען אָננעמען אָן אַ פּריערדיקער באַראַטונג מיטן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער אינסטיטוציע, די מאָדיפיקאַציעס וואָס די רעגירונג וועט אָנווייזן. ה׳ וואָרטמאַן האָט דערפילט די מיסיע און האָט איבערגעגעבן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אַז לויטן נייעם געזעץ וועט מען נישט קענען באַקומען די „פּערסאָנעריאַ כורידיקאַ צוליב דעם וואָרט „איזראַעליטאַ". דעמאָלט האָט מען זיך איינפאַרשטאַנען מ׳זאָל בייטן דעם נאָמען אויף פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. און אַזוי האָט ה׳ וואָרטמאַן צוגעשטעלט דעם פּראָיעקט פון אונדזערע סטאַטוטן דער רעגירונג.

אין די באַמערקונגען וואָס די רעגירונג האָט נאָך דעם געמאַכט, זאָגט זיך: „אומעטום, ווו אין די סטאַטוטן ווערט דערמאָנט דאָס וואָרט „קאָנגרעס", דאַרף עס פאַרביטן ווערן אויף „פאַרזאַמלונג". (פאָליאָ 13, אַרטיקל 9).

אַזוי אַרום איז דאָס נישט געמאַכט געוואָרן מיט וועלכער ס׳איז

* יורידישע פּערזאָן.

כוונה, נאָר ווייל דער געזעץ זאָגט אַזוי. מיר האָבן נישט געענטפֿערט ווען מ׳האָט אונדז באַשולדיקט אין בייזע כוונות, ווייל מיר האָבן געוווּסט אַז די באַשולדיקער ווייסן פֿון דעם, נאָר זיי האָבן עס געוואָלט אויסנוצן פֿאַר די יעניקע וואָס זענען נישט גענוי באַקאַנט מיט די איינצלהייטן און פֿאַרלוימדן די פֿירערס פֿון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. און ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, — אַזעלכע זאַכן גייט מען פֿאַרביי. וואָס עס צווינגט אונדז אָבער צו שרייבן די דאָזיקע שורות, איז דערפֿאַר וואָס מ׳פֿאַרמסרט די גאַנצע יידישע אָרגאַניזאַציע און מ׳שרייבט אַז פֿאַר אונדז אַליין זענען מיר יידישע אַגראַר־פֿעדעראַציע און פֿאַרן דרויסן — פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. דאָס מאַכט דעם איינדרוק אַז מיר נאַרן די וועלט; עפּעס ווילן אַלע יידישע קאָלאָניסטן אָפּנאַרן דאָס געזעץ. וואָס פֿאַר אַ ווירקונג אַזעלכע מסירות קענען האָבן אויף דער נישט־יידישער וועלט קען יעדערער אַליין אָפּשאַצן. דאָס איז אַן איינפֿאַכער בילבול.

מיר האָבן דערקלערט ביי יעדער געלעגנהייט און דערקלערן, אַז נישט איצט און נישט ווען מיר האָבן זיך גערופֿן יידישע אַגראַר־פֿעדעראַציע האָבן מיר געהאַט כוונות אָפּצוזונדערן זיך. מיר זענען פֿון די ערשטע וואָס זענען פֿאַר אַ פֿאַראייניקונג פֿון אַלע ערד־אַרבעטער און אַלע קאָאָפּעראַטיוון, אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע און ראַסע. מיר זענען אָבער איבערצייגט, אַז כדי דאָס צו דערגרייכן איז נייטיק צו פֿאַראייניקן די אַלע וואָס פֿאַרשטייען זיך איין בעסער דורך שפּראַך, דורך זיטן און געוווינהייטן, און די אַלע גרופּירונגען זאָלן שאַפֿן צווישן זיך נאָך דעם איין גרויסע אָרגאַניזאַציע. דאָס איז די בעסטע און פּראַקטישסטע פֿאָרעם צו דערגרייכן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

מיר זענען פֿון די ערשטע וואָס האָבן אָנגעהאַלטן ביי די קאָנגרעסן און איבעראַל, אַז דאָס געזעץ פֿון די קאָאָפּעראַטיוון דאַרף שטרענג רעספּעקטירט ווערן, כאָטש מיר זענען דערפֿאַר אַז אייניקע פּונקטן דאַרפֿן איבערגעביטן ווערן, וואָס זאָלן זיין מער צוגעפּאַסט צום אַגריקולטור־קאָאָפּעראַטיוו. מיר וואַרפֿן, אַלזאָ, אָפּ יעדן בילבול וואָס עס ווערט געמאַכט אויף דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. וואָס שייך די בילבול־מאַכער, ווילן מיר זיי פֿאַרבייגיין״.

**
*

צוליב דער וויכטיקייט פֿון דעם דאָזיקן דאָקטרינערן פּונקט, ברענג איך דאָ אַ קאָפּיע פֿון צוויי אַרטיקלען וואָס איך האָב געשריבן אין „קאָלאָניסט קאָאָ־

פּעראַטאָר״, נומערן 186 און 196, אין װעלכע עס װערט באַהאַנדלט דער דאָזיקער ענין. דער ערשטער, אונטערן טיטל „יִדישע אָדער נישט־יִדישע קאָאָפּעראַטיװן״, לייענט זיך אַזוי:

„עס איז שוין אַ סך מאָל באַרירט געװאָרן די פראַגע איבער דעם כאַראַקטער פון אונדזערע קאָאָפּעראַטיװן, װאָס זענען זיי און װאָס דאַרפן זיי זיין? פאַקטיש איז זייער צוזאַמענשטעל אַ יִדישע. ביי איין טייל — אין אַלע הונדערט פּראָצענט, און אין אייניקע קאָאָפּעראַטיװן זענען פאַראַן אָנגעשלאָסענע מיטגלידער אויך נישט קיין יִדן, אָבער אין אַ גאַנץ קליינער פּראָפּאָרץ. דאָס געזעץ פון לאַנד זאָגט, אַז ביים אַריינעמען אַ מיטגליד טאָר מען אויף אים נישט אַרויפצװינגען די אָנגעהעריקייט צו אַ רעליגיע, פּאָליטישער אָדער װעלכע ס׳נישט איז נאַציאָנאַלער צי געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע.

פאַר אונדז אַליין איז נאָך נישט קלאָר װאָס ס׳לוינט בעסער פאַרן קאָאָפּעראַטיװיזם אין אַלגעמיין און פאַר יעדן קאָאָפּעראַטיװ באַזונדער, סיי פון אידעאַליסטישן װי פון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט; װעלכע װעגן װעלן פירן גרינגער צום ענדציל, — דער קאָסמאָפּאָליטיזם, די אָרגאַניזאַציעס װאָס זענען צונויפגעשטעלט פון פאַרשיידענע עלעמענטן, אָדער פעסטע גרופּירונגען פון איינהייטלעכע עלעמענטן? אין װעלכער פון די צװיי פאָרמען װעט זיין לייכטער צו געפינען די האַרמאָניע פאַר אַ צוזאַמענאַרבעט, פאַר אַ קעגנזייטיקן צוטרוי?

איך װייס אַז דאָס איז אַ דעליקאַטע טעמע. ס׳זענען פאַראַן קאָאָפּעראַטיװיסטן װאָס האָבן זייערע איבערצייגונגען און װעלן זיכער נישט װעלן נאָכלאָזן אויף קיין האָר פון דאָס װאָס זיי דענקען פאַר ריכטיק און גוט און װעלן געװיס נישט מסכים זיין מיט מיין מיינונג. דאָך, װיל איך זיך אַריינלאָזן אַ ביסל טיפער אין דער פראַגע און אויב דאָס װעט אַרויסרופן אַ דיסקוסיע, װעט עס זיכער זיין לטובת דעם קאָאָפּעראַטיװיזם.

קאָאָפּעראַטיװיזם איז נישט די ערשטע באַװעגונג װאָס איז אַרויס מיט דעם פּרינציפּ: אָן אונטערשייד פון רעליגיע אָדער ראַסע. די פראַנצויזישע רעװאָלוציע איז געװען די יעניקע װאָס האָט פּראָקלאַמירט גלייכקייט פאַר אַלע בירגער, גערעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן. די פראַנצויזישע רעװאָלוציע האָט געצװוּנגען דער מענטשהייט זיך צו פאַרטראַכטן אַז ס׳קען נישט און דאַרף נישט זיין קיין אונטערשייד פון מענטש צו מענטש. אין די האָניק־מאָנאַטן פון דער רעװאָלוציע האָט

מען געמיינט באמת, אַז אַזוי וועט עס טאַקע שוין בלייבן. אומגליקלעך־כערווייז, איז נישט אַריבער קיין סך צייט און די ראַסן־שנאה האָט ווי־דער אַרויסגעשפּראָצט מיט איר גאַנצער קראַפט. מ׳זוכט איר צו פאַר־דעקן, אָבער זי איז פאַראַן. קיינער וועט עס נישט לייקענען. זי באַ־ווייזט זיך אַ מאָל אין אַ שוואַכערער און אַ מאָל אין אַ שאַרפערער פאָ־רעם, אָבער זי איז פאַראַן.

וואָס איז נאָך גרעסער פון די טעמפּלען פון וויסנשאַפט, ווו מען לערנט און מ׳פאָרשט אַלערליי וויסנשאַפטן אין די אוניווערסיטעטן; ווו ס׳איז דער צענטער פון חכמה, די קוואַלן פון אינטעליגענץ; ווו מ׳לערנט משפט און יושר; דאָרט ווו ס׳ווערן דערצויגן די וואָרטזאָ־גערס און פירערס פון דער וויסנשאַפט? — אין יענע טעמפּלען איז אויך פאַראַן אַ געזעץ, אַז די וויסנשאַפט איז פאַר אַלעמען און דער אוניווערסיטעט נעמט אַריין אַלע אָרנטלעכע פעיקע מענטשן; די ביל־דונג, די תורה איז פאַר אַלעמען גלייך, ווער ס׳וויל לערנען זאָל קומען און לערנען. וואָס זעען מיר אָבער אין דערווירקלעכקייט? שוין נישט ריידנדיק פון די ביוראָקראַטישע לענדער, ווו מ׳באַגרענעצט אָפּן דאָס לערנען פאַר אַ טייל בירגער, ווו עס ווערט אָנגעפירט דער העסלעכ־סטער ראַסן־האַס, סאַמע דאָרטן ווו ס׳האָט געדאַרפט הערשן די מענ־טשלעכע ליבע. ווייל אַלע וואָס לערנען אַלגעמיינע בילדונג איז דאָך דאָס צום נוצן פון דער מענטשהייט, נאָר אַפילו אין די דעמאָקראַטישע לענדער — צום גרויס באַדויערן, — זענען זיי אויך נישט פריי פון פאָראורטיילן.

לאָמיר נעמען דעם קאָמוניזם, אין וועלכן קיינער צווייפלט נישט אַז ער וויל מיט דער גאַנצער ערנסטקייט אויסראָטן אַלע אונטערשיידן פון קלאַסן. די דאָזיקע שיטה אָנערקענט אַלע מענטשן וואָס זענען נוצ־לעך פאַר דער געזעלשאַפט פאַר גלייך, דאָך זעען מיר, אַז דאָס וואָס ס׳האָט פּאַסירט נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע חזרט זיך איבער אויך נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, ווייל קאָמוניזם ווי אַן אידעאַל איז איין זאַך און דער קאָמוניסט אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן איז אַ צווייטע זאַך. קיינער וועט נישט לייקענען, אַז דער קאָמוניזם דערלויבט נישט אין זיין מיט קיין דיפערענצירונגען; דער נאָמען אַליין באַשטע־טיקט עס, דאָך לייענט מען גאַנץ אָפט פון געשעענישן וואָס באַווייזן, אַז געפילן וואָרצלט מען נישט אויס אַזוי לייכט. נישט די דעמאָקראַ־טיע פון פראַנקרייך, נישט די איצטיקע פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור פון

רוסלאַנד און נישט די וויסנשאַפט זענען אין שטאַנד אויסצוואָרצלען די שנאה, די אַנטיפּאַטיע, די פּאָראורטיילן פון פעלקער און ראַסן.

איצט ווען מיר נעמען פאַר אַ פאַקט טאַקע דעם קאָאָפּעראַטי־וויזם אַליין. מיר זענען אַלע איבערצייגט, אַז די קאָאָפּעראַציע איז באַ־רופן אויסצומיידן די עקספּלאָטאַציע פון מענטש צו מענטש, זיך צו העלפן קעגנזייטיק, צו פאַרשפּרייטן ברידערלעכקייט און פריינדלעכ־קייט. דער קאָאָפּעראַטיוויזם איז אַ ווירקזאַמער מיטל אויסצופיינערן די מענטשלעכע געפילן, מ׳זאָל זיך איינגעוווינען צו זיין שטענדיקע גוטע שותפים. פון דעסטוועגן איז אַלעמען באַקאַנט, אַז אין פוילן האָט מען באַנוצט דעם קאָאָפּעראַטיוויזם מיט דער כוונה צו שעדיקן דירעקט די יידן.. עס קלינגט ממש ווילד, ווי איז דאָס מעגלעך אַזאַ געדאַנק ביי קאָאָפּעראַציע, ווען מ׳ווייסט אַז קאָאָפּעראַטיוויזם איז אַ פאַרטיידי־קונג־אונטערנעמונג און נישט קיין אַנגרייפערישע. ליידער, איז די קאָאָ־פּעראַציע — ווי געזאָגט, — אין פוילן געווען אַ מיטל מיט בייזע כוונות קעגן אַ געוויסער ראַסע.

די אויבן ציטירטע פאַקטן האָב איך געבראַכט נישט צו באַקלאָגן זיך אָדער באַווייזן די שלעכטקייט פון די מענטשן צו ווערן פריידיקן אָפּגעזונדערטקייט. ניין, איך בין גאַנץ ווייט פון דעם און ווינטש ס׳זאָל וואָס גיכער קומען די צייט, ווען שלום און אחדות וועלן געוועלטיקן אויף דער וועלט. איך האָב געבראַכט די עטלעכע פאַקטן אויף צו באַ־ווייזן, אַז די זאַכן זענען אָט אַזוי ווי זיי זענען, מען זאָל זיך אַליין נישט אָפּנאַרן און ווייסנדיק אונטער וועלכע באַדינגונגען אונדז קומט אויס צו אַרבעטן, זאָלן מיר קענען קלאָר אָנווייזן וואָס אונדז בלייבט צו טאָן בכדי דאָך צו דערגרייכן דעם צוועק, אַז דער קאָאָפּעראַטיוויזם זאָל ווערן אַן אַלוועלטלעכע אָרגאַניזאַציע פון אַלע קלאַסן און שיכטן, אָן אונטערשייד פון ראַסע און רעליגיע.

עס זענען פאַראַן מיינונגען, אַז מ׳דאַרף אַריינגעמען אַלערליי מיט־גלידער און קאָאָפּעראַטיוון פון פאַרשיידענע עלעמענטן צונויפגעע־שטעלטע, זאָלן זיך פאַראייניקן, באַגרינדנדיק, אַז ווייץ צי ליאָן אָדער אַנדערע פּראָדוקטן וואָס מיר פאַרקויפן און קויפן האָבן נישט קיין באַ־זונדערע צייכנס — עס איז אלצאיינס און ס׳איז נישטאָ פאַר וואָס צו זיין אָפּגעזונדערט, — דאָס איז דער אידעאַל. ס׳איז אָבער אַן אָנגענו־מענער כלל ביים קאָאָפּעראַטיוויזם, אַז כדי די אָרגאַניזאַציע זאָל זיך קענען אַנטוויקלען און פּראָגרעסירן איז אומבאַדינגט נייטיק אַ קעגנ־זייטיקער צוטרוי; די מיטגלידער זאָלן זיך איינפאַרשטיין, זאָלן זיך גוט

קענען. אָן די דאָזיקע אייגנשאַפטן קען קיין קאָאָפּעראַטיווע נישט עק־סיסטירן. עס קענען נישט זיין קיין שותפים אַזעלכע וואָס האָבן נישט דעם פולן צוטרוי איינער צום אַנדערן. איצט פרעגט זיך: וואָס איז מער אָננעמלעך — צו מאַכן געמישטע געזעלשאַפטן, וואָס דאָס אַליין איז אַן אָפּהאַלט פאַר פּראָגרעס פון דעם קאָאָפּעראַטיוו, אָדער עס זאָלן זיך אָרגאַניזירן ייִדן באַזונדער און די ייִדישע און נישט־ייִדישע קאָאָ־פּעראַטיווען זאָלן זיך איינפאַרשטיין, ווי אַזוי געמיינזאַם דורכצופירן די אַלגעמיינע אַרבעטן? איך בין פאַר דער צווייטער פאָרעם. דאָס איז געזינטער פאַר אונדז און געזינטער פאַר דער קאָאָפּעראַציע.

דאָס וואָס איך זאָג איז נישט קיין נייעס. אין אַלע אַנדערע באַוועגונגען, ווי ביים סאָציאַליזם און קאָמוניזם אַפילו שאַפן זיך באַזונדערע ייִדישע סעקציעס, וועלכע פאַרשפּרייטן דעם אידעאַל צווישן אייגענע, אויף דער אייגענער שפּראַך, מיט דער אייגענער מוזיק, מיט דעם איי־גענעם ליד, מיט דער אייגענער קריגערייִ, — אַלצדינג אייגענע. אַזוי פאַרשטייען די אָנפירערס פון יעטווידער גרויסער באַוועגונג, ווייל דאָס איז דער פּראַקטישסטער וועג צו קומען גיכער צום אידעאַל. דאָ איז נישט פאַראַן קיין שאָוויניזם, נישט קיין פאַנאַטיזם — דאָס איז די ווירקלעכקייט, דאָס לעבן האָט אַזוי איינגעאָרדנט. די מענטשן זענען צווישן זיך פונאַנדערגעטיילט מיט די געוווינהייטן, מיט די טראַדי־ציעס, מיט דעם אַרט לעבן, מיט פאַרשיידענע אויפפאַסונגען און יע־דער פּרווו דאָס צו פאַרמיידן האָט זיך נישט איינגעגעבן און וועט זיך נישט איינגעבן. זאָגן טאַקע אייניקע אָפט מאָל מיט איראָניע, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן אונדז און אַנדערע? וואָס מיר עסן הערינג און יענע עסן לאָקשן? איך זאָג עס נישט איראָניש, פאַר מיר איז עס אַ גאַנץ ערנסטער ענין. די וואָסריידן באַזונדערע שפּראַכן, עסן פאַר־שיידענע עסנס און טרינקען פאַרשיידענע געטראַנקען, וועלן זיך זייער שווער איינפאַרשטיין.

דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן ווערט צונויפגעשטעלט פון אַזעלכע קלייניקייטן, וואָס מ'מוז זיך מיט זיי רעכענען. לאָמיר זיך אַליין אַקאָרשט אַ פרעג טאָן: אָט האָבן מיר, צום ביישפּיל, אַ קאָאָפּעראַטיוון יום־טוב, אַ פאַרזאַמלונג, אַ פאַרוויילונג און עס קומען זיך צונויף די מיטגלידער מיט זייערע פרויען, זין און טעכטער. גלייבט איר נישט, אַז אַ באַקאַנטער עולם איז צוטרוילעכער און מ'קומט זיך צונויף גי־כער?

מעג מען ריידן וויפל מען וויל פון פאָרגעשריטנקייט, פון אַל־

מענטשלעכקייט און מ׳מעג מיר אַפילו אָנרופן ווי אַ צוריקגעשטאַנע־נער, איך בין אָבער פעסט ביי מיין מיינונג, אַז דער דאָזיקער פאָר־שריפט געווינט מער פון דער פרייער באַוועגונג פון יעדער גרופּע אָדער פאַך אין אַזאַ לאַנד ווי אַרגענטינע, ווו די איינוווינער זענען צום מערסטן אימיגראַנטן פון פאַרשיידענע נאַציעס, פאַרשיידענע רעליגיעס, — וועט דער קאָאָפּעראַטיוויזם פיל מער געווינען ווען מען וועט אונ־טערשטיצן די געזעלשאַפטן פון יעדער עטנישער גרופּע באַזונדער. אויף אַזאַ אופן וועלן זיי זיך גוט פאַרפעסטיקן אינעווייניק, די פרייע קאָאָפּעראַציע דאַרף האָבן אַ פּאָלקאָמענע פרייע באַוועגונג. און ווי גע־זאָגט, — נאָך דעם קענען געשאַפן ווערן לאַנד־אָרגאַניזאַציעס פון די אַלע אָרגאַניזירטע עטנישע גרופּעס.

אַגב איז כדאי צו רופן די אויפמערקזאַמקייט, אַז גראָד נישט־יידן גיבן צו אַז אויב עס זענען פאַראַן יידישע קאָאָפּעראַטיוון וואָס פאַרנעמען היינט אַזאַ אָנגעזעענעם פּלאַץ און זענען אַזוי גוט איינגע־אָרדנט איז דאָס פיל צו פאַרדאַנקען די איינהייטלעכקייט פונעם עלע־מענט דאָס ריידן די זעלביקע שפּראַך און דאָס באַזיצן די זעלביקע זיטן. און דאָס דאָזיקע זאָגן גוטע קאָאָפּעראַטיווע טעאָרעטיקער. נאָר גראָד ביי אונדז אַליין רעדט מען דאָס פאַרקערטע. איך זאָג נאָך אַ מאָל, אַז אויב מיר ווילן האָבן גוטע קאָאָפּעראַטיוון און פאַרשפּרייטן דעם קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל, זאָלן זיך פאַראייניקן די יעניקע וואָס פאַרשטייען זיך בעסער; זאָלן זיי מאַכן זיכערע געזעלשאַפטן, די גע־זעלשאַפטן זאָלן זיך פאַראייניקן אין פעדעראַציעס און די פעדעראַציעס פון די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס זאָלן פאָרמירן איין גרויסע קער־פּערשאַפט. נאָר אַזוי אַרום קענען מיר האָפן אויף אַן אמתן פאָרשריט, אָן מורא פאַר אַ שפּעטערער צעפאַלונג".

**
*

דער צווייטער אַרטיקל אונטערן טיטל „דאָס פּינטעלע ייד":

„פון זינט די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ איז געגרינדעט געוואָרן איז גלייך אַרויפגעשוואומען די יידישע פראַגע. עס קלינגט טאַקע פּאַראַ־דאָקסאַל, אַז ביי יידן זאָל אויפקומען אַזאַ מין פראַגע, עס איז אָבער אַ פאַקט. באַלד ביים אָנהייב זענען געווען צוויי שטאַנדפּונקטן: איינער, וואָס איז געשטאַנען פעסט, אַז די קערפּערשאַפט וואָס שאַפט זיך זאָל פאַרטרעטן אַלע אינטערעסן וואָס זענען נוגע די יידישע קאָלאָניסטן

און די ייִדישע קאָאָפּעראַטיוון און קען מיטאַרבעטן מיט אַלע אַנדערע קערפּערשאַפטן פאַר די זעלביקע צוועקן; און אַ צווייטע האָט אָנגע־האַלטן, אַז די פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ, אָדער ווי מ׳האָט איר דעמאָלט גערופן, די ייִדישע אַגראַר־פעדעראַציע דאַרף זיך באַגרענעצן בלויז אויף ספּעציפיש־ייִדישע אַגריקולטור־פּראָבלעמען, וואָס קענען פון צייט צו צייט פאָרקומען און וועגן אַלע אַנדערע אַלגעמיינע פּראָבלעמען זאָל מען זיך אָנשליסן אין דער דעמאָלט שוין עקסיסטירנדיקער קערפּער־שאַפט.

אויפן 2טן קאָנגרעס אין דאָמינגעז, זענען די דאָזיקע ביידע שטאַנדפּונקטן ברייט דיסקוטירט און באַלויכטן געוואָרן און די גרוי־סע מערהייט פון די בייוועזנדיקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך אַרויסגע־זאָגט דערפאַר, אַז די ייִדישע אַגראַר־פעדעראַציע נעמט אַריין אין איר פּראָגראַם אַלע פּראָבלעמען — גרעמיאַלע ווי קאָאָפּעראַטיווע. ס׳איז אַזוי אָנגענומען געוואָרן, ווייל דאָס לעבן פון די קאָאָפּעראַטיוון האָט אַזוי דיקטירט. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די צענטראַלע דאַרף זיין דער אויסדרוק פון די געזעלשאַפטן וואָס שטעלן איר צונויף. און ווי באַוווסט, פאַרטיידיקן אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון די אינטערעסן פון די מיטגלידער — נאָך ביז היינט צו טאָג, — אויף אַלע געביטן, אָן אונ־טערשייד.

דערמיט אָבער, האָט זיך עס נישט געענדיקט. ביי די שפּעטער־דיקע קאָנגרעסן פלעגט מען ווייטער אַרויפברענגען דעם ענין צו דיס־קוטירן, און מערקווירדיק, יעדעס מאָל איז עס געקומען מצד דער אָפּאָזיציע. אַזוי האָבן מיר באַמערקט, אַז די זעלביקע פּערזאָנען וואָס האָבן ביי אַ פריערדיקן קאָנגרעס אָנגעהאַלטן איין שטעלונג, זענען ביים צווייטן קאָנגרעס געווען די וואָס האָבן פאַרלאַנגט, אַז די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ זאָל בייטן איר כאַראַקטער; די זעלביקע וואָס זענען געווען דערפאַר, אַז מ׳קען נישט פונאַנדערטיילן די אויפגאַבעס און עס מוז זיין איין ייִדיש־קאָלאָניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַר אַלע אונדזערע אינ־טערעסן, זענען שפּעטער מיט אַ יאָר געקומען און געטענהט, אַז מ׳מוז ספּעציפיצירן די אַרבעט. אַזוי אַז ס׳איז נישט געווען קיין פעסטע לי־ניע און אונטער אַזעלכע באַדינגונגען האָט זיך געשאַפן די פּראַטער־נידאַד אַגראַריאָ מיט איר ביוראָ אין בוענאָס־אײַרעס.

איך בין געווען פון דעם ערשטן מאָמענט דערפאַר, אַז די אָרגאַ־ניזאַציע וואָס מיר שאַפן דאַרף טראָגן דעם ייִדישן שטעמפּל, ווייל מיר זענען ייִדן, ווייל די קאָלאָניזאַציע אונדזערע איז אַ ייִדישע, ווייל אונ־

דזערע קאָאָפּעראַטיוון זענען יידישע. דאָס האָב איך אונטערגעשטראָכן ביי אַלע קאָנגרעסן און ביי יעדער געלעגנהייט און בין אויך איצט פעסט ביי מיין מיינונג, אַז דאָס פּינטעלע ייד טאָרן מיר פון ערגעץ נישט אַוועקנעמען און ס׳זענען נישטאָ קיין סיבות עס אַוועקצונעמען, דערפאַר ווייל דאָס איז דער בעסטער און זיכערסטער מיטל צו שאַפן אַ בעסערן קאָאָפּעראַטיוויזם; דאָס קענען זיך בעסער צוזאַמענריידן, די זעלביקע זיטן און טראַדיציעס; די זעלביקע מעלות און חסרונות וואָס מיר פאַרמאָגן איז אַ גרויסער פאַקטאָר צום דערפאָלג פון דער קאָאָ־פּעראַטיווער אַרבעט. איך פאַרשטיי אויך, אַז מיר, ווי יידן, דאַרפן ציען נישט בלויז מאַטעריעלע נוצן פונעם קאָאָפּעראַטיוויזם, נאָר אויך מאָראַלישע. דאָס איז אפשר דער עיקר.

אויב מיר, ווי יידן, האָבן באַוויזן צו אָרגאַניזירן גוטע קאָאָפּע־ראַטיוון און אויב די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון קענען זיך פאַראייניקן אין איין פאַרבאַנד, דאַרפן מיר דאָס באַנוצן ווי אַ יידישן פאַרטיידי־קונג־פונקט. זאָל דאָס לאַנד און די וועלט וויסן, אַז מיר באַטייליקן זיך אין פראָפּאָרץ צום אַלגעמיינעם פּראָגרעס.

עס זענען פאַראַן אַזעלכע פון אונדזערע פירערס, וואָס דענקען אַנדערש. זיי ווילן זיך נישט איינשפאַרן אין אַ קליין טייכעלע און ווילן בעסער שווימען אין אַ גרויסן ים. איך וויל דאָס אויך, אָבער מיט דעם אונטערשייד, וואָס יענע ווילן שווימען ווי קליינע פישעלעך וואָס קע־נען צו יעדער צייט איינגעשלונגען ווערן און מ׳זאָל זיי מער נישט אַרויסזען, און איך וויל מיר זאָלן שווימען אין גרויסן ים, ווי אַ גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט אַנדערע גרויסע אָרגאַניזאַציעס.

זאָל דאָ קלאָר געזאָגט ווערן, אַז פאַר קיין פאַל בין איך פאַר אָפּ־זונדערן זיך. ניין, מיר דאַרפן און מוזן מיטאַרבעטן מיט אַלע אַנדערע ענלעכע אָרגאַניזאַציעס. מיר דאַרפן מיטאַרבעטן מיט אַלע קאָאָפּעראַ־טיווע און גרעמיאַלע אָרגאַניזאַציעס, און איך בין מער ווי זיכער, אַז אויף אַזאַ אופן, ווען מיר וועלן פאַרנעמען אונדזער אייגענעם פּלאַץ אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג, וועלן מיר אַ סך מער נוצן ברענגען זיך און אַנדערע, ווי ווען מיר זאָלן זיך אַריינגיסן אין אַנדערע אָרגאַ־ניזאַציעס. דאָס זאָג איך נישט, ווייל כ׳וויל מיט עמיצן פּאָלעמיזירן, נאָר מיט מיין טיפסטער איבערצייגונג אַז דאָס איז דער איינציקער ראַ־יעלער וועג אויף וועלכן מיר דאַרפן גיין. די פּראַקטיק האָט אונדז באַוויזן, אַז פאַר דער קורצער צייט וואָס די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ איז טעטיק, ווערט זי אָפּגעשאַצט אין אַלע ספערעס אלס וויכטיקע אינ־

סטיטוציע מיט וועלכער מ׳רעכנט זיך, טראָץ אַלע שווערע עקאָנאָמי־שע באַדינגונגען וואָס ס׳קומט איר אויס דורכצומאַכן. אַלע ווייסן אַז דאָס איז אַ קערפּערשאַפט פון ייִדן און פאַר ייִדן, און דאָס איז אפשר דער גרעסטער פאַרדינסט וואָס ס׳דאַרף צוגערעכנט ווערן דער פראַ־טערנידאַד אַגראַריאַ. דאָס איז אַ וויכטיקער פונקט אין דעם אַקטיוו פון די ייִדן אין אַרגענטינע, אַ דאַנק דעם פאַראייניקטן קאָאָפּעראַטיוויזם אונדזערן.

און אַז איך פרעג ביי מיר: וואָס שטייט העכער, אָפּשפּאָרן פאַר אַ מיטגליד מיט עטלעכע פּעזעס מער אַ יאָר, אָדער באַשיינען זיין נאָמען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ייִדן? — איז מיין ענטפער, אַז דאָס צווייטע שטייט טויזנטער מאָל העכער. און עס וואָלט געווען און עס וועט שטענדיק זיין שענער פאַר אונדז, און ווי שוין געזאָגט, געזינטער פאַרן קאָאָפּעראַטיוויזם ווי פאַרן גרעמיאַליזם אין אַלגעמיין, ווען מיר וועלן אין אָרקעסטער פאַרנעמען אונדזער אייגענעם פּלאַץ און געבן אונ־דזער אייגענעם טאָן, וואָס זאָל זיך הערן און ווירקן. איך ווייס די אַלע אַרגומענטן וואָס ווערן אָנגעווענדט קעגן מיין מיינונג: „מיר זענען שכנים מיט אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון און די עקאָנאָמישע אינטערעסן זענען איינע און די זעלביקע״, „אַז דאָס געזעץ דערלויבט נישט קיין נאַציאָנאַליזם אין קאָאָפּעראַציע״. איך זאָג צום הונדערטסטן מאָל, אַז איך בין אַ גרויסער אָנהענגער פון אַ דערנענטערונג און צוזאַמענבונד פון אַלע קאָאָפּעראַטיוון פון לאַנד ווי פון אויסלאַנד. דאָס דאַרף זיין אַלעמענס שטרעבונג, אַנדערש וועט די קאָאָפּעראַציע נישט דערגרייכן איר ציל, נאָר די פאָרעם ווי אַזוי מיר זאָלן זיך דערנענטערן, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך צוזאַמענבינדן, — דאָ האַלט איך אַז מיר דאַרפן עס טאָן ווי איינע אַ גרויסע פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע, טאַקע צוליב דעם כדי מיר זאָלן בלייבן גאַנץ אַלס אַזעלכע ווי מיר זענען. און וואָס אָנבאַ־לאַנגט דעם געזעץ, האָב איך שוין דערמאָנט, אַז מיר טוען עס נישט צוליב נאַציאָנאַליזם, נאָר צוליב ריין־פּראַקטישע טעמים, פון וועלכע עס געניסט דער קאָאָפּעראַטיוויזם און דאָס ייִדנטום.

און אַז איך בלאָנדזשע נישט מיט מיין מיינונג, דינט דער פאַקט, וואָס אין אַנדערע לענדער, ווי פּוילן, רומעניע, ליטע, זענען די ייִדישע קאָאָפּעראַטיוון פאַראייניקט אין ספּעציעל ייִדיש־קאָאָפּעראַטיווע פאַר־באַנדן און זייער ריכטונג איז נישט נאָר אַן עקאָנאָמישע, נאָר זיי ווילן טאַקע דורכן קאָאָפּעראַטיוויזם האַלטן הויך דעם סטאַנדאַרט פון ייִדישן נאָמען. אין רומעניע איז אויך פאַראַן אַ געזעץ פאַר קאָאָפּעראַטיוון

וועלכער גיט גרעסערע פּריווילעגיעס ווי אונדזער געזעץ. דאָך, אין דעם פּאָרטראַג וואָס ס'איז געהאַלטן געוואָרן ביי דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די באַפולמעכטיקטע פון פאַרבאַנד פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין בעסאַראַביע אין חודש מערץ פון דעם יאָר, און נאָך דעם ווי ס'איז באַלויכטן געוואָרן מיט אַלע איינצלהייטן ווי אַזוי די קאָאָפּעראַטיוון קענען פּראָפּיטירן ווען זיי שליסן זיך אָן אין גע־זעץ, קומען זיי צום שלוס און ראַטן:

„אין פאַל פון איבערגיין אויפן נייעם געזעץ, האָבן מיר פאָר־געלייגט פאָלגנדיקן פּלאַן:

1) איין אוניאָן ספּעציעל פאַר די יידישע קאָאָפּעראַטווין אין גאַנץ רומעניע;

2) צו איין פעדעראַלע פאַר יעדער פּראָווינץ באַזונדער;

3) אויב דער „אָפּיטשיאַל נאַציאָנאַל" וועט סאַנקציאָנירן דאָס גרינדן אַ יידישע אוניאָן און פעדעראַלעס, זאָל מען צוטרעטן צו ענדערן די סטאַטוטן און די ליי־ און שפּאָר־קאַסעס, לויטן נייעם געזעץ".

ווי ס'איז צו זען, פאַרשטייען די יידן אין רומעניע צו פּאַרטיי־דיקן זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן דורך דער קאָאָפּעראַציע. זיי האָבן אַ גרויסע נעץ פון קאָאָפּעראַטיוון איבערן גאַנצן לאַנד, אָבער זיי שטייען פעסט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז מ'קען נישט און עס לוינט נישט איינפאַך זיך אַריינגיסן אינעם שטראָם. עס זענען פאַראַן אין נאָרד־אַמעריקע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון. אין בעלגיע זע־נען פאַראַן קאָאָפּעראַטיוון וואָס האָבן אַ דירעקטע אָנגעהעריקייט צו פּאָליטישע פּאַרטייען אָדער רעליגיעזע סעקטעס. און מי לנו גדול פון שאַרל זשיד, דער מייסטער פון דעם היינצייטיקן קאָאָפּעראַטיוויזם, איז געווען דער וואָס האָט געקעמפט קעגן דעם, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן האָבן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, ווייל עס איז געווען אַ צייט אין פראַנק־רייך, ווען די סאָציאַליסטן האָבן געוואָלט ציען פּאַרטיי־נוצן פון דער קאָאָפּעראַציע און ער האָט זיך קעגנגעשטעלט און האָט זיי איבער־צייגט אַז ער איז גערעכט. פון דעסטוועגן האָט שאַרל זשיד באַגריסט די יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילן. ער האָט זיי נאָר געמאַכט אויפ־מערקזאַם אויף דעם, וואָס זיי האָבן נאָך נישט קיין קאָנסום־קאָאָפּע־ראַטיוון און זאָגט אָבער גאָר נישט דאַקעגן וואָס זיי זענען יידישע קאָאָ־פּעראַטיוון.

לאָמיר זיך נישט נאַרן. ווען מיר זעען ווי יעדעס לאַנד העלפּט מיט דעם קאָאָפּעראַטיוויזם, פאַר וואָס טוען זיי עס? — זיי טוען עס צוליב ריין־נאַציאָנאַלע צוועקן. זיי ווילן אַז די נאַציעס זאָל דורך דעם פּראָפּיטירן. אין רוסלאַנד שטייט דער קאָאָפּעראַטיוויזם דירעקט צו דינסט דער פּאָליטיק פון לאַנד; פראַנקרייך גיט ביליקן קרעדיט די קאָאָפּעראַטיוון אויסדריקלעך, ווייל זי וויל העלפן איר לאַנד, אירע בירגער. און פאַר וואָס זאָלן מיר, ייִדן, אויך נישט האַנדלען מיט דער זעלביקער קריטעריע? דער קאָאָפּעראַטיוויזם האָט זייער אַ הומאַניטאַרע מיסיע. איך בין איבערצייגט, אַז נאָר די קאָאָפּעראַציע איז אין שטאַנד צו דערנענטערן די מענטשן פון דער גאַנצער וועלט צו אַן איינפאַרשטענדעניש. נישט די „קיילעכדיקע טישן", נישט קיין פּאָליטיק, וועלכע זי זאָל נישט זיין, וועט זיין אין שטאַנד אַרויסצושלעפּן די וועלט פון דעם גרויסן פּלאָנטער. דער ווירקזאַמסטער פאַקטאָר פאַר אַ פאַרברידערונג און פאַר אַן אָרנטלעכער באַציִונג פון מענטש צו מענטש איז נאָר די קאָאָפּעראַציע. און ווען די מענטשן וועלן ווערן בעסער, וועלן שוין ממילא די פעלקער ווערן פריינדלעכער. אָבער פריינדלעכקייט און ברידערלעכקייט וויל נישט זאָגן, אַז עמיצער וועט עפּעס אַרונטערלאָזן פון זיין אינדיווידועלער אָדער נאַציאָנאַלער ווירדע. פעלקער, ראַסעס, פאַרשיידענע שפּראַכן וועלן שטענדיק עקסיסטירן. די קאָאָפּעראַציע וועט נאָר פאַרגרינגערן און פאַרשענערן די עקסיסטענץ. עס איז, אַלזאָ, דעריבער נישט מער ווי ריכטיק, אַז אויך מיר, ווי ייִדן, זאָלן זיך באַטייליקן ערנסט צום פּראָגרעס פון דער פרייער קאָאָפּעראַציע און צו דער זעלביקער צייט באַקומען פון דער קאָאָפּעראַציע דאָס נאָבעלע און פיינע וואָס זי קען אונדז געבן, ווי ייִדן. מיר האָבן אַ גרויסן אינטערעס פאַר דעם, מיר מוזן, ס'איז אונדזער הייליקסטער חוב צו באַשיינען דאָס „פינטעלע ייִד".

עס זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס זענען נישט איינשטימיק מיט מיין מיינונג. זיי דענקען אַז מיר קענען זיך נישט גלייכן צו אַנדערע; מיר לעבן דאָ צעשפּרייט צווישן אַנדערע שכנים און מיר טאָרן זיך נישט אָפּזונדערן, איבערהויפּט ווען די עקאָנאָמישע אינטערעסן זענען די זעלביקע. איך רעספּעקטיר זייער מיינונג, אָבער איך וויל דערמאָנען אַז די דאָזיקע מיינונג־פאַרשיידנקייט איז נישט קיין נייע. מער ווי איין מאָל און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן איז געפירט געוואָרן אַ דיסקוסיע צווישן ייִדישע מנהיגים איבער דער דאָזיקער טעמע, וועלכע דאַרף זיין אונדזער שטעלונג און אונדזער באַציִונג לגבי דעם דרויסן?

און עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געראַטן צו זיין יידן אין שטוב און אַ מענטש אין דרויסן. די טעאָריע איז שטענדיק דורכגעפאַלן, גע־זיגט האָט די טעאָריע וואָס זאָגט: זיי אַ ייד און אַ מענטש אומעטום.

די פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ ליידט שטאַרק פון דער דאָזיקער דיסקוסיע. עס שטערט פיל צו איר אַנטוויקלונג און איך וועל זיין אויפ־ריכטיק און זאָגן, אַז עס באַדראָעט אַפילו איר עקסיסטענץ. זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז די באַדראָונג קומט נישט פון דרויסן, פאַרקערט, או־מעטום אָנערקענט מען די וויכטיקייט פון דער פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ און זי ווערט רעספּעקטירט; די געפאַר קומט פון אינעווייניק, פון אונדז אַליין. דאָס זענען מיר, וואָס פּשטלען זיך איבער דער יידישקייט. און ווען די פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ זאָל זיך מוזן אויפלייזן, וועט עס זי־כער זיין איינע פון די גרעסטע פאַרלוסטן פאַרן קאָאָפּעראַטיוויזם און פאַר אונדז יידן. איך וויל אָבער האָפן, אַז דער געזונטער חוש פון אונדזערע מיטגלידער וועט נישט דערלאָזן ס'זאָל קומען צו אַזאַ עקס־טרעם. מיר ווייסן, אַז אַ סך קעגנערס פון דער פּראָטערנידאַד אַגראַ־ריאַ גיבן זיך שוין אָפּ רעכענונג, אַז זיי האָבן אַ טעות געהאַט און עס ווילט זיך גלויבן אַז דער אָרנטלעכער גייסט וועט אַלעמען באַהערשן און אַלע וועלן זיך איבערצייגן, אַז עס איז אומבאַדינגט נייטיק אַ צענטראַלע יידישע קאָלאָניסטישע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע".

**
*

איך האָב געשריבן דאָס אַרטיקל „דאָס פּינטעלע ייד" אין דעצעמבער 1931 און איך באַשטעטיק איצט יעדעס וואָרט וואָס איך האָב געשריבן. צום גרויסן באַדויערן איז אין אונדזערע קאָלאָניעס פאַרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענ־דערונג: גאַנצע טיילן האָבן פאַרלוירן דעם יידישן אויסזען, ווייל די יידן האָבן פאַרלאָזן די טשאַקרעס; ווער ס'האָט אין גאַנצן פאַרפרעמדט די טשאַקרע און ווער צייטווייליק. אַנדערע עלעמענטן זענען באַזעצט געוואָרן. זיי זענען גע־וואָרן מיטגלידער אין אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון, מיט אַנדערע וועגן. עס בלייבט צו וואַרטן און זען די אויסקריסטאַליזירונג. פאַרלויפיק זענען עס צוויי שב־טים. עס איז גענוג צו כאַפּן אַ בליק ביי די זיצונגען אָדער פאַרזאַמלונגען.

## סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ לוסיענווילע (באַסאַווילבאַסאָ)

דער עלעמענט קאָלאָניסטן־מיטגלידער פון „סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ" איז אידענטיש מיט דעם עלעמענט פון פאַנדאָ קאָמונאַל. די דיסטאַנץ וואָס טיילט פונאַנדערביידע קאָלאָניעס — לוסיענווילע און קלאַראַ, — איז נישט מער פון 30־40 קילאָמעטער, דער קלימאַט, דער באָדן איז דער זעלביקער. דאָך איז די אַנטוויקלונג פון די ביידע קאָאָפּעראַטיזון נישט געגאַנגען פּאַראַלעל. בעת פאַנדאָ קאָמונאַל פלעגט אין די שווערסטע מאָמענטן געפינען גענוג מאָראַ־לישן כוח איבערצוקומען ערנהאַפטיק אַלע שטערונגען, פאַרזעצנדיק זיין טע־טיקייט אָן איבעררייס, איז סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ ביי ענלעכע אומשטאַנדן גע־בליבן הינטערשטעליק אין אַלע הינזיכטן. וועלכע זענען געווען די סיבות?

הגם די דאָזיקע פראַגע און די דערקלערונג וואָס קומט ווייטער געהערן נישט צו מיין שרייבן זכרונות נאָר וועגן זאַכן אין וועלכע איך האָב אַקטיווירט, האָב איך דאָך געפונען פאַר נייטיק צו באַרירן דעם דאָזיקן פונקט, ווייל דאָ קומט צום אויסדרוק די ווירקונג וואָס די פירערס און דורכפירערס האָבן איפן גאַנג פון דער געזעלשאַפט.

סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איז דער עלטסטער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוו אין לאַנד. פון זיין סאַמע גרינדונג — טראָץ דעם וואָס מען האָט דעמאָלט, אין יאָר 1900 — נאָך נישט גערעדט פון קיין קאָאָפּעראַטיוויזם, זענען אָבער די אויפגאַבעס געווען אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון פרייער קאָאָפּעראַציע, וואָס מיינט די באַטייליקונג פון פרייע מענטשן מיט פרייען ווילן, געשטיצט אויף סאָלידאַריטעט און דערצויגן אויף קעגנזייטיקן צוטרוי. דער דערפאָלג פון אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט שטיצט זיך בעיקר אויף דעם מענטשן־מאַטעריאַל; מענטשן־מאַטעריאַל דאַרף מען דערציִען, קולטיווירן און צוגרייטן. בכדי ער זאָל פאַרשטיין אַז אַלץ וואָס ווערט געטאָן אין דעם קאָאָפּעראַטיוו איז עס פון אים און פאַר אים און אַז יעדער מיטגליד טראָגט די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר דעם גוטן גאַנג פון דער אינסטיטוציע.

פאַנדאָ קאָמונאַל האָט געהאַט דעם אויסערגעוויינלעך גוטן מזל וואָס ער האָט פאַרמאָגט אַזעלכע פערזאָנען, ווי מיגעל סאַכאַראָוו און ד״ר נח ירחי, וועלכע האָבן געפירט די מאַסן. זיי האָבן געהאַט אַ גוואַלדיקן מאָראַלישן כוח אויף נישט צו לאָזן זיך מיטרייסן מיטן שטראָם; ווען ס'איז נייטיק געווען האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט דעם שטראָם, ווען ער האָט זיך געוואָלט פאַרקירעווען

אין אַ טעותדיקער ריכטונג. ד״ר ירחי און סאַכאַראָוו, מיט זייער פּערזענלעכער מאָראַלישער קראַפט האָבן געהויבן די מאַסן און געפלאַנצט אין דער קאָלאָניע דעם אידעאַל פון פרייער קאָאָפּעראַציע און אויך פון מער צוגעבונדנקייט צו ערד־אַרבעט דורכן איינפירן די געמישטע ווירטשאַפט, כדי צו פאַרזיכערן, אַזוי אַרום, די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער קאָלאָניע.

סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ האָט נישט געהאַט דאָס גליק צו האָבן אין איר מיט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן. די מיטגלידער האָבן נישט אויפגענומען ווי געהעריק די ראָל פון קאָאָפּעראַטיוויזם. אין פאַרשיידענע פּעריאָדן האָבן זיי אויסגעקליבן פאַר פּרעזידענטן פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך צו דער זעלבער צייט אָפּגעגעבן מיט קאָמערץ, אָדער וואָס זענען געשטאַנען אין פריינדלעכע באַציִונגען מיט סוחרים. פאַרשטייט זיך, אַז קיין גוטס איז דעם קאָאָפּעראַטיוו פון דעם נישט אַרויסגעקומען.

ווי אַ ביישפּיל וועל איך ברענגען דעם ווייטערדיקן עפּיזאָד:

איך געדענק נישט גענוי דאָס יאָר. דער פאַרוואַלטער פון סאָסיעדאַד אַג־ריקאָלאַ האָט מיר געבעטן, אַז ווען איך וועל פאָרן אין מיל אויף צו באַהאַנד־לען דעם טויש פון ווייץ אויף מעל, זאָל ער אויך מיטפאָרן, כדי איינצופירן דעם דאָזיקן טעטיקייט־צווייג אויך אין קאָלאָניע לוסיענווילע. איך האָב עס גערן געטאָן.

אָנקומענדיק אין מיל פון נאָגאָזשאַ, און נאָך דעם ווי מיר זענען געקומען צו אַן איינפאַרשטיין זיך וועגן די קאָנדיציעס, האָט מיר דער פאַרוואַלטער פון מיל געזאָגט, אַז ער מאַכט די דאָזיקע אָפּעראַציע מיט פאַנדאָ קאָמונאַל ווי אַן אויסנאַם און געפאָדערט פון מיר, איך זאָל אים צוזאָגן אַז עס וועט בלייבן אַ סוד. דאָס איינציקע וואָס ער האָט מיר דערלויבט איז געווען, איך זאָל עס מיטטיילן דעם פּרעזידענט פון פאַנדאָ קאָמונאַל, ווייל ער דאַרף אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט.

דער פאַרוואַלטער פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, ה׳ ענבוים, מאַכנדיק דעם חשבון, האָט דערזען אַז מיטן בייטן ווייץ אויף מעל קומט אויס יעדער זאַק מעל ביט דריי פּעזעס ביליקער ווי ווען מען פאַרקויפט און מען קויפט דיביידע פּראָדוקטן. ער האָט דעריבער געבעטן אַז די מיל זאָל אים אויך מאַכן דעם זעלביקן בייט. דער פאַרוואַלטער פון מיל האָט נישט געהאַט קיין חשק צו דעם, אָבער נאָך דעם ווי איך האָב אים נאָך אַ מאָל צוגעזאָגט, אַז ס׳וועט בלייבן שטרענג אין געהיים אין די קאָאָפּעראַטיוון, האָט ער נאָכגעגעבן און געביטן דער סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ 1.500 זעק מעל.

די שטרענגקייט פון סוד האָט ער געפאָדערט, כדי די אַנדערע קליענטן פון מיל — די תבואה־סוחרים — זאָלן זיך פון דעם נישט דערוויסן, ווייל זיי

זועלן אויך פֿאָדערן דאָס זעלביקע. פֿאַר די קאָאָפּעראַטיוון איז ער גרייט, אַז די מיל זאָל אַרבעטן עטלעכע טעג אין יאָר מיט ווייניקער פֿאַרדינסט (וי האָט אויסגעאַרבעט טויזנט זעק מעל אַ טאָג), ווייל ער ווייסט אַז די מעל ווערט פֿאַרנוצט פֿון די קאָלאָניסטישע פֿאַמיליעס פֿאַרן אייגענעם געברויך, אָבער פֿאַר קיין פֿאַל קען ער עס נישט טאָן מיט די קליענטן־סוחרים.

פֿאָרנדיק צוריק אַהיים זאָגט מיר ענבוים: „איר ווייסט, חבר קאַפּלאַן, איך האָב מורא אַז איך וועל נישט קענען מקיים זיין דעם צוזאָג צו האַלטן דעם סוד, ווייל איך בין זיכער, אַז באַלד ווי איך וועל עס זאָגן מיין פּרעזידענט, וועט ער עס תיכף מודיע זיין אַ סוחר". איך האָב אויפגעציטערט דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער. איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל בעסער אַנולירן דעם קאָנ־טראַקט איידער מאַכן אַזאַ אומגערעכטן שריט, נישט צו האַלטן וואָרט. חוץ דעם וועט ער אויך קאָמפּראָמיטירן דעם פּאַנדאָ קאָמונאַל. ער מוז פֿאָדערן פֿון זיין פּרעזידענט לאָיאַליטעט צו זיין קאָאָפּעראַטיוו. עס זענען אַריבער 3־4 וואָכן. קומענדיק אין נאַגאַזשאַ אין מיל, וועגן מאַכן אַ ליקווידאַציע פֿון דעם פֿאַר־קויפֿטן ווייץ, האָב איך ביים אַריינגאַנג דערפֿילט שטעכיקע בליקן פֿון די הע־כערע באַאַמטע. אָנשטאָט דער פֿריינדלעכקייט וואָס זיי פֿלעגן מיר שטענדיק אַרויסווייזן, האָבן זיי קוים געענטפֿערט אויף מיין באַגריסונג.

ווען איך בין אַריין צום פּאַרוואַלטער, האָט ער אויף מיין גוט־מאָרגן גע־ענטפֿערט, אַז צוליב מיר האָט ער פֿאַרלוירן דעם פּאָסטן. איך קען נישט באַ־שרייבן ווי איך האָב זיך דערפֿילט אין יענעם מאָמענט. כ'האָב נאָר געקענט אויסריידן די ווערטער: „צוליב מיר? איך פֿיל זיך אין גאָר נישט שולדיק". — „דו פֿילסט זיך נישט שולדיק? נאַ, נעם לייענ!". און דער פּאַרוואַלטער דער־לאַנגט מיר אַ פּאַפּקע מיט אַ גאַנץ דיקן מאַטעריאַל. נישט האָבנדיק קיין גע־דולד צום לייענען, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר זאָגן, וואָס ס'האָט פּאַ־סירט. ער האָט מיר דערציילט, אַז מיט עטלעכע טעג שפּעטער ווי מיר האָבן געשלאָסן דעם אָפּמאַך וועגן בייט פֿון ווייץ אויף מעל, האָט ער באַקומען אַ טעלעגראַמע פֿון דער צענטראַלע פֿון מאָלינאָס דעל ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ פֿון ב. איירעס, מיט אַן אָנפֿרעג, ווער ס'האָט אים באַפֿולמעכטיקט צו פֿאַרקויפֿן מעל אויף אַ נידעריקערן פּרייז ווי ס'איז באַשטימט פֿון דירעקטאָריום? אויף דער טעלעגראַמע האָט ער געענטפֿערט, אַז ער ווייסט נישט פֿון וואָס צו זאָגן: איז געקומען אַן אינספּעקטאָר מאַכן אַ רעוויזיע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַט־וואָס:

ענבוים האָט גוט געקענט זיינע לייט און ווי ער האָט פֿאָרויסגעזען אַזוי איז געווען: זיין פּרעזידענט האָט מיטגעטיילט דעם סוחר ק. די קאָנדיציעס וועלכע מיר האָבן באַקומען ביים בייטן ווייץ אויף מעל, איז ער גלייך אַוועק־

געפאָרן אין מיל מיט דער טענה, אַז ער איז אויך אַ גוטער קליענט און פאַרלאַנגט דעריבער מ׳זאָל אים באַהאַנדלען גלייך מיטן קאָאָפעראַטיוו. דער פאַרוואַלטער פון מיל האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט און האָט געמוזט נאָכגעבן. ק. האָט געהייסן מ׳זאָל אים אַרויסשיקן אַ וואַגאָן מעל און גלייך ווי דער וואַגאָן איז אָנגעקומען אין באַסאַווילבאַסאָ, האָט ער אים אַוועקגעשיקט קיין בוענאָס־איירעס צום פאַרקויף דורך זיין אַגענט, וועלכער האָט אָנגעבאָטן מעל אויף אַ נידעריקערן פרייז. דער אַגענט פון מאָלינאָס דעל ריאָ דע לאַ פלאַטאַ, וואָס געפינט זיך שטענדיק אין דער „באָלסאַ״* האָט גלייך אָנגעפרעגט טעלעפאָניש אין דער צענטראַלע, וואָס ס׳האָט פאַסירט? ווער האָט באַפולמעכטיקט אַראָפצולאָזן דעם פרייז פון מעל? — האָט מען גענומען זוכן און אויסגעפונען אַז די מעל קומט פון נאָגאָזשאַ. ס׳איז געשיקט געוואָרן אַן אינספעקטאָר אויסצופאָרשן דעם ענין און עס האָט געהאַלטן דערביי אַז דער דירעקטאָר זאָל פאַרלירן זיין פאָסטן, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין באַפולמעכטיקונג צו מאַכן אַזעלכע אָפעראַציעס.

דער זעלביקער ק. איז אין אַ געוויסן פעריאָד געווען פרעזידענט פון דער סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ לוסיענווילע. עס איז, בכן, זיך לייכט פאָרצושטעלן וואָס פאַר אַ השפעה אַזעלכע פערזאָנען קענען האָבן ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ווען די מיטגלידער האָבן זיך אָפגעגעבן חשבון און האָבן שוין פאַרשטאַנען צו שטעלן אין שפיץ אויטענטישע קאָלאָניסטן, מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט און פרעסטיזש, — זענען זיי אָבער נישט געווען באַקאַנט מיט דער אַדמיניסטראַטיווער אָרדענונג, ס׳האָט זיי געפעלט דער מאָראַלישער, עדוקאַטיווער כוח צו דערציִען און דערהייבן די מיטגלידערשאַפט. ביי אַגראַרקאָאָפעראַטיוון געשעט גאַנץ אָפט אַז זיי טרעפן זיך אָן מיט שווערע עקאָנאָמישע סיטואַציעס צוליבן דורכפאַל פון די קאָסעטשעס; אָנשטאָט צו אינפאָרמירן דער מיטגלידערשאַפט וועגן דער אמתער סיטואַציע, — האָט מען עס פון איר באַהאַלטן. קען זיין, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט די בעסטע כוונות, אָבער עס איז געווען אַ געפערלעכער טעות. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז אין אַ קאָאָפעראַטיוו זענען די אמתע בעלי־בתים די מיטגלידער, און ווען עס קומט אונטער אַ שווערע צייט, דאַרפן אַלע — פירערס און אָנגעפירטע — זוכן און געפינען מיטלען ווי בעסער און גרינגער אַרויסצוגיין פון דער שווערער סיטואַציע.

אין מיינע אינספעקציעס האָב איך זיך אָנגעטראָפן, אַז נאָך אין די פריִערדיקע פעריאָדן האָבן זיי צוויי מאָל געדעקט די יערלעכע פאַרלוסטן מיט הע־

* תבואה־בירזשע.

כערן דעם ווערט פון די געביידעס אויף אַ פּאָר צענדליק טויזנט פּעזעס, אַזוי אַרום איז דער יערלעכער באַלאַנס אַרויסגעקומען שיין און פיין, אָבער אין דערווירקלעכקייט איז דאָס געווען אַן אָפּנאַרעריי. נאַטירלעך, אַז אַזאַ אַדמיניסטראַציע האָט געבראַכט צו דעם וואָס ס׳האָט געדאַרפט ברענגען. צו דעם אַלעם איז באַגאַנגען געוואָרן אַ גרויסער פעלער, וואָס די פירערס האָבן זיך נישט אינטערעסירט מיט דער לאַגע פון דעם איינצלנעם קאָלאָניסט, מיט פּאַר־שפּרייטן די געמישטע ווירטשאַפט, ווי ס׳האָט געטאָן דער שוועסטער־קאָאָפּעראַטיוו פּאַנדאָ קאָמונאַל.

* *
*

אין ביוראָ פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָבן מיר געוווּסט אַז די פינאַנציעלע לאַגע פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איז נישט אין אָרדענונג. פון אייניקע קאָמערציעלע הייזער האָט מען אונדז אָנגעפרעגט, ווי קומט עס וואָס דער דערמאָנטער קאָאָפּעראַטיוו איז הינטערשטעליק מיט זיינע התחייבותן? זיי צאָלן נישט די פאַקטורעס. אין אַ געוויסן טאָג, ווען אין ביוראָ האָבן זיך געפונען די ה״ה סאַכאַראָוו און באַנטשיק, רעדט מען צו מיר טעלעפאָניש פון אַ פירמע מיט אַ שטרענגן טאָן, אַז זיי קענען מער נישט דולדן די האַנדלונג פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ; זיי זאָגן צו צו באַצאָלן די הינטערשטעליקע פאַקטורעס און צאָלן נישט. זיי האָבן נישט געוווּסט אַז די באַציִונגען פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ מיט דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ זענען כמעט ווי איבערגעריסן.

ווען כ׳האָב איבערגעגעבן די אויבן דערמאָנטע חברים וועגן די אָפּטע טענות וואָס ס׳קומען צו אונדז, האָט באַנטשיק געזאָגט, אַז פאַר אים איז עס נישט קיין נייס, ווייל די „וויאַכאַנטעס״* וואָס קומען אין באַסאַווילבאַסאָ ריידן שוין וועגן דעם אין גאַס. נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת האָבן מיר, אויפן פאָרשלאָג פון ה׳ סאַכאַראָוו, זיך איינפאַרשטאַנען, אַז איך פערזענלעך זאָל שרייבן אַ פּריוואַט־בריוועלע אין יידיש צום פּרעזידענט פון ס״אַ, אַז ער זאָל געוויר ווערן וועגן די סיבות פון דער נאָכלאָזיקייט אין די צאָלונגען. מיר האָבן געמיינט אַז ס׳איז נאָכלאָזיקייט, ווייל אין אייניקע פאַלן האָט זיך געהאַנדלט פון קליינע סומעס.

דאָס בריוועלע האָב איך געשריבן אין אַ חברלעכן טאָן. עס זענען אַריבער עטלעכע טעג. אין אַ פרימאָרגן איז אַריינגעקומען ה. אין ביוראָ און אַ זאָג געטאָן מיט כעס: „ווער בעט אייך איר זאָלט מיר שרייבן בריוועלעך?

* רייזנדיקע (וואָיאַזשאָרן).

מיר פאַרלאַנגען נישט פון אייך קיין עצות! וואָס מיינט איר, מיר זענען ווי אין כענעראַל־קאַמפּאָס?". און איז אַוועק אָן אַ „זיי־געזונט". פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ ענטפער איז אונדז נישט געבליבן קיין אַנדער זאַך, ווי קוקן און שווייגן. אַ צרה וואָס מען וויל פאַרדעקן, כדי אַנדערע זאָלן איר נישט זען, דורך פאַרמאַכן די אייגענע אויגן — מוז ווערן גרעסער און געפערלעכער. אַזוי איז עס טאַקע געווען.

אין אַ פרימאָרגן אין אַפּריל 1936, קלינגט דער טעלעפאָן. מען רעדט פון באַסאַווילבאַסאָ. דער פּרעזידענט פון קאָאָפּעראַטיוו, ה׳ יעקב פריידענבערג, רעדט מיט אַ ציטערדיקער שטים: „סעניאָר קאַפּלאַן, ראַטעוועט אונדז! די באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן האָט פּראָטעסטירט אַ דאָקומענט פון 148 טויזנט פּע־זעס און געגעבן צייט צען טעג זיך צו שטעלן אין אָרדענונג. מיר פאַרמאָגן נישט גאָרנישט אויף צו קענען אָנבאָטן וועלכע ס׳איז אַמאָרטיזאַציע".

אַ ציטער איז מיר אַריבער איבערן גאַנצן קערפּער. וואָס טוט מען? ווי אַזוי העלפט מען זיי אַרויסקריכן? איך בין אַוועק אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, אין דעם אָפּטייל פאַר קאָאָפּעראַטיוון. דער שעף פון דעם אָפּטייל, ה׳ פּאַלאָ־מיר, איז געווען מיינער אַן אַלטער באַקאַנטער און איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. ווען כ׳בין אַריין צו אים אין קאַבינעט, זאָגט ער מיר: „קאַפּלאַן, פון נעכטן אָן געהער איך מער נישט צו דער סעק־ציע פון קאָאָפּעראַטיוון". דאָס איז געווען פאַר מיר גאָר נישט קיין אָנגענע־מער נאָטיץ, נאָר ס׳איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען און בין אַריינגעגאַנ־גען אין ביוראָ פון דעם נייעם שעף, ה׳ בערגאַדאַ. נאָך דעם ווי כ׳האָב אים אינפאָרמירט וועגן צוועק פון מיין באַזוך, דערקלערט ער מיר, אַז ער האָט ערשט נעכטן איבערגענומען דעם דאָזיקן אָפּטייל; ער איז דעריבער נישט באַקאַנט מיט די אַנטעצעדענטן, נאָר ער וועט רופן דעם אינספּעקטאָר, ער זאָל אים אינפאָרמירן וועגן די סיבות וואָס האָבן געבראַכט צו דעם, אַז דער דירעקטאָריום זאָל אָננעמען אַזעלכע עקסטרעמע מיטלען קעגן דער סאָסיע־דאַד אַגריקאָלאַ.

דער ראַפּאָרט פונעם אינספּעקטאָר האָט נישט געקענט זיין ערגער. ער איז געזעסן צוויי חדשים אין באַסאַווילבאַסאָ, און דאָס איינציקע וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פון קאָאָפּעראַטיוו איז געווען, מען זאָל איבערבייטן די וועקסלען פון די קאָלאָניסטן, וואָס זענען געלעגן אין באַנק ווי אַ גאַראַנטיע אויף אַנ־דערע. זיי האָבן אים כסדר גענאַרט, זיי פלעגן אים צוזאָגן פון איין וואָך אויף דער צווייטער און קיין מאָל נישט דערפילט זייער צוזאָג. ער האָט געטאַדלט די אָנפירערס פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ ווי נישט־אויפריכטיקע.

קענענדיק די קריטישע לאַגע פון די קאָלאָניסטן אין אַלגעמיין אין יענע

יאָרן, האָב איך זיי דערקלערט, אַז דאָס איז נישט די שולד פון די פּאָרשטייערס פון קאָאָפּעראַטיוו, נאָר פון דער אַפּאַטישקייט וואָס באַהערשט דעם ערד־אַרבעטער, וואָס זאָגט זיך אָפּ אונטערצושרייבן נייע וועקסלען מיט געהעכערטע סומעס צוליב די אָנגעוואַקסענע פּראָצענטער. די קאָלאָניסטן זענען פאַרצווייפלט, ווייל שוין עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד ווי די קאָסטעשעס זענען שלעכטע. מיר איז באַקאַנט, אַז אין אַנדערע געגנטן פאָרן די אָנגעשטעלטע פון די פיליאַלעס צו די קאָלאָניסטן אַהיים און בעטן זיי איבערצובייטן די וועקסלען, און נישט ביי אַלעמען קענען זיי עס פּועלן, צוגעבנדיק, אַז איך קען פּערזענלעך די דירעקטאָרן פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ ווי פיינע, אָרנטלעכע מענטשן.

ווי נאָר איך האָב פאַרענדיקט די לעצטע ווערטער, האָט דער אינספּעקטאָר זיך געגעבן אַ הייב אויף פון שטול און מיט כעס אַ זאָג געטאָן: „דו דערקלערסט אַז זיי זענען אָרנטלעכע מענטשן? וואָס וועסטו מיר זאָגן אויף דעם, וואָס זייער פּרעזידענט האָט געמאַכט אַ פעלש. ער האָט זיין טשאַקרע איבערגעשריבן אויף אַ פרעמדן נאָמען, אויסלאַכנדיק זיך אַזוי אַרום פון זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פון זיין אונטערשריפט ווי אַ גאַראַנטיע אין באַנק און פון זיינע חברים, וואָס זענען שותפים צו דער גאַראַנטיע?“.

ווען כ'האָב אים געענטפערט, אַז ס'איז מיר שווער צו גלויבן אַזאַ זאַך, איז דער אינספּעקטאָר אַוועק און געבראַכט די דאַטעס, דעם נאָמען פון נאָטאַר און אַנדערע פּרטים.

קעגן אַזעלכע אַרגומענטן בין איך געבליבן שטיל. דאָס איינציקע וואָס איך האָב געקענט זייער אויפמערקזאַמקייט איז געווען, אַז אויב זיי וועלן זיך האַלטן ביים באַשלוס פונעם דירעקטאָריום פון באַנק, וועלן זיי רואינירן עטלעכע צענדליק קאָלאָניסטן, אונטערגעשריבענע ווי גאַראַנטירערס, צווישן וועלכע עס איז פאַראַן אַ צאָל וואָס איז גאָר נישט שולדיק דעם קאָאָפּעראַטיוו.

דער שעף ה' בערגאַדאַ, האָט מיר געפרעגט צי איך האָב עפּעס קאָנקרעטס פאָרצולייגן, ווי אַזוי צו לייזן דעם דאָזיקן פּראָבלעם? איך האָב אים דערקלערט, אַז אין דעם מאָמענט קען איך גאָר נישט פאָרלייגן. דאָס איינציקע וואָס איך בעט איז, ער זאָל מיר געבן צייט צו פאָרן קיין באַסאַווילבאַסאָ. אויף עטלעכע טעג און דאָרט אויפן פּלאַץ וועל איך שטודירן צוזאַמען מיט די נייע פאָרשטייערס וואָס זענען לעצטנס אויסגעקליבן געוואָרן, וואָס מען קען טאָן. נאָר אַזוי ווי דאָס קען געדויערן מער צייט, זאָל די באַנק נישט עקזעקוטירן דעם באַשלוס פונעם דירעקטאָריום ביז איך וועל צוריקקומען. ה' בערגאַדאַ האָט מיר פאַרזיכערט אַז איך מעג פאָרן רויק, ער וועט פאַרהאַלטן די טעקע ביז מיין צוריקקומען.

קומענדיק אין באַסאַווילבאַסאָ, און נאָך דעם ווי כ'האָב קאָנטראָלירט די

ביכער, האָב איך פאַר מיר געהאַט אַ קלאָר בילד פון דער עקאָנאָמישער סי־טואַציע, וואָס איז ווירקלעך געווען זייער אַ קריטישע: די קרעדיטן זענען גע־ווען שלעכט אויסגעטיילט, צו גרויסע סומעס אין ווינציקע הענט; אַ טייל פון די בעלי־חובות זענען שוין נישט געווען אין קאָלאָניע; די קאָלאָניסטישע לאַגע אין פּראָווינץ ענטרע־ריאָס אין אַלגעמיין איז געווען זייער אַ געדריקטע; אַ סך האָבן נישט געגלויבט, אַז זיי וועלן קענען אַמאָל אַרויסקריכן פון די חובות. דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף די געמיטער אויך פון די פעסטע־רע קאָלאָניסטן. די בעסערע מיטגלידער, וואָס זענען געווען ווינציק אָדער גאָר נישט שולדיק דעם קאָאָפּעראַטיוו, האָבן איינפאַך מורא געהאַט צו געבן זייער אונטערשריפט אויף נייע וועקסלען, נישט וועלנדיק ריזיקירן מיטן ביסל פאַרמעגן וואָס זיי האָבן. אויסער דעם באַנק, איז דער קאָאָפּעראַטיוו געווען שולדיק אַ גרויסע סומע אין פּריוואַטן קאָמערץ און נישט געקענט צאָלן. עס איז געווען אין אַ געוויסן זין אַ שטאַרקייט פון די געצייילטע מענטשן: יעקב פריידענבערג, בערל מאַצקין, לאַנפיר א״א, זיך צו האַלטן ביי דער פּי־רערשאַפט אין אַזעלכע אומגליקלעכע באַדינגונגען און איינהאַלטן די אינסטי־טוציע.

צוריקקומענדיק קיין בוענאָס־איירעס האָב איך אָפּגעגעבן אַ באַריכט דעם ה׳ בערגאַדאַ און אים געשילדערט די זאַכן אין זייער ריכטיקן געשטאַלט. אַגבֿ. איז דאָס נישט געווען קיין נייס פאַר דער באַנק, ווייל דאָס איז געווען אַ צרות־רבים, דאָס גאַנצע לאַנד האָט געליטן פון דעם עקאָנאָמישן קריזיס. איך האָב אָנגעוויזן אַז די איינציקע זאַך וואָס בלייבט צו טאָן, איז געבן צייט, פאַר־זיכערנדיק אים אַז די פּערזאָנען וואָס שטייען איצט אין שפּיץ פון קאָאָפּע־ראַטיוו גלויבן אין דער צוקונפט און זענען באַאַבט מיט גוטן ווילן.

ה׳ בערגאַדאַ האָט אָנגענומען מיין קריטעריע. דער קאָאָפּעראַטיוו איז געבליבן רויק, אָבער דאָס האָט נישט געהייסן נאָרמאַליזירט. עס זענען נאָך דעם געקומען אַ פּאָר יאָר פון בעסערע קאָסעטשעס. וויפל ס׳האָט זיך איינגעמאָנט האָבן זיי באַצאָלט צו ביסלעך די קרעדיטאָרן. פאַרגרינגערט האָט עס זיי אָבער גאָר ווינציק, ווייל די פּראָצענטער זענען געוואַקסן און די בעסערע יאָרן זענען נישט געווען גענוג אויף צו קענען לייזן דאָס פּראָבלעם. אַ סך האָט מיטגעהאָלפן אָנצוהאַלטן דעם גלייכגעוויכט פון דער אינסטיטוציע דער חבר גרעגאָריאָ יעלין, וועלכער האָט איבערגענומען די דירעקציע, האָט אָנגעפירט די אַרבעט מיט אַן אמתן קאָאָפּעראַטיוון אידעאַל, אָרנטלעך און טריי, וואָס האָט אַרויסגערופן צוטרוי מצד די מיטגלידער, וואָס איז די הויפּטבאַזע פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט.

געוווסט האָב איך, אַז אין בעסטן פאַל וועט די סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ

בלייבן אַ צעבראָכענע, דערפאַר וואָס דער פּאַסיוו שטייגט אַריבער דעם אַקטיוו אין היפשע עטלעכע צענדליק טויזנט פעזעס, צוליב די פאַרפאַלענע הובות, וואָס וועלן שוין מער נישט קענען איינגעמאָנט ווערן, האָב איך געבעטן דעם פּאַרוואַלטער פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, דאָן מאַנועל גאָמעס, ער זאָל אַריבערפירן דעם חוב פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ אין דעם אינסטיטוטאָ מאָבילי־זאַדאָר. קיין גרויסן חשק האָט ער נישט געהאַט. לויט ווי ער האָט מיר דערקלערט, גייען די מינים אינסטיטוציעס נישט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון די דאָזיקע וואָס ווערן איבערגעגעבן דעם דערמאָנטן אינסטיטוט. איך האָב אינסיסטירט, ביז איך האָב געפּועלט, נאָר ער האָט געפּאָדערט פון מיר איין באַדינג, — אַז קיינער, אויסער מיר זאָלן פון דעם נישט וויסן. איך האָב אויך געפּועלט, די באַנק זאָל ביי זיי נעמען נאָר איין פּראָצענט אויפן חוב. דאָס איז געווען אַ וויכטיקע קאָנצעסיע.

**
*

אין 1942 זענען געקומען קיין בוענאָס־איירעס די חברים יעקב פריידענבערג און בערנאַרדאָ מאַצקין. זיי האָבן זיך פאַר מיר פאַרטרויט, אַז זיי זענען שוין מיד צו שלעפּן אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט; די פּאָליצעס אין קלייט זענען פּוסט, דאָס ביסל סחורה וואָס איז נאָך פאַרבליבן ווערט פאַרקויפט און ס'סטייעט נישט צו באַצאָלן דעם פּראָצענט; דאָס ביסל חובות איינצומאָנען ווערן אַלע מאָל ווינציקער און שווערער. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן אָנצובאָטן דער באַנק די שטוב און אַנדערע געביידעס וואָס זיי האָבן אין באַסאַווילבאַסאָ, בעיקר ווייל די פּרייזן פון בלעך און האָלץ זענען שטאַרק געשטיגן, און מיט דעם זאָל געדעקט ווערן דער חוב פון 207 טויזנט פעזעס אין באַנק. (דעם ריכטיקן ווערט פון די דאָזיקע געביידעס מיטן באָדן האָבן זיי געשאַצט אין הונדערט טויזנט פעזעס). און די באַנק זאָל זיי אומקערן אַלע קאָלאָניסטישע וועקסלען וואָס זענען געגעבן געוואָרן אין גאַראַנטיע, וואָס באַטרעפט 150־160 טויזנט פעזעס, פון וועלכע זיי רעכענען מ'וועט קענען רעאַליזירן אַן ערך זעכציק טויזנט פעזעס, וואָס וועט גרייכן צו באַצאָלן די פּריוואַטע קרעדיטאָרן. ווי נאָר זיי וועלן אָראָפּפּטרן די אַלע צרות, וועלן זיי שאַפן אַ נייעם סאָציאַלן קאַפּיטאַל און אָנהייבן פון ס'ניי אַרבעטן רויק מיט דער אַלטער דערפאַרונג.

קומענדיק מיט זיי אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, האָט אונדז דער פּאַרוואַלטער, ה' מאבראגאניא געזאָגט, אַז לויטן געזעץ קען די באַנק נישט איבערנעמען קיין שום גיטער; זיי מוזן דאָס פאַרקויפן אויף אַן עפנטלעכער ליציטאַציע, און אַז אין אַלגעמיין ווייסט ער נישט צי דער דירעקטאָריום וועט זיך

צופרידנשטעלן מיט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג; זאָלן זיי עס פאָרמולירן שריפט־לעך. אַרויסגייענדיק פון באַנק האָב איך געזאָגט די חברים פריידענבערג און מאַצקין, אַז איצט מוז איך אויפדעקן פאַר זיי אַ סוד. איך האָב זיי אינפאָר־מירט, אַז זייער חוב איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין אינסטיטוטאָ מאָביליי־זאַדאָר. מיר זענען גלייך אַוועק אַהין.

דער פאַרוואַלטער פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, דאָן מאַנועל גאָמעז, איז געווען דער ראַטגעבער פון אינסטיטוט און ער האָט גוט געדענקט די אַלע אַנטעצעדענטן. איך האָב אים דערציילט דעם אויפן ווי אַזוי סאָסיעדאַד אַגרי־קאָלאַ לייגט פאָר צו ליקווידירן זייער חוב, כדי צו נאָרמאַליזירן זייער סיטו־אַציע.

ער האָט אונדז געראַטן, פון לעגאַלן און פראַקטישן שטאַנדפונקט, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל זיך דערקלערן אין באַנקראָט. די קאָלאָניסטן־מיטגלי־דער וועלן נאָך דעם אָפּקויפן דאָס אייגנטום אין אַן עפנטלעכער ליציטאַציע, און גלייך נאָך דעם גרינדן אַ נייע געזעלשאַפט, אָן חובות, מיט נייעם קאַפּי־טאַל. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז אונטער אַלע אומשטענדן ווילן מיר אויס־מיידן דעם באַנקראָט און די ליציטאַציע, ווייל סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איז דער עלטסטער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוו אין לאַנד; ער וויל פאַרהיטן זיין אייגענעם פּרעסטיזש, ווי אויך דעם פּרעסטיזש פון דעם קאָאָפּעראַטיוויזם אין אַלגעמיין.

ה׳ גאָמעז האָט אונדז געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, אַז ביי אַזעלכע סי־טואַציעס דאַרף מען זיין רעאַליסטיש און נישט נעמען אין אַכט קיין שום סענ־טימענטן. מיר זענען געשטאַנען פעסט אויף אונדזער שטאַנדפונקט און עס איז געבליבן אַז ער וועט ריידן מיטן פאַרוואַלטער פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן וועגן דעם. ער האָט צוגעזאָגט, אַז פאָרלויפיק וועט מען נישט באַלעסטיקן דעם קאָאָפּעראַטיוו מיט גאָר נישט. פריידענבערג און מאַצקין זענען אַוועק־געפאָרן, לאָזנדיק פאַר מיר די ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען מיט דעם באַנק און אינסטיטוטאָ מאָביליזאַדאָר.

באַטראַכנדיק רויק דעם גאַנצן ענין, בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו טאָר פאַר קיין פאַל נישט אַוועקגעבן די גאַלפּאָנען. אין אַ שמועס וואָס איך האָב געהאַט וועגן דעם מיטן ה׳ מאַמבראַגאַניאַ, האָב איך אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די גאַלפּאָנען ביי אַן אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוו איז ווי די נאָדל אָדער שער ביים שניידער, — דאָס איז נישט קיין געלט־פראַגע, נאָר אַן ענין פון עקסיסטענץ. אין די גאַלפּאָנען ברענגען אַריין די מיטגלידער זייערע פּראָדוקטן, וואָס ווערן צוגעגרייט צום פאַרקויף. דאָס זעלביקע האָב איך געזאָגט אויך מיטן ה׳ מ. גאָמעז.

ה׳ פאַבראַגאַניאַ, אַן אַלטער באַקאַנטער און פריינד פון קאָלאָניסטן האָט

מיר אָנגעקוקט און געפרעגט, צי האָב איך פאַרגעסן אַז די גאַלפאָנען זענען היפּאָטעקירט אין באַנק, און געזעצלעך איז אוממעגלעך אומצוקערן דאָס דעם קאָאָפּעראַטיוו ביז ער באַצאָלט נישט דעם גאַנצן חוב? איך האָב אים געענט־פערט, אַז עס זענען פאַראַן אין לעבן נישט־געשריבענע געזעצן וואָס זענען שטאַרקער, ווירקלעכער און גערעכטער ווי די געשריבענע; דאָס זענען די, וואָס מען רופט העכערע הומאַניטאַרע געזעצן. איך האָב זיך באַראַטן מיט מענטשן, וואָס זענען באַהאַוונט אין אַזעלכע ענינים און זיי האָבן מיר געגעבן שוואַכע האָפענונגען. דאָך בין איך עקשנותדיק אָנגעגאַנגען מיט מיינע דער־קלערונגען אין ביידע אינסטיטוציעס, ביז זיי האָבן אָנערקענט מיין טעזע פאַר אַ מאָראַליש באַרעכטיקטע.

איך בין אַוועקגעפאָרן קיין באַסאַווילבאַסאָ, און נאָך אייניקע קאָנפערענצן צוזאַמען מיט די פאַרשטייערס פון קאָאָפּעראַטיוו, וואָס מיר האָבן געהאַט מיטן שעף פונעם אָפּטייל פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, וועלכער איז געווען גענוי באַ־קאַנט מיט דער סיטואַציע, האָבן מיר זיך איינפאַרשטאַנען אָנצובאַטן דער באַנק הונדערט טויזנט פּעזעס. אין דער דאָזיקער סומע זאָל אַריינגערעכנט ווערן די שטוב מיטן פּלאַץ אין 70.000 פּעזעס און די איבעריקע 30.000 פּע־זעס וועלן געזיכערט ווערן, אַ טייל מיט אַ היפּאָטעק פון אַ קאָלאָניסטישע טשאַקרע וואָס געפינט זיך אין באַנק און אַ טייל אין מזומן, מיט דעם זאָל געסילוקט ווערן דער חוב פון 207.000 פּעזעס און אין דעם זין איז צוגע־שטעלט געוואָרן אַ שריפט אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן. איך מוז נאָך אַ מאָל צוגעבן, אַז פיל האָט מיטגעווירקט צו די פאַראַנדלונגען די קלוגע טאַקטיק פון פאַרוואַלטער ה׳ יעלין און פון אַדמיניסטראַטאָר פון דער יִ.קאַ, ה׳ שמואל קאַפּלאַן.

אַלע פּאָר טעג פלעג איך גיין אין באַנק און אין אינסטיטוט געוויר ווערן ווי עס האַלט מיט דעם ענין און כדי צוצואיילן מיט דער פּראָצעדור. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען מיר גערופן פון אינסטיטוט און ה׳ מאַנועל גאָ־מעז האָט מיר איבערגעגעבן די פריילעכע בשורה, אַז דער פאָרשלאָג פון טאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איז גוטגעהייסן געוואָרן, עס בלייבט נאָר אָפּצושרייבן די שטוב אויפן נאָמען פון דער באַנק. ה׳ גאָמעז איז געווען צו מיר אַזוי פריינדלעך, אַז ער האָט מיר דערלויבט צו קאָפּירן די רעזאָלוציע וואָס איז אָנגענומען געוואָרןביים דירעקטאָריום. איך האָב עס גלייך מיטגעטיילט אין באַסאַווילבאַסאָ. אָבער, אַז ס׳איז באַשערט עגמת־נפש, העלפט נישט קיין טענה.

ווען איך בין געקומען אין באַנק געוויר ווערן, ווען און ווו עס דאַרף רעאַליזירט ווערן די אָפּעראַציע, האָב איך זיך געטראָפן מיט אַן אומגעריכטע שוועריקייט. דער שעף פון דעם דאָזיקן דעפּאַרטאַמענט, ה׳ נאָגעס, האָט מיר

געזאָגט, אַז די רעזאָלוציע פון דירעקטאָריום איז נישט גילטיק, ווייל לויטן רעגלאַמענט קען די באַנק נישט קויפן קיין אייגנטום איידער עס ווערט קאָנטראָלירט פון „סעקסיאָן אַרכיטעקטוראַ".* עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע טענות, אַז דאָס איז אַן אויסנאַם־פאַל; אַז עס האַנדלט זיך פון אַ ספּעציעלן פאַל וואָס די באַנק וויל ראַטעווען אַ טייל פון דעם חוב. איך האָב אויסגערעכנט אַלע זכות־אָבותן פון קאָאָפּעראַטיוו. דער שעף האָט מיר דערקלערט, אַז די אַלע זאַכן זענען נישט אין זיין קאָמפּעטענץ, ער דאַרף אָפּהיטן דעם טייל וואָס געהערט צו זיין סעקציע; דאָס איינציקע וואָס ער קען טאָן, איז שיקן אַן אינספּעקטאָר קיין באַסאַווילבאַסאָ אָן צייט־פאַרלוסט און צושטעלן די אינפאָרמאַציע וואָס פריער צום דירעקטאָריום.

דער אינספּעקטאָר האָט אָנגעוויזן אין זיין באַריכט: 1) אַז דער פּלאַץ וואָס סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ באַט אָן, שטימט נישט מיט די נאָרמעס פון באַנק, צוליב דער אָריענטאַציע; 2) לויט זיין אָפּשאַצונג, איז דער פּלאַץ ווערט 38 טויזנט פּעזעס, אָנשטאָט 70 טויזנט פּעזעס, אַזוי אַז דער באַשלוס פון אינסטיטוטאָ מאָביליזאַדאָר האָט פאַרלוירן זיין ווערט. ס'איז פאַר מיר נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה ווי זיך אָנצונעמען מיט געדולד און ווידער אַ מאָל פּרוּוון מזל. איך האָב נאָך אַ מאָל אָנגעהויבן גיין פון איין ביוראָ צו דער צווייטער, איינטענהן מיט די שעפן, פאָרן קיין באַסאַווילבאַסאָ איינצופאַרשטיין זיך מיטן פאַרוואַלטער פונעם פיליאַל פון באַנק. עס האָט גענומען אַ סך צייט ביז מ'האָט זיך איינפאַרשטאַנען, אַז די באַנק וועט קויפן די שטוב מיטן פּלאַץ אין 55 טויזנט פּעזעס. דער ענין איז ווידער אַ מאָל אַריבער אין אינסטיטוטאָ מאָביליזאַדאָר.

וואָלט דאָך שוין געווען גוט, איז אונטערגעקומען אַ נייער קאָפּווייטאָג, אַ גאַנץ אומגעריכטער: די רעגירונג האָט אינטערווענירט דעם אינסטיטוט; עס זענען געקומען נייע דירעקטאָרן מיט נייע באַאַמטע. איך האָב געדאַרפט אָנהייבן קנעלן מיט זיי פון סאַמע בראשית. ווי אויף צו להכעיס האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ נייער שוועריקייט. דער שעף פון דעם אָפּטייל האָט מיר געזאָגט, אַז ער מוז נעמען עטלעכע טעג אויף צו שטודירן דאָס מאַטעריאַל וואָס איז שוין געווען זייער אַ גרויסער און נאָך דעם וועט ער מיר רופן. אַזוי איז עס געווען. ווען איך בין געקומען צו אים, האָט ער מיר דערקלערט, אַז די זאַכן זענען נישט אין אָרדענונג; ער וועט נישט דערלאָזן אַז די באַנק זאָל כאַפּן מציאות ביים אינסטיטוט; פריער האָט מען אָפּגעשאַצט די שטוב אין

* אַרכיטעקטור־סעקציע.

זיבעציק טויזנט פּעזעס און איצט שאַצן זיי איר אין 55 טויזנט פּעזעס, — דאָס קען ער נישט דערלויבן.

איך האָב אים אויפגעוויזן, אַז דאָ איז נישטאָ קיין אָפּנאַרעריי, ווייל דער קאָאָפּעראַטיוו וועט באַצאָלן די דיפערענץ ביז צו די הונדערט טויזנט פּעזעס. „אויב אַזוי — זאָגט ער מיר, — זאָל דער קאָאָפּעראַטיוו טאַקע באַצאָלן דעם אונטערשייד פון 45 טויזנט פּעזעס און די באַנק זאָל באַצאָלן די 70 טויזנט פּעזעס, וואָס זי אַליין האָט געשאַצט צום ערשטן מאָל". איך האָב אים דערציילט ווי אַזוי דער ענין איז, אַז די שטוב איז נישט ווערט אַזוי פיל געלט, און אַז די באַנק מאַכט די אָפּעראַציע, ווייל זי וויל אַרויסקריכן פון אַ שלעכטן קליענט און העלפן דעם קאָאָפּעראַטיוו, ער זאָל נאָרמאַליזירן זיין עקאָנאָמישע סיטואַציע. דער שעף, ווי אַ גוטער פונקציאָנאַר און ביוראָקראַט, האָט זיך געהאַלטן ביי זיין מיינונג. נאָך אַ סך באַזוכן און דערקלערונגען איז געבליבן, אַז ער וועט שיקן אַן אינספּעקטאָר אונטערצוזוכן דעם ענין אויפן פּלאַץ. אויף מיין ביטע עס זאָל געמאַכט ווערן וואָס שנעלער, האָט ער אַריינגערופן דעם אינספּעקטאָר און אים רעקאָמענדירט — אין מיין אָנוועזנקייט — ער זאָל וואָס פריער פאָרן קיין באַסאַווילבאַסאָ און אומפּאַרזאַמט צושטעלן זיין באַריכט.

איז שוין ווידער אַ מאָל גוט. אָבער דער שלימזל פאַרלויפט דעם וועג. ווען איך בין געקומען שפּעטער מיט אַ פּאָפּצן טעג אין אינסטיטוט צו דערוויסן זיך וועגן רעזולטאַט, לאָזט זיך אויס אַז דער אינספּעקטאָר איז קראַנק און האָט נישט געקענט פאָרן. ווען זיין קראַנקייט האָט זיך פאַרצויגן, האָב איך געפּועלט מען זאָל שיקן אַ צווייטן. מיטן צווייטן אינספּעקטאָר בין איך געזעסן אַ פּאָר שעה און אים איבערגעגעבן אַלע פּרטים, כדי אים צו פאַרלייכטערן די אַרבעט. ער האָט דערפילט זיין מיסיע און אין זיין באַריכט האָט ער באַשטעטיקט דעם פּרייז פון 55 טויזנט פּעזעס.

דאָס מאָל, דאַכט זיך מיר, איז שוין אַלץ אין אָרדענונג. איך האָב געענומען מאַכן וויזיטן ביי די דירעקטאָרן פונעם אינסטיטוט און געבעטן זיי זאָלן געבן פּרעפערענץ דעם ענין פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ, ווייל עס זענען געווען צענדליקער אַנדערע וואָס האָבן געוואַרט אויפן מאָמענט פון זייער לייזונג אָדער דערלייזונג. אָן דער גוטהייסונג פון דירעקטאָריום האָט מען נישט געקענט פאַרזעצן די וויטערדיקע פּראָצעדור. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט נאָכצוקומען מיין ביטע.אָבער עס זענען אַריבער טעג, וואָכן, צוליב איינע אָדער אַ צווייטער סיבה, האָבן זיי נישט געהאַט קיין זיצונגען.

אין אַ פרימאָרגן, לייענענדיק די „לאַ פּרענסאַ",* דערזע איך אַ נייס, אַז

* אַ גרויסע שפּאַנישע טאָג־צייטונג.

לויט אַ נייעם דעקרעט איז דער אינסטיטוטאָ מאָביליזאַדאָר אַריבער צו דער צענטראַל־באַנק. עס איז מיר קאָלעמוטנע געוואָרן אויפן האַרצן. כ׳האָב פאַר־שטאַנען אַז מ׳וועט איצט מוזן נאָך אַ מאָל אָנהייבן דערציילן און איינקנעלן מיט נייע פונקציאָנאַרן פון אַלץ און איבערחזרן די גאַנצע סדרה פון ס׳ניי. וואָס נאָר דאָס טראַכטן אַליין וועגן דעם האָט מיר געמאַכט אומגעדולדיק. צום גליק האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איינער פון די דירעקטאָרן פון באַנקאָ סענ־טראַל איז דער ה׳ מאַבראַגאַניאַ, דער געוועזענער פּאַרוואַלטער פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, דער זעלביקער וואָס מיט אים האָבן מיר גערעדט צום ערשטן מאָל וועגן אופן פון ליקווידירן דעם חוב פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ. אים איז געווען באַקאַנט אַלע אַנטעצעדענטן, בין איך אַוועק צו אים און דערציילט פון די אַלע גילגולים וואָס דער דאָזיקער ענין האָט שוין דורכגעמאַכט און אַזוי ווי דער ענין איז אים נישט פרעמד, זאָל ער מיטהעלפן צו דערליידיקן איין מאָל פאַר אַלע מאָל דעם דאָזיקן אָנגעוויטאָגטן עסק.

פאַר דער דאָזיקער צייט האָבן זיך שוין געהאַט געביטן דריי פּאַרוואַל־טער׳ס אין באַסאַווילבאַסאָ; עס זענען שוין דאָרט געווען דריי אינספּעקטאָרן און יעדער איינער האָט צוגעשטעלט זיין באַריכט, אַזוי אַז אַלץ איז שוין אַרומ־גערעדט און באַלויכטן געוואָרן אין אַלע אַספּעקטן, עס דאַרף נאָר געגעבן ווערן די גוטהייסונג פון דעם העכערן שטאַב.

מאַבראַגאַניאַ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס געהערט נישט צו זיין יוריס־דיקציע. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר דער פערזאָן וואָס איז געווען דער ממונה איבער די דאָזיקע אָנגעלעגנהייטן. ווידער אַ מאָל האָב איך געדאַרפט פונאַנדערוויקלען די גאַנצע מעשה מיט נייע פראַגעס און נייע ענטפערס. צו דעם אַלעם האָב איך געטראָפן אין באַנקאָ סענטראַל נאָך אַזעלכע ווי איך, וואָס האָבן געבעטן אַ שנעלע לייזונג פון זייערע עסקים.

אין דער צווישנצייט פלעג איך זיך אָפט זען מיטן ה׳ מאַמבראַגאַניאַ און האָב אים כסדר געבעטן, ער זאָל מיר מיט עפּעס העלפן צוצואיילן דעם דיק־טאַמען, וואָס דאַרף קומען פון די העכערע אינסטאַנצן. איין טאָג, אַריינקומענ־דיק אין זיין קאַבינעט, דערציילט ער מיר, אַז די באַנקאָ סענטראַל האָט באַ־שטימט אַ נייעם סוב־פּאַרוואַלטער, וואָס האָט אונטער זיין אויפזיכט אַלע ענינים וואָס האָבן פריער געהערט צום אינסטיטוטאָ מאָביליזאַדאָר, זאָל איך גיין צו אים און ער וועט מיר אַטענדירן. דערהערנדיק דאָס, איז מיר אַריבער אַ ציטער: נאָך אַ מאָל דאַרפן איבערחזרן די זעלביקע מעשיות, ווידער אַ מאָל זיך שטעלן צום עקזאַמען. מאַמבראַגאַניאַ האָט מיר באַרויקט און געזאָגט אַז דער סוב־פּאַרוואַלטער איז זייער אַ פאַרשטאַנדיקער מענטש, און האָט גלייך

גערעדט צו אים טעלעפאָניש, אַז עס וועט אים באַלד באַזוכן דאָן איסאַק קאַפּלאַן; ער ווייסט ווער ער איז. דאָס איז געווען בערגאַדא.

איך בין געקומען איין מאָל און צום צווייטן מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך שוין באַקענט מיטן אינהאַלט פון די אַלע דאָקומענטן, נאָר ער קען נישט דיקטאַמינירן אויף דער באַזע פון דעם וואָס ס׳האָבן געזאָגט אַנדערע; ער מוז פריִער שיקן אַן אינספּעקטאָר מיט נייע אינסטרוקציעס און נאָך דעם וועט ער ערשט געבן זיין מיינונג. דאָס איינציקע וואָס ער האָט מיר פאַרזיכערט איז, אַז ס׳וועט נישט נעמען קיין סך צייט. ווירקלעך, מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער מיר געשיקט רופן און געגעבן די גוטע בשורה, אַז דער דירעקטאָריום פון צענטראַל־באַנק האָט זיך אַדוויסגעזאָגט גינציק צום פאָרשלאַג פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ און דער ענין איז שוין אַריבער אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן צו פאַרענדיקן מיט אַלע פּרטים וואָס ס׳איז נוגע דער דאָזיקער באַנק.

אַ צופרידענער בין איך אַוועק אין באַנק. דאָרט האָט מען מיר אינפאָרמירט, אַז דער ענין געפינט זיך אין דעם אָפּטייל פון „נישט איינגעמאָנטע חובות״. אַריינקומענדיק אין דער סעקציע — דער שעף איז אויך געווען מיינער אַן אַלטער באַקאַנטער, — זאָגט ער מיר, אַז אַזוי ווי עס האַנדלט זיך וועגן פאַרקלענערן דעם חוב פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ מיט אַזאַ גרויסער סומע, אַן ערך פון הונדערט טויזנט פּעזעס, מוז ער פריִער זיך באַקענען גענוי מיט אַלע איינצלהייטן איידער ער גיט זיין באַריכט, און דאָס דאַרף געדויערן אַ 15 טעג, דערפאַר וואָס ער האָט נאָך אַ סך זאַכן צו טאָן.

צו די 15 טעג, ווען איך בין געקומען וועגן ענטפער, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אַזוי ווי עס זענען פאַראַן עטלעכע באַריכטן און ס׳ציט זיך שוין עטלעכע יאָר, מוז ער דאָס איבערגעבן צו אַ מלוכה־בוכהאַלטער פון באַנק, ער זאָל גענוי אַנאַליזירן די ציפערן און פעסטשטעלן דעם ריכטיקן מצב, און דאָס קען געדויערן עטלעכע חדשים. ס׳האָט נישט געהאָלפן מיינע אַרגומענטן, אַז ס׳זענען שוין פאַראַן באַריכטן פון באַנקאָ דע לאָ נאַסיאָן, פון זייערע אינספּעקטאָרן, פון אינסטיטוט, פון באַנקאָ סענטראַל. „יעדער אָפּטייל — האָט דערקלערט דער שעף, — איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין טייל און מוז האַנדלען קאָנסעקווענט מיט זיין אייגענעם געוויסן״.

אַ סך מאָל האָב איך נאָך דעם געדאַרפט זיין אין באַנק וועגן צואיילן די אַרבעט און געבן אייניקע דערקלערונגען. אָבער אַזוי ווי צו אַלץ נעמט אַ סוף, איז צו דעם אויך געקומען דער טאָג ווען דער שעף, ה׳ אָטטאָנע, האָט מיר געמאָלדן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, נאָר איין זאַך איז נישט קלאָר: שוין עטלעכע יאָר ווי סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ צאָלט נישט דעם פּראָצענט אויף די

207 טויזנט פעזעס און דאָס דאַרף געדעקט ווערן. עס האָט זיך ווידער אַ מאָל אָנגעהויבן אַ גיין אַהין און אַהער; ריידן מיט דעם און מיט יענעם, ביז איך האָב באַקומען די צושטימונג, אַז די פּראָצענטער ווערן אויך געשענקט.

ווען איך האָב באַקומען די ידיעה, בין איך אַוועק אין באַנק אַ פריילע־כער און ה׳ אָטטאָנע האָט מיר געזאָגט, אַז דער ענין איז שוין אַריבער צו זיין עלטסטן, יענער דאַרף עס אונטערשרייבן און צושטעלן צו דער באַשטעטיקונג פון דירעקטאָריום. ער ראָט מיר, איך זאָל זיך זען מיטן עלטסטן — איך געדענק נישט זיין נאָמען, — בין איך אַוועק צו אים. ער האָט אַריינגערופן איינעם פון זיינע סעקרעטאַרן און אים געפרעגט, צי ער האָט שוין שטודירט די דאָקומענטן פון סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ. ער איז אַוועק און געבראַכט דעם יערלעכן באַריכט און באַלאַנס פון קאָאָפּעראַטיוו. ער האָט אָנגעוויזן, אַז לויטן אַקטיוו און פּאַסיוו, ווי עס וויין די ציפערן, קענען זיי באַצאָלן דער באַנק דעם גאַנצן חוב מיט אַלע פּראָצענטער.

איך האָב דערפילט אַז די קני בויגן זיך מיר איין. אויף אַזאַ זאַך האָב איך זיך נישט געריכט. נאָכן האָבן דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי בענק־גיהנום זאָל איך מיך דערזען ביים סאַמע אָנהייב? נישט קיין סך קלערנדיק האָב איך זיי געזאָגט, אַז דער באַלאַנס וואָס ער האַלט אין האַנט איז אַ פאַל־שער, די ציפערן זענען נישט קיין ריכטיקע. דערהערנדיק אַזעלכע ווערטער, האָבן ביידע אויסגעשטעלט אויף מיר פיר אויגן, ווי אויף אַן איבערפאַלער. דער סעקרעטאַר האָט מיר אַ פרעג געטאָן, צי וויים איך וואָס ס׳באַדייטן מיינע ווערטער „פאַלשער באַלאַנס״? איך האָב אים געבעטן ער זאָל זיך באַרויקן און אים געוויזן, אַז לויט די אינפאָרמאַציעס פון אַלע אינספּעקטאָרן וואָס די באַנק האָט געשיקט און אויך פון די פאַרוואַלטערס, איז צו זען, אַז די ציפערן וואָס פיגורירן אין אַקטיוו שטימען נישט מיט דער ווירקלעכקייט, ווייל דער גרעסטער טייל פון דער סומע צום איינקאַסירן איז אַ פיקטיווע, ווייל די קאָ־לאָניסטן וואָס זענען שולדיק, עקסיסטירן נישט מער; דער קאָאָפּעראַטיוו האָט נישט געוואָלט אַריבערפירן דעם דאָזיקן טייל אין רובריק „פאַרלוסט״, כדי נישט צו זיין געצוווּנגען זיך צו דערקלערן באַנקראָט, ווי עס פאָדערט דער קאָמערציעלער קאָדעקס, אָבער פאַר דער באַנק איז דאָס נישט קיין סוד און דעריבער איז אָנערקענט געוואָרן אין אַלע אָפּטיילן פון באַנק, וואָס האָבן גע־האַט די מיינונג ביי דער פראַגע, אַז מען מוז זיי אָנערקענען אין דער פאָרעם ווי ס׳איז פאָרגעלייגט געוואָרן. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט צו געבן אַ ברייטערע דערקלערונג איבער קאָאָפּעראַטיוויזם און אַז מיר זענען ווייט פון יוכן קאָמערציעלע דריידלעך; זיי קענען פרעגן ביי די העכסטע באַאַמטע פון

באַנק וועגן פּראַטערנידאַד אַגראַריאָ און וועגן מיין פּערזאָן, וועלן זיי וויסן צי זיי דאַרפן צווייפלען אין מיינע ווערטער.

דער שעף האָט מיר געזאָגט, אַז אים איז קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו אַרבעטן אין געגנטן ווו עס זענען פאַראַן קאָאָפּעראַטיוון איך האָב אים צו־געשיקט ביכער פון שאַרל זשיד, פאַבראַ ריוואַס און די בראָשורן וואָס איך האָב געשריבן, ער זאָל זיך באַקענען אַ ביסל מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַ־וועגונג. שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג, ווען איך בין געקומען אין באַנק, האָט ער מיר פריינדלעך באַגעגנט און מיר געגעבן דעם גינסטיקן ענטפער, אַז אַלץ איז באַשטעטיקט אַזוי ווי מיר האָבן געבעטן.

4 יאָר צייט האָט עס געדויערט. ס׳האָט געקאָסט אַ סך מי, ענערגיע און געדולד, ביז צום ענדגילטיקן באַשלוס, אָבער ס׳איז כדאי געווען. ס׳וועט נישט זיין איבערגעטריבן ווען איך וועל זאָגן, אַז איך האָב אַרויסגעראַטעוועט דער ערשטער און עלטסטער אַגראַר־געזעלשאַפט — סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ — פון אונטערגאַנג. איצט אַרבעטן זיי און פּראָגרעסירן, צו אַלעמענס צופרידנ־קייט און זיי מעגן שטאָלצירן מיט דעם נאָמען. זיי האָבן באַוויזן אַן אמתן קאָאָפּעראַטיוון זשעסט און האָבן באַצאָלט דער באַנק די סומע וואָס די באַנק האָט זיי געשענקט. זאָל עס דינען ווי אַ לעקציע און ווי אַ נחת־רוח פאַר די איצטיקע פירער און באַאַמטע.

זאָל עס אויך זיין ווי אַ ביישפּיל פאַר קאָאָפּעראַטיוון און פאַר די פירערס פונעם קאָאָפּעראַטיוויזם.

עס בעט זיך צו זאָגן: לעבן זאָל די פראַטערנידאַד אַגראַריאַ!

# „קאַכאַ מוטואַ" פון באַסאַווילבאַסאָ

די קריזיס־יאָרן וואָס דאָס לאַנד האָט דורכגעמאַכט אין 1930־1937, האָט געווירקט אויף אַלע אינסטיטוציעס וואָס זענען געווען טעטיק אין די קאָלאָניעס און אַרומיקע שטעטלעך. אין אַ טאָג זענען געקומען צו מיר אין ביוראָ פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ די ה"ה פּנחס זוסמאַן און שמחה באַנטשיק פון באַסאַווילבאַסאָ, און גלייך ביים אַריינקומען געבעטן, זיי אַרויסצושלעפּן פון אַ צרה. עס האָט זיך געהאַנדלט פון דער „קאַכאַ מוטואַ", וואָס געפינט זיך אין אַ פינאַנציעל־געדריקטער לאַגע, אַז זיי האָבן אַפילו נישט צו צאָלן די דעפּאָזיטן אין לויפנדיקן חשבון. קליינע קרעמערס, אָרעמע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן דאָרט דעפּאָזיטירט קליינע סומעס און דאַרפן עס האָבן פאַר זייער טעגלעכן געברויך, קען מען עס זיי נישט צוריקצאָלן, ווייל די קאַסע איז בוכשטאַבלעך ליידיק. ביי די וואָס זענען שולדיק דער קאַכאַ קען מען נישט איינקאַסירן, ווייל זיי האָבן נישט. די וואָס וואָלטן אפשר זיך געקענט אָנטאָן אַ כוח און צאָלן כאָטש אַ טייל, איילן זיך נישט דאָס צו טאָן. זיי מיינען, אַז די קאַכאַ וועט סיי־ווי־סיי דאַרפן שליסן אירע טירן. אַ וועקסל פון צוואַנציק טויזנט פּעזאָס זענען זיי שולדיק דער מלוכה־באַנק און קענען נישט צאָלן. זיי האָבן געבעטן שריפטלעך, מען זאָל זיי פאַרלענגערן דעם טערמין און מען זאָל זיי אויסלייען נאָך צען טויזנט פּעזאָס, אָבער ביז איצט האָבן זיי נישט באַקומען קיין ענטפער.

אָן צייט־פאַרלוסט בין איך מיט זיי אַוועק אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן. צום שעף פון קרעדיט־אָפּטייל, געוויר צו ווערן וועגן רעזולטאַט פון זייער בקשה. דער שעף האָט געמאָלדן, אַז ערשט מיט אַ פּאָר טעג פריִער האָט דער דירעקטאָריום אָפּגעזאָגט די בקשה. דערהערנדיק דעם ענטפער, האָט זוסמאַן זיך דערפילט אַזוי שלעכט, אַז מיר האָבן אים געמוזט אַרויספירן און אים אונטערהאַלטן, ער זאָל נישט חלשן. ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, בין איך אַריין מיט זיי צום פאַרוואַלטער פון די פיליעס, ה' מאַנועל גאָמעז, וועלכער איז געווען איינער פון די פעיִקסטע און באַגאַבטסטע מענטשן וואָס איך האָב אין מיין לעבן געקענט. זיין אויפנעמען גיך יעדע פּראָבלעם; זיין אַנאַליטישע אָפּשאַצונג, קאָרעקטע אָריענטאַציע און אָרגאַניזאַציאָנעל־אַדמיניסטראַטיווע פלינקייט איז געווען ממש צו באַוווּנדערן. חוץ אין ענינים פון באַנקוועזן, איז מיר מיט אים אויסגעקומען מיטצואַרבעטן אין פאַרשיידענע קאָמי־

סיעס אין אַגריקולטור־מיניסטעריום, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שייכות מיט פינאַנצן. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געבליצט מיט זיין שכל־הישר, שנעלע אויפפאַסונג, קאָנקרעטע פאָרמולירונג פון פּראָבלעמען און דעם בעסטן אויסוועג ווי אַזוי זיי צו לייזן. איך האָב פאַר אים געשילדערט די לאַגע פון „קאַכאַ מוטואַ"* ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט: אַז צוליבן קריזיס קענען די מיטגלידער נישט צאָלן זייערע חובות צו דער צייט; די מיטגלידער זע־נען קאָלאָניסטן, בעלי־מלאכות, קליינע קרעמערס; אַז די קאַסע איז ליידיק און עס איז נישט בכוח צו צאָלן די אָרעמע מענטשן, וואָס מוזן עס האָבן פאַר זייערע קליינע דעפּאָזיטן. עס איז דעריבער אומבאַדינגט נייטיק, אַז די מלוכה־באַנק זאָל זיי פאַרלענגערן דעם טערמין צו באַצאָלן די 20 טויזנט פּעזעס און זיי געבן אַ נייע הלוואה פון צען טויזנט פּעזעס. ווען איך האָב געענדיקט, האָב איך געפילט ווי זוסמאַן ציט מיר פאַרן רעקל.

דער ה׳ גאָמעז האָט געהייסן, מען זאָל באַנייען די ביטע, וואָס איז טאַקע אין גיכן באַפרידיקט געוואָרן. די קאַכאַ האָט ווידער געקענט פונקציאָנירן.

ביים געזעגענען זיך מיטן ה׳ גאָמעז, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר אַנטשולדיקן וואָס איך באַלעסטיקט אים אַזוי אָפט (אין יענע קריזיס־יאָרן פלעג איך אָפט האָבן אַזעלכע מיסיעס וועגן צאָלונגען פון די קאָאָפּעראַטיוועס און פון איינצלנע קאָלאָניסטן), און אים געבעטן ער זאָל מיר אָנווייזן אַ טאָג ווען איך וועל קענען קומען ריידן מיט אים וועגן אייניקע אַלגעמיינע אָנגע־לעגנהייטן. דער ה׳ גאָמעז האָט מיר אָנגעקוקט און געזאָגט:

"¿Ud. a mi me molesta? Está equivocado. Cada vez que hablo con Ud. algo aprendo." *

אַרויסגייענדיק האָבן באַנטשיק און זוסמאַן געזאָגט, אַז ווען זיי וואָלטן דאָס נישט געהערט מיט די אייגענע אויערן, וואָלטן זיי דאָס נישט געגלויבט, נאָר דערציילן עס אין דער קאָלאָניע — לוינט נישט, ווייל דאָס קען שעדיקן די באַציִונגען פון דער סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ מיט פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, ווייל די אָנפירערס פאַרגינען פשוט נישט יצחק קאַפּלאַנען זיין דערפּאָלג אין בוענאָס־איירעס. אַזאַ עגאָיִזם האָט אָבער אַריינגעבראַכט אין אַ דערדריקנדי־קער שטימונג. איך האָב זיי געזאָגט, אַז זיי מעגן זיין רויִק, איך וועל גיין מיין אָנגעצייכנטן וועג.

איך האָב געפרעגט זוסמאַנען, פאַר וואָס ער האָט מיר געצויגן פאַרן

---

* קעגנזייטיקע קאַסע.

** איר באַלעסטיקט מיר? איר מאַכט אַ טעות. אַלע מאָל וואָס איך רייד מיט אייך, לערן איך עפּעס.

דעקל ווען איך האָב גערעדט מיטן פּאַרוואַלטער? ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט מורא געהאַט, אַז אויב דער פּאַרוואַלטער וועט זיך דערוויסן די אמתע סיטואַציע פון קאַכאַ מוטואָ, לויט מיין עקספּאָזע, וועט ער זיכער גלייך אָפּזאָגן זייער ביטע. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, האָב איך זיי דערקלערט, אַז דאָס איז מיין סיסטעם פון אַרבעט: נישט געבן קיין מאָל קיינעם די געלעגנהייט צו צווייפלען אין מיינע ווערטער; איך באַטראַכט עס פאַר דעם איינציקן בעסטן מעטאָד אָנצוהאַלטן אַ פעסטע פּאָזיציע. אַפילו ווען מען פאַלט דורך, איז בעסער, שענער און געזינטער ווען דער דורכפאַל איז צוליב דעם, וואָס מען איז געגאַנגען מיטן אמת, איידער דורכפאַלן צוליבן פעלן פון אמת. דער מעטאָד איז געווען און איז מיין ריכטליניע ביז היינט צו טאָג. איך האָב נישט קיין חרטה.

אין 1941 האָט זיך די קאַכאַ מוטואַ געפונען ווידער אַ מאָל אין אַ גע־דריקטער לאַגע. זייער פּאַרוואַלטער ה׳ מאַצקין, איז געקומען קיין בוענאָס־איירעס, און ממש מיט טרערן אין די אויגן געבעטן, איך זאָל אים העלפן באַקומען אַ קרעדיט, כאָטש פון פינף טויזנט פעזעס. איך בין געגאַנגען מיט אים אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן. דער סוב־פּאַרוואַלטער, ה׳ ראַוספּע, האָט מיר געזאָגט: „קאַפּלאַן, דו קומסט בעטן פאַר אַ גוסס וואָס האָט קיין האָפענונג”. דאָך האָבן מיר באַקומען דעם קרעדיט. צום גליק געפינט זיך היינט די קאַכאַ מוטואַ אין אַ זייער גוטן מצב.

# דיסקוסיע מיטן גענעראַל־דירעקטאָר פון דער ייקאַ, וועגן דער קאָלאָניע וואָס טראָגט זיין נאָמען

אין נאָוועמבער 1941 האָט דער צענטראַל־ראַט פון פּראָטערנידאַד אַג־ראַריאַ געהאַט אַ זיצונג מיטן ייקאַ־דירעקטאָר, ה׳ לויס אונגרע. צווישן אַנדערע פּראָבלעמען האָבן מיר אויך באַרירט די קאָלאָניע לויס אונגרע. ה׳ אונגרע האָט אַ פּאָר מאָל באַטאָנט, אַז צוליבן קריג אין איראָפּע קען די ייקאַ נישט דיספּאָנירן מיט אירע פאָנדן אָן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער ענגלי־שער רעגירונג, דערפאַר קען ער איצט נישט ענטפערן קאַטעגאָריש אויף די פאָדערונגען פון די קאָאָפּעראַטיוון. איך האָב געפרעגט דעם ה׳ אונגרע, צי מיר בעטן דען סתם געלט, אָדער פאַרלאַנגען מיר דען שטיצע צוליב וואָס מען דאַרף אַרויסנעמען געלט פון קאַסע? מיר פאָדערן מען זאָל געבן קאָלאָ־ניסטן נאָך אַ שטיקל ערד, ווייל אויף קליינע שטחים קענען זיי נישט עקסיס־טירן. די ערד האָט די ייקאַ געקויפט פריער מיט אַ סך יאָרן. מיר בעטן מען זאָל פאַרקלענערן די פּראָצענטן און אַראָפּנעמען די אַלטע חובות, וואָס ווען סיי־ווי נישט איינגעמאָנט ווערן. דאַרף מען וועגן דעם פרעגן ביי דער ענגלי־שער רעגירונג? ווען אַ קאָלאָניסט פאַרלאָזט די טשאַקרע און בלייבט שולדיק געלט דער ייקאַ, דאַרף דען די ייקאַ אַ באַפּולמעכטיקונג פון עמיצן אַריבער־צופירן דעם סאַלדאָ אין רובריק „פאַרלוסט״?

וואָס שייך די קאָלאָניסטן פון לויס אונגרע, האָב איך אים דערציילט אַזאַ וויץ: אַ קינד פון אָנפאַנגשול פלעגט באַקומען פון זיין מוטער יעדן טאָג פינף סענט צו קויפן צוקער־געבעקס. דאָס קינד איז געווען אַ שפּאָרעוודי־קער, אָנשטאָט צו קויפן צוקערלעך, האָט ער די פינפער סענטן געגעבן דעם לערער, ער זאָל זיי באַהאַלטן. עס זענען אַריבער צען טעג, פרעגט דאָס קינד דעם לערער, וויפל געלט האָט ער שוין? דער לערער האָט אים געענטפערט: 40 סענט. דאָס קינד האָט פאַרגעזעצט ברענגען די פינפער סענטן. שפּעטער מיט אַ צען טעג, פרעגט ער נאָך אַ מאָל וויפל ער האָט שוין אָנגעזאַמלט? — 30 סענט, — איז געווען דער ענטפער. שפּעטער מיט אַ וואָך, נאָך דעם ווי ער האָט נישט פאַרפעלט ברענגען יעדן טאָג די סענטן, איז דאָס קינד נייגעריק צו וויסן וויפל געלט עס האָט זיך שוין אָנגעקליבן, באַקומט ער אַן ענטפער: 20 סענט. דאָס קינד האָט אַ ווײלע געטראַכט און געזאָגט: הער לערער, וויפל נאָך דאַרף איך ברענגען ביז איך זאָל שוין גאָרנישט האָבן?

ווענדנדיק זיך צום ה׳ אונגרע, האָב איך געזאָגט: — איך וואָלט וועלן וויסן, ה׳ דירעקטאָר, וויפל נאָך דאַרפן די קאָלאָניסטן פון קאָלאָניע לוויס אונ־גוע אַרבעטן ביז איר וועט זיי אַראָפּוואַרפן פון דער ערד? קאָלאָניסטן וואָס אַרבעטן שוין 17 יאָר און קיין איינער איז נישט געווען אין שטאַנד צו צאָלן רעגלמעסיק, צום ווינציקסטן, דעם פּראָצענט פון דעם חוב. איצט זענען זיי שולדיק מער וויפל די ערד האָט די ווערט; וויפל יאָר נאָך וועלן זיי זיך קע־נען האַלטן ביי אַזעלכע באַדינגונגען?

ה׳ אונגרע האָט געענטפערט, אַז פּאָרלויפיק וועט מען פאַרפירן די אַל־טע חובות; קיין פּראָצענט אויף זיי וועט מען מער נישט צורעכענען, ביז צום מאָמענט ווען מען וועט קענען אין גאַנצן אָפּמעקן די דאָזיקע אָנגעוואַקסענע שולדן; און וועגן די אַלע אַנדערע פּראַגעס וועט ער שטודירן מיט די דירעק־טאָרן פון בוענאָס־איירעס.

די דירעקטאָרן, ווי געזאָגט, האָבן געהאַלטן אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג. פּסיכאָלאָגיש איז די דאָזיקע האַנדלונג געווען לייכט צו פאַרשטיין: דירעקטאָרן, ספּעצן, אַגראָנאָמען זיצן יאָרנלאַנג און באַמערקן נישט ווי אַ קאָלאָניע, אַ יונגע, מיט אַן אויסגעפּרוווטן אַרבעטנדיקן עלעמענט צאַנקט, לעבט אַ מיסעראַבלען לעבן און צאָלט נישט; טראָץ דעם, באַטראַכטן זיי עס ווי אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, אין דעם זין אינפאָרמירן זיי אין פּאַריז. פּלוצ־לינג קומט מען, און ווער? — קאָלאָניסטן, נישט מער ווי קאָלאָניסטן און גיבן אַ טרייסל אויף אין גאַנצן די געשיכטע. געוויס, איז עס זיי נישט געווען לייכט אַראָפּצושלינגען, נאָר אָנשטאָט איינצולאַדן טאַקע אָט־די קאָלאָניסטישע פאָרשטייערס צו באַטראַכטן די לאַגע בשותפות, האָבן זיי אָפּגעלייקנט דעם קאָזאַק מיט די שמיץ, — אַז עס איז גאָר קיין פּראָבלעם נישטאָ; מען האָט איינגעפּרווירן די אַלטע חובות, און אַלץ איז שוין גוט.

ווען איך האָב געפרעגט, אין אַ פּריוואַטן שמועס, איינעם פון די העכערע פונקציאָנאַרן, וואָס וועלן זיי טאָן מיט די נייע חובות? אָט איז שוין אַריבער נאָך אַ יאָר, קאָלאָניסטן קענען ווייטער נישט צאָלן. 75 העקטאַרן, און נאָך אין קאָנדיציעס ווי זיי געפינען זיך, וועלן קיין מאָל נישט קענען צאָלן אַזעל־כע פּרייזן און אַזעלכע פּראָצענטער, ווי די יִקאַ רעכנט; וועלן זיי זיך שטענ־דיק דרייען אין אַ פאַרכישופטן קרייז, ביז מען וועט נישט אָננעמען קיין ראַ־דיקאַלע מיטלען: צוגעבן נאָך לאַנד, פאַרקלענערן די פּרייזן און די פּראָצענ־טער, ווי אויך פולשטענדיקע באַפרייונג פון די אָנגעוואַקסענע חובות. דער דאָזיקער פונקציאָנאַר האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט. ער האָט נישט געגעבן קיין ענטפער, נאָר לויט מיר איז באַוווסט, האָט ער נאָך דעם פיל מיטגעאַר־

בעט, אַז די אַלע אָנגעוויזענע ענינים זאָלן ווי ווייט מעגלעך דערליידיקט ווערן אויף אַ צופרידנשטעלנדיקן אופן.



דעם 31סטן יאַנואַר 1943 איז זיך צונויפגעקומען דער צענטראַל־ראַט פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ אין אַלקאַראַס. טראָץ דעם וואָס מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז נישט קיין פּאַסנדיקער פּלאַץ פאַר קיין פאַרזאַמלונגען, צוליבן פעלן פון באַקוועמלעכקייטן, דאָך זענען געקומען די פאָרשטייערס פון אַלע קאָאָפּעראַטיוון מיטן ספּעציעלן צוועק זיך צו באַקענען מיט דער אמתער לאַגע פון דער קאָלאָניע לויס אונגרע. די מיטגלידער פון צענטראַל־ראַט, אַלע אַלטע פּראַקטישע קאָלאָניסטן, ווי: בערנאַרדאָ מאַצקין, נ. קאַסיאָוויטש, מאַוריסיאָ קאַזאַקעוויטש, וואַלטער ראָזענטאַל, יעקב עפּרון א״אַ, האָבן באַזוכט די קאָלאָניע. דעם באַריכט וואָס זיי האָבן שפּעטער אָפּגעגעבן פאַר דער פאַרזאַמלונג איז געווען זייער אַ פּעסימיסטישער. זיי האָבן אויסגעפונען, אַז דער באָדן איז אַ שלעכטער, נישט ווי מען האָט געמיינט פריִער איידער מען האָט אָנגעהויבן באַאַרבעטן די דאָזיקע ערד אַז דער באָדן פון לאַ גאַמאַ איז אַ גוטער. נאָך אַ גענויעם שטודיום איז מען געקומען צום שלוס, אַז מען מוז פאַרגרעסערן די טשאַקרעס; נאָך דעם ווי עס וועט גענוי אונטערגעזוכט ווערן יעדע טשאַקרע באַזונדער, אַראָפּוואַרפן די אַלטע הובות, באַשטימען פרייזן פאַר דער ערד לויט איר פּראָדוקטיוויקייט, מעגלעכקייטן און רעכענען אַ ביליקערן פּראָצענט.

דער דאָזיקער באַשלוס האָט נאָך מער אויפגערעגט די דירעקטאָרן פון דער ייִקאַ, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי ווייט זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך אין זייערע קאָלאָניעס און ווי אָפּגענאַרט זיי זענען געווען אין זייערע אָפּשאַצונגען. אין די ווייטערדיקע באַזוכן וואָס דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט געמאַכט אין לויס אונגרע, איז ווידער אַ מאָל באַשטעטיקט געוואָרן, אַז עס זענען דאָרט פאַראַן שטחים ערד וואָס זענען נישט פון די בעסטע פאַר דער אַגריקולטור. אינטערעסאַנט איז, אַז ביי איינעם פון אונדזערע באַזוכן אין דער קאָלאָניע האָט אונדז דער אַדמיניסטראַטאָר, ה׳ סאַפּיר, געזאָגט, אַז ער גלויבט אַז אַלע אונדזערע פאָדערונגען וועלן נאָכגעגעבן ווערן, נאָר עס וואָלט געווען ווינטשנסווערט, אַז פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ זאָל זיך צוריקציִען און איבערלאָזן די איניציאַטיוו פאַר די פונקציאָנאַרן פון דער ייִקאַ. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן די דאָזיקע אינסינואַציע נישט אָנגענומען, גאָר פּשוט, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט זיי

זאָלן נישט פאַרטושן דעם גאַנצן ענין, ווער ווייסט אויף וויפל צייט? מיר האָבן שוין געהאַט ביישפילן אין אַנדערע קאָלאָניעס.

ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט וויל איך פאַרצייכענען אַ כאַראַקטעריס־טישן עפּיזאָד, וואָס באַווייזט נאָך אַ מאָל, ווער עס זענען געווען די בעלי־בתים אין ווענמענס הענט ס'איז געלעגן דער גורל פון דער יידישער קאָלאָ־ניזאַציע אין אַרגענטינע. ווען די דעלעגאַטן זענען געקומען צו דער באַשטימ־טער שעה אין דער יק״אַ אויף זיך צו באַטייליקן אין דער זיצונג מיטן ה׳ לויס אונגרע, האָט מען אונדז געהייסן וואַרטן אויפן 1טן שטאָק. עס איז אַראָפּ־געקומען זיין סעקרעטאַר ה׳ גאַסיני, און פאַרצייכנט די נעמען פון אַלע דעלע־גאַטן און די אינסטיטוציעס וואָס זיי פאַרטרעטן. דעם איינציקן וואָס מען האָט אַרויפגערופן אויבן, איז געווען דעם ה׳ סאַכאַראָוו.

עס זענען אַריבער אַ צען מינוט, האָט מען אונדז מיטגעטיילט אַז דער דירעקטאָר ה׳ אונגרע, וועט אויפנעמען אַלע דעלעגאַטן, נאָר נישט די פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. פאַר וואָס? אויף דעם האָט מען אונדז געענטפערט, אַז אַזוי איז דער ווילן פון דעם סאַמע העכסטן דירעקטאָר. אַלע דעלעגאַטן זע־נען אויפגעברויזט געוואָרן. איך בין אַרויפגעלאָפן אויבן, האָב אַרויסגערופן סאַכאַראָוון און אים דערציילט וואָס עס קומט פאָר; אַז דאָס איז זייער אַן אומ־קאָרעקטע האַנדלונג און מען מוז דאָס פאַרמיידן. סאַכאַראָוו האָט מיר גע־זאָגט, אַז ער האָט שוין דיסקוטירט מיטן ה׳ אונגרע וועגן דעם, און איז אַוועק נאָך אַ מאָל צו אים.

איך בין אַראָפּ צוריק אויפן 1טן שטאָק. עס זענען געווען דעלעגאַטן וואָס האָבן געזאָגט מען זאָל זיך סאָלידאַריזירן מיט דער יוגנט און קיינער זאָל נישט גיין צו דער זיצונג. אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז טראָץ דעם וואָס אין פּרינציפּ זענען זיי מסכים, אָבער אין זייערע קאָלאָניעס זענען פאַראַן צו אַנטשיידן פּראָבלעמען וואָס זענען לעבנסוויכטיק פאַר זיי, און אַזוי ווי דער יק״אַ־דירעקטאָר פון פּאַריז קומט איין מאָל אין צען יאָר, טאָרן זיי נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט. די דעלעגאַטן פון מאָזעסוויל און פון פּאַנדאָ קאַ־מונאַל האָבן זיך צוריקגעצויגן, און פון די אַלע אַנדערע קאָלאָניעס זענען אַרויף אויבן, צו דער זיצונג.

מיר זענען שפּעטער געוווויר געוואָרן די סיבה פון אַזאַ לעכערלעכער האַנדלונג מצד דער „פּערזענלעכקייט״ וואָס געוועלטיקט איבער אַזאַ רייכן אוצר פון געלט, מענטשן און אידעאַל. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל ווען ה׳ אונגרע איז געווען אין בערנאַסקאָני ביי אַ זיצונג פון ראַט פון דעם קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ און דיסקוטירנדיק איבער דער לאַגע פון דער קאָלאָניע, וואָס שלעפּט זיך שוין אַזוי פיל יאָרן, האָט דער

יונגער זשאַמע לעוויט געזאָגט, אַז עס איז גענוג צו בעטן טובות, „מיר פאַר־דערן גערעכטיקייט". אָט־דעם אויסדרוק מיר פאָדערן, האָט אונגרע באַטראַכט פאַר אַן אומפאַרגעבלעכער חוצפּה און דערפאַר נישט געוואָלט אויפנעמען מער קיין יונגע קאָלאָניסטן, אָרגאַניזירטע אין דער קאָלאָניסטישער יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציע „אַכאַ", פון וועלכער ברוך רעזניק, פון מאָזעסוויל (היינט אין ישר־אל) איז געווען פּרעזידענט.

די זיצונג האָט זיך פאַרצויגן ביז צען אַ זייגער אין אָוונט. אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט מען געדערדט טעלעפאָניש פון דער יי.קאַ, איך זאָל זאָגן די יוגנט־דעלעגאַטן, אַז אונגרע וואַרט אויף זיי, ער וועט זיי אויפנעמען. אָבער זיי אַלע, בראש מיט ברוך רעזניק, זענען שוין אַוועקגעפאָרן צום באַן. איך האָב גלייך געשיקט אַ באַאַמטן, ער זאָל פאָרן שנעל, אפשר וועט ער באַוויזן זיי צו טרעפן איידער דער באַן גייט אַוועק און זיי מיטטיילן וועגן דעם נייעם קורס. דער באַאַמטער האָט באַוויזן זיי איבערצוגעבן מיין צעטעלע, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צוריקצוקומען און זענען אַוועקגעפאָרן אַהיים, קיין מאָ־זעסוויל.

גאַנץ מעגלעך אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון פראַטערנידאַד אַגראַ־ריאָ האָט ביי דער געלעגנהייט געהאַנדלט נישט גענוג ענערגיש און נישט מיט דער געהעריקער ווערדע.

# דער גורל פונעם רעזערוו־באָרן. — געמישטע אַדמיניסטראַציע

היינט צו טאָג זענען פאַראַן אַ סך מענטשן, אָרנטלעכע און אויפריכטיקע, וואָס ווילן נישט אָדער קענען נישט גלויבן אין די אָנקלאָגן וואָס קאָלאָניסטן ברענגען אין דער עפנטלעכקייט קעגן די יק״אַ־פונקציאָנאַרן, וועלכע האָבן מיט זייער האַנדלונג אונטערגעגראָבן דעם פונדאַמענט פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. מעגלעך, אַז ווען איך זאָל נישט זיין אַזוי גענוי באַקאַנט מיט די אַלע מעשים זייערע, וואָלט איך אויך נישט געגלויבט, ווייל עס איז טאַקע נישט צום גלייבן. אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך האָב איך שוין געשריבן וועגן דעם „באַרימטן" דעקרעט נישט צו פאַרדינגען די רעזערוו־שטחים צו ייִדישע קאָלאָניסטן, ווי אויך נישט צו זייערע קינדער און וועגן די פּראָטעסטן וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן און דאָס בייז בלוט וואָס עס האָט פאַרשאַפט.

ענדלעך איז אָנגעקומען די גוטע ידיעה, אַז די יק״אַ ציט צוריק דעם דערמאָנטן דעקרעט. איז דאָך, אייגנטלעך, גוט. אָבער הערט און שטוינט — צו דער זעלבער צייט וואָס די יק״אַ איז אַרויסגעקראָכן פון איין בלאָטע, איז זי גלייך אַריינגעקראָכן אין אַ צווייטער און גרעסערער בלאָטע.

די יק״אַ האָט בטל געמאַכט דעם דעקרעט פון נישט־פאַרדינגען די רעזערוו־שטחים צו ייִדישע קאָלאָניסטן און צו דער זעלביקער צייט האָבן זיי מיטגעטיילט, אַז עס זענען געגעבן געוואָרן אינסטרוקציעס צו פאַרקויפן רעזערוו־שטחים צו די יעניקע וואָס גיבן העכערע פרייזן, נישט בעמענדיק אין אַכט ווער און וואָס דער קויפער איז. דער רושם וואָס דאָס האָט געמאַכט איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שעדלעכער, דערפאַר וואָס יעדער איינער האָט זיך געטראַכט — און געטראַכט אויף אַ הויכן קול, — אַז אויב די יק״אַ מעג שטעלן העכער פון אַלץ די פרייזן, איז פאַר וואָס טאָרן עס איינצלנע קאָלאָניסטן דאָס נישט טאָן? דער „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" האָט רעאַגירט אויף דער דאָזיקער אומרעכט, און אין נומ׳ 131 פון מערץ 1929 שרייבט ער:

„מיר האָבן באַקומען די ידיעה, אַז די יק״אַ האָט צוריקגעצויגן דעם דעקרעט נישט צו פאַרדינגען צו ייִדישע קאָלאָניסטן אירע רעזערוו־שטחים. דער דאָזיקער דעקרעט האָט אין זיין צייט אַרויסגערופן

פאַרדראָס און ווייטאָג נישט בלויז ביי קאָלאָניסטן, נאָר ביי דער גאַנצער יידישער געמיינשאַפט אין אַרגענטינע. ער איז אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ גזירה פון „קראמע יעוורעיעוו”. עס קומט דעריבער אונדז אַ טאָג־פּלטער מזל־טוב; איינס, צוליב דעם פאַקט, וואָס מיר זענען געוואָרן גלייכבאַרעכטיקט, און צוויי, ווייל אונדזער שטאַנדפּונקט האָט געמוזט אָנערקענט ווערן ווי אַ גערעכטער און אַז אונדזער פאָדערונג פאַר גע־רעכטיקייט האָט איבערגעשטאַרקט אַלע שטערונגען און קאַפּריזן.

אָנערקענען אַ פעלער איז אַ הויכע מדרגה. די ייִקאַ, אַלזאָ, דאַרף באַגריסט ווערן פאַר דעם וואָס זי האָט סוף־כל־סוף פאַרשטאַנען דעם פעלער און האָט אים באַזייטיקט.

מיר ווילן ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען נאָך אַ מאָל אונדזער פאָרשלאַג פון אַ געמישטער אַדמיניסטראַציע, ד״ה, געבן דאָס רעכט און די מעגלעכקייט די פאָרשטייערס פון די קאָלאָניסטן צו זאָגן זייער מיי־נונג ביי אַלע אָנגעלעגנהייטן וואָס האָבן אַ שייכות צום ענין קאָלאָני־זאַציע, אָדער ביי אַנדערע אונטערנעמונגען וואָס די ייִקאַ פירט אָן דאָ ווי ערגעץ אַנדערשוואו. דאָס וועט אויסמיידן פיל מיספאַרשטייעננישן און געבן אַ גרעסערן אימפּולס איר טעטיקייט.

די פאַרגאַנגענהייט האָט באַוויזן, אַז יעדעס מאָל וואָס ס׳איז צו־פעליק געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט די קאָלאָניסטן צו לייסטן זייער מיטאַרבעט, האָט עס געבראַכט פּאָזיטיווע נוצן. קיינער וועט נישט לייקענען, אַז די פאַמיליעס וואָס נח קאַצאָוויטש האָט צוריק מיט אַ דריי צענדליק יאָר געבראַכט צום קאָלאָניזירן האָט געגעבן דעם גלענ־צנדיקסטן רעזולטאַט. און אויב מיר האָבן קיין טעות נישט, האָט אין בראַזיל פּאַסירט דאָס זעלבע; עס איז אָנפּאַרטרויט געוואָרן איינעם פון די דאָרטיקע קאָלאָניסטן, ער זאָל ברענגען אַ גרופּע פון אייראָפּע פאַר די ייִקאַ־קאָלאָניעס אין בראַזיל און ער האָט זיין מיסיע דורכגעפירט מיט אַ גלענצנדיקן דערפאָלג. אַפילו איצט זעט מען בולט, אַז יעדע פאַרמיטלונג פון די קאָאָפּעראַטיוון ברענגט גוטע רעזולטאַטן פאַר דער קאָלאָניזאַציע. פיל פאַמיליעס וואָס זענען געוועזן קאַנדידאַטן ביי דער ייִקאַ אויף „דעסאַלאָכאָ” און וואָס נאָר אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פון די קאָאָפּעראַטיוון זענען זיי געבליבן אויף די קאַמפּן. די זעלביקע זע־נען היינט גוטע קאָלאָניסטן.

צוריקקערנדיק זיך צום ענין, זאָגן מיר, אַז דער לעצטער באַ־שלוס פון דער ייִקאַ איז ווערט באַגריסט צו ווערן, אָבער, ס׳איז אונדז נישט באַשערט צו האָבן קיין נחת. צו דער זעלבער צייט וואָס מען

האָט מתיר געווען יידישע קאָלאָניסטן צו דינגען לאַנד, זענען אויך אָנגעקומען פון פּאַריז אינסטרוקציעס וועגן פאַרקויפן לאַנד, און דער פאַרקויף זאָל געמאַכט ווערן צו דעם יעניקן וואָס וועט געבן אַ העכערן פּרייז.

ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ באָדן וואָס די ייקאַ האָט ערגעץ, ווו קיין יידישע קאָלאָניזאַציע איז נאָך נישטאָ, וואָלטן מיר אפשר זיך געדאַרפט אָפּהאַלטן פון קאָמענטאַרן; מיר וואָלטן אפשר נישט געוואָלט באַרירן אַלגעמיין יידישע פּראַגעס. אָבער אַזוי ווי עס האַנדלט זיך פון אַ באָדן וואָס געפינט זיך אין דער מיט און לעבן די יידישע קאָלאָניעס, זענען מיר מיט דער מיינונג, אַז דאָס דאַרף פאַרקויפט ווערן נאָר צו יידן.

מיר ווייסן אַז די ייקאַ וועט אונדז קענען ענטפערן, אַז יידישע קאָלאָניסטן פאַרקויפן אויך זייער באָדן צו נישט־יידן. איז, ערשטנס, זענען עס גאַנץ ווייניקע פאַלן; צווייטנס, האָבן מיר שטענדיק געזאָגט און זאָגן דאָס איצט אויך, אַז עס איז איינער פון די גרעסטע מאָראַלישע פאַרברעכנס צו פאַרקויפן באָדן וואָס איז געקויפט געוואָרן מיט דעם באַראָן הירשס געלטער, אויסדריקלעך נאָר פאַר יידן, און מען גיט דאָס איבער אין נישט־יידישע הענט אויף שטענדיק. און דריטנס, — מעג דען אַזאַ אינסטיטוציע ווי די ייקאַ טאָן זאַכן, וועלכע זי באַטראַכט פאַר אַן עוולה ווען אַנדערע טוען עס?

די קאָאָפּעראַטיוון צוזאַמען, אָדער דורך דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע״, דאַרפן זיך דורכריידן מיט דער ייקאַ און זען ווי ווייט מעגלעך צו פאַרמיידן, אַז די דערמאָנטע באָדנס זאָלן נישט פאַרפרעמדט ווערן״.

אין זעלביקן אָרגאַן נומ׳ 133, פון חודש אַפּריל, ד״ה, ווען מיר האָבן שוין געהאַט די געלעגנהייט צו באַמערקן ווי אַזוי מען וויל אָנווענדן דעם פאַרקויף פון די רעזערוו־שטחים, שרייבן מיר:

„אַז ס׳איז נישט באַשערט צו האָבן נחת, העלפט גאָר נישט. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָט געהערשט אַן אומצופרידנקייט אין די יידישע קאָלאָניעס, ווי צווישן דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג צוליב דעם דעקרעט פון דער ייקאַ, נישט צו פאַרדינגען קיין יידישע קאָלאָניסטן די רעזערוו־שטחים, ביז ענדלעך איז אָנגעקומען פון פּאַריז, אַז דער דעקרעט איז בטל, און נישט בלויז מעג מען דינגען נאָר מען מעג אפילו קויפן אויך.

צו די נייע פאַראָרדענונג איז אין גאַנצן אַ גערעכטע צי נישט, האָבן מיר שוין געזאָגט אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" נומ' 131 און מיר האַלטן אָן, אַז ביז די יִקאַ וועט נישט אָננעמען אין פּרינציפּ, אַז אַלע פראַגעס פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער זאָלן שטודירט ווערן פריִער מיט די קאָאָפּעראַטיוון, וועלן שטענדיק פּאָרקומען שווערע טעותן. מיר גלויבן נישט, אַז פּאַריז זאָל קענען באַרוואַלטן מיט די אָנגעלעגנהייטן פון אַרגענטינע און רוסלאַנד, קאַנאַדע און ארץ־ישראל, פירן פילאַנ־טראָפּיע און קאָלאָניזאַציע און צופּאַסן פאַר יעדן לאַנד און פאַר יע־דער אָנגעלעגנהייט די ריכטיקע סיסטעמען פון אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט. פילאַנטראָפּיע קען יאָ געפירט ווערן אויף אַזאַ אופן, ווייל דעם נדבן פרעגט מען נישט; וויפל ער גיט און ווי ער גיט, מוז מען אָננע־מען פאַר ליב, אָבער קאָנסטרוקטיווע אונטערנעמונגען, ווי קאָלאָניזאַ־ציע, וואָלט געווען איבערמענטשלעך ווען פון אַ צענטער פון איין קאָנ־טינענט זאָל מען וועלן פירן די אַרבעט אין אַלע אַנדערע קאָנטינענטן.

מיר זאָגן נאָך אַ מאָל, אַז אָנגעלעגנהייטן פון אַזאַ פאַרנעם ווי די פון וועלכע מיר רעדן איצט, האָט נישט געטאָרט באַשטימט ווערן פון פאַריז, נישט באַראַטנדיק זיך פריִער מיט די קאָאָפּעראַטיוון, אָדער מיט פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. אָבער דאָס איז שוין אַן אַלטע טעמע, וועלכע מיר האָפן אַז די צייט וועט איבערצייגן די יִקאַ־פאָרשטייערס, אַז מיר האָבן רעכט, אַזוי ווי זיי האָבן דאָס שוין געזען ביי אַ סך אַנדערע פראַ־געס. דאָס וואָס מיר ווילן איצט באַרירן איז אַ נאָך מער אָנגעווייטיק־טער פּונקט.

ביים פאַרקויפן די רעזערוו־שטחים מאַכט די יִקאַ נישט קיין אונ־טערשייד ווער עס איז בילכער, צווישן אַ גרויסער פאַמיליע און אַ קליינע און קלייבט נישט איבער פון אַ יִדן ביז אַ נישט־יִדן. ווער עס גיט מער געלט יענער קויפט. מיר זענען זיכער אַז נישט בלויז דער באַראָן הירש ע"ה, נאָר ווען זיין נאָכפאָלגער, נאַרסיס לעווען וואָלט איצט געלעבט, אָדער דער אַלטער ד"ר זאָנענפעלד וואָלט איצט גע־שטאַנען ביים רודער פון דער יִקאַ, וואָלט אַזוינס נישט פאַסירט. זיי האָבן געקענט גוט דעם הויכן אידעאַל פון באַראָן הירש, האָבן פאַר־מאָגט גרויסע יִדישע נשמות, און פאַר אַלעם איז ביי זיי געווען דאָס יִדנטום. אָבער די וואָס זענען נישטאָ, זענען נישטאָ און די איצטיקע טוען וואָס זיי ווילן און מיר קענען גאָר נישט מאַכן. אונדזער שטרע־בונג אָנצוהאַלטן די גאַנצקייט פון דעם באָדן וואָס איז געקויפט גע־וואָרן דורך דעם באַראָן הירשס קאַפּיטאַל פאַר יִדן, האָבן מיר גע־

מיינט, וועט די קאָלאָניע וויסן ווי אָנצוהאַלטן, וועט קאָסטן עטלעכע הונדערט פעזעס מער, אָבער מען וועט נישט דערלאָזן אַז נישט־ייִדישע עלעמענטן זאָלן זיך אַריינכאַפּן אין אונדזערע קאָלאָניעס. אָבער ווי גרויס איז דער פאַרדראָס און די שאַנדע, ווען ביי אונדז געפינט זיך אַזעלכער וואָס איז גרייט צו קויפן אָט־די רעזערוו־שטחים צו איבער־געבן זיי אַ פרעמדן, אָדער בעסער געזאָגט — אַ ייִד לאָזט זיך אונטער־שיקן פון אַ נישט־ייִד, ער זאָל פאַר אים קויפן לאַנד. טאַקע דערפאַר וואָס ער ווייסט, אַז ווען דער נישט־ייִד זאָל וועלן קויפן, וועט מען מער אַרויפּצייִען דעם פרייז.

מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן אַזאַ זאַך, עס קען זיך נישט גלויבן, אָבער דער קוואַל פון וואַנען מיר האָבן זיך דערוווּסט דעם דאָ־זיקן פאַקט איז אַזאַ זיכערער, אַז מיר צווייפלען נישט אין איר ריכ־טיקייט. מיר געפינען דעריבער פאַר נייטיק צו זאָגן דעם דאָזיקן פאַר־שוין: „ווערט נישט קיין מחוץ למחנהיק; זייט פאַרזיכטיק נישט צו פאַרקויפן די אינטערעסן פון דער געמיינדע; באַגייט נישט אַזאַ עוולה וואָס אַז איר זאָלט וועלן נאָך דעם חרטה האָבן און נישט קענען; ברענגט נישט אַרויף אַזאַ פלעק אויף אייך און אייער משפּחה, וואָס איר וועט אים קיין מאָל נישט קענען אָפּוואַשן".

**
*

פון דעם אויבן־געבראַכטן איז צו זען, אַז מיר זענען שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך און געפּאָדערט עס זאָל אָפּגעהיט ווערן, ווי ווייט מעגלעך, די גאַנצקייט פון אונדזערע קאָלאָניעס, ווען עס זאָל אַפילו קאָסטן געלט. כדי צו פאַרהיטן פון פאַלשע שריט, איז אומבאַדינגט נייטיק אַז די קאָלאָניסטישע פאָרשטייער זאָלן באַקומען די מעגלעכקייט צו לאָזן הערן זייער וואָרט אין אַלע ענינים מיט וועלכע די ייִקאַ באַשעפטיקט זיך. אַז די ייִקאַ פלעגט סוף־כל־סוף אָננעמען אונדזער שטאַנדפּונקט ביי פאַרשיידענע פּראָבלעמען, אָבער אָפּט מאָל אַ ביסל צו שפּעט, נאָך דעם ווי די ייִדישע קאָלאָניזאַציע האָט באַ־צאָלט זייער טייער פאַר די געמאַכטע טעותים פון די ייִקאַ־פונקציאָנאַרן. מיר ווייסן אַז טעותים זענען אומפאַרמיידלעך און ס'איז מענטשלעך, אָבער טעותים וואָס זענען פון אָנפאַנג־אָן קעגן די פּרינציפּן, קעגן דער לאָגיק און קעגן די אינטערעסן פון דער אונטערנעמונג, — זענען אומפאַרגעבלעך און פירן צו דעמאָראַליזאַציע, ווי עס באַווייזט דער אויבן־דערמאָנטער פאַקט.

די קאָאָפּעראַטיוון און פראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָבן אינטערווענירט אין דער גענעראַל־דירעקציע פון דער ייִקאַ אין בוענאָס־איירעס. זיי האָבן פאַר־

שטאַנען, אַז די זאַך איז נישט אין אָרדענונג. געזאָגט האָבן זיי עס נישט, ווייל קעגן פּאַריז טאָר מען נישט זאָגן גאָר נישט, אָבער פּאַקטיש האָבן זיי צוגעגעבן, אַז ביי יעדן פאַל וועלן זיי אויסהערן די מיינונג פון די קאָאָפּעראַציוון. און באַלד נאָך דעם איז אין גאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פאַרקויף פון די "רעזערוו־שטחים.

**
*

צום גליק האָבן זיך געביטן די דירעקטאָרן פון דער יי׳קאַ אין פּאַריז, ווי אויך אין בוענאָס־איירעס. די באַציִונגען פון דער יי׳קאַ מיט פּראַטערניזאַד אַגראַריאַ, ווי מיט די קאָאָפּעראַטיוון האָבן אָנגענומען אַ פריינדלעכע ווענדונג. די לויפנדיקע פּראָבלעמען ווערן גלייך געלייזט מיט קעגנזייטיקער איינפאַרשטענדעניש.

# אַ סטאַטוטן־פּראָיעקט פאַר אַ קאָאָפּעראַטיוו פון אַלע רעגירונג־באַאַמטע

צוריקקומענדיק פון די קאָלאָניעס, ווו איך האָב זיך פאַרזאַמט עטלעכע טעג צוליב אינספּעקציעס אין די קאָאָפּעראַטיוון, האָט מיר דער טעכנישער סעקרעטאַר, אינזשעניער טענענבוים, מיטגעטיילט, אַז בעת מיין אָפּוועזנקייט איז עטלעכע מאָל געקומען אַ סאָלדאַט און זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר. ער האָט נישט געזאָגט וועגן וואָס מען רופט מיר. היות ס׳איז געווען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע פון גענעראַל אוריבורו, האָב איך איבערגעטראַכט: ווער ווייסט וועגן וואָס מ׳פרעגט זיך נאָך אויף מיר? איך האָב נישט געאַנט צו האָבן זיך מיט עפּעס וואָס פאַרזינדיקט. אין פּאָליטיק האָב איך זיך קיין מאָל נישט געמישט, אָבער אין צייט פון רעוואָלוציע קען אַ מאָל אַריינפאַלן אַן אומשולדיקער, — דאָס האָט מיר באַאומרויקט.

אַ זייגער דריי בייטאָג קלינגט דער טעלעפאָן. מען פרעגט צי קאַפּלאַן איז שוין געקומען; אויב ער איז שוין דאָ, זאָל ער תיכף קומען אין סענאַט, ווו ס׳פונקציאָנירן אַ טייל רעגירונג־ביוראָען. ווי זאָגט שלום־עליכם: „אַז דער קאָזאַק רופט, מוז מען גיין״. איך האָב מיין פאַמיליע נישט געזאָגט וווהין איך גיי, נאָר איך האָב געבעטן דעם אינזש׳ טענענבוים, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל ער מיטטיילן מיין משפחה.

אין סענאַט איז געשטאַנען אַ פּאָליציי־שמירה וואָס האָט קאָנטראָלירט איטלעכן וואָס האָט געוואָלט אַריינגיין אינעווייניק. ווען איך האָב זיך געמאָלדן צום ערשטן סאָלדאַט, האָט ער מיר געפרעגט, צו וועמען איך דאַרף. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך ווייס נישט; מען האָט מיך גערופן, בין איך געקומען. דער ענטפער איז אים נישט געפעלן געוואָרן, האָט ער מיך שוין אָנגענומען פעסט ביי דער האַנט און מיר איבערגעגעבן צו אַ צווייטן סאָלדאַט. מען האָט מיך געפירט פון איין ביוראָ צו אַ צווייטער, ביז צום פערטן שטאָק. דאָרט האָט אַ ציוויל־באַאַמטער דערהערט דעם נאָמען קאַפּלאַן, האָט ער אַ געשריי געטאָן צום סאָלדאַט: „וואָס האַלסטו אים ווי אַן אַרעסטאַנט?״. ער האָט גלייך מיר גענומען געאָרעמט און געזאָגט, אַז שוין עטלעכע טעג אַז זיי וואַרטן אויף מיר אומגעדולדיק. ער האָט מיר אַריינגעפירט אין זאַל ווו ס׳האָט זיך געפונען דער עלטסטער. אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, האָט מען אים גערופן ד״ר ראָכאַס, וועלכער האָט מיר אויפגענומען זייער העפלעך

און האָט מיר גלייך דערקלערט, אַז ס׳האַנדלט זיך פון אַן ענין וואָס פאַר אים איז עס זייער דרינגלעך. דער גענעראַל אוריבורו האָט אים באַאויפטראָגט צו־צוגרייטן אַ פּראָיעקט פאַר סטאַטוטן, ווייל ער וויל אָרגאַניזירן אַלע פונקציאָ־נאַרן פון שטאַט, וואָס ציילן אַן ערך 50 טויזנט, אין אַ קאָאָפּעראַטיוו; ער אַליין איז נישט קיין מומחה אין די זאַכן, נאָר מען האָט אים געזאָגט, אַז דער איינ־ציקער וואָס קען עס באַווייזן איז איסאַק קאַפּלאַן; בעט ער מיר, איך זאָל עס צוגרייטן.

דאָס איז געווען אַ טאָג פאַר ערב פּסח, און ער דאַרף עס האָבן נישט שפּעטער ווי אויף מאָרגן נאָך די יום־טוב־טעג. פאַרלאַנגט ער פון מיר איך זאָל מחלל זיין דעם יום־טוב ׳פּאַסקואַ״ און מאַכן די אַרבעט. ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז דעם גענעראַל אוריבורו וועט ער עס איבערגעבן ווי זיינס אַן אַרבעט.

עס איז געווען אַ שווערע אַרבעט. מיט דער הילף פון אינזש׳ טענענ־בוים האָבן מיר צוגעגרייט דעם פּראָיעקט און אים צוגעשטעלט צו דער צייט. דער גענעראַל אוריבורו האָט געשאַפן אַ קאָמיסיע מיטן נאָמען „כונטאַ דע אַבאַסטעסימיענטאָ״* און צו דעם האָט ער געוואָלט אָרגאַניזירן אַ קאָאָפּעראַ־טיוו. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך נישט געשאַפן, ווייל צווישן די פונקציאָ־נאַרן פון די פאַרשיידענע רעגירונג־אָפּטיילונגען האָט געפעלט איינפאַרשטענ־דעניש און קעגנזייטיקער צוטרוי. אין איינקע מיניסטעריומס האָבן זיך יאָ גע־שאַפן קאָאָפּעראַטיוון, אָבער זייער אַרבעט און עקסיסטענץ איז מיר נישט באַקאַנט.

* באַשפּייז־קאָמיסיע.

# קאָלאָניע „אַביגדור״

די קאָלאָניע „אַביגדור״ איז געגרינדעט געוואָרן סוף 1936 מיט ייִדישע פאַמיליעס וואָס די ייִקאָ האָט אַרויסגענומען פון דייטשלאַנד, וואָס מיינט — זיי אַרויסגעראַטעוועט פון די גאַז־קאַמערן. די דאָזיקע קאָלאָניסטן זענען אַראַנזשירט געוואָרן אין פיל בעסערע באַדינגונגען ווי אַלע אַנדערע אין די פריִערדיקע יאָרן. זיי האָבן באַקומען צו 75 העקטאַר גוטן באָדן, אַ באַקוועמע שטוב, 20 קי, צען העקטאַר פאַרזייט מיט מאַיִס (קוקורוזע) און אַלע אַנדערע מכשירים וואָס פאָדערן זיך פאַר דער אַגראַר־ווירטשאַפט.

אויפן פאַרלאַנג פון דער גענעראַל־דירעקציע פון דער ייִקאָ, בין איך אַוועקגעפאָרן אין דער דאָזיקער קאָלאָניע סוף מאַי 1937, מיטצוהעלפן די נײַ־אָנגעקומענע פאַמיליעס צו אָרגאַניזירן אַן אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוו. אין קאָלאָניע האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ פיינעם סורפּריז. איך האָב מיך פאָרגעשטעלט אַז כ׳וועל טרעפן ייִדן־דייטשן מיט ווייסע קעלנער און געפוצטע נעגל, פרויען מיט אײדעלע ווייסע הענט, וואָס היטן זיך פאַרן ווינט און וואַרטן ביז עמיצער וועט זיי דערלאַנגען די גלאָז פרישע אויפגעבריטע מילך ווען זיי ליגן נאָך אין בעט, — צום סוף האָב איך גלייך ביים אַרייַנפאָרן אין קאָלאָניע דערזען מיידלעך רייטן אויף פערד, אָנגעטאָן אין פּראָסטע אַרבעט־קליידער, אין לייוונטענע בלויע הויזן און בלוזקעס, זיי זענען געקומען אין יאַטקע נאָך פלייש. איניקע פון זיי זענען געקומען מיט וועגענער און געבראַכט מילך פאַר די עטלעכע פאַמיליעס וואָס האָבן געוווינט אין צענטער. די מענער — אין אַרבעט־מלבושים, ווי קאָלאָניסטן, וואָס האָבן גערעדט און דיסקוטירט איבער אַגראַר־פּראָבלעמען אין אַלגעמיין און ספּעציעל איבער לאָקאַלע אינטערעסן.

ווען איך בין אָנגעקומען, זענען שוין דאָרט געווען די ערשטע דרייסיק פאַמיליעס. זיי האָבן שוין געמאַכט אַן אָנהייב פאַר קאָלעקטיווער אַרבעט; אייניקע סאַניטאַרע פּראָדוקטן, מעל און קאָרמע פאַר הינער. מיט אַלע אַרבעטן האָט אָנגעפירט דער ייִקאָ־אַדמיניסטראַטאָר ה׳ סאַפיר. צוזעענדיק במשך אַ פּאָר שעה די טעטיקייט אין דער אַדמיניסטראַציע, האָט געווּפן מיין אויפמערקזאַמקייט, וואָס איינער נאָכן אַנדערן זענען זיי געקומען בעטן אַ קוויטל אין דער יאַטקע אויף אַ קילאָ צי צוויי קילאָ פלייש.

אויף מיין פראַגע, וואָס האָט צו טאָן די אַדמיניסטראַציע מיט אָנווייזן

יעדן קאָלאָניסט באַזונדער וויפל פלייש ער דאַרף עסן דעם טאָג? האָט מיר ה׳ סאַפּיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז יעדער באַקומט פלייש לויט דעם באַ־טרעף פון דער מילך וואָס ער פירט אַריין טעגלעך אין דער מילכיקעריי; ער מוז עס קאָנטראָלירן יעדן טאָג, כדי זיי זאָלן סוף חודש נישט בלייבן שולדיק דעם קצב.

— וואָלט נישט געווען אָנשטענדיקער און פּראַקטישער פאַר אייך און פאַר די קאָלאָניסטן ווען איר זאָלט זיי געבן קוויטלעך אויף אַ גאַנצן מאָנאַט? די קאָלאָניסטן וועלן פאַרשפּאָרן צו שטיין הינטער דער טיר און וואַרטן ביז איר וועט זיי אַטענדירן און איר וועט אויך איינשפּאָרן צייט און זיך קענען אָפּגעבן מיט וויכטיקערע אַרבעט.

— און טאָמער וועט די מילך נישט סטייען אויף צו באַצאָלן פאַר דעם פלייש? — האָט געטענהט דער אַדמיניסטראַטאָר.

— וויפל, אַן ערך, קען זיין דער אונטערשייד — אין אַ פּעזע אָדער צוויי דורכן מאָנאַט? איר ווייסט דאָך מער־ווייניקער וויפל מילך יעדער איינער פּראָדוצירט, וועט איר אים געבן קוויטלעך לויט זיין מעגלעכן קרעדיט. טאָ־מער וועט ער בלייבן שולדיק, וועט איר אים אַראָפּרעכענען דעם צווייטן מאָנאַט.

— אָבער איך מוז זען דעם קאָלאָניסט יעדן טאָג, כדי צו וויסן וואָס ער האָט געמאַכט נעכטן — זאָגט מיר ה׳ סאַפּיר.

— באַטראַכט איר עס נישט פאַר אַ דערנידערונג פאַר די דאָזיקע מענ־טשן, וואָס קומען פון אַ קולטורעלן לאַנד? — האָב איך אים געפרעגט.

אינצווישן שמועס קומט אַריין אַ פרוי בעטן אַ קוויטל פאַר פלייש און פרעגט, ווען וועט זי קענען באַקומען לעבער? איך דערהער אַ טענה וועגן לעבער. איך האָב נישט גוט פאַרשטאַנען איר דייטש, און פרעג דעם ה׳ סאַ־פּיר וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. ער דערקלערט מיר, אַז די דייטשן האָבן ליב לעבער און אַזוי ווי די קו וואָס מ׳קוילעט יעדן טאָג האָט נאָר איין לעבער און עס סטייעט נישט פאַר אַלעמען, איז בכדי ס׳זאָל נישט אַרויסקומען קיין קרי־געריי, האָט ער איינגעפירט אָרדענונג. יעדער באַקומט זיין חלק לעבער לויט דער ריי. דאָס האָט מיך אויפגערעגט. איך האָב אים געפרעגט, צי טראַכט ער נישט, אַז דאָס איז אַ באַליידיקונג פאַר דער יזקאַ, אַז איר אַדמיניסטראַ־טאָר זאָל דערציען די קאָלאָניסטן צו אַ פעאָדאַליסטישן סיסטעם? זיין ענט־פער איז געווען, אַז איך קען נישט די דייטשן, זיי מוז מען פירן מיט אַ שטרענגער דיסציפּלין.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין בוענאָס־איירעס, האָב איך גערעדט

זוענן דעם מיט דידירעקטאָרן און זיי האָבן באַלד געגעבן אינסטרוקציעס אָפּ־צושטעלן די דאָזיקע אָרדענונג.

ביי דער זיצונג וואָס איך האָב געהאַט מיטן „פאָרשוס" — די פאָרשטייערס פון די דרייסיק פאַמיליעס, — האָב איך חוץ די אינסטרוקציעס איבער דער שאַפונג פון אַ קאָאָפּעראַטיוו זיי אויפגעקלערט, אַז זייער שטרעבונג דאַרף זיין צו לעבן ווי פרייע מענטשן, און אַז ביז דריי יאָר זאָלן זיי ווערן זעלבסט־שטענדיק און נישט דאַרפן מער קיין אַדמיניסטראַטאָר; דער יִיקאַ זענען זיי שולדיק געלט, וועלן זיי דאַרפן באַצאָלן מיט אַ דאַנק, אָבער נישט מער.

***

די קאָלאָניע האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 110 פאַמיליעס. מיט 75 העקטאַרן ערד האָבן זיי נישט געקענט פירן קיין אינטענסיווע ווירטשאַפט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין דער קאָלאָניע הינער־צוכט. נאָר אַ פּאָר געציילטע פאַמיליעס האָבן באַוויזן איינצואָרדענען די דאָזיקע ווירטשאַפט אין אַ ברייטן מאַסשטאַב. די מילכיקעריי האָט געאַרבעט זייער שוואַך. קאָלאָניסטן האָבן נישט די מילך; לויט איייניקע, דערפאַר וואָס זיי האָט עס געלוינט בעסער די קעלבער זאָלן זייגן די מילך, כדי זיי זאָלן וואַקסן גרעסער אין בעסער אויף צו קענען נעמען פאַר זיי העכערע פרייזן; איייניקע — דערפאַר וואָס זיי זענען ווייט פון דער מילכיקעריי און די וועגן זענען שלעכטע, איבערהויפּט נאָך די רעגנס; עס לוינט זיי נישט צו פאַרלירן אַ האַלבן טאָג צייט מיט פירן די מילך: ווייניק ליטערס און נידעריקע פרייזן.

אין מיינע באַזוכן אין דער קאָלאָניע, פלעג איך יעדעס מאָל באַהאַנדלען די דאָזיקע פראַגע מיטן דירעקטיוון ראַט און האָב פאָרגעלייגט פלענער ווי צו סטימולירן די קאָלאָניסטן צו פאַרגרעסערן די מילך־ווירטשאַפט. איך האָב געזען, אַז לויט די צאָל קי וואָס די קאָלאָניע פאַרמאָגט, איז אויב מ'זאָל איינפירן גוטע פאַשע־פעלדער, ווי אויך פאַרגרעסערן שטופנווייז די צאָל מילך־קי, קען עס געבן אַ געוויסע הכנסה. עס האָט אָבער געפעלט דער ווילן צו דעם, ספּעציעל צוליב די נידעריקע פרייזן און דער קליינער קוואַנטיטעט מילך, וואָס די קי האָבן געגעבן. אין אַ געוויסער מאָס איז אויך שולדיק געווען אין דעם די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע פון דער יִיקאַ, וואָס האָט געהאַלטן דעם דאָזיקן הכנסה־צווייג פאַר נישט וויכטיק. ביי איינעם פון מיינע באַזוכן אין דער קאָלאָניע האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַזאַ סורפּריז:

ביים באַטראַכטן דאָס פּראָבלעם פון דער מילך־ווירטשאַפט — אין יאָר 1941 — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל מילך־קי איז פאַרקלענערט געוואָרן אָנשטאָט אויף אַ באַטייטלעכן אופן זיך צו פאַרגרעסערן. אויף אונדזער

פראַגע וועגן דער סיבה, האָט מען מיר דערקלערט ביים ראַט, אַז די יִיקאַ האָט באַפולמעכטיקט יעדן קאָלאָניסט צו פאַרקויפן זיבן קי פון די 20 וואָס זיי האָבן באַקומען און מיט דעם געלט זאָלן זיי קויפן מאַטעריאַל, כדי אָפּצו־צאַמען מחיצות אין די נחלות, פאַר דער בעסערער אָנפירונג פון דערווירט־שאַפט; עס זאָלן זיין באַזונדערע אָפּטיילן פאַרן פי, פאַר קאָסעטשע, פאַר אַר־טיפיציעלער פאַשע, וכו׳.

ווען איך האָב געפרעגט דעם דירעקטאָר פון דער יִיקאַ, ווי קומט עס זיי זאָלן מאַכן אַזאַ פאַלשן שריט און אָנשטאָט צו פאַרשטאַרקן די פיצוכט און די מילך־אינדוסטריע, האָבן זיי איר גאָר פאַרקלענערט? זיי האָבן אונטערגע־גראָבן דעם יסוד פון אַזאַ וויכטיקן צווייג פון דער ווירטשאַפט. איך האָב באַ־קומען פון אים אַ לאַקאָנישן ענטפער: „איך האָב פון אָנהייב אָן געזאָגט, אַז צוואַנציק קי איז צופיל".

נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד:

צווישן די מיטלען וואָס איך האָב פאָרגעלייגט אויף צו סטימולירן די מילך־ווירטשאַפט איז געווען, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל אָפּקויפן די מילכע־ריי ביי דער יִיקאַ. ווען עס וועט זיין זייערס אַן אייגנטום, וועלן די מיטגלידער האָבן מער אינטערעס די פאַבריק זאָל פונקציאָנירן נאָרמאַל. איך האָב גע־בראַכט פאַר אַ ביישפּיל די קעזעריי פון בערנאַסקאָני, ווו עס האָט פּאַסירט דאָס ענלעכע ווי אין אַביגדור. כל־זמן דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער יִיקאַ האָט פאַרוואַלטעט מיט דער „קעסעריִאַ", פלעגן זיי האָבן יעדעס יאָר אַ דע־פיציט; פון דער צייט וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זי אָפּגעקויפט, ברענגען זיי מער מילך און זיי שליסן יערלעכע באַלאַנסן מיט פּראָפיטן. נאַטירלעך — האָב איך צוגעגעבן, — אַז די יִיקאַ דאַרף שטעלן אַ פּרייז, ווי פאַר אַלטע מאַ־שינען אָדער פאַר אַלטן אייזן, ווייל מאַשינען וואָס אַרבעטן נישט גייען „קאַפּוט", בפרט אַז עס האַנדלט זיך נישט וועגן קויפן צוליב מאַכן געשעפט, נאָר צו די־נען די אינטערעסן פון דער קאָלאָניע.

דער אַדמיניסטראַטאָר, ה׳ סאַפּיר, איז געזעסן דערביי און האָט נישט געמאַכט קיין באַמערקונג. שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן איז אָנגעקומען אין דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ אַ בריוו פון דער גענעראַל־דירעקציע פון דער יִיקאַ, אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט פון אַ זיכערן קוואַל, אַז דער פאַרוואַלטער האָט זיך אויסגעדריקט אַז די יִיקאַ דאַרף פאַרקויפן די מאַשינען פון דער מילכעריי אין ווערט פון אַלטן אייזן, ווילן זיי וויסן, צי עס איז ריכטיק, כדי צו קענען נעמען אַ שטעלונג קעגן דעם. איך האָב איבערגעשיקט דעם בריוו צום פּרע־זידענט פון פ״אַ און צוגעלייגט מיינעם אַ בריוו, אַז איך באַשטעטיק דאָס גע־זאָגטע און געבעטן דעם פּרעזידענט ה׳ בערנאַרדאָ ראַסקין, ער זאָל מיין בריוו

צוזאַמען מיט זיין ענטפער איבערשיקן צו דער גענעראַל־דירעקציע פון דער יי״קאַ. אַזוי האָט ער געטאָן. די דירעקטאָרן האָבן, ווייזט אויס, זיך אַרומגעזען ווי לעכערלעך זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט און האָבן אַראָפּגעשלונגען דעם ביטערן פּיל, וואָס זיי אַליין האָבן צוגעגרייט.

דאָס זענען עפּיזאָדן וואָס דאַרפן נישט קיין קאָמענטאַרן.

***

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער קאָלאָניע „אביגדור" איז אין די ערשטע יאָרן אַוועק נישט גוט צוליב די שאָדנס פונעם היישעריק, טריקעניש, גאַראַ־פּאַטאַ, פּאָפּוגייען און פעלן פון פּראַקטיק מצד די קאָלאָניסטן, ווי אויך פון דער יי״קאַ־אַדמיניסטראַציע. איטלעכס מאָל וואָס איך פלעג קומען אין קאָ־לאָניע האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט דעם זעלביקן פּראָבלעם. — די צוקונפט פון דער קאָלאָניע. די קאָלאָניסטן האָבן אָנגעהויבן צווייפלען אין זייער עק־סיסטענץ מעגלעכקייט. נאָך אַ גענויעם שטודיום, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אין אביגדור פּאַסירט דאָס זעלביקע ווי אין אַלע אַלטע קאָ־לאָניעס און מ׳מוז זוכן אַ לייזונג אין איר פונדאַמענט, ד״ה, אין דעם באָדן. אַז מיט 75 העקטאַרן איז שווער איינצואָרדענען די געוווּנטשענעווירטשאַפט און מ׳מוז דעריבער פאַרגרעסערן דעם שטח באָדן.

באַטראַכטנדיק דעם פּונקט ביים ראַט פון קאָאָפּעראַטיוו, האָבן זיי איינ־שטימיק מסכים געווען מיט דעם דערמאָנטן שטאַנדפּונקט. עס האָט זיך אָבער געשטעלט די פראַגע: ווי פירט מען עס דורך אין דער פּראַקטיק? ווייל קיין ליידיקער באָדן ביי די טשאַקרעס איז נישט געווען. דאָך האָבן מיר פאַרשטאַ־נען, אַז פאַר אַלעם דאַרף געשטעלט ווערן דער דיאַגנאָז און נאָך דעם וועט מען זוכן די רפואה. אַזוי איז געטאָן געוואָרן. מיר האָבן צוגעגרייט אַ פּראָ־יעקט און אים צוגעשטעלט דער יי״קאַ. צום גליק האָט אין דעם פאַל די יי״קאַ ניט אָפּגעשלעפּט און האָט אין אַ קורצער צייט באַשטעטיקט אונדזערע פאָר־שלאָגן.

פון די אויסצוגן פון מיינע באַריכטן זעט זיך קלאָר:

1) אַז איך בין נישט קיין קעגנער פון דער יי״קאַ, סתם צוליב קעגנער־שאַפט; איך אָנערקען די וווילטעטיקייט פון דער אינסטיטוציע און פאָדער פון די קאָלאָניסטן זעלבסט־איניציאַטיוו און אויסצונוצן די אייגענע כוחות ווי ווייט מעגלעך אויף אַ קאָלעקטיוון אופן דורכן קאָאָפּעראַטיוו;

2) פון דער גרינדונג אָן פון דער קאָלאָניע „אביגדור" האָב איך פאָר־געבראַכט דעם געדאַנק פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג, זיי זאָלן איבערנעמען די

אָנפירערשאַפט פון דער קאָלאָניע אין זייערע אייגענע הענט און די ייִקאַ, ווי די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, דאַרפן זיי מיטהעלפן. איך האָב געדענקט, אַז די פאַמיליעס וואָס זענען געקומען פון דייטשלאַנד מיט 50 יאָר שפּעטער ווי די ערשטע קאָלאָניזירטע, אין אַ צייט פון פרייערע טענדענצן, וועלן אויפכאַפּן דעם דאָזיקן געדאַנק. לײַדער — נישט זיי, נישט די ייִקאַ־פונקציאָנאַרן האָבן באַגינציקט די דאָזיקע איניציאַטיוו;

3) אין 1946 האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט צום גוטן. די צאָל מילך־קי האָט זיך פאַרגרעסערט, די מילכערײַ האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן. וואָס איז געווען די סיבה? — די סיבה איז געווען אַ גאַנץ איינפאַכע: די ייִקאַ האָט צוגענומען דעם פונקציאָנאַר און געשיקט אַ צווייטן; דער צווייטער איז געווען אַ זון פון אַ קאָלאָניסט, ה׳ מאזנים, און אָנשטאָט צו וועלן פירן אָרדע־נונג מיט דייטשישער דיסציפּלין און טימ אַ מיליטערישער מענטאַליטעט, האָט ער גערעדט מיט אַ קאָלאָניסטישער שפּראַך און געהאַנדלט לויט דער קאָלאָניסטישער פּראַקטיק. דאָס ערשטע האָט ער נישט דערלויבט קיין קאָלאָ־ניסט צו פאַרקויפן קעלבער, דאָס גאַנצע פּי איז געווען מאַרקירט מיט דער מאַרקע פון דער ייִקאַ, אויסער די וואָס זיי האָבן געקויפט אַליין מיט אייגע־נעם געלט. אַזוי אַרום האָבן זיך פאַרגרעסערט די צאָל מילך־קי, די מילכערײַ האָט אָנגעהויבן אַרבעטן טעגלעך, נאָרמאַל. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט באַטראַכט דעם נייעם אַדמיניסטראַטאָר ה׳ מאַזנים ווי אַ פרײַנד און ס׳איז פון זיך אַליין איינגעשטעלט געוואָרן אַ קעגנזײַטיקער רעספּעקט און צוטרוי.

דער דאָזיקער פאַקט באַשטעטיקט מײַן שטענדיקן קאַמף קעגן די אומ־באַגאַבטע ייִקאַ־פונקציאָנאַרן, אָנהייבנדיק פון די וואָס פאַרנעמען די העכסטע פּאָסטנס אין פּאַריז, די פון בוענאָס־איירעס ביז צו די קלענסטע באַאַמטע אין די קאָלאָניעס, וועלכע האָבן פאַרקריפּלט און פאַרביליקט דעם הויכן נאָבעלן אידעאַל פון באַראָן הירש.

**
*

צוזאַמען מיטן קאָאָפּעראַטיוו „אביגדור” האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פאַר דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ־מעגלעכקייט פון דער קאָלאָ־ניע, וואָס האָט אַרײַנגענומען די פאַרגרעסערונג פון די טשאַקרעס ביז צו 150 העקטאַרן, דאָס פאַרקלענערן דעם פּראָצענט אויף די חובות, דאָס באַ־שטימען גינציקע פּרייזן פאַרן באָדן, א״אַ. צום גליק זענען דאָס מאָל אָנער קענט געוואָרן מצד די אויטאָריטעטן פון דער ייִקאַ די גערעכטע פאָדערונגען און האָבן זיי באַשטעטיקט אָן איבעריקן צייט־פאַרלוסט.

אין קאָלאָניע „נאַרסיס לעווען” האָבן מיר געדאַרפט פירן אַ קאַמף מיט

די ייִקאַ־דירעקטאָרן דרייצן יאָר נאָכאַנאַנד, ביז זיי האָבן אָנערקענט זייער טעות. אין „קאָהאַן־אונגרע" האָט געדויערט פיר יאָר. אין „אביגדור", ווייזט אויס, זענען זיי שוין געווען איבערצייגט, אַז סוף־כל־סוף מוזן זיי אָנערקענען די לעקציעס וואָס די צייט גיט, האָבן זיי אָן שוועריקייטן אָנגענומען דאָס פאַרגעלייגטע פאַר דער צוקונפט פון דער קאָלאָניזאַציע.



אַ פּאָר אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פונעם לעבן פון דער קאָלאָניע.

ווען איך פלעג אָנקומען אין דער קאָלאָניע, האָב איך זיי געמוזט געבן אַ רעפּעראַט. איין מאָל, עס איז געווען אין יוני, האָב איך גערעדט אויף דער טעמע „ביבל־מאָטיוון". דער רעפעראַט איז פאָרגעקומען אַ שבת אין אָוונט. ווען דער עולם איז שוין געווען פאַרזאַמלט, האָב איך דערזען אַריינקומען אין זאַל דעם ד"ר נוימייער.

עס איז פאַר מיר געווען אַן איבערראַשונג. ערשטנס, האָב איך מיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז אַ פּערזאָן מיט העכערער בילדונג ווי ס'איז געווען ד"ר נוימייער, זאָל האָבן אינטערעס צו הערן מיינע אַ רעדע; צווייטנס, איז די נאַכט געווען אַ פינצטערע און אַ קאַלטע און אַזאַ מאַן, פון 75 יאָר, זאָל זיך לאָזן פאָרן — זיין הויז איז געשטאַנען 5 קילאָמעטער ווייט פון זאַל, — האָט זיך מיר נישט געגלויבט. ביי זיין אַריינקומען בין איך צוגעגאַנגען און אים באַגריסט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך פיל זיך נישט באַקוועם, ווייל וואָס פאַר אַ זאַכן קען איך זאָגן וואָס זאָלן אים אינטערעסירן? „נו, יאַ — האָט ער מיר געענטפערט, — זי שפּרעכן דאָך איבער ביבלישע מאָטיוון, דאַס מוס איך הערען".

ווען איך האָב געענדיקט ריידן, זענען מיר געזעסן און געשמועסט. צווישן אַנדערע זאַכן האָט ער מיר געזאָגט: „הער קאַפּלאַן, איך בין יוריסט. 50 יאָר האָב איך פּראַקטיצירט יוריספּרודענץ און בין געווען אָבער־ריכטער אין בייערן. איך קען די יוריספּרודענץ פון אַ סך לענדער, נאָר אַזוינס ווי אונדזער ייִדישע תורה איז נישטאָ אין ערגעץ". און ער האָט ציטירט אייניקע שטעלן, פון וועלכע אַ פּאָר זענען מיר געבליבן אין זכרון.

אין אונדזער תורה איז געשריבן, צדק צדק תרדוף — דו זאָלסט נאָכיאָגן די גערעכטיקייט. דערגרייכן וועסטו עס קיין מאָל נישט. גערעכטיקייט גייט שטענדיק פאָרווערטס.

לא תהדר פני דל בריבו — דו זאָלסט נישט באַשיינען דעם אָרעמאַן אין

זיין קריג. אַזאַ גערעכטע עטישע פאָדערונג איז נישטאָ אין קיין געזעץ־בוך; אָרעמקייט איז נישט קיין שוץ פאַר אומגערעכטיקייט.

אין דעם האַלב־שעהדיקן שמועס מיט ד״ר נוימייער האָב איך פיל געלערנט.

***

מיר איז אויסגעקומען איין מאָל צו זיין שבועות אין אביגדור, און ד״ר מענדעלסאָן האָט מיר איינגעלאַדן צו אים אויף אָוונטברויט.

קומענדיק צו אים, האָט מיר די פאַמיליע — דער יונגער נוימייער איז געווען זיין איידעם און זיי זענען געזעסן צוזאַמען אין איין שטוב, — אויפגענומען מיט „אַ גוט יום־טוב", אויפן עכט יידישן שטייגער. אויפן טיש זענען געשטאַנען די לייכטער מיט אָנגעצונדענע ליכט, אַ פלאַש ווין מיט אַ כוס, צוויי קוילעטשן איבערגעדעקט מיט אַ פיין טישטעכל; יום־טובדיקייט האָט אָנגעפילט די גאַנצע שטוב, ווו די ווענט זענען געווען באַדעקט מיט ביכער און ספרים.

עס זענען אויך געקומען די שכנים און מען האָט געדאַוונט מעריב מיטן מנין. דער עולם האָט מיטגעזונגען מיטן חזן איניקע פסוקים און איך האָב ביי מיר געטראַכט: רבונו של עולם! מי כמוך ישראל. דאָ, אין פוסטן סטעפּ, ווו הונדערטער יאָרן האָט מען נישט געהערט קיין אַנדער קול ווי דאָס מרוקען פון ווילדע בהמות, דעם פייף פון די האַלב־ווילדע גאַוטשאָס, דאָס סוויסטשען פונעם שלאַנג, — קומען איצט יידן, געפּלאָגטע, צעבראָכענע, צעוויי־טאָגטע און פאַרטרויערטע פון דעם חורבן היטלער, ימח שמו, און עס הערט זיך מיט אַ מאָל דאָס מיסטישע געזאַנג וואָס קלינגט אָפּ ווייט, ווייט איבער די פעלדער; עס הערט זיך דאָס גייסטיקע וואָרט איבער דער באַדייטונג פון מתן־תורה, וואָס ד״ר מענדעלסאָן האָט דערקלערט באַלד נאָכן דאַוונען. עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז אפשר איז טאַקע אמת, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אַ ספּעציעלע מיסיע, צו פאַרשפּרייטן וויסן, קולטור, עטיק צווישן די פעלקער.

דער קידוש, דאָס עסן, דאָס בענטשן מיט מזומן, דאָס זינגען געוויסע פסוקים אַלע צוזאַמען, —מענער און פרויען— האָט געשטימט מיט דער יום־טובדיקער סביבה, מיט דער גייסטיקער דערהויבנקייט. נאָכן עסן האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס און מיר זענען אַרויפגעקומען אויפן ציוניזם. ד״ר מענדעלסאָן האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין ציוניסט, ווייל די ציוניסטן זענען נישט רעליגיעז. איך האָב אים געפרעגט, צי ווייסט ער אַז די יידן פון מינכען האָבן נישט דערלויבט הערצלען איינצואָרדענען דעם ערשטן ציוניס־

טישן קאָנגרעס אין זייער זאַל? און וואָס וואָלט געוואָרן פון די 60־50 טויזנט דייטשע יידן וואָס געפינען זיך איצט אין ארץ־ישראל, ווען הערצל הערט זיך צו צו דער מיינונג פון די מינכענער יידן? צי דענקט ער נישט, אַז ווען היטלער ימ"ש וואָלט אַוועקגעשטעלט דאָס יידישע פּראָבלעם ווי אַ רעליגיעזע און נישט ווי אַ ראַסיסטישע, ווי ער האָט עס געטאָן, צי וואָלט זיך דער גרעסטער טייל יידן פון דייטשלאַנד נישט אָפּגעשמדט, טראָץ אַלע זייערע טענות, אַז זיי זענען בלויז אַ רעליגיעזע גרופּע? צי ווייסט ער, אַז ס'איז פאַראַן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אַ סעקטאָר פון רעליגיעזע יידן, ווי דאָס איז די „מזרחי", און אַז צווישן די נישט־ציוניסטן פון כלערליי מינים זענען פאַראַן רעליגיעזע, אָבער דער גרעסטער טייל זענען נישט רעליגיעז, ד"ה, זיי זענען „קרח מכאן וקרח מכאן — נישט אַהין און נישט אַהער.

זיין טאָכטער און דער איידעם נוימייער האָבן געשטיצט מיין מיינונג. די דיסקוסיע האָט זיך פאַרצויגן ביז איינס אַ זייגער פאַרטאָג און מיר האָבן אים מנצח געווען. שפּעטער מיט יאָר, ווען איך בין געווען אין אַביגדור, בין איך געווען איינגעלאַדן צו אַן אָפּשייד־מסיבה, וואָס די געמיינדע האָט געמאַכט לכבוד ד"ר מענדעלסאָן, צו זיין אָפּפאָרן קיין צפון־אַמעריקע. איך האָב פאַרגעלייגט מען זאָל אים איינשרייבן אין ספר־הזהב. איך האָב באַמערקט, אַז עס האָט אים פאַרשאַפט אַ נחת־רוח. די טאָכטער מיטן איידעם, מיט זייערע קינדערלעך, נאָכן אָפּזיין 13 יאָר ווי קאָלאָניסטן אין „אַביגדור", זענען אין יאַנואַר 1950 עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין שבי ציון.

**
*

אין די ערשטע יאָרן, ווען כ'פלעג קומען אין „אַביגדור", איז מיין סטאַנציע געווען אין דער אַדמיניסטראַציע, נאָך דעם ביים ד"ר לעוו. שפּעטער איז דאָרט געווען אַ פּריוואַטע פאַמיליע, וואָס האָט אָנשטאָט „גאַזשינעראָס"* געמאַכט אַ פּאָר צימערלעך, ווו ס'פלעגן איינשטיין די צורייזנדיקע. עס האָט דאָרט געפעלט די עלעמענטאַרסטע באַקוועמלעכקייט, אָבער אַלץ איז געווען זויבער־ריין. איין מאָל, אָנקומענדיק שפּעט אין אָוונט אין „אַביגדור", צום נאַכטעסן, האָט דער בעל־הבית פון דעם „גראַן־האָטעל" מיר דערציילט ווי אַזוי ער איז אין יאָר 1938 אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, זיינע איבערלעבונגען, ווי אַזוי זיין פרוי איז געקומען מיט צוויי יאָר שפּעטער, ווי זיין כלה, און האָבן דאָ חתונה געהאַט.

---

* הינער־שטייגן.

אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי האָט זי געקענט אין יאָר 1940 אַרויספאָרן פון דייטשלאַנד, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי האָט קיין שום שוועריקייטן נישט געהאַט, ווייל זי איז איינע אַריערין. ווען איך האָב דערהערט די ווערטער, איז מיר אַרויסגעפאַלן דאָס לעפל פון האַנט. איך האָב מער נישט גע־קענט עסן. די גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפן און געטראַכט, ווי אַזוי אַנטלויף איך פון דעם דאָזיקן הויז.

ווייזט אויס אַז זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס בין איך נישט רויק צוליבן ווּשם וואָס אירע ווערטער האָבן געמאַכט אויף מיר, איז זי באַלד אין דער פרי, ביים טרינקען טיי, צוגעקומען און מיר אָנגעהויבן דערציילן, אַז זי האָט געהאַט צו פירן אַ קאַמף מיט אירע עלטערן; זיי האָבן נישט געוואָלט זי זאָל חתונה האָבן פאַר אַ ייִד זייענדיק אין דייטשלאַנד און נאָך ווינציקער, ווען דער חתן איז שוין געווען אין אַרגענטינע. דאָך האָט זי איבערגעשטאַרקט אַלע שוועריקייטן און געקומען צו איר חתן און אַז זי פאַרדאַמט דעם נאַציזם מיט זיין ראַסן־טעאָריע. דאָס איז אין יענע יאָרן ווירקלעך געווען אַ גבורה פון אַ דייטשער פרוי. פּרייטיק צו נאַכט, פלעגט זי מיטזינגען דעם קידוש און האָט זיך געחברט מיט די ייִדישע פרויען.

זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז די עלטערע מיידלעך פאָרן אַוועק אין די גרויסע שטעט, ווו זיי דערוואַרטן אַ בעסערע צוקונפט. דער בית־יתומות האָט איין יאָר, אין צייט פון וואַקאַציעס, געשיקט 15 מיידלעך אין קאָלאָניע, אָבער 14 האָבן זיך צוריקגעקערט. ס'איז געבליבן איינע ווי אַן אָנגעשטעלטע אין קאָאָפּעראַטיוו.

**
*

דער ערשטער קאָלאָניסט וואָס האָט פאַרלאָזט די קאָלאָניע, אויפן וועג צו דער סטאַציע באָווריל, כדי צו נעמען דעם באַן וואָס גייט קיין בוענאָס־איירעס, איז אַראָפּגעפאַלן פון וואָגן און מער נישט אויפגעשטאַנען. די קאָלאָ־ניסטן האָבן עס באַטראַכט ווי אַ שטראָף פון גאָט, ווייל ער האָט פאַרלאָזט די קאָלאָניזאַציע.

אין מיין אַרכיוו געפינען זיך מער דאַטעס וועגן דער קאָלאָניע.

# שתדלנות צו שענקען די חובות פאַר אויסגעל׳יענער זריעה

קאָלאָניסטן פון גאַנצן לאַנד זענען געווען שולדיק דער רעגירונג פאַר די הלוואות וואָס זיי האָבן באַקומען אויף צו קויפן זריעה אין די יאָרן וואָס די קאָטאַסטראָפעס זענען פאַרלוירן געגאַנגען צוליב טריקעניש, היישעריק, צו־פיל רעגן וכו׳. די רעגירונג איז געווען שטרענג ביים מאָנען די חובות. די דאָזיקע הלוואות זענען געמאַכט געוואָרן אין די יאָרן 1917,1911, 1923, 1929 און 1930, וואָס צוזאַמען האָבן זיי באַטראָפן אַריבער 17 מיליאָן פעזאָס.

צו אַלע פּלאָגעס וואָס די אַגריקולטור האָט איבערגעלעבט אין די יאָרן 1930־1937, איז נאָך צוגעקומען די צרה וואָס די דעפענסאַ אַגריקאָלאַ* האָט שטאַרק גענומען באַלעסטיקן די קאָלאָניסטן, פאָדערנדיק מען זאָל באַצאָלן אַזעלכע אַלטע חובות, נאָך מיט פּראָצענט. פון אונדזערע קאָלאָניעס זענען אין פּראָפּאָרץ געווען ווייניק אַזעלכע, אָבער דער ענין פאַר זיך אַליין איז לויט מיין מיינונג, געווען אַ נישט־גערעכטער. איך האָט דעריבער גענומען מאַכן שתדלנות ביי דער רעגירונג, מען זאָל שענקען די דאָזיקע חובות. די אַרגו־מענטן וואָס איך האָב אָנגעגעבן די אַגריקולטור־מיניסטאָרן, ווי אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, אַז זיי זאָלן באַפרייען די ערד־אַרבעטער פון דעם אָנגעוואַק־סענעם באַרג חובות, זענען געווען:

1) די ערד גיט אויף אַ נאַטירלעכן וועג, אין נאָרמאַלע יאָרן, צום לעבן פאַר דער פאַמיליע וואָס באַאַרבעט איר און זריעה אויף צו קענען פאָרזעצן די אַרבעט אויפן צווייטן יאָר, אָבער זי גיט נישט צו צאָלן צוויי אָדער דריי זריעות וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען צוליב קלימאַטישע סיבות אין די פריערדיקע יאָרן;

2) ווען דער קאָלאָניסט אַרבעט אָפּ אַ גאַנץ יאָר און נעמט אַראָפּ די גע־רעטעניש, פאַרדינען ביי דעם דער אייזנבאַן, די שיף־געזעלשאַפטן וואָס טראַנספּאָרטירן די פּראָדוקטן; די רעגירונג באַקומט אַ חלק פאַר אָפּצאָל פון עקספּאָרט און אימפּאָרט; די קאָמערץ, די אינדוסטריאַלן — אַלע פאַרדינען פון דער קאָלאָניסטישער האָרעוואַניע דירעקט און אומדירעקט. דעריבער איז

---

* אַגריקולטור־פאַרטיידיקונג.

נישט מער ווי לאָגיש, אַז ווען דער קאָלאָניסט פאַרלירט די קאָסטעטשע נישט צוליב זיין שולד, זאָל נישט פאַלן די גאַנצע לאַסט אויף אים, געווג וואָס ער פאַרלירט אַ גאַנץ יאָר אַרבעט און האָט נישט ביי וועמען צו פאָדערן קאָמ־פּענסאַציע;

3) פאַר יעדע 100 קילאָ זריעה וואָס מען גיט דעם קאָלאָניסט, דאַרף ער פּראָדוצירן מינדעסטנס 500 קילאָ אויף צו קענען באַצאָלן דעם חוב פון די הונדערט. למשל, 100 קילאָ זריעה באַטרעפט צען פּעזעס, אויף צו שאַפן די דאָזיקע סומע מוז ער פאַרקויפן 500 קילאָ פון דעם וואָס ער פּראָדוצירט, כדי צו באַקומען צען פּעזעס נעטאָ, ווייל זיין ווייץ פאַרקויפט ער אויפן פּרייז פון 5־6 פּעזעס די הונדערט קילאָ, פון וואָס מ׳דאַרף אַראָפּרעכענען מינדעסטנס 70־80 פּראָצענט הוצאות, ווי: שניידן, דרעשען, זעק, בוימל וכו׳. ביים מיטל־מעסיקן שניט און נידעריקע פּרייזן קען פּאַסירן, אַז אַ קאָלאָניסט זאָל דאַרפן אָוועקגעבן 80% פון זיין פּראָדוקט בלויז פאַר זריעה;

4) די חובות וואָס זענען נישט געצאָלט געוואָרן זינט 1911, געהערן צו דער סיבה פון „פּוערסאַ מאַזשאַר",* אַ מאָטיוו וואָס אַפילו ביים פּריוואַטן מסחר ווערט גענומען אין אַכט. דאָס געזעץ פון לאַנד אָנערקענט דאָס פאַר אַ גערעכטן מאָטיוו נישט צו קענען צאָלן;

5) די זריעה וואָס מען האָט אַריינגעוואָרפן אין דער ערד אין די יאָרן 1929־1930 האָט אַפילו נישט אָנגעהייבן שפּראָצן צוליב דער פאַרלענגערטער טריקעניש און קיינער האָט פון דעם גאָר נישט גענאָסן.

אַגב איז דער ענין פון דעם חוב פאַר די זוימען אין די דאָזיקע צוויי יאָר געוואָרן קאָמפּליצירט צוליב פאָלגנדיקע סיבות: דעם קרעדיט האָט אויס־געטיילט די באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן לויט דעם אָנווייז פון דער רעגירונג אונ־טער דער פּרעזידענץ פון היפּאָליטאָ איריגאָזשען. אָבער עס איז נישט געווען קיין אָפיציעלער דעקרעט, וואָס זאָל באַפולמעכטיקן די הלוואה. אין דעם איז אונטערגעקומען די רעוואָלוציע פון גענעראַל אוריבורו, אַזוי, אַז אָפיציעל איז דער חוב פון קאָלאָניסט געבליבן דירעקט צו דער באַנק, און די באַנק האָט געזאָגט: אויב די רעגירונג וויל שענקען, זאָל זי עס טאָן, אָבער זי מוז צו דער זעלביקער צייט אָנערקענען און באַצאָלן די באַטרעפנדיקע סומע דער באַנק, אַזוי אַז די זיבעצן מיליאָן פּעזעס האָבן זיך געטיילט, לערך: ניין מיליאָן דער רעגירונג און 8 מיליאָן דער באַנק.

---

* בעל־כרחה (פאָרס מאַזשער).

עטלעכע מאָל זענען געקומען גרעסערע דעלעגאַציעס פון די קאָלאָניסטן פון דער פּאַמפּאַ און פון פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, די גרעסטע טייל נישט פון אונדזערע קאָלאָניעס, און טראָץ דעם וואָס זיי זענען געווען אָנגעשלאָסן אין אַנדערע קאָאָפּעראַטיוו־אינסטיטוציעס פון צווייטן גראַד, פלעגן זיי זיך אָבער ווענדן נאָר צו פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, און צוזאַמען האָבן מיר זיך משתדל געווען ביים אַגריקולטור־מיניסטעריום וועגן דעם דאָזיקן ענין. דער פּאַרוואַלטער פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן האָט אונדז געשטיצט מיט ראַט. אויך אין אַגריקולטור־מיניסטעריום איז געווען אַ גינסטיקע שטעלונג. מיר האָבן זיך אָבער אָנגעטראָפן אויף אַנדערע שוועריקייטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די הלוואות פון 1911, 1917 און 1923 זענען באַפולמעכטיקט געוואָרן דורך אַ געזעץ פון פּאַרלאַמענט, און כדי עס צו שענקען מוז עס סאַנקציאָנירט ווערן נאָך אַ מאָל דורכן פּאַרלאַמענט; די הלוואות פון 1929 און פון 1930 האָבן גע־דאַרפט האָבן די גוטהייסונג פון פינאַנץ־מיניסטער. ער, אָבער, האָט כלל נישט געהאַט קיין גרויסן חשק דאָס צו טאָן, ווייל ס'וואָלט געהייסן, אַז די רע־גירונגס־קאַסע דאַרף אויסצאָלן דער באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן אַכט מיליאָן פּעזעס. זעענדיק אַז דורך די מיניסטעריומס וועלן מיר שווער עפּעס קענען דער־גרייכן, האָב איך זיך געווענדט צום דעפּוטאַט ד״ר בערנאַרדינאָ האָרנע, און אים געבעטן ער זאָל אַריינטראָגן אין פּאַרלאַמענט אַ ספּעציעלן געזעץ וועגן באַפרייען די קאָלאָניסטן פון די דערמאָנטע חובות. ד״ר האָרנע האָט גערן אויפגענומען דעם פּראָיעקט און האָט אים גוט פּאַרטיידיקט אין פּאַרלאַמענט. נאָך דעם האָבן די דעפּוטאַטן פון אַנדערע פּאָליטישע בלאָקן אויך אַריינגע־טראָגן אין פּאַרלאַמענט פּראָיעקטן פון זעלביקן אינהאַלט. איך האָב זיך אויך געווענדט צום סענאַטאָר ד״ר עדואַרדאָ לאַורענסענאַ, און ער האָט אויך גע־בראַכט דעם ענין אין סענאַט.

אויף דער אָנווייזונג פון ד״ר בערנאַרדינאָ האָרנע, אין מאָנאַט סעפּטעמ־בער 1938, האָב איך זיך פּערזענלעך געווענדט צו די פּרעזידענטן פון אַלע פּאָליטישע בלאָקן און זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן שטיצן דעם פּראָיעקט צו באַ־פרייען די קאָלאָניסטן פון די פריִער־דערמאָנטע חובות אין דער רעגירונג ווי אויך פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, און ביי אַלע האָב איך באַקומען אַ פּאָזיטיוון ענטפער.

דער פּרעזידענט פון סאָציאַליסטישן בלאָק האָט מיר אויסגעפאָרשט איבער אַנדערטהאַלבן שעה, דערוויסנדיק זיך וועגן אַלע אַנטעצעדענטן מיט אַלע פּרטים, איידער ער האָט מיר געגעבן זיין גינציקן ענטפער. אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס ער אינטערעסירט זיך אַזוי פיל מיט די איינצלהייטן, מער ווי די פּרעזידענטן פון די אַנדערע בלאָקן? — האָט ער מיר דערקלערט,

אַז אין סאָציאַליסטישן בלאָק איז אָנגענומען אַז יעדער ענין מוז פריִער באַטראַכט און גוטגעהייסן ווערן ביי זיי אַליין, איידער זיי ברענגען אַן איניציאַטיוו אָדער שטיצן אַ פּראָיעקט אין דער קאַמער, דעריבער מוז ער וויסן אַלע פּרטים כדי ער זאָל קענען אינפאָרמירן און בעטן די צושטימונג ביי זיינע קאָלעגן.

דעם 30סטן סעפּטעמבער גאַנץ פרי, האָט גערעדט צו מיר טעלעפאָניש דער ד״ר האָרנע און מיר געזאָגט, אַז ער קען מיר באַגריסן, נעכטן ביינאַכט זענען זיך צוזאַמענגעקומען די פּרעזידענטן פון אַלע פּאָליטישע בלאָקן און זיך איינפאַרשטאַנען אויף 12 פּראָיעקטן וואָס זאָלן אָפּגעשטימט ווערן איינשטימיק ביי דער לעצטער סעסיע פון פּעריאָד. צווישן די 12 פיגורירט אויך דער פּונקט פון שענקען די חובות, וועגן וועלכן כ׳האָב זיך אַזוי פיל משתדל געווען. איך האָב דערפילט אַן אויסערגעוויינלעכע סאַטיספאַקציע, וואָס נאָך עטלעכע יאָר אָנגעשטרענגטער אַרבעט וועט אַראָפּגענומען ווערן פון די קאָלאָניסטישע פּלייצעס אַזאַ אָנגעוואַקסענער האַרב מיט חובות.

די זיצונגען אין פּאַרלאַמענט זענען פאָרגעקומען פּאַרנאַכט, בין איך אַ גאַנצן טאָג געווען אומגעדולדיק. אַ זייגער 9 אין אָוונט האָב איך געקויפט אַ ציַיטונג און געזוכט צום ערשטן די נאָטיץ פון דער קאַמער, און ווי שטאַרק איז געווען מיין פאַרדראָס ווען איך האָב דערזען, אַז דער פּערסאָנאַליסטישער בלאָק האָט זיך צוריקגעצויגן און געלאָזט די סעסיע אָן אַ קוואָרום. קיין איין פּראָיעקט פון די 12 איז נישט אָפּגעשטימט געוואָרן. דאָך, האָט עס מיר נישט אַנטמוטיקט און מיט עקשנות ווייטער פאָרגעזעצט מיין שתדלנות פאַר דער דאָזיקער גערעכטער פאָדערונג, זוכנדיק אַלע לעגאַלע מיטלען צו דערגרייכן דעם געוווּנטשענעם רעזולטאַט. די ה״ה מאַנועל גאַמעז און עמיליאָ ראָססלער פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, האָבן מיר פיל מיטגעהאָלפן, נאָר יעדעס מאָל פלעגן אַרויפשווימען נייע מניעות, מערסטנס מצד דעם פינאַנץ־מיניסטעריום, ווי איך האָב שוין פריִער אָנגעוויזן.

אַ דאַנק דער מאָראַלישער הילף פון די דערמאָנטע צוויי פּערזאָן האָט זיך געשאַפן אַ געמישטע קאָמיסיע פון פונקציאָנאַרן פון אַגריקולטור־ און פינאַנץ־מיניסטעריוס, זיי זאָלן שטודירן די מעגלעכקייט צו לייזן דעם דאָזיקן פּראָבלעם אויף אַ גינציקן אופן און זיי האָבן צוגעגרייט אַ דאָקומענטאַציע. דער אַגריקולטור־מיניסטער האָט אים אונטערגעשריבן גינציק. דער סוב־מיניסטער, ד״ר קאַרלאָס עררא, האָט מיר געראַטן, איך זאָל זיך זען מיט זיין קאָלעגע, דעם סוב־מיניסטער פון פינאַנצן, ד״ר מאַלאַקאַרטאַ, און אים בעטן ער זאָל צואיילן דעם פינאַנץ־מיניסטער ער זאָל אויך געבן זיין גינציקן אונטערשריפט, וואָס איז האָב תיכף דערפילט. נאָך אַ ברייטערן שמועס האָט ער מיר צוגעזאָגט אַז ער וועט דערפילן מיין בקשה.

די וואָכן און חדשים זענען געגאַנגען. די ביוראָקראַטישע מאַשין באַ־וועגט זיך לאַנגזאַם, ביז עס איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון יאָר 1943 און אַלע מיינע אָנשטרענגונגען זענען ווידער אַ מאָל געבליבן הענגען אין דער לופטן. באַגעגענדיק זיך איין מאָל אין גאַס מיטן ה׳ מאַנועל גאָמעז — ער איז שוין געווען אויף עמעריטור — האָט ער מיר געזאָגט: „קאַפּלאַן, נוץ אויס דעם גינציקן מאָמענט, ווייל איצט פונקציאָנירט נישט דער פּאַרלאַמענט און די עקזעקוטיווע מאַכט קען אַליין, דורך אַ דעקרעט, סאַנקציאָנירן דאָס באַפרייען די קאָלאָניסטן פון די זריעה־חובות״. איך האָב אויפן צווייטן טאָג צוגעשטעלט אַ שריפט צום אַגריקולטור־מיניסטער גענעראַל מאַססאָן.

עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג און מ׳האָט מיר גערופן פון אַגריקולטור־מיניסטעריום. איינער אַ פונקציאָנאַר האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז באַאויפ־טראַגט געוואָרן צוצוגרייטן די אינפאָרמאַציע וועגן מיין ביטע, און אַזוי ווי זיי זענען אַלע נייע באַאַמטע און קענען נישט די אַנטעצעדענטן, און לויט ווי מ׳האָט אינפאָרמירט אין מיניסטעריום, בין איך דער איינציקער וואָס קען אים צושטעלן די דאָזיקע דאַטעס, בעט ער מיר, איך זאָל אים מיטהעלפן און צוגרייטן דעם באַריכט. איך האָב אים אָנגעוויזן די קוואַלן ווו ער קען געפי־נען אַלע דאַטעס, ווי: אין „דיאַריאָ דע סעסיאָנעס״* פון ביידע קאַמערן; די מעמאָראַנדומס וואָס מיר האָבן צוגעשטעלט, ווי אויך די אַקטן פון דער קאָ־מיסיע ביים פריערדיקן אַגריקולטור־מיניסטער פון יאָר 1938. דער דאָזיקער באַאַמטער האָט צוגעגרייט דעם באַריכט, דער אַגריקולטור־מיניסטער האָט אים גוטגעהייסן און איבערגעשיקט צום ווירטשאַפט־מיניסטער.

עס האָט אונדז אין יענער צייט פיל מיטגעהאָלפן דער גובערנאַטאָר פון דער טעריטאָריע לאַ פּאַמפּאַ. ער פערזענלעך איז געגאַנגען מיט אונדז צום קאָראָנעל פּעראָן און צום פינאַנץ־מיניסטער. דער רעזולטאַט פון אַלע מיינע שתדלנותן און צו מאָל אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונגען איז געווען, אַז מען האָט געשענקט אַן ערך פון עלף מיליאָן (11.000.000) פּעזעס.

* *
*

איך קען נישט פאַרבייגיין און נישט פאַרצייכענען אָט־דעם עפּיזאָד:

אין דעם שמועס וואָס איך האָב געהאַט מיטן סוב־מיניסטער ד״ר מאַלאַ־קאַרטאַ, האָט ער מיר אַ פרעג געטאָן, צי איז אמת אַז די „כאַוועגעס איזראַ־

* טאָגבוך פון די זיצונגען.

עליטאַס״* פאַרלאָזן די טשאַקרעס פון זייערע עלטערן און קומען אין די שטעט ווערן סטודענטן, קאָמערציאַנטן?

— אַזוי איז עס —האָב איך אים געענטפערט. — אין די פריִערדיקע יאָרן האָבן קאָלאָניסטן נישט געוווּסט פון געבורט־קאָנטראָל און האָבן געהאַט צו עטלעכע קינדער. ווען די קינדער וואַקסן אויס, הייבן זיי אָן טראַכטן וועגן אַ תכלית, וועגן חתונה האָבן און פאַרמירן אַ היים. די טשאַקרע גיט נישט גענוג צום לעבן פאַר דריי אָדער פיר פאַמיליעס. צו דעם דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז נישט אַלע וואָס ווערן געבוירן אין דער קאָלאָניע זענען פעיִק, אָדער צוגעפּאַסט פאַר פעלד־אַרבעט, זוכט יעדער איינער אויס אַ פּראָפעסיע וואָס ער גלויבט, אַז זי פּאַסט אים בעסער. דאָך קען איך פאַרזיכערן, אַז די יידישע קאָלאָניסטן זענען אין אַלע הינזיכטן נישט הינטערשטעליקער ווי די קאָלאָניסטן פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן; אין געוויסע זאַכן, ווי אין קאָאָ־פּעראַטיוויזם, אין געמישטער ווירטשאַפט, זענען מיר פילייכט מער פּאָרגע־שריטן.

— מען האָט מיר געזאָגט — גיט צו ד״ר מאַלאַקאָרטאַ, — אַז אייערע קאָלאָניעס זענען פאַרנאַכלאָזיקט; נישטאָ קיין ביימער ביי די שטיבער, אַלץ איז אָפּגעלאָזן און מאַכט אַ שלעכטן איינדרוק.

— וועגן דעם, דאָקטער, וועל איך דיר נישט ענטפערן, ווייל איך ווייס נישט צי דו וועסט מיר גלויבן, דעריבער דערלויב איך זיך דיר איינצולאַדן צו מאַכן אַ באַזוך אין אונדזערע קאָלאָניעס, דעמאָלט וועסטו זיך איבערצייגן.

איך וואָלט עס גערן געטאָן, נאָר מיין צייט דערלויבט עס מיר נישט, — איז געווען זיין ענטפער.

— אויב אַזוי, וועל איך דיר איינלאַדן צו באַזוכן די ייִנגסטע קאָלאָניע וואָס מיר האָבן נישט לאַנג געגרינדעט נאָענט פון בוענאָס־איירעס, וועלכע רופט זיך „קאָלאָניע כוליאָ לעווין״.** איך ווייס אַז דו ביסט באַפריינדט מיטן ה׳ כאַקאָבאָ זאַסלאַווסקי, וועל איך אים אויך איינלאַדן און מיר וועלן פאָרן צוזאַמען.

— דאָס נעם איך אָן מיט פאַרגעניגן, — איז געווען זיין ענטפער.

ביים געזעגענען זיך, זאָגט ער מיר:

— קאַפּלאַן, ווייסט? איך בין אויך אַ זון פון אַ קאָלאָניסט. מיר זענען

* יידישע יוגנטלעכע.

** אויפן נאָמען פונעם טראַגיש־אומגעקומענעם עסקן כוליאָ לעווין.

געוועזן עלף ברידער און שוועסטער, נאָר איצט געפינט זיך אויף דער טשאַק־רע נאָר איין ברודער.

פון דעם וויזיט אין קאָלאָניע כוליאָ לעווין איז גאָר נישט געוואָרן. עס איז אָפּגעלייגט געוואָרן פון איין מאָל אויף אַ צווייטן מאָל, ביז עס איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע.

# „כונטאַ רעגולאַראַ דע גראַנאָס"*

ווי באַוווסט איז אין יאָר 1933/34 געווען זייער אַן ערנסטער פּראָבלעם פאַר די פּראָדוקטאָרן פון ווייץ, צי עס לוינט אַראָפּצונעמען די קאָסטשע פון פעלד צוליב די נידעריקע פּרייזן וואָס ס'זענען דעמאָלט געווען. בכדי צו ראַטעווען די סיטואַציע, האָט די רעגירונג באַשלאָסן צו קויפן דעם ווייץ אויפן פּרייז פון 5,75 פּעזאָס די 100 קילאָ. די רעגירונג פלעגט פאַרקויפן דעם ווייץ צו די עקספּאָרט־הייזער בונכע־באָרן, דרייפוס א"אַ, און זיי פלעגן שיקן זייערע רעסיווידאָרן** איבערצונעמען דעם ווייץ.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן אַז די עקספּאָרטירער האָט נישט געשמעקט דער עסק. די רעגירונג איז פאַר זיי געווען אַ צו שטאַרקער קאָנקורענט און מיט זייער פּראַקטישן חוש האָבן זיי דערפילט, אַז עס ווערט ביי זיי צוגענומען די ממשלה פונעם תבואה־מאַרק. זיי האָבן דעריבער געזוכט, מיט ראַט און טאַט, צו דיסקרעדיטירן די דאָזיקע רעגירונג־אונטערנעמונג. דער קאָאָפּעראַטיוו „גראַנכעראָס אונידאָס"*** האָט פאַרקויפט דעם ווייץ דער „כונטאַ" דורך דער פאַרמיטלונג פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ און די „כונטאַ" האָט עס איבערפאַרקויפט צו בונכע־באָרן.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען צו פאָרן דער פּרעזידענט פון גראַנכעראָס אונידאָס, ה' מרדכי טרייבער, און זאָגט מיר, אַז ער וויל איך זאָל מיט אים גיין אין דער „כונטאַ" און פועלן זיי זאָלן אַנולירן דעם קאָנטראַקט, דערפאַר וואָס דער איבערנעמער פון בונכע־באָרן וויל נישט איבערנעמען דעם ווייץ; ער האָט אַ באַפעל זיך צו האַלטן שטרענג ביים רעגלאַמענט, וועלכער זאָגט אַז ער דאַרף נעמען נאָר אַזאַ ווייץ וואָס האָט נישט מער פון דריי פּראָצענט „קוערפּאָס עקסטראַניאָס"**** און זייער ווייץ פאַרמאָגט אין דורכשניט אַ העכערן פּראָצענט שוואַרצן האָבער.

אין די פריערדיקע יאָרן האָבן די עקספּאָרט־הייזער גענומען אַזעלכע טיפּן ווייץ, מיט דער געהעריקער באָניפיקאַציע פאַר זיי, איצט זאָגן זיי זיך

---

* רעגוליר־קערפּערשאַפט פון קערנער.

** ווייץ־איבערנעמערס.

*** פאַראייניקטע פאַרמערס.

**** פרעמדע עלעמענטן.

אָפּ צו נעמען דעם ווייץ, טראָץ דעם וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו איז גרייט צו צאָלן די באַניפיקאַציע. מיר זענען גלייך אַוועק צו בונכע־באָרן און דאָרט האָבן זיי אונדז קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז זיי האָבן געקויפט דעם ווייץ אין דער „כונטאַ״ און זיי פאָדערן די „כונטאַ״ זאָל דערפילן מיטן קאָנטראַקט לויטן רעגלאַמענט.

אָפּגעבנדיק זיך רעכענונג „ווו דער שוך קוועטשט״, בין איך אַוועק צו דער כונטאַ און אינפאָרמירט דעם ה׳ מאַנועל גאָמעז — דער נערוו פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, — וועגן די שוועריקייטן וואָס די עקספּאָרט־הייזער זוכן צו שאַפן. ה׳ גאָמעז האָט מיר געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט נישט די אַלע טעכנישע ענינים און האָט געשיקט רופן דעם פאַרוואַלטער, ה׳ יאַנאָוויטש, ער האָט אים געבעטן ער זאָל זיך מיט מיר טרעפן מאָרגן, שבת נאָך האַלבן טאָג, ווען ס׳איז רויק אין די ביוראָען, און איך זאָל געניי אים דערקלערן פערזענלעך און שריפטלעך וועגן די אַלע שוועריקייטן וואָס שאַפן זיך. מאָנטיק וועט ער מיר געבן דעם ענטפער. ה׳ יאַנאָוויטש איז געווען אַן אַלטער ספּעץ אין תבואה און האָט באַלד פאַרשטאַנען וווהין די עקספּאָרט־הייזער צילן. אין דעם בריוו וואָס מיר האָבן צוגעשטעלט האָט זיך געזאָגט:

„נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די נוצן וואָס די „כונטאַ רעגולאַדאָראַ דע גראַנאָס״ באָט אָן, דאַרף עס אַרומנעמען די גאַנצע ווייץ־פּראָדוקציע; אַז עס זענען פאַראַן אַגריקולטור־געגנטן, וואָס צוליב קלימאַטישע סיבות איז די קוואַליטעט ווייץ אַ געמיינערע פון דעם וואָס די „כונטאַ״ פאָדערט.

אויב די כונטאַ זאָל אָנהאַלטן די קלאַסיפיצירונג פון זאַק נאָך זאַק, וועט אין איניקע פלעצער זיין מער ווי פופציק פּראָצענט בראַק, וואָס פאַרקויפנדיק נאָך דעם קאָמערץ, וועט זיי אַראָפּגערעכנט ווערן פון פרייז, און דאָס וועט צונישט מאַכן די נוצן וואָס מען באַקומט אויף דעם טייל וואָס מען פאַרקויפט דער כונטאַ; אַז די עקספּאָרט־הייזער, ווען מען פאַרקויפט זיי נאָר גוטן ווייץ און אין די זעלביקע קאָנדיציעס ווי דער כונטאַ, צאָלן אַ פּרימאַ ביז 40 סענט אויף יעדע 100 קילאָ; אַז אין דער דרום־געגנט קלאַסיפיצירט מען נישט זאַק נאָך זאַק, נאָר די טאָלעראַנץ רעכנט זיך אויף דעם טאָטאַל פון קאָנטראַקט; אַז די „כונטאַ רעגולאַדאָראַ דע גראַנאָס״, אויסער די באַלדיקע נוצן וואָס זי ברענגט די פּראָדוקטאָרן, באַווייזט אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו פאַרטיידיקן די פּראָדוקציע פון לאַנד דורך אַ גוטער אָרגאַניזאַציע אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג.

מיר בעטן דעריבער, אַז די כונטאַ זאָל צונעמען דעם ווייץ אויף דעם זעלביקן אופן ווי עס פלעגן צונעמען די עקספּאָרטאַדאָרן אין די פריערדיקע יאָרן, עס הייסט, נישט קלאַסיפיצירן זאַק נאָך זאַק, נאָר אַז די טאָלעראַנץ פון דריי פּראָצענט זאָל זיך רעכענען אויף דער אַלגע־מיינער צאָל וואָס ווערט צוגענומען, און אַז די כונטאַ זאָל אויך קויפן די פעלערהאַפטע ווייצן, אויף דעם פּרייז וואָס ס׳איז באַשטימט ווי אַ באַזע, אָן אַראָפּרעכענען לויטן רעגלאַמענט פון דער „קאַמאַראַ גרע־מיאַל”.

די פּראַקטיק האָט אונדז באַוויזן, אַז אויף דעם אופן באַקומט נוצן דער פּראָדוקטאָר, מיט דעם וואָס ביים מאַכן דעם אַנאַליז פון פאַרשיי־דענע טיילן פון דעם גוטן און געמיינעם ווייץ קומט אַרויס דאָס אַראָפּ־רעכענען פאַר דער ספּעציפישער וואָג אַ סך ווייניקער. די כונטאַ וועט פון דעם גאָר נישט ליידן, ווייל זי פאַרקויפט דאָך סיי־ווי צו די עקס־פּאָרטאַדאָרן, און דאָס וואָס עס וועט אַראָפּגערעכנט ווערן פאַר דער קוואַליטעט, וועט גיין אויפן חשבון פון פּראָדוקטאָר. די אַגריקולטאָרן וועלן פאַרדינען ביי דעם אַנאַליז, די כונטאַ וועט פאַרטיידיקן בעסער די אינטערעסן פון דעם פּראָדוצענט און צו דער זעלביקער צייט וועלן אויסגעמיטן ווערן די מיסברויכן וואָס קען זיך שאַפן ביים איבערלאָזן דעם געמיינערן סאָרט ווייץ אויף דער קריטעריע פון די סוחרים”.

ווען איך בין געקומען שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג אין דער כונטאַ, האָט ה׳ מאַנועל גאָמעז גלייך געשיקט רופן איינעם פון די פאַרוואַלטערס פון בונכע־באָרן און מיר האָט ער געהייסן צוואַרטן. נאָך אַ קורצן שמועס וואָס דיביידע האָבן געהאַט, איז דער פאַרוואַלטער פון בונכע־באָרן אַרויס שטאַרק אויפגע־רעגט. דערזעענדיק מיך, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „מיין נישט אַז דו האָסט שוין אַלץ אויסגעפירט”. גאָמעז האָט מיר אַריינגערופן. מיט אַ קלאַפּ אין פּלייצע האָט ער מיר געזאָגט: „קענסט בלייבן רויק, מען וועט שוין צונעמען דעם ווייץ אָן שוועריקייטן”. ער האָט מיר געדאַנקט פאַר דער אויפקלערונג וואָס איך האָב אים געמאַכט, מכוח צונעמען ווייץ וואָס וועט זיין לטובת די קאָלאָניסטן און אויך פאַרן פּרעסטיזש פון דער כונטאַ.

באַלד נאָך דעם האָבן שוין אויך אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון אונדז באַפול־מעכטיקט צו פאַרקויפן זייער תבואה אין דער כונטאַ.

* * *

אין חודש מערץ איז געגאַנגען אַ קאָמיסיע פון אַגריקולטאָרן, — אין וועל־כער איך האָב מיך אויך באַטייליקט, — צום אַגריקולטור־מיניסטער און גע־בעטן מען זאָל העכערן די פרייזן אויף ווייץ און ליאַן.

דער סוב־מיניסטער, ה׳ קאַרלאָס ברעביאַ, האָט אונדז געוויזן חשבונות, אַז דער רעגירונג שטייט פאָר צו פאַרלירן 300 מיליאָן פעזאָס. און דאָס ערג־סטע איז, וואָס זיי זענען שוין גרייט צו פאַרלירן נאָר עס זענען נישטאָ קיין קויפערס אַפילו אויף די ביליקסטע פרייזן. אָבער די רעגירונג האָט געהאַט מזל. יענעם יאָר איז געווען אַ גרויסע טריקעניש אין צפון־אַמעריקע, די קאָסע־טשע איז דאָרט פאַרלוירן געגאַנגען און די כונטאַ איז נאָך אַרויס מיט פאַר־דינסטן, ווייל דער פרייז פון ווייץ איז געשטיגן.

אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ פון חודש יולי 1934, לייענען מיר:

„פאַרקויף פון תבואה. — ה׳ קאַפּלאַן טיילט מיט, אַז אייניקע קאָאָ־פּעראַטיוון האָבן פאַרקויפט דורך דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ 130.000 פאַנעגאַס ווייץ אין דער כונטאַ רעגולאַדאָראַ דע גראַנאָס.

די ערשטע 20 טויזנט פאַנעגאַס האָט פאַרקויפט דער קאָאָפּעראַ־טיוו „גראַנכעראָס אונידאָס״. זיי האָבן אָבער באַלד געוואָלט צוריקציִען דעם קאָנטראַקט, דערפאַר וואָס די עקספּאָרט־הייזער האָבן געשטעלט שווערע באַדינגונגען ביים אָפּנעמען די ווייץ, וואָס איז פאַרקויפט גע־וואָרן דורך דער כונטאַ, אַזוי, אַז אָנשטאָט צו פאַרבעסערן די פרייזן, וואָלטן די קאָלאָניסטן געהאַט אַ פאַרלוסט.

דער פּרעזידענט פון גראַנכעראָס אונידאָס, ה׳ מ. טרייבער, איז גע־קומען קיין בוענאָס־איירעס אין שייכות מיט דעם דאָזיקן ענין, און לויט ווי ער האָט אונדז איבערגעגעבן, האָט די לאָקאַלע קאָמערץ אָפּגעשטעלט דאָס איבערגעבן דעם ווייץ צוליב די דערמאָנטע טעמים.

צוזאַמען מיטן ה׳ טרייבער האָבן מיר באַזוכט דעם פּרעזידענט פון דער געהעריקער קאָמיסיע און דעם סוב־מיניסטער פון אַגריקול־טור, פאַר וועמען מיר האָבן דערקלערט די געשאַפענע סיטואַציע און דעם דורכפאַל וואָס די כונטאַ וועט האָבן, ווען מ׳זאָל נישט באַקומען די זעלביקע פּריווילעגיעס ביים צונעמען דעם ווייץ ווי אין די פריִער־דיקע יאָרן. נאָך צוויי טעג אַרבעט איז אַלצדינג דערליידיקט געוואָרן אויף אַ צופרידנשטעלנדיקן אופן. אַזוי אַרום זענען דורך אונדזערע באַמיִונגען אַרויסגעקומען נוצן פאַר דער גאַנצער געגנט פון דרום, וואָס האָט אַריינגעבראַכט די קאָלאָניסטן הונדערטער טויזנטער פעזעס.

פאַנדאָ קאָמונאַל האָט געהאַט צו פאַרקויפן צען טויזנט פאַנעגאַס

ווייץ. דער פאַרוואַלטער פון נאַציאָנאַל־באַנק זאָגט, אַז לויט די אינ־סטרוקציעס וואָס ער האָט, קען ער נישט קויפן אין אַזעלכע קאָנדי־ציעס. פאָנדאָ קאָמונאַל האָט זיך געווענדעט צו אונדז טעלעגראַפיש און מיר האָבן דעם ווייץ־פאַרקויף דורכגעפירט. שטיצנדיק זיך אויף דער אָפּעראַציע פון פאָנדאָ קאָמונאַל, האָט זיך צו אונדז געווענדעט דער קאָאָפּעראַטיוו פון ווישאַגוויי „לאַ קאָסמאָפּאָליטאַ", מיר זאָלן פאַרקויפן אויף זייער חשבון צען טויזנט פאַנעגאַס ווייץ אויף די זעל־ביקע באַדינגונגען, און מיר האָבן דאָס דערפילט, טראָץ דעם וואָס זיי זענען נישט אָנגעשלאָסן אין דער פּראָטעקטאָראַט אַגראַריאַ.

אין אַלגעמיין האָט די כונטאַ רעגולאַדאָראַ דע גראַנאָס געבראַכט מאַטעריעלע נוצן פאַר די קאָלאָניסטן. זי האָט אָנגעהאַלטן דעם מיני־מום־פּרייז, ווען נישט, וואָלט מען געצוווּנגען צו פאַרקויפן דעם ווייץ אַ סך ביליקער. עס מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז עס מערקט זיך די אָפּוועזנקייט פון קאָלאָניסטישע פאָרשטייערס אין דער כונטאַ, וועלכע וואָלטן געקענט בעסער פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן. עס וואָלט דע־ריבער געווען נייטיק, אַז די פּראָטעקטאָראַט אַגראַריאָ, צוזאַמען מיט אַנדערע אַגראַרע קערפּערשאַפטן זאָלן זיך ווענדן צו דער כונטאַ און פאָרלייגן, אַז אויב זי וועט עקסיסטירן אויף ווייטער, זאָל אַריינגענו־מען ווערן אין דער קאָמיסיע פאָרשטייערס פון די פּראָווינצן ענטרע־ריאָס, בוענאָס־איירעס, סאַנטאַ־פע, קאָרדאָבאַ און פּאַמפּאַ, וואָס זענען דירעקט פאַראינטערעסירט אין די געשעפטלעכע אָפּעראַציעס.

ה' טרייבער באַשטעטיקט דאָס געזאָגטע פון פאַרוואַלטער קאַפּ־לאַן און גיט צו, אַז אַ דאַנק דער באַלדיקער פאַרמיטלונג פון פּראָ־טערנידאַד אַגראַריאַ, צוזאַמען מיט גראַנכעראָס אונידאָס, האָט זייער קאָאָפּעראַטיוו איינגעשפּאָרט אַן ערך פון 15.000 פּעזעס נאָר ביי דער דיפערענץ פון „קוערפּאָס עקסטראַניאָס" אינעם ווייץ. ער איז מיט דער מיינונג, אַז עס איז נייטיק אַ פאַרטרעטערשאַפט פון קאָלאָניסטן אין דער כונטאַ".

**
*

די דאָזיקע כונטאַ, וואָס איז די היינטיקע „יאַפּי", האָט אין יענער צייט געטאָן אַ פּאַטריאָטישע אַרבעט, ווי ס'איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן. אויסער דעם וואָס די פּרייזן אויפן וועלט־מאַרק זענען געווען נידעריקע, איז נישט געווען קיין נאָכפרעג אויף ווייץ. אָבער אַוועקגעבן דעם ווייץ נאָר כדי אים אַרויסצופּטרן פון שטוב, איז אויך נישט קיין תכלית. דער פּרייז פון 5,75 פּע־

זעס וואָס די כונטאַ האָט געצאָלט, האָט קוים געדעקט די הוצאות און אין גע־וויסע פאַלן האָט מען נאָך געדאַרפט דערלייגן געלט צו דער קאָסטשע.

נאָך דעם ווי איך האָב זיך באַראַטן מיטן דירעקטאָר פון דער כונטאַ, האָב איך דורך דער פאַרמיטלונג פון ד״ר דעלבוע געבעטן אַן אודיענץ ביים פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, גענעראַל כוסטאָ. דעם 19טן אָקטאָבער 1934 האָט ער אונדז אויפגענומען. באַגלייט פון ווירטשאַפט־מיניסטער פון פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, ד״ר בערנאַרדינאָ האָרנע, און ד״ר דעלבוע, אַ גוטבאַזיצער פון דער זעלביקער פּראָווינץ און אַ פּערזענלעכער פריינד פון גענעראַל כוסטאָ אין אונדזער שמועס מיט אים האָבן מיר אָנגעוויזן די נויטווענדיקייט צו הע־כערן דעם מינימום־פּרייז פון תבואה פון דער נייער קאָסטשע, צוליב דעם וואָס דער קאָסט־פּרייז פון אַגריקולטור און קאָנסום־אַרטיקלען זענען געשטיגן.

מיר האָבן אויך גערופן די אויפמערקזאַמקייט פונעם פּרעזידענט, אַז שוין 4 יאָר ווי די קאָלאָניסטן טראָגן איבער נויט און האָבן דאָך אויסגעהאַלטן דעם קאַמף; זיי זענען פאַר נאָרמאַל מיט דער פעלד־אַרבעט, אָבער זיי האָבן זיך שטאַרק פאַרשולדיקט. עס איז דעריבער פּאַטריאָטיש און יושרדיק, אַז דאָס יאָר, ווען עס ווייזט זיך נישט קיין שלעכטע גערעטעניש, זאָלן זיי באַקומען וויניקסטנס אַ פּרייז וואָס זאָל דעקן די הוצאות, און ווי הוצאות דאַרף אויך פאַררעכנט ווערן דער אויסהאַלט פון דער פאַמיליע פאַר אַ גאַנץ יאָר. מיר האָבן אויך אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, וואָס אַרגענטינע עקספּאָרטירט אַכ־ציק פּראָצענט פונעם וועלט־געברויך, אַזוי אַז די כונטאַ קען טיילוויז אימ־פּאָנירן פּרייזן. עס איז אויך באַטאָנט געוואָרן (דער מיניסטער פון ענטרע־ריאָס האָט עס שטאַרק אונטערגעשטיצט) אונדזער אַלטן פאָרשלאַג, אַז אין דער קאָמיסיע פון דער כונטאַ זאָל אַריינגענומען ווערן אַ קאָלאָניסטישער פאָרשטייער, וועלכן די קאָאָפּעראַטיוון וועלן באַשטימען.

אין אונדזער מיינונג־אויסטויש האָב איך באַמערקט, אַז דער גענעראַל כוסטאָ איז געווען גענוי באַקאַנט מיט די פּראָבלעמען וואָס מיר האָבן באַ־רירט. ער האָט געהאַט ביי זיך אַ גענויע סטאַטיסטיק פון דעם אַגראַר־לעבן. די דאָקטוירים האָרנע און דעלבוע האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטאַנד און איידל־קייט, זיי האָבן אָנגעהאַלטן, אַז איך מוז זיין דער אינפאָרמאַנט, ווייל איך בין אַ דירעקטער פאָרשטייער פון די אַגראַריער.

# קאָנטראָל פונעם אייער־פּאַרקויף

די קריזיס־יאָרן האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט די איבערצייגונג אין דער לויגעוודיקייט איינצופירן געמישטע ווירטשאַפטן. און ווירקלעך האָבן קאָלאָניסטן — איבערהויפּט אין ענטרע־ריאָס — אָנגעהויבן אויסצוברייטערן די מילך־ווירטשאַפט און די הינער־צוכט. לויט סטאַטיסטישע דאַטעס, זענען פופציק פּראָצענט פון די אייער וואָס זענען אַריין אין בוענאָס־איירעס, געקומען פון ענטרע־ריאָס, אַזוי אַז דאָס איז געוואָרן אַ וויכטיקער טייל אין דער קאָלאָניסטישער עקאָנאָמיע.

צוקוקנדיק זיך אין מאַרק, ווי אַזוי דער דאָזיקער פּראָדוקט ווערט פאַרקויפט, האָב איך געזען אַז עס איז נישטאָ קיין קאָנטראָל. 4־5 פון די גרויסע אָפּקויפערס קומען זיך צונויף יעדן פרימאָרגן אין אַ ווינקל פון מאַרק, סודען זיך אַ פּאָר מינוט און קומען אַרויס מיט אַ פּרייז, אָן וועלכן ס'איז יסוד.

איך האָב עטלעכע מאָל געפּרוווט ריידן מיט אָט־די דאָזיקע פּרייז־מאַכערס, כדי זיך צו דערוויסן אויף וואָס פאַר אַ באַזע זיי וואַרפן אָדער הייבן די פּרייזן. איך האָב קיין מאָל נישט באַקומען קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער. די האָרעוואַניע פון טויזנטער פאַמיליעס איז געווען ווי אַ שפּילצייג אין די הענט פון עטלעכע געציילטע אויזורפּאַטאָרן.

דאָס איינציקע בעסטע מיטל וואָס מען האָט געקענט דעמאָלט צוטראַכטן קעגן דער דאָזיקער עקספּלאָטאַציע איז געווען, — פאָדערן אין די געהעריקע רעגירונג־אינסטאַנצן אַ קאָנטראָל איבער די קאָמערציעלע שפּעקולאַציעס פון דעם דאָזיקן וויכטיקן אַגראַר־צווייג.

איך האָב פּערזענלעך גערעדט מיטן אַגריקולטור־מיניסטער און מיטן סוב־מיניסטער וועגן דעם אופן ווי אַזוי עס ווערט געפירט דער מסחר פון אייער און הינער און זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב ביי אַנדערע פּראָדוקטן, ווי ווייץ און ליאָן, איז פאַראַן עקספּלאָטאַציע, אָדער אַנדערע סוחרישע קאָמבינאַציעס, זענען כאָטש פאַראַן בירזשעס מיט טאָוולען, וווּ מען ווייסט צו יעדן מאָמענט די לויפנדיקע פּרייזן; עס זענען פאַראַן מערק פון אָנבאָט און אויך פון פאַרלאַנג, וואָס אָריענטירן טיילוויז, און דער פּראָדוקטאָר שאַפט זיך אַ באַגריף פון דער לאַגע אויפן וועלט־מאַרק, אָבער אין דעם צווייג פון הינער־צוכט ווייסט מען אַבסאָלוט גאָר נישט, און אַ באַגרענעצטע גרופּע אוזורפּאַטאָרן באַהערשן דעם מאַרק, צום שאָדן פון פּראָדוקטאָר און קאָנסומענט.

דער מיניסטער האָט איינגעלאַדן צו אַ פאַרזאַמלונג אַלע ראַיאָן־אַגראָנאָמען פון לאַנד און אויך אייניקע באַזיצערס פון עופות־צוכטן, צו שטודירן דעם ענין אַלזייטיק. אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די זיצונגען רעפרעזענטאַנטן פון דער מוניציפּאַליטעט. איך בין אויך פאַרבעטן געוואָרן ווי דער איניציאַטאָר. קומענדיק אין אַגריקולטור־מיניסטעריום צו דער ערשטער זיצונג, האָב איך זיך געטראָפן מיט אינזשיניערן און דאָקטוירים, וועלכע האָבן דיסקוטירט צווישן זיך אויף אַ פּרעלימינאַרן אופן. וואָס אַן אמת, האָב איך אַ סך זאַכן נישט פאַרשטאַנען, ווייל זיי האָבן זיך באַנוצט מיט טערמינען וואָס פאַר אַ פּשוטן מענטשן ווי איך, זענען זיי געווען אומבאַקאַנט. דאָך האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און געזאָגט מיין מיינונג, וועלכע ס׳דאַרף זיין די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג.

דער מיניסטער איז געקומען, דערעפנט די זיצונג און נאָכן לייענען דעם סדר־היום, האָט מען באַשטימט קאָמיסיעס פאַר די פאַרשיידענע ענינים, וואָס האָבן אַרומגענומען, חוץ דעם קאָמערציעלן אַספּעקט, אויך דעם היגיעניש טייל: פּראָפילאַקסיס, אינקובאַטאָרן און נאָך אייניקע פּונקטן. כמעט אַלע האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל זיך באַטייליקן אין זייער קאָמיסיע.

די זיצונגען האָבן זיך פאַרצויגן דריי טעג. עס זענען געהאַלטן געוואָרן אינטערעסאַנטע רעפעראַטן און באַלערנדיקע וויסנשאַפטלעכע דיסקוסיעס. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם טייל בין איך געווען אַן איינפאַכער צוהערער. דערפאַר אָבער, ביי רעאַלע און פּראַקטישע זאַכן, האָט מען זיך צוגעהערט אויך צו מיינע מיינונגען. לויט ווי עס האָט מיר נאָך דעם אינפאָרמירט דער אינזש׳־אַגראָנאָם כואַן ל. טענענבוים, זענען די קאָמענטאַרן געמאַכט געוואָרן אין די ביוראָען פון אַגריקולטור־מיניסטעריום נאָך די זיצונגען. ס׳איז אַ געווען אַ וואָס פּאָפּאָלאָ: „צום בעסטן האָט אַרגומענטירט קאַפּלאַן".

***

איצט איז פאַראַן אַ קאָנטראָל איבער די פּרייזן אויפן מאַרק אין בוענאָס־איירעס, דורך דער מוניציפּאַליטעט. איך ווייס נישט צי איז ער אַ צופרידנשטעלנדיקער פאַר די פּראָדוקטאָרן, נאָר בעסער ווי גאָר נישט איז ער זיכער.

איך וויל דאָ פאַרצייכענען, אַז איינער פון די פּראָבלעמען וואָס האָט מיר באַשעפטיקט באַלד ביים איינאָרדענען די ביוראָ אין בוענאָס־איירעס, איז געווען דער פאַרקויף פון אייער. איך האָב אונטערגעהאַנדלט מיט אַן עקספּאָרטירער פון עם פּראָדוקט וועגן באַהאַלטן אייער אין פריר־קאַמערן אויף זייער גינציקע באַדינגונגען. דעם ערשטן פּרווו האָט גראָד געמאַכט אַ קאָאָפּעראַטיוו, נישט קיין אָנגעשלאָסענער אין פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, „לאַ קאָסמאָפּאָליטאַ" פון ווילזשאַגוויי, מיט זייער אַ גוטן רעזולטאַט.

# אונדזער שטרעבונג צו פֿאַראייניקן די צענטראַלע אַגראַר־קעָרפּערשאַפֿטן

טראָץ אַלע אונדזערע אינערלעכע שטערונגען און דער אַלגעמיינער קריזיס וואָס האָט געהערשט אין דער אַגריקולטור אין גאַנצן לאַנד; לאָמיר דאָ זאָגן, טראָץ מיינע פּערזענלעכע עקאָנאָמישע שוועריקייטן; האָב איך דאָך געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן דעם אופן ווי צו דערנענטערן אַלע צענטראַלע אַגראַר־קערפּערשאַפֿטן.

געשטויסן צו דעם האָט מיר אויך דאָס, וואָס ביי מיינע פֿאַרשיידענע שתדלנותן וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פֿירן אין די אָפֿיציעלע ספֿערן, האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן מיט אומאָנגענעמלעכקייטן, צוליב דעם וואָס די צוויי אינסטיטוציעס, פֿעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ און די אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואָס אַרכענטינאָס האָבן געפֿירט אַן אומדערקלערטן קריג צווישן זיך און האָבן געשטערט איינער דעם אַנדערן ביי יעדע איניציאַטיוו. די „פֿעדעראַסיאָן ענטרעריאַנאַ" האָט אייגנטלעך דעמאָלט עקסיסטירט בלויז אויפֿן פּאַפּיר.

אין יאָר 1933 האָט זיך געשאַפֿן ביי דער „סאָסיעדאַד רוראַל אַרכענטינאַ" אַן אָפּטייל מיטן נאָמען „אוניאָן פּראָדוקטאָרעס אַרכענטינאָס",* וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון די אַגראַריער. ווי באַוווסט, שטעלט פֿאָר די „סאָסיעדאַד רוראַל" די גרויסע לאַטיפֿונדיסטן און רייכע פּיציכטלער, וואָס זייערע אינטערעסן זענען אין גאַנצן פֿאַרשיידן פֿון דעם עלעמענט, וואָס ס'שטעלן צונויף אַלע אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון און אַגראַר־קערפּערשאַפֿטן. אָבער די „אופּאַ" האָט אין יענעם מאָמענט געהאַט די מעלה, וואָס זי איז געווען נייטראַל און וואָס אין איר שפּיץ זענען געשטאַנען פּערזאָנען מיט פֿאַרשטענדעניש פֿאַר'ן קאָאָפּעראַטיוויזם, ווי: ד"ר קאַרלאָס כ. גאַטטי, ד"ר פֿראַנסיסקאָ אַלוואַרעס, ד"ר מעסינאַ עסקוראַ א"אַ. איך האָב דעריבער זיך געווענדט צו דער „אופּאַ", זיי זאָלן נעמען די איניציאַטיוו און איינלאַדן די רעפּרעזענטאַנטן פֿון אַלע צענטראַלע קאָאָפּעראַטיוו־אָרגאַניזאַציעס צו אַ קיילעכדיקן טיש, כדי צו באַטראַכטן די מעגלעכקייטן

* פֿאַרבאַנד פֿון אַרגענטינער פּראָדוקטאָרן.

פּאָר אַ בשותפותדיקער אַרבעט ביי ענינים פון אַלגעמיינע אינטערעסן. זיי האָבן אויפגענומען אונדזער פאָרשלאָג.

דעם 20סטן מערץ 1933 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די פאָרשטייערס פון אוניאָן דע פּראָדוקטאָרעס אַגראַריאָס, אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואָס אַרכענטינאָס און פראַטערנידאַד אַגראַריאָ.

„ביים דערעפענען די זיצונג האָט ד״ר פראַנסיסקאָ אַלוואַרעס געזאָגט, אַז פאַר אַלעם מוז ער דערפילן מיט דער גערעכטיקייט און דערקלערן, אַז די איניציאַטיוו צו פאַררופן די קאָנפערענץ קומט פון ה׳ יצחק קאַפּלאַן. מען האָט געגלויבט אַז עס איז געקומען די צייט צו פאַראייניקן די כוחות און דעם ווילן פון די אַגראַר־געזעלשאַפטן, כדי צו קענען בעסער פאַרווירקלעכן די געמיינזאַמע אַקציע, לפּחות ביי די אָנגעלעגנהייטן פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, ביי וועלכע עס קענען נישט זיין קיין גרינטלעכע מיינונג־פאַרשיידנקייטן.

ד״ר אַלוואַרעס האָט באַדויערט די אָפּוועזנקייט פון דער „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ״, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ רעספּעקטפולע מאַסע פון ערדאַרבעטער און ער בעט די מיינונג פון די אָנוועזנדיקע. איך האָב דערקלערט די מאָטיוון וואָס האָבן מיר געבראַכט אויף צו ברענגען דעם עניין צו דער „אופאַ״, הויפּטזאַכלעך צוליב איר אומפּאַרטייאישקייט. צו דער זעלביקער צייט האָב איך אָנגעוואָרפן אַ פּראָגראַם פון טעטיקייט פאַר דער פּראָיעקטירטער אָרגאַניזאַציע.

די ה״ה וואַסקעס, פּאַסטינאַ און סיענראַ, ווי די פאַרטרעטער פון דער „אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואָס״ האָבן אויסגעדריקט זייער איינשטימיקייט מיט דער איניציאַטיוו, און דער לעצטער האָט פאָרגעשלאָגן, מ׳זאָל אויך איינלאַדן די „סאָסיעדאַד רוראַל אַרכענטינאַ״, די „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ״ און די „פעדעראַסיאָן ענטרעריאַנאַ״, וואָס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

ביי דער זיצונג פון 3טן אַפּריל זענען געקומען אַלע אויבן־אָנגעוויזענע, נאָר נישט די פּ״אַ, דערפאַר וואָס, לויט פּיאַטשענסאַ האָט געשיקט זאָגן, וויל ער נישט, אָדער ער אָנערקענט נישט די פאָרשטייערס פון קערעפערשאַפטן וואָס זענען נישט קיין אויטענטישע אַגריקולטאָרן. ער האָט זיך באַצויגן אויף די רעפּרעזענטאַנטן פון דער אַק״אַ, און וואָרטמאַן, ווי דער פאַרטרעטער פון דער פּע״ר; האָט דערקלערט אַז ער איז געקומען בלויז ווי אַ באַאָבאַכטער, אַזוי אַז די איניציאַטיוו איז דורכגעפאַלן״. („קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״, נומ׳ 216).

סאַכאַראָוו און איך האָבן געפּרוווט נאָך צוויי מאָל ווירקן אויף פּיאַטשענ־

סאַן, ער זאָל בייטן זיין שטעלונג. מיר זענען זיך צונויפגעקומען צוויי מאָל אין הויז פון ד"ר כ. כ. דיאַס אַראַנאַ, אָבער אָן דערפאָלג.

פון די פריערדיקע קאַפּיטלעך איז באַקאַנט די מיינונג־פאַרשיידנקייט צווישן מיר און וואָרטמאַנען בנוגע דעם פּונקט פון אָנשליסן זיך אין דער „אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע". אין פּריוואַטע שמועסן מיט וואָרטמאַנען, האָב איך אים געפרעגט, ווי קען ער טראַכטן פון אַזאַ זאַך, קענענדיק דעם אַרט דענקען פון די פירערס פון דער „אַאַ"פ", וואָס איז דער קעגנזאַץ פון פרייער קאָאָפּעראַציע. אַגב האָבן מיר געוווסט די מיינונג פון איר פּרעזידענט, ה' עסטעוואַן פּיאַסענסיאַ, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז דער קאָלאָניסט וואָס זיצט אויף אַ טשאַקרע דריי יאָר און קען נישט באַצאָלן דעם באַטרעף פון דער אַרענדע, טויג נישט פאַר קיין קאָלאָניסט און מוז אַוועקגיין פון דער טשאַקרע. לויט דעם צוגאַנג וועט ער נישט נאָר העלפן אונדזערע קאָלאָניסטן אין די חילוקי־דעות מיט דער יי.קאַ, נאָר ער וועט נאָך זיין קעגן זייערע אינטערעסן.

וואָרטמאַן פלעגט מיר אויף דעם ענטפערן, אַז טאַקע דערפאַר דאַרף די „יידישע אַגראַר־פעדעראַציע" זיך אָנשליסן אין דער „אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע", כדי מיר זאָלן מיטווירקן צו איר דעמאָקראַטיזירונג. וואָרטמאַן האָט באַטראַכט דעם דאָזיקן געדאַנק זיינעם ווי אַ פּראָגרעסיוון און אַז דאָס איז דער אמתער אויסדרוק פון גלייכקייט. איך האָב אים געזאָגט, אַז דאָס איז שוין אַן אָפּגעלעבטער צוגאַנג צום פּראָבלעם. עס זענען שוין געמאַכט געוואָרן אַ סך פּרוּוון ביי אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, מיט פּראָגרעסיווע אידעאָלאָגיעס, אָבער אָן רעזולטאַטן; ווייל עס איז נישט גענוג וואָס מיר ווילן, מען דאַרף אויך אין זינען האָבן דעם צווייטן צד און וויסן, צי איז ער גערן אונדזער אַריינמישונג. נישט זיי קענען אונדזערע און נישט מיר קענען זייערע כאַראַקטערן. מיר האָבן זיך נישט געקענט איינפאַרשטיין, קען זיין דערפאַר, ווייל וואָרטמאַן איז דערצויגן געוואָרן אין אַן אַנדער סביבה. ער איז געקומען אין דער קאָלאָניע ווי אַ קינד פון איין יאָר, און איך בין געקומען פון רוסלאַנד, שוין אַ יינגל פון 17 יאָר, אין דער סאַמע צייט, ווען די השכלה־באַוועגונג האָט גענומען גיין באַרג־אַראָפּ און יידן האָבן מער נישט געוואָלט זיין דאָס זאַלץ פון דער מענטשהייט, — געבן דעם טעם און אַליין פאַרשווינדן.

מיר זענען געווען אַ פּאָר מאָל אין דער „פעדעראַסיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ" און האָבן זיי דערקלערט אונדזער ווונטש צו געפינען אַ „מאָדוס וויווענדי" פאַר בשותּפותדיקער אַרבעט. צופעליק איז פּיאַסענסיאַ אין יענער צייט געווען אין איראָפּע, און זייער דירעקטאָריום האָט נישט געוואָלט, אָן אים, אָננעמען קיין באַשלוס. אין באַריכט וואָס וואָרטמאַן, ווי דער פּרעזידענט

פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, האָט אָפּגעגעבן ביים קאָנגרעס אין מאָזעסוויל, האָט ער געזאָגט:

„אין פולשטענדיקן הסכם מיטן באַשלוס פון ריוועררער קאָנגרעס, האָט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט געוואָלט דורכפירן דעם אָנשלוס אין דער אַרגענטינער אַגראַר־פעדעראַציע. אין חודש יוני, אויסנוצנדיק דעם צוזאַמענקום פון איר צענטראַל־ראַט, האָבן זיי צוגעזאָגט צוצו־שטעלן די רעזאָלוציע וועגן דעם דאָזיקן ענין, גלייך ווי פּיאַסענסיאָ וועט צוריקקומען פון אייראָפּע. ווען ער איז געקומען פון אייראָפּע, זענען אַרויפגעשוווּמען אין יענער קערפּערשאַפט אַזעלכע וויכטיקע איני־צידענטן, אַז מיר האָבן געהאַלטן בעסער נישט אָנצוגעבן ווייטער אונ־דזער ווענדונג וועגן אָנשלוס. די אינערלעכע לאַגע פון דער פעדעראַ־סיאָן אַגראַריאַ אַרכענטינאַ איז ביים איצטיקן מאָמענט אַזאַ, אַז עס לוינט זיך נישט צו בעטן אונדזער אָנשלוס”.

די „פאַ”אַ” איז אַוועק אויף אַ נישט־ריכטיקן וועג און זי האָט זיך געמוזט אויפלייזן, אַזוי אַז די פראַגע וועגן אָנשלוס איז ביי אונדז אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג.

# קאָלאָניע „נאַרסיס לעווען". — קאָאָפּעראַטיוו „על פּראָגרעסאָ"

די קאָלאָניע „נאַרסיס לעווען" האָט איר אייגנאַרטיקע היסטאָריע, וועלכע איז טיילווייז באַשריבן געוואָרן אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" דורך אבֿרהם כ"ץ, וועלכער האָט מיטגעמאַכט דאָס לעבן פון דער דאָזיקער קאָלאָניע, פון איר גרינדונג ביז צום היינטיקן טאָג. די געשיכטע פון נאַרסיס לעווען איז אַ מוסטער פון ליידן — צוליב פרעמדע טעותים, — פון אויסדויער, געדולד, פון צוגעבונדנקייט צו ערד־אַרבעט מצד אַ פּאָר הונדערט קאָלאָניסטן. נישט צו שרייבן היסטאָריע אין אַלגעמיין איז מיין אויפגאַבע, נאָר צו פאַרצייכענען פאַקטן און געשעענישן אין וועלכע ס'איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַטייליקן מיט ראַט און טאַט. איך הייב אָן פון יאָר 1929, ד"ה, צוואַנציק יאָר שפּעטער נאָך דעם ווי די קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן.

אין דעם דערמאָנטן יאָר איז געווען אַ טריקעניש אין יענער געגנט, וואָס האָט געשטעלט אין סכנה די עקסיסטענץ פון הונדערטער פאַמיליעס. די טריקעניש אין דעם ראַיאָן פון פּאַמפּאַ איז אייגנטלעך אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, וואָס קומט כמעט רעגלמעסיק יעדן דריטן יאָר, נאָר אין 1929 האָט זיך עס פאַרלענגערט מער ווי אַלע מאָל. אין הונדערטער קאָלאָניסטישע הייזער האָט אָנגעהויבן אויסצופעלן דאָס סאַמע נייטיקסטע אויף צו דערנערן די פאַמיליע. די רעגירונג, דורך דער פאַרמיטלונג פון באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, האָט אויסגעגעבן די קאָלאָניסטן אַ קרעדיט אויף איינצוקויפן געברויך־אַרטיקלען און זריעה, נאָר די דאָזיקע זוימען וואָס מען האָט אַריינגעוואָרפן אין דער ערד, האָבן אַפילו נישט געגעבן קיין סימן פון שפּראָצונג צוליבן פעלן פון רעגן. טויזנטער קי און פערד זענען געפאַלן פון הונגער.

צענדליקער פאַמיליעס האָבן אויסגעוואַנדערט פון דער פּאַמפּאַ אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד — טשאַקאָ, מיסיאָנעס, — מיט דער גוטהייסונג פון דער רעגירונג און די באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, טראָץ דעם וואָס די אויסוואַנדערער זענען געווען שולדיק אַ היפּשע סומע געלט די דאָזיקע אינסטיטוציעס. די קאָלאָניסטן פון דער ייִקאָ האָבן נישט באַקומען די קרעדיטן אין נאַציאָנאַל־באַנק מיט דער זעלביקער לייכטקייט ווי די שכנים פון יענער געגנט. ווי איך האָב אָנגעוויזן אין מיין באַריכט וואָס איך האָב צוגעשטעלט. זיי האָבן עס באַקומען

אין אַ באַגרענעצטער פּראָפּאָרץ. זייער לאַגע איז געוואָרן דערדריקטער פון טאָג צו טאָג, ביז דער אָפּקלאַנג איז אַריבער די גרענעצן פון נאַרסיס לעוועןָ.

פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט נאַטירלעך נישט געקענט בלייבן גלייכ־גילטיק צו דער דאָזיקער סיטואַציע. ה׳ סאַכאַראָוו, דער פּרעזידענט פון דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע איז געקומען קיין בוענאָס־איירעס, כדי צוזאַמען מיט דער ייִקאַ־דירעקציע צו באַטראַכטן די מיטלען אויף צו פאַרגרינגערן דעם שווערן מצב. איך האָב אין די ערשטע וויזיטן אין דער ייִקאַ נישט באַ־גלייט דעם ה׳ סאַכאַראָוו, ווייל גראָד אין יענע טעג האָט מיר די גריפּע אַריינ־געלייגט אין בעט און ווייל פאַר מיר איז געווען פאַרבאָטן דאָס אַריינגיין אין דער ייִקאַ. די אונטערהאַנדלונגען פון סאַכאַראָוון מיטן ייִקאַ־דירעקטאָר ה׳ שטאַרקמעט, האָבן נישט געבראַכט צו קיין קאָנקרעטע באַשלוסן.

אין אַ פאַרנאַכט, ווען סאַכאַראָוו איז געקומען פון דער דירעקציע, האָב איך אים געוויזן אַ פּראָוויזאָרישן פּראָיעקט וואָס איך האָב צוגעגרייט וועגן דער לייזונג פון דעם צייטווייליקן פּראָבלעם אין „נאַרסיס לעווען״. איבער־לייענענדיק מיין פּראָיעקט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: —Eureka! אָט דאָ ליגט דער שליסל פון אַן אָנהייב פאַר דער לייזונג פונעם בערנאַסקאָנער פּראָבלעם״ און גלייך צוגעגעבן: „דאָן איסאַק, ווי נאָר דו וועסט אַראָפּגיין פון בעט, וועלן מיר גלייך גיין אין דער דירעקציע, מען טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט״.

איך האָב דערמאָנט סאַכאַראָוון, אַז איך בין אין דער ייִקאַ פאַרצייכנט אויפן צעטל פון „נאָן גראַטאָס״ און זייערע טירן זענען פאַר מיר פאַרמאַכט. סאַכאַראָוו האָט מיר געגעבן אַ גוטן אויסגאַב: „וואָס הייסט? ווען עס שטייט אין קאָן די לאַגע פון אַ פּאָר הונדערט קאָלאָניסטן, קוקסטו זיך צו צו אַזעלכע קלייניקייטן?״. אָבער איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז נישט פּראַטער־נידאַד אַגראַריאַ, נישט איך פּערזענלעך קענען זיך דערנידעריקן און גיין דאָרט וווּ מען ציטערט פאַר אַן עפנטלעכן אמתן וואָרט.

אויף מאָרגן איז געקומען סאַכאַראָוו מיט אַן איינלאַדונג פון דער ייִקאַ פאַר מיר — נישט קיין שריפטלעכע. אַריינקומענדיק אין דער דירעקציע, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין ביוראָ. באַלד איז אַריינגעקומען ה׳ שטאַרקמעט, מיט די אויגן אויסגעשטעלט צו דער סטעליע. ער האָט קיינעם נישט באַגריסט, נאָר אַ זאָג געטאָן: „איר קענט לייענען אייער פּראָיעקט וועגן הילף פאַר נאַרסיס לעווען״.

ווען איך האָב געענדיקט דאָס לייענען און געגעבן די דערקלערונגען, פאַר וואָס איך טראַכט אַזוי און נישט אַנדערש, איז מיין פאָרשלאָג אין אַלגע־מיין אָנגענומען געוואָרן, מיט קליינע ענדערונגען וואָס האָבן זיך באַצויגן צו דער ייִקאַ. קוקנדיק צו מיר, האָט ה׳ שטאַרקמעט געזאָגט: „הער קאַפּלאַן,

איצט דאַרפט איר פאָרן קיין בערנאַסקאָני און זען אויפן פּלאַץ, ווי בעסער איינצואָרדענען די זאַכן".

איך האָב אים דערקלערט אַז איך נעם אָן די שליחות, נאָר מיט אַ תנאי, אַז איינער פון דער דירעקציע זאָל מיטפאָרן מיט מיר. ה' שטאַרקמעט האָט געזאָגט, אַז ס'איז נישט נייטיק, ווייל זיי האָבן דאָרט, אין בערנאַסקאָני, זייער רעפּרעזענטאַנט, דעם אַדמיניסטראַטאָר סאַלטיעל, אויף וואָס איך בין נישט איינגעגאַנגען, דערקלערנדיק אַז זייער אַדמיניסטראַטאָר האָט זיי שוין זיכער געשיקט זיינע באַריכטן און האָט שוין זיין מיינונג; עס וועט מיר דעריבער נישט זיין מעגלעך צו דיסקוטירן מיט אים. אַגב, קענענדיק זייער אַרבעטס־סיסטעם, ווייס איך פון פאָרויס אַז די דירעקציע וועט שטיצן די מיינונג פון איר אַדמיניסטראַטאָר און מיין אַרבעט וועט זיין אַן אומזיסטע. ס'איז צום סוף באַשטימט געוואָרן, אַז דער אינספּעקטאָר פון דער יי.קאַ., ה' סעווי, וועט מיטפאָרן מיט מיר.

אָנקומענדיק דעם 5טן יוני אין בערנאַסקאָני, האָבן מיר גלייך איינגע־לאַדן די פאָרשטייערס פון דער קאָלאָניע, כדי צוזאַמען צו באַטראַכטן די הויפּט־פּראָבלעם און די סיבות פון דער געשאַפענער סיטואַציע און די מיט־לען אויף צו לייזן די מאָמענטאַלע לאַגע, וואָס איז געווען זייער דרינגלעך און אויף ווי ווייט מעגלעך באַוואָרענען, אַז אין דער צוקונפט זאָל זיך עס נישט איבערחזרן. די איינגעלאַדענע זענען געווען: משה מאַצקין, אברהם כ"ץ, דוד לעוויט, לייב פליגער, אברהם פליגער, שמואל קאָלאָדנער, אברהם רוזשאַנסקי, שמואל רוזשאַנסקי, אַביגדור באַיאַרסקי, הערמאַן מאיראָוויטש, זלמן גורבאַ־נאָוו, זיסע כ"ץ, גרעגאָריאָ זאַסעלסקי און משה קאַפּלינסקי. מיך האָט מען באַשטימט פאַר פאָרזיצער און דעם ה' סאַלטיעל — פאַר סעקרעטאַר. דער ערשטער און אַלגעמיינער פאַרלאַנג פון דער דערמאָנטער קאָמיסיע איז געווען — מען זאָל ראַטעווען דאָס ביסל בהמות און פערד וואָס זענען איבערגע־בליבן; זיי קענען מער נישט צוזען די ליידן פון די דאָזיקע באַשעפענישן; ווייט טרייבן דעם סקאָט* האָט מען נישט געקענט, דערפאַר וואָס זיי זענען געווען אויסגעמאָגערט און אָפּגעשוואַכט. עטלעכע פערד מיט אַ צוויי קי מוזן זיי האַלטן ביים שטוב און זיי קאָרמענען, כדי צו האָבן מיט וואָס צום אַקערן און אַ ביסל מילך פאַר דער שטוב. צום באַוואונדערן איז דער גלויבן און האָ־פענונג פונעם ערד־אַרבעטער: די ערד איז פאַרהאַרטעוועט, דער הימל — פאַרעקשנט און דאָך טראַכט ער אַז ס'קען דאָך מאָרגן אָדער איבערמאָרגן

* פי.

רעגענען און מ׳וועט מוזן אַקערן מיט מער אימפעט אויף צו געווינען די פאַר־לוירענע צייט.

אין די רייד פון די קאָלאָניסטן האָט געערופן מיין אויפמערקזאַמקייט, אַז ווען זיי ריידן וועגן פאַרן זוכן פאַשע פאַרן סקאָט, האָבן זיי כסדר דערמאָנט, אַז „ה׳ סאַלטיעל איז געפאָרן״, „ה׳ סאַלטיעל דאַרף פאָרן״, אָדער „איז נישט געפאָרן״. איך האָב זיי באַמערקט מיט אַן ערנסטן טאָן, אַז אַזאַ האַנדלונג איז פאַר מיר נישט פאַרשטענדלעך; וואָס האָט צו טאָן ה׳ סאַלטיעל מיט זייער סקאָט? זיי זענען אַלע פּאָליאַריקע און דאַרפן אַליין זאָרגן פאַר זייערע אינטע־רעסן; די ייִקאַ דאַרף זיי נאָר העלפן מיט אַ הלוואה אויף צו קענען צאָלן דאָס פאַשע־געלט, זי האָט אַ מאָראַלישן חוב דאָס צו טאָן, אָבער ווו, ווען און ווי אַזוי צו באַזאָרגן דעם סקאָט, דאַרף די קאָלאָניע אַליין זיך באַשעפטיקן. זיי האָבן מיר פאַרשטאַנען. אין דעם דאָזיקן שמועס האָב איך זיך דערוווּסט נאָך אַ זאַך, וואָס איז ממש געווען אומגלייבלעך.

ריידנדיק וועגן ווו און ביי וועמען מען קען באַקומען פאַשע, האָט עס געקלונגען ווי אַ פּאַראַדאָקס ווען מ׳האָט אָנגעוויזן, צווישן אַנדערע פּונקטן, די קאָלאָניע ריוועראַ, ווי אויך רעזערוו־פּאָטרעראָס פון דער ייִקאַ אין דער זעלביקער קאָלאָניע נאַרסיס לעוון, וואָס זי האָט פאַרדונגען צו פּריוואַטע סוחרים צו 1 פּעזע פאַרן העקטאַר אַ יאָר. און איצט פאַרלאַנגען די דאָזיקע אַרענדאַטאָרס 2 פּעזעס אַ מאָנאַט פער קאָפּ. עס זענען געווען אַזעלכע צוואַנ־ציק טויזנט העקטאַר, מער־ווייניקער.

נישט זייענדיק באַקאַנט מיטן קלימאַט און באַדינגונגען פון יענער גע־גנט, האָב איך געפרעגט, ווי קומט עס וואָס אין יענע פּאָטרעראָס איז פאַראַן גראָז פאַר פאַשע? — האָבן זיי מיר דערקלערט, אַז די אַרענדאַטאָרס האַלטן געשלאָסן די פּאָטרעראָס און ספּעקולירן, ווייל דער פענאָמען פון טריקעניש איז דאָרט אַ רעגלמעסיקע זאַך וואָס קומט יעדע דריי יאָר, און אין צווישנצייט וואַקסט אָן גראָז, און טראָגט דעם וואָס דאָס גראָז איז טרוקן, פאַרמאָגט עס די אייגנשאַפט וואָס האַלט אויף דעם סקאָט אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. גערעכנט האָט מען דעמאָלט, אַז מען מוז האָבן צום ווינציקסטן צוויי העקטאַר גוטן גראָז פאַר איין שטיקל סקאָט.

אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס די ייִקאַ האָט נישט פאַרהאַלטן עטלעכע טויזנט העקטאַרן רעזערוו־שטחים פאַר דער קאָלאָניע, האָב איך קיין צופרידנ־שטעלנדיקן ענטפער נישט באַקומען. אין מיין באַריכט וואָס כ׳האָב צוגע־שטעלט צום פּרעזידענט פון פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ, דאַטירט דעם 20סטן יוני 1929, זאָגט זיך צווישן אַנדערעס:

„...מען וואָלט געקענט אויסמיידן אין אַ גרויסן טייל דעם הער־שנדיקן קריזיס, ווען די ייִקאַ רעזערווירט איניקע פּאַשע־פעלדער, וואָס זי האָט אין קאָלאָניע „נאַרסיס לעווען"; מען וואָלט מיט דעם אויסגעמיטן די הוצאות פון אַריבערפירן די בהמות אין אַנדערע גע־גנטן, שוין נישט רײדנדיק פון דער ריזיקע וואָס ס'איז פאַראַן ביים טרייבן אַ געליטענעם סקאָט.

פון יעדן שטאַנדפּונקט לוינט צו באַקומען פּאַשע אין די פּלעצער וואָס זענען נענטער צו בערנאַסקאָני און נישט טרייבן דעם סקאָט קיין ריווערא, וואָס איז אַ דיסטאַנץ פון 100־120 קילאָמעטער. אויפן וועג איז אַבסאָלוט נישטאָ קיין גראָז און חוץ דעם דאַרף מען באַצאָלן זיבן פּעזעס פאַר יעדער בהמה וואָס גייט אַריבער די גרענעץ פון פּאַמפּאַ און פּראָווינץ בוענאָס־איירעס".

אין הסכם מיט מיין אָנווייזונג איז באַשטימט געוואָרן, אַז אַ קאָמיסיע פון די קאָלאָניסטן זאָל גלייך אַרויספאָרן זוכן ווו מען קען געפינען פּאַשע פאַרן סקאָט. באַגלייט פון די ה"ה סעווי און סאַלטיעל, — דאָס דאָזיקע האָט בפּי־רוש געגעבן אַ גוטן רעזולטאַט, ווייל זיי האָבן געפונען אַ פּלאַץ פאַר 350 בהמות און 100 פערד אין די גרענעצן פון דער זעלביקער קאָלאָניע.

אין אַלגעמיין האָבן די 171 קאָלאָניסטן פאַרמאָגט 800 שטיק פי און 700 פערד, אויסער די וואָס זיי האָבן געדאַרפט צו דער אַרבעט, וועלכע מ'האָט געדאַרפט אַוועקנעמען פון די טשאַקרעס. פאַר די אַרבעט־פערד האָט מען געמוזט קויפן קאָרמע, וואָס האָט געקאָסט מינדעסטנס 50.000 פּעזעס אַ מאָ־נאַט. יעדער פערד האָט אויפגעגעסן פאַר 1 פּעזע מיט 65 סענט אַ טאָג.

צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע פון קאָלאָניסטן בין איך אַוועקגעפאָרן אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, פּיליע ווישאַ־אירים, אויף צו בעטן אַ קרעדיט פאַר קאָרמע פון די פערד. דער פאַרוואַלטער האָט קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז אים אינטערעסירן מער נישט די קאָלאָניסטן פון דער ייִקאַ, דערפאַר וואָס די ייִקאַ האָט נישט רעזערווירט קיין פּאָטרעראָס פאַר אירע קאָלאָניזירטע. עס איז, בכן, געבליבן דאָס איינציקע מיטל: פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ און ייִקאַ זאָלן שאַפן די מיטלען אויף צו באַצאָלן דעם באַטרעף פון דער פּאַשע און אויך אויסבאָרגן יעדע פאַמיליע 30 פּעזעס אַ חודש פאַרן איינקויפן דאָס ניי־טיקסטע פאַרן געברויך פון דער פאַמיליע, ביז די צייט וועט זיך נאָרמאַליזירן.

פאַר דער צוקונפט איז מען זיך איינפאַרשטאַנען:

1) ס'איז אומבאַדינגט נייטיק צו פאַרדינגען יעדן קאָלאָניסט נאָך 150 העקטאַרן, כדי צו קענען איינפירן אַ געמישטע ראַציאָנעלע ווירטשאַפט, אין

הסכם מיט די פּאַדערונגען פון יענער געגנט, מיט אַן אָפּצאָל פון 1 פּעזע אַ יאָר פּער העקטאַר, ד״ה, דעם זעלביקן פּרייז וואָס אַנדערע פּריוואַטע אַרענדאַטאָרן צאָלן;

2) ס׳זאָלן אַראָפּגעוואָרפן ווערן אַלע אָנגעוואַקסענע חובות (עס זענען געווען אַזעלכע חובות, וואָס האָבן דערגרייכט ביז העכער פונעם ווערט פון דער טשאַקרע) און ס׳זאָל באַשטימט ווערן אַ פּרייז פאַר דער ערד; פאַר גוטע זאָל זיין דער פּרייז 60 פּעזעס דער העקטאַר און פאַר געמיינע — 30 פּעזעס, אָדער בעסער געזאָגט — פון 60 ביז 30 פּעזעס, לויט דער קוואַליטעט;

3) די יערלעכע צאָלונגען זאָלן זיין פּראָגרעסיוו, ד״ה, די ערשטע עטלעכע יאָר — קלענערע סומעס, ביז די קאָלאָניע וועט פאַרבעסערן איר עקאָנאָמישן מצב, און נאָך דעם — גרעסערע סומעס.

4) די וואָס באַזיצן אומטויגלעכע טשאַקרעס זאָלן אַריבערגעפירט ווערן אין קאָלאָניע „באַראָן הירש״ (ריווערא).

ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין בוענאָס־איירעס און באַריכט דעם ה׳ סאַכאַראָוו וועגן דער לאַגע און וועגן די מיטלען וואָס מ׳דאַרף באַלד אָננעמען אויף צו העלפן דער קאָלאָניע נאַרסיס לעוואַן, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך בין שוין דערוויטעט פון דער רעאַלער ערד־אַרבעט און פאַר קיין פאַל קען ער נישט מסכים זיין מ׳זאָל אויסגעבן 50 פּעזעס אַ חודש אויף קאָרמע פאַר אַ פערד, ווען דער גאַנצער פערד איז אַזוי פיל נישט ווערט.

איך האָב אים דערציילט דעם וויץ פון דעם בעל־עגלה, וואָס האָט זיך געקלאָגט, אַז פון דעם רבינס טרינקען און פון דעם פערדס עסן איז נישט איבערצוטראָגן, אָבער ער מוז האָבן דעם פערד, ווייל אָן אים רירט זיך נישט דער וואָגן פון פּלאַץ. עס האַנדלט זיך נישט פון דעם ווערט פונעם פערד, נאָר מען מוז אים דערהאַלטן, ווייל אָן אים רירט זיך נישט דער פּלוג. דאָך האָט סאַכאַראָוו נישט געוואָלט איינשטימען און האָט טעלעגראַפיש אַרויסגערופן דעם ה׳ שמחה באַנטשיק, וועלכער, ווי אַ פּראַקטישער קאָלאָניסט, זאָל ער פאָרן קיין בערנאַסקאָני און זען וואָס דאָרט קומט פאָר און וואָס ס׳איז נייטיק צו טאָן. דעם 6טן יולי 1929 איז ה׳ באַנטשיק אַרויסגעפאָרן קיין בערנאַסקאָני און אויפן צווייטן טאָג פון זיין אָנקומען אַהינצו האָט ער טעלעגראַפירט, אַז ער באַשטעטיקט אין גאַנצן מיין באַריכט.

כדי זיך צו שאַפן אַ קלאָרן בילד וועגן דעם וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין קאָלאָניע נאַרסיס לעוואַן און וועגן דער אינטערווענץ פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, ציטיר איך דאָ אויסצוגן פון פּראָטאָקאָלן און פון באַריכטן וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״:

„...דער דעלעגאַט פון בערנאַסקאָני, ה׳ כ״ק זאָגט, אַז טראָץ דעם וואָס זייער קאָלאָניע געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע וואָס קען אין איצטיקן מאָמענט נישט מיטאַרבעטן מיט דער „פעדעראַציע״, האָט מען אים דאָך געשיקט אַלס דעלעגאַט, ווייל זיי פילן די נוצן און די נויטווענדיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. ער ברענגט אַ פאַקט, אַז דאָס יאָר האָט זיי געפעלט זריעה. די באַנק האָט געגעבן קרעדיט, נאָר פאַר אַ טייל האָט זי געמאַכט שוועריקייטן. נאָר ווען ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוו פון דער פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ, איז דער כערענטע* אַליין געקומען אין קאָ־לאָניע; ער האָט זיך אויפן פּלאַץ אינפאָרמירט פון דער סיטואַציע און דעם קרעדיט אַרויסגעגעבן אויף פיל ליבעראַלערע קאָנדיציעס.

מען איז אַריבער צו באַהאַנדלען וועגן דער געדריקטער לאַגע פון קאָלאָניע בערנאַסקאָני און די מיטלען וואָס דאַרפן אָנגענומען ווערן אויף צו פאַרלייכטערן, ווי ווייט מעגלעך, זייער עקסיסטענץ.

דער ה׳ כ״ק גיט אָן אויספירלעכן באַריכט פון די פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס קאָלאָניסטן וואָס געפינען זיך דאָרטן. פון די 200 קאָ־לאָניסטן זענען פאַראַן אַן ערך 10־15 וואָס זענען פּינקטלעך מיט די צאָלונגען; 40 האַלט מען ביים אַראָפּוואַרפן פון די קאַמפּן; 60 זיצן ווי איינפאַכע אַרענדאַטאָרן און די איבעריקע האָבן קאָטראַקטן פון „פּראָ־מעסאַ דע ווענטאַ״,** אָבער זיי זענען הינטערשטעליק מיט די צאָלונ־גען אין דער יק״אַ, אין דער רעגירונג און אין באַנק פאַר „סעמי־זשאַס״.*** אויסער אין די געשעפט־הייזער. דורכשניטלעך קען מען רעכענען, אַז יעדער קאָלאָניסט איז שולדיק 5־6 טויזנט פּעזעס. די קאַמפּן זענען נישט קיין פּרוכטבאַרע, דער קלימאַט נישט קיין גינצי־קער. פאַראַיאָרן איז די קאָסעטשע געווען שלעכט און היינטיקס יאָר ווייזט זיך אויך נישט בעסער, צוליב דער פאַרלענגערטער טריקעניש.

ווען דער דירעקטאָר פון דער יק״אַ, ה׳ אונגרע, האָט באַזוכט זייער קאָלאָניע, האָבן זיי אים פאָרגעשלאָגן מ׳זאָל זיי לאָזן זיצן אויפן לאַנד, און צאָלן אַ יערלעכע אַרענדע פון 500 פּעזעס און ווען די קאָלאָניסטן וועלן זיין אין שטאַנד, זאָל מען זיי פאַרקויפן דאָס לאַנד לויט דעם איצטיקן באַטרעף. ביז איצט האָבן זיי וועגן דעם קיין ענטפער נישט

* פאַרוואַלטער.

** צוזאָג צו פאַרקויפן.

*** זריעה.

באַקומען. די קאָלאָניסטן אַליין קענען זיך קיין עצה נישט געבן ווי אַזוי צו האַנדלען און בעטן דעריבער די מיינונג פונעם פעדעראַל־ראַט.

עס אַנטוויקלט זיך אַן אַלגעמיינע דעבאַטע און ס׳ווערט באַשלאָסן צו שיקן אַהין אַ דעלעגאַציע, זי זאָל אויפן אָרט שטודירן די לאַגע און צושטעלן אַ באַריכט, כדי נאָך דעם צו קענען פאָרשלאָגן קאָנקרעטע מיטלען, ווי אַזוי צו נאָרמאַליזירן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. פאַר דע־לעגאַטן ווערן באַשטימט די ה״ה סאַכאַראָוו און באַנטשיק, און פאַר־שטייערס פון קאָאָפּעראַטיוו גראַנכעראָס אונידאָס.

לויט סאַכאַראָווס מיינונג, וועט מען דאַרפן טאָן אַלץ מעגלעכס אויף צו אָרגאַניזירן נאָך אַ מאָל די קאָלאָניע בערנאַסקאָני, שאַפן דאָרט אַ קאָאָפּעראַטיוו, דערהויבן זייער מאָראַליש, דערוועקן אין זיי די זעלבסט־ווערדע, ווייל די קאָלאָניע וועט געהאָלפן ווערן נאָר דאַן ווען זי וועט זיך אַליין וועלן העלפן״.

(„קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״, אָקטאָבער 1928, נומ׳ 122).

***

„...די ה״ה סאַכאַראָוו און באַנטשיק זענען פריייטיק דעם 9טן נאָ־וועמבער 1928 אָפּגעפאָרן קיין ריווערא און פון דאָרט וועלן זיי צו־זאַמען מיט אַ דעלעגאַציע פון קאָאָפּעראַטיוו גראַנכעראָס אונידאָס פאָרן קיין בערנאַסקאָני צו שטודירן די סיטואַציע פון דער דאָזיקער קאָלאָניע.

ווי באַוווּסט, איז בערנאַסקאָני (נאַרסיס לעוועז) געבענטשט מיט אַ גוטן אַרבעטזאַמען עלעמענט, נאָר די ערד און די קלימאַטישע באַ־דינגונגען זענען אַזעלכע, וואָס האַלט זיי שטענדיק אין אַ שלעכטן מאַ־טעריעלן מצב. דערצו האָבן זיי געליטן צוויי מאָל נאָכאַנאַנד פון דעם דורכפאַל פון די קאָאָפּעראַטיוון וואָס זיי האָבן אָרגאַניזירט, וואָס האָט, נאַטירלעך, געמאַכט אַ שלעכטע ווירקונג אויף זיי און האָט מיטגע־האָלפן פאַרשטאַרקן די פּעסימיסטישע שטימונג.

די דעלעגאַציע וואָס איז איצט געפאָרן קיין בערנאַסקאָני, האָט אַלזאָ, זייער אַ שווערע שליחות דורכצופירן; זי וועט דאַרפן שטודירן ווי ווייט מעגלעך די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער קאָלאָניע און זוכן מיטלען ווי אַזוי צו רעפאָרמירן די ווירטשאַפט; זען אַז די אַרבעט פונעם קאָלאָניסט זאָל זיין אַ וואָס מער פאַרצווייגטע און זאָל זיך וואָס בעסער באַצאָלן און צו דער זעלבער צייט אַריינברענגען פרישן מוט

און אַרויסרופן נייע ענערגיע ביי די פּאַרהאַרטעוועטע און אויסגעמאַ־טערטע קאָלאָניסטן; דערוועקן ביי זיי דעם גלויבן אין זעלבסטהילף, שאַפנדיק אַ נייע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע.

די דעלעגאַטן וועלן אויך דאַרפן געפינען דעם וועג פאַר פריינד־לעכע באַציִונגען צווישן די יִקאַ־באַאַמטע און די קאָלאָניסטן. מיר מוזן דאָ אונטערשטרייכן, אַז די אָנגעצויגנקייט וואָס ס׳הערשט צווישן די קאָלאָניזירער און קאָלאָניזירטע, דאָס מינדערשאַצן דעם אָרעמען קאָלאָניסט מצד איניקע יִקאַ־באַאַמטע, ברענגט אַ סך שאָדן דער יִדי־שער קאָלאָניזאַציע. קענענדיק דעם גוטן טאַקט און די חברישע ליבע וואָס ס׳פאַרמאָגן די דעלעגאַטן, זענען מיר זיכער אַז ס׳וועט זיי געלינ־גען דורכצופירן די שווערע מיסיע אויפן בעסטן אופן״.

„קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״, נומ׳ 123.

**
*

## באַריכט פון די דעלעגאַטן סאַבאַראָוו און באַנטשיק

„...פאָרנדיק קיין בערנאַסקאָני, האָבן מיר געוווּסט וועגן דער גרויסער אַחריות וואָס מיר נעמען אויף זיך, ווייל מיר זענען נישט גע־פאָרן ווי טוריסטן, אָדער ווי איינפאַכע באַאָבאַכטער נאָר געשיקטע פון דער „יִדישער אַגראַר־פעדעראַציע״ אויף צו שטודירן די דאָרטיקע לאַגע און פאָרלייגן מיטלען מיט וואָס מ׳קען זי פאַרבעסערן. מיר ווייסן אויך איצט, ביים אַרויסזאָגן אונדזער מיינונג, אַז מיר נעמען אויף זיך אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אָבער מיר האָבן געטאָן אונדזער שליחות מיט פאַרגעניגן, ווייסנדיק אַז מיר דערפילן אַ מאָראַלישן און ברודערלעכן חוב און מיר האָפן אַז אונדזערע אָנדייטונגען וועלן ברענ־גען אַ געוויסע פאַרלייכטערונג פאַר אונדזערע ברידער־קאָלאָניסטן אין „נאַרסיס לעוועך״.

לויטן באַשלוס פונעם פעדעראַל־ראַט, זענען מיר געפאָרן קיין ריוועראַ, פון וואַנען ס׳האָבן אונדז באַגלייט די חברים שאַמשאַנאָווסקי, כאַווקין, יוקעלזאָן און באַב. מיר האָבן אויסגענוצט אונדזער צייט צו באַזוכן אַלע גרופּעס און ריידן כמעט מיט אַלע קאָלאָניסטן, באַזוכנדיק אַ גרויסער טייל אין זייערע הייזער, כדי זיך צו שאַפן אַ קלאָרן באַ־גריף פון דער סיטואַציע. עס איז אויך גערופן געוואָרן אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳זענען בייגעווען כמעט אַלע קאָלאָניסטן

מיט זייערע פרויען און קינדער, פאַר וועלכע מיר האָבן געזאָרגט. מיר האָבן זיי געזאָגט וואָס מיר דענקען וועגן דעם ווייטערדיקן גאַנג און רעאָרגאַניזאַציע פון דער קאָלאָניע און מיר האָבן אויסגעהערט נאָך אַ מאָל זייערע מיינונגען.

נאָך איידער מיר זענען אָנגעקומען אין נאַרסיס לעוועןָ, האָבן זיי שוין צווישן זיך געהאַט עטלעכע באַראַטונגען פון דעלעגאַטן פון אַלע פונקטן פון דער קאָלאָניע און זענען געקומען צו געוויסע באַשלוסן. דאָס האָט אונדז פאַרלייכטערט פיל די אַרבעט. מיר מוזן פאַר אַלעם קאָנסטאַטירן, אַז דער מענטשן־מאַטעריאַל, — די עלטערע ווי די ייִנגערע, — איז זייער אַ גוטער, אַן אַרבעטזאַמער, אַ געדולדיקער און אינטעליגענטער.

די ערד איז אַ פאַרשיידנאַרטיקע, שטיקלעכווייז בעסער און ערגער. דער קלימאַט איז זייער אַ קאַפּריזנער, ער איז מער מאָל שלעכט ווי גוט, לויט די באַווייזן פון די פאַרגאַנגענע יאָרן. די לעצטע צוויי יאָר זענען געווען שלעכטע. דאָס האָט די געדריקטע לאַגע נאָך מער פאַרערגערט. אָבער, ווי געזאָגט, די קאָלאָניסטן אַרבעטן און זוכן מיטלען ווי אַזוי צו מאַכן אַז די ערד זאָל געבן פּרנסה, אויב נישט פון איין פּראָדוקט זאָל זיין פון אַ צווייטן פּראָדוקט.

נאָך אַ גענויעם שטודיום האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז וואָס פאַר אַ מיטלען מ׳זאָל נישט אָנעמען, וועלן זיי נישט האָבן קיין ווירקונג, ביז די קאָלאָניסטן וועלן נישט זיין אָרגאַניזירט אויף צו קענען אָנפירן אַלע זייערע אַרבעטן פּלאַנמעסיק און זיך קענען געמיינזאַם פאַרטיידיקן עקאָנאָמיש, ווייל אויסער די קלימאַטישע באַדינגונגען, צו וועלכע מען קען נישט באַלד העלפן און מ׳דאַרף צו דעם אָנווענדן אַ סיסטעמאַטישן אויסגערעכנטן פּלאַן, — ליידן זיי אויך פון אַ גרויסער עקספּלאָטאַציע, אַ זאַך וואָס קען אויסגעמיטן ווערן און קען זיי אַריינברענגען אַ היפּשן פּראָפיט, אָדער בעסער געזאָגט, — זיי קענען זיך פיל איינשפּאָרן.

מיר האָבן דעריבער זיי פאָרגעשלאָגן, אַז זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, אָנהייבנדיק פון קאָנסום. יעדער מיטגליד זאָל איינצאָלן צו צען פּעזעס אויף אַן אַקציע פון הונדערט פּעזעס; די אַלע שוועסטער־קאָאָפּעראַטיוון זאָלן זיי אויסלייען פינף טויזנט פּעזעס, און די ייִקאַ זאָל אויך אויסלייען אַזאַ סומע, — מיט דעם דאָזיקן קאַפּיטאַל וועלן זיי קענען אָנהייבן אַרבעטן. די אָנפירונג מיט דער אַרבעט און אַפילו דער ערשטער אָנגעשטעלטער, זאָל זיין אונטערן קאָנטראָל פון דער „ייִדישער אַגראַר־פעדעראַציע”. דאָס

איז די בעסטע פאָרעם ווי צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע אין דער קאָ־לאָניע, אויפהייבנדיק זייער מוט און מאָראַלישע ווערדע. די דאָזיקע איניציאַטיוו איז מיט ענטוזיאַזם אויפגענומען געוואָרן און ס'איז שוין אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון קאָאָפּעראַטיוו מיטן נאָמען „על פּראָגרעסאָ". צוליב עקאָנאָמישער אינדיווידועלער הילף מוז מען זוכן צו פאַרגרעסערן די צאָל קי ביי יעדן קאָלאָניסט.

די דעלעגאַציע איז נישט איינשטימיק מיט דער פאָרעם ווי אַזוי די קאָלאָניסטן פון נאַרסיס לעוועק האָבן געטראַכט צו מאַכן די קניה פון בהמות. ביי זיי איז געווען אַ פּראָיעקט, צו בעטן אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן אַ הלוואה אויף אויסצוצאָלן אין צען מאָל, יעדע דריי חד־שים. פאַר קי צאָלט מען דאָרט ביז 150 פּעזאָס יעדע איינע; ווען אַ קאָלאָניסט זאָל באַקומען אַ הלוואה פון 450 פּעזאָס אויף צו קויפן דריי קי, וועט ער דאַרפן צאָלן יעדע דריי מאָנאַט דעם קרן מיטן פּראָצענט — ביי די 55 פּעזאָס, וואָס ס'שיינט אונדז צו זיין אַ זאַך פון אוממעג־לעכקייט, אַז די קאָלאָניסטן זאָלן קענען נאָכקומען פּינקטלעך מיט די צאָלונגען, איבערהויפּט נעמענדיק אין אַכט די איצטיקע סיטואַציע, אַז קיין פּאַשעס האָבן זיי נישט און אַז ס'וועט קומען די צייט פון צאָלן וועט דער קאָלאָניסט זיין געצוווּנגען צו פאַרקויפן אַ קאַלב. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז אין נאַרסיס לעוועק ווערן זיי שטאַרק עקספּלאָטירט, בפרט ווען זיי וועלן זיין געצוווּנגען צו פאַרקויפן, אַזוי אַז אויב מ'זאָל מאַכן די אָפּעראַציע נישט גענוג אויסגערעכנט, קען עס ברענגען צו דעם, אַז זייער לאַגע זאָל זיך פאַרערגערן אָנשטאָט צו פאַרבעסערן.

אונדזער מיינונג איז, אַז אָנשטאָט קי זאָל געקויפט ווערן קעל־ביקע טעליצעס, וועלכע מ'באַקומט פאַר העלפט געלט און פאַר דעם זעלביקן געלט וועט דער קאָלאָניסט האָבן טאָפּלטע קי, סיידן פאַר די יעניקע וואָס האָבן גאָר נישט קיין סקאָט, וועט דאַרפן געקויפט ווערן קי. די הלוואה אין באַנק זאָל גענומען ווערן אויף אויסצוצאָלן נישט אַלע דריי חדשים, נאָר יעדע זעקס חדשים, הויפּטזאַכלעך די ערשטע צוויי אַמאָרטיזאַציעס.

די „יידישע אַגראַר־פעדעראַציע" וועט זיך דאַרפן באַטייליקן אי־נעם קויף פון סקאָט צוזאַמען מיט דער קאָמיסיע, ווייל אין בערנאַס־קאָני איז שוין אַ כראָנישע קרענק, אַז ווען די קאָלאָניסטן דאַרפן עפּעס קויפן, — זאָל עס זיין סעמיזשע, זאָל עס זיין קי, אָדער וועלכע ס'איז נישט אַנדער זאַך, — געפינען זיך אַזעלכע בעלי־טובות און עצות־

געבער וואָס נעמען אַראָפּ פאַר זיך אַ גוטן חלק און דערפאַר איז ניי־טיק די אויפזיכט פון דער „פעדעראַציע".

נאָך אַ וויכטיקער פונקט איז פאַראַן, וועלכער מוז באַוואָרנט ווערן צוליב די מילך־קי, — דאָס איז פּאַשע. די קאָלאָניסטן האָבן שוין גע־נוג פּראַקטיק ווי צו פאַרזייען אַרטיפיציעלע פּאַשע. ווי מיר האָבן פון אָנהייב געזאָגט, פאַרמאָגט בערנאַסקאָני אַ גוטן און פעיִקן עלעמענט קאָלאָניסטן. ס׳איז אָבער אַ צרה מיט דעם קלימאַט פון יענער געגנט. ביים בעסטן גוטן ווילן און ביי דער אָנגעשטרענגסטער אַרבעט, — וואַקסט דאָך נישט קיין פּאַשע, ווי עס פּאַסירט איצט. אַ קאָלאָניסט מוז צאָלן 2־3 פּעזעס אַ מאָנאַט פאַר יעדע שטיקל סקאָט פּאַשע־געלט.

מיר זענען, אַלזאָ, מיט דער מיינונג, אַז מ׳זאָל אויסווירקן ביי דער יִק״אַ זי זאָל פאַרדינגען דעם קעז־קאָאָפּעראַטיוו צוויי פּאָטרעראָס פון צו טויזנט העקטאַרן אין פאַרשיידענע פונקטן פון דער קאָלאָניע אויף ביליקע פּרייזן. די פּאָטרעראָס זאָלן זיין געשלאָסן ביז דעם מאָנאַט וואָס איז נייטיק, ווייל ווען דער קאָלאָניסט וועט האָבן וווּהין איבער־צולאָזן עטלעכע שטיקלעך סקאָט אָדער פערד ווען ס׳פעלט אים אויס פּאַשע און ביי דער שטוב נאָר האַלטן די מילך־קי, וועט דאָס אים פאַר־לייכטערן אויף צו קענען באַצאָלן אין באַנק די הלוואה אויף קי און וועט אַליין אויך עפּעס האָבן.

מיר גלויבן, אַז די יִק״אַ וועט אויך זיין איינשטימיק מיט אונדז און וועט זען צו פאַרלייכטערן די קאָלאָניסטן אויף צו קענען אַרויס־קריכן פון דער שווערער לאַגע. די פּאָטרעראָס וואָס מיר לייגן פאָר זענען פאַר קאָלאָניזאַציע און נישט אויף קיין שפּעקולאַציע. מיר זע־נען אויך מיט דער מיינונג, אַז די יִק״אַ דאַרף אָפּשטעלן אַלע פאָרמען פון דעסאַלאָכאָס. דער בערנאַסקאָנער קאָלאָניסט געפינט זיך אין דעם מאָמענט אין אַזאַ לאַגע, אַז אים איז שוין אַלצאיינס, יאָ דעסאַלאָכאָ, נישט דעסאַלאָכאָ. איין זאַך איז זיכער, אַז קיין בעסערן אויסגעפּרווו־טערן עלעמענט ווי די איצטיקע קאָלאָניסטן וועט די יִק״אַ נישט קריגן. וואָס שייך דער אַלגעמיינער לאַגע פון „נאַרסיס לעוווען", כאָטש זי עקסיסטירט שוין 18 יאָר, פאָדערט זיך פון דעסטוועגן אַ גענויער שטו־דיום וועגן איר ווייטערדיקער עקסיסטענץ, אַ זאַך וואָס מיר האָבן נישט געקענט מאַכן אין די דריי טעג וואָס מיר האָבן דאָרט געווײַלט.

מיר גלויבן אַז עס וואָלט געווען ווינטשנסווערט צום שנעלסטן זאָל דער אינספּעקטאָר פון דער יִק״אַ, ה׳ שמואל קאַפּלאַן, באַזוכן די קאָלאָניע נאַרסיס לעוווען, כדי זיך צו אינפאָרמירן אויפן אָרט וועגן

דער לאַגע פון יעדן קאָלאָניסט באַזונדער, פאַרווײַלנדיק דאָרט אַזוי פיל צייט וויפל ס׳וועט נייטיק זיין. די „ייִדישע אַגראַר־פעדעראַציע" איז גרייט אין דעם פאַל, ווי אין יעדן אַנדערן, מיטצואַרבעטן אין דעם שטודיום און געבן אירע מיינונגען וועגן דער לייזונג פון די אַלע פּראָ־געס. דאָס וואָס דאַרף און קען שוין געמאַכט ווערן איז, מ׳זאָל אַראָפּ־נעמען באַלד דעם חוב פון די דריי טויזנט פּעזעס וואָס די ייִקאַ האָט באַשטימט צו מאַכן אין צען יאָר.

נאָך אַ וויכטיקער פּונקט וואָס דאַרף באַהאַנדלט ווערן פון דער „ייִדישער אַגראַר־פעדעראַציע" מיט דער ייִקאַ איז די פּראַגע וועגן די קאָלאָניסטישע זין, וואָס זענען קאָלאָניזירט געוואָרן מיט צוויי יאָר צו־ריק, כאָטש זיי קענען נישט האָבן קיין טענות, אָבער עס מוז גענומען ווערן אין אַכט, אַז די לעצטע צוויי יאָר זענען געווען קאַטאַסטראָפאַלע, עס האַנדלט זיך פון „פּוערסאַ מאַזשאָר", וואָס מוז קומען אין באַטראַכט און די ייִקאַ מוז זיי קאָנסידערירן.* מיטן צונעמען די קאַמפּן ביי זיי וועט די ייִקאַ גאָר נישט געווינען; די קאָלאָניזאַציע וועט פאַרלירן, ווייל זיי זענען כמעט אַלע אַן אויסגעצייכנטער און גוטער עלעמענט.

דער קאָאָפּעראַטיוו גייט, נאַטירלעך, אויך דורך זיין בויונג־פּראָ־צעס, אָבער מיר מוזן אָנערקענען אַז אויסער די אויסבעסערונגען וואָס דאַרפן געמאַכט ווערן, האָט דער קעז־קאָאָפּעראַטיוו געגעבן גוטע רע־זולטאַטן און מאַכט פאָרשריט. עס זענען פאַראַן 120 מילך־געבערס וואָס האָבן אַריינגעבראַכט 65 טויזנט ליטער מילך דעם פריִערדיקן חודש און דעם מאָנאַט וועט וואַרשיינלעך זיין מער. דער דורכשניט־פּרייז וואָס זיי באַקומען פאַר דער מילך איז 5־6 סענט פאַר אַ ליטער. דורכ־שניטלעך קומט אויס צו 40 פּעזעס פאַר יעדן קאָלאָניסט. נאַטירלעך זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס באַקומען ווייניקער און אייניקע האָבן נאָך גאָר נישט.

לויט אונדזער מיינונג איז די הכנסה אַ צו־קליינע און מען דאַרף זוכן איר צו פאַרגרעסערן. אַז עס ווערן צוקומען בעסערע יאָרן, וועלן זיי אפשר קענען אָנהייבן צאָלן זייערע חובות, אַזוי ווי די קאָמפּאַניע־ראָס** פון אַלע אַנדערע קאָלאָניעס".

„...פון וויזשאַ־אַלבאַ האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין בערנאַס־קאָני און בייגעוווינט אַ זיצונג פון דער נייער קאָמיסיע וואָס איז אויס־

* נעמען אין אַכט.

** חברים.

געוויילט געוואָרן. מיר האָבן זיי געגעבן די נייטיקע אינסטרוקציעס ווי אָנצוהייבן די צוגרייטונג־אַרבעט פאַר די קאָאָפּעראַטיוון.

אין אַלגעמיין האָבן מיר געקענט באַמערקן אַ מער אָפּטימיסטישע שטימונג. עס איז צו האָפן אַז מיט דער מיטהילף פון דעם קאָאָפּעראַ־טיוו און ייִקאַ צו שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו אין בערנאַסקאָני. די סטודיע וואָס מיר לייגן פאָר, אַז ס׳זאָל געמאַכט ווערן דורך דעם ייִקאַ־אינס־פּעקטאָר און אַ פאָרשטייער פון דער „יידישער אַגראַר־פעדעראַציע" וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע פון יעדן איינצלנעם קאָלאָניסט זאָל געבן די מעגלעכקייט אַרויסצופירן אָט־די נאָענט פון 200 קאָלאָניסטן אויף אַ וועג פון אַן עקאָנאָמיש בעסערן לעבן און די קאָלאָניע זאָל בלייבן גאַנץ".

(„קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר", נומ׳ 24, נאָוועמבער 1928).

**
*

„...מאָנטיק דעם 1טן אַפּריל 1929 זענען געקומען די דעלעגאַטן פון בערנאַסקאָני, ה"ה משה מאַצקין און אברהם כ"ץ, און צוזאַמען מיט די ה"ה סאַכאַראָוו, באַנטשיק, שאַמשאַנאָווסקי און כאַווקין איז אין ביוראָ פון דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ אויף אַ ברייטן אופן אַרומגערעדט געוואָרן די קריטישע לאַגע פון קאָלאָניע נאַרסיס לעוועז און וועגן די מיטלען וואָס דאַרפן אָנגענומען ווערן אַרויסצוהעלפן זי פון דער סי־טואַציע.

לויט דעם באַריכט פון די ה־ה מאַצקין און כ"ץ, טראָגן איצט אי־בער די קאָלאָניסטן אַן אויסערגעוויינלעך שווערן קריזיס וואָס פאָדערט אַ שנעלע לייזונג, צוליב די דורכפאַלן פון די לעצטע צוויי קאָסעטשעס זענען זיי שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן. זיי האָבן נישט קיין סעמיזשע און די ברויט־פראַגע ווערט מיט יעדן טאָג ערנסטער און שאַרפער. נאָך נאָך ערגער פון אַלץ איז די טריקעניש וואָס האַלט שוין אָן עט־לעכע מאָנאַטן. דער איינציקער הכנסה־קוואַל וואָס זיי האָבן געהאַט איז געוועזן דאָס מילך. איצט, צוליבן טריקעניש, ווערט די מילך ווייניקער פון טאָג צו טאָג, דערפאַר וואָס די בהמות האָבן נישט קיין פאַשע. די אַרבעט־פערד פגרן און די וואָס לעבן נאָך זענען אַזוי מאָגער, אַז ס׳וועט זיין אוממעגלעך מיט זיי צו אַרבעטן ווען עס וועט אויספאַלן רעגן, אויב מ׳וועט זיי שויך פון איצט אָן נישט קאָרמענען.

צו דעם אַלעם ליידן זיי פון דער כסדרדיקער שרעק פאַר דעם־

אַלאַכאָ. ביי די דאָזיקע אומשטענדן סטראַשעט נאָך די יִיקאַ מיט צו־נעמען די קאַמפּן. און דאָס ערגסטע איז, וואָס די יינגערע קאָלאָניסטן שטעלן איצט נישט קיין אָפּאָזיציע און וואַרטן נישט ביז מ׳וועט צו־נעמען זייערע קאַמפּן; זיי גייען אַוועק נישט וואַרטנדיק מ׳זאָל זיי אַראָפּ־וואַרפן, און אַזוי אַרום גייט אַוועק דער בעסטער עלעמענט פון קאָלאָניע.

די מיטלען צו דעם זענען — זאָגן מאַצקין און כ״ץ, — מען זאָל פועלן ביי דער יִיקאַ זי זאָל אַרויסגעבן אַ קרעדיט אויף צו קאָרמען די אַרבעט־פערד. די באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן זאָל אויסלייען אויף סע־מיזשע אַלע קאָלאָניסטן, אָן אויסנאַם. ווייל, ווי באַוווּסט, פאָדערט די באַנק ביי דער יִיקאַ זי זאָל אָנערקענען דאָס רעכט פון באַנק צו זיין די ערשטע איינצומאָנען די הלוואה און די יִיקאַ וויל אויסשליסן פון דער ליסטע אַ געוויסע צאָל קאָלאָניסטן, פאַר וועלכע זי וויל נישט געבן דער באַנק די פּריאָריטעט, און עס זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן די דעסאַלאָכאָס.

דאָס זענען אַלץ פּראַגעס וואָס פאָדערן אַ באַלדיקן ענטפער אויף צו פאַרגרינגערן די מאָמענטאַלע לאַגע. עס איז אָבער אין בערנאַסקאָ־ני פאַראַן נאָך אַ טיפערע פּראָבלעם — דאָס זענען די אָנגעוואַקסענע חובות.

די ערד איז מערסטנטייל דאָרט אַ מאָגערע, דער קלימאַט איז נישט קיין נאָרמאַלער, דער קולטיוו איז ביז איצט געווען אַן עקסטענסיווער און האָט זיך באַגרענעצט נאָר אויף די הויפּט־פּראָדוקטן: ווייץ און גערשטן. אַזוי אַז יעדער דורכפאַל פון אַ קאָסעטשע (אין די 18 יאָר וואָס די קאָלאָניע עקסיסטירט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין מער געמיינע יאָרן ווי גוטע), ברענגט מער חובות, אַזוי אַז די חובות זענען מער ווי דאָס ערד האָט איצט די ווערט. און טאָמער וועט אַפילו קומען אַ גוטער יאָר, וועט ער נישט דעקן די פּראָצענטן. דעריבער דאַרפן אָנגענומען ווערן ראַדיקאַלע מיטלען וועגן דער דאָזיקער פּראַגע.

עס איז מיטגעטיילט געוואָרן דער דעלעגאַציע —מאַצקין און כ״ץ, — אַז וועגן דעם ענין איז שוין צוגעגרייט געוואָרן אַ פּראָיעקט אין דער דירעקציע פון דער יִיקאַ און איז איבערגעשיקט געוואָרן צו דער באַשטעטיקונג פון פּאַריז. מען דאַרף איצט אָפּוואַרטן דעם ענט־פער אויף צו קענען נאָך דעם וויסן, צי איז דער פּראָיעקט אַ צופרידנ־שטעלנדיקער אָדער נישט.

עס איז אויך באַטאָנט געוואָרן, אַז די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען ליידט אַ סך, דערפאַר וואָס ביי זיי איז אין די לעצטע יאָרן נישט גע־

ווען קיין אָרגאַניזאַציע און ס׳איז נישט געווען ווער עס זאָל פאַרטיי־
דיקן זייערע אינטערעסן.

אויף מאָרגן האָט די דעלעגאַציע, צוזאַמען מיט די פאָרשטייערס
פון פראָטערנידאַד אַגראַריאַ — סאַכאַראָוו און באַנטשיק, — באַזוכט
די דירעקציע פון דער יִק״אַ און מ׳האָט זיך איינפאַרשטאַנען אויף פאָל־
גענדעס:

בעטן ביי דער באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן אַ קרעדיט פון צען פעזעס
אויף יעדן העקטאַר, ד״ה, זעקס פעזעס פאַר סעמיזשע און פיר פעזעס
קאָרמע פאַר די פערד. די יִק״אַ גיט דער באַנק פריאָריטעט איינצו־
קאַסירן די דאָזיקע הלוואה; דער קרעדיט וועט געגעבן ווערן אַלעמען
אָן אויסנאַם: די דעסאַלאָכאָס ווערן אָפּגעשטעלט און ווען ס׳וועט אָפּ־
רעגענען זאָלן זיי מעגלעך באַקומען אַ קרעדיט אין באַנק אויף צו
קויפן קי, כדי צו פאַרגרעסערן דעם איינקונפט פון מילך. דער דאָזיקער
קרעדיט זאָל זיי געגעבן ווערן אויף גינסטיקע קאָנדיציעס״.

(„קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״, נומ׳ 133, אַפּריל 1929).

***

פון די פּראָטאָקאָלן און באַריכטן קען מען זען, אַז: אין מאָנאַט אָקטאָ־
בער 1928 האָט שוין די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען געליטן די קאָנסעקווענצן
פון דער טריקעניש, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז יולי 1929 און געשאַפן אַ שוי־
דערלעכע לאַגע. די באַנק האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן די קאָלאָניסטן מער
קיין קרעדיט צוליב דעם וואָס די יִק״אַ רעזערווירט נישט קיין פּאַטרעראָס
אויף צו פאַרזיכערן פאַשע פאַר בויטפאַלן וואָס זענען אין יענער געגנט אַן
אָפּטע דערשיינונג. טראָץ דעם אַלעם האָט די יִק״אַ נישט געוואָלט באַוויליקן
קיין קרעדיט פאַר אַ געוויסער צאָל קאָלאָניסטן, הגם עס האָט זיך געהאַנדלט
ממש אין אַ פראַגע פון עסן. די השגות פון די קאָלאָניסטן זענען געווען זייער
בידעריקע, זיי האָבן פאַרלאַנגט אַ קרעדיט אויף צו קויפן בלויז דריי מילך־
קי, אָדער צו קאָמפּלעטירן ביז צען. אַלע זענען געווען איינשטימיק, אַז דער
קאָלאָניסטישער עלעמענט איז געווען זייער אַ געווונטשענער.

איך האָב איבערגעריסן מיט די פאַרצייכענונגען פון מיין וויזיט אין בער־
נאַסקאָני און האָב געבראַכט אויסצוגן פון „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ כדי
קלאָרער צו מאַכן פאַר דער געשיכטע דעם קאַמף וואָס די קאָלאָניסטן פון
נאַרסיס לעווען, צוזאַמען מיט זייערע קאָאָפּעראַטיוון על פּראָגרעסאָ און פראַ־
טערנידאַד אַגראַריאַ האָבן געהאַט אָנצופירן בכדי צו דערגרייכן די קאָנסאָ־
לידאַציע פון דער דאָזיקער קאָלאָניע. איך קער זיך אום צו מיין באַריכט.

ווי ס׳איז צו זען פון דעם פריִער געזאָגטן, זענען די ה״ה סאַכאַראָוו און באַנטשיק געווען אין בערנאַסקאָני און האָבן געלייגט דעם יסוד פונעם קאָאָ־פּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ. נאָך זייער אָפּפאָרן איז דער ענין געבליבן פאַרגלי־ווערט, טיילווייז צוליב דער אַלגעמיינער אַנטמוטיקונג צוליב דער דערדריק־טער עקאָנאָמישער לאַגע, טיילווייז צוליב דעם אומצוטרוי, מחמת צוויי פריִער־דיקע קאָאָפּעראַטיוון זענען געווען געצוווּנגען זיך אויפצולייזן צוליב דער נישט־פּראַקטישער פאַרוואַלטונג. פאַרשטייט זיך, אַז אין די שמועסן וואָס איך האָב געהאַט מיט דער אָנפירונג פון דער קאָלאָניע האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז עס איז אומבאַדינגט נייטיק דער קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ זאָל אָנ־הייבן פונקציאָנירן.

ביי דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון די קאָלאָניסטן, וואָס איז פאָרגעקו־מען אַ טאָג פאַר מיין אָפּפאָרן, איז נאָך אַ מאָל באַהאַנדלט געוואָרן די פונקציעס פון דעם קאָאָפּעראַטיוו. צו דער פאַרזאַמלונג זענען געקומען כמעט אַלע קאָ־לאָניסטן, אויך די פרויען און עלטערע קינדער. איך וועל ציטירן אַ קליינעם טייל פון דעם וואָס כ׳האָב גשריבן אין מיין באַריכט:

„...עס זענען געווען מאָמענטן וואָס האָבן מיר דערמאָנט די שילן אין רוסלאַנד אין יום־כיפור, — אַזוי פיל טרערן און אַזוי פיל פאַר־ביטערטקייט.

איך האָב אויסגעהערט מיט דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט די אַרויסגעזאָגטע ווערטער פון די פאַרזאַמלטע, וואָס זענען פאַר מיר גע־ווען זייער אינטערעסאַנט. עס האָט גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט, אַז כמעט אַלע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער גרינדונג פון אַ קאָאָ־פּעראַטיוו. די טענות זענען געווען. „מיר דאַרפן נישט קיין קאָאָפּע־ראַטיוו״, „וואָס פאַר אַ נוצן ברענגט עס אונדז?״, „מיר האָבן שוין גע־האַט קאָאָפּעראַטיוון און זיי האָבן געמוזט אונטערגיין״, א״אַ. (צום מערסטן האָבן געשריִען די פרויען)״.

ווען ס׳האָט זיך געשלאָסן דאָס צעטל פון די רעדנערס, אַן ערך 15, האָט כמעט קיינער פון זיי נישט געענדיקט ריידן, דערפאַר וואָס זיי פלעגן זיך צעוויינען. איך האָב גענומען דאָס וואָרט און זיי דערקלערט דעם באַטייט פון דער פרייער קאָאָפּעראַציע; אַז פאַר אַלעם דאַרפן זיי אַפּעלירן צו זעלבסט־הילף, צו די אייגענע מאַטעריעלע און מאָראַלישע כוחות; זיי מוזן אויס־וואָרצלען דעם מיקראָב פון אומצוטרוי, וואָס גראָבט אונטער אַלע גוטע אי־ניציאַטיוועס. נאָך דעם ווי איך האָב זיי פאַרזיכערט אַז פּראַטערנידאַד אַגראַ־ריאַ וועט אויסאיבן אַ שטענדיקן און שטרענגן קאָנטראָל איבערן קאָאָפּעראַ־

טיוו, האָבן אַלע מסכים געווען אַז על פראָגרעסאָ זאָל אָנהייבן פונקציאָנירן. דאָ הייבט זיך אָן דאָס אינטערעסאַנטע קאַפּיטל קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ, וואָס האָט אַזוי פיל פאַרדינסטן פאַר דער קאָלאָניע נאַרסיס לעווען און פאַרן קאָאָפּעראַטיוויזם אין אַלגעמיין.

ווען שמחה באַנטשיק איז צום צווייטן מאָל געפאָרן קיין בערנאַסקאָני, האָבן מיר אים באַאויפטראגט, ער זאָל מיטהעלפן צו דער פּראַקטישער איינאָרדענונג פון קאָאָפּעראַטיוו. מיר האָבן אים מיטגעגעבן שריפטלעכע אינסטרוקציעס.

מיר האָבן זיך אָבער כּאָרט אָנגעטראָפן מיט אומדערוואַרטע שוועריקייטן — דער אומצוטרוי וואָס האָט געהערשט אין קאָלאָניע; די מיינונג פון איניקע קאָאָפּעראַטיוויסטן, אַז פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ זאָל טאָן איר אַרבעט סעפּאַראַט פון דער יי״קאַ; די קעגנערשאַפט וואָס ס׳האָט געהערשט מצד אַ גרופּע מיטגלידער פון אַ כּאָר קאָאָפּעראַטיוון צו אַלץ וואָס פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט געטאָן, — דאָס אַלץ איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שטערונג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזערע אויפגאַבעס, און נאָר מיט אַן אויסערגעוויינלעכן געדולד און טאַקט האָבן מיר אַלע שטערונגען באַזיגט, צום גליק פון קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ און אירע מיטגלידער. בכדי בעסער צו פאַרשטיין די דעמאָלטיקע פּאַסירונגען, ברענג איך דאָ אַ קאָפּיע פון די באַריכטן וואָס שמחה באַנטשיק האָט צוגעשיקט:

10טער יולי, 1929.

„ה׳ יצחק קאַפּלאַן:

איך ווייס גאָר נישט פון וועלכן פריִער אָנצוהייבן שרייבן פון די געשעענישן וואָס כ׳האָב אין די פאָר טעג איבערגעלעבט. אין ריוועראַ האָבן מיר דערוואַרט פון גראַנכעראָס אונידאָס, ווי געוויינטלעך, איי־ניקע פאָרשטייערס. אָנפאַנגענדיק שמועסן מיט זיי מכּוח דער מעל וואָס זיי האָבן געשיקט דירעקט, און אַז מיר קענען נישט מאַכן קיין כאַאָס אין אונדזער אַרבעט, ווייזט זיך אַרויס אַט־וואָס:

זיי ווילן טאַקע נישט ס׳זאָל גיין דורך דער פּראַטערנידאַד אַגראַ־ריאַ, ווייל זיי ווילן נישט אַז זייער הלוואה זאָלן בערנאַסקאָנער קאָלאָ־ניסטן דאַרפן אונטערשרייבן דאָקומענטן דער יי״קאַ אַפילו פאַרן געלט וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו האָט געגעבן. נאָר אויף יענע קענען זיי שוין קיין דעה נישט זאָגן. אָבער די צוויי טויזנט פּעזעס, ווילן זיי נישט, אַז זיי זאָלן ליגן ביי דער יי״קאַ, זיי האָבן צו איר קיין צוטרוי נישט. דער

גאַנצער אָנפירער פון דעם איז דער ה׳ גוישען, וועלכער איז מיט אייך געווען אין בערנאַסקאָני און בייגעווען די זיצונג מיט דער קאָמיסיאָן פון קאָאָפעראַטיוו על פראַגרעסאָ און גוט געהערט, אַז אַלע דאָקומענטן ווערן געמאַכט אויף ייִקאָס נאָמען. איך האָב מיט זיי אָנגעפאַנגען אַ דיסקוסיע און זיי געוואָרנט, זיי זאָלן זיך באַטראַכטן פאַרן שריט וואָס זיי גייען מאַכן. דערווייל איז מיר אונטערגעקומען די צייט צו גיין צו דער פאַרזאַמלונג און מיר אַלע זענען אַהין אַוועק.

די פאַרזאַמלונג איז נישט געווען שטאַרק באַזוכט. נאָר אַ הונ־דערט מיטגלידער זענען בייגעווען. איך האָב זיי געזאָגט אַ פּאָר ווער־טער, אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. איך האָב באַלד געבעטן דעם ראַט, מיר זאָלן זיך צוזאַמענקומען און דערליידיקן דעם זייער וויכטיקן ענין.

מיר זענען זיך צוזאַמענגעקומען און כ׳האָב אין צוויי שעה צייט געענוג זיך אָנגערעדט און אַרגומענטירט, ביז זיי האָבן מיר נאָכגעגעבן, אַז מיר האָבן רעכט און איינגעזען אַז עס מוז גיין דורך דער פראַטער־נידאַד אַגראַריאַ. דאָ, אין בערנאַסקאָני, איז די מעל שוין דאָ און דער קאָאָפעראַטיוו האָט זיי געשריבן, אַז זיי קענען נישט אַקצעפּטירן דעם מעל, נאָר סיידן זיי זאָלן זי פאַקטורירן און די פאַקטורע זאָל גיין דורך דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ.

עד כאן ענין ריוועראַ. איצט פאַנגט זיך אָן ענין בערנאַסקאָני. און דאָ קומט ערשט דאָס רעכטע געדיכטע. דינסטיק, אָנקומענדיק אין בערנאַסקאָני, איז צוליבן 9טן יולי* אומעטום געווען פאַרמאַכט. נאָר באַלד איז מען געוווּיר געוואָרן אַז איך בין דאָ און ס׳האָט זיך צוזאַ־מענגעקליבן אַ היפּשער עולם אין דער וווינונג וואָס דער קאָאָפעראַטיוו האָט געדונגען. דער פּרעזידענט איז נישט געווען, נאָר אייניקע פון ראַט. איך ווער געוווּיר, אַז זיי האָבן אויף מאָרגן, מיטוואָך, אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג און ס׳איז אַ גאַנצע איבערקערעניש אין קאָלאָניע. ס׳האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים און אַ טייל ווילן ווערן אויס מיטגלידער, זיי האָבן געבעטן די גענעראַל־פאַרזאַמלונג. זיי ווילן נישט די אָנפירונג, זיי האָבן צו איר נישט קיין צוטרוי. מיר הייבט אָן ווערן קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. נאָר איידער וואָס־ווען, און שוין אַזאַ איבערקערעניש! עס קומט אויס ביי אייניקע, אַז אַ בערנאַסקאָנער קאָלאָניסט איז גאָר אַ גליקלעכער. איר פאַרשטייט די גליקן? אַנדערע טענהן, אַז זיי דאַרפן

* דאַטע פון אומאָפּהענגיקייט פון אַרגענטינע.

דען אַ קאָאָפּעראַטיוו? — מ׳דאַרף דאָך נאָר אַרויסנעמען אויף דעם ווערט וויפל מ׳געטרויט און שפּעטער שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט. די פעסטערע (משטיינסגעזאָגט) קאָלאָניסטן טענהן, וואָס הייסט? מיר וועלן צעטיילן פון קאָאָפּעראַטיוו אַזוי פיל געלט און שפּעטער וועלן יענע נישט באַצאָלן און מיר וועלן זיין דאָס כפּרה־הינדל. מיט איין וואָרט: אַ מישמאַש פון 3 שעה, אַז כ׳בין שיר נישט פאַרטויבט געוואָרן.

איך האָב, געוויינלעך, באַרויִקט די געמיטער און זיי געזאָגט, אַז כ׳וועל זיצן מיט זיי די גאַנצע צייט ביז כ׳וועל אַלץ ברענגען אין דער בעסטער אָרדענונג. איך האָב גלייך געשיקט צום פּרעזידענט און צו די איבעריקע פון דער קאָמיסיאָן, אַז אויף מאָרגן אין דער פרי, ד״ה, אויף מיטוואָך, זאָלן זיי זיך צוזאַמענקומען אין דער אַדמיניסטראַציע, בכדי מיר זאָלן קענען האָבן אַ זיצונג פאַר דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג. היינט אין דער פרי בין איך אַוועקגעפאָרן אַהין און מיר האָבן צוזאַמען מיט סאַלטיעלן און דעם גאַנצן ראַט געהאַט אַ זיצונג.

איך האָב זיי איבערגעגעבן די בריוו און אויך דעם רעגלאַמענט. מיר האָבן וועגן אייניקע פונקטן אַ ביסל דיסקוטירט. איך האָב זיי געגעבן אַ לעקציע ווי אַזו די פירער אַליין דאַרפן זיך באַנעמען צום קאָאָפּעראַטיוו און אַז זיי מוזן אויפהאַלטן צווישן זיך די האַרמאָניע און דעם אחדות — וועלן זיי פון די מיטגלידער אויך קענען פאָדערן דאָס זעלביקע. עס האָט זיך ביי זיי אין די לעצטע טעג געשאַפן אַ געפער־לעכע צעריסנקייט, שוין ביים אָנפאַנג, ביים ערשטן טראָט וואָס זיי האָבן געמאַכט.

די קאָמיסיע האָט געהייסן דעם פּרעזידענט טראַקטירן מיט אַ מענטשן און אַ דירה. אין דער צייט איז אונטערגעקומען אַ בעסערער און פּראַקטישערער מענטש מיט אַ באַקוועמערן לאָקאַל און אין אַ בעס־סערן פונקט. עס האָט באַדאַרפט קאָסטן מיט 30 פּעזעס מער; עס איז אָבער נישט נאָר די 30 פּעזעס מער, ס׳איז אַ חילוק כמעט אין דער גאַנצער סומע, ווייל דער איצטיקער איז אַ פאַמיליע־מאַן, אַ מענטש מיט קאָמפּעטענץ און אחריות. די וווינונג האָט אַלע באַקוועמלעכ־קייטן — פּאַליצעס, אַ וואָג און אַלע איבעריקע נייטיקע מכשירים, אויף וועלכן, ביי מיין אָנקומען, איך בין געווען שטאַרק צופרידן, — אַזוי ביליק און אַזוי גוט!

ווען די קאָמיסיאָן איז זיך צונויפגעקומען צו באַהאַנדלען מיט דעם מענטשן, האָבן זיי קודם געפרעגט דעם פּרעזידענט, צי ער האָט שוין מיט יענעם געענדיקט? ער האָט געזאָגט, אַז עס איז נאָך דעפי־

ניטיוו נישט פאַרענדיקט און מ׳קען איצט, אויב די קאָמיסיאָן אָנער־קענט אַז דאָ איז בעסער, טאָן ווי זי פאַרשטייט. אויף דעם סמך האָט מען מיט דעם מענטשן געשלאָסן דעם אָפּמאַך און געמאַכט אַ פּאַפּיר, אַז ביז דעם 12טן ד״ח מוז ער זיין מיט אַלע זיינע געשעפטן פאַרטיק; ער באַקומט 150 פּעזעס אַ מאָנאַט און אַ קאָנטראַקט אויף 4 מאָנאַטן און די דירה — 50 פּעזעס. דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן פריטיק דעם 5טן.

אַז די אַנדערע, וואָס מ׳האָט מיט זיי פריִער פאַרהאַנדלט האָבן דאָס דערהערט, איז געוואָרן אַ געוואַלד, ווייל זיי זענען אויך קאָלאָניסטן און האָבן זייערע פריינד און מחותנים, און אַז קאָלאָדנער איז דער וואָס מ׳האָט מיט אים פריִער טראַקטירט זיין דירה. מ׳האָט באַלד געמאַכט אַ פּאַפּיר, גענומען חתימות; גוטע ברידער פעלן נישט און ייִדן אויף אונטערצושרייבן, וואָס ווייסן אַפילו נישט וואָס־ווער־ווען — זענען אויך פאַראַן. מהאָט גלייך אַריינגעשיקט צו סאַלטיעלן די בי־טעס, אַז מ׳וויל אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג און אַראָפּוואַרפן די קאָמיסיאָן, ווייל זי טויג נישט און נאָך און נאָך... דער פּרעזידענט ה׳ מאַצקין, האָט דאָ אויך אַ ביסל אונטערגעזינדיקט שטיל׳ערהייט און אונטערגע־געבלאָזן, אַז מ׳איז באַגאַנגען אַ פעלער מיטן איבערבייטן זיינע אָפּ־מאַכן. מיט איין וואָרט — עס האָט זיך צעברענט אַ פייער. איך האָב איינגעזען, אַז די גענעראַל־פאַרזאַמלונג וועט שוין קיין גוטע רעזול־טאַטן נישט ברענגען, נאָר איך האָב עס שוין נישט געקענט פאַרמיידן, ווייל זי איז שוין געווען אַנאָנסירט אויף זונטיק.

אָבער אַזוי ווי איך האָב היינט מיט מיין זיצונג פאַר דער גענע־ראַל־פאַרזאַמלונג באַוויזן אַריינצוברענגען די פולע האַרמאָניע צווישן ראַט, בין איך געווען זיכער אַז די גענעראַל־פאַרזאַמלונג וועט אַוועק־גיין אין אַ גוטער ריכטונג.

געעפנט די פאַרזאַמלונג, האָבן זיך געגעבן אַ שיט קולות מיט אַ שפּרינגען אויף די בענק און אויף דער טריבונע, אַזוי ווי ווילדע מענטשן. דער פּרעזידענט איז געווען שוואַך אָנצופירן די פאַרזאַמלונג, האָב איך איבערגענומען די אָנפירונג און איינגעשטילט די געמיטער: — „זאָגט יעדער באַזונדער, וואָס ווילט איר און נאָך דעם וועלן מיר זען״. איך האָב אויסגעהערט טומלדיקע אַרגומענטן.

איך האָב געזאָגט דאָס וואָס זיי האָבן פאַרדינט, אָבער מיט טאַקט, און זיי עקספּאָנירט דעם צוועק פון מיין קומען אַהער און דעם ציל וואָס די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט און ווינטשט דורכצופירן. איך

האָב גערעדט כמעט צוויי שעה. דאָס העמד איז אויף מיר נאַס געוואָרן. נאָך מיר האָט גערעדט קערנער און זיי געפרעגט: „האָט איר שוין אַלץ פאַרזאָרגט, וואָס נאָר אַמביציעס דאַרפט איר פירן?" און נאָך אייניקע האָבן גערעדט. אָבער ווי כ'האָב אַרויסגעזען, האָט דער העכט שוין גע־שמעקט פון ערגעץ אַנדערשוואו, ווייל די פאַרזאַמלונג האָט מען גערופן וועגן אַ נייער קאָמיסיאָן און דאָ האָט מען זי פאַרוואַנדלט אין אַ פראַגע, צי אַ קלייט אין בערנאַסקאָני, צי אין דער אַדמיניסטראַציע? מאָלט זיך זיך אויס, אַז אַלע וואָס וווינען אין דער קאָלאָניע גופא שרייען, אַז די קלייט זאָל געעפנט ווערן אין דער אַדמיניסטראַציע. אַ ביסל, ווייזט אויס, איז עס געווען אָנגעוויזן פון סאַלטיעלן, כאָטש אויף זיכער קען איך דאָס נישט זאָגן. עס איז געוואָרן פינצטער און אָן קיין באַשלוסן. מען האָט פאַר קיין פאַל זיי צו קיין אָרדענונג נישט געקענט ברענגען.

אַוועקגייענדיק פון דער „גליקלעכער" פאַרזאַמלונג, פרעגט מיך די קאָמיסיאָן: „נו, וואָס טוט מען?". געוויינלעך בין איך אַליין געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט; עפענען די קלייט אין בערנאַסקאָני, איז וואָס טוט מען ווען ס'נעמען זיך צונויף אַ 70־80 קאָלאָניסטן און גיבן אַריין אַ פּאָדע־רונג, אַז זיי ווילן נאָר די קלייט אין דער אַדמיניסטראַציע? און דאָ, אַז ס'ווערט געעפנט, גייען שוין אַלע הוצאות אויף 4 מאָנאַטן; נישט עפע־נען, — וואָס וועט זיין מיט די וואָס דאַרפן נעבעך האָבן די באַלדיקע הילף? איך האָב זיי געזאָגט, זיי זאָלן טאָן ווי אַזוי זיי פאַרשטייען. באמת ווייס איך נישט וואָס צו טאָן, כאָטש איך זיץ איצט, 11 אַ זייגער ביי־נאַכט אין אַ קאַלטן צימער און שרייב אייך די דאָזיקע מגילה, וואָס אייך וועט געוויס נמאס ווערן לייענענדיק. כ'האָב כמעט באַשלאָסן מאָרגן 11 אַ זייגער צו נעמען דעם באַן און אַהיים פאָרן צו מיין פאַמיליע, וועל איך געוויס בעסער מאַכן.. מיינע הוצאות וועל איך אַליין דעקן, ווייל איך זע דאָ נישט אין קיין מעגלעכקייט, נאָך מיין פטרן געזונט, צייט און אַרבעט, אַז כ'וועל עפּעס נוצן ברענגען. איך האָב מורא אַז גיכער שאָדן. איר דאַרפט וויסן, אַז כ'בין קיין מאָל נישט געווען קיין פּעסימיסט, נאָר דאָ זע איך נישט קיין פּרוכט. כדי מ'זאָל מיך נישט באַשולדיקן, בלייב איך נאָך אַ 2 אָדער 3 טעג, ביז איר וועט מיר ענטפערן. איך גלויב אַז איר, חבר קאַפּלאַן, וועט וויסן אַז דאָס שרייב איך, כאָטש אין יידיש, אָבער אָפיציעל צו דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאָ און פאַרן ה' סאַכאַ־ראָוו, און אויב ה' שאַמשאַנאָווסקי איז דאָ, זאָלט איר פאַר זיי פאָר־לייענען די מגילה.

איצט, לאָמיר ריידן פון פּראַקטישע זאַכן. די גאַנצע קאָלאָניע איז

פּאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס מיר שרייבן אין מעמאָראַנדום קיין פּאַריז און זיי ווילן אויסשליסלעך מ׳זאָל שרייבן דאָס וואָס זיי ווילן, ווען נישט, גייען זיי אַלע ווי איינער אַוועק פון די קאַמפּן ווו די אויגן וועלן זיי טראָגן. עס שיינט אַז זיי האָבן צו אונדז נישט קיין צוטרוי. אַלזאָ, איך האָב דאָ געביטן מיין מיינונג מכוח דעם מעמאָראַנדום, מ׳זאָל צוּוואַרטן ביז איך וועל קומען קיין בוענאָס־איירעס. וועגן דעם האָב איך טעלעגראַפירט. איצט, מכוח סחורה פון בוענאָס־איירעס, איז דאָ גאַנץ ווייניק סאָרטן וואָס זאָלן קאָנווענירן פון דאָרט צו ברענגען, איינ־פאַך, ווייל די קליינע צאָל קאָסט אַן אומגעהייערע פּראַכט ביז אַהערצו, ווען פון באַהיַאַ־בלאַנקאַ קאָסט מיט 75% ביליקער דאָס ברענגען און די סחורה האָט כמעט דעם זעלביקן פּרייז.

איצט, וואָס וועט זיין מיט די עטלעכע קאָלאָניסטן וואָס די יִיקאַ גיט זיי נישט קיין אָרדער אין באַנק? אָרעם זענען זיי, מיט וואָס העלפט מען זיי? זיי דאַרפן האָבן כאָטש 3־4 טויזנט פּעזעס הילף, כאָטש עס איז גלייך פאַרפאַלענע, ווייל מיר שיינט אַז קיין האָפענונג אַפילו איז שוין אויך נישטאָ. איצט שיקט אייך דער קאָאָפּעראַטיוו אַ ביטע צו אינטערוועניִרן ביי דער יִיקאַ, מ׳זאָל זיי אויסלייען צו 170 פּעזעס אויף אַ קאָלאָניסט, ווען נישט וועט ער אויך בלייבן אָן די 10 פערד, די בעסטע וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. ווייל פון יענע וואָס ער האָט אַוועקגעטריבן — סיי סקאָט, סיי פערד, — וועט ער שוין גאָר ווייניק צוריקברענגען. עס איז דאָ איצט אַ זייער ביטערער פּראָבלעם און איר דענקט דאָך און מוזט אַוועקפאָרן מיטן ה׳ סאַכאַראָוו קיין ענטרע־ריִאָס. דאָ וועט געוויס אויספעלן געלט. איר וואָלט באַדאַרפט זען חוץ די 5 טויזנט פּעזעס, אַריינטראָגן נאָך 5 טויזנט פּעזעס אין דער יִיקאַ.

נאָך אַ פראַגע: די פערזאָן וואָס מ׳האָט צוגענומען, ווי איך האָב אייך פריִער געשריבן, איז געווען אַ פּריוואַטער קרעמער; ער האָט זיי־נעם אַ פּאַטענט ביז סוף יאָר. צי וואָלט מען געמעגט דערווייל פאַרזעצן אויך דעם פאַרקויף צו פּריוואַטע, ווייל ס׳וואָלט אַ ביסל פאַרגרינגערט די הוצאות. סיי־ווי האָט נאָך דער קאָאָפּעראַטיוו נישט קיין „פּערסאָ־נעריִאַ כורידיקאַ״.* איך פאַרשטיי אַז נישט דאָס איז אונדזער צוועק, אָבער איך גלויב אַז קיין גרויסער אומגליק איז דאָ נישט פאַראַן. אַלנ־פאַלס וועלן מיר מיט דעם וואַרטן אויף אייער ענטפער״. (אונטערגע־שריבן: ש. באַנטשיק).

---

* יורידישע פּערזאָן.

פון דעם אינהאַלט פון דעם געבראַכטן בריוו איז לייכט זיך צו געבן רע־כענונג וועגן די שוועריקייטן וואָס מיר האָבן געהאַט צו באַזייטיקן, סיי אין קאָלאָניע נאַרסיס לעוועז גופא, ווי אין אַנדערע קאָלאָניעס. ס׳איז נישט צום באשרייבן דעם עגמת־נפש וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. אין די טאָג־ציי־טונגען האָט עמיצער פון אַ קאָלאָניע פון ענטרע־ריאָס געשריבן, אַז פּראַטער־נידאַד אַגראַריאַ האָט צונויפגענומען געלט, אָדער מעל און שיקט עס נישט אָפּ קיין בערנאַסקאָני, בעת די אַלע זאַכן זענען שוין געווען דאָרטן אויפן פּלאַץ, נאָר צוליב זייערע לאָקאַלע חילוקי־דעות איז די סחורה געלעגן אויף דער באַן־סטאַציע און מיר האָבן וועגן דעם נישט געקענט מודיע זיין, בכדי נישט צו דעספּרעסטיזשירן די חברים־קאָלאָניסטן פון נאַרסיס לעוועז.

**
*

דער קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ האָט אַ דאַנק דעם חבר שמחה באַנ־טשיק, וואָס איז געזעסן אין בערנאַסקאָני אַן ערך דריי וואָכן, ענדלעך אָנגע־הויבן פונקציאָנירן. באַלד פון אָנהייב האָט דער קאָאָפּעראַטיוו געהאַט די נייי־טיקע רעסורסן אויף צו פאַרזיכערן זיין גוטן גאַנג. ער איז כסדר געשטאַנען אונטער אונדזער שטרענגן קאָנטראָל און אינסטרוקציע. זיי פלעגן אונדז צו־שיקן קאָפּיעס פון דער טעגלעכער באַוועגונג, פון קויף און פאַרקויף, הוצאות און הכנסות וכו׳. די הילף וואָס פראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט געשיקט אין מזומן פאַר די קאָלאָניסטן האָט דערמעגלעכט אָנצוהאַלטן דעם געזונטן פּרינ־ציפּ צו פאַרקויפן נאָר פאַר מזומן; עס זאָל טאַקע זיין מיט וואָס צו קויפן; און דער צוטרוי וואָס זיי האָבן געהאַט צו דער צענטראַל־אָרגאַניזאַציע.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער באַאַמטער איז נישט געווען די צוגעפּאַסטע פּערזאָן וואָס ס׳האָט זיך געפּאָדערט; ער האָט נישט געהאַט די טעכנישע פעיִקייט און נאָך ווינציקער האָט ער געוווּסט דעם באַטייט פון פרייער קאָאָפּעראַציע. אָבער אויך אין דעם פאַל האָט זיי צוגעשפּילט דאָס גליק. אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך געמאָלדן אין אונדזער ביוראָ דער חבר יצחק מזרח און אָנגעבאָטן זיינע דינסטן. ער איז געווען גוט רעקאָמענדירט פון ה׳ שטאַרקמעט. יצחק מזרח, מיט זיין דינאַמיזם, פעיִקייט און פאַרשטאַנד פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, האָט געגעבן דעם קאָאָפּעראַטיוו דעם נייטיקן אימפּולס און האָט אים דערפירט ביז צו אַ מוסטער־געזעלשאַפט, וואָס איז געוואָרן דער פאָרשטייער און פאַרטיידיקער פון די קאָלאָניסטישע אינטערעסן אין אַלע פאַרשיידענע אַספּעקטן. עקאָנאָמישע, גרעמיאַלע, סאָציאַלע און קול־טורעלע, וואָס איז באמת ווערט דעם נאָמען על פּראָגרעסאָ.

סוף אַפּריל 1930, דאָס הייסט כמעט מיט אַ יאָר שפּעטער, בין איך געווען נאָך אַ מאָל אין קאָלאָניע נאַרסיס לעווען. אין מיין באַריכט, צווישן אַנדערע זאַכן, שרייב איך:

„די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער קאָלאָניע איז אַ געדריקטע. די טריקע־ניש האַלט אָן (שוין דעם צווייטן יאָר, — י. ק.) און עס איז נישט קיין וווּנ־דער וואָס די מענטשן הייבן אָן ווערן פאַרצווייפלט. ביז איצט האָבן זיי באַ־וויזן געניג אויסדויער־קראַפט. זיי האָבן געקעמפט קעגן אַלע קלימאַטישע פּלאָגעס, זיי האָבן געאַקערט און געזייט, זיי האָבן דערפילט ערנהאַפטיק זייער פליכט ווי באַוווּסטזיניקע מענטשן, אָבער די נאַטור איז קעגן זיי. דער מאַיס, די פאַשעס וואָס זיי האָבן געזייט אין פרילינג איז אין גאַנצן פאַרלוירן גע־גאַנגען און זיי מוזן שפייזן די פערד מיט געקויפטע קערנער אָדער גראָז. זיי לעבן זייער עקאָנאָמיש, זענען אויסגעצייכנטע אַרבעטער, אַלע פעלד־אַרבעט מאַכן זיי אַליין. מען טרעפט נישט אין נאַרסיס לעווען קיין אַרבעטער וואָס זאָלן קומען פון דרויסן. מענער, פרויען, יונגע און אַלטע, — אַלע אַרבעטן, און טראָץ דעם אַלעם ווערט די לאַגע ערגער פון טאָג צו טאָג, ווייל וואָס אַ טאָג מער וואָס גייט אַוועק, ווערן זיי גרעסערע בעלי־חובות און דאָס האַלט זיי זייער באַזאָרגט.

לויט די דאַטעס וואָס זיי האָבן אונדז צוגעשטעלט, האָט זיך יעדער קאָ־לאָניסט פאַרשולדיקט אין די לעצטע יאָרן פון טריקעניש אויף 6.600 פעזעס. היות יעדער קאָלאָניסט באַזיצט צו 150 העקטאַרן, קומט אויס, אַז יעדער העקטאַר איז שולדיק 44 פעזעס, אָדער 73 % פון דעם ווערט פון יעדן העק־טאַר גוטע ערד, אויסער דעם וואָס זיי זענען שולדיק דער ייִקאַ דעם גאַנצן באַטרעף פון דער ערד. אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי יאָר האָבן 25 קאָלאָ־ניסטן פאַרלאָזט די קאָלאָניע. די יוגנט גייט אַוועק אין מאַסן. דאָס איינציקע וואָס וואָלט געקענט דערמוטיקן אונדזערע חברים וואָלט געווען אַ גינציקער ענטפער פון דער ייִקאַ אויף דעם מעמאָראַנדום וואָס מיר האָבן זיי געשיקט דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. נאָך אַ ווירקזאַם מיטל אָנצוהאַלטן די רעסיסטענץ פון דער קאָלאָניע ביז די קלימאַטישע באַדינגונגען וועלן זיך בעסערן, איז לויט מיין מיינונג, — ווען מען וואָלט זיי געקענט געבן אַרבעט אויף צו פאַר־דינען פאַר די נייטיקסטע לעבנס־מיטלען. איך האָב געקענט באַמערקן דעם הויכן גראַד מאָראַל זייערן. זיי ליידן פון דעם וואָס זיי דאַרפן לעבן כסדר פון הלוואות, פון וועלכער אינסטיטוציע ס׳זאָל נישט זיין.

אַכט קאָלאָניסטן באַקומען נישט קיין קרעדיט אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, דערפאַר וואָס די ייִקאַ וויל נישט געבן פאַר זיי די מאָראַלישע גאַראַנטיע (פינף פון די דאָזיקע קאָלאָניסטן באַטראַכט זי אַלס אַלטע און זי גיט זיי בלויז

צו 50 העקטאַר אין אַרענדע, און דריי קאָלאָניסטן האַלטן זיי פּאַר נישט קיין געוווּנטשענעם עלעמענט). די לאַגע פון די אַכט קאָלאָניסטן איז זייער אַ באַדויערנדיקע. פריִער האָט זיי די פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ אויסגעליִען חודש-לעך, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע קאָלאָניסטן, איצט טוט דאָס דער קאָמיטעט וואָס האָט זיך געשאַפן אין שטאָט דורך אונדזער פּאַרמיטלונג. אָבער עס פעלט זיי קאָרמע פאַרן סקאָט און אַ טייל, וואָס זיי דאַרפן פאַר סעמיזשאַ, ווייל איין טייל לייען זיי אויס די חברים פון דער קאָלאָניע. יעדער קאָלאָניסט באַשטייערט זיך מיט 60 קילאָ זריעה לטובת די אַכט קאָלאָניסטן. על פּראָגרעסאָ בעט, מיר זאָלן זיך משתדל זיין ביי דער ייִקאַ וועגן די דאָזיקע אַכט קאָלאָניסטן.

ביי דער זיצונג פונעם ראַט האָט מען אויך באַהאַנדלט וועגן דינגען אַ פּאַטרעראָ ביי דער ייִקאַ, אַריינצוטרייבן אַהין די בהמות וואָס זיי פּאַרמאָגן נאָך. זיי רעכענען אַז מ׳דאַרף האָבן פון 10 ביז 12 העקטאַר פּאַר איין שטיקל סקאָט און זיי זאָגן אַז די ייִקאַ מאָנט ביי זיי צוויי פּעזעס פּער קאָפּ יעדן חודש. נעמענדיק אין אַכט די לאַגע, האָבן מיר זיך איינפּאַרשטאַנען אויף צו בעטן ביי דער ייִקאַ, זי זאָל נעמען ניינציק סענט אַ חודש, אָנשטאָט צוויי פּעזעס. מ׳וואָלט געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלן טאַלאַנט אויף צו קענען באַשרייבן דעם געדולד און דעם גלויבן פון דער דאָזיקער גרופּע ערד-אַרבעטער און די קאַלטע רויִקייט פון די ביוראָקראַטן פון דער ייִקאַ".

ביי אַ זיצונג פון צענטראַל-ראַט פון פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ אין נאָוועמבער 1930, נאָך דעם ווי ס׳איז אויסגעהערט געוואָרן דער באַריכט פון די פאָרשטייערס פון נאַרסיס לעוועך, איז באַשטימט געוואָרן צו שיקן אַ געמישטע קאָמיסיע פון פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ און ייִקאַ צו שטודירן אויפן פּלאַץ די לאַגע פון דער קאָלאָניע.

די גענעראַל-דירעקציע פון דער ייִקאַ האָט דערקלערט אַז זי האַלט נישט פאַר נייטיק צו באַטייליקן זיך אין אַזאַ קאָמיסיע, ווייל זי קען גוט יעדע טשאַקרע און אַז זי האָט שוין אָנגעהויבן צוצוגעבן נאָך באָדן, לויט די מעגלעכקייטן, אָבער איז גרייט צו דיסקוטירן מיט אונדז, אויב מיר וועלן איר צושטעלן אַ פּראָיעקט.

אויפן פאַרלאַנג פון על פּראָגרעסאָ בין איך דעם 19טן מערץ 1930 אַליין געפאָרן קיין בערנאַסקאָני. נאָך דער שטודיע וואָס מיר האָבן געמאַכט אין יוני 1929, האָט פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ געשיקט אַ מעמאָראַנדום צו דער ייִקאַ (אין יאַנואַר 1930), פאַרלאַנגענדיק דאָס ווייטערדיקע:

מען זאָל אַראָפּוואַרפן אַלע אַלטע חובות און פאַרן באָדן זאָל באַ־שטימט ווערן אַ פּרייז פון 40 ביז 60 פּעזעס פאַרן העקטאַר, לויט דער קוואַליטעט;

מען זאָל פאַרגרעסערן די שטחים פון די טשאַקרעס, ווייל אין דער פּאַמפּאַ קען אַ פאַמיליע נישט עקסיסטירן אויף 150 העקטאַר;

עס דאַרף געגעבן ווערן יעדן קאָלאָניסט אַ קרעדיט פון 1.700 פּעזעס אויף צו קויפן מילך־קי, ווי אַ באַזע פאַר דער קאָלאָניסטישער עקסיסטענץ;

די יִיקאַ דאַרף רעזערווירן פּאַטרעראָס פאַר אַ נויטפאַל.

דעם ערשטן פּונקט איז די יִיקאַ נאָכגעקומען. זי האָט אַנולירט די אַלטע חובות און דער פּרייז פון באָדן איז באַשטימט געוואָרן אין הסכם מיט אונ־זער אָנדייט. זי האָט זיך אויך משתדל געווען אין באַנק וועגן אַ קרעדיט צו קויפן 8 מילך־קי, נאָר דער סאַמע עיקר — צוגעבן נאָך לאַנד, — האָט זי אָנגעהויבן אין זייער אַ באַגרענעצטער פאָרעם און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רע־זערווירן פּאַשע־פעלדער (פּאַטרעראָס).

מיר האָבן זיי ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געוויזן די אויפמערקזאַמ־קייט און געוואָרנט די דירעקטאָרן פון דער יִיקאַ, אַז אָן די דאָזיקע צוויי פאַקטאָרן וועט דאָס באַזייטיקן די חובות האָבן אַ קליינע ווירקונג אויף דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע אין דער צוקונפט, צוליב די אָפטע טריקענישן און צוליב דער קוואַליטעט פון אַ גרויסן טייל פונעם באָדן, וואָס די ווינטן באַוועגן אים און זיי מוזן דעריבער האָבן רעזערוו־שטחים אין דער טשאַקרע און אויסער דער טשאַקרע, וואָס זאָלן נישט באַאַרבעט ווערן כסדר, אַלע יאָר. אָבער אַלע אונדזערע אַרגומענטן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין פאַרשטיינערטע מוחות.

אין דעם דאָזיקן באַזוך מיינעם אין בערנאַסקאָני, נאָך דעם ווי די אַלטע חובות, — אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָט זיך עס געהאַנדלט פון אַרי־בער אַ מיליאָן פּעזעס, — זענען שוין אָפּגעמעקט געוואָרן, האָב איך זיך אָנ־געטראָפן מיט אַזאַ מין סיטואַציע: צוליב דעם דורכפאַל פון די לעצטע קאָ־סעטשעס און כמעט צוויי יאָר פאַרלענגערטער טריקעניש, האָבן די קאָלאָ־ניסטן געלעבט כסדר אויף באָרג. דורכשניטלעך איז יעדע פאַמיליע געווען שולדיק אַן ערך פון 5.000 פּעזעס אין באַנק און אין קאָמערץ. צו דעם אַלעם איז דער רעמאַנענט געווען פאַרלאָזט און האָט געפּאָדערט רעפּאַראַציע. דאָס זעלביקע מיט דער שטוב־ווירטשאַפט, קליידונג וכו׳.

צוזאַמען מיטן קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ האָבן מיר געמאַכט אַ חשבון וועגן די מעגלעכע הכנסות פון אַ קאָלאָניסט אין נאָרמאַלע יאָרן און מיר זענען געקומען צום פאָלגנדיקן שלוס:

הכנסות —

| | |
|---|---|
| 80 העקטאַר ווייץ, האָבער, גערשטן, צו 6 פאַנעגאַס פון העקטאַר, אויף 5 פּעזוס יעדע פאַנעגאַ — — — (אין יענעם יאָר איז געווען דער פּרייז 5 פּעזוס מיט 50 סענט). | 2400 פּעזוס |
| 8 קי, צו 4 ליטער מילך, מעלקנדיק 40 טעג, אויף $3\frac{1}{2}$ סענט אַ ליטער — — — — — — — — — — — — — | 268 " |
| 7 קעלבער אַ יאָר, צו 40 פּעזוס — — — — — — — — — | 280 " |
| אייער, דורכן יאָר — — — — — — — — — — — — — | 300 " |
| סך־הכל — — — | 3248 פּעזוס |

הוצאות —

| | |
|---|---|
| פּראָצ' דער ייִקאַ אויף 7.500 פּ' — 150 העקט', צו 50 פּ' | 375 פּעזוס |
| אַנדערע חובות 5.000 פּ', 8 פּראָצענט — — — — — — — | 400 " |
| זריעה אויף 80 העקטאַרן, 48 פאַנעגאַס — — — — — | 288 " |
| מאַשינען, דראָט, צוימען א"אַ — — — — — — — — — | 300 " |
| שניידן און דרעשען 480 פאַנעגאַס — — — — — — — | 480 " |
| 900 ליידיקע זעק — — — — — — — — — — — — — — | 200 " |
| פאַרזיכערונג — — — — — — — — — — — — — — | 144 " |
| שטייערן, סאַניטאַרע באַדינונג, שולן — — — — — — | 200 " |
| עסן, קליידונג פאַר דער פאַמיליע — — — — — — — — | 1440 " |
| | 3827 " |
| הכנסה — — — | 3248 ' |
| דעפיציט — — | 579 פּעזוס |

צו דעם דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז אין בערנאַסקאָני קומען אַלע 5 יאָר — איין יאָר אַ גוטער, איינער אַ רעגולערער און דריי שלעכטע.

דאָס פּראָבלעם איז געווען נישט בלויז פאַר די קאָלאָניסטן פון בערנאַס־קאָני, נאָר פאַר דעם גאַנצן ראַיאָן. די טעגלעכע צייטונג „על מונדאָ" פון 7טן מערץ 1931 האָט געווידמעט דעם ענין אַ באַזונדערן אַרטיקל. די מיינונג, אַרויסגעזאָגט דורך „על מונדאָ" און אויך די מיינונג פון עקספּערטן פון אַגרי־קולטור־מיניסטעריום, זענען זיך צוזאַמענגעקומען מיט דער פאָדערונג פון די קאָלאָניסטן, געשטיצט פון על פּראָגרעסאָ און פראַטערנידאַד אַגראַריאַ. וואָס איז געווען אַ גוט־באַגרינדעטע און נישט קיין איבערגעטריבענע.

אויך אין באַריכט פון דעם דאָזיקן באַזוך מיינעם האָב איך אָנגעוויזן, אַז ס'איז אומבאַדינגט נייטיק די יִקאַ זאָל אַרויסנעמען אַ געוויסע צאָל קאָלאָ־ניסטן פון נאַרסיס לעווען און זיי באַזעצן אין אַנדערע קאָלאָניעס, כדי צו קענען פאַרגרעסערן די טשאַקרעס פון די יעניקע וואָס וועלן בלייבן אין דער קאָלאָניע. צוזאַמען מיט אַ קאָמיסיע פון קאָלאָניסטן האָבן מיר צוגעגרייט אַ דעטאַלירטן פּראָיעקט וועגן געבן נאָך באָדן; מען זאָל איבערבייטן די טשאַק־רעס וואָס זענען נישט טויגלעך פאַר אַגריקולטור אויף אַנדערע, בעסערע; מען זאָל רעזערווירן פּאַטרעראָס פאַר אַ נויטפאַל. איך האָב אויך פאָרגעלייגט אַז די יִקאַ זאָל איינאָרדענען צוויי טשאַקרעס ווי עקספּערימענטאַלע קאָאָפּע־ראַטיוון, צו 300 העקטאַרן יעדע איינע, אין וועלכע עס זאָלן אַרבעטן אייניקע יונגע לייט פון דער קאָלאָניע.

צום באַדויערן, טראָץ די אָפיציעלע מיינונג פון עקספּערטן און פון שכנים פון אַנדערע קאָלאָניעס, האָט די יִקאַ זיך געהאַלטן פאַרעקשנט און האָט נאָכגעגעבן טראָפּנווייז, צוגעבנדיק שטיקלעך באָדן פון 25 ביז 75 העקטאַרן אין געציילטע פאַלן. זיי האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אַרויסצונעמען קאָ־לאָניסטן, נישט די וואָס פאַרנעמען גוטע און נישט די וואָס פאַרנעמען געמיי־נערע טשאַקרעס בכדי צו דערמעגלעכן דאָס צוגעבן באָדן. אין 1936 האָבן זיי פאַרדונגען דעם קאָאָפּעראַטיוו אַ פּאַטרעראָ פון 6 טויזנט העקטאַרן. דאָס האָט מיט עפּעס פאַרגרינגערט, אָבער נישט געלייזט דאָס פּראָבלעם.

איך וואָלט געזאָגט, אַז די רעאָרגאַניזאַציע פון דער קאָלאָניע נאַרסיס גע־ווען איז געפירט געוואָרן לויט די צייטווייליקע שטימונגען פון די פונקציאָ־נאַרן פון דער יִקאַ: האָט אַ ביסל גערעגנט — איז שוין פאַר זיי געווען גע־לייזט דאָס פּראָבלעם; זענען, ווידער, געקומען טרוקענע חדשים — האָט מען געשטוקעוועט, געלאַטעט מיט קאַרגשאַפט, טראָץ דעם וואָס די קאַרגשאַפט האָט זיי געקאָסט טייערער.

ס'איז אינטערעסאַנט צו ברענגען אַן אויסצוג פון אַן אַרטיקל פון י.

מענדעלעוויטש, פאַרעפנטלעכט אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ נומ׳ 199, אין חודש יאַנואַר 1932. עס לייענט זיך אַזוי:

„...יעדעס מאָל וואָס די פראַגע בערנאַסקאָני איז אַרויפגעשווומען האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף אַ מיינונג־פאַרשיידנקייט אין דער פאַר־ענטפערונג. די טעאָרעטישע מיינונג וואָס עס האַלט אָן די יי־קאַ, אַז די צאָל העקטאַרן וואָס די קאָלאָניסטן באַזיצן זענען גענוג, מען דאַרף נאָר וויסן ווי זיי צו באַאַרבעטן ראַציאָנעל, ווען און ווי אַזוי צו אַקערן, ווען און וואָס צו זייען. די פּראַקטישע מיינונג וואָס ס׳האַלטן אָן די קאָלאָניסטן וואָס באַאַרבעטן יענעם באָדן שוין זינט 20 יאָר איז, אַז מען מוז צוגעבן נאָך לאַנד, ווייל דער באָדן איז אַ מאָגערער, דער קלימאַט איז זייער אַ קאַפּריזנער און מ׳קען דאָרטן קיין חכם נישט זיין. צו דער דאָזיקער דיסקוסיע נעמט נישט קיין סוף און דערווייל באַווייזן די פאַקטן, אַז די יאָרן גייען אַוועק אָן קיין נוצן פאַר דער יי־קאַ און נאָך ווייניקער פאַר די קאָלאָניסטן, און וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם? ביז וואַנען וועט זיך עס ציען, און וואָס קען זיין דער תכלית פון אַזאַ קאָלאָניזאַציע?

מיר שיינט, אַז עס איז פאַראַן נאָך אַ מיטל וואָס דאַרף אויסגע־פּרוווט ווערן, אַז איינער פון די ביידע צדדים זאָל זיך איבערצייגן וועל־כער שטאַנדפּונקט ס׳איז דער ריכטיקער. דאָס מיטל איז דער פאָלגנ־דיקער: די יי־קאַ זאָל אַליין פּראַקטיצירן איר טעאָריע; זי זאָל באַזעצן אָן אַגראָנאָם אַלס קאָלאָניסט אין בערנאַסקאָני אויף 150 העקטאַרן, אים געבן דעם זעלביקן רעמאַנענט וואָס די קאָלאָניסטן האָבן און זאָל ער אַרבעטן דריי יאָר נאָכאַנאַנד, לויט ווי די וויסנשאַפט האָט אים גע־לערנט. אויב ער וועט באַווייזן אַז אַרבעטנדיק ראַציאָנעל קען מען באַ־זיגן די טריקעניש, די ווינטן און פרעסט און מען קען ציען חיונה און צאָלן חובות דער יי־קאַ. עס איז זיכער אַז די גאַנצע קאָלאָניע וועט נאָכ־פאָלגן דעם ביישפּיל און וועלן זיך צופרידנשטעלן מיט דעם שטח לאַנד וואָס זיי באַזיצן איצט און די יי־קאַ וועט דערמיט ווירקלעך אויפ־טאָן אַ גרויסע זאַך. און אויב טראָץ אַלע וויסנשאַפטן וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דער ווינט באַהערשט דאָך דעם זאַמד; אַז עס רעגנט נישט — וואַקסט נישט; אַז דער פראָסט וויל נישט וויסן וואָס די בי־כער זאָגן, דאַן וועט זיך די יי־קאַ איבערצייגן אַז מ׳מוז אָננעמען אַנ־דערע מיטלען, מער ראַדיקאַלע, אויף צו לייזן די פּראָבלעם פון בער־נאַסקאָני.

איבערלאָזן די קאָלאָניסטן פון בערנאַסקאָני איינפאַך אויף זייער

אייגענעם גורל, זיי זאָלן טאָן וואָס זיי ווילן; זיך פּאַרלאָזן פּשוט אויף זייער אויסערגעוויינלעכן געדולד, אָדער אַפּאַטיע, וואָלט געווען אַן אומפאַרגעבלעכער פעלער".

די יִקאַ האָט די רעקאָמענדאַציע נישט דורכגעפירט. לאָגישערווייז האָט זיך די קוואַליטעט פונעם באָדן פאַרערגערט, ווייל וואָס מער מ'האָט אים געאַקערט, — און אַקערן האָט מען געמוזט, כמעט אַלע יאָר, דעם גרעסטן טייל פון די 150 העקטאַרן און די איבעריקע האָט דער סקאָט צעריבן מיט די פיס — איז ער געוואָרן כסדר שיטערער, זאַמדיקער און דער ווינט פלעגט אים גיכער און גרינגער באַוועגן, איבערהויפּט אויף די ערגערע קאַמפּן.

אין חודש דעצעמבער 1938 האָב איך באַזוכט די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען. (איך פלעג דאָרט קומען יעדן יאָר אין שליחות פון אינספּעקציע און אינסטרוקציע). עס איז געווען, ווי די קאָלאָניסטן האָבן עס גערופן: אַ שוואַרצער יאָר. קיין קאָסעטשע איז נישט געווען צוליב דער טריקעניש. נאָך אַ גענויען קאָנטראָל האָב איך צוגעשטעלט מיין באַריכט צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער פּראָטעקטאָראַד אַגראַריאַ, פון וועלכן איך ציטיר דאָ אַ טייל:

„...די לאַגע פון דער קאָלאָניע נאַרסיס לעווען איז שוין אַ סך מאָל דיסקוטירט און באַטראַכט געוואָרן ביי אונדזערע פאַרזאַמלונגען, און מיר מוזן באַשטעטיקן אַז אַלע אונדזערע עצות און אָנשטרענגונגען, ווי אויך פון דער יִקאַ און פון די קאָלאָניסטן זעלבסט וועגן נאָרמאַליזירן זייער עקאָנאָמישע סיטואַציע, זענען געווען אומפּרוכטיקע.

דאָס מזל פון דער דאָזיקער קאָלאָניע שפּילט זיך מיט זיי. גוט איין יאָר, וואָס גיט זיי מוט צו קעמפן ווייטער קעגן די קאַפּריזן פון דער נאַטור, און אויפן צווייטן יאָר דערזעען זיי זיך אָפּגענאַרט, איינשלינגענדיק דאָס פריִערדיקע גוטע. דאָס ערגסטע איז, וואָס די נישט־גינסטיקע יאָרן זענען מערער אין צאָל ווי די גינסטיקע. דעם יאָר האָבן זיי פאַרלוירן אין גאַנצן די גערעטעניש (קאָסעטשאַ) צוליב דער פאַרלענגערטער טריקעניש. אויב ס'וועט נישט רעגענען אין גיכן, וועלן זיי בלייבן אויך אָן פאַשע פאַר די קי און אַרבעט־פערד. (אין יענעם יאָר האָט שוין דער קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ געהאַט געדונגען ביי דער יִקאַ אַן ערך 10 טויזנט העקטאַרן, אָבער דאָס איז נישט געווען גענוג).

די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1909. איצט זענען פאַראַן אין קאָלאָניע:

| | |
|---|---|
| פון די ערשטע קאָלאָניזירטע פאַמיליעס — — — | 112 |
| קאָלאָניזירטע זין — — — — — — — — — — — — — | 21 |
| יורשים פון עלטערן וואָס זענען געשטאָרבן — — — | 23 |
| צוזאַמען — — — — | 156 |

(קאָלאָניזירט געוואָרן דורך דער יי״קאַ אין נאַרסיס לעווען זענען געווען אַן ערך 300 פאַמיליעס).

די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען האָט, אַלזאָ, אַן עקסיסטענץ און עקס־פעריענץ פון 30 יאָר. דערלויבן מיר זיך ביי דער געלעגנהייט צו אַנאַ־ליזירן טיילווייז די אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער קאָלאָניע אין פאַר־לויף פון די דריי צענדליק יאָרן.

ביים קאָלאָניזירן זיך, אין יאָר 1909, האָט יעדע פאַמיליע באַקו־מען 150 העקטאַרן, רעכענענדיק צו 55 פעזעס יעדן העקטאַר דורכ־שניטלעך. צו דעם האָבן זיי באַקומען צו 3.000 פעזעס איינצוקויפן דעם אינווענטאַר און אינסטאַלאַציע.

156 פאַמיליעס צו 150 העקטאַרן, איז צוזאַמען — 23.400 העק־טאַרן.

| | |
|---|---|
| 23.400 העקטאַרן צו 55 פעזעס — — — — | 1.287.000 פעזעס |
| 156 פאַמיליעס צו 3.000 פעזעס — — — — | 468.000 〃 |
| צוזאַמען — — — — | 1.755.000 פעזעס |
| אין יאָר 1919 האָט די יי״קאַ געשענקט יעדן קאָלאָניסט די 3.000 פעזעס. | |
| 156 x 3.000 — — — — — — — — — — | 468.000 פעזעס |
| אין יאָר 1931, ווי מיר האָבן פריער מיטגע־געטיילט, האָט די יי״קאַ אַראָפּגענומען די אַלע חובות, מער ווייניקער — — — — | 1.200.000 פעזעס |
| צוזאַמען — — — — | 1.668.000 פעזעס |

הײנט צו טאָג איז די קאָלאָניע שולדיק:

| | |
|---|---|
| 23.400 העקטאַרן צו 55 פעזעס — — — — | 1.287.000 פעזעס |
| הינטערשטעליקע פראָצענטער פון 1931 ביז איצט — — — — — — — — — — | 250.000 〃 |
| אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן — — — — — — — — | 300.000 〃 |
| סך־הכל — — — — | 1.837.000 פעזעס |

מיר האָבן נישט די ריכטיקע ציפערן, נאָר מיר רעכענען אַז אין פאַרלויף פון די 30 יאָר האָבן די קאָלאָניסטן באַצאָלט דער יִיקאַ און באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן אַן ערך פון 2.000.000 פּעזעס.

דער רעזולטאַט איז, אַלזאָ, אַז נאָך 30 יאָר אַרבעט און טראָץ דעם וואָס די יִיקאַ האָט אַראָפּגעוואָרפן 94 % פון דעם חוב, זענען די קאָ־לאָניסטן שולדיק מער ווי ווען זיי זענען אַרויף אויף די טשאַקרעס.

די יִיקאַ, אויסער דעם וואָס זי האָט אַראָפּגעוואָרפן די אַלטע חו־בות, האָט אויך מיטגעהאָלפן צום אויפבוי פון אַ קעז־פאַבריק. זי האָט אַרויסגעגעבן אַ קרעדיט צו קויפן שאָף און מילך־קי, וואָס פאַרגרינ־גערט טיילווייז די סיטואַציע זייערע, אָבער לייזט נישט דאָס פּראָב־לעם, צוליב די אָפּטע טריקענישן. און ווי געזאָגט — די דריי שלעכטע יאָרן שלינגען איין די דריי בעסערע. מיר באַטראַכטן די איצטיקע לאַ־גע פאַר אַן ערגערע ווי פריער מיט צען יאָר, דערפאַר וואָס די קאָלאָ־ניסטן זענען געוואָרן עלטער. אַ סך פון דער יוגנט פאַרלירט דעם גע־דולד און גייען אַוועק צו אַנדערע באַשעפטיקונגען און די וואָס זענען נאָך פאַרבליבן, הויבן אויך אָן צו צווייפלען".

איך האָב גערעדט מיט מענטשן פון דער דאָזיקער געגנט וואָס באַשעפ־טיקן זיך מיט אַגריקולטור, פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. אַלע אָן אויס־נאַם האָבן מיר געזאָגט, אַז די הויפּט־באַזע צו קענען קעמפן און אויסהאַלטן אין דער פּאַמפּאַ איז דאָס באַזיצן מינדסטנס 300 העקטאַרן, ווי דאָס באַווייזט די פּראַקטיק. די וואָס באַזיצן גרעסערע שטחים ערד פאַרטיידיקן זיך מער־ווייניקער גוט, פאַרשטייט זיך, אַרבעטנדיק ראַציאָנעל, ד"ה, נישט באַאַרבעטן דעם גאַנצן באָדן אַלע יאָר, איין טייל מוז רוען, ראָטאַטיוו.

אין יאָר 1929 האָבן מיר שטודירט די סיטואַציע און שוין דעמאָלט האָבן מיר פאָרגעלייגט דריי זאַכן: 1) אַראָפּוואַרפן אַלע אַלטע חובות; 2) איבערשאַצן דעם ווערט פון די טשאַקרעס; 3) פאַרגרעסערן די שטחים פון די טשאַקרעס, לויט די פאָדערונגען און קוואַליטעט פון יעדער טשאַקרע. די יִיקאַ האָט נאָכ־געגעבן די ערשטע צוויי פונקטן און דעם דריטן פּרוּווט זי זיך צו מאַכן לאַנג־זאַם און טיילווייז.

ווי נאָך אַן איבערצייגנדיקער באַווייז קען דינען דער פאַקט, וואָס די היפּאָטעקן־באַנק מעסט איבער איר ערד און טיילט זיי איין אין לאָטעס פון נישט ווייניקער פון 300 העקטאַרן, דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז די וואָס זיצן אויף קלענערע שטחים קענען נישט עקסיסטירן. די היפּאָ־טעקן־באַנק האָט דאָס אויך געטאָן מיט דער קאָלאָניע מאַרי־מאַמועל, וואָס

האָט פריער געהערט צו אַ גרופּע קאָלאָניסטן פון ריוועראַ. די באַנק האָט אַנולירט אירע פריערדיקע פּלענער, האָט איבערגעמאָסטן דעם קאַמפּ און איינגעטיילט אין פּאַרצעלן צו 300 העקטאַרן. צוזעענדיק די טרויעריקע סיטואַציע אין אַלגעמיין פון אונדזערע ווי פון אַנדערע קאָלאָניסטן וואָס זענען געקומען צו מיר, האָב איך פון בערנאַסקאָני זיך געווענדט מיט אַ בריוו צום אַגריקולטור־מיניסטעריום. דער בריוו האָט געהאַט אַ ווירקונג. די רעגירונג האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע אויף צו שטודירן גענוי די לאַגע און דער באַריכט וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט איז געווען אין אָנקלאַנג מיט אונדזערע פּראָיעקטן. דער אַגריקולטור־מיניסטעריום האָט צוגעשטעלט אַ פּראָיעקט צו דער דעפּוטאַטן־קאַמער. די פּאָרזעצונג איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב דער רעוואָלוציע פון 1943. די אַלע קאָפּיעס געפינען זיך אין מיין אַרכיוו.

איך וויל נישט און ס'איז נישט מיין אויפגאַבע צו שרייבן די היסטאָריע פון „נאַרסיס לעווען". איך שרייב בלויז מיינע זכרונות און פאַרצייכן נאָר דעם טייל, אין וועלכן איך פּערזענלעך האָב זיך אַקטיוו באַטייליקט מיט ראַט און טאַט. אַ סך מאַטעריאַלן וועגן דעם קאַמף וואָס מיר האָבן געפירט מיט דער ייִקאַ וועגן דעם פּונקט פון אויסברייטערן דעם שטח פון די טשאַקרעס אין דער קאָלאָניע, קען מען געפינען אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר" פון די יאָרן 1942־1929 און אין די מעמאָראַנדומס וואָס מיר האָבן געשיקט צו דער ייִקאַ, וועלכע געפינען זיך אין די אַרכיוון פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. די אויסצוגן וואָס איך ברענג — זאָג איך נאָך אַ מאָל, — זענען נאָר אויף צו באַשטעטיקן ווי ווייט מיר זענען געווען גערעכט אין אונדזערע פאָדערונגען.

די יאָרן זענען געגאַנגען און אַלע דריי יאָר פלעגט זיך איבערחזרן די זעלביקע טריקעניש, פאַרלוירן די קאָסעטשע, דער סקאָט הונגערט. דער ייִקאַ און די קאָלאָניסטן פלעגט עס אָפּקאָסטן הונדערטער טויזנטער פּעזאָס. איך דערמאָן זיך אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד (אויב דער זכרון נאַרט מיך נישט, איז עס געווען אין יאָר 1932). דער קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ האָט פאַרלאַנגט אַז פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ זאָל שיקן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו באַטראַכטן זייער לאַגע. עס איז געפאָרן קיין בערנאַסקאָני אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון די ה"ה סאַכאַראָוו, אַדאָלפאָ גלעזער און דער שרייבער פון די שורות. סאַכאַראָוו און גלעזער זענען געפאָרן באַזוכן די קאָלאָניסטן, בכדי זיך צו באַקענען גרינטלעך מיט דער סיטואַציע. פאַרנאַכט, ווען זיי זענען צוריקגעקומען, האָט מען זיי כמעט נישט דערקענט צוליב דעם זאַמד און פאַרעך מיט וועלכע זיי זענען געווען באַדעקט. סאַכאַראָוו האָט דערציילט, אַז אין איניקע הויפן („פּאַטיאָס") האָבן זיי נישט געקענט אַריינפאָרן מיטן אויטאָ צוליב די בערג זאַמד וואָס די ווינטן האָבן אָנגעטראָגן.

אויפן צווייטן טאָג איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דירעקטיוון ראַט פון על פּראַגרעסאָ, ביי וועלכער עס זענען בייגעווען עטלעכע צענדליק מיטגליי־דער־קאָלאָניסטן. נאַטירלעך האָבן זיך די דיסקוסיעס אויסגעוויקלט אַרום דער מאָמענטאַנער לאַגע און דער צוקונפט פון דער קאָלאָניע. נאָך אַ פּאָר שעה פון אויסהערן פאַרשיידענע מיינונגען האָט געבעטן דאָס וואָרט ה׳ סאַכאַראָוו. דער עולם האָט זיך צוגערוקט נענטער, כדי בעסער צו הערן דאָס וואָרט פונעם מייסטער. און סאַכאַראָוו האָט, ווי זיין שטייגער, מיט אַ רויִקן און באַזאַכטן טאָן אָנגעהויבן:

„מיינע פריינד, נעכטן בין איך אַרומגעפאָרן דעם גאַנצן טאָג אין אייער קאָלאָניע. איך האָב באַזוכט פיל הייזער, גערעדט מיט פיל פון אייך. איך האָב געזען די גרויסע מיזעריע וואָס די טריקעניש פאַר־שאַפט. איך האָב זיך אָנגעטראָפן מיט בערג זאַמד ביי די טירן און פענצטער פון אייערע הייזער און האָב אויסגעהערט פיל מיינונגען. איך מוז זאָגן, אַז איר פאַרמאָגט אַן אינטעליגענטן עלעמענט, מענער און פרויען. געוויס מוז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם פון אייער קאָלאָניע, וואָס שלעפּט זיך שוין אַזוי פיל יאָרן, דרינגלעך געלייזט ווערן. נאָר אין דעם מאָמענט וועל איך אייך קיין קאָנקרעטע פּראָיעקטן נישט פאָר־לייגן. די איינציקע קאָנקרעטע זאַך וואָס האָט גערופן מיין אויפמערק־זאַמקייט איז, וואָס איך האָב ביי קיין איין הויז נישט געפונען קיין בלו־מען. ווי קענען עס מענטשן, איבערהויפּט די יוגנט, לעבן אָן אַ בלום? אין בעסערע ווי אין ערגערע צייטן דאַרף זיין דאָס שיינקייט פון פעלד, און וואָס איז שענער פון אַ בלום?״

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן וואָס פאַר אַן איינדרוק די דאָזיקע ווער־טער האָבן געמאַכט אויף די ביוועזנדיקע; זיי אַלע האָבן דאגות פון פאַרזאָרגן די פאַמיליעס מיט ברויט, ווו צו נעמען קאָרמע פאַר די קי און פערד, זיי זע־נען פאַרזאָרגט פאַר דער צוקונפט, — קומט סאַכאַראָוו און רעדט זיי גאָר וועגן בלומען! איך האָב גענומען אַ וואָרט און געזוכט זיי צו געבן צו פאַרשטיין סאַכאַראָווס אידעען, וווהין זיי צילן. טראָץ אַלע מיינונגען און פּראָיעקטן וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, מוז אָבער דער קאָלאָניסט אַליין זוכן צו מאַכן אָנגענעמער און באַקוועמער זיין לעבן אין פעלד.

אין האָטעל האָט מיר סאַכאַראָוו געזאָגט: „דו מיינסט, אַז איך האָב נישט געוווסט וואָס פאַר אַן איינדרוק מיינע ווערטער וועלן מאַכן? איך האָב עס גוט געוווסט, נאָר איך קען נישט אַנדערש. איך האָב געמוזט רופן זייער אויפ־מערקזאַמקייט אויף דעם דאָזיקן פאַקט״.

אויפן דריטן טאָג איז פאַררופן געוואָרן אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג אויף צו באַהאַנדלען די אָנגעווייטאָגטע פראַגן. עס איז געקומען די גאַנצע קאָלאָניע. סאַכאַראָוו האָט זיך געפילט נישט אין גאַנצן געזונט און דער דאָקטער האָט אים פאַראָרדנט צו רוען אַ טאָג אין בעט, האָט ער, צו זיין פאַרדראָס, נישט געקענט בייזיין די פאַרזאַמלונג. און מערקווירדיק! אַלע מיטגלידער־קאָלאָניסטן וואָס האָבן גערעדט ביי דער פאַרזאַמלונג האָבן געענדיקט מיט אָט־די ווערטער: „סאַכאַראָוו איז גערעכט! מיר מוזן פאַרשענערן אונדזער אויסער־לעבן; מיר דאַרפן, טראָץ אַלע פלאָגענישן, פלאַנצן ביימער און בלומען".

אָט דאָס איז דער כוח פון אַ מייסטער, פון אַ מנהיג.

ביי דער זיצונג פון צענטראַל־ראַט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 27סטן מאַי 1940 אין דאָמינגעז, האָט דער ה׳ קאַפּלינסקי, פרעזידענט פון קאָאָפּע־ראַטיוו על פּראָגרעסאָ (בערנאַסקאָני) געזאָגט:

„דאָס פּראָבלעם נאַרסיס לעווען איז שוין גענוג באַקאַנט. מיט עטלעכע חדשים פריער האָבן מיר צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום דער יי.קאַ, בעטנדיק מ׳זאָל פאַרגרעסערן אונדזערע טשאַקרעס ביז צו 300 העקטאַרן, ווייל לויט אונדזער דרייסיק־יאָריקער פּראַקטיק איז דאָס דער מינימום וואָס אַ קאָלאָניסט מוז האָבן אויף צו קענען עקסיסטירן און ווערן אַמאָל זעלבסטשטענדיק. פון פּאַריז איז אָנגעקומען אַ נעגאַ־טיווער ענטפער. זייערע אַגראָנאָמען זאָגן, אַז מ׳קען לעבן מיט דעם שטח ערד וואָס יעדער קאָלאָניסט האָט איצט, נאָר מ׳זאָל איינפירן אַ צוגעפּאַסטע ווירטשאַפט פאַר יענער געגנט. די רעגירונג־קאָמיסיע וואָס האָט ספּעציעל שטודירט די באָדן־פּראַגע אין דער פּאַמפּאַ, ווייזט אויך אָן, אַז מ׳דאַרף איינפירן אַן אייגנאַרטיקן קולטיוו; אָבער צו דער זעל־ביקער צייט זאָגן זיי אַז מ׳מוז האָבן צו 500 העקטאַרן, דערפאַר אַפּע־לירן זיי נאָך אַ מאָל צום צענטראַל־ראַט, מ׳זאָל אונטערהאַנדלען מיט דער יי.קאַ, זי זאָל בייטן איר שטעלונג און זען איין מאָל פאַר אַלע מאָל לייזן דאָס פּראָבלעם צום גונסטן פון דער קאָלאָניזאַציע. ווען דאָס וועט נישט געבן קיין רעזולטאַטן, דעמאָלט וועלן זיי זיין געצוווּנגען זיך צו ווענדן צו דער רעגירונג, מ׳זאָל זיי באַזעצן ערגעץ אַנדערשוווּ".

(„קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר", נומ׳ 303, יוני 1940).

* * *

איך מוז נאָך אַ מאָל אונטערשטרייכן, אַז טראָץ די אַלע שוועריקייטן האָט דער קאָאָפּעראַטיוו פּראָגרעסירט, איז געוואָרן אַ מוסטער־אינסטיטוציע פאַר

דער גאַנצער פּאַמפּאַ־געגנט, אַ דאַנק דער אינטעליגענץ, פעיקייט און געטריי־קייט פון יצחק מזרח, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אינסטיטוציע ווי אַן אי־בערגעגעבענער אויפריכטיקער אידעאַליסט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. שווער צו פירן אַ שיף אין אַ שטורעמדיקן ים, אָבער ער האָט זי גע־פירט מאַט אַ פעסטער האַנט, מיט טאַקט און קלוגן קאָפּ. ער האָט דעם קאָאָ־פּעראַטיוו אַוועקגעשטעלט אויף אַזעלכע יסודות, ער זאָל קענען איבערטראָגן שטורעם־ווינטן.

כדי זיך צו שאַפן אַ גענויען באַגריף וועגן דעם טאָפּאָגראַפישן צושטאַנד פון יעדער טשאַקרע, האָט דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון דעם קאָאָפּעראַ־טיוו ה׳ בערנאַרדאָ ראַסקין, באַזוכט יעדן קאָלאָניסט און באַטראַכט יעדנס פעלד. ער האָט כמעט פאָטאָגראַפיש אָנגעצייכנט אויף פּאַפּיר וויפל העקטאַרן עס זענען פאַראַן טויגלעכע פאַר אַגריקולטור און וויפל געמיינערע. דאָס איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט, וואָס האָט געגעבן אַ פּינקטלעכע אָפּ־שאַצונג וועגן דעם שטח טויגלכן באָדן אין דער קאָלאָניע אין אַלגעמיין און פון יעדער נחלה באַזונדער. דער דאָזיקער שטודיום איז געווען זייער נוצלעך אויף צוצוגרייטן דעם פּראָיעקט פון צוגעבן נאָך באָדן, ווייל דער מאָסשטאַב פון אַ מינימום פון 300 העקטאַרן האָט זיך באַצויגן אויף טויגלעכן באָדן; דעם שלעכטן טייל האָט מען געדאַרפט קאָמפּענסירן מיט אַ גרעסערן שטח.

מיט דעם דאָזיקן מאַטעריאַל, האָבן זיי מיר אַרויסגערופן מיטצואַרבעטן מיטן קאָאָפּעראַטיוו ביים צוגרייטן דאָס איינטיילן פון באָדן. מיר האָבן באַ־טראַכט יעדן פאַל באַזונדער און געזוכט ווי ווייט מעגלעך ס׳זאָל זיין צוו־פרידנשטעלנדיק פאַר אַלעמען. נאָך דעם ווי די קאָלאָניע האָט געגעבן איר הסכמה, האָט פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ צוגעשטעלט דעם פּראָיעקט צו דער גענעראַל־דירעקציע פון דער יקאַ.

די דירעקטאָרן פון דער יקאַ זענען געווען זייער אומצופרידן מיט דער באַטייליקונג פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ אין דעם דאָזיקן ענין. פּסיכאָלאָגיש האָבן מיר פאַרשטאַנען זייער אומצופרידנקייט, ווייל קיין ביוראָקראַטישע אָר־גאַניזאַציע טאָלערירט נישט אַז עמיצער זאָל זיי זאָגן אַ דעה, מעג זי זיין די בעסטע; צווייטנס, האָבן זיי זיך געפילט שטאַרק אומבאַקוועם, דערפאַר וואָס זיי, די דירעקטאָרן און די אַדמיניסטראַטאָרן, וואָס זענען באַטיטלט ווי אַגראָנאָ־מען און האַלטן זיך פאַר ספּעצן אין ענינים פון אַגראַריזאַציע, האָבן אָנגע־האַלטן צענדליקער יאָרן כסדר, אַז ס׳איז נישט נייטיק דאָס אַרויסנעמען קאָ־לאָניסטן פון נאַרסיס לעוועץ אויף צו מאַכן פּלאַץ צו פאַרגרעסערן די טשאַק־רעס פון די קאָלאָניסטן וואָס בלייבן אין נאַרסיס לעוועץ, טראָץ דעם וואָס אַגראָנאָמען און עקספּערטן פון באָדן האָבן עס אויך געראַטן און דורכגעפירט אין

דער פּראַקטיק; זאָלן איצט קומען זייערע קאָלאָניסטן און וועלן באַווייזן, אַז זיי האָבן אַ טעות געהאַט און זיי מוזן דעם טעות פאַרריכטן. עס האָט זיי געפעלט דער גייסטיקער כּוח צו אָנערקענען דעם אמת. אָבער די פאָרשטייערס פון די קאָלאָניסטן האָבן געקעמפט אויף דורכצוברעכן דעם דאָזיקן פאַרגליווערטן און פאַרעלטערטן פאַלשן סיסטעם. מיר האָבן פאָרגעזעצט מיט אונדזערע פאָדערונגען.

דאָס יאָר 1942 איז ווידער אַ מאָל אַ טרויעריק יאָר. איך ברענג דאָ אַן איבערזעצונג פון אַ טייל פון דעם באַריכט וואָס מיר האָבן צוגעשטעלט וועגן דעם באַזוך וואָס ה׳ סאַכאַראָוו און איך האָבן געמאַכט אין נאַרסיס לעווען אין חודש אויגוסט פון דעם דערמאָנטן יאָר. דער באַריכט זאָגט:

„...אויף דער פאַרזאַמלונג פון צענטראַל־ראַט וואָס איז פאָרגעקומען אין באַסאַווילבאַסאָ סוף מאַי, נאָך דעם ווי מ׳האָט אויסגעהערט דעם באַריכט פון די דעלעגאַטן פון נאַרסיס לעווען, איז מען געקומען צום שלוס, אַז דאָס פּראָבלעם „נאַרסיס לעווען" איז נישט קיין ענין נאָר פאַר יענער קאָלאָניע, נאָר איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער יִדישער קאָלאָניזאַציע, און נעמענדיק אין אַכט אַז די קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט האָט ביז איצט געזוכט צו לייזן די פּראַגעס אין אַ טיילווייזער און אַ זייער אָפּגעצויגענער פאָרם, איז איינשטימיק באַאויפטראַגט געוואָרן דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ, די איינציקע קערפּערשאַפט וואָס רעפּרעזענטירט אַלע מיטגלידער־קאָלאָניסטן פון דער יִקאַ, זי זאָל מאַכן די געהעריקע שתדלנות אין דער גענעראַל־דירעקציע פון דער יִקאַ, זי זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָננעמען ראַדיקאַלע מיטלען אויף צו מאַכן אַ סוף צו די צרות וואָס שלעפּן זיך שוין 32 יאָר.

דערפילנדיק מיט דער מיסיע, האָט פראַטערנידאַד אַגראַריאַ געשיקט אַ מעמאָראַנדום צו דער יִקאַ, מיטטיילנדיק איר די אויבן־דערמאָנטע רעזאָלוציע און אָנבאָטנדיק אונדזער אויפריכטיקסטע מיטאַרבעט צו שטודירן געמיינזאַם די פּראַגעס וואָס אונדז אינטערעסירט, ביז צום דערגרייכן אַ פּאַסיקע לייזונג.

נאָך דעם ווי עס זענען אַריבער צוויי חדשים, האָט אונדז דער קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ מיטגעטיילט, אַז דער דירעקטאָר ה׳ וויל, איז געווען ביי זיי אין קאָלאָניע און האָט זיי קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ אונטערצוהאַנדלען מיט דער פראַטערנידאַד אַגראַריאַ. על פּראָגרעסאָ האָט אים געענטפערט, אַז אויספאָלגנדיק דעם באַ־

שלום פון צענטראַל־ראַט פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ און נעמענדיק אין באַטראַכט די ערנסטקייט פון דעם ענין, וואָס איז פון גרויסער פּאַראַנטוואָרטלעכקייט, און דעם צוטרוי וואָס זיי האָבן צו דער צענט־ראַלער אָרגאַניזאַציע, קענען זיי נישט איינער אַליין פאַרהאַנדלען מיט אים די פּראָבלעמען, באַשטייענדיק אויף דעם פּונקט, אַז זיי קענען נישט מיטאַרבעטן אָן דער אינטערווענץ פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ.

איבערראַשט פון אַזאַ האַנדלונג מצד דער גענעראַל־דירעקציע פון דער יי.קאַ, איז אונדזער פּרעזידענט מיגעל סאַכאַראָוו געקומען קיין בוענאָס־איירעס און צוזאַמען מיטן סוב־פּאַרוואַלטער יצחק מזרח און פּאַר־וואַלטער יצחק קאַפּלאַן, האָבן זיי באַזוכט די יי.קאַ־דירעקציע, בכדי פעסטצושטעלן וועלכע זענען די מאָטיוון וואָס פירן זי צו אַזאַ האַנד־לונג. זייער ענטפער איז געווען, אַז אַזוי ווי אונדזער קערפּערשאַפט איז אַ קאָאָפּעראַטיוו פון קאָאָפּעראַטיוון, גייט נישט אַריין אין אונדזער פונקציע זיך צו מישן אין ענינים פון קאָלאָניזאַציע. צו דעם נאָך האָבן זיי אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט מיט די אַרטיקלען וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר", און אַז דאָס וואָס קומט פאָר אין קאָלאָניע נאַרסיס לעווען איז דערפאַר וואָס זייטיקע פּערזאָנען האָבן זיי אויפגערייצט. סאַכאַראָוו האָט ענערגיש אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע אובאַגרינדעטע און פאַלשע קאָנצעפּטן.

דעם 25סטן אויגוסט זענען סאַכאַראָוו און יצחק קאַפּלאַן אָנגעקומען אין בערנאַסקאָני און זענען גלייך צוגעטראָטן צו באַטראַכטן צוזאַמען מיט די אויטאָריטעטן פון על פּראָגרעסאָ די דאָזיקע פּראָבלעמען: 1) די רעאָרגאַניזאַציע פון דער קאָלאָניע נאַרסיס לעווען, אויף צו געבן איר סטאַביליטעט צו קענען לעבן און באַצאָלן די חובות; 2) דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער יי.קאַ אונטערצוהאַנדלען מיט פראַטערנידאַד אַגראַריאַ.

פּונקט איינס: מיר זענען אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז מ׳מוז קודם־כל פעסטשטעלן וויפל פאַמיליעס קאָלאָניסטן קענען עקסיסטירן און פירן אַ נאָרמאַלן לעבן אויף דעם גאַנצן שטח באָדן וואָס געהערט צו דער קאָלאָניע, אַריינגערעכנט אויך די רעזערוו־שטחים.

לויט די אינטערעסאַנטע דאַטעס וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו האָט צוגעשטעלט (צוגעגרייטע פון ה׳ בערנאַרדאָ ראַסקין), נאָך אַ גענויער און פּאָרזיכטיקער רעוויזיע פון יעדע טשאַקרע באַזונדער און אין הסכם מיט די מיינונגען פון די אַגריקולטאָרן פון יענעם ראַיאָן, ווי פון טעכניקער און די פאַראינטערעסירטע זעלבסט, אַז דער מינימום פון העקטאַרן גוטע ערד וואָס יעדער קאָלאָניסט דאַרף באַזיצן איז 300

און אַז די געמיינע״ע ערד, וואָס טויג נאָר פאַר פאַשען פי, מוז קאָמ־ פענסירט ווערן מיט אַ גרעסערן שטח; און נעמענדיק אין אַכט אַז אין נאָרמאַלע צייטן דאַרף מען האָבן 4 העקטאַרן אויף צו פאַשען איין שטיקל סקאָט, זענען מיר געקומען צום פאָלגנדיקן רעזולטאַט: די קאָ־ לאָניע האָט —

| | | | |
|---|---|---|---|
| 13.484 | העקט׳ גוטן באָדן, צו 300 העקט׳, גענוג פאַר | 45 | קאָלאָניסטן |
| 4.018 | ״ טאָסקיזשאַ* צו 375 ״ ״ ״ | 11 | ״ |
| 4.697 | ״ זאַמדיקע צו 500 ״ ״ ״ | 9 | ״ |
| 1.173 | ״ זאַמד — — — — — — — — — — | 2 | ״ |
| 418 | ״ אליוויזשאַס** — — — — — — — — | 1 | ״ |
| 576 | ״ נישט קולטיווירבאַר — — — — — — | 1 | ״ |
| 922 | ״ האַלב־זאַמדיקן — — — — — — — | 2 | ״ |
| 14.730 | ״ רעזערוו — — — — — — — — — — | 30 | ״ |
| 40.018 | העקטאַרן גענוג פאַר — — — — — — — | 101 | קאָלאָניסטן |

אין דער קאָלאָניע געפינען זיך —

80 קאָלאָניסטן פון דירעקט־קאָלאָניזירטע, ד״ה, פון דעם ערשטן דור;
63 פון צווייטן דור;
9 זקנים אָן פאַמיליעס;
3 בחורים;
2 אייגנטימער.

157 קאָלאָניזירטע.

לאָזנדיק די זקנים און די בחורים צו 150 העקטאַרן, וואָס איז צוזאַמען — 1.800 העקטאַרן, בלייבט פּלאַץ פאַר 95 קאָלאָניסטן.

נאַטירלעך, ביי אַגריקולטור קען קיינער נישט זאָגן אויף זיכער וואָס עס וועט זיין שפּעטער. אָבער מיט דער גאַנצער איבערצייגונג זאָגן מיר, אַז ס׳איז בעסער צו מאַכן אַ פעלער מיט געבן אַ קאָלאָ־

* שטייניקער באָדן.
** ליימיקער באָדן.

ניסט מיט 50 העקטאַרן מער איידער מיט 50 העקטאַרן ווייניקער. די 32 יאָרן האָבן באַוויזן, אַז די טעאָריעס און פּראָבעס וואָס די ייִקאַ האָט געמאַכט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט־געלונגענע. די קאָלאָניע איז איצט שולדיק פאַר היפּאָטעקן, פאַר אַרענדע און פאַר פריִערדיקע פאַרשטעליקע צאָלונגען אין דער ייִקאַ, הלוואות אין באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן, אין קאָאָפּעראַטיוו און אַנדערע אַן ערך פון 1.100.000 פּעזעס, דאָס מאַכט אויס 46 פּעזעס אויף יעדן העקטאַר באָדן.

קיין איין אַגראָנאָם האָט נישט באַוויזן פּראַקטיש, אַז באַאַרבעטנדיק אַליין און אויף אייגענעם חשבון, האָט באַקומען אַ בעסערן רעזולטאַט ווי די קאָלאָניסטן פון נאַרסיס לעוועץ.

פינאַנציעל, פּראַקטיש און מאָראַליש לוינט דער ייִקאַ צו מאַכן אַ ראַדיקאַלע אָפּעראַציע. זי וועט זיך באַפרייען פון התחייבותן און פאַראַנטוואָרטלעכקייט; זי וועט נישט דאַרפן אויסגעבן מער געלט אויף צו שטיצן די קאָלאָניסטן אין די יאָרן פון נויט, פּונקט ווי זי טוט עס נישט אין אירע אַנדערע קאָלאָניעס.

אין די לעצטע חדשים האָט די ייִקאַ שוין אויסגעליִען די קאָלאָניסטן ביי די 100.000 פּעזעס צו קויפן קאָרמע פאַרן סקאָט, סעמיזשאַס און געברויך־אַרטיקלען. די דאָזיקע סומע איז אין באַטרעף פון 6־7 טויזנט העקטאַר פון דעם געמיינערן באָדן, וואָס ווען זי גיט זיי צו דער צייט די קאָלאָניסטן, ווי מיר האָבן פאַרלאַנגט, וואָלטן זיי איינגעשפּאָרט דאָס געלט.

די נייע איינטיילונג פון די טשאַקרעס, צוליב סאָציאַלע און קולטורעלע אומשטאַנדן, וועט דאַרפן קאָמבינירט ווערן, אַז די קאָלאָניע זאָל זיין קאָנצענטרירט, ווי ווייט מעגלעך, אין די לאָטעס פון מערטויגבאַרן באָדן פאַר אַגריקולטור און פאַרן סקאָט זאָל איינגעאָרדנט ווערן קאָלעקטיווע פּאָטרעראָס, ווו יעדער קאָלאָניסט וועט קענען האַלטן די צאָל פי וואָס אים קומט.

פון דעם געזאָגטן קומט מען צום שלוס, אַז די ייִקאַ וועט דאַרפן אַרויסנעמען אַ געוויסע צאָל קאָלאָניסטן און זיי באַזעצן אין אַנדערע קאָלאָניעס, ווו זיי האָבן גענוג רעזערוו־באָדן.

דער ווערט פון די טשאַקרעס וועט דאַרפן זיין אַן איינהייטלעכער, אין אָנקלאַנג מיט די פּראָדוקטיווע מעגלעכקייטן, ד"ה, אַז 300 טויגלעכער באָדן און 500 העקטאַרן אומטויגלעכער דאַרפן באַשטימט ווערן מיט איין און דעם זעלביקן פּרייז, וואָס זאָל נישט איבערשטייגן די 4.500 ביז 9.000 פּעזעס, מיט דריי פּראָצענט יערלעך.

מיר האָבן זיי געראטן, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ זאָל קויפן דורך דער באַנקאָ היפּאָטעקאַריאָ נאַסיאָנאַל 10.000 העקטאַרן לאַנד (אויסער דעם וואָס די יִיקאַ וועט זיי צוגעבן). לויט די דאַטעס וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן, איז דער פּרייז פון יעדן העקטאַר וואָס מ׳קען קויפן אין דער דערמאָנטער באַנק, פון 8 ביז 15 פּעזאָס דער העקטאַר, וואָס איז אַ באַטרעף פון 120 טויזנט פּעזאָס, וואָס זיי וועלן עס קענען אויסצאָלן מיט די הכנסות פון אַרענדע, אָדער מיט ספּעציעלע אַקציעס וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו וועט אַרויסלאָזן״.

**
*

ווען מיר זענען געווען אין בערנאַסקאָני, האָט זיך דאָרט געפונען אויך דער סוב־דירעקטאָר ה׳ סעווי, וועלכער איז ספּעציעל געקומען צו ווירקן אויף די קאָלאָניסטן און דעם קאָאָפּעראַטיוו, זיי זאָלן אַליין דערליידיקן זייערע זאַכן אָן דער פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ. אָבער ער האָט געהאַט דעם זעלביקן „דערפאָלג״ ווי דער דירעקטאָר ה׳ וויל.

ה׳ סעווי האָט אונדז איינגעלאַדן אין דער אַדמיניסטראַציע צו עסן מיט אים וועטשערע. עס איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקע דיסקוסיע צווישן אים מיט סאַכאַראָוון. קומענדיק צוריק אין האָטעל אין בערנאַסקאָני, שפּעט אין אָוונט, האָט סאַכאַראָוו באַקומען אַ שטאַרקע אַטאַקע אויפן קאָפּ, מיט שרעקלעכע ווייטאָגן אין די אויגן. די דריי דאָקטוירים וואָס האָבן אים באַהאַנדלט האָבן מיר געזאָגט, אַז דער פאַל איז אַן ערנסטער און האָבן געהייסן אַרויסרופן זיין זון פון בוענאָס־איירעס. די קאָלאָניסטן זענען געווען שטאַרק באַאומרויִקט און האָבן אָנגעבאָטן יעדע מין הילף. צום גליק האָט מען אים אָפּגעראַטעוועט. אָבער ער האָט שוין פון דעם געליטן אַ לאַנגע צייט.

**
*

ווען דער דירעקטאָר ה׳ וויל האָט זיך אויסגעדריקט אַז ס׳איז נישטאָ קיין פּראָבלעם אין די קאָלאָניעס און די שולדיקע זענען קאַפּלאַן, וואָס רייצט אָן די קאָלאָניסטן, און דער „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״ מיט זיינע אַרטיקלען וועלכע ער לייענט נישט און אַז ער האָט פיינט דעם „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר״, איז סאַכאַראָוו געוואָרן אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט זיך געגעבן אַ הייב אויף פון בענקל און ווענדנדיק זיך צום ה׳ עדואַרדאָ אונגרע, וואָס איז ביי־געווען דעם שמועס, געזאָגט: „ה׳ אונגרע, שרייבט אייער ברודער אין פּאַ־

ריז און ראַט אים, אַז ער זאָל לייענען דעם „קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר". איך, אַן אַלטער קאָאָפּעראַטיוויסט, לערן אַ סך פון די אַרטיקלען פון אונדזער זשור־נאַל! זאָגט אייער ברודער, ער זאָל לייענען און וויסן אויך די מיינונג פון צווייטן צד. אייער ברודער ווייסט נאָר פון די באַריכטן וואָס ער באַקומט. ווייסט איר, ה׳ אונגרע, וואָס זענען די באַריכטן? דער גרעסטער טייל אַדמי־ניסטראַטאָרן באַריכטן דעם ה׳ ווייל ווי דער דירעקטאָר, דאָס וואָס דעם ה׳ ווייל געפעלט. אייער דירעקטאָר ה׳ ווייל, אינפאָרמירט אייער ברודער דאָס וואָס אייער ברודער געפעלט, ווייל זיי האָבן מורא פאַר די פּאָסטנס. ה׳ אונגרע, אייער דירעקטאָר, ה׳ ווייל, זאָגט אַז ער ווייסט און קען גוט די קאָלאָניזאַציע, ווייל ער איז אַן אַגראָנאָם און שוין 40 יאָר ווי ער אַרבעט אין דער יי״קאַ. איך בין אויך אַן אַגראָנאָם און אַליין אַ קאָלאָניסט, לעב מיט די קאָלאָניסטן און שעם מיך נישט צו זאָגן, אַז איך בין דורכגעפאַלן. אייער דירעקטאָר ווייל, ה׳ אונגרע, איז אַ דורכגעפאַלענער, נאָר על וויל עס נישט אָנערקענען".

מ׳האָט געדאַרפט האָבן דעם גייסטיקן כוח פון אַ סאַכאַראָוו, כדי צו וואַרפן דעם גאַנצן אמת אין פנים.

ה׳ ווייל האָט געשוויגן און נישט געענטפערט קיין וואָרט.

איך האָב געזאָגט עדואַרדאָ אונגרען, אַז זיי דאַרפן נעמען אין אַכט אַז מיר לעבן אין אַנדערע צייטן; אַז פראַטערנידאַד אַגראַריאַ איז די קאָלאָניס־טישע גרעמיע, דער קאָלאָניסטישער סינדיקאַט און זי וועט פאַרטיידיקן די קאָלאָניסטישע אינטערעסן. דערהערנדיק דאָס וואָרט „סינדיקאַט", האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן און געזאָגט: „נו, ה׳ קאַפּלאַן, דאָס איז עטוואָס אַנדערש: דאָס וועל איך מיין ברודער שרייבן, אָבער ביטע, נאָר נישט קיין איבערגע־איילטע שריט".

**
*

ווי געזאָגט אויבן, איז סאַכאַראָוו שטאַרק קראַנק געוואָרן אין בערנאַס־קאָני און די פּאָר טעג וואָס איך בין געזעסן ביי זיין בעט אין צימער פון האָ־טעל, האָב איך אָנגעשריבן דעם פאָלגנדיקן בריוו, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן צו דער יי״קאַ:

„אין דעם שמועס וואָס מיר האָבן לעצטנס געהאַט מיט אייך, ביי דער אָנוועזנהייט פון ה׳ עדואַרדאָ אונגרע, האָבן מיר אייך מיטגע־טיילט, אַז אונדזער צענטראַל־ראַט, דערגאַנצט דורך רעפּרעזענטאַנטן פון אַלע קאָלאָניעס, האָט אונדז אָנפאַרטרויט די מיסיע אייך איבער־צוגעבן אונדזער ווונטש מיטצואַרבעטן מיט אייך אין דער שטודיע צו

זוכן די מעגלעך בעסטע לייזונג פון דער אַלטער און ערנסטער פּראָב־לעם וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די קאָלאָניע נאַרסיס לעוועןָ. מיט אמתער איבעררא‍שונג האָבן מיר געהערט, אַז די דירעקציע פון דער יִיקאַ וויל נישט פאַרהאַנדלען די פּראַגע מיט פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, דערפאַר וואָס מיר זענען אַ קאָאָפּעראַטיוו פון קאָאָפּעראַטיוון, געהערט אונדז נישט דעריבער צו באַהאַנדלען די ענינים פון קאָלאָניזאַציע.

טראָץ דעם גלויבן מיר, אַז אַ בעסערע און רויִקערע אָפּשאַצונג פון די שטענדיק־העכערע אינטערעסן פון דער יִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, וועט מאַכן אַז די דירעקציע וועט נישט זיין אַזוי איינגעשפּאַרט אין אַזאַ האַלטונג נישט נאָר אין אַן אַבסאָלוטער צע־שיידונג אין דער הויפּט־אויפגאַבע אָנצוהאַלטן און פאַרפעסטיקן די שאַפונג פון באַראָן הירש, נאָר אויך צוליב די אַנטעצעדענטן וואָס דרינגען אַרויס, לויט אונדזער פאַרשטאַנד, פון דער פריִערדיקער מיט־אַרבעט פון דער פּראַטערנידאַד אַגראָריאַ מיט דער יִיקאַ.

אָבער כאָרלויפיק קענען מיר נישט אַריבערגיין דעם אַרגומענט, אויף וועלכן איר שטיצט זיך, ד״ה, אין דעם צווייפל צי פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט דאָס רעכט צו פאַרהאַנדלען איבער קאָלאָניזאַציע־פּראַ־געס. דאָס וואָלט געהייסן אָננעמען אַ מיינונג וואָס איז אַבסאָלוט נישט ריכטיק און אין גאַנצן אין קעגנזאַץ מיט די פּרינציפּן און פּראַקטיק פון אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון, זינט זי עקסיסטירט ווי אַ דאָקטרין און ווי אַן עקאָנאָמיש־אָרגאַניזירטע באַוועגונג.

מיר באַטראַכטן פאַר אונדזער פליכט אָנצוצייכענען דורך דעם בריוו איניקע קאָנצעפּטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט די קאָאָפּעראַטיווע קערפּערשאַפטן, זייערע סאָציאַלע צוועקן און באַציִונגען מיט אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס זייער אָפּשפּיגלונג וועלן קלאָר מאַכן די צילן וואָס אונדזער אינסטיטוציע פאָלגט נאָך.

## קאָנצעפּטן

די 28 פּיאָנערן פון ראָטשדאַלע, די גרינדער און שטויסער פון דער פרייער קאָאָפּעראַציע, אַ באַוועגונג וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט, האָבן פעסטגעשטעלט נאָרמעס און רעגלאַמענטן וואָס זענען גע־בליבן אין קראַפט ביז היינט צו טאָג. צווישן די אויפגאַבעס וואָס זיי האָבן אָנגעצייכנט פיגורירן:

קויפן אָדער דינגען ערד, וואָס זאָל באַאַרבעט ווערן דורך די מיט־

גלידער וואָס האָבן נישט קיין אַרבעט, אָדער פון די יעניקע וואָס זייער אַרבעט באַצאָלט זיך נישט.

שטענדיק, ווען עס וועט נאָר מעגלעך זיין, וועט די געזעלשאַפט אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע און פונאַנדערטיילונג־קראַפט; פון דער דערציִונג און זעלבסט־פאַרוואַלטונג, בעסער געזאָגט — זי וועט אָר־גאַניזירן אַ קאָלאָניע אין וועלכער די אינטערעסן וועלן זיין פּאַראיי־ניקט און קאָלעקטיוו. די געזעלשאַפט וועט העלפן די אַנדערע קער־פּערשאַפטן גרינדן קאָלאָניעס פון דעם זעלבן סאָרט.

אין נומער 240 פון יולי 1941 פון דעם זשורנאַל פאַר עקאָנאָמי־שער וויסנשאַפט, וואָס עס גיט אַרויס דער אוניווערסיטעט, שרייבט א. בערנאַסקאָני:

— עס איז ריכטיק אַז די פאַרשיידענע פּראָדוציר־כאַראַקטעריס־טיק אין אונדזער ברייטער טעריטאָריע און די אייגנשאַפטן פון די קאָ־לאָניסטן גופא, וואָס זענען ווייניק צוגעפּאַסט צו פאַרבינדן זיך מיט פערזאָנען פון ווייטערע פונקטן, שטרעבן צו אימפּאָנירן די סיסטעם וואָס איז ווייניק פּראַקטיש מצד רעגיאָנעלע קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע זע־נען זייער פונאַנדערגעשפּרייט, וואָס שוואַכט אָפּ זייער השפּעה אויפן מאַרק און באַגרענעצט די נוצן פון דער מיטגלידערשאַפט. אָבער די אינקאָוועניענץ ווערט באַזייטיקט דורך דער קעגנזייטיקער איינפאַר־שטענדעניש. דאָס זעט פאַרויס די פעדעראַליזאַציע פון די איינצלנע אָרגאַניזאַציעס לויט די צווייגן פון זייער טעטיקייט, געבנדיק די קאָאָ־פּעראַטיוון פון 2טן גראַד לעגאַלע רעפּרעזענטאַנץ, סינדיקאַל אָדער גרעמיאַליסטיש. מיט די קאָאָפּעראַטיוון פון קאָאָפּעראַטיוון וועלן זיי דערגרייכן צו אימפּאָנירן דעם פאָרמעלן צוועק פון אַזעלכע געזעל־שאַפטן.

מיר ווילן נישט צונעמען צופיל אייער אויפמערקזאַמקייט מיט ציטירן די מיינונגען פון פאַרשיידענע אויטאָריטעטן אין דער פראַגע. מיר גלייבן פון דעסטוועגן, אַז עס וואָלט געווען נוצלעך צו ברענגען נאָך ביישפּילן, וואָס באַווייזן ווי אַזוי די ציוויליזירטע וועלט באַגרייפט די מיסיע פון אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון.

אין דעם געזעץ פון „קאָנסעכאָ אַגראַריאָ נאַסיאָנאַל”,* אָנגענומען דורכן קאָנגרעס און באַשטעטיקט דורך דער רעגירונג; אַ קערפּער־

* נאַציאָנאַלער אַגראַר־ראַט.

שאַפט וואָס האָט פאַר איר אויפגאַבע אויסדריקלעך קאָלאָניזאַציע־ענינים, איז פאָרויסגעזען, אַז איינער פון די דירעקטאָרן דאַרף זיין אַ פאָרשטייער אויסגעקליבן פון די קאָאָפּעראַטיוון אויף אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג. די זעלביקע פאָרעם האָט אָנגענומען די רעגירונג פון פּראָווינץ בוענאָס־איירעס וועגן דעם ראַט פאַר קאָלאָניזאַציע. אונדזער פאַרוואַלטער, ה׳ יצחק קאַפּלאַן, האָט זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע קאָמיסיעס, באַשטימט דורכן אַגריקולטור־מיניסטעריום, וועלכע האָבן געהאַט צו שטודירן ריין קאָלאָניזאַטאָרישע פּראָבלעמען. די אַסאָסיאַסיאָן דע קאָאָפּעראַטיוואַס אַרכענטינאַס, אין אַלע קאָנצענטראַציעס וואָס זי אָרגאַניזירט, ביי וועלכע עס זענען בייווּזנדיק די העכסטע אויטאָריטעטן פון דער רעפּובליק, באַהאַנדלען זיי ענינים וועגן קאָלאָניזאַציע, וואָס ווערן אויפגענומען מיט אינטערעס פון אַגריקולטור־מיניסטער.

און נאָך עפּעס, הערן דירעקטאָרן! דער קאָאָפּעראַטיוויזם גייט נאָך אַ סך ווייטער. די אַליאַנס קאָאָפּעראַטיוו אינטערנאַסיאָנאַל, וואָס האָט איר זיצאָרט אין לאָנדאָן און וואָס ציילט מיט זיבן מיליאָן מיט־גלידער, האָט זיך געווענדט צו די דעמאָקראַטישע לענדער אין קריג, אויפפאָדערנדיק זיי שוין פון איצט, מ׳זאָל זיי געבן אַ פּלאַץ ביים קיילעכדיקן טיש וואָס וועט זיך צונויפקומען נאָך דער מלחמה, כדי צו באַשטימען איבער עקאָנאָמישע וועלט־פּראָבלעמען, ווייל זיי באַטראַכטן אַז דער קאָאָפּעראַטיוויזם איז אַ באַוועגונג וואָס פירט די וועלט צו אַ בעסערן צושטאַנד אויף אַלע פאַרשיידענע געביטן.

קליינלעך וואָלט געווען די קאָאָפּעראַטיווע טעטיקייט און וואָלט קיין מאָל נישט דערגרייכט אַזאַ פאַרנעם אין קוים הונדערט יאָר, ווען זי באַגרענעצט זיך בלויז צו גרינדן קאָנסום־קראָמען. דער קאָאָפּעראַטיוויזם איז אַ באַוועגונג וואָס ווירקט־מיט צום אַלגעמיינעם מענטשלעכן פּראָגרעס אין אַן אָביעקטיווער פאָרעם, וואָס דרינגט אַריין אין אַלע ספערן און באַשעפטיקט זיך מיט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום עקאָנאָמישן, קולטורעלן און סאָציאַלן לעבן פון די פעלקער.

## אַ נ ט ע צ ע נ ד ע נ ט ן

אַריבערגייענדיק ספּעציעל צו פּראָטערנידאַד אַגראַריאַ, מוזן מיר פאַרצייכענען, אַז זינט זיין גרינדונג האָט ער געווידמעט אַ גרויסן טייל פון זיין טעטיקייט צו ענינים וואָס האָבן אַ שייכות בלויז מיט קאָלאָ־

ניזאַציע. די לאָזונג פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ איז — באַפּעסטיקן און אויסברייטערן די גרויסע אונטערנעמונג פון באַראָן הירש אין אַרגענטינע. צוליב דעם האָבן מיר צווישן אַנדערע זאַכן געשאַפן דעם פאָמענטאָ אַגראַריאָ איזראַעליטאַ אַרכענטינאַ, אַן אינסטיטוציע, וואָס טראָגט איר יונגער עקסיסטענץ, האָט באַוויזן איר ווירקזאַמקייט ביים אויסמיידן, אַז טשאַקרעס זאָלן פאַרפרעמדט ווערן; העלפן מאַטעריעל די איינאָרדענונג פון קאָלאָניסטישע זין און האָט געגרינדעט אַ נייע קאָלאָניע. איז דאָס נישט, הערן דירעקטאָרן, אַ מיטאַרבעט פון גרויסן ווערט פאַר דער אַרבעט פון דער יִיקאַ?

אין יאָר 1927, ווען די קאָלאָניסטן פון מאָנטעפיאָרע האָבן דערקלערט אַ שטרייק, איז די פּראַטערנידאַד אַגראַריאָ אונטערגעקומען און האָט דערגרייכט צו באַרויקן די געמיטער, נישט מיט דער כוונה עמיצן צופרידנצושטעלן, נאָר אויס איבערצייגונג, אַז דערמיט דינען מיר די אינטערעסן פון דער קאָלאָניזאַציע.

אין יאָר 1929 האָט די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען דורכגעמאַכט אַן אינערלעכן קריזיס. דעמאָלט האָט די גענעראַל־דירעקציע פון דער יִיקאַ דעלעגירט דעם ה׳ סעווי, אַז צוזאַמען מיטן רעפּרעזענטאַנט פון פּראַטערנידאַד אָגראַריאַ זאָלן זיי שטודירן די לאַגע אויפן אָרט. ביידע רעפּרעזענטאַנטן האָבן געאַרבעט האַרמאָניש און זענען געקומען צו קלאָרע און פּראַקטישע אויספירן. איצט אַרגומענטירט מען, אַז פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ קען נישט די לאַגע פון נאַרסיס לעווען. כדי אָפּצוּוואַרפן דעם דאָזיקן אַרגומענט, שיקן מיר אייך קאָפּיעס פון אונדזערע באַריכטן וועגן דער קאָלאָניע פון די יאָרן 1929־1930, 1931, 1937, און 1938, אין וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס לייכט, אַז די פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ איז געווען באַקאַנט מיט דער סיטואַציע פון קאָלאָניע און גלייך פון אָנהייב האָבן מיר געראַטן אַז ס׳זאָלן אָנגענומען ווערן די געהעריקע מיטלען צו פאַרריכטן די פעלערן, צווישן וועלכע מיר האָבן אָנגעוויזן דאָס פאַרגרעסערן דעם שטח פון די טשאַקרעס. ספּעציעל וועגן דער פראַגע פון פאַרגרעסערן די טשאַקרעס, ווילן מיר ביי דער געלעגנהייט פאַרצייכענען, אַז דער זעלביקער פּראָבלעם איז אויך געווען אין אַלע אַנדערע קאָלאָניעס פון דער יִיקאַ.

אין די ערשטע יאָרן פון דער קאָלאָניזאַציע זענען די פּראָדוקטן געווען פון אַ געמיינערן סאָרט; עס האָבן נישט עקסיסטירט קיין אַגראַר־אָרגאַניזאַציעס; די מיטלען פון טראַנספּאָרט זענען געווען פעלערהאַפטע; די קאָמוניקאַציע מיט די גרעסערע צענטערן זענען געווען אין

אַ פּרימיטיוון צושטאַנד; דער ווייץ, מילך, פּי, האָבן געהאַט אַ נידעריקן פּרייז, אַזוי אַז די אַרבעט האָט זיך נישט באַצאָלט. ווי אַ רעזולטאַט פון דעם אַלעם איז דעמאָלט די אויסוואַנדערונג פון דער קאָלאָניע גע־ווען פון היפּשן פאַרנעם. אויב מיר האָבן נישט קיין טעות, איז אין יאָר 1902 געקומען דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער יִקאַ אין פּאַריז, ד״ר זאָנענפעלד, און נאָך אַ גענויע שטודיע צוזאַמען מיטן פאָרשטייער פון די קאָלאָניעס, איז מען געקומען צום באַשלוס, אַז כדי זיך צו באַ־וואָרענען קעגן די עקאָנאָמישע שוועריקייטן איז נייטיק צוצוגעבן יעדן קאָלאָניסט נאָך ערד. גערעדט און געטאָן. צו די 50 העקטאַרן האָט מען באַלד צוגעגעבן נאָך הונדערט. צו דער זעלביקער צייט איז ראַדיקאַל רעאָרגאַניזירט געוואָרן די אַדמיניסטראַציע און מ׳איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. דער רעזולטאַט איז געווען אַ גלענצנדיקער.

## דער איינפלוס פון די קאָאָפּעראַטיוון אויף דער אַנטוויקלונג פון די קאָלאָניעס

די גענעראַל־דירעקציע פון פּאַריז, מיט אַ קלאָרער וויזיע און געזונטער קריטעריע, האָט פאַרשטאַנען, אַז פאַר דער טובה וועגן פון דער קאָלאָניזאַציע איז נייטיק, אַז די קאָלאָניסטן זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין קאָאָפּעראַטיוון. מיר נוצן אויס די געלעגנהייט אָנצוווייזן, ווי עס באַשטעטיקן די פאַקטן, אַז דער מיטל איז געווען איינער פון די צום מערסטנס געלונגענע. מיר באַשטעטיקן אָן שום צווייפל, אַז די קאָלאָ־ניזאַציע וואָלט געווען אין אַן אַנדער צושטאַנד, ווען ס׳עקסיסטירן נישט די קאָאָפּעראַטיוון. דער בעסטער באַווייז פאַר דעם איז די קאָלאָניע מאַוריסיאָ. ס׳איז אמת, אַז אין פאַרלויף פון די יאָרן זענען פאָרגעקו־מען מיינונג־פאַרשיידנקייטן צווישן די קאָאָפּעראַטיוון און דער יִקאַ־אַדמיניסטראַציע, אָבער קיין מאָל איז נישט געווען קיין אָפּאָזיציע לשם אָפּאָזיציע, נאָר קעגן געוויסע דיספּאָזיציעס, וועלכע מיר האָבן באַ־טראַכט פאַר נישט קיין צוגעפּאַסטע אָדער שעדלעכע פאַרן דערפאָלג פון אונדזערע אויפגאַבעס, וואָס האָט שטענדיק געפירט געזינטער צו מאַכן דעם אַרום.

ווי אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ, האָבן אונדזערע קאָאָפּעראַטיוון פאַר־שטאַנען, אַז בכדי בעסער צו דערגרייכן זייערע צילן דאַרפן זיי זיך פאַראייניקן אין איין צענטראַלע. נאָר נעמענדיק אין באַטראַכט אונ־דזערע ספּעציפישע באַדינגונגען, האָט מען געפונען פאַר מער פּאַסיק

צו באַגרענעצן אונדזער טעטיקייט אויף די קאָלאָניעס פון דער יי״קאַ. צוליב זעלבסטפאַרשטענדלעכע טעמים זעען מיר, אַז מיר האָבן קיין טעות נישט געהאַט.

די צענטראַלע, וואָס רופט זיך פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, האָט מער ווי איין מאָל אָנגעבאָטן איר מיטאַרבעט מיט דער גענעראַל־דירעקציע אין אַלע פּראָבלעמען וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אַנטוויקלונג און גוטן צושטאַנד פון אונדזערע קאָלאָניעס. עס רעדט זיך וועגן מיטאַר־בעט אין אַן אויפריכטיקן און פרייען אויסדרוק פון מיינונגען, דיס־קוטירן ווי גלייכע מיט גלייכע, ווייל ביידע אינסטיטוציעס האָבן דעם זעלביקן צוועק. אָבער, צום באַדויערן, איז אונדזער אָנבאָט נישט פאַר־שטאַנען געוואָרן.

פון דאָס אַלץ־געזאָגטן ווייזט זיך אַרויס, אַז די פּראַטערניזאַד אַגראַריאַ איז טעטיק אין די ראַמען פון דעם פּראָגראַם וואָס איז באַ־שטימט פאַר קערפערשאַפטן ווי אונדזערע און די קאָלאָניזאַציע־פּראָב־לעמען פאַסן זיך אַריין פּערפעקט אין אונדזערע פליכטן; אַז די פּראַ־טערנידאַד אַגראַריאַ איז די עכסטע פאָרשטייערין פון די קאָאָפּעראַ־טיוון, וואָס פאַרטיידיקט די קאָמערציעלע און גרעמיאַלע אינטערעסן פון אַלע מיטגלידער, אָן אונטערשייד; אַז פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ האָט שוין גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער קאָלאָניזאַציע; די גרינדונג פון קאָאָ־פּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ איז אונדזער אַרבעט, און אַ דאַנק, אין אַ גרויסער מאָס, דעם קאָאָפּעראַטיוו איז די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען זיך נישט פונאַנדערגעפאַלן; אַז די לייזונג פון די שוועריקייטן וואָס נאַר־סיס לעווען ליידט איצט, זענען אונדז נישט פרעמד און מיט צופרידנ־קייט זעען מיר, אַז איר טראַכט צו לייזן די שוועריקייטן אין אַ ראַדי־קאַלער פאָרעם, אין הסכם מיט די אַלטע שטרעבונגען פון דער קאָ־לאָניע.

הערן דירעקטאָרן, מיר באָטן אָן נאָך אַ מאָל אונדזער מיטאַרבעט אויף דער באַזע פון פאַרשטענדיקונג און קעגנזייטיקן רעספּעקט. איר האָט דאָס וואָרט!״.

דעם דאָזיקן בריוו האָבן מיר געשריבן מיט דער האָפענונג, אַז אונדזערע אויפריכטיקע ווערטער וועלן דאָך האָבן אַ ווירקונג. צום באַדויערן... מען קען נישט אויסקנעטן אַ ברויט פון קלייען, הגם די קלייען זענען שטענדיק פון אויבן.

מיר זענען אויך דאָס מאָל אָוועקגעפאָרן פון בערנאַסקאָני פאַרוויטאָגט

און פֿאַרביטערט. די טריקעניש, די ווינטן, דאָס זאַמד וואָס האָט זיך אַרומ־געטראָגן אין דער לופֿטן, זענען געוועזן אומדערטרעגלעך. די פֿונקציאָנאַרן פֿון דער ייִקאַ האָבן געמאָלן אויף פּאַפּיר... די דאָקטוירים האָבן געראַטן צו פֿירן סאַכאַראָוון קיין באַהיאַ־בלאַנקאַ. צו אַלע גליקן האָט זיך דער באַן פֿאַרשפּע־טיקט אויף זעקס שעה. קיין שלאָף־וואַגאָן איז נישט געווען. מיר זענען אָנגע־קומען קיין באַהיאַ־בלאַנקאַ 4 אַ זייגער פֿאַרטאָג.

ווי מען זאָל נישט וועלן, ווי מען זאָל זיך נישט קעגנשטעלן, קומט אָבער אַ צייט ווען מ׳מוז זיך אונטערגעבן דעם אמת. נאָך פֿיינלעכע און פּאַרדריס־לעכע דיסקוסיעס וואָס האָבן זיך געצויגן אַן ערך דרייצן יאָר, — פֿון 1929 ביז 1942/43, — האָט די ייִקאַ באַוויליקט צו פֿאַרגרעסערן די טשאַקרעס און שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פֿון דער קאָלאָניע אַלע רעזערוואָדנס, ווי אויך, אַז מ׳מוז אַרויסנעמען אַ געוויסע צאָל קאָלאָניסטן פֿון נאַרסים לעווען און זיי באַזעצן אין אַנדערע קאָלאָניעס, בכדי אַזוי אַרום צו דערפֿילן דעם פּראָגראַם, אַז די קאָלאָניסטן וואָס בלייבן אין דער קאָלאָניע זאָלן קענען רעכענען מיט דעם מינימום־שטח ערד וואָס זיי דאַרפֿן האָבן.

די רעזערוו־שטחים זענען פּראָוויזאָריש פֿאַרדונגען געוואָרן דעם קאָאָ־פּעראַטיוו על פּראָגרעסאָ, ביז מ׳וועט געפֿינען דעם אופֿן פֿון איבערגעבן זיי אין רשות פֿון די קאָלאָניסטן. איין זאַך, וואָס די ייִקאַ־פֿונקציאָנאַרן האָבן נישט געוואָלט און פֿאַרעקשנט געקעמפֿט קעגן דעם איז געווען, אַז די קאָאָפּעראַטיוון על פּראָגרעסאָ און פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ זאָלן זיך באַטייליקן אין דער דאָ־זיקער אָפּעראַציע.

די דירעקטאָרן פֿון דער ייִקאַ, ה״ה ווייל און סעווי, זענען אַ פּאָר מאָל געפֿאָרן אין דער קאָלאָניע און געפּרוּווט איינשמועסן די פֿירערס פֿון קאָאָפּע־ראַטיוו, זיי זאָלן זיך אָפּזונדערן פֿון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, און ווען דאָס איז זיי נישט געלונגען, זענען זיי געפֿאָרן צו איינציקע קאָלאָניסטן און מיט גוטע רייד זיי געזאָגט, אַז מ׳וועט זיי צוגעבן נאָך לאַנד. אָבער די קאָלאָניסטן ווי די קאָלאָניסטקעס האָבן געענטפֿערט, אַז וועגן דעם דאָזיקן ענין דאַרפֿן זיי זיך ווענדן צו פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ.

די גאַנצע צייט האָבן זיך אַלע געהאַלטן מוסטערהאַפֿט דיסציפּלינירט. קאַנדידאַטן וואָס האָבן געוואָלט מ׳זאָל זיי אַריבערפֿירן אין אַנדערע קאָלאָ־ניעס זענען געווען אַן ערך פֿופֿציק. זיי האָבן געשיקט דעלעגאַציעס אין די קאָלאָניעס אַביגדור, מאָזעסוויל, מאָנטעפֿיאָרע און באַראָן הירש אויף צו באַ־טראַכטן ווו עס לוינט זיי בעסער, ווייל אויב זיי מוזן צעברעכן די היימען וואָס זיי האָבן אויפֿגעבויט אין פֿאַרלויף פֿון 32 יאָר און אָנהייבן ערגעץ אַנדערשוווּ בויען און פֿלאַנצן, זאָל עס כאָטש זיין אויף אַ פּלאַץ ווו מ׳קען רעכענען זיך

איינצואָרדענען און קענען רויִק עקסיסטירן ווי ערד־אַרבעטער. די קאָלאָניע אַביגדור האָבן זיי איינשטימיק אָפּגעוואָרפן.

די פירערס פון על פּראָגרעסאָ האָבן דערוואַרט, און מיט רעכט, אַז נאָך דעם ווי זיי האָבן באַזוכט די אויבן־דערמאָנטע קאָלאָניעס, וועט קומען אַ פּאָר־שטייער פון דער יִיקאַ־דירעקציע און צוזאַמען מיט זיי אַ דעלעגאַציע פון פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ, — וועט מען באַטראַכטן וועלכע קאָלאָניסטן עס לוינט גיכער אַרויסצונעמען צוליב דער בעסערער פאַרטיילונג פון זייערע טשאַקרעס צווישן די וואָס בלייבן זיצן אויף די ערטער. פון די פּופּציק קאַנ־דידאַטן האָט מען געדאַרפט אַרויסנעמען 25 (אייניקע זענען פרייוויליק אַרי־בער אין דער קאָלאָניע כוליאָ לעווין פון פראַטערנידאַד אַגראַריאַ), און אויך שטודירן וווהין זיי בעסער צו שיקן. ווי געזאָגט, האָט די אייגנליבע פון די יִיקאַ־פונקציאָנאַרן נישט דערלאָזט צו פאַרשאַפן די קאָלאָניסטישע פאָרשטייער עָרס אַזאַ מין נחת־רוח. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען דער ה׳ סאַלטיעל, אַדמיניסטראַטאָר פון ריווערא, און האָט געשיקט רופן די קאָלאָניסטן איינ־ציקווייז, נישט מודיע זייענדיק זיי וועגן וואָס, און האָט יעדן איינעם פון די גערופענע אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מ׳וועט אים אַריבערפירן און ער זאָל זיך אונטערשרייבן.

ביז היינט צו טאָג קען איך זיך נישט דערקלערן וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט די דאָזיקע מענטשן, די זעלביקע וואָס האָבן יאָרנלאַנג זיך געהאַלטן פעסט פאַראייניקט און האָבן נישט געמאַכט קיין איין שריט אָן דער גוטהייסונג פון קאָאָפּעראַטיוו, האָבן אין דעם דאָזיקן אַנטשיידנדיקן מאָמענט געהאַנדלט יע־דער איינער אויף אייגענעם חשבון. ווען דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז שוין געווען צו שפּעט.

דער דאָזיקער סוף איז ווירקלעך געווען צום באַדויערן. אין אַלגעמיין גענומען איז די קאָלאָניע נאַרסיס לעווען עקאָנאָמיש אויפגעריכט געוואָרן. די טריקענישׂ, די ווינטן, די פרעסט קומען טאַקע. אָבער אַ דאַנק דעם וואָס זיי האָבן מער לעבנסרוים פאַרטיידיקן זיי זיך בעסער. זיי גיבן נישט קיין איין פעזע אויף צו צאָלן פאַשע־געלט ערגעץ אין דער פרעמד; די פי און די פערד דערהאַלטן זיך גאַנץ גוט און די גוטע פרייזן אויף אַלע אַגראַר־פּראָדוקטן האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון אַלע חובות. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט שוין באַצאָלט דער יִיקאַ פאַר דער ערד..

# פאַר דער געשיכטע

די ערשטע אַגראַר־געזעלשאַפט אין אַרגענטינע איז געגרינדעט געוואָרן אין דער יידישער קאָלאָניע לוסיענוווילע — באַסאַווילבאַסאָ, ענטרע־ריאָס, — אין יאָר 1900, אויף דער איניציאַטיוו פון אַגראָנאָם נעמיראָווסקי, אַגענט פון דער יקאַ.

---

דער ערשטער פאַרקויף פון תבואה אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות איז געמאַכט געוואָרן אין קאָלאָניע קלאַראַ — ענטרע־ריאָס, — אויף דער איניציאַטיוו און אָנפירונג פון אינזש׳־אַגראָנאָם מיגעל סאַכאַראָוו, אין יאָר 1906, מיט דער מיטאַרבעט פון 17 קאָלאָניסטן פון די גרופּעס: באַרנעטשע, כוראַדאָ, לאַס־מאָסקאָס, א״אַ.

---

די ערשטע איניציאַטיוו אין לאַנד צו פאַרייניקן אין אַן אַגראַר־פעדעראַציע אַלע יידישע קאָלאָניעס פון דער יקאַ איז געבוירן געוואָרן אין פּאַנדאָ קאָמונאַל דורך מיגעל סאַכאַראָוו און יצחק קאַפּלאַן, אין יאָר 1908.

אין יאָר 1913 זענען מיר אויך געווען פון די ערשטע צו שאַפן די פעדעראַציע פון די ענטרע־ריאָסער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון.

---

דער ערשטער פּרווו פון קאָלעקטיווער אַרבעט ביים דרעשען די תבואה, איז געקומען אין די צוואָרפענע גרופּעס, אויף דער איניציאַטיוו פון דוד הורוויץ, אַגענט פון דער יקאַ.

---

די איניציאַטיוו צו באַטראַכטן די צאָל זעקלעך ווייץ וואָס דער קאָלאָניסט דאַרף האָבן פאַר ברויט צום עסן פון דער פאַמיליע, איז אומבאַרירלעך פאַר די קרעדיטאָרן, איז געקומען פון יצחק קאַפּלאַן, אין יאָר 1912.

אין יאָר 1913, אויף דער איניציאַטיוו פון זעלביקן, איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע קרעדיט־קאַסע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, אין שטעטל לאַ קאַפּיזשאַ.

---

דער ערשטער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין אַר־גענטינע איז געווען ד״ר נח ירחי, אין יאָר 1904/5.

ער איז אויך געווען דער איניציאַטאָר צו גרינדן חברות אויף צו לערנען עין יעקב, מיטן צוועק אַריינצוברענגען יידישע קולטור.

---

לאַ מוטואַ אַגריקאָלאַ פון מאָזעסוויל, איז געווען דער ערשטער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוו אין פּראָווינץ סאַנטאַ־פע.

---

נח קאַצאָוויטש, איינער פון די גרינדער פון דעם קאָאָפּעראַטיוו, איז גע־ווען דער ערשטער און איינציקער וואָס איז געפאָרן צוויי מאָל קיין איראָפּע און געבראַכט — אויב איך האָב נישט קיין טעות, — ביי די פופציק משפחות, אַ געקליבענער עלעמענט וואָס האָט זיך קאָלאָניזירט אין מאָזעסוויל. צוליב דעם האָט מאָזעסוויל איינגעהאַלטן איר אייגנאַרט מער ווי אַלע אַנדערע קאָ־לאָניעס.

---

מאָזעסוויל איז געווען די איינציקע קאָלאָניע, פון וועלכער קאָלאָניסטן זענען געפאָרן קיין פּאַריז אויף צו ברענגען זייער אומצופרידנקייט מיט דער פאַרוואַלטונג, דירעקט צו די הערן פון דער יק״אַ.

---

מאָזעסוויל איז געווען פון די ערשטע קאָלאָניעס וואָס האָבן אויסגעבויט צוויי ביבליאָטעקן פון אַ העכערער קאַטעגאָריע, וואָס האָבן אַרויסגערופן רעספּעקט.

---

די קאָלאָניע מאַוריסיאָ האָט איר גרויסן פאַרדינסט פאַרן אַריינברענגען אין לאַנד דעם קולטיוו פון זונקערלעך, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו אַ פּראָ־דוקט וואָס ווערט אינדוסטריאַליזירט און ברענגט אַריין דעם לאַנד הונדער־טער מיליאָנען פּעזעס אַ יאָר.

---

